

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Yizker-bukh Ratne : dos lebn un der umkum fun a Yidish shtetl in Volin / redaktorn, Ya'akov Botoshanski, Yitshak Yanosovitsh. |
| DESCRIPT | 806 p. : ill., ports., map ; 28 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Ukraine -- Ratne. |
| | Ratne (Ukraine) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Ukraine -- Ratne. |
| ADD'L NAME | Botoshansky, Jacob, 1895- |
| | Yanosowicz, Itzhak, 1909- |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# יזכור = בוך

# ראַטנע

## דאָס לעבן און דער אומקום פון אַ יידיש שטעטל אין וואָלין

רעדאַקטאָרן:

יעקב באָטאָשאַנסקי,
יצחק יאַנאַסאָוויטש



אַרויסגעגעבן דורך די ראַטנער לאַנדסלייט פאַריינען
אין אַרגענטינע און נאָרד־אַמעריקע

שנת ה"תשט"ו — בוענאָס איירעס, 1954

## רעדאַקציע קאָמיסיע:

(סעקרעטאַריאַט)

משה האָניק

יודל קאָנישטער

נח כהן

ישראל האָניק

לייבל באַיאָן (מעקסיקע)

## רעדאַקציע מיטגלידער:

בערל קאַהאַן (נ. אַמעריקע)

לייזער גינזבורג (נ. אַמעריקע)

יעקב טאָקער

יעקב ראָג

בוזי טאָניס

מאָטל טעלעזאָן

לייזער פייגעלעס

ישראל חיים (ישראל)

חיים גראַבאָוו

שלום מעלניק (נ. אַמעריקע)

הילע געצייכנט פון מאַרעק האַלטער. וויניעטעס: מאַרעק האַלטער און מ. פייגענבלום.



די רעדאַקציע־קאָמיסיע פון יזכור־בוך. עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: יעקב ראג, אליעזר פייגעלעס, בוזי טאניס, מאָטל טעלעזאָן, יודל קאנישטער, משה האָניק, נח כהן, ישראל האָניק, יעקב טאָקער, חיים גראַבאָוו.

# די פאַרוואַלטונג פון ראַטנער לאַנדסלייט־פאַריין אין אַרגענטינע

| | |
|---|---|
| פרעזידענט | משה האַניק |
| וויצע־פרעזידענטן | יואל שטיינבערג |
| " " | בוזי טאַגים |
| סעקרעטאַרן | יודל קאַנישטער |
| " | נח כהן |
| " | ישראל האַניק |
| קאַסיר | יעקב ראַג |
| פראָ־קאַסיר | בערל פוקס |

## וואָקאַלן:

הערשל כהן
יואל איידעס
דוד וואָלקאָמירסקי
אליעזר פייגעלעס
אליהו כהן
יוסף וואָלקאָמירסקי
ישראל כהן
מאיר טאָקער
איסר קאַמינסקי
מאַנעס איילבוים
וועלוול רייסקי
רפאל גראַבאָוו
יעקב פוקס
מאָטל טאָקער

## רעכנונגס־איבערזעער:

יעקב טאָקער
מאָטל טעלעזאָן



**די פאַרוואַלטונג פון ראַטנער לאַנדסלייט פאַראיין אין אַרגענטינע**

עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: יעקב טאַקער (רעכענונגס־איבערזעער), ישראל האַניק (סעקרעטאַר), י. קעניגשטער (סעקרעטאַר), יואל שטיינבערג (וויצע־פּרעזידענט), משה האַניק (פּרעזידענט), בוזי טאַניס (וויצע־פּרעזידענט), יעקב ראָג (קאַסיר), נח כהן (סעקרעטאַר), בערל פוקס (פּראָ־קאַסיר); עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: אליהו יצחק רייף, ישראל כהן (וואָקאַלן), מאָטל טעלעזאָן (רעכענונגס־איבערזעער), לייזער פייגעלעס, הערשל כהן, יוסף וואָלקאָמירסקי, אליהו כהן, מאיר טאַקער, יעקב פוקס, מאָטל טאַקער, דוד וואָלקאָמירסקי און חיים גראַבאָוו (וואָקאַלן).



דער ראַטנער רעליעף־קאָמיטעט אין נאָרד־אַמעריקע. עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: א. געלער, א. מערין, פּ. באַרג (פּרעזידענט), ז. מערין, ראביי ל. וואל, ה. קארש, פּ. איזאַקסאָן. עס שטייען פון רעכטס צו לינקס, ע. האָרענשטיין, מ. סאבעל, ג. מעלניק, פּ. חיט, ר. אברוך, ל. גאָלדשטיין, ע. פעלדמאַן, א. מעלניק, ס. מעלניק און ל. גינזבורג (סעקרעטאַר).

# פון די רעדאַקטאָרן

יזכור־בוך איז היינט צו טאָג אַן אויסערגעוויינלעכער שם דבר אין יידישן לעבן. כמעט אין אַלע עקן־וועלט ווו עס געפינען זיך נאָר יידישע ישובים, דערשיינען ביכער־מצבות וועגן שטעט, שטעטלעך און געגנטן. די מיינסטע דערשיינען אין יידיש, אין דעם לשון פון די אומגעבראַכטע שטעט און שטעטלעך. אין ישראל זיינען אייניקע דערשינען אין העברעאיש און אייניקע — אין העברעאיש און יידיש.

על פי רוב ווערן די יזכור־ביכער געשריבן נישט פון קיין פאָרשער און נישט פון קיין שרייבער, נאָר פון סתם יידן. עס טרעפט אָבער זעלטן, אַז אַ שטאָט, אָדער אַפילו א שטעטל זאָל נישט האָבן צווישן די געראטעוועטע קיין שדייבער און עס איז נאַטירלעך, אַז אויך זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין די יזכור־ביכער. אָבער ניט די שרייבער און נישט די פאָרשער לייגן דעם חותם אויף דעם כאַראַקטער פון די געדענק־ספרים, נאָר דווקאָ די פאָלקס־יידן. און אַזוי אַרום וואַקסט דורך די יזכור־ביכער אַ גאַנץ אייגנ־אַרטיקע ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן פון פאָלק. עס וואַקסט אַזאַ מין ליטעראַטור, וואָס ווערט געשריבן פון דעם גאַנצן פאָלק.

„ליטעראַטור" נוצן מיר דאָ אין דעם זין פון געשריפט. עס האַנדלט זיך אָבער נישט אין דער ליטעראַטור, וואָס ווערט פאַררעכנט צום מין „דיכטונג", נאָר צום מין וואָרהייט. בעצם האַנדלט זיך עס אין אַ מעמואַרן־געשריפט.

די מעמואַרן־געשריפט, וואָס פילט אויס די יזכור־ביכער איז די מעלאַנכאָלישע סאַטיספאַקציע פאַר אונדזער דריטן און גרעסטן חורבן. פון די אַמאָליקע צייטן האָט געקענט בלייבן איין מעמואַרן־בוך פאַר עטלעכע דורות, בעת אין אונדזער צייט וועלן פון דעם איינעם דור בלייבן אַ סך הונדערטער מעמואַרן־ביכער...

ווען דער פאַראיין פון ראַטנע און אומגעגנט האָט אונדז, צוויי יידישע שרייבער, פאָרגעלייגט צו רעדאַקטירן דאָס יזכור־בוך פאַר זייער שטאָט און אומגעגנט, האָבן מיר דאָס דאָזיקע אָנגענומען, נאָך אַ באַקענען זיך מיט דעם הויפּט־מאַטעריאַל, כאָטש ביידע האָבן מיר די שטאָט ראַטנע און אירע אַרומיקע שטעטלעך פאַר די אויגן נישט געזען. מיר האָבן גענומען אויף זיך דאָס רעדאַקטירן דעם מאַטעריאַל און אים צו סדרן, ווייל מיר האַלטן, אַז יידישע שרייבער בכלל דאַרפן צולייגן אַ האַנט צו דער מאַסן־דערשיינונג פון די יזכור־ביכער, וואָס וועלן בלייבן דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון דעם פאָלקס־איכה אויף דעם דריטן חורבן. און מיר האָבן גענומען אויף זיך דאָס רעדאַקטירן דעם מאַטעריאַל, טאַקע, ווייל הגם מיר האָבן נישט געקענט ראַטנע און אומגעגנט, האָבן מיר זיי דורך דעם מאַטעריאַל דערקענט. לעבעדיק איז געבליבן פאַר אונדזערע אויגן די געגנט מיט איר אויסערלעכקייט און אינערלעכקייט, מיט אירע ליידן און פריידן און מיט הונדערטער פון אירע איינוווינער, יונג און אַלט, גרויס און קליין, מאַן און ווייב, למדן און פּראָסטאַק און מיט זייערע געראַנגלענישן און שטרעבונגען, חלומות, פריידן, ליידן, דערגרייכונגען, דורכפאַלן אא"וו.

דער הויפּט־חסרון איז דאָ געווען דער זעלביקער וואָס אין די מיינסטע יזכור־ביכער. עס זיינען פאַראַן צופיל מתנבאים בדבר אחד. עטלעכע (און אַמאָל טאַקע אַ גאַנצער מנין) דערציילן איין און די זעלביקע זאַך, שילדערן די זעלביקע געשעענישן

און די זעלביקע מענטשן. ביי דעם פֿאַראייביקן די אומגעבראַכטע ישובים דאַרף מען זיכער אָנווענדן דעם כלל פֿון „וכל המרבה לספר, הרי זה משובח", אָבער צו דעם „מרבה" מוז אויך זיין אַ גרעניץ. אויף וויפֿל עס איז געווען מעגלעך צו פֿאַרקלענערן די איבערחזרונגען, האָבן מיר דאָס געטאָן און צום איבעריקן האָבן מיר גענומען אין באַטראַכט, אַז אַ יזכור־בוך איז דאָך קודם כל פֿאַר דעם לאַנדסמאַן פֿון היינט און דערנאָך ערשט פֿאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער און ווען עס גייט אין דעם לאַנדס־מאַן פֿון היינט, איז פֿאַר אים נישטאָ קיין „צופֿיל", ווען מען רעדט וועגן די איי־גענע וועלכע זיינען שוין נישטאָ און וועלכע זיינען דערצו אַזוי אומברחמנותדיק אומגעבראַכט געוואָרן.

זאָל צו דעם אויך צוגעגעבן ווערן, אַז ביים רעדאַקטירן דאָס מאַטעריאַל האָבן מיר מיט אַ כיוון איבערגעלאָזט דעם רייד־שפּראַכיקן סטיל פֿון דעם גרעסטן טייל זכרונות־שרייבער.

מיר געפֿינען צום סוף פֿאַר נייטיק צו באַמערקן, אַז מיר אַליין זיינען עד־היום אונטער דעם איינדרוק פֿון דער פֿאָלקסטימלעכער שילדערונג פֿון ראַטנע און אומ־געגנט. וועלטן גאַנצע גייען אויף פֿון דער נישט גרויסער וואָלינער שטאָט און די אַרומיקע שטעטלעך... וועלטן, וואָס זיינען אומגעבראַכט און דאָך נישט אומגעבראַכט געוואָרן. עס זיינען פֿאַר אונדז אויפֿגעגאַנגען וועלטן רעאַלע און וועלטן - חלומות און מיר האָבן דערזען אַ מיניאַטור פֿון דעם גאַנצן יידישן לעבן. און דאָס דאָזיקע האָט אונדז איבערצייגט, אַז דער ציל, וואָס דאָס יזכור־בוך פֿון ראַטנע און אומגעגנט האָט זיך געשטעלט, איז דערגרייכט געוואָרן.

יעקב באָטאָשאַנסקי

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# פון די אַרויסגעבער

די שארית הפליטה פון הרוב געוואָרענעם ראַטנע באַטראַכט דאָס דאָזיקע יזכור־בוך קודם כל ווי אַ מצבה אויפן קבר פון זייער אומגעקומענעם שטעטל. יעדער אות וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דעם דאָזיקן טרויעריקן און טראַגישן ספר איז דורכגעווייקט מיט טרערן פון צער און מיט געוויין פון יתומים, וואָס זאָגן קדיש נאָך זייערע נאָענטסטע און טייערסטע שנהרגו על קדושת השם דורך די דייטשע מערדער אין די יאָרן 1945־1939 אין פוילן.

קנאַפּע פיר יאָר האָט געדויערט די אַרבעט ביים צוזאַמענשטעלן דאָס דאָזיקע בוך. פון פיין און ווייי האָבן מיר געקנעטן די ציגל פון וועלכע עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער הייליקער בנין פון אייביקן זכרון. מיר גיבן איבער דאָס דאָזיקע יזכור־בוך אין די הענט פון אַלע ראַטנער לעבנגעבליבענע און פון אַלע יידן אין דער וועלט מיט דעם געפיל אַז מיר האָבן אָנגעצונדן אַ נר תמיד לדור דורות.

צוויי געפילן האָבן באַגלייט אונדזער הייליקע אַרבעט ביים צוזאמענשטעלן דאָס דאָזיקע יזכור־בוך:

א) דער דראַנג צו דערציילן דער וועלט וועגן דעם אַמאָליקן יידישן לעבן אין ראַטנע;

ב) די נויטווענדיקייט אַרויסצושרייען פון זיך דעם ווייי און צו מאָלן פאַר דער וועלט דעם טויט און דעם אומקום פון אונדזער שטעטעלע.

נישט בלויז דערפאַר וואָס מיר האָבן געוואָלט אונטערשטרייכן די גרויליקייט און די אומגערעכטיקייט פון ראַטנער טויט האָבן מיר געמאָלן און געשילדערט דאָס לעבן פון ראַטנע. מיר האָבן דאָס געטאָן דערפאַר וואָס מיר זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם געפיל אַז די זאפטן וואָס זיינען איפגעגאַנגען אין דעם דורותדיקן לעבן פון אונדזער שטעטלדיקער יידישקייט וועלן נאָך באַלעבן מיט אויפגאַנג די עקזיסטענץ פון יידן אין אַלע עקן וועלט און גאַנץ באַזונדער אין מדינת ישראל. דעריבער האָבן מיר אין דעם דאָזיקן בוך געזוכט צו רעפּראָדוצירן אין מענטשלעכן וואָרט דאָס גאַנצע פילפאַרביקע און פיל געשטאַלטיקע לעבן, מיט סביבה, שטייגער און געמיט, וואָס האָט זיך געפורעמט דורך דורות און איז אויסגעוואקסן צו אַזאַ האַרמאָנישער גאַנצקייט פון אייגנאַרטיקן יידישן סטיל און יידישן גייסט.

מיר האָבן געזוכט צו שאַפן דאָס גרויסע פיל־פאַרביקע געמעל פון ראַטנער יידישן לעבן כדי יעדער איינער, וואָס ציט זיין יחוס פון דעם דאָזיקן שטעטל זאָל אין דעם בוך געפונען דאָס בילד פון זיין היים און פון זיין משפחה.

און אויך פאַר יעדן איינעם פאַר וועלכן ראַטנע איז נאָר בלויז איינס פון די פיל אומגעקומענע יידישע שטעטלעך אין פוילן זאָל דאָס דאָזיקע אויפגעלעבטע בילד זיין דער שפּיגל פון דער אַמאָליקער יידישער פאַרגאַנגענהייט אויף דער פּוילישער ערד. מיר האָבן דעריבער נישט געקאַרגט קיין מי און קיין מיטלען כדי אַריינצוברענגען צווישן די טאָוולען פון דעם דאָזיקן בוך וואָס מער היסטאָרישע מאַטעריאַלן און וואָס מער באַשרייבונגען פון דעם אַמאָליקן לעבן.

מיר האָבן געזוכט און גענישטערט אין אַלע ווינקלען כדי צו געפינען אַ ראטע, אַ דאָקומענט וועגן יידישן לעבן אין ראַטנע.

מיר האָבן זיך געווענדט צו אַלע אונדזערע לאַנדסלייט אין דער וועלט און זיי אויפגעפאָדערט און סטימולירט צו שרייבן זכרונות און בכלל איבערצוגעבן אַלער־ליי ידיעות וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם לעבן און טויט פון אונדזערע ברידער די קדושים פון ראטנע.

מיר האָבן אויך אַריינגעבראַכט אין דעם דאָזיקן בוך פאָטאָגראפיעס און ביל־דער אויף וועלכע עס זענען פאַראייביקט מאָמענטן, טיפן און געשטאַלטן פון יידישן לעבן אין אונדזער שטעטל.

גאַנץ באַזונדערס האָבן מיר אָבער אויך אין זין געהאט די שפּעטערדיקע דורות, וואָס וועלן פרעגן ווי אזוי עס איז אומגעקומען אַזאַ גרויס און רייך יידיש לעבן. דער אייביקער יידישער דראַנג צו פאַרצייכענען אַלע דערפאַרונגען פון אונד־זער פאָלק אויף זיין פיינפולן וואַנדער האָט אונדז געטריבן צו דערציילן בפרטיות דעם לעצטן גאַנג פון אונדזער טייערער עדה. מיר האָבן אויסגענוצט די גבית־עדותן פון די על־פּי־נס געראטעוועטע פון גרויסן פייער און מיר האָבן נישט באַהאלטן קיין שום זאך, וואָס קאָן וואַרפן אַ שיין אויף דער דאָזיקער טרויעריקער און פינצטערער צייט. אַזוי ווי זיי האָבן דערציילט, אַזוי האָבן מיר דאָס איבערגעגעבן. זאָל פאַר די אויגן פון די קומענדיקע דורות שטיין דאָס אויטענטישע בילד פון יידישע ליידן, פון יידישע פיינען, פון יידישן קידוש השם און געראנגל קעגן די ווילדע דייטשע שונאים אַזוי ווי זיי האָבן זיך אַנטפּלעקט אין אונדזער אַמאָליקער היים ראַטנע.

ביים איבערגעבן דאָס דאָזיקע בוך אין די הענט פון לייענער פילן מיר זיך פאַרפליכטעט אויסצודריקן אַ דאַנק און אַן אָנערקענונג צו אַלע בויער פון דעם יזכור־בנין; צו די אַלע וואָס האָבן אָפּגעגעבן צייט, מי און געלט, סיי אין אַרגענטינע, סיי אין מעקסיקע, סיי אין צפון־אַמעריקע און סיי אין ישראל, אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל קענען דערשיינען.

מיר האַלטן אויך פאַר אונדזער חוב אויפמערקזאַם צו מאַכן די לייענער, דאָס מיר ווייסן אַז נישט אַלץ וואָס האָט געדארפט באַקומען אַ תיקון אין דעם דאָזיקן בוך האָט אַזאַ תיקון באַקומען. עס איז אויך נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון געוויסע טעותים וואָס זיינען אַריינגעפאלן דאָ און דאָרט. נישט צוליב אונדזער שלעכטן ווילן איז דאָס דאָזיקע געשען. מיר זיינען נישט מער ווי מענטשן און מיר האָבן געטאָן די דאָזיקע אַרבעט אין די גרעניצן פון אונדזערע מעגלעכקייטן און אין די ראַמען פון אונדזער וויסן.

דאָך גלויבן מיר, אַז מיטן אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע יזכור־בוך האָבן מיר דער־פילט אַ חוב סיי לגבי דער יידישער געשיכטע און סיי לגבי אונדזערע טייערע קדושים פון אונדזער שטעטלע ראַטנע.

ד״ר פ׳ליפ פרידמאַן

# פאַרשידענע מקורות וועגן ראַטנע

Bohdan Wasiutynski: *Ludność żydowska na ziemiach polskich w XIX i XX wiekach.* Warszawa 1930. p. 84

וואַשיוטינסקי, ז׳ 84.

**ראַטנע** האָט אין יאָר 1921 געציילט 2.410 **איינוווינער**, **דערפון 1.554 יידן**, ד״ה 64.5 %.

*Encyklopedia Polska Orgelbranda.* Warszawa 1902. vol. XII. p. 521

אָרגעלבראַנד,

**ראַטנע** — אַ שטעטל אין וואָלינער גובערניע, ביים טייך פּריפּעט, 7 מיילן פון קאָוועל. געווען אַמאָל אַ קרייז־שטאָט.

Tomasz Święcki: *Opis Starożytnej Polski.* Kraków 1861. vol. II. p. 30

שווענצקי,

**ראַטנע** — צווישן די בלאָטעס און דעם טייך פּריפּעט. געווען איז דאָ אַמאָל — לויט דעם איטאַליענישן רייזנדער גוואַגניני — אַ שלאָס אויף אַ הויכן באַרג.

*Evreyskaya Entzyklopedia,* St. Petersburg. vol. XIII. p. 329

יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ.

**ראַטנע** — אַ שטאָט אין כעלמער לאַנד אין דער תקופה פון דער פּוילישער רע־פּובליק. לויט דער לוסטראַציע פון דער ראַטנער סטאַראָסטווע אין יאָר **1565**, **האָבן** דעמאָלט געלעבט אין ראַטנע **12 יידישע באַלעבאַטים** ס׳איז געווען אַ שול. **אין העב**־רעאישע מקורות געפינט זיך אַ ידיעה אַז די קאַראַימער און יידן וואָס זיינען **ארויס**־געטריבן געוואָרן פון ליטע אין 1495 זיינען באַזעצט געוואָרן אין ראַטנע ביז 1503, ווען זיי זיינען צוריקגעקומען קיין ליטע.

לויט דעם צענז פון יאָר **1756** האָבן אין ראַטנע געלעבט 210 יידן.

לויט דער רעוויזיע פון יאָר **1847** האָט די יידישע קהילה אין ראַטנע געציילט דעמאָלט 1.065 **נפשות**.

לויט דער פאָלקס־ציילונג אין יאָר **1897** האָבן אין ראַטנע געוווינט 3.089 איינ־וווינער, צווישן זיי 2.219 יידן.

*Encyklopedia Gutenberga,* Kraków, vol. XIII. p. 277

גוטענבערגס ענציקלאָפּעדיע.

ראַטנע, אַ שטעטל אין קאָוועלער פּאָוויאַט ביים טייך פּריפּעט. 17 קילאָמעטער פון דער באַן־ליניע קאָוועל־ברעסט ליטאָווסקי (די באַן־סטאַציע קרימנאָ) מיט 2.410 איינוווינער (אין 1921). די שטאָט האָט אַ גאַרבאַרניע; עס איז פאַראַן אַ מסחר. ראַטנע האָט געהערט צו פּוילן זינט **1366** און איז געווען אַ קרייזשטאָט אין כעלמער לאַנד. עס איז דאָ געווען אַ גרויסער שלאָס. ראַטנע איז געוואָרן אַ שטאָט אין יאָר 1440.

א. א. הרכבי: **חדשים גם ישנים**, חלק א׳, עמוד 10.

...העדות השישית (לגירוש ליטא) היא להרופא הקראי ר׳ אברהם בן יאשיה מטרוקי כי **בספר הרפואות** שלו הנמצא בפה בכ״י (כתבי יד באוצר הספרים הקיסרי בפט. פטרסבורג) כתב את הרשימה הזאת:

„גירוש אבותינו (ר״ל הקראים) שנתגרשו מארץ ליטא ושל היהודים (ר״ל הרבנים) שהיו במלכות ליטא בשנת הרנ״ה. ושם המלך שגרשם אלכסנדר. וקיבלום אחיו אולברחט מלך פולין והיו שם בעיר **רטנא** עד שנת הרס״ג. ואותה שנה השיב אותם אולברחט אחרי מות אחיו הנ״ל.״

(על זה מוסיף הרכבי): והנה בדברים אלה נמצאו איזה שיבושים, כי המלך אלברחט מפולין מת בשנת רס״ז, גם לא היה לאלברחט שום ממשלה בליטא. אולם צדק הקראי במשך זמן הגירוש שהיה משנת הרנ״ח עד הרס״ג.

**א. א. הרכבי:**

דאָס זעקסטע עדות-זאָגן (וועגן גירוש ליטא) איז פון קאַראַימישן דאָקטאָר ר׳ אברהם בן יאשיה פון טראָקי (1), וויל אין זיין „ספר הרפואות״, וואָס געפינט זיך דאָ אין כתב-יד (מאַנוסקריפּטן-אָפּטיילונג אין דער קייסערלעכער ביבליאָטעק אין פּעטערבורג), איז פאַראַן אָט די פאַרצייכענונג: „דער גירוש פון אונדזערע עלטערן (ס׳הייסט: פון די קאַראַימען), וואָס זיינען אַרויסגעטריבן פון ליטווישן לאַנד און פון די יידן (דאָס מיינט: די ראַבינאַטן), וואָס האָבן געלעבט אין ליטווישן קיניגרייך אין יאָר **הרנ״ח** (1448). דער נאָמען פון דעם מלך, וואָס האָט זיי אַרויסגעטריבן איז אַלעקסאַנדער. און דערנאָך האָט זיי אויפגענומען דער פּוילישער קעניג אַלברעכט, נאָך דעם, וואָס זיין דערמאָנטער ברודער איז געשטאָרבן. און זיי האָבן געלעבט אין דער שטאָט ראַטנע ביז צום יאָר הרס״ג (1503).

(צום דעם גיט הרכבי צו): אין די דאָזיקע רייד זיינען פאַראַן איניקע טעותים. וויל דער פּוילישער מלך אַלברעכט איז געשטאָרבן אין יאָר הרס״ז. אַלברעכט האָט לחלוטין נישט געהערשט איבער ליטע. אָבער ריכטיק איז די אָנווייזונג פון קאַראַים, אַז דער גירוש האָט געדויערט פון ה׳רנח ביז ה׳רסג.

*Regesty i Nadpisy.* vol. I. St. Petersburg 1899, p. 241
*Lustracja Starostwa Ratneńskiego w r. 1565*

לוסטראַציע פון ראַטנער סטאַראָסטווע אין יאָר **1565:**

צווישן די בירגער-הויזבאַזיצער אין שטאָט ראַטנע געפונען זיך די וויטערדיקע יידן (1): שמערקע, שכנא, לייבקע, זעליק שמולעוויטש, זלמן, יאקוש (יעקב?), יידל, יאָסעק אבראַמאָוויטש, מאָרדיש (מרדכי?), משה, אהרון לעווקאָוויטש, עמנואל לעווקאָוויטש. פאַראַן אויך אַ יידישע שול (בית תפילה) (2). פאַר זייערע הייזער צאָלן די יידן יעדן יאָר דעם צינז פון דריי גראָשן פּער הויז און דעם באָד-אָפּצאָל (3) פון דריי גראָשן (פּער הויז). דער ייד זלמן האָט אַ לאַנקע (4) פון וועלכער ער צאָלט דעם צינז פון דריי גראָשן אַ יאָר. דאָס רעכט צו ברענען און פאַרקויפן בראַנפן (פּראָפּינאַציע) האָט אַרענדירט אַ ייד און ער צאָלט דערפאַר 120 זלאָטי אַ יאָר. די יידן צאָלן דעם שלאָס (ד״ה דעם פּריץ) יערלעך 15 זלאָטי קעניגלעכע שטייער וואָס הייסט סכאָש.

אין אָריגינאַל-טעקסט (רוסיש, איבערגעזעצט אין פּויליש:

1) Obywatele domovladeltze: Smarko, Sakhno, Levko, Zelko Smoylovitch, Zelman, Yykush, Gidel, Yosko Abramovich, Mordish, **Aaron** Levkovitch, Man Levkovitch.
2) dom shkolnyy yevreyskiy
3) אין רוסיש: bannyy sbor, אין פּויליש: łaziebne
4) łan:
5) schosz

*Regesty i Nadpisy*, vol. III. St. Petersburg 1913. p. 7
February 18, 1741

1) וועגן אָט דעם דאָקטער זע: „בקורת לתולדות הקראים״, עמוד 151.

**באַשטימונג:**

עס ווערט באַשטימט דער געלט־אָפּצאָל פון די יידן צו דער קאָראָנאַציע פון דער כעלמער איקאָנע (הייליקע בילד) פון דער הייליקער מוטער. אויף דעם באַפעל פון דעם גרויסן קעניגלעכן שאַצמייסטער (1) ווערט באַשטימט אַ געוויסע סומע פונעם יידישן קאָפּ־אָפּצאָל (מס־הגלגלת) (2) אויף דער קאָראָנאַציע פונעם בילד פון דער הייליקער כעלמער מוטער, לויט דער ווייטערדיקער פאַרטיילונג:

| | | | |
|---|---|---|---|
| Luboml | 828 złotych | | לובאָמל |
| Ratno | 460 ,, | | ראַטנע |
| Stojanów | 200 ,, | | סטאָיאַנאָוו |
| Grabowica | 220 ,, | | גראַבאָוויצע |
| Swierznia | 100 ,, | | סווערזשען |
| Jarczów | 80 złotych ex 1740 and 75 złotych ex 1741 | | יאַרטשעוו |

*Rocznik Wołyński*, vol. II. Równe 1931.

**ידיעות וועגן ראַטנע**

ז' 4-3 דער שלום־אָפּמאַך צווישן דעם ליטווישן פירשט לובאַרט און דעם פוילישן קעניג קאַזימיערזש דער גרויסער אין יאָר 1366: קאַזימיערזש האָט באַקומען בעלז, כעלם און לודמיר (וולאַדימיר) מיט אַ גאַנצער ריי ערטער וואָס ליגן אין מערב פון דעם טייך טוריע: האָראָדלאָ, לובאָמל, טריסק, ראַטנע, קאַמיען קאָשירסקי און אַוולאָטשין.

ז' 9: זיגמונט, דער זון פון קיעיסטוט, ליטווישער פירשט, טרעט אָפּ צו פוילן אין דעם אָפּמאַך פון 15טן אָקטאָבער 1432 די גרענעץ־ערטער אין וואָלין ווי ראַטנע און אַנדערע.

ז' 10: דער ליטווישער פירשט סאַנגושקאָ פרווט אַוועקנעמען מיט כוח פון פוילן די וואָלינער שטעט ראַטנע און לובאָמל, אין יאָר 1440.

ז' 13: אויך אין יאָר 1443 האָבן די ליטווינער געפרווט אַוועקרייסן ראַטנע פון פוילן; דאָס זעלבע פרובירן זיי אין יאָר 1454.

ז' 51: דער פוילישער סיים אין יאָר 1649 האָט באַשטעטיקט דעם שלום־אָפּמאַך מיט די קאָזאַקן (מיט באָהדאַן כמעלניצקי). לויט דעם דאָזיקן שלום (געחתמעט אין זבאָראָוו) זיינען פאַר די פּראַוואָסלאַווע פויערים באַשטעטיקט געוואָרן אַ ריי צערקוועס אין לאַנד, צווישן זיי די טראַיצקער צערקווע אין ראַטנע, קרייז קאָוועל, גמינע דאַטין.

Michał Baliński i Tymoteusz Lipiński: *Polska Starożytna*. vol. II. Warszawa 1885, wydanie drugie, poprawione i uzupełnione przez F. K. Martynowskiego. pp. 925-926

Ratno, rozległe dość miasto drewniane, między błotami zabudowane: przy nim zamek na wzgórku nad Prypecią, z drugiej strony rzeką Tur oblany i zabezpieczony rozległemi błotami. Leży o 20 z górą mil od Chełma, a o 14 od Lubomli.

Ratno z powiatem swoim w pierwszej połowie XIV wieku, po upadku potęgi halickiej i dla osłabienia Polski przez wojny z Krzyżakami, zawładnięte zostało przez Gedemina, księcia litewskiego. Posiadali je następnie potomkowie jego, a mianowicie Lubard książe wołyński czyli włodzimierski, a zarazem pan ziemi chełmskiej. Dopiero Kazimierz Wielki

1) Wielki podskarbi koronny
2) pogłówne

uskromiwszy najazdy Litwinów zajętych walką z zakonem krzyżackim, zrobił ugodę z Olgierdem, wielkim księciem litewskim i lennikami jego, mocą której powiat ratneński razem z przyległemi ziemiami dostał się do Palski i odtąd zaczął być starostwem niegrodowem.

Lustratorowie z r. 1569 taką statystykę miasta Ratna nam zostawili:

"Domów wszystkich w całym obrębie miasta jest 278, z każdego dają czynszu per groszy 3, łaziebnego każdy dom per gr. 6. Placów pustych jest 25, komorników 33, dają każdy z nich po gr. 1, a łaziebnego po gr. 1½; a wszelako to łaziebne nie idzie do zamku, ale to obracają na balwierza, bo to jest jego salarium, i owszem jeszcze ktemu daią mu z zamku nadto flor. 6. A iż u Rewizorów (poprzedzających) stoi, że niedawno temu balwierzowi jedno flor. 4, tedyśmy go na tem postanowili. Łaników miesckich, albo ogrodów iako tam u nich iest vocabulum usitatum, jest w rewizji napisanych 24, ale ex inquisitione nostra tedy się ich nie pokazało więcej jedno 19. Solnego myta na ten czas nie arendują, a wszakoż wybrano tego roku tołp 2.000, każdy po gr. 10. Rzeźników jest 7, daią czynszu per gr. 15, a ktemy łoiu surowego po 1 kamieniu, każdy per flor. 1 i po łopatce do zamku".

Z lustracji województwa ruskiego, ziemi chełmskiej (księga No. 4) w r. 1570 poczynionej pokazuje się, że miasto przynosiło rocznej intraty zł. 216, gr. 3, a Starostwo zł. 3079 gr. 8. W roku zaś 1782 Sstwo Ratneńskie w emfiteutycznej posiadłości Platerów zostające, płaciło do skarbu Rzptej kwarty zł. 11.676.

Ratno podług nie geograficznego, a raczej systematycznego ale popularnego podziału, znajduje się już w krainie zwanej pospolicie Polesiem Wołyńskiem, i o 7 mil odległe jest od Kowla.

באלינסקי־ליפינסקי: יידישע איבערזעצונג (פון פויליש):

ראטנע איז אַ גאַנץ היפּש צעשפּרייטע הילצערנע **שטאָט**, געבויט צווישן די בלאָטעס; ביי דער שטאָט געפינט זיך אַ **שלאָס** אויף אַ בערגל איבער דעם טייך **פּריפּעט**. פון דער אַנדערער זייט איז דער שלאָס אַרומגערינגלט פון דעם טייך טור און געזויבערט דורך די ווייטע און ברייטע בלאָטעס. ראַטנע ליגט איבער 20 מיילן ווייט פון כעלם און 14 מיילן פון לובאָמל.

ראַטנע, צוזאַמען מיט איר פּאָוויאַט (קרייז) איז אין דער ערשטער העלפט פון דעם 14טן יאָרהונדערט פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ליטווישן פירשט געדימין נאָכדעם ווי די העליטשער גרויסמאַכט איז זיך פונאַנדערגעפאַלן און פוילן איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט דורך די מלחמות מיט די קרייצריטער. שפּעטער האָבן דאָ געהערשט געדימינס יורשים, דהיינו: לובאַרד דער וואָלינער פירשט (אָדער וולאַדימירער פירשט) אין גלייכצייטיק דער האַר פון כעלמער לאַנד. ערשט קאַזימיר דער גרויסער, נאָכדעם ווי ער האָט באַזיגט די ליטווינער וואָס זיינען געווען פאַרנומען דורך מלחמות מיט די קרייצריטער, האָט געמאַכט אַ שלום־אָפּמאַך מיט אָלגערד דעם ליטווישן גרויספירשט. לויט דעם אָפּמאַך איז דער ראַטנער פּאָוויאַט צוזאַמען מיט די שכנותדיקע לענדער אַריבער צו פוילן און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ראַטנער סטאַראָסטווע.

די לוסטראַטאָרן (לוסטראַציע מיינט אַ צענזוס, סטאַטיסטישע ציילונג) האָבן איבערגעלאָזט אַזאַ סטאַטיסטיק פון דער שטאָט ראַטנע אין יאָר **1569:**

„הייזער אין דער גאַנצער שטאָט זיינען געווען סך הכל 278. פון יעדן הויז האָט מען געצאָלט דריי גראָשן צינז (אַ יאָר) און זעקס גראָשן באָד־געלט. פּוסטע פּלעצער זיינען געווען 25, קאָמאָרניקעס (ד"ה מענטשן וואָס האָבן געוווינט ביי עמעצן און

נישט געהאַט קיין אייגן הויז) 33. די קאַמאַרניקעס צאָלן, יעדער צו איין גראָשן צינז און צו איין און אַ האַלב גראָשן באָד־געלט; אָבער דאָס באָד־געלט ווערט נישט גע־צאָלט פאַר דעם שלאָס (דעם פּריץ) נאָר עס ווערט פאַרווענדעט פאַר דעם באַלבירער, באָדמייסטער, צירולניק, פעלדשער) ווייל דאָס איז זיין געהאַלט. אחוץ דעם קריגט דער באַלבירער נאָך זעקס פלאָרין (גילדן) פון דעם שלאָס. היות ווי די פריערדיקע רעוויזאָרן האָבן געשריבן אַז דער באַלבירער פלעגט קריגן נישט מער ווי פיר פלאָרין, האָבן מיר אַזוי באַשטימט. שפּאַטישע לאַנקעס אָדער גערטנער, ווי מען רופט עס דאָרט ביי זיי, זיינען ביי דער (פריערדיקער) רעוויזיע פאַרשריבן געוואָרן 24, אָבער בשעת אונדזער אונטערזוכונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס זיינען נישטאָ מער ווי 19. דער אַפּצאָל פון זאַלץ איז נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין אַרענדע, הגם אין דעם (איצטיקן) יאָר האָט מען פּראָדוצירט נישט ווייניקער ווי 2.000 טאָלפן זאַלץ, יעדע ווערט 10 גראָשן. עס זיינען דאָ 7 קצבים וואָס יעדער פון זיי צאָלט 15 גראָשן צינז, אחוץ דעם צו איין שטיין רויע אָקסן־פעטס, צו איין פלאָרין און צו איין לאָפּאַטקע, פאַר דעם שלאָס."

פון דער לוסטראַציע פון דער רוטענישער וואָיעוואָדזטווע, בעלמער לאַנד, אין יאָר 1570 (לוסטראַציע בוך נר. 4) ווייזט זיך אַרויס אַז די שטאָט האָט געבראַכט יער־לעכע הכנסה 216 זלאָטי און דריי גראָשן, און די סטאַראָסטווע (אַ יערלעכע הכנסה) 3079 זלאָטי און 8 גראָשן. אין יאָר 1782 איז די ראַטנער סטאַראָסטווע געווען דער עמפיטעווטישער באַזיץ (עמפיטעוויזם — אַ סימבאָלישע פאַכט פון 999 יאָר) פון דער (גראַפן) פלאַטער־משפחה און האָט געצאָלט דעם מלוכישן אוצר 11.676 זלאָטי קוואַר־טע (מיליטער־שטייער).

ראַטנע, לויט דער געאָגראַפישער, אָבער לויט דער סיסטעמיטשער און פּאָפּולערער איינטיילונג, געפינט זיך אין דעם געביט וואָס ווערט אין אַלגעמיין באַצייכנט מיט דעם נאָמען: וואָלינער פּאָלעשיע. עס געפינט זיך 7 מיילן ווייט פון קאָוועל.

*Słownik Geograficzny Królestwa Polskiego i innych krajów słowiańskich.* vol. IX. Warszawa 1888. p. 542-43.

(געאָגראַפישער ווערטערבוך):

ראַטנע, אַ שטעטל ביים טייך פּריפּעט. דאָרט ווי דער טייך טור גיסט זיך אַריין אין דער פּריפּעט, אין ראַטנער קרייז (דער דריטער קרייז), אין קאָוועלער פּאָוויאַט, אין דער גמינע האָרניקי. ליגט זעקס און אַ האַלבע ווערסט פון האָרניקי, 10 ווערסט פון זאַבלאָציע, 48 ווערסט צפון־מערבדיק פון קאָוועל, 357 ווערסט פון זשי־טאָמיר, ביי דער אַלטער שאָסיי: קיעוו־בריסק ליטאָווסק. אין 1870 זיינען אין ראַטנע געווען 458 הייזער און 2.099 איינוווינער, פון זיי 61% יידן, דריי צערקוועס, איין קאַ־טוילישער קאָשציאָל, איין סינאַגאָגע, 20 געוועלבער און דריי ירידים. אין ראַטנע גע־פינט זיך דער זיץ פון אַ פּאָליציי־צירקול און פון אַ געריכט־אויספאָרשער („אינקווי־רענט"). הינטער דעם שטעטל איז פאַראַן אַ בריק איבער דעם פּריפּעט. דער קאַטוי־לישער קאָשציאָל, אַ געמויערטער, איז געבויט אין יאָר 1784, אָבער פאַר אים איז שוין געווען אַן אַנדער קאָשציאָל (אַ הילצערנער?) וואָס האָט געשטאַמט פון די צייט פאַר יאָר 1504. די קאַטוילישע פּאַראַפיע ציילט איצט 351 נפשות.

דורך דער פּריווילעגיע פון וולאַדיסלאַוו דעם דריטן, דעם קעניג פון פּוילן און פון אונגערן, אַרויסגעגעבן אין דער שטאָט בודאַ (בודאַפּעשט) אין יאָר 1420 איז ראַטנע איבערגעטראָגן געוואָרן פון דעם פּוילישן און רוסישן רעכט אין דעם דייטשישן מאַג־דעבורגער רעכט (דאָס הייסט: האָט באַקומען מוניציפּאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג־רעכט) דעם 21סטן מאַי 1516 האָט דער קעניג זיגמונט דער דריטער געגעבן דער שטאָט ראַטנע דאָס רעכט צו האָבן הכנסה פון (פּראָדוצירן און פאַרקויפן) בראַנפן (פּראָפּי־

נאַציע") „נעמענדיק אין אַכט באַזונדער דעם גרויסן, זייער גרויסן חורבן וואָס די שטאָט ראַטנע האָט געליטן" (1).

אין יאָר 1628 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ לוסטראַציע פון דער ראַטנער סטאַראָסטווע, צו וועלכע עס האָבן דעמאָלט געהערט, אחוץ דער שטאָט ראַטנע, די הייר־מערדיקע דערפער:

Zamszany, Datyń, Synów, Wielemcze, Tur, Zdomyślany, Kortyleny, Powiecie, Radostów, Szczodrohość, Wiotły, Załozy, Hłuchy, Zastawie alias Przechód, Dubieczno, Krymno, Kościenie, Zerzyck, Samarowice, Wybranica i Postupla.

אַחוץ די אויבנדערמאָנטע דערפער זיינען נאָך געווען די פאָלוואַרקעס הינטער דעם (ראַטנער) שלאָס און אין דוביעטשנע. די אַרענדעס פון די קרעטשמעס, פון די מילן, פון דעם מאַרק־אָפּצאָל („טאַרגאָווע"), דעם בריק־אָפּצאָל („מאָסטאָווע") און דעם יריד־אָפּצאָל („יאַרמאַטשנע") האָבן אַריינגעבראַכט 950 פלאָרין. בסך־הכל האָבן אַלע הכנסות פון דער סטאַראָסטווע באַטראָפן 6.316 פלאָרין, 11 גראָשן.

אין יאָר 1771 האָט די סטאַראָסטווע געהערט צו אַלעקסאַנדער לובאָמירסקי. דער סיים וואָס איז פאָרגעקומען אין די יאָרן 1773—1775 האָט די דאָזיקע נאַציאָנאַלע גיטער איבערגעגעבן דורך אַ ספּעציעלן געזעץ (קאָנסטיטוציע) ווי אַן עמפיטעווטישן באַזיץ צו די יורשים פון ווינצענטי און קאַטערינע (געבוירענע: סאָסנאָווסקא) פּלאַטער.

Źródła dziejowe. Tom V. Lustracje królewszczyzn ziem ruskich z pierwszej połowy XVII wieku. Warszawa 1877. Wyd. Aleksander Jabłonowski. vol. V. p. 152-162.

אין דעם בוך פון יאַבלאָנאָווסקי ווערן אויסגערעכנט אַלע פּריווילעגיעס וואָס ראַטנע האָט באַקומען פון יאָר 1440 ביז 1615 (וואַרשיינלעך איז די לוסטראַציע פאָרגעקומען נישט לאַנג נאָך 1615). עס ווערט איבערגעגעבן דער אָריגינאַל־טעקסט פון אַלע פּריווילעגיעס (אין לאַטייניש, און צום טייל אין אַ געמיש פון לאַטייניש און פּויליש). אין קיין איינציקער פון די פּריווילעגיעס ווערן יידן נישט דערמאָנט. דער אייגנטימער (פּאָסעסאָר) פון דער גאַנצער ראַטנער סטאַראָסטווע איז דעמאָלט געווען דער שר־המשקה פון דער פּוילישער קרוין (פּאָדטשאַשי קאָראָנני) מיקאָליי שיעניאַווסקי.

אַלע פּריווילעגיעס האָבן אַ שייכות בלויז צו דער שטאָט ראַטנע און באַהאַנדלען די פראַגעס פון שטאָטישע רעכט, פון געריכט, זעלבסטפאַרוואַלטונג, שטייערן, קירך אאז"וו. קיין יידן ווערן אין זיי נישט דערמאָנט.

1 פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג וולאַדיסלאַוו אין יאָר 1440, אין בודאַ, אונגאַרן.
2. פּריווילעגיע באַשטעטיקט פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן אין יאָר 1510, אין קראָקע
3. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן אין יאָר 1514, אין ווילנע
4. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן אין יאָר 1514, אין ווילנע (אַ צווייטע).
5. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן אין יאָר 1546, אין קראָקע.
6. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט אויגוסט, אין יאָר 1548, אין פּיאָטרקאָוו.
7. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט אויגוסט, אין יאָר 1549.
8. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט אויגוסט, אין יאָר 1554, אין ווילנע.
9. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג סטעפאַן באַטאָרי, אין יאָר 1578, אין וואַרשע.
10. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט דעם דריטן, אין יאָר 1589, אין לובלין.
11. פּריווילעגיע געגעבן פון קעניג זיגמונט דעם דריטן, אין יאָר 1615, אין וואַרשע.

1) צוליב מלחמה אדער שריפה? (פּ. פּ.)

אין דער פריווילעגיע פון יאָר 1615 ווערט געזאָגט אַז די שטאָט געפינט זיך אויפן ראַנד פון אונטערגאַנג און עס איז פאַראַן אַ מורא, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיך נישט צעלויפן. דעריבער גיט דער קעניג דער שטאָט דאָס רעכט זיך צו באַנוצן מיט די הכנסות פון פראָדוצירן און פאַרקויפן בראָנפן אָבער בתנאי אַז זיי וועלן דערפאַר אַליין צאָלן דעם שטאָטישן לערער (באַקאַלאַרזש) ביי דער קירך צו פערציק פלאָרין צוויי מאָל אַ יאָר.

Biblioteka Warszawska. 1855, tom II. (Ogólnego zbioru tom LVII), p. 209-232

J. T. L. (Lubomirski) : Starostwo ratneńskie. Wyjątek z historii osad wołoskich w Polsce.

י. ט. לובאָמירסקי: די ראַטנער סטאַראָסטווע. אַן אויסצוג פון אַן ארבעט וועגן די וולאָכישע ישובים אין פוילן. (קיצור):

דער מחבר באַשרייבט גענוי די ראַטנער סטאַראָסטווע, בפרט די געאָגראַפיע און די פויערישע פרנסות. וועגן דער שטאָט ראַטנע שרייבט ער: „די שטאָט ראַטנע האָט זיך צעלייגט צווישן די וואַסערן פון די טייכן וואָס רינגלען זי אַרום און אַרום. די ערד איז אַזוי ווייך אַז זי זינקט איין אונטער דער משא פון די מויערן. דאָס שלאָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין די צייטן פון קעניג זיגמונט אויגוסט, אויף אַן אָנגעשאָטענעם בערגל. נאָך עטלעכע צענדלינג יאָר איז פון דעם שלאָס קיין זכר נישט געבליבן. סטעפאַן טשאַרניעצקי (דער פוילישער העטמאַן, מיליטערישער הויפט-קאָמאַנדיר אין די צייטן פון קעניג יאַן קאַזימיערזש, (אין 17טן יאָרהונדערט) האָט געהייסן אַריינקלאַפן (אין די בלאָטעס) אַ סך (הילצערנע) סלופּעס און אויף זיי אויפבויען די מויערן. אָבער שוין אין דעם 18טן יאָרהונדערט זייַנען די דאָזיקע שוץ-מויערן איינגעזונקען געוואָרן (אין די בלאָטעס) און עס האָט אַרויסגעשטאַרטשעט אַן אַלטע הילצערנע געביידע. דאָס וואַסער דערגרייכט ביז צו די שוועלן פון די טירן אין יעדער הויז, און אַ יידישער קבצן זיצט אויף דער שוועל אין פאַרזוואָרפטע אַ ווענדקע... און ווו עס טרעפט זיך אַ מער מוטיקער קריסטלעכער בחור... פאַרקאַטשעט ער די הויזן, פאַרנעצט די מאָגערע קני אין וואַסער און כאַפּט אין דעם וואַסער, וואָס באַדעקט די לאָנקעס, דריבנע פישעלעך.

פישל העלד

# די אָנהייבן פון יידישן ישוב אין ראַטנע

פון רעדאקציע:

אין יאָר 1938 איז אין דער דרוקעריי פון מ. וויינבערג אין קאָוועל דערשינען אַ בראָשור פון 24 זייטן, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „זכרונות און באַשרייבונגען פון דער שטאָט ראַטנע" און ס'האָט זיך געזאָגט, אַז די בראָשור איז „פאַרפאַסט דורך פישל העלד" אין ראַטנע. ביים אָנהייב פון אָט דער בראָשור איז צוגעגעבן אַן אָנמערקונג פון אהרן יאנקל גינזבורג, ווו ס'ווערט דערציילט, אַז פישל העלד איז דער איינציקער אין ראַטנע, וואָס באַזיצט די אייגנשאַפט פון געדענקען גענוי געשעענישן און פערזאָנען. א. י. ג. דערציילט, אַז פישל העלד איז אַ ייד אין די זיבעציקער און ער האָט זיינע זכרונות אָנגעשריבן אין העברעאיש און מען האָט זיי איבערגעזעצט אין יידיש. מיר געפינען פאַר נייטיק און וויכטיק צו איבערדרוקן אַ גרויסן



ר' פישל העלד צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע: פרוי, קינדער און אייניקלעך.

**טייל פון אַט דער בראָשור אין דער פרימיטיווער פאָרם ווי זי איז געשריבן. מיר מאָדערניזירן נאָר די אויסלייגעכץ. אַט וואָס פישל העלד שרייבט:**

„ראטנע איז אנטשטאנען נאָך אין דער צייט ווען עס האָבן געהערשט די פוילישע פירשטן סאנגושקאָ; אן ערך מיט 500 יאָר צוריק.

די שטאָט האָט זיך געפונען אויף די פעלדער וואָס זיינען היינט דאָס אייגנטום פון דער רוסישער קירכע. אויף דער אַלטער שטאָט נעבן טייך ווישעווקע.

בעת דעם פויליש - שוועדישן קריג איז די שטאָט הרוב געוואָרן. דאָס איז געשען אין אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט, אין די יאָרן 1706-1707. אין דער דאָזיקער מלחמה זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן כמעט אַלע מענטשן אין שטאָט, און די פאַרבליבענע נאָך דער הריגה זיינען אַנטלאָפן פון דעם אָרט



דאָס אַלטע בית-החיים: — אויפן בילד: דייטשן בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, צוזאַמען מיטן פעלדשער דאַראַטשעי.

און זיך באַזעצט אויף די פעלדער און פלעצער נעבן טייך „פריפיעט". דערמיט האָט זיך איינגנטלעך געגרינדעט די נייע שטאָט ראטנע. מען האָט דעמאָלסט אויך פאַרלייגט דעם אַלטן בית-עלמין, און מען האָט באַגראָבן אין איין ברידער-קבר, די אַלע הרוגים פון דער אַלטער שטאָט. דעם דאָזיקן קבר זעט מען נאָך אַרויס ביז היינטיקן טאָג אויפן אַלטן בית-עלמין ווי אַ קליין בערגל אין דער מזרח-זייט.

צווישן די וואָס זיינען פאַרבליבן פון דער אַלטער שטאָט, איז געווען איינער, שטאַרק מפורסם פאַר אַ צדיק. ער האָט געהייסן ר' יאָקיב ראַטנער, די געשיכטע אונדזערע האָט נאָך אים נישט איבערגעלאָזט גאַרנישט בכתב.

און מיר ווייסן וועגן אים בלויז פון דעם וואָס אונדזערע עלטערן האָבן אונדז
איבערגעגעבן. נאָר דער מחבר האָט איינמאָל אָנגעטראָפן צופעליק אין לוח
ראסקין בזה הלשון: „ר׳ יעקב ראַטנער מת בקראָקא בשנת"... נאָר ער קאָן זיך
נישט דערמאָנען וועלכעס יאָר עס איז דאָרט, אין לוח, געווען אָנגעגעבן. געוויס
האָט זיך דאָרט גערעדט פון 200 יאָר צוריק בערך.

די נייע שטאָט האָט געהאַט אין די ערשטע יאָרן די מנהיגים — פאַר־
בליבענע נאָך דער הריגה אין דער אַלטער שטאָט, בעתן אויבנדערמאָנטן קריג.
די חשובע און געאַכטעטע ר׳ חיים מעכניוועקער מיט זיין זון ר׳ הערש מעכ־
ניוועקער. אדאנק זייער מי און געלט איז דעמאָלט געבויט געוואָרן די אַלטע
שול, מען האָט זי געבויט אין איין צייט מיטן קאַטוילישן קאָסציאָל אין ראַטנע.
אין יאָר 1784, מיט דער הילף און אונטער דער השגחה פון דער וואָיעוואָד־
זיני סאַסנאָווסקא, וועלכע האָט דאַן, בעת דער ממשלה פון דער פוילישער
קרוין, רעגירט אין ראַטנע און אויף דער סביבה. נאָך איר טויט האָט מען זי
באַגראָבן אין קאָסציאָל. דאָס זעלבע האָט מען שפּעטער געטאָן מיט איר
טאָכטער בעת זי איז געשטאָרבן. זייערע ביידנס קברים מיט די טרומנעס גע־
פינען זיך אין קאָסציאָל ביז היינט צו טאָג.

מען ווייסט צו דערציילן אַלס אַ זיכערע זאַך, אַז אין דער אַלטער שול
אויפן בוידעם־שטיבל איז געזעסן הר׳ החסיד, דער מיסטישער און נסתר ר׳
ליב שרהס און דאָרט געלערנט אַ לענגערע צייט.

די אויבנדערמאָנטע ר׳ חיים מיט זיין זון ר׳ צבי מעכניוועקער, האָבן
געשמט מיט זייער נדבנות און מיט זייער איבערגעגעבענער מי לטובת צרכי־
הכלל.

מען ווייסט צו דערציילן פון ר׳ חיימס ביידע קינדער אז זיין זון, דער
אויבנדערמאָנטער ר׳ צבי, האָט געהאַט זיבן זין מיט איין טאָכטער, און דער
יינגערער זון ר׳ פּנחס פולמער האָט געהאַט זיבן טעכטער מיט איין זון פון זיי
איז עס אַרויסגעקומען די באַוווסטע משפחה „אברך", וועלכע איז צעזייט און
צעשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאנד און פוילן. דעם פאַמילען - נאָמען „אברך"
האָבן זיי באַקומען אין דער צייט פון דער אַזוי גערופענער „ערשטער רוסישער
רעוויזיע". דאָס איז געווען אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידן אין רוסלאנד און אין
פוילן. יעדער ייד האָט דאַן באַקומען אַ פאַמיליען־נאָמען; ווייל פאַר דער דאָ־
זיקער „רעוויזיע" האָבן זיך כמעט אַלע יידן גערעכנט פאַר נעלמים, איז אַזוי
איינגעפאלן איינעם מיטן נאָמען ר׳ יוסל ר׳ צבי מעכניוועקערס אַן איידעע
אָנצורופן זיך מיט דער פאַמיליע „אַברך", נאָכן פסוק פון חומש ביי יוסף
הצדיק: „ויקרא לפניו אברך" און אַזוי איז שוין פאַרבליבן זייער פאַמיליען
נאָמען אויף תמיד. די דאָזיקע משפחה איז באַשטאנען פון פאַרשידענע
מענטשן: חסידים, לומדים, מתנגדים, משכילים, רייכע און אָרעמע ווי אין
יעדער גרויסער משפחה.

פון דער לעצטער צייט איז באַוווסט געווען אין ראַטנע פון דער משפחה
אברך דער חשובער ר׳ חיים בר׳ נחום.

די דערמאָנטע מעכניוועקער האָבן אַראָפּגעבראַכט קיין ראַטנע דעם מגיד
דעם „ראַטנער מגיד". אַראָפּגענומען האָבן זיי אים תחילת פאַר אַ מלמד צו
זייערע קינדער אין זייער הויף מעכניוועקע נעבן דאָרף בוזאק, וואָס איז ווייט
פון ראַטנע מיט 20 קילאָמעטער. ער האָט געהייסן ר׳ צבי ב׳ר דוד ז"ל; געווען
שטארק אַריינגעטאָן בעבודת ד׳. אונדזערע עלטערן ווייסן שוין צו דערצייל
פון אים אַ מופת באַלד פון אָנפאנג אָן. היינו: עס האָט זיך געטראָפן אַ פאַ

אין מעכניזוקע: אַן אשה איז זייער שווער געגאַנגען צו קינד אין דעם הויף; עס האָט געהאַלטן מיט איר גאָר שלעכט, מען האָט זיך שוין כמעט ווי מיאש געווען פון איר לעבן. און ער, דער דעמאָלסטיקער מלמד נאָך אין דעם דאָזיקן הויף, האָט שטאַרק מתפלל געווען און איז געגאַנגען צו טבילה און מקוה, און עס האָט געהאָלפן, די געווינערן האָט געבוירן דאָס קינד און אַלץ איז אַדורך בשלום.

פון די שפּעטערדיקע יאָרן ווערט דערציילט פון אים עפּעס אַ מעשה נורא וואָס איז זיך פאַרלאָפן, ווען ער האָט געזאָגט אין שול אום שמחת-תורה „אתה הראית" צו הקפות. די מעשה געדענקט שוין נישט דער מחבר; נאָר פון דענסטמאָל אָן האָט מען אים אָנגענומען פאַר אַ בעל מופת און ער איז אויפגענומען געוואָרן אין ראַטנע פאַר אַ „מגיד".

קיין חסידים האָט ער נישט געהאַט ווי אַ רבי. מיר ווייסן נישט קלאָר אין וואָס עס איז באַשטאַנען זיין מגידות. נאָר דער מחבר האָט נאָך פון לאַנג געהערט פון אַן אַלטן קאָברינער חסיד אז דער גרויסער רבי ר' משקה קאָברינער ז"ל פלעגט תמיד דערמאָנען דעם ראַטנער מגיד און דערציילן פון אים מעשיות. זיי זיינען געווען ביידע פון איין חברה, און ער, דער מגיד פלעגט פאָרן צום קדוש ר' שלמה פון לודמיר.

עס גילטן נאָך אין ראַטנע ביז איצט דעם מגידס מנהגים ווי זאָגן „ברכו" אום פרייטיק-צו-נאַכטס אחר התפלה און נאָך אַנדערע, אָבער אין תוך זיינען עס מנהגי קארלין.

דער מגיד האָט אין זיינע יינגלשע יאָרן געזען אין דער שטאָט בראָדי דעם בעל-שם-טוב, (הבע"שט) נאָר מחמת דעם גרויסן געדראַנג פון דעם המון האָט ער אים געזען בלויז בערפּו און נישט בפניו.

קיין בנים זכרים האָט דער מגיד נישט געהאַט, נאָר בלויז טעכטער. שדוכים האָט ער געשלאָסן מיט ראַטנער בעלי-בתים. נאָך איצט זיינען זיך אַ סך ראַטנער מתיחס אַלס זיינע אוראייניקלעך; דאָס זיינען די משפּחה פון די נישט לאַנג פאַרשטאָרבענע: ר' מאיר קאַרש וועלכן מען האָט גערופן ר' מאיר בירקער; ישראל ליפע בערגעל; רוד גרינשטיין און נאָך אַנדערע. דער מגיד איז נפטר געוואָרן אין יאָר תקע"ה לפ"ק, ט' ניסן. אויף זיין קבר, אויפן אַלטן בית עלמין אין ראַטנע שטייט אַ אוהל ביזן היינטיקן טאָג און אַרום געפינען זיך די קברים פון די חשובע יידן, די בעלי-תיהוס והמעלות.

אין די טעג פון חודש אלול ווערט דעם מגידס אהל באַזוכט פון אַ סך יידן און יידענעס וואָס זיינען דאָרט מתפלל און לייגן אויף קוויטלעך.

## דער ניסכיזשער רב

נאָך דער פּטירה פון רב הקדוש ר' יעקב-אריה, וועלכן מען האָט גערופן „קאָוולער רב"; האָט פאַרנומען דאָס כסא הרבנות אין ראַטנע דער רב הקדוש הר' יצחק מניסכיזש. (דער ניסכיזשער רב) אין משך פון זיין רבנות האָט זיך קיינער נישט דערלויבט אויף אייגענער האַנט צו טאָן עפּעס אָן זיין עצה און הסכמה. סיי אין מסחר, סיי אין שדוכים און אין אַלע שטאָטישע ענינים איז גאָרנישט דורך קיינעם נישט געטאָן געוואָרן ביז מען האָט נישט אָנגעפרעגט ביים „ניסכיזשער". מען דערציילט זיך אַן פון אים גרויסע מופתים, מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ חוזה; ד. ה. אַז ער האָט געזען וואָס עס טוט זיך אין די מרחקים. עס איז געווען אָנגענומען

ביים עולם אז אויב עמיצער האָט געטאָן עפּעס קעגן דעם „ניסכיזשערס" רצון, — האָט שוין יענער נישט מוציא־שנתו געווען, והמאמין יאמין.

דער ניסכיזשער איז געווען אַ גרויסער בעל־צורה, זיין נאָמען איז זיך צעגאַנגען בכל תפוצות ישראל. אין זיינע לעצטע יאָרן זיינען צו אים געפאָרן אַ סך רבנים און רביים פון גאַנץ פּוילן.

ראַטנע איז געווען זיין קרוין־שטאָט. כמעט יעדעס יאָר פלעגט ער דאָ זיצן איינִיקע וואָכן. ער האָט געהאַט אַן אייגענע באַזונדערע דירה און אויך אַן אייגענע מקוה, אויפן גאָרטן פון דעם טריסקער שטיבל. אַ לאַנגע צייט האָט מען געמיינט, אַז אויף דעם אָרט איז אַמאָל געווען די מקוה פון ר' יאַקיב ראַטנער הקדוש; און עס פלעגן קומען אַהער עקרות פון אַנדערע שטעט צו טובלען זיך. דערנאָך אָבער, איז באַוווסט געוואָרן אַז נישט אויף דעם דאָזיקן אָרט האָט ר' יעקיב ראַטנער געהאַט זיין מקוה; און ער, דער „ניסכיזשער" האָט דאָס אַליין באַשטעטיקט.

זיין לעצטע נסיעה קיין ראַטנע האָט דער ניסכיזשער רב געמאַכט אין יאָר תרכג לפ"ק. פינף יאָר פאַר זיין פּטירה. ראַטנע איז אים געווען שטאַרק טייער. די בעלי־בתים אירע פלעגט ער אויפנעמען בכבוד גדול. מען דערציילט אַזאַ מעשה: אויף אַ געוויסן שבת זיינען זיך צונויפגעפאָרן, (ווי דער שטייגער איז געווען) צו אים קיין ניסכיזש בעלי־בתים פון ראַטנע און פון קאַמען־קאַשירסק. די קאַמינער בעלי־בתים האָבן געבראַכט צום טיש וויין אין פלעשער, און די ראַטנער האָבן גראָד דערלאַנגט זייער וויין אין אַן ערדענעם קרוג, זאָל ער זיך האָבן ביי דער געלעגנהייט אויסגעדריקט: „דער ראַטנער קריג (קרוג...) איז ביי מיר טייערער פון קאַמענער שלום!!! (איינער פון די חשובסטע קאַמענער בעלי־בתים האָט געהייסן מיטן נאָמען שלום...) עס ווערט נאָך אויך דערציילט אַז בעת מען האָט אים אַמאָל אַ פרעג געטאָן וועגן זיין מחלוקת מיטן טריסקער מגיד ז"ל, האָט ער געענטפערט אַז ס'איז אַזאַ סגולה, אַז מען דאַרף עס האָבן לאריכת ימים.

דער ניסכיזשער רב איז געזען געווען איינגעשריבן אין פנקס פון דער ראַטנער חברה ש"ס. אין יאָר תר"ט האָט ער דערפירט צו אַ שלום צווישן די צוויי חברות וואָס זיינען געווען פריער. דער פנקס פון דער חברה ש"ס איז נאָך איצט פאַראַן אין ראַטנע. עס איז דאָרט דאָ די חתימת יד, דעם ניסכיזשערס, אַ אייגנהענטיקע. אין דער הקדמה אין פנקס האָט ער איינגעשריבן אַז ער איז אַ חבר בזה ובבא.

דער „ניסכיזשער" איז נפטר געוואָרן אין ניסכיזש אין יאָר תרכ"ח לפ"ק, כ"א שבט אין עלטער פון פינף און זיבעציק יאָר. אַנדערע זאָגן אַז ער האָט געלעבט גאַנצע אכציק. נאָר היות ווי מען גיט איבער אַז בעת דער פּטירה פון זיין פאָטער הק' ר' מרדכי ז"ל אין יאָר ת'קס (וואָס ער האָט מחבר געווען דעם ספר „רשפי־אש") איז ער אַלט געווען זיבן יאָר, האַלט אויס דער חשבון פון זיינע יאָרן נישט מער ווי אויף פינף און זיבעציק.

נאָך זיין פּטירה האָט מען געדרוקט זיינעם אַ ספר, מיטן נאָמען „תולדות יצחק". דער ספר איז געמאַכט אויף תורה על דרך קבלה.

זיין יאָרצייט ווערט אָפּגעהיט יעדן יאָר אין ראַטנע. אין דעם טאָג קלויבט מען צונויף אין שטאָט אַ סך ליכט וואָס ברענען דעם גאַנצן יאָרצייט־טאָג, און ס'ווערט אויך געפּראַוועט אַ סעודה. ער האָט אַמאָל פאַרקויפט תהילימלעך מיט זיינע אייגענע הענט. איז דאַרום האַלט מען זיי איצט טייער די דאָזיקע תהילימלעך. דעם „ניסכיזשערס" אַ „תהלימל" איז איצט אַ יקר המציאות, און דער וואָס פאַרמאָגט אַזוינס, — היט עס שטאַרק און וועט עס אויך נישט לאָזן פאַרקויפן.

## די ראַטנער דיינים

דער ערשטער דיין האָט געהייסן ר׳ בער ז״ל. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און מען האָט אים דעריבער גערופן „ר׳ בער הריף״. ער איז געווען אַן איידעם ביי אַן ארענדאר מיט דער פאַמיליע ראַשטשיקער, אין דאָרף קרעמנע. דאָרט ביי זיין שווער אין שטוב האָט ער אַ סך יאָרן געלערנט תלמוד און היות ווי ער איז געווען אַ געבירטיקער אין ראַטנע האָט די שטאָט מיט דער הסכמה פון קאָוולער רב אים אויפגענומען פאַר אַ דיין.

שכירות האָט אים די שטאָט געצאָלט גאַנץ ווייניק. און ער פלעגט דאָרום זאָגן אויף זיך בדרך משל, אַז ער איז געגליכן צו דער ערבה וואָס ווערט פאַרקויפט ביליק, אין קעגנזאַץ צו די איבעריקע טיילן פון דעם אתרוג, ווי דער לולב, די הדסה און דער אתרוג גופא וואָס צאָלן זיך לויט זייער טייערע פרייזן; די ערבה איז דערפאַר ביליק, פלעגט ער זאָגן, ווייל זי וואַקסט אויף די היימישע בלאָטעס, אַרום דער אייגענער שטאָט...

ער איז געשטאָרבן אום הושענה-רבא בשנת תר״ח לפ״ק. זיין שמש ר׳ צבי איז אויך אַוועקגענומען געוואָרן צוזאמען מיט אים, אַהין, אויפן עולם האמת.

נאָך ר׳ בערן איז געווען דיין אין ראַטנע זיין זון ר׳ יעקב מאַנדעלבוים ז״ל. מען האָט אים גערופן ר׳ „יאַנקעלע״. געווען אַ גרויסער בעל-הוראה, בקי אין מסחר זאַכן, און אַ בעל-פשרה, אַזוי, אַזביידע צדדים זיינען געווען צופרידן.

ער איז געשטאָרבן צוואַנציק טעג אין אדר שני בשנת תרנז לפ״ק, אין עלטער פון 87 יאָר. און מאָדנע! זיין שמש ר׳ יצחק איז אויך צוזאמען מיט אים אַוועק אויפן עולם האמת.

נאָך אים איז געוואָרן דיין זיין זון ר׳ יוסף-ליב ז״ל. ער איז אויך געווען אַ גרויסער למדן אין תלמוד מיט די מפרשים, און אַ עובד בעבודת ד׳. קיין געלט האָט ביי אים גאָר קיין חשיבות נישט געהאַט. ער איז געווען אַ גרויסער חשוב ביים „ניסכיזשער״; וואָס פלעגט אים רופן, דערציילט מען, מיט ליבשאַפט: „מיין-יוסף-ליב, ר׳ יוסף-ליב איז געשטאָרבן אין דעם ערשטן טאָג סכות תרס״ג לפ״ק. קיין זין האָט ער נישט איבערגעלאָזט. זיין שוועסטערס אַ זון ר׳ ישעיהו פלאַמען איז דיין אין ברעמעל, אין וואָלין. אויף די קברים פון ר׳ יאַנקעלע און ר׳ יוסף-ליבעלע, וועלכע ליגן צוזאמען, שטייט אַ שטיבל און אַהין קומט מען אויסגיסן די פאַרביטערטע הערצער.

דער דערמאָנטער דיין ר׳ יאַנקעלע האָט געהאַט אַ ברודער, — יוסי ר׳ בערס האָט מען אים גערופן. ער איז אויך געווען אַ למדן, נאָר מיט אַן אַנדער דרך. ער פלעגט שוין אַריינקוקן אין ספרי חקירה. זיינער אַ זון איז געווען אַ חשובער מענטש אין קאָוועל, געהייסן האָט ער משה-יצחק מאַנדעלבוים, ער האָט תמיד געהאַלטן ביי דער רעגירונג די פאָסט. די באַוווסטע מאַנדעלבוימס, דאָס זיינען זיינע קינדער וואָס ער האָט איבערגעלאָזט.

## די ראַטנער שוחטים

דאָס אויפנעמען אַ שוחט אין ראַטנע איז צוגעגאַנגען על פי ירושה; איינער האָט איבערגעגעבן דעם צווייטן, אַזוי פירט זיך שוין אַ הונדערט יאָר. דער ערשטער איז געווען ר׳ אייזיק, נאָך אין די צייטן פון ראַטנער מגיד. דער אויבנדערמאָנטער איז אויך געווען חזן אין שול; נאָך אים איז געווען שוחט זיין זון ר׳ אהרן. נאָך דעם לעצטן איז געווען זיין זון ר׳ ברוך; און נאָך ר׳ ברוכן — זיין זון ר׳ אייזיק דער

צוזייטער (פאַמיליע געלער). ער איז געווען באַוווּסט אלס איינער פון די ערשטע טריסקער חסידים. און אַ חשוב ביים טריסקער מגיד ז״ל. ביי זיין לעבן נאָך האָט מען אויפגענומען פאר אַ שוחט זיין זון ר׳ אַברהם וועלכער איז געשטאָרבן פון חלי־רע ר״ל אין יאָר תרנ״ג אום יום־כפור. דאָס איז געשען אָט ווי אַזוי: שטייענדיק אַלס בעל־תפלה ביים עמוד צו כל נדרי האָט ער אינמיטן דערינען אַ זאָג געטאָן, אַז ער פילט זיך עפּעס נישט גוט; ער האָט נישט פאַרענדיקט, און איז אַוועק אַהיים. אין דער זעלבער נאַכט איז ער געשטאָרבן. זיין טויט האָט געמאַכט אין שטאָט אַ שטאַרקן רושם.

אויף זיין אָרט אַלס שוחט איז געקומען זיין ברודער יהושע. ער איז געווען גאָר אָנגענומען, און איז אויך געווען אַ בעל־תפילה. געשטאָרבן איז ער אין קאָברין אין יאָר תרע״ו לפ״ק, (בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע).

ר׳ אייזיק דער פאָטער האָט נאָך געלעבט נאָכן טויט פון זיינע אויבנדערמאָנטע זין ר׳ אברהם און ר׳ יהושע. ר׳ אייזיק איז געשטאָרבן אין יאָר תרע״ז לפ״ק, אין חודש טבת. אין אַ צייט אַרום אין יאָר תר״כו איז נתמנה געוואָרן דורכן ניסכיזשער רב ז״ל פאַר אַ שוחט, דער באַוווּסטער ר׳ שלמה־יואל בן ר׳ יעקב פון קרעמעניץ אַ מופלג בהלכות שחיטה; אַ בעל כשרונות און אויך אַ גוטער בעל־תפלה. דער „ניס־כיזשער״ ז״ל האָט געהאַט וועגן אים די בעסטע מיינונג און האָט געזאָגט ביי זיין אָנקומען: כ׳האָב אייך געגעבן אַ שוחט, הגם נישט מיינער אַ חסיד, אָבער אַ שיי־נער שוחט! ר׳ שלמה יואל איז געשטאָרבן אין יאָר תרס״ח. דאָס אָרט זיינס האָט פאַרנומען זיין זון ר׳ אַברהם. אַ איש ישר ומציון במדות. ער איז געהרגעט געוואָרן דורך באַוווּסטע רוצחים ערב ראש השנה סוף תר״פ לפ״ק ביי זיך אין שטוב.

## די „איצאַלאַך״

אין דער צייט פון דעם ראַטנער מגיד האָט געלעבט אין ראַטנע אַ בעל־הבית מיטן נאָמען ר׳ יצחק, פון אים קומט עס אַרויס די באַוווּסטע משפחה „איצאַלאַך״ פון וועלכער עס איז אַממיינסטן באַוווּסט זיין איידעם מיטן נאָמען ר׳ בערל ב׳ר אליעזר פוקס; וועמען מען האָט גערופן „ר׳ בערל איצלס״. מיר ווייסן אויך פון ר׳ יצחקס אַ זון מיטן נאָמען ר׳ יעקב מאַרדער (ר׳ יעקב איצלס). דער דערמאָנטער ר׳ בערל פוקס איז געווען אַ גרויסער חשוב פריער ביים קאָוולער רב הקדוש ר׳ יעקב אריה ז״ל און דערנאָך ביים ניסכיזשער. ר׳ בערל פוקס איז געווען איינער פון די דריי מענטשן פון גאַנצן גליל, וואָס זיינען געפאָרן קיין באַרדיטשעוו בשנת תקצ״ה לפ״ק באַלד נאָך דער פּטירה פון קאָוולער רב, צו זיין ברודער הקדוש ר׳ יצחק ז״ל מיט דעם כתב קנסום ער זאָל איבערנעמען דאָס רבנות נאָך זיין ברודער דעם נפטר.

די „איצאַלאַך״ האָבן זיך משדך געווען מיט באַוווּסטע און שיינע משפחות איין איידעם ר׳ בערלס איז געווען ר׳ פישל רויזענפעלד, וועמען מען האָט גערופן „פישעלע״. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ משכיל און אַ נחמד לבריות, ער האָט געשטאַמט פון סלאָוואַטיטש, אַרום בריסק. ער, ר׳ בערל מיטן איידעם ר׳ פישעלע זיינען געשטאָרבן אין איין צייט בשנת תרי״א לפ״ק אין ראַטנע.

ר׳ יצחק־הערש פוקס, איינער פון די בע״ב חשובים אין ראַטנע, איז געווען ר׳ בערלס אַ זון, אַ קאַרלינער חסיד און אַ חשוב ביים ניסכיזשער. ער איז געשטאָרב בשנת תרנ״א לפ״ק. זיין זון ר׳ אברהם פוקס איז געווען דער איידעם פון ר׳ זלם אשכנזי פון קאָוועל. ר׳ יצחק - הערשס איידעמס זיינען געווען: ר׳ אליעזר גינזבורג אַן אייניקל פון דעם באַוווּסטן דאנציגער סוחר ר׳ לאבע גינזבורג פון קאָריטניצע

דער אנגעזעענער קארלינער חסיד ר׳ פייוול בערגמאן פון פלאטניצע און ר׳ יוסף גאלדזאמד פון לודמיר.

פון דער לעצטער צייט שוין איז באוווסט ר׳ מאיר שמואל מארדער; א זון פון דערמאנטן ר׳ יעקב מארדער. קיין קינדער האט ער נישט געהאט. ער איז געשטארבן אין ראטנע בשנת תרפ״ו לפ״ק.

ר׳ יעקב איצלס איידעמס זיינען געווען: ר׳ יואל אברך, ר׳ שלום — יצחק גרינ־בערג, ר׳ אברהם קארש און ר׳ דוד איילבוים.

## די „באראבאנעס"

אין ענדע פון שנת ת״ר לפ״ק (מיט א הונדערט יאר צוריק) איז געהאט אויפ־געקומען אין ראטנע א נייע משפחה וואס איז מפורסם געווארן אין א סך רוסישע גובערניעס; די משפחה „באראבאנעס". זייער אמתע פאמיליע איז „ליכט". דער ראש און עלטער פאטער פון דער משפחה איז געווען ר׳ יצחק ליכט, אדער ווי מען האט גערופן: „ר׳ יצחק קאמענער". ער שטאמט טאקע פון א שיינער קאמענער משפחה. קיין ראטנע איז ער אנגעקומען אלס יתום און עלנד. ער האט דא חתונה געהאט; דער שידוך איז געווען נישט אזוי לפי זיין מדרגה, ווי עס טרעפט געוויינטלעך ווען מען געפינט זיך אין א שלעכטן מצב.

דאמאלסט, אין יענער צייט האט מען, לויטן באפעל פון דער רוסישער מלוכה, געמאכט דעם אלטן טראקט (טראקט וואלין—ברעסט) וואס האט דורכגעשניטן ראטנע. האט דאן דער דערמאנטער ר׳ יצחק ליכט אויפגעשטעלט אן אכסניא אויף דעם טראקט אויסער דער שטאט און פון דעם איז ער גאר גיך אויפגעריכט געווארן און אנגעקליבן א הון רב.

ער האט געהאט צוויי זין מיט איין טאכטער. די זין זיינען אויך געווען שטארק רייכע לייט. איינער האט געהייסן ר׳ אליעזר; זיין פארמעגן האט מען געשאצט אויף הונדערט טויזנט רובל. דעם אנדערן זון ר׳ יידל האט מען אויך געשאצט אויף זעכציק טויזנט רובל. דאס עשירות איז אויך אריבער צו זייערע קינדער.

אלע בעלי־המשפחה האבן זיך מתחתן געווען מיט שיינע און באוווסטע משפחות. דער באקאנטער ר׳ סענדער זילבער פון לובלין איז געווען ר׳ אליעזר ליכטס אן איידעם. דער גביר ר׳ ליב צייטלין פון פינסק איז געווען פון זיינע מחותנים. שוין אין די לעצטע יארן זיינע האט זיך ר׳ אליעזר משדך געווען מיטן בארימטן ר׳ יעקב יאסל ארנשטיין פון קארעץ. אויף זיין חתונה איז געווען דער ראש פון אלע בדחנים ר׳ אליקום צונזער פון ווילנע. (דאס איז געווען בשנת תר״ם 1880.) זיינער אן איידעם איז אויך געווען דער אייגנטימער פון דער דרוקעריי, דער ציוני, המזרחי ר׳ לוי עפשטיין פון ווארשע. ר׳ אליעזרס צווייטע ווייב איז געווען א טאכטער פון דעם גאון ר׳ חיים אליעזר וואקס פון קאליש. קיין קינדער האט ער נישט געהאט מיט איר. זי איז געשטארבן אין ראטנע אין יאר 1870; איר פאטער דער גאון איז דעמאלס געווען דאבײ. אויפן אלטן בית־עלמין שטייט א גרויסארטיקע מצבה אויף איר קבר נאך ביי היינט צו טאג.

דער צווייטער זון ר׳ יידל, וועלכן מיר האבן שוין דערמאנט, האט אויך געטאן פיינע שדוכים, ווי מיט ר׳ יצחק גאלדמאן פון ווארשע, נאלעווקי 20 און מיטן מפורסם הנגיד בערלין מבריסק, ר׳ יצחקס אן איידעם איז אויך געווען ר׳ הערש אייזנבערג וואס האט געשטאמט פון פיינע לייט פון פינסק.

די אלע דערמאנטע גבירים האבן זיך באזעצט שפעטער אין בריסק דליטא און געפירט גרויסע מסחרים.

די ערשטע בעלי־המשפחה האָבן זיך אויפגעפירט מיטלמעסיק אין צדקה־זאכן; נישט קמצניש און אויך נישט פזרניש. נאָר דער זקן ר' יצחק האָט אַרויסגעוויזן אויף דער עלטער אַ גרויסע התנדבות דורך דעם וואָס ער האָט געלאָזט אָפּדעקן מיט בלעך דעם דאַך פון דער ראַטנער שול אויף זיין אייגענעם חשבון. דאָס האָט אים געקאָסט 1.600 רובל.

ער איז געשטאָרבן אין יאר תר"ם לפ"ק (1880) אום ערב שבועות, בעת דער לויה זיינער האָבן די אייניקלעך געטראָגן זילבערנע כתר־תורהלעך אויף וועלכע ס'איז אויך געווען אויסגעקריצט זיין נאָמען. זיי געפינען זיך ביז איצט אין די ראַטנער בתי־מדרשים.

אין די לעצטע יאָרן זיינען אונדז באַקאַנט פון דער משפחה ליכט ר' יידלס צוויי זין דער באַוווסטער בעל־צדקה און ירא־שמים ר' דוד ליכט ז"ל אין פראגע — ווארשע. און המבדיל בין חיים לחיים זיין ברודער דער גביר און גרויסער עסקן ר' מאיר ליכט אין בריסק.

## די משפחה פרישבערג

דער אַממערסטן באַוווסטער פון דער דאָזיקער משפחה איז געווען ר' מרדכי־ליב ב"ר שואל צבי פרישבערג. ער איז געווען רייך און געהאַט אַ סך נחלאות. שטאַרק בטבע; ענערגיש און פלייסיק, בקי אין די ערשטע מפרשים פון תנ"ך און באַהאַוונט אין תלמוד; נוטה אביסל צו דער השכלה לויט נאָך יענער צייט נאָך. ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין אבערגלויבנס. אז ס'איז געשטאָרבן דער קאַזיאָנער רב ר' פישעלע אין יאָר 1852 האָט ער, ר' מרדכי־ליב איבערגענומען דעם דאָזיקן אַמט כדי מפרנס צו זיין פון דער הכנסה די אלמנה מיט די יתומים נאָכן פאַרשטאָרבענעם. דערנאָך איז ער אויך געוואָרן ראש־הקהל. („זבארטשיק" האָט מען עס גערופן) פון די אַלע אַמטן האָט ער קיין געלט פאַר זיך נישט גענומען; עס האָט געהייסן, אַז ער פאַרנעמט אַ „פּאָטשאָטנאיא דאָלזשנאָסט" ד. ה. שטעלע בלויז אויף האָנאָר, אָן געלט.

מיט זיין ענערגישער און קלוגער פירונג האָט ער מבטל געמאַכט אייניקע נאַרישע מנהגים וואָס זיינען דאַן אָנגענומען געווען אין ראַטנע. עס איז געווען צוםביישפּיל איינגעפירט, אַז דעם שבת, וואָס פון נאָך דער חתונה פלעגן די ווייבער פון דער חתונה־משפחה איינאָרדענען אַ מאָלצייט („רימפל" האָט עס געהייסן) פאַר דער כלה מיט אַלע ווייבער וואָס האָבן איר געפירט אין שול אַריין. און נאָך אַ מנהג: אין טאָג פון דער הופה פלעגן גיין די כלי־זמר אין די הייזער פון אַלע קרובים אָפּשפּילן זיי. און כדי נישט מבויש צו ווערן, פלעגן אַ סך אָרעמע ווייבער פאַרקויפן אָפּט חפצים פון שטוב צו קאָנען באַצאָלן די כלי־זמרים; אָדער אויף איינצואָרדענען דעם „רימפל" דאָס פלעגט אַרויסרופן נישט איינמאָל מחלוקות צווישן מאַן און ווייב. אָט אַ די אויבנדערמאָנטע מנהגים האָט ר' מרדכי־ליב מבטל געמאַכט.

עס דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן אַ מנהג שטות וואָס איז בטל געוואָרן נאָך מיט אַ שטיקל צייט פריער, דאָס איז דער מנהג פון פירן דער כלה לטבילת־מקוה מיט כלי־זמרים און געוויינטלעך מיט אַן אָנגעלויף פון קינדער און ווייסע חברהניקעס. עס האָט זיך געפירט אַזוי, זעט אויס, אויך אין אַנדערע שטעטלעך. און דאָ אין ראַטנע האָט זיך סוף־כל־סוף געפינען איינער וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען און איבערגעריסן מיט דעם נאַרישן מנהג וועלכער האָט נאָר פאַרשאַפט חרפות די יידן. זאָל יענער האָבן דערפאַר אַ ליכטיקן גן־עדן.

ר׳ מרדכי־ליב פרישבערגס אַן איידעם איז געווען דער מופלג פון קאָלק, אין וואָלין, דער דיין ר׳ מאיר הימלפארב.

ר׳ מרדכי־ליב איז געשטאָרבן אין ווינטער תר״מד (1884) און איבערגעלאָזט צוויי זין: ר׳ ישראל און ר׳ שמריהו. אַ זון, פון דעם לעצטן, מיטן נאָמען ר׳ אשר וווינט איצט אין ניו־יאָרק; ער איז געקומען אַהין פון אדעס. פון ראטנע איז ר׳ אשר אַוועק אין יאָר 1877 בעת דער רוסיש־טערקישער מלחמה.

ר׳ מרדכי־ליב האָט אויך געהאַט פאַר אַ שוואָגער דעם מופלג ר׳ לוי בורשטיין, אַן אַלטער טשערנאבילער חסיד.

## ר׳ הירש קאָריטניצער

ס׳איז געווען אין ראַטנע אַ מענטש וואָס ס׳איז כדאי אים צו דערמאָנען, דאָס איז ר׳ הירש קאָריטניצער, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן ר׳ הירש זשיריטשער. ער האָט געהאַלטן אַן אכסניא נעבן דעם אַלטן טראַקט אויף דער הוליאנקע גאַס. קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט, געווען איז ער אַ נדיב־לב און האָט אין די לעצטע יאָרן זיינע צעטיילט זיין געלט אויף עולמות.

פאַר זיין אייגן געלט האָט ער אויסגעבויט אין ראַטנע אַ הקדש, און אויפגע־שטעלט צוזאמען מיטן ניסכיזשער רב אַ שעבטהויז מיט יאטקעס, און די הכנסה וואָס זיי האָבן געגעבן איז פארווענדעט געוואָרן אויף שטאָטישע זאַכן. צו לעצט איז ער געווען גבאי אין שול, וואָס איז שוין געווען אַלט און חרוב. ער האָט זיך פאַר־גומען איבערצובויען זי אויפסניי, און שוין זאָגאר באַוויזן צוצוגרייטן אַלע נויטיקע



סיום הספר אין שטעטל: — רעכטס שטייט ר׳ אשר לעקאר, דער ציוניסטישער ותיק און מורשה פון ק. ק. ל.

מאַטעריאַלן. נאָר „רבות מהשבות בלב איש" דער אויבערשטער האָט אים צוגענו־מען אין מיטן דרינען. דאָס איז געווען ערב שבועות תרכ"ד לפ"ק. זיין גאַנץ געלט, אַ עטלעכע הונדערט רובל האָט ער איבערגעלאָזט פאַר דער שול טאַקע; און מען האָט זי איבערגעבויט, פאַרענדיקט האָט מען דאָס איבערבויען די שול אין תר"כה לפ"ק. און אַז זי איז שוין געווען אינגאַנצן געמאַכט, איז גאָר קיין גלייכן נישט גע־ווען צו איר יופי, די שניצערייען מיט די געמעלן האָבן אַלעמען געמאַכט שטוינען, מבינים האָבן געזאָגט, אַז זי איז איינע אין גאַנץ רוסלאַנד.

ה' הירש קאָריטניצער האָט אויך געהאַט אַ ספר־תורה וואָס איז געשטאַנען אין שול ביז דער וועלט־מלחמה. אויך אין בית־מדרש האָבן זיך געפינען זיינע ספרים.

באַלד נאָכן טויט פון ר' צבי קאָריטניצער, ווען די שול איז שוין געווען איבער־געבויט אויפסניי, האָט זיך געפונען איינער פון די „איצאלאַך" ר' יעקב - ליב בר' אברהם־יצחק קעמפּער, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן צו דער שול און איר אָפּגעהיטן באמונה. דער מהבר גופא האָט אים מיטגעהאַלפן דערביי די לעצטע 15 יאָר וואָס ביז דער וועלט־מלחמה. דער דערמאָנטער ר' יעקב־ליב איז געפאַלן ווי אַ קדוש, אויך הורך באַוווסטע רוצחים (באַלאַבאַוועס) אין מיטן העלן טאָג כ' אב תר"פ לפ"ק (1920). אויף אים איז גילטיק דער מאמר הז"ל: „שכר מצוה בהא עלמא ליכא", ד. ה. „אויף דער וועלט גיט מען נישט קיין שכר".

די שול וואָס איז אַלט געווען אַן ערך פון 150 יאָר און וואָס מען האָט זי איבער־געבויט מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק, איז אין איר גאַנצער פּראַכט פאַרברענט גע־וואָרן דורך די קאָזאַקן אין דער וועלט־מלחמה, זעכצן טעג אין חודש אלול תרע"ה לפ"ק (27.8, 1915). מען האָט באַוויזן בלויז אַרויסצוראַטעווען אייניקע ספרי־תורה און דאָס אויך אַ דאַנק דער מסירות־נפש פון עטלעכע יידן מיט ר' יעקב־ליב קעמפּער בראש. דאַמלס איז אויך פאַרברענט געוואָרן די גאַנצע שטאָט. דאָס האָבן עס געטאָן די קאָזאַקן בעת זייער ריקצוג. זיי האָבן זי אונטערגעצונדן פון אַלע פיר עקן. עס זיינען פאַרבליבן בלויז זיבעציק הייזער פון אַן ערך פינף הונדערט.

מיר ווילן אויך דערמאָנען די חזנים פון דער שול. דער ערשטער איז געווען נאָך אין דער צייט פון דעם מגיד. ער האָט געהייסן ר' אייזיק שו"ב, נאָך אים איז געווען ר' בערל; אַ תשוב ביים ניסכיזשער. דערנאָך איז געווען אַ ליטווישער חזן, איינער ר' פסח. נאָך אים איז געווען ר' משה־וואָלף אַ ריזשינער חסיד. דער לעצטער איז געווען דער באַקאַנטער ר' משה לאָביש. ער איז געווען חזן פון יאָר תרמ"א ביז תרע"ה אַן ערך פון 25 יאָר צייט. ער האָט געקאָנט זייער גוט נאָטן און פלעגט שאַפן אַ סך נגונים, וואָס האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי גוטע מבינים. ער איז געווען שוין אַ מין מאָדערנער חזן, געשטאַמט האָט ער פון סטעפּען פון אַ פיינער משפחה און איז אויך געווען אַ למדן.

## משפחת מילשטיין

דער ערשטער פון דער משפחה איז געווען ר' יעקב מילשטיין. מען האָט אים גערופן: ר' יעקב מאַטיסעס, ד. ה. יעקב בן מתתיהו. ער האָט געוווינט אין ראַטנע אַנטקעגן דער שול אין אַ הייפעלע. ער האָט געהאַט אַ גרויסן גאָרטן אויף וועלכן עס שטייט ביי היינט צו טאָג דאָס טריסקער שטיבל. אַמאָל האָט זיך אויף דעם גאָרטן געפינען די מקוה פון דעם ניסכיזשער רב. דער אויבנדערמאָנטער ר' יעקב האָט געהאַט דריי זין: ר' יצחק־ליב, ר' שואל־בער און ר' ברוך־זלמן, זיי זיינען אַלע פיינע און באַוווסטע מענטשן, און אויך טריסקער חסידים, זיי אַלע געפינען זיך ביי היינט צו טאָג אין אַמעריקע, אין דער שטאָט דענווער. ר' יעקבס אַן איידעם

איז געווען דעם מחברס פאָטער ר׳ שלום העלד. דער דערמאָנטער ר׳ שואל-בער מילשטיין האָט אַ סך יאָרן געוווינט אין בריסק, און ער איז דאָרט געווען זייער אַן אָנגעזעענער מענטש.

## די משפחה שמשון

עס איז געווען אין ראַטנע אַ משפחה וואָס מען האָט זי גערופן — „בני שמשון", אָדער „שמשוניוקעס". דאָס איז געווען אַ בעל-הביתישע משפחה וואָס האָט געהאַט אַ קרבות מיטן ראַטנער מגיד. און ווייל דער עלטער-זיידע האָט געהייסן שמשון, האָט מען זיי גערופן „שמשוניוקעס". אַ „שמשוניוק" איז געווען אַביסל פון די קפּדנים און אַזעלכער פלעגט בעת אַ מחלוקת אַ וואָרף טאָן: תמות נפשי עם פלשתים" ד. ה. „נישט מיר נישט דיר" אַזוי ווי שמשון הגיבור מיט די פלישתים.

דער לעצטער פון זיי איז געווען ר׳ ליבער קאַרש. ער איז געווען פּרעזעס אין דער ראַטנער קהלה פון זינט זי איז אנטשטאַנען ביז זיינע לעצטע טעג. ער איז געווען אַ עוסק בצרכי-הצבור באמונה. און מען קאָן זאָגן אַז אין ראַטנע איז שוין נישט געבליבן אַזאַ עסקן ווי ער איז געווען. ר׳ ליבער קאַרש איז געשטאָרבן ה׳ ימים להחדש אלול תרצ״ו לפ״ק אין עלטער פון 71 יאָר, ת. נ. צ. ב. ה.

## משפחת אַקסלראַד

די ערשטע פון דער משפחה זיינען געווען די ברידער ר׳ ישראלקע און ר׳ שעפּטל אַקסלראַד. ר׳ ישראל איז באַוואוסט געווען אויף אַ גרויסן שטח פון רוסלאַנד און אויך שטאַרק אָנגענומען ביי נאַטשאַלסטווע, דורך דעם וואָס ער איז געווען אַ פּאָדראַטשיק פון רוסישע רעגירונגס-בנינים. ער האָט עס געבויט דעם ראַד קראָמען אין קאָוועל. ער איז געווען אַ לומדישער און חסידישער מענטש און אויך אַ נדבן. זיין שטוב איז געווען תמיד אָפן פאַר אָרעמע לייט. זיין ווייב דאַברעש-מלכה איז געווען אַן אשת-חיל און אַ בעל-צדקה. ר׳ ישראל איז געשטאָרבן אין יאָר תר״נא לפ״ק. זיין זון גדליהו-יוסף איז געווען געראָטן מיט אַלץ אינעם פאָטער זיינעם. ר׳ ישראל האָט געהאַט אַן איידעם ר׳ אליעזר; אַ לַמדן און אַ גרויסער ירא שמים און אַ סלאָנימער חסיד. מען האָט געשמועסט אַז ס׳האָט געהאַלטן ביי דעם ער זאָל ווערן סלאָנימער רבי.

זיין ברודער ר׳ שעפּטל איז אויך געווען פון די חשובע בעלי-בתים אין ראַטנע. זיינע אַלע זין האָבן געקאָנט לערנען. די עלטערע צוויי זין זיינע, ר׳ אהרן-משה און ר׳ יוסי זיינען תמיד געזעסן ביי די גמרות. ר׳ יוסים בני בית דערציילן, אַז פון זיין זיצן כל-ימיו און לערנען אויף איין אָרט האָט זיך אויסגעריבן דער שטאָלן פון דעם טיש ווו ער האָט געהאַלטן אָנגעשפּאַרט זיינע פיס און עס האָבן זיך געשאַפן טיפע גריבעלעך...

ר׳ שעפּטל איז געווען גבאי אין שול ביז אין זיינע לעצטע יאָרן און אויך ביי דער חברה-קדישא איז ער געווען דער גבאי. ער איז געשטאָרבן אין יאָר תרנ״ו לפ״ק.

ר׳ שעפּטלס זון ר׳ אהרן-משה איז געשטאָרבן אין יאָר תר״פ. און דער צווייטער זון ר׳ יוסי איז געשטאָרבן תרפ״ח לפ״ק.

## משפחת שפּירא

דער ערשטער פון דער משפחה איז געווען ר׳ נטע שאַפּירא הכהן. מען האָט אים גערופן: „ר׳ נטע פּוילישער". אין זיינע צייטן איז דער גרעסטער מסחר אין ראַטנע,

געווען דער זאַלץ־מסחר. מען פלעגט דאַן ברענגען דעם זאַלץ מיט שיפן פון פינסק. און אַהער קיין ראַטנע פלעגן זיך צונויפפאָרן סוחרים פון גאַנצן קאַנט, און אפילו פון פוילן. ר׳ נטע איז געווען דער ראש פון אַלע סוחרים, מען האָט אים גערופן: „מלך של מלח״. ער איז געווען אַ בעל־מדרש און אַ מוקיר־שבת. מען דערציילט, אַז שבת ביי יעדן ביסן וואָס ער האָט געטאָן פון די מאכלים פלעגט ער אים באַגלייטן מיט די ווערטער: „לכבוד שבת״. ער איז געשטאָרבן אין יאָר כת״ר לפ״ק (1860). נאָך אים זיינען געווען זיינע זין, דער באַוווסטער ר׳ חיים שאַפּירא און ר׳ זעליג. דער לעצטער איז געווען אַ גרויסער סוחר פון זאַלץ וואָס מען האָט זי שוין געפירט דעמאָלסט מיט דער באַן און נישט מיטן וואַסער.

די שפּיראָס זיינען זיך מתיחס צו די עכטע כהנים, אַזוי צו זאָגן, מיט יחוס־בריוו, פון דורי־דורות.

## משפחת בראַנשטיין

עס געפינט זיך אין ראַטנע אַ משפחה בראַנשטיין, דער באַוווסטער אין דער דאָזיקער משפחה איז געווען ר׳ מרדכי בראַנשטיין, מען האָט אים גערופן ר׳ מרדכי ווערלימטשער. צוליב זיין מסירת־נפש פאַר פדיון שבויים, אויך צו באַפרייען די קליינע יידישע קינדער אין דער צייט פון דער סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה, פון מיליטער־דינסט האָט מען אים מיט נאָך איינעם אַ ר׳ שמאי טראַיאַנאָוו פאַר דער דאָזיקער שולד געפירט צופוס פון ראַטנע קיין זשיטאָמיר מיטן עטאַפּ. מען דערציילט אַז מען האָט זיי אַדורכגעפירט אין דער שטאָט זוויהיל פונקט יום־כפור צו נעילה.

ר׳ מרדכי איז געשטאָרבן אין יאָר תר״לב לפ״ק. זיינע זין זיינען איצט אין אַמעריקע, אין דער שטאָט דענווער. זיינער אַ ברודער איז געווען ר׳ מענדל ווערלימטשער און ר׳ מענדלס אַ זון איז געווען דער באַוווסטער ר׳ בעריש קליין. ר׳ מרדכי בראַנשטיינס אַן איידעם איז אויך געווען דער באַוווסטער סוחר ר׳ חנא טעקטינער.

## משפחת זדאַמישלער

די דאָזיקע משפחה איז זייער אַ גרויסע. דער ראש איז געווען ר׳ ישראל זדאַמישלער. ער האָט געהאַלטן אַ וואַסער־מיל ביים טייך יאַניוווקע נעבן דאָרף זדאַמישלע. ער איז געווען אַ גרויסער מכנים־אורח. מען זאָגט: אַז פון זיין טיש איז קיינמאָל נישט אַראָפּגענומען געוואָרן דאָס טישטוך, און די שטוב איז געווען תמיד פול מיט אורחים.

דער איידעם זיינער איז געווען דער באַקאַנטער ר׳ אייזיק שוחט, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „ר׳ אייזיק זאַמשענער״ דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַמאָל אַרענדאַר אין דאָרף זאַמשין. ער איז געווען אַ חשוב ונחמד לבריות, אַ מוהל, אַ בעל־תפלה און בעל־תוקע. אויף דער עלטער שוין, אַז מען פלעגט אים נעמען אין אַ דאָרף פאַר אַ מוהל, פלעגט ער דערנאָך זאָגן אין אַ שפּאַס: „איך האָב דאָרט געהאַט חיתוך, פריעה, מציצה און אַ קערבל אויך״... די פנקסים פון אַלע חברות אין ראַטנע זיינען געשריבן מיט זיין האַנט אין כתב וועליש.

זיין זון ר׳ משה איז געווען אַ איש תם וישר. אין ראַטנע האָט מען אים גערופן „משהלע״. ער איז געווען אַ גמרא מענטש. אין זיינע לעצטע יאָרן האָט ער זיך אויפגעהאַלטן אין קאָוועל ביי זיין זון דעם באַוווסטן סוחר און נדבן ר׳ יוסף שוחט. דער אויבנדערמאָנטער ר׳ ישראל זדאַמישלער איז געשטאָרבן אין יאָר תר״א לפ״ק. ר׳ אייזיק איז געשטאָרבן אין ראַטנע בשנת תר״ן לפ״ק.

# ד י  ס ע ל י ש ט ש ע ר  מ ש פ ח ה

דער ערשטער פון דער משפחה איז געווען ר׳ יצחק-הערש אפעל, אָדער ווי מען האָט אים גערופן ר׳ יצחק-הערש סעלישטשער. זיין ווייב (די צווייטע שווין) מרת פעסל איז געווען אַ אשה צנועה און אַ ווילקענעוודיקע. זי האָט זיך שטאַרק אָפּגע-געבן אַלע אירע יאָרן מיט העלפן אָרעמע, זי האָט געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער משפחה פון בריסק. דער באַוווסטער סוחר און למדן ר׳ בערל מאַלינס איז געווען אירער אַ קרוב, און די משפחה אירע האָט געהאַט בקבלה, אַז זיי קומען אַרויס פון דעם ראש הגולה הרב הגאון ר׳ ליפּמאַן העלער (תוספות-יום-טוב).

מיט דער ערשטער פרוי האָט ער געהאַט נאָר איין זון, ר׳ בערל אַפּעל. די קינדער זיינע האָבן געטאָן שיינע שדוכים, ר׳ מאָטלס אן איידעם איז געווען דער באַוווסטער ר׳ משה רייכשטאַל, אַ קרוב מיטן ראַטנער דיין ר׳ יענקעלע מאַנדעל-בוים. ר׳ משה האָט געוווינט אַ סך יאָרן אין אַמעריקע. ר׳ יצחק-הערש מיט זיין פרוי פּעסל זיינען געשטאָרבן אין איין וואָך, אין יאָר תרל״ה לפ״ק (1875).

## אַנדערע משפחות דערמאָנטע דורך פישל העלד ע״ה

אין דעם ביכעלע וואָס ר׳ פישל העלד ע״ה האָט אָנגעשריבן געפינען זיך נאָך אַ ריי פאַמיליעס וועלכע מיר ווילן דאָ דערמאָנען בקיצור. אַזוי למשל ווערט ביי אים עפּעס דערציילט וועגן דער מ ש פ ח ה  ר ו י ט נ ב ע ר ג , וואָס איז אַרויסגעקומען פון ראטנע. אן עלטער-פאָטער פון דער משפחה איז געווען ר׳ פישל דיין, דעם ראטנער מגידס אן איידעם. עס ווערט אויך דערמאָנט, אַז ר׳ יהיאל רויטענבערג, דער גבאי ביים ניסכיזשער רבין איז אַרויסגעקומען פון דער זעלביקער משפחה.

עס ווערט אויך אין דעם ביכעלע פאַרצייכנט די משפחה פון ש מ ו א ל  ש מ ה ה , קרובים מיטן קאַרלינער רבין. פון דער דאָזיקער משפחה ווערט דער-מאָנט ר׳ משה בער, ר׳ אהרן קאַרלינער. אַ ברודער, ר׳ משה בערס זון שמואל שמחה איז געשטאָרבן אין ראַטנע. זיין איידעם איז געווען דער באַוווסטער בעל-הוראה ר׳ שלמה אהרן אליצקי ז״ה.

די ה י ר נ י ק ע ר  מ ש פ ה ה  וואָס ווערט דערמאָנט אין דער אויסגאַבע דערציילט וועגן ר׳ דוד הירניקער, פון וועלכן עס שטאַמען די דריי פאַמיליעס: שטיינגארטן, אברך און ניסנהאָלץ. ר בן-ציון שטיינגאָרטן פון ראטנע, שטאַמט אָפּ פון דער דאָזיקער משפחה.

די מ ש פ ח ה  ר י ד ע ר  ווערט דערמאָנט אין שייכות מיט דעם מקובל ר׳ דניאל בן ר׳ מרדכי הערש רידער.

ווייטער טרעפן מיר זיך אַן אויף דער מ ש פ ח ה  ב ע ר ש ט יי ן פון וועלכער דער ראש איז געווען ר׳ זעליק שניאור, וואָס איז אין זיין צייט געווען אַ דאָזאר אין דער ראַטנער קהילה.

ז כ ר י ה  ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר ווערט דערמאָנט ווי אַ בעל-בית פון ראַטנע וואָס איז געווען אַ נאָמן און אַ גרויסער בעל-שפע. ער האָט געהאַט אַ גרויסע משפחה אין ראַטנע און אין בריסק.

צום סוף פון פישל העלדס ביכעלע ווערט דערמאָנט די מ ש פ ח ה  ר יי - ס י ש ע ר . ר׳ ישראל רייסישער איז געווען דער ערשטער פון דער משפחה. פון דער פאַמיליע רייסישער קומען די שפּעטערדיקע משפחות: רודמאַן, ראַיסקי און רייסישער. עס ווערט דערמאָנט ר׳ משה רודמאַן, ר׳ יידל ראַיסקי און ר׳ מאָטל רייסישער — אַלע דריי זין פון ר׳ ישראל רייסישער.

דוד פינקלשטיין

# קאָרעספאָנדענצן אין „המליץ״



דוד פינקעלשטיין — איינער פון די **ערשטע** לערער און פיאָנער פון דער השכלה **עפּאָכע** אין ראַטנע.

צוויי שלעכטסן האָט די שטאָט: אויסער דעם, וואָס זי האָט ניט קיין גייסטיקן דאָקטער, וועלכער זאָל זיך אָנשטרענגען צו פאַרבעסערן דעם גייסטיקן מצב, וואָס האָט געגרייכט ביז צו דער סאַמע נידער און וועלכער זאָל איינאָרדענען איין ריכטיק־אָרגאַניזירטן אַנשטאַלט, ווייל אַלץ געפינט זיך דאָ אין טאָל פון טויט און אין אומ־אָרדענונג און ס'איז נישטאָ קיין לערן־אַנשטאַלט פאַר די אָרעמע קינדער, וועלכע וואַקסן אָן תורה און אָן דרך־ארץ, ווייל זייערע עלטערן האָבן נישט אויף קיין שכר לימוד און זיי דרייען זיך אַרום פּוסט און פּאַס אין די גאַסן, איז דאָרט פאַראַן דאָס צווייטע שלעכטס און דאָס איז: דער מאַנגל אין דאָקטער פאַר דעם גוף. און קיינער טוט גאָרנישט אויף אָט דעם געביט. קיין אייזנבאַן איז נישט פאַראַן און בריסק־דליטאָ (ברעסט־ליטאָווסק) איז אַכט מייל די ווייט. און ווען אַ מענטש ווערט קראַנק און ער פאַלט צו בעט, און זיינע קרובים האָבן נישט קיין פינאַנציעלע מעגלעכקייטן צו ברענגען אַ דאָקטער פון בריסק, איז נישטאָ קיין שום מיטל צו אויסמיידן די סכנה. און מערקווירדיק איז, וואָס פאַר דעם „רבין״ איז פאַראַן אַפילו צו פאָרן אים זען דריי מאָל אין יאָר און פאַר אַ דאָקטער איז נישטאָ.

(„המליץ״ נומער 177, 8 אויגוסט 1899)

עס איז נאָך נישט אַוועק קיין חודש, זייט אַ „הייליק אייניקל" האָט פאַרלאָזן די שטאָט, נאָך דעם, וואָס ער האָט אויסגעליידיקט אַ סך פון איר האָב און גוטס און אָט באַווייזט זיך שוין אַ נייער „רבי" מיט גאַנצע 6 גבאים און ער האָט דאָ געעפנט זיין קראָם, וועלכע האָט מיטלען צו אַלצדינג און די שטאָט גלייבט, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין זאַך, צו וואָס דער „רבי" זאָל נישט קענען העלפן. באַזונדער גלייבן דאָ די יידן, אַז דער רבי האָט געפונען דעם ריכטיקן וועג און אַז נאָר ער קען העלפן און אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג געפינען זיי נאָר שלעכטס. מען האַלט דעם רבין אין איין געבן און מען גלויבט, אַז ער גיט אויך...

אַ סך יידן זאָגן, אַז זיי זעען דעם רבינס מופתים און ניסים, אין דער צייט, וואָס ער איז געווען דאָ. און איך וועל נישט לייקענען — איך אליין האָב אויך געזען זיינעם אַ נס. די גאַנצע צייט איידער דער רבי איז געקומען, איז אין שטעטל געווען רואיק און שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם און פון דעם מאָמענט, וואָס ער איז געקומען, האָט אָנגעהויבן זידן ווי אין אַ קעסל און מען האָט רק גערעדט וועגן זיין גרויסקייט און הייליקייט. די גראָשנס גייען פון האַנט צו האַנט און עס קלינגט אין אַלע ווינקלען...

(„המליץ" נומער 37, 1901)



יודל קאַנישטער

# די לעצטע זיבעציק יאָר אין ראַטנער יידישן לעבן

## דער געבורט פונעם שטעטל, דער נאָמען ראַטנע, איר חורבן און צווייטער אויפקום

דאָס שטעטל ראַטנע, לויט געוויסע היסטאָרישע פאַרצייכענונגען, עקזיסטירט שוין מער פון 500 יאָר. און אַנטשטאַנען איז דאָס אין דער צייט, ווען אין פוילן האָט געהערשט די פירשטין סאָנגושקאָ און געהערט האָט דאָס צו כעלמער גובערניע. שוין אין יאָר 1465 האָבן זיך די ערשטע 12 יידן באַזעצט דאָרט. אין יאָר 1765 זיינען שוין דאָרט געווען 210 יידן. אין דער לעצטער ציילונג פון יאָר 1897 זיינען אין אלגעמיין געווען דאָרט 3.039 איינוווינער און 2.219 זיינען פון זיי געווען יידן.

געאָגראַפיש ליגט ראַטנע כמעט אויף אַ פרשת דרכים, אויף אַ וועגן־קנופּ פון וואָלין, ליטע און פוילן. די לעצטע צייט האָט דאָס געהערט צו וואָלינער גובערניע. עס האָט אויך געהערט צו פאָליעסיער זאַנע און פינסקער בלאָטעס. קיין סך היסטאָרישע דאַטן און פרטים פון די אַלטע צייטן אין שטעטל זיינען נישט פאַרבליבן. איבערהויפּט זיינען נישט געבליבן קיין דאָקומענטן וועגן יידישן לעבן. געוויסע דאַטן און אַלגעמיינע שטריכן, ווערן אָנגעגעבן אין דעם העפט, וואָס ר׳ פישל העלד ע״ה האָט אַרויסגעגעבן וועגן ראַטנע, וואָס די רעדאַקציע פון פנקס האָט געפונען פאַר וויכטיק איבערצודרוקן אין אַ היפּשער מאָס, ווי אַ היסטאָרישן דאָקומענט. אויך זיינען לעצטנס אַרויסגעבראַכט געוואָרן געוויסע היסטאָרישע דאַטעס וועגן פאַרצייטיקער ראַטנע דורך דעם געלערנטן ד״ר פיליפּ פרידמאַן, אין נאָרד־אַמעריקע, אויף דער ביטע פון דאָרטיקן ראַטנער רעליף קאָמיטעט.

מיט אַ 300 יאָר צוריק איז ראַטנע געשטאַנען אויסגעבויט נענטער צום טייך „ווישעווקע״ ווייטער צו דרום צו פון איר איצטיקער פּאָזיציע. אין דער גרויסער

מלחמה אָבער, וואָס איז אָנהייב 18טן יאָרהונדערט אויסגעבראָכן צווישן פּוילן און שוועדן, איז דאָס שטעטל אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן און כמעט אַלע איינוואוינער זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן. אויף דעם אַלטן „בית-החיים״, וואָס געפינט זיך אין שטעטל גופא אויף יענער זייט שאָסיי, זעט מען נאָך איצט אַ גרויס בערגל אין מזרח-זייט, ווו עס ליגן באַגראָבן די אַלע יידישע הרוגים אין איין ברידער-קבר. אויף דעם זעלבן אַלטן הייליק אָרט ביים אַריינגאַנג שטייט דער „אוהל״ פונעם ראַטנער מגיד ר׳ צבי ב׳ר דוד ז״ל, וואָס, לויט ווי די לעגענדע דערציילט, איז ער געווען אַ גרויסער בעל-מופת און האָט געלעבט אין ראַטנע מיט העכער 200 יאָר צוריק. מענטשן, וואָס פלעגן קומען אויפן הייליקן אָרט האָבן צום ערשטן באַזוכט דעם אוהל, אַריינוואַרפן קוויטלעך, בעטנדיק אויף געזונט און גליק און געזאָגט דערביי געוויסע קאַפּיטלען תהילים.

פון דער אַלטער שטאָט, וואָס איז דאַן חרוב געוואָרן, איז פאַרבליבן איין גאַס טאַקע מיטן זעלבן נאָמען „אַלטע שטאָט״. אויף דעם גרויסן שטח, וואָס שפּרייט זיך אויס „אונטער דער באָד״ און ציט זיך ווייט-ווייט אַוועק, זייענדיק באַוואַקסן מיט לעפּעכע און פאַרטרונקען מיט אַ פלאַכן וואַסער, — באַמערקט מען נאָך היינט, אין אַ טרוקן יאָר, שוואַרץ פאַרברענטע שטיקער האָלץ סטאַרטשען אַרויס פון דער ערד, סימנים פון אַמאָליקן ישוב, פון שטיבער, וואָס זיינען פאַרברענט געוואָרן.

אין אַ צייט אַרום, ווען די אַנטלאָפענע איינוואוינער, וואָס האָבן זיך פון טויט געראַטעוועט, זיינען צוריקגעקומען, האָבן זיי שוין דאָס שטעטל אויפגעבויט אויף אַן אַנדער פלאַץ, נענטער צום טייך „פּריפּיעט״ צו, דאָרט ווו דער באָדן איז נידעריקער און דערפאַר טאַקע די שטענדיקע בלאָטעס אין שטעטל (ס׳איז דאָ כדאי צו באַמערקן, אַז צוליבן טייך פּריפּיעט, וואָס צעטיילט כמעט דאָס שטעטעלע אויף צווייען, פלעגט מען פון אַנדערע שכנותדיקע שטעטלעך, וואָס האָבן נישט קיין טייך, קומען קיין ראַטנע דורכפירן גט׳ן, ווייל לויטן דין מוז מען אָנגיבן אין אַקט דעם טייך פונעם אָרט, ווו ער קומט פאָר און אויב אַ שטעטל האָט קיין טייך נישט געהאַט, האָט מען דאָרט נישט געטאָרט גיבן קיין גט).

די באַדייטונג פונעם נאָמען ראַטנע איז, דאַכט מיר, אין ערגעץ נישט אָנגעוויזן. לויט אַן השערה, וואָס איך האָב אַמאָל געהערט פון דערמאָנטן פישל העלד ע״ה, איז דער נאָמען געקומען צוליב די גרויסע מלחמות, וואָס האָבן זיך אפנים דאָרט אָפּגעשפּילט, מסתמא צוליב די סטראַטעגישע איינגשאַפטן פון דעם אָרט, וואָס האָט געהאַט אַרום און אַרום אַ סך טייכן און זומפּן, וואָס האָבן דאָס פאַרוואַנדלט אין אַ פעסטונג. דער אָפיציעלער נאָמען פון שטעטל איז ר אַ ט ע ן וואָס מיינט קריג אויף רוסיש.

אַלטע לייט פלעגן דערציילן, אַז די אַלטע שטאָט איז אַמאָל געווען גרעסער ווי די היינטיקע און אַז ס׳זיינען דאָרט געווען אַ סך פאַבריקאַציעס, ווי ביר ברייערייען, גוראַלניעס (בראָנפן-פאַבריקן), גאַרבאַרניעס, פערד-מילן און ווינט-מילן א. א.

מ׳האָט צו יענער צייט זיך באַנוצט פאַר אַ קאָמוניקאַציע מיט אַלערליי ערד-וועגן אָדער טראַקטן, וואָס האָבן געפירט אין אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. די וועגן זיינען אָבער נישט געווען קיין זיכערע און פול מיט סכנות, ווען אַ שטייגער ס׳האָט גערעגנט, אָדער געשנייט, אָדער בכלל צוליב באַנדיטן-איבערפאַלן. אַן אַלעמען האָט גענומען לאַנג אַ נסיעה אויף אַזאַ ווייכן וועג קיין קאָוולע אָדער בריסק, די נאָענט-גרעסערע שטעט.

מ׳האָט זיך אָבער צו יענער צייט אויך באַנוצט אַ סך מיטן וואַסער-וועג דורכן טייך פּריפּיעט, וועלכער איז אין זיין שטראָם אַריינגעפאַלן אין אַנדערע טייכן. אַזוי פלעגט מען ברענגען, ווי די אַלטע לייט האָבן דערציילט, פאַרשיידענע סחורות און

שפייז - אַרטיקלען מיט די גרויסע שיפן פון פינסק אין שטעטל אַריין, שוין נישט ריידנדיק פון די נאָענט־ליגנדיקע ביים פּריפּיעט דערפער ווי רעציצע און סעדראַ־ וויטש א. א. מען האָט אין יענע אַלטע צייטן אָבער נישט געוווּסט צו קויפן קיין פּאַרטיקע מעל צום באַקן. יעדער ייד, פּונקט ווי יעדער פּויער, האָט אַליין געמאָלן קאָרן און ווייץ אין די מילן, וואָס זיינען געווען לרוב אין שטעטל און אַנדערע גאָר אין די „זשאַרנעס", וואָס די אָרעמע האָבן געהאַט ביי זיך אין שטוב. פּונקט אַזוי האָבן דאַן נישט אַלע געטראָגן שיך אָדער שטיוול איבער די טיפע בלאָטעס, וואָס זיינען דאָרט געווען. אָרעמע האָבן געטראָגן לאַנגע זאָקן אויף די פיס און האָבן געבראַדזשעט אין דעם בלאָטיקן ים.

## דער דורכגעלייגטער שאָסיי און פאַרבעסערונג פון עקאָנאָמישן מצב

מיט דער צייט אָבער, לערך אין די יאָרן 1840-50, איז דורכגעלייגט גע־ וואָרן דער שאָסיי קיעוו־וואַרשע, וועלכער לויפט פאַרביי ראַטנע אַביסל אין דער זייט און צעטיילט איר אויף צווייען. דאָס שטעטעלע איז דאַן אַביסל אויפגעלעבט געוואָרן און די מאַכט האָט שוין אָנגעפאַנגען אַכטונג גיבן אויף דער אינערלעכער אָרדענונג — מ'האָט אין מאַרק און אין עטלעכע ביילויגנדע גאַסן געלייגט הילצערנע „קלאַדקעס", אַ דאַנק וועלכע מ'האָט שוין געקענט איבערגיין פון איין שטוב אין דער צווייטער מיט טרוקענע שיך, טראָץ דעם, וואָס פון מיטן גאַס האָט אַרויסגע־ גלאַנצט די בלאָטע מיט איר שטאַרק שוואַרצן קאָליר.

מ'האָט אויך דאַן אָנגעהויבן ליפערן מיטן נייעם שאָסיי־וועג פאַרשידענע שפּייזן און אַלערליי אַנדערע סחורות פון קאָוולע און בריסק, וווהין מען האָט אויך אָפּגעשיקט צום פאַרקויפן אַלערליי דאָרפישע פּראָדוקטן, וואָס די פּויערים האָבן פאַרקויפט אין שטעטל.

בכלל האָט זיך אין שטעטל אָנגעהויבן אַ מסחר־באַוועגונג, עס זיינען געשאַפן געוואָרן אַ דאַנק דעם שאָסיי נייע האַנדל־צווייגן, וואָס האָבן געבראַכט מער פּרנסה. בעלי עגלות זיינען געפאָרן עטלעכע מאָל אין וואָך קיין קאָוולע, אָדער בריסק. זיי זיינען אַריינגעפאָרן מיט די גרויסע בריקעס, אָנגעלאָדענע מיט סחורות אין גרויסן פּירעקיקן שטעטלדיקן מאַרק, ווו די מערסטע קראָמען זיינען אין בײדע זייטן צו־ לייגט געוואָרן און אָפּגעלאָדן די סחורות. אַפילו זומער־צייט, ווען די ערד איז טרוקן, איז שווער געווען פאַר אַזעלכע שווערע בריקעס דער אַריינפאָר אַהין. אָסיען צייט אָבער, אין דעם סעזאָן פון רעגנס, ווען די ערד ווערט ממש צעשמאָלצן, אָדער אַפילו ווינטער־צייט, ווען די בלאָטע ווערט פאַרוואַנדלט אין האַרטע שפּיציקע הרודעס, איז שוין געווען שרעקלעך שווער דאָס אַריינפאָרן אַהין פון די גרויסע און באַלאָדענע בריקעס. די בעלי עגלות האָבן געקאַטעוועט די אָרעמע פערד מיט זייערע בייטשן און מיט גוואַלדיקע הוקענדיקע געשרייען, זיינען זיי מיט גרויס מאַ־ טערניש אַריינגעפאָרן אין שטעטל. אָפטמאָל האָבן זיי נישט קוקנדיק, וואָס זיי האָבן צוגעשפּאַנט נאָך פערד, געמוזט אָפּלאָדן אויפן שאָסיי אַביסל משא און דאָס פאַר־ לאָדן אַ צווייטן מאָל.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, שוין בעת פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט, האָט דער מאַגיסטראַט כמעט יעדעס יאָר זומער צייט געגנייט יידן פון די שטאָט־ באַלעבאַטים ברענגען צו עטלעכע פורן זאַמד כדי צו שיטן אין די נידעריקע ערטער פונעם מאַרק.

מ׳פלעגט אָנפירן ביזן סוף זומער אַ גאַנצן ים מיט זאַמד, ווו די קליינע קינדער־לעך האָבן געהאַט דעם בעסטן שפּיל־פּלאַץ און די באַלעבאָסטעס האָבן אויך אַמאָל אַריינגעכאַפּט פּאָר אייגענעם געברויך אַ טעפּל זאַמד. איז אָבער געקומען דער אָסיען האָבן עטלעכע טעג רעגן פאַרשווענקט דאָס זאַמד און אים פאַרוואַנדלט אין אַ געדיכטער קאַשע פון שוואַרצער בלאָטע מיט אַ געלבלעכן קאָליר. דאָס אָנגעפּירטע זאַמד איז אינגאַנצן געוואָרן דערטרונקען און די שוואַרצע בלאָטע איז געוואָרן נאָך געדיכטער, טיפער און גרעסער אויף דעם זעלבן אָרט.

## די גאַסן פון שטעטל

דער סאַמע צענטער, דאָס האַרץ פון שטעטל, איז געווען דער כמעט פּירקאַנטי־קער גרויסער מאַרק. די אַלע געשעפטן פון תבואה, באַקאַלעי, גאַלאַנטעריע און שנים־סחורה זיינען דאָרט אַלעס געווען קאָנצענטרירט. אויך דער יריד, וואָס האָט זיך אויסגעשטעלט יעדן מאָנטיק, וואָס איז כמעט געווען דער איינציקער מקור פרנסה אין שטעטל, איז אין זיין גרעסטער מערהייט געווען אין דעם מאַרק. און אַפילו אין אַ מיטוואָכדיקן טאָג, אָדער אין אַ יומא דפגרא, צי ווען די גוים פון די נאָענטע דערפער זיינען געקומען אַמאָל אין געריכט פון שטעטל, האָבן זיי זיך מיט זייערע פויערשע וועגעלעך און אַלע פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט, אויס־געשטעלט אויף דעם מאַרק.



ד ע ר  מ אַ ר ק  א י ן  ש ט ע ט ל

פון דעם מאַרק זיינען זיך די איבעריקע גאַסן צעלאָפן אין אַלע זייטן. אויף רעכטס איז אַוועק זאַבלאָטיער גאַס אָדער ווי מ׳האָט זי גערופן הוליאַנקע, מיט וועלכער מ׳איז געפאָרן צו דער באַן־סטאַנציע זאַבלאָטיע. פון דעם מאַרק גלייך איז מען אַריין אין דער יאַטקע גאַס, ווו עס זיינען געווען עטלעכע יאַטקעס. אויף לינקס האָט זיך פאַרנומען די שול־גאַס, אויף וועלכער ס׳האָבן זיך קאָנצענטרירט די־

# טאָפּאָגראַפישע קאַרטע פון ראַטנע



1 — בית־מדרש
2 — סטאָלענער שטיבל
3 — שטעפּעניער שטיבל
4 — טריסקער שטיבל
5 — ריזשינער שטיבל
6 — אַלטער בית־עולם
7 — נייער בית־עולם
8 — תרבות־שולע
9 — חורבות פון שיל
10 — ליבעשויער שטיבל
11 — אַרבעטער־פאַראיין
12 — בית־מדרש
13 — פאָלקס־באַנק
14 — קלויסטער
15 — ווינט־מיל
16 — קלויסטער
17 — ווינט־מיל
18 — ווינט־מיל
19 — קלויסטער
20 — גאַרבאַרניע
21 — פוילישער צמענטער
22 — די באָד
23 — שפּיטאָל
24 — מאגילקעס
25 — מאַגיסטראַט
26 — די פאַרע־מיל
27 — הקדש
— בריקן
||| — קליאַטקעס

אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך מיט דער גרויסער שול בראש. פון דער שול־גאַס אַביסל אין אַ קרומלעכער ליניע איז אַוועק די גאַס „אַלטע שטאָט", ווי שוין געזאָגט, אַ זכר פון דער אַמאָליקער חרוב־געוואָרענער ראַטנע. אויף לינקס פון דער שול־גאַס האָט זיך אָנגעהויבן די לאַנגע גאַס קריוואָאוליצע, וועלכע האָט זיך געענדיקט בײַם שאָסיי. בײַ דער זײַט פון שול - גאַס איז אויך געווען די קלײנע „מצרים־גאַס", פון וואַנען מצרים קומט קיין ראַטנע, איז גאָרנישט באַוווּסט. ס'איז אויך געווען אַ מיל־גאַס, פון מיטן גרויסן מאַרק אַרויס און האָט זיך געענדיקט בײַ די „קלאַדקעס". פון דער צווייטער זײַט שאָסיי האָט זיך אָנגעהויבן די „סעלעשטשע גאַס", וואָס האָט זיך געענדיקט בײַם מאַרק מיט אַ גרעסערן, אויף לינקער זײַט אַרומגעצוימטן פּלאַץ,



**די גאַס קריוואָ אוליצע: — אויפן בילד (פון לינקס צו רעכטס): אליהו רײַזמאַן (דיכטער), לייבל באַיאָן, גיטל קאַרש און א. יאַנקל גינזבארג.**

וואָס איז געווען געדיכט באַוואַקסן מיט גרינע גראָז און האָט געהאַט אַ גרויסן הילצערנעם צלם אין דער מיט. וועגן דעם צלם האָט מען אין שטעטל דערציילט אַזאַ לעגענדע: דאָרטן, אויף דעם גרויסן פּלאַץ איז אַמאָל געשטאַנען אַ קלויסטער. איינמאָל, ווען מ'האָט דאָרט אַדורכגעפירט אַ יידישע לויה פון זייער אַ פרומען, הייליקן יידן, האָט דער בר־מינן זיך פלוצלינג אויפגעזעצט, האָט עפּעס מיט די טויטע ליפּן געמורמלט און דער קלויסטער איז מאָמענטאַל אײַנגעזונקען געוואָרן. די גוים האָבן שוין מורא געהאַט צוריק אויפבויען דעם קלויסטער און האָבן אָנשטאָט אים נאָר געשטעלט אַ צלם.

## די ירידים, די אַנדערע פּרנסה־צווייגן, דער קריזיס־סעזאָן

געלעבט האָט דאָס שטעטעלע, ווי געזאָגט, דער עיקר פון די ירידים, וואָס האָבן זיך יעדן מאָנטיק אויסגעשטעלט אויפן גרויסן מאַרק און אויך אויף אַ פּאָר זײַטיקע גאַסן און אַביסל אויפן שאָסיי.

גוים פלעגן גלייך מיטן טאָג שטראָמען אין שטעטל אַריין פון אַלע זייטן. פון די אָרום און אַרום, ליגנדיקע דערפער, פלעגן זיי קומען מיט פערד און וואָגן, צו וועלכע ס׳פלעגט אָפט זיין צוגעבונדן אַ קו אָדער אַ עקסל און אינעווייניק, אין די וועגע־נער, איז געווען מכל־טוב, פון אַלע דאָרפישע פּראָדוקטן. זיי פלעגן אויפשטעלן אין דער הויך די וואָגן־האלאַבלעס און גענומען ראשית חכמה אויפן פורל גופא עפּעס איבערכאַפּן דאָס הארץ. אַז דער פויער האָט נאכהער פאַרקויפט די בהמה און די „באבע״ אירע דארע יאגאדעס, אייער, גריבעס, רויכווארג און די חזיר־האָר, — האָבן זיי זיך דאן געלאָזט אין די מאַנופאַקטור קראָמען איינקויפן די גוישע אַלערליי סחורות.

ווינטער־צייט האָבן זיי זיך אויך באַזאָרגט מיט פעלצן און שטיוול און נאָכהער גיין אַ „גוליאַע״ טאָן — עפּעס אויסטרינקען אין שענק.

בעלנים אויף די גוישע פּראָדוקטן זיינען געווען גענוג — עס זיינען געווען אויפקויפערס אין שטעטל און אויך פון דער פרעמד.

דער טומל און רעש אויפן יריד איז געווען גרויס, פון די בעלי חיים און, להבדיל פון מענטשן. אָפטמאָל פלעגן אויסברעכן געשלעגן צווישן יידן און גוים צוליב אַ נאַריש בולקעלע, וואָס אַ פויער האָט צוגעגנבעט ביי אַ יידענע פונעם מולטער. ביי אַזאַ פאַל פלעגן די „מיעשטשאַנעס״ האַלטן מיט די יידן. די פּאָליציי, וואָס איז באַלד אָנגעקומען, האָט אָבער דאָמינירט די לאַגע און דעם גנב אָפּגעפירט אין טורמע.

די אויפגעקויפטע אַרטיקלען און דאָרפס־פּראָדוקטן אויף די ירידים האָבן די אויפקויפער אין יענע צייטן פאַרקויפט איינעם אַ ראַטנער הורט־סוחר ר׳ נחמן־אהרן קליין. ער האָט די־אָ סחורות אָפּגעשיקט קיין וואַרשע און אַמאָל קיין דייטשלאַנד. דער זעלבער האָט אויך אָפּגעקויפט די אויפגעזאַמלטע פּראָדוקטן פאַר אַ גאַנצער וואָך ביי די גייערס איבער די דערפער. אַסיען צייט איז אויך אויפגעקומען דער מסחר פון „זשוכלינעס״ (אַזעלכע רויטע יאגאָדעס), וואָס פלעגן גיין אויף וואַרעניעס און מערסטנטייל אויף פאַרבן. ווען ער איז געשטאָרבן און זיינע זין, גרויסע סוחרים, זיינען פון שטעטל אַרויסגעפאָרן, האָבן זיין פּלאַץ פון הורט־סוחרים פון די פּראָ־דוקטן פאַרטראָטן ה׳ זכריה האָניק, (זיינע זין, ישראל און משה געפינען זיך אין אַרגענטינע), מיט דעם זעלבן מסחר האָבן זיך אויך פאַרנומען ר׳ לוי יצחק בענדער און עזריאל שליטן.

גרויסע ירידים האָבן זיך געשטעלט אין שטעטל סוף זומער, ווען ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צו בלאָזן אַ קיל ווינטל און די פויערים האָבן שוין זייערע תבואות אריינ־געפירט אין די שייערס. דאן האָבן זיי באַצייטנס גענומען זיך פאַרגרייטן אויף דעם ווינטער מיט נייע שטיוול, וואַרעמען פעלץ און די „באבא״ — מיט פאַרשיידענע „בייעס״ אויף וואַרעמע קליידלעך.

באַזאָרגערס האָבן זיי געהאט גענוג: יידן זיינען געפאָרן אין זשעליכאָוו און אַנדערע פוילישע שטעטלעך און געבראַכט פעלצן. שוסטערס האָבן צוגעגרייט שטיוול און די עטלעכע קרעמער, וואָס אין שטעטל, זיינען געפאָרן קיין וואַרשע און געבראַכט פון דאָרט אַלערליי שניט־סחורות. און אַפילו די אָרעמע יידענע, וואָס איז געשטאַנען אויפן יריד מיט אַ שטעלע פון אַ פעסעלע עפּל־קוואַס מיט די עטלעכע בילקעלעך און פאַרדאַרטע עפּעלעך האָט אויך געלייזט און איז געווען צופרידן.

דער בעל־מלאכה ווידער, האָט אויך, אומדירעקט, געצויגן פרנסה פון די ירידים — אַז דער סוחר האָט פאַרדינט, האָט ער זיך באַשטעלט אַן אנצוג ביים שניידער, אַ פּאָר שיך ביים שוסטער און אַ שטיקל מעבל ביים סטאָליער. אַפילו די מלמדים און לערער האָבן נאָכן יריד געקריגן באַצאָלט שכר לימוד.

## מסחרים

ווייל די געגנט איז אַן אָרעמע און אַ מאָגערע און ווייל אַ סך פויערים האָבן געהאַט זייער ווייניק ערד און אַנדערע האָבן גאָר קיין ערד נישט געהאַט, האָט זיך אין שטעטל אַנטוויקלט דער תבואה מסחר, די אָרעמע פויערים האָבן עטלעכע מאָנאַטן נאָכן שניט שוין געדאַרפט קויפן קאָרן און אַנדערע שפּייזן. חוץ דעם האָבן יידן און אַפילו די אָרטיקע „מעשטשאַנעס" פאַרגעשטעלט מיט זיך גוטע קאָנסו־מענטן פון מעל און אַנדערע פאַרשיידענע שפּייזן. זיינען דערפאַר אין שטעטל אויך געווען מעל־סוחרים. ר' יעקב אליהו למדן, אַ סטעפּאַנער חסיד, אַ פיינער בעל־הבית אין שטעטל, האָט געהאַט אַ גרויס תבואה־געשעפט. ער פלעגט לייזן אַ סך ביי די דאָרפס־גוים. אַזעלכע תבואה געשעפטן זיינען אויך געווען ביי די אַנגעזעענע בעלי־בתים אין שטאָט, ווי ר' יהודה מאיר ריכטער (זיין זון חיים שטיינבערג וווינט אין בועניאָס איירעס), ר' מאָטל קליין, ר' אליהו יאַנאָוויטש, ר' איצל יעקב ר' אייזיקס, ר' אברהם פוקס, ר' יעקב פראַסמאַן, ר' הירשל כמעליער, ר' יעקב חיים מאַרקוזע און כיסיע יאַנקל דעם שוסטערס ע"ה. אַ סך פון די אויסגערעכנטע האָבן פאַרקויפט נאָר מעל אין הורט און אַנדערע — אויך לאחדים.

די תבואה און מעל פלעגן זיי על־פּי רוב ליפערן פון קאָוולע, בריסק און לוצק און אַמאָל מיט וואַגאָנעס פון אַנדערע גרויסע שטעט. זיי פלעגן אויך ברענגען מיט וואַגאָנעס דורך סט' זאַבלאָטיע (25 קילאָמעטער מיט ערד־וועג פון שטעטל) זאָלץ און דאָס צעטיילן צווישן די לאחדים קרעמער.

שפּייז — לאחדים־קרעמלעך זיינען געווען אין שטעטל אַן ערך 15, וואָס האָבן פאַרקויפט מערסטנטייל „אויפן בוך". דאָס גרעסטע קרעמל פון דעם מין איז געווען ביי ר' פּנחס שאַכנעס. ער, ר' פּנחס ע"ה, אַליין אַ קאָצקער חסיד, מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ קליין פוילישן חסידיש היטל און לאַנגן טלית־קטן, אַ ייד אַ חלוש, וואָס האָט זיך שטענדיק געוואָקלט און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט פאַלט ער



ראַטנע נאָך דער לעצטער שריפה

אום — האָט דאָך כמעט אַליין באַדינט זיינע קונים, ריידנדיק דערביי שטענדיק „אונטער דער נאָז", מיט צעצויגענע, האַלב אָפּגעריסענע ווערטער וועגן יענע, וואָס שטייען שוין ביי אים מיט אַ געשוואָלענעם בוך און ער מוז זיי נאָך ווייטער גיבן...

אין דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען דאָס שטעטל איז כמעט אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן, — האָט ער דער ערשטער זיך צוריק אויפגעבויט, געעפנט ווידער דאָס קרעמל און ווייטער געבאָרגט. אין דער־אָ נייער שטוב פלעגן זיך דאַן די ראַטנער יוגנטלעכע צוזאַמענטרעפן, אַ דאנק זיין יונגער טאָכטער ביילע, אין די ווינטער־אָוונטן און שמועסן, לייענען און פאַרברענגען. מ'האָט דאָס דאָזיקע הויז דערפאַר גערופן „דער קלוב".

עס זיינען געווען אין ראַטנע עטלעכע גרויסע באַקאַליינע געשעפטן „פריצישע" קראָמען, ווי אַנדערע האָבן זיי גערופן, ווי אויך אַ פּאָר גרויסע מאַנופאַקטור קראָמען, אַ חוץ די קלענערע, וואָס האָבן געהאַלטן פּויערישע מאַנופאַקטור סחורות.

אַזעלכע מאַנופאַקטור געשעפטן פון גוטן טוך פאַר מענער און פרויען קליידער זיינען געווען ביי ר' שלמה מיכל אברך, ר' אשר שאַפּירא און שואל פערעלמוטער אָדער שואל דער קליינינקער, ווי מ'האָט אים גערופן. אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן זיינען אויך געווען אַזעלכע מאַנופאַקטור קראָמען ביי ר' אָשר לעקאר, ר' שמואל שמחה אַליצקע, מלכה יהודית ריכטער און פסח מערין. אַ שיינע, אָנגעשפּיקעוועטע מיט באַקאַלעי און גאַלאַנטעריי קראָם איז געווען ביי ר' אליעזר גינזבורג, אַן אָנגעזעענע משפחה אין ראַטנע. אויך ביי ר' חיים שאַפּירא, אַ יחוסדיקע משפחה אין שטאָט, איז געווען אַזאַ קראָם. די קונים זייערע זיינען צום מיינסטן געווען קריסטן. ווי גלחים, און מלוכה־באַאַמטע. אַזעלכע קראָמען זיינען אויך געווען ביי יוסקע זאסק, לייבל גראַבאָוו, אליהו יאַנאָוויטש און נאָטקע שאַפּיראָ, אין די לעצטע יאָרן.

דערפאַר איז ביי פערל טשאַרנעס, אַ פרוי אַ נידעריקע און אַ סוחרטע, געווען אַ כל־בו־קראָם, ווו מערסטנטייל יידן האָבן געקויפט. דאָרטן האָט איר געקריגן פון אַ קלעצעלע פאָדים ביז אַ „לעאַנער" זיידענעם שאַליק, פון אַ פונט צוקער און ניס ביז אַ גוט ברייטל שאָקאָלאַד. אַפילו זילבערנע כלים פאַר מתנות וועגן. קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט. דער צווייטער מאַן אירער, בערעלע דער ליטוויקל, איז געווען אַ מלמד, וואָס האָט נאָר מיט די תלמידים געלערנט תנ"ך. ווייטער זיינען דאָרט געווען עטלעכע אייזנקרעמער.

דער גרעסטער צווישן זיי איז געווען ה' אַברהם האָכמאַן. ער איז אגב געווען אַ באַוווסטזיניקער יונגערמאַן, האָט זיך באַטייליקט אין אַ סך געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. די לעצטע יאָרן אויך געווען אַ מיטגליד אין שולע־קאָמיטעט.

די צווייטע גרויסע אייזנקראָם איז געווען ביי ר' בן־ציון שטיינגאָרטן, אַ ייד אַ גרויסער למדן און ירא־שמים. אַזעלכע אייזנקראָמען זיינען געווען ביי ר' שלמה מיכל קאהן, ביי ר' ישראל ווײנשטאָק, ר' לייבל וואַקס און קינדער, ר' בערל העלד און ביי זיין איידעם ה' בערל העלד, ר' פישל העלדס אַ זון.

אין שטעטל איז אויך אָנגעגאַנגען דער מסחר פון „שטיקלעך" (אָקסן, בהמות). די הויפּט סוחרים זיינען געווען די זייער חשובע באַלעבאַטים און שטאָט־עסקנים — ר' ליבער קארש און ר' משקה רידער ע"ה. די קלענערע סוחרים זיינען געווען — ר' בערל לארבער (אָדער „פלאג", ווי מ'האָט אים גערופן) מאָטיע „בעבניק", מאניש זעמעל און זעליק זיין ברודער, ווי אויך אַנדערע. די אָקסן האָבן זיי מערסטנטייל געקויפט אין בעסאַראַביע. די פעטע און פליישיקע „שטיקלעך" האָבן זיי אָפּגעשיקט אויף פלייש קיין וואַרשע. די מאָגערע — האָבן זיי זומער געשיקט אין „פּאַשע" און ווינטער האָבן זיי זיי געשטעלט אויף דער „בריי" (אין די שטאַלן זיי געפיטערט מיט די פעטע פסולת פון די האָפּען, וואָס מ'מאַכט ביר) כדי זיי זאָלן פעט ווערן.

זיי פלעגן אויך אַרויסטרייבן די אָקסן אויף די ירידים, זיי פאַרקויפן די פויערים אָדער בייטן אויף אַנדערע.

אין ראַטנע זיינען אויך געווען פערד־סוחרים ווי פאליק חייט (האָט אין אַר־גענטינע צוויי זין) בערל שמחה לייבעשעס אאַז״וו. זיי פלעגן זיי אַרויספירן אויף די ירידים, פאַרקויפן זיי אָדער בייטן אויף אַנדערע.

צווישן די סוחרים פון אָקסן און פערד זיינען אין שטעטל געווען גאַנץ פאַר־מעגלעכע. ס׳זיינען אויך געווען דאָרט פעל־סוחרים, ווי ר׳ בערל בערגעל און דוד גרינשטיין און זון. זיי האָבן זיי אָפּגעקויפט ביי די אָרטיקע קצבים, אָדער ביי יידן פון די דערפער און האָבן זיי, אָדער פאַרקויפט פרעמדע סוחרים, אָדער זיי געשיקט אויסאַרבעטן אין דער ראַטנער גאַרבאַרניע.

דער לעדער־מסחר איז געלעגן ביי ר׳ דוד גרינשטיין און זון יצחקס הענט. ביי זיי האָבן די ראַטנער שוסטער געקויפט על־פּי־רוב אויף קרעדיט.

אין שטעטל זיינען אויך געווען עטלעכע גרויסע סוחרים פון פיש. זיי פלעגן דינ־גען די אָזיערעס ביי קאַזנאַ (רעגירונג) אויף גוישע נעמען, ווייל לויטן רוסישן גע־זעץ האָט קיין ייד אויף זיין נאָמען נישט געקענט אַרענדירן קיין אָזיערעס.

ר׳ מאָטל גאלוז פון נאָענטן דאָרף טור און נאָכהער זיינע זין: ר׳ בנימין, מענדל און אים צו לאַנגע יאָר נפתלי (לעבט אין ארגענטינע) האָבן געהאַט אין אַרענדע אַ סך אָזיערעס. אויך ר׳ יעקב אברוך, ר׳ מנשה ליקאָווער און זיינע זין ר׳ אהרן און ר׳ חיים, ווי אויך ר׳ מאָטל קליין האָבן געהאַנדלט מיט פיש.

די פיש, וואָס זיי האָבן געכאַפּט מיט די „נעוואָדעז״ (געמאַכט פון געפלאָכטענע נעצן) פלעגן זיי איבערטראַנספּאָרטירן קיין וואַרשע, בריסק א״א. די קלענערע פיש האָבן זיי פאַרקויפט די ראַטנער פישער פאַר דעם ראַטנער מאַרק אויף שבת און יום־טוב.

די פישער זיינען געווען די פאָלגענדע: ר׳ יעקב בער פון שול־גאַס, ר׳ חיים מאַ־נילעס, ר׳ זיסיע מערין, ר׳ הערשל צופּוק, ר׳ הערשל און געצל קאַנישטשער. אָזיע־רעס זיינען אין ראַטנער אומגעגנט געווען אַ סך: אין די דערפער גלוך, הירניק, טור, קרעמנע אאַז״וו.

אין שטעטל איז אויך געווען אַ פאַרצווייגטער מסחר פון אייער, די סחורה איז געשיקט געוואָרן אין ספּעציעלע קאַסטנס קיין קאָוולע, בריסק ווי אויך קיין וואַרשע. די הויפּט־סוחרים זיינען געווען פרויען, ווי שיינדעלע די מעלערקע, מלכה קאַני־שטשער, רבקה כהן, רחל קאָרענבלום און ר׳ וועלוועל נאסים (גלייזער) אאַז״וו.

זיי פלעגן דאָס אויפקויפן ביי די גייערס, אָדער ביי די דאָרפישע יידן, זיי דורכ־קלערן (איבערקוקן ביי אַ ליכט) און די גוטע, געזונטע אייער פאַרפּאַקן אין די קעסטלעך (1440 אייער אין אַ קאַסטן) און אָפּשיקן זיי מיט די בע״ג קיין קאָוולע און בריסק. די עפּעס וואָס קאַליע, אַנגערירטע אייער פלעגן זיי פאַרקויפן אויף דעם היימישן מאַרק, אין שטעטל גופא פאַר אָפּשמירן די חלה וכדומה... — עס זיינען אויך אין שטעטל געווען פרוכט־הענדלער, ווי מלכה די שוואַרצע „קאַצעכע״, פערל האָניק, דאָבע רייף, שרה פראַך און באַזונדער עזריאל שליטען, וועלכער פלעג אָפּ־דינגען אַנהויב זומער סעדער ביי די פריצים, זיי אָפּהיטן אַ גאַנצן זומער און שלאָפן דאָרט מיט זיינע געדונגענע מענטשן. ער האָט די ווינטערדיקע עפּל באַזונדער קאָנ־סערווירט און אָפּגעהיט און פאַרקויפט זיי אַ גאַנצן ווינטער פאַר קראַנקע וועגן אָדער גבירים, נעמענדיק גוטע פרייזן. — צוליב דער אָרימקייט פון דער געגנט, האָט זיך אויך פאַרצווייגט אין שטעטל דער מסחר פון אַזוי גערופענע, ליקע — אַזאַ לייכ־טע און עלאַסטיש דינע קאָרע־הויט, וואָס מ׳האָט אָראָפּגעצויגן פון געווייסע ווערבע

ביימער, וועלכע וואקסן אין געוויסע נידעריקע פייכטע ערטער און ווערט נאכהער אויסגעטריקנט.

די ליקע האבן ארימע פויערים גענוצט פאר „לאפטשעס" — לייכטע געפלאכטענע שיכלעך, וואס האבן אנשטאט פאדעשוועס — דינע הילצערנע ברעטלעך, צוגעפעסטיקט פון אויבן מיט שטריקלעך, וואס האבן זיי ארומגעבונדן אויף די געדיכטע גראבע „האניטשעס" — פויערישע לייוונט — ביז אין דער הויך.

עטלעכע יידן האבן אין שטעטל מיט דעם געהאנדלט: ר' געצל קאנישטשער און ר' איצל כהן (דער מלמד) א"א. מערסטנטייל זיי ארויסגעפירט אויף די ירידים.

— עס זיינען אין שטעטל אויך געווען טעפערס.

זיי פלעגן קויפן די ערדישע טעפ אין נאענטן דארף ראקיטע, ווו ס'איז געווען די פאבריק, אנפאקעווען זיי אין די ספעציעל הויכע לייטער־וועגענער און, ארויספארנדיק פון דער היים שבת צו נאכטס נאך הבדלה מיט זיי איבער די דערפער, פלעגן זיי צוריקקומען פרייטיק בייטאג מיט פולע אנגעלאדענע וועגן מיט גויאישע דארפס־פראדוקטן, ווי גריבעס, ליאן, אייער וכדומה.

די טעפערס אין ראטנע זיינען געווען: אברהמל, געוווינט אין אן אונטערגאס אן א נאמען, נעבן דעם טייך פריפיעט. א הויכער ייד, א טריסקער חסיד, מנחם דעם מלמדס אן איידעם. און מערקווירדיק: ער, ווי זיינע קינדער האבן נישט פיגורירט אין די מעטריקאלישע ביכער, נישט געהאט קיין פאספארטן און געווען לעבעדיקע־טויטע. אויך משה, זיין שוואגער, א קרומער, וואס האט געוווינט דערנעבן אין „באמבעל"־געסל איז געווען א טעפער. עס האבן אויך געוווינט טעפער אויף הוליאנקע גאס, ווי מרדכי טעפער (קליין.) א סברה אז דער יידיש־ענגלישער דיכטער א. מ. קליין אין קאנאדע איז זיין אייניקל), שמחה און אשר „גאליוואטש" און זין אאז"וו.

די גייערס, ווי די אויבנדערמאנטע טעפער, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען — שעפע לאנגער און זון פייוול, אביגדור קלאדנער און זין אשר און נח בארג א"אנד — האבן א גאנצע וואך אומגעוואנדערט איבער די דערפער מיט זייערע פערד און וועגעלעך, אין וועלכע זיי האבן געפירט פארשיידענע גאלאנטערי־סחורות און געביטן דארטן אויף גויאישע פראדוקטן, מיט וועלכע זיי זיינען צוריקגעקומען ערשט פרייטיק. צווישן זיי זיינען געווען גאנץ פארמעגלעכע.

אויך זיינען אין שטעטל געווען צוויי שפיליטערן, אדער קאמיסיאנערן: — ר' יאנקל מענדעלסאן, אדער ווי מ'האט אים גערופן יאנקל רחלקעס, א ייד א גרויסער תלמיד־חכם און א ראדזינער חסיד און ר' אברהם פוקס. זיי פלעגן ברענגען פארשיידענע באקאליינע סחורות און עס פארקויפן מיט א געוויסן פארדינסט די ארימע קרעמערס אויף אויסצוצאלן.

ס'זיינען אין שטעטל אויך געווען וואלד־סוחרים. זיי זיינען עס געווען די דארטיקע גבירים. דער גרעסטער וואלד־סוחר איז געווען ר' בנציון שטיינגארטן. ער איז אויך געווען א גרויסער למדן און איינצייטיק א וועלטלעכער ייד.

די איבעריקע וואלד־סוחרים זיינען געווען ר' יעקב שאפירא, ר' יצחק מערסיק, אגב פון די אלטע משכילים, ר' מאטל טיקטינער און ר' איצל רייכשטאל.

ווינטער־צייט, ווען ס'איז אנגעפאלן א גוטער שניי און ס'איז געווארן א גוטער שליטוועגס, האבן שוין די סוחרים ארויסגעפירט פון וואלד די אלע אויסגעארבעטע אין זומער מאטעריאלן צו די ברעגעס פון טייך פריפיעט און פרילינג, ווען די „קריע" האט געלאזט און די וואסערן אין די טייכן האבן זיך אויפגעהויבן און געשטראמט — האבן זיי די צונויפגעקלאפטע געהילצן, דעם „ספלאוו" אפגעשיקט מיטן וואסערוועג קיין דאנציק. בראקערס, אנגעשטעלטע ביי די וואלד־ארבעטן און ביים „ספלאוו"



ר׳ בנציון שטיינגארטן, דער גרעסטער למדן
און גביר אין שטעטל.

זיינען געווען די פאלגענדע: ר׳ לוי-יצחק שטיינגארטן, ר׳ יצחק קאמינסקי, ר׳ יוסף גינזבערג, ר׳ בערל קארש, ר׳ פייסע גראבאוו, ר׳ לוי סאבעל, ר׳ לייבל טיקטינער און ר׳ יהודה לייב ווערניק א״א. אין שטעטל איז אויך געווען א מסחר מיט שורקעס-האלץ אויף צו הייצן ווינטער די הרובעס און זומער — די אויוונס אויף צו באקן ברויט.

מיט דעם מסחר האבן זיך הויפטזעכלעך פארנומען ר׳ מאטל רייכער, יואל וויי-נער א״א.

## אינדוסטריעס

אין שטעטל האבן עקזיסטירט סוף ניינצנטן יארהונדערט אויף דער מיל-גאס, הארט נעבן טייך פריפיעט דריי פערד-מילן, פון וועלכע ס׳האט זיך צולעצט אפגע-שטעלט די איינציקע ביי ר׳ נאסע איידעס און נאכהער ביים זון ר׳ הירשל איידעס (זיינע קינדער יואל, אשר, יאנקל, בערל, חיים און יודל, לעבן אין ארגענטינע). ס׳זיי-נען אויך געווען עטלעכע ווינט-מילן ווי ביי ר׳ בצלאל און זון נאטע און אויך נעבן שאסיי ביי י. מעלניקער. (א זון לעבט אין ארגענטינע).

די פויערים האבן זייער קארן און ווייץ געמאלן אין די ווינט- און וואסער-מילן, וואס זיינען געווען אין די דערפער. זיי האבן אבער אויך געמאלן אין שטעטל אין די פערד-מילן און אין די ווינט-מילן, וואס זיינען בעסער איינגעארדנט געווען און גיכער געמאלן. אין די שפעטערדיקע יארן, נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אומגעפער

אין די יאָרן 1925/6 האָט זיך אויפגעבויט און אינסטאַלירט אין שטעטל אַ „פּאַראָווע" מיל (מיט אַ דיסעל) דורך דער קאָמפּאַניע פון פאָלגענדע פּערזאָנען: ר' בנימין קענ־פּער, ר' יעקב שאַפּירא (בשותפות מיט זיינע איידעמס משה איילבוים ע"ה און, אים צו לענגערע יאָר, בוזע טאַניס (אין אַרגענטינע), ר' יעקב ליבערמאַן און ר' יעקב פּראַסמאַן.

זייט דעמאָלט האָבן שוין די פּויערים מערסטנטייל נאָר דאָרט געמאָלן זייערע תבואות. ס'זיינען אויך געווען אין שטעטל צוויי אוליניצעס, וואָס האָבן פּראָדוצירט אייל סיי פאַרן געברויך צום עסן און אויך פאַר פאַרבן. איינע איז געווען ביי ר' ניסל קאָהן (אַמאָל אויך ביי דער פרוי פּעסיע ריטע חיה אויף קריוואַ אוליצע) און די צוויי־טע ביי ר' מאָטל קליין, וואָס איז צולעצט געטריבן געוואָרן דורך אַן עלעקטרישן מאָ־טאָר.

בעקערייען זיינען געווען עטלעכע אין ראַטנע. אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט האָבן נאָך אַלע אין שטעטל אַליין געבאַקן ערב שבת ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך און חלה בלויז אויף שבת. ס'זיינען אָבער אַפילו דאַן געווען צוויי בעקערייען: איינע ביי ר' ישעיה לייב בעקער, וואָס האָט געבאַקן פּלעצלעך, בייגל און קליינע חלהלעך. געקויפט האָבן דאָס, פאַרשטייט זיך, די גבירים, פאַר קליינע קינדער אַמאָל און אויך פאַר קראַנקע. ריטע די בעקערן האָט אויך געבאַקן דאָס זעלבע.

שפּעטער צו, אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען אין שטעטל אויפגעקומען צוויי בעקערייען, איינע פון ר' דוד פּריגעל (זיינע צוויי קינדער דניאל פּריגעל און טויבע איילבוים לעבן אין אַרגענטינע), וואָס האָט שוין געבאַקן ראַזעווע ברויט און ווייסע חלהלעך און די צווייטע פון שפּע סופר.

דער „עולם" האָט זיך שוין צוגעוווינט צו עסן ווייס ברויט אין דער וואָכן און אויך נישט דווקא צוגרייטן ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך. האָבן די בעקער טאַקע דער־פאַר געמאַכט גוטע געשעפטן.

ס'האָט אויך אין ראַטנע עקזיסטירט אַ גאַרבאַרניע, ווו מ'האָט אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע לעדער פאַר שיך. די גאַרבאַרניע, האָט זיך, צוליב היגיענישע מאָטיוון, געפינען אויף יענער זייט „קלאַדקעס" (אויפן צווייטן ברעג פון טייך פּריפּיעט). זי האָט געהערט צו צוויי קרובישע פאַמיליעס — צו ר' יוסי אַקסעלראַד און קינדער און ר' אהרן משה מעלניק און קינדער. אָט דיביידע זיינען געווען גרויסע למדנים און אין דער פרייער צייט האָבן זיי נאָר עוסק געווען אין תורה און עבודה און האָבן שוין אַזוי אַרום צו צוויי־דריי מאָל אַדורכגעגאַנגען גאַנץ ש"ס. אָבער, ווען ס'איז גע־ווען אַרבעט האָבן זיי אַליין אויך געאַרבעט, אַלציינס ווי זייערע קינדער און ווי אַנ־דערע פּשוטע געדונגענע אַרבעטער. זיי פלעגן אַליין צעשטויסן די קאָרע און ווייקן די פעלן אין די גרויסע קאַדקעס און דערנאָך האָבן זיי די פעלן געטרוקנט. די אויס־געאַרבעטע פּראָדוקטן זיינען געווען פאַרן אָרטיקן געברויך און אויך פאַר דער אומ־געגנט. ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער „עבר הנהר", דער יענער זייט „קלאַדקעס", האָט אָרויסגעגעבן עטלעכע שיינע טיפּן אויך פון דעם יינגערן דור.

גאָר אַ טשיקאַווער שיינער טיפּ איז געווען ר' יוסיס אַ זון — מאיר אַקסעלראַד. אַליין אַ באַנק־קוועטשער אין די לעצטע יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, געזעסן יומם־ולילה און געלערנט אין סטאָלינער שטיבל, געשאָקלט זיך איבער דער גמרא און מערקווירדיק אונטערגעברומט דעם אַזוי באַקאַנטן גמרא־ניגון, ציפּענדיק דערביי דאָס געדיכטע בלאָנדע בערדל, — ווערט ער אָבער צולעצט פאַרכאַפּט פון די טריף־פּסולע ביכער, ער איז אַ „הציץ ונפגע", ווערט נכשל פון די ערשטע השכלה שפּראַ־

צונגען אין שטעטל, שרייבט אוים דעם „המליץ" און שיקט אַהין קורצע קאָרעספּאָנ־דענצן פון שטעטלדיקן לעבן. קרוב צו די שלושים ווערט ער אַ חתן, וואָס לויט די באַגריפן פון יענער צייט, איז ער אַן אַלטער בחור, אָבער אַ 2-3 טעג פאַר דער חופּה שטאַרבט ער פּלוצלינג. אַ צווייטער שיינער טיפּ פון דאָרטן איז געווען די אַזוי די־נאַמישע געזעלשאַפטלעכע טוערן גיטל מעלניק — קאַרש ע"ה — די ערשטע „וויצאָ"־פּרעזידענטין אין שטעטל און אַקטיווע טוערין פאַר תרבות־שולע.

אַ זייער טיכטיקער, געזעלשאַפטלעכער טוער איז אויך דער ה' שלום מעלניק, איצט אין דעם ראטנער רעליף־קאָמיטעט אין צפון־אַמעריקע (זיין ברודער שעפּסל מעלניק לעבט אין אַרגענטינע).



ר' אהרן משה מעלניק, דער אייגנטימער פון דער ערשטער גאַרבאַרניע.

אַ קליינע האָלץ־טאָקעריי, וואָס איז געווען אויף דער יאַטקע גאַס, האָט אויס־געאַרבעט אַלערליי קליינע מעבל־טיילן און שטוב און קיך־כלים, וואָס באַלעבאָסטעס אין יענע יאָרן האָבן נויטיק געהאַט.

באַזונדער האָט דער טאָקער ר' היים אויסגעאַרבעט אַזעלכע הילצערנע פּושקעס מיט דעקלעך, וואָס די פּויערים האָבן אין זיי געהאַלטן פּוטער און חזיר־פּעטס און מיטגעפירט מיט זיך אונטערוועגנס. די־אָ אויסאַרבעטונגען, ווי אויך אַנדערע, האָט ער אַרויסגעפירט אויף די ירידים. נישט קוקנדיק אָבער אויף זיין קליין־אינדוסטריע איז ער שטענדיק געווען אַ ביטערער אָרעמאַן. ס'וועט נישט איבעריק זיין צו באַ־מערקן דאָ, אַז ער איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. מיט זיין כמעט שטענ־דיקן שווייגן און מיט זיין מיסטעריעזן בליק פון זיינע דורכדרינגענדיקע אויגן, וואָס האָבן אַפּערגעקוקט פון אונטער דעם אַראָפּגערוקטן היטל, געפינענדיק זיך צווישן

אַלערליי געטאַקטע העלצער און סטריזשענעס — האָט ער אויסגעקוקט ווי דער משולח אין אַנסקיס „דיבוק״.

און ער האָט טאַקע אַמאָל אין אַ שיינעם טאָג פאַרלאָזט זיין ווערקשטאַט און זיך אַרויסגעלאָזט איבער די פויליש־יידישע שטעטלעך אַלס משולח פון אַ געוויסער ישיבה.

ס'איז אויך אין שטעטל געווען אַ קליינע הויז־אינדוסטריע פון פאַרשידענע ביינערנע קעמלעך. איינע איז געווען ביי ר' בערל מלמד, אָדער, ווי מ'האָט אים גע־רופן, בערל קעמלמאַכער. די צווייטע — אויף דער אַלטער שטאָט ביי איינעם קוציק (שמואלי קוציקס אַ זון). זייערע אויסאַרבעטונגען האָבן זיי פאַרקויפט די אַרטיקע קרעמער, ווי אויך אין דער פרעמד, באַזונדער פלעגן זיי די פּראָדוקטן זייערע אַרויס־פירן אויף די ירידים.

ס'איז אויך אין שטעטל געווען אַ פאַבריק פון סאָדע־וואַסער, וואָס ר' חיים־יוסף במעלער האָט געשאַפן און נאָך זיין טויט איז דאָס איבערגעגאַנגען צו זיין איידעם ר' שמעון יאַקאָבסאָן. די סאָדע־וואַסער פלעג מען אָנפילן און אַריינגיסן אין גרע־סערע קופּערנע און אויך אין קלענערע גלעזערנע באַלאָנען און זומער האָט מען אין די ספּעציעלע „בודקעס״ געקריגן פאַר אַ קאָפּיקע אַ קאַלטע גלאָז וואַסער מיט, אָדער אָן סאָק.

ס'איז אויך דאָרט געווען אַ קליינע האָלץ־פאַבריקאַציע — שינדלען די דעכער צו דעקן. צוויי אַזעלכע פאַבריקלעך זיינען געווען: איינע ביי ה' מאָטל רייכער, אָדער „טשערקאַס״, ווי מ'האָט אים דאָרט גערופן און די צווייטע ביי ה' אהרן כ״ץ אָדער „סיראַטשקע״.

זיי פלעגן אָפּקויפן ביי די וואַלד־סוחרים קלעצער, זיי צעשניידן און שפּאַלטן און מאַכן שינדלען. זיי פלעגן די שינדלען פאַרקויפן פאַרן שטאָטישן פאַרברויך און אויך אָפּשיקן אין אַנדערע ערטער. ס'איז דאָ כדאי אגב צו פאַרצייכענען, אַז אָט דער אהרן האָט געהאַט גרויסע מאַטעמאַטישע פעאיקייטן און ס'איז געווים פאַרלוירן געגאַנגען אין אים אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער. נישט קענענדיק רעכט שרייבן, פלעג ער אָבער מאַכן די שווערסטע און פאַרפּלאָנטערסטע מאַטעמאַטישע אויפגאַבעס על רגל אחת, פאַרשטייט זיך אויף זיין שטייגער. ער האָט אויך צונויפגעשטעלט אַ קליין ביכעלע פון אַ 10 זייטלעך, וואָס זיינען אַלע געווען פאַרשריבן מיט פאַרשיי־דענע ציפערן. ער פלעג דעם פאַראינטערעסירטן פרעגן, אויף וואָסער זייטל ס'גע־פינט זיך די־אָ סומע געלט, וואָס ער האָט אין דעם מאָמענט אין קעשענע. ווען יע־נער האָט אים נאָר אָנגעוויזן די זייטלעך, ווו דער ציפער געפינט זיך, האָט ער אים שוין גענוי געזאָגט די סומע.

## מלאכות

בעלי־מלאכות זיינען אין ראַטנע געווען פון אַלערלַיי פאַכן: מענער און פרויען־שניידער זיינען געווען אומגעפער פופצן. די בעסערע שניידער זיינען געווען די פאָלגענדע: אברהם טאָקער, לייבל חייט, און ישראל יאַנקל חייט, פאַר מענער און משה יאַנקל און זיין ברודער יהושע חייט, ווי אויך אבא פוקס פאַר דאַמען. אויסער זיי זיינען געווען צווייטקלאַסיקע שניידער און עטלעכע מאָדיסטקעס. אַלע זיינען זיי געווען זייער פיינע און אָרנטלעכע.

אַ גאַנץ יאָר, אויסער ווען ס'האָט זיך געמאַכט אַ חתונה, האָבן זיי געהאַט ווייניק אַרבעט. דערפאַר אָבער איז פאַר פסח ביי זיי געווען די בעסטע צייט. זיי זיינען דאַן געווען פאַרוואָרפן מיט אַ סך יידישער און אויך קריסטלעכער אַרבעט און האָבן

געהאַרעוועט פיבערדיק כמעט טאָג און נאַכט, כדי נאָכצוקומען און אויספאַרטיקן די באַשטעלונגען.

אין די יאָרן 1922-23 זיינען אויפגעקומען אין שטעטל געשעפטן פון פאַר־טיקע מלבושים ביי ר׳ יעקב שאַפּיראָ און קינדער און ר׳ אליהו יאַנאָוויטש און, יבדל לחיים, יודל קאַנישטשער (לעבט אין אַרגענטינע), וואָס האָבן שוין אַביסל פאַר־קאָנקורירט די שניידער. אויך שוסטער זיינען געווען נישט אין קיין קליינער צאָל פאַר אַזאַ קליין שטעטל, ווי ראַטנע. מ׳האָט זיי געקענט אָנציילן, גלויב איך, אַן אַנ־דערהאַלבן מנינים.



ר׳ אבא פוקס, זיין פרוי און קינדער, רעכטס שטייט
זיין איידעם מאָטל טאָקער (אַרגענטינע)

פון די שוסטער ספּעציאַליסטן זיינען געווען ר׳ יעקב באיאן מיט זיינע זין — ישראל איצי ע״ה און אים צו לאַנגע יאָר שמואלי (לעבט אין מעקסיקע). זיי האָבן אויפגענייט און אויסגעפּאַרטיקט אַ פּאָר שיינע מאָדערנע שיך. חיים דער שוסטער (פעלדמאַן) און זיין ברודער, און דער „אַמעריקאַנער״ שוסטער סאַנדיוק האָבן אויך גענייט גוט.

דערפאַר אָבער האָט ר׳ דוד שניידער מיט זיינע זין לייבל און שלמה, וואָס אויף דער אַלטער שטאָט, שוין געמאַכט טאַנדעט פאַר די פּויערים וועגן און האָבן זייער פּראָדוקט אַרויסגעפירט אויף די ירידים. ביי זיי איז שוין געווען אַ שיך־אינדוסטריע.

כדאי דאָ צו פאַרצייכענען, אַז אויף איינעם אַ שוסטער, נחום דעם טשעכס פאָ־טער, וואָס האָט געוווינט אַנטקעגן דעם גרויסן בית־המדרש, האָט מען אין שטעטל געזאָגט, אַז ער איז אַ ל״וניק. ער פלעג אַלע פרימאָרגן, כיאור נאָך, אַרויסגיין אונ־טער דער שטאָט און מאַכן אַ מין הקפות אַרום און אַרום. מ׳האָט געזאָגט, אַז ער גייט עם אַזוי אַרויס באַגעגענען משיחן...

בכלל זיינען די אַלע שטאָט-שוסטער געווען זייער פרומע און אָרנט־לעכע. נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה האָבן זיך אָבער אין שטעטל געעפנט עטלעכע שיך-געשעפטן: ביי ה׳ משה גינזבארג און ה׳ יעקב טריאנאָוו, וואָס האָבן זיי שוין שאָדן געבראַכט.

אויך זיינען דאָרט געווען דריי רימער: די ברידער זוסיע און אליעזר געלער און יאָסל דער רימער, אויב איך מאַך קיין טעות נישט, ר׳ משה דעם שמשס אַן איידעם. זיי פלעגן זייערע אויסאַרבעטונגען — די כאמעטעס און די אַלע פערד־באַפוצונגען — אַרויספירן אויף די ירידים.

היטלמאַכערס זיינען געווען די פאָלגענדע: ר׳ בערל פיינטיך מיט זיינע קינדער (אַ טאָכטער זיינע זעלדע ווינשטאָק, לעבט אין ארץ-ישראל), מענדל בלאַט, יאַנקל קאָנפער און מאיר חייט (געפינט זיך אין אַרגענטינע) ווי אויך פייוול ריטעס. ביי זיי איז דאָס געווען ווי אַן אינדוסטריע און די אַרטיקלען האָבן זיי אַרויסגעפירט אויף די ירידים.

דערפאַר איז בלויז געווען איין שטעפער (זאגאטאוושטשיק) אין שטעטל — יאַנקל עפּעלבוים. אים פלעגן די שוסטער גיבן די אַרבעט פון צוגרייטן כאָליוועקעס צו די באַשטעלטע שיך.

סטאָליערעס זיינען געווען פון פאַרשידענער קוואַליטעט. די איינציקע גוטע מעבל-סטאָליערעס זיינען געווען יצחק הירש באַרג מיט זיינע דריי זין — פנחס, אברהם און אלי בער (אַלע דריי לעבן אין ניו-יאָרק. אגב, ה׳ פנחס בארג איז פּרעזידענט פון ראַטנער רעליף-קאָמיטעט דאָרט). די איבעריקע סטאָליערעס, ווי אברהם וויסבלאַט, ישראל דוד און חיים שיינעס א״א האָבן געמאַכט טירן, פענצטער און דילן.

טעסלערס, וואָס האָבן געבויט שטיבער, זיינען אין ראַטנע געווען די קוציקס, אויף דער אַלטער שטאָט, אליהו ווײַנער און זין, די רויטשילדס, אויפן שאָסיי א״אַ. זיי, ווי אויך די מוליערס, צווישן וועלכע ס׳זיינען געווען איצל דער בלינדער, וואָלף לייב טערנעבליט א״אַ. — זיינען געווען גרויסע קבצנים, ווייל ווינטער-צייט האָבן זיי איבערן שלעכטן וועטער נישט געהאַט קיין אַרבעט.

סטעלמאַכערס זיינען דאָרט געווען חיים ווײַסבלאַט און בנציון סטעלמאַך אויף קריוואַוליצע. זיי זיינען שוין געווען אין אַ בעסערער לאַגע, זיי האָבן געהאַט כמעט שטענדיק אַרבעט און געאַרבעט האָבן זיי דערצו אינעווייניק, אין זייערע וואַר־שטאַטן. אויך די שינדלמאַכער, ווי ר׳ אליהו כ״ץ (זיין זון יוסל לעבט אין אַרגענ־טינע), אברהם און זיין זון משה רייכער (טשערקאס) א״אַ, האָבן געאַרבעט ווינטער אינעווייניק, אין אַ בנין און האָבן געהאַט כמעט שטענדיק אַרבעט.

ס׳זיינען אויך געווען אין שטעטל באַשלעגער, וואָס האָבן געדעקט די דעכער מיט שינדלען. אַזעלכע זיינען געווען ר׳ יעקב שוסטער פון שול-גאַס און זיין זון מאָטל און אַנד. בלעכערס זיינען אין שטעטל געווען צוויי — ר׳ יצחק הירש ראַג און אָשר דרוק. אַ גאַנצן ווינטער האָבן זיי געאַרבעט אין וואַרשטאַט ביי פאַרשיידענע בלע־כענע כלים, פאַר פסח האָבן זיי געווייסט די פענדלעך פאַר פיש און אויך אַנדערע כלים, וואָס האָט זיי איבערגעלאָזט אַ נישקשהדיקן פאַרדינסט. זומער-צייט האָבן זיי געפאַרבט בלעכענע דעכער. ר׳ יצחק הירש ראַג ע״ה איז געווען אַ טייערער ייד, אַ למדן און זייער אַן ערלעכער, אויך אָשר דער בלעכער איז געווען אַ ווילער ייד.

קצבים זיינען אין שטעטל געווען אַ מנין. די הויפּט קצבים זיינען געווען: כאַסיע טייטעלבוים, ר׳ הירשל חייט מיט זיינע זין, ר׳ וואָלף, ר׳ חיים יוסף און ר׳ אברהם יצחק („ונצעק”, ווי מ׳האָט אים גערופן), ר׳ בערל דער גראָבער פון יאַטקע גאַס, ר׳ בערל טערנעבליט, יאָסעלע רייצעס, ר׳ יוסף מאַראַנץ, אברהם געלער

קאַקטיק (זיין טאָכטער לעבט אין בראַזיל) און יאַנקל חייט (זיין טאָכטער איז אין ארץ-ישראל).

זומער-צייט זיינען זיי כמעט אַרומגעגאַנגען לײדיק, באַזונדער אין די „דריי וואָכן”. זיי האָבן מערסטנטייל געשאָכטן נאָר אויף שבת. ווינטער, ווען ס'זיינען אויפ-געקומען די שעפּעלעך, האָבן זיי אַמאָל אויך געשאָכטן אין דער וואָכן. צווישן זיי זיינען פונדעסטוועגן געווען פאַרמעגלעכע, ווי יאָסעלע רייצעס.

**די שווערע אַרבעטער** זיינען ביי אונדז געווען די טראַטשעס. קיין טאַרטאַק איז דאָן אין שטאָט, ווי אויך אין די אַרומיקע שטעט, נאָך נישט געווען און ברעטער, ווי אויך די „אבּרוסען” פון פאַרשידענע מאָסן און גרייסן אויף צו בויען שטיבער האָט מען גע-דאַרפט. האָבן זיי, די טראַטשעס, מיט זייער שווייס און שווערער אַרבעט דאָס צו-געשטעלט. זיי האָבן מיט ספּעציעלע גרויסע זעגן צעזעגט די גרעסטע און שווערסטע קלעצער, לויט די אָנגעצייכנטע מאָסן. איינער איז געשטאַנען אין דער הויך אויף דעם קלאָץ, וואָס איז געלעגן אויף אַזעלכע הויכע „קאָזלעס”, און געשטופּט די זעג אַראָפּ און אַנדערע צוויי אונטן האָבן זי געצויגן צו זיך.

זיי האָבן זייער שווער און ביטער געאַרבעט און געהאָרעוועט און אין סך-הכל האָבן זיי פאַרדינט אויף לחם צר ומים לחץ, טאַקע פּשוט אויף ברויט און וואַסער. **מיט אָט דער אַרבעט** האָבן זיך אָפּגעגעבן ר' מאַטעס „בעליאבע”, ר' איצל דער טראַטש און ר' הירש בער בלאַושטיין (האָט אַ זון אין אַרגענטינע).

דערפאַר זיינען די קאָוואַליעס, וואָס האָבן אויך געאַרבעט שווער, געווען אין אַ בעסערן עקאָנאָמישן צושטאַנד. זיי האָבן ראשית געאַרבעט אינעווייניק, אין די קוז-ניעס, און האָבן אויך בעסער פאַרדינט. צווישן זיי זיינען געווען ר' בנימין און ר' חיים הירש מאָרדער אויף דער קאָוואַלס גאַס, זייער ברודער יואל, אַ בלינדער אויף אַן אויג, וואַרשיינלעך פון אַ פונק פייער, זיין זון נתן, ר' מאיר דער הירניקער און ר' לייבקע האָכמאַן און זון.

אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער ראַטנער עקאָנאָמיק זיינען געווען די בעלי-עגלות, זייענדיק די איינציקע אין יענע יאָרן פאַרבינדלער צווישן דעם שטעטל און די צוויי גרויסע שכנישע שטעט — בריסק און קאָוולע. זיי זיינען געווען די צושטעלער פון אַלע לעבנס-פּראָדוקטן און אַלערליי אַנדערע שפּייזן פון די אויבנדערמאָנטע ביידע שטעט. אין אַ געוויסן זין האָבן זיי אויך אויסגעפירט די ראָל פון קאָמיסיאָנערן פאַר אַ טייל נישט-פאַרמעגלעכע קרעמער, וואָס האָבן נייטיק געהאַט סחורה, אָבער נישט געהאַט קיין מזומן, באַנוצנדיק זיך פאַר זיי מיט די געלטער, וואָס זיי האָבן אָפּגעלייזט פאַר געוויסע צוגעשיקטע סחורות קיין קאָוולע און בריסק.

בעלי-עגלות זיינען אין שטעטל געווען אַן ערך 15. פון זיי -- האָדעל קאַטלער, אַ פרוי אַן אלמנה, וואָס האָט געהאַלטן אַ מענטשן, אַ אָנטרייבער, איר זון ר' אליהו קאַטלער, ר' מאיר מילשטיין און זיין זון אָשר און ר' מאיר טולער, — זיינען געפאָרן איין מאָל אין וואָך, צוליב דער ווייטערער שטרעקע, קיין בריסק. ווידער, ר' יעקב לייב סאלאָפּ מיט זיינע זין, די „חודשלעך”, מאיר מאַסטישטער („פאַרשטערניש”), זרח האָכשטיין, אליהו קאָהן און יצחק הירש קאַטלער (אַ געוועזענער שניידער) — זיינען געפאָרן קיין קאָוולע, כמעט שטענדיק צוויי מאָל אַ וואָך. די מערסטע שפּייזן און סחורות האָט מען געליפערט פון דער נאָענטער קאָוולע, ווייל צוליב דער קלע-נערער שטרעקע זיינען „געפאַלן” ווייניקער הוצאות אויף דער סחורה. ס'זיינען אָבער געווען אַ סך אַרטיקלען, וואָס זיי האָט געלוינט צו קויפן אין בריסק. און געפאָרן זיינען די בעלי-עגלות מיט די גרויסע בוידן אויף די גרויסע שווערע ברוקעס מיט צוויי „פליגלען” פון ביידע זייטן (פריגלען).

די בעלי-עגלות זיינען געווען פרומע און רעליגיעזע מענטשן. זיי פלעגן דאַווע-

נען ביים ערשטן מנין כאור און קומען צו מנחה־מעריב הערן אמאָל אַ יידיש וואָרט פון אַ לערנער אָדער אַ בעל־דרשן. זיי האָבן געהאַט זייערע זיץ־פּלעצער ביים בית־המדרש — שלחן.

און איינמאָל, ווען אַ פיפיקער בעל־דרשן האָט אין זיין דרשה דערציילט וויי־נענדיק אַ מעשה, וועגן דעם פאַרשוועכטן און צעבראָכענעם קבר פון אונדזער מוטער רחל אין ארץ ישראל און האָט דערום געפּאָדערט ביים עולם צוהערער געלט אויף דעם, כדי אים צו פאַרריכטן, — איז דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָפּגערופן, גע־ווען משה טולער דער בע״ג, מיט אַ גילדן פינפערל...

זיי האָבן אויך אָפּטמאָל פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד, ווען ס'פלעגן אויס־ברעכן בונטן אויף די יארידים קעגן די יידישע קרעמער און געוויסע שטעלעס דאָרט. ס'זיינען אויך געווען צוויי בעלי־עגלות, וואָס האָבן בלויז געפירט פּאַסאַזשירן צו דער נאָענטער באַן־סטאַנציע, זאבלאטיע — יודל „קאצעמאניעס״ (באָקסער) און משה פרימעס.

טרעגערס זיינען געווען פיר. יאַנקל „הודש״, אַ געוועזענער בעל־עגלה, יוסל מאיר זאביצקע און אברהם „בעזדער״ און הירש בענדעק (זיין יי״ב, בענדעטשעכע ווי מ'האָט זי גערופן, האָט אים כמעט שטענדיק באַגלייט אין זיין אַרבעט און ווי נאָר ער האָט געקריגן באַצאָלט פלעג זי ביי אים צונעמען די עטלעכע גראָשן. אַחוץ דעם האָט זי אים צוגעהאָלפן אַביסל צו דער פרנסה: געוויסע פאַמיליעס אין שטעטל, ווו די קינדער האָבן זיך נישט „געהאַדעוועט״, האָבן איר פאַרקויפט ד״ה איבער־געגעבן אין איר רשות זייערע „ציטערדיקע״ קינדער און זי פלעג קריגן דערפאַר עט־לעכע רובל אין אַ סך מתנות אין משך פונעם יאָר. אַזעלכע „אויפקויפערינס״ זיינען אויך געווען ראובנעכע די שוסטערקע א״אַ). זיי האָבן זייער שווער געאַרבעט אין די ראַטנער בלאָטעס און דאָך האָט זיי שטענדיק צוגעפעלט צו חיונה.

ס'איז אויך געווען אין ראַטנע אַ קאַמפּאַניע כלי־זמר, כמעט אַלע פון איין פאַ־מיליע. דער ערשטער און עלטסטער, רבי אביגדור, וואָס האָט דערגרייכט אַ טיפע עלטער פון הונדערט יאָר, האָט געשפּילט אויף אַ קליין בעסל, אָבער האָט נישט גע־קענט קיין נאָטן. דערפאַר האָט זיין איידעם, ר' מיכל שפּילמאַן פון שטעטל ליבע־שויוז, שוין געקענט זייער גוט נאָטן און איז געווען איינער פון די בעסטע מוזיקער. ער האָט עס אָרגאַניזירט אַן אייגענע קאַפּעליע, וואָס איז באַשטאַנען פון אים, זיין שווער ר' אביגדור, ר' הירשל, זיין זון, ר' געצל און ר' ישראל יאַנקל זיינע אייניקלעך.

זיי פלעגן שפּילן אויף חתונות ביי יידן און אויך אויף בעלער ביי קריסטן. מערק־ווירדיק איז, וואָס זיי פלעגן ביי קריסטן זיצן מיט יארמולקעס אויף די קעפּ און גאָר־נישט טועם זיין, אויסער נים און פרוכטן. אויף די חתונות ווידער האָבן זיי נישט געקוקט אויף די נשים. זיי זיינען געווען פּשוטע יידן אָבער זייער פרומע און ערלעכע.

נאָך זייער טויט האָט די קאַפּעליע אָנגעפירט ר' איצל שפּילמאַן, ר' מיכלס אַ זון (האָט קינדער אין ארץ־ישראל) און זי איז שוין באַשטאַנען פון קינדער פון די אויבנדערמאָנטע „כלי זמר״, צווישן זיי אהרן יהושע קאנישטשער א״אַ.

## כלי־קודש

גאָר אַ באַזונדערע און קליינע „קאסטע״ זיינען אין שטעטל געווען די „כלי קודש״: די רבנים, שוחטים, שמשים, סופרים און מלמדים.

פאַר מיין עפּאָכע, זינט איך געדענק זיך, זיינען אין ראַטנע סוף 19טן און אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט געווען צוויי רבנים, געבוירענע אין שטעטל — ר' יאַנקעלע און ר' יוסף לייבעלע ז״ל, אַ פאָטער מיט אַ זון. דער ערשטער, ר' יאַנקעלע ז״ל איז גע־

זוען אַ גרויסער למדן, אַ בעל־מדות און ירא־שמים, אָבער געווען אויך אַ וועלטלעכער מיט אַ סוחרישן „שניט". דער זון, ר' יוסף לייבעלע ז"ל, איז אויך געווען אַ גרויסער למדן און אַ הריף דערצו, יומם ולילה געזעסן און געלערנט, אָבער שוין אַ איש תם וישר, געווען אויסגעטאָן אינגאַנצן פון דער וועלט מיט אירע הבל הבלים. אין שטאָט האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן צדיק און בעל־מופת. ר' יוסף לייבעלע ז"ל איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרס"ג.

דער טאַטע מיטן זון ליגן אין אַ באַזונדערן „אוהל", אויפן נייעם הייליקן אָרט, כמעט ביים אַריינגאַנג. די אַלע שטאָט־מענטשן, וואָס פלעגן קומען אַהין, האָבן צום ערשטן באַזוכט דעם „אוהל" און אַנדערע האָבן אפילו איבערגעלאָזט „קוויטלעך", בעטנדיק אין זיי אויף געזונט און פרנסה. נאָך זיין פטירה, איז צוליבן מחלוקת, וואָס איז דאַן אין שטעטל אויסגעבראָכן, געווען שוין צוויי רבנים. איינער אַ טריסקער, אַריינגעשיקט דורך דעם טריסקער רבין ר' יעקב לייבעלע ז"ל און דער צווייטער אַ ליטוואַק, צוגענומען געוואָרן פאַר אַ דיין פון דער שטאָט — ר' שלמה טוביה פרידלענדער ז"ל.

דער לעצטער, נאָכן אַוועקפאָרן פון דעם טריסקער דיין, איז שוין פאַרבליבן דער איינציקער מורה הוראה אין שטעטל ביזן לעצטן חורבן.

ר' שלמה טוביה ז"ל איז געווען אַ למדן און בקי און צו גלייכער צייט אַ גרויסער דרשן. נאָך עד־היום זיינען מיר פריש אין געדאַנק זיינע שיינע דרשות, אין דער ערשטער צייט פון זיין אָנקומען אין שטעטל, זייענדיק נאָך דעמאָלט אַליין פון די לערנער אין דעם גרויסן בית־המדרש. ער פלעג אָנוואַרפן אַ שלל מיט מאמרים און סוגיות פון ש"ס, אָפּפרעגנדיק פון איינעם אויפן צווייטן — אַן אמתע מלחמה אויפשטעלן. ער האָט אין דעם, געדענקט זיך, אַריינגעצויגן אויך דעם רמב"ם און אַנדערע מפרשים און צולעצט אָבער שלום געמאַכט צווישן אַלע. קיין באַשטימטע שכירות האָט ער פריער נישט געהאַט אין שטעטל, ער פלעגט לעבן טיילוויז פון די דין־תורות, פון ערב פסחדיקן מכירת המץ, וואָס די באַלעבאַטים האָבן אים דאַן מהנה געווען מיט גרעסערע סומעס און פון די התונות, געבנדיק חופה וקדושין.

אין יאָר 1929 האָט אים שוין די דעמאָלטיקע קהילה באַשטימט אַ געוויסע שכירות. שוחטים זיינען געווען שטענדיק צוויי אין שטעטל — יעדער איינער האָט געהאַט זיין וואָך. ווען ס'האָט אַמאָל אויסגעבראָכן דער מחלוקת צווישן די צוויי רבנישע הויפן — דעם נעסכיזשער און טריסקער — האָט יעדער הויף אַריינגעשיקט זיינעם אַ חסיד פאַר אַ שוחט אין שטאָט. דער נעסכיזשער ז"ל האָט דאַן אַריינגעשיקט דעם אַזוי גוט באַקאַנטן למדן און גרויסן פרומען ייד ר' שלמה יואל כהן ז"ל, אַ ייד מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען און אַ שיינער בעל־תפילה. דער טריסקער מגיד ז"ל האָט באַשטימט זיינעם אַ חסיד פון ראַטנע גופא, ר' אייזיק געלער ז"ל, אויך אַ ייד אַ למדן, אַ כתבא רבה און זייער אַ פרומער.

נאָך פאַר זיין לעבן איז געוואָרן שוחט, אַלס ממלא מקומו זיין זון ר' אברהם ז"ל, אַ גרויסער למדן, גוטער בעל־תפילה און שיינער בעל־מנגן. ער איז אָבער אין יום־כפור צו „כל נדרי" אין יאָר תרנ"ג, ווען אין שטעטל האָט געווילדעוועט די כאָלערע, ביים עמוד פלוצים קראַנק געוואָרן און איז שפּעטער געשטאָרבן. אים האָט דאַן פאַרטראָטן זיין ברודער ר' יהושע ז"ל, אויך אַ ייד אַ תלמיד־חכם און בעל מנגן (זיינע זין בצלאל געלער און ברוך לעבן אַלס שו"ב'ים אין דענוווער קאלא) נאָך זיין טויט האָט אים פאַרטראָטן זיינער אַן איידעם ר' אלתר אלס שו"ב אין שטעטל שוין ביזן חורבן.

פון דעם צווייטן צד ווידער האָט אַלס שוחט ומוהל, נאָכן טויט פון ר' שלמה יואל ז"ל איבערגענומען זיינער אַ זון, דער למדן און זייער ערלעכער ייד ר' אברהם

ז״ל. אים האָבן אין יאָר תר״פ די מערדער באַלאַכאָווצעס ערב ראש השנה דערשאָסן. (זיין פרוי דאבע, קינדער, גיטל, נח ברכה און שלמה געפינען זיך אין אַרגענטינע). מצד דער חשובער אלמנה דאָבע כהן האָט דער זון, דער זייער אָרנטלעכער און ערלעכער ר׳ מרדכי כהן ז״ל פאַרנומען זיין טאַטנס חזקה און געוואָרן שוחט ומוהל ביז דעם שרעקלעכן חורבן, ווען ער צוזאַמען מיט אַלע ראַטנער און זיין משפחה בתוכם זיינען פון די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן.



שו״ב ר׳ מרדכי דוב כהן

שמשים זיינען אין שטעטל געווען צוויי — ר׳ משה שמש (זיינע אייניקלעך, זעליק און אביגדור, געפינען זיך אין נאָרד־אַמעריקע און זיינען מיטגלידער אין „ראַטנער רעליף קאָמיטעט״) און חיים טאָפּאָלאָווסקי. זיי האָבן געהאַט אַ געוויסע שכירות און אויך הכנסה פון געוויסע באַלעבאַטים, וואָס פלעגן זיי פון צייט צו צייט מהנה זיין מיט עטלעכע מטבעות. ווען ר׳ משה איז געשטאָרבן איז געוואָרן שמש אויף זיין אָרט ר׳ שלום דער שניידער. די אַלע אויבנדערמאָנטע שמשים זיינען געווען טיפּן פון אַמאָליקע ערלעכע יידן און גרויסע יראי־שמים. סופרים זיינען דאָרט געווען צוויי — אהרציק העלער, ר׳ אייזיק דעם שוחטס אַ זון. ער איז דערצו געווען אַ גרויסער בעל־מנגן און גוטער בעל־תפילה. דער צווייטער ר׳ הילצע, אַ טריסקער חסיד און אויך שפּעטער ר׳ אביגדור האָרענשטיין ע״ה, א מאציווער, וואָס האָט חתונה געהאַט קיין ראַטנע.

מלמדים זיינען אין שטעטל געווען לערך אַ 15, אָנהייבנדיק פון די דרדקי מלמדים — זעליק דער גלייכער, זעליק דער קרימער, מנחם דער מלמד און ענדיקנדיק ביי די גמרא מלמדים, ווי ר׳ יצחק ישראלס (כהן), (זיינע זין, הירשל, אליהו און ישראל געפינען זיך אין אַרגענטינע. אברהם יעקב און זעליק מאיר אין נאָרד־אַמעריקע), ר׳ אליעזר האלישאנקער, ר׳ יעקב פראסמאן, ר׳ נחמיה האַכשטיין א״א און דער גרעסטער פון זיי — ר׳ נתן דוד האלישאנקער ז״ל.

***

ס׳זיינען אָבער אין משך פונעם יאָר אויך געווען אַ סך דאָרע טעג אין שטעטל, דער אַזוי מאָדערן־אָנגערופענער „אוגערקעס סעזאָן״, דער הייסער זומער, ווען דער

פויער געפינט זיך א גאנצן טאג אויפן פעלד און די ארבעט ביי אים „ברענט" ממש אונטער די הענט. דאס שטעטל האט דאן, אין די עטלעכע מאנאטן, איבערגעלעבט א שלעכט שטיקל צייט, א קריזיס. מענטשן האבן כלל נישט פארדינט אויף חיונה. דער בעל-מלאכה איז געזעסן אין שטוב אן שום ארבעט. די קרעמער זיינען געזעסן אויף די בריקלעך, פאר זייערע געשעפטן און געגעניצט, אויסקוקנדיק אויף א קונה, ווי אויף משיחן. בכלל איז מסחר דאן געווען שטארק געשלאגן און די סוחרים פון אלע בראנזשעס האבן איבערגעלעבט א שלעכט שטיקל צייט. אין אזעלכע קריזיס-טעג פלעג ביי א סך יידן אין שטעטל געבוירן ווערן דער געדאנק פון אויסוואנדערן מעבר לים.

באזונדער האבן דעם וואנדערשטעקן אין האנט גענומען די בעלי-מלאכות און קליינהענדלער און געפארן זוכן „גליקן" אין דעם גאלדענעם לאנד אמעריקע, קאנאדע, ענגלאנד ווי אויך אין דעם נייעם עמיגראציע לאנד — ארגענטינע.

די ערשטע עמיגראנטן, וואס זיינען געפארן קיין נארד-אמעריקע זיינען געווען ר' שמעיה מרדכי לייבס ע"ה (ער איז געווען דארט אמאל 6-7, ער איז געפארן אהין און צוריק), בערל און שמואליק קאנישטשער. די פאמיליעס קנאבעל און לארבער, ר' וועלוול העלער, שוחט אין דענוועד, בערל כאנצעס (קאהן) (פון די ערשטע פיאנערן אין דער השכלה-עפאכע אין ראטנע און איינער פון די אקטיווסטע טוער איצט אינעם ראטנער רעליף-קאמיטעט אין נארד-אמעריקע פאר דעם ראטנער יזכור-בוך), א"א און קיין לאנדאן זיינען געווען פון די ערשטע שמואליק און לייבע רויטענבערג, ברידער פון רבקה טאקער (וווינט אין ארגענטינע), ר' דוד עלבוים ע"ה און יאנקל אסאווסקי (קלמן קצבס זון) און מאיר לייב ווידריטש. די מענער זיינען פריער אליין געפארן אין די ווייטע לענדער, האבן דארט שווער און ביטער געארבעט, נישט קענענדיק די לאנד-שפראך און דארטיקע לעבנס-מנהגים, האבן זיי אבער צוגעשיקט יעדן מאנאט זייערע פאמיליעס אביסל געלט צו דערהאלטן זיך און אזוי ארום האט זיך אין שטעטל אויסגעבילדעט א נייער קלאס — „אמעריקאנקעס". יעדן מאנטיק און דאנערשטיק, טעג, וואס מ'האט אין דער שטעטלדיקער פאסט צעטיילט די בריוו, ווייל קיין בריווטרעגער איז נאך דאן נישט געווען, זיינען שוין די אמעריקאנקעס געווען די ערשטע דארט, אויסקוקנדיק א בריוו פונעם מאן און אמאל א פאקעטל מיט די רויטע טריוואקס „פעטשאטן". זיי זיינען אזוי לאנג אין פאסט געגאנגען ביז יענעם גליקלעכן טאג, ווען ס'איז זיי אנגעקומען פון די מענער שיפסקארטן מיט געלט אויף הוצאות און זיי זיינען אויך אין דעם אויסגעטרוימטן גאלדענעם לאנד אוועקגעפארן.

און שיין איז געווען די „לעבעדיקע" לויה, וואס דאס שטעטל האט זיי איינגעארדנט ביזן שאסיי צו דער גרויסער בריקע, וואס האט אויף זיי דארט געווארט. ס'האבן נישט געפעלט קיין טרערן, אבער אויך נישט ווייניק קנאה ביי די איבערגעבליבענע אין שטעטלע.

## די גרויסע שול

דאס ארימע, בלאטיקע שטעטלע ראטנע האט פארמאגט א שול, וואס גרויסע שטעט האבן איר אויף דעם מקנא געווען. ס'איז געווען אן אמת-פראכטפולער היכל ד', ממש א בית-מקדש מעט. עס זיינען דארט געווען אזעלכע קונסט-ארבעטן און שניצערייען, אז די אלע פרעמדע צורייזנדע, וואס זיינען געקומען אפט אנקוקן איר האבן געשטוינט און נישט געקענט זיך אפלויבן פון זיי.

געשטאנען איז די שול פונקט אין צענטער צווישן אלע איבעריקע בתי-מדרשים און שטיבלעך. זי מיט אירע צוגעבויעטע פליגלען פון ביידע זייטן האט

פארנומען כמעט א קווארטאל און האט זיך הויך־מאיעסטעטיש אויפגעהויבן מיט אירע פיר שטאק. דער אויסנווייניקסטער אויסזען אירער, דער פאסאד, איז גראד נישט געווען אזוי צוציענדיק. גאר אין דער הויך האט זי געהאט א סך פענצטער און איז געווען געדעקט מיט בלעך געפארבט גרין.

לאנגע און ברייטע טרעפ האבן ארויפגעפירט פון שול־הויף אין א גרויסן פאליש, וואס האט געהאט פון ביידע זייטן צוויי קליינע, סעפאראטע שולעכלעך, אדער, ווי מ'האט זיי גערופן, „השכמות" (וואס וויל זאגן מקדים זיין זיך, מסתמא, דאווענען) ווו ס'האבן געדאוונט די סטובעכוועער און ליבעשויער חסידים. באלד ווי נאר מ'האט אויפגעעפנט דעם גרויסן ווייס־געפארבטן טויער, וואס איז געמאכט געווארן ווי א בויגן, איבער וועלכן ס'האט ארויסגעגלאנצט מיט גרויסע אותיות יעקב אבינוס אויסרוף: „מה נורא המקום הזה", האט זיך פאר די אויגן פונאנדערגעוויקלט א שיינע הערלעכע פאנאראמע פון יקר־המציאותדיקע קונסט־ווערק און זעלטענע ארכיטעקטאנישע שניצערייען. מ'איז נאך מער אראפ אין שול עטלעכע טרעפ נידעריקער און אנגעשטויסן זיך אויף א הויכן, שיינעם בעלעמער, אויף וועלכן מ'איז ווידער ארויף אויף טרעפלעך פון זיינע ביידע זייטן און איבער וועלכן ס'איז אויף דיקע שטריק געהאנגען א זעלטן שיינער, פול מיט קונסט - ארבעט הענג־לייכטער אין געשטאלט פון א גרויסן באר מיט 386 רערן, געמאכט ווי לעבעדיקע בלומען. געפארבט איז ער געווען ווייס־בלוי, אלץ פון האלץ געשניצט מיט דער האנט און אנגעצונדן האט מען אלע ליכט אין אים שבת בהעלותך און צו דוד המלכס יארצייט, דעם צווייטן טאג שבועות. אנטקעגן אויף מזרח־זייט האט זיך אויפגעהויבן א פרעכטיקער קונסט־ארון קודש מיט אזעלכע קינסטלערישע שניצערייען און ווונדערלעכע ארנאמענטן, אז ס'האט ממש דאס אויג פארכאפט. צום ארון־קודש איז מען ארויף מיט טרעפ און פון דארטן ביז דער סאמער הויך פונעם סופיט האט ער פארגעשטעלט די דריי כתרים — כתר תורה, כתר מלכות, מיט צוגעפאסטע דערצו ארנאמענטן און צו לעצט די כתר כהונה מיט די צוויי אויסגעשטרעקטע הענט פון אהרן הכהן ווי צום דוכנען. דער שיינער, טיף־געמאלטער סופיט ווידער, אין דער גאנצער לענג און ברייט א געוועלבטער און אוואלארטיקער, איז געווען באדעקט מיט אלערליי קונסט־געמעלן און ווונדערלעכע באפוצונגען. ס'זיינען דארט געווען שיין און קינסטלעך אויסגעמאלן אלערליי פארצייטיקע און נייע מוזיק אינסטרומענטן, לויטן קאפיטל אין תהלים: „הללויה בתקע שופר, הללויה בתוף וכנור, הללויה במנים ועוגב..." אביסל נידעריקער ארום און ארום זיינען אויך געווען קינסטלעך געמאלן די 12 מזלות פון יאר. די ווענט, געמאכטע פון פעסטע און דיקע האלץ, זיינען געפארבט געווען ווייס. אויף מזרח־זייט, פון ביידע זייטן ארון קודש, זיינען אויף דער וואנט געווען געמאלן דער שור־הבר מיט זיינע שיינע גרויסע הערנער און דער גרויסער לויתן מיט זיינע לאנגע פליס פעדערן. פון ביידע זייטן ארון קודש, וויטער צו אין חלל פון דער שול, נאענט פונעם גרויסן בעלעמער, זיינען געשטאנען אויסגעבויטע צוויי גרויסע קוואדראטנע זאמד קאסטנס, ארומגערינגלט פון אלע פיר זייטן מיט זיץ־פלעצער. דארטן האט מען יום־כפור און ראש־השנה ארייננגעשטעלט די גרויסע וואקסענע ליכט. די ווייבער־שולן זיינען געווען אויבן און אויך אונטן. אויבן — אפענע צו דער גרויסער שול און אונטן — מיט שמאלע און לאנגע פענצטערלעך, וואס האבן ארייננגעקוקט אין דער מענער שול. אויף דער דרום־וואנט צו מזרח צו איז א גאנץ יאר אין א ווייס זעקעלע געהאנגען א מצה, וועלכע מ'האט אלע פאר פסח איבערגעביטן, אלס אן „עירוב־חצרות".

דער עירוב, וואס יידן האבן געמאכט אין יענע צייטן, האט באטייט א פאראיי-

ניקונג פון שכנישע שטיבער, כדי מ׳זאָל קענען שבת איבערטראָגן זאַכן פון איין שטוב אין דער צווייטער.

אונטער די טרעפּ, וואָס האָבן פון דער זייט שול צום ביהמ״ד צו אַרויפגעפירט אין דער הויך צו דער ווייבערשער אָפּטיילונג, איז געווען די שטאָטישע „גניזה״ — אַ גאַנצער אוצר פון אַלטע „שמות״ און צעריסענע ספרים, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט אַהין אַוועקטראָגן באַהאַלטן. אַמאָל, גראָבנדיק זיך אין דעם ים פון „שמות״, האָב איך געפונען דאָרט אַ קליין צעריסן ספרל פון פילאָסאָפישן אינהאַלט פון רמב״ם.

די שול האָט געהאַט איר יאָר-חזן איינעם ר׳ משה לאבוש. אַ גאַנץ יאָר פלעגט ער נאָר דאַוונען אַ שבת „מברכין״, אויך אין די אַלע ימים-טובים — מוסף. אין די ימים נוראים אָבער, ראש-השנה און יום-כפור, האָט ער געדאַוונט מיט אַ גרויסן כאָר כמעט אַלע תפלות. ער האָט זייער גוט געקענט נאָטן און האָט פאַרפאַסט אַ סך שיינע אייגענע נגונים, וואָס מ׳זינגט זיי עד-היום צווישן די חסידים. ער פלעגט קריגן אַלס שכירות דריי רובל אַ וואָך פון די הייזער, וואָס ר׳ מאיר שמואל מאַרדער, אַלס שטאָט-סטאַראָסטע, האָט דאָס געהאַט פון דער שטאָט ווי אַ מאָנאָפּאָל. אין די ימים-נוראים האָבן אין שול געדאַוונט, צווישן מענער און פרויען, עטלעכע הונדערט פּערזאָן. ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, האָט מען געדונגען אַ מנין דאָרט, כדי נישט איבעררייסן דאָס דאַוונען אַ גאַנץ יאָר אין שול. קיין הרובע, אַזוי ווי אין די איבעריקע בתי-מדרשים אוים רעספּעקט צו דער הייליקייט, איז דאָרטן נישט געווען, איז דערפאַר ווינטער דאָרט קאַלט געווען. שבועות האָט מען דעם בעלעמער פאַרפּוצט מיט אַ סך גרינעביימער אַזוי, אַז ס׳האָט אויסגעזען, ווי אַ קליין גרין וועלדל.

אַלע שטעטלדיקע חופּות האָט מען געפירט מיט מוזיק צו דער שול. ס׳איז אויך געווען אַ אַלטער מנהג צו פירן די „מטה״ מיטן בר-מנין אַהין, אַרומפאָרן מיט אַ הקפה אַרום און אַרום די שול און דערנאָך מאַכן אַן „אל-מלא״.

אין די אַלטע צייטן, שמחת תורה פאַרנאַכט, ווען דער „עולם״ האָט זיך בים-לעכוויז אָנגעהויבן אויסטשוכען פון דעם קידוש, וואָס דער גבאי האָט זיי געגעבן ביי זיך אין שטוב, און די וואָכעדיקע זאָרג פון „מה נאכל״ האָט זיך צוריק געשטעלט פאַר זייערע אויגן און אָנגעהויבן פּיקן אין קאָפּ — האָט זיך דאַן דער אַביסל נאָך בגילופנדיקער און פריילעכער יונגערמאַן מאָטל מאַטעס דעם טראַטשס איידעם אַרויפגעדראַפּעט אויפן שפּיץ הויכן לייטער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער שול אין דרויסן און האָט אויסגערופן ביליקע פּרייזן אויף אַלע לעבנסבאַדערפענישן, ווי קאַרטאָפל, ברויט, קרויט, האָלץ און סיטשקע פאַר די בהמות. דער „עולם״, וואָס איז געשטאַנען אונטן, האָט ביי יעדער ביליקער פּרייז, וואָס מאָטל האָט באַשטימט אַ שטייגער אַ קאָפּיקע אַ פּוד קאַרטאָפל א. א. — נאָכגעשריען מיט אַ הויך קול: אמן!

אינטערעסאַנט איז, אַז אַפילו צווישן די מעשיות, וואָס קינדער האָבן זיך דער-ציילט האָט אויך די שול פיגורירט. אַזוי פלעגן זיי זיך דערציילן, אַז נאָך 12 ביינאַכט קומען די מתים אין שול דאַוונען און לייענען אַפילו אין ספר תורה. און איינמאָל, האָבן זיי דערציילט, איז אַ לעבעדיקער ייד אַדורכגעגאַנגען פאַרביי דער שול נאָך 12 ביינאַכט, האָבן אים די מתים אינעווייניק אויפגערופן צו דער תורה. ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט — אַריינגעגאַנגען אינעווייניק און איז עולה תורה געווען, אָבער גאַנץ פרי האָט מען אים דאָרט געטראָפן אַ טויטן.

אַלטע לייט פלעגן דערציילן, אַז איינמאָל האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אַ ייד, א נידעריקער און אויסגעדאַרטער, וואָס האָט גיכער אויסגעקוקט ווי אַן אָרימאַן. ער איז אַוועק צו די שטאָט-באַלעבאַטים און האָט זיי פאָרגעלייגט אויפצובויען אויפן

אַרט פונעם קליינעם שולעכל, ווו, אגב, ס'האָט דאָרט, לויט זיי טאַקע האָבן דער־ציילט, זיך אויפגעהאַלטן און געלערנט דער נסתר און גרויסער צדיק ר' לייב שרהס — אַ גרויסע און שיינע שול, לויטן פּלאַן, וואָס ער האָט זיי פאַרגעלייגט און וואָס אַזעלכע צוויי שולן ער האָט שוין אויפגעבויט ערגעץ־ווו אין פּוילן. ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז אַזאַ שול, ווי ער וועט אויפבויען, האָבן זיי נאָך אויף זייער לעבן נישט געזען. ער האָט נאָר פאַרלאַנגט פון זיי אַלערליי נויטיקע מאַטעריאַלן, בעלי־מלאכות, וואָס זאָלן אים אַרויסהעלפן ביי דער אַרבעט און חיונה פאַר זיך און נישט מער. ער האָט אָבער אינגאַנצן די שול נישט פאַרענדיקט, ווייל אינצווישן, לויט איין נוסח, איז ער גאָר פאַרשוווּנדן געוואָרן פון שטעטל, לויט אַנדערע — האָט אים אַ שלאַנג איינמאָל אַ ביס געטאָן, פון וואָס ער איז געשטאָרבן.

די שול איז אָבער פאַרברענט געוואָרן דורך דער אָפּטרעטנדיקער רוסישער אַרמיי אין יאָר 1915 אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער גבאי פון שול, ר' יעקב לייב קעמפּער, זייער אַ ווילער, ערלעכער ייד, וואָס האָט שטענדיק מיט זיין הויכן „ברוך הוא וברוך שמו" ביי דער „הויכער" שמונה עשרה פאַרקלינגען דעם חלל פון דער שול האָט דאַן איינגעשטעלט זיין לעבן און האָט פון דעם העלישן פייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ גרויסן בנין, אַרויסגעראַטעוועט די 15 ספרי־תורות פון דאָרטן.

## דאָס גרויסע ביהמ"ד

דאָס גרויסע ביהמ"ד האָט, אייגנטלעך, געהערט דער שטאָט. דאָרטן האָבן גע־דאַוונט אַלע שטאָט־מענטשן. אַפילו די חסידים פון די שטיבלעך פלעגן אין די וואָ־כעדיקע טעג קומען אַהין דאַוונען סיי גאַנץ פרי און סיי פאַרנאַכט, צו מנחה־מעריב. מ'פלעגט דאָרט אָנהויבן דאַוונען ממש פאַרטאָג, ביי די בליץ־לאָמפּן און ענדיקן אַזייגער 12 ביי טאָג. מ'האָט דעם „עמוד" דאָרט כמעט אויף איין מינוט נישט געלאָזט „אָפּקילן". אונטער דעם מנין, וואָס האָט נאָרוואָס געענדיקט דאָס דאַוונען מיטן „ושמו אחד" פון „עלינו" איז שוין געשטאַנען גרייט אַ צווייטער מיטן הויך אויסגעשריגענעם אָנהויב „הודו". און אויב ס'האָט חלילה אויפן מאָמענט אויסגע־פעלט אַ 2-3 פערזאָן צום מנין איז אויך קיין אומגליק נישט געווען — ס'זיינען אין אַ מינוט־צוויי אַריינגעקומען מענטשן נאָך מיט אַן עודף. אויפן ערגסטן פאַל זיינען די לאַנגע טישן פול געווען באַזעצט מיט לומדים, עלטערע און יונגערע, וואָס האָבן שוין ממלא געווען דעם מנין. צו מנחה־מעריב זיינען נאָך אָנגעקומען מערערע מענטשן, ווייל על פי רוב פלעגט זיך אין שטעטל אַראָפּכאַפּן אַ מגיד, אַ שליח פון אַ ישיבה, און דאָס איינציקע אָרט פאַר זיינע דרשות פול מיט משלים, דרוש און אַזוי זיך מעשיות פון דער וועלט און יענער וועלט איז געווען נאָר דער גרויסער ביהמ"ד.

שבת פאַרטאָג ווידער פלעגן אויך קומען אַהין אַלערליי מענטשן זאָגן תהלים בצבור. דער שטאָט־שמש פלעגט וועקן דעם עולם צו תהלים מיטן האַמער אין די לאָדנס, אויסזינגענדיק מיט אַ האַרציק קול פול מיט פאַרטאָגיקן פּאַטאָס: „עורו נא, התיצבו נאָ, שטייט אויף לעבודת הבורא". דער שמש פון ביהמ"ד האָט, אַ חוץ זיינע געוויינלעכע פליכטן אין ביהמ"ד גופא, ווי אַכטונג געבן אויף אָרדענונג און ריינקייט, ליכט־אָנצינדן, איינהייצן ווינטער די הרובע א. א. אויך גערופן אין שול אַריין פרייטיק פאַרנאַכט, אוועקשטעלנדיק זיך פריער אין איין עק מאַרק און נאָכהער אין צווייטן און אויסשרייען מיט אַ הויך מאַנאָטאָן צעצויגן קול: שי־י־י־י... און אויך אויפפּאָדערן צוצומאַכן די קראָמען. ביי אויסערגעוויינלעכע פאַלן, ווי ס'האָבן

זיך אַמאָל געטראָפֿן, וואָס דער שטאָט-שרעער האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט און האָט געמאַכט אַ שטאָך אין שבת, איז שוין געקומען אויף דער צווייטער וואָך דער רב אליין מיטן שטעקן און האָט אויף אים גוזר געווען צו מאַכן די „צירולנע" אין דער צייט. דער שול שמש האָט אויך געהאַט די אויפֿגאַבע אָפּהיטן דעם שטאָט-עירוב, וואָס איז געווען איינגעשטעלט אין דער גאַנצער לענג פֿונעם שטעטל דורך די ביי־דע לאַנגע גאַסן קריוואַ אוליצע און סעלעשטשע ביזן שאָסיי. דער שמש פֿלעג יעדן פֿרייטיק פֿאַרנאַכט אַדורכשפּאַצירן דעם גאַנצן וועג פֿונעם עירוב, באַטראַכטן די הויכע שטעקענעס אויף וועלכע ס'זיינען געווען אָנגעצויגן דינע שטריקלעך און זען צי זיי זיינען נישט ערגעץ-וואו איבערגעריסן. די צעריסענע האָט ער באַלד צוגיפּ־געבונדן, כדי יידן זאָלן מעגן טראָגן אום שבת זייערע טליתים און סידורים אין שול אַריין.

ס'האָט זיך אָבער געטראָפֿן אַז דער עירוב איז שבת גופא דורך אַ שייגעץ איבער־געריסן געוואָרן. דער שמש האָט דאָס באַלד צוזויסן געגעבן אין שטעטל. די יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קליינע קינדער, האָבן די טליתים אָנגעטאָן אויף זיך און געגאַנגען אין שול. ווען עמיצער איז געוויר געוואָרן אַז דער עירוב איז צעריסן געוואָרן פּונקט אין מיטן וועג, גייענדיק אין שול, האָט ער זיך דאָרט אָפּגעשטעלט און געוואַרט אַז אַ קליין קינד זאָל ביי אים צונעמען דעם טלית און טראָגן אין שול.

ר' משה דער ביהמ"ד-שמש און זיין נאָכפֿאָלגער היים זיינען געווען אמת טיפּישע שמשים, טיפּן פֿון אַמאָליקע יידן, וואָס זיינען שוין לאַנג פֿאַרשוווּנדן פֿון דער יידי־שער וועלט. ר' משה, זייענדיק שטענדיק אַרומגעבונדן מיט אַ רויט טיכל דאָס רעכטע אויג, איז געווען זייער אַ ערלעכער ייד און, גלייכצייטיק, אַ פֿעאיקער אין זיין פֿאַך. אַז ס'פֿלעגט אַמאָל אַ מאָנטיק, אָדער דאָנערשטיק, טעג פֿון קריאת התורה, קומען אַ ישובניק אָדער אַזוי אַן איש חשוב דאַווענען אין ביהמ"ד, פֿלעגט ער אים שוין איינטיילן אַ פֿעט שטיקל תורה. נאָכהער צו אים צוגיין און מכבד זיין מיט אַ שמעק טאַבאַק און ריידן פֿון דער „פּאָגאָדע", אייננבויגנדיק דערביי אַביסל דעם קאָפּ און כאַפּן אַ קוק אין דרויסן דורך דעם פֿענצטער. יענער האָט שוין גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס אַלץ באַטייט און פֿלעג אים שוין באַפֿרידיקן. ער, ר' משה, פֿלעגט שטענ־דיק דאַווענען ביים עמוד מעריב און מיט אַזאַ טרויעריק - אָנגענעם קול און טאָן, אַז ער פֿלעגט אויף די מתפּללים אָנווייען אַ לייכטע מעלאַנכאָליע.

אין די דאָנערשטיקע ווינטער-נעכט, ווען די ביהמ"ד לומדים פֿלעגן פּראַווען „משמורים", זיצן און לערנען ביזן גרויסן טאָג, האָט זיך אַמאָל געמאַכט, ווי פֿלוצים דערהערן זיי אַ פֿאַרשטיקט קול און האַלבע ווערטער פֿון אונטער דעם אויוון. דאָס האָט שוין ר' משה, ליגנדיק אויף דער האַרטער באַנק ביים וואַרימען אויוון, גע־דאַוונט פֿון שלאָף זיין באַליבטן, מיט וועלט צער איינגעוועבטן מעריב. זיי, די אַלע לערנער, פֿלעגן צוגיין אַהין אויף די שפּיץ פֿינגער, אַרומשטעלן זיך און אויסהערן מיט אַ שמייכל זיין דאַווענען ביזן סוף. אין גרויסן ביהמ"ד האָבן אויך געדאַוונט עט־לעכע קאָצקער און ראָדזינער חסידים. צווישן די לעצטע איז געווען איינער ר' יעקב פֿראַסמאַן, זייער אַ שיינער טיף ייד, אַ למדן און צוגלייך אַ גרויסער סוחר, און דווקא אַ געוועזענער מלמד, וואָס האָט ליב געהאַט צו טאָן גמילות חסדים און אַרויסהעלפֿן אָרעמע יידן.

אונטער איין דאַך מיטן גרויסן ביהמד איז געווען אין דער זייט אַ שולעכל מיטן נאָמען „בוקר" — דאָרטן האָט מען שבת און יום-טוב זיך געשטעלט פֿרי דאַווענען. דאָרטן האָבן געדאַוונט יידן בעלי-מלאכות „עמך'ניקעס". דער „בעל-קורא" איז געווען דאָרט ר' יעקב דער שוסטער ע"ה, אַ טייערער ערלעכער ייד, דעם ה' אַב־רהמצע טעלעסאַנס ע"ה אַ שווער, און די בעלי-תפילה — ר' הירשל דער קצב ע"ה

און זיין זון ר׳ אברהם יצחק ע״ה, אַלע פּשוטע ערלעכע יידן. דער „בוקר", ווו אויך מיין פאָטער ע״ה האָט געדאַוונט, דערוועקט אין מיר זייער שיינע און אינטערעסאַנטע דעראינערונגען פון יענע, גליקלעכע און יונגע יאָרן. דאָרטן האָט אויך געדאַוונט ברך דעם שוסטערס איידעם, אַ יונגערמאַן פון בריסק, וואָס ער האָט צוגענומען צו זיין איין און איינציקער טאָכטער פאַר אַ מאַן. ער איז אָבער געווען אַ פאַרברענטער בונדיסט און האָט שוין אין יענע צייטן, אַרומטראָגנדיק זיך שטענדיק מיט דער „פאָלקס-צייטונג" אין קעשענע אָנגעפירט אין שטעטל מיט דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט און אין געהיימע פאַרזאַמלונגען אין דער שאָסיי „בוינע" (שעכטהויז) און אונטערשטאָטישע וועלדלעך. איך און מיין יוגנט- און ביהמ״ד-חבר יהושע באַיאָן, וואָס האָט אויך געדאַוונט דאָרט, זייענדיק שוין דאַן יינגלעך פון מער-ווייניק 16-17 יאָר, הייסע, באַוווסטזיניקע ציוניסטן, וואָס האָבן שוין געלייענט דעם „הצפירה", — האָבן שטענדיק ביים דאַווענען מיט אים דיסקוטירט און געהאַט אָפטע צוזאַמענשטויסן וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אויסגעהאַלטן האָט זיך דאָס גרויסע ביהמ״ד פון די ביישטייערונגען פון די מתפּללים ערב יום-כּפּור צו די „קערות" און טיילווייז אפילו אין מיטן יאָר. בשעת הדחק אָבער ווען די אויבנדערמאָנטע הכנסות האָבן נישט געסטאַיעט און ס'האָט אויסגעפעלט האָלץ אין די גרויסע פרעסט, אָדער מען האָט געדאַרפט עפּעס רעמאָנטירן דאָרט, האָט שוין דער „שמש" אַ שבת מכריז געווען נאָכן „לייענען", אַז אַלע מתפּללים זאָלן „לייגן" זייערע טליתים, וועלכע זיי פלעגן באַלד זונטיק גאַנץ פרי „אויסלייזן"...

## דאָס נעסכיזשער (שפּעטער דאָס סטעפּאַנער) שטיבל

די ערשטע צייט האָט אין שטעטל אייגנטלעך געהערשט ווי דער איינציקער אָנערקענטער רבי דער נעסכיזשער ז״ל. ער איז געווען דער איינציקער דעה-זאָגער דאָרט, דער אַליינהערשער אין די אַלע רעליגיעזע פראַגן. קיינער האָט נישט געוואַגט עפּעס צו טאָן דאָרט אַליין, נישט אָנפרעגנדיק פריער אים וועגן דעם. נאָכהער אָבער, ווען דער מחלוקת צווישן די צוויי הויפן, נעסכיזשער און טריסקער, האָט זיך פאַרשטאַרקט און אויסגעברייטערט, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו ווייזן אין שטעטל אויך טריסקער חסידים, סטאָלינער און אפילו, שוין אין די לעצטע יאָרן סאַדעגערער, ליבעשויער און סטובעכווער. דער מחלוקת צווישן די אויבנדערמאָנטע הויפן איז אַמאָל צוגעקומען צו אַזאַ עקסטרעמען פּונקט, אַז יעדער רבי האָט זיין צד געשיקט באַזונדערע כּלי-קודש, ווי שוחטים און קצבים און איין צד האָט נישט געוואָלט עסן פון דער שחיטה פונעם צווייטן. נאָך דעם נעסכיזשערס פּטירה איז דאָס „רבייסטווע", צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער, איבערגעגאַנגען צו זיינס אַ פּלימעניק, ר׳ מאיר חיימקע ז״ל. דער לעצטער האָט געוווינט אין דעם שטעטל סטעפּאַן און דערפאַר שוין דער נאָמען סטעפּאַנער חסידים. אַזוי אַז דאָס סטעפּאַנער חסידות איז געווען אַ נייע רבי'שע „דינאַסטיע", אַן אָפּצווייג פונעם נעסכיזשער רבין ז״ל.

דער עלעמענט חסידים איז געווען אַ געמישטער: צווישן זיי זיינען געווען רייכע און אָרעמע, לומדים און פּראָסטע. בכלל זיינען זיי געווען „קאַלטע" חסידים. דערצו, גלויב איך, זיינען געווען עטלעכע סיבות. די אַלע איצטיקע סטעפּאַנער, זיינען פריער געווען נעסכיזשער חסידים און האָבן נאָך גוט געדענקט דעם נעסכיזשער צדיק און זיינע פילע מופתים, וואָס ער האָט, לויט ווי זיי האָבן דערציילט, באַוויזן. אַ חוץ דעם האָט ר׳ מאיר חיים ז״ל קיין תורה ביים טיש קיינמאָל נישט געזאָגט, דאָס וואָס אין יענע יאָרן איז געווען אַ מנהג ביי רביים, וואָס האָבן געקענט

לערנען. דערפאַר איז טאַקע קיין ווּנדער נישט, וואָס צו יענער צייט האָבן זיך פיר חסידים פון שטיבל פאַרזינדיקט מיט עפּעס אַ לשון - הרע אויפן רבין, צוליב וואָס מ׳האָט זיי פון דאָרטן אַרויסגעטריבן. נאָר איינער פון זיי, ר׳ יעקב שמואל רידער ע״ה, דער שטענדיקער גבאי און בעל - תפילה דאָרט, האָט זיך צולעצט אומגעקערט אין שטיבל, נאָכדעם ווען ער האָט זיך געשטעלט פאַרן רבין מיט בלויזע זאָקן, ביי אָנגעצונדענע ליכט און פייערלעך מקבל נזיפה געווען (אַ פאָרוואָרף געקראָגן) און געבעטן דעם רבין אים מוחל זיין. די איבעריקע דריי האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערוואַרפן צו אַזאַ פּראָצעדור און, ווי מ׳האָט דאַן געשמועסט אין שטעטל, האָבן זיי סוף-כל-סוף אין משך פון זייער לעבן געכאַפּט יעדער זיין פּסק.

## דאָס טריסקער שטיבל

דער דאָרטיקער עולם חסידים איז אין מערסטנטייל געווען פון אָרעמען קלאַס. כמעט אַלע מלמדים, שוחטים און סופרים פון שטעטל זיינען געווען טריסקער חסידים. זיי זיינען אָבער געווען הייסע חסידים. צווישן זיי זיינען געווען אַ סך לומדים. זיי האָבן אויך געהאַט אַ שיינעם, האַרציקן נוסח-תפילה, פול מיט תחנונים און פּאַטאָס, דין-געצויגענע טענער, וואָס האָבן ממש געפּליסטערט צו דער נשמה... באַזונדער פלעגט דער אַלטער רבי ר׳ יעקב לייבעלע ז״ל זייער שיין און האַרציק דאַווענען. ער פלעגט זיינע טישן „פּראַווען" אין טריסקער שטיבל גופא מיטן גאַנצן רביישן פּאַרנעם. ביי אַלע דריי שבתדיקע סעודות האָט ער „געזאָגט" תורה, אָפּט-מאָל זייער טיפע און קאָמפּליצירטע, צונויפמישנדיק תלמוד, זוהר און אַנדערע שווערע ספרים. ביים בענטשן האָט ער זיך באַזונדער אָפּגעשטעלט ביים „הרחמן הוא ישלח לנו את אליהו הנביא" און אויף שיינע עטלעכע מינוט מכוון געווען דערביי זיינע כוונות. די חסידים האָבן אָבער געגלויבט, אַז דער רבי איז אין די מינוטן אויפן הימל... ס׳איז געווען אַ צייט, אַרום די יאָרן 1905 — 1904, וואָס די טריסקער חסידים זיינען געווען אין שטאַרק אָנגעצויגענע באַציונגען מיט די סטאָלענער חסידים. דאָס איז געשען צוליב אַ מעשה שהיה: דיביידע הויפן, טריסק און סטאָלין, האָבן זיך מתחתן געווען — ר׳ משהלע, דעם טריסקער רבינס אַ זון, האָט החתונה געהאַט מיטן סטאָלענער רבינס אַ שוועסטער הוהלע. זי, זייענדיק אָבער אַ שיינע און פון אַ הויף אַ מער „דעמאָקראַטישן" האָט אויפן מאַן געוואָרפן אַן אומחן און איז אַוועק צוריק צו איר ברודער. מ׳האָט אָבער צולעצט געצוואונגען דעם מאַן, ר׳ משהלען, איר אָפּצוגטן. ווי שטאַרק הייסע חסידים זיי זיינען געווען, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס איינער אַ חסיד מיטן נאָמען שמעיה האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט וועלן זיין האָבער, כדי דעם רבינס פערד זאָלן אים אויפעסן... בעת דער מחלוקת פון די דיינים אין ראַטנע זיינען זיי אַליין געווען איין צד קעגן דער גאַנצער שטאָט. זיי האָבן זיך היים און אייפערדיק פאַרטיידיקט ביזן סוף פון דעם מאָדנעם מחלוקת, וואָס האָט אַמאָל דערפירט ממש צו אַבסורדן און האָט צעריסן פאַמיליעס און געבראַכט צו אַ פּירוד לבבות צווישן טאַטעס און זין, צווישן ברידער און האָט פאַרזייט שינאה און קריגעריי און דערפירט אַפילו אַמאָל צום ערגסטן-מיאוסטן — צו געשלעגערייען. זיי האָבן אָבער אויך פאַרמאָגט אַ שיינע עטישע מדה — זיי פלעגן זיך איינשטעלן איינער פאַרן אַנדערן און אָפט אַפילו זיך אַרויסגעהאָלפן סיי מאָראַליש און סיי מאַטעריעל.

## דאָס סטאַלענער שטיבל

דאָס סטאַלענער שטיבל איז געשטאַנען נעבן ביהמ"ד. דאָרטן האָבן מערסטנטייל געדאַוונט די גבירהקראַטיע פון שטעטל — די שאַפּיראָס, די אברכס א. א. זייער נוסח פון דאַוונען איז געווען זייער אַ האַרטער און האַמעטנער. דער עלעמענט פון דעם רוב מתפללים איז געווען זייער אַ קאָנסערוואַטיווער. די ערשטע פלעגן זיי באַקעמפן יעדע נייע אידייע, געדאַנק און באַוועגונג, וואָס איז אַמאָל אויפגעקומען אין שטעטל. דער איינציקער גוטער ציוניסט און נאַציאָנאַל באַוווסטזיניקער צווישן זיי איז געווען דער אַזוי טייערער און איידעלער ה' אשר לעקאַר ע"ה, שפּעטער דער מורשה פון קק"ל. די ערשטע צייט, נאָך איידער אָשר לעקאַר איז אָנגעקומען אין שטעטל, פלעגן זיי כמעט רודפן די דעמאָלדיקע עטלעכע משכילים און ציוניסטן. איינער פון זיי, אַ יונגערמאַן אַ למדן מיט אַ שאַרפן קאָפּ, אַן עלוי יונגערהייט, אַליין פון זוויהיל, וואָלינער גובערניע, אַן איידעם ביי די אברכס, ישראל זוסיע יאַנאָווער — האָט זיך אויסגעדריקט אויף ד"ר הערצלען, פּונקט אין דער וואָך פון זיין פּטירה, ווען דער העברעיִשער דיכטער י. כהן האָט אין אַ שיר, געדרוקט דאַן אין „הצפירה" אויסגעשריען: „ד"ר הרצל מת, האם יש אלהים בארץ" — אין אַזעלכע שענדלעכע טערמינען, אַז מ'קען דאָס אויף פּאַפּיר נישט אַרויפברענגען. זיי זיינען געווען פאַנאַטישע חסידים און כאָטש דער רבי, ווען ער פלעגט אַמאָל קומען אין שטעטל, האָט אָנשטאָט „תורה", ווי די מאָדע איז דאַן געווען, זיי גאָר דערציילן פון וועלטלעכע זאַכן, פון זיינע רייזעס איבער דער שווייץ אין די אַלפּן־בערג און פון די שיינע נאַטור־פּלעצער דאָרט האָבן זיי אים דאָך פאַרגעטערט און פלעגן אַריינטייטשן אין זיינע פּשוטע גשמיותדיקע רייד הימעלשע כוונות. אַז אַ חסיד איז אַמאָל אַריינגעלאָפן צום רבין אים אָנזאָגן, אַז די לבנה איז אַרויסגעשווומען פון די כמאַרעס און מ'קען שוין גיין איר מחדש זיין, האָט ער אים געהייסן כאַפּן אַ זאַק און איר אַריינכאַפּן אינעווייניק. איז דאָס ביי זיי, ביי די חסידים, אויך געווען נישט פּראָסט געזאָגט. דער רבי איז אויך געווען אַ ליבהאָבער פון מוזיק. ביי זיך אין הויף האָט ער מיט זיינע קינדער איינגעאָרדנט אַ „קאַפּעליע". צווישן זיינע חסידים אין ראַטנע האָט ער געהאַט איינעם אַ „כלי־זמר" — איצל שפּילמאַן. ווען דער רבי איז פון אים געוואָר־געוואָרן, אַז ער האָט אַן אַלטן זיידן כמעט אַ בן מאה — ר' אביגדור ע"ה, אַ געוועזענער כלי־זמר, וואָס פאַרמאָגט אַן אַלט בעסעל (אַזאַ גרויסע פידל וואָס מען שפּילט אויף איר שטייענדיק) האָט ער צוגעשיקט צו אים אַ חסידישע דעלעגאַציע און אים פאַרבעטן צו זיך. דער רבי האָט דעם זקן אויפגענומען מיט גרויס כבוד און צווישן אַנדערן אים געפרעגט ווי אַלט דאָס בעסעל איז. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז געקויפט געוואָרן אַ 70 יאָר פריער ביי אַ סאָלדאַט אין מלחמה־צייט. ער האָט עס אים אַוועקגעשאָנקען. אין וואַרשע, וווהין ער האָט עס געפירט פאַריכטן, האָט מען דאָס געשאַצט אין אַ סך געלט. אַזוי האָבן די סטאַלענער חסידים אין אַלץ וואָס דער רבי האָט געטאָן און גערעדט, געזען לויטער געטלעכקייט. זיי פלעגן דאַן, ווען דער רבי איז צו זיי געקומען, מאַכן פריילעכע „הילולאס" און חסידישע ריקודען. שביעי של פּסח איז ביי זיי געווען אַ מנהג צו קומען נאָכן עסן ביינאַכט אין „שטיבל", אויסגיסן אַ פּאַס וואַסער אינעווייניק און דערמיט סימבאָליזירן דאָס שפּאַלטן דעם ים־סוף...

## דאָס ריזשענער שטיבל

דאָס שטיבל איז געווען אויפן נאָמען פון אַ שטאָט אין עסטרייך — ריזשען, נאָכהער סאַדאַגור, ווו דער רבי האָט געוווינט. ריזשינער חסידים זיינען אין ראַטנע

געווען ווייניק, אפשר אַ מנין. דאָס שטיבל איז געשטאַנען מן־הצד פון אַלע בתי־מדרשים, פון יענער זייט טייך „נילוס״, אַזאַ מין גרויסע „קאַלוזשע״, וואָס זומער צייט האָט זי אינגאַנצן אויסגעטריקנט און גערופן האָט מען זי „נילוס״ צוליבן נאָמען פונעם געסל, ווו זי האָט זיך געפונען — „מצרים״־גאַס, וואָס נאָר גאָט אַליין אפשר ווייסט פאַרוואָס מען האָט דאָס אַזוי גערופן. שמחת־תורה בייגאַכט פלעגן שוין די קינדער מיט די פאָנען אין די הענט אַוועקלאָזן אויפן טייך נילוס הילצערנע ברעטלעך מיט שטיקלעך ברענענדיקע ליכט.

ריידנדיק פון די ריזשינער חסידים קען מען נישט איבערגיין און ניט דערמאָנען די צוויי שיינע טיפּן פון חסידים, ווי דער אַלטער ר׳ אהרן שמואל און ר׳ ישראל ליפּא בערגעל זיינען געווען. דער ערשטער, ר׳ אהרן שמואל, מיט זיין לענגלעכער מילך־באָרד און ליולקע ציבוק שטענדיק אין מויל האָט פאַרגעשטעלט מיט זיין פּערזאָן אַן אַלטן טיפּ חסיד, וואָס איז שוין לאַנג נישט בנמצא אין דער יידישער וועלט, וועלכער האָט שטענדיק אין די וואָלקנס רויך, וואָס זיין ליולקע האָט פאַרשפּרייט אַרומגעשוועבט אין זיין פאַנטאַזיע אין די עולמות פון חסידות. אַז ער פלעגט דערציילן זיינע חסידישע ספּורי־נפלאות, ציענדיק דערביי פאַרטראַכט דעם צוביק, מיט אַ קול דממה דקה און מיט אַ חסידיש פלעמל אין די פאַרנעפּלטע, פאַרטראַכטע אויגן, האָט מען געזען בחוש, אַז ער שוועבט ערגעץ - ווו אין אַנדערע העכערע ספערן, אין פאַנטאַסטיש־אויסגעטרוימטע וועלטן. און אַזוי טאַקע בלחש אָבער מיט אינערלעכן ברען האָט ער אויך געלערנט.

דער צווייטער, ר׳ ישראל ליפּא ע״ה, אַ ייד אַ בעל־מסחר, אַ טרוד שטענדיק מיט פּרנסה איז אָבער אויך געווען אַ פייערדיקער חסיד. ער פלעגט פון צייט צו צייט זיך אַראָפּכאַפּן צום רבין און צוריקקומען פון דאָרטן אינגאַנצן אַן אַנדערער, אַ חסידיש אָפּגעפרישטער, ממש אַ צופלאַמטער. ער פלעגט דאַן דערציילן מיטן חסידישן פאַנאַטיזם אין די אויגן, די נסים און וווּנדער, וואָס ער האָט זיך ביים רבין אָנגעזען, אַזש פונקען פון קדושה און אימה האָבן פון די אויגן געשפּריצט. ער האָט געזען, אַ שטייגער, האָט ער אַמאָל קומענדיק פון דאָרט דערציילט, ווי דער רבי האָט קידוש געמאַכט איבער אַ פולן ביז איבער די ברעגעס בעכער וויין און כאָטש ער האָט זיך דערביי, האַלטנדיק אים אויף זיין האַנט־פלאַך, שטאַרק געשאָקלט האָט זיך דאָך קיין איין טראָפּן וויין נישט אויסגעגאָסן פון אים...

## דאָס ליבעשויער שטיבל

די ליבעשויווער און סטוביכווער חסידים, וואָס זיינען אין שטעטל באַשטאַנען פון בעלי־מלאכות, שניידער און שוסטער, זיינען פריער געווען איינגעאָרדנט איןביידע „השכמות״, וואָס זיינען געווען אין דער גרויסער שול, פון די ביידע זייטן פון דעם פּאַליש. נאָכהער, אין יאָרן אַרום האָבן די שניידער, וואָס זיינען מסתמא געווען מער פאַרמעגלעכע, אויסגעבויט אַ באַזונדער שטיבל, אין דער זייט פונעם ריזשינער שטיבל. אין די אַלטע צייטן, אומגעפער סוף נייַנצנטן יאָרהונדערט, זיינען די בעלי־מלאכות נישט געווען קיין חסידים. וואָס פאַר אַ רבי ס׳איז געקומען אין שטעטל, דער נעסכיזשער ז״ל א. א. אָדער דער טריסקער ז״ל א. א. זיינען זיי זיך געגאַנגען צו אים פּדיונען מיט אַ קוויטל און בעטן אויף פּרנסה, קינדער א. א. זיי האָבן זיך דערום שטענדיק געפילט נידעריק און שפּלדיק אינעם גייסטיקן לעבן אין שטעטל לגבי די חסידים און, אַזוי געזאָגטע, בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט אין זייער חסידות און האָבן זיך געהאַלטן העכער, אין פאַרצוג, פון די בעלי־מלאכות. די א. ג. „**בעלי בתים**״ האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ העכערער קאַסטע, ווי אויף

אַ העכערן קלאַס מענטשן, וואָס ביי געוויסע ליטורגישע פאַלן און שול־כיבודים, ווי „עליות" צו דער תורה און ביי הקפות אין שמחת־תורה א. א. האָט מען דאָס קענטיק אַרויסגעזען — די בעלי־מלאכות האָבן זעלטן ווען געקריגן עליות, אָדער אַנדערע כיבודים אין די שולן, ווי זיי וואָלטן זיין צווייטראַנגיקע, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן. דערפאַר טאַקע איז ביי זיי צולעצט אויפגעקומען דער געדאַנק פון „קנה לך רב" און ווערן צו לייטן גלייך. זיי האָבן זיך שוין נאָכהער איינגעאָרדנט אין אייגענע מנינים און גענאָסן פון אַלערליי רעליגיעזע כיבודים. זיי האָבן זיך שוין דאַן געפילט ווי זעלבסטשטענדיקע מיט אייגענע בעלי־תפילות און אייגענע בעלי־קורא'ס. ר' אברהם טאָקער ע"ה, אַ שניידער און ר' יצחק הירש בארג ע"ה, אַ סטאָליאר האָבן זייער שיין און האַרציק געדאַוונט ביים עמוד. און ווען ס'איז געקומען דער ליבער שבת אָדער יום־טוב אין שטעטל זיינען די בעלי־מלאכות אָנגעטאָן אין די



ר' יחיאל טאָקער, פאָטער פון אונדזערע אַקטיווע לאַנדסלייט יעקב און מאיר טאָקער אין אַרגענטינע.

שבת־יום־טובדיקע מלבושים מיט די ברייטע און הויכע חסידישע היטלען און ברייטע גאַרטלען אויף די לענדן, שוין געווען גלייך מיט די איבעריקע חסידים. אַלס אַ טיפּ, ווי אַ מוסטער קען דינען דער ר' חיים פעלדמאַן, אָדער חיים דער שוסטער, וואָס מיט זיינע מלבושים און ברייט צעקעמטער באָרד מיט דעם חסידישן היטל מיטן הויכן „דעניק" האָט ער אויסגעזען ווי אַ רבי. בכלל זיינען ביי אונדז אין שטעטל די בעלי מלאכות געווען זייער פיינע, איידעלע און שלמותדיקע יידן. פון דער אַלטער גענעראַציע צ. ב. ש. חיים יידל דער שניידער, וואָס דער אַלטער ליבעשוויער רבי ז"ל האָט אים דעם ערשטן נאָך הבדלה מוצש"ק געזאָגט מיט אַ ניגון — „חיים־יידל אַ גוטע וואָך" — דער איז געווען אַן אמתער ערלעכער מאַן און זיינע קינדער אַלע, ר' יחיאל, אַברהם, געצי ע"ה, און באַזונדער דער העלדישער איצי ע"ה, וואָס איז געפאַלן אין א"י, אין אַ קאַמף צוגלייך מיט טרומפּלדאָרן זיינען געווען זייער פיינע און נאָבעלע יידן. צווישן די שוסטער אין שטעטל זיינען געווען אַזעלכע ווי ר' דוד אויף דער אַלטער שטאָט און זיינע צוויי זין שלמה און לייבל ע"ה — זייער לייטישע, אמת ליבע מענטשן אַזוי אויך אַ סך אַנדערע. באַזונדער דער „אַמעריקאַנער" שוסטער

יהודא לייב סענדיוק, א ייד א זייער א פרומער, וואס האט זיך שטארק געהיט חלילה נישט נעמען פאר דער ארבעט א איבעריקן גראשן. ער האט מיט זיין התנהגות גיכער געמאכט א איינדרוק פון א ל"וניק.



ר׳ יהודה לייב סענדיוק מיט זיין פרוי און קינדער

## דער שאסיי־ביהמ״ד

אין דעם שאסיי ביהמ"ד האבן געדאווענט די יידן, וואס האבן געוווינט ביים שא־סיי, אדער אין דער קאוואלעס־גאס. אין דעם ביהמ"ד, וואס איז געשטאנען ווי אויף א בערגל און וואס איז געווען א גאנץ גרוימער און ליכטיקער, איז אויך געווען דארט איינגעארדנט א מקוה, אזוי, אז די יידן, וואס האבן דאס געדארפט, האבן נישט גע־ברויכט גיין אין דער שטאט־מקוה.

דארטן האט דער גבאי, ר׳ ישראל מאיר מאראנץ געלערנט מיט זיינע תלמידים פון יענעם געגנט.

## די תקופה פון חסידות און תורה, רעליגיעזע אנשטאלטן און וווילטעטיקע חברות

ווי ס׳איז צו זען פון פריערדיקן קאפיטל, זיינען אין שטעטל געווען א סך בתי מדרשים, שולן און שטיבלעך, ווו יידן האבן א חוץ דאוונען אויך געלערנט דארט. ווייל נישט בלויז די מאטעריעלע באדערפענישן און פרנסה־זארגן אליין האבן דאן דאס

ייִדישע לעבן אויסגעפֿילט אין שטעטל. ס'האָט אויך געהאַט אַנדערע זאָרגן, אַנדערע אינטערעסן און פֿון העכערן מין און קאַליבער, פֿון מאָראַלישע ווערטן. ס'איז געווען אַ שטעטל פֿון גאָלע חסידים, וואָס האָבן געגלויבט אַחוץ אין גאָט אויך אין זײַנע צדיקים, וואָס האָבן אין אַלץ, וואָס האָט זיי געטראָפֿן אין לעבן, געזען דערין גאָטס האַנט, גלויבנדיק אָבער גלײַכצײַטיק אין רבינס כוח אָפּצושרײַען אַ גזירה. — „הצדיק גוזר והקב״ה מקיים״ און אין זייערע הערצער האָט געגליט אמונה און בטחון. די בתי מדרשים זײַנען אַפֿילו אויף קיין איין מינוט נישט ליידיק געבליבן — אָדער מ'האָט געדאַוונט אין זיי אָדער מ'האָט געלערנט. און אַ שיין בילד, פֿול מיט פּאַטאָס און דערהויבנקייט איז געווען צו זען אין יענע צײַטן, סוף ניינצנטן און אָנהויב ־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין די בתי־מדרשים און שטיבלעך, ווו עלטערע ייִדן, בחורים און ייִנגלעך זײַנען געזעסן אַרום די לאַנגע טישן בײַ אָפֿענע גמרות און אַנדערע הייליקע ספֿרים און האָבן געלערנט אין זיי, צושאָקלענדיק זיך, מיט אַזאַ זיסן בענקענדיקן ניגון, אַז ס'פֿלעגט ממש פֿאַרכאַפּן און באַצויבערן יעדן איינעם, וואָס האָט דאָס צוגעזען און ס'פֿלעג די לערנערס אַריבערטראָגן אין פֿאַרכישופֿטע, ווײַטע און פֿאַנטאַסטישע וועלטן...

זיי, די אַ ייִדן, פֿלעגן זיך זיצן אין די בתי־מדרשים, אין די קדושה־ווינקלען, בײַ די לאַנגע טישן, אָדער שטענדערס, ווו ס'האָט זיך אָפּט געדאַכט, אַז די שכינה שוועבט דאָרט אַרום, האָבן זיך געשאָקלט און אַרויסגעלאָזט אַזעלכע האַרציקע, זיסע טענער, האָבן זיך געעוסקט אין די הוויות דאביי ורבא און געשווומען אין דעם טיפֿן און לויטערן ים התלמוד. אַפֿילו די, וואָס זײַנען געווען דעם רוב טאָג פֿאַרנומען מיט דאגות פּרנסה, האָבן זיך אָפּגעריסן אויף אַ פּאָר שעה און געלערנט, אָפּגעטרייסלט פֿון זיך דעם גרויען, וואָכעדיקן שטויב, געזעסן געלערנט און געטרוימט וועגן די שיינע וועלטן דאָרט אויבן, ווו דער שור הבר מיטן לויתן פּאַשען זיך פֿאַר זייערטוועגן, דער חמר מבראשית עלטערט זיך מערער און איבער אַלץ דערוואַרטעט זיי דערצו נאָך, אַלס צוגאָב, דער „זיוו השכינה״...

זיצט ר' אהרן שמואל בײַם שפּיץ פֿון דעם לאַנגן תורה־טיש מיט דעם ליולקע ציביק אין מויל און פּיפּקעט, מיט דער שיינער לאַנגער מילך־באָרד, און בנעימות ברומט ער אַרויס מיט אַ דממהדיק קול פֿון דעם פֿאַר אים אָפֿענעם ספֿר און, גלעטנדיק די באָרד מיט ביידע הענט טראָגט ער צו איר עק צו זײַנע פֿאַרחלומטע אויגן און באַטראַכט זי, ווי עפּעס אַ שטיקל צירונג...

בײַ אַ צווייטן טיש, בײַ אַן אָפֿענער גמרא, מיט אַ רויט טיכל אַביסל צוגעדעקט, זיצט ר' יהושע דער שוחט. ער האָט אויף עטלעכע מינוט מפסיק געווען דאָס לערנען, פֿאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דערציילט אגב זײַנע שכנים בײַם טיש, די לערנער־בייזיצער וועגן דעם ווילנער בעל־הביתל. ער זינגט זיי דערבײַ זײַן „ענני ד' ענני״ מיט אַזעלכע מתיקותדיקע, טרויעריקע טענער, וואָס ער האָט, לויט די לעגענדע דערציילט, געזונגען אויף זײַן טויטן בעט.

ווײַטער אַביסל בײַם לאַנגן טיש זיצן צוויי באַוווסטע למדנים אין שטעטל, ר' איצל ישראלים, אָדער איצל דער מלמד מיט זײַן חבר ר' אליעזר מלמד און פּילפּולן און אַמפּערן זיך וועגן אַ שווערער סוגיא אין מסכתא סוכות. זיי ביידע זײַנען אָבער קורצזיכטיק, לייגן זיי זיך כמעט אַזוועק מיט דעם פּנים און אויגן אויף דער גמרא, זוכן אין רש״י, זוכן אין תוספֿות און מישן אויף דעם מהרש״א, זען וואָס ער זאָגט עפּעס אויף דעם און זײַנען זיך אַזוי מנצח איינער דעם אַנדערן אין דער הלכה...

אָט אַזוי אַן ערך האָבן ייִדן דאַן פֿאַרבראַכט אין די בתי־מדרשים אין תורה לערנען, אין עבודה — תפֿילה און מעשׂים טובֿים, ווי אויך אין חסידישע מעשׂיות און ספּורי נפֿלאות פֿון די צדיקים. אַ באמת אָריגינעל לעבן.

דערפאַר איז דאָס יידיש-געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל געפלאָסן רואיק, אָן די היינטיקע פּאַרטייאישע ברויזענישן און דיפערענצירונגען. אמת, דאָס חסידות מיט די פאַרשיידענע כיתות און נוסחאות פון תפילה און „עבודה" און די באַזונדערע אַפטע מחלוקתן צווישן די רביישע הויפן האָבן אויך עפּעס פאַרגעשטעלט ענלעכעס צום היינטיקן פּאַרטייאישן אימפּעט און אונטערשיידן, — האָט דאָס אָבער געהאַט צו טאָן מערסטנטייל מיט הימלשע זאַכן מיט רוחניותדיקע נישט-דאַאיקע אינטערעסן און פּראָבלעמען...

ס'זיינען געווען אין שטעטל עטלעכע חברות, אָבער גאַנץ כשרע. ס'האָט שוין פון גאַנץ לאַנגע יאָרן דאָרט עקזיסטירט א חברה ש"ס, וואָס האָט צווישן זיינע מיטגלידער צעטיילט די 60 גמרות און אַז מ'האָט זיי געענדיקט פּונקט צום יאָר, האָט מען אין סטעפּאנער שטיבל אָדער אַמאָל אין טריסקער שטיבל געמאַכט אַ שיינע סעודת מצווה מיט פלייש, פיש און בראָנפן. ס'איז דאַן יו"ט געווען אין שטעטל. אַפילו פּראָסטע יידן, וואָס האָבן נישט געקענט לערנען, האָבן געצאָלט הבר געלט און זיינען אויך געווען באַטייליקט און פאַררעכנט, ווי זיי וואָלטן לערנען. ביי דער סעודה האָט מען געזונגען חסידישע ניגונים, געזאָגט תורה און דערציילט חסידישע מעשיות. דער אַלטער מנשה, אַ נידעריק, דאַר יידעלע, איז געווען דער אויפזעער פון דער באַזונדערער שאַפע, פול מיט ש"ס און אַנדערע ספרים, ווי אויך אַן אַלטער פּנקס פון יענער צייט נאָך, זינט ס'האָט זיך געגרינדעט די חברה, וואָס איז געשטאַנען פאַרשלאָסן אין אַ באַזונדער ווינקל אין דעם גרויסן ביהמ"ד.

ס'איז אויך געווען אַ חברה תהלים דאָרט, וואָס די גרינדער פון איר זיינען געווען די שיינע באַלעבאַטים און ווילע יידן, ר' דוד דער שוסטער און אויך ר' בערל פיינטיך, פון פאַך אַ קירזשנער. דער „שמש" פון ביהמ"ד פלעגט יעדן מיטגליד שבת פאַרטאָג אויפוועקן, קלאַפּנדיק אין לאָדן פון שלאָף-צימער מיטן באַקאַנטן מזמור: „עורו נא, התיצבו נא, שטייט אויף יידן לעבודת הבורא". און יידן, זומער און ווינטער, זיינען אויפגעשטאַנען פון זייערע אויסגעוואַרעמטע געלעגערס און זיך צונויפגעקומען אין דעם גרויסן ביהמ"ד זאָגן בצבור מיט דעם אַזוי האַרציקן ניגון תהלים און בעטן פאַר זיך און פאַר אַלע יידן געזונט, פּרנסה און אַ גיכע ישועה.

אויך האָט אין שטעטל עקזיסטירט אַ חברה קדישא, די אויפגאַבע פון וועלכער ס'איז געווען צו שיקן מענטשן צו פאָרען זיך מיטן בר-מינן און מלווה זיין אים מיט אַ מנין צו זיין אייביקער רו. דער גבאי פון דער חברה איז געווען ר' דוד גרינשטיין ע"ה. אַ חוץ דעם האָט דאָרטן אויך עקזיסטירט אַ מין בקור חולים חברה, וואָס האָט געשיקט אירע מיטגלידער צו אָרעמע, עלנדע קראַנקע אויפפּאַסן אויף זיי און נעכטיקן אַ נאַכט מיט זיי.

ווייטער איז אין שטעטל געווען, אמת אַ נישט אָפיציעלע און אָרגאַניזירטע, חברה „חונן דל" (אַזאַ נאָמען האָבן זיי איר צווישן זיך געגעבן) וואָס איז געווען אָנגעוויזן בלויז אויף די ביהמ"ד-יינגלעך, די לערנער. זיי האָבן יעדן אָרעמאַן, וואָס איז אין שטעטל געקומען אויף אַ טאָג-צוויי — און אַזעלכע זיינען דאַן כמעט יעדן טאָג געווען — באַזאָרגט מיט אַ מיטאָג ביי געוויסע בעלי-בתים, וואָס האָבן געוואָלט טאָן אַ מצוה. צוויי אַזעלכע, וואָס זיי האָבן כמעט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט צו געבן אָפּצועסן אַן אָרעמאַן, זיינען געווען —ר' דוד גרינשטיין, אַ זייער חשובער באַלעבאָס, אַ לעדער-קרעמער, אויך אַ גבאי אין דער גרויסער שול און ר' ליבער קארש, אַ ייד אַן אָקסן-סוחר, אַ טריסקער חסיד, זייער אַ קלוגער ווילער ייד, געווען אין שפּעטערדיקע יאָרן פּרעזידענט פון דער קהילה אין ראַטנע. פאַר די אָרטיקע אָרעמעלייט ווידער, האָבן שוין געזאָרגט געוויסע פרויען און מיידלעך, באַזונדער מלכה די „ראַטאַנדע", וואָס זיינען אומגעגאַנגען מיטן פאַרטוך אַלע פרייטיק צו נאַכטס און צו־

צויפגענומען פאַר זיי ברויט, פיש און פלייש. אַ חוץ, וואָס מ׳פלעגט אין מיטן וואָך אַרויסגיין פאַר זייערטוועגן מיט דער „רויטער פּאַטשיילע״ אויפמאַכן עטלעכע גילדן אויף חיונה.

ס׳איז אויך געווען אין שטעטל אַ „תקון־ספרים״ חברה, וואָס איז אויך אַגב געלעגן אין די הענט פון די „באַנק קוועטשער״, וואָס איר איינציקער ציל איז גע־ווען צו זאַמלען געלט ביי געוויסע וווילטעטיקע פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, יעדן פּריטיק און קויפן נייע ספרים און אויך פאַרריכטן די אַלטע.

***

די אַלע אויבנדערמאַנטע חברות זיינען זיך געווען פרידלעכע, געאַרבעט שטיל און געמיטלעך און נישט געדרייצט קיינעם און נישט אַרויסגערופן קיינע מחלוקות. אויב ס׳האָט יאָ אַמאָל אויסגעבראָכן אַ מחלוקת, אַחוץ די געוויינלעכע אין יענע צייטן — די חסידישע, וואָס איז געווען אַ מחלוקת לשם שמים — איז דאָס אָבער שטענדיק געווען אויף דער רעליגיעזער באַזע, ווי דער דיינים מחלוקת, אַ שטייגער, וואָס האָט אין שטעטל אויסגעבראָכן אין יאָר תרס״ג, ווען דער אַזוי באַוווסטער און שיינער טיפּ דיין ר׳ יוסף לייבעלע איז נפטר געוואָרן און, נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ זון, איז די רבנים־קייט פון עטלעכע דורות מיט זיין טויט, איבערגעריסן געוואָרן און די כסא הרבנות איז ליידיק געבליבן. די שטאָט האָט דאַן צוגענומען פאַר אַ רב איינעם אַ ר׳ יחזקאל פרידלענדער, אַ ליטווישער ייד, אַ גרויסער למדן מיט סמיכות אויף רבנות פון די גרויסע ליטווישע גאונים, וואָס איז פּונקט דאַן אָנ־געקומען אין שטעטל מיט אַ שליחות פון וואָלאָזשינער ישיבה איר צו שטיצן. ער האָט אָבער צולעצט, צוליב געוויסע סיבות, אַריינגעשיקט זיינעם אַ ברודער ר׳ שלמה טוביה, אויך מיט סמיכת רבנות און גרויסן דרשן. דער לעצטער איז טאַקע געווען אין שטעטל אַלס דיין ביז צום חורבן ראַטנע.

דער טריסקער רבי, ר׳ יעקב לייבעלע ז״ל, האָט אָבער זיינע חסידים אַריינגע־שיקט פאַר אַ רב זיינעם אַ חסיד, אַ פּוילישן יונגערמאַן, איינעם יוסף שור. האָט זיך דאָס שטעטל דאַן געוויגט ממש אין אמתן מחלוקת: מ׳האָט איינער דעם אַנדערנס שחיטה טריף געמאַכט, איינער דעם אַנדערנס גט — פּסול געמאַכט. אין אייגענע פאַמיליעס האָט מען זיך געריסן און אָפּטמאָל צווישן טאַטן און זון איז געווען מחלוקת. מ׳האָט זיך געזידלט, מ׳האָט זיך געשימפּפט און צונעמענישן גערופן: איין צד האָט מען גערופן ראַשקע (צוליבן שטריימל, וואָס דער פּוילישער רב האָט געטראָגן), דער צווייטער — „בעל דרשן״ (צוליב די דרשות, וואָס דער ליטווישער דיין האָט גע־האַלטן). דאָס שטעטל איז פאַרסמט געוואָרן מיט שנאה איינער צום צווייטן, מיט קריגערייען צווישן זיך און אָפּטמאָל איז אפילו צו געשלעגערייען געקומען. ווען דער פּוילישער רב איז אָבער אַוועק פון שטעטל, האָט זיך עס איצט באַרואיקט און די מחלוקתן האָבן אויפגעהערט.

אַזוי אָבער, חוץ די אויבנדערמאַנטע חברות און חסידישע כתות, זיינען דאָרט אין יענעם צייט־אָפּשניט, אין די יאָרן צווישן 1890 — 1900, קיינע אַנדערע חברות און פאַרטייען, פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע, נישט געווען. האָט דאָס שטעטעלע דער־פאַר נישט געהאַט קיין באַזונדערע סאָציאַלע אָדער פּאָליטישע פּראָבלעמען אין וועלט־מאַסשטאַב און ממילא אויך נישט געהאַט קיין באַזונדערן קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט. ס׳זיינען דאָרטן געווען צוויי קלאַסן מענטשן — אָרעמע און מיטלקלאַס, וואָס דער אונטערשייד צווישן זיי איז אייגנטלעך נישט געווען אַזוי קענטיק. „רייכע״, אַזוי צו זאָגן, זיינען געווען זייער אַ נישטיקער פּראָצענט, אויך דאָס נאָר רעלאַטיוו באַטראַכט. ביי די בעלי־מלאכות זיינען נאָך דאַן נישט אויפ־

געקומען קיינע באַזונדערע קלאַסן פראַגעס — מ׳האָט געאַרבעט און פאַרדינט אויף אַ מ׳שטיינס געזאָגטע פרנסה, מ׳האָט אַלץ מקבל באהבה געווען און דריי מאָל אין טאָג גאָט געלויבט פאַרן לעבן און צום לעבן. האָט עפּעס געפעלט — אַ קינד, אַ שידוך פאַר דער טאָכטער די בוגרת, אָדער דאָס געזונט האָט נישט געפּאַנעוועט איז מען צוגעפאָרן צום רבין זאָל לעבן, אָדער מ׳האָט געוואַרט ביז דאַן, ווען ער איז אין שטעטל געקומען און מ׳האָט זיך ביי אים געפּדיונט. קיין דאָקטאָר און אַפּ־טייק איז נאָך דאַן אין שטעטל נישט געווען. ס׳איז נאָר דאַן געווען אַ רופא איינער שכנא, שפּעטער אַביסל אַ צווייטער — פישל דער פעלדשער, וואָס האָבן צו אַלע קראַנקהייטן — ס׳האָבן געמעגט זיין די געפּערלעכסטע, — געגעבן זייערע ספּעצי־פישע פראַשעקלעך, געשטעלט באַנקעס, אָדער אַמאָל אויך געהאַקטע, און אפילו פרייטיק אין מרחץ, אין דער „קאַלטער הויז״, געלאָזט צו דער „אָדער״. אַז רייכערע פלעגן שוין אַמאָל צו אַ חולה מסוכן אַראָפּברענגען פון קאָוולע אָדער בריסק אַ דאָק־טער, זיינען אים אַ גאַנצע מחנה אָרעמע קראַנקע נאָכגעגאַנגען, אָדער געקומען אין דער שטוב פון רייכן קראַנקן און געבעטן אים, דעם דאָקטער, אַז ער זאָל זיי אויך באַטראַכטן און פאַרשרייבן אַ רפואה. ערשט שפּעטער אַביסל, אַרום די יאָרן 1906-5, איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אין דער אָרטיקער „זעמסקי באָלניצע״ (לאַנדס האָספּיטאַל) דער פעלדשער ליכאָצעווסקי, און זיין פרוי די אקושערקע, וועלכע האָבן שוין באַנוצט מאָדערנע הייל־מיטלען און מעטאָדן ביים באַהאַנדלען קראַנקע. אין 1911-10 ווידער, איז שוין אין שטעטל אָנגעקומען די יידישע דאָקטאָר־שע קראַסנאָפּאָלסקי, וואָס האָט אויך געאַרבעט אין דעם אויבנדערמאָנטן האָס־פּיטאַל. אין יענע פאַרצייטיקע יאָרן איז אויך געווען אין שטעטל אַ קריסטלעכער פעלד־שער — דראַטשיע האָט מען אים גערופן. ער איז געווען פון פויערשן אָפּשטאַם און די וויניקע מעדיצינישע קענטעניש׳ן האָט ער זיך אויסגעלערנט אין מיליטער־דינסט. ער האָט אין שטעטל געהאַט אַ קליינעם גוט. ער האָט אָרעמע מענטשן געהיילט אומזיסט און זיי נאָך מהנה געווען מיט געוויסע פּראָדוקטן פון זיינע פעלדער.

אין די יאָרן 1906-5, מער וויניקער (און אפשר נאָך פריער מיט עטלעכע יאָר) האָט זיך געעפנט אַן אַפּטייק דורך איינעם אַ פּאָליאַק קאָוואַלסקי אויף דער גאַס קריוואָאוליצע ביי ר׳ אברהם אליעזר ראָזמאַן אין שטוב. אין אָט אַזעלכע געלאַסענע און פּאַמעלעכדיקע טריט איז די ציוויליזאַציע אָנגעקומען אין דעם שטעטל און אין אַזאַ ריכטונג איז זיך דאָס לעבן אַזוי דאָרט געפלאָסן און ס׳איז געווען ביי די איינ־וווינער גאַנץ נאַטירלעך און רעלאַטיוו נאָרמאַל. מ׳האָט שוין אפילו דאַן געהערט עפּעס פון די „ציציליסטן״ אויף דער וועלט, וואָס ווילן איבעראַנדערשן דאָס לעבן און רחמנא ליצלן אַראָפּוואַרפן דעם קייסער. אויך האָט מען שוין אפילו געהערט פון יידישע אַזעלכע ציוניסטן, וואָס ווילן אויף גוואַלד ברענגען משיחן און פירן די יידן קיין ארץ ישראל.

דאָס שטעטעלע האָט אָבער פון זיי געלאַכט און אפילו געחוזקט, ווייל לויטן יידישן דין טאָר מען נישט גיין קעגן מלכות, פאַרקערט — מ׳דאַרף נאָך בעטן גאָט אויף דעם, ווי ס׳שטייט געשריבן „והוי מתפלל בשלומה של מלכות״ און אויך קען מען נישט דוחק הקץ זיין.

## חדרים אין שטעטל

די עלטערע יידן, בחורים און גרעסערע יינגלעך האָבן צו יענער צייט אָנגעפילט די בתי מדרשים און פאַרקלינגען זיי מיטן קול התורה. די קינדער, די תינוקות של בית רבן, האָבן, פאַרשטייט זיך, אָנגעפילט די חדרים. קיין יידישע שולעס זיינען נאָך דאַן

נישט געווען. אויך איז ביים אַלטן צאַרישן רעזשים קיין צוואַנג־שולע נישט געווען און יידישע קינדער, אויב נאָר די עלטערן האָבן נישט געוואָלט, זיינען נישט מחויב געווען צו גיין אין די „שקאָלעס". זיינען חדרים אין שטעטל שטענדיק געווען אַ 14־15. און וואָס מער „דרדקי" דער מלמד איז געווען, אַלץ מערער קינדער האָט ער אין חדר געהאַט. און געווען זיינען די חדרים מערסטנטייל אין קליינע, ענגע צימערלעך, אַן הילצערנע דילן און ממילא זיינען די סאַניטאַרע באַדינגונגען גע־ווען נישט קיין איבעריקע געזונטע. אין איין ווינקל, נענטער צום איינציקן פענצטער אין צימער, איז געשטאַנען דער טיש, אַרום וועלכן, אויף לאַנגע הילצערנע בענק זיינען געווען אויסגעזעצט די תלמידים מיטן רבין בראש. אין דעם אַנטקעגנדיקן ווינקל ווידער, איז געהאַנגען דאָס געפלאָכטענע וויגל מיטן קינד אינעווייניק און די רביצין, מיט די איבעריקע קינדערלעך דאַנעבן, זיצט און וויגט צו דאָס וויגל און שיילט קאַרטאָפליעס אָדער פליקט פעדערן...

דרדקי־מלמדים אין מיין פעריאָד זיינען געווען צוויי אין שטעטל: ר' מאָטל דער לאַנגער און ר' איצי זלמן. זיי פלעגן אָנהייבן צו לערנען מיטן קינד פון אַלף־בית און ענדיקן מיטן „טראָף" (ד"ה צונויפשטעלן די אותיות אין ווערטער) זיי האָבן אויך געהאַט „בייהעלפערס", וואָס פלעגן ברענגען די קליינע קינדערלעך פון זייערע היימען אין חדר, אויך אַרויסהעלפן דעם מלמד אין לערנען מיט די קינדער, נאָכהער זיי אָפפירן אָדער אָפטראָגן אַהיים.

ר' איצי זלמן, מיט זיין ווייכן און גוטן כאַראַקטער, מיט זיין צוגעלאָזענער באַנעמונג צו די קליינע קינדערלעך, ווי אויך מיט זיינע כמעט איינגעבוירענע פעדאַגאָגישע פעאיקייטן איז געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר אָנפאַנגער. אַז מ'האָט אים געבראַכט אַן אָנפאַנגער קינד, מער־ווייניק אין דריי יאָריקן עלטער, אַ צעשראָקענער און כמעט „ווילדער", האָט ער אים גענומען גלעטן, לאַשטשען, אים גענומען אויף זיינע קני, אויסגעפרעגט ווי ער הייסט, ווי טאַטע־מאַמע הייסן און אים כלאַחר־יד בשעת־מעשה געוויזן אויף דעם מאָדנעם שפּילצייג, אויפן גרויסן אַלף־בית בויגן, וואָס איז געווען איינגעראַמט אין אַ הילצערנער ראַם און מיטן גרויסן הילצערנעם טייטל אים אָנגעוויזן אויף אַן אַלף, אויף אַ פּאַסיקל מיט צוויי קעפּלעך, אָדער אויף אַ קאָראַמיסלע מיט צוויי עמער. און גאָר פּלוצלינג האָט זיך פון אויבן אָנגעהויבן שיטן צוקערלעך. דאָס קינד איז מיטאַמאָל געוואָרן היימיש און פריילעך. דער רבי האָט אים דערביי געזאָגט, אַז דאָס וואַרפט אים אַ גוטער מלאך פון הימל די צוקערלעך און אַז אויב ער וועט שטענדיק באַגערן צו לערנען וועט ער, דער מלאך, נאָך מערער אים צוקערלעך אַראָפוואַרפן פון דאָרטן.

אין די אָנפאַנגער־חדרים האָט מען, געוויינלעך, די קינדער געהאַלטן ווינטער ביז פאַרנאַכט און זומער האָט מען זיי באַפרייט אַ פּאָר שעה פריער. אין די פרייע שעהן פלעגן זיי זיך שפּילן איינער מיטן צווייטן אין דעם ענגן חדר גופא. דערפאַר אין די חדרים פון עלטערע קינדער האָט מען זיי געהאַלטן ווינטער ביז אַ שטיק אין דער נאַכט און זומער ביז פאַרנאַכט, ביז מנחה דאַוונען, וואָס זיי האָבן דאָס טאַקע אין חדר געטאָן.

נישט איינמאָל, ווען ר' איצי זלמן, אין יאָרן שפּעטער, האָט געטראָפן זיינע געוועזענע חניכים שוין גרויסע, קענער־תלמודיסטן אָדער משכילים, פלעגט ער, שוין מיט אַ געוויסן דרך־ארץ, זיי זאָגן, אַז נאָך קליינערהייט האָט ער פאָראויסגעזען, אַז זיי וועלן אויסוואַקסן קענער צוליב זייערע גוטע פעאיקייטן. מיט אַ מדרגה העכער פון אויבנדערמאָנטן איז געווען זעליק דער קרומער. ביי אים האָט מען שוין אָנגעהויבן דאַוונען און חומש לערנען. ער איז אָבער געווען אַ שטרענגער, אַ בייזער. שטענדיק מיט דעם קאַנטשיק אין דער זייט. אָבער מערער האָט ער מיט אים נאָר

געסטראשעט און געשלאָגן האָט ער מיט אים מערסטנטייל דעם טיש, אַרום וועלכן די קינדער זיינען געזעסן. איך געדענק זיך נאָך ביי אים לערנענדיק אין אַ זומער, ווען אין דרויסן איז געווען היים און אין דעם שטיקנדיקן צימערל, ווו מיר אַ 10‑12 קינדער זיינען געווען אויסגעזעצט אַרום דעם טיש און מיד און פויל צוזאַמענגע־לערנט, האָבן די פליגן געזשומעט און, מאַטע און האַלב־פאַרוויגטע פון דעם מאָנאָ־טאָנעם ניגון און פליגן־זשום, האָבן מיר געצויגן און נאָכגעזאָגט דעם רבין: „אשה — אַן אשה, כי תזריע — זי וועט מזריע זיין, וילדה — זי וועט געווינען, זכר — אַ זכר, וטמאה — זאָל זי זיין טמא...״

נאָך אים איז דאָן אין שטעטל געגאַנגען ר׳ זעליק דער גלייכער, אַט דער כמעט שטענדיקער צווייטער בעל תפילה נאָכן חזן ר׳ משה אין דער גרויסער שול מיט זיין שיינער הויכער שטים, — ר׳ נחום און ישראלי דער מלמד. דער ערשטער איז גע־ווען זייער אַ גוטער בטבע, אַ צוגעלאָזענער צו תלמידים. דער צווייטער איז שוין געווען אַביסעלע שטרענגער. די תלמידים פלעגן אים רופן „דער גאַנער״, צוליב זיין הויכן האַלדז. ער האָט געהאַט אַ באַזונדער שטראָף פאַר די קינדער, וואָס האָבן דאַנערשטיק, דער יום הדין פאַר די תלמידים דאָן אין די חדרים, נישט געקענט דעם חומש. ער האָט דעם תלמיד אַוועקגעשטעלט מיט אַ „קאַציבע״ ביים קוימען און אַלע תלמידים, וואָס זיינען אַהיימגעגאַנגען עסן, האָבן אים אָפּגעגעבן מזל־טוב. אַזאַ האַנדלונג האָט אָפּט אַרויסגערופן ביים תלמיד אַ געוויין. ר׳ נחום פלעגט אויך לער־נען די קינדער דעם אַלף־בית שרייבן, פריער מיט קויל אויף אַ ווייסן שינדל און נאָכהער, ווען זיי האָבן שוין געקענט דעם אַלף־בית, האָט ער אָנגעשריבן אַ „פּיר־גערוס״ מיט אַ גרויסן געציקלטן „ב״ה״ פון אויבן און אַ מסחר בריוול פון אַלערליי מסחרים פון אונטן.

אינטערעסאַנט איז געווען זיין חומש־לעקציע אין בילדער איין מאָל אין יאָר פון דער פּרשה „תצוה״, ווו ס׳רעדט זיך וועגן אהרן הכהנס בגדי כהונה: ער, ר׳ נחום דער מלמד האָט פון פּאַפּיר אויסגעשניטן דעם „חושן מיטן אפוד״, אויך דעם ציץ און האָט אויסגעפּילט די 12 משבצות, לויט די 12 שבטים און האָט געוויזן אויף זיך, ווי אַזוי אהרן הכהן האָט דאָס אַלץ אָנגעטאָן.

ביי אונדז קינדער האָט דאָס אַרויסגערופן טשיקאַוואָסט, צוזאַמען מיט פריילעכ־קייט, צוקוקנדיק ווי דער גרויסער שטענדיק ערנסטער און טאַקע אַמאָל אויך בייזער רבי שפּילט זיך מיט צוגעשניטענע פּאַפּירלעך, ווי מיר קליינע קינדער...

ווייטער קומען אין דער רייע ר׳ יעקב פראַסמאַן, ר׳ אליעזר האַלישאַנקער און ר׳ יצחק כהן. אַלע דריי זיינען געווען גמרא מלמדים. ביי זיי פלעגן שוין די תלמידים אָנאָנהויבן צו מאַכן אַליין „אַ לייענען״ (אַליין אויסלערנען אַ שטיקל גמרא און נאָכ־הער דאָס איבערזאָגן פאַרן רבין). אינטערעסאַנט איז אָבער געווען, וואָס די תלמידים האָבן דעם רבין גענאַרט: זיי האָבן ביי אים געבעטן אַ דערלויבעניש „פאַר דער טיר״ (נאַטירלעכע באַדערפעניש) אונטער דער באַד, וווהין זיי־זיינען כלומרשט אַוועק. אין דער אמתן זיינען זיי אַוועק גאָר אין ביהמ״ד, ווו יונגעלייט זיינען דאָרט געזעסן און געלערנט, האָבן זיי אויסגעפרעגט אַלץ און איינגעחזרט און שוין דאָס געקענט. דער גרעסטער מלמד אָבער אין שטעטל איז געווען ר׳ נתן דוד ע״ה. ער האָט גע־לערנט נאָר מיט 3‑4 קינדער און נאָר תלמוד מיט אַלע מפרשים. ער האָט געהאַט אַ ספּעציפישע אויסצייכענונג פאַר זיינע גוטע תלמידים: מיט אַ צונויפגעלייגטן פינגער, ווי ער האָט עס אָנגערופן אַ „באַרעלע״, פלעג ער זיי מכבד זיין אין קאָפּ, שמייכלענ־דיק דערביי. אַ חוץ דער „קנעלונג״ מיט די עטלעכע תלמידים, איז ער אויך געווען אַ „שמש״ אין דעם דערבייאיקן סטאָלענער שטיבל, כאָטש ער איז גאָר געווען אַ היי־סער טריסקער חסיד. מסתמא האָט אים דאָס מלמדות נישט מספּיק געווען אויף דער

חיונה. ר׳ נתן דוד איז געווען דעם דיין ר׳ יוסף לייבלס ז״ל א חבר. ער האט געקענט א סך לערנען און געווען א גרויסער בקי אין תלמוד און זיינע מפרשים און אויך געווען א גוטער בעל מסביר. אין שטעטל איז ער געווען די אוניווערזיטעט צווישן די מלמדים. מ׳האט אים, פארשטייט זיך, דערפאר געצאלט א סך טייערער ווי די אנדערע מלמדים. ס׳פלעג קומען יעדן טאג אין חדר, לויטן סדר, א תלמיד מיט א שעה פריער פארן אנהויבן לערנען, כדי אים אויפשטעלן דעם סאמאוואר — מאכן טיי פארן רבין און אפקלאפן שטיקלעך פון דער „היטל צוקער”. פאר דער ארבעט פלעג שוין דער תלמיד קריגן אן אפגעצוקערט גלאז טיי. אין דער צייט אבער, ווען דער סאמאוואר האט זיך געווארעמט און אויפגעקאכט, האט דער רבי דערווייל געדאוונט פון „פארנט”. נאך היינט אפילו, א זאך פון עטלעכע און פופציק יאר אין דעם, קלינגט מיר אין די אויערן דאס מעלאדישע און זיסע, אין גרויס עקסטאז און דבקות, אויסזינגען זיינס דעם „והערב נא ד׳ אלהינו את דברי תורתך בפינו... ונהיה אנחנו וצאצאינו וצאצאי־צאצאינו...”

איך זע אים, ווי היינט וואלט דאס זיין, א דאר, נידעריק יידל, מיט א קורץ, ווייס בערדל, אויפן קאפ, א באפעדערטע יארמולקע, מיט לאנגע ווייסע פאות, מיט א צעפלאמט פנים, מיט טיפע פארחלומטע, נישט־דאאיקע אויגן, די הויזן פארשטעקט אין די ווייסע זאקן מיט פאנטאפל, האלט די פאות אין די הענט און קרייזלט זיי און מיט אזא התלהבות און דבקות זינגט ער אויס די תפילות, שפאצירנדיק אויף דעם ליימענעם דיל און זיין קליין נידעריק שטיבל און ווי א הימלשע מעלאדיע רייסט זיך פון זיין הארץ און נשמה ארויס דורכן מויל: „ונהיה אנחנו וצאצאינו”... נישטא שוין היינט אזעלכע יידן, לעצטע מאהיקאנער געווען!

ס׳זיינען אויך געווען עטלעכע מיידלשע חדרים אין שטעטל. אין איינעם אזא חדר האט מיט מיידלעך געלערנט די אלמנה סאסיע טעלעסאן מיט אירע צוויי טעכטער חנה און חיה. זיי האבן געלערנט סדור און אויך שרייבן. אזא חדר האט אויך געהאט איינער ר׳ משה דוד דער דיווינער, אדער, ווי מ׳האט אים גערופן „שמע קולנו”. ער האט געמאכט אן איינדרוק פון א תם — ווייניק גערעדט און געווען זייער א שטילער, ממש א שווייגער. די מיידלעך האבן נישט גערן געלערנט ביי אים.

א צווייטער און מאדנער טיפ מיידלשער מלמד איז געווען איינער יהושע זלמן, וואס פלעגט מיט זיין לאנגער בארד גיין אין די שטיבער געבן לעקציעס די מיידלעך. ער איז אויך געווען די לעבעדיקע „פאטשט” אין שטעטל און פלעגט אלע שטאט־נייעסן צוטראגן דארט. ער איז געווען זייער א פריילעכער און פלעגט שטענדיק, טאנצנדיק, זינגען פארשיידענע לידלעך.

## די ערשטע סימנים פון א זעלבסטשטענדיק סאציאלן לעבן אין שטעטל

ס׳וואלט אבער דאס בילד נישט געווען גאנץ פון יענער עפאכע, ווען מיר וועלן נישט דערמאנען די וואלן פון א יידישן „סטאראסטע” (עלטסטער) אין דער דעמאלטדיקער ראטנער „מעשטשאנסקי אופראווע” (שטאט־פארוואלטונג) איין מאל אין דריי יאר. דער פאל אליין פון אנפרעגן זיך ביים „עולם” זעט אויס ווי עפעס אן אויסנאם אין יענע יארן אין דעם קליינעם שטעטל, ווען אין יידיש־געזעלשאפטלעך לעבן באטייליקונג פון דער ארטיקער מאכט, דער פריסטאוו אדער אוראדניק (אגב, זיי דארט איז נאך גילטיק געווען די תקיפות פון די עטלעכע חשובע בעלי־בתים, וואס האבן אליינהערשעריש געשאלטעוועט אין אלע יידיש־שטאטישע ענינים.

אמת, די־א וואלן, וואס זיינען פארגעקומען אין דעם גרויסן ביהמ״ד, מיט דער

האָבן רעספּעקטירט די יידישע רעליגיע און געזעסן מיט די היטלען) זיינען געווען פּרימיטיוו, אויפן אַלטמאָדישן שטייגער און די הויכע געשרייען און באַנומענע קרלות פון „זשעלאַיעם" (מיר זיינען מסכים) און „ניע זשעלאַיעם"( מיר זיינען נישט מסכים), וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון עטלעכע אָנגעטרונקענע העלדזער — „געדונגענע קדישים" — האָבן כמעט שטענדיק דעציִדירט און געזיגט — זיינען זיי אָבער דאָך געווען דאָן ווי סימנים פון אַ געוויסן „פּראָגרעס".

די „מעשטשאַנסקע אופּראַווע", וואָס האָט אויסגעפילט די אַלע פונקציעס פון אַ לאָקאַלן מאַכט־אָרגאַן, וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן די איינוווינער און אויך אויפגעמאָנט די רעגירונגס און לאָקאַלע שטייערן ביי דער באַפעלקערונג — האָט אויך צוזאַמען מיט דעם אויפגעמאָנט די ספּעציפישע יידישע שטייערן, ווי פאַר כשר פלייש און בענטש־ליכט. דאָס רעכט צו שחטן אויף כשר — די אַזוי באַוווסטע טאַקסע — האָט מען אָפּגעגעבן אין אַרענדע. די טאַקסע האָט אַ לאַנגע צייט געהאַלטן אין אַרענדע ר' ישראל ליפע בערגעל ע"ה, אַ ייד, אַ גרויסער פרומער און סאַדעגערער חסיד*). ווען איינער האָט געוואָלט שחטן אַ „שטיקל", האָט ער געמוזט ביי אים אַרויסנעמען אַ קוויטל און באַצאָלן. דאַקעגן דעם „סוויטשנע סבאָר" (ליכט שטייער) האָט מען שוין געדאַרפט צאָלן אין דער אופּראַווע. און נישט איין מאָל האָט געטראָפן, וואָס מ'האָט ביי אַן אָרעמען יידן, וועלכער האָט נישט געקענט צאָלן דעם שטייער, צוגענומען אַ קישן אָדער אַן אַנדער שטוב־חפץ. יידן זיינען שטענדיק געקומען מיט טענות און קלאַגעס צו ר' פישל העלד ע"ה, וואָס איז אויך געזעסן אין אופּראַווע אַלס סעקרעטאַר פון יידישע ענינים, אַז מ'האָט זיי געשטעלט צופיל, אָדער זיך געוואָלט אויססטאַרען מ'זאָל זיי צוריק אָפּגעבן דעם פאַרכאַפּטן חפץ. די אופּראַווע איז אַ שטיק צייט געווען ביי ר' וועלוול גלייזער אין שטוב, אין סאַמע צענטער פונעם שטעטל. די אופּראַווע האָט אויך געהאַט אַ יידישן סאָטניק (אַ מין פּאָליציאַנט) וואָס פלעגט צוטראָגן די אַלע פּאַוועסטקים פון די שטייערן, אָדער אַזוי איינלאַדונגען צו די יידן אין שטעטל. פאַר לייזער דעם סאַטניק, אַ הויכער, בייזער ייד מיט אַ גרויער באָרד און אַ גרויסן שטעקן אין האַנט, האָבן אַלע יידישע קינדערלעך מורא געהאַט. ווען ער איז געשטאָרבן האָט פייוול דער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט פאַרנומען זיין אָרט. דער לעצטער, דווקא אַ ווילער ייד, האָט גערעדט אַ יידיש געמישט מיט אַ סך רוסישע ווערטער און דעם „ריש" האָט ער שטאַרק אַרויסגערעדט. (ביי דעם קייסער ניקאָלאַי דעם ערשטן האָט מען אויפגעכאַפּט 7-8 יאָריקע יידישע קינדער און זיי אָפּגעשיקט אין טיף רוסלאַנד, ווו מ'האָט זיי געלערנט מיליטערישע דינסט. זיי האָבן געדינט 25 יאָר און על פּי רוב האָט מען זיי דאָרט אָפּגעשמדט. אַ סך זיינען אָבער געבליבן יידן און נאָכהער, ווען זיי זיינען עלטער געוואָרן, געקומען צוריק אין די שטעטלעך, ווו זיי זיינען געבוירן געוואָרן. אַזעלכער איז אויך געווען אין ראַטנע איינער נחמן דער שוסטער, (וויינער) וואָס האָט זיך שטענדיק נעבעך געמוטשעט מיט דער עברי ביים דאַווענען אין ביהמ"ד).

די ערשטע צייט האָט מען פאַר אַ סטאַראָסטע עטלעכע מאָל אויסגעווילט ר' שמואל חיים טולער ע"ה, אַ ייד אַ הויכער, אַ דיקער, און פון סטאַטנעם אויסערלעכן אויסזען. אין שטעטל האָט מען אים געקענט מיטן צונאָמען „דער סבאַרטשיק". אין די יאָרן אומגעפער 1903-4, איז דער אַמט פון סטאַראָסטאַ איבערגעגעבן געוואָרן כמעט ווי אין אַרענדע דעם ר' מאיר שמואל מארדער ע"ה, אָדער „פעטער", ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל. די שטאָט האָט אים דערפאַר אָפּגעגעבן די הייזון, פון וועלכע ער פלעגט צאָלן דעם שטאָט־חזן ר' משה לאבוש דריי רובל אַ וואָך. די אַרבעט און פליכטן פונעם יידישן סטאַראָסטאַ זיינען געווען אויפפּאַסן און פאַרטיי-

*) שפּעטער האָט די טאַקסע איבערגענומען ר' בנימין קענפער ע"ה.

דיקן די אַלע יידישע ענינים, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג אין דער אופּראַווע, ווי אַלערליי צינזן און שטייערן, וואָס מ'האָט אַרויפגעלייגט אויפן שטעטל, דאָס צעטיילן זיי צווישן די יידן, אָפּבעטן אַמאָל אַ גזירה אויף די אָרטיקע יידן און



דער קאָנטאָניסט ר' שמואל בר' פנחס באַרג,
ברודער פון ר' נח באַרג.

אויך בנוגע פּאַספּאָרטן און מיליטער דינסט און פאַרשיידענע „לגאַטעס" (פּריווי־לעגיעס), וואָס געוויסע יונגעלייט האָבן ביים „פּריזיוו" געהאַט צוליב פאַרשידענע סיבות, כדי זיך צו באַפרייען פון דינסט און נאָך אַנדערע אַזעלכע אָנגעלעגנהייטן.

## די פרייהייט רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אין 1905 און דער אויפשטייג פון השכלה און נאַציאָנאַלן געדאַנק

אין די יאָרן 1905-4, נאָך דער מפּלה פון רוסלאַנד אויפן וויטן מזרח אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, האָבן אונטערערדישע, קאָנספּיראַטיווע כוחות דאָרט, וועלכע האָבן שוין לאַנג אַקטואירט און צוגעגרייט דעם באָדן דערצו, אַרויסגערופן אַ מין פּאַסיווע רעוואָלוציע — אַלע באַנען אין דעם גרויסן רוסלאַנד האָבן זיך מיטאַמאָל אויף עטלעכע טעג אָפּגעשטעלט און די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן געפאָדערט אַ גוסודאַרסטווענאַיע דומע און מערער אַביסל פרייהייט. אין די גרעסערע שטעט זיינען אפילו פאָרגעקומען טעראָר־אַקטן. אויך אין דער נאָענטער פון אונדז בריסק האָט מען דערשאָסן דעם גראַדאָנאַטשאַלניק (שטאָט־אינטענדענט) דער „צאַר" האָט געמוזט צוזאָגן וואַלן און אַ גאָסודאַרסטווענאַיע דומע און ווען די אָרדענונג איז צו־ריקגעשטעלט געוואָרן האָבן די קאָזאַקן, לויט אַ ווונק פון אויבן, גענומען באַשטראָפן די „קראַמאַלניקעס" און אַ סך יונג בלוט איז דאַן פאַרגאָסן געוואָרן. אויך אין נאָענטן

בריסק האָבן די קאָזאַקן געווילדעוועט און עטלעכע יונגעלייט, וואָס האָבן דאָרטן גענומען אָנטייל אין דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, זיינען געקומען צולויפן אין ראַטנע זוכן שוץ ביי זייערע קרובים. אין שטעטל גופא איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען רואיק. די נאָענטסטע באַן־סטאַציע זאַבלאַטיע איז געלעגן אַ 25 קילאָמעטער פונעם שטעטל. די עטלעכע סאָציאַליסטן און בונדיסטן פון שטעטל, ווי ברך דעם שוסטערס איידעם, אַ בונדיסט פון נאָענטן בריסק, אַפּטשיק משה יענקל דעם שניידערס און זיינוול ישראל דעם שניידערס בראש פון דער וואַרשעווער מיידל, גאָלדע דער בעדערקעס אַ שוועסטער, — האָבן ערגעץ־ווו אין די נאָענטע וועלדלעך, אָדער אַמאָל אין דעם שעכט־הויז, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך, אויסער דאָנערשטיק, געפּוסטעוועט, מיט געוויסע פרעמדע יונגע מענטשן, וואָס פלעגן זיך אין די „הייסע" טעג אַראָפּכאַפּן אין שטעטל, געמאַכט געהיימע פאַרזאַמלונגען, געהאַלטן רעדעס און פאַרשווונדן. אויך האָבן געוויסע יונגעלייט, אינספּירירטע פונעם צייט־גייסט, געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידלעך, וואָס זיינען דאַן אין דער מאָדע געווען. באַזונדערס האָט זיי געזונגען דער מיידלשער מלמד מיט דער „בעזים"־באָרד, דער טשודאַק יהושע זלמן, וואָס איז שטענדיק פריילעך געווען און האָט אַלע שטאָט־נייעסן יעדן טאָג צעטראָגן איבערן שטעטל און זינגענדיק און טאַנצנדיק האָט ער אין די לאַנגע שטיוול און חסידישער קאַפּאָטע צוגעפּלעסקעט מיט די הענט און געזונגען: „פּאַניע, פּאַניע גנב, פּאַניע, פּאַניע גנב..." אָדער — „נעכטן ערשט געווען אַ שוסטער, היינט איז ער שוין גאָר אַ מיניסטער", „העי, העי, דאַלאַי פּאָליציאַ" אאַז"וו.

***

אין דעם גרויסן רוסלאַנד האָט עס דאַן טאַקע שטאַרק געקאָכט — פריער מיט דעם 3־4 טאָגיקן שטרייק און טעראָר־אַקטן און נאָכהער מיט די שטראָף־עקספּעדיציעס פון די קאָזאַקן. גלייכצייטיק אָבער האָט אויך אין דעם קליינעם גייסטיק־יידישן וועלטל געקאָכט און געזודערט. די קולטור און נאַציאָנאַלע רענעסאַנס־באַוועגונג האָט זיך פּונקט אין יענער צייט אויך אויפגעכאַפּט, האָט זיך אומעטום, אין די יידישע שטעט און שטעטלעך געלאָזט פילן, אויפגעגאַנגען און געבליט. אפילו ביי אונדז אין שטעטל, וואָס איז געווען צוליב איר געאָגראַפישער לאַגע אין קולטורעלן זין אָפּגעשטאַנען, האָט זיך געפילט דער אָנקום פון אַ נייער צייט און די בולטע סימנים פון אַ ניי לעבן זיינען שוין גוט קענטיק געווען.

נאָך צוריק מיט אַ יאָר צען, אומגעפער אין די יאָרן 1895—1900, האָט אין דעם ראַטנער סטאַטיש פאַרגליווערטן לעבן, וואָס איז געווען, ווי אויבן געזאָגט, אויסגעפילט בלויז מיט לערנען אין די בתי מדרשים, מיט תורה און עבודה, חסידות און צומאָל מחלוקתן וועגן רביים און דיינים וכדומה, וואָס האָט, אמת, זיינער צייט, געהאַט זיין חן און שיינקייט, — אָנגעפאַנגען צו יורן פון אינעווייניק און ס'איז פאַרגעקומען אַ שטיקל איבערברוך. די אומדאַנקבאַרע ראָל פון דעם „שעור שבעיסה", פון די הייוון, וואָס האָט אויפגעבלעזלט דאָס שטיל פליסנדיק לעבן דאָרט — איז אויסגעפאַלן אויף די עטלעכע יונגעלייט, די פּיאָנערן־משכילים — יהושע פוגאַטש, זלמן בורשטיין, אברהמצע טעלעסאָן און איצל מאַטעסעס דעם טראַטש און, אַהרון, אחרון חביב, דוד פינקעלשטיין, אַ ליבעוונער יונגערמאַן, אַ קענער־העברעאיסט, וואָס האָט שוין דאַן געשריבן ליטעראַרישע אַרטיקלען און דערציילונגען אין דער „הצפירה" און „המליץ". זיי, די אויבנדערמאָנטע פּיאָנערן, האָבן דאָס גענומען פאַרשפּרייטן השכלה צווישן דער ראַטנער יוגנט, זיי גענומען אויפקלערן און אַריינברענגען אַביסל ליכט אין זייערע מוחות. מ'האָט אויסגעשריבן צייטונגען, די העברעאישע „הצפירה", „המליץ", „הצופה", אויך די יידישע צייטונג דער „פריינט",

וואָס האָט דאַן דערשיינט אין פּעטערבורג און מ'האָט גענומען קנעלן מיט דער יוגנט. זיי האָבן גיך צוגעצויגן צו זיך עטלעכע יוגנטלעכע — משה איילבוים, בערל קאָהן (געפינט זיך אין נאָרד אַמעריקע) און לייבל אלישאנקער א. אַ.

זיי האָבן גלייכצייטיק באַקאַנט די יוגנט מיט דער „חבת ציון"־באַוועגונג, וואָס האָט טאַקע פּונקט דאַן אָנגעפאַנגען צו צעבליען זיך אין אַ סך שטעט אין רוס־לאַנד, באַזונדערס אין וואָלין, ווו די אַזוי גוט באַקאַנטע „בילוצעס" האָבן זיך אויפ־געהויבן, מורד געווען אין זייער שאַבלאָנעם לעבן און עולה געווען קיין ארץ־ישראל, דאָס יידישע אויסגעטרוימטע פאָטערלאַנד. די יוגנט אין שטעטל האָט אפילו צוגע־קריגן צו זיך, אַלס מיט־סימפּאַטיזירער און טאַקע אַמאָל אויך מיטהעלפער צו פאַר־שפּרייטן דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, פון צווישן דעם עלטערן דור, די אַזוי גערופענע דאָרט „משוגעים", אַ טאַטע מיט אַ זון — ר' וואָלף לייב קאָהן און זון שלמה מיכל, וואָס זיינען שוין דאַן געווען דורכגעדרונגען מיטן ציוניסטישן גייסט. זיי, די יוגנט, האָט געפּרוווט מאַכן אַ סך עקספּערימענטן אין שטעטל, ווי עפענען אַ „חדר מתוקן", אַראָפּברענגען אַמאָל אַ ציוניסטישן רעדנער, וואָס זאָל זיי אויפקלערן די אמתע יידישע לאַגע און יידישע האָפענונגען. זיי האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אַ סך שטערונגען מצד די פאַנאַטיקער, די חסידים, באַזונדערס די סטאָלענער, וואָס האָבן דעם „חדר" פאַרמאַכט און דעם מטיף דורכגעטריבן. די באַזונדערע, אָבער יידישע לאַגע דאַן אין רוסלאַנד, די פּאָגראָמען און די גרויסע באַגרענעצונגען און גזירות, וואָס האָבן זיך געשאָטן יעדן טאָג כמעט אויף די יידן פון איין זייט און די נייע פרייהייט ווינטן, וואָס האָבן שוין דאַן געבלאָזן אין רוסלאַנד פון דער צווייטער זייט האָבן אויך אַ סך אומדירעקט צוגעהאָלפן דער יוגנט אין שטעטל אין זייערע גרויסע שליחותן. זיי, די יוגנט, אָט די פלעיאַדע פּיאָנערן פון יידישער קולטור און חבת ציון־געדאַנק האָבן לסוף אַלעם בייגעקומען און גאָר גיך האָבן זיי צוגעקריגן אַ סך אָנהענגער צווישן די איבעריקע יוגנט און זאָגאַר עלטערן דור און האָבן לסוף פריי און אומגעשטערט אָנגעפאַנגען די ציוניסטישע פאָלקס־אַרבעט ווי קק"ל לכת־חילה מיט אַ קערה נאָר ערב יום כפור און נאָכהער מיט זאַמלען פאַר דעם צוועק אויף יעדע תנאים, חתונות און בריתן. יידן האָבן זיך גיך צו דעם צוגעוווינט און גאַנץ פיין געגעבן אויף דעם צוועק און דאָס זעלבע איז אויך געווען אויפן קולטור געביט.

דערצו זיינען צו יענער צייט, צווישן די יאָרן 1908-6, אַריינגעקומען אין שטעטל גאַנץ פרישע, יונגע און אינטעליגענטע כוחות פון דער פרעמד. דער ערשטער אינ־טעליגענטער, באַוווסטזיניקער יונגערמאַן איז געווען אַרימלאַנד, וואָס האָט זיך אין שטעטל איינגעאָרדנט מיט אַן „אַפּטייקאַרסקי מאַגאַזין" אין דעם הויז פון ר' וועלוול גלייזער. ער האָט צוגעצויגן צו זיך אַ סך פון דער ראַטנער יוגנט, וועלכע איז זיך צוזאַמענגעקומען ביי אים און געשמועסט פון ליטעראַטור און פון אַנדערע יידיש־נאַציאָנאַלע פראַגן, און זיך גוט אויסגעלעבט אין אַן עכט־יידישער סביבה. נאָכהער אין אַ יאָר צוויי איז אָנגעקומען קיין ראַטנע דער אַפּטייקער בעלעסטאַצקי פון קיע־ווער געגנט. ער האָט זיין אַפּטייק געעפנט ביי יהושע חייט אין שטוב. ער איז אפילו נישט געווען פון ציוניסטישן לאַגער, אַ חסיד גאָר פון רוסישער קולטור און ס'האָט אים געצויגן צו די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, אָבער גערעדט האָט ער אַ שפּרו־דעלדיקן גוטן יידיש און געווען בכלל זייער אינטעליגענט, און מיט דער צייט, אין דער ראַטנער יידישער סביבה, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט איז ער אויך גע־וואָרן צום סוף אַ סימפּאַטיזירער פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און האָט אפילו אַמאָל אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור פאַר אַ קאַזיאָנער ראַבינער. די דענטיסטן גאָל־דינע, וואָס איז צו יענער צייט געקומען פון ווילנע צו אונדז און האָט זיך פאַרנומען

מיט איר פראַקטיק, האָט צולעצט חתונה געהאַט מיט בעלעסטאָצקין. זי איז געווען זייער אַ געבילדעטע און קלוגע פרוי, און האָט אויך אומדירעקט נישט קיין קליינעם חלק געהאַט אין דעם פּראָגרעס פונעם שטעטל. ס'איז נאָכהער אויך אָנגעקומען איינער מאַגיליאַנסקי, וואָס האָט אָפּגעקויפט ביי אַרימלאַנדן דעם „אַפּטיקאַרסקי מאַגאַזין". ער איז שוין געווען אַ ציוניסט און אַ געבילדעטער יונגערמאַן דערצו אין יידיש און העברעאיש. די־אָ ביידע פּערזאָנען, בעלעסטאַצקי און מאַגיליאַנסקי, האָבן זיך מיט דער צייט אַרומגערינגלט מיט יוגנטלעכע געזעלשאַפטן און געשאַפן אין זייערע שטיבער יידישע סביבה און גייסטלעכע צענטערן, אמת טאַקע אַביסל דיפערענטע, אָבער דער אינהאַלט איז געווען אין אַלגעמיין יידישלעך.

די יוגנט אין די גרויסע שטעט, נאָך דער נישט געלונגענער רעוואָלוציע אין דעם פינפטן יאָר, ווען די „קאַזאַטשענע" האָט איר דערטרונקען אין בלוט, איז געוואָרן פאַריאושט. פון פאַרצווייפלונג ווידער איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ שמוציקן אָפּגרונט — זי האָט אויפגעבראָכן אַלע צוימען פון עטיק און צניעות און אָנגענומען „סאַנינס" תורה (אַרציבאַשעווס) — די „פרייע ליבע". זיי האָבן אַלעמאָל מער געזונקען אין דעם אָפּגרונט פון שמוץ, וואָס האָט זיי צולעצט געפירט צום זעלבסטמאָרד. ס'האָבן זיך דאַן זייער געמערט די זעלבסטמאָרדן צווישן דער רוסישער יוגנט. ס'זיינען אויך דאַן דערשינען אַ סך געדרוקטע פאַמפלעטן, קליינע בראָשורקעס אין רוסישער שפּראַך וואָס האָבן דערוויזן, אַז דאָס לעבן איז גאָרנישט, עס האָט גאָרנישט די ווערט צו לעבן — בלייבט איבער די איינציקע זאַך — דער זעלבסטמאָרד. די סביבה אין די גרויסע שטעט איז אַלזאָ דאַן געווען אַן האַלב־פאַרסמטע און אַ סך פון דער יוגנט, וואָס זיינען געווען קעגנער פון דער נייער נעגאַטיווער לעבנס־טעאָריע, האָבן זיך געזוכט אַביסל פרישע לופט, וו מ'קען אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אַזאַ געזונטע לופט האָט פאַרמאָגט די פּראָווינץ. זיינע טאַקע אַ סך פון דער גרויסשטאָטישער יוגנט, פון דער אינטעליגענץ, זיך צעפאָרן אין די פּראָווינץ־שטעטלעך. אויך אין ראַטנע זיינען דאַן אָנגעקומען עטלעכע אַזעלכע שטודירנדע יוגנטלעכע. אין 1906־7, אַן ערך, איז אַראָפּגעקומען צו אונדז אין שטעטל פון אדעס דער עקסטערן זאַסלאַווסקי. געווען איז ער אַ שטיקל טשודאַק. ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ באָרד, געווען שטאַרק אָפּגעלאָזן, כּאָטש שטענדיק אין גוטן הומאָר, און אויך געווען אַ וועגעטעריאַנעץ — נישט געגעסן קיין פלייש. ער האָט געהאַט אַ סך יידישע און קריסטלעכע לעקציעס. צו יענער צייט איז אויך געווען אַ לערער איינער לעווין פון בריסק. מ'האָט אים גערופן דאָס „שרייפעלע", צוליב זיין אַ סך רעדן. ער איז געווען אַ גוטער שאַך־שפּילער. שפּעטער־צו מיט אַ יאָר אָדער צוויי זיינען אָנגעקומען פון בריסק עטלעכע לערערקעס — גימנאַזיסטקעס, ווי ראָזע גורוויץ, מילראַד און ראָזע בעלאַך. נאָך זיי זיינען געקומען, אויך פון בריסק, פאַניע זילבערשטיין און מאַניע אהרונסאָן. ס'איז אויך אין יענער צייט געקומען אַן עקסטערן, אַ גרויסער קענער און אַ שטאַרק אָנגעלערנטער — איינער פערעלשטיין פון גראָדנע, אַ געוועזענער ישובהניק. זיי אַלע האָבן געגעבן לעקציעס אין רוסיש און אַ סך פון די תלמידים, באַזונדער רוסישע, צוגעגרייט אין די רוסישע גימנאַזיעס.

די־אָ לערער און לערערקעס, אינטעליגענטע און אַקאַדעמישע יוגנט, האָט נישט ווייניק פּראָגרעס און פאָרשריט אַריינגעבראַכט אין שטעטל.

פון יידישע לערער ווידער זיינען צו יענער צייט, סוף 19טן און אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט, געווען אברהמצע טעלעסאָן, וועלכער האָט געלערנט דער עיקר העברעאיש און יידיש און אויך אביסל, כדי צו קענען אמאָל אַ רוסישן אדרעס אָנשרייבן, רוסיש. אויך איז געווען אַ לערער הירשל שכנאָס. מ'האָט אים אויך גערופן אין שטעטל „דער שאָקל־קאָפּ", ווייל ער האָט פון נאַטור אַזוי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ער האָט געלערנט רוסיש און יידיש. מיט אייניקע אַפילו געלערנט רוסישע היסטאָ־ריע און גראַמאַטיק. זיי האָבן אויך געלערנט אַביסל חשבון — חיבור, חיסור, כפל און חילוק — און דאָס אין דאַנערשטיקן טאָג. פון די יאָרן 1909-10 האָט דער שרייבער פון די שורות אויך געגעבן לעקציעס אין העברעאיש און רוסיש אין שטעטל. אויך זיינען דאַן געווען צוויי יונגע לערער מאָטל קאַגאַן (כהן) און ברוך יעקב מאַראַניץ, וואָס האָבן אָפּגעדונגען אַ צימער און בשותפות געגעבן לעקציעס איןביידע שפּראַכן, העברעאיש און יידיש.

ס'האָט אויך עקזיסטירט אין שטעטל אַ גאַנץ רייכע ביבליאָטעק ביי יצחק שפּיל־מאַן. דער ערשטער געדאַנק פון גרינדן אַ ביבליאָטעק אין שטעטל איז געקומען דעם באַוווסטזיניקן און אַזוי טראַגיש אומגעקומענעם ביי די פּאָליאַקן, יונגערמאַן אברהם איידעס. אין יענער צייט, אומגעפער אין יאָר 1905-6, האָט דער „שטיבעל"־פאַרלאַג אין וואַרשע, וואָס האָט שוין דאַן עקזיסטירט, געמאַכט גרויסע פּראָפּאַגאַנדע אין די צייטונגען פאַר זיינע נייע סעריעס ביכער אין העברעאיש און יידיש און האָט זיי פאַרשפּרייט אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, שיקנדיק קעגן נאָכנאַמע יעדן, ווער נאָר ס'האָט געבעטן. אברהם איידעס ע"ה, וואָס האָט ביי זיך אין שטוב איינגעאָרדנט אַ היימיש קרעמל פון פּאַפּיר, העפטן און לערן־ביכער פאַר קינדער, האָט אויך אויסגעצייכנט אַ געוויסן סכום ביכער, לכתחילה ווי פאַר זיך צום לייענען און נאָכהער אויך צום „פאַרדינגען". ס'זיינען דאַן אויך געווען אין שטעטל עטלעכע פּריוואַטע ביבליאָטעקן — ביי דוד שטיינגאַרטן, ביי רחל שפּירא און אַ גרעסערע ביי יצחק מערסיק. די לעצטע האָבן אָבער נישט גערן געליען עמיצן זייערע ביכער. און דאָ זיינען שוין געווען אין שטעטל אַ סך פון דער באַוווסטזיניקער יוגנט, וואָס האָט געלעכצט נאָך ליטעראַטור, נישט קוקנדיק, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט כמעט יעדן טאָג די עטלעכע העברעאישע צייטונגען, ווי „הצפירה" און „המליץ" א. א. דער־פאַר איז דאָס געווען דאַן אַ דבר בעתו, וואָס דער א. איידעס האָט אויפגעטאָן און געשאַפן די ביבליאָטעק. אין עטלעכע יאָר נאָכדעם האָט ער די ביבליאָטעק פאַר־קויפט איצל שפּילמאַן, וועלכער האָט זי שוין פאַרגרעסערט און צוגעקויפט מער ווי הונדערט ביכער, אויך העברעאישע און רוסישע, אַזוי אַז ער האָט צונויפגעשטעלט אַ שיינע ביבליאָטעק פון עטלעכע הונדערט עקזעמפּליאַרן און די יוגנט, וואָס האָט געלייענט אין אַלע דריי שפּראַכן, האָט געשעפּט פון זיי וויסן און קולטור. אינטערע־סאַנט איז דער אורשפּרונג און דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס ביז דעם ביבליאָ־טעק־אויפקום. שוין אין די לעצטע יאָרן פון דעם 19טן יאָרהונדערט פלעגן קומען קיין ראַטנע צוויי מאָל אין יאָר מוכרי ספרים, וואָס האָבן אויף אַ לאַנגן טיש, אין דעם גרויסן ביהמ"ר אין דער זייט פון דער גאָס־טיר, צעשטעלט אַלערליי רעליגיעזע ספרים — סידורים, חומשים, תהילימלעך, מחזורים און קינות א. א. וו זיי האָבן אָבער אויך ערגעץ אין אַ ווינקל פון דעם לאַנגן טיש, וואָס איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט אַלערליי רעליגיעזע ספרים, געהאַט שטיין ספרי רומ"ל (ראָמאַנען, מעשיות, לע־גענדעס) און טריף־פּסולדיקע ביכער, ווי שמרס און בלאָושטיינס 32 זייטיקע ראָ־מאַנען. אחוץ די יונגע לערנערס און „באַנק־קוועטשער", וואָס פלעגן אָפּט אַריינכאַפּן אַזאַ מעשה־ביכל אונטער דער גמרא, פלעגן קומען בייטאָג מיידלעך און ווייבלעך וואָס פלעגן אָדער קויפן די ביכער אָדער נעמען אויף „פּראָקאַט" צום לייענען.

שפּעטער־צו, אין די יאָרן 1903-4 און ווייטער, האָט משה דוד, דער מיידלשער מלמד, אָדער, ווי מ'האָט אים גערופן „שמע קולנו" איינגעקויפט זיך אַ געוויסן סכום פון די שמרס ראָמאַנען און ער האָט זיי פאַרדונגען די מיידלעך און יונגע ווייבלעך. וועלכע האָבן אין די שבתדיקע, יום־טובדיקע רו־טעג געוואָלט אויך אַ שפּאַציר מאַן

אין פאַנטאַזיע אין די פאַרכשופטע שלעסער און פּאַלאַצן צוזאַמען מיט זייערע באַלע־באַטים, די פּרינצן און פּרינצעסינס.

## יאָרן פון עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, עמיגראַציע און די ערשטע וועלט־מלחמה

די שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע אין שטעטל איז אָבער דאַן מיט גאָרנישט פאַר־בעסערט געוואָרן. אדרבה, די אָקערשטע, ערשט מיט עטלעכע יאָר פריער איבערגע־לעבטע פּאָליטישע מהומות און צערודערונגען, האָבן אויך אומדירעקט געווירקט צום שלעכטן אויף דער־פּרנסה אין שטעטל. צו דעם, אויב נאָך צוגיבן די דעמאָלטדיקע פּאָגראָם־שטימונג אין לאַנד — די גֿעדיכטע און שטיקנדע לופט פאַר יידן אין רוס־לאַנד, וואָס האָט סוף־כל־סוף צוגעפירט צו דער אַלט־באַקאַנטער מעשה „ביילים" מיט דעם שענדלעכן משפּט און פינצטערע אַרויסטרעטונגען פון די אַלע שוואַרצע כוחות דאָרטן קעגן יידן — איז קיין וונדער נישט דאַרום, וואָס די עמיגראַציע האָט זיך דאַן פאַרגרעסערט און געצויגן אין די אַלע איינוואַנדערונגס־לענדער. אַ סך אַלט־געזעסענע פאַמיליעס האָבן גענומען אויסוואַנדערן און דאָס שטעטעלע איז געוואָרן שיטערער און אויסגעליידיקטער.

דערווייל האָט צו יענער צייט, אין יאָר 1914, צוליב אַ שאָס אין סאַראַיעוואָ, די רעזידענץ־שטאָט פון סערביע, וואָס האָט געטויט דעם עסטרייכישן פּרינץ, אויסגע־בראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. און דאָס שטענדיק רואיקע קליין שטעטעלע האָט זיך אַמאָל אויפגעציטערט.

פונקט שבת, תשעה באב, איז פּלוצלינג פּובליקירט געוואָרן דער מאָביליזאַציע־דעקרעט און די אַלע יונגע יידן, וואָס זיינען געווען פון די געראופענע יאָרן, האָבן זיך געמוזט נאָך דעם זעלבן טאָג צושטעלן צו די זאַמל־פּונקטן. אויך די קרעמער האָבן דאַן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געמוזט, לויט אַ שטרענגן באַפעל, האַלטן אָפן אין שבת די קראָמען.

לויט אַ צווייטן באַפעל נאָכהער האָבן די יידן געמוזט אָפּגעבן אַלע קופּערנע כלים, וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייער באַזיץ. אין קעגנטייל האָט עס געדראָט מיט שווערע שטראָף. ווייבער האָבן ממש געוויינט, אָפּגעבנדיק די קופּערנע כלים, וואָס זיינען צו זיי איבערגעגאַנגען בירושה פון אור־אורעלטערן.

אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום, ווען אויף די שלאַכטפעלדער האָט זיך שוין גענוג מענטשלעך בלוט געגאָסן, האָט מען פּלוצלינג אַרום שטעטל אָנגעהויבן צו גראָבן אָקאָפּעס און מאַכן דראָט־פאַרצוימונגען. די יידן, וואָס זיינען פון שטענדיק גרויסע סטראַטעגן, האָבן פון דעם געלערנט, אַז די לאַגע ווערט ביי די רוסישע ערגער, אַז דער שונא, דער דייטש, רוקט זיך מסתמא צו אונדז נעענטער. יידן האָבן זיך אין האַרצן זייער געפרייט און האָבן דערביי אָפּגענומען נקמה פון „פאָניע גנב", פאַר די אַלע פּאָגראָמען אין דער לעצטער צייט, פאַר ביילים־פּראָצעס און אַלע גזירות רעות אויף יידן. זיי האָבן שוין אויסגעקוקט אויפן דייטש, ווי אויף משיחן.

אין שטעטל האָט מען זיך אויך דערציילט אויפן אויער פאַרשידענע סודות: אַז דער הויכער, בלאָנדער אָפיציר, אָדער אפשר גענעראַל מיט די גאָלדענע עפּאָלעטן, וואָס שטייט איין ביי ר' בנציון שטיינגאַרטן שוין עטלעכע וואָכן זאָל גאָר זיין אַ דייטש, וואָס שפּיאָנירט אוים דעם געגנט מיט די אַלע אָקאָפּעס. אַנדערע האָבן דער־ציילט פון סודותדיקע באַגעגענישן מיט כלומרשטע רוסישע סאָלדאַטן ערגעץ אין די הינטערגעסלעך, וואָס האָבן צו זיי גערעדט דייטש און זיי מבטיח געווען, אַז זיי וועלן

שוין לאַנג נישט דאַרפן ליידן פון די רוסישע, אַז גאָר שנעל וועלן שוין די דייטשן אַהער אָנקומען.

—

ווידער פון די אַלע אַריינגעקומענע נייע רוסישע סאָלדאַטן און אָפיצירן אין שטעטל, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די אָקאָפּעס, איז געוואָרן אַביסעלע מער שפע און פרנסה דאָרט. אין אַ שיינעם טאָג אָבער איז אַן אַלטער ייד אַ „טראַטש" מיטן נאָמען „בעליאַבע" דורכגעגאַנגען אונטער דער שטאָט די אָקאָפּעס און אַ קוק געטאָן אינעווייניק, — האָט מען אים באַלד אַרעסטירט און ערגעץ־ווו אַוועקגעשיקט. און עד היום ווייסט מען נישט אַפילו, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען. יידן, דאָרפסגייער, האָבן שוין דערפאַר מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון די שטיבער און זייער פרנסה איז אַזוי אַרום אָפּגעשניטן געוואָרן.

און אין איינעם אַ פרייטיק צונאַכטס, נאָכדעם, איז אַריינגעפאָרן אין שטעטל אַ מיליטערישער קאָמיאָן און האָט פאַרנומען עטלעכע ראַטנער יידן, צווישן זיי ר' בנימין קענפער ע"ה, און אַוועקגעפירט זיי אין בריסקער פעסטונג, אַזוי ווי ערובניקעס, צוליב די אויבנדערמאָנטע אָקאָפּעס. מ'האָט אויך דאַן פאַרנומען א. וואָלקאָמירסקי און שמעון שינדעלמאַכער קיין פינסק. אַ צווייטן יידן ר' חיים יוסף מערין, אַ מלמד, וואָס איז פונקט געגאַנגען אויפן שאָסיי, ווען אַ רוסישער אַבאָז איז פאַרביי־געפאָרן, האָבן די סאָלדאַטן פאַרנומען און אים פאַרשלעפּט אין טיף רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה האָט די פאַמיליע דערהאַלטן אַ בריוו פונעם טאַשקענטער רב, אַז דער פאָטער זייערער איז אין גרויס אָרעמקייט און איינזאַמקייט דאָרט געשטאָרבן. די רוסישע האָבן געקוקט אויף די יידן ווי אויף שונאים, ווי אויף שפּיאָנען און זיי, די יידן, וואָס האָבן טאַקע גאָט געבעטן פאַרן דייטשישן נצחון, זיינען גיך געהאָלפן געוואָרן און אין יאָר 1915 זיינען די דייטשן צו זיי אָנגעקומען.

די יידן האָבן זיך אָבער גיך איבערצייגט, ווער דער דייטש איז און זייִנען אין זיי ביטער אַנטוישט געוואָרן. די לעצטע רוסישע סאָלדאַטן, דער אַזוי גערופענער „ברענער באַטאַליאָן", האָבן דאָס שטעטל אונטערגעצונדן כמעט פון אַלע פיר זייטן. די יידן האָבן, וויפל זיי האָבן נאָר געקענט, אַרויסגעראַטעוועט זייערע „בעבעכעס" פונעם העלישן פייער, וואָס האָט איינגעטינקט דאָס שטעטל ווי אין אַ רויטן גהינום־ים און, צוזאַמען מיט די קאַראַוואַנעס פליטים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן זיך דורכן שטעטלשן מאַרק געצויגן, ווי אַן אומענדלעכע סטענגע מיט זייערע ווייבער, קינדער און, להבדיל, בהמות און חזירים, וועלכע האָבן מיט זייער מעקען און כריקען אָנגעפילט דעם אָנגעהייצטן מאַרק־חלל, — אין אַ ציללאָזן וויטעניש — זיינען זיי אָנגעקומען אויף אַ גרויסן, מיט גראָז באַדעקטן ליידיקן פלאַץ, אויף אַ לאַנקע אין נאָענטן דאָרף יאַקושי. זיי, די יידן, האָבן נישט געוואָלט, ווי די גויים, ווייטער גיין און האָבן זיך דאָרטן פראָוויזאָריש איינגעאָרדנט. די ערשטע דייטשן, וואָס זיינען דערווייל אָנגעקומען, האָבן זיך געפרעגט אויף „רוסן", וועלכע זיי האָבן געזוכט אין אַלע נאָרעס און פאַרבאַהאַלטענע ערטער. איינער אַ ייד, וואָס איז געווען שטאַרק נתפעל פון די נייע אורחים מיט שטאָלענע העלעמס אויף די קעפּ, האָט אַזש אַ „שהחיינו" געמאַכט איבער זיי. אָבער שוין אין דער ערשטער נאַכט, ווען די גרויסע מחנה יידן, אַנשטאָט ביי זיך אין די בעטן, זיינען גאָר געווען אויסגעלייגט אין געהאַקטע צרות אויף דער יאַקושיער לאָנקע, אויף דער פייכטער ערד, האָבן זיי זיך איבערצייגט וועגן זייער נייעם „משיחן". פלוצלינג האָבן מיט נאַכטיקע גוואַלדן זיי אויפגעוועקט פון זייער קאָשמאַרן שלאָף — דאָס האָבן די דייטשן געוואָלט פאַרגוואַלדעווען מיידלעך אָדער פערד און וועגעלעך מיט גוואַלד ביי יידן צוגענומען.

## אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע

אויף מאָרגן, ווען די יידן האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטעטל, האָבן זיי שוין דאָרט אָנגעטראָפן חורבן און רואינעס. דאָ און דאָרט האָט נאָך אַ פייער אַרויסגע־זעצט פון די איינגעפאַלענע שטיבער און אַ שטיקנדיקער רויך מיט אַ גערוך פון „סמאַלענעס" האָט דאָס שטעטל איבערגעדעקט. די איינצלנע קוימענס, וואָס האָבן נאָך ערגעץ־ווו פון די פלעצער אַרויסגעהויבן זיך, האָבן שטום און טרויעריק דער־ציילט פון פאַרניכטונג פון יידישן האָב און גוטס.

די יידן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין די עטלעכע צענדליק הייזער, וואָס זיינען פאַרבליבן פון דער שריפה, אויך אין געוויסע גויאישע הייזער, וואָס זייערע באַלע־באַטים זיינען אַוועק מיט די רוסישע און געלעבט עטלעכע פאַמיליעס צוזאַמען אין גרויס ענגשאַפט.



אַ צוזאַמענטרעף פון בירגערמייסטערס פון געגנט צוזאַמען מיטן דיין ר' שלמה טביה פרידלענדער און לערער נח קצקר אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ס'איז דאַן פונקט געווען אַ פרייטיק. אויף מאָרגן, שבת נאָך באַגינען, די נייע געסט קומען מיט אַ באַזוך צו די יידן און „בעטן" זיי געפעליקס און אַזויפיל גוט זיין נעמען העק, לאָפּעטעס און גראָבאייזנס און גיין אויף אַרבעט צו די בריקן, וואָס די רוסישע האָבן פאַרברענט. די דייטשע אַרמיי גייט און מ'מוז אַלס פאַררינכטן.

בכלל פעלט ביי זיי קיינמאָל קיין אַרבעט. היינט — בריקן, מאָרגן — מאַכן „סטעזשקעס" און וועגן. מאַטעריאַל דערצו פעלט נישט אין שטעטל: ס'זיינען אויף יעדן פלאַץ דאָ ציגל און „גריז". זיי לייגן אויך אַדורך פון ראַטנע קיין קאַמיען־קאַ־

שירסק אַ אייזערנע באַן־קאַלייקע און ווייל זי איז פּראָוויזאָריש און שוואַך געמאַכט, איז נאָך יעדעס מאָל ווען אַ קליין באַנדל לויפט אַדורך, דאַרף מען אַרונטערשטופּן די אַרויסגעפאַלענע ערד — נעמען זיי ראַטנער יידן צו דער אַרבעט און לענגאויס דער־אַ ליניע האַלטן זיי מיט רידלעס אין איין אָנפילן, אין איין אָנשטופּן זי אונטער די רעלצן. „שטאָפּען, שטאָפּען, אימער שטאָפּען", שרייען די דייטשע אויפזעער מיט רציחה אויף די יידן. אַן אַנדערס מאָל דערפילט ווער אַפילו אַ שטעקן אויף דער פּלייצע.

זיי כאַפּן אַמאָל מענטשן אין מיטן גאַס און פירן זיי אַוועק אין אַ שטאַל, וווּ זיי האַלטן די אָנגערויבטע ביי די פּויערים חזירים און באַפעלן צו קלאַסיפיקירן זיי לויטן מין: „זכרים" באַזונדער און „נקבות" באַזונדער.

און גאָר אין אַ שבת פאַרנאַכט ווערט פּלוצלינג אַ גרויסע פּאַניק אין שטעטל: יידן לויפן אין אַלע זייטן, לויפן און זוכן ערגעץ־ווו אַ באַהעלטעניש. מ'לויפט אויף בוידעמער, מ'לויפט אויף יענע זייט „קלאַדקעס" אין דער „גאַרבאַרניע" און די דייטשן באַוואָפנטע לויפן נאָך זיי און שרייען מיט באַנומענע גראָבע קולות: „האַלט, דאַנער וועטער, האַלט!" זיי מאַכן דאָס איצט אויף די יידן אַ יאַגד, זיי דאַרפן האָבן אַרבעטער אין אַ זעג־ווערק נעבן באַן־סטאַנציע מאַלאָריטע. פאַרשטייט זיך, אַז זיי פּאַקן אַ סך פון די אויסבאַהאַלטענע, שלעפּן זיי אַראָפּ פון די ביידעמער און פון אַלע ענגע לעכער און פירן זיי ווי פאַרברעכער אונטערן ביקס גלייך צו דער קאָמענדאַנטור. פון דאָרט שיקט מען זיי גלייך אָפּ צום אַרבעטס־פּלאַץ. נישט מ'גיט זיי דאָרט עסן און נישט מ'צאָלט זיי פאַר דער אַרבעט, — זיי מוזן זיך אַליין אויסהאַלטן. זיצן זיך זאַלבעצווייט אָדער זאַלבעדריט אין דער רו־שעה ראַטנער יידן און קאָכן בשותפות אַ טעפּל געקעכטס פון בעבלעך מיט גריץ און עסן דאָס מיט ברויט. נישט זיי האָבן אַמאָל אין לעבן געקאָכט, נישט זיי האָבן אַפילו אַמאָל אַ טעפּל געהאַלטן אין האַנט, אָבער עסן דאַרפן זיי, ווייל זיי אַרבעטן שווער, זיי שלעפּן און טראָגן אויף זייערע דאַרע פּלייצעס שווערע קלעצער אָדער ברעטער און לאָדן אָן די וואַגאָנעס, וואָס מ'שיקט אָפּ קיין דייטשלאַנד.

אָדער מ'שלעפּט יידן מיט זייערע „בעבעכעס" אין באָד אַריין און דאָרט ביי אַביסל פּאַרע „ענטלויזנט" מען זיי. יידן, וואָס מאַכן דאָס נישט אַדורך, ווערן שטרענג באַשטראָפט און מ'קריגט נישט בשום אופן קיין שום שיין אויף אַרויסגיין אָדער אַרויספאָרן פונעם שטעטל און אַפילו נישט די עטלעכע קילאָ קאָרן, וואָס די דייטשן טיילן אַמאָל ביי דעם קלויסטער די אָרימעלייט פון דאָרטן. (די דייטשן, צוליב די עטלעכע פאַלן פון פלעק־טיפוס אין שטעטל דאָ, האָבן אָנגענומען אַזעלכע פאַרזיכטס־מיטלען, ווי „ענטלויזונג". זיי האָבן אַפילו באַשטימט דערפאַר צוויי יידישע סאַניטאָרן — ר' חיים איציקזאָן און ר' יצחק הירש גראַבאָוו ע"ה. די יידן האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ שלעכטע גזירה ר"ל).

און אויף „שיינען" אויף אַרויסצופאָרן און מאַכן מסחר זיינען דאָן געווען אַ סך בעלנים: אונדזער שטעטל איז פּונקט געלעגן אויף דער גרעניץ צווישן עסטרייכישן און דייטשישן „געביטן". אייניקע יידן, די מער רירעוודיקע און „פּיפּיקערע", האָבן שוין אַפילו געמאַכט מסחר־פּרוּוון און ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן. האָבן אַ סך יידן אין שטעטל, דערוויסנדיק זיך, געוואָלט נאָכטאָן און געקומען בעטן אין „קאָמענדאַטורע" אַרויספאָר שיינען. די דייטשן ווידער האָבן זיי דאָס גערן געגעבן, ווייל זיי האָבן דאָך אַריינגעשמוגלט פאַרשידענע סחורות פון עסטרייך צו זיי. אחוץ דעם האָט דער קאָמענדאַנט אַלעמאָל געקריגן פון די סוחרים טייערע מתנות: אַ גוט פוקסן פעלכל, אייער און פּוטער. אַנדערע האָבן, דורך דער פאַרמיטלונג פונעם יידישן בירגערמייסטער אליהו יאַנאָוויטש אַפילו געגעבן דעם קאָמענדאַנט גרויסע פּראָצענטן

פארדינסט פון די געמאכטע געשעפטן. יידן האָבן דעמאָלט אַ סך און גרויס געהאַנדלט פאַרשידענע סחורות אַרויסגעפירט פון עסטרייך און געבראַכט אין שטעטל. אויפן שאָסיי און אויף די אַלע אַרומיקע ביילגנדע גאַסן זיינען געליגן אָנגעהויפט הונדער־טער פעסער גאַזע. סוחרים זיינען אין שטעטל געקומען פון אומעטום און האָבן דאָס אַלץ אָפּגעקויפט און אוועקגעפירט. מ׳האָט אויך געהאַנדלט מיט פערד, בהמות און שאָף, זיי געבראַכט אין שטעטל, ווו ס׳פלעגן זיצן פרעמדע סוחרים און אַלץ אָפּגע־קויפט און דאָס אַפּטראַנספּאָרטירט אין זייערע שטעט. ס׳האָבן דאַן געהאַנדלט און



אהרן יהושע קאנישטער און יצחק ערליך פאָליציי־לייט ביים דייטש אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.



נאָך דריי יידישע פּאָליציאַנטן ביים דייטש אין דער ערשטער וועלט־מלחמה: — פון רעכטס צו לינקס: שואל אהרן קאמינסקי אומגעקומען אין אַן אַקצידענט אין נאָרד־אַמעריקע) זלמן קארש און נחום רייסקי.

פאַרנומען זיך מיט מסחר אַפילו מלמדים און בעלי־מלאכות, ווייל מ׳האָט אייגנטלעך נישט געדאַרפט דאַן האָבן קיין שום צוגרייטונג און קיין שום ידיעה אין דעם מסחר — מ׳האָט געקויפט און גלייך פאַרקויפט מיד ליד אויף נאמנות — ס׳קאָסט אַזויפיל, פליום כך וכך פּראָצענט פאַרדינסט און פאַרטיק. דאָס מסחר איז אויפן אָרט גע־שלאָסן געוואָרן. האָט זיך גערודערט אין שטעטל, ס׳האָט געשוויבלט און געווימלט פון פרעמדע סוחרים. יידן האָבן אַריינגעפירט און אויך אַרויסגעפירט אַלערליי סחו־רות, אַפילו אַזעלכע, וואָס זיינען געווען פאַרבאָטן. זיי פלעגן זיך מיט פאַרשידענע פאָרטלען דורכמאַכן די דייטשע וואַכן. ס׳זיינען אַפילו געווען אַזעלכע אין שטעטל,

וואָס זיינען מיט ספּעציעלע שיינען געפאָרן אין דעם ווייטן ראָסטאָוו־נאַ־דאָנו און פון דאָרט געבראַכט וואַגאָנעס טאַבאַק און אַנדערע סחורות. אַזוי האָט דאָס שטעטל אָפּגעפּיבערט אַ שטיק צייט מיט די לופט־מסחרים.

## די מלחמה ענדיקט זיך און די מאַכטן בייטן זיך

נישט אַלע אָבער זיינען פּעאיק געווען צו די מלחמה־מסחרים. ס'זיינען געווען אַ סך פרידנס־סוחרים און קרעמער, וואָס האָבן לחלוטין גאָרנישט געטאָן און האָבן ממילא אַ סך געליטן, אויב נישט הונגער, ווי אַנדערע אָרימעלייט, איז געוויסן מאַנגל און נויט. מ'האָט געמוזט דאָן צו די מלחמה־מסחרים באַזיצן געוויסן מוט און גע־וואַגטקייט. אַזוי אַרום, מוז מען צוגעבן, איז געווען אויך גענוג אָרימקייט און נויט אין שטעטל. ס'זיינען אַפילו געווען אַזעלכע פון באַלעבאַטישן שטאַנד, וואָס האָבן שטילערהייט ממש הונגער געליטן, ווייל זיי האָבן זיך געשעמט צו מאָנען און פאַר־דינט האָבן זיי נישט. דערפאַר טאַקע, ווען די מלחמה האָט זיך סוף־כל־סוף געענ־דיקט, איז דער „דזשאָינט" אונטערגעקומען ווי אַ מלאך־המושיע מיט דער גרויסער שטיצע, וואָס ער האָט געבראַכט אין אַלע געוועזענע אָקופּירטע ערטער, צווישן זיי אויך אונדזער שטעטל. דער „דזשאָינט" האָט אין יעדער שטאָט און שטעטל אַריינגע־שיקט גאַנצע פורן מיט זעק מעל און פאַרשידענע אַנדערע שפּייזן — בוימל, צוקער, קאָנדענסירטע מילך א. א. אויך האָט מען נאַכהער אַריינגעשיקט פּאַרטיקע מלבושים און שיך. מען האָט דאָן אויך, לויט די פאָרשריפטן פון „דזשאָינט", געעפנט אַ קיך אין דעם גרויסן ביהמ"ד, וווהין ס'פלעגן קומען אָרימעלייט מיט זייערע כלים און נעמען זייערע פּאָרציעס. אָנגעפירט מיט דער קיך און אַכטונג געגעבן אויף דער אָר־דענונג האָט די אַזוי נאָבעלע פרוי און ווילטעטיקערין ביילה איציקזאָן (איר זון פ. איציקזאָן איז אַ מיטגליד אין דעם ראַטנער רעליף קאָמיטעט אין נאָרד־אַמעריקע, אויך



די קיך אין די יאָרן 1919/20: — אין צענטער פונעם בילד שטייען פון רעכטס צו לינקס: יוסף זאַסק, מאָטל גינזבאַרג און יוסקע באַיאָן.

אירע אַנדערע צוויי קינדער, חיה און אייזיק, לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן). מען האָט אויך געטיילט טרוקענע פּראָדוקטן.

אָנגעפירט מיט דער הילף־אַקציע האָבן אין שטעטל, אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון ר׳ בנציון שטיינגאַרטן ע״ה, דער אַזוי גוט־באַקאַנטער, ערלעכער און נאָבעלער יונגערמאַן און געזעלשאַפטלעכער עסקן ר׳ ישראל ווײַנשטאָק ע״ה וויצע פּאַרוואַלטער, און זײַנע מיטהעלפער די אַזוי באַוווסטזיניקע און אינטעליגענטע ה׳ מאָטל גינזבאַרג, יוסף זאַסק און פּסח שטיינבאַרג ויבדלו לחיים נח כהן, יצחק קאָזאַק (געפינען זיך איצט אין אַרגענטינע) און לייזער רייסקי (אין נ. אַמעריקע). שפּעטער זײַנען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קיך צוקאָאָפּטירט געוואָרן נאָך עטלעכע טוער, ווי ר׳ בנימין קענפּער, ר׳ יצחק הירש ראַג, ר׳ יעקב מענדעלסאָן און יאַשקע באיאַן ע״ה. אויך האָט מען געטיילט מלבושים און שיך, באַזונדער קינדער יתומים, אונטער דער אָנפירונג פון דעם אַזוי גוט באַקאַנטן אינטעליגענטן ה׳ יצחק הירש העלד ע״ה און, יבדל לחיים, לייבל באיאַן (געפינט זיך אין מעקסיקע).

אַחוץ דער אויבנדערמאָנטער שפּיצע, וואָס דער „דזשאָינט" האָט דערלאַנגט די אויסגעמוטשעטע און אויסגעהונגערטע אין משך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ייִדן, האָבן אויך אַ סך געהאָלפן און געשטיצט דאָס שטעטל די גליקלעכע ראַטנער ייִדן פון נ. אַמעריקע. ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן אָנגעהויבן זיך ווײַזן און קומען פון דאָרטן פאַרשידענע „דעלעגאַטן", געשיקטע פון פאַרשידענע לאַנדסלײַט פאַראיינען, וואָס האָבן געבראַכט גרעסערע סומעס דאָלאַרן פאַר קרובים און באַקאַנטע. אַזאַ „דעלעגאַט" איז געווען דאַן איינער יעקב פלאַצקער, וואָס איז געהאַט געקומען פון אַמעריקע אָפּנעמען זײַנס אַ ייִנגעלע, וועלכער איז פאַרבליבן אין ראַטנע און נישט געקענט פאָרן צוריק מיט אַ 4-5 יאָר צוזאַמען מיט זײַן מוטער און צוויי שוועסטערלעך צוליב אַ הויט־קראַנקהייט, וואָס ער האָט דאַן געליטן (ער איז דאַן פאַרבליבן וווינען אין דער פאַמיליע פון ר׳ יעקב באיאַן ע״ה און די גוטהאַרציקע און אמתע צדיקת, זײַן פרוי מייטע ע״ה, האָט זיך מיט אים די גאַנצע צייט געפּרעט און אים אויסגעהיילט). דער ה׳ יעקב פלאַצקער האָט אָבער, קומענדיק קיין בריסק, נישט געקענט ווייטער פאָרן צוליב דער מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן פּלוצלינג צווישן די פּאָליאַקן און באָלשעוויקעס. ער האָט פאַר ראַטנע געהאַט מיט זיך אַ גרויסע סומע דאָלאַרן (פינף צי זעקס טויזנטער דאָלער, איך קען מיך נישט דערמאָנען), וואָס ער האָט דאָס געוואָלט איבערגעבן דעם שרייבער פון די שורות (זײַנס אַ שטיקל קרוב), כדי ער זאָל דאָס צעטיילן לויטן צעטל. מ׳האָט צולעצט געשיקט דאָס ייִנגעלע צו אים דורך צוויי פרויען, מײַן שוועסטער עלצי פייגע ע״ה און פעלטע לאה חייט ע״ה, וועלכע האָבן טאַקע געבראַכט צוריק די דאָלאַרן מיט דער ליסטע צו צעטיילן זיי.

אין יענער צייט טאַקע, ווען דער בלוטיקער שטורעם האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט מען אַ סך פון די יתומים אָפּגעשיקט קיין נ. אַמעריקע און קאַנאַדע צו די געוויסע רײַכע ייִדן דאָרט, וואָס האָבן זיי אַדאָפּטירט און אײַנגעאָרדנט אין זייערע פאַמיליעס. אויך פון ראַטנע זײַנען עטלעכע קינדער געפאָרן אַהין.

אַ געוויסע טעטיקייט פון יתומים־פאַרזאָרגונג איז אויך אָנגעגאַנגען אין שטעטל גופא אַ שטיק צייט ביזן סוף 1930. די לייטער פון יתומים־קאָמיטעט אין קאָוולער ראַיאָן ד״ר ציעכאַנאָוויץ און פר. רייצע לעווין האָבן אויך אין ראַטנע, די ערשטע יאָרן, געעפנט אַ שולע פאַר קינדער־יתומים אין דעם הויז פון די וואָלקאָמירסקים ביים שאָסיי. דער לערער דאָרט איז געווען ה׳ נח כהן (געפינט זיך אין אַרגענטינע). אַרום שטעטל האָט אפילו עקזיסטירט אַ יתומים־קאָלאָניע. דער קאָמיטעט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג

אין ראַטנע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע פּערזאָנען: משה רייכער, מענדל בלאַט, יאַנקל ליבערמאַן, יצחק הירש העלד ע"ה און יבדל לחיים ל. באַיאַן (אין מעקסיקע).



די עסקנים פון יתומים־קאָמיטעט אין 1928 — פון לינקס צו רעכטס: צווייטע ריי פון אויבן: משה רייכער, מענדל בלאַט, יעקב ליבערמאַן, יצחק הירש העלד און לייבל באַיאַן (לעבט אין מעקסיקע).

נאָך די רעוואָלוציע־אויסברוכן אין עסטרייך־דייטשלאַנד, ווי אויך אין דעם גרויסן צאַרישן רוסלאַנד, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, בראש מיט איר באַקאַנטן לידער קערענסקי איבערגענומען די מאַכט און האָט אָנגעפירט דאָס לאַנד. ס'איז אָבער דעמאָלט געווען אין לאַנד אַן אמתער כאָאָס און צערודערונג, אַן אמתער „טשטוש הגבולין" (אַ צעמישונג פון גרענעצן). אונזער געגנט האָבן גאָר פאַרכאַפּט די אוקראַינער בראש מיט סקאָראָפּאַדסקין. זייער ממשלה און מאַכט האָט זיך אָבער גאַרניט געפילט אין שטעטל. קיינעמס לעבן אָבער איז נים געווען גאַנץ זיכער. די שולע איז דעמאָלט געווען אויף הוליאַנקע גאַס ביי הערשל כמעליער אין דער געוועזענער „כוזייסקע טור־מע" (ציווילע טורמע). די יוגנט האָט גאַנץ פריי געלערנט, געלייענט, געהערט און אַליין אויך געהאַלטן רעפעראַטן. אַלע האָבן שוין אינסטינקטיוו פאַראויסגעפילט, אַז ס'קומען אַן שווערע און געפערלעכע צייטן און האָבן זיך אין געהיים דערפאַר אָנ־געפּאַנגען צוצוגרייטן און איינאיבן זיך אין שיסן פון געווער — זיי האָבן אויך גע־קריגן עטלעכע ביקסן און יעדן אָוונט האָבן זיי דאָרטן טאַקע אויף הוליאַנקע גאַס, אויפן פּלאַץ אונטער כמעליערס שטוב, געלערנט זיך שיסן. אַזוי אַרום האָט מען דער־מאָלט געגרינדעט די זעלבסטשוץ, וואָס איז אויך שפּעטער, ביים טוישן פון די מאַכטן און איבערלאָזן אויף היפּשע טעג דאָס שטעטל אויף הפקר, געשטאַנען אויף דער וואָך און דאָס אויף וויפל ס'איז מעגלעך געווען אָפּגעהיט. די עלטערע יידן, די סוחרים, האָבן אָבער ווייטער פאַרגעזעצט זייערע ריזיקאַלישע מסחרים — זיי האָבן

געהאַנדלט גאָר גרויס. האָבן איבערגעפירט געהיים פאַרשידענע סחורות דורך דער „טאָמאַשנע” וואָס די אוקראַאינער האָבן איינגעשטעלט אויף ס״ט האַלאַב, נעבן קאָוולע. מ׳האָט אויך דאַן געהאַנדלט מיט באַן־אַנווייזונגען אויף וואַגאָנעס סחורה, וואָס סוחרים האָבן געהאַט שטיין אויף די באַן־סטאַנציעס. מ׳האָט געקויפט און פאַרקויפט און ס׳איז איבערגעגאַנגען מיד ליד. מענטשן האָבן דאַן פאַרדינט אַ סך געלט, — די אוקראַאינישע קאַרבאָוואַנצעס. אָבער ווען די פּאָליאַקן, אָרגאַניזירטע דורך פּילסודסקין, זיינען איבערגעפאַלן די אוקראַאינער, זיי אַרעסטירט און פאַרטריבן פונעם געגנט און פאַרכאַפּט פאַר זיך אַלץ, — זיינען די סוחרים פאַרבליבן מיט די שיינע פּאַפּירלעך, די קאַרבאָוואַנצעס, וואָס האָבן אָנגעוווירן יעדן ווערט. און אַזוי האָט זיך טרויעריק אָפּגעשלאָסן אַ שטיקל צייט פון יידישער האַוועניש און מלחמה־מסחר.

## די פּאָליאַקן און זייערע שותּפים די באַלאַכאָוצעס

די נייע מאַכט, די פּאָליאַקן ווידער, זיינען אין יאָר 1920 אָנגעקומען מיט אַ „ירגזון” און געווען זייער שטרענג. און ס׳איז קיין וווּנדער נישט — שוין העכער הונדערט יאָר, ווי זיי האָבן קיין מלוכה־לעבן נישט געפירט, האָבן זיי פּראָסט און פּשוט פאַרגעסן, ווי מ׳דאַרף זיך מיט בירגער, און דערצו נאָך נייע בירגער, באַגיין און זיי באַהאַנדלען. זיי האָבן באַלד, ווי זיי זיינען אין שטעטל אַריין, אָנגעפאַנגען זוכן געווער און געפאָדערט ביים לערער נ. קעצקער אַרויסגעבן זיי דעם „פּולעמיאָט”, וואָס ער האָט כלומרשט אין זיין באַזיץ. און ווען ער האָט נישט געהאַט וואָס צו געבן, האָבן זיי אים „מכבד” געווען מיט זייערע טראַדיציאָנעלע 25 שמיץ. זיי האָבן באַלד צוגעקריגן פאַר שותּפים די באַוווסטע מערדער, די באַלאַכאָוצעס, וואָס האָבן שוין באַלד ביים אָנהייב באַפאַלן יידישע ישובים, אָט די אַלע געדיכט־באַזעצטע יידישע שטעטלעך און געמאַכט אויף זיי פּאָגראָמען, פאַרגאָסן יידיש בלוט און באַרויבט זיי. און געווען איז אַ סוף זומער־טאָג, אין די ערשטע טעג פון חודש אלול תר״פ, ווען ס׳האָבן זיך אין שטעטל מיטאַמאָל אַריינגעריסן עטלעכע באַלאַכאָוצעס, וואָס האָבן אויף זייער וועג אויף דער גאַס קריוואָ־אוליצע, נישט ווייט פון זיין שטוב, אָנגעטראָפן אויף דעם זייער שיינעם און ערלעכן יידן ר׳ יעקב לייב קעמפּער. זיי האָבן אים אָפּגעשטעלט און געפאָדערט ביי אים געלט. זייענדיק פון נאַטור אַ מוטיקער, האָט ער זיי, זעט אויס, אָפּגעזאָגט און אַפילו זיי געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אָבער זיי האָבן אים אויפן אָרט דערשאָסן. נאָכהער האָבן זיי זיך צעלאָזט איבערן שטעטל און פאַרכאַפּט 25 יידן אַלס ערובניקעס, אָפּפירנדיק זיי צום שאָסיי און געפאָדערט קאָנטריבוציע צען טויזנט רובל. אויב נישט — וועלן זיי דערשיסן די 25 יידן און אונטערצינדן דאָס שטעטל. מיט גרויסע שוועריקייטן האָט מען די סומע צונויפגענומען און מ׳האָט אָפּגעראַטעוועט די יידן מיטן שטעטל. די זעלבע רציחות האָבן זיי נאָכהער אויסגעפירט אין די אַלע דערפער אַרום.

אָבער מאָדנע, ווי ס׳האָט זיך דאַן אין לעבן אָפּגעשפּילט, ווי אויף אַ סצענע דאָס בילד פון „חד גדיא” — ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן שוין פאַרכאַפּט רוסלאַנד, באַזיגט דאָרטן אַלע אַנדערע מיליטערישע באַנדעס, זייערע שונאים, און שוין געזעסן פעסט אין זאָטל, — האָבן זיך אויסגעדרייט צו פּוילן, באַפאַלן די פּאָליאַקן און זיי פאַריאָגט ביז וואַרשע. געמיינט האָבן שוין דאַן אַלע, אַז מ׳פאַרבלייבט שוין אויף שטענדיק מיט זיי, אָבער דאָ זיינען גאָר אונטערגעקומען מיט הילף די פּאָליאַקן ענגלאַנד מיט פראַנקרייך און די פּאָליאַקן האָבן די באָלשעוויקעס צוריקגעיאָגט צו זיך אַהיים, קיין רוסלאַנד. די פּאָליאַקן זיינען אַזוי אַרום פאַרבליבן מיט אַ שטיק וואָלין און ליטע בראש מיט ווילנע און זיי האָבן זיך גיך

מיט זייערע טרויעריקע מערדער־שותפים, די באַלאַכאָווצעס, גענומען צו זייערע באַרבאַרישע מעשים, זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן צו ווילדעווען אין די יידישע שטעטלעך, נאָך מיט מער פוריע, זייענדיק פאַרשכורט פון זייער נצחון איבער די באָלשעוויקעס. זיי האָבן אויפן צוריקוועגס פאַרגאָסן אַ סך יידיש בלוט און צוגערויבט יידיש גוטס. דאָס יידישע לעבן האָט דאַן פאָרגעשטעלט איין שטיק הפקר און אומזיכערקייט און ס'איז אַפילו נישט געווען צו וועמען צו פּראָטעסטירן. אויך ביי אונדז אין שטעטל האָבן די רוצחים פונקט ערב ראש השנה תר"פ, דערשאָסן דעם זייער בכבודיקן, ערלעכן למדן ר' אברהם שוחט ז"ל, אויך דעם יוגנטלעכן יעקב כמעליער און פאַרוואונדעט דעם יונגנמאַן יענקל טערנבליט פון דאָרף הירניק.

## די נייע פּוילישע רעגירונג מיט פּילסודסקין בראש און דער בלוטיקער אַנטיסעמיטיזם

די פּאָליאַקן האָבן דערוויי״ל ביסלעכווייז זיך גענומען איינאָרדענען זייער מלוכה. זיי האָבן אין אַלע שטעט און שטעטלעך אַריינגעשיקט זייער פּאָליציי־מאַכט, אמתע ראַסאָווע פּאָליאַקן, נישט נאָכפאָרשנדיק אַפילו זייערע פריערדיקע אַנטעצעדענטן, צי אָט די נייע אָרדענונג־ און געזעץ־היטער זיינען גאָר ראוי צו דעם פּאָסטן, צי מ'קען זיי אַזעלכע פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלעס גאָר אָנפאַרטרויען. ס'איז פאַר זיי גענוג געווען, וואָס זיי זיינען ריינע פּאָליאַקן, זין פון דער שליאַכטע. און צווישן די־אָ פּאָליציי, וואָס זיי האָבן באַשטימט אין אַלע ערטער, זיינען געווען פּשוטע פאַרברעכער, אַנטלאָפענע פון די טורמעס, באַנדיטן. אַזאַ פּאָליציי מיטן קאָמענדאַנט אַ באַנדיט בראש איז אויך אָנגעקומען קיין ראַטנע. באַלד ווי זיי זיינען אָנגעקומען אין שטעטל, האָבן זיי כלומרשט אָנגעהויבן צו מאַכן אָרדענונג: זיי האָבן דערקלערט אַ מין אויסנאַם־צושטאַנד — פון 5 פאַרנאַכט ביז 7 גאַנץ פרי איז פאַרבאָטן זיך אומדרייען אין די גאַסן. זיי האָבן גענומען אריינקוקן אין אַלעמענס געשעפטן, געשלאָסן



אַ פייערונג פון דריטן מאַי אין ראַטנע.

אויך באַקאַנטשאַפטן מיט געוויסע פאַרמעגלעכע יידן און באַלד אָנגעהויבן אַפילו „תובע בפה" זיין און באַקומען — כּאַבאַר. צוויי יידן האָבן אין יענער צייט גע־האַט זיך אויסגעסטאַרעט ביי דער רעגירונג קאָנצעסיעס אויף בראַנפן־פאַרקויף — דוד אהרן שאַפּיראָ און אברהם איידעס ע"ה. דער קאָמענדאַנט פלעג זיין אַ שטענדי־קער באַזוכער ביי זיי און פלעג שוין אין איין וועגס דאָרט מאַכן אַ גוטע כּוסה.

ס'איז פונקט איינמאָל געווען אַ פּאָר ניי־יאָר 1922, אַ צייט ווען מ'האָט גע־דאַרפט באַנייען די קאָנצעסיע און איינצאָלן אַ געוויסע סומע געלט. מ'האָט זיך אויך באַדאַרפט באַזאָרגן מיט אַ דאָקומענט, אונטערגעשריבן פונעם אָרטיקן קאָמענדאַנט. וויסנדיק, אַז ביי אברהם איידעס, וואָס האָט געוווינט אויף אַ זייטיקער גאַס, נעבן טייך „פּריפּיעט", איז מסתּמא צוגעגרייט אַ גרעסערע סומע געלט פאַר דעם צוועק, ווי אויך אויף סחורה קויפן, האָט דער קאָמענדאַנט איצט, ווי ס'האָט זיך נאָכהער אַרויסגעוויזן, ספּעציעל אַ פּריוואַטע ביינאַכט אין אַ שפּעטער שעה, זייענדיק אויך באַגלייט פון זיין געהילף, אויך אַזאַ באַנדיט ווי ער, און עטלעכע מעשטשאַנעס באַנ־



דאָס קינד יואל איידעס, וועלכער איז צו־זאַמען מיט זיינע עלטערן, אברהם און פעסל און אַ קלענער ברודערל תּבלע, דערמאָר־דעט און פאַרברענט געוואָרן דורך דער ערשטער פּוילישער מאַכט אין ראַטנע.

דימן מיט א פור — געבראכט דעם דאקומענט, וואס אידעס האט נייטיק געהאט. דער קאמענדאנט מיט זיין געהילף, לויט אלע ווארשיינלעכקייטן, האבן זיך פריער גוט אנגעשכורט און כדי צוצורויבן דאס געלט, וואס ער האט ביי זיך געהאט ליגן, ווי אויך אלע שטוב־חפצים, האבן זיי אים פריער דערשאסן, נאכהער זיין פרוי מיט די צוויי קינדערלעך און אויך אפילו זיין גויאישע דינסט. און כדי ס'זאל נישט בלייבן קיין שום שפור פון דער שרעקלעכער רציחה האבן זיי נאכהער די שטוב אונטער־געצונדן.

ס'האבן דאן נישט געהאלפן די אלע באווייזן, וואס די פאמיליע־מיטגלידער האבן געהאט קעגן קאמענדאנט, וואס האט זיי אגב געדראט מיט אזא סוף, אויב זיי וועלן צופיל רעדן. ס'זיינען א סך מאל אראפגעקומען אין שטעטל געהיים־אגענטן, וואס האבן געפארשט דעם פארברעכן און מ'האט אפילו עטלעכע מאל ארויסגערופן די פאמיליע־מיטגלידער אין דער קרייז־שטאט קאוולע צום געריכטס־פארשער. די מאכט האט אבער די זאך בכיוון געוואלט פארטושען און צערייבן און אלס שטראף האט מען אים נאר אריבערגעפירט אויף א צווייטן פלאץ.

דאס זעלבע איז אויך געווען אין די גרעסערע שטעט, די זעלבע שנאה צו יידן ממש ביז בלוט: די האלערטשיקעס, ווי נאר זיי האבן דערזען א יידן מיט א בארד, זיינען זיי אים באפאלן און מיט טעמפן מעסער אים די בארד געשניטן און אפט מיטן פלייש צוזאמען. אויף אלע וואקזאלן, אין אלע עפנטלעכע ערטער איז געווען ארויסגעהאנגען טראצקיס קאריקאטור־בילדער און אונטערגעשטראכן, אז די יידן האבן עס געשאפן דעם קאמוניזם ובכן זיינען זיי די פוילישע שונאים, אין וועלכע מ'דארף זיך נוקם זיין.

## די גרויסע, שווערע שטייערן אויף יידן און גראבסקים עגלה

אזוי ציט זיך זייער שנאה צו יידן, ווי א רויטער בלוטיקער שנור איבער דער גאנצער לענג פון זייער נייער היסטאריע און אזוי האבן זיי זייערע ערשטע אנאלן פון זייער באנייטער סוווערעניטעט באפלעקט מיט יידיש בלוט, ווי אין פינסק א. א. זיי הויבן אן נאכהער עקאנאמיש צו דריקן די יידן. זיי לאזן דאן ארויס דעם אזוי באקאנטן לאזונג זייערן „סוואי דא סוועגא" און רופן אלע פאליאקן צו באיקאטירן די יידן און גארנישט קויפן ביי זיי. אין זייער שנאה דערגייען זיי אזש צו דעם אב־סירד, אז זיי שטעלן אוועק ביי יעדער יידישער קראם פיקעטן פוילישע שקצים, כדי נישט דערלאזן די פאליאקן, וואס ווילן יא קויפן ביי יידן. אפילו ביי אונדז אין שטעטעלע זיינען באלד אנגעקומען עטלעכע פאליאקן, וואס האבן געעפנט קראמען פון אלערליי ארטיקלען. די אלע פאליאקן פון שטעטל, די אנגעקומענע באאמטע, און אפילו די אוקראאינער האבן געקויפט ביי זיי. אויף זיי, די פאליאקן, קוקנדיק, האבן זיך דאן די אוקראאינער מיטאמאל, ווי פון א שלאף אויפגעכאפט, און האבן געעפנט אין אלע שטעט און שטעטלעך, און באזונדער אין די דערפער, א נעץ פון קאאפעראטיוועס ווו זיי האבן געהאט פון אלערליי סחורות, וואס א פויער דארף האבן, אפילו אייזן. צו דעם האט דאן די פוילישע מאכט פון איר זייט אנגעהויבן צו פרעסן אויף די יידן מיט גרויסע שטייערן. אין דער זעלבער צייט אבער האט זי די פוילישע און אוקראאינישע קרעמער געשוינט און נישט ארויפגעלייגט אויף זיי קיין סך שטייערן.

די יידישע לאגע איז וואס וויטער א טאג אלץ שווערער געווארן און די עקא־נאמישע פאזיציע זייערע האט זיך מיטאמאל א וואקל געטאן אונטער זייערע פיס.

אין די יארן 1926-7, ווען דער שטייערן־שרויף האט די יידן אלץ מער איינגעקלא־

מערט אין אים, האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אויף דער יידישער גאַס, ווי אַ סטראַשידלע, גראַבסקים עגלה. ביי די אַלע יידן, וואָס האָבן נישט געקענט צאָלן די אויף זיי אַרויפגעלייגטע שטייערן האָט מען פאַרנומען אַלץ, וואָס מ'האָט ביי זיי געטראָפן: סחורות, וועקסלען, מעבל און פאַרשידענע שטוב-חפצים און דאָס נאָכהער ליציטירט אויפן עפנטלעכן מאַרק.

און אין איינעם אַ פינצטערן אָוונט, ווען די ראַטנער יוגנט איז אַרוים אויפן שאָסיי צו באַגעגענען דעם פּאַסאַזשיר-אויטאָ, וואָס האָט צוריק מיט אַ קורצער צייט אָנגעהויבן צו קורסירן פון ראַטנע קיין קאָוולע, האָט שכנא שטיינבאַרג, אַ זון פונעם חשובן בעה"ב ר' אייזיק שטיינבאַרג ע"ה, דער אייגנטימער פונעם אויטאָ, אָנגעזאָגט די אַלע אָנוועזנדע, אַז דער „מלאך המוות" איז איצט געקומען אין שטעטל. אַלע האָבן זיך אָנגעשטויסן וועמען ער מיינט — דאָס איז דער שטייערן-אינספּעקטאָר, וואָס מ'האָט זיך שוין אויף אים געריכט אין שטעטל. אויף מאָרגן, נישט קוקנדיק וואָס די קרעמער האָבן פון זייערע פּאָליצעס אַראָפּגענומען צו ביסלעך סחורה און באַהאַלטן, האָט דער אינספּעקטאָר, אַ רשע, אַ משומד, אַרויפגעלייגט אויף זיי גרויסע און שווערע שטייערן. ס'זיינען אַריבער עטלעכע וואָכן און מיט דעם זעלבן אויטאָ זיינען אָנגעקומען אַנדערע געסט — די עקזעקוטאָרן, וואָס האָבן מיט אַ מאָדנעם סאַדיזם אָפּגעשריבן ביי די אַלע, וואָס האָבן נישט געצאָלט, די סחורות און מיט טריוואַקס פאַרזיגלט זיי. זיי האָבן אַפילו געלאָזט אין גאַנג אין שטעטל גראַבסקים עגלה: זיי האָבן איינמאָל אויף אַ יריד, אין אַ מאָנטיק, ביי אַ יונגערמאַן, וואָס איז שולדיק געווען פאַר שטייערן, איינער סופער, אַ בעקער, פאַרכאַפּט צוויי אויוזנס ווייסע בולקעלעך, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר געוויסע רעסטאָראַנען, און אויף אַ פור זיי אַרויסגעפירט אויפן מאַרק און פאַרקויפט די פּויערים.

פון דער טרויעריקער לאַגע און דער שרעקלעכער ווירקלעכקייט, — פון דעם שטענדיקן פּחד פאַר די עקזעקוטערס, טאָמער כאַפּן זיי זיך אַריין אין די קראָמען און פאַרכאַפּן דאָס ביסל אָרימקייט, וואָס איז נאָך פאַרבליבן דאָרט, האָט זיך אַפילו געשאַפן אַ ביטערער וויץ אויף דעם חשבון — ביידע בערלס: בערל העלד ע"ה און בערל גינזבאַרג ע"ה, צוויי גרויסע קבצנים דאָן אין שטעטל, האָבן זיך צונויפגעשפּאַנט און פאַרקליבן מיט זייערע אָרימע ביסלעך סחורה צו בערל גינזבאַרג טאַקע אין קראָם. זאָגט איינמאָל בערל העלד צום צווייטן, שטייענדיק אַזוי אין איין שרעק — טאָמער פאַלט פּלוצלינג אַריין דער עקזעקוטאָר צו אים: „מילא דו בערל, דו דאַרפסט נישט מורא האָבן, ווייל טאָמער זעסטו אים פון וויטן אָנקומען אַהער נעמסטו און עסט אויף אין דער גיך דיינע עטלעכע הלהלעך, דיין פאַרמעגן, און פאַרטיק. אָבער איך וואָס וועל טאָן מיט מיינע עטלעכע שטיקלעך אייזן?"

די שטייערן דאַן זיינען געווען אַזוי פיל און אָפטע, אַז, נישט צאָלנדיק זיי אין דער צייט, האָבן זיך ביי די שוואַכע צאָלערס פאַרטאָפּלט און פאַרדרייפאַכט און זיי האָבן אויף זיך ממש געפילט, ווי אַ שטיקנדע שלייף אויפן האַלדז, וואָס אָט-אָט פאַרציט ער זיך און דערשטיקט זיי. און בכלל האָט זיך די שטייערן-וואָקכאַנאַליע וואָס ווייטער אַזוי צעווילדעוועט, אַז זי איז צולעצט צוגעקומען צו אַ ווילדן ממש קלימאַקס: די עקזעקוטאָרן זיינען שוין נאָכהער אין באַגלייטונג פון פּאָליציי אומגעגאַנגען איבער די ירידים און טעראָריזירט ממש די סוחרים און מיט גוואַלד אַרויסגענומען פון די קעשענעס זייער געלט. מענטשן האָבן זיך שוין שפּעטער געהיט צו קומען אויף די ירידים און דער מסחר האָט דערפון שטאַרק געליטן. האָט זיך דערפאַר צו יענער צייט פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע פון די יידן אין פּוילן און זיי זיינען געלאָפן, וווהין די אויגן האָבן געטראָגן.

אַחוץ דעם האָט אַזאַ שאָוויניסטיש-טענדענציעזע באַציאונג מצד דער מאַכט לגבי

איין קלאַס בירגער, געמוזט ווירקן אויפן המון און ביי אים אַרויסרופן נישט קיין בעסערע באַציאונג צו די יידן מיט וועלכע זיי וווינען שוין זייט ביי זייט עטלעכע הונ־דערט יאָר אין שכנות. די ראַטנער מעשטשאַנעס האָבן פּלוצלינג אין אַ שיינעם טאָג, אומגעפער אין יאָר 1930, פאַרכאַפּט פאַר זיך די שטאָטישע „בלאָטעס", אַזעלכע לאַנ־קעס, וואָס זיינען רייך געווען מיט פּאַשע פאַר בהמות אום זומער און ס׳האָבן זיך דאָרט אַלע שטאָט־בהמות, יידישע און קריסטלעכע, געפּאַשעט. ווינטער, ווען די בלאָ־טעס זיינען פאַרפרוירן, האָט מען דאָס אָפּגעקאָסעטע היי פון דאָרט אַרויסגעפירט און די יידן מיט די מעשטשאַנעס האָבן זיך מיט דעם געטיילט.

האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די אמתע קריגערייען צווישן די יידן און מעשטשאַנעס און ס׳איז אַפילו אַמאָל געקומען צו געשלעגן. ס׳האָבן זיך געפירט פּראָצעסן (אגב דעם פּראָצעס האָט דאַן געפירט דער באַוווסטער ציוניסטישער לידער, אַדוואָקאַט האַרטגלאַס פון וואַרשע) וואָס האָבן פאַרערגערט די שטענדיק שלעכטע באַ־ציאונגען צווישן זיי און אַרויסגערופן פון איין צד צום צווייטן פיינטלעכקייטן. (פון יענער צייט איז פאַרבליבן אַ קאָמישער עפּיזאָד, וואָס מ׳האָט אים אַלעמאָל אין שטעטל איבערדערציילט: אין אַ שיינעם זומער־פרימאָרגן איז די ראַטנער יוגנט, צווישן וועלכער אגב ס׳זיינען געווען פעסטע חברה, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאַס־טוכער, וואָס האָבן געטריבן די יידישע בהמות אויף די שטאָטישע פּאַשעס, גרייט זייענדיק אַפילו מיט די מעשטשאַנעס צו שלאָגן זיך, אויב זיי וועלן זיי שטערן. זכריה האַניק ע״ה, אַ ייד אַ באַלעבאַס פון אַ בהמה, איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק, צווישן די פאַרזאַמלטע, אויפגעברויזטע יידן און האָט געשריגן, געמוטיקט און גערופן די יוגנט צו אַ קאַמף מיט די מעשטשאַנעס פאַר דער יידישער גערעכטער זאַך. גלייכ־צייטיק אָבער האָט ער זיך נערוועז אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, זוכנדיק זיינע יינג־לעך מיט די אויגן און האָט אויסגעשריגן: „ישראל, משה, בערל אַריינט אין שטוב אַריין!").

נישט בעסער איז געווען אויך די באַציאונג פון דער פּוילישער מאַכט צו יידן אין פּאָליטישן זין. מ׳האָט געהאַלטן אַלע יידן פאַר קאָמוניסטן, באַזונדער די יוגנט, וועל־כע מ׳איז אָפט איבערגעפאַלן און זיי אַרעסטירט. אַזוי איז געשען, אומגעפער אין דעם יאָר 1930, ווען מ׳האָט אַרעסטירט אין ראַטנע עטלעכע יוגנטלעכע און זיי אָפּ־געשיקט קיין קאָוולע, וווּ מ׳האָט קעגן זיי אָנגעווענדט אַזעלכע טאָרטורן און עינויים, וואָס איז ממש נישט צענזורבאַר דאָס אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר.

## באַנק, מאַגיסטראַט און קהילה

באַנק, מאַגיסטראַט און קהילה זיינען דריי געזעלשאַפטלעכע אַטריבוטן און אינ־סטיטוציעס, וואָס האָבן נישט קיין קליינע ראָל אויסגעפירט אין דעם יידישן לעבן אין שטעטל, וויל איך וועגן זיי דערציילן, לויטן סדר פון זייער אויפקומען און שאַפן זיך דאָרט.

אייגנטלעך האָט אין שטעטלע שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה עקזיס־טירט דער באַנק־וועזן. מיט דער איניציאַטיוו פון געוויסע טוער, ווי ר׳ בערל רייסקי און ה׳ משה איילבוים ע״ה א. אַ. האָט זיך אין יאָר 1912 געגרינדעט אַ סוחרים־באַנק אויף דער באַזע פון אַקציעס, וואָס יעדער איינער, וואָס האָט געוואָלט זיין אַ מיט־גליד, האָט אַריינגעלייגט און אויך פון דער סובסידיע און הלואה, וואָס די צאַרישע רעגירונגס־באַנק האָט איר געגעבן. די באַנק איז געווען ביי ב. רייסקי אין שטוב. בערל רייסקי מיט דער מיטהילף פון משה איילבוים האָט אָנגעפירט מיט איר. זי

**אַ בילד פון דער יידישער פאָלקסבאַנק־פאַרוואַלטונג אין ראַטנע, וואָלין,**
**גענומען אין 1925 (צוגעשיקט פון לעאָן גינצבורג)**



פון רעכטס צו לינקס זיצן: יידל קאָנישטער, יצחק הערש העלד, דירעקטאָר; מאָטל טיקטינער, משה איילבוים, בערל קאַרש, זכריה האָניק און משה רידער. עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: יצחק קאַרש, אברהם יעקב חייט, יהושע בעקערמאַן, אברהם באַרג יעקב קירזשנער און מענדל קירזשנער.

האָט דאָן, פאַרשטייט זיך, געבראַכט גרויסע נוצן דער קאָמערץ אין שטעטל און האָט אַ סך קרעמער און קליינהענדלער אַרויסגעהאָלפן אין זייער האַנדל.

די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 1914, האָט אָבער איבערגעריסן איר עקזיסטענץ און איז אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן.

ערשט שפּעטער, נאָך דער וועלט־מלחמה, אַן ערך אין יאָר 1923, אונטער די פּאָליאַקן שוין, איז אויך אין ראַטנע געעפנט געוואָרן אַ פאָלקס־באַנק, איינע פון די 300 קאָאָפּעראַטיווע בענק, וואָס זייער נעץ איז געווען אויסגעשפּרייט איבער קאָנגרעס־פּוילן און די קרעסן און די צענטראַלע איז געווען אין וואַרשע. לויט די באַנק־רעגלאַמענטן האָט יעדער מיטגליד געדאַרפט אַריינטראָגן אַ „פּאַי" (אַקציע) פון 100 זלאָטעס. די גרויס פון דער הלואה איז געווען אָפּהענגיק פון דער קרעדיט־פעאיקייט פון דעם אַקציאָנער, לויטן איינזען, פאַרשטייט זיך, פון דער פאַרוואַלטונג און ראַט.

דירעקטאָר פון באַנק איז געווען ביזן סוף דער זייער פעאיקער און נאַציאָנאַלער יונגערמאַן י. ה. העלד און קאַסיר — דער מאַטעמאַטיקער פון שטעטל יעקב חיים מאַרקוזע. ס'האָבן אין באַנק אויך געאַרבעט אַלס סעקרעטאַרן איצל קאַרש ע"ה און אים צו לאַנגע יאָר ה' ישראל חיים, אַן אינטעליגענטער, באַוווסטזיניקער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך ביים לעצטן חורבן געראַטעוועט פון די נאַצים און געפינט זיך אין ישראל.

אַלס פּרעזידענט פון באַנק איז אין עטלעכע פּעריאָדן געווען דער שיינער און אָנגעזעענער באַלעבאָס ה' מאָטל טיקטינער ע"ה און אין אַנדערע — דער באַוווסטזיניקער און גוטער ציוניסט ה' משה איילבוים ע"ה. די באַנק פלעג על פּי רוב אַרויסגעבן קלענערע הלואות די קליינהענדלער און בעלי־מלאכות. דאָס האָט זיי געוויינלעך געבראַכט גרויסע נוצן אין זייערע אונטערנעמונגען. ביי געוויסע אויסנאַם פאַלן פלעגן זי אויך מאַכן גרעסערע סוחרישע טראַנזאַקציעס. איין מאָל אין יאָר איז מען געקומען פון וואַרשע אויף אַ רעוויזיע און מערסטנטייל — דער איצט אַזוי באַוווסטער וועלט־רייזנדער און שריפטשטעלער ד"ר א. שאַשקעס. ס'פלעגן אָבער אָפט אָנגיין אין באַנק הייסע דיסקוסיעס וועגן געוויסע אָפּעראַציעס דאָרט, אָדער וועגן דער הלואות־סקאַלע פון די מיטגלידער, צווישן די סוחרים פאַרשטייער און האַנטווערקער, וואָס זיינען שוין דאַן געווען אָרגאַניזירט און זיינען, אגב, אין באַנק געווען גוט פאַרטראַטן. באַזונדער פלעג באַקעמפן געוויסע באַנק־אַקטיוויטעטן און שטורעמען דער ה' אברהם בארג (וווינט איצט אין ניו־יאָרק, איינער פון די געראַטעוועטע פליטים), וועלכער האָט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס. (געווען זיינען די האַנטווערקער פאַרטראַטן דורך די פאָלגנדע פאַרשטייער: א. בארג, מ. בלאַט, י. קאַנפער, אבא פוקס, ישראל יענקל חיים און אַמאָל אויך מ. שוסטער. די איבעריקע, אַחוץ די אויבנדערמאָנטע אַלס פּרעזידענטן: י. בעקערמאַן, ז. האַניק, ב. קאַרש, י. זאַסק, ויבדל לחיים דער שרייבער פון די שורות, זיינען געווען פון סוחרים שטאַנד).

*****

אין די זעלבע יאָרן, מער ווייניק אין 1924-5 האָט אָנגעפאַנגען צו פונקציאָנירן אין שטעטל דער ציווילער מאַכט־אָרגאַן — דער מאַגיסטראַט.

דער פּרעזידענט איז שטענדיק געווען אַ נאָמינירטער פון דער רעגירונג. די איבעריקע מיטגלידער זיינען אויסגעוויילט געוואָרן דורך דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג — יידן, אוקריינער און פּאָליאַקן. כאָטש דער מצב פון די יידן אין פּוילן איז שטענדיק געווען אַ שלעכטער, צייטנווייז אפילו אַ קריטישער, סיי אין עקאָנאָמישן און סיי אין פּאָליטישן זין און דער אַנטיסעמיטיזם האָט דאָרט גוואַל־

דיק טריאומפירט — האָט מען דאָך די רעכט פון פּוילישע בירגער — שיקן פאַר־שטייער אין עפנטלעכע אינסטיטוציעס — ביי זיי נישט צוגענומען. אין ראטנער מאַגיסטראַט זיינען די יידן, אַלס מערהייט אין שטעטל, געווען פאַרטראַטן מיט פיר אָדער פינף פאַרשטייער. דער וויצע־פּרעזידענט איז געווען אַ ייד, דער טייערער און באַוווּסטזיניקער יונגערמאַן מענדל קליין ע"ה. לאַווניקער — ישראל איצי באיאַן, יצחק מערסיק, יצחק גראַבאָוו און יהושע בעקערמאַן ע"ה. אויך יוסף מאַראַנץ, מ. רייכער, אברהם בארג און וואָלף ברענער.

די אַלע יידישע פאַרשטייער זיינען שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך און האָבן, אויף וויפל נאָר זיי האָבן געקענט, פאַרטיידיקט די אָרטיקע יידישע אינטער־רעסן. זיי האָבן אויך אָפט אינטערווענירט וועגן די גרעסערע שטייערן, וואָס מען פלעגט אַרויפלייגן אויף דעם אָרטיקן האַנדל און קראָמען. זיי האָבן אויך אָפט גע־פּועלט צו באַפרייען אינגאַנצן געוויסע בעלי מלאכות פון די שטייערן. אויך האָבן זיי אויסגעפּועלט געוויסע סובסידיעס פאַר שטאָט־הצטרכותן אָדער אַזוי אָרעמע פאַמיליעס. באַזונדער האָבן זיי דאַן פאַרטיידיקט די יידישע רעכט, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער סכסוך מיט די מעשטשאַנעס וועגן די שטאָטישע בלאָטעס. מיט איין וואָרט — די יידישע פאַרשטייער זיינען שטענדיק געשטאַנען אויף דער הויכער ניוואָ פון זייערע אַמטן. אין דעם לעצטן שטאָט־ראַט, וואָס האָט עקזיסטירט אומגעפער צווישן די יאָרן 1939 — 1936, לויט ווי ה' אברהם בארג גיט איבער, האָט די אָרטיקע פּוי־לישע מאַכט אויסגעאיבט אַ שטאַרקן דרוק אויף די יידן, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן דריי פּלעצער פאַר די פּאָליאַקן, וואָס זיינען אין שטעטל געווען זייער אַ קליינע מינדערהייט. די לעצטע האָבן צום סוף אויך צוגענומען פאַר זיך דעם אַמט פון וויצע־פּרעזידענט. נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָבן די יידן כאָטש אויסגעפירט, אַז מ'זאָל שיקן דעם אַזוי פּע־איקן לאַווניק ה' יצחק הירש העלד ע"ה אין דעם קאָוולער „סיימיק" (אַ מין קליינער פּאַרלאַמענט) אַלס פאַרשטייער פונעם ראַטנער מאַגיסטראַט. אין „סיימיק" זיינען גע־ווען 32 פאַרשטייער פון אַלע אַרומיקע גמינעס, וואָס אין קאָוולער קרייז. י. ה. העלד איז דאָרט געווען דער איינציקער ייד. ער האָט אָבער, לויט טאַקע ה' אברהם בארג גיט איבער, אויסגעפירט זיין אויפגאַבע אויף אַ גלענצנדיקן אופן און זיינע אינהאַלטס־רייכע רעדעס אין פּויליש האָבן געמאַכט אַן איינדרוק און געווען געדרוקט אין די אָר־טיקע יידישע און פּוילישע בלעטער — „קאָוולער שטימע" און „גלאָס קאָוועל".

דאָס יידישע לעבן אין שטעטל האָט זיך מיט דער צייט אַזוי אַנטוויקלט און פונאַנדערגעוואַקסן און מיט דעם געשאַפן זיך אַזויפיל ספּעציעל ־ יידישע פּראָבלעמען, אַז ס'האָט זיך געפאָדערט אַ ספּעציעל באַזונדערער אַנשטאַלט, וואָס זאָל דאָס אַלץ אויספּלאַנירן און רעגלמעסיק מיט דעם לעבן אָנפירן. ס'זיינען אויפגעשוואומען אַלערליי לעבנס־פראַגן פון רעליגיעזן, סאָציאַלן און עקאָנאָמישן כאַראַקטער, האָבן געפאָדערט אַן ערנסטע באַהאַנדלונג און לייזונג און ס'האָט נישט עקזיסטירט אין שטעטל אַזאַ אַנשטאַלט, וואָס זאָל זיך מיט דעם פאַרנעמען. איז דערפאַר אין דעם יאָר 1929 געשאַפן געוואָרן די קהילה, וואָס איז געווען דער אַנטשפּרעכנדער אַנשטאַלט דערצו.

די קהילה איז באַשטאַנען פון אַכט מיטגלידער מיט אַ פּרעזידענט. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען ר' בן ציון שטיינגאַרטן און די מיטגלידער ר' יצחק כהן, ר' ליבער קאַרש, ר' יצחק גראַבאָוו א. א. וו. נאָכהער, ביים צווייטן פּעריאָד (וואָס איז געווען דריי יאָר) איז אויסגעוויילט געוואָרן ר' ליבער קאַרש אַלס פּרעזידענט און אַנדערע מיטגלידער ווי ר' בן ציון שטיינגאַרטן, ר' יצחק גראַבאָוו, ר' אשר לעקאַר ע"ה, אברהם בארג (אין נאָרד־אַמעריקע) אויך מ. בלאַט, א. שעדראָוויצקי און סקאָפּ פון וויזשווע א. אַ. וו. די קהילה האָט זיך אויסגעהאַלטן פון אַן אָפּצאָל פון אירע

מיטגלידער אין ראַטנע און אומגעגנט, וואָס מ'האָט גערופן ע ט א ט . נישט אַלע פאַרשטייט זיך, האָבן געצאָלט אַלצאיינס. צו דער ראַטנער קהילה האָט געהערט די גאַנצע אומגעגענט מיט דעם שטעטעלע וויזשווע. דער סעקרעטאַר פון דער קהילה דער אַזוי באַוווּסטזיניקער אהרן יענקל גינצבאַרג פלעגט אָפּט אַרויספאָרן איבער דער סביבה, כדי צו דערליידיקן געוויסע אויפגאַבעס און פליכטן, צווישן זיי אויך אויפמאָנען דעם עטאַט. די קהילה איז געווען אָנער־קענט און אָפּיציאַליזירט פון דער רעגירונג. זי האָט אויך געהאַט די רעכט צו פאָדערן פּאָליציייאישע הילף. אַ סך פון דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען אין דער אומגליקס־עפּאָכע אין דעם באַקאַנטן יידן־ראַט.

## דער נאַציאָנאַל און קולטור - רענעסאַנס אין שטעטל

נישט קוקנדיק אָבער אויף דער שלעכטער יידישער מערכה איבער דער זייער נישט פריינטלעכער באַציאונג צו יידן מצד דער פּוילישער פּאַלקאָווניקעס־רעגירונג, ווי צו שטיף־קינדער, וואָס האָט פאַרשאַרפט דעם ביטערן קריזיס און געשאַפן אַ זייער אומנאָרמאַלע לאַגע, איז דאָך דער קולטורעלער ניוואָ און גייסטיקער מצב ביי יידן שטאַרק געשטיגן און ווי פון עפּעס טיפע פאַרבאָרגענע קוואַלן האָבן אַרויסגע־שלאָגן שטראָמען פון לויטערן וואַסער, וואָס האָבן פאַרפלייצט און אָנגעטרינקען דאָס יידישע גייסטיקע לעבן און זיך נאָך געכוואַליעט אויף איר אויבערפלאַך. ס'איז דאַן אין דער יידישער פּראָווינץ אָנגעקומען די שטורעם און דראַנג־עפּאָכע, יונגע פּאָטענ־ציעלע און דינאַמישע כוחות זיינען דאַן אויפגעקומען, געווירקט און אַקטואירט אויף דער יידישער גאַס.

די זעלבע דערשיינונג האָט זיך אויך אין אונדזער שטעטעלע באַמערקט און די זעלבע קולטור־אויפלעבונג און פּראָגרעס פון נאַציאָנאַלן געפיל מיט אַלע זיינע ניואַנסן האָט זיך אויך דאָרט אָפּגעשפּילט. נאָר לאָמיר צום אַלעם ערשטן דערמאָנען דאָ דעם שול־וועזן, וואָס איז, אייגנטלעך, געווען דער הויפּט גורם פונעם שפּעטער־דיקן אויפגעקומענעם קולטור און שטאַרק־נאַציאָנאַלן לעבן דאָרט און וואָס האָט אַרויסגערופן די יונגע, פּרוכטבאַרע און שעפערישע כחות צו מעשים אויפן נאַציאָ־נאַל און קולטור־פעלד. שוין אין דעם יאָר 1912-13 האָבן זיך באַוויזן אין שטעטלשן לעבן סימנים פון אָרגאַניזירטן חנוך און קינדער־דערציאונג אויפן מאָדערנעם אופן. ביז דאַן האָבן די פאַרשיידענע לערער, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „שרייבער" געגעבן „שטונדן". מ'האָט העכסטנס צונויפגענומען אַ 10-20 קינדער אין אַ שטוב פון איינעם פון די תלמידים, אָדער ביים לערער גופא און ביי אַ לאַנגן טיש מיט פּשוטע בענק ביי דער זייט האָט דער לערער אָפּגעגעבן זיין איין אָדער צוויי שעהדיקע לעקציע. די לעקציע איז באַשטאַנען פון אַ דיקטאַווקע, מערסטנטייל מיט אַ קאָמערציעלן אינהאַלט, אָדער אַ „פּירגערוס", אַ מין אָנגעשריבענע בריוו צו עלטערן אָדער פריינט, וואָס דער לערער האָט דיקטירט און דער תלמיד האָט דאָס נאָכגעשריבן. אַמאָל אויך אַ ביסל רוסיש, ד. ה. די „אַזבוקע", נאָכהער אַ שורה, אויף צו קענען, הלוואי מ'זאָל דאָס נישט דאַרפן, אָנשרייבן אַן אַדרעס. און אויב מ'וועט צוגעבן דאָס ביסל חשבון אין דאָנערשטיקן טאָג — חבור, חסור, כפל און חלוק — איז שוין דאָס בילד אַ פולס פון דעמאָלטיקער לעקציע. אין דעם אויבנ־דערמאָנטן יאָר — אומגעפער 1912-13 — איז אָראָפּגעקומען קיין ראַטנע פון שטעט־טעלע ליבעשוויו, אין ליטאַ, איינער אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן ל. וואָל, אַ לערער פון פאַך און האָט געדונגען אַ גרויסן, ליכטיקן צימער, האָט געמאַכט „סקאַמייקעס"

(שול-בענקלעך) אויך אַ דאסקא (טאָפעל) און האָט געעפנט אַ העברעאישע שולע. קיין סך קינדער האָט ער דאַן, ביים אָנפאַנג, אין זיין שולע נישט געהאַט, אָבער אַ גוטע התחלה פאַר אַן אָרגאַניזירטער שולע דערציאונג איז דאָס שוין געווען. אין 1913-14טן יאָר ווידער האָבן שוין אין שטעטל געעפנט אַזאַ שולע אָבער אין אַ גרעסערן פאָרמאַט. די לערער אברהמצע טעלעסאַן ע"ה, ויבדל לחיים דער שרייבער פון די שורות און איינע אַ יידיש-רוסישע סטודענטין נינא גווירצמאַן. אין דער שולע האָט מען געלערנט העברעאיש, יידיש און רוסיש. אין דער שולע האָבן שוין געלערנט מערער קינדער.

אין 1916, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, פונקט דאַן, ווען די דייטשן האָבן געהאַלטן אָקופירט אונדזער געגנט, האָט זיך באַוויזן אין אונדזער שטעטל אַ פנים חדשות, איינער אַ לערער, אַ גרויסער העברעאיסט נח קעצקער פון פינסק. דער דייטשער קאָמאַנדאַנט, א דאנק אַ רעקאָמענדאַציע פונעם יידישן ביר-גערמייסטער, אליהו יאַנאָוויטש, האָט אים באַשטימט אַלס לערער פאַר די יידישע קינדער. מיטן דערשיינען פונעם לערער נ. קעצקער אין דעם שטעטל האָט זיך אָנ-געפאַנגען אַ נייע ערא אינעם קולטור און נאַציאָנאַלן לעבן דאָרט. ער האָט דאָס שטילע געמיטלעכע יידיש לעבן אין שטעטל געגעבן אַ שטויס פאָרויס און האָט אַריינגעבראַכט אין דעם, באַזונדער צווישן דער יוגנט אַן אומרו און אַן שטאַרקערן אימפולס צו יידישן וויסן און דערוואַכונג פון נאַציאָנאַלן געדאַנק.

נאָך דער וועלט-מלחמה, שוין ביי דער אוקריינער מאַכט האָט ער די שולע, וואָס ביי די דייטשן איז זי געווען אין טריסקער שטיבל, איבערגעפירט אין אַ גרויסער, גרוימער געביידע אויף דער הוליאַנקער גאַס. מיט אים צוזאַמען האָט דאַן אויך געלערנט איינער אַ לערער טאַנעזער. אין דעם-אַ-גרויסן לאָקאַל פלעגט דער



די ערשטע תלמידים פון לערער קעצקער אין יאָר 1919-20.

לערער נ. קעצקער אַלע שבת און יום־טוב אויפּטרעטן פאַר אַ עולם באַזוכער מיט זיינע גייסטרייכע רעדעס אויף אַלערליי טעמעס. זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, ארויס־גערופן דעם געהעריקן עפעקט און כמעט אין גייסטלעכן זין געמאַכט אַן איבערקע־רעניש אין די יידישע מוחות, באַזונדער אויף דעם נאַציאָנאַלן געביט — מ'האָט פאַרשטאַרקט דאָן די ארבעט פון קק"ל און איר אויסגעברייטערט און אריינגעבראַכט אין אַלע יידישע שטיבער און טאַקע דעמאָלט, אין דעם פעריאָד, אומגעפער אין יאָר 1920, נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע, איז אַראָפּגעקומען קיין ראַטנע, איינער אַ פאַרשטייער פון דער צענטראַלע אין וואַרשע, מיטן נאָמען בלאָך, וואָס האָט פאַרופן אַלע שטאָט־בעל־הבתים, צווישן זיי אַפילו אַמאָליקע קעגנער פון ציוניזם און יידישע קולטור, ווי ר' בן ציון שטיינגאַרטן, דוד אהרן שאַפּירא, יעקב פראַסמאַן און ליבער קאַרש ע"ה א. א. וועגן גרינדן אַ קרן היסוד קאָמיטעט. די פאַרזאַמלונג איז פאָר־געקומען מיט דער באַטייליקונג, פאַרשטייט זיך, פון אַלע ציוניסטישע כחות אין שטעטל, אין דעם הויז פון דער חשובער פרוי דאבא כהן (געפינט זיך אין ארגענ־טינע). מ'האָט דאָן געגרינדעט אַ קאָמיטעט און די אַלע באַטייליקטע האָבן זיך גלייך אויפן אָרט באַשטייערט מיט גאַנץ גרויסע סומעס פאַר דעם צוועק.



די ערשטע לערער אין ראַטנער „תרבות"־שולע — פון רעכטס צו לינקס: נח קעצקער ע"ה, ריבאַ און זאַגורסקי ע"ה און אליעזר העלד, סעקרעטאַר (לעבט אין ארץ־ישראל).

ווען מ'האָט נאָכהער צוריק אויפגעבויט דעם גרויסן ביהמ"ד, האָט מען שוין די שולע איינגעאָרדנט דאָרטן אויפן אויבערשטן גאָרן און געלערנט האָבן שוין דאָרט פיר העברעאישע לערער: קעצקער, וואַיסקאָווסקי, האַרצמאַן און נ. כהן, מיט איינעם אַ רוסישן פּראָקאָפּאָוויץ. די פּאָליאַקן אָבער, איבערנעמענדיק שפּעטער די מאַכט אין אונדזער געגנט, האָבן שוין געשטערט און כמעט ווי פאַרמאַכט די שולע. אָבער אַ גרופּע פון באַוווסטזיניקע, אינטעליגענטע יונגעלייט אין שטעטל, האָבן זיך אַנגע־פאַנגען צו סטאַרן ביי דער פּוילישער מאַכט אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ אינטע גראַלע, העברעאיש פּוילישע שולע מיטן נאָמען „תרבות". אַדאַנק געוויסע פאַקטאָרן איז די ארבעט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג און די שולע איז דערעפנט געוואָרן אין יאָר 1926. די שולע האָט צולעצט געהאַט זיבן מחלקות, ווו ס'האָבן געלערנט אַ 200 קינדער ביי דריי העברעאישע לערער און איינער אַ דירעקטאָר אין פּויליש. די ערשטע לערער זיינען געווען פאָלגנדע: ה"ה קעצקער, באַקסער, זאַגורסקי און דירעקטאָרן פריילין ריבאַ.

אַלס סעקרעטאַר פון כמעט דער גאַנצער צייט פון דער שולע עקזיסטענץ איז גע־ווען ה' אליעזר העלד (ער געפינט זיך אין מדינת ישראל). ער האָט שטענדיק טריי און

ערלעך געאַרבעט און אַקטואירט אין שולע און האָט אַ סך מיטגעהאָלפן צו איר פּראָ־גרעס. אַ חוץ דעם האָט ער אויך מיטגעווירקט און אַ סך בייגעטראָגן אין אַנדערע קולטוראַרבעטן פון יידישן לעבן אין שטעטל.

די שולע האָט געוואַלדיק געווירקט אויף די קינדער־תלמידים, זיי געגעבן אַן אמתע יידיש - נאַציאָנאַלע דערציאונג און האָט אויפגעשטעלט אַ דור פון שטאָלצע, באַוווּסטזיניקע יוגנטלעכע, וואָס האָט זיי אויך באַוואָפנט מיט ידיעות און וויסן וועגן דער וועלט בכלל און יידישער וועלט בפרט, צוזאַמען מיט ליבע און ווייזע צו זייער פאָלק און זיין צוקונפט אין זיין אויסגעהלומטן לאַנד. די שולע האָט אויך אומדירעקט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די עלטערע יידן און זייער נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין — ס'האָט שוין דאַן עקזיסטירט דאָרט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געטאָן אַ סך ציוניסטישע אַרבעט און אַרויסגערופן נאַציאָנאַלן באַ־וווּסטזיין. ס'איז דאָ כדאי צו פאַרצייכענען די גרויסע היסטאָרישע געשעעניש דאַן אין יידישן לעבן — די גרינדונג פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט אין דער אייביקער ירושלים, די האַרציקע באַציאונג און אָפּשאַצונג פון די ראַטנער יידן און זייערע ענטוזיאַסטישע אָפּרופן זיך אויף דעם.



אַ בילד פון דער תרבות־שולע

אין דער דריטער רייע זיצן פון רעכטס צו לינקס: קלאַניצקי, קעצקער און באָקסער.

באַלד ווי ס'איז באַוווּסט געוואָרן די פריילעכע נייעס וועגן דעם אין שטעטל, האָט זיך דער עולם ספּאָנטאַן פאַרזאַמלט אין דעם גרויסן ביהמ"ד. די שמחה איז גע־ווען אַזוי גרויס, אַז אַפילו די פּשוטע יידן, יידן פון אַ גאַנץ יאָר, האָבן זיך מיטגע־פרייט און פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער גרויסער געשעעניש אין דעם יידישן פאָלקס־לעבן. ס'האָבן דאַן גערעדט מעניני דיומא, אויפקלערנדיק די גרויסע חשיבות פון דעם היסטאָרישן פאַקט, דער לערער קעצקער, יצחק הירש העלד, זאַגנדיק דערביי דעם „שהחיינו וקיימנו"... משה איילבוים און יוסף זאַסק א. א.

# די ביבליאָטעק און די יוגנט אָרגאַניזאַציעס

אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, אין דעם יאָר 1914, ווען דאָס שטעטל איז דורך די אָפּטרעטנדיקע רוסישע סאָלדאַטן כמעט אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן, איז אויך די גרויסע ביבליאָטעק ביי י. שפּילמאַן אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן.

נאָך דער ערשטער מלחמה איז דורך דער איניציאַטיוו פון לערער-פּערסאָנאַל געשאַפן געוואָרן, אין שול גופא, אַ קינדער - ביבליאָטעק. נאָכהער, אומגעפער אין די יאָרן 1922-3, מיט דער אַנטשטייאונג פון ראַטנער סקויט, די גרינדער פון וועלכן ס'זיינען געווען נח כהן, יעקב ראָג און וועלוול רייסקי (אַלע געפינען זיך אין אַר־גענטינע) א. א. פון דעם טיפּ „הצופים" — האָט אַ חוץ זיינע ספּאָרט און נאַציאָנאַלע פונקציעס, וואָס האָט דאַן אין שטעטל אויסגעפירט, אויך גענומען אויף זיך די מיסיע צו שאַפן אַ ביבליאָטעק, וואָס האָט געפעלט אין שטעטל. זיי האָבן אָנגעפאַנגען צו זאַמלען פאַר דעם צוועק געלט דורך פאַרשיידענע מיטלען, ווי בלימלעך פאַרקויפן אויף די ירידים א. א. איינער פון זיינע חברים, אַליעזר רייסקי (געפינט זיך אין דענוועד) וואָס איז דאַן צופעליק געפאָרן קיין וואַרשע האָט דאָרט איינגעקויפט אַ געוויסע צאָל ביכער אין העברעאיש און יידיש. אַזוי איז דאַן פאַרלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר אַ באַנייטער ביבליאָטעק אין ראַטנע. די ערשטע צייט איז די ביבליאָטעק געווען ביי וועלוול רייסקי אין שטוב, נאָר צוליב געוויסע סיבות איז זי שפּעטער איבערגעפירט געוואָרן צו ר' יעקב אברך ע"ה אין שטוב אויף קריוואָ־ליצע. אַהין פלעגן אויך קומען די לערער פון דער דעמאָלסדיקער שולע, באַזונ־דער לערער קעצקער, און אָפט האַלטן פאַר דער יוגנט, לעזער פון דער ביבליאָטעק, לעקציעס און רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע טעמעס. מ'האָט אַלעמאָל צוגעקויפט ביכער און איר אַזוי אַרום פאַרגרעסערט. מ'האָט אפילו צולעצט צונויפגעגאָסן מיט איר די קינדער-ביבליאָטעק, וואָס איז געשטאַנען אין שולע, און די קינדער האָבן דאָרטן געביטן ביכער. די ביבליאָטעק — עסקנים זיינען געגאַנגען צו געוויסע שטאָט־בעה'ב און ביי זיי געבעטן זיך באַשטייערן מיט ברעטער, פון וועלכע שלמה אברך און בערל איידעס, (זיי געפינען זיך אין אַרגענטינע), סטאָליאַרעס פון פאַך, און גלייכצייטיק פאַרוואַלטונגס - מיטגלידער, האָבן געמאַכט אַ שאַפע פאַר די ביכער און טישן מיט בענק פאַר די לייענערס, וואָס זיינען געקומען אין לעזע-זאַל. אין די יאָרן, מער־וויניק 1925-7, דאָס יאָר פון דער גרינדונג פון „החלוץ"-אָרגאַניזאַציע אין ראַטנע, האָבן שוין די דעמאָלדיקע ביבליאָטעקאַר, ה' שלמה כהן (אין אַרגענ־טינע) און אַליעזר גינזבאַרג (אין נ. אַמעריקע), צוליב דער אַנטוויקלונג און פּראָגרעס פון דער ביבליאָטעק אין כמות, ווי אויך אין איכות — וואָס ס'זיינען געשטיגן די צאָל לייענער און אויך צוהערער פון די צוגלייך געהאַלטענע לעקציעס דאָרטן — געדונגען ביי אליעזר פוקס אויף הוליאַנקע גאס נאָכן בריק אַ גרויסן שיינעם צימער, וואָס האָט אויך געדינט פאַר אַ לעזע-זאַל, ווו די יוגנט האָט פאַרבראַכט אין לעזן און אויך אין דיסקוסיעס און ווו אויך די שול-לערער און פון דער פרעמד געבראַכטע לעקטאָרן האָבן געהאַלטן זייערע רעפעראַטן.

שפּעטער מיט עטלעכע יאָר, אין דעם 1928-29, זיינען שוין אין שטעטל אויפ־געקומען אויך יוגנט - קלובן און פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע קאָליר־פולע פּלאַטפאָרמען און פּראָגראַמען. זיי פלעגן זיך אין די אָוונטן צונויפקומען אין זייערע קלובן און געפירט דאָרט אַזוי לעבהאַפטיק זייערע שיחות און דיסקוסיעס, אַז ס'האָט ממש מיט זיך פאַרגעשטעלט אמתע בינשטאָקן, אַזוי געטומלט האָט די יוגנט דאָרט. די אָרגאַניזאַציעס פלעגן אויך צווישן זיך פירן אָפטע דיסקוסיעס און זאַגאַר מחלוקתן און נישט זעלטן פלעגן קומען צו אַנטאַגאָניזמען און געשלעגערייען. אינ־

טערעסאַנט איז געווען דער קאַמף פאַר העגעמאָניע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין שטעטל צווישן די צוויי יוגנט־פּאַרטייען, די „ביתרים" און „שומרים". יעדע פון זיי האָט געוואָלט פאַרכאַפּן די אונטערוואַקסנדע, מינדעריעריקע יינגלעך און מיידלעך. אויף אַ סך פון די יינגלעך האָט זיך אימפּאָנירט און ממש גערייצט די ביתרישע אוניפאָרם, די הילצערנע שווערדלעך און זייער פּאָמפּיעזע, כמעט מיליטערישע האַלטונג. די ביתרים פלעגן זינגען: „מיט געווער און כלי־זיין וועלן מיר דאָס לאַנד באַפרייען". דאקעגן די שומרים: „אָן געווער און אָן כלי־זיין וועלן מיר דאָס לאַנד באַפרייען". דער רוב מיידלעך זיינען אָבער אַוועק צום השומר — זיי איז נישט געפעלן דער מיליטאַריזם פונעם „ביתר". האָט טאַקע דער „השומר" פאַרכאַפּט דעם רוב יוגנט אין שטעטל אונטער זיינע פליגל. עס געדענקט זיך אַ דאָנערשטיקן טאָג אין יאָר 1929.30, ווען אין דעם שטילן שטעטעלע איז פּלוצלינג אַנטשטאַנען אַ טומל און אַ פּאַניק. דאָס האָט עס די „השומר"־יוגנט אַזוי גערודערט



אַן או־ספלוג פון השומר הצעיר אין כ׳ תמוז 1932.

און געטומלט — זיי האָבן דאַן ספּאָנטאַן איינגעאָרדנט אַ מאַרש אָדער אַן אויספלוג אין דער ריכטונג צו קאַמען־קאַשירסק און אויף אַ געוויסן פּונקט אויף וועלכער — אויב מיין זכרון פאַראַט מיר נישט, איז דאָס געווען דאָס דאָרף פּאָסטופּליע — זיי האָבן זיך געדאַרפט צוזאַמענטרעפן מיט די שומרים פון יענעם שטעטל. זיי האָבן, לויטן פּלאַן, געדאַרפט פאַרברענגען אין מאַרש עטלעכע טעג. וואָס ס׳האָט זיך דאַן אָפּגעטאָן צווישן די עלטערן מיט די קינדער, באַזונדער מיידלעך, דער „ויצעקו" וואָס די עלטערן האָבן דאַן געמאַכט אויף דעם „השומר" מיט זיינע אָנפירער! סטייטש, ווי דערלויבן זיך עס מיידלעך אַוועקצוגיין פון זייערע היימען ערגעץ ווייס איך ווו אין די דערפער און אויף וועגן מיט יינגלעך אליין אויף עטלעכע טעג? אַ סך עלטערן האָבן זייערע קינדער געהאַלטן אין שטוב פאַרשפּאַרט און זיי נישט אַרויסגעלאָזט און אַ סך האָבן זיך יאָ אַרויסגעריסן פון די הייזער און זיינען אַוועק אין דעם מאַרש.

שיין איז אויך געווען ביי וואלן צו אַ קאָנגרעס. זיי, די שומרים, נישט קענענדיק אליין זיך באַטייליקן אין דעם קאַמף, צוליב זייער מינדעריעריקייט, האָבן זיך אָבער אימפּאָנירט אויף זייערע עלטערן, וועלכע האָבן אויסגעקויפט אַ שקל אָבער זיינען נישט געווען קיין פּאַרטיי־לייט. זיי פלעגן זיי בעטן און אַפּטמאָל אַפילו זיי באַשווירן אַז זיי זאָלן שטימען פאַרן שומר.

ס'האָט שוין דאַן עקזיסטירט אין שטעטל אַ שיינע פאַרגרעסערטע ביבליאָטעק, וווהין די יוגנט איז געקומען פאַרברענגען און לייענען און שמועסן. מ'האָט אויך אַראָפּגעבראַכט פון דער פרעמד לעקטאָרן און באַרימטע רעדנער, צווישן זיי דער גוט באַקאַנטער לינקער פועלי ציוניסט זרובבל. (אגב, האָט אים, זרובבלן, אַראָפּגע־בראַכט דער לינקער פליגל). אויך האָט מען דאָרט אָפּט דורכגעפירט קעסטל־אָוונטן און זייער אינטערעסאַנטע ליטעראַרישע געריכטן. ס'איז אויך געווען אַ דראַמ־קרייז, וואָס פלעגט אַמאָל שטעלן גאַנץ אינטערעסאַנטע פּיעסן.



זרובבל אין ראַטנע אין 1931.

צו יענער צייט אין יאָר 1929.30 איז אויך אויפגעקומען אין שטעטל די וויצאָ. זי האָט אַקטואירט און צוזאַמען מיטגעאַרבעט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַלע נאַציאָנאַלע אַרבעטן ווי קק"ל א. א. זי האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן ווי אַ וויכטיקער פּאָטענציעלער פאַקטאָר אין די קולטור טעטיקייטן אין שטעטל און האָט בייגעטראָגן איר חלק אַרבעט אין דעם יאָך פון די חובות און אַפילו דעפיציטן פון דער „תרבות"־שולע און איז געווען די איניציאַטאָרן און אויספירערין פון די אַלע קולטור - אַקטן און פייערונגען, וואָס די שולע האָט איינגעאָרדנט ביים שליסן דאָס שול־יאָר אָדער אין חנוכה און פּורים. אָפּגערעדט שוין פון דער באַזונדער ספּעציפי־שער ראָל, אַלס אַ דערציערן אין נאַציאָנאַלן זין פון די קינדער אין שטוב.

די ערשטע פּרעזידענטן פון דער וויצאָ איז געווען די חשובע פרוי גיטל קארש ע"ה, סעקרעטאָרן — צביה קעצקער און קאסירן ד. רחל איילבוים ע"ה. די איבע־ריקע פאַרוואַלטונגס - מיטגלידער זיינען געווען מרעדה פערעלמוטער, בריינדל גאַסקאַ, מאַסקע זאַסק, שיינדל זאַסק, רחל העלד ע"ה ותבדל לחיים גיטל קאנישטער (געפינט זיך אין אַרגענטינע). יעדן שבת פלעגט די וויצאָ אָפּהאַלטן אירע זיצונגען און פאַרזאַמלונגען אין דעם גרויסן און ליכטיקן זאַל פון דער תרבות־שולע מיט באַ־זונדערע רעפעראַטן וועגן דעם מהות און צילן פון דער וויצאָ, בכלל מיט אויפקלע־רונגס־אַרבעט, פלעגן אויפטרעטן די לערער רויזן, קעצקער און לעווין ע"ה. די רע־

פעראטן זיינען געווען גוט באַזוכט כמעט דורך די אַלע פרויען פון שטעטל און אָפט אויך פון די מענער. מיט איין וואָרט — דער דופק פון אַ יידיש-נאַציאָנאַל לעבן האָט שטאַרק געשלאָגן דאָרט און דער הייסער נאַציאָנאַלער טעמפּעראַמענט האָט זיך אין שטעטל גוט געפילט.




די פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצאָ"

עס זיינען אַ סך פון דער ציוניסטישער יוגנט נאָכהער אַוועק אין די קבוצים אויף הכשרה, ווי קלאָסאָוו א. א., וו ס'זיינען אויסגעשמידט און געהאַרטעוועט געוואָרן יונגע הערצער און נשמות פאַרן אויסגעבענקטן יידיש לאַנד. פאַר די עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס זיינען נאָכהער עולה געווען קיין א"י, האָט מען מיט גרויס פייערלעכקייט איינגעאָרדנט באַנקעטן און זיי אַרויסבאַגלייט מיט גרויס שמחה און ברכות אין זייער אלט-ניי-לאַנד.

דאָס סינטעטישע בילד פון די יוגנט-באַוועגונגען און ראנגלעניש וואָלט אָבער נישט געווען גאַנץ, אויב נישט דערמאָנען די קליינע גרופּע יוגנטלעכע, וואָס האָט זיך צו יענער צייט, מער-ווייניק אין די יאָרן 1926-7 אָפּגעשפּאָלטן פון דער נאַציאָנאַלער סביבה און האָט אין אירע האָרשפּאַלטנדע חקירות און זוכענישן פאַרבלאָנדזשעט אין אַ לאַבירינט פון אידייען און דעות, וואָס פירן זיי סוף-כל-סוף אַרויס אויף אַ זייטיקן לינקן שליאַך, וו קיין יידיש פאָלק מיט זיין פּעקל באַזונדערע פּראָבלעמען עקזיסטירט נישט, וו קיין באַזונדערע יידישע פראגן זיינען נישטאָ, נאָר קאָלעקטיווע פּראָבלעמען, וואָס ווען ז יי ווען געלייזט ווערן, וועלן שוין ממילא אויך פאַרענט-פערט ווערן די אזוי גערופענע יידיש - אינדיווידועלע פראגן. זיי טאַקע, די אויבנ-דערמאָנטע יוגנטלעכע האָבן אין יאָר 1927-28 געעפנט אַ באַזונדער יידישע שולע, וואָס מיט איר מהות און אינהאַלט איז געווען צוגעפּאסט צו זייער אידעאָלאָגיע. אָבער צוליב די אָפטע פאַרפאָלגונגען פון דער פוילישער מאַכט און אפשר טיילווייז אויך צוליב דעם יידיש-נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס האָט געהערשט דאָן אין אַ שטאַרקן טעמפּאָ אין שטעטל, האָבן זיי די שולע, נאָך עטלעכע מאָנאַטן פון איר עקזיסטענץ — צוגעמאַכט.

דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט דער ביבליאָטעק — נאָך פאַרשידענע רייסענישן צווישן אָט די צוויי פליגלען, לינקער און רעכטער, האָבן זיי זיך מיט איר צעטיילט און פון דאַן אָן האָט שוין אין שטעטעלע עקזיסטירט צוויי ביבליאָטעקן.

## ערב צווייטער וועלט-מלחמה, אומקום און חורבן פון שטעטל

אויפן ווירטשאַפטלעך - עקאָנאָמישן געביט, נישט קוקנדיק אויפן קריזיס אין אַלגעמיין און שנאה און פאַרפאָלגונגען פון די פּאָליאַקן האָבן זיך די יידן דאָך געראַנגלט און געקעמפט פאַר זייער עקזיסטענץ. אַ סך האָט זיי אַרויסגעהאָלפן די פאָלקס-באַנק מיט די הלוואות און שטיצעס, וואָס ביי דער שרעקלעכער צייט פון עפנטלעכע דיסקרימינאַציעס מצד דער מאַכט צו די יידן האָט דאָס זיי געשטאַרקט און געשאַפן אַ געוויסן באָדן אונטער זייערע פיס. ס'האָט אויך עקזיסטירט אין שטעטל אַ גמילות חסדים קאַסע, וואָס האָט די אָרעמע געליען קלענערע הלוואות אָן פּראָצענט. פּונקט צו יענער צייט האָט מען אין שטעטל דורכגעלייגט פונעם שאָסיי ביז דער הוליאַנקע גאַס אַ שאָסיי-ברוק, וואָס האָט פאַרקלענערט די זומפּן דאָרט, אין וועלכע ס'האָט זיך געטרינקען אין אָסיען צייט און פאַר פּסח. אויך האָט דער חשובער בעה"ב אין ראַטנע ה' מאָטל קליין ע"ה געבראַכט פאַר זיין „אוליניצע" אַ גרעסערע עלעקטרישע דינאַמאָ, וואָס האָט שוין דעם גאַנצן שטעטל געגעבן עלעקטרישע ליכט. אַ סך בעלי בתים האָבן דאַן אַריינגעצויגן אין זייערע הייזער דאָס ליכט און די מוניציפּאַליטעט האָט אויך איינגעאָרדנט עטלעכע עלעקטרישע לאָמפּן אין די גאַסן.

די יידן האָבן זיך אָבער וואָס וויטער אַלץ ערגער געפילט אין פּוילן. די מאַכט האָט זוי ספּעציעל פאַר זיי דעם גיהנום אַראָפּגעבראַכט. די גרויסע, שווערע שטייערן, וואָס האָבן זיי אַלע מאָל געמאַכט ענגער און אומדערטרעגלעכער דאָס לעבן פון איין זייט און די שרעקלעכע רדיפות, ווי אין פּשיטיק און טשענסטאָכאָוו דאַן מיט דעם עפנטלעכן פּאָגראָם אין בריסק פון דער צווייטער זייט — האָבן זיי פאַרביטערט ממש דאָס לעבן און זיי האָבן מיט איינמאָל דערפילט, ווי דער באָדן ברענט אונטער זייערע פיס.

דערצו האָבן זיך שוין דעמאָלט אַרומגעטראָגן קלאַנגען, אַז היטלער ימ"ש וזכרו גרייט אַ מלחמה אויף דער וועלט. יידן האָבן מיט אַמאָל אינסטינקטיוו דערפילט, ווי ס'רוקן זיך אָן אויף זיי בלוטיקע כמארעס, וואָס וועלן זיך אויף זייערע קעפּ אויסגיסן און זיי וועלן עס זיין די ערשטע שעיר לעזאָזלם פון דער פאַרדאָרבענער וועלט-פּאָליטיק. דערווייל איז אונטערגעקומען דער באַוווסטער פּאַקט צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. די וועגן צו אַנטלויפן פונעם יאָמער-טאָל און גהינום זיינען שוין געווען פאַרשפּאַרט. אין די לעצטע בריוו, וואָס מ'האָט דאַן דערהאַלטן פון דאָרט, איז געווען אויסגעדריקט שרעק פאַרן גורלדיקן מאָרגן מיט פאַרשיידענע רמזים וועגן דער לאַגע. יידן האָבן געשריבן פאַרשטעלט, אַז דער פריינט ברויטמאַן איז פּלוצלינג געשטאָרבן א. א. זיי האָבן אָבער אפנים זיך נאָך דאַן נישט פאָרגעשטעלט, אַז ס'קען נאָך קומען אַ סך ערגערס פון דעם, אַז נאָכן „פאַרשטאָרבענעם" ברויטמאַן קען קומען דער מלאך המות אַליין, דער טויטמאַן, היטלער ימ"ש וזכרו, מיט זיינע טויט-פאַבריקן און קרעמאַטאָריעס, ווו זעקס מיליאָן נפשות זיינען אומגעבראַכט געוואָרן און הונדערטער שטעט און שטעטלעך זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן, צווישן זיי אויך אונדזערטייער שטעטעלע ראַטנע מיט אירע טייערע מענטשן, אונדזערע אייגענע, וואָס וועגן דער חורבן-עפּאָכע שרייבט און ברענגט אַרויס אַזוי געלונגען אונדזער לאַנדסמאַן אברהם באַרג אין זיינע מעמוארן און אויך שלמה פּערעלמוטער א. א. אין זייערע שוידער-בילדלעך, וואָס דרוקן זיך אין דעם ראַטנער „יזכור בוך".



**בערל קאַהאַן** (בערל כאַנצעס)

# מיט אַ פופציק יאָר צוריק

ווי אַלע קליינע פאַרוואָרפענע יידישע שטעטלעך, איז אויך ראַטנע געווען עקאָנאָמיש זייער שטאַרק אָרעם. נישט געווען אין שטעטל נישט קיין אינדוסטריע, נישט קיין פאַבריקן און דערצו נאָך איז עס געווען ווייט פון אַ באַן-סטאַנציע. עס איז אין שטעטל אויך נישט געווען קיין באַנק, אָדער אַ ליי-קאַסע, אַז די עטלעכע וואַלד-סוחרים און די קלענערע הענדלער זאָלן זיך קענען דורך זיי אַרויסהעלפן און דערגרייכן צו העכערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. האָט זיך דעריבער דאָס שטעטל געלעבט אין גרויס דחקות און עס האָט זיך קנאַפּ וואָס אָנגעזען די דיפערענץ צווישן אָרעם און רייך.

וואַלד-סוחרים האָבן דאָס געהילץ געשיקט דורך דעם פּריפּיעט-טייך קיין דייטשלאַנד; די אָקסן-הענדלער האָבן איינגעקויפט אָקסן אין די אַרומיקע דערפער און האָבן זיי געשיקט קיין וואַרשע; איציקל „איידיי" (אָקסן-טרייבער) האָט געדאַרפט טרייבן די אָקסן פון אַ זאַמלפּונקט קיין בריסק, 70 וויאָרסט פון ראַטנע און דערפאַר האָט ער באַקומען באַצאָלט צען גילדן פאַר דער אַרבעט. און פון בריסק זיינען שוין די אָקסן געבראַכט געוואָרן קיין וואַרשע.

כמעט אַ העלפט פּרנסה האָט דאָס שטעטל געצויגן פון דער דאָרפישער פּויערים-באַפעלקערונג. איבערהויפּט איז די חיונה פון די שטעטלדיקע קרעמער אָפּהענגיק געווען פון דעם דאָרפישן קאָנסומענט און פון די יאַריד-טעג, ווען ס'פלעגן פון אַלע אַרומיקע דערפער אָנפאָרן אין שטעטל אַריין פּויערים צו פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן און איינקויפן אַלע נייטיקע אַרטיקלען פאַר דער הויז-ווירטשאַפט. די יידישע בעלי-מלאכות זיינען שוין געווען מער אויסגעשטעלט אויף דער שטאָטישער באַפעלקערונג. די פּויערים האָבן געלעבט זייער פּרימיטיוו און זיך באַפרידיקט מיט דעם סאַמע נייטיקסטן. פאַרקערט אָבער איז דער לעבן-סטאַנדאַרט פון דעם יידן געווען אַ סך אַ העכערער.

דער ייד האָט געדאַרפט דעם סטאָליאַר — ער זאָל מאַכן אַ פּאָר בעטן, אַ שאַפע, אַ טיש און שטולן פאַר זיין היים, ער האָט געדאַרפט דעם שינדל-מאַכער, דעם

דאַך־באַשלעגער; דעם בלעכער — ער זאָל אויסווייסן דעם סאַמאָוואַר און די קופּער־פענדלעך אויף פּסח. און אַ זייגער האָט אויך געדאַרפט דער ייד — מען דאַרף דאָך וויסן ווען ליכט צו בענטשן. און לייכטער צום ליכט־בענטשן און אַ בעכער פאַר קי־דוש; אַ בוך־בינדער — זיינע ספרים פאַריכטן, האָט אגב נאָר געדאַרפט דער ייד.

געווען אָבער אין שטאָט אַזעלכע מלאכות, וואָס סיי דער ייד אין שטאָט און ביי דער גוי אין דאָרף האָט זיי געמוזט האָבן. אַ מוליער צו מאַכן אַן אויוון און אַ קוי־מען, אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ קירזשנער, אַ פעלצן־מאַכער, אַ סטעלמאַך, אַ שמיד און אַ טעסליער.

אָט דער גאַנצער קלאַס יידן בעלי־מלאכות האָבן שטענדיק געהאַט איין זאָרג: — ווו נעמט מען אויף שבת. דעם קוימענקערער און דעם וואַסערטרעגער האָט שוין אַפילו די שבת־זאָרג אויך נישט געהאָלפן. זייערע פאַרדינסטן — אַזעלכע קליינע, אַז מען האָט זיי סיי־ווי־סיי געמוזט אַריינטראָגן אויף שבת אין שטוב אַריין. און אַפילו ביי די יעניקע, וואָס דער שבת איז שוין געווען ווי נישט איז באַזאָרגט און דאָס שטיקל ברויט איז אַ גאַנצע וואָך יאָ געווען, איז אָבער אויך נישט געווען קיין נאָ־ווינע צו זען ווי זייערע קינדער גייען אַרום אין גאַס **כמעט** נאַקעט און **איינגאַנצן** באָרוועס.

אַ פּאָר פאַקטן:

**עפּיזאָד נומער איינס.**

מיין פאָטער איז געווען אַ שינדלמאַכער. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געאַרבעט אין וואַלד. פרייטיק איז ער געקומען אַהיים אויף שבת און זונטיק גאַנץ פרי פלעגט ער צוריקפאָרן. פון זיין גאַנץ שווערער האָרעוואַניע האָט ער קוים פאַרדינט אויף אַ מאָגערער הזונה פאַר זיין משפחה; ווי מען פלעגט עס זאָגן ביי אונדז „וואַסער אויף קאַשע". ביי מיינע עלטערן בין איך געווען אַ בן־יחיד, דאָס האָט אָבער גאָר־נישט געשטערט אַז איך זאָל גיין אין צעריסענע מייטקעלעך. לויף איך מיר איין מאָל אין מאַרק־גאַס אין מיינע צעריסענע תחתונימלעך פאַרביי אַ שניטקראָם. דער קרעמער (שאַפּיראָם אַ זון), שטייט פאַר זיין געשעפט ביי דער טיר און וואַרט, אַז גאָט זאָל אים צושיקן אַ קונה. אַז ער האָט באַמערקט מיין „הולך", רופט ער מיך צו און זאָגט מיר: „יינגעלע, גיי זאָג דיין מאַמען, אַז איך האָב צו פאַרקויפן אַ שטיקל קאָרט פאַר אַ פּאָר מייטקעלעך פאַר דיר, נישט טייער!" כאָטש איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ קינד, דאָך האָב איך זיך זייער פאַרשעמט. אָבער דער מאַמען מיינער האָב איך גאָרנישט דערציילט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי האָט נישט מיט וואָס צו קויפן און פאַר גרויס עגמת־נפש און אויך פאַר בושה האָב איך שוין אַ לאַנגע צייט אין מאַרק־גאַס מער פאַר זיין קראָם נישט געוויזן זיך.

**עפּיזאָד נומער צוויי.**

געווען אין שטאָט אַ ייד מיטן נאָמען גבריאל. נידעריקער פון מיטעלן וווקס, שמאָלע פּלייצעס, און אַ דין בערדעלע וואָס האָט זיך ביי אים נישט שטאַרק צע־וואַקסן, אפשר אוים רחמנות כדי אים נישט צו פאַרשטעלן דאָס שמאָלע פּנימל זיינס.

האָט דער דאָזיקער גבריאל געהאַט עטלעכע מלאכות, בכדי צו קענען מפרנס זיין זיין גרויסע פאַמיליע. איז ער געווען אַ פאַרבער — איז מער ווי די שול און, להבדיל, דעם קלויסטער נישט געווען וואָס צו פאַרבן. ראָטנער שטיבער זיינען נישט געווען געפאַרבט. האָט גבריאל זיך גענומען צו מאַכן ליָולקעס — האָבן אָבער ראָט־

נער יידן כמעט נישט געררויכערט קיין ליולקעס. האָט ער פון דעם אויך קיין גרויסע פרנסה נישט געהאַט.

האָט ער זיך ספּעציאַליזירט אויף ווייסן סאַמאָוואַרן, קופּערנע פאַנען און קווערט — איז ערשטנס איין מאָל אין יאָר פּסח ביי יידן, ווען מען דאַרף כשרן און ווייסן כלים, און צווייטנס האָט גבריאל נאָך געהאַט צוויי אַנדערע קאָנקורענטן, יידישע בלעכערס, וואָס פלעגן אויך טאָן די דאָזיקע מלאכה. איז ער בלית-ברירה געוואָרן אַ „שטילער קופּערשמיד", דאָס הייסט ער האָט שטילערהייט, קיינער זאָל נישט ווייסן, אויסגעקלאַפּט קופּערנע זעקסערס און צענערס. און כאָטש זייער אָפּדרוק איז נישט זייער שאַרף געווען און כאָטש יידן און אַפילו גויים האָבן געוווּסט וועך עס מאַכט זיי, האָט מען זיך נישט וויסנדיק געמאַכט און מען האָט זיי אַנגענומען פאַר „כשר" געלט. מען האָט אים דעריבער טאַקע גערופן „גבריאל דער צענערמאַכער". און אַפילו מיט דער שטילער „קרימינעלער" מלאכה איז ער אַלץ געבליבן אַ „קבצן אין זיבן פאַלעס".

מאַכט זיך אַ מעשה און דער דאָזיקער גבריאל פאַרבט דעם ראַטנער „סודיאַס" (ריכטער) הויז. גבריאל האָט געוווינט ווייט אויף דער אַלטער שטאָט, און דעם „סו-דיאַס" הויז איז געווען אויפן שאָסיי. בכדי נישט צו פאַרלירן צופיל צייט אויף עסן, פלעגט אים זיינס אַ מיידעלע ברענגען דעם וואַרמעס (מיטאָג) צו דער אַרבעט. דער וואַרמעס איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל שוואַרץ ברויט און אַ שיטערע יושקע אין אַ שוואַרץ טעפּעלע. דאָס קינד אין אַן אַלט צעריסן קליידל, אָן שיכלעך, זיצט נעבן טאַטן און וואַרט אויף די כלים צו נעמען זיי אַהיים. זיצט אַזוי גבריאל ביים „סודיאַ" אין גאָרטן און עסט זיין וואַרמעס אונטער אַ בוים. דער ריכטער איז זיך לאַנגזאַם צו אים צוגעגאַנגען, האָט באַטראַכט דעם מיידלס הלבשה, אַריינגעקוקט דערוויל אויך אין טעפּל, געזען ווי גבריאל מישט די יושקע און וויל כאַפּן אַ גרויפּ אין דער זופּ. שאָקלט דער ריכטער מיט באַדויערן דעם קאָפּ און זאָגט צו גבריאלן: „גבריאל, גבריאל, נישט דיין קינד האָט אַ פּאָר שיכלעך, נישט דו האָסט אַפילו עפּעס רעכטס אָפּצוועסן! ביסט אַלצאיינס אַן אָרעמאַן און עס העלפט דיר אַפילו נישט דאָס וואָס דו מאַכסט פאַלשע צענערס."

נאָך דער דאָזיקער גוטמוטיקער באַמערקונג פון דעם שטאַטישן ריכטער האָט גבריאל באַשלאָסן אויפצוהערן צו מאַכן זיינע פאַלשע זעקסער און צענערס און האָט זיך באַגנוגנט מיט זיינע אַנדערע מלאכות.

**עפּיזאָד נומער דריי.**

ראַטנע האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע, נאָר זייער אַ מאָגערע שטאָטישע פּאַשע פאַר אירע בהמות. דער גרעסטער חלק אירער איז באַשטאַנען פון זומפּן באַוואַקסן מיט אַ שאַרפן גראָז וואָס האָט געהייסן ווישער. אום ווינטער ווען די זומפּן זיינען פאַר-פרוירן געוואָרן, פלעגט מען אים אָפּקראַצן מיט אַ לאָפּעטע. דאָס האָט געדינט צום אונטערבעטן דער קו אין שטאַל. ס'איז אויך געווען אַ פּריוואַטע פּאַשע וואָס האָט געהערט צום „פּאַניע" (אַזוי האָט מען אים גערופן) פּערעוואָראָוו. אים האָט מען געדאַרפט צאָלן דריי רובל פּאַשע-געלט פאַרן זומער — אַ סך געלט — בעת אויף דער שטאָטישער האָט מען געצאָלט דעם פּאַסטוך נאָר אַ רובל פאַר זיין אָוועק-טרייבן און צוריקברענגען די קו. די מערסטע יידישע קי, אַן ערך 30 אָדער 40, וואָס זיינען געגאַנגען אויף דער שטאָטישער פּאַשע זיינען פאַרנאַכט צוריקגעקומען נישט געענוג אָנגעגעסן, און ממילא געגעבן קנאַפּ מילך. קיין פּאַכטער איז אין שטאָט נישט געווען. ווער ס'האָט קיין אייגענע קו נישט געהאַט, האָט געקענט קויפן פאַר אַ

גראָשן (אַ האַלבע קאָפּיקע) אַ גלאָז מילך ביי פּנחסן אין שפּייזקראָם, וואָס פלעגט דאָס קויפן פון פייגע־שרהלעס, פון איר איין בהמה וואָס זי האָט פאַרמאָגט, וואָס האָט דאָס ביסל מילך אפשר אָפּגעשפּאָרט פון אירע קינדערס מויל; און פון יוסל דעם מילכיקן, פון זיינע דריי בהמות וואָס האָט געצויגן דערפון זיין פּרנסה.

אגב קען איך נישט פאַרגעסן אָט דעם טייערן ראַטנער ייד, אָט דעם יוסל דער מילכיקער, ווי מען האָט אים גערופן. אַ ייד אין די מיטעלע דרייסיקער יאָרן, ברייטלעכע פּלייצעס, מיטעלער וווקס, טונקעלע האָר, אַ געדיכטע נישט צו לאַנגע באָרד, די פּאות נישט געקרייזלטע, דאָך נישט צו קורצע, אויגן פריילעכע שמייכלדיקע. נישט געווען קיין חסיד, געדאַוונט אין בית המדרש. כאָטש קיין ציימונג נישט געלייענט אָבער דאָך גענוסט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. נישט געווען קיין גרויסער למדן אָבער דאָך אַ יודע־ספר און אַ ייד אַ חכם. נישט פיל זיך געקהלט און נישט געזוכט פאַר זיך קיין כבוד. אַ פּשוטער באַלעבאַטישער ייד. געהאַט זיין אייגענע שטוב, זיין אייגן ירושה־אָרט אין בית המדרש, ווו נאָכן דאַוונען, סיי אין מיטן וואָך און אַמאָל אויך אין אַ שבת, פלעגן זיך עטלעכע יידן אַרום אים אַרומקלייבן, כאַפּן פון אים אַ קלוג וואָרט. אַ חוץ וואָס ער איז ביי אַלעמען געשעצט געווען פאַר זיין קלוגשאַפט, האָבן אים איטלעכער ליב געהאַט פאַר זיין אָרנטלעכקייט. דער בעסטער בורר אויסצולאָדן אַ סיכסוך ביי שותפים איז געווען יוסל. זיין אַנטשיידונג איז אַלעמאָל געווען קלוג און ערלעך און אויסגעפאָלגט מיטן גרעסטן רעספּעקט פון ביידע צדדים. און ווי אָרעם ער איז געווען האָט זיך זיין אָרעמקייט נאָך מער אַנגעזען אויף זיינע דריי דאַרע קי, וואָס מען האָט זייערע ביינער געקענט אויף דער פעל איבערציילן, ווייל זיי זיינען אויך געגאַנגען אויף דער שטאָטישער פּאַשע. אַן אמתער שמח בחלקו. וויפל פּרנסה ער האָט געהאַט פון זיין מילכיקס האָט נאָר געוווסט דער בורא עולם.

אויך מיינע עלטערן זיינען קיין גבירים נישט געווען. געהאַט אַן אייגענע שטוב, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פראָנט־שטוב, 2 אַלקערס מיט אַ קיך. איז די פראָנט־שטוב געווען פאַרדונגען. מיטן דירה־געלט פון 15 רובל פאַרן יאָר איז געווען גענוג פאַר די הוצאות פונעם באַהייצונג. געהאַט אַ קו, וואָס איז געגאַנגען אויף דער שטאָטישער פּאַשע, געקומען נישט גענוג אָנגעגעסן. געגעבן אַ זעקס גלאָז מילך ביים פאַרנאַכטיקן אויסמעלקן, אין פרימאָרגן דאָס אויך נישט. וויפל מילך, מיר די פיר קינדער האָבן געהאַט צו טרינקען ווען אונדזער מאַמע האָט געדאַפט שפּאָרן די מילך פאַר מאַכן אַ שטיקל פּוטער כדי צו קענען מיטגעבן דעם טאַטן צו דער אַרבעט פאַר וואָך צייט, ווו ער האָט געאַרבעט ביי מאַכן שינדלען אין וואַלד, און אויך געבן אַמאָל אַ גלאָז מילך אַ שכנה וואָס פלעגט אַריינברענגען אַביסל קאָרטאָפליע - לופּענעס פאַר דער בהמה צום קייען ביים מעלקן איז נישטאָ וואָס צו געדענקען. געווען צופרידן אַז די הירזש־וועטשערע איז פאַרווייסט געוואָרן...! פון די איינגעשטעלטע מילך פלעגט די מאַמע אַראָפּנעמען די סמעטענע כדי צו מאַכן פּוטער פאַרן טאַטן פאַר דער גאַנצער וואָך אין וואַלד. די זויער־מילך וואָס איז איבערגעבליבן פלעגן מיר קינדער עסן מיט ברויט.

געדענקט זיך מיר, מען האָט מיך גענומען צו אַ דאָקטאָר אין דער קרייז שטאָט קאָוועל, האָט ער אָנגעזאָגט מען זאָל מיר געבן צו טרינקען אַ סך פרישע מילך, גלייך פון דער קו, די מאַמע האָט אויסגעפאָלגט און מיך מיטגענומען אין שטאַל צום מעלקן און געגעבן דאָס שעפּעלע מילך, און איך טרינק, און פאַרגעס ווען אויפצוהערן; „לאָז־זשע איבער אַביסל” האָט זיך די מאַמע מיינע געבעטן ביי מיר און האָט אַוועקגענומען פון מיין מויל דאָס שעפּעלע מיט רעשט ביסל פאַרבליבענע מילך.

בערל קאַהאַן (ניו־יאָרק)

# ווער און ווי אַזוי מען האָט געלערנט אין ראַטנע

## אַ ראַטנער חדר אין די נײַנציקער יאָרן

איינער פון די וויכטיקע מלמדים, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם חדר ביי אונדז אין שטעטל איז געווען מנחם דער מלמד.

איך געדענק אים אַ יידן אין די פריִע פופציקער יאָרן, הויך געוואַקסן, שטאַרק געבויט און געגאַנגען איז ער גלייך ווי אַ סטרונע. זיין באָרד איז געווען נישט קיין צו לאַנגע, אַ שוואַרצע אָבער שוין דורכגעשפּרענקלט מיט גרויע האָר. די יאַרמולקע זיינע וואָס האָט שטענדיק אַרויסגעקוקט אונטער זיין היטל האָט פאַרדעקט זיין פּאַטילניצע און איז געווען דורכגעזאַפּט מיט אַ גלאַנציקן שוויים.

געוווינט האָט מנחם דער מלמד נישט ווייט פון טייך פּריפּעט, וואָס האָט צעטיילט אונדזער שטעטל אויף צווייען. זיין שטוב איז באַשטאַנען פון דריי צימערן: אַ גרויסער צימער, אַן אַלקער צום שלאָפן און אַ קליינע קיך מיט אַן אויוון צום קאָכן און באַקן ברויט. אין דעם גרויסן צימער וואָס האָט געדינט פאַרן חדר צום לערנען, איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש. אַרום טיש — צוויי לאַנגע בענק, אויף וועלכע עס פלעגן זיך שטענדיק זיצן אַ צען־צוועלף תלמידים. אויבן־אָן איז געשטאַנען אַ קורץ בענקל אויף וועלכן עס איז געזעסן ער אַליין — מנחם דער מלמד. אַחוץ דעם איז אין צימער נאָך געשטאַנען אַ קופערט, אַ שאַפע און אין אַ זייט אַ פּאָליצע מיט ספרים.

מנחם דעם מלמדס ווייב, אָדער די רביצין ווי מען פלעגט זי רופן, איז נאָך געווען אַ גאָר יונגע. זי איז געווען דאָס צווייטע ווייב זיינס — אַ פרוי קוים דרייסיק יאָר אַלט. איך געדענק זי ווי זי טראָגט אַ יונג קינד אויף די הענט, פון אַ יאָר אָדער צוויי. און טאַקע פאַר דעם דאָזיקן קינד איז אַראָפּגעהאַנגען פון דער סטעליע אַ געפלאָכטן וויגעלע, וואָס האָט געדינט פאַר דעם קינדס שלאָפבעטעלע.

געשמט האָט מנחם דער מלמד פאַר אַ גוטן חומש־ און רש"י־מלמד, ביי וועמען די קינדער האָבן זיך טאַקע יאָ עפּעס אויסגעלערנט. נישט אַלע האָבן אָבער געוואָלט שיקן זייערע קינדער צו אים אין חדר, באַשר מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ מלמד אַ כעסן, אַ שטיקל סאַדיסט וואָס זיינע דערציערישע מעטאָדן האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט פון פּאַטשן די קינדער, שמייסן זיי אין ווייכן „מקום" אַריין און אַפילו צובינדן אויף אַ קייט. דערפאַר אָבער אין דער נאַכט פון **ניטל**, ווען מען האָט נישט געטאָרט לערנען, האָט ער, מנחם דער מלמד הייסט עס, זייער פריילעך פאַרווײַלט די קינדער: ער האָט אונדז געלערנט „דאָמינע" שפּילן, געוויזן אונדז ווי אַזוי צו גיין אַ „גוטן גאַנג" און האָט אָנגעקוואָלן ווען מיר האָבן באַנומען די דאָזיקע תורה.

נאָך גרעסער איז געווען אונדזער שמחה אין די חנוכה־אָוונטן: מיר, די קינדער, פלעגן ברענגען צו צוויי, דריי קאָפּיקעס צושטייער אויף קאַרטאָפל און רעטשענע מעל און אין די אָוונטן פלעגט די רביצין באַקן פאַר אונדז לאַטקעס, וואָס האָבן געהאַט טויזנטער טעמען. מיר האָבן געגעסן די לאַטקעס, געשפּילט אין דריידל, גע־

שפּילט אין קווײטלעך און זיך געזאָרגט, שטאַרק געזאָרגט וואָס די יום־טובדיקע טעג גייען אַוועק און עס קומען אָן די גרויע וואָכן פון לערנען, פון קנעלן, פון כּאַפּן פּעטש, שמיץ אא"וו.

ווען מיר האָבן שוין געקענט „טראַף" האָט מנחם דער מלמד מיט אונדז אָנגע־הויבן צו לערנען חומש מיט רש"י, שפּעטער אַביסל אויך „נביאים ראשונים". געזעסן זיינען מיר ביי דעם לאַנגן טיש אין חדר צו צוויי יינגלעך ביי אַ ספר. דער רבי האָט געזאָגט און מיר האָבן נאָכגעזאָגט: וידבר — האָט גערעדט, ד' — גאָט, אל משה — צו משהן, לאמור — אַזוי צו זאָגן, דבר — רעד, אל בני ישראל — צו די קינדער פון ישראל, לאמר — אַזוי צו זאָגן. אשה — אַ פרוי, כי — אַז, תזריע — אַז זי וועט מזריע זיין, אא"וו.

פרייטיק איז געווען דער עקזאַמען. מיר האָבן געדאַרפט אָפּלערנען לפחות די ערשטע פרשה פון דער סדרה. צו צוויי פסוקים פאַר אַמאָל האָט יעדער געדאַרפט זאָגן בשעת דעם עקזאַמען לויט אַ ריי.

האָט געטראָפן איין מאָל אַ פרייטיק און מאַטעס, ניסי דעם שוסטערס יינגל, האָט נישט געוווּסט דעם טייטש פון אַ וואָרט בשעת דעם עקזאַמען, האָט מנחם דער מלמד אויפגעהויבן די האַנט און האָט דעם יינגל געגעבן אַזאַ פּראַסק אין באַק אַריין, אַז ער האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול.

— דו וויינסט נאָך, דו גוי גמור! — צעשרייט זיך מנחם — מען דאַרף דיך נאָך אויך שמייסן! זאָלסט זיך גלייך לייגן!

ביי מנחמען איז געווען אַזאַ מנהג. אַז אַ יינגל איז באַשטראָפט געוואָרן מיט שמייסן, האָט ער אַליין זיך געדאַרפט אַראָפּלאָזן די תחתונים, אַליין זיך אַנידער־לייגן אויף דער באַנק און אָן שום פּראָטעסטן זיך לאָזן שמייסן פונעם רבין מיט אַ קאַנטשיק. מאַטעס ניסיעס איז געווען אַ שטיל געהאָרכזאַם יינגל, וואָס האָט זיך גע־לערנט לויט זיינע פעאיקייטן, דאָס מאָל האָט ער געפילט, אַז דער רבי באַגייט לגבי אים אַן עוולה. דער פּאַטש אַליין, וואָס דער רבי האָט אים געגעבן איז שוין גענוג אַז ער זאָל מכפּר זיין אויף דעם „פאַרברעכן" פון נישט קענען פאַרטייטשן אַ וואָרט. דעריבער ווען מנחם האָט אים באַפוילן זיך לייגן ביים שמייסן, האָט ער עס נישט אויסגעפאָלגט און איז געבליבן זיצן ביים טיש, נישט רירנדיק זיך פון אָרט. דעם רבינס גרימצאָרן האָט זיך צעפלאַקערט, מיט אַ בייזער רציחה האָט ער אים אַראָפּ־געשלעפּט פון באַנק, אַרויפגעצווינגן דעם „מורד" אויף דער קני און מיט גוואַלד גע־וואָלט אַראָפּציען פון אים די הויזן. דאָס יינגל, אָבער, האָט געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד און האָט גענומען בריקען דעם רבין מיט די פיס, ער האָט אים געטראָפן אין האַרצן, אין פּנים אַריין און האָט באַזיגט דעם רבין. ער איז נישט געשמיסן געוואָרן. דאָס איז כּמעט געווען פון די ווינציקע פאַלן וואָס מנחם דעם רבינס פּסק איז נישט אויסגעפירט געוואָרן.

ווי ווייט מנחם דעם מלמדס ידיעות זיינען געווען ביים לערנען תנ"ך אָדער ביים יידיש לערנען מיט די קינדער איז אויך כּדאַי צו פאַרשרייבן.

זיין באַמתער כּוח איז נאָר געווען צו לערנען די ערשטע פרשה פון יעדער סדרה און די ערשטע קאַפּיטלען פון ספר יהושע. ווי נאָר ער האָט געענדיקט דעם ספר יהושע און ס'איז נאָך פאַרבליבן אַביסל צייט אינעם זמן האָט ער מיט אונדז גענומען לערנען דעם ספר דניאל. אין דעם העברעאישן טייל האָט זיך דער רבי ווי עס איז נאָך דורכ־געדרייט, ווי עס איז אָבער געקומען צום אַראַמישן טייל האָט דער וואָגן גענומען קרעכצן ווי ער וואָלט געהאַט צעבראָכענע רעדער וואָס קריכן אויף גרודעס.

גאָר באַזונדער אינטערעסאַנט איז געווען מנחם דעם מלמדס מעטאָד ביים לער־נען אונדז שרייבן יידיש. אָבער איידער מיר וועלן איבערגיין צו דער העכערער

מדרגה פון מנחמס מעטאָדן, ווייל איך אייך אויך דערציילן ווי אַזוי מיר האָבן געשטעלט אונדזערע ערשטע טריט אין שרייבן ביי אונדזער פריערדיקן מלמד זעליק דער לאַנגער.

זעליק דער לאַנגער האָט מען אים גערופן דערפאַר, ווייל ביי אונדז אין שטעטל איז געווען נאָך אַ מלמד מיטן זעלביקן נאָמען, אָבער יענער איז געווען אַ נידעריקער, און מען האָט אים גערופן, אגב, זעליק דער קרומער, ווייל ער האָט אויך אַביסל צוגעהונקען. יאָ, ביי דעם מלמד זעליק דעם לאַנגן האָב איך זיך שוין אויסגעלערנט צו שרייבן דעם אלף-בית.

דער מעטאָד פון לערנען שרייבן דעם אלף-בית איז צוגעגאַנגען אַזוי:

מען האָט געקויפט אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר פאַר אַ גראָשן און מען האָט אים געבראַכט צום רבין. דער רבי האָט אים צונויפגעלייגט אין פיר חלקים, אויסגעווירעט אויף אים מיט אַ בלייפעדער גלייכע ליניעס און אויף דער ערשטער שורה האָט ער אָנגעשריבן מיט אַ פענע אָדער מיט אַ געגנדזענער פעדער דעם גאַנצן אלף-בית. נאָך דעם ווי מיר האָבן שוין געקענט גוט שרייבן דעם אלף-בית איז געקומען אַ צווייטער מין געניטונגען. דאָס איז געווען שרייבן דעם אלף-בית אויף צוריק אָבער צעטיילט אין גרופּעס ווי „**תשרק צפעס נמלך יטחז והדגבא**".

פאַרשטייט זיך, אַז אויסער דעם לערנען שרייבן האָט אונדז דער רבי זעליק דער לאַנגער געלערנט אויך מאַכן דעם טינט. מיר פלעגן אין אים אַריינלייגן עפּעס אַזעלכעס און דער טינט פלעגט אַרויסקומען פעט און פלעגט גלאַנצן.

ווען איך בין אָנגעקומען צו מנחם דעם מלמד האָב איך שוין גוט געקענט דעם אלף-בית און געקענט מיט אים מאַכן אַלע קאָמבינאַציעס פון ווערטער. די באַליבטע שרייבעריייען מיינע זיינען געווען אָנצושרייבן אויף די טאַוולען פון די ספרים דעם דאָזיקן נוסח: „זה הספר שייך, למי שייך? שייך למי שקנה, מי קנה? מי שנתן את הדמים, מי נתן את הדמים? אא"וו. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער וואָרט איז פול געווען מיט גרייזן.

ביי מנחם דעם מלמד האָבן מיר שוין געשריבן מיט אַ שטאָלענער פען. איין מאָל אַ חודש פלעגט ער אונדז אָנשרייבן אַ „פירגרים" און מיר האָבן במשך פון גאַנצן חודש געהאַלטן אים אין איין איבערשרייבן. דער נוסח פון פירגרים ווי ער איז פאַרבליבן אין מיין זכרון איז געווען אַזאַ. מיר גיבן אים איבער אין אַ מאָדערנער אָרטאָגראַפיע:

„ב"ה יום... לפק...

אל כבוד החכם והנגיד מו"ה...

ראשית בין איך אייך מודיע, אַז איך בין ב"ה בקו השלום והבריאה, גאָט זאָל העלפן פון אייך צו הערן דאָס אייגענע, אמן סלה.

ושנית בין איך אייך מודיע, אַז איך שיק אייך אַרויס ע"י המוכ"ז חמישים שורים והשי"ת זאָל העלפן, אַז עס זאָל זיין מיט ברכה והצלחה אָמן.

ממני החתום מטה ...."

אַ סך מאָל איז נאָך געשטאַנען אַז די „שורים" ווערן געשיקט קיין וואַרשע.

ווען מנחם דער מלמד פלעגט געבן די תלמידים זיינע אַ נייעם „פירגרים", האָט ער לאַנג אויף אים נישט געאַרבעט. ער האָט בלויז איבערגעאַנדערשט די „שורים" אויף „שפּאַלן" און שיקן האָט מען זיי געשיקט נישט קיין **וואַרשע נאָר קיין דאַנציק**. אין אַ דריטן „פירגרים" איז געווען „דגן" און געשיקט האָט מען עס קיין לייפּסק.

מיט זיינע „פירגריסן" האָט מנחם דער מלמד געשמט לגבי אַנדערע מלמדים, וואָס האָבן אינגאַנצן קיין שרייבן נישט געלערנט. מעגלעך אפשר, אַז זיי האָבן אַליין נישט געקענט שרייבן.

***

די דערציאונג אין אונדזער שטעטל ראַטנע האָט זיך נישט בלויז געפונען אין די הענט פון די מלמדים. עס האָבן זיך באַוויזן אויך אַנדערע דערציער פון קינדער, וואָס האָבן זיך שוין גערופן נישט רביים און מלמדים, נאָר „שרייבערס” אָדער לערערס.

לאָמיר דערמאָנען אַ טייל פון זיי:

דער ערשטער לערער וואָס האָט זיך באַוויזן אין אונדזער שטעטל איז געווען הערשל שאַכנעס. איידער ער איז געוואָרן אַ לערער ביי אונדז אין שטעטל איז ער פריער געווען אין אַמעריקע. ביי אונדז אין שטעטל האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן געלערנטן, ווייל ער איז געווען פון די איינציקע וואָס האָבן געקענט אָנ־שרייבן אַ „פּראָשעניע” (אַ ביטע) אין רוסיש צום „מיראָוואָי סודיאַ” (ציוויל־ריכטער).

געלערנט האָט הערשל שאַכנעס דער לערער מיט אונדז יידיש, רוסיש און אויך... ענגליש. מער פון אַלץ האָט ער געלערנט רוסיש, וויניקער — יידיש און גאָר אַבי־סעלע — ענגליש. פון ענגליש האָט ער אונדז געלערנט בלויז די לאַטיינישע אותיות, כדי מיר זאָלן קענען איבערשרייבן אַן ענגלישן אַדרעס.

ער האָט געוווינט ביי זיין טאַטן שאַכנע דעם רופא אין שטוב. אַ קליינעם אַלקער האָט ער געהאַט פאַר זיך און זיין בני בית. און דער גרויסער צימער איז עס געווען דער חדר, ווו ער האָט געלערנט יידישע יינגלעך און מיידלעך לייענען און שרייבן. איך בין געווען זיינער אַ שילער צו לערנען רוסיש.

געהאַט האָט ער איין און איינציק רוסיש לערנביכל, וואָס ער האָט געקויפט אין מאַרק אויף אַ יאַריד ביי די רוסישע קאַצאַפּעס, וואָס פלעגן ברענגען צו פאַרקויפן אויף די יאַרידן פאַרשידענע זאַכן ווי הייליקע בילדער, צלמימלעך, פּאָרטרעטן פון די רוסישע צאַרן און פאַרשידענע לערנביכלעך. אַחוץ דעם רוסישן אלף־בית („אַזבו־קאַ”) איז אין רוסישן לערנביכל געווען אויך אַ מעשהלע „זאָלאָטאַיאַ ריבקאַ” (דאָס גאָלדענע פישעלע).

פאַרשטייט זיך, אַז פון זיין לערעריי האָט הערשל שאַכנעס קיין פולע פרנסה נישט געהאַט און זיין ווייב האָט אים געמוזט אַרויסהעלפן מיט איר אַרבעט ווי אַ זאָקן־שטריקערין. געשטאַמט האָט זי פון בריסק און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ זאָקן־מאַשין, וואָס איז אגב געווען די ערשטע אין שטעטל. און מיט אירע פאַר־דינסטן איז זי זייער שטאַרק צו נוץ געקומען אין דער פרנסה.

דעריבער האָט דער לערער הערשל שאַכנעס געמוזט איבערנעמען אויך אויף זיך אַ טייל אַרבעטן וואָס האָבן געהערט צום ווייב און איבערהויפּט דאָס ניאַנטשען די קינדערלעך, וואָרעם ער איז געווען אַ גרויסער בעל־מטופל. פלעגט טאַקע נישט איין מאָל פּאַסירן, אַז דער תלמיד פלעגט זיך געפונען אין גרויסן צימער און לייענען מיט שוועריקייט דאָס מעשהלע מיטן גאָלדן פישעלע און הערשל פלעגט אין דער זעלביקער צייט ניאַנטשען דאָס קינד אין קלענערן אַלקער און דערביי פאַרריכטן די פעלערן וואָס דער שילער פלעגט מאַכן.

דער שכר־לימוד איז געווען זייער אַ מאָגערער. אין גאַנצן זעכציק קאָפּיקעס אַ חודש, צו צוויי שעה יעדן טאָג.

ער האָט אָבער אין ראַטנע נישט געוואָלט פאַרבלייבן מער, און איז צום צווייטן מאָל אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און אויך דאָ האָט ער זיך פאַרנומען מיט מלמדות. ער האָט צוגעגרייט יידישע קינדער צו זייער בר־מצווה.

# די לערערס דוד פינקעלשטיין און אַבֿרהם טעליסאָן

נאָך פסח, אין יאָר 1899, איז קיין ראטנע אַריבערגעקומען אַ יונגערמאַן פון שטעטל ליבעוונע (ליובאמל) מיטן נאָמען דוד פינקעלשטיין. מען האָט געשמועסט, אַז ער האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין געבוירנשטאָט, ווייל ער האָט נישט געלעבט בשלום מיט זיין זיידן, וואָס איז געווען דער דיין אין ליבעוונע.

דוד פינקעלשטיין איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן אין די דרייסיקער יאָרן, אַ ביסל העכער פון מיטעלן וווּקס, דער קאָפּ האָר איז ביי אים שטענדיק געווען שיין פאַרקעמט און דאָס רויטע בערדל פיין צוגעשאָרן. ער איז שוין געווען אַ געגטער און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך טלית און תפלין, דערפאַר, אָבער, נישט קיין בכבודיקן מלבוש אויף זיך.

איינגעשטאַנען איז דוד פינקעלשטיין ביי דער פאַמיליע פרישבערג, און אויך ביי געצל קאַנישטער, דערפאַר האָט ער געלערנט מיט זייערע צוויי מיידלעך. גלייך נאָך זיין אָנקומען האָבן די צוויי אינטעליגענטן פון שטאָט יהושע פוגאטש און זלמן בורשטיין באַשטעלט פאַר אים אַן אָנצוג ביי אליה פּעסיע דער באָבעס. מען האָט אים אויך גערופן אליה דער בדחן, ווייל בשעת הדחק האָט ער אויך געקענט זיין אַ בדחן. געווען איז אין שטאָט אַן אַנדער בדחן, אהרן לייב; דאָס איז געווען דער אָפיציעלער בדחן, ווען עס איז אָבער געווען צוויי חתונות אין איין טאָג און די קאַפּעליע כלי־זמר האָט זיך גענדארפט צעטיילן האָט אליה דער שניידער געפראַוועט בדחנות ביי דער ווינציק־חשובער חתונה. דערפאַר איז ער אָבער געווען פאַררעכנט פאַר דעם בעסטן שניידער. אויף צושניידן אַן אָנצוג איז ער גאָר געווען אַ מיידים. ווי ווייניק סחורה מען זאָל אים נישט ברענגען פאַר אַ מלבוש, האָט ער געקענט אַזוי אויס־מאַרקירן אַז שטענדיק פלעגט נאָך בלייבן סחורה אויף נאָך אַ פּאָר הויזן אָדער לכל הפּחות אויף נאָך אַ קאַמזויל.

מיט וואָס דוד פינקעלשטיין האָט זיך באַשעפטיקט אין זיין געבוירנשטאָט איז מיר נישט געווען באַוווּסט. אין ראטנע איז ער געוואָרן אַ לערער און ער האָט זיך איינגעשאַפן פיר קלאַסן. איין קלאַס תלמידים ביי דעם גמרא־מלמד יאנקל פּינע פייגלס (יאנקל פראַסמאַן) אַ צווייטן קלאַס ביי בערל דאטינער (ווערניק) אין שטוב, אַ דריטן קלאַס ביי רייזל העניאסעס (קופּערבערג) אין שטוב פאַר מיידלעך און נאָך אַ פערטן קלאַס פאַר מיידלעך ביי אשר שאַפּירא אין שטוב. דער שכר־לימוד אין יענער צייט איז געווען אַ רובל אַ חודש פאַר צוויי שעה צו 5 טעג אַ וואָך. דער דאָזיקער שכר־לימוד איז אין פאַרגלייך מיט דעם שכר־לימוד וואָס האָבן גענומען די אַנדערע צוויי לערער הערשל שאַכנעס און אַברמצי טעלעסאָן געווען אַ הויכער, ווייל יענע האָבן באַקומען בלויז 60 קאָפּיקעס אַ חודש.

געלערנט האָט דוד פינקעלשטיין מיט אונדז העברעאיש און יידיש. זיין מעטאָד איז געווען אַן איבערזעצונגס־מעטאָד — עברית ביידיש. פאַר זיינע העברעאישע לעקציעס האָט ער זיך באַנוצט מיט מ. מ. דאָליצקיס אַ לערנבוך. פאַר יידיש — עפּעס מיט אַ יידישן לערנבוך, וואָס זיין נאָמען געדענק איך נישט. ער פלעגט דיקטירן פון בוך און מיר האָבן געשריבן. דערנאָך פלעגט ער פאַרריכטן אונדזערע גרייזן. איין מאָל אין וואָך האָט ער מיט אונדז געלערנט „משלי". איך געדענק אויך אַז ער האָט מיט אונדז געלערנט דעם ספר „בן סירא". אַ פּאָר מאָל — ספּעציעל פאַר יום־טוב — האָט ער אין אונדזער קעגנוואַרט אָנגעשריבן אַ גרויסן העברעאישן מאמר אין אַ רעליגיעז - נאַציאָנאַלן גייסט, אים פאָרגעלייענט פאַר אונדז און מיר האָבן אים נאָכגעשריבן. איינער פון אונדזער קלאַס האָט דעם מאמר געוויזן דעם ליטווישן מלמד וואָס איז געווען אין שטעטל, אַ גוטער בעל תנך און יענער האָט גאָר אָנגע־

קוואַלן פון דער שיינער מליצה־שפּראַך. געגוי וואָס איז געווען דער סדר־הלימוד אין די איבעריקע קלאַסן ווייס איך נישט. מען האָט אָבער געמורמלט אויף אים אין שטאָט, אַז ער האָט געלערנט שיר־השירים ווי אַ פּאָעטיש־רעאַליסטיש ווערק און נישט ווי אַ משל צו דער כנסת ישראל און דעם רבונו־של־עולם לויט פּירוש רש"י, און מחמת דעם האָט מען ביי אים צוגענומען דעם מיידל־קלאַס וואָס ער האָט גע־האַט ביי אשר שאַפּירא אין הויז.

טייל מאָל פלעגט ער פאַר אונדז פאַרלייענען אַן אַרטיקל פון „המליץ". אויסער דעם „המליץ" וואָס דוד פינקעלשטיין איז געווען זיין איינציקער אַבאָנענט, פלעגט אין שטעטל אַריין אויך אָנקומען צוויי „הצפירהס" — איינע צו אַ בשותפישער גרופּע יונגעלייט און אַ צווייטע צו חנא טיקטינערס איידעם, איצל מערסיק, וואָס האָט אויך געהאַט אַ שיינע העברעאישע ביבליאָטעק.

ווען דוד פינקעלשטיין האָט פאַרלאָזן ראַטנע, איז אברהם טעליסאָן פאַרבליבן דער איינציקער העברעאישער לערער אין שטאָט. ער האָט געלערנט לויט דודס מעטאָד. נאָך מער, ער האָט אויך געלערנט מיט זיינע תלמידים חשבונען. אברהם טעליסאָנס העברעאישער סטיל האָט זיך אָבער בשום אופן נישט געקענט פאַרגלייכן מיט דודס אין שיינקייט.



ר' אברהמצע טעלעסאָן, איינער פון די ערשטע לערער אין שטעטל און אויך פון די ערשטע פּיאָנערן פון דער השכלה עפּאָכע.

ווי לאַנג דוד פינקעלשטיין האָט געוווינט אין ראַטנע, געדענק איך נישט. אַ פאַקט איז אָבער, אַז ער האָט געמוזט פאַרלאָזן ראַטנע פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט געליטן הונגער. עס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון אַן עפּיזאָד, וואָס איך וויל אים דאָ דערציילן:

איין מאָל איז געקומען צו מיר מיינער אַ חבר, געצל חיים יודלס, וואָס איז שוין געווען אַ שטיקל פאַרדינער ווי אַ סטאָליער, און זאָגט מיר, אַז איך זאָל מיטגיין מיט אים צו דוד פינקעלשטיין, ווייל ער גייט אים צוטראָגן אַ פּעקל עסנוואַרג. דערביי האָט ער פון מיר פאַרלאַנגט, אַז איך דאַרף בלייבן שטיין פון דער וויטנס און

קיינער טאָר פון דעם נישט וויסן. דאָס איז געווען סוף־זומער, אַרום סוכות־צייט. אַ פינצטערע נאַכט אין דרויסן, איך בין מיטגעגאנגען, בין געבליבן שטיין פון דער ווייטנס און צוגעזען ווי דוד האָט צוגענומען דאָס פעקל עסנווארג. אַ ווייטיק האָט אַ שניט געטאָן אין הארצן.

וווהין איז ער אין יענער צייט אַוועקגעפאָרן? דאָס ווייס איך נישט גענוי. ווען ער איז מיט אַ צייט שפעטער געקומען אויף אַ באַזוך צו אונדז אין שטעטל בין איך אים געגאנגען זען. אויף דעם טישל האָב איך ביי אים געטראָפן דעם „המליץ" אַדרעסירט: „קאָרעספאָנדענט דוד פינקעלשטיין", ליידער געדענק איך נישט דעם נאָמען פון שטאָט.

## יידישע אַדוואָקאַטן — אויטאָדידאַקטן

ביים סוף פון מיין ארבעט וויל איך נאָך דערציילן וועגן צוויי אינטערעסאנטע טיפן פון אונדזער שטעטל, וואָס הגם מיט לערעריי האָבן זיי נישט געהאט צו טאָן, אָבער דער אופן פון זייער פראָפעסיאָנעלער צוגרייטונג האָט צו טאָן מיט יידישער דערציאונג אין יענער צייט און באַלייכט אַ טשעקאווון ווינקל אין יידישן לעבן. די צוויי אינטערעסאַנטע טיפן זיינען בערל רייסקי (גאָלדאסעס) און חנא דער זאַבאָלאָטער. די דאָזיקע צוויי ראַטנער אינטעליגענטן האָבן צו זייער פראָפעסיע — אַדוואָקאטור דערגרייכט דורך זייער אייגענער אַרבעט ווי אויטאָדידאקטן. זיי האָבן דורך פאַרשיידענע לערנביכער אליין דערלערנט די רוסישע געזעץ־געבונג און האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט יורידיקציע. זיי זיינען געווען די איינציקע „פראָשעניע־שרייבער (ביטע־שרייבערס) אין שטאָט און פלעגן זיך אונטערנעמען צו פאַרטיידיקן פאַרשיידענע יורידישע און קרימינעלע פראָצעסן.

געדענקט זיך אַ טשיקאווער פראָצעס ביי אונדז אין שטעטל:

געווען אין ראַטנע אַ פאָר פאָלק וואָלף דער טעפער (ארומגעפאָרן פאַרקויפן שוואַרצע ליימענע טעפ איבער די דערפער) און זיין ווייב ברײנע. האָבן זיי זיך געגט, מחמת זיי האָבן נישט געהאט קיין קינדער. וואָלף האָט איבערגעלאָזט בריינען אַלץ וואָס ער האָט געהאט, דערצו נאָך אַ שיינע שטוב. דערפאַר האָט זי מסכים געווען צו נעמען דעם גט. איז אָבער געשען, אַז נאָכן גט האָט זיך וואָלפן פאַרגלוסט אָפצונעמען צוריק די שטוב. זיין אַדוואָקאט איז געווען חנא זאַבאָלאָטער. בריינען האָט פאַרטיידיקט בערל רייסקי. דער פראָצעס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט. אַ מאָל האָט איין צד געוווּנען און אַ מאָל האָט דער צווייטער צד געוווּנען.

איין מאָל, אָבער, איז געשען אַזאַ זאַך וואָס האָט דאָס שטעטל זייער שטאַרק פאַרוויילט. ווען בערל דער אַדוואָקאט פון בריינען האָט פאַרשפילט אין געריכט, האָט עס זייער אויפגערעגט גאָלדאסיען, בערלס מאמע און זי איז באַפאַלן חנא דעם זאַבאָלאָטער אין מיטן גאַס און האָט אים ממש קלעפ דערלאַנגט.

דאָס שטעטל האָט לאַנג קאָמענטירט די פאַסירונג און דערביי געלאַכט און זיך אַמוזירט.

יודל מלכה'ס

# דער אָנהייב פֿון ציוניזם אין ראַטנע

צוויי משוגעים, אַזוי האָט מען זיי אין שטעטל גערופֿן דעם טאַטן מיטן זון: וואָלף לייב דער משוגענער — דער טאַטע און דער זון — שלמה מיכל דער משוגענער. נאָר אונטער דעם נאָמען האָט מען זיי אין שטעטל געקענט. ווען ס'וואָלט אַ שטייגער געקומען אַ פֿרעמדער מענטש אַהין און וואָלט זיך געפֿרעגט אויף וואָלף לייב קאַהן אָדער שלמה מיכל קאַהן, ווער ווייסט צי מ'וואָלט זיך אָנגעשטויסן און מעגלעך, אַז מ'וואָלט געענטפֿערט, אַז אַזעלכע געפֿינען זיך גאָרנישט אין שטאָט. זיכער אָבער איז, ווען מ'זאָל זיי גלייך אָנרופֿן ביי זייערע צונעמענישן — „משוגעים", וואָלט אַפֿילו אַ קינד, נישט לאַנג טראַכטנדיק, יענעם פֿרעמדן גלייך צוגעפֿירט צו אַ אייזן-געשעפֿט, פּונקט אין מיטן מאַרק און אים אָנגעוויזן אויף די „משוגעים" פֿונעם שטעטל, אַ טאַטע מיטן זון. דער טאַטע, אַן אַלטער ייִד מיט אַ קליין, גרוי בערדל, מיט גוטמוטיקע, פֿאַרחלומטע אויגן זיצט אויף די טרעפּ פֿון קלייט פֿאַרטיפֿט און איינגעגראָבן אין אַ קליין ספֿרל. הייבט אויף אַלע מאָל טיף און סודותדיק די פֿאַרטרוימטע, קורצזיכטיקע אויגן און רופֿט מיט אַ קול, ווי פֿון אַן אַנדער וועלט, אין וועלכער ער שוועבט איצט, דעם זון: „שלמה מיכל זעסט, וואָס דער זוהר הקדוש זאָגט וועגן ארץ-ישראל?"... דער זון ווידער, אויך קורצזיכטיק, ווי זיין טאַטע, העכער און ברייטבייניקער, מיט אַ שוואַרצער באָרד. ערטערווייז שוין דורכגעפֿלאָכטן מיט זילבערנע פֿעדים, מיט אַ גלייכגילטיקן בליק אין די אויגן, קוקט אַריין אין דער „הצפֿירה", וואָס זי קומט שוין אָן צו אַ משכיל אין שטאָט, און קוויקט זיך מיט סאָקאָלאָווס אַ לייט-אַרטיקל, אָדער גאָר מיט זיינעם אַ פֿרייטיקדיקן „מערב שבת לערב שבת", אין וועלכן ס'איז דאָ פֿון אַלעם, פֿון דעם בעסטן און שענסטן.

ביידע, דער טאַטע מיטן זון, קענען אין די שוואַרצע אותיותלעך, ביידע קענען אַפֿילו לערנען תלמוד און לערנען טאַקע אין געוויסע שעהן אַלע טאָג, אָבער ביידע זיינען שוין אין יענע אַלטע צייטן, אומגעפֿער סוף 19טן יאָרהונדערט, וואָס צייכנט זיך נאָך אויס מיט אָפּגעשטאַנענקייט אין דעם זין, געווען הייסע ציוניסטן, וועלכע האָבן געגלויבט באמונה שלימה, אַז ד"ר הערצל, וועלכער האָט דאַן אויפֿגעשיינט אויפֿן יידישן הימל, איז משיח בן יוסף. אויך האָבן זיי ביידע ליב געהאַט אַריינצוקוקן אין אַ „טריף פּסול", אין אַ העברעאישער צייטונג „הצפֿירה" אָדער „הצופֿה", וואָס די עטלעכע משכּילים, די אַפּיקורסים אין שטעטל, האָבן שוין דאַן אויסגעשריבן. זיי האָבן ליב צו לייענען דאָרט וועגן ד"ר הערצל, וואָס פֿאָרט אַרום איבער דער וועלט צו די דעמאָלטיקע הערשער, וועלכע ער בעט אינעם נאָמען פֿון געפּלאָגטן יידישן פֿאָלק יושר און איינזען, אַז זיי זאָלן ווירקן אויפֿן טערקישן סולטאַן וועגן אָפּגעבן אָדער פֿאַרקויפֿן די יידן ארץ-ישראל. זיי האָבן אויך ליב צו לייענען סאָקאָלאָווס שאַרפֿע אַרטיקלען, אין וועלכע ער טרעט אַרויס קעגן יענע רבנים-פֿאַנאַטיקער, וואָס ווילן ממש די ציוניסטן אין הרם אַריינלייגן.

זיי לייענען אויך מיט גרויס אינטערעס און שפּאַנונג וועגן די ציוניסטישע קאָנגרעסן, וואָס קומען פֿאָר אין באַזעל, די פֿייערדיקע רעדעס פֿון די מנהיגים, וואָס

וועקן דאָס יידישע פאָלק צו נעמען אין די אייגענע הענט זייער גורל, שאַפן געלט און אויסלייזן די גרויסע, פוסטע שטחים ערד אין הייליקן פאַטערלאַנד. און דערפאַר טאַקע, ווייל זיי זיינען דאַן געווען די איינציקע צווישן די עלטערע אין שטעטל, וואָס האָבן געגלויבט, ווי די עטלעכע יונגע אַפּיקורסים, אין ד״ר הערצלס געדאַנק און חלומות און נאָך מער, לויט זייער שטייגער, אַז ער איז דאָס דער משיח בן יוסף, וואָס די ספרים שרייבן, אַז ער וועט אַמאָל קומען און אָנזאָגן ווי אַ מבשר פריער וועגן דער גאולה — האָט מען זיי געקרוינט דאָרט מיטן נאָמען „משוגעים״, מיט וועלכן זיי זיינען שוין פאַרבליבן אויף שטענדיק.

זיי זיינען אויך נישט געווען קיין חסידים און אויך דערמיט זיינען זיי דאַן געווען די איינציקע אין שטעטל. אמת, זיי זיינען נישט געווען גאָר שטאַרקע מתנגדים, ווייל דאַן איז אַזעלכעס געווען פּשוט אַ סכנה פאַר איינעם אַזעלכן אין אַ שטעטל פול מיט חסידים און גלייביקע אין רביים. זיי פלעגן אָבער דערציילן שטילערהייט אָט די עטלעכע יונגע משכילים פון די פריערדיקע צייטן, וועגן די פאַרשידענע און טאַקע גאַנץ מיאוסע מחלוקתן און רייסערייען, וואָס פלעגן אַמאָל אויסברעכן צווישן די חסידישע כיתות אין שטעטל, דערציילן מיט פאַרדרוס און טאַדל, מיט גרויס באַדויערן, צו וואָס מאַנכע פון זיי האָבן דערפירט דאָס אַן און פאַר זיך אַזוי שיינע בעל־שם־טוב חסידות.

דאָס שטעטל ראַטנע, האָבן זיי דערציילט, איז אייגנטלעך געווען די חסידים־פעסטונג פונעם נעסכיזשער רבין. כמעט אַלע יידישע איינוווינער זיינען דאָרט געווען זיינע חסידים, זיינען געפאָרן קיין נעסכיזש, אויב ער איז נישט געווען אין ראַטנע, זיך פדיונען ביים רבין. דער רבי האָט אַפילו געהאַט צוגעבויט נעבן נעסכיזשער שטיבל פאַר זיך אַ הויז, ווו ער האָט געוווינט אין דער צייט, ווען ער האָט דאָרט פאַרווײַלט. אמת, ס׳זיינען געווען דאָרט, אַפילו אין אַ קליינער צאָל, אויך טריסקער חסידים, וואָס האָבן ווי מאַראַנען, שטילערהייט, מורא האָבנדיק פאַרן נעסכיזשער רבין ז״ל און זיין עונש, געהאַלטן פון טריסקער דרך אין חסידות, נוסח פון דאַווענען און אַפילו אַמאָל, אויך אין געהיים, אַראָפּגעכאַפּט זיך קיין טריסק פדיונען זיך.

מאַכט זיך אָבער איינמאָל אַ מעשה, וואָס האָט אויפגעקאָכט דאָס חסידישע וועלטל און ס׳האָט אַרויסגערופן גרויס מחלוקת צווישן ביידע רביישע הויפן און זייערע אָנהענגער: אין איינעם אַ ווינטערדיקן פרייטיק ביינטאָג, ווען די יידן פון שטעטל האָבן זיך, נאָכן געשמאַקן ראָסל־פלייש, געקליבן אין מרחץ אַריין, כדי זיך אַרומוואַשן לכבוד שבת און אויספאַרען די פון אַ גאַנצער וואָך מידע ביינער מיט דער היץ, וואָס זעצט פון די הייסע, אָנגעגליטע, דורך דעם אויוון אין דער „קאַלטער הויז״, שטיינער, — אין אַזאַ פרייטיק ביינטאָג איז אַמאָל אַריינגעפאָרן דער גרויסער טריסקער „מגיד״ ר׳ אברהמלע ז״ל מיט זיין „משמש״ אין שטעטל, כדי צו באַזוכן זיינע עטלעכע חסידים, זיי מחזק זיין און אפשר טאַקע, אין איינוועגס, צו סטאַביליזירן און פאַרשפּרייטן זיין שטייגער חסידות דאָרט. דאָס פויערישע פורל, אין וועלכן דער „מגיד״ איז געזעסן, איז אַזוי געבליבן שטיין אין מיטן מאַרק און דער „גבאי״ זיינער איז אַראָפּ כדי צו זוכן פאַרן רבין עפּעס אַ פּאַסנדע אכסניה.

אָבער, הערט און שטוינט, די יידן האָבן, אויס מורא פאַרן נעסכיזשער רבין, דעם „מגיד״ צו זיך אין די שטיבער נישט געוואָלט אַריינלאָזן. אַפילו פון צווישן זיינע עטלעכע חסידים האָט זיך נישט געפונען איינער מיט מער מוט מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים און נאָך אַזאַ אורח... ס׳האָט זיך אָבער צולעצט אָפּגעזוכט איינער אַ העלד, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט און גענומען צו זיך דעם רבין. דאָס שטיבל זיינס איז אַפילו געווען זייער אַ קליינס און אַן אָרעמס, אָבער מ׳האָט שוין דאָרט יאַקאָש דעם רבין איינגעאָרדנט.

די מעשה גופא אָבער, אַז דאָס קומען פון טריסקער מגיד אויף „פרעמדער טע־ריטאָריע" און וועלן דאָרט פאַרכאַפּן פאַר זיך „פּאָזיציעס", האָט געדינט ווי פּולווער און ס'האָט זיך דערנאָך אָנגעהויבן דער אמתער מחלוקת צווישן די צוויי קאָנקו־רירנדע רביישע הייף און זייערע חסידים. ס'זיינען שוין דאַן אַרויסגעטרעטן אין דער עפנטלעכקייט אַלע טריסקער אָנהענגער און סימפּאַטיזירער, וואָס האָבן זיך פריער געהאַלטן אין שאָטן, אין געהיים אין שטעטל. ס'האָט זיך דאַן צעפלאַקערט דער אמתער מחלוקת, וואָס האָט אָנגענומען אַזעלכע אויסטערלישע פאָרמען, אַז יעדער רבי האָט צוגעשיקט זיין צד אַ באַזונדער שוחט און איבעריקע „כלי קודש", אפילו קצבים און יאַטקעס זיינען געווען באַזונדערע און דאָס פלייש פון איין צד איז געווען טריפה פאַרן צווייטן...

ווען ס'האָט צו יענער צייט אויסגעבראָכן די גרויסע שריפה אין שטאָט (ווייל שריפות דאָרט זיינען נישט געווען קיין נאָווינע ביי די הילצערנע הייזער, אַנדערע אפילו געדעקט מיט שטרוי, דערפאַר האָט מען די־אָ שריפה באַצייכנט מיטן נאָמען „די גרויסע"), האָבן די טריסקער חסידים מיט אַ געוויסער הנאה געזאָגט, אַז דאָס האָט זיי גאָט געשטראָפט פאַר באַליידיקן דעם טריסקער „מגיד". דאָך, נישט קוקנדיק וואָס די מענטשן פון שטעטל זיינען פון דער שריפה אַרויס פאַראָרעמט, בעירום וחוסר כל, האָט מען זיך נישט אויפגעהערט צו איינרייסן און קריגן צווישן זיך פאַר חסידות. און מ'האָט גאָר דאַן אין שטעטל קיין אָנונג נישט געהאַט, אַז ערגעץ־ווו אין דער יידישער וועלט איז אויפגעגאַנגען אַ נייע לעבן, אַז ס'זיינען שוין דאַן אויפגעקומען די בילויים, וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט אין דער ביז איצט פאַרשלאָפענער יידישער וועלט אַ רוף: „בית יעקב לכו ונלכה". אַז ס'האָבן זיך אויפגעקליבן יונגע יידן פון אַ סך שטעט און שטעטלעך אין רוסלאַנד און האָבן זיך אָרגאַניזירט, אמת פון אָנהייב טאַקע אונטער די דונערן און קלעפּ פון די פּאָגראָמען און גזירות־רעות אויף יידן, און עולה געווען קיין ארץ ישראל און געשאַפן דאָרט קאָלאָניעס. דערנאָך, ווען ס'איז אונטערגעקומען די באַקאַנטע טרויעריקע עפּאָכע מיט מעשה דרייפוס, האָט אויפן יידישן פאַרכמורעטן הימל אויפגעבליצט דער גלאַנצנדיקער נייער שטערן, ד"ר הערצל, וואָס האָט געטראָגן אין זיין הארץ, נשמה און מויל הויך פאַר דער גאַנצער וועלט די גאולה בשורה פאַר זיין אומגליקלעך, פאַרפּייניקט פאָלק.

און דאָס יידישע פאָלק ווידער האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן צוביסלעך, אין די גרעסערע שטעט מערסטנטייל, אויסטשוכען און וועקן פון טיפן שלאָף. דערפאַר איז אין אונדזער שטעטל אָבער נאָך אַלץ געווען וויים פאַרטאָג און טונקל... דער מחלוקת פון צדדים צווישן די חסידים האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן. פאַרקערט, ס'האָבן זיך גאָר געמערט און אויסגעוואַקסן נייע רביים מיט נייע שטיבלעך און דערפאַר נייע צדדים. גאָר פלוצלינג, ווי פון דער העלער הויט, איז אויפגעקומען אַ ליבעשוויער שטיבל, דער שניידערישער רבי, אָדער אַ סטובעכובער רבי, וואָס אין דער גרעסטער מערהייט זיינען זיינע חסידים געווען שוסטער. און פון די אַלע מיני חסידים האָט עס אין שטעטל ווי אין אַ קעסל געקאָכט און געטומלט: „דיין רבי, מיין רבי", גלייך ווי יידן וואָלטן גאָר קיין אַנדער אינטערעס און אינהאַלט אין לעבן נישט געהאַט אוי־סער דעם. דערצו האָט מען דאַן נאָך געגלויבט און דערציילט גאָר שרעקלעכע. נאַ רישע מעשיות פון לצים מיט שדים. די נאַכט האָבן די „נישט גוטע" ביי ברוכשכן איבערגעקערט די ראַשטשישנע אין בעט אריין... די צווייטע נאַכט האָבן זיי ביי סליוזקען דעם איינבינדער די בענטש ליכט פאַרלאָשן...

דאָס שטעטל האָט, וואָס אַן אמת, זייער ווייניק קאָנטאַקט געהאַט מיט דער אויסערלעכער וועלט. ס'פאָרן די בעלי־עגלות עטלעכע מאָל אין וואָך קיין קאָוולע אָדער קיין בריסק נאָך סחורה. ס'פאָרט אַמאָל מיט אַ קרעמער אָדער אַזוי אַ סוחר

פון שטעטל. איז וואָס זשע? קויפן זיי איין דאָס ביסל סחורה, מ׳איז פאַרשמייעט דאָרט, מ׳לויפט אוים דעם טאָג אומעטום אין די געשעפטן און מ׳זוכט איינצוהאַנדלען וואָס ביליקער די נייטיקע אַרטיקלען און מ׳פאָרט צוריק אַהיים. נישט מ׳הערט עפּעס יידישע נייעס און נישט מ׳איז פאַראינטערעסירט צו הערן.

ס׳האָט אויך צו יענער צייט געוווינט אין שטעטל אַ רייכע פאַמיליע, די באַראַבאַנעס, וואָס האָבן געהאַט באַציאונגען מיט זייערע קרובים אין וואַרשע. אָבער זיי זיינען געווען כמעט אָפּגעזונדערט פון אַלע יידן אין שטאָט און האָבן געהאַלטן. ווי דער שטייגער אין יענע אַלטע צייטן די גבירים, אַלעמען אויף אַ ווייטן דיסטאַנץ.

ס׳פלעגן אויך אַמאָל אַראָפּקומען אַהין פון דער פרעמד, פון בריסק אָדער וואַרשע, וואַלד-סוחרים, „בראַקערעס", ווי מ׳האָט זיי גערופן, וואָס האָבן באַטראַכט די וועלדער, וואָס זיינען געווען לרוב בשכנות פון שטעטל. זיי פלעגן זיך אַמאָל אַראָפּכאַפּן אויף אַ טאָג-צוויי אין דעם נאָענטן יידישן ישוב, באַטראַכטן די „קאַלטע" גרויסע שול מיט אירע קונסט-אַרבעטן און שיינע אָרנאַמענטן. ווילן אגב זען ווי אַזוי יידן לעבן אין די-אָ „עקן", באַטראַכטן און פאַרשווינדן, אַוועקגעפאָרן צוריק אין זייערע ווייטע היימען. נישט מ׳האָט זיי געפרעגט וועגן יידישע נייעס און נישט זיי האָבן עפּעס דערציילט.

ס׳איז אויך צו יענער צייט געווען איינער אַ ייד, שמעיה מרדכי לייבס האָט מען אים גערופן, וואָס ביי אים צופאָרן קיין אַמעריקע איז געווען ממש אַ שפּילעכל, פּונקט ווי אויף אַ שפּאַציר. ער פלעג אָפּזיין דאָרט אַ צוויי-דריי יאָר און צוריקקומען קיין ראַטנע. דערנאָך, פּטרנדיק דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט געבראַכט פון דאָרט. אין אַ שיינעם טאָג, גאָר פּלוצלינג, אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, אַ קוש געטאָן די מזוזה, געזאָגט אַ גוטן-טאָג זיין הויזגעזינט און ווידער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. דאַכט זיך אַ וועלט-מענטש און דאָך האָט ער פון יידישע נייעס, פון יידישע נייע באַוועגונגען און רעוואָלוציעס אין לעבן נישט אָנגעהויבן צו וויסן און, זעט אוים, נישט געוואָלט וויסן. ער האָט נאָר דערציילט פון די אַמעריקאַנער „וואָלקן-קראַצער" — די הויכע מויערן, פון דעם שווערן הו-האַ-לעבן דאָרטן און אַז דאָס לאַנד איז טריפה ווי חזיר. אַז ער אַ שטייגער, נישט קוקנדיק וואָס לעבט דאָרט אויף ברויט און וואַסער, „האָט אויך מסתמא אַ פולן בויך מיט חזירימלעך"...

קיין יידישער דאָקטער אָדער אַפּטייקער, אָדער אַזוי אַן אינטעליגענטער מענטש ווידער, וואָס וואָלט געקענט זיין דער פירזאָגער פון דעם וואָס קומט פאָר אין דער יידישער וועלט, איז דאַן אין שטעטל אויך נישט געווען. און ווען אַפילו אַזעלכע וואָלטן דאַן זיין, וואָלט מען סיי-ווי אויף זיי געקוקט ווי אויף גויאישע יידן; און טריפניאַקעס און מ׳וואָלט זיך צו זייער וואָרט נישט צוגעהערט. און בכלל איז אין שטעטל דאַן קיין שום דאָקטער נישט געווען. ס׳איז געווען דאָרט אַ יידישער רופא שכנא, וואָס צו אַלע מיני קראַנקהייטן האָט ער געהאַט זיינס אַ רויט פראַשעקל און דאָס האָט ער פאַרשריבן. אויך האָט ער געשטעלט די קראַנקע געהאַקטע באַנקעס און פרייטיק ביי טאָג אין מרחץ, אין דער קאַלטער „הויז", האָט ער די יידן וואָס האָבן דאָס באַדאַרפט, געלאָזט צו דער אָדער... און יידן האָבן דאָך אַזוי געלעבט, זיך געמערט, געהאַנדלט און געזואַנדלט און געפירט גלייכצייטיק צווישן זיך פאַרשידענע מחלוקתן...

אמת, צווישן די מחלוקתן איז איינער געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער און אַבסטראַקטער — דער מחלוקת לשם שמים: ביי לאַנגע טישן בייטאָג — ביים טאָג-שיין און ביינאַכט — ביי ליכטיקע הענג-לעמפּ זיינען יידן מיט לאַנגע בערד און פּאות, אָדער גאָר יונגעלייט און בחורים געזעסן אין אַלע בתי מדרשים און שטיבלעך און געשמאַק געלערנט, זיך געפּילפּולט און געפירט צווישן זיך הייסע וויכוחים וועגן

הוויות „דאביי ורבא" און געלאָזט זיך שווימען אין דעם טיפן ים פון תלמוד... מאַ וואָס איז זיי ווידער אָנגעגאַנגען אָט־די אַלע נאַרישקייטן, די נייעסן אויף דער וועלט בכלל און אין דער יידישער וועלט בפרט? האָבן זיי זיך אַזוי געלעבט אין זייער ענג וועלטל און מנצח געווען איינער דעם אַנדערן אין הלכה אָדער אין חסידות, אין מיין רבי און דיין רבי...

אָבער אָט די נייע ווינטן, וואָס האָבן שוין אין אַנדערע גרעסערע יידישע ישו־בים שטאַרק געבלאָזן, האָבן סוף־כל־סוף אַמאָל דערגרייכט און אָנגעקומען אין דעם שטעטעלע אויך. די אַ מחיהדיקע, מילדע ווינטן האָבן אויך דערגרייכט די זומפּיקע ברעגן פון טייך פּריפּיעט. האָבן איבערגעטראָגן און אַראָפּגעוואָרפן עטלעכע זוימען, וואָס האָבן אָנגענומען אין דעם זומפּיקן באָדן און ס'זיינען דאָרט אויסגעוואַקסן שיי־נע עטלעכע בלומען... נייע פייגל זיינען געקומען צופליען פון דער אויסערלעכער וועלט מיט נייע יידישע לידער. ס'איז דאַן אָנגעקומען אין שטעטל אַלס העברעאישער לערער איינער דוד פינקלשטיין, אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, אַ קענער פון העב־רעאיש, מיט אַ טאַלאַנט צום שרייבן, וואָס האָט אַפט געדרוקט אין „הצפירה" און אין „המליץ" זיינע דערציילונגען און אַזוי מאמרים. ער האָט אָנגעהויבן צו געבן אין שטעטל די ערשטע לעקציעס אין העברעאיש און יידיש און עפענען די אויגן צו ביסלעך פון דער יוגנט מיט זיינע אויפקלערונגען. ער האָט אויך מיט זיי געלערנט תנ"ך און יידישע היסטאָריע און האָט אין איינציים פונאַנדערגעוויקלט פאַר זיי די דאַן שוין עקזיסטירנדע אידעען פון חיבת־ציון און תחית־העם.



יהושע פוגאַטש, איינער פון די ערשטע השכלה־פּיאָנערן אין שטעטל, שטייט ביי דער זייט פון זיין פאָטער ד. פוגאַטש.

ביסלעכווייז האָט ער צוגעצויגן צו זיך די מער פאָרגעשריטענע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן דאָן שוין אָנגעהויבן צו לייענען ביכער און אויסשרייבן די „הצפירה" און זיי זיינען דאָס געווען דאָן די ערשטע שוואַלבן, וואָס האָבן דעם פרילינג געבראַכט אין שטעטל... ס'האָט ענדלעך אָנגעפאַנגען צו טאָגן דאָרט, אויפגיין אַ מילדע, פרימאָרגן זון...

און אָט די ערשטע שוואַלבן, די אָנזאָגער פון אַ נייער צייט, דער יוגנט-אוואַנגאַרד, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען יהושע פוגאַטש, זלמן בורשטיין (אגב, דער לעצטער האָט אין די וויטערדיקע יאָרן זיינע דורכגעמאַכט אַ שטורמיש לעבן, אָנהייבנדיק מיט דער גרעסטער עמיגראַציע-אַגענץ, וואָס ער איז געווען איר פאַרשטייער אין צאַרישן רוסלאַנד און האָט געהאַט ביוראָען אין קאָוולע און אין ליבאַווע, און ענדיקנדיק מיט זיין גרויסער פאָליטישער ראָל וואָס ער האָט געשפילט אין מאָסקווע אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, אויפדעקנדיק איינעם אַ הויכן מלוכה-באַאַמטן, וואָס זיין נאָמען קען איך מיך נישט דערמאָנען, אין מלוכה-פאַראַט, וואָס האָט אים געפירט צו דער תליה און פאַר וועלכן די דעמאָלטיקע אָפיציעלע אַנטיסעמיטישע צייטונג „זנאַמיאַ" האָט אים, ז. ב., שטאַרק געלויבט פאַר פאַטריאָטישער דינסט און צו לעצט זיין פאַרנעמען דאָן אַ הויכן אַמט אין דעם אַפּראָוויזאַציע-מיניסטעריום), איצל מאַטעסעס דעם טראַטש אָדער ווי מ'האָט אים קורץ גערופן, איצל דער ליטוואַק (ער האָט געלערנט ערגעץ אין ליטע אין אַ ישיבה), אברהמצע טעלעסאָן מיט דוד פינקעלשטיין בראש זיינען נישט געבליבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, פּאַסיוו. זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען דעם געבאָט פון דער שעה און די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אויף זיי. זיי האָבן זיך פלייסיק גענומען צו דער קולטור-אַרבעט צווישן דער יוגנט, לערנען זיי, אויפקלערן און פאַרשפרייטן די ערשטע עלעמענטאַרע ידיעות און קענטעניש. זיי האָבן מיט דער יוגנט געלייענט ביכער, צייטונגען העברעאישע און יידישע, אויסגעברייטערט זייערע ידיעות און בליקן אויפן לעבן בכלל און יידיש-נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען בפרט און דערוועקט אין זיי אינטערעס און ליבע פאַר פאָלקס און א"י-אַרבעט. איין זאַך האָט זיי אָבער געפעלט דאָן צו דער האַנט — אַ שטוב, אַ צענטער ווו זיך צונויפצוקומען און פירן געשפּרעכן וועגן קולטור און פאָלקס-אַרבעט, אויך צעמענטירן זייערע ידיעות און אָננעמען באַשלוסן און ווייטערע פלענער פון אַרבעט. דאָס שטעטל איז געווען אַן אָרעמס, די שטיבער ענגע און נידעריקע. ס'האָבן אין די רוב שטיבלעך געוווינט צו עטלעכע פאַמיליעס און חוץ לזה האָט מען אויף זיי אין שטעטל געקוקט ווי אויף אַפּיקורסים און קיינער, אפילו פון זייערע עלטערן וואָלטן זיי נישט דערלויבט זיך צונויפקומען אין זייערע שטיבער פאַר אַזעלכע אומלעגאַלע געשפּרעכן.

האָבן זיי אָבער צוגעקלערט אַ טרעף-פונקט די פּאָסט-געביידע מיט דעם גרויסן אָפּגעצוימטן פלאַץ אַרום און זיין וואַרט-זאַל, וואָס איז געווען כמעט אונטער דער שטאָט אויפן שאָסיי. דאָרטן האָבן זיי זיך עטלעכע מאָל אין וואָך געטראָפן כלומרשט אָפּנעמען די בריוו און קאָרעספּאָנדענץ צו זייערע עלטערן, ווייל קיין בריוו-טרעגער האָט נאָך דאָן ראַטנע נישט געהאַט. האָבן זיי בכן אויסגעפירט די אַרבעט אין שטעטל. פאַר די עלטערן איז דאָס געווען גאַנץ כשר און לעגאַל און די קינדער האָבן אַזוי אַרום אומגעשטערט דורכגעפירט זייער קולטור-אַרבעט.

צו דער פּאָסט, פאַרשטייט זיך, זיינען די יוגנטלעכע אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פּאָר שעה פאַר דער צייט. אויפן וועג האָבן זיך אָנגעטראָפן מיידלעך מיט יינגלעך, חברים מיט חברות, האָבן געשמועסט שפּאַצירנדיק וועגן די פאַרשידענע ענינים און דאָרטן ערשט, אויפן זאַמלפונקט, האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע אויפקלערונגס-אַרבעט, דאָס לייענען די צייטונגען און קאָמענטירן די אַלע אַרטיקלען וועגן דער חיבת-ציון-באַ-

וועגונג, וועגן ד"ר הערצל און אנדערע גרויסע פערזענלעכקייטן, ווי מאקס נארדוי, סאקאלאוו און אוסישקין, וועגן זייערע פלאמיקע רעדעס אויפן קאנגרעס און דער אפקלאנג אויף דער וועלט בכלל און יידישע וועלט בפרט. אז אין א סך יידישע שטעט און שטעטלעך אין וואלין און טיף־רוסלאנד גייט אן אין אן אלץ שטייגנדן טעמפא די באוועגונג פון די בילו"יצעס, פון וואנען מ'פארט קיין ארץ־ישראל באזעצן זיך און אליין די ערד באארבעטן.

דאס ארבעטס־פעלד אין שטעטל איז פאר דער באוווסטזיניקער יוגנט געווען גענוג גרויס און ברייט, אבער זיי פלעגן אפט אנטרעפן גענוג שוועריקייטן און מכשולים מצד די פרומע און פאנאטיקער. זיי האבן איינמאל פארקלערט צו עפענען אין שטעטל א מין „חדר מתוקן" פאר ארעמע קינדער און זיי לערנען גענצלעך אומזיסט. א לאקאל פאר דעם חדר האבן זיי אבער נישט געקענט קריגן, ווייל קיינער דארט האט זיי נישט געוואלט פארדינגען א צימער פאר דעם צוועק. ענדלעך האבן זיי געדונגען א צימער אזש אויפן שאסיי ביי שרה דער קאוואלעכע. זיי האבן די שולע געעפנט מיט א קליינער צאל תלמידים פון ארעמע בעלי־מלאכות. זיי האבן זיי געלערנט שרייבן און לייענען יידיש, העברעאיש און אויך תנ"ך. די פאנאטיקער פונעם שטעטל האבן אבער נישט גערוט. זיי האבן אויפגעהויבן א „ויצעקו", געשלאגן אין אלע בתי מדרשים „טרעוואגא", אז די אפיקורסים ווילן אפסמען יידישע ארעמע קינדערלעך און זיי ארויספירן לתרבות רעה. זיי האבן דאן פארופן די יידענע, די באלעבאסטע פון דעם צימער, צו זיך און האבן איר געסטראשעט מיט חרם. די יידענע האט זיך דערשראקן פאר די שטעטלשע תקיפים און האט שוין מער נישט ארייגעלאזט די יוגנט צו זיך אין שטוב. אזוי ארום האט זיך זיי דער ערשטער דערציערישער עקספערימענט נישט איינגעגעבן. זיי, די יוגנטלעכע, האבן זיך אבער נישט אפגעשראקן און, אדרבא, פארשטארקט און פארטאפלט זייער פראפאגאנדע און קולטור־ארבעט און איינגעפלאנצט אין די הערצער פון די קינדער די חיבת־ציון־געפילן, דעם נאציאנאלן געדאנק און שטרעבונג צו א זעלבסטשטענדיק, פראדוקטיוו יידיש לעבן. זיי האבן שנעל פארקלערט א נייעם פלאן. זיי האבן אראפגעבראכט פון קאוולע א מטיף, א רעדנער וואס זאל צווישן מנחה־מעריב, ווי מ'פלעגט זיך אין יענע צייטן נוהג זיין, האלטן פארן „עולם" א ציוניסטישע פראפאגאנדע־רעדע. אין דעם גרויסן בית המדרש פלעגן זיך צו מנחה־מערב יעדן טאג צונויפקומען א גרויסער עולם מתפללים. אפילו פון די הסידים־שטיבלעך פלעגט מען קומען אין דער וואכן אהין דאווענען, ווייל אפט פלעג זיך אהין אראפכאפן א בעל דרשן, האט מען געוואלט הערן א יידיש ווארט און אמאל טאקע עפעס נייעס פון דער גרויסער וועלט. חוץ לזה איז דער בית המדרש געווען א מין טרעף־פונקט פאר א סך, וואס האבן זיך געוואלט טרעפן און שמועסן מכוח זייערע פריוואטע ענינים. די יוגנט האט אויסגעקלעפט אויף אלע טירן פון די בתי מדרשים עטלעכע טעג פריער פלאקאטן, וו זיי האבן צו וויסן געגעבן דער יידישער באפעלקערונג אז א גרויסער בעל דרשן, וועט רעדן און אפגעבן א גרוס פון ארץ־ישראל און וועט דערציילן זייער אינטערעסאנטע זאכן פון דארט. זיינען טאקע אדאנק דער פראפאגאנדע געקומען א סך מענטשן הערן דעם רעדנער. דער מטיף האט זיך אנגעטאן, ווי אלע דרשנים, אין א טלית און אנגעהויבן רעדן און אויפקלערן, וואס ס'טוט זיך איצט אין דער יידישער וועלט, ווי אזוי ד"ר הערצל פארט ארום צו אלע מלכים און הערשער פון דער וועלט און בעט און פאדערט ביי זיי אינעם נאמען פון יושר און גערעכטיקייט, אז מ'זאל יידן אפגעבן אדער פארקויפן ארץ־ישראל, ווי אזוי ס'איז שוין אומעטום יעצט פארשפרייט און באוווסט דער חיבת־ציון־געדאנק, אז יידן פארן שוין אפילו יעצט אהין, קויפן ערד און באארבעטן זי אליין.

ער האָט אָבער נישט באַוויזן מער און ברייטער צו אַנטוויקלען זיינע געדאַנקען, מער פּרטים וועגן דעם נאַציאָנאַלן רענעסאַנס דערציילן ווי, פּלוצלינג אומגעריכט האָט זיך ווי אַ לאַווע אָפּגעריסן פונעם לומדישן טיש עטלעכע מענטשן און מיט אַ געשריי: „אַרויס שייגעץ!” אַ לאָז געטאָן זיך צום מטיף, אָנגעכאַפּט אים ביים קאַלנער, אַראָפּגעריסן אים פון דער בימה און אַרויסגעוואָרפן פון בית המדרש...

ס'האָבן זיך דאַן אויפגעהויבן גוואַלדיקע קולות און געשרייען צווישן די מתפּללים. דאָס האָבן די עטלעכע ציוניסטישע יונגנטלעכע מיט די צוויי „משוגעים”, טאַטע און זון, זיך איינגעשטעלט פאַרן מטיף און פּראָטעסטירט און געקריגט זיך מיט די פרומע. אָבער ס'איז געווען דאָ אַ קול קורא במדבר — די מאַסע, דער המון האָט געהאַלטן מיט די פאַנאַטיקער, וועלכע האָבן יעצט אויסגעלאָזט און אויסגעלאָדן זייער גאַנצן צאָרן צו די ציוניסטן־אַפּיקורסים, וואָס ווילן גאָר אַליין אַראָפּברענגען משיחן, נישט ווי ס'שטייט געשריבן אין תלמוד, אַז ער וועט געשיקט ווערן פון גאָט ווי אַן „עני ורוכב על החמור!”.

אָט אַזאַ באַציאונג האָבן די יידן דאַן געהאַט אין שטעטל צום ציוניסטישן גאולה־געדאַנק. דאָך האָבן די עטלעכע יונגנטלעכע מיט די צוויי „משוגעים” נישט פאַרצווייפלט און זיך נישט פאַרלוירן צוליב די דורכפאַלן זייערע. זיי האָבן פאָרגעזעצט זייער אויפקלערונגס־אַרבעט און זיינען געגאַנגען אויף דעם וועג שטאָלץ און זיכער. דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער הייליקער אַרבעט האָבן זיי ווייטער געשפּינען צווישן דעם יונגערן דור און אַפילו צווישן דעם עלטערן און זיי האָבן אַריינגעקריגן סוף־כל־סוף אין זייערע רייען אַלץ מער אָנהענגער. דער רעיון הציוני האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו שלאָגן טיפע וואָרצלען אין שטעטל און האָט זיך אַפילו איינגעבירגערט צווישן די עלטערע, פרומערע מענטשן.

דערצו האָבן אַ סך געהאָלפן דער טאַטע מיטן זון, די אַזוי גערופענע „משוגעים”. ביי זיי איז דער ציוניזם געווען דער אינהאַלט, דער זין פון זייער לעבן. דער אַלטער ר' יוסף לייב האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן אין בוזים פון דער לאַנגער, אונטערגעגאַרטלטער קאַפּאָטע מיט קליינע הייליקע ספרימלעך, וואָס זיינען שטענדיק ביי געוויסע שטעלן געווען פאַרבויגן, כדי צו האָבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו דער האַנט די אייזערנע אַרגומענטן, זיין געווער קעגן די עקשנים און קעגנער. זיי איבערצייגן און אויפווייזן, אַז ד"ר הערצל איז נישט עפּעס אַנדערש אין דעם פינצטערן יידישן לעבן ווי „התגלות פון משיח בן יוסף”, אַז ס'וועט נאָך אויסברעכן פריער אַ מלחמת „גוג ומגוג”, וואָס דער תלמוד זאָגט אויף דעם „ייתא ולא אחמינא”, זאָל דאָס קומען אָבער איך וויל דאָס נישט דערלעבן און נאָכהער וועלן יידן אויסגעלייזט ווערן און קריגן ארץ־ישראל! ער איז שטענדיק געווען אַזמרואיק, נישט קענען איינזיצן אויף אַן אָרט. פלעג יעדן טאָג באַזוכן זיינע „קליענטן”, זיי באַאַרבעטן, באַשיטן און דערווייזן מיט כלערליי ראיות פון תלמוד און זוהר אַז, ווי משה רבנו בשעתו, איז ד"ר הערצל געשיקט געוואָרן פון דער השגחה עליונה צו די מלכים, כדי אויסצולייזן די יידן פון איצטיקן מצרים...

„אָט זעט איר דאָך, פלעגט ער טענהן צו זיי, ווי ד"ר הערצל איז דער וואָס „לפני מלכים יתיצב”, וואָס אָן מורא, אָן פחד, ווי משה רבנו פאַר פרעהן, שטייט ער פאַר די גרעסטע וועלט־תקיפים, פאַרן רוסישן צאַר, פאַר דעם דייטשן קייזער און בעט און פאָדערט ביי זיי, אַז זיי זאָלן פועלן ביים סולטאַן אַ „טשאַרטער” אויף ארץ־ישראל פאַרן יידישן פאָלק. און פונקט ווי משה רבנו, פירט ער אויס, פאָרט ער אויך אַראָפּ אין די אָרעמע יידישע קוואַרטאַלן אין וואַרשע און ווילנע, כדי צו זען ווי זייערע אָרעמע ברידער לעבן אין אָרעמקייט און אין גלות־פּיין און רייסט זיך דערנאָך צו גיין צו פרעהן זיי באַפרייען...”

אַזוי פלעגט ער אָפט רעדן צו זיינע דעמאָלטיקע חברים אין שטעטל, ווי ר׳ אייזיק דער שוחט ע״ה און ר׳ שלמה יואל דער שוחט ע״ה א. א. ביז וואַנען זיינע רייד האָבן אָנגעהויבן צו ווירקן אויף זיי און זיי אין האַרצן — טאַקע נישט מער דערוויילֿ, ס׳האָט זיי נאָך געפעלט דער מוט ביים אָנפאַנג דאָס עפנטלעך מודה זיין — האָבן זיך געקלערט, ווער ווייסט, אפשר איז ער, דער „משוגענער״, גערעכט, אפשר זיינען עס טאַקע משיחס צייטן און דער ד״ר הערצל איז טאַקע משיח בן יוסף.

און פונקט ווי דער טאַטע אַזוי אויך דער זון, ר׳ שלמה מיכל, האָט געפירט זיין פראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין זיין קרייז, צווישן די יונגעלייטלעך, די יונגע חסידישע באַלעבעסלעך. ער פלעגט שוין באַנוצן מער מאָדערנע מיטלען, אַנדערע אַרגומענטן. ער פלעגט זיי לייענען די אַרטיקלען פון דער „הצפירה״. ער פלעג אַרויסטרעטן מיט אַנדערע שלאָגווערטער, ווי אַז מ׳קען נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן אויפן ווייסן אייזעלע, אַז משה רבנו איז אַלעמאָל געגאַנגען, טאַקע געשיקט פון גאָט צו פרעהן און מיט אותות ומופתים צוגעפּאַסטע פאַר יענער צייט, געוואָלט באַפרייען זיין געפייניקט פאָלק. דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן עזרא ונחמיה ביים גלות־בבל... אַז ביי היינטיקן טאָג זיינען אַפילו אַזעלכע גאונים ווי ר׳ שמואל מאָהליווער, ר׳ יצחק אלחנן און הרב ריינעס אויך חובבי־ציון. אַז מ׳האָט געפרעגט דעם הרב ריינעס, ווער וועט פירן דעם באַן אום שבת ווען יידן וועלן צוריקקריגן ארץ־ישראל, האָט ער זייער קלוג געענטפערט: „לאָמיר שוין האָבן ארץ־ישראל, וועגן די קלייניקייטן וועלן מיר שוין דערנאָך זען!״.

און אָט אַזוי אַרבעטנדיק פאַר דעם הויכן שיבת־ציון־אידעאַל איז געקומען אַמאָל דער טאָג, ווען די פעסטונגען פון דעם פאַנאַטיזם האָבן געקראַכט און געפאַלן און דער צעאַקערטער ווייכער באָדן האָט אָנגעהויבן אַרויסלאָזן פון די פאַרזייטע אויף אים קערנער, שיינע געוויקסן און גוטע פרוכט...

די קעגנערשאַפט אין שטעטל איז ביסלעכווייז געבראָכן געוואָרן און נאָכגעגעבן. און דער רעיון הציוני האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מער און מער פלאַץ. זייט ביי זייט פון דעם אויפגעוואַכטן נאַציאָנאַלן געדאַנק האָט אויך די יידישע קולטור, די דעמאָלטיקע השכלה געבליט. די יידישע יוגנט האָט זיך אַליין געלערנט און ווי די ביכער־ווערים זיך געגראָבן אין די ביכער — געלייענט און געלערנט. עס איז דאָן אין שטעטל געשאַפן געוואָרן דער ערשטער קרן קימת קאָמיטעט און ביי די קערות ערב יום־כיפור האָט דער קק״ל־טעלער צום ערשטן מאָל פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט. ביים אָנפאַנג האָבן יידן טאַקע געגעבן גראָשנס, אָבער זיי האָבן זיך גיך צוגעוווינט צו גיבן גרעסערע נתינות אויך. אויפן צווייטן יאָר האָט די צענטראַלע פון קק״ל אין וואַרשע צוגעשיקט אין שטעטל געדרוקטע ביכער מיט שמות אנשים, וואָס האָבן געגעבן פון 20 קאָפּיקעס און ווייטער. האָבן אַ סך פון די שטעטלשע יידן געוואָלט זען זייערע נעמען מיט די באַשטייערונגען געדרוקט אין בוך און האָבן געגעבן גרעסערע סומעס. אַזוי אַרום איז דער גאולה־געדאַנק אַריינגעפירט געוואָרן אין שטעטל־צוזאַמען מיטן קק״ל. און אויף יעדער שמחה ביי יידן, תנאים, חתונה און ברית האָט יעדער איינער געהאַט דעם חוב צו באַשטייערן זיך אויף דעם צוועק. ס׳איז נאָכהער געגרינדעט געוואָרן אין שטעטל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט שוין געאַרבעט פריי און עפנטלעך.

ר׳ יוסף לייב מיט זיין זון שלמה מיכל זיינען געווען פון די ערשטע פאַרצייכנטע חברים, טאַקע פון די הויפּט־מחותנים און זיי האָבן ממש טריאומפירט. ס׳האָט זיי נישט אָנגעהויבן צו אַרן, וואָס זיי זיינען פאַרבליבן מיטן נאָמען „משוגענע״. אדרבא זיי האָבן גאָר געשטאָלצירט מיט דעם ווי מיט אַ קאָקאַרדע, ווי אַ סימבאָל פאַר

זייער מוט און איינשטעלעניש אין יענער צייט פון שנאה און קעגנערשאַפט פון יידן צום יידישן נאַציאָנאַלן אויפלעבונגס־געדאַנק.

אינטערעסאַנט איז, אַז דער אַלטער ר׳ יוסף לייב האָט אויך שטאַרק געליטן און נישט ווייניק צרות אויסגעשטאַנען פון זיין פלוניתטע. זי האָט אים, אַבי ער האָט זיך באַוויזן אין שטוב, גענומען יאַדען און אויסעסן דאָס האַרץ פאַר יעדער קלייניקייט, אַפילו פאַר זיין ציוניסטישער אַרבעט. דערפאַר טאַקע האָט ער שטענדיק אויסגעמיטן צו זיין אין שטוב. ווען ער איז, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1916, קראַנק געוואָרן, זייענדיק שוין אַ בן תשעים, האָט ער פאַראויסגעזאָגט, אַז אין דעם זעלבן טאָג ווען ער וועט שטאַרבן וועט זי, זיין ווייב, אויך שטאַרבן, מאָטיווירנדיק דאָס מיט דעם אַז זי איז באַשאַפן און אַראָפּגעשיקט געוואָרן אויף דעם עולם השפל נאָר כדי אים צו יאַדען און אַז ער וועט שטאַרבן האָט זי שוין איר שליחות אויסגעפירט און האָט שוין בכן נישט וואָס צו טאָן דאָ. אַזוי טאַקע האָט עס פּאַסירט: אין איינעם אַ טאָג איז ער גאַנץ פרי געשטאָרבן און זי — נאָך דעם זעלבן טאָג אין אָוונט...

און איצט, ווען דער הייליקער אידעאַל, דער אייביקער יידישער חלום איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט און דאָס יידישע פאָלק האָט נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות דערלעבט די גאולה, האָט שוין אַ סאָווערענע מלוכה אין זיין אייגן לאַנד, אין לאַנד פון אונדזערע אבות, ווילט זיך אויסרופן, ווי יענער תנא: „מי יגלה עפר מעיניכם, חביבי!״. ווער וועט אָפּשאַרן די ערד און אַראָפּנעמען די שערבלעך פון אייערע אויגן און אויף עטלעכע מינוט אייך פון אייער אייביקן שלאָף אויפוועקן, כדי איר זאָלט מיט אייערע אייגענע אויגן זען, אַז אייער־אונדזער אַלעמענס גרויסער חלום, פאַר וועלכן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק האָט צוויי טויזנט יאָר געליטן, זיך געלאָזט ברענען און בראָטן און איר אויך בתוכם אין אייער שטעטל צוליב דעם געדאַנק פון אייערע נאַרישע ברידער האָט אויך געליטן און ביזן טויט אייך געקרוינט מיטן נאַמען „משוגעים״ — אַז אונדזער־אייער שיבת־ציון־האָפענונג איז לסוף מקויים געוואָרן, אַז אונדזער אַלט־ניי לאַנד איז צוריק אויפגעריכט געוואָרן מיט אַ מלוכה מיט מיניסטאָרן, מיט אַ פּאַרלאַמענט, מיט אַן אַרמיי, פלאָט און אַוויאַציע, פונקט ווי אַלע לעבעדיקע פעלקער אויף דער ערד — און דאַן... און דאַן וואָלט איר געזויס געזאָגט, אַז ס׳איז כדאי געווען נאָך מער צו ליידן בכדי דאָס צו האָבן!



**בצלאל העלער**

**(זון פון ראַטנער שוחט ר׳ יהושע שו״ב העלער ז״ל)**

# דאָס אַמאָליקע ראַטנע

טראָץ דעם וואָס ראַטנע איז געווען ווייט פון אן אייזנבאַן־סטאַנציע (אומגעפער 20 וויאָרסט), האָט דאָך די יידישע באַפעלקערונג געלעבט נישט שלעכט, יעדער אויף זיין שטייגער. די ראַטנער יוגנט האָט געהאט אַ שם אין וואָלינער גובערניע אַלס געבילדעטע און אינטעליגענטע, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די השכלה אין ראַטנע געבליט. אן אַנגעזעענעם פלאַץ צווישן די משכילים האָט פאַרנומען מיין געוועזענער חשובער חבר יודל קאַנישטער, וועלכער וווינט איצט צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אין אַרגענטינע. אונטער זיין איינפלוס, האָט זיך דאַן אָרגאַניזירט אַ קרייז פון חובבי שפת עבר און חובבי ציון. שפּעטער האָט זיך געעפנט אין ראַטנע, די ערשטע ביבליאָטעק, ווו יינגלעך און מיידלעך פלעגן אויסלייען ביכער אין יידיש, העברעאיש און רוסיש.

## די ראַטנער שיל

די גרויסע שיל, האָט געשמט איבער דער גאַנצער גובערניע. וועגן אָט דער וווּנדערבאַרער שיל זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע לעגענדעס, אַז אַ מיסטעריעזער מאַן, וואָס איז געקומען פון גאַליציע האָט געבויט די שיל. ער האָט אַליין אויסגעמאָלן די שול און געצייכנט די בילדער, און שבת בהעלותך און שבועות, ווען מען האָט אָנגעצונדן אַלע לייכטער און די ליכט פונעם גרויסן הענג־לייכטער (כמנין דוד בן ישי), האָט מען דאַן געקענט אָנזען די אמתע קונסט און מייסטער־ווערק, וואָס די שיל האָט פאַרמאָגט. ווען די קאָזאַקן האָבן אין 1915 אָפּגעטראָטן פון וואָלין האָבן זיי דאָס שטעטל ראַטנע אונטערגעצונדן און אויך די באַרימטע שיל איז אַוועק מיטן רויך.

פאַר פסח, ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו רעגענען איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען פאַרזונקען אין בלאָטע, אָבער ס'זיינען געווען ליכטיקע מאָמענטן, ווען אין יעדנס האַרץ האָט געטליעט אַ האָפענונג, וואָס האָט געגעבן כוח איבערצוטראָגן אַ סך ליידן.

## די ראַטנער שוחטים

אויפצונעמען אַ שוחט אין ראַטנע איז צוגעגאַנגען על פי אַ באַזונדער טראַדיציע. דער ערשטער איז געווען ר' אייזיק, נאָך אין די ציַיטן פון ראַטנער מגיד זצ"ל. דער אויבנדערמאָנטער איז אויך געווען חזן, נאָך אים איז געוואָרן שוחט זיין זון ר' אהרן ז"ל, אים האָט געירשנט זיין זון ר' ברוך ז"ל און נאָך ר' ברוכן איז געווען שוחט זיין זון ר' אייזיק דער צווייטער (פאַמיליען-נאָמען העללער), ער איז געווען באַוווּסט אַלס איינער פון די ערשטע טריסקער חסידים און אַ חשוב ביים טריסקער מגיד ר' אברהמלע טווערסקי זצ"ל. ביי זיין לעבן האָט מען אויפגענומען אַלס שוחט זיין זון ר' אַברהם, וועלכער איז געשטאָרבן פון כאָלערע יום-כיפור אין יאָר תרנ"ג. געשען איז דאָס אויף אַ זייער טראַגישן אופן. שטייענדיק ביים עמוד ווי אַ בעל-תפילה, האָט ער אינמיטן כל-נדרי, אַ זאָג געטאָן, אַז ער פילט זיך עפּעס נישט גוט און נישט פאַרענדיקנדיק די תפילה איז ער אַוועק אַהיים. אין דער זעלבער נאַכט איז ער נפטר געוואָרן, זיין טויט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם.

אויסער דעם וואָס ער איז געווען באַוווּסט אַלס שו"ב מומחה ומצוין, האָט ער זיך אויך אויסגעצייכנט אַלס איינער פון די בעסטע בעלי-תפילות אין וואָלין. זיין מתיקות אין דאַווענען האָט שטענדיק צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, אַזוי, אַז דער בית המדרש ווו ר' אברהם שו"ב ע"ה (מיין פעטער), האָט געדאַוונט איז שטענדיק געווען געפּאַקט מיט מתפּללים.

זיין פּלאַץ אַלס שוחט האָט פאַרנומען זיין ברודער (מיין פאָטער) ר' יהושע העללער ז"ל. ער איז געווען זייער אָנגענומען און באַוווּסט אַלס חריף ובקי ומעורב בין הבריות און ווען ער פלעגט לערנען שבת ביי־טאָג זיין בלאַט גמרא, איז געווען אַ גרויסער עולם, וואָס האָט הנאה געהאַט פון זיין הסברה. ער איז נפטר געוואָרן, ראש חודש אב, אין יאָר תרע"ו אין קאָברין.

דער זיידע ר' אייזיק האָט נאָך געלעבט נאָכן טויט פון זיינע זין ר' אַברהם און ר' יהושע ז"ל. ר' אייזיק ע"ה האָט געהאַט נאָך צוויי זין. איינער, דער באַוווּסטער שוחט ר' וועלוועלע, וועלכער וווינט מיט זיין פאַמיליע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין דענווער, קאָלאָראַדאָ. ער איז איינער פון די ערשטע פּיאָנערן, וואָס זיינען אַריבערגעקומען קיין דענווער און איז דאָרט דער עלטסטער שוחט. ער האָט נאָך זיין קבלה באַקומען פונעם בריסקער רב, דעם באַוווּסטן ר' חיימל סאָלאָווייטשיק זצ"ל, ער איז איינער פון די גרינדער פון דער חברה ש"ס אין דענווער אין יאָר תרנ"ג און איז סעקרעטאַר פון דער חברה זינט דאַן. דער צווייטער זון, ר' אייזיקס איז געווען דער באַוווּסטער ר' אהרן (אַרטשיק) סופר. ער איז געווען אַ מומחה אין זיין פאַך. פאַר זיינע ספרי תורות וואָס ער פלעגט שרייבן, האָט ער שטענדיק באַקומען באַצאָלט דעם העכסטן פּרייז. אויסער דעם איז ער געווען אַ וווּנדערלעכער בעל-תפילה, ער האָט געהאַט אַ קרעפטיקע טענאָר-שטימע און פלעגט באַצויבערן דעם עולם מיט זיין מלכות, זכרונות, שופרות ראש השנה און יום כיפור ווען ער פלעגט דאַווענען אין טריסקער שטיבל אין ראַטנע. ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך אויך באַשעפטיקט מיט זיין מלאכת הקודש. ער איז נפטר געוואָרן אין דענווער כח' שבט תרע"ז. זיין פרוי ברײנע־רחל איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר פריער אין ראַטנע.

זיינע צוויי זין אברהם און לוי העללער און א טאָכטער חנה לאה, וווינען מיט זייע־רע פאַמיליעס אין דענווער, קאָלאָראַדאָ.

אין יאָר תרכ״ו איז אויפגענומען געוואָרן אַלס שוחט אין ראַטנע דער באַ־וווסטער ר׳ שלמה יואל ז״ל בן ר׳ יעקב מקרעמעניץ, אַ מופלג ובקי בהלכות שחיטה און אַ גוטער בעל־תפילה. דער ניסכיזשער רבי האָט געהאַט וועגן אים די בעסטע מיינונג און זיך אויסגעדריקט צו די ראַטנער בעלי־הבתים בזה הלשון:

— איך האָב אייך געגעבן אַ שוחט, הגם נישט מיינער אַ חסיד. ר׳ שלמה יואל איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרס״ח, זיין פּלאַץ אַלס שוחט האָט פאַרנומען זיין זון ר׳ אברהם, אַ איש ישר ומצוין במעלות ומידות. ער איז געווען פון די לעצטע ראַטנער שוחטים, צוזאַמען מיט מיין שוואָגער ר׳ אלתר ישעיהו גאָלדבערג, וועלכער איז אומ־געקומען צוזאַמען מיט אַלע ראַטנער קדושים י״ג אלול תש״ב. ר׳ אברהם שוב איז אומגעקומען דורך די באַוווסטע רוצחים, די באַלאַכאָוויצעס, ערב ראש השנה סוף תר״פ ביי זיך אין הויז.

דער עלטער זיידע ר׳ ברוך שו״ב, וועמען מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, האָט געהאַט אַ ברודער ר׳ לייבעלע, וועלכער איז געווען שוחט אין קאָוועל און פון אים האָט געשטאַמט די גאַנצע שוחטים - משפחה אין קאָוועל. ר׳ לייבעלעס איידעם איז געווען דער באַוווסטער דיין אין טריסק ר׳ זכריהו ראָזענפעלד, וועלכער האָט נאָכדעם עמיגרירט קיין אַמעריקע און פאַרנומען אַ וויכטיקע רבנות־שטעלע אין דער שטאָט סט. לואיס. איינער פון די ראַטנער שוחטים איז געווען דער חשובער ר׳ שלום הינדיך. ער איז געווען שוחט צו דער זעלבער צייט מיט מיין פאָטער ר׳ יהושע און אברהם קאָן. ער איז געווען אַ סטעפּינער חסיד און נאָכדעם עמיגרירט מיט זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע און זיך אַ סך יאָרן פאַרנומען מיט מלאכת הקודש אין דענווער, קאָלאָראַדאָ.

## דער ראַטנער דיין

גאָר אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון ראַטנע, האָט פאַרנומען דער שטאָט־דיין ר׳ יוסף לייבעלע זצ״ל, אַ זון פון ר׳ יענקעלע דיין זצ״ל. ער איז געווען זייער באַליבט ביי אַלעמען און איז געווען אַ גרויסער למדן וחריף אין ש״ס ופוסקים. קיין געלט האָט ביי אים בכלל נישט געהאַט קיין חשיבות און לויט ווי חסידים האָבן דערציילט, האָט דער רבי שטאַרק געהאַלטן פון אים און מיט ליבשאַפט אים גערופן „מיין יוסף לייב״, ער איז געווען אַ אוהב ישראל און זיך פּשוט מוסר נפש געווען פאַרן כלל ישראל.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען אַ מערקווירדיקע פּאַסירונג, וואָס איז פאָרגע־קומען אין ראַטנע פאַר דער פטירה פון באַליבטן דיין ר׳ יוסף לעבעלע. אין ראַטנע איז דאַן אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון דיפטעריט ביי קליינע קינדער און היות ווי די מעדיצין איז נאָך דאַן אין אייראָפּע געווען ווייניק אַנטוויקלט און גאַנץ באַזונ־דערס אין ראַטנע, ווו אויסער ר׳ שכנא רופא, איז קיין דאָקטער נישט געווען, איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז ס׳האָבן געפעלט די מיטלען אָפּצושטעלן אָט די שרעקלעכע קינדער מגפה און די שטערבלעכקייט צווישן די קליינע אומשולדיקע קינדערלעך איז שטאַרק געשטיגן. אינעם דאָזיקן פאַרצווייפלטן מאָמענט האָבן ראַטנער יידן זיך גענומען צו זייער אַלטן מיטל: תפילה טאָן בציבור, און די גרויסע שיל איז געווען געפּאַקט פון מענער און פרויען, יונג און אַלט. מען האָט געזאָגט תהילים מיט גרויס כוונה און אויך די ספּעציעלע תפילה לתחלואי ילדים. די געוויינען און געשרייען סיי פון די יעניקע ביי וועמען די מגפה האָט אַוועקגעריסן איין קרבן אָדער צוויי, און

סיי פון די יעניקע, וואס האבן געציטערט פארן לעבן פון זייערע קליינע עופהלעך איז געוועזן שרעקלעך. אבער מער ווי אויף אלעמען אין שטאט, האט די ערנסטע לאגע געווירקט אויף דעם ראטנער דיין. ער איז ארומגעגאנגען זייער מעלאנכאליש. עס איז געוועזן קענטיק, אז ר׳ יוסף לייבעלע, קלייבט זיך עפעס צו טאן כדי אפצושטעלן די מגפה, ויאמר לאשחית: הרף! (און ער האט געזאגט צום משחית: הער אויף!) און אט וואס עס האט פאסירט:

אין א שיינעם פרימארגן פאר סוכות, ווען ר׳ זעליק דער מלמד איז געקומען דער ערשטער צום מנין אין סטעפינער שטיבל, איז ער געבליבן שטיין א פארציטערטער ביי דער טיר און נישט געקענט ווייטער גיין: אויף דער בינע ביים אפענעם ארון קודש, איז ר׳ יוסף לייבעלע דיין געלעגן אויסגעצויגן הענט און פיס און האט תפילה געטאן און הויך אויפן קול געשריען! — אב הרחמים! האב רחמנות אויף די קדשים, די אומשולדיקע קליינע קינדערלעך, וועלכע האבן נאך גארנישט געזינדיקט.. יוסף לייב דיין קנעכט האט שוין גענוג געלעבט און איז גרייט צו זיין א קרבן פאר אלע קליינע קינדערלעך.

די מגפה איז ענדלעך אפגעשטעלט געווארן און ר׳ יוסף לייבעלע איז פלוצים ערנסט קראנק געווארן. מען האט אין אלע בתי־מדרשים תפילה געטאן און געבעטן פאר זיין לעבן. דעם ערשטן טאג סוכות, איז דעם חולה ערגער געווארן, גאנץ פרי האבן זיך אלע פארזאמלט אין הויז פונעם קראנקן, די יעניקע, וועלכע האבן נישט געקענט אריינקומען אינעווייניק זיינען געשטאנען אין דרויסן און געזאגט תפילה אונטערן פרייען הימל, בייטאג האט דער מארטירער־חולה אויסגעהויכט זיין לעצטן אטעם. ער איז צו קבורה געקומען אינעם זעלבן אוהל, ווו זיין פאטער ר׳ יענקעלע זצ״ל, איז פריער נקבר געווארן.

אויף דעם אוהל פון פאטער און זון, פלעגן ראטנער יידן קומען אויסגיסן זייערע פארביטערטע הערצער, און איבערלאזן זייערע בקשה־קוויטלעך אין דעם אוהל פון די צוויי צדיקים.

## דעם ניסכיזשער רבינס דירות

ראטנער יידן פלעגן מיט שטאלץ ריידן וועגן די דירות פון ניסכיזשער רבין ר׳ יצחקל זצ״ל, וועלכע זיינען געשטאנען ביי דער זייט פון סטעפינער שטיבל. מיין זיידע ר׳ אייזיק שוחט ע״ה האט דעם ניסכיזשער געקענט פערזענלעך און ער האט מיר דערציילט, אז דער רבי פלעגט קומען קיין ראטנע און איינשטיין אין זיינע דירות 4־5 חדשים אין יאר. שפעטער, נאך זיין פטירה, פלעגט אין יענע דירות דער אלטער ר׳ יחיאל מאכן קופערטס. אט דער ר׳ יחיאל איז געוועזן אין זיינע יונגע יארן א משמש ביים ניסכיזשער, און היות ווי דער רבי האט נישט איבערגעלאזט קיין קינדער, פלעגט מען דערציילן, אז ר׳יחיאל האט געירשנט א גרויס פארמעגן פון דעם רבין, און דאך איז ר׳ יחיאל געשטארבן א גרויסער ארעמאן און מער ווי די ליידיקע קופערטס איז נישט פארבליבן פאר זיין טאכטער און איידעם.

ס׳איז כדאי צו דערמאנען, אז אין ראטנע איז אויך געוועזן א חברה ש״ס, און דער ניסכיזשער איז דארט געוועזן איינגעשריבן אלס חבר. אין דער הקדמה פון פנקס, האט דער ניסכיזשער צדיק אנגעשריבן מיט זיין כתב יד, אז ער איז א מיטגליד פון דער חברה בזה ובבא (אויף דער וועלט און יענער וועלט).

אברהם באַרג

# דער אַנאָנימער קינסטלער

דער הענג-לייכטער אין דער גרויסער קאַלטער שול אין ראַטנע, וואָס איז פאַר־ברענט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז געווען אַן עכט קונסטווערק. און געווען איז ער געמאַכט פון בלויז האָלץ. אויסגעזען האָט ער ווי אַ היינטיקער צעפּעלין, מיט דעם אונטערשייד, וואָס אַ צעפּעלין פליט אין דער ברייט און דער הענג-לייכטער איז געהאַנגען אין דער לענג.

אויפן שפּיץ האָט דער הענג-לייכטער געהאַט אַ בלויען אדלער, צו וועלכן עס איז געווען צוגעפּעסטיקט אַן אייזערנע קייט, אויף וואָס דער הענגלייכטער איז גע־האַנגען אין מיטן שול איבער דער בימה.

די אַלע 368 ליכט, ווי די ווערטער „דוד בן ישי" באַטרעפן, האָט מען אין אים אָנגעצונדן צוויי מאָל אין יאָר — שבת בהעלותך, ווייל ער איז צופעליק פונקט דאַן פאַרטיק געוואָרן און דעם צווייטן טאָג שבועות, דער יאָרצייט פון דוד המלך.

אומגעפער איז דאָ 80 יאָר פון דאַן, ווען דאָס שיינע קונסטווערק איז געמאַכט געוואָרן. מיר, ראַטנער יידישע איינוווינער, פלעגן זיך אומעטום באַרימען און שטאָל־צירן מיט דער שיינער שול און איר קינסטלעריש געשניצטן ארון קודש מיטן שיינעם הענג-לייכטער וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. דאָס איז געווען אונדזער ראַטנער סימ־באָל. וואָס פאַר אַ פרעמדער מענטש ס'זאָל נישט קומען אין שטעטל איז דאָס ערשטע געווען — קומען און אָנקוקן דעם וואונדער — די שול מיט אירע קונסט-ווערק און אַר־נאַמענטן אינעווייניק. דער הענג-לייכטער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון קליינע טיילן. ער איז געווען געפאַרבט ווייס-ליכטיק בלוי. דער קינסטלער האָט אים נישט געפאַרבט מיט אַ פענדזל נאָר מיט די פינגער.

דער קינסטלער איז געווען אַן אומבאַקאַנטער פרעמדער ליטווישער ייד. דער זעלבער ייד האָט צוריק מיט אַ 30 יאָר אין דער זעלביקער שול אויפגעבויט דעם ארון קודש. אַן ענלעכן ארון קודש האָט ער אויך געמאַכט אין דער שטאָט קאָברין. נישט קוקנדיק אָבער אויף זיין גרויסן טאַלאַנט איז ער געווען אַ ביטערער אָרימאַן. דאָס צווייטע און לעצטע מאָל פון זיין קומען צו אונדז אין שטעטל איז ער שוין גע־ווען אַן אַלטער, צעבראָכענער מענטש. ער איז געזעסן נעבן דער וואַרימער הרובע אין בית המדרש אין אַ קאַלטן ווינטער-אָוונט און מענטשן האָבן אים אָנגענומען פאַר אַן אָרימאַן. דער איינציקער, וואָס האָט אים דערקענט איז געווען מיין זיידע נח ע"ה. ער איז צו אים צוגעקומען און אים געפרעגט, צי איז ער נישט דער, וואָס האָט צו־ריק מיט 30 יאָר געמאַכט דעם ארון קודש אין דער גרויסער שול. דער זיידע האָט דאַן צוגערופן די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפינען אין שול און זיי דערציילט, ווער דער אַלטער ייד איז און וואָס פאַר אַ קינסטלער ער איז. דער ייד האָט דאַן פאַרגע־לייגט צו מאַכן פאַר דער שול אַ הענג-לייכטער. ער האָט אַפילו געדענקט, אַז אויפן שול-בוידעם זיינען געבליבן ליגן אַ סך ברעטער נאָך פון יענער צייט, ווען ער האָט געבויט דעם ארון קודש, וואָס וועלן איצט נוצלעך זיין פאַר דער אַרבעט.

דער אַלטער ייד האָט נאָר פאַרלאַנגט אַז מ'זאָל אים געבן עסן און אַן אָרט, ווו

צו לייגן דעם קאָפּ. מ׳האָט אים באַשטעלט „טעג״ צווישן די שטאָט־באַלעבאַטים און געשלאָפן איז ער אין בית המדרש אונטערן אויוון.

פאַר אַ געהילף צו דער אַרבעט האָט מען אים געגעבן מיין טאַטן ע״ה, וואָס איז שוין דאַן געווען אַ יונגער סטאָליאַר. די אַרבעט האָט מען צוגעגרייט אין דעם אַלטן „בוקר״ (אַ מין שטיבל ביי דער זייט פון גרויסן בית המדרש).

און נישט קוקנדיק, וואָס ער איז געווען אַזאַ גרויסער קינסטלער און האָט אַמאָל אויפגעבויט די שול מיטן קינסטלערישן ארון קודש און יעצט מאַכט ער דעם הענג־לייכטער נאָר פאַרן עסן, — האָט מען אים אין שטעטל פיינט געהאַט. די סיבה איז געווען דאָס, וואָס ער האָט פיינט געהאַט די „גוטע יידן״, די רביים. ער פלעגט פון זיי אָפּלאַכן און דערציילן פאַרשידענע אַנעקדאָטן.

אַז ס׳פלעגט שוין קומען אַמאָל אין שטעטל אַ רבי, האָט ער זיך אין רוסיש אויסגעדריקט: „וואָן טשאָרט פּריניאָס ראַבין״ (דער טייוול האָט שוין געבראַכט אַ רבין). דאָס שטעטל איז געווען אַ חסידיש, האָט מען אים דערפאַר פיינט געהאַט.

ער האָט אָבער ניט דערלעבט דעם הענג־לייכטער צו ענדיקן. עטלעכע טעג פאַר דעם איז ער געשטאָרבן. און מיין פאָטער האָט אים פאַרענדיקט און אָנגעשריבן אויף אים דעם טאָג, ווען ער איז געשטאָרבן.

מ׳האָט געשמועסט, אַז ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג און מענטשן האָבן דאַן געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַן עונש פאַר זיין רעדן אויף רביים. מ׳האָט אים מקבר געווען אויפן אַלטן הייליקן אָרט. מיין טאַטע ע״ה האָט מיר אַמאָל אָנגעוויזן זיין קבר, אויף וועלכן ס׳איז אָנגעשריבן אַז ס׳ליגט דאָרט דער עלנטער ליטווישער ייד, וואָס האָט געבויט די שול, דעם ארון קודש און דעם הענג־לייכטער. און שוין אין יענע אַלטע צייטן, ווען מ׳האָט נאָך נישט געוווּסט וועגן קבר פון אומבאַקאַנטן סאָל־דאַט, איז שוין אין ראַטנע געווען אַ קבר פון אומבאַקאַנטן ליטווישן יידן, פון דעם אַנאָנימען קינסטלער.



יעקב ראַג

# צוויי חברות

## די חברה קדישא

יעדעס יאָר ווען עס איז געקומען ט"ו כסלו האָבן זיי געמאַכט אַ תענית. אַלע מיטגלידער פון דער חברה קדישא זיינען זיך צונויפגעקומען אין גרויסן בית־המדרש און האָבן געדאווענט צוזאמען און משה דער חזן האָט געזאָגט סליחות. נאָכן דאווענען זיינען אַלע אַוועקגעפאָרן אויף דעם הייליקן אָרט און אַזוי ווי דער טאָג איז געווען קליין האָבן זיי קומענדיק פון הייליקן אָרט זיך ווידער פאַרזאַמלט אין בית המדרש. נאָך מעריב האָבן זיך אַלע צוזאַמענגענומען אין סטאָלינער שטיבל און אויסגעזעצט זיך ביי די גרויסע טישן און מען האָט אָנגעהויבן פראווען די גוטע וועטשערע. דער אָוונט איז אָבער נישט געווען בלויז אויף צו עסן און פאַרברענגען, נאָר עס איז אויך געווען אַ מין סאָרט גענעראל פאַרזאמלונג, ווען מען האָט אויסגעקליבן נייע גבאים, אַריינגענומען נייע מיטגלידער, מען האָט, ווי יעדעס יאָר גערעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף זען, אַז דער פּאַרקן זאָל זיין גאַנץ כדי די גויים זאָלן נישט אַריינלאָזן זייערע בהמות זיך פּאַשען און נאָך פאַרשידענע זאַכן. אויך האָט מען אויסגעקליבן מתעסקים וועלכע זאָלן זיך פארנעמען מיטן מת. עס איז געווען איינגעפירט, אַז יעדער מיטגליד האָט געהאט אַ חודש, וואָס ווען עמיצער איז געשטאָרבן האָט ער געמוזט משלים זיין צום מנין. אָן קיין מנין האָט מען קיינמאָל נישט באַהאַלטן קיין מת. ווען עס איז אפילו אויסגעפאַלן אין מיטן דער נאַכט און אין די גרעסטע פרעסט. ווען עס איז געשטאָרבן אַ מיטגליד פון דער חברה זיינען אַלע מיטגלידער געווען מחויב צו פאָרן אויף דעם הייליקן אָרט. דוד גרינשטיין און יעקב לייב קעמפּפער זיינען געווען שטענדיקע גבאים (דאָס קען הייסן: פּרעזידענט און וויצע) זיי האָט מען קיינמאָל נישט געקליבן.

האָט זיך אַמאָל געמאַכט אַז עס האָבן זיך פאַרזאמלט אַ גרופּע יידן מיט בערל דעם קירזשנער און לוי־יצחק זעליקס בראש און זיי האָבן געשאפן אַ „לינת הצדק". אָבער עס האָט ביי זיי געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ צווייטער חברה קדישא און

זיי האָבן געוואָלט זיין די בעל־הבתים פון דעם הייליקן אָרט און עס איז געוואָרן אַ רייסעניש צווישן דער אַלטער חברה מיט דער נייער ווייל די נייע האָבן פּראָטעס־טירט פאַרוואָס דוד גרינשטיין ־איז שטענדיק דער גבאי ראשון און מען קלייבט קיינמאָל נישט קיין צווייטן. אָבער אַזוי ווי ביי אונדז אין שטעטל האָט קיינמאָל נישט געקענט אָנהאַלטן קיין מחלוקת זיינען טאָקע אויף אַזאַ אופן זיך צונויפגע־קומען ביידע חברות און געשלאָסן שלום מיט דעם באַדינג, אַז מען זאָל צוגעבן 4 גבאים צו דוד גרינשטיין און ס'איז געוואָרן פריילעך. מען האָט זיך געווונטשן „בלע המות לנצח". און פון דעמאָלט אָן האָט מען יעדעס יאָר געקליבן אַנדערע 4 גבאים און דוד איז שטענדיק געווען דער גבאי הכולל.

די לעצטע גבאים זיינען געווען רב יעקב בר' משה מענדעלסאָן (רחלקעס איידעם), ר"ב יצחק ב'ר ישראל כהן, ר"ב יצחק צבי ב'ר שמואל ראג און ר"ב אליעזר ב'ר נתן דוד בורשאַנקער. זיי האָבן געהאַט אויף זיך פאַרשידענע אויפגאַבן. עס געדענקט זיך אַ פאַל ווען עס איז געשטאָרבן יהושע פּוגאַטש. ער איז געשטאָרבן פון פלעק־טיפוס, (עס איז דאַן געווען פאַר די דייטשן. די חברה קדישא איז געווען צעפאַלן, דער פּינקס איז פאַרברענט געוואָרן). ער האָט דאַן געוווינט ביי כמעלירן אין שטוב אויף דער הוליאַנקע גאַס. די דייטשן האָבן געהאַלטן וואַך. צוויי טעג האָבן זיי אינגאַנצן נישט צוגעלאָזט און ווען מען האָט זיך שוין אויסגעסטאַרעט ביי דער מאַכט, אַז מען זאָל אים לאָזן צונעמען איז ערשט דאַן נישט געווען ווער עס זאָל מיט אים זיך פאַרנעמען. קיינער האָט נישט געוואָלט. מען האָט מורא געהאַט אַז מען וועט זיך אָנשטעקן און עס איז געווען אַ ריזיקע, אַז די דייטשן זאָלן דערנאָך נישט פאַרשפּאַרן אין שטוב, איז געקומען צו לויפן ליבער קאַרש צו מיין טאַטן ע"ה אַז ער זאָל ווירקן אויף עמיצן, אַז מען זאָל אים טאָן דאָס „רעכט". האָט דער טאַטע געענטפערט, אַז ער וועט קיינעם נישט שיקן, נאָר אויב ר"ב יצחק שראַלים וועט גיין מיט אים וועלן זיי ביידע זיך מתעסק זיין מיט אים. איז ליבער קאַרש אַוועקגע־לאָפן און איז גלייך געקומען מיט ר"ב יצחק שראַלים און זיי האָבן זיך ביידע מיט אים מתעסק געווען. איך געדענק אַז דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען שיער נישט קראַנק געוואָרן, זיי האָבן געמוזט אויסגיסן אויף די הענט צוויי ליטער שפּירט, ער האָט געזאָגט מיט די ווערטער: „שלוחי מצוה אינן ניזוקין". און פון דאַן אָן האָבן זיך די יידן פון שטעטל צונויפגעזאַמלט ביי ר"ב מאיר שמואל מאַרדער אין שטוב און אויפדאָסניי אָרגאַניזירט די חברה. אָבער עס איז נישט געווען דער זעלבער גלאַנץ וואָס פריער. אַזוי איז דאָס אַנגעגאַנגען ביז דער שונא נומער איינס האָט אומגע־בראַכט דאָס גאַנצע שטעטל און זיי זיינען אַפילו צו קיין קבר ישראל נישט געקו־מען. כבוד זייער אָנדענק!

## די חברה ש"ס

ביי דער חברה ש"ס אין ראַטנע וואָס האָט עקזיסטירט פיל יאָרן איז געווען איינגעפירט, אַז יעדעס יאָר אין דעם חודש שבט ווען יעדער מיטגליד האָט געענ־דיקט זיין גמרא וואָס מען האָט אים אַרויסגעגעבן האָט מען געמאַכט אַ סיום השם. די גבאים האָבן אָפּגעלערנט דעם לעצטן דף גמרא, אַלע האָבן געענטפערט, „הדרן עלך" און אַזוי ווייטער. דערנאָך האָט מען געטרונקען לחיים און מען האָט זיך אויסגעזעצט ביי די טישן צו דער סעודה. נאָך צוריק מיט אַ פּאָר טעג פלעגט שוין חיים, משה דודס צוגרייטן די פיש. חיים משה־דודס (מען האָט אים גערופן חיים סאָכיי) איז געווען זייער אַ ווילער ייד. ער האָט אַלץ געקענט, ער פלעגט קריצן מצבות, געשריבן טאַבליצעס, און איז אויך געווען אַ מאָלער, נאָר שטענדיק אָן

אָרעמאַן געווען, קיינמאָל זיך נישט אָנגעגעסן מיטן שטיקל ברויט. ער איז געווען אַ טריסקער חסיד און ווען ער האָט גערעדט פון דעם רבין האָט ער שוין ניט געדאַרפט עסן. אַ ייד מיט אַלע מעלות. ער האָט אויך געקענט זיין אַ סאַרווער, האָט ער דערריבער צוגעגרייט די פיש מיטן געבראָטנס און האָט אַכטונג געגעבן אויף די ווייבער וואָס האָבן זיך געפּאָרעט, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין סטאַלינער שטיבל. די גבאים זיינען געווען די, וואָס האָבן דערלאַנגט צום טיש. זיי זיינען געווען דער נערוו פון דער חברה ש"ס. געוויינטלעך האָט מען אויסגעקליבן אַזוינע יידן, וואָס האָבן געקענט גוט לערנען, ווייל נישט די סעודה איז געווען דער עיקר. וואָרום אין דעם אָוונט האָבן זיי געדאַרפט איינטיילן יעדן באַזונדער אַ נייע גמרא צום לערנען און זיי האָבן געדאַרפט קענען יעדן נאָך זיין לומדות כדי צו וויסן וואָס פאַר אַ מסכתא אים צו געבן. ביי דער געלעגנהייט ווען עס זיינען נאָך געווען יידן וואָס האָבן געקענט לערנען און זיי זיינען נאָך נישט געווען איינגעשריבן אין דער חברה, האָבן זיי אין דעם אָוונט געבעטן אַז מען זאָל זיי אריינגעמען. דער פּרייז איז געווען 10 רובל. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געוואָלט צאָלן 50 אָדער 100 רובל, נאָר עס איז געווען איינגעשריבן אין פּינקס אַז סיי אָרעם סיי רייך דאַרפן פריער אויסגעפּאָרשט ווערן גרינטלעך זיין פאַרגאַנגענהייט און אויב עס איז עפּעס געווען אַ חשד האָט ער שוין פאַר קיין געלט ניט געקענט אריינגענומען ווערן. אויך איז געווען איינגעפירט, אַז ווער עס האָט נישט געקענט אָפּלערנען קיין בלאַט גמרא האָט מען אים נישט אריינגענומען, האָט ער געמעגט זיין דער רייכסטער. אויף איין אָוונט, געדענק איך, ווי מען האָט די תקנות איבערגעמאַכט און מען האָט שוין אָנגעהויבן אריינגעמען די וואָס קענען קוים אַ פּרק משניות.

דאָס איז געווען אין דער צייט וואָס עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן די גבאים ר"ב יצחק ב"ר ישראל כהן, ר"ב אליעזר ב"ר נתן דוד בורשאַנקער, ר"ב יצחק צבי ב"ר שמואל ראג, ר"ב זעליג מלמד ב"ר עזריאל, ר"ב יעקב ב"ר משה מענדלסאָן (רחלקעס איידעם) און ר"ב דוד אהרן ב"ר חיים שאַפּירא. אָט־די אַלע גבאים האָבן אויסגעפירט די מלאכת הקודש אין גאַנצן לשמה. זיי האָבן גאָרנישט נהנה געווען פון דעם.

אויך וויל איך דאָ דערמאָנען אַז אויף דער סעודת מיצווה האָט מען נישט גענומען קיין געלט פון דער שטאָט. פיל יידן פלעגן שענקען געלט. אַזוי געדענק איך ווי דוד־אהרן שאַפּיראָ פלעגט שענקען עטלעכע פעסעלעך ביר און אויך אַנדערע. דאָס געלט, וואָס פלעגט אַריינפאַלן פון די נייע איינגעשריבענע פלעגט גיין אויף צו קויפן נייע גמרות און צו פאַריכטן די אַלטע. אויך וויל איך דאָ דערמאָנען אפרים סליוזקע, דער איינבינדער, וואָס פלעגט איינבינדן דאָס ש"ס און נעמען אַ העלפט פון דעם פּרייז, וואָס ער האָט געדאַרפט נעמען. אַזוי זיינען יידן געזעסן און געלערנט. ווער געדענקט נישט די פרייד ווען די גבאים פלעגן זיך אָוועקזעצן אויך עפּעס נעמען אין מויל, ווען אַלע זיינען זיך שוין צעגאַנגען. עס איז דאָרטן אויסגעלערנט געוואָרן די גאַנצע תורה. און אַזוי ווי די ראַטנער יידן האָבן געלערנט די תורה לשמה אַזוי זאָל זייער אָנדענק בלייבן אויף שטענדיק. ווי די תורה ווערט נישט פאַרגעסן אַזוי זאָלן זיי נישט פאַרגעסן ווערן אויף אייביק.

יעקב ראַג

# משה דער חזן אין דער ראַטנער שול

ווען עס איז אָנגעקומען דער חודש אלול, פלעגט לייבל דעם חזנס אייניקל קומען אָנזאָגן, אַז דער זיידע האָט אים געשיקט צונויפצורופן אַלע משוררים, ווייל מען דאַרף שוין אָנהייבן איינזינגען די ערשטע סליחות. פלעגן מיר זיך דאַן צונויפקומען יעדן אָוונט צום חזן אין קליינעם צימערל, וואָס ער האָט באַוווינט ביי אייזיק קאַפּטשיק. און ווען עס איז געקומען דער שבת פאַר די ערשטע סליחות, פלעגן מיר די נאַכט איבערנעכטיקן ביים חזן, ווייל מיר פלעגן זאָגן סליחות פאַרטאָג אין דער שול. די נאַכט זיינען מיר נישט געשלאָפן, ווייל עס איז נישט געווען ווו און אויב עמיץ האָט זיך שוין יאָ אָפּגעזוכט אַ ווינקל, האָט די חברה אים נישט געלאָזט איינשלאָפן. זיי פלעגן שפּריצן וואַסער און געמאַכט אַזוינע קונצן, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען איינצושלאָפן. דער הויפּט-קונצנמאַכער איז געווען יהושע לייבלס. אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט די וואָך-נאַכט ביז חיים דער שמש האָט געגעבן דעם ערשטן קלאַפּ אין לאָדן און עס איז געוואָרן אַן איילעניש. יעדער האָט זיך גענומען גרייטן און שווענקען דעם האַלדז, כדי ער זאָל קענען בעסער זינגען.

און אָט זיינען מיר שוין אַלע אין שול. עס איז אַביסל קאַלט, מען כאַפּט אַ ציטער. באַלד האָט זיך דער חזן איבערגעדעקט מיטן טלית און גענומען זאָגן אשרי. מיר זינגען מיט אים דעם קדיש און דער עולם הייבט אָן צו זאָגן די סליחות. דער חזן מיטן כאָר זינגען לכו נרננה, די אַלטן זינגען צדק ומשפּט, די סאָפּראַנען זינגען דעם הנשמה לך והגוף שלך און ווען עס קומט צו דעם הנשמה לך והגוף שלך, צעוויגט ער זיך שטאַרק און ער ענדיקט דעם וסלחת לעונינו כי רב הוא מיט אַ גרויסן זיפץ. און ווען עס קומט צו „רצה עתירתם בעמדם בלילות”, הייבט ער אָן שטאַרק צו וויינען און דער עולם ווערט מיטגעריסן מיט זיין געוויין און פון אַלע זייטן שול הערט זיך: אַ כליפּעריי. ביי שמע קולנו צעוואַרעמט ער אַזוי דעם עולם, אַז עס ווייזט זיך אויס, אַז אַלע יידן אין שול האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן אין איין גוף און פון אַלעמען הערט זיך איין געשריי און די טרערן רינען ווי קוואַלן וואַסער.

ערב ראש השנה. אַלע משוררים גייען לויט דער טראַדיציע צום גבאי פון דער שול נאָך צוקער. דער גבאי איז געווען דוד דער קרומער. פלעגט ער זיך נעמען דינגען מיט אונדז און זאָגן: וואָס, צוקער ווילט איר און קיין סמאַלע קענט איר נישט טרינקען? דערהערנדיק פון אים אַזעלכע רייד, ווערן מיר אין כעס און גייען אַלע אַוועק דראָענדיק אים, אַז דעם ראש השנה וועט קיינער פון אונדז נישט זינגען. דעמאָלט רופט ער אונדז צוריק און פרעגט אונדז: וויפל זענט איר? ענטפערן מיר אים, אַז מיר זיינען צען פאַרשוין. און ער זאָגט, אַז ער וועט געבן צוקער נאָר פאַרן קליינוואַרג, אָבער די גרויסע, עס מאַכט נישט אויס, זיי קענען זיך באַגיין אָן צוקער. ווילן אָבער נישט די קליינע משוררים אַליין נעמען, זיי ווילן, נאָר אז מען זאָל אַלעמען געבן. דאַן רופט ער אַרייז פנחס דעם קרעמער און הייסט אים געבן 10 פונט צוקער פאַר אַלע.

ראש השנה ווען מען נעמט לייענען די תורה, גייען מיר אַלע צום חזן אין שטוב

און מיר טרינקען זיך אָן מיט טיי און דערנאָך גייען מיר צוריק אין שול, יוען דער חזן זינגט שוין אוים אשרי העם יודעי תרועה.

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז דער חזן איז געווען אַ גרויסער קענער פון נאָטן און אויך אַ גרויסער תלמיד חכם. יעדן יאָר פלעגט ער צוטראַכטן זיינע זאַכן צום זינגען. איין מאָל האָט ער געמאַכט אַ נייעם ונתנה תוקף; אַ צווייט מאָל אַ נייעם היום הרת עולם, אַ דריט מאָל אַ נייעם אתה נגליתה. די שול־יידן פלעגן אָנקוועלן פון אים און פאַר דעם אַלעם פלעגט ער קריגן זעקס גילדן אַ וואָך פון מאיר שמואלן פון די הייוון. קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן ווי זיין הארץ איז געווען אָנגעווייטיקט. דעריבער פלעג ער ביים דאַווענען אויסגיסן זיין גאַנץ ביטער הארץ.

ערב יום־כיפור פאַרנאַכט. אַלע יידן פון שטעטל גרייטן זיך צום יום הדין וואָס קומט אָן. משה דער חזן זיצט און לערנט די מסכתא יומא. אָט ווערט שוין פינצטער־לעך, די זון נידערט שוין אַראָפּ פון די שפּיצןביימער און מיטאַמאָל ווערט די שול אָנגעפּולט מיט אַלט און יונג. די ווייבערישע שול איז אויך געפּאַקט מיט פרויען און קינדער. חיים דער שמש צינדט אָן די גאַזאָלין־לאָמפּן, עס ווערט ליכטיק ווי אין אַ בית המקדש. דער ארון קודש בלענדט מיט אַלערליי שניצערייען פון אויסערגע־וויינלעכער קונסט־אַרבעט: אהרן הכהן שטייט מיט פונאַנדערגעשפּרייטע הענט און בענטשט דאָס פאָלק; משה רבינו האַלט דעם לולב און דער אתרוג, צוויי קליינע פיי־געלעך שפּרייטן אויס זייערע פליגעלעך איבער די צוויי לוחות; איבער דיביידע מזרח־ווינקלען שטייען די צוויי ביימער: דער עץ־החיים און דער עץ־הדעת, אין דער מערב־וואַנט שטייט דער שור הבור און דער לויתן. די סטעליע אויסגעאַרבעט מיט אַלע מוזיק־מכשירים וועלכע האָבן זיך געפונען אין בית המקדש. עס איז זייער ליב־טיק. דער הענג־לייכטער הענגט איבער דעם גרויסן בעלעמער, די אָדלערס וואָס גייען אַרויס פון אים האַלטן אין מויל גרויסע צווייגן מיט וויינטרויבן און אויף די קעפּ פון די אָדלערס געפינען זיך רערלעך פון די ליכט (עס איז אַריינגעגאַנגען אין די רער־לעך די צאָל ליכט, וואָס עס באַטרעפט דוד בן ישי), דער בעלעמער מיט די גרויסע טרעפּ פון ביידע זייטן אַרומגעצוימט מיט שיינע שטאַכעטן. אַרום און אַרום בעלע־מער איז אָנגעפילט מיט שטעטלשע קריסטן, וואָס זיינען געקומען הערן כל נדרי. דער אַלטער חזן גייט אַרויף אויף די טרעפּ צום ארון קודש, אָנגעטאָן אין זיין ווייסן קיטל און ווייסע זאָקן, דער טלית אַריבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ, אַז מען זעט זיין פּנים נישט אַרויס און מיטאַמאָל גיט ער אַ געשריי אַרויס: אור זרוע לצדיק! דער עולם ווערט מיטגעריסן און הייבט אָן צו וויינען. דער חזן גייט צו צום עמוד און הייבט אָן זאָגן כל נדרי. אין דער שול איז זייער שטיל, אַז עס הערן זיך די שטילע קרעכצן.

עס מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ביי דער ראַטנער יוגנט איז געווען אַ טראַ־דיציע צו זינגען ביים חזן. אַזוי געדענק איך ווי עס האָבן געזונגען יעקב ליבערמאַן, בצלאל יהושע דעם שוחטס, מאָטל גינזבורג, שמואל ראג, הערשל כהן, מרדכי איי־דעס, יהושע לייבלס, אברהם שלום דעם שוחטס, זלמן און יעקב ראג, אברהם אהר־טשיקס, משה און וואלקע קעמפּער, לייבל דעם חזנס אייניקל און וועלוול רייסקע.

דער חזן דאַוונט מעריב און מיר הייבן אָן צו זינגען די יעלות. די שטימען פון די אַלטן און סאָפּראַנען קלינגען אָפּ אין דער הויכקייט פון דער שול. אָפּגעענדיקט דאָס דאַווענען. דער עולם איז באַגייסטערט און דער חזן האָט נאָך נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען אַביסל, האָט אים דער עולם אַרומגערינגלט און געבעטן ער זאָל זינגען דעם אדון עולם, וואָס ער אַליין האָט פאַרפאַסט. ער לאָזט זיך נישט בעטן און רופט אויס: ווו זענט איר קונדייסים? קומט אַהער! און מען זינגט צוזאַמען דעם אדון עולם. נאָך דעם זינגען איז ער נישט מיד צוצוגיין צו דעם קליינוואַרג און זען צי זיי האָבן

אויפגעשטעלט די קעלנערלעך פון זייערע רעקלעך, כדי זיי זאָלן זיך נישט פאַרקילן. איר זאָלט וויסן שקצים, אַז מאָרגן גייט אַ שווערער טאָג, זייט געהיט.

אויף מאָרגן צו שחרית. דער אַלטער זעליק דער מלמד, מיט זיין שוואַרצער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד גייט צו צום עמוד און זינגט אויס דעם „המלך" און דאַוונט שחרית מיט זיין זיסער שטימע. נאָכן שחרית דאַוונען לייענט ר' יצחק צבי די תורה. דער חזן נעמט זיך צום מוסף, ער גייט צום צום עמוד וואָס איז אַרומגעצוימט מיט שטאַכעטן, לייגט אַוועק זיין גרויסן מחזור און הייבט אָן זאָגן: הנני העני ממעש, אָנגעשפּאַרט מיט ביידע עלנבויגנס אויפן מחזור. די טרערן רינען אים פון די אויגן און ווען עס קומט צום וואָרט שדי, גיט ער אַזאַ שפּרונג אַז אַלע דערשרעקן זיך. מען נעמט זאָגן די שמונה עשרה. ווען עס קומט צו ונתנה תוקף עפּנט זיך ביי אים אַ קוואַל פון טרערן. מיר האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן פונוואַנען עס נעמט זיך צו אים אַזויפיל טרערן. ער פירט אַליין אָן מיטן כאָר, די סאָפּראַנען זינגען אויס: וקול דדמה דקה, די אַלטן זינגען: „כבקרת רועה עדרו, יוסף דער באַס זינגט: „בראש השנה יכתבון".

דער חזן זאָגט אַליין ווייטער די תפילות און ווען עס קומט צו היה עם פּיפיות, צעזינגען זיך די באַסן צוזאַמען מיטן חזן און דער חזן מאַכט מיט דער האַנט הורם מה שיאמרו הבינם מה שידברו השיבם מה שישאלו" און ווען מען ענדיקט די תפילה גיט דער חזן אַ געשריי: אתה כוננת און מען הויבט אָן צו זינגען די עבודה. ווען עס קומט צו די עשרה הרוגי מלכות, עפּנט זיך ווידער דער קוואַל פון טרערן און ווען עס קומט צו צום פּסוק פון רבי ישמעאל „להפש"ט עורו מעל פניו וכשהגיע למקום תפילין צרח בקול מר ליוצר נשמתו", האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעך געשריי און ער האָט אָנגעהויבן צו שפּרינגען און דער מחזור איז געוואָרן אינגאַנצן אויס-געווייקט פון זיינע טרערן.

נעילה האָט ער אַליין געדאַוונט אָן דעם כאָר, אָבער ער האָט אַוועקגעגעבן זיינע לעצטע כוחות וואָס ער האָט נאָר געהאַט.

ווען עס איז אָנגעקומען די ערשטע וועלט-מלחמה און ראַטנע איז פאַרברענט געוואָרן איז אויך די שיינע שול פאַרברענט געוואָרן. ר' משה דער חזן האָט נישט געקענט לעבן אָן דער שול און צום יאָר איז אויך ער נפטר געוואָרן. שלום לעפרו.

יהודה בן צבי

# שבתים און ימים־טובים אין שטעטל

צווישן די הונדערטער פאַרניכטעטע יידישע שטעטלעך געפינט זיך אויך אונדזער שטעטל ראַטנע.

דאָס שטעטל, אַרומגענומען מיט אַ גאַרטל פון טייכן און זומפּן, איז געלעגן נידעריק אין שויס פונעם טייך „פּריפּעט". אויך די סביבה אַרום, די אַלע דערפער זיינען געווען אַזעלכע — נידעריקע און מאָגערע. דערפאַר איז דאָס שטעטל געווען אָרים און בלאַטיק. האָבן די יידן דאָרט געפירט אַ ביטערע מלחמה פאַר זייער קיום, פאַר פרנסה. און שטענדיק איז דעריבער אויף זייערע פּנימער געווען אָנגעצויגן אַ מרה שחורה. אַ גאַנצע וואָך זיינען זיי אין זייער רוב אָפּגעקומען מיט „שהיי ופּהי", מיט אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, קאַרטאָפליעס און אַ ביסל ליאָן־אייל, אָדער אַביסל „יושקע" (זופּ). דעם שבת האָבן זיי אָבער געוואָלט אויפנעמען שענער, מיט בעסערע מאכלים, מיט א שטיקל פיש און פלייש און מיט ווייסע חלה. איז דערפאַר דער דאָנערשטיק געווען אַ יום־הדין ביי די ווייבער ביז זיי האָבן דעם שבת אַריינגעבראַכט אין זייערע שטיבער. די יידן אין שטעטל זיינען אָבער געווען פרומע און פאַרמאָגט אַ סך בטחון — זיי האָבן געגלויבט, אַז דער רבונו של עולם וועט זיי צושיקן אויפן שבת...

און אַזוי איז עס טאַקע געווען: פרייטיק ביי טאָג האָט שוין אין די יידישע שטיבער געשמעקט מיט פרישע חלה און אַנדערע געשמאַקע מאַכלים. דער „טשאָלענט" איז געווען פאַרוקט, די שטוב — אויפגערוימט און דער אָטעם פון שבת מיט דער נשמה היתירה האָבן זיך שוין געפילט. די יידן, אַרומגעוואַשענע און איבערגעטועטע, גייען אין די שולן מקבל שבת זיין. דאָרטן האָבן שוין די בליץ־לאָמפּן אויסגעשפּרייט אַ געמיטלעך שבתדיקע ליכטיקייט און ס'הערן זיך באַלד פון דאָרטן אַזעלכע מתיקותדיק־בענקענדיקע טענער פון „לכו נרננה" און „לכה דודי", וועלכע רייסן זיך פון די אָפענע פענצטער אַרויס אין דעם חלל פון שטעטעלע, ווו די יונגע ווייבלעך זיצן פאַר די שטיבער און שמועסן און די פאַרחלומטע מיידלעך אויפן גרויסן מאַרק שפּאַצירן.

קומען די מענער צוריק פון שול, באַגלייטע פון אומזעבאַרע מלאכים און טרעפן די שבתדיקע געמיטלעכקייט, די ציכטיקע שטיבער מיט די ווייס פאַרשפּרייטע און גרייטע טישן, מיט די סודותדיקע ליכט אין די אָפּגעשייערטע מעשענע לייכטער און, דורכגענומען מיט דער הייליקייט, וואָס שוועבט אַרום, נעמען זיי אויסשרייען מיט עקסטאַז דעם „שלום עליכם, מלאכי השרת"... נאָכדעם קומען די געשמאַקע שבתדיקע מאַכלים און די זמירות, וואָס צעגיסן זיך איבערן שטעטל.

און אַזוי שבת אינדערפרי. יידן פילן אָן אַלע בתי־מדרשים און דאַווענען מתוך שמחה. די „עזרות נשים" זיינען אויך פיל מיט די ווייבער, וואָס שטייען און קלאָמערן זיך אַרום די ווילקענערקעס און זאָגן זיי נאָך די תפילות. און אין די שטיבער, אין דער שול־צייט, זאַמלען זיך צונויף די מיידלעך, זינגען און טאַנצן.

נאָך דער שבת סעודה און זמירות קומט רו אין שטעטל, די מנוחת שבת. די ייִדן האַלטן שטאַרק פון „שינה בשבת תענוג". נישט אומזיסט האָבן זייערע זיידעס אַמאָל פאַרשפּילט אַ גוטע געלעגנהייט צוליב דעם — אַ באַן אין שטעטל, ווייל... ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די באַן וועט זיי שטערן דעם שבת - שלאָף... און אַז ס'פאַרגייט דער שבת קודש און די לאַנגע שאָטנס שלינגען איין דאָס שטעטל, ווערט פּלוצים אומעטיק אויף דער נשמה. ס'הערן זיך שוין אַרויס אומעטיקע טענער פון דער מנחה-תפילה און פון „אַתקינו סעודתא" און פון דעם ווייבערישן „גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב"... די גרויע וואָך קומט ווידער אין שטעטל.

ח ג ה פ ס ח — נאָכן שווערן ווינטער, מיט די רעגנס, פרעסט און שנייען, מיט דער נויט און קעלט אין די אָרעמע שטיבער, קומט דער פּסח צוזאַמען מיטן ליבן פרילינג אין שטעטל. ביידע ברענגען אין די אָרעמע שטיבער און אין די נשמות פון די אָרעמע באַוווינער ליכט און האָפענונג. דער באַפרייאונגס יום-טוב קומט צו־זאַמען מיטן „תחית המתים" פון דער נאַטור און ווערט אין שטעטל באַזונדער אויפ־גענומען מיט טויזנטער סאַלוט-זאַלפן פונעם אויפגעריסענעם אייז אויף די טייכן...

שוין אין חודש אדר פילט מען דעם אָטעם פון פרילינג און ס'הערן זיך זייניגע שטילע טריט. אין די בתי מדרשים זאָגן שוין אָן די ייִנגלעך, וואָס לערנען, זיין אָנ־קום און מיט שוואַרצן קויל שרייבן זיי אָן וועגן דעם אויף די ווענט: משנכנס אדר מרבין בשמחה, שותים יין ואומרים לחיים, לשנה הבאה בירושלים!

די הילצערנע כלים ווייקן זיך שוין ביים מאַרק פּלומפּ און ביי די ברעגעס פון די טייכן לכבוד פּסח. ס'ווייזן זיך שוין אין די שניט-קראָמען בעל-הביתטעס, באַגלייט פון די שניידערס, איינצוקויפן פאַרשיידענע שטאָפן. בעלי-עגלות פירן אַריין אין שטעטל פּסחדיקע מעל און ווייץ פאַר די שמירהניקעס. און אין די אַלע אונטער־געסלעך הערן זיך שוין פריילעכע קולות און מיידלשע געלעכטערן אַרויסהילכן פון די פּאַדראַדן, וואָס באַקן שוין מצות פאַר די ייִדן. די טרעגער אין געפלאָכטענע קוישן טראָגן אָפּ די אָפּגעבאַקענע שמעקנדיקע מצות און ביי דער זייט גייען די צעשטראַלטע בעל-הביתטעס אָפּטמאָל מיט אַ טייגל אין די הענט און שאָקלען מיט די קעפּ און דאַנקען די אַלע, וואָס ווינטשן זיי צו דערלעבן איבעראַיאָר. ייִדן שמירהניקעס מיטן מרא דאתרא בראש כשרן די פערדמיל, כדי צו מאָלן דעם ווייץ. און אין איי־נעם אַ פאַרנאַכט, אַ טאָג פאַר פּסח, פאַר שקיעת החמה, ווען דער מערב צינדט זיך אָן מיט פּורפּור קאָלירן, באַווייזן זיך צוויי פרומע ייִדן, אָנגעטאָן אין לאַנגע יום־טובדיקע קאַפּאָטעס, פאַרשטעקט די פּאָלעס אין זייערע ברייטע גאַרטלען, ביים טייך און מיט „בדהילו ורחימא" פנימער שעפּן זיי אָן „מים שלנו" פאַר דער „שמירה" (וואַסער וואָס דאַרף עפ"י דין איבערנעכטיקן אין די כלים).

ערב פּסח באַגינען, קומען זיי, די פרומע ייִדן, אין פּאַדראַד. זיי גיסן אַליין וואַסער, זיי קנעטן און וועלגערן אַליין די מצות און מיט הלל-געזאַנג זעצן זיי די מצות אין אויוון.

פּסח ביינאַכט אין די שולן איז פול מיט ליכט און קדושה. אַלע, גרויס און קליין, זיינען אָנגעטאָן אין נייע מלבושים. פון די תפילות שפּרודלט אַרויס שמחה און בטחון. אין די ליכטיקע פריילעכע שטיבער ווערט דורכגעפירט דער טראַדיצי־אָנעלער צערעמאָניאַל פון היסב-בעט, ווו דער ראש המשפחה זיצט אָנגעלענט אין ווייסן קיטל און די משפחה מיטגלידער זיינען אַרומגעזעצט ביי אַ טיש מיט אַ קערה, מצות און פינקעלדיקן ווין און זאָגן די הגדה.

חול המועד זיינען אַפילו די קראָמען אָפן, די בעלי-מלאכות מיט די מלמדים אָבער אַרבעטן נישט — זיי האָבן דאַן זייערע יערלעכע וואַקאַציעס און רוען זיך אָפּ פאַר אַ גאַנץ יאָר. ס'ווערן דאַן אויך געשלאָסן שדוכים און תנאים געשריבן.

**שבועות** — ס׳לויפן שנעל איבער די טרויעריקע ספירה־טעג און ס׳קומט אין שטעטל אָן דער צעבליטער גרינער יום־טוב שבועות. אַלע הייזער פאַרפוצן זיך אינעווייניק מיט גרינס. אין די שולן און אין אַ סך הייזער דרייען זיך אין די פענצ־טער קאָלירטע פאַפירענע לאַמטערנס מיט אָנגעצונדענע ליכט אין זיי.. אין דער גרויסער קאַלטער שול ווערט אַרומגעשטעלט דער בעלעמער מיט הויכע ביימער און זעט אויס ווי אַ וועלדל. די נאַטור אַ מילדע שעמערירט מיט בלענדענדיקן ליכט און ברענגט פרייד אומעטום. און אין די שולן שטייען די יידן און זיינען ווידער מקבל די תורה ווי אַמאָל ביים באַרג סיני. זיי שוועבן איצט אין די אַקדמות אילוזיעס פון אַ שור הבר מיט לויתן און חמר מבראשית...

ווי מוזיק שיין און דערהויבן מיט אומבאַגרעניצטן גלויבן עס הערן זיך די טענער און קלאַנגען. אַפילו מיטן עסן איז דער יו״ט אַנדערש: צוויי סעודות, אַ מילכיקע און אַ פליישיקע; צווישן איין סעודה און דער צווייטער פאַרברענגט די יוגנט אויף די גרינע לאַנקעס און פעלדער...

**ימים נוראים** — דער זומער פאַרגייט, ס׳וועבן זיך נאָר אַריין אין אים די דריי טרויעריקע וואָכן מיטן שבעה עשר בתמוז און תשעה־באב.

ווען דער חודש אלול קומט, בלאָזן שוין אין די גאַסן קאַלטע ווינטעלעך און אין די שולן — די שופרות. די ערשטע קילן דעם גוף און די צווייטע — די נשמה... ס׳באַווייזן זיך אין שטעטל נייע, פרעמדע פנימער, אָנגעטוענע אין שבתדיקע מלבו־שים. חודש אלול האָט זיי אַהער געבראַכט — אויף קברי אבות געקומען. אַליין אַרויסגעפאָרן פון שטעטל האָבן זיי דאָ אויף די בית־חיימס איבערגעלאָזט זייערע טאַטע־מאַמע, זייערע זיידעס און באָבעס.

ס׳רודערט זיך דאָן אַביסל אויף די הייליקע ערטער מיט די וויינענדיקע ווײַ־בער מיט די חזנים און שמשים, וואָס מאַכן די ׳אל מלאס״ און מיט די אָרעמעלייט וואָס ווילן אויך עפּעס אַריינכאַפּן...

באַזונדערס פילט זיך דאָרט גוט די בעטערקע, ווילקענערקע חנה רויזע. זי מעסט פעלד און גייט זיך צו גאַנץ היימיש צו די קברים, גיט אַ קלאַפּ אין ביידל און זאָגט: „איך חנה רויזע בת חסיה ביילה האָב איצט געמאָסטן פעלד, בעט איך דיר״.. זע, מי זיך דאָרטן פאָרן כּסא הכבוד פאַר דיין אָרעמער קראַנקער טאָכטער, איידעס און קינדער, זיי זאָלן האָבן אַ גוט יאָר מיט געזונט און פרנסה און אַ כתיבה טובה פאַר זיי און כל ישראל. אמן״.

אין שטעטל איז די שטימונג אַן אָנגעצויגענע. אין שרייבן און אין רעדן ווינטשט מען זיך שוין אַ גוט יאָר און עפּעס ווי אַ שטילער פחד קוקט פון יעדנס אויגן אַרויס. מענטשן ווערן נאָך פרומער, מ׳דאַוונט און מ׳בלאָזט שופר און מען זאָגט תהלים... און אין די פאַרטאָגן, אין דעם שעת רצון, זאָגט מען סליחות. וואָס איז דער וווּנדער — ס׳איז דאָך דער חודש פון יום הדין, וואָס אַפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט...

ערב ראש־השנה קומען אין שטעטל ווידער געסט — די דאָרפס יידן. זיי ווילן צוזאַמען מיט אַלע יידן ביים רבונו של עולם אויסבעטן זיך אַ גוט „קוויטל״.

ראש השנה זיינען די שולן געפּאַקט. באַזונדער ביי „תקיעות״, ווען אַפילו מיידלעך און קליינע קינדער קומען און קוקן און הערן זיך צו צו די תקיעות מיט אַ מין פחד. די געוויינען ביי די תפילות זיינען גרויסע ובפרט ביים „ונתנה תוקף״ צוליבן מענטשלעכן סך־הכל אין אים...

אפילו ביים עסן האָט מען אין זינען דאָס „גוט יאָר״ — מ׳טונקט די „המוציא״ אין האָניק און מ׳האָט אין זינען אַ זיס יאָר.

דעם צווייטן טאָג גייט דער „עולם״ צו תשליך, מ׳זאָגט תפילות ביים טייך

און מען שאָקלט אוים די קעשענעס פון די ברעקלעך, מען מיינט דערמיט, אַז גאָט זאָל אויך די זינד אַהין אַריינוואַרפן.

נאָך שווערער און געדריקטער ווערט די שטימונג אין שטעטל יום־כיפור. שוין ערב יוכ״פ הענגט אין לופט אַ פחד. מענטשן ווערן אַלע אַזוי גוט און פול מיט רחמים און מחילה. ברוגזע בעטן זיך איבער און אַמאָל מיט אַ געוויין דערביי. פאַרנאַכט ביי מנחה צאָלן די יידן אָפּ אַלע חובות אין שול און געבן סתם נדבות. זיי לאָזן זיך אויך די 39 מלקות שלאָגן אויפן רוקן ערגעץ אין אַ ווינקל אויף אַ בערגל היי אין שול. ס׳הערן זיך פון אַלע הייזער די ווייבערשע געוויינען ביי ליכט צינדן. צו כל־נדרי שטייען אין שול, וואָס איז איינגעטונקען אין סודותדיקן ליכט, הונדערטער יידן איינגעהילט אין ווייסע קיטלען, איבערגעדעקט מיט טליתים. ס׳הערשט אַ פייערלעכע שטילקייט און ס׳לויפט אַ שטילער ציטער דורך איבער דעם ים פון די ווייסע טליתים. ס׳קייקלען זיך אין דער שטילקייט אין שול די שיינע וווּנדערלעכע „כל־נדרי״ קלאַנגען. אַפילו די קליינע קינדער, וואָס זיצן איצט אויף דעם אויסגעשפּרייטן היי אונטער די טישלעך און פאַרענדיקן די פאַרציעס פלייש און חלה, וואָס די מאַמעס האָבן זיי מיטגעגעבן, האַלטן איין דעם אָטעם און שווייגן. ס׳הערן זיך נאָר די שטילע טריט פון דעם גוי, וואָס היט אָפּ די ברענענדיקע ליכט.

ס׳הויבן זיך נאָכדעם אָן די תפילות, די „שמונה עשרה״ מיט די האַרציקע געבעטן און די על חטאס״ און מיט זיי רייסן זיך אויף און פּלאַצן די „לאָגלען פון טרערן״ ביי די יידן, וואָס האָבן זיך פאַר אַ גאַנץ יאָר פּיין און צרות, נויט און פאַרשעמונג אין די הערצער אָנגעזאַמלט. מיט אַ גרויסן יאָמער געוויין און שטאַרקן קליפּען, העכער פון אַלע מתפּללים, טיילט זיך באַזונדער אוים חיים יוסל דער וואַסערטרעגער, וועלכער שטייט איבערגעדעקט מיטן טלית ביי דער שול־טיר און טייטשט אַריין זיינע צרות אין די תפילות.

ערשט ביי „נעילה״ ווערט די געשפּאַנטקייט אַביסל קלענער און אויף די פּנימער שפּילט אָן אַ לייכטע האָפענונג און שמייכל — יידן הויבן אָן צו גלויבן אַז זיי האָבן אויסגעבעטן, נאָך אַזויפיל תפילות און געוויינען, ביים פאָטער אין הימל אַ גוט יאָר. ס׳הערט זיך די איינציקע תקיעה און ס׳רייסט זיך אַרוים מיט גרויסן בטחון פון יידישע הערצער „דער לשנה הבאה בירושלים״ צוזאַמען מיטן מונטערן און זיכערן ווונטש „אַ גוט יאָר אייך יידן״!

**ס ו כ ו ת** — מוצאי יוכ״פּ רודערט ווידער אין שטעטל: די „גענילקעס״, די דאָרפסלייט פאַרקלייבן זיך מיט האַק און פּאַק צוריק צו זיך אין די דערפער. און באַלד נאָכן תענית שטייען שוין יידן מיט רידל און האַמער און קלאַפּן אַריין אין דער ערד פּלעקער אַלס יסוד פאַר דער סוכה. אויך רודערט זיך ביי ר׳ שלמה יואל שוחט און זון ר׳ אַברהם אין די שטיבער — יידן באַטראַכטן דאָרט די „פּרי עץ הדר״, די אתרוגים און לולבים, זיי באַטראַכטן זיי פון אַלע זייטן מיט גרויס מבינות, קויפן זיי און מיט גרויס פאָרזיכט לייגן זיי זיי צוריק אריין אין די אויסגעבעטע מיט פלאַקס פּושקעס. זיי טרינקען דערביי „לחיים״ און ווינטשן זיך אַ פריילעכן יו׳ט.

אַכט טעג ווינען כמעט יידן אין סוכה. נעמען אויף יעדן טאָג מיט גרויס פרייד אַן אַנדער געהויבענעם „אושפּיז״ — אַ גאַסט פון אונדזערע אבות, אברהם, יצחק און יעקב און אַנדערע יידישע העלדן... די שמשים פון די שילן טראָגן איבער די יידישע הייזער דעם אתרוג, כדי מזכה זיין אויך די ווייבער און קינדער אויף אים צו בענטשן. אין די שולן ווידער האַלטן די יידן די אתרוגים און לולבים און שאָקלען זיי מתכוון זייענדיק צו פאַרטרייבן די שלעכטע רוחות...

הושענא רבה ביינאַכט זיצן יידן אַ גאַנצע נאַכט, זאָגן תהלים און לערנען משנה תורה אין די בתי מדרשים. ביים דאַווענען גאַנץ פרי מאַכן זיי הקפות מיט

די לולבים און די ערבה, גלויבנדיק, אז דער טאג איז א פארזעצונג פון יום כפור און אז דער רבונו של עולם שרייבט דאן אונטער דאס גוטע קוויטל...

און אזוי קומט עס צו דעם עפילאג — צו שמחת תורה.

שמחת תורה איז דער פריילעכסטער טאג אין שטעטל פון א גאנץ יאר. די מתפללים אין די שולן פירן מיט גרויס פאראד דעם גבאי צו אים אין שטוב, ווו ס'איז צוגעגרייט א „קידוש" מיט לעקאך און בראנפן. יידן דערלויבן זיך דאן אביסל שכורן. און מיט נאך גרעסער פאמפע און געזאנג איבער די בלאטיקע און פינצ־טערע גאסן פירט מען אים צוריק אין שול. דארטן זיינען שוין פארזאמלט ווייבער און קינדער מיט פאנען אין די הענט, וואס ווארטן אויף די הקפות מיט די ספרים וואס די מאנסבילן דרייען זיך ארום דעם בעלעמער, וואס איז אין מיטן שול. ביים מכבד זיין מיט א ספר באקומען דאן אלע דעם גרויסן טיטל „מורינו רבי"... און מ'כאפט דערביי א ריקודל.

און אזוי גייט אריבער מיט שמחה דער טאג אויף מארגן. נאכן דאווענען גייען די מתפללים צו זייערע פארמעגלעכע חברים, נעמען אליין ארויס פון די שאפעס די משקאות און מאכלים, מ'עסט און מען טרינקט און בגילופנדיק ווינטשט מען זיך און מען טאנצט.

און ביז שפעט פארנאכט טאנצן נאך אין דער שול־גאס אין דער בלאטע די צוויי שטעטלדיקע הוליאקעס — יענקל דער באשלעגער און אביגדור דער אלטער גייער. זיי האלטן אין די הענט שטעקנס מיט זויערע אוגערקעס, שאקלען זיי און בענטשן אויפן הויכן קול. די פאלעס פון די קאפאטעס זיינען פארשטעקט אין די גארטלען און ווען זיי שרייען צו די צענדליקער קינדער, וואס באגלייטן זיי: „טייערע יידישע קינדערלעך, צאן קדשים!" ענטפערן זיי מיט א בלעקן, ווי די שאף — מע־מע־מע־ע.



פון די נידעריקע הימלען, וואס וויקלען זיך אין גרויע וואלקנס, נידערן דאן שוין אראפ אויף דער פייכטער ערד נאכט, גרויע ווי אך און טריבער הארבסט.

און די יידן, ווי פארשולדיקטע גרויסע קינדער נאך א שטיפן שטייען דאן אין די בתי־מדרשים און ציען טרויעריק און מיט בענקשאפט די אומעטיקע טענער פון דעם וואכעדיקן „מעריב" און אויף זייערע פנימער און אויסגעניכטערטע אויגן שפרייטן זיך אויס די וואכעדיקע דאגות פונעם לאנגן שווערן ווינטער...


בועי
בולאַק באַלאַכאָוויטש



ל. באַיאָן

# אין מלחמה־טעג

## (קאַפּיטלען פון „אַ דור איז אומגעקומען")

די ליכטיקע געשטאַלטן פון מיינע חברים־קדושים
וואָס זיינען אומגעקומען אין די יאָרן ת"ש תש"ה.

נאָענטע עכאָס פון קאַנאָנען־שיסערייען האָבן אַ גאַנצע נאַכט אויפגעריסן די לופט פון דעם שטעטל און געררייצט די נערוון פון די איינוואוינער.

פון דער ווייטנס האָט זיך געהערט אַ וויינענדיקער סקאַווטשען פון אַ הונט, וואָס איז זיך אַזוי דין פאַרשפּיצט פאַרגאַנגען, אַז זיין געוויין האָט זיך טיף־טיף איינגעשניטן אין האַרצן און האָט אומעטיק־טרויעריקע אַנונגען געשפּינט...

און כאָטש די אויגן האָבן זיך געקלעפּט, און כאָטש דער גאַנצער קערפּער איז געווען פאַרמאַטערט און האָט געלעכצט נאָך אָפּרו, דאָך האָט מען נישט געקענט איינשלאָפן; די נערוון זיינען געווען צעשרויפט אויף אַזוי פיל, אַז דער קלענסטער דרויסנדיקער שאָרך האָט זיי געמאַכט אויפצאַפּלען און דער פאַרטייעט, האַלבּ־שלאָפנדיקער קערפּער האָט זיך אַלע מאָל מיט קאָנוואולסיעס געוועקט.

דער סוף־אלולדיקער, האַרבסטיקער דרויסן איז געווען אַ ימש־חושכדיקער. די גאַז־לאָמפּן, וואָס האָבן אין די גוטע, שטילע יאָרן באַלויכטן די גאַסן און געסלעך פון שטעטל זיינען שוין לאַנג, לאַנג געווען צעבראָכן און פון די אַלע מאַכטן וואָס האָבן זיך געביטן, איז קיין איינע נישט געווען אויף אַזוי פיל באַלעבאָס, אַז זי זאָל זיך פילן פאַרפליכטעט צורעכט מאַכן די דאָזיקע לאָמפּן.

אימה און חשכות האָבן באַהערשט די ערב ראש־השנהדיקע נאַכט אויף דורך און דורך און האָבן פאַרשפּרייט זייער ממשלה מיט גרויזאַמקייט.

אַ שטילקייט איז באַפאַלן דאָס שטעטל און די שטילקייט שרעקט. די לעצטע פייערלעך הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס לעשן זיך, קיין שאָרך הערט מען נישט און דאָך איז מען וואַך.

אַ פאַרשפּעטיקטער ייד לויפט האַסטיק צוריק פון סליחות פון בית־מדרש־געסל, שניידט דורך דעם פינצטערן מאַרק און איילט זיך ערגעץ ווו צו זיין שטיבל, וואָס געפינט זיך אין אַ הינטער־געסל פון שטעטל.

ער איילט זיך שנעל, שנעל, גלייך ווי די פינצטערע נאַכט וואָלט אים געשראָקן און נאַכט־געשפּענסטער וואָלטן אים נאָכגעיאָגט.

דאָס שטעטל לעבט אין קאָנוולסיעס, מען ריכט זיך ווידער אויף ענדערונגען פון דער מאַכט, מען ריכט זיך אויף געשעענישן, און דאָס אומבאַשטימטע שרעקט!

נאָך האַלבער נאַכט האָט זיך אין עק שטעטל, ווייט פון די הויפּט-גאַסן נעבן ריץ סאַפּאָנטשיקס מיל אָנגעצונדן אַ געביידע. ווי אַ ברענעדיק ליכט נאָך אַ בר-מנין האָט די פּאַראיינזאַמטע געביידע געברענט און קיינער האָט זי נישט געלאָשן.

די נאַכט ציט זיך אָן אַ אויפהער. אומגעדולדיק וואַרט מען שוין אויף טאָג און דערווייל איז שוין דער שלאָף פאַרוואָגלט געוואָרן. מען קען בשום אופן נישט איינשלאָפן...

דורך אַ לאָדן-שפּאַלט קוקט מען אויף דער ברענענדיקער געביידע און מען וואַרט אויף עפּעס. מען וואַרט מיט שרעק און אומגעדולד.

מיט שאַריען אויף טאָג האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז די באָלשעוויקעס זיינען פלוצלינג פאַרשוווּנדן פון שטעטל.

שוין גאַנץ פרי האָבן זיך אין שטעטלדיקן מאַרק אָנגעהויבן צו זאַמלען רעדלעך און פאַרשיידענע השערות און סברות האָבן זיך געטראָגן פון מויל צו מויל.

איניקע האָבן דערציילט, אַז ביינאַכט זיינען פאָרגעקומען גרויסע שלאַכטן און די באָלשעוויסטישע אַרמיי האָט געליטן אַ מפּלה. אַנדערע האָבן פאַרזיכערט, אַז נאָך נעכטן האָבן פויערים איבערגעגעבן, אַז עפּעס אויסטערלישע פערזאָנען האָבן זיך באַוויזן אין די אַרומיקע דערפער — אפנים שפּיאָנען פון דער פּוילישער אַרמיי. ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין, שטעטל האָט דערפילט, אַז עס איז געבליבן אָן אויפזיכט.

דאָס איז געווען אין די פרימאָרגן-שעהן.

מיטאָג-צייט איז אָבער דאָס שטעטל אומרואיקער געוואָרן. שוין באַלד אַריבער צוועלף שעה, ווי די רויטע אַרמיי איז אַוועק און קיין זכר פון דער נייער מאַכט — פון דער פּוילישער — איז נישט צו זען.

די שעהן האָבן זיך אָנגעהויבן צו ציען און וואָס ווייטער אַ שעה אין דעם פאַרנאַכט אַריין איז דער אומרו געוואָרן גרעסער. עס האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן אַפילו אַ פּאַניק-שטימונג.

מען ווייסט נישט פון וואַנען, נאָר פון מויל צו מויל האָט זיך אַ קלאַנג פאַרשפּרייט, אַז די פויערים פון די אַרומיקע געגנטן קלייבן זיך אין שטעטל אַריין צו מאַכן אַ פּאָגראָם.

* * *

אומרו און נערוועזקייט וואַקסט פון מינוט צו מינוט. דאָס, וואָס שטעטל איז אָן אַ מאַכט, דאָס, וואָס די לאַגע איז אומבאַשטימט בויערט עס יעדן איינעם דעם מוח, שרעקט און מאַכט גליווערן די גלידער: ווי אַזוי וועט מען איבערשלאָפן די נאַכט?

דער אָנקומענדיקער ראש-השנה-אָוונט לאָזט זיך שוין פילן. די שאָטנס פון די הייזער ווערן שוין גרעסער, דער מאַרק איז שוין כמעט ליידיק. די אָפענע מאַרקטירן זיינען שוין צוגעשלאָסן, די קראָמען פאַרהאַקט, מען איז זיך מכין צום יום-הדין.

אברהם דער שוחט דרייט זיך שוין אַרום אין זיין צימער אָן אַרומגעוואַשענער מיט אַ לויכטנדיקן יום-טובדיקן געזיכט. זיין ווייס-גרוילעכע פּאַטריאַרכאַלע באָרד איז ברייט צעקעמט, זיין ברייטער שטערן קנייטשט זיך און ער איז זיך מתעורר צו תשובה. ער רייניקט זיינע מחשבות און איז זיך מכין צו דער מעריבדיקער תפילה.

ער קען זיך אָבער נישט פאַרגעסן אין דעם, וואָס דאָס שטעטל איז איצט איבערגעלאָזן אויף הפקר. אַ דינער טרויער נעמט אים אַדורך און כאָטש ער פּרוּווט

אים פארטרייבן מיט א פסוק פון תהילים, וואס זאגט: „אם ד׳ לא ישמר עיר, שוא שקד שומר״ געלינגט עס אים נישט. דער טרויער באוועלטיקט אים און ניט ווילנדיק זאגט ער ארויס אין דער הויף פאר זיינע בני בית:

„והיה מתפלל בשלומה של מלכות, שאלמלא מוראה, איש את רעהו חיים בלעו״ און פארטייטשט עס גלייך פאר זיינע בני בית: און בעט פאר דעם שלום פון מלכות, ווייל ווען ניט די מורא פאר איר, וואלט איינער דעם אנדערן לעבעדיק איינגעשלונגען״. און בפרט נאך, ווען מיר וווינען דא ארומגערינגלט פון שונאים. פולע דערפער מיט גזלנים, מיט פויערים וואס זיינען לחוט נאך יידיש האב און גוטס און צו פארגיסן יידיש בלוט.

די יום־טובדיקע ליכט, וואס זיינען פאר פרי אנגעצונדן געווארן, ברענען און פירן א שטילן קאמף מיט די לעצטע־שטראלן פון דער זון, וואס רייסן זיך אריבער פון יענער זייט טייך גלייך אין די פענצטער פון אברהם שוחטס שטוב.

אברהם שוחט טוט אן די יום־טובדיקע קאפאטע, און איז זיך מכין אויפצונעמען די מתפללים ביי אים אין שטוב, ווו ס׳איז דער מנין.

* * *

אין דער פארנאכטיקער שטילקייט האבן האסטיק אפגעקלונגען גאלאפירנדיקע טריט פון אן איינזאמען רייטער אויף א פערד, וואס האט זיך מיט אן אויסערגעוויינלעכן אימפעט געיאגט אין שטעטל אריין.

דער רייטער איז געווען אריאן דער וואסערטרעגער — דער שבת־גוי פון שטעטל און דאס מאל האט ער מיט זיך מיטגעבראכט א שווארצע בשורה:

— אין נאמען פון כאנע דעם פראכאדער בין איך געקומען אייך מודיע צו זיין, אז די „באלאכאוועצעס״ איילן זיך אין שטעטל אריין! ראטעוועט זיך ווי ווייט יעדערער קען!

דאס שטעטל איז באהערשט געווארן פון א פאניק־שטימונג. די געמיטער זיינען געווארן פארכמורעט, מען האט זיך דערמאנט אין דער שחיטה, וואס די „באלאכאוועצעס״ האבן געמאכט צוריק מיט א זעקס וואכן, ווען זיי, צוזאמען מיט דער פוילישער ארמיי האבן אפגעטראטן פון שטעטל און יעדער איינער האט א ציטער געטאן ביי דעם געדאנק, טאמער קען ער נאך זיין צווישן די, וואס דער גורל וועט אנווייזן...

— זיי פארן! — האבן אייניקע מענטשן אנגעוויזן מיט די פינגער — און מ׳האט טאקע פון דער ווייטנס אויף א מהלך פון א פאר קילאמעטער געזען א שטויב אויפהויבן זיך אין דער הייך און שווארצע באוועגנדיקע פינטעלעך דערנענטערן זיך אלץ איילנדיקער אין שטעטל אריין.

דער מארק איז גלייך אפגעליידיקט געווארן פון מענטשן. פון די הייזער פון צענטער־שטאט האט מען זיך געלאזט לויפן אין די הינטערגעסלעך, אין די ארעמע, פארחושכטע הייזער פון די באלמעלאכעס, אפשר וועט מען דארטן דאך אויסמיידן דעם צארן פון די פאגראמשטשיקעס.

יאנקל שלומהס שטוב וואס איז געשטאנען ווייט־ווייט אראפ אזש לעבן דעם טייך פריפעט האט זיך אויך אנגעפילט מיט מענטשן; יידן קרעמער, יידן סוחרים, יידן נגידים און אויך דער גרעסטער גביר פון שטעטל ר׳ דוד אהרן שאפירא איז זיך געקומען דארטן פארבאהאלטן.

עולם איז געזעסן אין איין שרעק, מען האט דורך א פענצטערל אלכסונדיק באמערקט, ווי די רייטער דערנעטערן זיך אלץ אין שטעטל אריין. אט זיינען שוין די רייטער ארויף אויף „יענטלס״ בריק, וואס פאראייניקטביידע טיילן פון דעם

שטעטל. האַסטיקע, ריטמיש־גאַלאָפּירנדיקע טריט הילכן אָפּ אין דעם אינעווייניקסטן געמיט, פון ווי אַ בלוט־טראָפּן וואָלט זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן און אַראָפּגעפאלן אויף דעם צאַפּלדיקסטן אָרט פון האַרצן.

די רייטער האָבן זיך אין אַן אײַלנדיקן גאלאָפּ צעלאָזט איבער דעם ליידיק־רחבותדיקן מאַרק פאַר פאַרגעניגן וועגן האָבן זיי עטלעכע שאָסן־זאלפּן אין דער הייך אַרויסגעלאָזט און מיט אַ מאָל איז ווידער שטיל געוואָרן.

מען האָט געהערט פון דער ווייטנס עטלעכע אָפּגעהאקטע שאָסן. אַ געיאָמער, אַ געוויין אָבער קיינער האָט זיך נישט געאײַלט אַרויסצוגיין. מען האָט געוואָרט, אַז דער ערשטער צאָרן זאָל אַריבערגיין.

די זון אין מערב האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו באַהאלטן. נאַכט־שאָטנס האָבן שוין אָנגעהויבן צו באַהערשן די ערד, האָט מען לייבעלען — יאנקל שלמהס דרייַצניאָריק יינגל אַרויסגעשיקט אויסשפּירן, צי זיינען שוין די רייטער אָפּגעפאָרן פון שטעטל.

שטיל, הינטנאַרום האָט זיך לייבעלע געגנבעט דורך די צעדרייטע געסלעך צום שטעטלדיקן מאַרק. מיט אַ מאָל זיינען אים אָנגעקומען אַנטקעגן די מהנה רייטער. לייבעלע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און מיט אימפּעט גענומען לויפן אויף צוריק.

— שטיין בלייבן! קליינער זשידיקל, איך שיס! — האָט זיך דערהערט אַ באַ־סעדיקע שטימע פון אַ רייטער, וואָס האָט געמאַכט אַ הקפה אַרום אַ שטוב און איז גראָד צו לייבעלעס איבעראַשונג אים אָנגעקומען אנטקעגן.

— גיב אַוועק דאָס געלט, קליין יידעלע! — האָט געזאָגט דער רייטער — ווו האָסטו דאָס געלט באַהאלטן?

דער רייטער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און האָט אָנגעהויבן לייבעלען צו באַזוכן:

— ווו האָסטו באַהאלטן דאָס געלט?

— איך האָב נישט קיין געלט, איך האָב קיין מאָל קיין געלט נישט באַהאלטן! — ענטפערט לייבעלע אַ דערשראָקענער.

— האָסט נישט קיין געלט, טאָ נא דיר!

אַ פייערדיקער פּאַטש האָט אָפּגעהילכט איבער לייבעלעס באַק און ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן צום אומפאלן.

— ווייסטו וואָס, זשידיקל, — האָט געפּרוווט דער רייטער אַראָפּלאָזן פון זיין פרייז, -— ווייסטו וואָס, טאָ ווייז־זשע מיר, ווו מען קען קריגן שטיוול!

דער דרייצניאָריקער לייבעלע איז געוואָרן איבעראַשט פון דער נייער פאָדע־רונג, וואָס דער פּאָגראָמשטשיק האָט אים געשטעלט. אַן אחריותדיק געפיל האָט אים, דעם דרייצניאָריקן יינגל באַהערשט.

— צו וועמען זאָל ער פירן דעם דאָזיקן באַנדיט? און אויב דער באַנדיט וועט נאָך עמיצן דערהרגענען, צי האָט ער רעכט אָנצוווייזן ווער עס זאָל זיין דער קרבן! פאַרפאַלן. ער באַשליסט צו פירן דעם פּאָגראָמשטשיק צו זיך אין שטוב.

ווען לייבעלע האָט זיך דערנענטערט מיט דעם רייטער צו זייער שטוב איז זיין מאמע מייטע — אַ פרוי אין די פופציקער יאָרן — אַרויס זיי אַנטקעגן אויף דער שוועל פון זייער הויז.

— דאוואי סאפּאגי! — גיב שטיוול! — האָט אַ רעווע געטאָן דאָס רויטע רצי־חהדיק־פאַרשוויצט פּנים פון דעם פּאָגראָמשטשיק און איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון הויז.

לייבעלעס מאמע, מייטע, איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, אָבער גלייך האָט זי

זיך בארואיקט, באקומען צוריק איר גלייכגעוויכט און האט מיט א צערטלדיקן קול ארויסגעזאגט:

— קום נאר, פריצל, אריין אין שטוב, וואס שטייסטו אין דרויסן? קום אריין אי־נעווייניק, וועסטו זיך ארומוואשן, זע נאר ווי דו ביסט פארשוויצט!

לייבעלעס מאמע איז אריין אין שטוב און האט גלייך ארויסגעטראגן א שפאגל ניי־געפרעסטן ווייסן האנטעך און האט אים דערלאנגט.

די מוטערלעכע צערטלעכקייט האט דאך גערירט דעם רשעס הארץ, ער איז אריבער די שוועל פון דער טיר און איז אריין אינעווייניק אין א צימער.

ער האט אויסגעטאן די ביקס, דעמאנסטראטיוו אויסגעליידיקט פון דארטן די קוילן און זי אוועקגעשטעלט אין א זייט און שוין מיט א ווייכער שטים האט ער זיך געווענדט צו לייבעלעס מאמען:

און ווו זיינען די שטיוול?

— קיין נייע שטיוול, חשובער פריצל, — האט לייבעלעס מאמע געזאגט — זיינען היינט נישטא! איר ווייסט דאך, שוין דריי חדשים צייט ווי דער קריג גייט איבער אונדזער שטעטל. נאר איך האב א מאן און א זון, וואסערע שטיוול עס וועלן זיין גוט אויף דיר, די וועסטו נעמען.

דעם „פריצל" איז גראד געפעלן געווארן יאנקל שלמהס נייע געמזענע שטיוועלעך און ער, יאנקל שלמהס האט זיי גיט מיט קיין גרויסן חשק געמוזט אים אוועק־געבן.

— איך בעט דיך, פריצל, — האט מייטע יאנקלס פרוי זיך געווענדעט צום „באלאכאוויעץ" — איך בעט דיך, בלייב ביי אונדז נעכטיקן, מיר שרעקן זיך זייער צו בלייבן אליין!

— שרעקט זיך נישט, אלטיטשקע, ס'וועט אייך גארנישט געשען, מיר וועלן זיך בלויז א שפיל טאן מיטן שטעטל, בלויז א שפיל־טאן!

און דערנאך האט ער צוגעגעבן:

— דו ווייסט, אלטיטשקע, דו געפעלסט מיר, ביסט א קלוגע פרוי, אבער איצט האב איך נישט קיין צייט דא צו בלייבן, ווייל מיר מוזן נאך פארן ווייטער, דער שונא איז נישט ווייט פון דאנען. אויב אין אוונט וועלן מיר קומען צוריק, גיב איך דיר א ווארט, אז איך קום צו אייך נעכטיקן.

—א דאנק! א דאנק! — האט אים מייטע ארויסבאגלייטנדיק אין דרויסן נאכגעשריען.

ווען דער רייטער האט זיך צוריק ארויפגעזעצט אויף זיין פערד און איז אפגע־פארן פון יאנקל שלומהס שטוב, האבן זיך שטילערהייט אנגעהויבן אריינצושלייכן אין דער הויפטשטוב פון קאמער, פון בוידעם און פון שטאל די חשובסטע שטעטל־דיקע באלעבאטים. דערהערט, אז מען איז נאר איבערגעקומען מיט שרעק און מיט יאנקל שלומהס געמזענע שטיוועלעך, האט מען זיך אביסל בארואיקט.

דוד אהרן דער שטאט־גביר האט זיך איינגעוויקלט אין א טלית, האט זיך אנ־דערגעשטעלט מיטן פנים צו מזרח־זייט און האט פארצויגן דעם יום־טובדיקן מעריב.

און נאך אים האבן אלע פארזאמלטע מענער און פרויען אויסגעשלוכצט א געוויין און האבן אויסגעגאסן דעם טיפן ווי זייערן אין דער ראש־השנהדיקער נאכ־טיקער תפילה.

אויף מארגן אין דער פרי האבן זיך די אויסבאהאלטענע באלעבאטים ביי יאנקל שלומהס אין שטוב דערוווסט, אז די באלאכאוועצעס האבן זיך טאקע „א שפיל געטאן" אין שטעטל.

צוויי יידן זיינען געהרגעט געווארן און צווישן זיי אברהם דער שוחט — דער יידישער „ראבין", ווי די רייטער־באנדיטן האבן זיך בארימענדיק אים אנגערופן.

מען האָט זיך אויך דערוווּסט, אַז דרייסיק „זאַקלאַדניקעס" האָט דער וויצע־אַטאַמאַן געלאָזט כאַפּן אין שטעטל און האָט אַרויפגעלייגט אויף דעם שטעטל צען טויזנט רובל שטראָף. ווען מען נישט צושטעלן די סומע ביז פאַרנאַכט, שיסט מען די דרייסיק מענטשן.

## נ אָ כ ן פּ אָ ג ר אָ ם

דער פּאָגראָמען־קאָשמאַר האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוּוועפּן.

אין משך פון די צען טעג פון ראש־השנה ביז יום־כּפּור, אין די אַזוי גערופענע עשרת ימי תשובה האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוריקצוקערן דאָס לעבן פון דעם שטעטל צו זיין נאָרמאַלן צושטאַנד.

די גרוילן פון דעם דרייטאָגיקן פּאָגראָם, וואָס די „באַלאַכאָווצעס" האָבן מזכה געווען דאָס שטעטל ביים אָקופּירן עס, האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוצודעקן זיך מיט אַ דינעם שיכט פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון דעם קליינעם אָפּשניט פון דער צייט.

דער ווייטיק, דער צער איז געוואָרן איינגעהאַלטענער, פאַרבאָרגענער. ער האָט געטליעט בלויז אינעווייניק אין די הערצער און איבערהויפּט ביי די נאָענטע פריינט פון די פּאָגראָמירטע: אַלמנות, יתומים, אומגליקלעכע מאַמעס, ברידער, שוועסטער האָבן נישט געקענט פאַרגעסן זייערע נאָענטע, וואָס זיינען אַזוי אַכזריותדיק אַוועק־געריסן פון זיי.

אַרומגעדרייט אין שטעטל האָבן זיך אויך „גליקלעכע" מענטשן, וואָס זייער גליק איז געווען געמישט מיט אַ קאָשמאַר פון מעלאַנכאָליע, פון אַ מרה שחורה. דאָס זיינען געווען די דרייסיק זאַקלאַדניקעס, וואָס האָבן געשוועבט צווישן טויט און לעבן.

שטעטל האָט פאַקטיש מקיים געווען די מיצווה פון „פּדיון שבויים"; מען האָט צו־נויפגעזאַמלט די צען טויזנט רובל — די אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציע, וואָס דער וויצע־אַטאַמאַן פון די „באַלאַכאָווצעס" האָבן געפאָדערט פון דעם שטעטל. מען האָט די סומע צו אים אַוועקגעטראָגן און קוים מיט שוועדער מי האָט מען באַפרייט די אַלע אַרעסטירטע.

גייען זיי אַרום אַט־אָ־די „זאַקלאַדניקעס" און גלייבן זיך אַליין נישט:

— זיינען זיי שוין אויסער יעדער געפאַר? זיינען זיי שוין געראַטעוועטע מענטשן? זיינען זיי שוין נישט מער קיין „פאַרברעכער"?

און ווען עס טויכט אויף די שרעק פון דעם הינטערבאַוווּסטזיין נעמט זיי עפּעס נאָגן אַזאַ אומבאַשטימטער טרויער, אַזאַ מעלאַנכאָליע וואָס צעשטערט זיי דאָס גליק, די פרייד פון פריי זיין.

— הייסט עס, אַז אַן אַנדערער, אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער איז יאָ גע־ווען דער קרבן און זיי זיינען די געראַטעוועטע!

אָבער די צייט טוט אירס און דאָס לעבן הייבט אָן צו באַקומען צוריק זיין נאָרמאַלן אויסזען.

די אָנגרייפערישע אַרמייען פון דעם פּוילישן מיליטער זיינען שוין לאַנג אַוועק פון שטעטל און די „טיל"־אַרמייען זיינען אָנגעקומען.

איבער דוד אהרן דעם וויינשענקערס שטוב, וואָס שטייט אין צענטער פון מאַרק איז אַרויפגעצויגן געוואָרן די פּוילישע פאָן מיט דעם ווייסן אָדלער. דאָרטן טאַקע — אין דער שענסטער הויז פון שטעטל — האָט זיך איינגעאָרדנט די צייטווייליקע קריגס־פאַרוואַלטונג פון דער שטעטל מיט אַן אַרמיי־אָפיציר ווי דער קאָמאַנדאַנט פון דעם שטעטל.

ביי דעם דאָזיקן קאָמאַנדאַנט האָט מען עס שוין טאַקע אַרויסגענומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש צו דאַוונען יום־כפּור אין די חסידים־שטיבלעך און אין די ביידע בתי־מדרשים. און אַרויסבאַקומען די דערלויבעניש האָט נישט קיין אַנדערע ווי לייבעלעס מאַמע — מייטע, אַ פרוי אין די פופציקער יאָרן, וואָס האָט גערעדט אַ פּערפעקטן פּויליש און האָט אין די טעג פון דער אָקופּאַציע, פון די פּאָגראָמען געשפּילט אַ ווויכטיקע ראָל, ממש ווי אַ מלאך המושיע.

אומעטום אין די גרעסטע פייערן, אין די סכנותדיקע סיטואַציעס, ווען אכזריות און ברוטאַליטעט האָבן געבושעוועט, האָט מען זי געזען. שטענדיק איז זי געקומען צו דער צייט און האָט ממש וווּנדער באַוויזן.

צו די געפערלעכסטע פּאָגראָמטשיקעס האָט זי נישט קיין מורא געהאַט צוצוטרעטן. פעסט אין איר כאַראַקטער און ממש־צאַרט אין איר באַנעמונג האָט זי מיט אירע רייד די הערצער פון די צעיושעטע באַנדיטן איינגענומען, אַז זיי, די באַנדיטן, די פּאָגראָמטשיקעס האָבן זיך פאַרשעמט פאַר איר ווי פאַר אַ מאַמען:

— זיי מוחל, באַבושקאַ! — האָבן זיי מיט הכנעה זיך פאַרענטפערט פאַר איר.

און זי, מייטע, לייבעלעס מאַמע, האָט עס טאַקע באַקומען די דערלויבעניש ביים קאָמאַנדאַנט פון שטעטל, אַז מען זאָל מעגן דאַוונען יום־כפּור אין ביידע בתי־מדרשים און אין די חסידים־שטיבלעך.

דער קאָמאַנדאַנט איז געווען אויף אַזויפיל קאָרעקט און העפלעך, אַז ער האָט אַפילו באַשטימט סאָלדאַטן, וואָס זאָלן אכטונג געבן, אַז די תפילות אין דעם הייליקן טאָג, זאָלן נישט געשטערט ווערן דורך אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן.

און אָט איז אָנגעקומען דער ערב יום־כפּור.

דאָס שטעטל האָט זיך גענומען גרייטן אויפצונעמען דעם יום־הדין. פאַר פרי האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן די פרומע געוויינען ביי דעם ליכט בענטשן. דאָס לייענען פון די תחינות האָט היינטיקס מאָל פאַרנומען מער צייט ווי שטענדיק. צופיל האָט איצט יעדע פרוי אַריינגעלייגט אין יעדער תחינה. צופיל צער און ווייטאָגן האָבן זיך אָנגעקליבן און ניט געהאַט קיין בעסערע געלעגנהייט אויסצודריקן זיי ווי די איצטיקע ביי ערב יום־כפּורדיקן ליכטבענטשן.

פחד האָט ווידער געלויערט אויפן שטעטל, און עס איז שווער געווען צו אונטערשיידן, צי עס איז דער פאַרהוילענער פחד פון די פּאָגראָם־טעג, וואָס איז צוריק אויפגעשטאַנען תחית־המתים און האָט באַהערשט דאָס גאַנצע געמיט, צי עס איז דער פחד פון דעם פאַרכטיקן טאָג, וואָס דערנענטערט זיך און קומט באַלד אָן.

ווען ביידע פחדים האָבן זיך אָבער פאַראייניקט, האָבן זיי באַהערשט דאָס גאַנצע וועזן און געצונדן אימה אין די גלידער.

לייבעלע — אַ יינגל פון אַ יאָר דרייצן, האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אַ צעדולטער. ער האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון זיין העלדישער מאַמען, וואָס האָט אַזאַ גוואַלדיקן הערואיזם אַרויסגעוויזן אין די צען טעג פון בהלה און פאַרלוירנקייט. ער איז געווען זייער שטאָלץ מיט איר און זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט ליבשאַפט און טיפע אכטונג צו איר.

איצט אָבער איז זי, זיין מאַמע, געזעסן אין אַ ווינקל פון עסצימער אַ פאַרמוחטע, אַ פאַרטראַכטע און שווערע מחשבות האָבן איר נישט געלאָזט צו זיך קומען.

פאַרוואָס איז זי אַזוי אומעטיק, — האָט לייבעלע יאָ און נישט פאַרשטאַנען דער מאַמעס געמיט־שטימונג. — אלע האָבן דאָך אין שטעטל גערעדט וועגן איר מיט אַזאַ רעספּעקט, פאַרוואָס איז מיט אַ מאָל געקומען אין איר אַזאַ ענדערונג?

אָבער לייבעלע ווייסט נישט ווי אַזוי עס איז געשען און אָט איז ער אויך שוין אָנגעשטעקט מיט דער מאַמעס מעלאַנכאָלישער שטימונג. ער פרווט זיך אַרויסכאַפּן אין דרויסן, אפשר וועט ער קענען פאַרטרייבן זיינע שלעכטע געדאַנקען וואָס קריכן

אים אין מוח אריין. אבער דער דרויסן איז ליידיק פון מענטשן. לייבעלע קוקט זיך ארום אין אלע זייטן, ער זעט קיינעם נישט. פון אלע ארומיקע הייזער קוקן בלויז צו אים ארוים פון די פענצטער די ערב יום-כפורדיקע ליכט און זיי דערמאנען אים אין ליכט נאך א טויטן און פארטאפלען נאך די שרעקלעכע אנונגען פון זיינע מחשבות.

וועגן וואס טראכט איצט לייבעלע?

לייבעלע האט זיך איצט דערמאנט אין זיין ערב ראש-השנהדיקער באגעגעניש מיטן „באלאכאוועץ" דעם פאגראמשטשיק. דער גרויל פון יענער באגעגעניש איז אנגעלאפן מיט האסטיקייט און האט אים נישט צורו געלאזן, ווייל צוגעקומען איז די דערפארונג פון די פאגראם-טעג:

— שיעור-שיעור, און ער וואלט א קרבן געווען אין די הענט פון די ווילדע בעס־טיעס! — און דער גרויל איז נאך גרעסער געווארן.

ער האט זיך דערמאנט אין די הרוגים, אין די קדושים, וואס מען האט א גאנצע וואך געפירט פון די ארומיקע דערפער בכדי זיי צו מקבר זיין אויף דעם שטעטלדיקן בית-עלמין.

אבער פארוואס אסאציאירן זיך ביי אים אין געדאנק די דאזיקע הרוגים מיט זיין עלטערן ליבסטן ברודער יוסף, וואס איז איצט ערגעץ ווו אין א שטעטל, וואס געפינט זיך א דרייסיק-פערציק קילאמעטער וויים פון דאנען?

לייבעלע דערשרעקט זיך אליין פאר זיינע רעיונות, ער שאקלט זיך אפ אויף א מינוט פון זיי, אבער גלייך באהערשן זיי אים ווידער. ער האט אליין נישט בא־מערקט, ווי ער האט אזוי נים ווילנדיק ארויפגעשפאצירט אויף דעם שמאלן בריקל, וואס פירט אויף דער צווייטער זייט טייך.

דאס קאלטע ווינטעלע, וואס האט אנגעהויבן צו בלאזן פון דעם טייך, האט אים א ביסעלע אויסגעטשוכעט פון זיינע מחשבות און אין דער פארנאכטיקער שטילקייט זיינען צו אים ווידער דערגאנגען די געוויינען פון די יידישע פרויען ביים ליכט־בענטשן...

לייבעלע האט זיך געאיילט אהיים. האסטיק האבן אים אפגעהילכט זיינע טריט. און ווען ער איז אריין אין שטוב, האט ער געטראפן זייער אן אומאנגענעמע איבער־ראשונג.

לייבעלע האט גלייך פארשטאנען, אז אן אומגליק איז געשען: דער טאטע ליגט אויף דער ערד און וויינט, די מאמע האלט זיך אין איין רייסן די האר און יאמערט, שלוכצנדיקע ליגןביידע עלטערע ברידער איינגעניארעטע אין די קישנס און זייערע קערפערס ווארפן זיך אין קאנוולסיעס.

ווען די שטוביקע מענטשן האבן אים דערזען, האט זיך דער יאמער פאר־שטארקט:

— מיין טייער קינד! — האט די מאמע אויסגעשריען — מיר האבן שוין נישט אונדזער גאלדענעם זון!

די מאמע האט שוין נישט געדארפט ענדיקן, לייבעלע האט שוין גלייך פאר־שטאנען וועגן וואס עס האנדלט זיך.

* * *

ווען די אוונט-שאטנס זיינען געווארן לענגערע, האט זיך לייבעלעס טאטע אויפ־געהויבן, איז צוגעגאנגען צו דעם ווינקל, וו עס איז געלעגן א פארחלשטע זיין פרוי מיימע, צערט האט ער זי אנגערירט ביים אקסל און האט א זאג געטאן:

— מיימע, שטיי אויף! עס איז שוין באלד יום-טוב! מען דארף זיך זעצן „שבעה" איידער דער יום-טוב קומט אן!

די מאמע מייטע האט געפאלגט און האט זיך אויפגעזעצט.

די ברידער האבן אריינגעטראגן צוויי נידעריקע בענקעלעך און ·טאטע־מאמע האבן זיך געזעצט „שבעה".

דער טאטע האט מיט א געבראכן געמיט געזאגט א פאר קאפיטלעך תהילים און א שטילע טרער האט זיך געקייקלט פון די אויגן איבער די באקן און האט ווי א פערלדיקער טוי־טראפן זיך געבלאנקט איבער זיין ווייס־גרויער בארד.

מיט א מאל האט זיך דער טאטע אויפגעשטעלט, געווענדעט זיך צו הער מאמען און איר אזוי געזאגט:

— און איצט, מייטע, לאמיר ניט פארשוועכן די גרויסקייט פון דעם הייליקן טאג. קום אין שול דאווענען!

ד׳ נתן וד׳ לקח, ברוך דיין האמת!...

י. קאַנישטער

# „דאַנקען גאָט, ס'ברענט!"

באַלד אויף מאָרגן, נאָכן איבערפאַלן און אַרעסטירן די עטלעכע צענדליק אַר־קריינישע סאָלדאַטן פון סקאַראָפּאַדסקים מלוכה, וואָס זיינען אַלס מיליטערישער פּאָסטן געשטאַנען אין שטעטל, האָט זיך אויפן גרויסן פירעקעדיקן מאַרק באַוויזן אַ קאָמפּאַניע פּוילישע סאָלדאַטן. זייענדיק באַוואָפנט ביז די ציין, מיט די שטאָלענע קאַסקעס אויף די קעפּ, האָבן זיי מיט אַ האָפערדיקן נצחון־געזאַנג דורכמאַרשירט דעם גאַנצן מאַרק פון איין עק ביזן צווייטן. דאָרטן, אויפן צווייטן עק, האָבן זיי זיך פונאַנדערגעטיילט און פאַרנוויז זיך געלאָזט איבערן שטעטל און געמאַכט רעוויזיעס אין די יידישע הייזער. אונטערן אויסרייד פון זוכן פאַרבאַהאַלטן געווער האָבן זיי אומעטום, אין אַלע ווינקעלעך און פאַרבאָרגענע ערגער גענישטערט און געזוכט. ווען זיי האָבן געפונען זאַכן, וואָס זיי איז געפעלן, האָבן זיי רעקווירירט און צוגערויבט פאַר זיך, זאָגנדיק, אַז דאָס זיינען כלומרשט מיליטערישע זאַכן. ווער ס'האָט פּראָטעסטירט, אָדער געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דאָס זיינען שטוביקע געקויפטע זאַכן, דעם האָבן זיי אויפן אָרט צעשלאָגן. דעם העברעאיש לערער נ. קעצקער, ביי וועלכן זיי האָבן, לויט אַ מעשטשאַנסקער מסירה געזוכט אַ מאַשין־געווער און נישט געפונען, האָבן זיי אַפילו, אפשר צום ערשטן מאָל אין זייער באַנייטער שטראָף־פּראַקטיק, מכבד געווען מיט די טראַדיציאָנעלע 25 שמיץ. אַזוי האָבן זיי, די פּאָליאַקן שוין באַלד ביי די ערשטע טריט פון זייער באַנייטער זעלבסטשטענדיקייט, ביי דעם אָנהייב פון זייער אויפגעקומענער באַנייטער מלוכה אַרויסגעוויזן זייער פאַרביסענע שנאה צו די יידן און אַביסל שפּעטער אַפילו מיט יידיש בלוט אָנגעהויבן צו פאַרשרייבן זייערע ערשטע בלעטלעך פון דער נייער פּוילישער היסטאָריע.

זיי האָבן, ווי די דייטשן בשעתם, גענומען איינפירן אַ שטרענגע אָרדענונג אין שטעטל, אַ מין קריגס, אָדער אויסנאַם־צושטאַנד. מ'האָט פון 5 פאַרנאַכט ביז 7 גאַנץ פרי נישט געטאָרט זיך באַוויזן אין גאַס. דער האַנדל, וואָס איז אַזוי אויך שוואַך געווען, איז ווי בכלל, יעדע באַשעפטיקונג, פּאַראַליזירט געוואָרן. די יידישע שול, בראש מיטן לערער קעצקער, ווי אויך דער יוגנט־קלוב מיט די אַלע יוגנטלעכע צוזאַמענקומען און אינטערעסאַנטע רעפעראַטן, אָנגעפירטע טאָקע פונעם זעלבן לערער, זיינען מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט און איבערגעריסן געוואָרן. די יידן זיינען אומגעגאַנגען מיט פאַרזאָרגטע פּנימער און פול מיט פּיין אין די אויגן. צוקוקנדיק זיך צו דער האָפערדיקייט און ברוטאַליטעט פון די פּאָליאַקן, האָט דאָס האַרץ קיין גוטס נישט פאָראויסגעזאָגט. ס'זיינען אומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די האַלערטשיקעס אין נאָענטן בריסק שניידן און רייסן יידישע בערד. די יידן האָבן מיט אַמאָל דערשפּירט, נאָך די אַלע שווערע איבערלעבענישן, אַז ס'רוקן זיך אויפסניי אָן נייע בלוטיקע כוואַליעס און נייע צרות. מ'האָט אויך דאַן געשמועסט, אַז די „באָרוועסע", די באָלשעוויקעס, וואָס זיינען שוין אַביסל צו זיך געקומען, וועלן גיין איינגיכן אויף וואַרשע און פאַרטרייבן די פּאָליאַקן פון דער געגנט.

אין איינעם אַ טאָג זיינען טאַקע די פּאָליאַקן פלוצלינג פאַרשווּונדן געוואָרן פון שטעטל. דאָס שטעטל איז געבליבן אָן אַ מאַכט, ממש אויף הפקר און די יידן האָבן געציטערט זיי האָבן זיך אַפילו צונויפגערעדט מיט די מעשטשאַנעס און אויפגעשטעלט אַ „וואַרטאַ", וואָס פלעגט מיט „קאָלט" געווער, מיט שטעקענעס, און אַנדערע ענלעכע כלי־זיינס זיך אַוועקשטעלן אַלע נאַכט אויף אַלע וועגן היטן דאָס שטעטל. אָבער דאָס האָט קנאַפּ וואָס באַרואיקט די צעשראָקענע געמיטער.

און פלוצלינג, אין אַ זומערדיקן אלול־טאָג, טאַקע ווי אַ דונער פון אַ שיינעם, אויסגעלויטערטן הימל, האָט זיך אַריינגעריסן אין שטעטל אַ באַנדע באַלאַכאָוּוצעס, די דאַמאָלסדיקע פוילישע שותפים און ווי אַ בלוטיקע וואָרעניש די יידן האָבן זיי דעם ערשטן יידן, וואָס זיי האָבן געטראָפן, דעם שיינעם בעל־הבית ר' יעקב לייב קעמפּער דערשאָסן אויף טויט. זיי האָבן זיך נאָך דעם אַרויסגעלאָזט אויף אַ יאַגד אין שטעטל און האָבן געכאַפּט און אַרויסגעפירט אויפן שאָסיי אַן ערך 25 יידן ערוב־ניקעס, האָבן קעגן זיי אָנגעשטעלט אַ מאַשין־ביקס און אַלע געדראָעט מיטן טויט און די הייזער אונטערצינדן, אויב מ'וועט זיי ביז 6 אַזייגער פאַרנאַכט נישט ברענגען די קאָנטריבוציע פון אַן ערך 10.000 רובל.

זיי האָבן אויסגעוויילט פון צווישן די געפאַנגענע עטלעכע פּערזאָן און זיי דער־לעגירט אין שטעטל צו זאַמלען דאָס געלט. ס'איז געוואָרן אַ יללה און אַ גרויס געשריי אין שטעטל. די שליחים זיינען אומגעלאָפן ווי באַנומענע און געשריען מיט קולי־קולות אין דער וועלט אַריין: „יידן גיט געלט, דאָס לעצטע גיט אַוועק און ראַטעוועט זיך". יידן האָבן טאַקע דאָס לעצטע אָפּגעגעבן און מ'האָט יאָקאָש באַוויזן צו דער באַשטימטער שעה צונויפצושטעלן די געפאָדערטע סומע און אַזוי אַרום זיך ראַטעווען פון די געפערלעכע באַנדיטן.

דאָס שטעטל איז דערנאָך ווידער געבליבן אַליין, אויף גאָטס באַראָט, אויף הפקר. די מעשטשאַנעס, די פריערדיקע שותפים צו דער „וואַרטאַ", האָבן זיך איצט צוריק־געהאַלטן, האָבן מורא געהאַט צו מאַכן מיט יידן שותפות. די יידן ווידער האָבן מיט מער שרעק געקוקט אויף דעם אַראָפּגעלאָזטן פאָרהאַנג איבערן מאָרגן און מיט פחד געקלערט, ווער ווייסט, וואָס עס גרייט זיך אויף יענער זייט ווידער פאַר זיי. ווייל ביי יעדן זיינען נאָך געווען פריש אין זכרון די מלחמה־גרוילן. די מלחמה־פחדים זיינען נאָך פון די הערצער אינגאַנצן נישט אויסגעזוופּט. אין זייערע אויערן האָבן נאָך געדרוישט די עכאָס פון די האַרמאַטן קנאַלן און די קנוילן רויך מיט די פייערצונגען, וואָס האָבן דאָס שטעטל פאַרניכטעט, האָבן נאָך ווי די שדים געטאַנצט פאַר די אויגן. די בערג־לעך און קופּעס שטיינער פון די געוועזענע שטיבער האָבן נאָך ווי קברים אויסגעזען. מ'האָט נאָך נישט פאַרגעסן די אַלע מלחמה־צרות. שרעק, הונגער און נויט. די דייטשן, די אָקופּירער דאָן פונעם געגנט, וואָס האָבן אַלץ רעקווירירט און באַרויבט, אַפילו דאָס ביסל מילך ביי די קינדערלעך. זייער נאָכיאָגן איבער די גאַסן די ציוווילע מענטשן און פאַרכאַפּן זיי צו צוואַנג אַרבעט אויפן אָרט אָדער אין ווייטער ערטער. דאָס באַגרעניצטע לעבן, דאָס פאַרשפּאַרט זיין איז די שטיבער פון 5 ביי־טאָג ביז 7 גאַנץ פרי. דאָס שיינען־סיסטעם זייערע פון אַרויספאָרן און אַרייסגיין פון שטעטל. בכלל דאָס פאַרלירן דאָס חשיבות פון מענטש. שפּעטער — די אָנקומענדע רעוואָ־לוציעס אין עסטרייך, אין דייטשלאַנד און באַזונדער אין רוסלאַנד און דאָס צעפאַלן זיך פון די אַרמייען און ציווילע מאַכטן. דאָס בייטן זיך פון די מאַכטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. דאָס אומזיכערקייט און הפקרות פונעם לעבן. מ'האָט זיך נאָך נישט אויסגעטשוכעט פון די אַלע קאָשמאַרן און שרעקלעכע איבערלעבונגען און שוין טאַנצן ווידער די שדים זייער מלחמה־טאַנץ צווישן דעם נייעם רוסלאַנד און נייעם פוילן. די באָלשעוויקעס, ווי נאָר זיי זיינען שטאַרקער געוואָרן, האָבן דערקלערט קריג

פוילן און זיך געלאָזט אויף וואַרשע, אויב ירשנען דעם אַלטן צאַרישן רעזשים זאָגן זיי, זיינען זיי בילכער אויף די שטחים לאַנד און געגנטן, וואָס די פּאָליאַקן האָבן פאַרכאַפּט אין וואָלין און ליטא און אַפילו קאָנגרעס־פוילן גופא ווילן זיי אויך ניט שענקען.

אין איינעם אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, כמעט אין דעמערונג, באַווייזן זיך טאַקע אומגעריכט אין שטעטל, וואָס איז שוין היפּשע עטלעכע טעג געווען פאַרלאָזט און הפקרדיק, אָן אַ מאַכט, עטלעכע ראַטעס באַלשעוויקעס. קליינע, דאַרע און שוואַכע, כמעט באָרוועס און נאַקעט און נישט אַלע מיט געווער. אַנקוקנדיק זיי האָט נישט איינער געטראַכט: „ווי האָט זיך עס געגומען צו אַזעלכע נישט באַוואָפנטע באָרוועסע אזא כח און קראַפט צו באַזיגן קערענסקיס אַרמיי און די אַלע איבעריקע, ווי דעניקין און נאָך ווי זיי האָבן דאָרטן געהייסן? סיידן טאַקע נאָר מיטן גייסט פון דער נייער אידייע האָבן זיי באַוויזן דאָס אויפצוטאָן! זיי האָבן זיך גיך איינגעאָרדנט אין שטעטל און אויף מאָרגן האָבן זיי שוין פאַרהוילט דאָס שטעטל מיט שיינער מוזיק און מיט רעדעס, פיל מיט צאָרן און שיינע הבטחות. מ׳האָט גערעדט צום פאָלק, צו די מאַסן און זיי צוגעזאָגט עולם הזה מיט עולם הבא. זיי האָבן באַוויזן, ווי דער קאָמוניזם מאַרשירט מיט ריזיקע טריט פאָראויס, פאַרנעמט אַלץ אויפן וועג און פאַרטרייבט זיינע שונאים. איצט גייען זיי אָפּנעמען פוילן און דאָס דורך איר אָנגעוויבטע און ווערן דאָס אויך דערגרייכן.

דערווייל האָבן זיי געוואָלט מאַכן אַביסל אָרדענונג אין שטעטל און האָבן צוליב דעם ציל אויסגעקליבן אַ „רעווקאָם” (אַ רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט) לויט אָנווייזונגען מסתמא האָבן זיי אָנגערופן אַ 5-6 יידן און דווקא פונעם ציוניסטישן לאַגער ווי מ. גינזבאַרג, יוסף זאַסק. בערל העלד און י. ה. העלד. אויך יוסקע באיאן, יצחק ערליך און וועלוול רייסקי (לעבט אין אַרגענטינע). ס׳זיינען אויך געווען אין רעווקאָם עטלעכע מעשטשאַנעס. פאַרשטייט זיך, אַז פון די אַ כבודים האָט מען דאָן זיך בשום אופן נישט געקענט אָפּזאָגן. אָבער גלייכצייטיק ביי אַזא אייפערדיקער און נייער מאַכט האָט עס געהייסן נעמען אויף זיך גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און איינשטעלעניש.

דער־אָ אומשטאַנד האָט לאַנג אויף זיך נישט געלאָזט וואַרטן: מיטן דערשיינען פון די באָלשעוויקעס אין שטעטל זיינען באַלד דאָרט פאַרשוווּנדן געוואָרן אַלע ערשט־נויטיקע לעבנס־מיטל, ווי זאַלץ, צוקער און שוועבעלעך און אַפילו, צוביסלעך, ברויט. דער קאָמיסאַר פלעגט אַלע מאָל צו זיך אַרויסרופן דעם פּרעזידענט פונעם רעווקאָם, מאָטל גינזבאַרג און לכתחילה נאָר אויפמערקזאַם מאַכן אים אויף דעם און צוגלייך פאָדערן פון אים די זאַך אויספאָרשן און אויף דעם שטרענג רעאַגירן. שפּעטער צו, ווען ער האָט געזען, אַז די לאַגע ווערט נישט בעסער, האָט ער אים אפילו געוואָרנט און שטרענגע אולטימאַטומס געגעבן. ער, מ. גינזבאַרג, אָבער, אַ בן עיר, אויסגעקאָכט מיט יעדן איינעם און אַ גוטער ברודער מיט יעדן, האָט דאָך נישט געקענט פאַראַטן און אויסגעבן זיינע באַקאַנטע. האָט ער טאַקע געהאַט דערפאַר שטענדיקע צרות און געדאַרפט קענען גוט באַלאַנסירן מיט די אומשטענדן און אָרט־באַדינגונגען. אַ היץ דעם האָט ער יעדן טאָג געדאַרפט צושטעלן פערד און וועגעלעך און דאָס, כידוע, האָט ער געמוזט נעמען ביי די גוים. האָט ער זיך אַזוי אַרום געשאַפן געפערלעכע שונאים צווישן זיי. און די פּאָליטישע און קריגס־לאַגע פון די באָלשעוויקעס האָט פונקט דאַן זיך אַ קער־געטאָן אויף צוריק. דאָס מלחמה מזל האָט זיי אָנגעהויבן צו פאַראַטן. טראָץ דעם, וואָס דאַן איז קיין שום ציטונג נישט געווען, האָבן אָבער יידן געוווּסט צו דערציילן, פאַרשטייט זיך בסוד־סודות, אַז די באָלשעוויקעס האָבן ביי וואַרשע געכאַפּט אַ גרויסע מפּלה, אַז די פראַנצויזן מיט די ענגלענדער זיינען אונ־

טערגעקומען די פּאָליאַקן מיט הילף און זיי טרייבן איצט די באָלשעוויקעס אויף צוריק.

און כך הוה. אין אַ שיינעם פרייטיק פאַרנאַכט, וואָס איז אויסגעפאַלן צוויי טעג פאַר ראש־השנה תר"פ (1920) האָבן זיך ווידער באַוויזן אין שטעטל באָלשעוויסטישע סאָלדאַטן. דאָס מאָל זיינען זיי אָנגעקומען פון בריסקער זייט און געמאַכט דעם איינדרוק פון אַנטלויפנדיקע. פון אָנהויב זיינען זיי אָנגעקומען אין קליינע צאָלן און אויף מאָרגן, שבת, זיינען זיי שוין געלאָפן מאַסנווייז. יידן גייען זיך רואיק פון דאַווענען מיט די טליתים אונטער די אָרעמס און דאָ זעען זיי גאָר, ווי די באָלשעוויקעס לויפן פון זאַבלוטער זייט. אַ שלעכטער סימן, טראַכטן זיי, און, אויב אַזוי זיינען טאַקע די קלאַנגען, אַז זיי האָבן דאָרטן ביי וואַרשע, געכאַפּט אַ מפּלה, ריכטיקע. יידן זיינען דאָך נייגעריק און ווילן וויסן, וואָס ס'איז געשען מיט אַלע פּרטים. ממש ס'גייט זיי אוים דאָס חיות. אָבער ווי אַזוי? ס'איז דאָך פּשוט אַ מורא און ס'שמעקט אַמאָל מיט סכנות נפשות. איינער אָבער, פּסח מעריץ, זייער אַ נייגעריקער יונגערמאַן, שטעלט זיך איין און שטעלט אָפּ אַ סאָלדאַט, פּונקט דאַן, ווען ער, אַ פאַרשטויבטער, אַ פאַרמאַטערטער, לויפט דורך דעם מאַרק, וואָס איז שוין געווען פול מיט אָפּטרעטנדיקע סאָלדאַטן, און פרעגט אים די סיבה, וואָס זיי לויפן אויף צוריק. דער סאָלדאַט האָט אים גלייך אָנגענומען פאַר אַ שפּיאָן און נעמט אים אָן און וויל אים פירן אין רעווקאָם. אַ נס וואָס די פרוי זיינע האָט עס באַמערקט און, זייענדיק אַ יידענע אַ קאָזאַק מיט דער רוסישער שפּראַך אין מויל, האָט זי אים אָנגעהויבן צו בעטן, ממש חלשן פאַר אים, האָט אים, גלייכצייטיק, איינגעלאַדן אויף מיטיק און האָט יאַקאָש דעם מאַן געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. פּונקט דאָס זעלבע איז געשען שפּעטער צו פאַרנאַכט. דער גרויסער מאַרק איז דאַן געווען פול מיט סאָלדאַטן, פיס־גייער און רייטער. זיי האָבן געוואָלט פּראָוואָצירן די נייגעריקע יידן, וואָס זיינען געשטאַנען שבתדיק אָנגעטאָן און געקוקט אויף די אָפּטרעטנדיקע סאָלדאַטן.

איינער אַ סאָלדאַט האָט פאָרגעלייגט אַ יידן אָפּקויפן ביי אים די זלאָטעס, וואָס ער האָט געהאַט, פאַר סאָוועטסקי געלטער. דער ייד האָט, זעט אויס, געמאַכט אַ גוט געשעפט, ווייל באַלד האָבן זיך אַנדערע יידן מתקנא געווען אין אים און האָבן שוין געפרעגט די סאָלדאַטן צי זיי האָבן זלאָטעס. איינער אַ רייטער האָט דאַן אויסגעשריען אַז ווער ס'האָט סאָוועטיש געלט זאָל צו אים צוקומען, ער האָט אַ סך זלאָטעס און וויל זיי אויסטוישן. עטלעכע מענטשן זיינען צו אים צוגעגאַנגען און דאָ האָט ער גאָר אָפּגעגעבן אַ באַפעל זיינע אונטערגעאָרדנטע די יידן צו אַרעסטירן און זיי אָפּפירן אין רעווקאָם. די מענטשן זיינען געווען אין אַ גרויסער סכנה דערשאָסן צו ווערן. מ'האָט זיי אָפּגעפירט אין רעווקאָם, אָבער די יידישע מיליציאָנערן, באַזונדער דער פּאָליציסט וועלוועל רייסקי האָט זיי אָפּגעהאַלטן ביז שפּעט אין אָוונט, ווען די בהלה ביי די סאָוועטן־סאָלדאַטן איז געוואָרן אַלץ גרעסער צוליב די אָנגרייפנדיקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך דערנענטערט און מ'האָט פאַרגעסן אין זיי. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך געהערט די איבערשיסונגען פון די אַרמייען אין און אַרום שטעטל. די בריקן, וואָס זיינען געווען לרוב איבער די טייכן און טייכלעך אונטערן שטעטל, האָבן אַ גאַנצע נאַכט ווי ליכט געברענט. דאָס האָבן די אָפּטרעטנדיקע באָלשעוויקעס זיי פאַרניכטעט, כדי צו מאַכן שווער דעם אָנגרייף פון די פּאָליאַקן.

די מיטגלידער פונעם רעווקאָם זיינען געבליבן אין שטעטל און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט, אויסער צוויי יידישע פּאָליציאַנטן, יוסקע באַיאַן און יצחק ערליך, וואָס האָבן געדינט ביי די באָלשעוויקעס אין דעם נאָענטן שטעטל קאַמיען קאַשירסק און זיינען אין דאָרף זאַלאַזנע אויפן וועג קיין ראַטנע דורך די פּאָליאַקן דערהרגעט געוואָרן.

די פאָליאַקן נאָכיאָגנדיק די באָלשעוויקעס אין דער קאָוולער ריכטונג, זיינען אין שטעטל נישט פאַרבליבן, איז דאָס ווידער אַזוי פאַרבליבן אָן שוץ און אָן אַ מאַכט, ממש אויף הפקר.

אויף מאָרגן, זונטיק, ערב ראש השנה, נישט קוקנדיק וואָס ס'איז שוין גרויסער טאָג, איז די באַוועגונג אין שטעטל געווען ווי פאַראַליזירט. ווי אַלע מענטשן וואָלטן געווען אויסגעשטאָרבן. די יידן זיינען פאַרשלאָסן אין זייערע הייזער און האָבן מורא, נאָך דער שרעקלעכער נאַכט, אַרויסצוגיין אין דרויסן. זיי מיינען געוויס, אַז ס'זיינען נאָך דאָ אין שטעטל סאָלדאַטן און, ווער ווייסט, מ'קען נאָך ווייטער אָנהויבן שיסן, ווי אין דער לעצטער נאַכט. מ'קוקט אַרויס דורך די לאַדן־שפּאַרינעס, אין דער הויף פון די בוידעמער, ניין, זעט אויס ס'איז שטיל אין שטעטל, ס'איז קיינער נישטאָ דאָרט מער. ס'וואַגט עמיצער אַרויסשטעלן אַ פוס. קוקט זיך אום אין אַלע זייטן. ס'טוט דאָס אויך אַ צווייטער, דערווייל הויבן שוין אָן אַרויסקומען מענטשן פון די שטיבער און ס'ווערן רעדלעך אינמיטן די גאַסן. ס'האָט זיך אויפגעכאַפּט דאָס שטעטל און עס רודערט שוין. מ'פרעגט איינער ביים אַנדערן, ווי ער האָט זיך געפילט אין דער „פריילעכער" נאַכט. וואָס וועט זיין ווייטער? מיט וועמען בלייבט מען, מיט די באָלשעוויקעס, צי מיט די פאָליאַקן? קיינער, פאַרשטייט זיך, ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. די געמיטער זיינען אָנגעצויגן און צעשטורעמט. אויף די הערצער איז קאַלעמוטנע. ס'איז דאָך אויך ערב ראש־השנה, אַ צייט אויך פון חשבון הנפש, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט. די נשמות זיינען באַצערט און די הערצער זיינען פאַרקלעמט און פאַרציטערט. מ'פילט, אַז די שטילקייט, וואָס הערשט איצט אין שטעטל איז ווי פאַר אַ שטורעם, אַז דאָרטן, ערגעץ אונטערן פאַרהאַנג, גרייט זיך עפּעס אין געהיים גאָר נישט קיין אָנגענעמער סורפּריז.

פרומע יידן האָבן דאָך נישט געוואָלט פאַרשטערן דעם יום טוב. זיינען זיי געגאַנגען, ווי דער דין זאָגט, טובלן זיך אין מקוה. זיך צוגעגרייט און ריין געמאַכט דעם גוף מיט דער נשמה, כדי אויפצונעמען דעם יום המשפט... צווישן די לעצטע איז אויך געווען דער שוחט ר' אברהם שלמה יואלס. צוליב די פאַרברענטע בתי־מדרשים אין מלחמה־צייט, האָט מען דאַן געמאַכט מנינים אין פריוואַטע הייזער. אויך ביי ר' אברהם שוחט אין שטוב איז געווען אַ מנין פון די „סטעפּאַנער„ חסידים.

ר' אברהם איז שוין געווען צוגעגרייט, אָנגעטאָן אין די יום־טובדיקע מלבושים, שיין אויסגעקעמט זיין באָרד, וואָס ערטערווייז איז זי געווען שוין דורכגעפלאָכטן מיט זילבערנע פעדימלעך און איז געפאַלן אויף זיין ווייסן העמד, מיט אַ חסידישער זיידענער היטל. די טישן זיינען שוין געשטאַנען צוגעגרייט אין מיטן צימער מיט זיבער־ווייסע טישטעכער צוגעדעקט. אויף דעם בעלעמער זיינען געשטאַנען די אָפּגעשייערטע לייכטער מיט די ליכט צום אָנצינדן. ס'האָבן נאָר געפעלט די מתפללים, כדי אָנצוהויבן דאַווענען מנחה באַצייטנס. און דאָ פלוצים, ווי עפּעס אַ שטורעם, ווי אָן אמתער וויכער האָבן זיך אָנגעיאָגט אויף די פערד צוויי רייטער מיט מערדערישע אויגן און אויסזען, מיט רעוואָלווערן אין די הענט און, דערזעענדיק אַ ייד מיט אַ הדרת פנים אין פענצטער שטיין און אָפּוואַרטן, מסתמא, די מתפללים, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אינעווייניק אין שטוב און מיט די רעוואָלווערן אין די הענט געפאָדערט ביי אים געלט. ער האָט אַפילו אָנגעהויבן צו זוכן געלט, אָבער דאָ האָבן זיי אים מיט גוואַלד אַ נעם געטאָן און אים אַרויסגעפירט אויפן הויף אונטער דער שטוב און גלייך דערשאָסן. פון דאָרט זיינען זיי אַוועק אין מאַרק און דערהרגעט אַ יינגל, איינעם כמעליער. (אגב, דער בלוטיקער הוראַגאַן פון די שחיטות אויף יידן דורך די באַלאַכאָוויצעס האָט געווילדעוועט דאַן איבערן גאַנצן געגנט אַרום. אַמשטאַרקסטן — אין נאָענטן שטעטל קאַמען־קאַשירסק און אומגעגנט מיט אַן ערך 120 קרבנות. אויך אין

נאָענטן דאָרף קרעמנע און שאצק א. א. וו.) די באַלאַכאָווצעס האָבן זיך דערנאָך באַרימט, אַז זיי האָבן דעם ערשטן דערשאָסן דעם ראבין אין שטעטל. ס'איז געוואָרן אַ שרעקלעכע פּאַניק אין שטעטל. מענטשן מיט די פאַמיליעס האָבן פאַרלאָזט זייערע הייזער און געזוכט שוץ און באַהעלטעניש הינטער דער שטאָט, ווי ערגעץ אַ נאָרע, אַ לאָך, ווי ערגעץ בלאָטעס און וועלדלעך, חורבות פון נישט־באַוווינטע שטיבער און שטאַלן ממש ווי די צושראָקענע שאָף, וואָס וועלף יאָגן זיי נאָך און ווילן זיי פאַר־צוקן. די מעשטשאנעס, די נאָענטע שכנים אפילו, צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט פון יידן, זיינען געשטאַנען פאר זייערע שטיבער מיט דרענגלעך און פלעקער און נישט אַריינגעלאָזט קיינעם צו זיך אויסבאַהאלטן, אַפילו פון די גערטנער זייערע האָבן זיי אָוועקגעטריבן. און דאָ אַזאַ יום־טוב ראש־השנה, וואָס אין אַן אַנדער צייט שטייען שוין אין דער שעה יידן מיט די טליתים איבער די קעפּ און בעטן ביים רבונו של־עולם אויף לעבן און פּרנסה, אַ יום־טוב, וואָס גאָט זיצט, ווי יידן מאָלן זיך אוים אין פאַנטאַזיע, על כסא המשפט און משפט די גאַנצע וועלט: „מי לחיים מי למות"...

מיר שטייען, אַלע שכנים פון גאס, אין דעם שטאָק־פינצטערן אָוונט ערגעץ־ווו פאַרשטעקט אין אַן אַלטער צעבראָכענער חורבה פון אַ פאַרלאָזענער געביידע אויף יענער זייט „קלאדקעס". צונויפגעדרענגט, ענג און טויט־דערשראָקענע שטייען מיר, מענטשן דאַכט זיך גלייכע מיט אַלע, און זעען אוים ווי טויטע שאָטנס, ווי געשפּענס־טער, טרויעריקע געדאַנקען מאַטערן דעם אַזוי אויך מידן און צעפּייניקטן מוח, ווי בייזע פליגן קומען זיי אָן מיט דער באַגלייטונג פון אַזעלכע הארבע און שווערע פראגעס, וואָס פאָדערן אַן ענטפער און ווער ווייסט פון וועמען.

„הייסט עס, זיינען מיר עס אזוי דורך אים, דורך דעם רבש'ע, פאַרמשפּט, פאַר־משפּט צום טויט, צו שרעק, צו שאנדע און צו שפּאָט!"

און די מערדער — זיי זיינען דאָס זיין רוט, זיי זיינען דאָס דער שטעקן, דער מקל־חובלים, וואָס שלאָגט אונדז".

זיי די מערדער, זיי משפּט ער נישט, זיי זיינען, זעט אוים, צדיקים, נאָר מיר זיינען עס די רשעים, אָבער פאַרוואָס, פאַר וועלכע זינד?

און אָט־די זיינען עס די קינדער פון ישראל, דער עם סגולה, די אויסדערוויילטע פון גאָט?"

„און אָט־די זיינען עס די אייניקלעך פון די גרויסע זיידעס, פון די מכבים?"

פלוצים דערהערן זיך טריט דערנענטערן און גלייך אויך אַ געשריי: „יידן, ראַ־טעוועט זיך, גיט וועד ס'האָט ביי זיך אָדער גייט אַהיים און ברענגט געלט, ווייל די באַנדיטן, די באַלאַכאָווצעס האָבן ווידער אַרויפגעלייגט אויף אונדזער אָרעם שטע־טעלע אַ גרויסע קאָנטריבוציע און האָבן באַשטימט אַ שעה ביז וואנען זיי וועלן וואַרטן. אויב נישט, אויב מ'וועט זיי נישט צוטראָגן צו דער באַשטימטער שעה, וועלן זיי די שטאָט אונטערצינדן און אַלע יידן אויסהרגענען. אויב אָבער מיר וועלן באַ־וויזן צונויפנעמען בי געפאָדערטע סומע און זיי דערלאַנגען וועט איר האָבן אַ סימן, אַז מיר זיינען געראַטעוועטע, ווען איר וועט זען פון דער ווייטנס, אויף יענער זייט שאָסיי אַ שטוב ברענען.

ס'האָט דאַן יעדער, פאַרשטייט זיך, אָפּגעגעבן וויפל געלט ער האָט געהאַט און די מענטשן, ה' ישראל ווינשטאָק, מאָטעל גינזבאַרג און אברהם איידעס, זיינען וויי־טער אַוועק זוכן יידן אין די באַהאַלטענע נאָרעס.

מענער און פרויען, אויפגעציטערטע און דורכגענומענע מיט שרעק און צוגלייך מיט רחמנות אויף זיך און קינדער, האָבן דאַן אין דער שטיל אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און מיט אַ יללה געבעטן דעם רבש"ע אַז ער זאָל זיך שוין איבער זיי מרחם זיין

און זאָל ווייך מאַכן די מערדערישע הערצער, אַז זיי זאָלן נישט אומברענגען דאָס ביסל ייִדן. זיי האָבן אויך געזאָגט אייניקע ראש־השנהדיקע תפילות מיט האַרץ און געוויין.

איך, איינער אליין, נאָר בין דאַן געווען אַ שטיקל מורד, אַ רעוואָלוציאָנער, אַנ־שטאָט תפלות האָב איך גאָר פּראָטעסטירט און גאָט געשטעלט די פראגעס: „היתכן, האב איך אין האַרצן געמורמלט: „השופט כל האָרץ לא יעשה משפט?” צי איז דעם האָסטו עם דיין עם־סגולה אויסגעוויילט, אויף שטענדיקע צרות, טויט־שרעק און כלערליי פּרעניזות? די ערשטע צו אַלערליי אומגליקן? צי שוין דען האָבן זיי נאָך נישט אויסגעקויפט און אָפּגעקומען זייערע זינד, אויב זיי האָבן בכלל אַזעלכע, מיט דעם פינצטערן צוויי־טויזנטיעריקן גלות, מיט די אַלע גרוילן און פּיין, וואָס אַ ליאַדע מנובל, אַ ליאַדע וויסטער מערדער הויבט אויף זיי זיין האנט און ברענגט זיי אום? יעדער יאָגט זיי, פּלאָגט זיי און זיי, ווי שרעקעוודיקע קראָליקעס פאַרשטעקן זיך אין אַלע לעכער? אָט אַזאַ טייערער מענטש, דיינער אַ דינער, דער שוחט ר׳ אברהם, אַן איש תם וישר, וואָס האָט דיך דריי מאָל אין טאָג געלויבט, האָט דיין תורה געלערנט און געגאַנגען אין דיינע דרכים, וואָס האָט זיך מיט אָרעמעלייט מיט זיין לעצטן ביסן געטיילט, וואָס האָט זיך אַפילו היינט, אין אָט־די שרעקנס־טעג מקדים געווען דאָס פריער אויפנעמען דעם יום־טוב מיט ריינע הושים און ריין האַרץ איז גאָר פון אַזאַ מנוולדיקער בעסטיע טויט־געפאַלן, — טאָ ווו איז משפט, ווו איז גערעכטיקייט? איך וואָלט נאָך אפשר אַזוי ווייטער געפרעגט אַזעלכע אפיקורסישע שאלות, אָבער דאָ האָט עמעצער פלוצלינג מיט פרייד אויסגעשריען: „אַ דאנק גאָט ס׳ברענט”! און ווירקלעך פון יענער זייט שאָסיי האָט זיך א פייער־פלאם, ווי אַ רויטער שדים־צונג, פון אַ ברענענדיקער געבײדע אויפגעהויבן, אַ סימן, אַז דער געלט־קרבן איז פון די ווילדע מערדער באַוויליקט געוואָרן און מיר זיינען פריי און געראַטעוועט געוואָרן.



נח כהן

# צוויי זקנים

ביידע זיינען שוין זקנים געווען.

דער אַלטער ר׳ דוד אין די אכציקער יאָרן און דער צווייטער, ר׳ אבא, מיט אַ פּאָר יאָר יינגער. נאָר נישט קוקנדיק אויף זייער טיפן עלטער, זיינען נאָך זייערע רוקנס נישט געבויגן געווען, דער טריט אַ פעסטער. אַמאָליקע יידן געווען. יידן פון יענע צייטן, ווען אַ פלעשל בראָנפן האָט אַ „פירער" געקאָסט און אַ גילדן אַ פוד מעל.

ביידע זיינען שוחטים געווען. דער ערשטער, ר׳ דוד, איז געווען שוחט אין שטעטל קאַמין, אַ קליין שטעטעלע אין וואָלין, נישט ווייט פון דער ליטע. אַהערצו האָט אים דער ניסכיזשער ז״ל, אַראָפּגעבראַכט פון פינסק. ער איז זיין גאַנץ לעבן אין שטעטל געווען, געטאָן זיין אַרבעט בשלמות און אַלע האָבן אים ליב געהאַט. מיט קיינעם האָט ער זיך נישט געקריגט. אַפילו די קצבים, וואָס האָבן שטענדיק תרעומות און טענות צום שוחט, פאַרוואָס ער מאַכט זיי נישט אַלע „שטיקלעך" כשר, אַפילו זיי, האָבן פאַר אים אויך דרך־ארץ געהאַט. ווען זיי פלעגן אים רופן שהטן, האָבן זיי שטיל, הכנעהדיק אַ זאָג געטאָן:

— איר וועט זיין אַזוי גוט, ר׳ דוד און אַריינקומען צו מיר אין שטאַל אַ קעלבל שחטן.

ווען ר׳ דוד פלעגט ביי עמיצן מאַכן עפּעס טריף, מעג דאָס זיין ווערט אַ „צע־נערל" וועט דער קצב, מעג ער זיין דער בייזסטער צווישן אַלע, ווי למשל, היים דער גרויסער. וואָס ווען ער רעדט דוכט זיך אַז אַן אָקס רעוועט, קיינמאָל נישט האָבן קיין טענה צו ר׳ דודן. אַ זאַך וואָס טרעפט אָפּט ביי די איבעריקע שוחטים. דער קצב, פלעגט נאָר מיט כעס אַוועקוואַרפן אויף דער ערד דעם לונג און לעבער, וואָס דער שוחט פלעגט ערשט אפּבדקנען צוגעבנדיק:

— שלעכטע צייטן, ר׳ דוד. נאָר טריף און טריף.

ר׳ דוד טרייסט אים, אַז גאָט וועט אים דעם היזק ממלא זיין, ווישט אָפּ אין זייער פון בלוט פאַרפלעקטער פאַטשיילע דעם חלף, לייגט אים אַריין אין הילצערנעם שיידל און קומענדיק אַהיים זעצט ער זיך ווידער אַריינקוקן אין די שחיטה ספרימלעך ביז ס׳קומט עמיצער אים רופן שחטן. אַ חוץ אַ פּאָר שעה אין אָוונט, ווען ער לערנט

וועלכע ס'איז במכהא, הזרט ער איבער אָפּט די שחיטה־ספרים, די חלפים פלעגט ער „שמעקן" פאַרטאָג, ווען דורך די קליינע לאָדן־שפּאַרינעס גנבהנען זיך צו אים אין צימער בלאַסע לבנה־שטראַלן.

האַלבע נאַכט. אין שטעטל שלאָפט אַלץ. די שטיבלעך מיט די פאַרמאַכטע לאָדנס שלאָפן אויך. ווו נישט ווו גנבעט זיך אַרויס פון אַ פענצטער אַ שטראַל ליכט. דאָס האָט אַ מוטער דעם לאָמפּ אָנגעצונדן, כדי די קינדער זאָלן נישט מורא האָבן צו שלאָפן. אינגאַנצן אַ ליידיקער, ווי אויף הפקר שטייט דער מאַרק. שטיל, נאָר די לבנה מיט די שטערן ווילן דעם מאַרק נישט פאַרלאָזן. געטרייע היטער זיינען זיי. שווימט די לבנה מיט שטאָלץ אַרויס פון יעדן שטיקעלע וואָלקן, און גיט אומעטום אָנצוהערן, אַז זי איז דאָ און מ'מעג רואיק שלאָפן. שלאָפט זיך טאַקע יעדער אין דער וואַרעמער בעט און שטערט נישט כאָטש עטלעכע שעה די רואיקייט פון דער נאַטור. נאָר אָט־האָט זיך אַ לאַנגער קריי דערהערט, נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער ביז אַלע הענער האָבן צווויסן געגעבן פון זייער זיין. פון דוד שוחטס שטוב האָט אַ שיין געטאָן אַ קליין ליכטל אין גאַס אַריין. דוד שוחט האָט אָפּגעריכט חצות, איז צום ספרים־שראַנק צו־געגאַנגען, אַרויסגענומען פון דאָרט אַן עופות־חלפל, אַ פּאָר גרויסע חלפים און צוויי שאַרף שטיינדלעך. דערנאָך האָט ער פון אַ צווייטער שאַפע אַרויסגענומען אַ טעלער, אָנגעגאָסן מיט וואַסער און גענומען „שטעלן" די חלפים. אין שול פלעגט ער דאַווענען מיטן ערשטן מנין. נאָר שטענדיק האָט ער זיך פאַרזאַמט ביז דער צווייטער מנין האָט אָפּגעדאַוונט. ווייל אַלע האָבן ליב געהאַט צו שמועסן מיט אים.

— אַ קלוגער ייד, ר' דוד, — פלעגן זיי צווישן זיך ריידן. נישטאָ היינט אַזעלכע יידן.

פונעם שטעטל קאַמין איז ער, כמעט פון זינט זיין קומען אַהין קיינמאָל נישט אַרויסגעפאָרן. חוץ אַ פּאָר מאָל אין זיין געבורטס־שטאָט פינסק. אַמאָל אַז זיין טאָכ־טער, וואָס וווינט אין צווייטן שטעטל ראַטנע, נישט ווייט פון קאַמין האָט געבוירן אַ יינגל, אָדער ווען ביי זיין זון יצחק וואָס האָט אויך געוווינט אין ראַטנע איז געווען אַ שמחה איז ער שוין געפאָרן צו זיי אויף שבת און געווען איבערן ברית. פייוועקע, וואָס איז אין קאַמין געווען באַרימט אַלס דער בעסטער בעל־עגלה אין שטעטל, דערפאַר וואָס ער פלעגט שוין פאָרן מיט אַ ברישקע, האָט איינגעשפּאַנט זיינע צוויי „לייבן" ווי מ'פלעגט זיי רופן, אָנגעטאָן זיי אויף די העלדזער די גלעקלעך וואָס אומעטום ווו זיי זיינען דורכגעפאָרן האָבן זיי אַ רעש אָנגעמאַכט און מיט אַ געקלינגעריי איז ער צו דודס שטוב צוגעפאָרן. ר' דוד איז אַרויסגעקומען פון שטוב מיטן טלית־זאַק אין האַנט און אונטער אים אַ קינד, טראָגנדיק זיין שעפּסענעם פוטער.

אין ראַטנע ווו דודס טאָכטער האָט געוווינט, איז פייוועקע אַריינגעפאָרן מיט אַ רעש. פייוועקע האָט געוואָלט ווייזן די ראַטנער יידן, אַז ער איז דער בעסטער בעל־עגלה אין געגנט. האָט ער שוין דערפאַר קיין בייטש נישט געזשאַלעוועט און נאָך יעדן שמיץ זיינען די פערדלעך שנעלער געלאָפן, מאַכנדיק מיט די גלעקלעך אַזאַ רעש אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרויס אויף דער גאַס.

דער שבת ביי דער טאָכטער, האָט אים פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט. מ'האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אים. אַלע האָבן זיך געפרייט מיט זיין קומען. אין שטיבל ווו ער איז געגאַנגען דאַוונען צוזאַמען מיט זיין איידעם אברהם דער שוחט, האָבן אים אַלע אויפגענומען מיט ברייטע שלום־עליכמס און מיט אַ סך פרייד. אַ סך עלטערע מענטשן האָבן נאָך געדענקט די הויכע מיינונג, וואָס ס'האָט געהאַט פון אים דער ניס־כיזשער ז"ל. ווי וועגן אַ זיידענעם יונגערמאַנטשיק, האָט ער גערעדט פון אים. אַן עלוי און דערצו באַשאָנקען מיט אַ שיינעם הדרת פנים, הויך ווי אַ סאָסנע, אַ גאָלדן האַרץ און אַ סך אַנדערע גוטע מעלות. אין ראַטנע האָט מען גוט געוווּסט ווער ר'

דוד שוחט איז און מ'האט זייער געהאלטן פון אים. נאכן ברית האט ער זיך א צופרי־דענער אין זיין שטעטל אומגעקערט און מיט דער זעלבער תמימות פארגעזעצט זיין לעבן.

ווען זיין יינגסטע טאכטער רייצע איז אונטערגעוואקסן, האט ער א שדוך געטאן מיט איצע פלאט, א זון פון ר' אבא שוחט, פון שכנותדיקן שטעטל לישע, ווו ער איז באקאנט געווען אלס ערלעכער ייד און ירא שמים.

ביידע שוחטים, אבא און דוד, האבן זיך נאך געקענט פון פריער: נאר זייענדיק מחותנים האבן זיי זיך מער באפריינדעט. א פאר מאל אין יאר, זיינען זיי איינער צום צווייטן צו גאסט געפארן, און שטענדיק ווען זיי האבן זיך באגעגנט, איז א יום־טוב געווען ביי זיי. פארשפרייט דעם טיש מיטן שבתדיקן טישטוך, דעם צוועלפער לאמפ וואס ווערט גענוצט נאר פאר שבת און יום־טוב אנגעצונדן און א יום־טובדיקע ווע טשערע געפראוועט.

מיט יארן שפעטער, ווען ר' דוד איז עלטער געווארן און דערפילט א שוואכקייט אין די הענט און אין דער ראיה, האט ער די חזקה אלס שוחט דעם עלטערן זון אי־בערגעגעבן און אליין אוועקגעפארן צו זיין טאכטער קיין לישע, ווו דער מחותן ר' אבא האט געוווינט.

***

אומעטיקער ווי שטענדיק איז דאס יאר דער אלול געקומען. נאך פון פריער האט אין דער לופט א טרויער געשוועבט. אן אומעטיקע שטילקייט האט געהערשט אויף דער יידישער גאס. דער „הנשמה לך והגוף שלך" האט איצט, מער ווי שטענדיק גע־שראקן... מ'האט אויף אן אמת דערפילט אז מ'איז שוין נישט קיין בעל־הבית אויף דעם אייגענעם גוף. ווי א שטילער קרעכץ וואלט זיך פון ווייטן געטראגן און מיט שרעק די גאס אנגעפולט.

אין די ארומיקע שטעטלעך איז שוין אומרואיק געווען.

גרופעסווייז ציען צוריק די רויטע ארמייער. שטיל, טרויעריק מארשירן זיי דעם מארק דורך און פארשווינדן אין צווייטן עק שטעטל. די יידישע איינוווינער קוקן מיט באהאלטענעם שרעק אויף די אפטרעטנדיקע סאלדאטן: זיי ווייסן, אז מיט יעדן טריט, וואס זיי דערווייטערן זיך פון שטעטל, דערנענטערן זיי דעם טויט אין גע־שטאלט פון באלאכאוויטשן.

פארבייגייענדיק, האט א יידישער רויט־ארמייער, מיט דער כונה אז די יידן זאלן זיין געווארנט, דערציילט פון די שחיטות, וואס די באלאכאוויצעס פירן אויס אין די ארומיקע שטעטלעך.

„גאנצע שטעטלעך ווערן חרוב; די מענער פון פארשיידענע טויטן קומען אום, פרויען ווערן געשענדעט און נאך אזעלכע ווילדע רציחות". מיט א פארשטיינערטן הארץ נעמען די יידן אויף די ידיעות און צעגייען זיך אהיים פול מיט שרעק פארן מארגן.

אין א שיינעם זוניקן פרימארגן, האבן זיך אויפן פוסטן מארק־פלאץ באוויזן רייטער, מיט גרויסע קוטשמעס אויף די קעפ און מיט פעלערינעס — ווי די רוסישע טשערקעסן — אויף די פלייצעס. זיי זיינען די שטאט דורכגעפארן געלאסן, מיט א סארקאסטיש שמייכעלע אויף די פנימער. אין א ווילע ארום, האבן זיי זיך מיט א געלויף צוריק אומגעקערט, אונטערפייפנדיק א רוסיש לידל און ווארפנדיק מיט שטע־כיקע אויגן אין יידישע פענצטער אריין. באהאלטן זיך איז שוין געווען שפעט. אר־מעטום, אין יעדן אונטערגעסל זיינען זיי שוין געווען. אויפגעבראכן פארמאכטע טירן און די יידן אין גאס ארויסגעשלעפט.

ביי אבא שוחט אין שטוב זיינען ביי פאַרמאַכטע לאָדנס צונויפגעדריקטע געזעסן: ר' אבאס עלטערער זון איצע, די קלענערע קינדער און די פרויען און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעהערט צום מינדסטן שאָרך אויף דער גאַס

אבא אַליין מיט דוד שוחט זיינען אין שטוב נישט געווען. די קינדער האָבן זיי מיט גוואַלד אַריינגעפירט צו אַ גוי אין שייער. זיי האָבן זיך אַפילו נישט געוואָלט באַהאַלטן, נאָר די קינדער האָבן זיי קוים איינגעבעטן דאָס צו טאָן.

אבאס זון איצע און די איבעריקע אין שטוב האָבן שוין נישט געקענט לויפן זיך באַהאַלטן. ציען זיך די מינוטן ווי שעהן. פון גאַס דערטראָגן זיך געשרייען און גוואַלדן פון געכאַפּטע יידן.

פלוצים האָט זיך אויפן בריקל וואָס פאַר דער גאַס-טיר, דערהערט אַ קלאַפּן פון טריט און הויכע גראָבע שטימען רעדן. פון שרעק האָבן זיך די שטוב-מענטשן צוגעטוליעט נענטער איינער צום צווייטן, נישט אָפּווענדנדיק זייערע אויגן פון דער טיר. באָלשעוויקעס!

די טיר האָט זיך געגעבן אַ פּראַל אויף און אין שטוב איז אַריין אַ ווילדער, האַלב-שיכורער באָלאַכאָוועץ, מיט אַ נאַגייקע אין האַנט איז ער צו די דערשראָקענע יידן צו און — — —

אין איניקע מינוטן אַרום איז די שטוב ליידיק געוואָרן, צוזאַמען מיט אַנדערע יידן זיינען זיי געטריבן געוואָרן צום שול-פּלאַץ, וו עס האָט שוין אָפּגעוואַרט אַ מחנה באָלאַכאָווצעס.

נאָכדעם ווי די געבראַכטע האָבן זיך, אויפן באַפעל פון עלטסטן, אַ ברודער-קבר אויסגעגראָבן, האָט מען זיי אין רייען אויסגעשטעלט און איינס... צוויי — — —

אַ רויך האָט זיך אויפגעהויבן פון שול-פּלאַץ אַלץ העכער און העכער, מיטנעמענדיק מיט זיך די לעצטע „שמע ישראל!"-געשרייען פון די אומגעבראַכטע.

פון דער שחיטה איז קיינער פון די מענער נישט געבליבן. אויסער אַ ייד וועמען די קוילן האָבן נישט געטראָפן און צוזאַמען מיט אַלע איז ער פון שרעק און צעטומלעניש אין גרוב אַריין, געלעגן מיט די טויטע ביז ביינאַכט און דאַן זיך שטיל אַרויסגערוקט און אַנטלאָפן. ס'זיינען אויך געבליבן די צוויי אַלטע ר'דוד און אבא. שטאַרק פאַרטרויערט אויף זייער אומגליק זיינען די אַלטע געזעסן אין זייער באַהעלטעניש און וויינענדיק תהלים געזאָגט. אין דעם טאָג זיינען זייערע האָר ווייסער געוואָרן די רוקנס געבויגענער און די אויגן נאַסער.

אַ גאַנצן יום-כיפור, צו כל נדרי, דערנאָך צו שחרית און מוסף, זיינען די צוויי אַלטע, געראַטעוועטע פונעם פּאָגראָם געזעסן אין שייער און געדאַוונט יעדער פאַר זיך מיט אַ שלוכצן און געוויין. צוליבן פּאָגראָם איז קיין תפילה בצבור נישט געווען. ס'האָט זיך דערנענטערט פאַרנאַכט. דורך די שמאַלע שפּאַרינעס פון די ווענט, האָבן זיך גאָלדיק רויטע שטראַלן אַריינגעגנבעט, און געדוכט האָט זיך, אַז רויטער און פייערדיקער ווי שטענדיק זיינען היינט די שקיעה-שטראַלן, רויט פונעם בלוט וואָס זיי האָבן די לעצטע טעג אין זיך אַנגעזאַפּט.

— שוין צייט נעילה דאַוונען — האָט ר' אבא זיך אָפּגערופן.

ר' דוד האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ שטעל אויף אויסגלייכנדיק זיין מאַיעסטעטישע פיגור און אַ זאָג געטאָן צו זיין מחותן:

— לאָמיר גיין נעילה דאַוונען אין שול. אַ גאַנץ יום-טוב האָט די שול קיין יידיש קול נישט געהערט, זאָל כאָטש יעצט צו נעילה דער מקום קדוש נישט שטיין אַ פּאַרלאָזטער, אפשר וועלן מיר זיין די שליחים אָפּצושטעלן די גזירה...

די איבעריקע מענטשן האָבן זיי געפרוווט אָפּרעדן פון דעם. מ'האָט זיי געזאָגט אַז די באָלאַכאָווצעס געפינען זיך נאָך אין געגנט. אויך די אַלטע האָבן געוווסט, אַז

ס׳איז אַ גרויסע סכנה צו גיין יעצט אין גאַס. אָבער אַנטשלאָסענע האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט צו דער שול. אַריינקומענדיק אין גאַס, האָבן זיי ביידע, ווי קליינע קינדער געוויינט. גרויס איז געווען דער חורבן. די הייזער — מיט צעבראָ־כענע טיר און פענצטער. קיין זכר פון אַ מענטשן. אַ פחד איז אויף די צוויי זקנים געפאַלן. די פוסטקייט פון אַרום, דערצו נאָך אין אַזאַ הייליקן טאָג, האָט געדריקט אוי[illegible]ער נשמה, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פילן פאַרלאָרן, הילפלאָז. אָבער זיי האָבן פאַרגעזעצט זייער וועג. זיי זיינען שוין דעם מאַרק אַדורך, נאָך אַ געסל און זיי זיינען שוין אויפן אָרט.

פּלוצים איז זיי אָנגעקומען אַנטקעגן אַ קליין שייגעצל, וואָס איז פון פעלד גע־גאַנגען. דערזעענדיק די אַלטע, וועמענס בהמות ער האָט אַמאָל געפּאַשעט, איז ער צו זיי צוגעלאָפן און שטיל געזאָגט:

— גייט נישט, זשידקעס! גייט נישט, מ׳וועט אייך הרגענען!

און איז אַוועק.

אַ הילכיקער פייף האָט אין דער שטילער גאַס די לופט דורכגעשניטן, דורך די זקנימס אויערן אַדורך, ווי אַ סוד איינגערוימט און איז ווייטער אַוועק.

די אַלטע זיינען שטיין געבליבן.

— איי, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ! מיר וועלן אייך ווייזן צו אַנטלויפן צו די באָל־שעוויקעס!

די צוויי אָנגעלאָפענע רייטער זיינען אַראָפּ פון די פערד. דערזעענדיק די צוויי לאַנגע שיינע בערד פון די צוויי אַלטע מיטן פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען, זיינען זיי אַ ווײַלע שטיין געבליבן, זיך איבערגעקוקט. באַלד אָבער האָט יעדער זיך אָן אַלטן גענומען, און ביז די צוויי זקנים האָבן ווידוי אָפּגעזאָגט, זיינען שוין זייערע העמד און פּיס איבער דער גאַס געווען צעוואָרפן, איבערלאָזנדיק אומעטום רויטע פלעקן...



ישראל האַניק

# דער טרויעריקער ראש־השנה

ס'איז געווען ערב ראש השנה פון 1920, ווען די פּאָליאַקן האָבן געקעמפט מיט די באָלשעוויקעס אין דעם נייעם צעפלאַקערטן קריג.

דאָס שטעטל איז פאַרלאָזט געוואָרן פון די באָלשעוויקעס ביינאַכט אויף זייער ריקצוג, און ס'איז געבליבן הפקר אָן וועלכן שוץ...

אויף דעם ברייטן מאַרק פון שטעטל, זיינען געשטאַנען יידן און קריסטן, ווי שטענדיק איז זייער צוזאַמענלעבן אין די צרות, געווען אַ פרידלעכע און פריינטלעכע, און געשמועסט פון זייער ווייטערדיקן גורל, וואָס עס וועט זיי ברענגען די נייע מלחמה. עס זיינען אומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז דער באַוווסטער רוצח און פּאָגראָמשטשיק בולאַק באַלאַכאָוויטש, דערנענטערט זיך צום שטעטל. יידן האָבן מיט טיפן פחד זיך געגרייט און דערוואַרט מיט טיפן אַנגסט די ווייטערדיקע שעהן.

נטע דער מילנער, דער שטענדיק פאַרשטויבטער און ווייסער, איז אָראָפּגעקומען אין מאַרק, פון זיין ווייטער מיל, וואָס געפינט זיך אויסער דעם שטעטל, און דערציילט, אַז ביי זיין ווינטמיל הערט מען די אָפּקלאַנגען פון שיסערייען. זייט זשע גרייט יידן, ווער ווייסט וואָס עס דערנענטערט זיך אויף אונדז.

פאַרנאַכט־צו, זיינען ליידיק געוואָרן די גאַסן, דער מאַרק מיט די קראָמען זיינען פאַרמאַכט געוואָרן. אַ טויטע שטילקייט האָט אומגעשוועבט אין דער לופט, יידן האָבן זיך געגרייט צום נייעם יאָר, מיט מורא און פחד...

פון ערגעץ־ווו האָבן זיך דערטראָגן געשרייען און געוואַלדן. דער טאַטע האָט אונדז אַלעמען געהייסן זיך אָנטאָן אויף גיך, און לויפן מיט אים דורך דער אונטערשטער טיר אין די קרומע געסלעך און אונטערוועגן. שרעקלעך און גרוילעך איז געווען דאָס בילד פון דער וואַנזיניקער יידישער מאַסע, מענער, פרויען, קינדער, קאַליקעס, געשרייען, וואָס האָבן פאַרהילכט די לופט, אַלע לויפן און ווילן איבעריאָגן איינער דעם צווייטן. אין גערטנער איבער פלויטן דראָטן מען קריכט, אָט באַמערקט מען רייטערס, וואָס יאָגן נאָך, הערן די געשרייען ווילדע און כאַאָטישער. אַ בעס־

טיאַליש געיעג נאָך יידיש בלוט. נעבן דער שטאָט - באָד, ליגט אַ ייד מיטן נאָמען יאַנקל, אַ פֿאַרוווּנדעטער פֿון אַ קויל, דאָס בלוט רינט, און ער קרעכצט און שלוקערצט, ער בעט זיך רחמים מ'זאָל אים ראַטעווען. איינציקע פֿרוון אים טראָגן אין איילעניש, אָבער די מערהייט לויפֿט צום טייך פֿריפֿעט, וואָס שלענגלט זיך אַרום דעם שטעטל, עלטערע נעמען קינדער אויף די פּלייצעס איבערצוטראָגן זיי...

נישט זעענדיק און נישט פֿילנדיק, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די נאַכט, און איינגעהילט אין טונקלקייט דעם אַרום, און געהאָלפֿן דער וואַנזיניקער מאַסע, זייער באַהעלטעניש צו געפֿינען...

פֿון ווייטנס מערקט מען אַ פֿייער פֿון אַ פֿויערשע הייזקע אויסער דעם שטעטל ערגעץ דערנעבן אַ נאָענט דאָרף. דאָס געלויף האָט זיך אָפּגעשטעלט, מ'איז געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דעם פֿייער, נאַסע אויסגעווייקטע מיט אַן אינערלעכן ציטער און שווייגנדיקן צער. אויף הפקר האָט מען איבערגעלאָזט די היימען, דאָס באַלעבאַטישקייט. פֿון ווייטן זעט מען דאָס שטעטל, קליינע פֿייערלעך פֿון די קריסטלעכע איינוווינער...

אין אַ געוויינלעכן שטאַל, ווו עס האָבן זיך געפֿונען בהמות, און אין דער הויך איז געווען אָנגעפֿולט מיט היי, זיינען אַריין די אַלע וואָס זיינען געלאָפֿן אין דער ריכטונג. אין דער ענגשאַפֿט און מיש־מאַש פֿון פּערזאָנען, האָט מען אָנגעהויבן זיך אויספֿרעגן פֿון די נאָענטע, צי מען איז דאָ ערגעץ פֿאַרשטיקט אין אַ ווינקעלע...

ס'האָט עמיץ געכאָרכלט און געוויינט אין אַ ווינקל. ספּאַזמאַטישע געשרייען און רופֿן. חנה־ליבע די מאַרק־יידענע דערציילט, אַז דאָס וויינט די שוחטקע מיט די צוויי טעכטער, וואָס זיינען דאָ מיט איר, פֿון די איבעריקע טעכטער און זין ווייסט זי נישט. איר מאַן און פֿאָטער האָט מען דערהרגעט, אָנגעטאָן אין ווייסן קיטל, גייענדיק צום דאַוונען, ביים אָנקומען אין שטעטל.

דער טויער איז צוגעמאַכט, פֿרויען פֿרוון צו באַרואיקן די אבלים, בעטנדיק און וואָרענענדיק, אַז אונדזער אַלעמענס לעבן איז איינגעשטעלט, אויב מען וועט וויינען און שרייען. הערשט אַ נאָגנדיקער טרויער אין דער פֿאַרצווייפֿלטער עדה יידן, איינער ווייסט נישט פֿון די נאָענטע קינדער, קרובים, ווו זיי זיינען ערגעץ, וואָס וועט זיין מיט אונדז פֿרעגט אַן עלטערער ייד, סתם פֿון טרויער אַזוי, און עס ענטפֿערט אים אַ צווייטער ר' חיים לייב, פֿאַרלירט נישט דעם בטחון, גאָט וועט אונדז ראַטעווען גלויבט יידן און האָט אמונה. גלויבט מען אין אַ צופֿאַל און מען דערוואַרט אַ נס...

אַ קליין קינד האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול, אויף דער מוטערס שויס, און עס העלפֿט נישט דאָס וויגן און בעטן זיך, עס וויינט אויף צו להכעיס אַלץ שטאַרקער. האָט זיך דאַן עמיץ אָנגערופֿן מ'זאָל דאָס דערשטיקן, איידער מיר זאָלן אַלע אומקומען. אומגליקלעך קינד וואָס וויינסטו, זאָגט פֿאַרווינט אַ פֿרוי, געבן דיר אפֿשר אַ שטיקל צוקער, און ס'איז מיט דעם שטיקל צוקער סמאָקענדיק איינגעשלאָפֿן.

פּלוצלינג האָט מען דערהערט קלאַפֿן אין טויער. אַ שוידערלעכער ווייגעשריי פֿון פּחד האָבן אַלע אַרויסגעלאָזט. ס'איז געווען די פֿויערטע, די באַלעבאָסטע און אַלעמען אויפֿגעפֿאָדערט מיט גוטן צו פֿאַרלאָזן איר שטאַל, ווייל זי האָט מורא פֿאַר די באַלאַכאָוועצעס. איר זעט אין שטאָט ברענט, האָט זי געזאָגט, גייט אייך אַלע וווהין איר ווילט, ביי מיר נישט. ווייל ווען עס וועט קומען מיין מאַן אין די פֿאַרטאָגשעהן, ווי ער פֿאַשעט דאָרט די פֿערד, וועט זיין ערגער, ער וועט גיין זאָגן די באַלאַכאָוועצעס...

איינצלנע בעטן איר מיט טרערן, וווהין זאָלן מיר גיין, אָבער זי איז עקשנותדיק, כ'וויל נישט איינשטעלן דאָס לעבן צוליב אייך...

חיים דער דאָרפֿגייער, האָט איר איינגערעדט, צוזאָגנדיק פֿאַר יעדן פּערזאָן אַ

פוד זאלץ, און ער איז פאראנטווארטלעך פאר דעם. זאלץ איז דאן געווען ביי די פויערים דאס וויכטיקסטע... טראגיש און קאמיש איז געווען צוצוזען ווי די פויערטע ציילט די יידן, ציילט הונדערט מער און ווייטער...

נאך דער טרויעריקער שלאפלאזער נאכט, האט אנגעהויבן צו שאריען אויף טאג, דער ערשטער טאג ראש השנה. דער פויער איז געקומען און באטראכט די יידן. זי האט אים דערציילט פון דעם געשעפט, וואס זי האט געמאכט, פון דער פאנטאסטישער סומע זאלץ. ער האט מסכים געווען, זעענדיק אז עס געפינט זיך צווישן דער מאסע, אזעלכע חשובע שטאט-סוחרים פון שטעטל.

מיטן פרימארגן זיינען געקומען צוגיין צוויי יידן פון שטעטל, דערציילנדיק די איינצלהייטן פון שטעטל. צוויי הרוגים, עטלעכע פארוואונדעטע. דער שעף פון דער באנדע האט פאררופן איניקע יידן און געזאגט, וואס ער פאדערט פון דער שטאט גאר א גרויסע סומע געלט, גאלד און זילבער, וועלכע איז געווען אין יענע צייטן א גוואלדיק גרויסער נסיון דאס צו קריגן. און מאכן זיי א גרויסארטיקן מיטיק פאר זיינע אנפירנדיקע אפיצירן. און דערמיט וועט האבן אפגעקומען דאס שטעטל.

יידן האבן געגעבן וואס זיי האבן געהאט מיט זיך, אנדערע זיינען געלאפן אין די היימען אויסגראבן און דאס אוועקגעבן.

ביי־טאג האבן אלע פארלאזט דאס פלאץ אומקערנדיק זיך אהיים. א יונגער פויער האט אלעמען איבערגעפירט דעם טייך מיט זיין שיפל, ארויסווייזנדיק זיין מיטלייד און פויערשע גוטסקייט צו זיינע באקאנטע שכנים. שעה'ן האט געדויערט דאס איבערפירן, און ער איז נישט מיד געווארן, ער האט געוווסט אז די יידן וועלן אים גוט געדענקען און באלוינען דערפאר...

מיין טאטע עליו השלום, האט נאך מורא געהאט צו גיין דירעקט אהיים. אמאל וואס עס קען זיך מאכן; איז ער אריין צו דער ערשטער יידישער שטוב הינטערן שטעטל. די פאמיליע־מענטשן זיינען געווען אין טרויער, ס'איז ביי זיי געשטארבן א קינד שוין דעם צווייטן טאג, און זיי קענען עס נישט ברענגען צו קבר ישראל. דאס קערפערל ליגט אויף דער פאל איבערגעדעקט. די מאמע פון קינד וויינט פארשטיינערט...

תיכף נאך יום־טוב האט מען זיך דערוווסט די טרויעריקע איינצלהייטן פון די ארומיקע דערפער. לעבעדיקערהייט האט מען זיי באגראבן, שרעקלעכע פייניקונגען, צענדליקער הרוגים האט מען געבראכט אין שטעטל דערמארדעט און דערשאסן. ברידער־קברים, קינדער און פרויען באגלייטן זייערע ליבסטע צו זייער אייביקער רו מיט הארץ־רייסנדיק געוויין... אין שכנישן נאענטן שטעטל איז געווען זיבעציק הרוגים, בלויז מענער האבן זיי דערמארדעט, אין די דערפער שאצק, דוביטשנע, לוביכיען דערגרייכט די צאל צו צוויי הונדערט...

טרויעריקע טעג וואס דערמאנען דאס הפקרדיקע לעבן, ווען עס האבן געבושעוועט די בולאק באלאכאוויטש באנדעס אין קאוולער קרייז.

ערע זייער אנדענק די געפאלענע און פארפייניקטע...

(„מארגן־צייטונג“, ב. איירעס, 1940).



יעקב טאָקער (בוענאָס־איירעס)

# דער לעבעדיקער יאָרצייט

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען די רוסן האָבן אונטערגעצונדן דאָס שטעטל איידער זיי זיינען אַנטלאָפן פון די דייטשן, איז אונדזער שטוב אויך אָפּגע־ברענט געוואָרן. מיר האָבן זיך דערווייל אויסגעבויט אַ קליין שטיבל מיט אַ שטרויע־נעם דאַך נישט אויף דעם זעלבן פּלאַץ ווי פריער, נאָר נעענטער צו די גויאישע שכנים, וואָס האָבן געוווינט הינטער אונדז. מיר זיינען אַזוי געזעסן און געוואַרט די מלחמה זאָל זיך ענדיקן און מיר זאָלן זיך צוריק אויסבויען אַ שטוב אויף דעם זעלבן פּלאַץ וואָס פריער. די מלחמה האָט זיך געענדיקט און אָנשטאָט עס זאָל קומען רו אויף דער וועלט, האָט זיך צעפלאַקערט אַ נייע מלחמה און אונדזערע קאַנטן זיינען ווידער געשטאַנען אין פלאַמען. גאָר באַזונדערס האָבן זיך אונדזערע יידן אָנגעליטן פון די טרויעריק־באַרימטע בולאק באַלאַכאָוויטש באַנדעס, וועלכע האָבן אונדז גע־בראַכט טויט און פאַרוויסטונג. וועגן די שרעקלעכע מעשים פון די דאָזיקע באַנדעס דערציילן זיך מענטשן אָן מוראדיקע זאַכן. אָבער וויפל מען דערציילט איז נאָך אַלץ נישט אויסגעשעפּט דער ים פון צרות וואָס זיי האָבן אויף אונדז געברענגט.

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ יונג יינגל און נישט אַלץ וואָס איך האָב איבער־געלעבט איז מיר פאַרבליבן אין זכרון. איינציקע געשעענישן אָבער האָבן זיך איינ־געקריצט אין מיין געדעכעניש און זיי וועלן שוין קיינמאָל נישט פאַרשווינדן. אָט די איבערלעבענישן טאַקע וויל איך איצט דערציילן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מהומה פון די בולאק באַלאַכאָוויטש־באַנדעס האָבן מיר, ווי געזאָגט, געוווינט נאָענט פון אונדזערע גויאישע שכנים און אונדזער שטוב האָט אויך אויסגעזען ווי אַ גויאישע, מיט אַ שטרויענעם דאַך. האָבן מיר גערעכנט, אַז דאָס וועט זיין פאַר אונדז אַ שמירה קעגן די רוצחים ווייל זיי וועלן געווים נישט קומען זוכן יידן אין אַ גויאישער געגנט. זעט אויס אַז אַזוי האָט געטראַכט נישט

נאָר אונדזער פאַמיליע, נאָר אויך אַנדערע שטעטלדיקע יידן זיינען געווען ביי דער זעלביקער מיינונג. האָבן זיך טאַקע צו אונדז פאַרזאַמלט עטלעכע יידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך ביי אונדז באַהאַלטן מיט דער האָפענונג אויסצומיידן די מערדערשע הענט.

אין אַ געוויסן טאָג ווי מיר זיצן אַזוי, אונדזער גאַנצע משפחה און אויך עטלעכע אַנדערע יידישע משפחות, אין שטוב און ציטערן אין אימהדיקער דערוואַרטונג, זעען מיר ווי עס דערנענטערן זיך צו אונדז צוויי רייטער פון דער גוט-באַקאַנטער באַנדע. אונדזער געמיט קען מען זיך גרינג פאָרשטעלן. און אונדזער שרעק איז טאַקע נישט געווען אומזיסט. באַלד עפנט זיך די טיר און איינער פון די רייטער קוקט אַריין אין שטוב און רופט אויס מיט אַ צופרידן קול: — אַהאַ, דאָ זיינען אויך פאַראַן יידן! סעיטשאַס רעזניאַ בודיעט. באַלד, הייסט עס, וועט זיין אַ שחיטה. און ער נעמט שוין אַראָפּ די ביקס פון די אַקסל און גרייט זיך צו ברענגען אויף אונדז דעם טויט. דאָ אָבער דערהערן מיר ווי עס רופט זיך אָפּ דער צווייטער רייטער: — וואָרט אויס, אַ שאָד די קוילן; מיר קענען זיי אַוועקשיקן אויף יענער וועלט אויף אַן אַנדערן אופן. אין וואָס דער אַנדערער אופן באַשטייט, האָבן מיר זיך באַלד דערוווּסט. ער האָט פאַרקלאַפּט די טיר פון שטוב און מיר הערן ווי ער שיקט דעם שכן אונדזערן, דעם באַוווּסטן באַנדיט סטעפּאַן קראַיסיק, נאָך נאַפט. מיר האָבן באַלד פאַרשטאַנען אַז ער וויל אונדז אונטערצינדן און לעבעדיקערהייט פאַרברענען. אָט איז שוין דער שכן צוריקגעקומען און מיר זעען דורך דעם פענצטער ווי זיי באַגיסן שוין אונדזער הויז מיט קעראָסין און גרייטן זיך עס אונטערצינדן. דעמאָלט האָט זיך מאָטל גינזבורג, ווי מען פלעגט אים רופן מאָטל נעכעס, אַ יונגערמאַן וואָס האָט זיך אויך ביי אונדז באַהאַלטן, איינגעשטעלט דאָס לעבן און גענומען שרייען, אַז ער וועט די רייטער ברענגען געלט, אַבי זיי זאָלן אונדז נישט פאַרברענען. זיי האָבן זיך עפּעס מישב געווען און אַרויסגערופן מאָטלען. ער האָט זיי געזאָגט אַז אין שטעטל וועט ער פאַר זיי קריגן געלט און ער וועט זיי ברענגען, אויב זיי וועלן אונדז לאָזן לעבן. זיי האָבן מסכים געווען אויף דעם אויסלייז-געלט און האָבן אים געגעבן 13 מינוט צו לויפן אַהין און צוריק. אויב ער קומט נישט צוריק צו דער צייט, וועלן זיי אונדז אַלע פאַרברענען. די 13 מינוט צייט האָבן זיך פאַר אונדז געצויגן ווי 13 לאַנגע יאָרן.

אין שטוב ביי אונדז האָבן זיך דעמאָלט באַהאַלטן אַ חוץ דעם דערמאָנטן מאָטל גינזבורג אויך עטל שבעס פאַמיליע און מיין מומע חנה מיט איר פאַמיליע (איצט אין נאָרד-אַמעריקע), יאַנקל חייט, מיינער אַ קוזין (אומגעקומען ביי די נאַצים) און נאָך אייניקע שטעטלדיקע משפחות. ווי מיר זיצן אַזוי אין טויט-דערוואַרטונג, האָט זיך מאַיע שבעס טאָכטער פון שרעק פּלוצלינג צעלאַכט, און איר משוגעדיקער ווילדער געלעכטער אין אַזאַ גרויליקן מאָמענט האָט אויף אונדז אַלע געמאַכט אַ דערדריקנדיקן רושם.

דערווייל איז די צייט געלאָפן, כאָטש פאַר אונדז האָט זי אויסגעזען שרעקלעך לאַנג. עס זיינען שוין אַריבער 5 מינוט, 7 מינוט, 10 מינוט און מאָטל איז נאָך אַלץ נישטאָ צוריק. אָט איז שוין די 12טע מינוט און אָט די 13טע. מאָטלען זעט מען נישט. די מערדער צינדן שוין אָן אַ שוועבעלע און ביי אונדז ברעכט אויס אַ שרעקלעך געוויין. אָבער אין דער סאַמע לעצטער מינוט קומט אָן מאָטל מיטן געלט און מיר זיינען געראַטעוועט.

די רייטער זיינען שוין אַוועק מיטן געלט און מיר זיינען נאָך לאַנג, לאַנג געבליבן זיצן אין אונדזער שרעק. מיר האָבן זיך נישט געקענט גלויבן אַז מיר זיינען טאַקע ניצול געוואָרן פון אַזאַ שרעקלעכן טויט. ערשט שפּעטער האָבן מיר שטילערהייט גומל געבענטשט, וואָס מיר זיינען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

יענע געשעעניש מיט די רייטער וואָס האָבן אונדז געוואָלט לעבעדיקערהייט פאַרברענען, איז געבליבן אין מיין זכרון און מען האָט זיך לאַנג, לאַנג וועגן איר נאָך דערציילט ביי אונדז אין שטוב. אויך אַלע אַנדערע פאַמיליעס וואָס האָבן זיך ביי אונדז אויסבאַהאַלטן, האָבן די דאָזיקע געשעעניש דערציילט זייערע קינדער. און כאָטש מיר זענען שוין שפּעטער צעוואָרפן געוואָרן איבער דער וועלט, האָט אונדז אַלע דאָך פאַרבונדן דער אָנדענק פון דער טרויעריקער איבערלעבונג, וואָס איז לאַנג געבליבן מיט דעם זכר פון אַ נס. און יעדעס מאָל אין דעם יאָרטאָג פון יענער געשעעניש, האָבן די פאַמיליעס זיך דערמאַנט אין דעם לעבעדיקן יאָרצייט, ווי מיר האָבן גערופן די דאַטע פון יענער פיינלעכער איבערלעבעניש.

# דער בלוטיקער שטורעם איבער ראַטנער אומגעגנט

צוזאַמענגעשטעלט דורך **י. קאַנישטער**

**די ווייטערדיקע ידיעות וועגן די טרויעריקע געשעענישן אין די דערפער אין יענעם צייט־אָפשניט זיינען מיר איבערגעגעבן געוואָרן דורך די חשובע לאַנדסלייט דוד גאָלדין, משה פייגעליס און נפתלי גאלוז.**

אַ זייער טרויעריק און בלוטיק קאַפּיטל אין דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע האָט אַריינגעשריבן אונדזער אומגעגנט אין דעם צייט־אָפשניט צווישן 1916 און 1922.

ווען די רוסישע אַרמיי האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, צוליב דעם דייטשן דרוק, אין יאָר 1915 צוריקגעטראָטן פון אונדזער געגנט, זיינען אַ סך רוסישע סאָלדאטן פאַרבליבן דאָרט, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די געדיכטע וועלדער, אָדער אין די דערפער צווישן די פויערים.

פון זייערע באַהעלטענישן פלעגן זיי אָפט מאַכן אָנפאַלן אויף דורכרייזנדע יידן אָדער אין די דערפער גופא אויף די דאָרטיקע יידישע איינוווינער, זיי טויטן און באַרויבן, אָפטמאָל פאַרברענען אַפילו יידישע הייזער און יידיש האָב און גוטס.

די דייטשן און עסטרייכער האָבן זיי אַפילו פאַרפאָלגט, זיי האָבן אַפילו אַרעסטירט געוויסע פויערים, וועלכע מ'האָט חושד געווען אין פראָטעזשירן און אויסבאַהאַלטן די „פלעניקעס" — אָבער אינגאַנצן אויסראָטן זיי איז געווען אוממעגלעך, טאקע צוליב דעם, וואָס די פויערים האָבן זיי געשיצט.

אין די יאָרן 1920־21 האָבן זיך ווידער איבער די דערפער דורכגעטראָגן פרישע בלוטיקע כוואַליעס פון רציחות און די דאַן אויפגעקומענע רוצחים־באַלאַכאָוויצעס האָבן אין אַ סך דערפער די יידן כמעט אינגאַנצן אומגעבראַכט.

ס'האָט זיך, וואָס אַן אמת, דער זעלביקער בלוטיקער הוראגאַן דורכגעטראָגן אויך אין די שטעטלעך, ווי אין אונדזער ראטנע, קאמען־קאַשירסק און ליִשע א. א. אָבער מוראדיקער זיינען געווען די שחיטות אין די דערפער, וואָס ווערן ווייטער דערמאָנט, — דאָרטן האָבן די מערדער אָפּגעשפּילט זייער אמתע בלוטיקע התונה אומגעשטערט און האָבן מיטן וואָרצל אויסגעריסן יידישע לעבנס און עקזיסטענצן, וואָס האָבן געהאַט אונטער זיך הונדערטער יאָרן.

קיין גענוי היסטאָרישע דאַטעס וועגן די יידן אין די דערפער, וואָס אַרום שטעטל, פון וואַנען זיי זיינען אַהין געקומען און ווי לאַנג זיי האָבן דאָרט געוווינט, — זיינען נישט געבליבן. אָבער לויט דעם וואָס געוויסע אָפּשטאַמיקע פון די דערפער, וועלכע וווינען איצט אין אַרגענטינע, גיבן איבער דאָס וואָס זיי האָבן געהערט פון זייערע עלטערן און זיידעס, האָבן זיך די יידן אין די דערפער אָנגעהויבן צו באַזעצן מיט אַ 200 יאָר צוריק. און געקומען זיינען זיי אַהין פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי ראַטנע, ליבעוונע, וויזשווע אא"נד.

די יידישע נפשות האָבן זיך אין די שטעטלעך פאַרמערט. אַ סך פון זיי האָבן דאָרט געלעבט אין אָרימקייט און אין גרויס דחקות. האָבן זיי דעריבער זיך געלאָזט אין די נאָענטע דערפער — זוכן פרנסה צווישן די פויערים און זיך ראַטעווען פון הונגער־הרפה. אין די ערשטע צייטן האָבן זיי אָפּגעדונגען ביי „קאַזנא" (רעגירונגס־מאַכט) די קרעטשמעס און האָבן פאַרקויפט די פויערים בראָנפן. זיי האָבן אויך געהאַט אַן הכנסה פון די רייזנדע איבער די אַמאָליקע טראַקטן, וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט כדי אביסל אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און אויך געבן רו די פערד, להבדיל, אין דער פאַרמאַטערנדיקער ווייטער נסיעה. אַנדערע יידן האָבן דאָרט געעפנט קרעמלעך פאַר די פויערים. אויך זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אָפּגעקויפט די פויערישע פּראָדוקטן און זיי דערנאָך פאַרקויפט אין נאָענטן שטעטל.

יידן האָבן זיך צוביסלעך איינגעוואָרצלט אין די דערפער און געצויגן דאָרט פרנסה. זיי האָבן אָבער קיינמאָל נישט איבערגעריסן מיטן שטעטל. פון וואַנען זיי זיינען געקומען, סיי אין רעליגיעזן און סיי אין עקאָנאָמישן פרט. ביי אַ חתונה, אַ ברית, האָבן זיי געמוזט אָנקומען צום שטעטל צום רב און יידישע קלעזמער אא"וו. ווען ס'איז דאָרט געווען אַ מנין יידן האָבן זיי געדונגען אַ ספר תורה. אויף ימים־נוראים, רה"ש און י' כפור, פלעגן זיי אין שטעטל פאָרן, כדי צו זיין מיט יידן צוזאַמען אין דער צייט, ווען מ'בעט זיך אויס אַ גוט יאָר ביים רבש"ע. זיי פלעגן אַריינפאָרן אַהין אויף גוישע פורלעך מיט זייערע אַלע בעבעכעס, פון צווישן וועלכע ס'פלעגן אַרויסקוקן די קינדערשע אייגעלעך. זיי זיינען געקומען ערב רה"ש און אָפּזיין ביז מוצאי יוכ"פ אין די באַקאַנטע יידישע הייזער. אַפילו געהאַט אַ באַזונדער נאָמען — „גנילקעס" האָט מען זיי גערופן.

שפּעטער צו, אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, ווען דער בראָנפן־האַנדל איז מאָנאָפּאָליזירט געוואָרן, האָבן שוין די יידן מער נישט געקענט פאַרקויפן קיין בראָנפן אין די קרעטשמעס, אַ סך זיינען געבליבן אָן פרנסה. אָבער גיך האָבן זיי געשאַפן אַנדערע פרנסה־צווייגן. צו ערד־אַרבעט האָט זיי ראשית ניט געצויגן, וחוץ לזה האָבן יידן דאַן, לויטן רוסישן געזעץ, נישט געטאָרט באַזיצן קיין ערד. ס'זיינען אַפילו געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך יאָ פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, אָבער דאָס איז געווען אַ נישטיקער פּראָצענט. זיי האָבן געעפנט קרעמלעך, אויפגעשטעלט ווינט־מילן און גע־מאָלן דאָס פויערישע ווייץ און קאָרן. אַנדערע האָבן געקויפט „סיטשקאַרניעס" און געשניטן די אויסגעדראָשענע שטרוי אויף „סיטשקע" פאַר די בהמות און פערד. עס זיינען געווען יידן וואָס האָבן בשותפות געקויפט אַ „טשיכאַלניע", (אַזאַ מאַשין אויף צו רייניקן וואָל). די פויערים זיינען, לויט דער ריי, גאַנצע נעכט געשטאַנען און געדרייט מיט דער קאָרבע און גערייניקט די וואָל פאַר זייערע „באַבעס" פון וועלכע זיי פלעגן שפּינען שטאָפן פאַר סערמיאַגעס. אַנדערע האָבן געעפנט „אָליניצעס" ווו פון אייל־קערנער האָבן זיי געשלאָגן אייל און „מאַקוכע" (אַזעלכע גרויסע קוכענס פון די פסולת פאַר די בהמות). אויך זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געדונגען ביי „קאַזנא" אויף אַ גוישן נאָמען אָזיערעס און געכאַפּט פיש מיט נעוואָדעס און געפירט זיי קיין בריסק אָדער וואַרשע. אַנדערע האָבן אָפּגעקויפט „דעליאַנקעס" (קליינע וועלדלעך) ביי „קאַזנא" אויסצוהאַקן די ביימער אויף האָלץ און בוי־מאַטעריאַל.

ווידער זיינען געווען, אמת אין אַ קליינעם פּראָצענט, בעלי־מלאכות, ווי שמידן, שוסטער און שניידער אא"וו. די אָרעמערע יידן פלעגן אַרומגיין אין דאָרף און ביַיטן פאַרשיידענע גאַלאַנטעריי סחורות אויף גוישע פּראָדוקטן, זיי אָנגעזאַמלט און דערנאָך זיי אָפּגעפירט אין שטאָט און פאַרקויפט. מיט איין וואָרט — די דאָרפישע יידן האָבן געקעמפט פאַר זייער בידנעם עולם הזה און יאַקאָש זיך דורכגעלעבט.

די פויערים, זייערע שכנים, האָבן זיך מיט זיי איינגעלעבט און זיך צו זיי צו־

געוווינט, אזוי אז ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אָן די יידן וואָלטן זיי נישט געקענט אויסקומען.

ווייל, ווו וואָלטן די פויערים זיך צוזאמענגעטראָפן און וועגן זייערע דאָרפישע ענינים געשמועסט, אויב נישט ביים יידן אין שטוב, אין דעם גרויסן פאָדערצימער, ווו ס׳זיינען געווען ברייטע לאנגע בענק אַרום די ווענט, ווו זיי זיצן זיך ברייטלעך, רויכערן זייערע ליולקעס מיט „מאַכאָרקע" און שפייען פריי אין אַלע זייטן? אָדער ביי וועמען וואָלטן זיי אין אַן עת־צרה געקריגן אַן הלוואה, אַ עצה פרעגן, אויב נישט ביים יידן?

איין פראגע האָט זיי, אמת, געעגבערט און קיינמאָל האָבן זיי דאָס נישט געקענט באַגרייפן: פאַרוואָס לעבט זיך דעם יידן בעסער און שענער ווי זיי? פאַרוואָס זיי, וואָס ארבעטן שטענדיק אַזוי שווער צוזאמען מיט די משפחות אויפן פעלד, האָבן נישט דאָס, וואָס דער ייד האָט און זיי עסן נישט קיין ווייסע חלה אין זונטיק ווי דער ייד אין זיין שבת?

, האָט זיך אזוי פאמעלעך און שטיל אין הארצן ביים פויער געשאפן אַ קנאה־געפיל צום יידן, און ווען דער גלח האָט אים אין פאסכא דערציילט, אַז דער ייד האָט אַמאָל זייער גאָט געהרגעט איז נאָך צוגעקומען אויך אַ שנאה־געפיל. און אַז די דעמאָלדיקע צאַרישע מאַכט, האָט געוואָלט דעם פויער־ישן צאָרן אָפלענקען אין אַן אַנדער ריכטונג, — האָט זי דאָס לייכט דערגרייכט און די פויערים אָנגערייצט אויף די יידן.

ס׳זיינען שוין דאן געווען אַזעלכע וואָס האָבן די פויערים „געעפנט" די אויגן אויף זייערע „בלוט־זויגערס" — די יידן, וואָס לעבן אויף זייער השבון. ס׳זיינען אונטערגעקומען די אומרואיקע צייטן: פריער די יאפאָנישע מלחמה און גרויסע רוסישע מפּלה, דערנאָך די רעוואָלוציע אין דעם יאָר 1905, דער ביילים פּראָצעס און צו לעצט די ערשטע וועלט־מלחמה. די לעבנס יסודות האָבן זיך דאן אַ וואַקל געטאָן און דער צוטרוי פון מענטש צו מענטש איז פאַרשווונדן געוואָרן. מען האָט דאן דעם פּראָסטן פויער איינגעשמועסט אַז די אַלע וועלט־צרות און אומגליקן קומען פון דעם ייד. ער האָט אין דעם געגלויבט און געקוקט אויף אים ווי אויף אַ טייוול, וואָס ס׳איז אַ מצוה אים אומצוברענגען.

האָבן זיי טאַקע דערפאר געשיצט אָט־די אַלע רעשטלעך און פאַרבליבענע רוסישע סאָלדאטן, די „פּלעניקעס", וואָס האָבן אַ סך יידישע לעבנס פאַרשניטן. האָבן זיי טאַקע דערפאר אויך דערנאָך אָנגעוויזן די מערדער־באַלאכאָוועצעס, ווו יידן ווינען און זיינען פאַרבאהאלטן און האָבן אַ סך יידיש בלוט פאַרגאָסן. די זעלבע האָבן אויך אין די שפּעטערדיקע צייטן, אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, געהאָלפן די דייטשע מערדער אויסראָטן אַלע יידן פון די שטעט און שטעטלעך און אויך דערפער און מיט נצחון־שמחה דאן אויסגעשריען: „אויף אַזעלכע טעג ווארטן מיר שוין הונדערטער יאָרן". (אַזוי האָט אַ ראטנער מיעשטשאן געזאָגט).

נאָך איצט גייט מיר א קאַלטער שוידער איבערן לייב אַדורך, דערמאָנענדיק זיך אין די פאַרבלוטיקטע פויערישע וועגעלעך, ו אָס פלעגן אין אַ סך פרימאָרגנס אריינברענגען אויפן גרויסן מאַרק די יידישע פאַרבלוטיקטע הרוגים פון די נאָענטע דערפער אין די יאָרן 1920־21. זיי זיינען געלעגן אויף די פורלעך אנגעהויפנט איינער אויפן צווייטן ווי די געשאָכטענע שאָף, מיט צוקאַליעטשעטע פנימער און קעפּ, מיט אָפּגעריסענע אברים און דאָס הייליקע בלוט פון זיי האָט אויף דער טמא ערד גערונען ריטשקעסווייז... נאָך איצט לעכערן מיר די אויערן די געוויינען פון די פרויען, וואָס האָבן זיך צוזאמענגענומען אַרום זיי און ביטער געוויינט אויפן יידישן פינצטערן מזל. און געדאכט האָט זיך דאן, אַז אַזוי איז שוין דאָס יידישע מזל, אזוי דאַרף עס שוין

זיין, אז דאָס איז אזא בלוט־שטייער, וואָס מיר יידן צאָלן פאַר דער יידישקייט, פאַר דער תורה פון בארג סיני. און דאָך ווי דער נביא דריקט זיך אויס: „וארא מתבוססת בדמיך: ואומר לך בדמיך חיי!... און להכעיס אונדזערע שונאים לעבן מיר ווייטער און ס׳ווערט דאָך פאַרווירקלעכט דער „נצח ישראל"... נאָר לאָמיר דאָ נאָכן סדר פאַר־צייכענען לדורות די אַלע דערפער, אָרום ראַטנע, וואָס דער בלוט־שטורעם האָט זיי פאַרכאַפּט.

וו י ד ע ר נ ע ץ : אַ דאָרף, וואָס איז געלעגן בערך פיר קילאָמעטער פון שטעטל, אין דער זייט פונעם שאָסיי־וועג צו קאָוולע צו. דאָרטן האָבן געלעבט אַ 10 יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן מסחר פון בהמות און אויך מיט דאָרפס־גייערייִ. אין יאָר תר״פ (1920) האָבן די באַלאַכאָוויצעס דאָרטן דערמאָרדעט דריי יידן: אברהם ר׳ אבא מאַרדעשעס אַ זון, אַ ראַטנער יונגערמאַן און זיין מוטער (זייער פאַמיליען־נאָמען געדענק איך נישט). אינטערעסאַנט איז, אַז ווען אויף דער פרוי איז שוין פאַרצויגן געוואָרן די פּעטליע, האָט זי געבעטן אַ טרונק וואַסער. די מערדער האָבן איר פון דער תליה אַראָפּגענומען, געגעבן איר אַ טרונק און זי דערנאָך אויפ־געהאַנגען. דעם דריטן האָבן זיי געטויט דעם בחור אברהם, מנחם מלמדס אַ זון, וואָס האָט אויך געוווינט אין שטעטל.

ג ל ו ך : (יידן האָבן דאָס גערופן לעך). דאָס דאָרף איז געלעגן אויף אַ זייטיקן וועג, אַ 5 קילאָמעטער פון ראַטנע, וואָס פירט קיין וויזשווע און מאַציוו. עטלעכע יידישע פאַמיליעס האָבן דאָרטן געוווינט. ס׳איז דאָרט געווען אַן אַזיערע, וואָס האָט געשפּייזט די ראַטנער יידן מיט פיש אויף שבת און אַמאָל זומערצייט אפילו אין די וואָכן־טעג. דאָרטן האָבן געוויסע פויערים קולטיווירט און געפלעגט ווייַנטרויבן־פלאַנטאַציעס און די ראַטנער יידן האָבן ראש־השנה ביינאַכט געמאַכט אַ „שהחיינו" איבער זיי. די באַלאַכאָוויצעס האָבן דאָרט דערמאָרדעט צוויי יידן: איינעם ר׳ שלמה פיאַלער, אַ זקן, און זיין איידעם ר׳ פישל רויזן. מער פרטים זיינען פון דאָרט נישטאָ.

ז אַ מ ש אַ ן : דאָס דאָרף איז געלעגן ביים שאָסיי, וואָס לויפט קיין קאָוולע, אַ 10 קילאָמעטער פון ראַטנע. דאָס איז געווען אַ גרויס דאָרף און די דאָרטיקע גוים, האָט מען געשמועסט, זיינען געווען זייער שלעכטע — אַנטיסעמיטן. ס׳האָבן דאָרט געוווינט אַ 15־18 יידישע פאַמיליעס. פאַרנומען האָבן זיי זיך מיט וואַלד־מסחר, אַנ־דערע מיט גייערייִ און קליין־האַנדל. ס׳זיינען דאָרט אויך געווען בעלי־מלאכות — שוסטער און קאָוואַלעס (שמידן). אין תר״פ האָבן די באַלאַכאָוויצעס דאָרט דערמאָר־דעט דאָס פאַרפאַלק יונה מיט זיין פרוי, בערל זאַמשאַנער מיט זיין פרוי, און נאָך עטלעכע יידן. אינטערעסאַנט איז, אַז ווען פון ראַטנע איז אַהין געקומען איינער אברהם הירש דער קאָוואַל, אַ קרוב פון די דערמאָרדעטע, כדי די הרוגים צו פאַרנע־מען אין שטעטל און זיי ברענגען צו קבר ישראל, האָט מען אים אויך דערהרגעט.

ל ו ט ש י ץ : אין דעם דאָרף האָבן געוווינט אַ 2־3 יידישע פאַמיליעס. איין פאַמיליע מיטן נאָמען כמעליער, האָט זיך אין דעם דאָרף, וואָס איז געווען אַ 4־5 קילאָ־מעטער פון שטעטל, אַריבערגעקליבן פון דאָרט אין מלחמה־צייט, צוליב די שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין שטעטל. אין 1920 האָבן אָבער די באַלאַכאָוויצעס דעם יונגמ־לעכן יוסף כמעליער אויפגעהאַנגען.

וו י ד ר ע ט ש י ע : אַ דאָרף נעבן בוזאַק, נאָענט צו קאַמיען־קאַשירסק. אין דעם יאָר 1916 האָבן די „פלעניקעס" דערהרגעט די פרוי פון איינעם זלמן ווידרעטשיער זיין יינגל האָבן זיי שווער פאַרוואונדעט, אים אַרויסגענומען אַן אויג און צעשניטן זיין לינקע באַק.

פ אַ ס ט ו פ ל י ע : דאָס דאָרף ליגט אין דער ריכטונג צו קאַמען־קאַשירסק.

ס׳האָבן דאָרט געוווינט עטלעכע יידישע פאַמיליעס. אין דעם יאָר 1917 האָבן דאָרט די „פּלעניקעס" וואָס זיינען געווען פיל אין די געדיכטע אַרומיקע וועלדער, דערהרגעט דעם ראַטנער יידן, ר׳ אפרים פּראַך, וואָס האָט געוווינט דאָרט צייטוויייליק צוליב דער מלחמה. קיין פּרטים זיינען פון דעם דאָרף נישטאָ.

ב י ר ק ע: אין דעם זעלבן ווינקל, ווי דאָס אויבנדערמאָנטע דאָרף, ליגט אויך דאָס דאָרף בירקע. ס׳האָבן דאָרט געוווינט אַ 10 יידישע משפּחות. אין דעם יאָר 1920 האָבן די באַלאַכאָווצעס דערמאָרדעט דאָס פּאָר פאָלק זיסע מערין און פרוי עלקע. (זייערע קינדער: לייבל, הירשל, נתן־דוד מערין און טאָכטער אסתר־גאָלדע וווינען אין אַרגענטינע). די באַלאַכאָווצעס האָבן דאַן אויך דערמאָרדעט די פרוי ברכה קרוין מיט איר זון ברוך. אויך איז דאַן אומגעקומען דורך די זעלבע מערדער משה גראַבאָוו און פרוי טויבע.

כ אָ ט אָ ש אָ ו: איז געווען זייער אַ גרויס דאָרף און געלעבט האָבן דאָרט אַ 20 יידישע פאַמיליעס וואָס האָבן זיך פּאַרנומען מיט פּי־האַנדל, וואַלד־מסחר און אַנדערע מסחרים. דאָרטן האָבן אויך די „פּלעניקעס" דערמאָרדעט אַ יידן מיטן נאָמען יעקב יצחק סטריער. מער פּרטים זיינען נישט באַוווּסט.

ק אָ מ א ר א וו ע: דאָס דערפל ליגט אַן ערך פיר קילאָמעטער פון ראַטנע, איינגאַנצן אויף אַ זייטיקן וועג. דאָרטן האָבן געוווינט צוויי ברידער מיט זייערע פאַמיליעס: יעקב און אברהם (דער פאַמיליען־נאָמען איז מיר נישט באַוווּסט).

דער יינגערער יענקל איז אַרויסגעפאָרן קיין נ. אַמעריקע און אברהם איז דאָרט פאַרבליבן וווינען — אַן עלנטער, איינציקער ייד אין דאָרף. ער האָט געהאַט אַן איינציקע טאָכטער אַ טויב־שטומע, האָט ער זי חתונה געמאַכט פאַר דעם מיידלשן מלמד אין שטעטל — יהושע זלמן, מיט דער בעזעם באָרד, וואָס איז, אגב, געווען די לעבעדיקע שטאָט־פּאָסט. שוין באַלד נאָך דער חתונה האָט דאָס שטומע ווייב נישט געוואָלט לעבן מיט איר מאַן. לסוף האָט זי זיך מיט אים איינגעלעבט און געהאַט פון אים צוויי קינדער. אין דעם יאָר 1917 אין אַ פרייטיק־צונאַכטס, ווען די פאַמיליע איז געזעסן ביים שבתדיקן טיש און געגעסן, האָבן זיך אַהין אַריינגעריסן עטלעכע פּלע־ניקעס און זיי דערהרגעט.

ה ז ט: (ראַטנער); אַ דערפל, וואָס האָט געהערט צו ראַטנער קהילה און עס האָבן דאָרט געוווינט עטלעכע זייער בעלי־בתישע פאַמיליעס, אָנגעזעענע סוחרים. אין דעם יאָר 1916 האָבן דאָרט די „פּלעניקעס" אומגעבראַכט עטלעכע יידישע פאַ־מיליעס וועמענס נעמען עס זיינען צום באַדויערן נישט באַוווּסט, אויסער דעם נאָמען פון אליעזר וואַקס, זיין פרוי און קינדער (געשטאַמט פון ראַטנע).

ק ר ע מ נ ע: איינגעטלעך, איז קרעמנע געווען אַ דאָרף, אָבער דער אויסזען און ריטם פונעם יידישן לעבן דאָרט איז געווען פון אַ שטעטל. געלעגן איז דאָס דאָרף ניין קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַנציע מיטן זעלבן נאָמען און פון ראַטנע — אַ 25 קילאָמעטער.

יידישע פאַמיליעס האָט קרעמנע געציילט אַ 70 בערך. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ בית־המדרש, ווו יידן האָבן געדאַוונט און לומדים זיינען געזעסן על התורה ועל העבודה. אויך האָבן זיי געהאַט, להבדיל, אַן אייגענע באָד, מיט אַ מקוה, וווהין עס פלעגן זיך קומען אויסבאָדן די יידן פון די נאָענטע דערפער. אַ היבש גרויסער פּראָ־צענט יידן זיינען דאָרט געווען סוחרים. זיי האָבן געהאַנדלט מיט אָקסן, קעלבער און גענדז און פלעגן זיי פון דאָרף אָפּשיקן קיין וואַרשע און אַנדערע גרויסע שטעט. דאָס דאָרף קרעמנע איז פאַר די איבעריקע נאָענטע דערפער געווען אַ צענטער. אַהינצו פלעגן כמעט יעדן טאָג יידן פון די שכנותדיקע דערפער קומען צוליב

מסחר אָדער דאַוונען בצבור און הערן אַ דבר תורה און זיך אַביסל יידישלעך דער־וואַרעמען. כדאי דאָ צו דערציילן וועגן אַן אינטערעסאַנטן ייד — ר׳ יצחק ווערנער, אַ גרויסער למדן, פרומער ייד און מכניס־אורח. ווען ער האָט אַמאָל ווינטער געצוויגן



**לערער און קינדער פון דער יידישער שולע אין קרעמנע.**

דעם „נעוואַד" פּרייטיק צו כאַפּן פיש און ס׳האָט צוליב דעם געהאַלטן אַז ער זאָל פאַרשפּעטיקן די באָד, האָט ער אויפגעעפנט אַ „פּאָלאַנקע" (אַן עפענונג) אין טייך און האָט זיך דאָרטן טובל געווען לכבוד שבת.

דאָרט זיינען אויך געווען וואַלד־סוחרים וואָס פלעגן די אויסגעאַרבעטע מאַ־טעריאַלן זייערע אין פרילינגס־צייט אַפּטראַנספּאָרטירן מיט דער גרויסער אַזיערע, גלייך קיין דאַנציק. מיט איין וואָרט — דער דופק פון אַ יידיש לעבן האָט דאָרט געקלאַפּט, ווי אין ראַטנע, צו וועלכער דאָס דאָרף איז געווען צוגעטיילט זינט ס׳איז געשאַפן געוואָרן דאָרט די קהילה. די איינציקע זאַך, וואָס האָט דאָרט געפעלט איז געווען אַ הייליק אָרט — פלעג מען דערפאַר אַ בר מנן פירן קיין ראַטנע קובר זיין.

אַ סך ראַטנער פאַמיליעס האָבן זיך אַנגעהערט משפחהדיק מיט קרעמנער. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען פיר ראַטנער פאַמיליעס צוליב פּרנסה אַריבער געפאָרן קיין קרעמנע און די דאָרטיקע קליינע עדה איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט נאָך יידישע נפשות און געשאַפן אַזוי אַרום אַן אַטמאָספער פון אַן אמת יידיש לעבן.

אין דעם יאָר 1920, ווען די פּאָליאַקן זיינען געוואָרן די בעלי־בתים פון אונדזער געגנט, האָבן זייערע אומגליקלעכע שותפים, די באַלאַכאָוויצעס, באַלד ביים אָנהויב באַוויזן אויסצוהרגענען אַכט יונגטלעכע, צווישן וועלכע עס זיינען געווען די אינטע־ליגענטע יונגעלייט: יוסף אינגבער, אַ נאַר וואָס חתונה געהאַט ער; אהרן רובינשטיין, דעם אָרטיקן שוחטס אַ זון; אברהם ראַבינער און דער געלערנטער מרדכי אינגבער, וועלכן זיי האָבן, ווען ער האָט געוואָלט פאַרטיידיקן זיין 16 יעריקע טאָכטער, גע־בונדן מיט שטרוי און לעבעדיקערהייט פאַרברענט.

ביים צווייטן מאָל, ווען די באָלשעוויקעס זיינען אָפּגעטראָטן, נאָכן אָנגריף אויף וואַרשע האָבן די מערדער־באַלאַכאָוויצעס אויסגעשחטן דאָרט אַ 60 יידן. דאָס איז געשען פונקט ערב רה״ש תר״פ.

צווישן די דערמאָרדעטע זיינען געווען די אָנגעזעענע: ר׳ יעקב רובינשטיין, דער שוחט מרדכי אינגבער, זלמן ראבינער, שמעלקע אויבענטייל מיטן זון משה, אליעזר סוקאטשער און איצי פריימאַן. זיי האָבן דאַן אויך דערשטאָכן די שוואַנגערנדיקע פרוי פעסל שניידער, היים בער קאהנס אַ טאָכטער (אַ זון, בנימין שניידער, געפינט זיך אין אַרגענטינע). ס׳איז אָבער דורך אַ געוויסע צייט און די אייטערדיקע ווונדן האָבן זיך צו־עהיילט און פאַרצויגן געוואָרן און דאָס יידישע לעבן האָט אויפסניי אָנגעהויבן צו פולסירן. הגם אַ סך קרעמנער זיינען זיך דערנאָך צעפאָרן אין נאָענטע שטעט און שטעטלעך האָט דאָך דער שארית הפליטה פאַרלייגט נייע יסודות פאַר אַ יידיש לעבן נאָך מיט מער אימפעט און ברען. די עלטערע האָבן פאַרגעזעצט זייערע מסחרים און זיך אויסגעלעבט אין זייער רעליגיעזן וועלטל, אין לערנען תורה אין בית המדרש. די יוגנטלעכע האָבן געשאַפן אַ קולטור־צענטער און ביבליאָטעק, אפילו אן אמאטאָרן־טעאַטער, צו וועלכע ס׳זיינען אויך צוגעשטאנען די יוגנט פון די נאָענטע דערפער, ווי לובעכין, סמאלערעס און יורעזווישטש. די הכנסה פון די אַלע אונטערנעמונגען איז געגאנגען פאַרן קק״ל, די זעלבע יוגנט האָט אַפילו אויסגעקעמפט אַז „מי שברך״־נדרים זאָלן גיין פאַר דעם זעלבן ציל.




דער „חלוץ״ אין דאָרף קרעמנע.

די לעצטע נאַצישע אויסראָטונגס־אַקציע האָט אָבער אַלץ אָפגעווישט און אויסגעראָט אַז אַפילו קיין שפור איז פון דעם שיינעם לעבן נישט פאַרבליבן, אויסער עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך געראטעוועט און געפינען זיך אין ישראל.

ל י ו ב ע כ י ן : דריי וויאָרסט ווייטער פון קרעמנע איז געלעגן דאָס דאָרף ליובעכין. די יידן פון די צוויי שכנותדיקע דערפער האָבן שטענדיק געלעבט צווישן זיך פריינטלעך. זיי פלעגן זייער אָפט צופאָרן אָדער צוגיין קיין קרעמנע, ווען זיי האָבן אַ שטייגער געדאַרפט אַ קעלבל אָדער א עוף אויף שבת שעכטן. פרייטיק — אין באָד אָדער אין מקוה גיין לכבוד שבת. און בכלל אַ שבת אָדער א יום טוב

פלעגן זיי זיך אַדורכשפּאַצירן אַהין אין געסט צו באַקאַנטע. אין דער וואָך פלעגן זיי גיין אין ביהמ"ד — דאַוונען און הערן נייעס: קיין קרעמנע פלעגן קומען אָפט סוחרים פון גרעסערע שטעט. ווער שמועסט די יוגנט פון ליובעכין האָט זיך אוודאי שטענדיק געפונען אין קאָנטאַקט מיט די קרעמנער. דער דינאַמישער און אינטעליגענטער יוגנטלעכער פּנחס גורטענשטיין פלעגט שטענדיק קומען פון קרעמנע אַהין, וועקן די יוגנט און פאַרשפּרייטן צווישן זיי קולטור און נאַציאָנאַלן געדאַנק. אין יאָר 1916-17 אין אַ ווינטערדיקע פרייטיק-צו-נאַכטס, זיינען די רוסישע „פּלעניקעס". וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די אַרומיקע געדיכטע וועלדער, באַפאַלן די ייִדישע פאַמיליע אביש שעכטער, האָבן אַלע מענטשן צעשטאָכן און דערנאָך די שטוב אונטערגעצונדן. די שכנים האָבן נאָך באַוויזן צו אויסלעשן די שרפה און אָפּראַטעווען צוויי קינדער. די באַלאַכאָווצעס ווידער, האָבן אין די יאָרן 1920-1 דאָרט אויסגעהרגעט העכער 50 נפשות. צווישן די אומגעקומענע זיינען געווען: די פרוי רחל גאָלדין, ר' הירשל גאָלדינס ע"ה ווייב (זייער זון דוד גאָלדין געפינט זיך אין אַרגענטינע), יודל קויפמאַן מיט זיינע צוויי זין, הירש-לייב באַרענבוים אא"וו. צווישן די אָנגעזעענע ייִדן דאָרט זיינען געווען די פאָלגנדע: ר' ליפּא סוקאַטשער, אַ וואַלד-סוחר (זיין אייניקל יאנקל סוקאַטשער לעבט אין אַרגענטינע) און ר' לייבע מעשטעלער, אַ למדן מיט אַביסל וועלטלעכער בילדונג. ער פלעגט לייענען אַ רוסישע ציַיטונג און פלעגט יעדן שבת פאַרלייענען די נייעס פאַר די מתפּללים וועלכע זיינען געקומען דאַוונען צום „מנין", וואָס איז געווען ביי אים אין שטוב (זיין זון יוסף מעשטעלער מיט דער פאַמיליע געפינט זיך אין אַרגענטינע).

י ו ר ע ה י ט ש : דאָס דאָרף איז אויך געווען נאָענט פון קרעמנע. דאָרטן האָבן געוווינט ניין ייִדישע פאַמיליעס. די ייִדן דאָרט האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער שיינער עטישער און ייִדישער מידה — הכנסת אורחים. אַבי אַ ייִד האָט אַהין אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט האָט מען אים שוין נישט אָפּגעלאָזט אָן עסן און טרינקען און אים אויפגענומען אויפן שענסטן אופן. אַ חשובער, אָנגעזעענער ייִד איז דאָרט געווען ר' בנימין כינינזאָן. צוליב אַ וואָרט קעגן מלכות האָט מען אים אַמאָל פאַרשיקט אין טיף רוסלאַנד.

זיין טאָכטער חנה האָבן די באַלאַכאָווצעס דערהרגעט און ליגנדיק אין אַ קאַלוזשע בלוט, האָט איר קליין אייניאָריק קינד, צוגעטוליעט צו דער טויטער ברוסט געזויגן פון איר. אין יאָר 1917 האָבן די „פּלעניקעס" אויך דערהרגעט דוד כינינזאָן, ר' אליעזר דעם יורעוויטשערס אַ זון, זיי האָבן אים געהרגעט אויפן וועג, פאָרנדיק אַהיים און דאָס פערד האָט דעם טויטן קערפּער געבראַכט אין וועגעלע צו זיין שטוב. דעם צווייטן זון ברוך מיט זיין פרוי לאה, זעליג רייכשטאַלס אַ טאָכטער, מיט זייער קינד און אַ קוזינקע לאה אַפּעלס אַ 12 יעריק מיידעלע פון ראָטנע, דבורה, האָבן די באַלאַכאָווצעס דערהרגעט אין די יאָרן 1920. כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אין דאָרף יורעוויטש האָט זיך איין מאָל אין יאָר, אין זומער-צייט (גענוי דעם דאַטום געדענק איך נישט) אונטער דעם דאָרף אויף אַ זייער גרויסן פּלאַץ אויסגעשטעלט אַ גרויסער יריד, צו וועלכן ס'פלעגן קומען סוחרים פון דער וועלט. איינמאָל אין יאָר 1908 האָט דאָרט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אויף די ייִדן און עס זיינען געווען עטלעכע פאַרוווּנדעטע.

אין דעם נאָענט ליגנדיקן דערפל ס מ א ל י א ר ע ס פון וואַנען ס'שטאַמט די אַזוי פּאָפּולערע פאַמיליע רייכשטאַל (איינער יצחק רייכשטאַל ע"ה, אַ ייִד אַ למדן, און גרויסער וואַלד-סוחר האָט געוווינט אין ראָטנע) האָט מען דערמאָרדעט איין פאַמיליע דעבערט און אַ צווייטע שער (אַ זון — דוד שער געפינט זיך אין אַרגענטינע).

ד ו ב ע ט ש נ ע : אַ דאָרף — אַ באַן־סטאַנציע צווישן קאָוולע און בריסק. דאָרטן האָבן געוווינט אַ 20 יידישע פאַמיליעס. דער גרעסטער טייל פון זיי — וואַלד־סוחרים. צווישן זיי זיינען געווען יידן למדנים ווי ר׳ חיים דובעטשנער ע״ה און ר׳ פנחס גאָלדמאַן ע״ה, וועמענס זון ר׳ שמאי גאָלדמאַן, אַ ייד אַ תלמיד חכם און וואַלד־סוחר האָט געוווינט אין ראַטנע (זיין זון שמואל גאָלדמאַן לעבט אין א״י). אין יאָר 1916 האָבן די רוסישע „פלעניקעס" דערמאָרדעט דעם אָנגעזעענעם ייד ר׳ ישעיה מיכל מיט זיין פרוי און אונטערגעצונדן די שטוב, כדי אָפּצווישן יעדן שפּור פונעם מאָרד.

שפּעטער צו האָבן אויך די באַלאַכאָווצעס דאָרט אויסגעהרגעט עטלעכע יידישע פאַמיליעס צווישן זיי ר׳ חיים בער רייף (אַ זון אליהו יצחק און טאָכטער רייזעל געפינען זיך אין אַרגענטינע).

אויך אין נאָענטן דערפל ר אַ ק י ט ע האָבן זיי אויסגעהרגעט עטלעכע יידישע פאַמיליעס.

ס ד א מ י ש ל י ע : אַ דאָרף נאָענט פון ראַטנע. די באַלאַכאָווצעס האָבן אין די יאָרן 1920-21 אומגעבראַכט דאָרטן עטלעכע יידישע פאַמיליעס, צווישן זיי מרדכי סדאמישלער און פרוי, די פרוי פון הירשל סדאמישלער און אויך ר׳ יצחק סדאמישלער, אַ ייד אַ חסיד און אַ יודע ספר, ווי אויך אַ זייער גוטער בעל־תפילה.

אינטערעסאַנט איז, אַז דער לעצטער האָט שטענדיק דאָרט געליטן די גלות־יסורים פון עטאפּ — ער האָט נישט געהאַט קיין ווינרעכט אין דעם דאָרף — האָבן אים די רוסישע פּאָליציאַנטן, אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק געפירט אין עטאַפּ אין זיין געבוירן־שטאָט האָרכאָוו. די באַלאַכאָווצעס אָבער האָבן שוין פאַרענדיקט זיין וואַנדערונג.

ט ע ר : (אין רוסיש טור) איז געווען אַ גרויס דאָרף. פון ראַטנע, אַ 15 קי־לאָמעטער. די גוים פון דאָרף האָבן געהאַט אַ נאָמען פאַר גנבים און מערדער. ס׳האָט געהאַט אַ גרויסע אָזערע פון 25 קילאָמעטער. ס׳האָבן דאָרט געוווינט אַ 12 יידישע פאַמיליעס. כמעט אַלע האָבן דאָרט געהאַנדלט מיט פיש, וואָס מ׳האָט געכאַפּט ··· דער אָזיערע און זיי געפירט קיין וואַרשע, בריסק און אָפּטמאָל אויך קיין ראַטנע.

די יידן האָבן דאָרט געהאַט אַן אייגענעם מנין מיט אַ ספר־תורה און עדאַווענט האָט מען דאָרט אַלע שבת און אַפילו ימים נוראים ביי דעם זייער הײַבן בעד׳ב און גרויסן נדבן ר׳ מאָטל גאָלוז. אין דאָרף האָט מען אים פון אַ לאָקערונג צווישן בוימער דערשאָסן וואַרשיינלעך זיינען דאָס געווען „פלעניקעס". אין דעם זעלבן יאָר האָבן די מערדער אויך דערהרגעט איינעם לייבל האָכשטיין (זיינער אַ ברודער משה האָכשטיין געפינט זיך אין נ. אַמעריקע). אויך איז דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן דורך די רוצחים אַברהם טערערס זון.

ז א ל י ס : אַ דאָרף נאָענט צו סט׳ זאַבלאַטיע. ס׳האָט דאָרט געוווינט איין יידישע פאַמיליע — ר׳ מאָטל מעש און פרוי.

אין דעם יאָר 1916 האָבן זיי די רוסישע מערדער דערהרגעט און פאַרברענט זייער שטוב. זיין זון שמואליק וואָס איז דאַן נאָך געווען אויפן פראָנט, האָט, קומענ־דיק צוריק אַהיים, אָנגעטראָפן בלויז אַ בארג אַש.

ז אַ ב ל אָ ט י ע : דאָס איז געווען אַ באַן־סטאַנציע צווישן בריסק און קאָוולע. דאָרטן האָבן געוווינט אַ 20 יידישע משפחות, אָנגעזעענע סוחרים, מערסטנטייל — וואַלד־סוחרים. ס׳איז אויך דאָרט געווען אַ גרויסער טאַרטאַק, וווּ מ׳פלעגט שניידן פאַרשיידענע בוי־מאַטעריאַלן. נעבן דער סטאַנציע איז געשטאַנען ה׳ חיים גרינ־גאַרטנס שיינע שטוב ווו ס׳פלעגט שטענדיק ווימלען מיט פאַרשיידענע סוחרים וואָס זיינען געקומען פון אַלע גרויסע שטעט אַהין צוליב מסחר. ר׳ חיים איז געווען

א ייד א סוחר און א גרויסער מכניס אורחים. די טירן פון זיין שטוב זיינען שטענדיק אפילו ביינאכט, געווען אפן. יידן וואס זיינען געקומען פון ראטנע אדער אנדערע שטעט און דערפער, כדי צו „נעמען" דעם באן, האבן שוין געוווסט צוגיין צו אים — ווארטן אויף א באן. ס'איז כדאי צו דערמאנען נאך עטלעכע חשובע יידן פון דארט, ווי ר' פיניע מעלניקער, שמערל מעלניקער, משה אינגבער ע"ה או"נד. די זיינען אומגעקומען אין דעם לעצטן חורבן ביי די דייטשע מערדער. יענקל אינגבער האט זיך געראטעוועט און געפינט זיך אין בראזיל.

ז ש י ר י ט ש : אין דעם דארף האבן געוווינט א 8 יידישע פאמיליעס, 6 קי־לאמעטער פון ראטנע. ס'איז נישט באקאנט צי דאס דארף האט געליטן פון די פלעניקעס און באלאכאוועס.

לויט א גביית עדות פון ה' יואל איידעס (לעבט אין ארגענטינע), וועלכער איז פונקט געווען דארט אלס לערער, האבן זיך די דארטיקע יידן געראטעוועט באצייטנס אינעם נאענטן וועלדל. אים אליין האבן די מערדער געכאפט און האבן אים שוין גע־וואלט הענגען, זיינען אבער אקוראט אנגעקומען אנדערע צוויי באלאכאוועס און האבן אים געראטעוועט פון דער תליה.

א 18 קילאמעטער פון ראטנע איז געלעגן דאס דארף ק ר א ס ק י . יידן זיינען דארט געווען א 6 משפחות. געלעבט האבן זיי פון פי־מסחר און קליין־האנדל. קיין באזונדערע ידיעות איז פון דארטן נישט פאראן. די קינדער משה און עטל גוטמאן, פון יעקב קראסקער א ייד, זייער אן ארנטלעכער, געפינען זיך אין ארץ ישראל.

כ א ט י ו ל ע : דאס איז געווען א קאלאניע. דארטן האט געוווינט מיט זיין פאמיליע א ייד זעליק. ס'ליגט עטלעכע קילאמעטער פון ווידזשווע. דער ייד ר' זעליק ראשטשיקער איז געווען א זייער אינטערעסאנטער טיפ. ער האט אפגעקויפט ביי א פריץ 100 דעסאטין ערד אויף 99 יאר. ער מיט זיין פאמיליע האבן, מיט דער הילף, פארשטייט זיך, פון געדונגענע פויערים באארבעט די ערד. ער פלעגט יעדע וואך אריינפירן אין דעם נאענטן שטעטעלע ווידזשווע גאנצע פורן מיט שפייז און דאס צעטיילן צווישן די ארעמע דארטיקע פאמיליעס. ווען די פאליאקן זיינען אבער אריין אין דער געגנט, האט זיך אויסגעזוכט עפעס א ווייטער קרוב פונעם פריץ און ער האט אפגענומען די פאסעסיע. ר' זעליג האט שוין דערנאך געוווינט אין דעם שטעטעלע ווידזשווע און פון גרוים עגמת נפש איז ער דארט גיך נאכדעם געשטארבן.

אין אונדזער שטעטל ראטנע האט ער געהאט א זון, איינעם פייוועש, ר' מנשה ליקאווערס אן איידעם, זיין טאכטער לאהס א מאן.

וו ע ל י מ ט ש ע : דאס דארף איז געלעגן אויף א זייטיקן שליאך. פון ראטנע אן ערך 20 קילאמעטער. ס'האבן דארט געלעבט א 10 יידישע משפחות.

די באקאנטסטע און בעל־הבתישע פאמיליעס זיינען דארט געווען — דרוג (א אפצווייג פון דער פאמיליע איז דער ה' משה דרוג, וואס לעבט אין ישראל), בראנ־שטיין און לייוועגט (אהרן לעווין און זיין ברודער הערשל לעאנאוו, אין ארגענטינע, ווי אויך זייערע ברידער לייוועגט אין נ. אמעריקע שטאמען פון דער דאזיקער פאמיליע). די יידן דארט זיינען מערסטנטייל געווען וואלד־סוחרים און קליינהענדלער. די באלאכאוועס האבן אין די יארן 1920 דארט דערמארדעט יונה דעם וועלימ־טשערס אן איידעם (נישט באקאנט דער נאמען), לאה בראנשטיין, בנימין וועלימ־טשערס א שוועסטער.

מער פרטים פון יענער צייט זיינען נישט באקאנט.

ר ע צ י צ ע : א דארף, וואס איז געלעגן אן ערך 30 קילאמעטער פון ראטנע. ביים טייך פריפיעט. דארטן זיינען געווען עטלעכע אזיערעס און די דארטיקע גוטע

פיש זיינען אין שטעטל געווען גוט באַקאַנט. די פּויערים פון דאָרף פלעגן אַריינברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטעטל צום פאַרקויפן מערסטנטייל אויף שיפן מיטן טייך פּריפּיעט.

יידן זיינען דאָרט געווען אַ 15 פאַמיליעס. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיטן פיש־מסחר, אויך מיט אַנדערע מסחרים. ס'זיינען אויך דאָרט געווען עטלעכע בעלי־מלאכות. פּסח רעציצער, אַ ייד אַ למדן, איז געווען אַן אַנגעשטעלטער ביי ר' משה גאָלדין ביי די אָזיערעס. ר' משה נפתלי, אַ יודע ספר, ווי אויך ר' שמואלקע אברך האָבן אויך געהאַנדלט מיט פיש (דעם לעצטנס אייניקלעך: ה' יואל איידעס, לעבט אין בוענאָס איירעס. יענקל, בערל, אשר און חיים איידעס — אין טשאַקאָ).

איתמר פּאַפּיר, זייער אַ ערלעכער ייד, איז געווען אַ קרעמער דאָרט (זיינע אַ טאָכטער דבורה אַ פּליטה, אַ גראַטעוועטע פונעם לעצטן גיהנם לעבט אין אַרגענטינע). צוויי ברידער, יצחק און הערשל, יודעי ספר, איינער אַ פערדהענדלער, האָבן געוווינט אין די מעלניקעס, אַ נאָענטער כוטאָר פון דאָרט. ס'האָט דאָרט געלעבט איינער ר' יצחק פּאַפּיר. זיין זון ר' אהרן האָט געוווינט אין ראַטנע. ביי אים אין הויז איז געווען דער „אַפּטייקערסקי מאַגאַזין" פון דעם אַזוי חשובן און אינטעליגענטן ה' מאַגילאַנסקי ע"ה (זיינע, ר' אהרן פּאַפּירס קינדער לעבן אין ישראל. די עלטערע טאָכטער שרה האָט דאָרט התונה געהאַט מיט ה' שמואליק גאָלדמאַן). אויך האָט דאָרט, אין דעם דאָרף, געלעבט איינער אַ שמיד ר' משה יענקל ראָזענשיין — זייער אַ פיינער ערלעכער ייד געווען, פונעם אַלטן שניט (זיינע קינדער אברהם, אַביגדור און דוד ראָזענשיין לעבן אין אַרגענטינע). אין די בלוטיקע יאָרן פון די פלעניקעס און באַלאַכאָוועס האָט דאָס דאָרף צום גליק נישט געליטן.

ק אַ ר ט י ל ע ס : געווען איז דאָס זייער אַ גרויס דאָרף מיט אַ סך כוטאָרעס אַרום. די פּויערים פון דאָרט, לגבי אַנדערע דערפער, זיינען געווען אַביסל אָפּגעשטאַנענע אין זייער לעבן. און מ'האָט זיי באַלד דערקענט אין זייערע באַזונדערע אָנטועכצן מיט די רויטע גאַרטלען. אַפילו זומער צייט פלעגן זיי אויף די ירידים קומען אין שטעטל מיט זייערע וואַרעמע קוטשמעס און אייגנאַרטיקע בגדים.

יידן זיינען דאָרט געווען אַ 60 פאַמיליעס. זיי האָבן דאָרט געלעבט כמעט ווי אין אַ שטעטל — אַ באַזונדער זעלבסטשטענדיק יידיש לעבן.

זיי האָבן געהאַט אַן אייגענעם בית־מדרש מיט ספרים און אַנדערע תשמישי־קודש. זיי האָבן אויך געהאַט, להבדיל, אַ אייגענע באָד, וווהין זיי פלעגן גיין לכבוד שבת זיך אַרומוואַשן. זיי האָבן אויך געהאַט אַ „חדר" מיט אַ מלמד, וואָס האָט מיט די תלמידים געלערנט אויפן אַלטן שטייגער, ווי אויך אַ מאָדערנע שולע, וווּ מ'האָט געלערנט העברעאיש און יידיש. זיי האָבן אויך געהאַט אַן אייגענעם שוחט. געלעבט האָבן זיי טיילווייז פון די געוויינלעכע דאָרפישע מסחרים. אויך זיינען דאָרט געווען פאַרשידענע בעלי־מלאכות ווי שוסטער, שניידער, שמידן, א. א. וו. געלעגן איז דאָס דאָרף צווישן די צוויי שטעטלעך — ראַטנע און ליטעווישער דיווין. צווישן די חשובע בעלי־בתים דאָרט זיינען געווען ר' יעקב שעפּטעל ע"ה, אַ טריסקער חסיד, ר' אַברהם און דוד גרינגאַרטן (זיין זון ר' הירש לייב גרינגאַרטן און קינדער, זייער אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע, לעבט אין אַרגענטינע. אַ צווייטן זון — אין ישראל). ס'זיינען אויך באַקאַנט געווען דאָרט די פאַמיליעס טולער און בליט.

ס ע ד ר אָ וו י ט ש : דאָס דאָרף איז געלעגן אַ 30 קילאָמעטער פון ראַטנע, נאָענט צום דאָרף רעציצע, ביים טייך פּריפּיעט. דאָרטן האָבן געוווינט אַ 20 יידישע פאַמיליעס. זיי זיינען געשטאַנען אַביסל אויף אַ נידעריקערן קולטור־ניוואָ. אויך פון דעם דאָרף פלעגן די פּויערים אַריינברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטעטל צום פאַרקויפן אין שיפן מיטן טייך פּריפּיעט. די יידן דאָרט האָבן זיך פאַרנומען מיט דאָרף־מסחר,

מיט פיש־מסחר אא״וו. ס׳זיינען אויך דאָרט געווען שוסטער און גלעזער און אויך אַזעלכע וואָס האָבן באַארבעט ערד. אייניקע האָבן געהאַט וואַל־מאַשינען (פּשי־כאַלניעס), וואָס האָבן געריייניקט די שאָפן־וואָל. די יידן דאָרט האָבן געהאַט אַן אייגענעם מנין, ווו זיי פלעגן דאַוונען אַלע שבת און אפילו אין די ימים־טובים און ימים נוראים. ספרים פלעגן זיי דינגען אין שטעטל. ס׳איז דאָרטן אויך געווען אַ חדר מיט אַ געדונגענעם מלמד פון דער פרעמד. באַקאַנטע פאַמיליעס זיינען דאָרט געווען — ר׳ חיים בער זילבערפאַרב ע״ה, (זיינע קינדער לעבן אין מאָנטעווידעאָ, און איינער אַ זון, ה׳ יעקב זילבערפארב — אין ארגענטינע). ר׳ מאָטל קאהן (איין טאָכטער זיינע וווינט אין מאָנטעווידעאָ און די צווייטע — אין ישראל).

ר׳ יחזקאל טויב ע״ה, (זיינע קינדער אין מאָנטעווידעאָ) אויך ר׳ משה און אפרים זאריצקי (זייערע קינדער — אין מאָנטעווידעאָ) די אויבנדערמאָנטע האָבן זיך באַזונדער אויסגעצייכנט מיט זייער הכנסת אורחים.

נאָענט פון דעם דאָרף זיינען געלעגן די דערפער ז א ל כ א ו ע און שטעטין, ווו אין יעדן פון זיי האָבן געוווינט אַ 15 יידישע פאַמיליעס. צווישן די דאָרטיקע יידן זיינען געווען למדנים און גרויסע פרומע לייט, ווי ר׳ שמואל יצחק ע״ה און ר אשר. די יידן האָבן זיך פאַרנומען דאָרט מיט פאַרשיידענע מסחרים ווי אויך מיט פעלד־ארבעט. די יידן אין די אַלע אויבנדערמאָנטע דערפער האָבן נישט געליטן פון די פלעניקעס און באלאכאָווצעס, ווייל זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די דאָרטיקע געדיכטע וועלדער.

ה י ר נ י ק : נאָענט פונעם שטעטל, ביים שאָסיי־וועג צו בריסק צו ליגט דאָס דאָרף הירניק. אין דעם דאָרף האָבן געוווינט 20 יידישע פאַמיליעס. זייער פרנסה איז געווען ווי כמעט אין אַלע דערפער — קליינהאנדל, גייערײי און אויך פאַרשידענע מלאכות. דאָס דאָרף האָט געהאַט אַן אייגענעם מנין און אַ ספר און אַ גאַנץ יאָר, ווי אויך אין די ימים נוראים האָבן זיי דאָרט געדאַוונט. ס׳זיינען דאָרט געווען פיר אַזיערעס. אַ סך פון די דאָרטיקע יידן האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן פיש־מסחר.

פון די מער באַוווּסטע פאַמיליעס דאָרט זיינען געווען ר׳ וואווע פערעלמוטער, ר׳ זעליג ניסענהאָלץ, זייער אַ פרומער ייד, אַ יודע ספר און גרויסער נעסכיזשער חסיד. ער האָט געארבעט ביים באַוווּסטן קאָוולער פאָדריאַטשיק — ר׳ שלמה פּרו־זשאַנסקי, אַלס אָנגעשטעלטער ביים שאָסיי. (אָפּצווייגן פון דער פאַמיליע זיינען זיינע אייניקלעך — זיין טאָכטער מרימ׳ס קינדער — מאַנעס איילבוים, אסתר איידעס און ביילצע גראַבאָוו — לעבן אין ארגענטינע). פון דאָרטן שטאַמט אויך די אַזוי פּאָ־פּולערע פאַמיליע: בנציון שטיינגארטן ע״ה, אַ גרויסער למדן און פרידנס גביר און גרויסער וואַלד־סוחר. (זיין גרעאטעוועטער פון די נאַציס זון ר׳ יעקב שטיינגארטן און פאַמיליע ווי אויך אייניקל — פעדאגאָג און שריפטשטעלער, ישראל שטיינגאר־טען — לעבן אין ישראל).

אַ באַקאַנטע פאַמיליע דאָרט איז אויך געווען ר׳ ישעיה פייגעלעס ע״ה. (זיינע זין ר׳ משה און ר׳ חיים פייגעלעס מיט זייערע פאַרצווייגטע פאַמיליעס וווינען אין אָרגענטינע). ס׳זיינען אויך באַקאַנט פון דאָרטן די פאַמיליעס הרצל קאָמענעצקי, אַ קאָוואל, ר׳ משה רייכבערג, אַ קאַליקע (זיין זון אברהם־יצחק — אין ארגענטינע); ר׳ יצחק ווייסברויט ע״ה (זיינע זין ה׳ יענקעל און אברהם ווייסברויט — אין ארגענ־טינע). אַלע זייער אָרנטלעכע מענטשן געווען.

וויכטיק איז צוצוגעבן, אַז אין דעם דאָרף איז געווען די הויפּט גמינע פון דער גאַנצער סביבה. דאָרטן איז אויך אָסיענצייט געווען דער פּריזיוו, וווהין ס׳פלעגן זיך צושטעלן אַלע 21 יעריקע יונגעלייט פון דער גאַנצער געגנט צום מיליטער דינסט.

פּ ר אַ כ א ד : צולעצט וועלן מיר מיט גרויסן ווייטיק און ביטערן צער דער־מאָנען דאָ דאָס סאַמע נאָענטסטע פון ראַטנע, פאַר אונדז גורלדיקסטע דאָרף — פּראַכאָד. אין דעם דערפל האָט מען אין די יאָרן, וואָס מיר באַשרייבן דאָ פון 1916־1920 קיין יידן נישט אומגעבראַכט. פון די צוויי ברידער, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, ר׳ משה און נחום שעפּטעל מיט זייערע פאַמיליעס, האָט איינער, משה, אויסגעוואַנ־דערט באַצייטנס קיין קאַנאַדע און דער צווייטער, נחום, איז אומגעקומען שפּעטער־צו מיט זיין פאַמיליע דורך די נאַציס.

דאָס דערפל פאַרנעמט אָבער אַ באַזונדער זייער טרויעריק אָרט אין דער שפּע־טערדיקער ראַטנער מאַרטיראָלאָגיע ביי די ווילדסטע מערדער נאַציס, ווי אַ מקום המוכן לפורעניות, ווי אַ לעצטער וועג, וואָס אונדזערע טייערסטע און ליבסטע קדו־שים, זיינען אַהין געטריבן געוואָרן צו דער שרעקלעכער עקידה, האָבן אַנגעטרונקען מיט זייער הייליק בלוט דאָס טמא־אָרט און ערד אין דעם גרויסן ברידער קבר, וואָס זיי אליין האָבן זיך אויסגעגראָבן און די מערדער־וואַנדאַלן האָבן זיי לעבעדיקערהייט אַהין אריינגעוואָרפן.

***

מחמת דוחק פון פּרטים וועגן אייניקע דערפער לאָזן מיר זיי אַדורך און דער־מאָנען זיי נישט. די אַלע יידן אָבער אין דעם לעצטן גרויסן חורבן אין דעם יאָר 1942, זיינען פון אַלע דערפער צוזאַמענגעבראַכט געוואָרן אין שטאָט און צוזאַמען אומגעקומען פון די וועלט־מערדער, די דייטשן.

***

איך וויל דאָ אויך צוגעבן, אַז צוויי יוגנטלעכע פון דער ראַטנער אינטעליגענץ: אהרן יעקב גינזבארג און נטע רויזקעס — זיינען אומגעפער אין די יאָרן 1923־4 אומגעפאָרן איבער ראַטנער אומגעגנט צו זאַמלען פּרטים און דאַטעס וועגן די קרבנות פון די „פּלעניקעס און באלאכאָוועצעס".

די פּוילישע מאַכט, געוואָר ווערנדיק וועגן זייער טעטיקייט, האָט זיי אָבער געשטערט אין דער אַרבעט, האָט זיי אַפילו געוואָלט אַרעסטירן און האָט צולעצט אַלע רשימות און מאַטעריאַלן ביי זיי צוגענומען, נישט דערלאָזנדיק עס זאָלן פאַר־צייכנט ווערן די מעשים פון זייערע אַמאָליקע שותפים.

**וועלוול גראַבאָוו**

# מאַמע, און איך!...

ווען ברוך דער דיבעטשנער האָט פאַרטאָג אויפגעעפנט די טיר פון זיין שטוב, איז נאָך אין דרויסן געהאנגען אַ קילע ראָסע, וואָס פאַלט אין דער צייט פון די „ימים־נוראים". דער הימל איז געווען בלוי ווי נאָר־וואָס אויסגעוואשן. און עס האָט זיך נאָך געפילט אַ נאַסקייט אין אַרום. אַריינשטעקנדיק די פינגער אין דער ברייטער געלער באָרד, האָט ער, ברוך, זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען דאָס וואָס האָט זיך אים געחלומט היינטיקע נאַכט.

אוי, ווי שרעקלעך! — האָט ער ווי צו זיך אויסגעשריען, אַזאַ נאַכט, אַזויפיל קאָשמאַר, אַזא אומרואיקייט, שוין אַ סך דורכגעלעבט, דייטשן, רוסן, באָרוויסע. עסטרייכער, נאָך אַמאָל דייטשן, געווען טעג און נעכט פון אמתער שרעק פון קוקן דעם טויט אין פנים אַריין...

זיינע געדאַנקען זיינען איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם סקריפּ פון דעם היל־צערנעם טירל, און אין גאָרטן פאַר דער טיר איז געבליבן שטיין יידל דער ריקיטער, אַ דאַר יידל מיט אַ געל שפּיציק בערדל, וואָס האָט אויסגעזען גלייך ווי אַ זשמעניע זאַמד זאָל האָבן געבליבן הענגען אויף זיין פנים. יידל האָט געזאָגט „גוט מאָרגן" און ברוך האָט אים געענטפערט: „גוט־יאָר" און אַ פרעג געטאָן: „נו, וואָס הערט זיך יידל מכות אַ מנין אויף היינט? עס איז דאָך ערב יום־כפור.

— נו, וועגן דעם בין איך דאָך טאַקע געקומען — האָט יידל געענטפערט. מיין זיסל און די קינדער האָבן מיך נישט געלאָזט גיין, אַ מוראדיקע צייט, ערשט אייער־נעכטן זיינען די באָרוועסע (רויט־ארמייער) אַוועק, די פּוילישע זעלנער יאָגן זיי נאָך, און ווי זיי קומען כאַפּן זיי יידן צו צוואנגס ארבעט, שערן בערד, ראַבעווען... דאָ האָט אים ר' ברוך איבערגעשלאָגן, אָבער צו וואָס איבערקלערן צום שלעכטן... דו ווייסט דאָך ווי די באָרוועסע האָבן איבערגעגעבן, מוזן זיי אָפּטרעטן, ווייל פראנקרייך האָט אַריינגעשיקט אַ סך געווער און אָפיצירן, און מיר גלויבט זיך נישט, אַז די פּוילישע אַרמיי זאָל זיך פאַרנעמען מיט „אַזעלכע זאכן", רחמנא לצלן, ערשט פאַראיאָרן געווען אליין אונטערן שטיוול...

דו ווייסט, ברוך, — האָט יידל געזאָגט, אויב עס וועט זיין שטיל, וועט מען ביי ר' יצחקן קענען מאכן דעם מנין און ר' יצחק האָט געזאָגט אַז ער וועט דאַוונען צו „כל־נדרי", הלוואי זאָל שוין זיין שטיל און מיר זאָלן זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר מיט כל־ישראל צוזאמען... און זאָגנדיק אַ גוט יאָר איז יידל אַוועק...

די זון האָט זיך גערוקט אַלץ מער און מער צו מערב, שטיל און אָן רעש, ווי זי וואָלט וועלן מען זאָל זי נישט באַמערקן. אויף די ביימער מיט האַלב־גרין־געלע בלע־טער האָבן זיך נאָך אָנגעהאנגען די לעצטע זון־שטראַלן ווי נישט־וועלנדיק פאַר־לירן דעם לעצטן אָנהאַלט... פון ווייטנס האָט זיך געהערט דאָס בילן פון אַ הונט. אַ פור, איינגעשפּאנט מיט צוויי אָקסן האָט זיך מיט אַ געסקריפּעריי אַדורכגעשאַרט פירנדיק נישט קיין געראָטענע סנאָפּעס קאָרן, פויערים מיט קאָסעס אויף די אַקסלען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, טרויערנדיק נאָך פאַרלוירענע זין.

אין ר׳ יצחקס שטוב, וואָס איז געשטאַנען מיטן פּנים צום ברייטן שליאַך, איז שוין געווען פאַרזאַמלט די גאַנצע עדה יידן, די קינדער פאַרן שטוב האָבן זיך געשפּילט אין זאַמד, און אין שטוב האָבן יידן אָנגעצונדן ליכט, אַריינשטעקנדיק זיי אין מיט זאַמד אָנגעפולטע ליימענע טעפּלעך. ביים עמוד איז געשטאַנען ר׳ יצחק אָנגעטאָן אין קיטל און טלית און מיט געוויין געזאָגט „תפילה זכה"...

עס האָט זיך דערהערט דאָס ווידערקול פון די פונוויטנס אָנקומענדע רייטער, דאָס קלאַפּן פון די פערדישע פּאַדקאָוועס האָט זיך געהערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ווי דאָס קלאַפּן פון איבערגעשראָקענע הערצער...

פאַר דער שטוב זיינען אויסגעוואַקסן עטלעכע צענדליק רייטער מיט די גרינע שינעלן און ווייסע אָדלערס אויף די פּירקאַנטיקע היטלען מיט די גלאַנציקע דאַ־שעקעס. פון זיי איז אַרויסגעקומען דער עלצטער מיט אַ געשטופּלט פּנים, און אויגן רויט פון בראָנפן, האָט ער מיט אַ געשריי אַ פרעג געטאָן: זיינען דאָ די באַלשעווי־קעס געווען און ווען זיינען זיי פון דאַנען אַוועק? יידל דער ראָקיטער האָט אים מיט הכנעה געענטפערט: געווען, מער ווי קיין ברויט נישט געבעטן און זיינען באַלד אַוועק אָט אַהין מיט דעם וועלדל.

פול מיט רציחה פון אַ חיה האָט דער עלצטער געגעבן אַ געשריי און זיין געשטופּלט פּנים איז געוואָרן רויט: אַהאַ געווען, געגעבן ברויט מיט זאַלץ, און נאָך מסתמא געהאָלפן צום אַנטלויפן, געוויזן דעם וועג. מיר זיינען די באַפרייאונגס־אַרמיי, אָנגעפירט פון אונדזער גענעראַל בולאַק באַלאַכאָוויטש, מיר וועלן זיך באַלד מיט אייך אָפּרעכענען.

— העי, כלאָפּצי, וואָס שטייט איר דאָרטן, — האָט ער אַ הוק געטאָן, שטעלט נאָר אויס די יידעלעך, אין צוויי שורות, נאָר די ווייבער מיט די קינדער באַזונדער און די מענער באַזונדער.

און זיך ווענדנדיק צו די יידן, האָט ער מיט אויגן פול מיט בלוט און רציחה אַ זאָג געטאָן: גיט אַהער דאָס געלט וואָס איר פאַרמאָגט, דאָס וועט זיין פאַרן פּוילישן מלוכה־אוצר. די יידן האָבן אָפּגעגעבן דאָס ביסל וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

— „דאָס אינגאַנצן, כא, כא, כא! — האָט זיך דער עלצטער צעלאַכט מיט אַ שדים־געלעכטער, איר וועט מיט אייער לעבן באַצאָלן! נעמט און גראָבט זיך אַליין אויס אייער קבר!" — האָט ער אויסגעשריען, ווי פון אַ הוילן פאַס.

— „מיר וועלן נישט גראָבן, היינט איז ביי אונדז דער הייליקסטער טאָג פון יאָר, זעסט דאָך, אַז מיר זיינען אָרעמע, אומשולדיקע מענטשן".

— וואָס! ביי אייך איז היינט דער הייליקסטער טאָג? ביי אייך?! ערשט נעכטן איז געשען דער „נס אויפן ווייסל", ערשט היינט האָבן מיר אָפּגענומען ווילנע, און גיט נאָר אַ קוק, כלאָפּצי, ביי וועמען עס איז דער הייליקער טאָג, כאַ, כא, כא!"

— און דו, — האָט דער עלצטער מיט רציחה אַ פרעג געטאָן משהלען, אַ קינד פון פערצן יאָר, וואָס איז געשטאַנען מיט זיינע פיר שוועסטער און ברידערלעך נעבן זיין מאַמען, וואָס האָט אין דער שטיל געוויינט, און געכאַפּט אַלעמאָל אַ בליק מיט די פאַרוויינטע אויגן צו איר מאַן ר׳ יצחק, וואָס איז געשטאַנען מיטן קיטל דער ערשטער אין דער ריי צווישן די מאַנסבילן. — דו האָסט זיך נאָר צווישן די ווייבער פאַרוקט?! גיט נאָר אַ קוק אויף אים, כלאָפּצי, אַזאַ העלד צווישן די ווייבער גאָר, כאַ, כא, כא. גיי צו צו די יידן, דאָרטן איז דיין אָרט...

משהלע האָט מיט פאַמעלעכע טריט זיך צוגעשאַרט צו זיין טאַטן, וואָס איז געשטאַנען און מיט געוויין געציילט די ווערטער פון „ווידוי"...

די ווייבער האָבן געבעטן רחמים, געוויינט, געפאַלן צו די פיס, צו די רייטער, וועלכע זיינען געשטאַנען און הנאה געהאַט פונעם גאַנצן „ספּעקטאַקל".

פּלוצים גייט צו דער עלצטער צו דער שרעגנע ווייבער מיט די קינדער און גיט אַ שטעל אויס זיין ביקס. אַלע פּלאַצן אויס מיט אַ יאָמערלעכן געוויין.

— און דו, יידישקע, — גיט ער זיך אַ ווענד צו גאָלדען ר' יצחקס ווייב, — וויפל קינדער האָסטו? זאָג נאָר גיכער, וויפל... קינדער? „כ'האָב, פּעסעלע, משהלע, רחלע, גיטעלע, שלומהלע". נו, זאָג שוין גיכער... איך... וויפל קינדער כ'האָב.. פיר, דיר מיט דיינע קינדער וועל איך שאַנעווען. עס האָט זיך דערהערט דאָס קעלכל פון אַ קינד: מאמע, און איך?! ניין, האָט גאָלדע ווי אַ פאַרווונדעטע אַ געשריי געטאָן, כ'האָב פינף קינדער, און מיט אַ געבעט געפאַלן צו זיינע פיס. כ'בין געווען איבעראַשט פון דער פּלוצימדיקער פראַגע, האָב איך זיך פאַרטומלט און פאַרגעסן.

— וואָס? — האָט דער עלצטער ווילד פאַר תענוג אויסגעשריען — אַ ליגן ווילסטו מיר זאָגן? נאָר אַ פרעמדן בחור ווילסטו ראַטעווען. זע, ווי אַ פּוילישער שליאַכטיטש האַלט היילק זיין וואָרט, אַניט וואָלט איך דיר באַלד אויפן אָרט דערשאָסן.

— הערי, כלאָפּצי, וואָס שטייט איר דאָרטן? איר ווייסט דאָך שוין, וואָס צו טאָן, טוט ווי אין קרעמנע און שאַצק... אַ ציטער איז אַדורך איבער אַלעמענס לייבער, עס האָט זיך געהערט דאָס שטילע געוויין פון די מאַנסבילן, וואָס האָבן געזאָגט ווידוי

עס האָט זיך דערהערט אַ געקנאַלעריי פון ביקסן, וואָס האָט אָפּגעהילכט און שטילן אַרום. צווישן די ערשטע וואָס זיינען געפאַלן איז געווען ר' יצחק און משהלע, און אויף זיינע ליפּן איז ווי פאַרפרוירן געוואָרן די אומשולדיקע פראַגע: „מאמע און איך?!"

די זון האָט נאָך אַ לעצטן קוק געטאָן און רויט פאַר חרפּה און כעס, אַדער גאָר צוזאָגנדיק נקמה צו נעמען, איז זי פאַרשוואונדן אין טיפן תהום אַריין...

בנימין פוקס



# זכרונות פון דער בולאַק־באַלאַכאָוויטש־ צײַט

זונטיק פאַרטאָג, ערב ראש־השנה, מיין טאַטע אברהם־יונה וועקט מיך צו סליחות און האַלט אין איין אויסטענהן זיך מיט דער מאַמע, רייזל, וואָס צום טאָן. די מאַמע וויינט און בעט זיך ביים טאַטן מיר זאָלן אַוועק קיין ראַטנע צווישן יידן, און ווי גאָט וועט פירן מיט אַלע יידן, אַזוי וועט זיין מיט אונדז. אין דאָרף האָט זי מורא צו בלייבן סיי פאַר די גויים, ווי פאַרן דורכפאָרנדיקן מיליטער (די באַלאַ־כאָווצעס). מיין טאַטע טענהט צוריק: וווהין גייט מען מיט אַ שטוב קליינע קינדער? ווו נעמט מען צום עסן? און ביי וועמען וועט מען זיין? נעמען מיט זיך שפּייז, דאַרף מען טראָגן אויף די פּלייצעס און וויפל קען מען מיטנעמען, אַפילו אויף קיין אַכט טעג נישט, און פאָרן מיט פערד און וואָגן, קענען נאָך די גוים אַלץ צונעמען און חס־וחלילה דערהרגענען אויך, און ווי לאָזט מען עס איבער אַ האָב און גוטס? מען וועט דאָך דאָס אַלץ צעראַבעווען.

און מיין מאַמע האַלט אין איין טענהן, אַז זי וויל נישט פאַרבלייבן אין דאָרף. אויב נישט קיין ראַטנע לאָמיר גיין אין וואלד אַריין, ביז די מהומה וועט פאַרביי. דערוויל נעמט מיך דער טאַטע און מיר גייען אַוועק צו סליחות. אַלע יידן ביים מנין ריידן אַרום די לאַגע, קלערן, וואָס צום טאָן און ווי אזוי אַרויסצוגיין פון דער שווערער סכנה און דערוויל ציטערן די ווענט פונעם אָפּהילך פון די קאַנאָנען. יידן טענהן, אַז דער פראָנט מוז זיין זייער נאָענט, אָן אַכט קילאָמעטער פון אונדז, אין קרעמנע, אָן אַנדער ייד דערציילט, אַז אַ גוי האָט אים פאַרטרויט, אַז אין קרענסק, דאָרט ווו ס׳שטעלט זיך דער יאַריד, האָט דאָס סאָוועטישע מיליטער איינגעגראָבן קאַנאָנען און דאָרט וועט זיין דער פראָנט.

אַזוי האָט מען אָפּגעשמועסט אַ פאָר שעה ביז איצל דער ראַקיטער האָט געזאָגט:

— יידן! פאָרן קענען מיר איצט אין ערגעץ נישט, דער וועג איז פאַרמאַכט.

דער שאָסיי וואָס פירט פון קאָוועל קיין בריסק איז באַלאַגערט פון מיליטער און אויפן סדאָמישלער וועג ביי דער יאַניפּקע, דאָרט ווו ס'גייט דורך דער פּריפּעט גרייטן זיך די באַלשעוויקעס צו קאָנטראַטאַקעס. דער איינציקער אויסוועג איז נאָר צו גיין אין וואַלד.

דער עלטערער יידל לייב ראַבין האָט אָנגעהויבן שרייען! — וואָס הייסט, ס'איז דאָך מאָרגן ראש־השנה, מען דאַרף דאַוונען און לייענען, ווי קען מען עס טאָן אַזאַ זאַך אין וואַלד? און נאָך לאַנגע אַמפּערנישן איז פאַרבליבן, מען זאָל דאַוונען ביי איצל דעם ראַקיטער, וואָס וווינט נאָענט פון וואַלד און אַרום שטוב ביי אים איז פאַראַן אַ וועלדל. און כדי צו טרייסטן זיך און אַנדערע רופן זיך אָן אייניקע, אַז נאָר בעתן אָפּטרעטן האָבן זיי, די באַלאַכאָוועצעס, געהרגעט און גערויבט, אָבער ביים צוריקקומען רירן זיי קיינעם נישט אָן; נאָר דאָבע חיים־בערס פּרוי, ביי וועמען אין שטוב ס'דאַוונט דער מנין, הויבט אָן צו דערמאָנען די מאַנסבילן, וואָס ס'איז פאָר־געקומען בעתן צוריקקטריט פון די מערדער, די באַלאַכאָוועצעס און רופט זיך אָן צו מיין טאַטן: — איר האָט שוין פאַרגעסן דאָס אַלץ, וואָס ס'איז געשען מיט זעקס וואָכן צוריק, ווען מען האָט דערהרגעט אייער עלטערן ברודערס זון, און צי געדענקט איר נישט, ווען אייער ברודער לייזער איז געפאָרן רייטנדיק פאַרסאָפּעט און אָנ־געזאָגט יעדן, אַז מען זאָל אַנטלויפן מיט די פערד, ווייל מען נעמט צו די מענטשן מיט די פערד...

נאָכן אָפּשמועסן אַ פּאָר שעה, איז געבליבן מען זאָל דאַוונען ביי איצל דעם ראַקיטער אין שטוב. מיין מאַמע האָט נישט איינגעשטימט צום גאַנצן פּלאַן. זי האָט נאָר געהאַלטן, אַז מען דאַרף גיין אין וואַלד, פּונקט ווי זי זאָל אַלץ פאָראויס־פילן, נאָר מיין טאַטע האָט געהאַלטן, אַז וואָס הייסט מען וועט נישט דאַוונען ראש־השנה, ווי גאָט וועט פירן אַזוי וועט זיין. בלית ברירה האָט די מאַמע געמוזט דערצו מסכים זיין.

אַזוי איז פאַריבער דער טאָג פון ערב ראש־השנה אין טויט־פחד און שרעק.

ראש־השנה ביינאַכט. דאָס גאַנצע דאָרף יידן איז ביי איצל גראַבאָוו אין שטוב. ווער ס'איז פאַרזאָרגט און ווער ס'זאָגט אַ וויץ און טוט נאָך אַ שמייכל דערביי. אין דער שפּעטער נאַכט איז מען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען שלאָפן, די מענער אין די שייערן, די פרויען מיט די קינדער זיינען פאַרבליבן אין שטוב. און ליגנדיק אין שייער אויפן היי לעבן מיין טאַטן ע"ה, האָט ער מיך אַרומגענומען און שטאַרק גע־דריקט צו זיך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, פּונקט ווי ער זאָל עפּעס פילן און אַזוי זיינען מיר איבערגעשלאָפן די נאַכט ראש־השנה.

גאַנץ פרי, דער טאַטע וועקט מיך. מיר זיינען אַלע שוין געווען אָנגעטאָן. מיין טאַטע און מאַמע ריידן אין דער שטיל צווישן זיך. נאָכדעם שיקט מיך דער טאַטע אַוועק קיין דיבעטשנע צו כאַפּן אַ בליק אויף דער שטוב און אַלע איבעריקע זאַכן און זאָגט מיר דערביי אָן, איך זאָל נישט גיין מיטן וועג, נאָר דורך די פעלדער און טאָמער וועל איך עמיצן טרעפן, אָדער וואָס זען נייעס, זאָל איך תיכף צוריקקומען.

איך בין צוריקגעקומען צו דער שחריתדיקער שמונה עשרה. איך האָב באַ־מערקט מיין טאַטן שטייענדיק מיט אַן אַריבערגעצויגענעם טלית איבערן קאָפּ און וויינען. פון מיין מאַמען איז שוין אָפּגערעדט, זינט מען האָט דערהרגעט איר על־טערן זון שמואל־בצלאל, הערט זי נישט אויף צו וויינען.

מען האָט אָפּגעדאַוונט שחרית, אָפּגעלייענט און זאָגנדיק די מוספדיקע שמונה עשרה, דערזעט מען דורכן פענצטער רייטערס, וועלכע זיינען אַריינגעקומען דורך דער פראָנט און הינטער־טירן און אויסשיסנדיק עטלעכע מאָל אין דער לופטן

געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אויפהערן דאַוונען און אַוועקגעבן דאָס גאַנצע געלט און אויב נישט וועלן זיי שיסן אויפן אָרט. מען האָט אַלעמען געגנוי באַזוכט, וווּ ס׳האָט געטראָגן בעסערע הויזן, אַ רעקל, אַ העמד אָדער שיך האָט מען אויסגעטאָן נאַקעט און באָרוועס. מען האָט אַלעמען אַרויסגעפירט אויף דער גאַס און אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער און אַדאַמקע, אַ ליבעכינער גוי, אַ מערדער, וואָס איז געווען זייער אָנפירער, האָט אַלעמאָל אַרויסגעגעבן נייע באַפעלן און יעדן מערדערלעך געשלאָגן, אינמיטן דער סומאַטאָכע האָט זיך איצל גראַבאָוו אַרויסגעשלייכט פון דער ריי, אַריין אין וועלדל און גענומען לויפן. אַדאַמקע איז אים באַלד נאָכגעלאָפן און נישט געקוקט אויף אַלעם, איז איצל גראַבאָוון געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. אונדז אַלעמען, מענער און פרויען אויסגעשטעלטע צו פיר אין אַ ריי האָט מען אונטער אַ שטרענגער וואַך געפירט קיין דיבעשטנע. נאָכן קלויסטער, נישט ווייט פון חיים־בערס שטוב האָט מען אונדז אַוועקגעשטעלט ווי זעלנער. עס איז צוגעקומען איינער פון די עלטסטע מיט אַ פליך אויפן קאָפּ און אַדאַמקע, דער מערדער האָט אים אָפּגעגעבן דעם באַריכט. נאָכן באַריכט האָט דער עלטסטער אַרויסגענומען אַ קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציע און אָנגעהויבן לייענען, דערמאָנענדיק דערביי עטלעכע מאָל טראָצקיס נאָמען און אַז אַלע יידן זיינען קאָמוניסטן און באָלשעוויקעס און אַז מיר זיינען אין אַלעם שולדיק און מען דאַרף אונדז דערביי דערהרגענען. נאָכן פאַרענדיקן זיין רעדע, האָט מען צוגעפירט אַ מאַשין־געווער, מיט וועלכער מען האָט מאַניפּולירט, כדי אויף אונדז אָנצוואַרפן אַ פחד. נאָכדעם האָט דער עלטסטער אויפגעפאָדערט, אַז אַלע יידן זאָלן באַצאָלן צוויי מיליאָן רובל, וועט מען זיי באַפרייען

חיים־בער רייף און מיין פאָטער יונה פוקס זיינען צוגעגאַנגען צום עלטסטן און אים דערקלערט, אַז דאָס גאַנצע דאָרף יידן, אַפילו אַריינגערעכנט די גוים פאַרמאָגט נישט אַזאַ קאַפּיטאַל. נאָר איין זאַך קענען מיר טאָן, האָבן די יידישע פאָרשטייער דערקלערט, אַוועקגעבן יעדער אינדיווידועל זיין געלט און זיין צירונג

דער עלטסטער האָט מיטגעשיקט מיט יעדן יידן צו צוויי זעלנער, מיטצוברענגען זיין ביסל אָרעמקייט און די פרויען און קינדער געלאָזט אַלס משכנות.

דער ערשטער, וואָס איז צוריקגעקומען איז געווען חיים־בער רייף, אַ טרויעריקער און האָט זיך אָנגערופן צום עלטסטן, אַז ער האָט זיין צירונג נישט געקענט געפינען. איינער פון די זעלנער וואָס האָבן אים באַגלייט, האָט זיך אָפּגערופן צום עלטסטן:

— דערלויבסט מיר אים צו דערהרגענען?

— דוראַק! פּאַטשעמו טי יעוואָ נאַ מיעסטו ניע אוביל?! (פאַרוואָס האָסטו אים אויפן אָרט נישט דערהרגעט) האָט אים דער עלטסטער געזאָגט, און ער באַפוילט חיים־בער רייפן אָפּצולויפן דריי טריט און באַלד קומט אַ שאָס און ער ליגט שוין טויט.

איינער פון די באַלאַכאָוועצעס גייט צו צום טויטן, באַטראַכט ווי אַזוי די קויל האָט געטראָפן און באַריכטעט דעם עלטסטן.

באַלד איז צוריקגעקומען מיין טאַטע און אַלע אַנדערע יידן ביי וועמען מען האָט צוגענומען דאָס גאַנצע ביסל אָרעמקייט. מען האָט געהייסן יעדן גיין אַהיים צו זיך און נישט מורא האָבן, ווייטער וועט קומען מיליטער און מיליטער משפּעט קיינעם נישט.

אין דעם אויגנבליק קומט אָן אַ גוי און מעלדעט, אַז דער גרוב איז שוין פאַרטיק, און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אַלע האָבן זיך שוין אויסגעקויפט, האָט דער [illegible]

עלטעסטער פאַראַרדנט, אַרויסצונעמען אַלע יונגע בחורים און זיי הרגענען, ווייל אַז נישט, וועלן זיי אַוועק צו די באָלשעוויקעס.

איינער פון די אַכט קרבנות: יעקב קראַסקער, משה קראַסקערס זון, האָט זיך אָנגערופן: — נעמט אונדז, מיר וועלן־גיין מיט אייך אין מיליטער קעגן די באָל־שעוויקעס.

דאַן איז געקומען אַ צינישער ענטפער פונעם פּליכעוואַטן: מיר האָבן נישט קיין צוטרוי צו קיין יידן!

מען האָט צוגענומען פון אונדז ניין קדושים:
יעקב קראַסקער — משה און אסתר קראַסקערס זון;
שמוליק פוקס — זיסיע און אסתר דבורה פוקס זון;
הערשל קאַגאַן — שלמה און חייה־איידלס זון;
מאַנעס ביבער — לייבקעס און יענטעס זון;
לייבוש רייף — חיים בער און דאָבעס זון;
יידל פון קראַסקע — גיטל דער אלמנהס זון;
וועלוול ווידרע — זעליק דעם ראַקיטערס איידעם; מען האָט אויך צוגענומען אַ לערער פון שעדלעץ, וועמענס נאָמען איך קען זיך נישט דערמאָנען. און אויך איינעם אַן עלטערן יידן פון דער פרעמד, וואָס זיין נאָמען געדענק איך אויך נישט.

מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז זיין ברודערס זון איז זיין זון, מען זאָל אים באַפרייען, אויך האָט מיין מומע חייה־איידל דאָס זעלבע געטאָן, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. מען האָט די אומגליקלעכע קרבנות צוגענומען און אומגעבראַכט. און אונדז אַלעמען האָט מען געהייסן גיין אַהיים.

אין שטוב איז אַלץ געווען צעראַבירט פון די גוישע שכנים, נאָר ווען זיי האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי אָנגעהויבן צוריקברענגען די צוגערויבטע זאַכן.

ווען ס'איז טונקל געוואָרן, איז אָנגעקומען אַ פול דאָרף מיט זעלנער פון באַ־לאַכאָוויטשעס אַרמיי, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע דאָרף און עטלעכע פון זיי זיינען אַריינגעקומען צו אונדז אין הויז און געפאָדערט געלט און גאָלד און אָנגעהויבן שלאָגן יעדן פון אונדז. עס האָבן נישט געהאָלפן די געוויינען און בעטן זיך ביי זיי, אַז מען האָט שוין צוגענומען דאָס גאַנצע ביסל אָרעמקייט אונדזערע. זיי האָבן געוואָלט דערהרגענען דעם טאַטן, האָט די מאַמע און מיר אַלע קינדער אָנ־געהויבן צו וויינען און בעטן. זיי האָבן דעם טאַטן געלאָזט לעבן, נאָר אַזוי שטאַרק אים צעשלאָגן, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין, מיט שווערער מי איז קוים געלונגען אים צו דערמונטערן.

מיר זיינען גלייך אַוועק פון שטוב און זיך געקליבן צו גיין אין וואַלד אַריין, אָבער ס'איז אוממעגלעך געווען צו דערקלייבן זיך אַהין, ווייל דאָס מיליטער האָט אַרומגערינגלט דאָס דאָרף פון אַלע זייטן, מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט צו פּויע־רישער כאַטע, אָבער פאַר קיין שום פּרייז האָט דער פּויער אונדז נישט געוואָלט אַריינלאָזן, פונקט ווי מיר וואָלטן זיין די מערדערס. מיר זיינען אַריין אין אַ פּוסטער שטוב, וועמענס אייגנטימער זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד נאָך פאַר דער מלחמה, אַרויף אויפן בוידים און דאָרט איבערגענעכטיקט. און ערשט אינדערפרי האָבן מיר דערזען ווי אונדזער טאַטע איז צעקלאַפּט און געשוואָלן און האָט נישט קיין איין גאַנצן שטיקל אבר.

מיין טאַטע האָט געפרעגט אַ פאַרבייגייענדיקן היימישן גוי, וואָס ס'הערט זיך נייעס, האָט ער אים דערציילט, אַז דאָס גאַנצע מיליטער איז פאַרטאָג צוריקגע־טראָטן און אויב מיר ווילן זיך ראַטעווען, זאָלן מיר אַנטלויפן אין וואַלד.

מיר זיינען אַרויס פון דער חורבה און אָנגעהויבן צו לויפן דורך די פעלדער,

האָט אונדז באַמערקט אַ באַלאַכאָוועץ און אָנגעהויבן צו שרייען, מיר זאָלן בלייבן שטיין. מיין טאַטן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס שרייט צו אים זיין ברודער לייזער, האָט ער זיך געהאַלטן אין איין ארומקוקן אויף אַלע זייטן און געזאָגט, אַז ס'פּאַסט נישט, אַז זיין ברודער זאָל אויף אים זאָגן, אַז צוליב זיינע ווייטיקן דערקענט ער אים שוין נישט. ס'האָבן נישט געהאָלפן דער מאַמעס געשרייען; קום, אַנטלויף! מיר זיינען אומגליקלעך, ס'איז אַ באַלאַכאָוועץ. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דער זעלנער האָט אונדז דעריאָגט. מיר, די קינדער מיט דער מאַמען איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַ שייער און אים, דעם טאַטן מיינעם, האָט דער באַלאַכאָוועץ צוגענומען און מען האָט אים נאָך געפּייניקט און געשלאָגן, אים איינגעשפּאַנט ווי אַ פערד אין אַקער אויף צו אַקערן דאָס פעלד. מער אויסהאַלטן האָט ער שוין נישט געקענט און איז אַוועקגעפאַלן און די מערדער האָבן אים דערשאָסן. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לעבן פון מיין טאַטן.

ווען דער באַלאַכאָוועץ האָט צוגענומען דעם טאַטן, זיינען מיר אַוועק אין וואַלד. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אונדזער מומע חיה־איידל, דעם טאַטנס אַ שוועסטער מיט אירע קינדער. אין אייניקע טעג אַרום האָבן מיר אָנגעטראָפן אין וואַלד נאָך יידישע פאַמיליעס פון אונדזער דאָרף און אויפן פערטן טאָג, איז צו אונדז געקומען מיין טאַטנס ברודער לייזער און אונדז דערציילט פונעם אומגליק, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט אונדזער טאַטן. ער האָט אונדז אויך איבערגעגעבן וועגן טויט פון אַלטן יידל־לייב ראַבין, וואָס איז געווען אַ ייד, אַ צדיק, און ווי אַזוי מען האָט אומגעבראַכט מיין מומע אסתר־דבורה מיט די קינדער. איין מיידעלע אירס איז איבערגעבליבן, האָט עס דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט איבערגענומען קיין אַמעריקע און מיר האָבן ווענן איר שוין מער נישט געהערט.

מיר פלעגן מיט גרויס מי גיין אין די פעלדער אויסגראָבן קאַרטאָפל און זיך מיט זיי דערנערט, צינדן פייער האָבן מיר נישט געטאָרט, כדי מען זאָל נישט אַנטדעקן דאָס פלאַץ, וווּ מיר געפינען זיך.

אויפן צווייטן טאָג איז דער פעטער אַוועק צו זיין פאַמיליע און צוגעזאָגט אונדז צו קומען אויף מאָרגן נעמען, כדי מיר זאָלן אַלע אַוועק קיין ראַטנע. מיר האָבן געוואַרט אויף אים פון אַ פּאָר טעג נאָך ראש־השנה ביז אַ פּאָר טעג פאַר סוכות און ווען מיר האָבן זיך אויף אים נישט געקענט דערוואַרטן, האָבן מיר אַלע דורך פאַרשידענע אומוועגן זיך געלאָזט גיין, די נאַכט איז צוגעפאַלן און מיר זיינען געבליבן אין וואַלד נעכטיקן. דאָס איז געווען נישט ווייט פון שלאַכט־פעלד, עס איז דורכגעפאָרן דער וואַלד־וועכטער, וועלכער איז געווען אונדזערס אַ גוטער באַקאַנטער. מיין מומע חיה־איידל האָט אים געבעטן, ער זאָל אונדז העלפן, אונדז געבן ברויט, און ער האָט עס צוגעזאָגט צו טאָן. נאָר אַנשטאָט ברויט, האָט ער געשיקט גויים אונדז צו הרגענען. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז איין גוי, פון די, וואָס דער „גוטער" וואַלד־וועכטער האָט געשיקט, איז געווען טאַקע אַ באַנדיט, אָבער ער האָט גלייך דערקענט מיין מאַמען און איר דערמאָנט, אַז מיין טאַטע האָט אים אַ סך טובות געטאָן און האָט אונדז נישט געלאָזט טאָן קיין שלעכטס.

ער האָט אונדז פאַרבעטן צו זיך. מיר האָבן לכתחילה געמיינט, אַז אויף אַזאַ אופן וויל ער אונדז אומברענגען. ער האָט אונדז אָבער געבראַכט צו זיך אַהיים, ער האָט באַפוילן זיין ווייב אָפּצוקאָכן קאַרטאָפל, מיר האָבן אָפּגעגעסן צו דער זעט, פאַר אונדזער פאַמיליע האָט ער געמאַכט אַ געלעגער ביי אים אין שטוב און פאַר אַלע איבעריקע אין שייער אויפן היי.

צומאָרגנס גאַנץ פרי האָט ער אונדז אויפגעוועקט, געגעבן אָפּצועסן, מיטגע־

געבן ברויט אויפן וועג, ארויסגעפירט פון זיין שטוב און אונדז אנגעוויזן געגוי דעם זועג ווי צו גיין קיין ראטנע.

דאס אלץ האט געטאן מיט אונדז א גוי, וואס מיין טאטע, האט אים געטאן טובות, א שאד וואס איך געדענק נישט זיין נאמען, דאס איז געווען אויפן כוטאר שטעפאוויק.

ערב סוכות פארנאכט, בראדזשענדיק דורך די פעלדער און וואסערן זיינען מיר אנגעקומען דורך דער אלטער שטאט קיין ראטנע, דעם זעלבן טאג האט מען געבראכט אונדזערע קדושים פון דארף צו קבר ישראל.

מיר אין וואלד האבן נישט געוווסט, אז מיר זיינען שוין באפרייט געוואָרן פון די באלאכאוועס, די באנדיטן און מערדערס, וועלכע האבן דעמאלט אומגעבראכט אונדזערע בעסטע און ליבסטע.



משה האַניק (בועֿנאָס איירעס)

# ראַטנער אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען

**דאָס שטעטל, די קהלה, דער מאַגיסטראַט, די פאָלקס באַנק, די גמילות חסדים קאַסע, די תרבות שולע, דער החלוץ, דער השומר הצעיר, דער החלוץ הצעיר, די פרייהייט אָרגאַניזאַציע, די לינקע פועלי ציון, די ליגע פאַר דעם אַרבעטנדיקן א״י, דער העובד, די אַלגעמיינע ציוניסטן, די מזרחי אָרגאַניזאַציע, דער בונד, דער קרן קימת און די פּראָגרעסיווע קרייזן — ביז די לעצטע חדשים פאַר דער מלחמה.**

ראטנע איז געווען ווי אַ מיטל-פונקט צווישן קאָוועל און בריסק און איז פאַקטיש געווען דער צענטער פאַר אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפלעך וועלכע האָבן זיך געציילט אין די צענדליקער און אַדאַנק די אָפטע ירידים האָבן די דאָרטיקע יידן אויסגעמוטשעט פרנסה.

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ מאַרק לעבן וועלכן עס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע יידישע קראָמען. אויסער דעם מאַרק האָבן די יידן באַווינט די שיל גאַס, הוליאַנקער גאַס, יאַטקע-גאַס, קריווע אוליצא גאַס, מצרים-גאַס, די גאַס צום שאָסיי, די קלענערע געסלעך, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון די דערמאָנטע גאסן, ווי אויך דעם וועג צו די קלאַטקעס און פיל אַנדערע געסלעך. די גאַנצע באַפעלקערונג פון ראַטנע איז באַשטאַנען פון לערך 4.000 נפשות, פון זיי 2.500 יידן. קיין גענויע סטאַטיסטיק, איז ביז היינט נישטאָ.

אין שטעטל האָט פונקציאָנירט אַ קהילה, וועלכע האָט אין די לעצטע יאָרן אָנגעפירט מיט דעם רעליגיעזן לעבן, ווי שחיטה, רבנות, די השגחה איבער די צוויי

בית־עלמינס, און האָט אויך זיך אָפגעגעבן מיט העלפן נויטבאַדערפטיקטע. אין דער קהילה זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע שיכטן ווי: ציוניסטן, אומפּאַרטייאישע, רע־ליגיעזע יידן, האַנטווערקער און סוחרים.

די קהילה האָט געהאט רעכט איינצומאָנען אַזאַ שטייער, (וואָס האָט זיך אָנ־גערופן עטאַט), ביי די יידן. און דאָס האָט איר געגעבן מער אויטאָריטעט און מעג־לעכקייט אָנצוגיין מיט אַ פאַרצווייגטער טעטיקייט, ווי דאָס אויסצאָלן די געהאלטן דעם דיין, די שוחטים און אַנדערע כלי־קודש. דער שטייער איז באַשטאַנען פון מיני־מום פינף זלאָטעס. די יידן פון דער געגנט און די אַרומיקע דערפער פלעגן אויך מוזן צאָלן דעם דאָזיקן שטייער. די קהילה האָט געדארפט באַריכטן וועגן איר טעטיקייט יעדן חודש דעם סטאַראָסטא פון קאָוולער געגנט.

וואלן צו דער קהילה פלעגן פאָרקומען אלע 2 יאָר און זיי פלעגן אַריינברענגען אי הייטערקייט אי רייסערייען. מ׳פלעגט אַראָפּברענגען רעדנער פון וואַרשע, קאָוועל און עס פלעגט זיין פריילעך אין שטעטל. יעדע ריכטונג האָט נאַטירלעך אַראָפּגעריסן די צווייטע. און נאָך די וואלן פלעגן די טייערע יידן זיצן ב יי א יי ן ט י ש, מיט אַזויפיל איבערגעבנקייט פאַר די ענינים פון קהל, ווי קיין וואַל־קאַמפּן וואָלטן אינגאנצן נישט פאָרגעקומען. מען פלעגט אַלץ פאַרגעסן. די ענינים פון טאָג־טעגלעכע זאָרגן פאַר די הצטרכותן פון דעם שטעטל זיינען געווען פיל וויכטיקער ווי אַנדערע ענינים. און שטענדיק איז געווען די געמיינזאַמע זאָרג פון אַלע דאָזאָרעס פאַר די פילע פּראָבלעמען פון שטעטלשן לעבן. די מענטשן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער קהילה זיינען געווען אויסגעפּרוּווטע געזעלשאַפטלעכע מענטשן מיט פיל אחריות און איבערגעגעבנקייט.

די זעלבע מענטשן זיינען געווען די שפּעטערדיקע פירער פון דעם שטעטל אין די בלוטיקע טעג פון חורבן און אומקום און זייער גוואלדיקע העלדישקייט האָט דער־הויבן ראַטנע צו דער גרעסטער הייך פ ו ן ק י ד ו ש ה ש ם (אין דעם פּנקס ווערט אויספירלעך דערציילט וועגן דעם).



אַ מחלקה תלמידים מיט זייערע לערער אין 1934.

אין דער שפּיץ פון דער קהילה זיינען געשטאַנען אין די לעצטע יאָרן פאַר דעם קריג, ליבער קאַרש (פּרעזידענט), (געשטאָרבן פאַר דער קריג); דוד א. שאַפּירא, בן־ציון שטיינגאַרטן, אַ. באַרג, מענדל בלאַט און יצחק גראַבאָוו, אשר לעקער, אהרן שעדראַוויצקי, אליהו סקאַפּ און משה יעקב חייט. טעכנישער סעקרעטאַר איז געווען לייזער העלד, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל, און גאָר לעצטנס פאַר דעם חורבן א. י. גינזבורג ע"ה.

ראַטנע האָט געהאַט אַ מאַגיסטראַט — מיט אַ בירגערמייסטער, וועלכער איז שטענדיק געווען אנטיסעמיטיש, כאָטש די מערהייט אין שטאָט־ראט איז געווען אַ יידישע און דער וויצע בירגערמייסטער איז געווען דער ייד מענדל קליין ע"ה. נישט ער און נישט דער לאַווניק ישראל יצחק באַיאָן ע"ה און נישט די אנדערעפּאַרטרע־טער האָבן דאָרט געקאָנט אויפטאָן גרויסע זאכן פאַר דעם שטעטל.

צווישן די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן האָט גאָר א וויכטיקן אָרט פאַרנומען די ראַטנער פאָלקס־באַנק, וואָס האָט געהאַט א נאָמען אין דער גאַנצער געגנט, די באַנק האָט געהאָלפן די קליינהענדלער, סוחרים, האַנטווערקער און די סתם יידן שטעלן זיך אויף די פיס. די באנק איז געווען די וויכטיקסטע פאָלקס־אינסטיטוציע וועלכע האָט אין משך פון איר עקזיסטענץ באַוויזן צו שלאָגן טיפע וואָרצלען אין שטעטל, און דאָס איז געווען צו פאַרדאנקען איר ענערגישן פאַרוואַלטער יצחק־הערש העלד ז"ל און זיינע מיטאַרבעטער יצחק קאַרש ז"ל און ישראל חייט, וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל.

אין די לעצטע קריזיס־יאָרן פאַר דעם קריג איז די פאָלקס באנק געווען פאַקטיש דער אָנשפּאַר פאַר דער גרעסטער מערהייט פון דעם שטעטל און דער איינציקער שטיץ־פּונקט פאַר דער באַפעלקערונג. ביי דער אָנפירונג איז דעמאָלט געשטאַנען דער פּרעזידענט מאָטל טיקטינער און לעבן אים מענדל קליין, מענדל בלאַט, א. באַרג, משה עלבוים, בערל קאַרש, זכריהו האָניק, משה רידער, יעקב קאנפער, שיע בעקער־מאַן, יידל קונישטער (לעבט אין אַרגענטינע) און יעקב חייט.



אַ מאַנדאָלינע אָרקעסטער פון תלמידים פון דער תרבות שולע אין 1935.

ווי אין יעדן שטעטל האָט אויך ראטנע פאַרמאָגט אַ גמילות-חסדים קאַסע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן מיט דער הילף פון דזשאָינט. די דאָזיקע קאַסע פלעגט העלפן די אָרעמע שיכטן, און זי איז געווען פון גרויס וויכטיקייט פאַר זיי. מיט דער הילף פון דער קליינער הלוואה האָבן זיי געקענט קויפן אַ ניי־מאַשין און אַזוי ארום קענען געבן חיונה דער גאַנצער משפחה. אין דער אָנפירערשאַפט פון דער גמילות-חסדים קאַסע זיינען געשטאַנען: מ. בלאָט, י. קאַנפער, וו. ברענער, מאָטל טשערקאַס, מענדל קליין, א. באָרג, איצל גראַבאָוו און י. שטיינגאַרטן. אַ סך געזעלשאַפטלעכע עסקנים האָבן אַוועקגעגעבן טעג און נעכט אָט די אַנשטאַלטן און פּאַרטיידיקט אינטערעסן פון זייערע קרייזן, אָבער קיין גייסטיקע השפּעה איבער דער יוגנט האָט אַפילו די קהילה אויך נישט געהאַט, ווייל דאָס דערציאונגס-וועזן איז נישט געלעגן אין אירע הענט. די ראַטנער יידישע יוגנט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר ענערגיע. זי האָט זיך אליין אויסגעבילדעט מיט דער הילף פון אירע גרויסע ביבליאָטעקן און זי האָט אַרויסגעגעבן אַ באַדייטנדיקע גרופּע אינטעליגענץ, וואָס איז שפּעטער גע־וואָרן די הויפּט-אָנפירערן פון דער יוגנט.

***

דער עלטערער דור האָט דעם גאַנצן טאָג געהאָרעוועט זייער שווער און ביטער פאַר דעם ביסעלע פּרנסה; ווער ביי דעם האַמער, ווער ביי אַ קלייטל אין מאַרק, און ווער אין די אַרומיקע דערפער מיט פערד און וועגעלע. מען האָט נישט דערשלאָפן און נישט דערעסן. אין די פּאַרנאַכט שעהן פלעגן צענדליקער יידן לויפן אין דער שיל־גאַס, צו מנחה-מעריב. די שיל-גאַס איז פון די אַלטע צייטן געווען פאַרהייליקט. צוליב דער באַוווסטער אַלטער שיל. אין אָט דער גאַס זיינען צוריק מיט יאָרן אויפגעבויט געוואָרן אַ סך חסידישע שטיבלעך, טריסקער, קאַרלינער, סטעפּינער, אַ בית-המדרש וואָס האָט געהערט צו דער גאַנצער שטאָט, אַ בוקר, און אַ ליבעשוויער שטיבל.

אין דער שיל-גאַס האָבן דורות אויסגעגאָסן זייער טיפן גלויבן און דער אייבי־קייט פון יידישן פאָלק, כאָטש עס זיינען געווען אַזויפיל שרעקלעכע חורבן-גרוילן, ווי די צייטן פון די פּלעניקעס, די באַלאַכאָווצעס און פון די גרויסע שרפות אין שטעטל. אין פייער און בלוט איז אויף אָט דער סימבאָלישער גאַס צעמענטירט געוואָרן דער יידישער המשך אין משך פון דורות. לאַנגע יאָרן האָט די שיל-גאַס געהאַט די גרעסטע ווירקונג און געלייגט איר חותם אויף דעם שטעטל, ביז וואַנען ס'איז געקומען די צייט, ווען די יוגנט האָט גענומען איר גורל אין די אייגענע הענט. געהאָלפן אויפוועקן די יוגנט האָט דער פּינסקער לערער און מדריך נח קעצקער ז"ל. ער איז געווען פון די ערשטע שוואַלבן, וואָס האָט געבראַכט דאָס כישוף־וואָרט „ציון" אין שטעטל אַריין, די יוגנט האָט אין זיין פערזאָן דערפילט אַ פירער און אַ וועג-ווייזער און זי האָט יעדעס וואָרט זיינס געשלונגען.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווערט געשאַפן אַ ביבליאָטעק, ווו די יוגנט לייענט און לערנט און פון אַ קליינער פּריוואַטער שולע, ווערט געגרינדעט אַ גרעסערע תרבות שולע, וועלכע האָט דערצויגן די גרעסטע צאָל קינדער פון דעם שטעטל.

די גרינדונג פון דער תרבות-שולע איז געווען פאַרבונדן מיט פיל קרבנות. די רעליגיעזע און חסידישע יידן, האָבן אין דער גרינדונג פון דער שולע געזען אַ גרויסע חוצפּה, פון אַ פּאָר מאָדערנע יונגעלייט, ווי שיע בעקערמאַן, יוסף זאַסק, נח קעצ־קער, יצחק הערש העלד, אשר לעקער (אַלע אומגעקומען אין דער שחיטה) און יודל קונישטער, צו לענגערע יאָר אים און נאָך אַנדערע. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי פירן די קינדער אויף אַ שלעכטן וועג און מאַכן זיי פאַר אַפּיקורסים. דער קאַמף איז געווען זייער אַ ביטערער. און נישט גרינג איז אָנגעקומען דער קליינער-גרופּע קנאים, צו

בויען אַט־די גייסטיקע פעסטונג, וועלכע האָט אין משך פון פיל יאָרן געהאָלפן אויסבילדן און אויסקריסטאַליזירן די ראַטנער יוגנט. און עס מוז געזאָגט ווערן, אז די אָנגעשטרענגטע מי פון יענער עפּאָכע, איז געקרוינט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג. צענדליקער און הונדערטער קינדער האָבן געשטראָמט פון דער תרבות־שולע אין די רייען פון פאַרשיידענע יוגנט אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען געקומען שוין מיט דער קענטשאַפט פון דער העברעאישער און יידישער שפּראַך און קולטור און מיט גרויסן ענטוזיאַזם, פאַר דעם גרויסן חלום און נביאות פון דעם מנהיג הרצל.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אין דער תרבות־שולע מיט זייער וואָרט און שריפט באַקסער, זאַגורסקי, לעווין, רויזן און עמליה דרוג ז"ל. די לעצטע, אַ קינד פון אַ ראַטנער פאַמיליע. זי איז געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן געענדיקט דעם ווילנער סעמינאַר, די לעצטע יאָרן איז זי געווען לערערן אין ראַטנער תרבות־שולע.



אַ מחלקה תלמידים פון עלטערן גראַד פון תרבות שולע אין 1932.

לערך אין די יאָרן 1924 - 1926 זוערן ביי אונדז אין שטעטל געגרינדעט פאַר־שיידענע יוגנט אָרגאַניזאַציעס, און דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אָנגע־שטרענגטער ארבעט פון נח קעצקער. די ערשטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז געווען דער „הנוער". אויף וויפל איך געדענק, איז איר גרינדער געווען לייבל אברוך. דערנאָך זיינען געגרינדעט געוואָרן די אָרגאַניזאַציעס „השומר", „החלוץ", „פרייהייט" און „ביתר".

מ'דאַרף צוגעבן, אז עטלעכע יאָר פאַר דער גרינדונג פון די אויסגערעכנטע אָרגאַ־ניזאַציעס האָט אין ראַטנע שוין עקזיסטירט אַ החלוץ, און אַ פּאָר ראַטנער יוגנט־לעכע זיינען אין יענער צייט געווען אין דעם באַוווסטן „קיבוץ קלוסוב", זיי האָבן

אַפילו עולה געווען קיין ארץ ישראל און טאַקע באַוויזן גיך צוריקצוקומען. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער 4טער עליה.

די גרעסטע און די שטאַרקסטע פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז געווען דער „השומר”, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער ווירקונג און דערציאונג; אין יענע יאָרן איז דער השומר געווען מער נאַציאָנאַל און סקויטיש, און ער האָט צוגעצויגן די יוגנט. אין די רייען פון השומר זיינען אדורכגעגאַנגען די מערסטע טייל קינדער פון דעם שטעטל, און אויך די שפּעטערדיקע גרינדער פון די אַנדערע יוגנט גרופּן.



יוגנט פון הנוער, אין דערמיט א. אברוך, אומגעקומען אין ארץ־ישראל.

דער השומר האָט אַריינגעבראַכט אויפלעבונג, מוט און זינגעוודיקייט אין די יוגנטלעכע הערצער און ער האָט צוגעגרייט די יוגנט פאַר דער רעאַליזירונג פון נאַציאָנאַלן אידעאַל. עס זיינען דערצויגן געוואָרן די קינדער פון 8 - 10 יאָר און העכער יעדער לויט זיין עלטער. עס זיינען געווען פאַרשיידענע קבוצות, גדודים אא״וו און עס זיינען געוואקסן צוקונפטיקע חלוצים, געטרייע, איבערגעגעבענע, גרייט צו אַלץ און אויף אַלץ, וועלכע האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר די „וויים”־שוואַרצע פּאַפּירן. וואָס גרעסער די שווערקייט, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די עקשנות פון דער יוגנט, וואָס האָט זיך געוואָרפן מיט לייב און לעבן אין קאַמף פאַר דעם ציוניסטישן אידעאַל. צענדליקער יוגנטלעכע זיינען עולה געווען קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל, מיט געזאַנג און פרייד, פילנדיק, אַז זיי פאַרלאָזן דעם פינצטערן פּוילישן גלות. דער גרינדער פון השומר איז געווען משה דרוג (געפינט זיך היינט אין ישראל). די גרינדונג איז פאָרגעקומען אין הויז פון משה גאָלדשטיין (היינט אין נאָרד אַמעריקע). די ערשטע פאַר חדשים האָבן זיי זיך גערופן כפירים. צווישן זיי זיינען געווען א. חייט (היינט אין נאָרד־אַמעריקע), חיים אײדעס, זעליק בענדער, ישראל




**השומר הצעיר אין 1930.**




**השומר הצעיר אין 1934.**

האַניק (היינט אין אַרגענטינע), זעלדע פיינטיך, דבורה און חיה גראַבאָוו (היינט אין ישראל) און יוסף שטיינבערג (היינט אין קאַנאַדע), משה דרוג איז געשטאַנען אַ סך יאָרן אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג, און זיין ווירקונג איז צו פאַרדאַנקען, וואָס אַ סך יוגנטלעכע געפינען זיך איצטער אין ישראל.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן וואַקסן די קאדרען, און עס האָבן געווירקט און אָנגעפירט מיט דעם השומר ביז דעם אָנהויב פון צווייטן וועלט-קריג, זעלדע פיינטיך (אין א"י). משה פוגאטש ז"ל, הניה קאַרש, משה קונישטער ז"ל, מ. ח. פוקס (היינט אין אַרגענטינע), בערל האָניק ז"ל, ריבה אלבום ז"ל, וועלוול גראַבאָוו (איז געווען אין אַרגענטינע און היינט אין ישראל), חיה פרוסמאַן (אין ישראל), גאָלדע דרוג ז"ל, בייע ווערניק ז"ל, ביילע לעקער ז"ל, אַליהו זאסק (היינט אין ישראל) און דער שרייבער פון די שורות. (די נעמען האָב איך אַרויסגענומען פון אַ פאָטאָגראַפיע פון דער הנהגה פון השומר אין ראַטנע).

די צווייטע גרעסטע יוגנט אָרגאַניזאַציע איז געווען דער „החלוץ הצעיר", וועלכער האָט אַרומגענומען קרייזן, וואָס האָבן נישט געלערנט אין תרבות-שולע און צום מיינסטן די אָרעמע שיכטן פון דעם שטעטל.



דער החלוץ אין 1933.

די גרינדער פון דעם „החלוץ הצעיר" זיינען געווען מאיע וויינשטאָק, טשאַרנע גרינשטיין, שמואל גאָלדמאַן, שמחה לעקער (אַלע אין ישראל), ישראל האָניק (היינט אין ארגענטינע) און א. גראבאָוו ז"ל, וועלכער איז געפאלן אַ קרבן פון אראבישע מערדער. דער „החלוץ הצעיר" איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן זייער שטאַרק. צענדליקער פון זיינע רייען פאָרן אויף די מושבות און קומען צוריק מיט באַגייסטערונג. די יוגנט גייט אַרויס אין גאַס און הייבן אָן צו האַקן האָלץ ביי די פאַרמעגלעכע יידן און דאָס געלט ווערט איבערגעגעבן פארן קק"ל. דאָס דאָזיקע מאַכט אַ רושם אין דעם שטעטל. אַ קליינינקייט, יידישע קינדער פון תרבות שולע האקן האָלץ ווי די „פויערים אַרום". עס פאַרדריסט איניקע עלטערן און עס קאָכט זיך אין דעם

שטעטל. און עס הייבט זיך אָן די ערשטע רעוואָלוציע פון דער יוגנט. צענדליקער פאָרן אויף די הכשרות קלוסוב, גראַכאָוו, טשענסטאָכאָוו און זיי קומען צוריק אַנדערע מענטשן. זיי האָבן נאָר איין געדאנק: וואָס גיכער קומען קיין ארץ ישראל, אויף אַ לעגאלן, אָדער אומלעגאלן אופן.

דער „החלוץ הצעיר" און החלוץ, האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך הערלעכע איבערגעגעבענע טייערע בחורים ווי א. גראַבאָוו ז"ל, וועלכער איז געווען אין צענטראַל־קאָמיטעט פון „החלוץ הצעיר" אין פוילן; מרדכי אברוך, אַ מענטש מיט וויסן, וועלכער האָט פיל געווירקט אין דער באַוועגונג. די לעצטע יאָרן פאַרן קריג האָבן געווירקט אין דער באַוועגונג רייצע קלאַדנער, רחל האָכשטיין, מינדל איידעס, דבורה קאָרש, שמחה פלאָצקער, א. פיינטיך, בתיה חייט, און חיה רחל רייף. אַלע אומגעקומען פון די רוצחישע באַנדיטן.



די פרייהייט אָרגאַניזאַציע אין 1930.

עס זיינען אויך געווען אַנדערע יוגנט־אָרגאניזאציעס ווי „פרייהייט", וועלכע האָט עקזיסטירט זייער אַ קורצע צייט אונטער דער פירערשאַפט פון ישראל האָניק און ד. פריגעל און וואָס האָט אַרומגענומען מערסטנטייל אַ ר ב ע ט ע ר־ש י כ ט ן. עס האָט אויך עקזיסטירט ביי אונדז אין שטעטל אַ בית"ר, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן דורך מאיר רידער ז"ל, די אָרגאניזאציע איז געווען זייער קליין, אָבער זייער קעמפעריש. שפּעטער צו, מיט דעם פאַרשטאַרקטן קאַמף אין די ציוניסטישע רייען, מיט דעם פאַרלאָזן פון די רעוויזיאָניסטן די ציוניסטישע אָרג. ווערט דער קאַמף צעפלאַקערט אויך ביי אונדז אין ראַטנע. און עס רודערט זיך, עס קומען פאָר צענדליקער מיטינגען פון פאַרשיידענע פּאָליטישע גרופּן, און נישט איינער ווערט אַרונטערגעריסן. דער אידעישער רים ווערט טיפער צווישן דעם

רעוויזיאָניזם און דעם ארב׳ ארץ ישראל, און ווי אַ קליין שטעטל ברענגט עס אַריין בייז בלוט. נעכטיקע חברים קעמפן צווישן זיך, ווייל יעדער גלויבט, אַז ער איז אויף דעם ריכטיקן וועג פאַר דער אויסלייזונג פון פאַרפייניקטן פאָלק... די אַקטיוויסטן פון די רעוויזיאָניסטן און בית״ר זיינען געווען מאָגילאַנסקי, זיסע מערין, לייזער מע־רין, מאָטל טערניבלוט, וואלקע חייט. אַלע אומגעקומען צוזאַמען אין דער גרויסער שחיטה פון דעם שטעטל.

גאָר אַ קליינע גרופע זיינען געווען ביי אונדז די לינקע פּועלי ציון, זיי זיינען באַ־שטאַנען פון 2 מענטשן נאָמע רויסקעס ז״ל און לוי שאַפּירא, אָבער גרויס איז געווען זייער אַקטיוויטעט, זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט זרובבלען, יואל מאַסטבוים, זייער ליבע צו דער יידישער קולטור, איז געווען זייער גרויס, און זיי האָבן קיינמאָל נישט גע־זשאַלעוועט קיין מי, צו פּרעדיקן און פאַרשטאַרקן די קולטור אַרבעט אין שטעטל שפּעטער צו האָבן זיי זיך דערנענטערט צו דער ליגע פאַר דעם אַרבעטנדן א״י.



דער החלוץ הצעיר אויף אַן אויספלוג אין ווידרעניץ.

די ליגע פאַר דעם ארב. ארץ ישראל האָט אַרומגענומען אַלע ציוניסטיש־סאָ־ציאַליסטישע גרופּן און אויך פיל סימפּאַטיזירער, וואָס האָבן נישט אָנגעקערט צו קיין שום פּאַרטיי. זייער טעטיקייט איז געווען פון אַ גרויסן פאַרנעם, מ׳האָט געמאַכט גרויסע אַקטן צו אויפקלערן די פּראָבלעמען פון א״י. ביי די וואַלן צו די ציונ. קאָנ־גרעסן איז די ליגע געווען דער גרעסטער כח, אויף דער ציוניסטישער גאַס, אָנגע־פירט אַ קאַמפּיין פאַר דער הסתדרות און געהאָלפן די יוגנט באַוועגונגען עקאָנאָמיש. די ליגע האָט געהאָלפן גרינדן דעם „העובד״ מיט דער אָנפירערשאַפט פון מ. בלאַט, וועלכע האָט גרופירט געוויסע טיילן פון די האַנטווערקער אין אירע רייען.

בכלל האָט די ליגע דורכגעפירט אין משך פון א פאָר יאָר גרויסע קולטור דע־מאָנסטראַציעס און זי האָט געהאַט צוגעצויגן אַ סך געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זיינען פיל יאָרן געשטאַנען אין קאַמף קעגן ציוניזם. לויט אַ פאָטאָגראַפיע וואָס עס



די פאַרוואַלטונג פון דער ליגע פאַר דעם אַרבעטנדן ארץ־ישראל אין ראַטנע אין 1935.



די פאַרוואַלטונג פון דער תרבות שולע אין די לעצטע יאָרן כאַר דער מלחמה.

איז דאָ אין ארגענטינע רעכן איך אויס די נעמען פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ליגע, פון יאָר 1934-1935. עס האָבן אַקטיוו מיטגעאַרבעט ישראל חיים, (איצט אין ישראל), ריבה שאַפּירא, א. י. גינזבורג, ישראל קאַנפער, דבורה קארש, מענדל בלאַט, א. פיינטיך, חוה רידער, יצחק הערש פוקס, ישראל בענדער, משה קונישטער, יונה שטערן, נאַטע רויסקעס, משה פוגאַטש, (אַלע אומגעקומען אין דער גרויסער שחיטה פון די מערדער). אלי יצחק רייף, און דער שרייבער פון די שורות (וועלכע גע־פינען זיך אין אַרגענטינע).

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ שטאַרקע גרופּע פון אַלגעמיינע ציוניסטן, אונטער דער פירערשאַפט פון יוסף זאַסק ז"ל, שיע בעקערמאַן ז"ל און אַנדערע, זייער טרײַ־שאַפט און איבערגעבנקייט צום ציוניזם איז געווען זייער גרויס, און נישט איינמאָל האָבן זיי פאַרנאַכלעסיקט פרנסה, צוליב דעם גרויסן אידעאַל. זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ פאָטערלעכע ליבע צו דער יוגנט. די אַלגעמיינע ציונים האָבן גרופּירט אַרום זיך יידן פון באַוווסטזיין, לאַנג-יעריקע חובבי-ציון, זיי האָבן געהאַט פיל סימפּאַטיזירער אין דעם שטעטל. זייער ווירקונג אויף דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן איז געווען זייער גרויס, די תרבות-שולע איז געווען שטענדיק אין זייערע הענט, און איז אַנגעפירט געוואָרן מיט אחריות, ווייל זיי האָבן געהאַט אויסגעצייכנטע געזעלשאַפטלעכע טוער.

צווישן אירע איבערגעגעבענע טוער זיינען געווען די אויבן אויסגערעכנטע און די חברים י. ה. העלד, ל. גראַבאָוו און יעקב ליבערמאַן.

***

אין די לעצטע יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן ביי אונדז אין שטעטל אַ מזרחי. דער שטענדיקער אומפּאַרטייאישער הייסער ציוניסט, אשר לעקער ז"ל, ער איז געווען איר גייסטיקער פירער. זיי האָבן געציילט זייער אַ קליינע צאָל, אָבער זיי האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף די רעליגיעזע קרייזן וועלכע זיינען געווען קעגנעריש צו דער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס באַוועגונג. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער קריג האָבן זיי שוין געהאַט אַ גרעסערן קרייז רעליגיעזע יידן און זייער אַקטיוויטעט איז געווען שטאַר־קער.

***

ווי אין יעדן שטעטל, האָט אויך ביי אונדז עקזיסטירט אַ בונדישער קרייז. דאָס האַרץ און די נשמה פון אים איז געווען דער חבר אפרים קוטלער ז"ל. כאָטש ער איז געווען אַ קריפּל, איז ער געווען דער, וואָס האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט די אַרבעטער יוגנט און ער האָט טאָג און נאַכט געלייענט און געלערנט מיט איר. זיין ערלעכקייט איז געווען אַ מוסטער און איז הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך זיינע אידעישע קעגנער.

די בונדישע גרופּע האָט קיין גרויסע ווירקונג אין שטעטל נישט געהאַט, אָבער זי האָט שטענדיק געווירקט אין איר קרייז און האָט טאָג-טעגלעך געטאָן פּאַרטיי־אַרבעט אויף אַן איבערגעגעבענעם אופן. די לעצטע יאָרן האָט זיך אפרים קוטלער אָנגעהויבן דערנענטערן צו די סאָציאַליסטיש - ציוניסטישע קרייזן.

***

אַ סך שטאַרקער איז געווען די פּראָגרעסיווע גרופּע, וועלכע האָט שוין געהאַט אַ גרויסע צאָל אינטעליגענץ, ווי ל. באַיאַן (היינט אין מעקסיקע), אַ. שאַפּירא (היינט אין קובא), חנא טאָקטינער ז"ל, ניסקע שאַפּירא, חיים גראַבאָוו (היינט אין אַרגענטינע) און אַנדערע, זיי האָבן געמאַכט אַ פּרווו אויפצושטעלן אַ וועלטלעכע שול, אָבער צוליב די רדיפות פון דער פּוילישער מאַכט איז זי געשלאָסן געוואָרן. די פּראָגרע־סיווע גרופּע האָט געציילט פיל אַרבעטער יוגנט און האָט אַ געוויסע צייט גע־

האָט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, פאַרשטייט זיך, צוזאַמען מיט דעם בונד (אין יענער צייט איז דער ריס נאָך נישט געווען אַזוי גרויס) זיי האָבן אויך געווירקט אויף דעם האַנטווערקער־קרייז אויף וועלכן זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה.

די פּראָגרעסיווע גרופּע איז געווען זייער אַן אידעאַליסטישע און די גרויסע ליידן פון דעם יידישן פאָלק, האָט זיי זיכער געשטויסן אין די דאָזיקע רייען... כ׳בין זיכער אַז זייערע כוונות זיינען געווען זויבערע. אין יענער צייט איז נאָך די וועלט נישט געווען פאַרפלעקט מיט אַזויפיל אומשולדיק בלוט ווי איצט.

כ׳דערמאָן׳מיך אין די פּילפּולים אין די לאַנגע נעכט, מיט די צאַרטע יידישע בחורים. זייער זאָרג זיינען געווען די יידישע ליידן, דער יידישער פּיין וועלכן זיי האָבן געפילט מיט זייער גאַנצער נשמה. זיי האָבן געגלייבט, אַז די אויסלייזונג פון דער וועלט וועט אויך ברענגען אונדזער אויסלייזונג... מיר, די יינגערע, האָבן אוים־



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון די פּראָגרעסיווע קרייזן אין יענע יאָרן. עס זיצט דער צווייטער רעכטס לייבל באיאַן, היינט אין מעקסיקע, דער איינציק לעבנגעבליבענער.

געהערט מיט גרויס רעספּעקט די מיינונגען פון די עלטערע יוגנטלעכע און מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז פון אַזעלכע גוטע אידעען, קען ווערן דאָס, וואָס מיר זעען אין אונדזערע טעג, ווען זיי האָבן פאַראַטן זייערע אויסגעבענקטע חלומות. דער גורל פון די קרייזן איז געווען אַרעסטן, רדיפות, וועלכע האָט גע־צווונגען אַ גרויסע טייל פון זיי לויפן לעבר הים, כדי זיך ראַטעווען פון די פּייניקונגען און ליידן. אַ סך האָבן געשמאַכט אין די תפיסות פון פּוילן פיל יאָרן.

אַ וויכטיקע אינסטיטוציע איז געווען דער קרן קימת לישראל, דער קאָמיטעט פון קק״ל האָט געהאַט פאַרשטייער פון אַלע פּאַרטייען און יוגנט באַוועגונגען, מען קען זאָגן, אַז דאָס איז געווען דער טיש ווו אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען פלעגן זיצן אַרום אים, דער פּאַרזיצער אשר לעקער ז״ל, וועלכער איז אין משך פון פיל יאָרן געווען דער מורשה, איז געווען דער שטענדיקער עסקן פון קק״ל. ער האָט זיין

גרעסטע צייט אָװעקגעגעבן דער אַקטיװיטעט. דער קאַסיר, זלמן קעמפּער ז״ל איז געװען אַ מוסטער פון אַ סאָלדאַט װאָס איז געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן שטענדיק. קיינמאָל נישט פאַרלאָזט דעם פּלאַץ, ער איז פיל יאָרן געװען דער סעקרעטאַר און קאַסיר, און האָט שטענדיק געמונטערט, אין יענער צייט דער יוגנט, לטובת דער אַר־בעט פאַרן קק״ל. די יוגנט באַװעגונגען פלעגן זיך ערב חודש אַרױסלאָזן אויסליידיקן די פּושקעס, איז דאָס געװען װי אַ יום־טוב פאַר זיי, אָדער ערב ראש השנה אַרױסגיין פאַרקויפן די לוח׳לאַך פלעגט זיין אַ געיעג; איין יוגנט - אָרגאַניזאַציע פלעגט אַריבעריאָגן דער צװייטער, דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט מיט פרייד אויפנעמען די יוגנט פאָרלעך, און זיי געבן די אָרעמע פאַר גראָשן. דער קרן קימת קאָמיטעט האָט אָנגעהאַלטן זיין אַקטיװיטעט ביז די לעצטע טעג פאַר דעם קריג.



זלמן קעמפּער, דער אַקטיװער קק״ל עסקן.
(אומגעקומען).

גאָר באַזונדער האָבן געװירקט אין דעם שטעטל די יוגנט באַװעגונגען, זיי האָבן אַריינגעבראַכט א ז י ן א ו ן א י נ ה אַ ל ט אין דעם טרויעריקן לעבן, דאָס שטעטעלע איז געװאָרן פול מיט לעבן. געזאַנג און פרייד, פלעגט יובלען אין די גאַסן. עפּעס אַ זיכערקייט און גרויסער בטחון איז געװען אין זייער קול.

אין די זומערדיקע פרימאָרגנס פלעגן זיך צענדליקער קינדער און יוגנטלעכע לאָזן אין די פעלדער און װעלדער פון אַרומיקע דערפער, דאָרט האָט מען געלערנט די נייע תורה, — ד י ח ל ו צ י ש ע . זיך צוגעגרייט צום קיבוצישן לעבן. דאָרט האָט מען איינגעזאַפּט דעם גייסט פון א. ד. גורדון און בערל קאַצענעלסאָן. אַזוי זיינען קינדער־שע הערצער אָנגעזאַפּט געװאָרן מיט התלהבות און ברען פאַר די קומענדיקע היס־טאָרישע טעג.

און עס דערמאָנט זיך אַ שטילער אָוונט. ווינטער, 1933, די קראָמען פון מארק זיינען שוין געווען פאַרמאַכט. ווען פון שול־גאַס האָבן זיך געלאָזט יידן פון מנחה־מעריב, האָבן מיר, יוגנטלעכע זיך געלאָזט אין די לאָקאלן און אָנגעהויבן אונדזער לעבן. דער לאָקאל האָט געזשומעט מיט יוגנטלעכן ברען. אין ווינקעלער זיצן זיך גרופּקעס און פירן זיך שמועסן איבער פאַרשיידענע פּראָבלעמען און אין מיטן לאָקאל איז געשטאנען אן אייזן־אייוועלע, וועלכע האָט זיך גערויכערט און האָט געוואַרעמט די קינדערשע נשמות אין דער קאַלטער ווינטער נאַכט. און יוגנטלעכע הערצער האָבן זיך געטוליעט איינס צום צווייטן, קאָמענטירט, וואָס עס פּאַסירט אין דער וועלט (היטלער איז דאן געוואָרן פירער פון דייטשלאנד) אַ פּחד איז דאן דורכגעלאָפן און האָט אויף אונדז אָנגעוואָרפן אַ מורא...



אַן אויספלוג פון השומר הצעיר ל״ג בעומר 1933.

און עס דערמאָנט זיך אויך אַ פריימיק צונאַכט אין יענער צייט. דאָס גאַנצע שטעטל ליגט איינגעוויגט אין פולער שבתדיקייט. אָרעם און רייך, פון אַלע פענצטער שיינען אַרויס די ליכט. טאַטעס מיט זייערע קינדערלעך גייען זיך געלאסן פון שיל, אויף זייערע פּנימער ליגט די צופרידנקייט פון דעם גרויסן הייליקן שבת. אָבער די קינדער האָבן קיין צייט נישט, זיי יאַגן און איילן זיך צו זיין גיכער אין לאָקאל ווו עס האָט געהערשט אַ שמחה. אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן מיט ווייסע העמדלעך און זיי זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אין רייען. דער ראש הקן, משה דרוג לייענט דעם הקראת היום, מ׳זינגט תחזקנה און אַלע זעצן זיך אויס און מיט דער גרעסטער שטיל־קייט הערט מען אויס דעם מנהל איבער די לעצטע געשעענישן וואָס עס האָט פּאַסירט אין ישראל. און יוגנטלעכע הערצער ווערן אָנגעגליט מיט אף על פי כן, מיט טיפן ווייטיק, אָבער מיט נאָך מער גלויבן ברענגט מען אַרויס די בענקשאַפט דורך געזאַנג און טענץ די יוגנט צעלאָזט זיך אין אַ הורא, מען פאַרהילכט די גאַנצע גאַס. טאַטעס

און מאמעס שטייען אין דרויסן, ריידן און לאכן פון דער יוגנטלעכער ערנסטקייט און ווייזן מיט די פינגער: „מיין בערעלע וועט מיך פירן קיין ישראל". יוגנט טאַנצט, און טאַנצט מיט דער פולער אמונה און אינערלעכע איבערצייגונג, אַז זי, און נאָר זי וועט מיט איר עקשנות זיין דער לעצטער דור פון פאַרשקלאַפונג און זי וועט דערפירן צו דעם ברעג פון דער גאולה.

אזוי איז דערצויגן געוואָרן די ראַטנער יוגנט. אַ סך געפינען זיך אין ישראל און זיי האָבן געהאָלפן צו פאַרווירקלעכן דעם גרויסן אידעאַל, און זיי זיינען פון די געטרייע בויערס. אַנדערע האָט דער גורל געבראַכט קיין ארגענטינע און נאָרד אַמעריקע, אָבער דער גרעסטער טייל איז אומגעבראַכט געוואָרן אין אונדזער טייערן שטעטל דורך די בלוטיקע מענטשן-פרעסער, די נאַצים.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דעם קריג זיינען צענדליקער ראַטנער יוגנטלעכע געווען אויף הכשרות און הונדערטער האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. ליידער איז דער וועג צו עולה זיין געווען זייער שווער אין יענע יאָרן. די טויערן פון ישראל זיינען געווען פאַרמאַכט מיט זיבן שלעסער דורך דער ענגלישער מאַנדאַטן-מאַכט.



אַ מושבת קיץ פון השומר הצעיר אין ווידרעניץ. יוגנטלעכע זיצן ביי אַן אויס-געגראָבענעם טיש פון ערד.

אזוי האָבן זיך געפונען גרופעס פון ראַטנע אויף די הכשרות אין לאָדזש, בריסק, און אַנדערע פלעצער. אַ גרעסערע ראַטנער גרופע האָט זיך געפונען אין טשענסטאַכאָוו, צווישן זיי משה קונישטער, נחום מערן, חוה מענדעלסאָן, ריבה אלבום, חיים טרויאַנאָוו, יונה שטערן, אַלע אומגעקומען. אליהו זאַסק (זיך געראַטעוועט, געפינט זיך היינט אין ישראל) און דער שרייבער פון די שורות. ראַטנער חברה האָבן פאַרנומען אומעטום אַ וויכטיק פלאַץ. אזוי די ראַטנער גרופע אין טשענסטאָכאָוו אין קיבוץ „המעפּיל", איז געווען אַ מוסטער מיט איר פשטות, און חלוציש[ע] דערציאונג.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיך מוזן שיידן מיט מיינע טייערע חברים סוף 1936, שווער איז געווען דאָס געזעגענען זיך, עפּעס אַ פּאַרגעפיל איז געווען, אז מיר זעען זיך שוין צום לעצטן מאָל...

דאָס יאָר 1937 האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. די יוגנט איז אַרומגע־גאַנגען באַזאָרגט, די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, דער אנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט זייער שטאַרק. בריסק, פּשיטיק און קאַמין קאָשירסקי האָט פיל גע־שראָקן. אויך אויף אונדזער שטעטל, האָבן זיך די אַרומיקע דערפער געגרייט, אָבער דורך פאַרשידענע אינטערווענצן, האָט מען די געשעענישן אויסגעמיטן. די קוואַלן פון פּרנסה ווערן ווינציקער, די פּויערים אַרגאַניזירן זיך אויף דער אָנווייזונג פון דער פּוילישער רעגירונג אין קאָאָפּעראַטיוועס, כדי גאָרנישט צו קויפן ביי יידן. די עקאָנאָ־מישע לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג, די שטייערן און פּאַדאַטקעס האָבן אויסגעזויגן דאָס לעצטע. פון ראַטנע פאָרן אָפּ כמעט יעדן טאָג יידן, אין דער גרויסער



די ראַטנער שומרים אין קיבוץ המעפּיל אין טשענסטאָכאָוו. עס שטייען פון רעכטס:
חיים טרויאַנאָוו, יונה שטערן, ריבה אלבום, משה האָניק (אַרגענטינע),
נחום מערין, חוה מענדעלסאָן, אליהו זאַסק (ישראל), משה קונישטער

וועלט — מ׳לויפט. די יוגנט האָט געזוכט אַ מקום מקלט צו עמיגרירן, ווער קיין ישראל און ווער אין דער גרויסער וועלט, אָבער נישט אַלע האָבן געהאַט די זכיה צו האָבן קרובים אין דער גרויסער וועלט, וועלכע האָבן פאַר זיי געטאָן אַלץ כדי זיי אַריבער־ברענגען, און נישט אַלע האָבן דערגרייכט די ברעגעס פון זייערע קרובים, ווייל די וועלט שחיטה האָט איבערגעריסן אַלע פעדים פון פאַרבינדונגען.

אין דעם 14טן סעפּטעמבער 1937 שרייב איך אין אַ בריוו צו מיין ברודער, בזה הלשון: „כ׳געפין זיך איצט אין אַ מאָדנער שטימונג, פון איין זייט די פרייד, וואָס איך אַנטלויף פון דעם גהינום, און פון דער צווייטער זייט, דער טרויער, וואָס כ׳פאַרלאָז אין אַזאַ לאַגע די פאַמיליע, דאָס שטעטל — מיט אירע טייערע יידן..״

און עס דערנענטערט זיך דער טאָג, און כ׳פאַרלאָז מיין געבוירן היים, עס איז געווען אַ קאַלטער פרימאָרגן, צווישן די ערשטע וואָס זיינען מיך געקומען געזעגענען,

איז געווען דער טייערער שכן און ליבער געשעצטער פון אַלע יוגנטלעכע, אשר לעקער ע״ה, וועלכער איז געווען פיל יאָרן מורשה פון קק״ל, אַ שטענדיקער טרייער ציוני, און פאַטערלעכער לערער פאַר דער יוגנט. זיינע פאַר ווערטער געדענקען זיך: „איך פאַרשטיי דיינע ליידן פון פאַרקירעווען דעם וועג, אָבער ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג איצט, איר דאַרפט זיך ראַטעווען, כ׳בין זיכער אַז דו וועסט מיטטראָגן דעם גלויבן אין דער ווייטער אַרגענטינע״.

און פול מיט אומרו און טרויער האָב איך זיך געזעגנט מיט מיינע טייערע ליבע עלטערן ברודער און שוועסטער און אַלע ליבסטע מיט אַלע פריינט און חברים, קיין־מאָל האָב איך זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס מאָל פאַרלאָז איך זיי אויף אַלע אייביקייטן.

אַזוי האָט ראַטנע אויסגעזען אין די לעצטע יאָרן, אַזוי האָט אויסגעזען דאָס אָר־גאַניזאַציאָנעלע און פאַרטייאישע לעבן, יעדער מיט ז יי ן ג ל ו י ב ן און ז יי ן איבערצייגונג. אָבער איין גורל האָט אַלעמען געבונדן און פאַראייניקט ביים לעבן, אַלע אידעאָלאָגישע ריכטונגען אין אונדזער טייער שטעטל האָבן געזוכט דורך פאַר־




שיידענע קאַנאַלן און וועגן, ברענגען די לאַנג-דערוואַרטעטע גאולה פאַר דעם געפּיי־ניקטן יידישן פאָלק. דער גלויבן איז געווען אַ ריינער, אַ זויבערער און נישט איין נאַכט האָבן יוגנטלעכע נשמות נישט דערשלאָפן, צוליב די שוואַרצע וואָלקנס וואָס האָבן זיך שוין דאַן באַוויזן...

אויף דער גרויזאַמער אומקום האָט אַלעמען פאַראייניקט אין איין טויטן־מאַרש — רעליגיעזע און פרייע, בונדיסטן און ציוניסטן, אַלע, אַלע, האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם אויף די זאַמדיקע בערג פון פראָכאָד — און ריץ סאַפּאַנטשיק, מיט לעצטן אייביקן אויסגעשריי פון ש מ ע י ש ר א ל און מסתמא אויך מיטן געזאַנג פון התקווה.



פאַרוואַלטונג פון השומר הצעיר אין ראַטנע: פון רעכטס: משה האָניק, חיה פראַסמאַן, וו. גראַבאָוו, חיים טרויאַנאָוו, מ. ח. פוקס, ז. פיינטיך, מ. קאַנישטער, ה. קאַרש, ב. האָניק, ב. לעקאַר, ג. דרוק און ל. זאַסק.





אַ קבוצה פון שומרים אין 1920



אַן אויספלוג פון אַ קבוצה שומרים אין נאָענטן דאָרף ווידריניצע אין 1929.





אַ גרופּע שומרים פון ראַטנע אין קיבוץ טשענסטאָכאָוו. עס שטייען פון רעכטס: א. זאסק, י. שטערן, נ. מערין, חוה מענדעלסאָן, משה קונישטער, ריבה אלבום, משה האָניק (אין אַרגענטינע), חיים טרויאַנאָוו.



**אַ גרופּע ראַטנער חלוצים אויף דער קאָנפערענץ פון דער ליגע פאַר דאָס אַרבעטנדיקע א״י אין קאָוולע. די איינציק לעבנגעבליבענע משה האָניק, זיצט דער צווייטער לינקס,** מאָסק ראַף, שטייט דער דריטער לינקס, (אין ישראל), **און פייוול טערניבליט, דער** פינפטער לינקס, שטייענדיק (אין ישראל).



די בוגרים פון השומר הצעיר אין 1932.



**אַ גרופּע יוגנטלעכע פון השומר הצעיר, צום עולה זיין פון משה דרוג קיין ישראל.**



צום אָפּפאָרן פון זעלדע פיינטיך קיין ישראל אין 1936.



**אַ גרופּע יוגנטלעכע אין 1930.**

נת כהן

# נח קעצקער – לערער און דערציער

איינע פון די אינטערעסאנטסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָט אין משך פון כמעט דריי צענדליק יאָר געלערנט און דערצויגן די ראטנער יוגנט, איז געווען נח קעצקער, אָדער ווי מ׳פלעגט אים רופן: דער לערער קעצקער, וועלכן מען האָט זייער רעס־פּעקטירט און ליב געהאט.

אויב ראַטנער יוגנט אָרגאניזאציעס פון וועלכער ריכטונג ס׳זאָל נישט זיין, אי־בערהויפּט צווישן די חלוצישע, האָבן געהאט אַ גוטן נאָמען, אויב ראטנער, צעזייטע און צעשפּרייטע איוף דער גאַנצער וועלט, זיינען אומעטום ווו זיי געפינען זיך, אַ חיוכ־טיקער טייל פונעם יידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן, קען מען מיט פולער זיכערקייט זאָגן, אַז דאָס איז אַדאנק דער לערע און דערציאונג וואָס דער דערמאָנטער האָט אין משך פון יאָרן איינגעפלאנצט אין זיי.

אַליין פון דער עיר ואם בישראל פינסק, אַ שילער פון די באַוווסטע גראָדנער לערער קורסן, א חבר פונעם באַוווסטן פּעדאגאָג מ. א. בייגעל און פונעם גרינדער פון דער „הבימה״ צמח, איז ער ביים אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פארנומען די אזוי גערופענע „קרעסן״, פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער



אַ גרופּע תלמידים מיט זייערע לערער אין יאָר 1933 — פון לינקס זיצט — נ׳ח קעצקער

קליינער באַן־סטאַנציע זאַבאָלאָט און ער איז געוואָרן אַ לערער פאַר די פּאָר קינדער פון די עטלעכע יידן וואָס האָבן געוווינט אין דאָרף. אָבער, זייענדיק פון באַרוף אַן עכטער דערציער, האָט ער זיך נישט געקענט באַנוגענען צו קנעלן מיט אַ פּאָר קינדער. ער הויבט זיך אָן נאָכפרעגן וועגן דער אַרומיקער סביבה, די שטעט און שטעטלעך, און ער ווערט געוואָר וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ נאָענטן ישוב מיטן נאָמען ראַטנע, וואָס איז אַ קליין שטעטעלע מיט עטלעכע נישט־גרויסע, בלאָטיקע גאַסן און עטלעכע הונדערט יידישע משפחות. עס געפינט זיך ווייט פון אַ גרעסערן יידישן צענטער. פון מזרח־זייט געפינט זיך קאָוולע אויף אַ מרחק פון פופציק קילאָמעטער, און פון מערב, אויף אַ מרחק פון זיבעציק קילאָמעטער געפינט זיך די גרויסע שטאָט בריסק. ראַטנע, האָט אין די אויגן פון ראַטנער אויסגעזען נאָך קלענער ווי ס׳איז געווען און איר יוגנט האָט שטענדיק געשטרעבט זי צו פארלאָזן און צו אַוועק אין דער ברייטער וועלט. אָט די ראַטנע, וואָס איז געלעגן 20 קילאָמעטער ווייט פון דער סטאַנציע וווהין דער לערער קעצקער איז אַוועק פון דער גרויסער שטאָט פינסק צו זוכן חיונה, איז איצטער געוואָרן דער צוציונגס - פונקט פון דעם דאָזיקן יונגערמאַן וואָס איז געווען פול מיט תורה און וויסן. און ער האָט אָנגעהויבן זוכן מיטלען דאָרט זיך צו איינאָרדענען.

עס האָט אים צו דעם צוגעהאָלפן חיים דער זאַבאָלאָטער, אַן אינטעליגענטער ייד; כאָטש ס׳איז אים געווען אַ שאָד אָנווערן אַזאַ לערער פאַר זיינע קינדער, האָט ער אָבער איינגעזען אַז זאַבאָלאָט מיט אירע דריי, פיר יידישע קינדער, איז נישט קיין כלאָץ פאַר אים. און ער האָט באַשלאָסן אים העלפן זיך איינאָרדענען אין ראַטנע. ווען ער איז, געשעפטלעך, אין אַ פּאָר טעג אַרום געקומען אין שטעטל, האָט ער אויפגעזוכט דעם געוועזענעם לערער און דערציער יודל קאָנישטער, וועמען ער האָט דערציילט וועגן דער גרויסער געלעגנהייט, וואָס דאָס שטעטל האָט צו אַריינקריגן אַזאַ גוטן דערציער. דער ה׳ קאָנישטער האָט גלייך זיך פאַראינטערעסירט מיטן ענין און צו גלייכער צייט האָט ער פאַראינטערעסירט דעם דאַמאָלסטיקן יידישן בירגערמייסטער אַליהו יאַנאָוויטש. נאָך אַן אינטערווענץ פונעם ה׳ יאַנאָוויטש ביים דייטשן קאָמאַנדאַנט, איז באַשטימט געוואָרן ברענגען דעם לערער קעצקער קיין ראַטנע, עפענען אַ שולע ווו די דייטשע שפּראַך וועט פאַרנעמען אַ אָרט אין די לימודים און דערפאַר וועט די דייטשע מאַכט סובסידירן די שולע.

אין אַ שיינעם זומער פרימאָרגן פון יאָר 1916, איז מיטן זאַבילאָטער וועג אָנגעפאָרן אַ פערד און וועגעלע און געבליבן שטיין נעבן הויז פון אברהם דעם שוחט. — מיין פאָטערס הויז — אויף הוליאַנקע גאַס. פון וואָגן איז פלינק אַראָפּגעשפּרונגען חיים דער זאַבילאָטער און נאָך אים אַן אומבאַקאַנטער פּאַסאַזשיר. דאָס אויסערלעכע אויסזען פון גאַסט איז נישט געווען קיין שיינס, אָבער די שטריכן פון זיין פנים זיינען געווען ענערגישע. נישט קוקנדיק אויף זיין נידעריקן וווקס, האָט זיין פּערזאָן, אויך ביים ערשטן קוק, אַרויסגערופן רעספּעקט און דרך־ארץ. ער האָט פאַרמאָגט לעבעדיקע אויגן און אַ קלוגן בליק.

דעם ערשטן, אָדער צווייטן טאָג פון זיין קומען, האָט ער זיך אָנגעבאָטן, — געוווירע ווערנדיק אַז די עקאָנאָמישע לאַגע אונדזערע איז נישט קיין גוטע, — צו לערנען מיר און מיין שוועסטער רחל ע״ה אומזיסט. אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך, וואָס באַווייזט, אַז דערציאונג איז געשטאַנען ביי אים העכער פון אַלץ.

די סובסידיע וואָס דער בירגערמייסטער א. יאַנאָוויטש האָט אויסגעפועלט ביי דער מאַכט, האָט דערמעגלעכט דעם לערער קעצקער צו בלייבן אין שטעטל און אָנהויבן אָרגאַניזירן אַ שולע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1916.

דער מצב פונעם חנוך אין די יאָרן 1915-16, ביי דער דייטשער אָקופּאַציע, איז

געווען זייער אַ נידעריקער. די יידיש-העברעאיש - רוסישע שולע וואָס האָט עקזיס-טירט אין שטעטל ביז דער דייטשער אָקופּאַציע אונטער דער דירעקציע פון לערער אברהמצי טעלעזאָן ע"ה און אים צו לאַנגע יאָר יודל קאָנישטער, האָט מער שוין נישט עקזיסטירט. פון דער גרויסער צאָל חדרים, וואָס האָבן עקזיסטירט פאַר דער מלחמה, איז געבליבן גאָר אַ קליינע צאָל. אייניקע מלמדים, ווי צב"ש איציל דער מלמד, וואָס איז געווען פון די בעסטע גמרא מלמדים אין שטעטל, האָבן פאַרלאָזט זייער מלמדות און זיך גענומען צו מסחר. בכלל האָט די מלחמה, די נישט נאָרמאַלע צייט געווירקט אַז אַ סך עלטערן האָבן אויפגעהערט זיך אינטערעסירן מיט דער דערציאונג פון זייערע קינדער, איבערהויפּט האָט מען נישט געלייגט קיין אַכט אויף די גמרא-יינגלעך. אבי זיי קענען דאַווענען און אַ פרשה חומש איז גענוג.

ביי אַזאַ מצב אין יידישן חנוך אין שטעטל, ווען די יוגנט אין שול-עלטער איז געשטאַנען פאַר דער געפאַר פון עם-הארצות, איז דאָס דערשיינען פון לערער און דערציער נח קעצקער געווען אַ רעטונג.

ביים אָנהויבן אָרגאַניזירן די שולע, האָט דער נייער לערער גלייך איינגעפירט געמישטע קלאַסן פון יינגלעך און מיידלעך. דאָס איז געווען כמעט אַ רעוואָלוציע קעגן די אָנגענומענע געוווינהייטן פון פאַר דער מלחמה. און דאָס האָט געבראַכט צו דעם, אַז אין אַ פאָר יאָר אַרום, האָבן אַ סך יידישע טעכטער פון שטעטל געקענט לערנען אַ קאַפּיטל תנ"ך און אַפילו אַ פרק משניות נישט ערגער, ווי די יינגלעך.

דאָס שטעטל איז געווען כמעט דריי פערטל פאַרברענט דורך דעם רוסישן מי-ליטער ביים אָפּטרעטן. נישט האָבנדיק קיין אַנדערן פּאַסיקן לאָקאַל, האָט מען צייט-ווייליק איינגעאָרדנט די שולע אין טריסקער שטיבל און — — ראַטנער קינדער און ראַטנער עלטערן האָבן דערזען און דערפילט די גרויסע באַדייטונג פון האָבן אין שטעטל אַזאַ גוטן און ערשטקלאַסיקן דערציער. אַזוי האָט מען אין ראַטנע נאָך נישט געלערנט. אַ נייער נוסח. אַ נייע סיסטעם. ס'הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער דערציאונג אין דעם קליינעם שטעטעלע. ווי אַנדערש, ווי אינטערעסאַנטער ווערן די דערציילונגען פון חומש ווען דער לערער קעצקער דערציילט זיי. אַ סך פּאַסירונגען אין דער יידישער געשיכטע וואָס לערנענדיק ביי די מלמדים, חומש אָדער נ"ך, זיינען זיי געווען אומקלאָר פאַר דער מערהייט קינדערשע קעפּלעך, און מען האָט נאָכגעזאָגט דעם רבין אויטאָמאַטיש, אָבער נאָך דעם לערער קעצקערס אַ לעקציע, איז אַלץ געוואָרן אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך. די זעלבע קלאָרקייט האָט ער באַוויזן ביים לערנען מיט די תלמידים העברעאיש. די קינדער האָבן דערפילט אַ לעבעדיקייט אין דער שפּראַך. און אין אַ קורצער צייט אַרום, האָבן זיי טאַקע געקענט פריי זיך דורכשמועסן אין עברית מיט די לערער.

די קינדער האָבן זייער ליב געקריגן זייער לערער און ס'איז געווען ביי זיי אַ פרייד דאָס באַזוכן די שולע. איבערהויפּט איז זייער פרייד גרויס געווען, ווען דער לערער האָט דורכגעפירט אַ קינדער יום-טוב. וואָס פאַר אַ פרייד ביי דעם קליינ-וואַרג. און נישט נאָר ביי זיי, אויך ביי עלטערע פאַר יעדן שול יום-טוב, און בשעת דעם ספּעקטאַקל. מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן האָבן די עלטערן זיך צוגעקוקט צו די קליינע אַרטיסטן, — זייערע קינדער — ווי לעבעדיק און גוט זיי פלעגן דורכפירן זייערע ראָלן.

דער לערער קעצקער איז אויך דער ערשטער אין שטעטל, וואָס פאַרבינדט די דערציאונג מיט טאָג-טעגלעכע פּאַסירונגען אין יידישן לעבן. ביי אים איז די תורה אַ תורת-חיים. צום ערשטן מאָל איז אַ דאַנק אים כ' תמוז, דער יאָרצייט פון ד"ר הרצל געפייערט געוואָרן אין שולע. וועגן ד"ר הרצלען האָט מען אין שטעטל געוווּסט פריער אויך. ס'זיינען געווען אַ סך יונגעלייט, וואָס האָבן געלייענט די „הצפירה", „המליץ"

און אַנדערע העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלן וואָס זיינען אין יענער צייט דער־שינען. דורך זיי האָבן זיי געוווּסט פון אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט אין דער וועלט בכלל און אין יידישן לעבן בפרט. אָבער אַז אַ גרופּע, עלטערע אָדער ייִנגערע, זאָלן בצבור פייערן זיין יאָר־צייט, האָט, פאַר קעצקערס קומען, קיינמאָל נישט פּאַסירט. בכלל איז אין שטעטל, ביז דער ערשטער וועלט מלחמה, נישט געווען קיין אָרגאַניזירט ציוניס־טיש לעבן. דער ערשטער, וואָס האָט צוזאַמענגענומען די איינצעלנע באַוווּסטזיניקע ציוניסטן אין שטעטל און געשאַפן פון זיי איין אָרגאַניזירטן כח, איז געווען דער לערער קעצקער. ער איז געווען דער, וואָס האָט אַריינגעפירט די אַלע, וואָס דער ציון־געדאַנק איז זיי געווען נאָענט, אָבער האָבן גאָרנישט געטאָן צו העלפן פאַרווירקלעכן אים, און זיי געמאַכט אַקטיוו.



אַ יוגנטלעכער צוזאַמענקום ביי כמעלערן אין הויז

אָנגעהויבן די דאָזיקע ארבעט, האָט ער אין אַ קליינעם מאַסשטאַב. אין איינעם אַ ווינטערדיקן פּראָסטיקן שבת נאָכמיטיק האָט אַ באַגרעניצטע צאָל יוגנט, צווישן זיי אייניקע פון זיינע עלטערע תלמידים, און אַ טייל פון עלטערן דור, דערהאַלטן קורצע פאַרבעטונגען פון אים צו קומען אין אַ פּריוואַט הויז, ווו ער וועט רעפערירן אויף אַן אַקטועלער טעמע. אויפן דאָזיקן צוזאַמענקום, קען מען זאָגן, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נאַציאָנאַל - געזעלשאַפטלעך לעבן אין ראַטנע. ס'איז אַפילו דעם שבת קיין שום פאַראיין אָדער אגודה נישט געגרינדעט געוואָרן, אָבער דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די וועכנטלעכע רעפעראַטן און דאָס לערנען מיטן עולם אַ קאַפּיטל תנ'ך, און דאָס האָט געפירט צום גרינדן אין אַ קורצער צייט אַרום, אין די יאָרן 1918-19, דאָס ער־שטע פאָלקס-הויז ביי כמעליערן אין שטוב און דאָס איז אויך געווען דער אָנהייב פון די צענדליקער ציוניסטישע און יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע ריכטונ־גען, וואָס זיינען שפּעטער געגרינדעט געוואָרן. ער איז געווען געבענטשט פון דער נאַטור מיט אַ פיינעם רעדנער-טאַלאַנט, דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַן אַלזייטיק יידישע. אַלגעמיין וויסן, האָט יעדער לעקציע און רעדע זיינע צוגעצויגן כמעט דאָס

גאַנצע שטעטל. אין יענע טעג, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די פּרנסה איז נישט געווען און די יוגנט האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו פּטרן די טעג — די איינציקע ביבליאָטעק אין שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן בשעת די פאַרגעקומענע שלאַכטן צווישן רוסן און דייטשן — האָבן קעצקערס קולטור אסיפות דערפרישט און געוועקט גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן און מוט צו קעמפן פאַר אים.

די שטאַרק-באַזוכטע שבתדיקע צוזאַמענקונפטן האָבן אין די פּריוואַטע הייזער מער נישט געקענט דורכגעפירט ווערן צוליב מאַנגל אין פּלאַץ. שלאָגט דעמאָלט קעצקער פאַר צו דינגען אַ גרויסע דירה מיט אַ סך צימערן און דאָרט איינאָרדענען אַ פאָלקס-הויז, ווו ס׳זאָלן זיך קאָנצענטרירן אַלע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.

אויף ענדע הוליאַנקע גאַס אָקעגן פּריוואַרעווס הויז, איז געשטאַנען אַ גרויסע דירה — צוגעפּאַסט פאַר דעם צוועק. די דירה האָט פאַר דער מלחמה געדינט פאַר אַ שטאַט-טורמע; זי האָט געהערט צו דעם אַמאָל אָנגעזעענעם און רייכן ראַטנער תושב הערשל כמיעלער. פון דער דירה, האָט קעצקער, מיט דער הילף פון חברים פון זיין לעקציע - קרייז געמאַכט זייער אַ שיין פאָלקס-הויז, לויטן מוסטער פון גרעסערע שטעט. דער אסיפות-זאַל איז געווען אַ גרויסער און מען האָט אין אים איינגעאָרדנט אַ ספּעציעל געבויעטע רעדנער טריבונע. עס איז אין הויז געווען אַ ביבליאָטעק-צימער, אַ בופעט און אַ גרויסער ליידיקער פּלאַץ פאַר דער יוגנט צו ספּאָרט-שפּילן.

דער טאָג פון חנוכת הבית פון פאָלקס-הויז איז געווען יום-טוב אין שטעטל. אַלט און יונג האָט זיך אַ לאָז - געטאָן צו הוליאַנקע גאַס. אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, די פאַנאַטיקער, וועלכע האָבן געקוקט קרום אויף דעם נייעם אין ראַטנע. דער הויפּט בעל-שמחה איז געווען קעצקער. און פון די פריע נאָכמיטיק-שעהן ווען ער האָט איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן יום-טוב פאַר די קינדער. ביז דער אָפיציעלער דערעפענונג אין אָוונט, האָט ער נישט געהאַט קיין מינוט און מיט אַ יום-טובדיק שיינענדיק פּנים האָט ער אויפגענומען די הונדערטער מענטשן, וואָס זיינען געקומען צום יום-טוב. און אויך דאָ, האָט ער אַרויסגעוויזן זיין גרויסן אינטערעס צו לערנען, צו דערציען. ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט צונעמען די רעדנער טריבונע נאָר פאַר זיך. ער האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס, סיי ביי יונגע שול-קינדער און אויך ביי עלטערע, אַז די מער פעאיקערע צווישן זיי, זאָלן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינען צו ריידן פאַר אַן עולם. אַזוי האָט ער ביים דערעפענונגס יום-טוב געהייסן די עלטערע תלמידים זיינע, זיי זאָלן אליין צוגרייטן רעדעס צו פאַרלייענען פאַר דער מחנה קינדערלעך, וועלכע זיינען יום-טובדיקע, שיין - פאַרקעמטע געקומען צושטראַלטע צום ערשטן גרויסן יום-טוב אין אָן אייגן הויז. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן ביינאַכט, איינלאַדנדיק די פעאיקערע פון זיין קרייז זיך צוגרייטן צו ריידן אויף דעם אָוונט.

מיטן עפענען דאָס פאָלקס-הויז, הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין קולטור-געזעלשאַפטלעך לעבן פון ראַטנער יידן בכלל און יוגנט בפרט. צענדליקער לעקציעס און רעפעראַטן, די מערהייט געהאַלטן דורך דעם לערער קעצקער, זיינען אין משך פון דער צייט, וואָס דאָס פאָלקס-הויז האָט עקזיסטירט, — די יאָרן 1918-19 — געהאַלטן געוואָרן. פון מאָל צו מאָל זיינען געקומען גאַסט-רעדנער פון וואַרשע און אַנדערע נאָענטע שטעט. אַן אמת קולטור-הויז. טאָג-איין טאָג-אויס ווערט שטאַרקער דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין ביי דער ראַטנער באַפעלקערונג.

אין אַלגעמיין האָט דאַן אַרומגעכאַפּט אַלע יידישע ישובים פון רוסלאַנד און פּוילן אַן אויפלעבונגס-גייסט וואָס איז געקומען צום אויסדרוק דורך אַ ברייטן דראַנג זיך צו אָרגאַניזירן און דורך אַ ברייט פאַרצווייגטער קולטור אַרבעט. צוויי גורמים האָבן דאַן אויפגעטרייסלט דאָס יידישע לעבן אין מזרח-אייראָפּע. פון איין זייט די גרויסע פיל צוזאָגנדיקע רוסישע רעוואָלוציע. און פון דער צווייטער זייט די באַלפור-דעקלאַראַציע, וואָס האָט אָנגעפילט שטעט און שטעטלעך מיט נייעם אינהאַלט און מיט

פיל צוזאָגן פון אַ בעסערן מאָרגן פאַר יידן. אין אונדזער שטעטל האָט די רוסישע רעוואָלוציע נישט דערגרייכט. די דייטשן זיינען נאָך דאָן געווען גוט באַפעסטיקט אין אונדזערע קאַנטן און ס׳האָט קיין רייד נישט געקענט זיין פון אַן אָפענער פאַרצווייגטער קולטור אַרבעט. אָבער אַט פאַרלאָזן די דייטשן די געגנט. די נייע מאַכטהאָבער זיינען די אוקראַינער. יידן האָבן דאָן געהאַט נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. דאָן הייבט זיך אָן די גרויסע קולטור און אָרגאַניזאַציע אַרבעט. דאָס שטעטל האָט כמעט נישט געפילט דעם נייעם רעזשים.

די גרויסע אַקטיוויטעט וואָס דאָס פאָלקס־הויז האָט אַרויסגעוויזן אין משך פון זיין עקזיסטענץ, די גוט־באַזוכטע רעפעראַטן, די פריילעכע געזאַנגען וואָס פלעגן זיך אַרויסרייסן אין גאַס אַריין און זיך צעשפּרייטן איבער די אַרומיקע גוישע מעסטשאַנסקי־הייזער; דאָס האַרציקע לאַכן פון דער יוגנט, ווען מ׳פלעגט זיך אַרויסלאָזן, נאָך יעדן צוזאַמענקום, אין דער שלאָפנדיקער גאַס אַריין, האָט פון לאַנג שוין אַרויסגערופן אייפער ביי די גוישע שכנים. זיי האָבן געקוקט זייער קרום און מיט בייזער שנאה אויף דער גרויסער שטוב מיט די העל־צעלויכטענע פענצטער, ווו שטענדיק רעשט און טומלט און ווי ס׳הערט זיך שטענדיק אַזאַ פריילעך געזאַנג. נישט איינמאָל האָט מען געקענט באַמערקן אויף זייערע פּנימער אַן אויסדרוק: יידישע חוצפה. אָבער קורץ זיינען געווען זייערע הענט. די יידישע יוגנט, נישט זייענדיק זיכער מיט די אוקראַינישע בעלי־בתים וואָס האָבן זיך געביטן פון טאָג צו טאָג, האָבן געשאַפן אַ זעלבסטשוץ, כדי אין פאַל פון נויט זיך קענען פאַרטיידיקן. יעדע נאַכט איז לויט אַ טורנע אַן אַנדער גרופּע יוגנט אַרומגעגאַנגען אויף „וואַרטע״. אַזוי אַרום, איז די גאַנצע צייט פון דער אוקראַינישער מאַכט געווען רואיק אין שטעטל. אָבער אַט איז פּלוצים, פונקט ווי רוחות, אַריינגעפאַלן אין שטעטל אַן אָבטיילונג מיליטער פון דער ניי־געבוירענער פּוילן. יונגע שקצים מיט די רעוואָלווערן ביי דער זייט, אַנדערע האַלטנדיק זיי אין די הענט, זיינען אַריין אין די יידישע הייזער מיט אַזאַ שטורעם און צאָרן וואָס מ׳האָט נאָך ביז דאָן נישט געזען.

— געווער! גיט אָפּ דאָס געווער!

— פאַרפלוכטער ייד! געפינט מען ביי דיר געווער, וואָס דו פאַרלייקנסט, איז גלייך צום ווענטל.

יעדער איינער האָט זיך איינגענורעט און איינגעקאָרטשעט ווי ער איז געשטאַנען אָדער געזעסן אין איין ציטערניש. אַ פּחד איז אַרויף אויפן שטעטל. אין יענער צייט איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די פּאָליאַקן האָבן אין פּינסק — דעם לערער קעצקערס געבורטסשטאָט — דערשאָסן עטלעכע און דרייסיק יונגעלייט, פון דעם בעסטן וואָס דאָס יידישע פּינסק האָט פאַרמאָגט. דער איינדרוק איז נאָך געווען פריש. און דאָ איז מען פּנים אל פּנים מיט די מערדער פון די שיינע פּינסקער זין און מען האָט פאַר זיך דעם זעלביקן מערדערישן אויסדרוק. פאַרנאַכט צו. די בלאָטיקע גאַסן, דער פאַרכמאַרעטער הימל און יידישער געמיט־צושטאַנד, האָבן די נאַכט געבראַכט פריער ווי שטענדיק. פּלוצלינג, אין גאַס רודערט. קלאַנגען, שושקערייען, וואָס איז, וואָס איז געשען?

דעם לערער קעצקער אַרעסטירט.

ווען? וואָס?

די ערשטע מינוטן איז אַלץ אומקלאָר. ווער האָט געבראַכט די ידיעה, ווער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דאָס דערציילט? קיינער ווייסט נישט. אָבער שטעטל האָט אַ ציטער־געטאָן. יעדער איינער האָט פאַרגעסן זיינע איבערלעבונגען פון טאָג. מ׳איז איצט פאַרנומען מיט איין געדאַנק: וואָס פּאַסירט מיט קעצקערן. און ביי יעדן איינעם אויף די ליפּן אַ שטילע תפילה: גאָטעניו, פאַרהיט אים, ס׳זאָל מיט אים נישט

פּאַסירן, וואָס מיט זיינע בני עיר, צווישן זיי אַ סך זיינע חברים, וואָס די פּאָליאַקן האָבן אומגעבראַכט. שפּעטער צו דערוויסט מען זיך:

די מעשטשאַנעס, וואָס וווינען אין שכנות פון פאָלקס־הויז האָבן אָנגערעדט אויף די יידן, אַז זיי האָבן דאָרט באַהאַלטן געווער אַפילו אַ פּולעמיאָט. האָבן זיי אַרעסטירט קעצקערן אַלס פאָרזיצער פון קלוב, ער זאָל ווייזן וווּ דאָס געווער ליגט. אַזוי ווי די גאַנצע געשיכטע איז געווען אַ בלבול פון די גוישע שכנים, האָט דער לערער קעצקער נישט געקענט דערפילן זייער פאָרלאַנג. און די פּאָליאַקן האָבן אים געגעבן 25 שמיץ אויפן נאַקעטן קערפּער. דאָס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע ביי די פּאָליאַקן.

די געשיכטע פון די 25 שמיץ, האָט דאַן איבערגעלאָזט זייער אַ שווערן איינדרוק אויף דער יידישער באַפעלקערונג. בפרט ווען ס'איז געקומען פון אַ פאָלק, אין די ערשטע טעג פון זיין נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. דאָס פאָלקס־הויז, ווו ס'איז געווען קאָנצענטרירט די ציוניסטישע טעטיקייט און קולטור אַרבעט איז פאַרמאַכט געוואָרן. ס'קומט אַריין אַ שטילשטאַנד אין דעם נאַציאָנאַל געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער דוקא איצט ווערט דער ציוניסטישער געדאַנק נאָך פּאָפּולערער ביי דעם רוב יידן. די אכזריותדיקע און ברוטאַלע באַהאַנדלונג, וואָס די „באַפרייטע" פּאָליאַקן ווענדן אָן לגבי די יידישע איינוווינער, דאָס רייסן בערד, אַרויסוואַרפן פון די לויפנדיקע באַנען יידישע פּאַסאַזשירן, איבערצייגט נאָך אַמאָל די יידן, אַז אַ פאָלק דאַרף אָן אייגענע היים און טאָר נישט זיין אויסגעשטעלט צום חסד פון פרעמדע. נאָך אַ קורצן איבערייס, האַלט ווידער קעצקער זייער פאָרזיכטיק, זיינע גייסטרייכע רעפעראַטן און ער צעבלאָזט ווידער דעם פלאַם פון יידישער אויפלעבונג אין יידישע הערצער.

אין יענער צייט, האָט ער חתונה מיט דער אינטעליגענטער פריילין גינזבורג. מיט דעם ווערט שוין אָפּגעחתמעט דער גורל פון דעם וואונדערבאַרן מענטשן, וועמען ראַטנע האָט שוין געהאַט אַזויפיל צו פאַרדאַנקען. ער בלייבט שוין אַ ראַטנער תושב. ער טראַכט שוין נישט פון אַריבערקלייבן זיך אויף יענער זייט רוסישער גרענעץ וווהין ס'האָט אים געצויגן אין די ערשטע יאָרן פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. ער גייט אָן ווי ווייט מעגלעך מיט זייז דערציאונגס אַרבעט. די שולע געפינט זיך שוין דאַן אין ניי־אויסגעבויעטן אויבערשטן שטאָק פון בית־מדרש. אַ פאַרגרעסערטע. מער קינדער, מער לערער. זיין נאָמען ווערט באַקאַנט אין דער אַרומיקער געגנט. גרייכט ביז דער קרייז־שטאָט קאָוולע. קאָוולער שול־עסקנים זיינען זיך מתקנא אין ראַטנע פאַר האָבן אַזאַ גוטן דערציער און נאָך קורצע אונטערהאַנדלונגען געלינגט זיי אַריבערנעמען קעצקערן קיין קאָוולע. ס'לאָקט אים די גרויסע שטאָט מיט איר גרעסערער קולטורס־סביבה. ס'לאָקן אים די גרויסע מעגלעכקייטן פאַר זיין קאַריערע. אָבער מער ווי עטלעכע מאָנאַטן קען ער דאָרט נישט זיין. ס'האָט אים געצויגן צו די ראַטנער קינדערלעך, וועלכע ער האָט ווי אַ פאָטער ליב געהאַט. די ליבע און הערציקייט פון די קינדערלעך פונעם קליינעם שטעטעלע האָבן אים צוריק געבראַכט אין דעם קליינעם ישוב, ווו הונדערטער קינדער און אויך עלטערע, האָבן מיט פרייד און אָפענע אָרעמס אים באַגעגנט. ער ווערט ווידער זייער דערציער. די שולע ווערט, אַדאַנק די איבערגעגעבענע עסקנים, גרעסער אויסגעברייטערט. און אין יאָר 1926 ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַן אינטעגראַלער שול מיטן נאָמען תרבות, אָנגעשלאָסן אין דער גרויסער העברעאישער שול־נעץ אין פּוילן מיטן זעלבן נאָמען. זי ווערט אַ שם־דבר אין דער גאַנצער געגנט. שטענדיק האָט זי צו איר דיספּאָזיציע די בעסטע לערער און אונטער דער דירעקציע פונעם אומדערמידלעכן לערער קעצקער. די תלמידים וואָס ענדיקן די שול זיינען אינטעליגענטן אין פולן זין פון וואָרט. אַלע יוגנט - אָרגאַניזאַציעס פון ראַטנע זיינען פון די מער אַקטיווסטע, מער באַוווסטזיניקסטע פון

גאנצן ראיאן. די ראטנער יוגנטלעכע, וועמען ס׳קומט אויס צו פארטרעטן זייערע ארגאניזאציעס אין לאנד אדער ראיאן צוזאמענפארן, קריגן א נאמען און אנזען אר־מעטום ווו זיי באטייליקן זיך.

ס׳איז כדאי דא צו פארצייכענען פאלגנדן פאקט וועגן דער השפעה פון קעצ־קערן אויף כמעט א גאנצן ישוב: דער גרעסטער פראצענט פון די קינדער, וואס האבן געלערנט אין דער תרבות־שולע אונטער זיין אויפזיכט, און אפילו די וואס האבן נישט געלערנט ביי אים אין שולע, נאר וואס זיינען באו ירקט געווארן פון זיינע לעקציעס און רעפעראטן, האבן געהערט צום לינקן פליגל אין ציוניסטישן לאגער. אפילו די מערהייט פון ראטנער, וואס געפינען זיך איצט צעשפרייט איבער פארשי־דענע וועלט־טיילן, באהירקט פון דער לערע און דערציאונג פון דעם לערער קעצקער, געהערן אויך צו די מער דעמאקראטישע ארגאניזאציעס. זייענדיק אליין א ציוניסט־סאציאליסט האט דער לערער קעצקער, שטענדיק געזוכט איינפלאנצן צווישן זיינע



תלמידים פון דער תרבות שולע אין 1934

תלמידים און צוהערער, דעם געדאנק פון סאציאלן יושר. פון מענטשלעכער באציאונג פון איינעם צום צווייטן און פון ליבע פון מענטש צו מענטש. אין דעם זין איז ער ארויס פון די ראמען פון א לערער און איז געווארן דער דערציער און פאטער פון דער ראטנער יוגנט. ער האט שטענדיק באהאנדלט די יוגנטלעכע, וועלכע האבן שוין גע־האט פארלאזן די שולע, ווי חברים. נאך מער ווי א חבר, מיט הארציקייט, מיט פאר־שטענדעניש. ער איז געווען זייער וועגווייזער. געגעבן עצות וואס צו לייענען, וואס צו לערנען. ווי אזוי אריין אין דעם גרויסן לעבנס־לאבירינט. ער האט זיך אפט דורכגע־שריבן מיט זיינע עקס־תלמידים, וועלכע האבן פאר דער צייט אויסגעוואנדערט אין אנדערע לענדער. זיין ווארט האט שטענדיק געווארעמט, געמוטיקט אין שווערע טעג אין דער פרעמד.

די לעצטע יארן פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה, טראוט ער זיך ארום מיט א חלום: פארלאזן ראטנע. אויסוואנדערן. די עקאנאמישע לאגע אין שטעטל איז דאן

זייער שלעכט. און דאָס רופט זיך אָפּ אויך אויפן שול־בודזשעט און במילא אויף זיין עקאָנאָמישער לאגע. ער שרייבט דאָן אַ בריוו צום געוועזענעם מיטבויער פון דער תרבות שולע אין ראַטנע, ה׳ יהודה קאָנישטער און פרוי אין אַרגענטינע, דאַטירט דעם 5טן מאַרץ 1935: „רטנה יורדת פלאים מיום ליום, וכל יושביה מביטים בקנאה על המאשרים שזכו וזוכים לעזבה לעד וגם אני בחלומי"! און אויך איך מיט מיין חלום! כ׳וואָלט אויך געוואָלט אַוועקפירן מיינע ביינער אין אַ זיכער אָרט. ווייל שווער איז דאָס לעבן דאָ. עס סטייעט אָפילו נישט פאַר אַ מאָס פייגן פון שבת צו שבת.

קיין א״י קען ער נישט פאָרן. ער איז שוין אַריבער די יאָרן אויף צו קריגן אַ סערטיפיקאַט. איז זיין געדאַנק אַרגענטינע. אָבער קיין אַרגענטינע גיט מען שוין אויך נישט קיין וויזעס. ער בלייבט אין ראַטנע. ס׳איז אים באַשערט געווען צו גיין צוזאַמען מיט זיינע הונדערטער תלמידים דעם לעצטן וועג צום פראַכאַדער באַרג, ווו ס׳פלעגן פאָרקומען אַלע שול און יוגנט יום־טובים. דאָרט, ווו ס׳האָבן געקלונגען די זיסע געזאַנגען פון די תינוקות של בית־רבן, ווו ס׳פלעגט זיך הערן און צעטראָגן אין ברייטן חלל דאָס שטאַרקע און ענערגישע וואָרט פון אונדזער אַלעמענס באַליבטן לערער נח קעצקער, דאָרט, אויפן זעלבן באַרג האָבן די גרויזאַמע מערדער אומגעבראַכט צווישן הונדערטער און הונדערטער יידן, די שול־תלמידים צוזאַמען מיט זייער רבין. זיין אָנדענק לויכט אָבער צווישן די צענדליקער און הונדערטער תלמידים, וועלכע דער גורל האָט פאַרוואָרפן אין ווייטע לענדער און וואָס דערמאָנען מיט אַ ציטער אין האַרצן און מיט יראת הכבוד זייער טראַגיש אומגעקומענעם לערער און דערציער.

יעקב ראג

# גרינדונג פון די סקאַוטן אין ראַטנע

ווען איך בין אין יאָר 1920 אָנגעקומען קיין לוצק, איז מיר אויסגעקומען צו זיין שבועות אין דער גרויסער שול, ווו עס האָבן גערעדט פאַרשידענע רעדנער וועגן קרן היסוד. פרויען האָבן, זייענדיק באַגייסטערט פון די רעדעס, אויסגעטאָן זייער צירונג און עס אַוועקגעגעבן. אין דעם מאָמענט האָבן אין דער שול אַריינמאַרשירט די סקאַוטן. דערזעענדיק זיי איז מיר גלייך אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז מיר זאָלן אַזאַ ענלעכע אָרגאַניזאַציע גרינדן ביי אונדז אין ראַטנע. און קומענדיק אַהיים, בין איך גלייך צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.



די ערשטע סקויטן־אָרגאניזאציע „צופים“ אין ראַטנע אין 1922 — עס זיצן פון רעכטס: ניסקע שאַפירע (אומגעקומען), פסח איציקזאָן (נ. אַמעריקע), נח כהן (אַרגענטינע), מאיר חיים שטיינבארג (קאַנאַדע) און לייבל בלאושטיין (אומגעקומען); עס שטייען פון רעכטס: ישראל זאסק (געשט.. יצחק קאָזאק, וועלוול רייסקי, יאנקל ראג (אין אַרגענטינע) און וואלקע קעמפער (אומגעקומען).

מיין פּלאַן איז געפעלן געוואָרן מיין חבר נח כהן און דעם זעלבן שבת נאָך שבו־עות זיינען מיר זיך צונויפגעקומען, אַ גרופּע חברים, צווישן זיי: וועלוול רייסקע, נח כהן, נטע און ניסקע שאַפּיראָ, לייבל גראַבאָוו, אשר לייזער קלאדניער, לייזער ראַי־

סקע, ישראל זאַסק, לייבל בלאָושטיין, אליעזר העלד און איך. מיר האָבן זיך צונויפגעקליבן אויפן שאָסיי נעבן בנימין קעמפּערס מיל און וועגן אַלעם דאָרט זיך צונויפגערעדט. מיר האָבן גלייך באַשלאָסן אַוועקצושיקן אַ חבר קיין קאָוועל זיך אינפאָרמירן ביי די דאָרטיקע סקויטן. געפאָרן איז וועלוול ראַיסקע און מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט די עטלעכע טעג ביז זיין צוריקקומען. אין איייניקע טעג אַרום האָט אונדז וועלוול געבראַכט אינסטרוקציעס פון די קאָוועלער צופים. זייער באַגריסונג איז געווען: „הווה מוכן”, און דער ענטפער: „תמיד מוכן!”

מיר זיינען גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, ווערבירט מיטגלידער: יינגלעך און מיידלעך. די אָנפירונג איז באַשטאַנען פון וועלוול רייסקע — שר ההסתדרות, נח כהן — מזכיר, יעקב ראַג — שר הגדוד א׳, און אשר לייזער קלאַדנער — שר הגדוד ב׳. און אויף אַזאַ אופן זיינען מיר אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט. יעדן שבת פלעגן מיר מאַרשירן אין דער אַלטער שטאָט ביי דער ווינטמיל און אַמאָל אונטער דער גאַרבאַרניע. מיר האָבן דאָס געטאָן געהיים, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט דערצו קיין דערלויבעניש. די אַרבעט האָט אונדז נישט צופרידנגעשטעלט, מיר האָבן געזען, אַז עס פעלט אונדז עפּעס און נישט לאַנג טראַכטנדיק האָבן מיר געגרינדעט אַ ביבליאָטעק און מיט די געציילטע פאַר מאַרק וואָס מיר האָבן צונויפגענומען מיטגלידס־אָפּצאָל האָבן מיר געבעטן מרדכי פוקס פון מאַלאַריטע, וועלכער איז צו יענער צייט געווען ביי אונדז און ער האָט אונדז צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון ביכער, וואָס מיר זיינען אומשטאַנד צו קויפן. לייזער רייסקע איז צו דעם צוועק געפאָרן קיין וואַרשע און אונדז איינגעקויפט די ביכער.

פאַרוואָס מיר האָבן גערופן דווקא מרדכי פוקסן און נישט איינעם פון אונדזערע ראַטנער? דערפאַר ווייל צו יענער צייט זיינען געווען אַ גרופּע עלטערע חברים און זיי האָבן קיין קלוב נישט געהאַט, נאָר זיי האָבן ביי איינעם פון זייערע חברים אין שטוב געהאַט אַ קליינע ביבליאָטעק. פריער האָבן זיי געהאַט אַ קלוב, נאָר ווען די פּאָליאַקן זיינען צום צווייטן מאָל אַריין, האָבן זיי דעם קלוב צוליב פאַרשידענע סיבות געמוזט שליסן. און אַזוי ווי מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט, האָבן דאָס די עלטערע נישט געוואָלט ליידן, זיי האָבן אונדז אויסגעלאַכט. ווען מיר פלעגן זיך צו זיי ווענדן נאָך אַן עצה, האָבן זיי אונדז אפילו נישט געוואָלט ענטפערן. דערפאַר האָבן מיר זיך געווענדעט צו נישט קיין ראַטנער.

אַזוי איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער גרונטשטיין פון דער גרויסער ביבליאָטעק, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט. וואָס אַמאָל מער האָבן מיר געבראַכט נייע ביכער, ביז וואַנען די עלטערע חברים האָבן זיך אַרומגעקוקט, אַז מיר שטייגן זיי אַריבער, האָבן זיי אונדז געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן זיך מיט זיי פאַראייניקן. אָבער מיר האָבן שוין נישט געוואָלט.

מיר האָבן אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער. צום ערשטן מאָל האָבן מיר אויפגעפירט דעם „גט” פון שלום עליכם, אַן אַקט אין פיר בילדער. געשפּילט האָבן מיר אין בית המדרש אין דער ווייבערישער שול, פאַר צוויי אָוונטן וואָס מיר האָבן געשפּילט האָבן מיר געהאַט אַן הכנסה פון 70 דאָלאַר, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט אַוועקצושיקן אַ חבר קיין אַרגענטינע, אַרויסראַטעווען אים פון דעם פּאָליאַקס הענט. קיין ארץ־ישראל האָט מען דעמאָלט נישט געקענט פאָרן.

דערנאָך האָבן מיר געדונגען ביי יענקל אברוך (קאַנעלעס, האָט מען אים גערופן) דעם לאָקאַל און ווען מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן האָט אונדז ניסקע שאַפּיראָ געוואָלט מזכה זיין מיט בילדער, האָט ער אויסגעשריבן פון וואַרשע עטלעכע בילדער פון נחום סאָקאָלאָוו, ביאַליק און וויצמאַן. ווען די בילדער זיינען אָנגעקומען און עס האָט זיי דערזען דוד אהרן שאַפּיראָ, האָט ער געכאַפּט און צעריסן ביא־

ליקס בילד. די איבעריקע האָט ניסקע אַרויסגעראַטעוועט און ביאַליקס בילד האָבן מיר צונויפגעקלעפּט. מיר האָבן שפּעטער־צו געבראַכט ד"ר הערצלס בילד. מיר האָבן שפּעטער־צו אויסגעשריבן אייניקע זשורנאַלן און פאַרשידענע צייטונגען. מיר האָבן נאָך אייניקע מאָל געשפּילט טעאַטער: „סעמקע לץ", „געבראָכענע הערצער" ביי הערשל דעם זאַמשינער אין סטיינע און דערנאָך האָבן מיר געשפּילט דעם „בטלן" ביי כמעליערן אין שטוב אויף דער האַלאַנקע. אויך פלעגן מיר שאַפן געלט פאַר קרן קימת. אויף די יאַרידים פלעגן מיר פאַרקויפן בלימלעך און אויף אַ חתונה פלעגן מיר חתן־כלה פאַרקויפן ביימער פאַר קרן קימת. מיר פלעגן זיך באַטייליקן אומעטום ווו נאָר נייטיק. למשל, בעת מען האָט געדאַרפט וויילן דעפּוטאַטן צום סיים, און די יידן האָבן זיך פאַראייניקט מיט די אוקראַינער אין איין בלאָק, נומער 16, און ביי אונדז אין שטעטל האָבן אויך נישט געפעלט קיין קעגנער. עס זיינען געווען פאָלקיסטן פון נח פּרילוצקיס פּאַרטיי, וועלכע האָבן געשטימט פאַר נומער 20 און פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן געוואָלט אַז אַלע יידן זאָלן שטימען נאָר פאַר זיי. איז וואָס־זשע האָבן מיר געטאָן? שבת נאָכמיטאָג, ווען אַלע יידן זיינען געשלאָפן, זיינען מיר אַריין צו זיי און אויפגעוועקט און געגעבן דעם נומער 16, אַז זיי זאָלן גיין זונטיק שטימען. די וואָס האָבן נישט געוווסט פאַר וועמען צו שטימען, האָבן אונדז געענטפערט, אַז זיי האָבן שוין נומערן. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, אויסגעטוישט זייער נומער 20 אויף דעם נומער 16.

מיר האָבן אָבער אין ראַטנע נישט געזען פאַר זיך קיין שום צוקונפט. אין פּוילן איז וואָס אַמאָל געוואָרן ערגער. קיין ארץ־ישראל האָט מען נישט געקענט פאָרן, האָבן מיר אָנגעהויבן טראַכטן פון עמיגרירן קיין אַרגענטינע און צוביסלעכווייז איז אַוועקגעפאָרן פריער איין חבר און דערנאָך אַ צווייטער. און אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען עטלעכע חברים קיין בוענאָס־איירעס און אויך דאָ האָבן מיר פיר חברים געדונגען אַ צימער צוזאַמען און האָבן געשאַפן מיט אונדזערע ציטערדיקע פאַר סענט אַ היים פאַר פיל חברים, וואָס זיינען שפּעטער געקומען צו אונדז.

ל. באַיאָן

# פון דעם נאָענטן עבר

נאָך איז דער מאָרגן נישט געווען קיין זיכערער, אין דעם נאָענטן ארום האָבן געפלאַקערט דעצידירנדיקע קאַמפן צווישן די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן, רויטער ארמיי און וואָלונטירן פון דער נייער פוילישער אַרמיי איבער דער הערשאַפט פון אונדזער געגנט. יעדער איינער פון די דאָזיקע צדדים האָט געהאַט פּרעטענזיעס צו אָקופּירן דעם וואָלינער געביט און ווערן דער הערשער.

וואָכן צייט איז קיין מאַכט אין שטעטל נישט געווען. נאָכן פאַרלאָזן פון די דייטשן די אָקופּאַציע-געביטן איז אונדזער שטעטל און די גאַנצע אַרומיקע געגנט געבליבן ווי אויף הפקר. אין די ארומיקע וועלדער און דערפער האָבן געבושעוועט ווילדע אוקראַינישע באַנדעס, וואָס פלעגן באַפאַלן די דורכפאָרער אויף די שאָסייען, זיי דערהרגענען און באַרויבן; פלעגן באַפאַלן יידן וואָס האָבן געוווינט אין די דערפער און זיי אומברענגען מיט מיתות משונות, באַרויבן זיי און אונטערצינדן די הייזער. פּורלעך מיט יידישע הרוגים האָבן זיך כמעט טאָג-טעגלעך געצויגן פון די ארומיקע דערפער, און שטומער צער און ווייטיק און הארצרייסנדיקער עלנט האָבן זיי באַגלייט צום יידישן בית-עלמין. קיין שטראַל פון ליכט, פון אויסלייזונג פון דרויסן האָט זיך כמעט נישט געזען.

אין דער דאַזיקער שווערער צייט, אין די דאָזיקע חורבן-טעג איז אָבער אויפגעגאַנגען פון אינעווייניק, פון די טיפסטע אינגעווייד פון דער דאַמאָלסטדיקער יוגנט פון שטעטל אַ לויכטנדיקער אָפּטימיזם. להכעיס דעם הונגער נאָך אַ שטיקל ברויט און אַ טעפל קאַרטאָפלעס האָט דער יוגנט אַ ציי-געטאָן צו געזעלשאַפטלעכער און קולטור-טעטיקייט, וואָס זאָל זיין אויסגעפילט מיט אַ מאָראַלישן גלויבן און מיט די אידעען וואָס די צייט האָט געפאָדערט.

עס האָבן שוין דעמאָלט מער נישט באַפרידיקט די בין-השמשות צוזאַמענקומען אין טונקעלן גרויסן בית-המדרש, ווו עס פלעגן דורכגעלופטערט ווערן די פאַרשיידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע נייעסן פון דער וועלט. עס האָט זיך פאַרבענקט נאָך אַן אייגן ווינקעלע און נאָך אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון שטעטל האָט זיך דורך דער אייגענער איניציאַטיוו פון דער יוגנט געעפנט אַ לאָקאַל פאַר געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענקומען.

און עס איז ממש סימבאָליש. אין עק הוליאַנקע-גאַס איז געשטאַנען אַ שטוב, וואָס האָט די גאַנצע צייט געדינט פאַר אַ ציווילער תפיסה, איצט איז דאָס הויז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאָקאַל פאַר דער יוגנט, ווו עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשיידענע וועלט-פּראָבלעמען און וועלט-אידעען. דער לאָקאַל איז איבערגעבויט געוואָרן, מען האָט אויפגעשטעלט אַ בינע, אַריינגעשטעלט בענק און אַ בלוי-ווייסע פאָן.

געדענקט זיך איינע פון די ערשטע פאַרזאמלונגען אויף וועלכער מען האָט געדארפט באַשטימען די אידעאָלאָגיע פון דעם דאָזיקן קרייז און ווו מיר ייִנגלעך פון צוועלף, דרייצן יאָר זיינען געווען נייגעריקע צושויער. דער ראש־המדברים איז געווען נח קעצקער — דער לערער פון שטעטל — און ער האָט עס גערעדט וועגן דעם ציוניסטישן אידעאַל, וועגן דעם נביאישן חזון פון ד״ר הערצל און וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. ער האָט גערופן די יוגנט זיך שטעלן אונטער דער ווייס־בלויער פאָן פון ציוניזם און קעמפן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אַ יידישער מדינה. צווישן די פאַרזאמלטע — איבערהויפּט פון די עלטערע מיטגלידער פון לאָקאַל — זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען נאָר וואָס געקומען פוי דער גרויסער וועלט, ווו עס האָט געאָטעמט מיט סאָציאַלע רעוואָלוציעס, מיט אידעען וועגן וועלט־באַפרייאונג און קלאסנקאַמף, האָבן זיי גענומען אָפּפרעגן די אידעען פון ריינעם ציוניזם אין נאָמען פון סאָציאַליזם. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע — אמת, אָן שטאַרקער רעטאָריק, ווייל כמעט דאָס רוב פאַרזאמלטע האָבן מער געשפּירט זאכן ווי געקענט ריידן וועגן זיי — און מען איז לסוף געקומען צו אַן אויסגלייך, אַז די נייע אָרגאַניזאַציע „בני ציון" זאָל דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק אויך אריינגעמען אין איר פּראָגראַם.

אין דער טעטיקייט פון דעם „בני־ציון" קרייז זיינען באַשטימט געוואָרן וועכנטלעכע פאַרזאמלונגען מיט רעפעראַטן אויף געזעלשאַפטלעך־ציוניסטישע טעמעס, פאַרוויילונגס־אָוונטן מיט ליטעראַרישע אינהאַלטן און עס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אַ רשימה פון טעמעס פאַר די באַוווסטזיניקערע חברים פון קרייז, וואָס האָבן געדאַרפט לויט אַ ריי רעפערירן אויף די צוזאַמענקומען. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אויסער דעם לערער נח קעצקער האָט קיינער נישט געקענט בשלימות דורכפירן זיין מיסיע צו זיין אַ רעדנער. די טראַדיציע פון ריידן פאַר אַן עולם איז געווען אַ נייע און נית יעדער האָט עס געקענט באַווייזן די קונץ צו זיין אַ שליח־ציבור פאַר אַ מאָדערנעם עמוד. דער אָטעם פלעגט דעם רעדנער פאַרכאַפּן גלייך ביי די ערשטע צען, פופצן מינוט און דאָס וואָס מען האָט געהאט צו זאָגן איז אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ.

דאָך איז דאָס גיין אין לאָקאַל פון די „בני־ציון" געווען פאַרבונדן ביי יעדן איינעם מיט יום־טובדיקער שטימונג. די קדושה פון בית־מדרש האָט זיך איבערגע־טראָגן אין דער אָרגאַניזאַציע. איבערהויכט איז געווען אַ יום־טובדיקע שטימונג, ווען מען איז געגאַנגען צו אַ ליטעראַרישער אונטערנעמונג וואָס איז חדשים רעפּע־טירט געוואָרן דורך דעם דראַמאַטישן קרייז ביי די „בני־ציון". טאַקע אַ דאַנק דעם דאָזיקן קרייז האָבן זיך אַרויסגערוקט אַ גרופּע טאַלאַנטפולע יוגנטלעכע, וואָס האָבן מיט זייער שפּילן פאַרשאַפט גייסטיקן גענוס די צושויער. לאָמיר דערמאָנען אַ טייל פון זיי: מ. מאַרקוזי, מאַיע שאַפּיראָ, חיה איציקזאָן, הערשל שאַפּירא און אַנד.

די געזעלשאַפטלעכע שול פון די „בני־ציון" האָט אויך צוגעגרייט אַ גרופּע געזעלשאַפטלעכע טוער וואָס האָבן שפּעטער אָנגעפירט מיט געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל, מיט דער פאָלקס־קיך, מיט קרן־קימת ארבעט, מיט שול־ארבעט און מיט אנדערע קולטור און הילפס־טעטיקייטן פונעם ישוב.

אויב די ערשטע געזעלשאַפטלעך־וועלטלעכע טעטיקייטן האָבן געטראָגן אַ ריין גייסטיק־קולטורעלן כאַראַקטער, איז אָבער צווישן די אונטערגעוואַקסענע יוגנטלעכע אויפגעקומען אַ שטאַרקער ווילן צו אַ ספּאָרט־טעטיקייט מיט סקויטישע אוניפאָרמען, מיט מיליטערישע איבונגען, מיט עקסקורסיעס אא״וו. אונטער דער אָנפירונג פון דעם יונג־פאַרשטאַרבענעם ישראליק זאַסק איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויך אין אונדזער שטעטל — אויפן מוסטער פון קאָוולע — די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „הצופה", וואָס אַנטוויקלט אַ ספּאָרט־טעטיקייט מיט פאַרשיידענע ספּאָרט־שפּילן,

גימנאַסטישע געניטונגען און עפנטלעכע פּאַראַד־פייערונגען. פאַרשטייט זיך, אַז דער „הצופה" אין ראַטנע איז געווען אַ נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט געדן גע־



אַ יוגנט בילד אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה.

אַרבעט פאַרן „קרן־קימת", וואָס האָט אַלע נאַציאָנאַלע ימים־טובים געפייערט מיט עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס און מאַרשן איבער די גאַסן, אָבער קיין שום אינערלעכע קולטור־אַרבעט איז דאָרטן נישט געפירט געוואָרן.

*****

ווען די טעטיקייטן פון דער ערשטער נאָך־מלחמהדיקער יוגנט ווערט שוואַכער צוליבן אַריינציען זיך אין פאַמיליע־ענינים, דאגות הפרנסה און אַנדערע זאַכן, קומט אָן מיט שטורעם אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע פון שטעטלדיקן לעבן אַ נייע יונגע גענעראַציע, וואָס האָט דורכגעמאַכט אויף אירע יונגע פּלייצעס דעם גאַנצן קאָשמאַר פון מלחמה, הונגער־יאָרן און אַנטוישונגען אין די פריערדיקע געטער און גלויבנס פון זייערע עלטערן.

מיט געהויבענע קעפּ און טיפן אָפּטימיזם זיינען זיי געגאַנגען אַנטקעגן דעם לעבן און האָבן מיט אַ גוואַלדיקער ווילנגיריקייט געוואָלט דעריאָגן דאָס וואָס די מלחמה־יאָרן האָבן ביי זיי אָפּגעריסן. דאָס ערשטע, וואָס די דאָזיקע יוגנט האָט באַשלאָסן איז געווען אַן אייגענע שטעטלדיקע ביבליאָטעק. עס איז געווען אין די יאָרן וואָס דאָס העברעאישע און יידישע פאַרלאַגסוועזן האָט דורכגעמאַכט אַן עליה־

פראַצעס. דער „שטיבל-פאַרלאַג" פון איין זייט, די „קולטור-ליגע" און די איבעריקע פריוואַטע יידישע פאַרלאַגן פון דער צווייטער זייט האָבן פאַרשאַפן דעם ביכער־מאַרק מיט אַ רייכער ליטעראַרישער פראָדוקציע פון העברעאישע און יידישע ביכער, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע און די יוגנט אין שטעטל האָט געלעכצט און האָט געוואָלט האָבן די ביכער ביי זיך.



אַ יוגנט בילד אין 1924.

מען האָט געשפּאָרט די לעצטע גראָשנס, מען האָט דורכגעפירט בלימל-טעג, ליטעראַרישע משפּטים, הומאָריסטישע [illegible] ב היז געגאַנגען אויף איין צוועק — צו קויפן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק. די ערשטע פאַרזאמלונגען פון אָט דעם יוגנט-קרייז זיינען געווען אין דער [illegible] ם און וועלוול רייסקי דאָרטן איז טאַקע אָפּגעדונגען געוואָרן דער גרויסער עס-צימער און אַהין פלעגט זיך די יוגנט צונויפקומען שפּילן אַ שאַך, אַ דאמקע און דער עיקר — בייטן די ביכער אין דער ביבליאָטעק. צווישן די ערשטע מיעסקים אַרום דער ביבליאָטעק זיינען געווען וועלוול רייסקי, נח כהן, ניסקע און נמע שאַפּירא, יאנקל ראָג, לייבל גראַבאָוו, לייבל בלאָוושטיין, יואל ריכמער און דער שרייבער פון די שורות. יעדער נייער טראַנספּאָרט ביכער פלעגט אָפּגעוואַרט ווערן מיט האַרצקלאַפּעניש און אויפגעעפנט ווערן מיט אַן אינעווייניקסטן ציטער. גליקלעך איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זוכה געווען מיט זיינע אייגענע הענט אויפצושניידן דאָס נייע בוך וואָס איז אָנגעקומען.

און ווען מען האָט דערזען, אַז פון נוצן ניט-איינגעבונדענע ביכער קומט זיי קיין גרויס געזונט נישט צו, האָט זיך חברה אַליין אויסגעלערנט די חכמה פון בוך־איינבינדעריי און מען האָט אַליין איינגעבונדן די ביכער, פריער אין אַ פּרימיטיווער פאָרעם, וואָס ווייטער אָבער מער פּרעציזער. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך צום בעסטן אויסגעצייכנט אונדזער חבר לייבל בלאָוושטיין.

גרויס איז געווען די השפעה פון העברעאישן און יידישן בוך אויף די דאָזיקע יונגע לייענער. די גייסטיק־ראַכיטישע יוגנט האָט אָנגעהויבן צו עפענען די אויגן אונטער דער השפעה פון דער ביבליאָטעק. מען האָט זיך איבערדערציילט וואָס מען האָט געלייענט, מען האָט בקול רם זיך געפּרוּווט אַריינטראַכטן וואָס האָט דער מחבר געמיינט מיט דעם אָדער יענעם אויסדרוק און עס זיינען געווען ווערק, איבער־הויפּט אַרטיקלען אין דער „התקופה", „מקלט", „כאַליאַסטרע", „רינגען", „ביכער־וועלט", „ליטעראַרישע בלעטער" און אַנדערע זשורנאַלן, וואָס מען האָט זיי גע־לייענט אין אַ מסיבה.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער ליבער און האַרציקער בנימין פּוגאַטש, וואָס פלעגט אין די פאַרנאַכטן צונויפנעמען אַ גאַנצע גרופּע יונגע חברים וואָס האָבן שוואַך גע־קענט לייענען און צו העברעאיש כמעט קיין צוטריט נישט געהאַט און זיי דערציילן מיט אַלע פּרטים און איינצלהייטן סענקעוויטשעס „באש ובחרב", וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין שטיבל־פאַרלאַג אין העברעאיש. אומגעדולדיקע פלעגן די חברים וואַרטן אויף בנימינען — אויף דעם וואָס איז שפּעטער אויסגעקומען מרביץ תורה זיין בישראל — אַז ער זאָל זיי ווייטער דערציילן, וואָס ער האָט דעם גאַנצן טאָג גע־לייענט. און ער האָט די דאָזיקע אַרבעט זיינע געטאָן מיט ליבע.

נישט געווען ווער עס זאָל די יוגנט פּאַקטיש מדריך זיין, ווער זאָל זיי אָנווייזן, וואָס פריער און וואָס שפּעטער צו לייענען האָבן זיך פון דער יוגנט גופא אַרויסגע־רוקט חברים, ביבליאָטעקאַרן, וואָס פלעגן אָנווייזן חברים וואָס צו לייענען. גע־דענקט זיך, ווען אין ביבליאָטעק האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די ערשטע ווערק פון פּרץ מאַרקיש, מלך ראַוויטש, אורי צבי גרינבערג — די גרינדער און באַגרינדער פון דער פוטוריסטישער שיטה אין דער פּאָעזיע, פלעגט יוגנט זיצן בחברותא און קייען די שווערע עברי, טייטשן, אַריינטייטשן און אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויס־צושיילן בילדער, געדאַנקען איז מען געווען גליקלעך און צופרידן. עס האָט געלאָקט די נייע מאָדערנע פאָרעם פון שרייבן, דער נייער אופן פון אויסדריקן זיך, מען האָט אַזויפיל מאָל עס געלייענט און געפּרוּווט אַריינטייטשן געדאַנקען ווי אַמאָל ביי אַ בלעטל גמרא אין חדר, ביז איין מאָל אין אַ שיינער לבנה־נאַכט, ווען חברה יוגנט איז געווען פאַרשיכורט מיט יוגנטלעכע עמאָציעס האָט איינער אַ פאַרצי געטאָן פּרץ מאַרקישעס „די קופּע":

„ניט, לעק ניט חלב הימלשער מיינע פאַרפּאַפּטע בערד,
פון מיינע מיילער כלאַפּען ברוינע ריטשקעס דזיע:עכץ..."

און די איבעריקע האָבן נאָכגעזאָגט. און פון דעמאָלט אָן איז עס אַוועק אַ „מזמור": מען האָט געלערנט גאַנצע ווערק פון אויסנווייניק, מען האָט זיך פאַרזוכט, ווער עס וועט מערער אויסלערנען. מען האָט עס רעציטירט בחברותא, אויף געזעל־שאַפטלעכע אונטערנעמונגען און מען האָט זיך גייסטיק אויסגעלעבט.

עס קומט אָן אַן עקאָנאָמישער קריזיס אין שטעטל. נישטאָ ווו אַהינצוטאָן די הענט, וואָס בענקען נאָך אַרבעט, נאָך פאַרדינסטן און נאָך אַ תכלית אין לעבן. עס ווערט שיטערער אין די רייען. אייניקע חברים פאָרן אַוועק אין די שטאָטן, אַנדערע ווידער קיין ארגענטינע. אָבער עס וואַקסן אונטער נייע יוגנטלעכע וואָס ווילן די דאָ־זיקע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען לייזן אויף אַ קאָלעקטיוון אופן און נישט דורך אינ־דיווידועלער צעשטויבטער עמיגראַציע.

אין די יאָרן 1924־1925 טיילט זיך אויס פון דעם דאָזיקן יוגנט־קרייז אַ גרופּע פון קרוב דרייסיק יוגנטלעכע, וואָס אָרגאַניזירן זיך אין אַ „החלוץ־אָרגאַניזאַציע", וואָס הייבט זיך אָן סיי גייסטיק און סיי פיזיש זיך מכשיר זיין עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

נישט אַלע פון דער דאָזיקער יונגער גענעראַציע זיינען אריינגעטראָטן אין דער החלוץ־באַוועגונג. געווען אַזעלכע וואָס זיינען געווען צו קאָנסערוואַטיוו און האָבן נישט געקענט דורכפירן אַזאַ רעוואָלוציאָנערן איבערברוך אין זייער לעבן: אַוועקוואַרפן טאַטע־מאַמע, משפחה און חברים, פריער פאָרן אין אַ קיבוץ, זיך פראָלעטאַריזירן און שפּעטער זיך פאַרבינדן מיט אַ קאָלעקטיוו אָן אַ שפּור פון אינדיווידועלן לעבן פאַר זיך. עס זיינען געווען אויך אַזעלכע אין דער זעלביקער גענעראַציע, וואָס זיינען אידעאָלאָגיש געווען צעריסן מיט דער „החלוץ"־באַוועגונג, באשר זי איז שוין צופיל ציוניסטיש, נאַציאָנאַליסטיש און זיי האָבן שוין געהאַט ברייטערע אידעאָלאָגישע קאַמפּס־האָריזאָנטן ווי סאָציאַליזם, וועלט־רעוואָלוציע און וועלט־באַפרייאונג.

די טעטיקסטע און וואָגיקסטע גרופּע איז אָבער געווען די „החלוץ"־גרופּע, ווייל זי איז געווען אָרגאַניזירט און האָט געטאָן ממשותדיקע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אַרבעט אין ישוב. אין איר לאָקאַל האָט די „החלוץ"־אָרגאַניזאַציע געפירט אירע



די החלוץ־אָרגאַניזאַציע אין 1925.

זיצונגען און פאַרזאַמלונגען ווו עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים. עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן קרייזן ווו עס זיינען שטודירט געוואָרן די ווערק פון בער באָראָכאָוו, אהרן דוד גאָרדאָן און פון דעם קלאַסישן אַלגעמיינעם סאָציאַליזם. פון צייט צו צייט פלעגן חברים אַרויסטרעטן מיט רעפעראַטן אויף פאַרשידענע געזעלשאַפטלעך־ציוניסטישע טעמעס, וואָס האָבן אַרויסגערופן דיסקוסיעס ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן. די ח"ח פון צענטער און פון גליל האָבן פון זייערע באַזוכן ביי אונדז אין שטעטל אַרויסגעטראָגן זייער געהויבענע מיינונגען וועגן דער „החלוץ"־אָרגאַניזאַציע.

אין יאָר 1926 פאָרן אָפּ די ערשטע חברים פון דער החלוץ־אָרגאַניזאַציע אויף הכשרה. דאָס זיינען געווען שלמה פוגאַטש, יצחק קאָזאַק און דער שרייבער פון די שורות. אויך אין די קיבוצים זיינען אונדזערע חברים געווען געאַכט און געשעצט און האָבן פאַרנומען די וויכטיקסטע אַמטן. און ווען די דאָזיקע חברים קומען נאָך אַ יאָריקער הכשרה צוריק אין שטעטל, ברענגען זיי מיט מיט זיך אַ סך געזעלשאַפטלע־

כע דערפאַרונג, פאַרשטאַרקן די החלוץ־פּאָזיציעס און באַוועגן צו קאָנקרעטע מעשים די חברים פון דעם „החלוץ" אין שטעטל.

אונטער זייער השפּעה רייסן איבער אַ סך יוגנטלעכע מיט זייער ליידיק אַרום־גיין, מען גייט אַוועק אַרבעטן אויף די שאָסייען וואָס בויען זיך אין דער געגנט; מען האַקט שטיינער און מען רייסט איבער מיט די קליינבירגערלעכע באַגריפן וועגן שעמען זיך מיט אַרבעט.



אַ סטאָלערײַ פון החלוץ אין ראַטנע אין 1927.

די יאָרן 1927־1928 לעבט איבער דער ציוניזם אין אַלגעמיין און די חלוצישע באַוועגונג בפרט אַ שטאַרקן קריזיס. די אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל ווערט באַ־גרענעצט דורך דער מאַנדאַטן־מאַכט. די באַשטעטיקטע חברים צו עליה זיצן יאָרן אין דער היים וואַרטנדיק אויף אַ סערטיפיקאַט און מחמת דעם ווערן די חלוצישע רייען אַביסל שיטערער. אין דער זעלביקער צייט ווידער קען די יוגנט פון שטעטל נישט בלייבן אינדיפערענט צו די פּראָבלעמען פון אַרומיקן לאַנד־לעבן. עס הייבט אָן אין פּוילן דער מדינה צו בושעווען אַ ווילדע פּאָליטישע רעאַקציע קעגן די נאַ־ציאָנאַלע מינדערהייטן, קעגן זייערע גייסטיקע פאַרמעסטונגען צו אייגענע קולטור־אויטאָנאָמיעס. יעדער פּראָגרעסיווער פרייהייטס־אַקט ווערט דערשטיקט דורך דער ברוטאַלער האַנט פון דער פּוילישער דעפענסיווע און עס ווערט פּשוט שווער פרײַ אָפּצואָטעמען. דערצו נאָך שטייגן די שטייערן אויף דער אָרעמער אַרבעטער און קליינהענדלערישער באַפעלקערונג, וואָס פאַראָרעמען זי זייער שטאַרק און ברענגען זי אויף בעטל־ברויט און אויף וואַרטן אויף הילף פון אַמעריקע.

מילא, דער עלטערער דור בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ און ליידט. יוגנט האָט פילנ־דיק הארץ און וויל נישט מסכים זיין מיט דער ווירקלעכקייט: פאַר דער זוכנדיקער

יוגנט קומט איצט אויס, אַז די אידעען פון ציוניזם, פון חלוציזם הייסן — אַנטלויפן פון פראָנט; ראַטעווען זיך און לאָזן דאָס גאַנצע פאָלק, אַלע פאַרשקלאַפטע און פאַריאָכטע אויף הפקר. אידעאַליסטישע יוגנט וועט קיינמאָל דאָס נישט טאָן, וועט קיינמאָל נישט לאָזן דעם מלחמה־פראָנט פאַר אַנדערע און מען וואַרפט זיך אַריין מיט לייב און לעבן אין דאָהיקער אַרבעט. מיטן פּנים צום לעבן אין שטעטל און מיטן פּנים צו די האַרעפּאַשנע טאַטעס און זייער זאָרגן!

עס אָרגאַניזירט זיך דעמאָלט די אַרבעטער־יוגנט און די אינטעליגענץ קומט צו זיי: זי לערנט זיי, זי ברענגט זיי אַריין אין אַלע סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אַלגעמיינעם לעבן בכלל און פון יידישן בפרט. אין יענער צייט ווערט אויך געשאַפן אַן אָפּטיילונג פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ייִשאָ) און עס שאַפט זיך די יידישיסטישע באַוועגונג אין שטעטל, וואָס שאַצט אָפּ דעם פּאָטענציעלן כוח פון דער יידישער שפּראַך און פאַרמעסט זיך אויך אין שטעטל אויפן מוסטער פון די גרויסע צענטערס צו פּלאַנירטער און באַוווסטזיניקער טעטיקייט אויף דעם געביט פון יידישער קולטור און דערציאונג.

עס שאַפט זיך אַ קולטור־קרייז ביי דער ייִשאָ, וואָס אָרגאַניזירט פּערמאַנענטע לעקציעס, שמועסן און דיסקוסיעס וועגן פאַרשידענע קולטור־ און ליטעראַטור־פּראָבלעמען. עס ווערן אַראָפּגעבראַכט לעקטאָרן־געסט, יידישע שרייבער, דיכטער און קולטור־מענטשן אויף לעקציעס אויף ליטעראַרישע טעמעס, עס ווערן איינגעאָרדנט קעסטל־אָוונטן, ליטעראַרישע משפּטים, פייערונגען צום אָנדענק פון געבוירנטעג און יאָרצייטן פון יידישע שרייבער.

די דאָזיקע קולטור און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט צעטרייבט אַביסל די מרה־שחורה פון דעם יידישן שווערן עקאָנאָמישן לעבן, גיבן אַן אינהאַלט דער יוגנט און אויך די עלטערע פּראָגרעסיווע חברים פון דעם האַנטווערקערטום ווערן אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט און פּרוּוון פאַרגעסן אין דער שווערער נויט און אָרעמקייט וואָס דער האַלב־פאַשיסטישער רעזשים פון פּוילן האָט געבראַכט אויפן שטעטל און דאָרף.

אַקטיוו מיטגעאַרבעט האָבן אין דער יידישיסטישער באַוועגונג די ח"ח ניסקע שאַפּירע, לייבל בלאָושטיין, שלמה פוגאַטש, רפאל פוגאַטש, יודל מאַרקוזי, דער דיכטער אליהו רייזמאַן, לוי שאַפּיראָ, חנא טיקטינער, אהרן יאַנקל גינזבערג, נטע רויזקעס און דער שרייבער פון די שורות. צו דער זעלביקער גענעראַציע האָבן אויך געהערט מאַליע דרוג, בנימין פוגאַטש, לייבל גראַבאָוו, שיינע איציקסאָן, ברכה כהן (איצט אין אַרגענטינע) און לייזער העלד (איצט אין ישראל). זיי האָבן אָבער נישט איבערגעריסן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און מיט דער העברעאיסטישער באַוועגונג. הגם אין פּריוואַטע אָנגעלעגנהייטן האָט געהערשט חברישקייט צווישן דער גאַנצער יענער גענעראַציע. אידעאָלאָגיש, אָבער, האָט זיך יעדע גרופּע אויסגעלעבט באַזונדער.

צו יענער צייט געהערט אויך דאָס אויפבויען די יידישע שול, וואָס חברים פון דעם קרייז לייגן אַריין אין איר זייער נשמה און לעבן. פירן דורך אַ ברייטע שטאָט־אַגיטאַציע פאַר אַ יידישער שול, שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום אַרבעט, אַז די שול זאָל צום אָנהייב לערניאָר אָנהייבן אַרבעטן. מער אָבער ווי פיר חדשים עקזיסטירט נישט די שול. די מאַכט פסלט דעם לאָקאַל און שליסט די שול.

און בכלל איז אין יענער צייט געווען אַ דאָרן אין אויג פאַר דער לאָקאַלער און קרייז־מאַכט די קולטור־טעטיקייט פון אָט דער יונגער גענעראַציע. מען הייבט אָן שפּיאָנירן די טעטיקייט פון דעם ייִשאָ־קרייז און די טעטיקייט פון יעדן חבר באַזונדער. די מאַכט שטעלט זיך אַפילו נישט אָפּ צו אונטערשיקן פּראָוואָקאַטאָרן פון דער פרעמד און צו באַצאָלן אַגענטן פון שטאָט גופא, וואָס זאָלן זיי ראַפּאָרטירן פון דער אַרבעט פון דער יוגנט־גרופּע אין שטעטל.

דער פינאל פון דער נאכשפיאנירונג ברענגט צו א גרויסן ארעסט פון כמעט דעם גאנצן קרייז. הארבסט 1929, די אומצופרידנקייט פון די מאסן דערגרייכט צו דעם העכסטן שטאפל. די רעגירונג באשליסט מיט אלע מיטלען צו דערשטיקן די רעוואלוציאנערע שטימונגען פון שטאט און דארף און עס ווערן דורכגעפירט מאסן־ארעסטן איבער פאליעסיע און וואלין און קרוב צוואנציק מיטגלידער פון דעם ראטנער יוגנט־קרייז ווערן ארעסטירט אין א הארבסטיקן פרייטיק־צו־נאכטס און ווערן אוועקגעפירט קיין קאוולע. טעג פון ברוטאלער אויספארשונג, אוממענטשלעכע פייניקונגען אין תפיסה און אויספארשונגס־אמט. כמעט קעגן דער מערהייט זיינען ניטא קיין קאנקרעטע באשולדיקונגען און נאך עטלעכע טעג ווערן זיי באפרייט. בלויז צוויי חברים יינגערע — חנא טיקטינער און אהרון שאפירא (איצט אין קובא) — בלייבן אין ארעסט און ווערן שפעטער פארמשפט צו פינף יאר תפיסה.

דער דאזיקער ארעסט דערשיטערט דעם רוב פון דאזיקן יוגנט־קרייז, בפרט נאך, ווען מען שפירט, אז יעדער איינער ווערט פריוואט און געזעלשאפטלעך נאכשפיאנירט — און א חשד איז געפאלן אויף א פאר יוגנטלעכע, אז זיי דינען אין דער פוילישער דעפענסיווע — און עס הייבט זיך אן א פראצעס פון געזעלשאפטלעכער צעפאלונג און איינגלידערונג אינעם טאג־טעגלעכן לעבן און זיינע זארגן. טייל האבן חתונה, פארבלייבן אין שטעטל אדער פארן אריבער אין אנדערע שטעט און נעמען אויף זיך דעם שווערן עול פון בויען א היים אין פוילן דער מדינה, אנדערע רייסן זיך אין דער וועלט אריין, ווייל זיי קענען נישט מסכים זיין מיט דער גרויקייט פון אזא לעבן אין שטעטל און גאר אנדערע לאזן זיך אויף די וועגן פון עמיגראציע צו זוכן זייער פערזענלעך און געזעלשאפטלעך גליק.

די דאזיקע גענעראציע מוז אפטרעטן דאס ארט פאר דעם יינגערן אונטערוואקסנדיקן דור, וואס איז געקומען מיט זיינע אידעען, לאזונגען און געזעלשאפטלעכע פארמעסטן.

די יארן אבער 1922־1936 — דער צייט־אפשניט, וואס די דאזיקע גענעראציע האט געווירקט אין שטעטל — זיינען געווען יארן פון גייסטיקער שעפערישקייט, יארן פון אידעאישע ראנגלענישן און שטרעבונג צו א שענערן און ערלעכן לעבן. און אויב אפילו די אידעען פון יינגערן דור האבן געצויגן אין אנדערע ריכטונגען, האבן זיי דירעקט און אומדירעקט משפיע געווען אויף זיי און זיי איבערגעלאזט א דערהויבענע טראדיציע.

אין פייער פון דעם דריטן חורבן איז דער באדייטנדיקסטער טייל פון דער גאנצער גענעראציע צוזאמען מיטן עלטערן און יינגערן דור אומגעקומען, און אויף דעם ווייגט דאס הארץ און וויל קיין טרייסט נישט געפינען.

מעקסיקע, 27סטער מארץ 1952.



אַ יוגנט גרופּע. רעכטס זיצן: שעפּטעל מעלניק, אַנדזשע גינזבארג, ישראל זאסק, פרומע לעקאר און אסתר עלבוים. שטייען: ניסקע שאַ־פּיראָ, יצחק קאָזאַק, אלקער העלער, יואל איידעס און מאנעס עלבוים.



אין אַ זומערדיקן טאָג, אין פרייען פעלד אויף אַ סטויג היי אין 1933.



די גאַס קריווע אוליצע. עס שטייען פון רעכטס מאיר רידער, גיטעל קארש, לוי שאַפּירא, חנה טיקטינער, די לעצטע צוויי אומבאַקאַנט.



**א. באַרג** (ניו־יאָרק)

# דער יידישער האַנטווערקער און זיין פאַראיין

די אויפטרייסלונגען אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן צוליב דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1918־1917 האָט אויך נישט אויסגעמיטן די טעריטאָריעם פון דער נאָר־וואָס געשאַפענער פוילישער רעפובליק, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע פאָלקס־באַוועגונג צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, סיי אויף דעם עקאָנאָמישן און סיי אויף דעם פּאָליטישן געביט. די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע יוירונג האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם יידישן סעקטאָר פון דער פוילישער מלוכה. אין אַלע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך דעמאָלט געגרינדעט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן געוואָלט משפּיע זיין אויף דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין יענער צייט האָט זיך עס אין וואַרשע אויך געגרינדעט דער יידישער האַנטווערקער־פאַרבאַנד וואָס האָט געוואָלט הייבן דעם פּרעסטיזש פון יידישן בעל־מלאכה, אים באַשיצן עקאָנאָמיש און אים אויך אַרויספירן פּאָליטיש אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע פון יידישן און אַלגעמיינעם לעבן.

אין פאַרשידענע יידישע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אויפן רוף און מיט דער מיטהילף פון דער צענטראַלע געשאַפן האַנטווערקער־פאַראיינען, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די יידישע האַנטווערקער און זיי מאַכן טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ערשט אין 1924 האָט זיך אין דער ריכטונג אויך אַ ריר געטאָן ביי אונדז אין שטעטל. אויפן רוף פון דער צענטראַלע האָבן די דריי האַנטווערקער; איציע פעלדמאַן (היינט אין אַרגענטינע), מענדל בלאַט ע״ה, און ישראל יאנקל חייט ע״ה גענומען אויף זיך צו אָרגאַניזירן אַזאַ פאַראיין אויך אין ראַטנע. מען האָט זיך פאַרבונדן מיט דער צענטראַלע און יענע האָט צו אונדז אַראָפּגעשיקט דעם רעפּערענט און אָרגאַניזאַטאָר ה׳ גאָלדבערג און מיט זיין הילף איז דער פאַראיין געשאַפן געוואָרן.

דער ערשטער אויפקלערונגס־רעפעראַט פון ה׳ גאָלדבערג איז געווען אין גרויסן בית־מדרש און זיינע שילדערונגען וועגן דער לאַגע פון דעם יידישן בעל־מלאכה, וואָס נישט קוקנדיק אויף זיין פּראָדוקטיווער ראָל אין יידישן לעבן, ווערט ער באַוואָלהט

אויף שריט און טריט, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק נישט נאָר אויף די יידישע בעלי־מלאכות, נאָר אויף אַלע פאַרזאַמלטע אין בית־מדרש.

נאָך דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָבן זיך רעגיסטרירט גלייך דרייסיק מיטגלידער און עס האָט זיך געשאַפן דער האַנטווערקער־פאַראיין וואָס האָט אויסגעטיילט פון זיך אַ ראַט און אַ פאַרוואַלטונג בראש פון וועלכער עס זיינען געשטאַנען: מענדל בלאַט — פאָרזיצער, ישראל יאַנקל חייט — וויצע־פאָרזיצער, איציע פעלדמאַן, חיים ווייסבליי, אבא פוקס, משה יאַנקל חייט און... דער שרייבער פון די שורות.

די ערשטע אָרגאַניזיר־אַרבעט איז אָנגעקומען זייער שווער. די סיבות זיינען געווען צווייערליי: סיי פון דרויסן האָט מען אונדז געשטערט און סיי פון אינעווייניק זיינען אַלע נאָך נישט געווען איינייק וועגן דער נייטיקייט פון אַן אָרגאַניזירטן האַנטווערקערטום. דאָס יידישע סוחרטום און בפרט דער באַלעבאַטישער קליינשטעטלדיקער עלעמענט האָט פון שטענדיק אָן געקוקט אויף דעם יידישן בעל־מלאכה פון אויבן אַראָפּ. צו קיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט מען אים נישט צוגעלאָזן און מען האָט זיך בכלל נישט גערעכנט מיט זיינס אַ וואָרט. ווען ס'איז דערהערט געוואָרן אין שטעטל אַז דער יידישער בעל־מלאכה הייבט זיך אָן צו אָרגאַניזירן, האָט זיך אָנגעהויבן פון אַלע זייטן אַן אַראָפּרייסנדיקע קריטיק פאַרבונדן מיט אַ חוזק מאַכן פון יידישן האַנטווערקער: „וואָס, יידישע בעלי־מלאכות וועלן שוין אויך האָבן אַ דעה אין קהל! זייער אָרגאַניזאַציע וועט געדויערן אַזוי לאַנג ווי אַ שניי אין זומער...” און אַנדערע חוזק־עפּיטעטן. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע אין די אייגענע רייען. די שטענדיקע אָרעמקייט און דערשלאָגנקייט פון יידישן בעל־מלאכה האָבן געשאַפן ביי אים אַ שיפלות־קאָמפּלעקס וואָס האָט אים בשום אופן נישט געקענט מאַכן גלייבן, אַז ער, דער „באַנטשע שוויינ”, קען אויך האָבן אַ דעה אין קהל און עפּעס אויפטאָן. מיט יראת הכבוד פלעגט זיך דער יידישער בעל־מלאכה צוהערן וואָס דער גביר פון שטעטל, וואָס דער שיינער באַלעבאָס זאָגט און פלעגט צושאָקלען מיטן קאָפּ. איצט אָבער הייסט מען אים אַליין זאָגן אַ וואָרט. זיינע חברים, די יידישע שוסטערס, שניידערס, סטאָליאַרעס רעדן וועגן עפּעס, רעדן וועגן אָרגאַניזירן זיך, טומלען זיך וועגן אָנהייבן צו פירן אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין שטעטל. ער, דער יידישער דערשלאָגענער בעל־מלאכה גלייבט נישט אין דעם, בפרט נאָך, ווען דער שיינער באַלעבאָס האַלט נישט פון דעם.

אָט אָ דער אומגלויבן איז געוואָרן זייער שעדלעך פאַר דער ערשטער אָרגאַניזיר־אַרבעט און נאָך אַ פּאָר וואָכן טעטיקייט איז אָנגעפאַלן אַזאַ אַפּאַטיע אויף דער פירערשאַפט, אַז דער האַנטווערקער־פאַראיין האָט ממש געהאַלטן ביים ליקווידירט ווערן. די סיטואַציע האָבן געראַטעוועט די צוויי חברים מענדל בלאַט ע״ה און דער שרייבער פון די שורות, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער אַרבעט און האָבן די אָרגאַניזאַציע דערפירט צו אַ לעבעדיקן אַקטיוון כוח אין אונדזער ישוב, וואָס מען האָט זיך מיט אים אָנגעהויבן רעכענען און אַפילו רעספּעקטירן.

***

דער ניי־אָרגאַניזירטער האַנטווערקער־פאַראיין האָט געדאַרפט ווייזן, אַז ער איז אַ כוח אין ישוב און מען קען אים אָנטרויען דעם גורל פון זיינע מיטגלידער. ער האָט געדאַרפט ווייזן פאַר די חברים־האַנטווערקער, אַז ער קען פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן און אַז ער טוט עס מיט געזעלשאַפטלעכער אחריות. איבערהויפּט איז אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן די מיטגלידער ביים אויסטיילן די שטייערן אין מאַגיסטראַט און פאַרהיטן זיי פון פאַרשידענע שיקאַנעס מצד די באַאַמטע פון שטאָטראַט, עקזע־

קומען און אַנדערע אַנשיקעניש. אָבער ווי אַזוי פּאַרטיידיקט מען די אינטערעסן פון די האַנטווערקער דורכן פאַראיין, ווען קיין יידישער בעל-מלאכה איז נישט גע־ווען אין שטאַטראַט? דער שטאַטראַט איז אין די יאָרן 1924־1925 נאָך געווען אַ נאָמענירטער מצד דער רעגירונג און דער בירגערמייסטער האָט, פאַרשטייט זיך, אויך פון זיין זייט נאָמינירט מצד דער באַפעלקערונג נאָר יידן סוחרים, קרעמער און קיין יידישער בעל־מלאכה האָט די גאַנצע צייט קיין דעה נישט געהאַט אין שטאַטראַט. מיר האָבן געמוזט ראַטעווען אונדזער פּרעסטיזש, אָבער ווי אַזוי טוט מען עס?

דערווייל איז אין שטעטל פאַרגעקומען אַזאַ פּאַסירונג: ביי מאיר חייט — פון פאַך אַ קירזשנער — האָט מען אין איינעם אַ טאָג, ווען ער האָט זיך געגרייט פאָרן אין אַ נאָענט שטעטל אויף אַ יאַריד, צוגענומען זיינעם אַ קאַסטן מיט היטלען פאַר אַלטע פאַרלעגענע שטייערן, וואָס ער איז שולדיק געבליבן. ער איז געקומען צו לויפן צו אונדז אין פאַראיין, אַז מיר זאָלן אים ראַטעווען, די סחורה איז נישט זיינע און אויב ער קריגט נישט צוריק זיין קאַסטן סחורה, קומט אים אויס חס ושלום צו באַנ־קראָטירן און דערצו בלייבט ער אינגאַנצן אָן פּרנסה. בלית ברירה האָבן מיר — מענדל בלאָט ע״ה און דער שרייבער פון די שורות — געמוזט נעמען אויף זיך די דאָזיקע נישט געשמאַקע אַרבעט און מיר זיינען אַוועק אין שטאַטראַט אינטערוועניגירן לטובת אונדזער חבר דעם האַנטווערקער. דער בירגערמייסטער האָט אונדז גראָד אויפגענומען פריינטלעך, מיר האָבן אים איבערגעגעבן, אַז מיר זיינען אַ דע־לעגאַציע פון נאָרוואָס געשאַפענעם יידישן האַנטווערקער־פאַראיין — דערביי גע־וויזן אים די סטאַטוטן פון פאַראיין — און געבעטן אים, אַז מען זאָל אומקערן די פאַרכאַפּטע סחורה דעם אָרעמען יידישן האַנטווערקער, ווייל די סחורה איז פּאַקטיש נישט זיינע און אויב מען גיט זי אים נישט אָפּ, וועט דאָס אים אינגאַנצן רואינירן און דערפירן צום בעטל־ברויט. די אינטערווענץ איז אונדז געלונגען. מען האָט מאיר חייט אָפּגעגעבן צוריק דעם קאַסטן היטלען און אונדזער פּרעסטיזש איז דערמיט געשטיגן.
;

אין דעם זעלביקן יאָר 1924 האָט זיך ביי אונדז אין שטעטל געעפנט אַ יידישע פאָלקסבאַנק און דאָרטן איז אונדז אָנגעקומען זייער לייכט אַריינצופירן אונדזערע פאַרשטייער, ווייל פון צענטער אין וואַרשע האָט מען עס געפאָדערט. נישט קוקנדיק אָבער, וואָס די יידישע האַנטווערקער האָבן באַטראָפן 40 פּראָצענט פון דער יידי־שער באַפעלקערונג, האָבן מיר נישט געקענט אַריינפירן מער ווי צוויי פאַרשטייער, ווייל די וואָלן אין באַנק זיינען געווען לויט אירע מיטגלידער און דאָס יידישע האַנט־ווערקערטום איז געווען אַזוי אָרעם, אַז עס האָט נישט געהאַט גענוג געלט אַפילו צו צאָלן דעם קליינעם יאָריקן אָפּצאָל צו ווערן אַ מיטגליד. די ערשטע פאַרשטייער אונדזערע אין באַנק זיינען געווען מענדל בלאָט ע״ה און ישראל יאַנקל חייט ע״ה.

צום קומענדיקן יאָר 1925 האָבן מיר געפירט אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט און אַגיטאַציע צווישן אונדזערע חברים האַנטווערקער, אַז זיי זאָלן ווערן מיטגלידער אין באַנק און אַדאַנק דעם איז אונדז געלונגען אין דעם יאָר צו האָבן גאַנצע פיר מיטגלידער אין דער פאַרוואַלטונג פון באַנק.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט זעלטן פלעגן אויסברעכן סיכסוכים צווישן די פאַר־שטייער פון די האַנטווערקער מיט די פאַרשטייער פון די קליינהענדלער, אָבער אַדאַנק דער פעאיקייט פונעם דירעקטאָר פון באַנק ה׳ יצחק הערש העלד ע״ה — זייער אַ קלוגער און אינטעליגענטער מענטש — איז שטענדיק געלונגען צו באַרו־איקן די געמיטער און קומען צו אַן אויסגלייך. נישט איין מאָל האָבן די אַנדערע באַנק־פאַרשטייער געפרוווט אַרונטעררייסן אונדזער פּרעסטיזש אין די אויגן פון אונדזערע חברים, עס איז זיי אָבער קיינמאָל דאָס נישט געראָטן, ווייל אונדזערע

פארשטייער האבן מיט ווירדע זיך געהאלטן און זיך נישט געלאזט אריינפירן אין פארפלאנטערטע ענינים.

לאמיר ביי דער געלעגנהייט איבערגעבן אן עפיזאד:

אין יענער צייט איז ביי דעם ארעמען בעל־עגלה יאנקל בוימל — אדער ווי מען האט אים גערופן: „יאנקל חודש״ — פארברענט געווארן די שטוב און געפייגערט דאס פערד. מען האט גענארפט דעם יידן צוריק שטעלן אויף די פיס, ווען נישט וועט אים אויסקומען צו ווערן א פושט־יד. דער דאזיקער ארעמער האנטווערקער האט זיך געווענדעט אין באנק, אז מען זאל אים אויסלייען דריי הונדערט זלאטעס — א סומע פאר וועלכער ער וואלט געקענט צוריק קויפן א פערד, אנהייבן צוריק ארבעטן און דערנערן זיין משפחה אין גרוים דחקות. די דאזיקע סומע וואלט ער אבער קיינמאל נישט געקענט אפצאלן אין באנק. פאר דער פארוואלטונג פון באנק איז געשטאנען א שווערע פראבלעם: יא לייען, איז דאס געלט זיכער פארפאלן. נישט לייען — פארמשפט מען דאך א יידן צו ווערן א בעטלער. די פארשטייער פון די קליינהענדלער האבן דא געוואלט אויסשפילן לגבי די פארשטייער פון די האנטווערקער פאליטיק און זיי האבן געהאלטן אז מען דארף דעם ארעמען יידן יאנקל בוימל יא לייען דאס געלט, באשר זיי האבן געמיינט, אז די האנטווערקער־פארשטייער וועלן זיין קעגן — וועלן זיי דעמאלט קענען מאכן א „ויצעקו״ אין גאס: „איר זעט ווי אזוי אייערע האנט־ווערקער פארטיידיקן די אינטערעסן פון זייערן א מיטגליד!„ וועלן די האנטווערקער פארשטייער יא שטימען, אז מען זאל דעם ארעמען בעל־עגלה געבן דאס געלט און ער וועט דאך עס נישט געוויס באצאלן, וועלן זיי מאכן א רעש אין שטאט: „איר זעט, ליַיט זיי די האנטווערקער געלט און זיי באצאלן נישט און אזוי גייט אוועק „קהלש געלט אויף הפקר־״

די האנטווערקער־פארשטייער זיינען געווען אין א שווערער סיטואציע און זיי זיינען געקומען מיט אן אריגינעלן פארשלאג צום ראט פון באנק, אז אלע מיטגלידער פון ראט און פארוואלטונג זאלן גאראנטירן מיט וועקסלען פאר די 300 זלאטעס. דער פארשלאג איז בלית ברירה אנגענומען געווארן און עס האט זיך אלץ דערליידיקט בכי טוב: אי, דער ארעמער בעל־עגלה האט באקומען די 300 זלאטעס, אי ער האט זיי נישט גענארפט — ווייל נישט געקענט, אפצאלן, אי די באנק האט נישט געליטן.

אין 1926 האבן מיר שוין געהאט פיר פארשטייער אויף דער אלגעמיינער צאל ניין אין ראט און צוויי פארשטייער אויף פינף אין פארוואלטונג פון באנק. דער פאר־זיצער פון דער פארוואלטונג איז אלע יארן געווען ביז דער אויסראטונג ה׳ מאטל טיקטינער. פון ראט — איז שטענדיק געווען דער פארזיצער א האנטווערקער, א מאל איז דאס געווען מענדל בלאט ע״ה און א מאל דער שרייבער פון די שורות.

ווי שווער און דערדריקנדיק עקאנאמיש עס איז געווען דאס יידישע לעבן אין שטעטל, קענען דינען אט דער דאזיקער פאקט, וואס גאנצע יארן האט זיך געפירט א כסדרדיקער קאמף צווישן דעם האנטווערקערטום און סוחרטום וועגן פארכאפן א שטעלע פון א שיק־ייִנגל און פון אן ארויסהעלפער אין באנק. ארבעטסלאזע הענט האבן קיין עין הרע נישט געפעלט ביי אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג און יעדער איינער האט געוואלט קריגן עפעס א פאסטן אין דער יידישער באנק. א געוויסע צייט האט געארבעט אין באנק איצל קארש. א זון פון א פאראָרעמטער סוחרישער פאמיליע און שפעטער ווען די באנק האט זיך אביסל פארגרעסערט איז אויך דעם יידישן האנטווערקערטום געלונגען אריינצופירן אהין צוויי האנטווערקער־קינדער וואס האבן זיך באמת אויסגעצייכנט מיט זייער ארבעט לטובת דער באנק און דאס זיינען געווען ישראל חייט (היינט אין ישראל) און הערשל שניידער ע״ה.

***

אין יאָר 1926 זיינען פאַרגעקומען ביי אונדז אין שטעטל וואַלן צו אַ שטאָט־ראַט. נאָך לאַנגע אמפּערנישן, אַרומרייסעגישן האָט זיך געשאַפן אַ נאַציאָנאַלער בלאָק וואָס האָט אַרומגענומען דעם יידישן סוחרטום, די ציוניסטן און דעם האַנטווערקערטום. אַ באַזונדערע ליסטע האָט אַרויסגעשטעלט די פּראָגרעסיווע יוגנט, וואָס האָט געשטעלט העכער דעם אידעיש־פּאָליטישן מאָמענט איבערן עקאָנאָמישן. אַ דריטע ליסטע איז געווען פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג. דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען: אין ראַט — 8 יידן און 4 אוקראַינער, אין פאַרוואַלטונג — איין פּאָליאַק, איין אוקראַינער און צוויי יידן.

קאָנסטיטואירט האָט זיך די פאַרוואַלטונג און ראַט פון מאַגיסטראַט אַזוי: בירגערמייסטער — אַ פּאָליאַק; וויצע בירגערמייסטער: מענדל קליין (סוחר), לאַווניק — ישראל איציע באַיאַן (האַנטווערקער); צווייטער לאַווניק — אַן אוקראַינער.

אין ראַט זיינען געווען: פון די האַנטווערקער — אַברהם באַרג, מאָטל רייכער ע"ה און יאָסל מאַראַנץ ע"ה. פון די סוחרים — איצל גראַבאָוו ע"ה, איצל מערסיק ע"ה, יהושע בעקערמאַן ע"ה. אויך די פּראָגרעסיווע האָבן אַריינגעפירט זייערן אַ פאָרשטייער. דאָס איז געווען וואָלף ברענער ע"ה.

אונדזערע האַנטווערקער־פאָרשטייער האָבן מיט זייער ערלעכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט געשאַפן באמת אַ דרך־ארץ פאַר דעם יידישן בעל־מלאכה. שטאָט האָט איצט דערפילט, אז דער עלעמענט וואָס איז שטענדיק געווען פאַררוקט אין אַ ווינקל און קיינער האָט נישט געהערט זיין שטים, האָט פּלוצלינג אויפגעהויבן זיין קאָפּ און שטעלט זיך אַנטקעגן יעדן פּריץ אָדער אַנטיסעמיט וואָס וויל באַעוולהן די יידישע באַפעלקערונג. דער האַנטווערקער רעדט מיט שטאָלץ, מאָנט די רעכט וואָס עס קומט דעם יידן און פאָדערט די נייטיקע סובסידיעס פאַר די יידישע שולן, פאַר די קראַנקן־קאַסעס און גמילות־חסדים־קאַסע און בכלל פאַר אַלץ וואָס איז יידיש.

אונדזערע האַנטווערקער - פאָרשטייער האָבן שוין נישט געפירט קיין „מאָשקע"־פּאָליטיק, געחנפעט זיך צום פּריץ, נאָר מיט גלייכע רוקנס שטענדיק געפאָדערט זייער רעכט, אמת נישט אַלעמען איז געווען לייכט זיך צו באַפרייען פון זיין שפלות־פּסיכאָלאָגיע, אָבער די אָרגאַניזאַציע ווי אַ גאַנצע האָט דיקטירט די פּאָליטיק פון דעם האַנטווערקערטום אומעטום. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אויסגעהאַלטנקייט אונדזער חבר ישראל איציע באַיאַן — דער לאַווניק פון מאַגיסטראַט. ער פלעגט שטענדיק זאָגן: „מיט די פּריצים דאַרף איך זיך חברן בלויז ביי די מיטינגען, ביי די זיצונגען, ווייטער טאָרן מיר זיך נישט פּריוואַט מיט זיי חברן, ווייל זיי וועלן עס שטענדיק וועלן אויסנוצן לטובת זיך און נישט לטובת דער געזעלשאַפט!"

אונדזער רעפּרעזענטאַנץ איז געשטאַנען ביי דער אָנפירערשאַפט פון שטאָטראַט ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. קיין איין ייד אין שטאָט האָט אַנדערש שוין נישט פאַרשטאַנען, ווי אז אויך האַנטווערקער מוזן האָבן זייערע פאָרשטייער אין מאַגיסטראַט און דער יידישער האַנטווערקער - פאָרשטייער איז געווען צווישן די בעסטע און ערלעכסטע אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

***

אָנהייב 1929 האָבן מיר געגרינדעט אין שטעטל אַ האַנטווערקער ליי־קאַסע. די ערשטע פופצן טויזנט זלאָטעס האָט אונדז געגעבן די פּוילישע רעגירונגס־באַנק. דאָס איז געווען דער ערשטער און אויך לעצטער שיינער זשעסט פון דער פּוילישער רעגירונג, וואָס האָט מיט די דאָזיקע ליי־קאַסעס געוואָלט אויפהייבן אַ ביסל די קליין־אינדוסטריע. צו דעם דאָזיקן קרעדיט האָבן מיר נאָך געשאַפן אַ פּיי־קאַפּיטאַל און

געשאפן די האנטווערקער לײ־קאסע, וואס איז אנגעפירט געווארן דורך דער פאר־וואלטונג פון פאראיין.

לויט דעם געזעץ פון דער לײ־קאסע, האבן נאר געקענט געניסן פון קרעדיט בלויז האנטווערקער, קיין אנדערע פראפעסיעס נישט. איז דעריבער אויפגעקומען פאר אונדז זייער א שווערע פראבלעם מכוח דעם יידישן בעל־עגלה אין אונדזער שטעטל, וואס זיינען געווען גרויסע נצרכים און האבן זיך געניייטיקט אין א הלוואה. נאך א לאנגע שקלא וטריא האבן מיר דאך באשלאסן אויך אויסצולייען פון דער דאזיקער קאסע פארשיידענע הלוואות דעם יידישן בעל־עגלה. דער דאזיקער באשלוס האט אונדז אבער געקאסט צו טייער. כמעט דאס רוב הלוואות וואס מיר האבן ארויס־געגעבן די יידישע בעל־עגלות זיינען נישט באצאלט געווארן און מיר האבן זיי געמוזט דעקן פון אונדזערע קעשענעס.

נישט קוקנדיק, אבער, אויף די אלע היזקות וואס די לײ־קאסע האט געהאט האט זי פראגרעסירט פון חודש צו חודש און איר קאפיטאל האט זיך געהאלטן אין איין פארגרעסערן. די לעצטע צייט, אבער, האבן מיר באשלאסן צו ליקווידירן די לײ־קאסע, ווייל זי איז געווארן א שטער צו דער אנטוויקלונג פון דער יידישער קא־אפעראטיווער פאלקסבאנק אין וועלכער מיר, די האנטווערקער זיינען געווען שטארק פאראינטערעסירט.

*
**

אין 1928 איז איבער די קרעסן־געביטן פון דער פוילישער רעפובליק פארגעקו־מען וואלן צו דער רעליגיעזער קהלה. די וואל־אגיטאציע איז געווען זייער א הייסע אומעטום און אויך ביי אונדז אין שטעטל. דאס מאל האבן מיר געוואלט זיך פאר־מעסטן מיט דער שטאט און אויספרואוון טאקע די אייגענע כוחות. פארשטייט זיך, אז מיר האבן געהאט א גרויסן נצחון. גאנצע פיר חברים האבן מיר אריינגעפירט אין דער קהלה־פארוואלטונג: מענדל בלאט ע״ה, אהרן שעדראוויצקי, חיים וויסבליי ע״ה און דער שרייבער פון די שורות.

גלייך אויף די ערשטע זיצונגען איז אונדז אויסגעקומען צו פירן א שטארקן און גערעכטן קאמף ארום דער באשטעטיקונג פון דעם ראמנער רב אלס רב פון דער קהלה. דער אלטער רב ר׳ שלמה טביה הלוי פרידלנדר איז שוין ביי אונדז געווען רב קרוב 25 יאר. במשך פון דער גאנצער צייט האט ער קיין גרויס נחת אין אונדזער שטעטל נישט געהאט. פרנסה האט ער שטענדיק געהאט בדחקות און דערצו נאך האבן גאר ווייניק מענטשן אפגעשאצט זיין תמימות און זיין עניוות. בלויז די ארעמע יידישע בעלי־מלאכות האבן זיך געטוליעט צו אים און אים ארומ־גערינגלט מיט ליבשאפט.

עס לוינט צום סוף פון דער ארבעט איבערצוגעבן עפעס וועגן דער דארפישער סביבה ארום אונדזער שטעטל און זייער באציאונג צו יידישע ענינים און צו דער קהלה.

צו דער קהלה האבן געהערט א גאנצע ריי דערפער ווי קארטילים, הירניק, זאמשין, דאטין, וועלימטשע, כאטעשעוו, בירקע, בוצין, סיעדלישץ און אנדערע קלע־נערע דערפלעך, אפילו דאס קליינע שטעטעלע ו י ז ש ו ע האט אויך געהערט צו דער ראטנער קהלה. עס פארשטייט זיך, אז אין דער צייט פון די וואלן פלעגט יעדע ארגאניזאציע וועלן געווינען אויף איר צד די יידישע שטימען פון דארף. אין טייל דערפער האבן מיר, די האנטווערקער שוין געהאט אונדזערע מענטשן, וואס פלעגן אגיטירן די דארטיקע יידן, אז זיי זאלן שטימען פאר אונדז. אבער אויך אנדערע ארגאניזאציעס פלעגן אויסנוצן זייער השפעה און הייסן שטימען פאר זיי.

דער יאָריקער אָפּצאָל פון אַ קהלה־מיטגליד איז געווען פון 5 זלאָטעס ביז 20. קיין ספּעציעלע פּראָבלעמען מיט די שטאָטישע מיטגלידער איז כמעט קיין מאָל נישט געווען. אַ שטאָטישער ייד איז געווינט צו צאָלן זיין שטייער פאַר יידישע געזעלשאַפטלעכע ענינים. ערגער איז אָבער געווען מיט די דאָרפישע יידן. זיי זיינען נישט געווינט געווען צו צאָלן און עס פלעגט אָנקומען מיט גרוים מי און טאַטע־ניש אַרויסצוריסן ביי זיי — אַפילו ביי די פאַרמעגלעכע — דעם יאָריקן אָפּצאָל. נישט איין מאָל פלעגט דער סעקרעטאַר פון קהלה אהרן יאנקל גינזבערג דאַרפן פאָרן איבער די דערפער איינמאָנען דעם קהלה־שטייער און אָפט מאָל פלעגט ער גאָרנישט ברענגען.

די דאָזיקע דאָרפישע יידן פלעגן אָנווענדן אַלע מיטלען בכדי זיך אַרויסצודרייען פון צאָלן דעם דאָזיקן קהלה־שטייער, וואָס איז פאַר זיי אין דער מערהייט פאַלן געווען בלויז פינף זלאָטעס אַ יאָר.

איין זאַך האָבן מיר נישט געקענט דורכפירן אין אונדזער קהלה און דאָס איז ביים איינשטעלן די שטייערן. מיר האָבן געוואָלט אַז דער יאָריקער שטייער זאָל זיין פון דריי ביז 100 זלאָטעס מאַקסימום. די קהלה־מערהייט האָט אויף דעם נישט געוואָלט איינגיין און האָט באַשלאָסן פון 5 ביז 20 זלאָטעס. פאַרקערט, ווען מיר האָבן געוואָלט אַנטקעגנקומען די אָרעמע איינוווינער פון שטעטל צו צאָלן דריי זלאָטעס מיטגלידס־אָפּצאָל, זיינען די אנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער גרייט געווען אין גאַנצן באַפרייען די אָרעמע פון אָפּצאָל. דאָס האָט אָבער געהייסן אויסשליסן זיי לגמרי פון קהל, ווייל קיין שום מענטש וואָס צאָלט נישט דעם שטייער קען קיין מיטגליד אין קהלה נישט זיין און דאָס האָט אונדז, די האַנטווערקער נישט געלוינט.

אונדזער מיינונג איז געווען, אַז אַפילו דער, וואָס דאַרף אַ מאָל אָנקומען נאָך הילף צו דער קהלה דאַרף זיין אַ מיטגליד און צאָלן אַ קליינעם אָפּצאָל און מיר האָבן איבערצייגט און געזיגט.

אויף דעם זיינען מיר שטאָלץ און מיר דערמאָנען אונדזער האַנטווערקער טוער מיט גרוים דרך ארץ און יראת הכבוד.

ברוקלין, 20סטער אפּריל 1952

**חיים גראַבאָוו**

# אַרבעטער־פּאַראיין

מ'קען זאָגן, אַז באַלד ווי דער מלחמה־שטורעם אין 1918 האָט זיך איינגעשטעלט און דאָס לעבן האָט זיך געגומען נאָרמאַליזירן, האָט אָנגעהויבן אויפגיין אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אין שטעטל. אייניקע שטעטלשע פּאַרמעגלעכע באַלעבאַטים וואָס האָבן צוזאַמען מיטן סידור שוין געהאַלטן אויך אַ וועלטלעךבוך אין האַנט, זיינען געווען די טרעגער פון דער חיבת־ציון אידייע. די אידייע איז אָבער אין יענער צייט נישט אַרויס אויסערן קרייז פון אייניקע געציילטע יידן פון עלטערן דור.

מיטן אָנקום אין שטעטל פון דעם לערער קעצקער און מיט דער שאַפונג פון דער העברעאיש־וועלטלעכער שולע, האָט די ציון־אידייע ביסלעכווייז אָנגענומען אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען צווישן יונגערן דור און זיך אויסברייטערן טאַקע צווישן דער יוגנט, וואָס איז געגאַנגען אין שולע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ האָט געשפּילט די הויפּט ראָל דער לערער און דער כאַראַקטער און אינהאַלט פון זיין דערציאונג.

די שולע פלעגט באַזוכט ווערן אין גרעסטן טייל פון באַלעבאַטישע קינדער: קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן — קרעמער אָדער סתם סוחרים.

ס'זיינען אָבער געווען קינדער וואָס האָבן געהערט צו אַן אַנדער סאָציאַלן שיכט. קינדער פון בעלי־מלאכות, האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן שוין פון זייער פריער יוגנט געדאַרפט העלפן דעם טאַטן אין פּרנסה, וואָס האָבן געדאַרפט העלפן אַריינברענגען אַ שטיקל ברויט אין שטוב. אָט־די יוגנט איז מיט אַנדערע אויסנאַמען אין שולע נישט געגאַנגען. און אויב אַ טייל האָט יאָ באַזוכט די שולע איז דאָס געווען נישט לענגער ווי אויסצולערנען זיך דאָס עלעמענטאַרסטע: אַביסל לייענען, שרייבן און די אַריפמעטישע בוכשטאַבן. און באַלד צום וואַרשטאַט.

אָט־די אַרבעטנדיקע יוגנט, וואָס איז באַשטאַנען פון: סטאָליאַרעס, טעסלערס, קאָוואַלעס, שוסטערס, שניידערס, נייטאָרנס, שינדל־מאַכערס, מוליאַרעס, אַלע געזעלן פון קליינע וואַרשטאַטן, און וואָס איז געוואַקסן אין אָרעמקייט, איז געווען אָפּגעזונדערט פון דער באַלעבאַטישער יוגנט.

פון איין זייט די סאָציאַלע דיפערענץ וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין: „נישט מיין גלייכן", „ס'שטייט נישט אָן", און פון דער צווייטער זייט, דער לאַנגער אַרבעטס־טאָג, 14 אָדער 15 שעה אַרבעט טעגלעך האָט גורם געווען, אַז אָט־דער טייל שטעטלשע יוגנט זאָל וואַקסן אַן איגנאָראַנטישע און אַ פרעמדע צו יעדן מין אויסדרוק פון געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, פּאָליטישן אָדער סאָציאַלן געדאַנק.

דערצויגן אין גאַס, זיינען זיי גרייט געווען צו הויבן אַ האַנט, אונטערצושלאָגן אַן אויג. אין די שבתדיקע נאָכמיטיקס פלעגן זיי זיצן אויף די שטעטלשע בריקלעך און קנאַקן יאָדערן, אין די נעכט ווען יידן פלעגן פּראַווען חתונות אין שטעטל, אויב נישט אינעווייניק פלעגט מען זיי טרעפן אין דרויסן צעשטעלט אונטער די פענצטער און גרייט אָפּצוטאָן עמיצן אַ שפּיצל נישט קאַרגנדיק קיין „פעט" וואָרט.

אַט דער צושטאַנד האָט אַנטוויקלט ביי זיי אַ געוויסן, אַזוי צו זאָגן, פּרימיטיוון קלאַסן־באַוווסטזיין, וואָס האָט זיך מאַניפעסטירט אין זייער חברן זיך צווישן זיך, צוזאַמענקומען צווישן אייגענעם עלעמענט און אַ געוויסע שנאה צו די באַלעבאַטישע קינדער.

מיט דער צייט איז פאָרגעקומען אַן איבערברוך אין די סענטימענטן און אַרט־דענקען פון אַ געוויסן טייל געוועזענע שול־יוגנט. מיט דער פיזישער און גייסטיקער רייפקייט איז אויך געקומען אַ נענטערער קאָנטאַקט מיטן רעאַלן טאָג־טעגלעכן לעבן, ס׳זיינען אַרויפגעשווומען פראַגן און פּראָבלעמען וואָס האָבן קיין לייזונג נישט געהאַט. מ׳האָט גענומען קוקן מיט ניכטערע אויגן אויף דער אַרומיקער קעגנוואַרט. מ׳האָט דערזען די שטעטלשע באַגרעניצטקייט, די עקאָנאָמישע באַדנלאָזיקייט און די פּערספּעקטיוון אויף דער צוקונפט זיינען געווען האָפענונגסלאָזע.

ספקות האָבן גענומען עגבערן אין מח. ס׳האָבן מער נישט באַפרידיקט די אַלטע ענטפערס, נישט פון חדר און נישט פון דער העברעאישער שולע. די ערשטע מאַני־פעסטירונג פון דיסקאָנפאָרמיזם איז געווען אַ רעוואָלט קעגן דעם אַרכאַיש־רעליגיעזן לעבנס־שטייגער מיט וועלכן דער עלטערער דור האָט געדריקט אויף דער יוגנט. די לאָזונג איז געוואָרן: יידישיזם און וועלטלעכקייט. דאָס זיינען געווען די ערשטע שפּראָצונגען פון פּראָגרעסיוון געדאַנק אין שטעטל. (איך רעד דאָ פון דעם פּעריאָד 1922־1928), אַט דער פּראָגרעסיווער געדאַנק האָט ביסלעכווייז גענומען זיך אויס־קריסטאַליזירן פון אינדיווידועלע פריידענקערישע מאַניפעסטירונגען, ביי זיינע פּיאָנערן: וואָלף ברענער פריער און לייבל באַיאַן שפּעטער האָט ער זיך גענומען קאָנקרעטיזירן אין אַן אויסגעברייטערטער ציל־באַוווסטער געזעלשאַפטלעכער אַק־טואַציע. פריער די ביבליאָטעק אין שטעטל, דערנאָך ווי אַ וויטערדיקער עטאַפּ די אָרגאַניזירונג פון ליטעראַרישן קרייז אין שטוב ביי די ברידער אהרן און לוי שפּירא, און וועמענס איניציאַטאָרן עס זיינען געווען: לייבל באַיאַן, ניסקע שפּירא, די ברידער פוגאַטש.

אַרום דעם ליטעראַרישן קרייז האָט זיך גרופּירט דאָס בעסטע פון דער ראַטנער אינטעליגענטער יוגנט. אויסער די שוין אויבנדערמאָנטע זיינען אויך געווען יידל מאַרקוזע, נאָטע רויסקעס, די ברידער אהרן און לוי שפּיראָ, חנא טיקטינער, חיים גראַבאָוו, לייבל בלאָושטיין און אַנדערע. אין דעם ליטעראַרישן קרייז פלעגט מען לייענען און דיסקוטירן די ווערק פון די שעפער פון דער מאָדערנער יידישער ליטע־ראַטור, און אַרומריידן די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען וואָס פלעגן אַרויפ־שווימען אין פאַרלויף פון לייענען. און טאַקע דאָרט, אין דעם ליטעראַרישן קרייז איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר אַ באַוועגונג וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל: אויפנעמען און פאַרשפּרייטן דעם מאַרקסיסטישן וועלט־באַנעם צווישן דער ראַטנער יוגנט. דאָרט איז געבוירן געוואָרן די אידייע, און דאָרט זיינען געמאַכט געוואָרן די ערשטע שריט אויף איינצוקויפן די ווערק — פאַר זייער שטודיום — פון די שעפער און באַגרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1924. דער אינטערעס צו די פּראָבלעמען פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אומגלייכ־הייט האָט גענומען די אויבערהאַנט איבער די דאַן ליטעראַריש - דערציערישע פּראָבלעמען.

ווען דער ליטעראַרישער קרייז האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן — און רער גורם דערצו איז געווען די פּוילישע פּאָליציי וואָס האָט דערשמעקט איר עקזיסטענץ און האָט גענומען קוקן קרום — האָט אַ טייל זיך דערשראָקן און איז געוואָרן פּאַסיוו, אַ צווייטע טייל פון דער גרופּע איז אַוועק פאָראויס, איז געגאַנגען אַהין, ווו דער וועג האָט לאָגישערווייז געפירט: צו דער אַרבעטנדיקער יוגנט, צו דער נישט דערשאַצטער,



אַרבעטער יוגנט. —עס זיצן פון לינקס צו רעכטס לייב קאָטלער, בערל שניידערס טאָכטער.
דער דריטער נישט באקאנט. עס שטייען: מאיר לייב שטערן (אין אורוגוויי)
און יאַנקל סערטשוק (אין קאַנאַדע).



אַרבעטער יוגנט אין 1930.

באַסיאַקישער געזעלן-יוגנט. די גרופּע איז באַשטאַנען פון חנא טיקטינער, אהרן שפּירא און כ. וואַרשעווער.

דער ציל איז געווען אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער עלעמענט סינדיקאַל. אַרויס־רייסן אים פון דער גאַסיקער הפקרות און גייסטיקער אָפּגעשטאַנענקייט, און אים דערציען מיטן אויסקוק אים צו פאַרוואַנדלען אין אַ קלאַסן-באַוווּסטזיניקן געזעל־שאַפטלעכן כוח אין לעבן פון שטעטל.

פאַרשיידענע פאַקטאָרן האָבן געווירקט אַז דאָס אויפקלערערישע וואָרט זאָל אויפגעכאַפּט ווערן, און דער לאָזונג: שאַפן אַן אַרבעטער פאַראיין זאָל באַלד גע־פינען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג. איינער פון די פאַקטאָרן איז געווען דערביישפּיל פון די שטעטלשע האַנטווערקער, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט און האָבן אויסגע־איבט זייער איינפלוס אויפן לעבן פון שטעטל.

מ'האָט זיך אָבער, אויך אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן ביים צוטרעטן צו דער פּראַקטישער אַרבעט. די הויפּט-שוועריקייט איז געקומען מצד דער מאַכט וואָס האָט געקוקט קרום אויף יעדער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע. און אויף אַנצושליסן זיך אין אַזאַ אינסטיטוציע האָט מען געדאַרפט האָבן אַ געוויסע מאָס געוואַגטקייט. קענענ־דיק די הערשנדיקע פּאָליטישע אומשטענדן.

דאָך, באַלד פונעם ערשטן מאָמענט האָט די באַוועגונג געקריגן עטלעכע ענטו־זיאַסטן פון צווישן דעם אַרבעטער עלעמענט, דאָס זיינען געווען דוד לאַנגער, עקיבא דרוקער, די ברידער משה און אהרן שמואל, די נייטאָרן ברכה פייגע.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ס'איז געדונגען געוואָרן אַ צימער ביי איצל בלאָווּשטיין דעם טראַטש. די ערשטע פּאָר זלאָטעס זיינען געשאַפן געוואָרן צווישן די איניציאַטאָרן מיט גרויס שוועריקייט, ווייל מ'איז געווען אָרעם ווי די נאַכט אַביסל האָט אַרויסגעהאָלפן ניסקע שפּירא (אומגעקומען), דער זון פון דעם רייכן שענקער דוד אהרן שפּירא. אַ בחור אַן אינטעליגענטער און מיט פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע פאַר דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

שנעל איז דער פאַראיין געוואָרן די גייסטיקע היים פון דער אַרבעטער יוגנט און די לעבעדיקסטע אינסטיטוציע אין שטעטל. יעדן אָוונט פלעגט דער נישט גרויסער צימער אָנגעפילט ווערן מיט אַרבעטער פון אַלע פאַכן און מיט נייטאָרינס. (דאָס איז געווען די איינציקע פרויען מלאכה וואָס האָט עקזיסטירט אין שטעטל). די פרייטיק-צו-נאַכטסן און שבתדיקע נאָכמיטיקס איז דער פאַראיין געוואָרן דער זאַמל-פּלאַץ פאַר אָט-די געוועזענע גאַסן-יונגען. שמועסן, פאָרלעזונגען, קעסטל־אָוונטן האָבן אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן. מ'האָט געשאַפן אַ כאָר, און מען האָט גענומען זיך אויסלערנען זינגען אַרבעטער לידער. עדלשטאַט, באָווּשעווער, א. רייזען האָבן פאַרנומען דעם חשובסטן פּלאַץ פון רעפּערטואַר. דאָס געזאַנג האָט געשאַפן שטימונג, געגעבן מוט און קלאַסן-באַוווּסטזיין.

נישט אַלע וואָס פלעגן קומען אין פאַראיין זיינען געוואָרן מיטגלידער און איניקע האָבן אַפילו מיט דער צייט אויפגעהערט צו קומען אין די אָוונטן. דאָס געשפּענסט פון דער פּאָליציי האָט געשראָקן און אָפּגעהאַלטן. אַלע האָבן געוווּסט אַז דער פאַראיין עקזיסטירט אומלעגאַל און אַוועלכע נישט איז מסירה קען פאַרענ־דיקן מיט אַלעמען אין קאַזולער אָדער לוצקער תפיסה. זאָל דאָ באַמערקט ווערן אַז אַזאַ מסירה האָט קיינער נישט דערוואַרט פון באַוווּסטזיניקע פּאַרטייאישע קעג־נער אויף דער יידישער גאַס. ניין! די אידייאישע שטרייטן פלעגן געלופּטערט ווערן צווישן זיך אָפּטמאָל זיינען די קאַמפן געפירט געוואָרן מיט ברען, מיט היץ, אָבער שטענדיק מיט אַרגומענטן אלס איינציק געווער. אַנטקעגן דער נישט-יידישער וועלט האָט דער יידישער אחדות אין שטעטל שטענדיק גענומען די אויבערהאַנט. עס זיינען אַפילו געווען פאַלן ווען אַ חלוץ איז צוגעקומען און געוואָרנט: חברה, היט זיך

ס׳דרייט זיך דאָ אַרום אַ... די געפּאַר פאַר אַ מסירה האָט געלויערט פון מענטשן ווייטע פון יעדער מין געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. פרעמדע צו אַלע נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און אַפילו לאָקאַלע פּראָבלעמען, אָבער גרייטע צו פאַרקויפן זיך פאַר געלט אַפילו צום טייוול.

ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז דער פאַראיין מוז אומבאַדינגט האָבן אַ לעגאַלע עקזיסטענץ. מ׳האָט זיך דערפאַר געווענדעט קיין לוצק צו דער ראַיאָנער צענטראַלע פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וואָס איז געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דער פּ. פּ. ס. מיט אַ מעלדונג אַז ס׳האָט זיך געגרינדעט אַ פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער פאַראיין, צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע פאַכן און אַז מ׳פאַרלאַנגט זיך אָנצושליסן צו זיי. זייער ענטפער איז געווען אַ פּאָזיטיווער. ס׳האָבן זיך אָבער געשאַפן שוועריקייטן: די קאָרעספּאָנדענץ און די גאַנצע ביוראָ אַרבעט האָט געדאַרפט געפירט ווערן אויף פּויליש, דער סעקרעטאַר האָט געמוזט זיין אָדער אַן אַרבעטער פון איינעם פון די אָנגעגעבענע פאַכן וואָס שטעלט צוזאַמען דעם פאַראיין און אַ מיטגליד פונעם זעלבן, אָדער אַ באַצאָלטער אָנגעשטעלטער.

קיין אַרבעטער וואָס זאָל קענען נעמען אויף זיך אַזאַ אויפגאַבע פון אַ סעקרעטאַר איז נישט געווען. ס׳איז דערפאַר באַשלאָסן געוואָרן צווישן די אָנפירער אַז כ. וואַרשעווער, וואָס האָט צום פאַראיין נישט געקענט געהערן, זאָל ווערן אָפיציעלער סעקרעטאַר — אַ זאַך וואָס ער האָט שוין פריער געטאָן אומאָפיציעל — מיט אַ געהאַלט פון 20 זלאָטעס אַ מאָנאַט.

אין אַ קורץ שטיקל צייט איז אָנגעקומען די אָנערקענונג פון לוצק. דעמאָלט האָט מען ערשט געדאַרפט אַרויסקריגן די לעגאַליזאַציע פון די העכערע פּאָליציישע באַהערדן, נישט פון ראַטנע נאָר פון קאָוולע. און דאָס איז געווען די שטאַרקסטע וואַנט דורכצוברעכן. דער סעקרעטאַר האָט געדאַרפט פאָרן קיין קאָוולע. פּערזענלעך אַדורכפירן די באַמיאונגען, און פּערזענלעך זיך אונטערוואַרפן אַ חקירה ודרישה אין דער קאָוולער פּאָליציי־שעפאַטור — פון פּאָליטישער כשרות. און דער עיקר די קלאָץ־פראַגע: צו וואָס עפּעס דאַרף ראַטנע האָבן אַן אַרבעטער־פאַראיין? ס׳זיינען אַוועק טעג און וואָכן און די לעגאַליזאַציע איז נישט אָנגעקומען. ביז אַ דאַנק אַ רעקאָמענדאַציע פון אַ קאָוולער חבר, דער השומר הצעיר טוער י. שוחט, צו איינעם אַ שטיקל מאַכער, האָט זיך דאָס אייז גערירט. און אָנפאַנג נאָוועמבער 1928 איז ענדלעך די לעגאַליזאַציע אָנגעקומען.

די ידיעה איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן שטעטל. די פרייד וואָס האָט געהערשט צווישן די אַקטיווע טוער האָט אויך אָנגעשטעקט זייטיקע, און צום קעסטל־אָוונט דעם ערשטן פרייטיק־צו־נאַכטס איז דער לאָקאַל געווען ממש אָנגעשטאָפּט, און מיט אַ סך נייע פּנימער.

מ׳האָט באַשלאָסן צו פּראַווען אַן אָפיציעלע דערעפענונג מיט אַ גרויסן יום־טוב. ס׳איז געדונגען געוואָרן דער זאַל ביי איצל לאַרבער. אויף דער זאַבלאָטיער גאַס. מיטגלידערנס האָבן געבאַקן לעקעכער מיט קיכלעך. און מיטגלידער האָבן זיך באַשטייערט מיט וואָס און מיט וויפל איינער האָט געקענט. אַלע האָבן זיך אָנגעשטרענגט אַז דער יום־טוב זאָל זיין אַ גרנַיסער און אימפּאָזאַנטער. און אַזעלכער איז ער טאַקע געווען. אין דער צווייטער העלפט דעצעמבער אין אַן אָוונט אַ פראָסטיקן, אַ שטילן, האָט אהרן שיעס טרובע מיט דער גאַנצער קאַפּעליע כלי־זמר איבערגעריסן די איינגעדרימלטע שטעטלשע שטילקייט. מ׳איז זיך פריער צוזאַמענגעקומען אין פאַראיינס־לאָקאַל. און נאָך אַ פּאָר ווערטער פון כ. וואַרשעווער, האָט מען געטרונקען אַ לחיים, און דערנאָך אַ גאַס געטאָן ווי ס׳פירט זיך אַ גלעזל בראָנפן אָקעגן סופיט איבערן עולם. אָפּגעזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל איז מען אַרויס פון לאָקאַל און אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין איבערן פאַרשנייטן איינגעדרימלטן מאַרק, צום גרויסן זאַל

ווו ס'האָבן געוואַרט די צוגעגרייטע טישן און די איינגעלאַדענע געסט, וואָס איינעקע זיינען ספּעציעל געקומען פון קאָוולע און מאַלעריטע. פאַראויס אהרן שיע מיט דער טרובע הינטער אים זיין טאַטע מיט דער פּליט און דער פּויקער מיט דער גרויסער פּויק. און דערנאָך די מאַסע פריילעכע, יום־טובדיקע זינגענדיקע יוגנט.

דאָס ערשטע און איינציקע מאָל איז אין שטעטל געפּראַוועט געוואָרן אַזאַ מין יום־טוב. און צום ערשטן מאָל האָט די האָרעפּאַשנע יוגנט זיך דערפילט דערהויבן, האָט דערפילט אַז זי איז אויך עפּעס.

כמעט אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געיום־טובט. געגעסן און געטרונקען (דאָס טאַקע בצימצום) געטאַנצט און געזונגען און היים אַפּלאָדירט די רעדנער און די פּשוטע ווערטער פון די אָנגעקומענע באַגריסונגען.

די ווייטערדיקע טעטיקייט פון פאַראיין איז געווען בלויז אָריענטירט אויף פּאָליטיש־דערציערישער אַרבעט. אויפקלערן, באַקענען, אַריינפירן אין דער אומבאַקאַנטער וועלט פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער באַוועגונג און פון די געזעלשאַפטלעכע און אידעאָלאָגישע באַוועגונגען אויף דער יידישער גאַס. פאָרלעזונגען און רעפעראַטן זיינען פאָרגעקומען אַלע פרייטיק־צו־נאַכטס און שבת נאָכמיטיק. ס'פלעגן אַמאָל אַראָפּקומען רעדנער פון קאָוולע, בריסק און אַנדערע שטעט, קיין פּאָליצייאישע דערלויבענישן וואָס זיינען נייטיק געווען פאַר אַזעלכע רעפעראַטן זיינען נישט געווען, מ'איז געווען אויסגעשטעלט אַרעסטירט צו ווערן. דעמאָלט פלעגן עטלעכע חברים זיך אויסשטעלן איבער די געסלעך וואָס פלעגן פירן צום לאָקאַל, פאָרמירנדיק אַ מענטשלעכן טעלעגראַף כדי דורך פון פריער אָפּגעמאַכטע געוויסע צייכנס שנעל מודיע זיין אין לאָקאַל אויב פּאָליציי וועט זיך באַווייזן.

אין פעברואר 1929 האָט פילסודסקים פּאָליציי אָנגעהויבן אַ ברייטע אונטערדריקונגס־אַקציע קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער באַוועגונג אין וואָלינער געגנט. אַ כוואַליע פון גרויסע מאַסן־אַרעסטן און פּייניקונגען האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער שטעט און שטעטלעך און האָט אויך ראַטנע נישט אויסגעמיטן.

דער סעקרעטאַר, וואָס איז געווען זיין צענטראַלער נערוו, האָט עמיגרירט. פון די איבערגעבליבענע טוער זיינען איינעקע אַרעסטירט און איינגעשפּאַרט געוואָרן אין דער לוצקער תפיסה, ווי דוד לאַנגער, חנא טיקטינער, אהרן שפּיראָ, לייב באַיאַן. און די איבעריקע צוליב מורא האָבן מער נישט געוואָלט אָנגיין מיט דער פאַראיינסטעטיקייט.

דער אַרבעטער פאַראיין איז געווען נאָך אַ בלום מיט אַן אייגנאַרטיקן קאָליר אין דעם שיינעם פיל־קאָלירטן קראַנץ פון אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייאישע שאַטירונגען וואָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין איר געזעלשאַפטלעכן אויסדרוק אונדזער ליב שטעטעלע ראַטנע.

ישראל האַניק

# „אַ גניבה"

יעדער ראַטנער, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך זיין בינטל זכרונות וועגן געשעענישן, וואָס זעען איצטער אוים ווי אַוואַנ־טורעס, אָבער אין יענער צייט זיינען דאָס געווען ערנסטע ענינים, און זייער אָפט שווערע פּראָבלעמען.

אין די פאַרשידענע יוגנט - אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען אין שטעטל און וואָס האָבן געהאַט אין זייערע רייען די גאַנצע יוגנט, האָבן זיך שטענדיק גע־שאַפן מאָדנע רוגזן צווישן די אָנפירנדיקע עלעמענטן און זייערע קרייזן. יזען עס האָט זיך אין אַ וועלכער נישט איז אָרגאַניזאַציע איינער פון די אָנפירער צעקריגט מיט די קאָלעגן, פלעגט ער נישט בלויז פאַרלאָזן די אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך אַריינ־טרעטן אין אַ צווייטער, אַדער גאָר זיך שאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע, כדי צו האָבן וווּ צו אויסלאָדן זיין ענערגיע. קיין איין ריכטונג, וואָס איז געווען אין פוילן האָט ביי אונדז נישט געפעלט, אָבער די גאָר וויכטיקסטע, ערנסטע, עלטסטע אין יאָרן — נים פון די מיטגלידער, נאָר פון עקזיסטענץ — איז געווען דער „השומר הצעיר".



דער החלוץ הצעיר אין 1930

אַנדערע אָרגאַניזאַציעס זיינען אויפגעקומען און פאַרשוווּנדן, דער השומר הצעיר האָט זיך כסדר געהאַלטן. האָט זיך געמאַכט, אַז אַן ערנסטע אָנפירנדיקע גרופּע פון אָט־דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך צעקריגט און איז אַוועק, בפירוש נישט צוליב

אידעאָלאָגישע חלוקי דעות. האָבן מיר פון ס'ניי געגרינדעט דעם „החלוץ הצעיר", וועלכער איז שוין געהאט מיט יאָרן צוריק פאַרשווונדן פון שטעטל. דער ערשטער „החלוץ הצעיר", ווי איך געדענק, האָט זיך געפונען אויף דער הוליאנקער גאַס, נעבן דער בריק ביי לייזער דעם דיבעטשנער. די פירער זיינען דעמאָלט געווען ל. אברוך ע"ה, וועלכער איז אומגעקומען פון אַן אַקצידענט ביי דער אַרבעט אין ארץ ישראל, ל. גינזבורג, היינט אין צפון אַמעריקע און שלמה כהן. זיי האָבן איניקע יאָר גע־פירט אַ זייער לעבעדיקע טעטיקייט און אַ פאָזיטיווע אַרבעט. בעת זייער אָנפירונג זיינען מאָטל וויינשטיין, משה שטערן און אַ סך אַנדערע חברים אַוועקגעפאָרן, פריער אין די קיבוצים און דערנאָך קיין ארץ ישראל. די אָרגאַניזאַציע איז זיך שפּעטער צעפאַלן און זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ העברעאישע ביבליאָטעק מיט הונדערטער ביכער פון גרויסן ווערט. די ביבליאָטעק איז אַריבער צום „השומר הצעיר" און זי איז דאָרט געבליבן איניקע יאָר און די אָרגאַניזאַציע האָט אויף איר גוט אַכטונג געגעבן זייענדיק איר ביבליאָטעקאר עטלעכע יאָר, קען איך דאָס באַשטעטיקן. אָבער ווי נאָר איך בין צוגעטראָטן צו דער גרופּע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן פאַרלאָזט די אָרגאַניזאַציע, האָט מען מיך מיט נאָך אַ חבר באַזייטיקט פון אמט.

אַזוי ווי מיר האָבן אָנגעהויבן אויפלעבן דעם נייעם „החלוץ", האָבן מיר גענומען זוכן מיטלען ווי אַזוי זיך אַריינצובאַקומען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָ־טעק. און מיר האָבן געפילט, אַז מיר האָבן דערצו מאָראַלישע רעכט, ווייל די בי־בליאָטעק איז דאָך געשאַפן געוואָרן פון „החלוץ". און איך האָב זיך באַזונדער גע־פילט באַרעכטיקט דערצו, ווייל איך בין אַזויפיל יאָרן געווען ביבליאָטעקאַר.

מיר האָבן אויף אַ זיצונג באַטראַכט האַלב־קאָנספּיראַטיוו דעם ענין זייער ערנסט און מיר האָבן אָנגענומען די געהעריקע באַשלוסן, וועלכע זיינען געווי אוים־



ועד החלוץ אין 1933־4 — פון רעכטס צו לינקס: עס זיצן דער קדוש בערל האָניק, אַ שליח, (אומבאַוווסט זיין נאָמען), משה גוטמאַן (ישראל), חיים איידעס (אַרגענטינע), שמחה לעקער (ישראל),; צווייטע ריי: איסער (ישראל), מאָרדער (ישראל), מ. ח. פוקס (ארגענטינע) קדוש יואל גרינשטיין און משה האָניק (ארגענטינע)

געאַרבעט געוואָרן לחלוטין בסוד. צו פירן דירעקטע פאַרהאַנדלונגען וועגן דעם מיט דעם „השומר הצעיר" האָט נישט געקענט זיין קיין רייד. מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף אַ געוואַגטן מאַנעוור, דורך וועלכן מיר האָבן די מאַכטהאָבער געדאַרפט צווינגען אָדער אײַנגאַנצן קאַפּיטולירן, אָדער אונדז צונעמען פאַר טיילווייזע שותּפים.

אויף דריי חברים איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט זיי זאָלן געניי אויסאַרבעטן און צוגרייטן דעם פּלאַן און אויך פאַרווירקלעכן און איבערהויפּט מיטדערפאָלג, ווייל אַזוי פאָדערט דער וועד און דער פּרעסטיזש פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. די דריי חברים זיינען געווען מייַע ווײַנשטאָק (היינט אין ישראל), אברהם גראַבאָוו ע"ה, (געפאַלן אין ארץ ישראל) און דער וואָס שרייבט אָט די שורות. דער פּלאַן איז געווען: פּשוט פּרובירן זיך אַרײַנצובאַקומען אין לאָקאַל, אויפרייסן די שאַפע און אַרויסנעמען אַ פּאָר הונדערט ביכער און זיי ערגעץ באַשטעקן — און שפּעטער מעלדן דעם וועד פון דער תּרבות שולע און איר פירער און לערער נח קעצקער ע"ה, וועלכער איז געווען פון די געאַכטעטסטע און חשובֿע מענטשן. דער דאָזיקער וועד האָט געדאַרפט דערליידיקן דעם ענין. דער טאָג, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער אַקציע, האָט זיך דערנענטערט און דאָס איז אויסגעפאַלן ערבֿ יום־כּיפּור צוליב געוויסע טעכנישע מאָטיוון איז דאָס געווען דער בעסטער אָוונט, ווייל דער לאָקאַל וועט זיין פאַרמאַכט צוליב ערבֿ אַ יום־טובֿ, ווען אַלע זיינען פאַרנומען און פאַרטאָן אין די היימען מיט כּפּרות־שלאָגן מיט שוחטים און רייניקן...

מיר זיינען אַוועק אין אָוונט צו כּמיעליערן, ווו זיי האָבן געהאַט דעם לאָקאַל מיט גרויסע זעק און אַ שטיק אייזן אויף צו קענען עפענען די טיר און אויך די שאַפע. די שטובֿ־מענטשן זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען און זיי האָבן אויף זיכער געמיינט, אַז די חבֿרה זיינען, ווי אַלע אָוונט, געקומען אין לאָקאַל אַריין אַהודבצופירן זייערע שיחות און פאַרוויילונגען. מיר האָבן מיט אַ מערקווירדיקער דריאַקייט אַרויסגענומען די וויכטיקסטע ביכער מיט דעם בוך רעגיסטער. און די נייע ביכער וואָס זיי האָבן ערשט נישט לאַנג דערהאַלטן, איינגעפּאַקט זיי אין די זעק. האָבן מיר זיך אַרויסגעשלייכט אין דער פינצטערער הוליאַנקער גאַס ביז צו אלעזור דעם קאַניאַך, סטאָלינער חסידם שטובֿ. דורך אָט־דעם געסל זיינען מיר אַריבער צו די גוישע געסלעך ביז צו אונדזער שפּייכלער, וואָס האָט זיך געפונען ביי די קלאַטקעס. ווי שווער דאָס טראָגן ביכער איז, האָבן מיר ערשט דעמאָלט דערפילט, אַז ס'איז זייער אַ שווערער לאַסט וואָס דריקט. אַזוי האָבן מיר זיך אַריבערגעדראַפּעט איבער איניקע פּלויטן, ווו הינט זיינען אונדז באַפאַלן — ביז מיר זיינען מידע און פאַרשוויצטע געקומען צו דעם ציל בשלום. אַרום דעם שפּייכלער האָבן מיר געהאַט אַן אַלטע שטובֿ, וואָס איז געווען אָנגעפּילט מיט שמאַטעס, אַהין זיינען מיר אַריין אין דער פינצטערניש און באַהאַלטן דעם גייסטיקן אוצר, נאָך איניקע שעה פון שווערער אַרבעט. געוווּסט האָבן מיר אַז מיין ברודער בערל ע"ה (אומגעקומען דורך די נאַציס 1942), וועלכער איז געווען און געבליבן דער געטרייסטער השומרניק, וועט אויף זיכער לויפן זוכן אַהין — אָבער מיר האָבן אַזוי קינסטלעך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט נישט געפינען. דעם רעגיסטער־בוך מיט די וויכטיקסטע פּאַפּירן האָט אַוועקגעטראָגן מייַע צו גיטל קאַרש ע"ה (אומגעקומען דורך די נאַציס אין 1942) און דאָס אַרײַנגערוקט אין הרובֿע.

צומאָרגנס גאָר פרי האָבן מיר געהאַט אַ עקסטרע זיצונג איבערגעבנדיק אַלע אונדזערע אָנהייזן דערפילנדיק דעם באַשלוס, און מיר האָבן געשיקט אַ בריוו צו קעצקערן מעלדנדיק וועגן אונדזער באַשלוס.

אין שטעטל איז געווען פריילעך, ס'האָט געראַשט און געקאָכט. די יוגנטלעכע פון אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום תּרבות שולע. די השומר־

הצעירניקעס זיינען ארומגעלאָפן זוכן. מיין ברודער בערל ע"ה איז געלאָפן אין שפּייכלער זוכן, אָבער זיי האָבן נישט געפונען, קעצקער האָט דערווייל פאַרופן איף אַן עקסטרא זיצונג אויף צו דערליידיקן דעם ענין נאָך איייניקע שעה שווערע ראנגלעניש איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער אורטייל: 1) אַז זיי אָנערקענען פאַר דעם החלוץ-הצעיר צוויי פאָרשטייער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק און 2) מיט דעם באַדינג אַז די „גנבים" זאָל מען נישט שיקן אין דער פאַרוואַלטונג. מען האָט אונז אַריינגערופן, און פאַרגעלייגט דעם אָפּמאַך, וועלכע אַלע האָבן אונטערגעשריבן. אונדזער גרופּע האָט אַריינגעשיקט אונדזערע חברים שמואל גאָלדמאַן (היינט אין ישראל) און בתיה חיט ע"ה אין דער פאַרוואַלטונג.

# ראָטנער אין קאַמף פאַר- אונדזער היימלאַנד

# קעמפער און בויער פון דער ייד׳ישער מדינה

צוריק מיט צענדליקער יאָרן האָבן פיל ראַטנער יוגנטלעכע עולה געווען קיין ישראל און דאָרט געוואָרן די בויער און שמידער, און מיטבאַטייליקטע אין העראָאישן אויפבוי־ווערק פון דעם נייעם יידישן לעבן.

ראַטנער יוגנט האָט מיטגעשטייערט מיט זייער שוויים און בלוט פאַר דעם לאַנד און פאָלק. און איינצלנע טרייע זין זיינען געפאַלן אויף דעם מזבח פון גאולת־העם אויף זייער וואַך־פאָסטן.

צווישן די ערשטע געפאַלענע איז געווען דער בן־עיר איצי בער טאָקער צוזאַמען מיט דעם העלדישן פירער יוסף טרומפעלדאָר און זיין גרופּע, שפּעטער זיינען געפאַלן די חברים א. גראַבאָוו און לייבל אברוך, וועלכע זיינען געווען פון די אַקטיווסטע אין דער קיבוצישער באַוועגונג. די לעצטע צוויי זיינען באַערט געוואָרן מיט באַזונדערע אויסגאַבעס, געווידמעט זייער אָנדענק. מיר ברענגען אין דעם דאָזיקן פנקס פיל פון זייערע לידער און סקיצן און אויך פיל וואָס זייערע חברים האָבן געשריבן וועגן זיי.

## דער ראַטנער איצי בערל טאָקער צווישן די גיבורים פון תל חי

צווישן די גבורים און קדושים, וועלכע האָבן אינאיינעם מיט יוסף טרומפעלדאָר פאַרטיידיקט תל־חי און זיינען דאָרט געפאַלן, איז געווען אויך אַ ראַטנער. זיין נאָמען איז געווען איצי־בערל טאָקער; ער איז געווען איינער פון די געטרייסטע און איבערגעגעבנסטע חלוצים אין ארץ־ישראל.

תל־חי געפינט זיך אין אויבערשטן גליל, אין ווייטסטן צפון פון לאַנד. אין יענער געגנט האָבן זיך געפונען ישובים־אַוואַנגאַרדן און געפאָרן אַהין זיינען נאָר מוטיקע, וועלכע האָבן געוווסט, אַז זיי וועלן דאָרט כסדר זיך געפינען ביי שווערער אַרבעט און אויף אַ פראָנט. די צוויי קיבוצים כפר גלעדי און תל־חי האָבן געהאַט אויסצושטיין די שווערסטע און געפערלעכסטע קאַמפן.

אין תל־חי האָט זיך געפונען יוסף טרומפעלדאָר, איינער פון די הערלעכסטע און העלדישסטע פיגורן, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרמאָגט אין משך פון זיין גאַנצן קיום. טרומפעלדאָר האָט געהאַט מיט זיך אַ שטאַב פון געקליבענע חלוצים און די יידן פון ראַטנע וועלן אויף שטענדיק זיך פילן שטאָלץ, וואָס אין אָט דעם שטאַב איז געווען זייער בן־עיר בערל טאָקער.

דער לאָזונג פון יוסף טרומפעלדאָר איז געווען — נישט אָפּטרעטן קיין שום פּאָזיציע פון לאַנד. תל־חי איז אין יאָר 1920 געווען אַ גאָר געפערלעכע פּאָזיציע און דאָרטן האָבן שטענדיק געפייפט פאַררעטערישע קוילן איבער די קעפּ פון די יידן. און טרומפעלדאָר מיט זיין שטאַב האָבן נישט אָפּגעטראָטן.

געפאַלן איז טרומפעלדאָר אינאיינעם מיט זיינע באַגלייטער אין י״א אדר פון תר״פ (צוריק מיט פיר און דרייסיק יאָר). אַ פאַררעטערישע באַנדע בעדואינער

האָבן דערקלערט, אַז זיי זיינען געקומען זוכן פראַנצויזן און מען האָט זיי אַריינגע־לאָזט און זיי האָבן גענומען באַלד שיסן און צום ערשטן האָבן זיי דערשאָסן אַ פרוי — דבורה דראַכלער. טרומפּעלדאָר איז געפאַלן פון אַ פאַררעטערישן שאָס בעת ער איז געלאָפן דורך דעם הויף און אויך אונדזער בן־עיר איצי־בער טאָקער איז גע־פאַלן, ווען ער האָט געפּרוווט דורכלויפן דעם הויף. עס איז באַוווּסט, אַז טרומפּעל־דאָר האָט פאַר דעם פאַרמאַכן אויף אייביק זיינע אויגן געזאָגט די ווערטער: „טוב למות בעד ארצנו" — ס'איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד. מיט די זעלביקע ווערטער האָבן מיסתמא אַלע זיינע באַגלייטער פאַרמאַכט די אויגן.

ביים אָנקומען קיין כפר גלעדי און תל־חי טרעפט מען אַ מאָנומענט, וואָס שטעלט פאָר אַ לייב וואָס ברומט אין מדבר אַריין און אין דער גאַנצער וועלט. דאָס איז דער מאָנומענט וואָס איז געשטעלט געוואָרן די העלדן פון תל־חי און אונטער אָט דעם




קבר אחים פון יוסף טרומפּעלדור און זיינע חברים, צווישן זיי דער ראַטנער איצי בערל טאָקער.

מאָנומענט געפינט זיך דער ברידער־קבר, ווו עס ליגן די גופים פון דבורה דראַכלער, בערל טאָקער, יוסף טרומפּעלדאָר, בנימין מונטער, שרה טשיזשיק, שניאור שאַ־פּאָטשניק, אהרן שער און שאַרף. דער צווייטער דערמאָנטער, איצי־בערל טאָקער, ווי געזאָגט, איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין ראַטנע.

איצי־בערל טאָקער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1890 ביי די עלטערן חיים יידל און צירל טאָקער. זיי האָבן געהאַט 10 קינדער. אַליין בעלי־מלאכות פון באַ־לעבאַטישע און פאַרצווייגטע פאַמיליעס אין ראַטנע, האָבן זיי זייערע קינדער דער־צויגן אין גייסט פון יידישקייט און אָרנטלעכקייט.

אין יאָר 1913, אַ יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך איצי־בערל מיט זיינעם אַ ברודער (אַ צווילינג) צוגעשטעלט צום פּריזיוו. אין יענער צייט האָט

די רוסישע מאַכט פון אַ צווילינג אויסגעקליבן איינעם, אָבער איצי־בערל וואַרט נישט אויף דעם אויסוואַל, נאָר ער פאָדערט אַז מ׳זאָל אים צונעמען צום דינסט. ער איבערצייגט די מאַכט און די עלטערן אויף צו פאַרטרעטן דעם ברודער און אַזוי גייט ער אַוועק אין דער רוסישער אַרמיי דינען.

שפּעטער־צו ביי דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, ווען ער הערט סוף מלחמה דעם רוף וועגן דעם יידישן לעגיאָן, איז ער פון די ערשטע וואָס שליסן זיך אָן און גייט דעם וועג פון די ערשטע פּיאָנערן פון חלוצישן גייסט.

אין ישראל קומט ער אין קאָנטאַקט מיט דעם גרויסן היסטאָרישן העלד יוסף טרומפּעלדאָר און ווי דער גורל האָט געוואָלט, שליסט ער זיך אָן אין זיין גרופּע און פאַלט צוזאַמען מיט די לעגענדאַרע העלדן אין תל־חי, וועלכע וועט פאַרבלייבן איי־ביק ווי די שענסטע העראָאישע טאַט אין דעם יידישן פאָלק.

ראַטנער לאַנדסלייט פילן זיך באמת שטאָלץ, וואָס ביי דעם וויגעלע און אָנהייב פון די חלוצישע טעג האָט זיך געפונען אַ זון פון דער פאַרצווייגטער פאַמיליע טאַ־קער, וועלכער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דער גרופּע אין דער שפּיץ פון י. טרומ־פּעלדאָר אויף דעם מזבח פון גאולת־העם.

ישראל האָניק

# אברהם גראַבאָוו

ס'דערמאָנט זיך די איינדרוקספולע ווינטער־נעכט אין דעם קליינעם צימערל פון דער חלוץ־אָרגאַניזאַציע, ווו עס האָט דער עלטערער חבר געלייענט די וואונדערבאַרע פּאָעמע פון יצחק למדן — „מסדה"...

מיר האָבן מיטגעלעבט און מיטגעריסן געוואָרן מיט דער פּאָעמע, ווייל אויך אונדזער ווירקלעכקייט איז געווען ענלעך צו די זעלבע פּיינלעכעליידן. אין די היימען אַ דערשלאָגנקייט פון די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, פון שטייערן און עקזעקוטאָרס, און דאָס טרויעריק־באַרימטע וואָרט פּרנסה וואָס פלעג שטענדיק ליגן ביי די פאַמיליע־לייט אויף די ליפּן; די פרישע דערינערונגען פון דער מלחמה, פון פּאָגראָמען און הונגער־טעג. און אין די זאַכלעכע ביז גאָר ערנסטע דיסקוסיעס, וואָס זיינען געווען אָנגעפולט מיט אַ ביטערן וויי, האָט אברהם שטענדיק מיט אַ גלאַנץ אין די טיפע בלויע אויגן, אָנגעוויזן דעם וועג, דער לעצטער און אַנטשיידענער וועג, ווו מיר וועלן זיך קענען אויסלעבן און אויסלייזן פון די אַלע פאַראורטיילן, פון גלות צרות און פון די גייסטיקע פּיינען, דער וועג צו אַ בעסערער און שענערער וועלט, וואָס מיר ווילן בויען און שאַפן פאַר זיך און פאַר אַנדערע. די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, ווי דער יחיד אין דער געזעלשאַפט, זאָל פאַרשטיין און באַגרייפן דעם הומאַניטאַרן זין פון וואָרט מענטש, ווו אַלע וועלן געפינען זייערע היימען, אויף קאָלעקטיווע יסודות, ווו אונדזער לעבן וועט אָנגעפולט ווערן מיט אַן אינטערעס...

אין זומערדיקע טעג, אין שטעטלדיקן לאַנגוויל און אין מעלאַנכאָלישע פאַריאושטע שטימונגען, פון פוסטקייט פון ליידיק גיין, פלעגן מיר גיין אין די פעלדער, אויף די גראָזן, ליגן, לייענען און שמועסן פון אַזוי פיל פראַגן און פראָבלעמען.

מיט אַן אומדערמידלעכער ענערגיע האָט אברהם געפירט זיין שמועס מיט אַ שלל פון געדאַנקען, אַזעלכע שאַרפזיניקע און דורכגעטראַכטע, כאָטש עס האָט געוויעט אַן אומעט און אַ פעסימיסטישער גייסט פון ברענערן, גנעסין, בייראָן און עס האָט גענאָגט אַזוי אין אונדזערע הערצער. מיר האָבן געזוכט אַן אינטערעס וואָס זאָל אָנפילן אונדזער זיין. שעהנווייז פלעגט מען אָפּליגן אין דעם שטילן רואיקן שאַ.

דאַן האָבן מיר אַנטגילטיק אָנגענומען דעם קיבוץ, די סאָציאַליסטישע קאָמונע פאַר אונדזער צוקונפט, און אברהם האָט עס אויסגעדריקט אין אונדזער העקטאָגראַפישן זשורנאַל „ביטוים" וואָס מיר פלעגן אַרויסגעבן.

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין קלאָסאָוו, דער באַרימטסטער און גרעסטער קיבוץ און אויך דער שווערסטער פאַר אַזאַ מענטש ווי אברהם. נאָך איינִיקע מאָנאַטן האָט מען אים געשיקט קיין וואַרשע אין חלוץ־סעמינאַר, ווו ער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו לערנען און קענען ברענגען נוצן דער באַוועגונג, פון אַזעלכע גרויסע ווי י. גרינבוים, י. שיפּער, טאַבענקין און בנארי. און פון דאָרט איז ער אַריין אין דער באַוועגונג, אין איר דעם אינטערעס געפונען, אַ דערלייזונג פאַר זיך און פאַר אַלעמען; דעם אידעאַל גענומען פאַרווירקלעכן און פּרעדיקן אין די אַלע שטעט און שטעטלעך פון וואָלין און שפּעטער איבער גאַנץ פּוילן...

מיר האָבן זיך געשיידט מיט זיבן יאָר צוריק, אין קאָוועל, בלויז געציילטע שעהן האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען, דערמאָנט זיך זכרונות און געפירט אַ געמיטלעכן שמועס, וועגן מיין און זיין צוקונפט.

איך האָב דאַן דערוואַרט אַרגענטינע מיט אַ טיפן צווייפל, מיט שרעק געקוקט און געגלויבט אין צופאַל וואָס האָט מיר אויסגעזען אַזוי פעסימיסטיש, און פאַרשטאַנען אַז כ'וועל פאַרשלונגען ווערן אין דעם כאַאָס, אין דעם אייביקן ווירוואַר.



אברהם גראַבאָוו

אַ פוסטע שטילקייט האָט געהערשט אין די צימערן פון החלוץ־לאָקאַל, בלויז זאַלבע צוויי זיינען מיר געווען. ס'איז געווען כמורנע אין דרויסן, און אַ אומעט האָט געוויייעט אַרום, וואָס ווער אונדז שפּעטער שיידן אויף צוויי וועגן.

ס'זיינען געווען אומדערטרעגלעכע מינוטן פון טיפן שטילשווייגן. זיינע אויגן האָבן געקוקט און מיך באַדויערט, ער איז געווען גליקלעך: „אין אייניקע יאָר אַרום וועל איך דערגרייכן מיין אידעאַל, פאָרן קיין ארץ־ישראל, אַריינטרעטן אין קיבוץ און דאָרט זיך אויסלעבן. יאָ, דאָס וועט פאַרענטפערן אַלץ. דערוויייל געפין איך אַ אינ־האַלט אין דער באַוועגונג. כ'בוי און העלף שאַפן אַ נייע לעבן, פאַר נייע מענטשן"...

און אויף אַ זייער באַשיידענעם אופן האָבן מיר זיך געזעגנט אויף דער באַן־סטאַנציע, מיט אַ טיפן האַרציקן להתראות — — — — — — — — — — — — — —

אין 1929 אין די אב־געשעענישן, ביי אַ פאַרזאַמלונג פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט אַן עלטערער חבר געוועדט וועגן דער סיטואַציע, און גערופן פאַרצוזעצן די אַרבעט פון די קרבנות, בויען און שאַפן. אברהם האָט זיך דאַן צעוויינט, דאָס געפיל־פול

האַרץ האָט געװײנט פאַר דעם ליכטיקן אַנדענק פון די קרבנות — און היינט, צען יאָר שפּעטער, איז ער געפאַלן דורך װאַנדאַלישע פחדנותדיקע הענט אין ירושלים... דריי יאָר געװען גאַפיר, פאַרטיידיקט די געפערלעכע פלעצער, און איצט װען מען האָט אים געשיקט אין סעמינאַר, װייטער צו שטודירן און לערנען, איז ער דערמאָר־דעט געװאָרן... איבערגעריסן געװאָרן אַזאַ לעבן, װאָס מען האָט פון אים פיל דער־װאַרט.

און טויזנטער װעלן קומען פאַרזעצן אונדזער באַװעגונג, און פאַרהייליקן דיין אַנדענק... װי טראַגיש ס'איז דער גורל, — און װי אומגלויבלעך דאָס איז, אַז אברהם גרבוב, דער חבר און יוגנטלעכער, איז אויך אין דער אייביקייט.

(געדרוקט אין „די נייע צייט", בוענאָס־איירעס 1939)

# אברהם גראַבאָוו



אין יאָר ת"ש (1940) איז אין רמת־הכובש דערשינען אַ ביכל פון 120 זייטן מיטן נאָמען „אברהם גרבוב" (אברהם גראבאָוו), וואָס האָט דעם אונטערטיטל „קובץ לזכרו" (אַ זאַמלבוך צו זיין אָנדענק). אַרויסגעגעבן איז דאָס ביכל, צום ערשטן יאָרצייט זייט אַברהם גראַבאָוו איז דערמאָרדעט געוואָרן, פון קיבוץ רמת הכובש און פון דער אָרגאַניזאַציע „החלוץ הצעיר דרור". אַברהם גראַבאָוו האָט געשטאַמט פון דעם שטעטל ראַטנע און ער איז געווען אַ יונגער חלוץ, אַ פאַרחלומטער, אַ ראָמאַנטישער, אַ בחור מיט אַ נאַטור פון אַ דיכטער און דאָך אַ זייער אַקטיווער און דער גורל האָט געוואָלט, אַז ער זאָל אומגעבראַכט ווערן ביי די טויערן פון ירושלים, אין עלטער פון אַריבער פינף און צוואַנציק יאָר, פון אַן אומבאַקאַנטער, מערדערישער אַראַבישער האַנט.

דאָס זאַמלבוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אונדזער לאַנדסמאַן באַשטייט פון יוגנטלעכע שירים פון אברהם גראַבאָוו, זיינע פאַרצייכענונגען און בריוו און פון אייניקע אַרטיקלען וועגן אים. מיר וועלן דאָ איבערגעבן באַריכות דעם תמצית פון דער דאָזיקער בראָשור.

## ביאָגראַפישע נאָטיצן

די ביאָגראַפישע נאָטיצן נעמען מיר אַרויס פון דעם אַרטיקל פון מ. קליגער. געבוירן געוואָרן איז אברהם גראַבאָוו תמוז תרע"ד (1914) אין אוקראַינישן דאָרף ראָקיטי. ער איז געווען דער מיזינעק אין אַ גרויסער משפחה, וואָס איז געווען פאַרמעגלעך און ער איז געווען אַ ליבלינג אין אַט דער משפחה. ווען ער איז אַלט געווען פינף יאָר, זיינען די עלטערן זיינע אַריבערגעפאָרן אין דעם קליינעם שטעטל ראַטנע. קליין איז געווען דאָס שטעטל, אַ שפּאַן און מען איז אויף דער בריק איבער דעם פּריפּעט, וואָס טיילט אָפּ דאָס שטעטל פון די פעלדער. ווען ער איז נאָך געווען אַ

קלײן קינד, איז אַריבער אַ בלוטיקע כוואַליע איבער דעם שטעטל און ער האָט געזען ווי יידן אַנטלויפן פאַר בולאַק בולאַכאָוויטשעס באַנדעס און באַהאַלטן זיך אין די פעלדער און וועלדער. ער האָט געזען קאַשמאַרן. ער האָט געזען ווי מען הרגעט אַ יידן. די עלטערע שוועסטער שטעלט איין איר לעבן צו ראַטעווען דעם פאָטער. דער גוי דער קאָנדוקטאָר, האָט זי געוואָלט אומברענגען און זי שפּרינגט אַרויס פון וואַ־גאָן, בעת די באַן לויפט און אַנטלויפט אין וואַלד אַריין. די דאָזיקע איבערלעבעניש האָט אים כסדר געפּלאָגט און באַהערשט. זי האָט אים גערופן און געשטויסן. ער האָט געפילט אַ ווייטיק, אים האָט געברענט אַ געפיל פון נקמה און אַ כסדרדיקער פאַרלאַנג צו באַווייזן יידישן כוח און יידישן שטאָלץ.

דאָס שטעטל, ווי געזאָגט, איז געווען אַ קליינס, מיט אַ שמאָלן האָריזאָנט, אָבער ער האָט געהאַט אַ רייכע אינערלעכע וועלט. דעם קליינטשיקן אַברהם האָבן געפּלאַגט אַלערליי פּראָבלעמען פון זיין, זין, תכלית, טויט און לעבן. קיין ענטפער אויף אַלע פּראָבלעמען האָט ער נישט געפונען, האָט ער געפילט אַן אומאויפהערלעכן טרויער. ער האָט געהאַט אַן עלטערן חבר, אַ מענטש מיט ווייסן, אַ אָנגעלייענטן, אָבער אויך יענער איז געפּלאָגט געוואָרן פון אַלערליי פראַגן, אויף וועלכע ער האָט קיין ענטפער נישט געהאַט. ער האָט מיט אים שפּאַצירט אין פעלד, אָט איז ערד און אָט איז הימל און אָט באַרירט דער הימל די ערד, אָבער וווּ איז דער ענטפער?

אַברהם גראַבאָוו איז געווען אַ שיינער, קרעפּטיקער בחור, ער האָט געהאַט אַביסל דאָס אויסזען פון אַ „שייגעץ", די יוגנט האָט אין אים געזונגען, דער גייסט פון פרילינג האָט אים גערופן. דאָס לעבן האָט דאָך אויך פרייד, חוץ פּראָבלעמען. אים האָט גערופן די יוגנט צו ייִנגלישקייט, צו שאָלטיקישקייט, צו געזאַנג פון פייגל און צו אַלערליי „נישט־יידישע זאַכן".

און ווער קען איבערגעבן וואָס די ווערטער, „ארץ ישראל", „החלוץ" און „קלאָסאָווא"" האָבן געזאָגט צו אַ יידיש קינד אין וואָלין? די אַלע ווערטער פלעגן אַרויסגעזאָגט ווערן מיט דער זעלביקער ליבע, מיט וועלכער מען האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער טאַטע־מאַמע, אָדער דעם נאָמען פון געליבטן מיידל. לערנענדיק דעם תנ"ך האָט אברהם איינגעזאַפּט די ליבע און די בענקשאַפט נאָך ארץ ישראל. און די חלוצים, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט רעוואָלט געזאַנגען און „הפקר כאַ־ליאַסטרע" אין די שטעטלעך אַריין. האָבן שאַרפער געמאַכט דעם חלום. און קלאָ־סאָווא, דאָס וואונדערלעכע אינדזל אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון פוילן, ביים עק פון דער גרענעץ, האָט פעלזיקע ערד און יידן אַרבעטן דאָרט ווי גויים, זיי זינגען שטורמישע לידער און לאַכן אויס קליינלעכקייטן, „באַלעבאַטיש" לעבן און זיי שטרעבן צו אַ גאַנצן איבערקער און זיי זינגען דאָס ליד פון מאָרגן. אַ ייד שעמט זיך נישט מיט קיין אַרבעט, אַ יידישער בחור און אַ יידיש מיידל שעמען זיך נישט מיט קיין קליידער פון שמאַטעס אויף די קערפּער און מיט קיין „גומעס" אויף די פיס. קלאָסאָווא איז געווען אַ לעגענדע, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער פוילן.

אברהם, דער פופצן יאָריקער בחור איז „געפלויגן" קיין גראָכאָוו, אָבער דער אַגראַרער „משק" (ווירטשאַפט) זיינער איז אַ קליינער, אויף ווינטער בלייבן דאָ זייער ווייניק בחורים, די מיינסטע פאָרן אַהיים צו די עלטערן. עס איז דאָ צו־רואיק. צו ענג. ס'איז נישט דאָס דאָזיקע געזאַנג, וואָס האָט פאַרכישופט, נישט דאָס דאָזיקע ליד, וואָס האָט גערופן צו פאַרלאָזן דאָס הויז פון טאַטע־מאַמע. אַברהם קערט זיך אום אין שטעטל אַריין אויף עטלעכע חדשים און דערנאָך פאָרט ער קיין קלאָ־סאָווא, צו די האַרטע שטיינער, צו דער גרויסער און שטורמישער חברה. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו שווערער אַרבעט — אין איר האָט ער אויסגעלאָדן זיינע פי־זישע און גייסטיקע כוחות. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג זיך צו פאַרמעסטן מיטן

שטארקן צו פילן אין אייגענעם לייב דעם הייליקן ציטער, וואָס דער ניי־געבוירענער שטייגער רופט אַרויס. ער האָט ליב געהאַט צו האָבן פאַרוואונדעטע הענט, פרווון דעם כוח, דעם גאַנצן כוח. די גרינגע אַרבעט האָט אים נישט געצויגן. האָקן שטיין, אַר־בעטן אויף דעם שאָסיי, ביי זעגן האָלץ — דאָס איז געווען זיין פאַרלאַנג.

ער האָט געלערנט אין יאָר 1930 אין צווייטן וועלטלעכן חלוץ־סעמינאַר. ער האָט זיך געפונען צווישן בחורים, וואָס זיינען געווען עלטער פון אים און ער איז געווען קאָנצענטרירט אין זיך. מען האָט דאָרט זיך אָפּגעגעבן מיט פּראָבלעמען פון דער באַוועגונג. מען האָט פאַרבראַכט וואונטן אין געזאַנג. נאָענט צום ענדיקן דעם סע־מינאַר איז דערשינען די צייטונג „החלוץ הצעיר". און אברהם, דער דאַזיקער, וואָס האָט שטענדיק געשוויגן, האָט זיך דאָרט באַוויזן מיט אַ סקיצע און גערופן אויפ־מערקזאַמקייט. עס האָט אַ בליץ געטאָן אַ דיכטער. נאָך איידער ער איז אַוועק צו



אברהם גראַבאָוו אַלס חבר פון דער הגנה

דער הכשרה, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ צייטונג אינעווייניק אין סניף, אונטער דעם נאָמען „ביטויים„, אין וועלכער ער האָט פאַרעפנטלעכט אייניקע סקיצן. אייניקע פון זיי זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער צייטונג „להבות", וואָס די וועלט־צענטראַלע פון חלוץ האָט אַרויסגעגעבן אין פוילן. אַ בילדערישע שפּראַך, האָט ער געהאַט. דאָס אַבסטראַקטע איז ביי אים געוואָרן קאָנקרעט. דער אויסדרוק איז גע־ווען אַ לויטערער קלאַנג, אַן אייגנאַרטיקער, אויסגעהאַקט „פון זיין האַרץ און פון זיין פּעלז" (זיינער אַן אויסדרוק בכתב און בעל פּה). אַלץ איז אין אים געווען אויס־

געהאקט פון אינעווייניק. מען האָט אין זיינע רייד שטענדיק געפילט די ליידן פון שאפן, אַ שטרעבונג צו זיין מענטשלעכן אמת. זיין שפּראַך איז געווען אַ פּאָעטישע, נישט קיין אנטליענע, נייערט אַן אייגענע, אַן אָריגינעלע.

ער האָט געהערט צו די ערשטע אבסאָלווענטן, וואָס זיינען פון קינדוויז אָן דערצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג. דאָס איז געווען אַ טייערע גרופּע, וואָס איז געווען די בריק צווישן דער באַוועגונג און דער יוגנט באַוועגונג — החלוץ הצעיר.

דאָס איז געווען אין יאָר 1930. די חלוצישע באַוועגונג האָט זיך געפונען אין קלעם. די טויערן פון ארץ ישראל זיינען געווען פאַרמאַכט. די הכשרה איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער אין צאָל. איינזאמע אינדזלען זיינען געבליבן, וואָס האָבן געהיט די באַוועגונג. און אָט איז געקומען אַ גרופּע, וואָס האָט געלערנט, איינגעזאַפּט אַלע ווערטן, ער איז געווען געטריי און איבערגעגעבן. יאָטן האָבן זיך געלאָזט איבער אַלע שטעגן פון גרויסן פּוילן און זיי האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו בויען נייע צווייגן פון דער באַוועגונג. עס איז געווען ערב דעם צווייטן לאנד-צוזאמענפאָר פון החלוץ הצעיר, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאי 1931 אין דאָמאטשעווע. אַברהם האָט דעמאָלט מער ווי אַלע געלעבט אין די געדיכטענישן פון דער באַוועגונג. ער האָט שטענדיק געוואַנדערט. ער איז געגאַנגען מעיר לעיר ומכפר לכפר, ער האָט אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע פעיקייט צו פאַרכאַפּן און איבערצייגן קינדער און יוגנטלעכע, צו וועלכע ער האָט זיך דערנענטערט מיט אַ סך ליבע. ער האָט באַשטראַלט זיין אַרום. ער האָט געזונגען מיט אַ שטאַרק, אַ מענעריש קול. מען האָט אים באַוואונדערט. אויך אין ארץ האָט ער דערנאָך אַרויסגערופן באַוואונדערונג. ער איז אַריינגעטאָן געוואָרן מיט לייב און לעבן אין דער אַרבעט. זיינע בריוו געבן אַ פול בילד פון דער דאָזיקער אַרבעט. ער האָט פאַרמאָגט הומאָר און קונדייסישקייט.

דאָס איינוואָרצלען זיך אין ארץ ישראל, אין דער ווירקלעכקייט פון דער קבוצה איז געווען שווער. עס איז געווען טאָפּלטע אַרבעט — פיזישע און גייסטיקע, אין פעלד און אין דער געזעלשאַפט. נאָך אַן איינזאמען ווינטער אין כפר סבאָ, איז ער אַריבערגעפאָרן קיין רמה און די זומער חדשים פון 1936 האָבן אים צוגעבונדן צו יענעם אָרט. ער האָט זיך באַטייליקט אין רעדאקטירן דעם טאָג-בוך פון „משק". סוף זומער פון זעלביקן יאָר האָט ער געוואַנדערט ביי דער אַרבעט פון די כבישים (שאָסייען) און ער איז אַהיימגעקומען נאָר אויף שבת. ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט אויף די שאָסייען, האָט ער געהאָפט צו בלייבן אויף דעם פּלאַץ און קענען בויען רמה אינאיינעם מיט די חברים, אָבער אין כפר סבאָ איז פאָרגעקומען אַ גרויסער קריזיס און הברים פון רמה האָבן זיך געמוזט אומקערן קיין כפר סבאָ. און אַן אסיפה האָט פאַרלאַנגט, אַז אברהם זאָל זיך אויך אומקערן אַהין. דאָס ווירקט אויף אים דערשלאָגנדיק און ער ראַנגלט זיך ווידער אין די געדאַנקען מיטן טרויער. ער האָט ווידער געמוזט וואַנדערן, זיין אָפּגעזונדערט פון חברים און ער האָט אַזוי נייטיק געזעלשאַפטלעכקייט. ער האָט ווידער איבערגעלעבט אַ ווינטער פון איינזאמקייט, האָפנדיק, אַז ער וועט זיך אומקערן קיין „רמה". און ווידער איז געקומען אַ זומער — 1937 — מיט שווערע איבערלעבונגען. אַברהם איז געווען יונג, האָט פאַרמאָגט ווייניק בילדונג און ווייניק עקספּעריענץ, אָבער ער האָט געהאט אַן אינעווייניקסטע רייכע וועלט.

און נאָך אַ שאַרפן וויכוח מיט חברים, האָט ער נאָכגעגעבן צו ווערן אינסטרוקטאָר אין דער קבוצת-הכשרה פון דעם „נוער הציוני". נאָך געוויסע וואַקלענישן ווייזט זיך אים אויס, אַז ערשט איצטער האָט ער געפונען דעם ריכטיקן וועג. אָבער אין „רמה" איז דעמאָלט געשען אַן אומגליק. אַכט חברים זיינען דאָרט געפאַלן. צווישן זיי פיר זייער נאָענטע זיינע. ער האָט אַלע מאָל געדאַרפט אַוועק אין אַ

זינקל און זיך אויסוויינען. ער האָט געדאַרפֿט האָבן אַ סך כּוח זיך צו קענען באַהערשן. די אַרבעט האָט אים געשטאַרקט. יעדע ניי־געקומענע משפּחה, יעדער נייער בוים אַפילו האָט אין אים אַרויסגערופֿן נייעם גלויבן.

און ער איז געפֿאָרן קיין ירושלים, צום סעמינאַר פֿון די אינסטרוקטאָרן פֿאַר דעם יונגן עולה, האָט אַרויסגערופֿן ביי אים אַ זאָרג, אַ פֿרייד. אָבער באַלד ווי ער איז געזעסן אויף דעם וועג אַהין, ווען ער איז נאָך געווען אין טויער — האָט אים געטראָפֿן די האַנט פֿון טויט. ווען ער איז בלויז אַריין אין טויער.

## זיין לעצטער טאָג

די רעדאַקציע דערציילט וועגן אברהם גראַבאָווס לעצטן טאָג. דאָס איז געווען זונטיק, פֿערצן טעג אין אייר תּרצ״ט (1939). ער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון רמת הכּובֿש צו באַטייליקן זיך אין סעמינאַר פֿאַר די אינסטרוקטאָרן פֿון די יוגנטלעכע עולים און דינסטיק פֿאַרנאַכט האָט זיך אין רמה באַקומען אַ טעלעפֿאָנישער רוף פֿון ירושלים, אַז אַברהם גראַבאָוו איז געפֿונען געוואָרן אַ דערהרגעטער אין אַ ריטשקע וואַסער אין דער געגנט פֿון גבֿעת שאָול. מען האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט פֿון אַן אַראַביש מיידל, וועלכע האָט דאָס דערציילט אַן עלטערן ייִדן פֿון גבֿעת שאָול און יענער האָט דאָס איבערגעגעבן דער פּאָליציי. די מעדיצינישע אונטערזוכונג, אַז צוויי קלעפּ אין נאַקן מיט אַ שטומפּיקער כּלי האָבן אים געבראַכט דעם טויט. גראַבאָוו איז געפֿאָרן אין שטאָט אַריין וועגן ענינים פֿון דער אָרגאַניזאַציע און ער האָט זיך אומגעקערט אַרום 5, האַלב זעקס אַזייגער קיין בית הכּרם. ער האָט געדאַרפֿט פֿאָרן מיטן אויטאָבוס, ער האָט געדאַרפֿט נעמען דעם נומער צוועלף, וואָס גייט קיין בית הכּרם און ער האָט גענומען דעם נומער עלף, וואָס גייט קיין גבֿעת שאָול. די דאָזיקע צוויי נומערן זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿון דער זעלביקער סטאַנציע און מען האָט זיי געקענט פֿאַרבייטן. און דערצו האָט נאָך גערעגנט. ווען ער איז אָנגעקומען קיין גבֿעת שאָול, האָט ער געוואָלט אַריבערשפּאַנען די טאָלן, בכדי קירצער מאַכן דעם וועג. מ׳קען דעם דאָזיקן וועג דורכמאַכן אין פֿינף מינוט. מען זעט פֿון דאָרט אָן בית הכּרם אין דער מיט צווישןביידע איז פֿאַראַן אַ קאַלך־גרוב, וואָס נעבן אים געפֿינט זיך פֿון איין זייט דער בית־יתומים אויף דעם נאָמען פֿון דיסקין מיט אַ גרויסער העברעאישער שילד און אַן אַנשטאַלט פֿאַר בלינדע, אויך מיט אַ העברעאישער שילד און פֿון דער צווייטער זייט געפֿינט זיך דאָס אַראַבישע דאָרף ליפֿתא. צווישן דאָרף און דעם קאַלך־גרוב גייט דורך דער צענטראַלער שאָסיי יפֿו־ירושלים. קיין פֿאַרבייגייער זעט מען דאָרט נישט. נישט קיין ייִדן און נישט קיין אַראַבער. גראַבאָוו, נישט קענענדיק די געפֿערלעכע פּלעצער אַרום ירושלים, האָט געמיינט, אַז אים וועט געלינגען קירצער מאַכן דעם וועג און גיכער אָנקומען קיין בית־הכּרם. מ׳קען זיך משער זיין, אַז זעענדיק די ייִדישע אַנשטאַלטן, איז ער געווען זיכער, אַז קיין סכּנה איז נישט פֿאַראַן. אין יענער צייט קערן זיך די אַראַבער אום פֿון ירושלים קיין ליפֿתא אויף דעם צענטראַלן שאָסיי און דערזעענדיק ווי אַ ייִד גייט אַליין, האָבן זיי אים, זוייזט אויס, דערלאַנגט הינטנאַרומער מיט אַ טעמפּער כּלי — אַ האַמער, אָדער אַ שטיין און ער איז אויף דעם פּלאַץ געפֿאַלן. זיי האָבן אים צוגעשלעפּט ביז אַ קאַליזשע וואַסער. עס איז נישט געווען קיין שום סימן, אַז זיי האָבן ביי אים געזוכט אין די קעשענעס, אין וועלכע ער האָט געהאַט 72 גרוש, וועלכע זיינען געבליבן.

דעם מאָרד האָבן זיכער געזען איניקע אַראַבער און מען האָט זיך וועגן אים דערוווּסט אין דאָרף. אַ סימן: ווען דאָס אַראַבישע מיידל האָט וועגן דעם דערציילט דעם עלטערן ייִדן, זיינען צוגעקומען צוויי אַראַבישע ייִנגלעך און האָבן זי אַוועקגע־

טריבן, עס ווייזט אויס, אַז אויך זיי האָבן געוווסט וועגן דעם. ווען די פּאָליציי וואָלט געווען אָנגעגאַנגען מיט דער אויספאָרשונג און וואָלט צונויפגענומען די קינדער פון דאָרף, וואָלט זי געוויס זיך דערוווסט וויכטיקע פּרטים, אָבער די העכערע אַראַבישע אָנגעשטעלטע פון דער פּאָליציי איז די זאַך נישט געווען צום האַרצן און זיי האָבן דערקלערט, אַז אויף קינדער קען מען זיך נישט פאַרלאָזן און זיי האָבן באַפוילן צו פאַרשווייגן דעם מאָרד.

מען ווייסט, אַז גראַבאָוו איז אין יענעם טאָג געווען אין ירושלים און דאָרט איינגעאָרדנט, וואָס ער האָט געדאַרפט אין דעם יוגנט-ביוראָ און איז צוריקגעפאָרן קיין בית-הכרם און דאָרט איבערגעלאָזט זיינע זאַכן און ער איז ווידער געפאָרן קיין ירושלים. איינס אַזייגער איז ער געווען אין דער אַגענץ, בכדי צו איינאָרדענען זיין שוועסטערס קומען אין לאַנד אַריין. האַלב צוויי אַזייגער האָט ער זיך אומגעקערט קיין בית כרם און ער איז דאָרט געווען ביז פיר און ער האָט זיך אָנגעטאָן ווייטער צו פאָרן. אַ חבר פון סעמינאַר האָט אים געפרעגט: — „וואוהין”? עס הייבט זיך דאָך באַלד אָן די פאַרזאַמלונג פון די סעמינאַריסטן”; האָט ער געענטפערט אַז ער האָט נאָך עפּעס איינצואָרדענען און ער וועט זיך נאָך אומקערן ביז אין דער אַסיפה. עס איז באַוווסט, אַז ער האָט יענעם אינדערפרי באַקומען אַן אויסווייז פון משק אויף דריי פונט ביי דער קופת-מלווה (קרעדיט-קאַסע), אָט דעם אויסווייז האָט מען צווישן זיינע פאַפּירן נישט געפונען און מען דאַרף פאַרשטיין, אַז ער האָט אים פאַרלוירן און ער איז געפאָרן אין שטאָט אַריין אים זוכן און דאָרט איז אים געשען דאָס אומגליק. מיטוואָך, י"ז אדר, האָט מען זיין קערפּער געבראַכט קיין רמת הכובש און איינס אַזייגער האָט מען שוין געזען זיין קבר לעבן דעם ברידער-קבר פון די געפאַלענע, מיט וועלכע ער האָט אינאיינעם געלעבט, געאַרבעט און געחלומט.



**אַ גרופּע ראַטנער אין ישראל.**

## אין דער פינצטער שיינען דיינע רייד, אברהם גראַבאָוו

פיר און אַכציק פון די הונדערט צוואַנציק זייטן פון זאמלבוך פאַרנעמען די כתבים פון אברהם גראַבאָוו, וואָס באַשטייען פון יוגנט־שירים, סקיצן וועגן דער באַוועגונג אין גלות, בריוו, געשריבענע אין פוילן און אין ארץ ישראל, אַרטיקלען, נעקראָלאָגן וועגן געפאַלענע חברים. ווי מ. באַסוק ווייזט אָן אין דעם אַריינפיר־וואָרט, אַז זיינע ארץ־ישראל סקיצן זיינען זייער לויטער און עס איז אין זיי פאַראַן עפּעס פון ברענערס עקשנות פאַר דעם אמת, אָבער דאָס בעסטע איז פאַראַן אין זיינע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין דער היים, אין וועג, צו די אייגענע, צו חברים פון דער באַוועגונג, דאָ איז ער אינטים און ער באַווייזט זיך מיט אַ באַהאַלטענער טרער. זיינע בריוו האָבן דעם זעלביקן ניגון, וואָס עס האָבן די כוואַליעס צום שיפל, וואָס איז צוגעבונדן צום ברעג און עס שאָקלט זיך אין אַלע זייטן און מען ווייסט נישט, צי דאָס שיפל וועט אַוועק ווייט, אָדער נישט. אַרויסנעמענדיק אייניקע פּריוואַטע שטעלן פון די בריוו, לויט דעם פאַרלאַנג פון זייערע אַדרעסאַטן, ווערן זיי טאַקע אַ קנין פון אַלעמען. גראַבאָוו שרייבט: „איך שרייב אייך פון וואַלד. ער ווערט טונקלער". פון דער טונקלקייט זעט מען אַרויס אַ געשטאַלט, אין דער פינצטער — שרייבט מ. באַסוק — שיינען דיינע רייד, אַברהם גראַבאָוו".

די זעקס יוגנט־לידער פון א. ג., וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט אין זאמלבוך, זעצן מיר איבער כמעט ווערטערלעך און — אין פּראָזע.

## א פרימאָרגן אין מיין שטעטל

אַזוי ווי מיינע פיס האָבן אַ שפּאַן געטאָן אין מאַרק און די זונשטראַלן האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין מיינע אויגן,

אַ קאַלט ווינטל האָט מיך געצערטלט און פאַרשידענע געפילן זיינען מיר פאַרבייגעגאַנגען,

האָבן זיך אַנטפּלעקט די קראָמען פאַר מיר.

די קראָמען, וואָס אויף זייערע פּאָליצעס זיינען אויסגעלייגט צום פאַרקויפן: דער שווינדל און דער שקר.

זיי זיינען נאָך פאַרשלאָסן אויף די שלעסער, זיי זוכן אויך אַביסל רו און חלום גאָרנישט באַוועגט זיך. נאָר די שטילקייט זינגט און קלינגט.

און איך שטיי דאָ, אַזוי ווי אין אַ קרייז — וואָס טאַנצט אַרום מיר און פאַררינגלט מיך.

— ווּהין? ווּהין גייסטו? בלייב דאָ שטיין...

און מיין האַרץ בלאָנדזשעט און מיינע הענט זיינען אויסגעשטרעקט ווי פרעגנדיק:

וועל איך טאַקע דאָ בלייבן און איך וועל נישט אַרויסגיין אין פעלד אַריין, מיט זונען־אויפגאַנג?

ר אָ ט נ ע

## דאָס געפיל פון א שריפה

דער קלאנג, וואָס באַפרייט די נשמה פון ליכט פון דער לאַסט פון פינצ־
טערניש, קלינגט מיר אין די אויערן.
פלאמען פייער גיסן זיך, מישן זיך אויס אין אַ קריג מיט דער פינצטערניש.
פאַר קליינע פונקען איז געגנוג איין שיין — און זיי ווערן פאַרלאָשן.
דער גאַנצער קאָסמאָס איז רויט, די מענטשלעכע פנימער ווערן צעפלאמט,
די נשמה דערהויבט זיך, ווערט געאיידלט,
זי פילט אָנגענעמענקייט, שיינקייט. און איך בין נעבן פייער און איך פלאם
אינגאנצן.
אַ שטראָב ליכט גיסט זיך אין מיין נשמה אַריין און איין אויסדרוק פאַלט
אַראָפּ פון מיינע ליפּן:
ליכט! ליכט!

## נ אַ כ ט

די פינצטערקייט פון דער נאַכט הילט מיך איין אין שרעק פון טויט,
מוטשעט מיך צו לייזן די רעטענישן פון לעבן:
שווער איבערצוטראָגן.
דיביימער, וואָס חלומען, באַהאלטן אַ סוד,
שרימפּן זיך איין, דערהויבן זיך שטאָלץ,
די וואָלקנס אין הימל ראַנגלען זיך,
וואַנדערן נאָך זייער גורל.
ווי מיין זעל גלוסט צו אייערע גערייד!,
איך וועל אויסדריקן מיין ליבע צו אייך אין דער נאַכט־פינצטערני:
כ׳וועל אייך אַרומנעמען מיט מיינע אָרעמס, צודריקן צו מיין האַרצן,
צודריקן און קושן.

## איך בין דער. וואָס קערט זיך אום צום לעבן

די ווידערקולות פון דער שטילקייט און די שטורמישע, רוישיקע קולות,
די פויקן און די טאַצן פאַרטויבן דעם אויער.
מוזיקאלישע אינסטרומענטן קלאפּן אין דער לופטן, קלאפּן און רוישן:
שיינע - מיאוסע, געקליידעטע, אָפּגעריסענע, נאַקעטע,
געפּייניקטע פון לעבן, דער לאנגוויל האָט זיי אויפגעגעסן —
דאָרשטיקע צום לעבן, וועלכע האָבן נישט געוווסט קיין שלעכטס,
הונגעריקע און זאטע, אַלע, אַלע, אַלע,
אין זייערע הענט איז דאָס אייזן פאַרזשאווערט געוואָרן,
שטאנגען פון לויטערן זילבער. קלאפּט, שלאָגט אייזן אין אייזן, זילבער
אין זילבער

און זאָל דער גאַנצער עולם ומלואו רוישן,
גלעקלעך וועלן קלינגען, קלינגען אָן אויפהער,
עס וועלן קומען זיי צו הילף שופרות, זיי וועלן בלאָזן, זיי וועלן שאלן:
איך בין דאָס דער דאָזיקער, וואָס קערט זיך אום צום לעבן.

## קום און פארלאָז די שטאָט

װען דער מאָרגנשטערן גייט אויף און דיין נשמה פאַרגייט זיך,
ווי גוט ס'איז פאַר דעם געוויטיקטן הארצן
אַרויסלאָזן אַ ברום אין דער געטלעכקייט שטילקייט,
ווען די שטילקייט קערט זיך אום צו אַ מער טיפער שטילקייט.
און דו פילסט:
דו האָסט אַ שווייגנדיקן חבר, וואָס זאַפּט איין אינעווייניק
דאָס געשריי פון מענטשן און אויך זיין פרייד,
וואָס באַטייליקט זיך אין דיין צער און דעקט אים נישט אויף — דאָס איז די נאַטור.

קום, מענטש, און פאַרלאָז די שטורמישע שטעט,
ווייל די שטיינערנע אויערן זייערע זיינען פאַרשטאָפּט
און זייערע הערצער האָבן זיי פאַרשטעקט מיט בעטאָן,
דיין ווייטיק קלאַפּט אין זייערע טויערן און קערט זיך צו דיר אום,
ווען דו שטייסט צווישן זייערע טויערן — ביסטו זייער קליין,
און פון יענער זייט טויערן — שפּראָצן דיר פליגל — און דו וואַקסט.
שטיי אויף און פאַרלאָז די שטעט.

## קיבוץ

די סטרונעס פון מיין האַרצן ווערן אויסגעצויגן,
מיין הארץ קלאַפּט שטאַרקער.
איך קען נישט באַהערשן דעם שטורעם פון מיין זעל,
ביז מיינע פיס וועלן נישט טרעטן אויף דעם פּלאַץ, וווּ די אייגענע פון מיין נשמה
האָבן געברוקירט אין די קרומענישן די וועגן פון האָפענונג,
האָבן צוגעפּאַסט דעם מענטשן צו גרויסקייט.
אַ שטראָם לעבן רינט אין מיינע אָדערן,
אַ שטאַרקער ווינט ווערט געבוירן אין מיר,
מיט מיין כוח באַוויז איך וונדער,
איך וועל צעמאָלן הרודעס ערד מיט מיין אַקער, מיין כוח וועט קיינמאָל נישט אַוועק,
די שיין פון דער זון וועט שלאָגן אויף דער רויטקייט פון מיינע באַקן,
טראָפּן שווייס וועלן רינען אויף די גרודעס ערד,
מיין קראַפט וועט אין דער זאַפט פון דער מוטער־ערד פאַרשלינגען ווערן,
גליק אָן אַ שיעור וועט אָנפילן מיין האַרץ...
דער אָוונט נידערט אַראָפּ
איך וועל זיך איינהילן אין מיינע לייוונטענע קליידער, וועל מאַכן מיין געלעגער אין פאַרטויעטן גראָז,

מיין אויג וועט שוועבן אין בלויען הימל,
די חיעס פון מיינע אויגן וועלן זיך פּאַוואָליע שליסן
און ס'וועט שטיל ווערן דאָס ברומען פון מיין האַרצן און איך וועל איינדרימלען.

# „אויף די שטעגן פון דער באַוועגונג אין גלות"

אונטער אַט דעם טיטל זיינען פאַראַן עטלעכע סקיצן, וואָס האָבן אַ געוויסן ליטעראַרישן ווערט און האָבן דעם ווערט פון אַ דאָקומענט. מיר געבן דאָ די דאָזיקע סקיצן אין יידישער איבערזעצונג.

## זעקס זיינען זיך צונויפגעקומען

זעקס זיינען מיר געווען מיט קינדיש-נאַיווער קאַפּריזנעקייט און ווען די בליקן פון די אויגן האָבן געפּרעגט אויף דעם זין פון צונויפקום — איז דאָס פּנים רויט געוואָרן — — —

. . . און זיי האָבן זיך צונויפגענומען אַנטקעגן די זאַמד-בערגלעך, לעבן די נאָדלביימער, צוויי מיידלעך און יינגלעך — פיר. פון זייערע רייד איז אַרויסגעקומען די חברשאַפט, פון זיי האָט געלויכטן דער אמת: פון היינט אָן זיינען מיר הברים פון יונגן חלוץ (החלוץ הצעיר). און זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט נייע פּנימער אין שטעטל אַריין.

דאָס פּלאַץ פאַר שמועסן — דאָס פעלד. געשפּייזט ווערט מען פון פאַראַיאָריקע בלעטער. מען רעדט וועגן פאַרבינדונגען מיטן צענטר, וועגן „אונדז" און „זיי", וועגן די שוועריקייטן. וועגן דעם, צי די יוגנט איז שוין אַריינגעצויגן, איז נאָך פרי צו ריידן. כאָטש אייניקע האַלטן, אַז דאָס איז אַ טעות. אָבער פון „מרכז" זיינען שוין געקומען בריוו, אין וועלכע מען לייגט שוין אויף זיי האָפענונגען. און זיי האָבן שוין געלייענט אַ מאמר אין „החלוץ הצעיר" וועגן דעם און יענעם. דאָס שטעטל שטורעמט. די אַרבעט פון „מזכיר" (סעקרעטאַר) ווירקט. מען נעמט אויף זיך די פליכט מיט ליבשאַפט. אינעווייניקסטע אָרגאַניזאַציע, ליבע און קעגנזייטיקע האַרציקייט.

איידער דער זומער ווערט פאַרענדיקט, דינגט מען אַ צימער. די פענצטער זיינען צעבראָכן, קיין בענקל, קיין טיש איז נישט פאַראַן. הוילע פיר ווענט. נישט קיין געקאַלעכטע דערצו. מען זאָרגט צו צאָלן פּינקטלעך דירה-געלט. אַלץ איז געגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין. און אויב ליכט זיינען אויסגעגאַנגען, איז אַ חבר געלאָפן אַ מרחק פון אַ קילאָמעטער כאָטש קיינער האָט אים נישט געשיקט און ער איז צוריקגעקומען שווער אָטעמדיק, מיט אַ פאַררויטלט פּנים, די חברה זיצט אויף דעם פאָל, איינער האַלט אַ ליכט, אַ צווייטער לייענט פאָר און נאָך אַ ווילע, צעגייט מען זיך מיט זאָרג פאַר דעם מאָרגן. די פאַנטאַזיעס ווערן וואָס אַמאָל מער צעהיצט וועגן נייע אויפגאַבן. אויך ספיקות גנבענען זיך אונטער און עס ווערט אַ געמיש פון ספיקות, איבערגעבנקייט און זאָרג.

מיטן לויף פון די טעג קריגט די קליינע גרופּע אַ גאַנץ אַנדער צורה. די „אָרגאַניזאַציע" איז גרעסער געוואָרן, קינדישע קאַפּריזנעקייט רופט אַרויס רייבונגען, עס אַנטוויקלט זיך אַן אינסטינקט צו אויפדעקן חסרונות ביים צווייטן. פאַראַן איבערריידן אויך שלא לשמה. אַ יחיד וואַקסט אַרויס פון דער ריי, ער טראָגט דעם עול. אַזוי קען עס ווייטער נישט גיין. ער זעט אַ נייטיקייט צו איבערמאַכן. ער וועט ניט לאָזן פאַרנאַכלעסיקן. דורך די לאַנגע אָוונטן, אין די נעכט, פאַרטאָג — שטייען פאַר אים מחנות קינדער, וואָס מאָנען.

הדשים איילן זיך, האַלבע יאָר פאַרגייען. יוגנטלעכע ווערן רייף. פון די אויגן קוקט אַרויס פאַרשטענדעניש. אַנגענומענע באַגריפן, די באַגריפן פון טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין די מוחות, פאַלן אָוונט ביי אָוונט אַראָפּ הויפנווייז. זיי ווייסן, די יונגע, וועגן פרייהייט און מיינונגען, דעמאָקראַטיע, זיי האָבן זיך ספּע־ציאַליזירט אין קריטיק, די שפּע פון לעבן האָט זיי גערופן און זיי זיינען געקומען אין קרייז צו שעפּן מיט שעפל און לעפל. און ער, דער נעכטיקער „ריזאַוואַי" (פון דער ריי), איז ווי אַ אומדערשעפּלעכער קוואַל, ער גיט זיין זאַפט און צו דער צייט איז ער גרייט צו וואַרפן אַ רחמנות בליק אויף זיך אַליין. פאַר זיך האָט ער נשמות, וואָס ראַנגלען זיך, אויגן, וואָס פאַרבאַרגן שיינקייט, מאַנען און האָבן טענות.

. . . און די שבתים פון שטעטל ציען זיך ווי דער שלאָף פון אַ קאַץ.

די שיינען פון די הייזער דערציילן וועגן אַ געצוויגענעם געניץ פון די דאַזיקע וואָס זיצן ביי טישלעך און שפּילן אין קאָרטן.

אין הארצן — פאַרלאַנגען, שטרעבונגען, אַ קוק אין דער וויט.

## אַן אָפּטיילונג אָרגאַניזירט זיך

אַן אָפּטיילונג אָרגאַניזירט זיך. אַ רויש, אַ טומל. אַלעמאָל ברענגען קינדער צו שלעפּן מיט גרויס אינטערעס עפּעס אַ פאַרשוויצטן חברה־מאַן, וואָס איז אינגאַנצן אויסגעשמירט, נאָר צוויי ריינע אויגן פינקלען ביי אים. קינדער דערזען אַ טיש און בענקלעך, זעצן זיי זיך. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר דעם געשריי פון „רבין", וועלכן זיי האָבן דערוואַרט אויך דאָ צו געפינען. איידער מען האָט זיי נאָך רעכט געפרעגט דערציילן זיי וועגן דעם, וואָס מיט זיי האָט געטראָפן אין חדר, אין שול, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט אין זייער לעבן. נישטאָ קיין אָרדענונג אין דעם, וואָס זיי דערציילן. אַלץ איז אינאיינעם. איינער ווייזט מיט זיינע פינגער אויף אַ יאַט, וואָס זיצט קעגן אים, אַז ער לאָזט זיך וואַקסן די נעגל און ער דערגייט אים די יאָרן... איינער שלאָגט איבער דעם צווייטנס רייד און ווער עס דערציילט מער — ווערט געגלויבט.

— איך וואָלט געוואָלט הערן וועגן אייער לעבן אין חדר.

שפּרינגען אַלע אויף מיט איין מאָל. צען פאַקטן אויף איין פראַגע:

אַלע זיצן צונויפגעדרוקט, צונויפגעקוועטשט. אַ שרעקלעכע היץ. מען פילט ריחות. אַ סך קינדער עסן אַלע טאָג ציבעלעס און קנאָבל. דער רבי האַלט אַ קאַנטשיק. מען נאַרט אָפּ דעם רבין, אַז „מען גייט אַרויס". איינער האָט מיט זיך שטענדיק אַ מעסער און ער לאָקערט אויף אַ חזיר וואָס גייט פאַרביי. אויסצורייסן האָר פון אים און זיי פאַרקויפן צו אַ סוחר. נישטאָ קיין פרייהייט, נאָר צוויי טעג זיינען זיי אַמאָל געווען פריי — ווען דער רבי איז געשטאָרבן. דער העלד פון דעם שמועס, וואָס איז באַוווסט אין דעם שטעטל מיט זיין ווילדקייט, דערציילט וועגן זיינע פריערדיקע מעשים און ער בעט מען זאָל אים דערלויבן אריינקומען אַלעמאָל אַהער און אים נישט שטערן.

דער בינשטאָק רוישט.

די קליינע מענטשעלעך נעמען זיך צונויף אין זייער דירה. שוואַרצינקע און בלאָנדע, דאַרע און טרוקענע, זייער עלטער איז גרעסער ווי זייער וווקס. דאָס לעבן האָט זיי אויסגעקנאָטן, ווי מען קנעט אוים טייג. יידישע קינדער — די בליקן און די געדאַנקען זייערע זיינען פון „אַלטע נשמות". זיי מיידן אוים שפּרינגעכצן, טענץ און איבעריקע באַוועגונגען. מען רופט „זינגען" — זינגען זיי, „טאַנצן" — טאַנצן זיי. אָבער זיי פליען נישט ווי פרייע פייגל.

דערפאַר טראַכטן זיי אַ סך. און דער געדאַנק איז אַ פּרוכטלאָזער. נישטאָ קיין

קינדישע פארוווּנדערונג, קיין חידושן זיך. יעדער געדאנק פון דעם רייף וווּנדיקן ווערט אין אים פארשלאָסן. דער אָפּקלאנג איז איינגעשרומפּן. שטורמען און רוישן די וויכוחים, וואָס נעמען אַרום די אָרעמס פון דער וועלט.

יעדע תקופה מיט אירע כוואַליעס, יעדער מאַרק מיט זיינע געשרייען, טומלענישן און געדווישן. נעמען זיך צונויף די „קליינע מענטשעלעך" און רינגלען דיך אַרום מיט שאלות און דער קאָפּ גייט דיר אויף רעדער.

וועך קען זיי לייזן?

## מיט דאָרפס - יינגלעך

ווען דער ווינטערטאָג וואָס לעקט ווי מיט פייער דאָס נאַקעטע פּנים, פּאַרגייט, סקריפּן ריטמיש די גומי-שיך פון די דאַזיקע, וואָס קערן זיך אום פון דער אַרבעט. די טיר עפנט זיך און אַ גאַנצע ריי טרעגער פון שמאַטעדיקע מלבושים פילט אָן דאָס צימער. איינער טוט זיך אויס, אַ צווייטער וואַשט זיך, אַדער בייט איבער אַ בגד, ווער עס פּאַרכאַפּט אַ צוגעפּאַסט פּלאַץ, טריקנט די שמאַטעס פון זיינע פיס. מען פילט דעם ריח פון דער שוואַרצער קאַווע פאַר דעם אָונטברויט. און ווען די אויגן זיינען אויפגעהויבן צום טייערן און געליבטן חבר, צום בעט און ווען די האַנט זוכט נאָך דעם עמער פונעם ברונעם — דעם בוך, קומט דאָס אומאַנגענעמענע — מען רופט אין נאַענטן „סניף".

אַ קרעכץ אַהין, אַ קרעכץ אַהער — מען מוז גיין.

די דירה פון סניף געפינט זיך אין דאָרף, אויף אַ מרחק פון צוויי-דריי קילאָמע־טער. די סטאַנציע „גייט" אין דאָרף אַריין. (דער ישוב ביי דער סטאַנציע קלאָסאָוואָ געפינט זיך עטלעכע קילאָמעטער די ווייט פון דאָרף קלאָסאָוואָ, ווו עס האָבן דע־מאָלט אויך געוווינט יידן). עס ווערט אַ זאַווערוכע און די פיס, וואָס זיינען איינגע־וויקלט אין שמאַטעס און אַרומגענומען מיט גומענע פּאַסיקעס, שלעפּן זיך שווער אין די געדיכטע שיכטן פון שניי. אויף דעם שניי, לעבן די הויכע שטיינער, ווערט אויף אַ פּאָר מינוט גרינגער דאָס גיין. מיר גייען אָפּ אַ שטיק וועג. דער ווינט נעמט זיך אָן מיט כוחות און ער וואָיעט מיט אַ בראשיתדיקער פרייד. דער ווינט ווערט ערנסטער, ער שמייסט ווייטיקלעך גלייך אין פּנים אַריין, דער האַלדז ווערט פאַר־גלייזערט, די רינגען הייבן זיך אַראָפּ און אַרויף — אָטעם פעלט אויס.

פונקען שיינען אין די פענצטער. דאָס דאָרף איז שטיל, דרימלט יאָ און דרימלט נישט. מיט אַ שטורעם רייסט מען זיך אַריין אין צימער. אַלעמענס פּנימער זעען אויס אַ סך שענער. קאַרטאָפל, געקאַכטע מיט דער שאָלעכץ און זויערע אוגערקעס אין גרויסע שיסלען און זויערמילך אין גרויסע, קיילעכדיקע ערדענע כלים. אויסער דעם, לעבליך שוואַרץ ברויט. אָט דער „שולחן ערוך" קומט פאַר יעדער שמועס. אַזאַ מנהג איז דאָרט, און לאַנג האָט דער געגרייטער טיש נישט געדאַרפט וואַרטן אויף זיינע אויסלייזער. איין פלי און אַלע זיינען אַרום. אַ האַנט שטרעקט זיך אויס, זי פּאַקט שוין אַ קאַרטאָפל, גיט אַ ריר אָן די שאָלעכץ און זי איז שוין ביים מויל, אָבער פאַר־זוים נישט. עס וואַרט אויף דיר די אוגערקע — די זויערמילך. און שטיקער קנאָבל פאַר אַפּעטיט.

אַזוי איז מען געזעסן.

אָן אויסדרוק פון זאַטקייט אויף די פּנימער. די האַנט פון איינעם האָט זיך אַליין געלייגט אויף די אַקסל פון צווייטן, די שיך האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן מיט כוח, ווי עס פּאַסט. געזונטע שטימען. טראָפּן שוויים גיסן זיך און מען טאַנצט ווייטער. די שטי־

מען ווערן שוין הייזעריק. די כוחות ענדיקן זיך און די ראָד ווערט צעריסן מיט עפּעס אַ רוסישן זאָג פון עמיצן.

אָרטיק געבוירענע. זייער געוווינהייט איז אַרבעטן. ביים שטיין־האַקן, ביי ציגעלניע, ביים זעגן האָלץ, ביים בלאָזזאַק און ביי אַלע שוואַרצע אַרבעטן. פון די חברות זיינען אייניקע נייטאָרינס, שטוב־אַרבעטאָרינס. זיי זעען אויס געזונט. דער כאַראַקטער פון קערפּער און דער נשמה — איז אַ פּראָלעטאַרישער, אויסגעהאַקט פון דער טיפקייט פון שטיין. צו אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג שווערע, צעברעקלענדיקע אַרבעט און דערנאָך זיך אָפּגעבן מיט די קליינלעכע שטוב־אַרבעטן, צו גיין שפּעט ביינאַכט אין דאָרף אַהין און צוריק, איז ביי זיי אַ געוויינלעכע זאַך, וואָס האָט מיך איבעראַשט. וואָרום ווער בין איך קעגן זיי? איך, דער קטן בישראל, וועלכער האָט געפּיבערט טעג און נעכט אויף אַן איבערגאַנג, צוגעוווינענדיק זיך צו אַרבעט. די נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מיר מיט דער גאַנצער שווערקייט און האָט פאַרמאַכט די אויגן צום שלאָף, אין וועלכן אַלע חושים זיינען פאַרלוירן געגאַנגען. און ערשט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער ריכטיקער חלום־ספּעקטאַקל: די מאַשין, וואָס שרייט אומרחמנותדיק און צאָרנט איז גרייט דיך צערייבן אויף טאַבעקע. דער אַרבעט־געבער מיט זיין גאַנצן צאָרן און מיט זיין הינטיש־פּנים. די מאַשין וואַרפט צעשניטענע שטיקער האָלץ און דו דאַרפסט זיי טראָגן איינס נאָך דעם צווייטן, אָן אויפהער. ווייטער, ווייטער. פון אָט דעם געדודער באַווייזט זיך דיין מאַמע מיט טרערן אין אירע אויגן. גאַנץ פרי, ווען מען האָט געוועקט צום אויפשטיין, — בין איך געווען טאָפּלט צעקלאַפּט און צעבראָכן... ווער בין איך, דער געצערטלטער, קעגן אָט די יידן־גויים מיט זייער שפּראַך, וואָס איז אויסגעמישט מיט גראָבע רוסישע אויסדרוקן?

דער שמועס איז פאַרענדיקט געוואָרן. די חברים פון דער סטאַנציע האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. איך האָב זיך געאיילט. יעדע מינוט איז טייער. מאָרגן דאַרף מען אַרבעטן. ווי עפּעס פון ווינט אויסגענוצטע זאַך בין איך אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין צימער אַריין. דער ווייס־ראָזעווער שיין האָט געלויכטן אין פּנים אַריין. איך בין אַריינגעגאַנגען פון עסצימער אין קיך אַריין און צוריק. אין דרויסן האָט דער ווינט נישט אויפגעהערט צו שטורעמען. די בילדער אויף די ווענט, דאָס רויטע שטיק לייוונט מיט די אויסגענייטע אותיות, די טישן און די שטולן זיינען געוואָרן אַזוי נאָענט. מיר האָבן אַלע געאָטעמט איין מישפּחהדיקע לופט. אין איין אויגנבליק איז פאַרשוווּנדן דאָס אויסערלעכע קאַזאַרמע - אויסזען אין דער פאָרם פון אַ קיבוץ און אַלע זאכן פון חדר, די שיסל, דער וואַשבעקן, די ווענט, דער טיש, האָבן מיר פאַרשניטן אַ פאַמילען־בונד אויף לעבן און אויף גורל...

## אויף גאַליציאַנער ערד

אַ שטיל ליד, דינע קלאַנגען, שעפּטשענדיקע — געפינען דאָ נישט זייער תיקון. אַ געזאַנג מיינט דאָ אַ שרייענדיקער. אַ רעדע — אַ שטורמישע, אַ טאַנץ — ביז אין זיבעטן הימל. אויך אונטער דעם אַש גליען קוילן, אָבער אין די טענץ דאָ איז פאַראַן דער ווילדער טעמפּעראַמענט פון די הוצולן, וואָס וווינען נישט ווייט פון דאַנען, אין די טאַטרען בערג. און די שליחים, וואָס קומען אַהער פון פוילן צו העלפן אויסבויען די באַוועגונג אויף דעם פּלאַץ, געפינען שווער אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיט די אָרטיקע. ביידע מוזן איינגיין אויף הנחות און פשרות, בכדי דער קאָנטאַקט זאָל דערגרייכט ווערן. אָבער פרוכטבאַר איז די באַגעגעניש דאָ. עקספּערימענטן ווערן דאָ פאַרשותפט. געבענטשט זאָלן זיי זיין! די דאָזיקע מענטשן, וואָס דערציען דעם

„החלוץ הצעיר", וואָס איז אַזאַ יונגע באַוועגונג, איז דאָך דער כוח פון דער באַוועגונג אין פוילן. פון איר ציען זיי יניקה און פון זיי ווערן זיי דערנערט. און נישט בלויז דער „החלוץ הצעיר", נאָר אויך דער „החלוץ" בכלל. די גאַנצע געשטאַלט איז דער־ציעריש. זי ווערט, דאַכט זיך, קליין אין פאַרגלייך מיט דער ווירקלעכקייט אין גאַליציע, אָבער זי ווערט אויך דערהויבן.

פוילן איז די לעגענדע.

אין „חלוץ הצעיר" געפינען זיך קינדער פון האָרעפּאַשנעם פאָלק, וואָס זיינען אויסגעהוילט פון אַלץ. אין דער פריער קינדהייט אַרבעטן זיי שוין צען שעה אין טאָג. אייניקע פון זיי האָבן אַפילו נישט געלערנט אַ יאָר, צוויי אין פאָלקשול. די אָרעמקייט שטעלט אַוועק דאָס דאַרע, אויסגעדייוועטע, שוואַכע קינד אויף דעם טרעפּל ביי דער פרימיטיווער הוצולישער לייוונט־מאַשין און זיי פרעסן שיכטן שטויב און זיינען קאַנדידאַטן אויף לונגען קראַנקייטן. און זע אַ וואונדער: די קינדער זיינען וואַך, פריילעך, זיי וויטיקן נישט אויף זייער גורל. און וואָס ווייסן זיי נישט? עקספּלואַטאַציע, קלאַסן־קאַמף, קאַפּיטאַליזם, סאָציאַליזם און וואָס נישט? אַראָפּפאַלן ביי זיך? דאָס נישט. זיי ריידן וועגן אַלץ, זיי זיינען זעלבסטשטענדיק. זיי פילן זייער כוח. די פאַמיליען־פאַטריאַרכאַלישקייט, די בענדער האָבן נאָכגעלאָזט. די רעליגיע איז צו שפּאָט, די שול — אָן ווירקונג, אָבער איינס האָבן זיי — די פּראַקטיק פון לעבן.

אומעטום איז אַלצאיינס. אומעטום די זעלביקע קינדער, די דאַרע, די בלוט־אָרעמע, די ערנסט־פּיקחותדיקע, די פשוטע, וואָס דערוועקן רחמנות און מענטשלעכע ליבע.

. . . שמוציקע געסלעך. בלאָטע. די הייזער, וואָס שטייען אַזוי ענג, שאָקלען זיך. אין דער מיט איז די דירה פון דעם „סניף". די לופט פון דער אַרבעט, וואָס האָט אַלע צוגעצוועקעוועט צו דער מלאָכה אינעווייניק, דערקענט מען אויך אין דרויסן. דורך אַ לאָך פון אַ בוידעם גיט די חברה פון סניף אַ רעד מיט אירע חברים, וואָס שטייען אין אַרבעט־קליידער, ביי דער וווינונג. מען גיט אַ רעד, אַ לאַך און מען שווייגט ווידער.

. . . אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג. פאַרוואָס איז אונדזער צאָל אַזוי קליין אין דער יונגער נעסט. זיי פעלן דען? פאַראַן אין די צענדליקער. ווען זיי וואָלטן נאָר געהאַט שיך, אַ מענטשלעך מלבוש. פון קעלער, פון בוידעם, פון אונטערגעסל. שווער איז דעם חלוץ הצעיר אַריינצודרינגען אין די אַנדערע שיכטן, צו דער לערענדיקער יוגנט. דאָס האָרעפּאַשנע דערווייטערט זיי מיט זיין הילוך, מיט זיין פּראָסטער אויפפירונג, מיט זיין גלייכן קוק אויף דעם לעבן. אָבער ער וועט זיך נאָכשלאָגן אַ וועג. אַ קוואַל, וואָס ווערט נישט אויסגעטרוקנט, איז די פאָלקסטימלעכקייט.

אין אַ ווינקל אין די קאַרפּאַטן וווינט די מישפּחה פון דעם יונגן חלוץ. אַ מישפּחה, וואָס איר יעדער געשטרויכלט ווערן איז אַ פּערזענלעכע שטרויכלונג פון יעדן חבר. קליין איז די משפּחה. אירע השגות זיינען הונדערטער חברים, סניפים אין די צוואַנציקער. אָבער אירע פאַרלאַנגען זיינען אַרומנעמענדיקע, גרויסע. דער גלויבן אין וווקס פון דער באַוועגונג איז טיף אַריינגעדרונגען אין די נשמות פון אירע בויער.

די סניפים זיינען נאָענט איינער צום אַנדערן. יעדער איינער קען אינטים דעם צווייטן. דער גאַליציאַנער איז לייכט אויף דער באַוועגונג. די נאַטור רופט, ציט, די פיס זיינען געוווינט צו שפּאַצירן, עקסקורסיעס. זיי מאַכן דאָס, גלייך זיי וואָלטן דורכגעפירט אַ שליחות פון אַ גרויסער מיצווה.

זיי האָבן געלערנט ביי די גויים.

עס איז שוואַכער געוואָרן די באַוועגונג אין די קאָנפערענצן, זיצונגען. דאָס זיינען געווען צוזאַמענטרעפן פאַר קעגנזייטיקע אנטפּלעקונגען, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע. אַ שפע פון פּאָלקסטימלעכקייט. די „אָריגינעלע״ לידער, וועלכע זיינען אויפגעקומען בעת די קאָנפערענצן און זיצונגען, זיינען אַ לאַנגע צייט „אַרומגעגאַנגען״ איבער די סניפים און האָבן געשפּינט פעדים און אַלע פאַראייניקט. איבער דער איינזאַמקייט פון אַרום איז די באַוועגונג פון אינעווייניק געווען אַ דערהויבונג, אַן אויפשטייג.

יעדער פּינטל שאַצט אָפּ זיין וואָרט, זיין פּאָזיציע אין דער יונגער באַוועגונג. און שוין אוודאי די אַלטע סניפים, די „וועטעראַנען״, וואָס אין זייער אויפפירונג, אין זייער עצם דערשיינען איז פאַראַן אַזא יחוסדיקייט, וואָס מאָנט געטייטשט צו ווערן...

דער אַרום שרעקט. יעדער פּונקט איז אַ פּראָנט.

און נישט סתם אין דער וועלט זיינען אַרויסגעקומען די דאָזיקע אויסדרוקן אויס דעם מויל פון אַ בחור, ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס ער טוט נאָך דעם, וואָס פאַרענדיקט די ארבעט פון טאָג:

— איך עס, וואַש זיך, בייט איבער די קליידער, גיי אַהיים, פאַרברענג דאָרט אַביסל און דערנאָך גיי איך אַרויס צו די חברים אין גאַס, שפּאַציר מיט זיי, רעד צו זייערע הערצער און איך אַרבעט פאַר דער באַוועגונג.

די דאָזיקע ווערטער זיינען געוואָרן אַ ווערטל.

ווי ווערים קריכן די וועגן. די דאָרפישע שטילקייט הענגט אין דער לופטן. און ס'איז דיר גוט צו גיין מיט דעם שטעקן אין האנט צום נאָענטסטן דאָרף, מיט דעם וואָרט פון דער יידישער אויפלעבונג אין מויל.

אָוונט. אַ ריין צימער. ווייסע בלויקייט. אַ לעמפּל ברענט און איבער דעם אַן אבאַזשור. היימיש. אַרום און אַרום בחורים און בחורות, אָנגעטאָן שבתדיק. אַ באַלעבאַטישע שטילקייט. מען וואַרט אויף אַ רעדע. און אָט הייבט זיך אָן אַ געזאַנג. איינער, צוויי, אַלע זינגען, דאָס האַרץ ברומט. עס פאַלן אַרויס ווערטער. אַלע שלינגען דיך. אויסדרוק פון אויגן. פון דאָרף, פון דער ענגשאַפט, פון די גויים — צו דעם פּאָטערלאַנד, צום לעבן, צו רחבות...

אָבער שטרויכלונגען זיינען פאַראַן אין וועג. ווי אַזוי פירט מען די ארבעט אין סניף. פון וואָס און ווי אַזוי? זיי מאָנען אַ סדר. ווי אַ שטייגער — „מה טובו״ „אשרי״, „ישתבח״ — איך פאַרשטיי דיך, דאָרפישער מיינער — —

און ווידער אין דער הויפּטשטאָט. אין פּרעסנדיקער איינזאַמקייט. נאָך נישטאָ קיין סניף. די האַנט איז קורץ. און דאָרט, אין יענעם ווינקל ווינקען ליכטער, אין יענעם מישפּחהדיקן ווינקל, אין פּוילן.

די באַן איז אַוועק. די אויגן האָבן זיך געעפנט פון שלאָף. אין פענצטער — דער ווילנער סטעפּ, דער אַלטער באַקאַנטער, אַן די פלעקן פון די בערג אויף דעם האָריזאָנט.

די אויגן האָבן זיך שוין אָפּגעוווינט דערפון.

## דאָס געשטאַלט פון מדריך

דעם מדריך, דעם אינסטרוקטאָר, רופט מען אין דער באַוועגונג „רע״ (חבר). מיט דעם פּראָבלעם פון דערציען דעם „רע״ האָט מען זיך זייער ווייניק אָפּגעגעבן. מען האָלט, אַז איינער ווערט דערצויגן דורך דעם צווייטן, דורך דער סביבה. די ווירקלעכקייט און געשעענישן דערציען. די דערציונג, וואָס פּאַסט צו די שטראָמענדיקע כוחות, באַהערשט זיי און פירט זיי צו זעלבסטשטענדיקייט, צו מענטשלעכער

גרויסקייט, האָט דעם מדריך גענפעלט. עס איז געשען דורך צופעליקייטן. אַ באַזונדער ווירקלעכקייט האָט מחנך געווען דעם אינסטרוקטאָר. צווישן דעם קיבוץ און דעם סניף, צווישן דער טעאָריע און דער פּראַקטיק איז געווען אַ געוויסע קאָליזיע. דאַכט זיך צוויי כוחות, וואָס דערגאַנצן איינער דעם אַנדערן, דאָך איז געווען צווישן זיי אַ געראַנגל.

היינט האָבן מיר שוין גענוג מדריכים, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אין דער באַוועגונג, עס איז שוין אויסגעוואַקסן אַ געוויסער טיפּ, וואָס די באַוועגונג האָט אים געגעבן איר צורה. די בילדונג איז די נידריקע. אַמאָל — אַפילו אָן פאָלקסשול. אַ סך קענען נישט קיין עברית. יעדער איינער האָט דערגרייכט אַביסל וויסן דורך אייגענער מי. די אָביעקטיווע אומשטענדן האָבן אים אַרויפגעבראַכט. זיין אייגענע אַרבעט און זיין אייגענע אחריות זענען זיינע אינסטרוקטאָרן. זיין קוק אין לעבן אַריין און די אקומולאַציע פון זיין עקספּעריענץ האָבן אַ געוויסע ווערט. זיין קוקווינקל איז נישט קיין פאַנטאַזיע-זאַך. דער רעאַלער מאָמענט פאַרנעמט אַ הויפּטפּלאַץ אין זיין דערציאונג. און כאָטש די דערציאונג איז אַ געזונטע, וואָס שטאַמט ארויס פון דער ווירקלעכקייט, אָבער ווען עס פעלט אַלגעמיין וויסן, לאָקערט די סכנה פון איינזייטיקייט, שאַבלאָן, פון איבערחזרן „געוויסע" זאַכן. דאָס זוכן דעם וועג פאַר דערציאונג הייבט אָן באַלד ווי מען קומט אין באַריר מיט דעם יונגן בחור. מען האָט דאָ אָנגעווענדט אינטואיציע און וואַרעמע באַציאונג. ביי אַ יינגל איז דאָס פּראָבלעם נאָך מער אין צענטער. מען האָט אַ צאַרטע באַציאונג, אָבער עס קומען אַרויף פאַרפּלאָנטערנישן און מען געפינט נישט די געהעריקע רעגולאַציעס צו אַ סינטעז פון אינטואיציע און דערקענטעניש זיינען מיר נאָך נישט געקומען און די וואָגשאָלן שאָקלען זיך נאָך. אינטואיזאַציע און דערקענטעניש אינאיינעם, געפיל און שכל. פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט, לעבן און וויסן — גרייטן צו אַ מענטשן מיט אַ גאַנצער און אַרומנעמענדיקער תפיסה. מען דאַרף פאַראייניקן פאַרשידענע קולטור-שטחים, עס איז נייטיק אַ צונויפשמעלץ פון פאַרשידענע שיכטן.

אַ מוסטער פון אַ מדריך קען זיין נאָר איינער, וועלכער לעבט נאָר אין סניף און נישט אויסער אים. די יוגנט לעבט איבער די הרת-אדם עפּאָכע. די תקופה פון ווערן מענטש. עס שאַפן זיך דעמאָלט אַ סך סתירות, עס פעלט האַרמאָניע. דער אינסטרוקטאָר דאַרף קומען פון דעם רייפערן שיכט אין דער זעלביקער סביבה. נאָר אַזאַ איינער קען גענומען ווערן ווי אַ מוסטער, מען זאָל וועלן זיין ווי ער. און זייער נעגאַטיוו ווירקט אַ מדריך, וואָס האָט נישט קיין לעבן און קיין יוגנט און וואָס דער יאוש קוקט אַרויס פון זיינע אויגן. די פאַרלייקענונג פון לעבן זייגט אויס די בעסטע זאַפט פון מענטשנס כוחות, טויט אין אים דעם ווילן און דעם גלויבן און מאַכט אים פאַר אַ פוסטער חורבה. דער אינסטרוקטאָר דאַרף האָבן אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. דער עיקר באַגריף פון געזעלשאַפטלעכקייט איז — דיסציפלינירט לעבן און איבערהויפּט טעטיקייט, וואָס פאַרטרייבט פון מענטשן דעם שאָטן פון שעדלעכע געדאַנקען.

## מ אָ מ ע נ ט ן

אַ מין באַזונדער פאַרגעניגן האָט ער געהאַט צו זיצן ביים אויוון און טראַכטן טרויעריק — טרויעריק, גראָבלען, אומבאַוווסט, מיט די פינגער אויף פאַרפרוירענע שויבן אַליץ, וואָס אים קומט אויף זיין זינען. זיין נאָמען, די נעמען פון זיינע אייגענע און ווען ער איז פון דעם אַלעמען מיד געוואָרן, האָט ער סתם געשריבן פרעמדע ווערטער, אָן קיין שום זין, וואָס זיינען אַמאָל אים אַריין אין בלוט, בעת ער האָט זיי געלערנט.

ער איז געשטאנען און געקוקט, געטראַכט און אַנאַליזירט, האָט געשפּינט איי־גענע און אַנטליענע פּעדים, וועגן דעם קאָמפּליצירטן לעבן, וועגן דער רעטעניש פון גאַנצן זיין, און איבער דעם אַלעמען וועגן דעם קלאַפּן פון זייגער, וואָס פאַרגייט, אַלציינס ווי דער מענטש פאַרגייט.

די דאָזיקע מאָמענטן זיינען אים כלל נישט געווען אַנגענעם. זיי האָבן אים גע־שראָקן מיט אויפבליצן פון משוגעת, וועלכע האָבן אינגאַנצן אָוועקגענומען זיין שליטה איבער זיך און האָבן אים איבערגעגעבן אין די הענט פון בלינדן גורל. אָבער אַ געוויסער חן איז געווען אין זיי און זיי האָבן אים פאַרשאַפט דערהויבונג און נחת־רוח. ווער זיינען די אַלע מילב־מענטשן, וואָס קריכן אַזוי לעבערלעך פאַר זייער לעבן — וועלן זיי אים פאַרשטייען?

ביי די ברעגעס פון וויטיק האָט געשפּראָצט דער תענוג...

און ווען ער איז אַרויס שפּאַצירן און ער האָט אויף זיך גענומען אַ משא גע־דאַנקען, וואָס האָבן געדרוקט אַלע ווינקלען פון זיין מוח איבער דער שווערקייט פון לעבן און דער זעלבסט צוגרייטונג, אויף זיין אינעווייניקסטער רו, אויף זיין זיכער־קייט קעגן טויט. און אַזוי איז ער געגאַנגען, האָט געקנאַטן מיט זיינע פיס די בלאָטע און די זונשטראַלן האָבן אים אַרומגענומען, האָבן אַריינגעדרונגען אין אים — נישט פילנדיק די טרערן פון זיינע אויגן.

פאַרוואָס האָבן די טרערן געדרונען?

אפשר איבער זיינע יונגע פופצן יאָר?

דערויף האָבן געוויינט די פאַרשידענע כוחות, וואָס האָבן אים בלינדערהייט געשלעפּט אהין און אהער און ער איז געווען אין דער מיט.

אויף אָט די סטרונעס האָבן אַ סך געפּרוווט שפּילן. זיי האָבן געוועבט חלומות. אפשר צו פאַרלאָזן די „נאַרישקייטן" און צו גרייכן צום צושטאַנד פון פאָטער, וואָס זיצט אַלע מוצאי שבת אַרומגערינגלט מיט סוהרים, אַזוי ווי יענער שפּין, וואָס עס ציט זיך פון אים אַ סך שפּינוועבס.

— פו, פו, ס'איז נישט דאָס...

— אַ לעבן פון מענטשלעכער דערקענטעניש, פון מענטשלעכע געפילן.

רמזים, האָבן געוווּנקען. דאָס האַרץ ציט זיך נאָך „גרויסע מענטשן", אין יעדן ווינקל געווען אַ גריבל, ביאָגראַפיעס פון דיכטער, שריפטשטעלער און באַריטמטע מענטשן. עס זיינען אים אַנגענעם געווען די מעמוארן - ביכער. ער האָט פון זיי אַראָפּגענומען אַ ביישפּיל. עס האָט אין אים געווירט אַ געפיל פון שליחות.

אָבער — ווי אַזוי? וווהין? דאָס איז אים נישט קלאָר געווען...

## י. טאַבענקין וועגן א. גראַבאָוון

י. טאַבענקין רעדט וועגן פיר חברים, וואָס זיינען אין משך פון די לעצטע צען טעג געשטאָרבן — גראַבאָוו, אליהו אַבראַמאָוויטש, דן ליבן און מנשה דאָסינגער. זיי האָבן נאָך אַלע נישט געהאַט געלעבט. מיר האָבן אפילו זיי נאָך נישט באַוויזן צו דערקענען.

און עס קומט אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון אברהם גראַבאָוו, וואָס איז געווען, ווי י. טאַבענקין דריקט זיך אויס, אַ ביאַליקשע געשטאַלט מיט זיין געזונטקייט, געפיל־פולקייט, וואַכקייט צו דער נאַטור, צום פאָלק און צו אַלץ, וואָס לעבט אַרום אים. ער שטאַמט פון דער געדיכטעניש פון וואָלינער יידנטום, וואָס האָט יאָרנלאַנג געשטאַרקט דעם יידישן מענטשן. מען האָט דאָרט געלעבט אַן אייגענעם שטייגער, אַ גאַנץ לעבן. גראַבאָוו האָט פאַרמאָגט די דאָזיקע וואָלינער יידישע שפע, וואָס ביאַליק האָט איר

גענעבן אַ מענטשלעכן און פּאָעטישן אויסדרוק. „איך זע, שרייבט טאַבענקין, גראַבאָוון, דעם מענטשן מיט באַוווּסטזיין, מיט דער טיפער ליבע צום לעבן, מיט דעם קענען לעבן. ער איז אַליין אַ צענטר פון ליבע, וואָס דערוועקט ליבע, נישט אַנשטרענגנדיק זיך, זיין געשטאַלט דערוועקט ליבע, ווייל זי איז שיין און לויטער. איך ווייס נישט, צי גראַבאָוו האָט געשריבן שירים, אָבער ער איז אינגאַנצן געווען שירה. דאָס יינגל איז געווען אַ דיכטער.

פאַרוואָס איז די דאָזיקע אידעע נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן? פאַרוואָס איז ער געפאַלן? פאַרוואָס איז ער אַרויס פון שטוב פונקט אין יענעם מאָמענט? עס שיינט, אַז נאָך דעם, וואָס די אַכט זיינען געפאַלן אין רמת-הכובש, האָט ער שוין נישט פאַרמאָגט קיין ווידערשטאַנד-כוח. נישט איין מאָל האָבן מיר זיך אַליין געפרעגט, צי נאָך דעם, וואָס מיר האָבן דאָרט געזען אין משך פון אַ יאָר, זועט נאָך דאָרט, אין רמת-הכובש אַ חבר, אַ פרוי און אַ קינד קענען מלחמה האַלטן קעגן דעם טויט מיט דער דאָזיקער ליבע, וואָס איז נייטיק דערפאַר? וועלן זיי דאָס קענען באַווייזן, נאָך דעם וואָס זיי האָבן געזען ווי זייערע חברים ווערן איינער נאָך דעם אַנדערן דערמאָרדעט? אָט דערפאַר זיינען די לעבנס פון גראַבאָוו, אליהו און די אַנדערע צוויי נישט פאַרווירקלעכט גע-וואָרן.

און אונדזער אידעע, פון אונדזער גאַנצער באַוועגונג — זי איז נאָך אויך נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אויף איר לויערט אויך דער מאָרד. מיר שטייען אויף אַ גרויסן בית-עולם. אויף דעם חורבן פון אַ סך אידעען, וואָס זיינען נישט פאַרווירקלעכט גע-וואָרן. דער דייטשער סאָציאַליזם, דער עסטרייכישער, די רעוואָלוציע אין שפּאַניע, די דעמאָקראַטיע אין טשעכיע און דאָס טייערסטע פאַר אונדז — די אידעע פון אויפלעבן ישראל, אונדזער לעצטע רעטונג, אונדזער איינציקע ברירה, דער איינער אויסגאַנג — אויך זי קעמפט מיט אַ לעצטן אָנגורטן זיך און מיט אַ שאַל פון גבורה פאַר רעאַליזירונג און דערלייזונג.

# א. אברך

## תרס"ט־תש"ח — 1909־1945

## אַביסל ביאָגראַפיע און אַ ליד

אין עלטער פון זעקס און דרייסיק יאָר איז אין גרויסן קיבוץ יגור אומגעקומען ביי דער אַרבעט דער ראַטנער געבוירענער און דערצויגענער אריה (לייב) אברך, וועלכער איז פון קינדוויז אָן צוגעשטאַנען צום „החלוץ הצעיר" און איז אין דער פריסטער יוגנט געוואָרן אַ פירער אין אָט דער באַוועגונג און איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר תרצ"א, אין עלטער פון 22 יאָר.

א. אברך איז אומגעקומען אויף אַ פשוטן און טראַגישן אופן. ער האָט געדאַרפט אינאיינעם מיט אַנדערע חברים אַראָפּנעמען אַ שפּריץ־מאַשין פון דעם אויטאָ און די מאַשין האָט זיך איבערגעקערט. ער איז געווען אַחריותדיק אָן אַ גרענעץ, האָט ער געוואָלט אונטערשפּאַרן די מאַשין און ער איז פון איר צוגעדרוקט געוואָרן און איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אויף אַ מוראדיקן אופן. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

אברך איז אין ארץ־ישראל פּונקט אַזוי געווען באַליבט, ווי אין ראַטנע און בכלל אין וואָלין. צו די שלושים איז אין קיבוץ יגור פאָרגעקומען אַ טרויער־אסיפה און אויף יענער אסיפה איז געזאָגט געוואָרן: „אברך איז געווען פון די אויסגעצייכנטע צווישן אונדז. אַ מענטש פון געדאַנק און אַרבעט. אַ גאַנץ לעבן האָט ער געהייליקט פאַר דעם כלל און זיינע קולטור־נויטן. דאָס בוך האָט ער קיינמאָל נישט אַוועקגעלייגט. און נישט בלויז פאַר זיך אַליין. אויף זיינע פלייצעס איז געלעגן די ביבליאָטעק פון דעם קיבוץ. ער האָט געטאָן אַלץ רייכער צו מאַכן די ביבליאָטעק." און דערפאַר האָט מען באַשלאָסן אַ נאָמען צו געבן די ביבליאָטעק פון יגור „בית אריה אברך". די ביבליאָטעק קען אריינגעמען פערציק טויזנט ביכער און פוןביידע זייטן האָט דאָס הויז צוויי פליגלען, איינער פאַר אַ לייענזאַל און איינער פאַר שטודיום. אין אָט די צוויי טיילן פון בית אריה אברך וועלן די חברים פון קיבוץ לייענען און שטודירן און דערמאָנען דעם האַרציקן אריה אברך, וועלכער איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון לעבן אַזוי פּריצייטיק, ווען ער איז געשטאַנען ביי דער אַרבעט.

אָט די אינפאָרמאַציע נעמען מיר אַרויס פון אַ בראָשור מיטן נאָמען „אברך", וואָס דער קיבוץ יגור האָט אַרויסגעגעבן צום ערשטן יאָרצייט פון א. אברך און וואָס איז דערשינען מיט אַ קליינער פאַרשפּעטיקונג. די דאָזיקע בראָשור האָט 72 זייטן און זי באַשטייט פון אַ גאַנצער ריי קורצע אַרטיקלען און זכרונות וועגן דעם פריצייטיק־פאַרשניטענעם העלד פון אַרבעט, וואָס ראַטנע האָט אַרויסגעגעבן. די בראָשור הייבט זיך אָן מיט אַ קורצן שיר פון א. א., וואָס הייסט „מולדתי" (מיין געבוירנלאַנד), אין וועלכן עס ווערט געזאָגט:

**און איך בעט, מיין מולדת, מיין מולדת,**<br>
**נעם צו מיין אָרים געשאַנק,**<br>
**זיך אַליין ברענג איך דיר,**<br>
**צו פּייכט מאַכן און באַמיסטיקן מיט מיין שוויים און בלוט,**

די הרודעס פון דיין ערד, די פאַרברענטע פון די חמסינים.
צו דיינע פאַרשלאָסענע טויערן וועל איך צופאַלן, ווי הלוי, 24
לאָז מיך אָנטאָן אויף מיין האַלדז דיין יאָך,
גייען פאַרטאָג ביי דער אַרבעט
און אומקערן זיך פאַרנאַכט אויף די טריט פון די שאָף,
ווי יעקב אָבינו, ווען ער איז אַריבער דעם ירדן,
וועל איך קומען צו דיר און זיך בעטן:
נעם מיך אַריין און שפּיי מיך נישט אויס,
מאַמע ערד.

## וואָס זיין שוועסטער דערציילט

דאָס ערשטע אַרטיקל איז געשריבן פון זיין שוועסטער חנה אברך. דער מאמר הייסט טאַקע „מיין ברודער". די שוועסטער דערציילט, אַז איר ברודער האָט געוואָלט ווערן אַ לערער, אָבער די עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן אים נישט דערלויבט ממשיך זיין די לימודים, און ער האָט זיך אַליין פערפעקציאָנירט דורך אַ סך לייענען איידער ער איז אַריין אין דער הכשרה, איז ער געווען לערער אין אַ דאָרף. מיט ארץ־ישראל האָט ער זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן, ווען ער איז אַלט געווען נישט מער ווי צען יאָר. ער איז געוואָרן באַפריינדעט מיט די לערער און די לערערינס און ער איז געוואָרן אַ טוער אין „החלוץ הצעיר". די קינדער פלעגן אים אויפנעמען מיט פרייד און די עלטערן זיינען אויף אים געווען ברוגז, ווייל זיי האָבן פאָרגעפילט, אַז ער וועט ביי זיי „צוגזלען" זייערע קינדער. ער פלעג גיין אָנגעטאָן קרוע ובלויה און אַז מען האָט אים געוואָלט מאַכן אַ נייע פּאָר שיך, אָדער אַן אנצוג, האָט ער נישט געלאַזט. אין דער הכשרה פון קלאָסאָווא האָט ער געטאָן שווערע אַרבעט און איז קראַנק געוואָרן און ווען ער איז אהיימגעקומען, האָט ער וועגן זיין קראַנקייט נישט דערציילט. די באַוועגונג האָט אים שטאַרק אנערקענט, ער איז געווען מסוגל צו ווערן יעדן איינעמס חבר און ער האָט אַלע געוווּנען. מען האָט געוואָלט קענען זיין משפּחה.

ווען חנה איז געקומען קיין ווערבע אין דער הכשרה, האָבן אַלע אויסגערופן: „אָט איז געקומען אברכס שוועסטער!" און ווען זי איז אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן, האָט מען זי געוואָלט שיקן גרינדן אַ נייעם אָפּטייל און ווען זי האָט געענטפערט, אַז זי איז אַ נייע און זי דאַרף נאָך אַליין אינסטרואירט ווערן, האָט מען איר געענטפערט, אַז אברכס שוועסטער מוז זיין פעאיק דערצו. און ווען די שוועסטער האָט ביי אים געפאָדערט אין ארץ, אַז ער זאָל אַרויסברענגען די עלטערן, איז ער צעמישט געוואָרן. ער האָט נישט געוואָלט שווער מאַכן דעם קיבוץ און בעטן הילף, כאָטש אַנדערע האָבן דאָס יאָ געטאָן. ער האָט נישט געוואָלט לערנען ביי אַנדערע.

מיט זיין ברודער אַלטער האָט געטראָפן אַן אומגליק ביים ים המלח, ווו ער איז אומגעקומען. אריה האָט דורכדעם נישט געקענט שלאָפן דורך די נעכט. ער איז געווען ביי דער שוועסטער צו־גאַסט און זי האָט דאָס געזען. אָבער זי האָט ער געטרייסט. ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען און ער האָט פון דעסטוועגן שטענדיק געליטן. ווען ער איז געווען צו־גאַסט ביי דער שוועסטער, וועלכע האָט געוווינט איינעם מיט תימנער, האָט ער זיי געלערנט ווי אַזוי זיך אָפּצוגעבן מיט ביימער און ווי אַזוי זיי צו פלאַנצן. אַלע האָבן זיי אים ליב געהאַט און ווען זיי האָבן געהערט וועגן זיין טויט, האָבן זיי געוויינט.

די מיטגלידער פון דער משפּחה האָבן געזען זיין סענטימענטאַליזם און זיין געטרייקייט דעם קיבוץ און דער באַוועגונג, אָבער צו דער שטוב האָט ער זיינע געפילן

נישט אַרויסגעוויזן און מען האָט אים חושד געווען, אַז ער איז נישט געטריי דער משפּחה און אַז ביי אים איז אַלץ נאָר די באַוועגונג. אָבער טיף אינעווייניק האָט ער געהאַט אַ האַרציקע באַציאונג צו דער פאַמיליע. איין מאָל האָט ער זיך דערוווּסט אין דער הכשרה, אַז ביי אונדז אין הויז האָט אויסגעבראָכן אַ שׂריפה, האָט ער געחלשט. און ווען מען האָט אים דערמונטערט, איז ער באַלד געקומען צו לויפן. די שוועסטער געפינט נישט קיין ווערטער צו איבערגעבן זיינע געפילן, ווען זיינע עלטערן זיינען אָנגעקומען אין לאַנד אריין. ער האָט געשטראַלט. ער איז טאַקע געווען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג, אָבער ער איז דאָך געווען איבערגעגעבן מיט דעם גאַנצן האַרצן די על־טערן. אין דער צייט פון דער מלחמה, דערציילט די שוועסטער, האָבן זיי אַלע אַרום מקנא געווען, וואָס זיי זיינען אַלע דאָ און נאָר איין שוועסטער זייערע איז געבליבן אין גלות. „און ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז אונדז וועלן טרעפן אַזעלכע אומ־גליקן." —

## פון דעם ערשטן מנין

אונטער דעם טיטל איז פאַראַן אין ביכל אַן אַרטיקל פון נ. בנארי, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז אברך איז געווען פון די ערשטע יינגלעך, וואָס זיינען געקו־מען אין דער באַוועגונג פון „החלוץ הצעיר" און האָבן איר אַוועקגעגעבן זייערע האַר־צער און זייער טראַכטן. און זיי האָבן דערפאַר באַאיינפלוסט די באַוועגונג מיט זייער יונגן מענטשלעכן כאַראַקטער.

דער מחבר פון אַרטיקל געדענקט דריי שטענדיק אינאיינעם: אברך, גראַבאָוו און זעלדע כהן. ער האָט זיי געקענט, ווען זיי זיינען געווען נאָך גאַר יונג. זיי זיי־נען געווען פאַרשידן אין זייער כאַראַקטער און אין זייער אויסזען, אָבער אַלע האָבן געהאַט דעם שטאַרקן ברען, וואָס גליט אינעווייניק און די קינדישע שעמעוודיקייט, וואָס גרעניצט מיט נשמה־ריינקייט און מיט אומענדלעכער איבערגעגעבנקייט דער זאַך. מיט אָט דעם כוח האָבן זיי אָנגעצונדן יונגע הערצער.

אַ טייער דריילינג זיינען זיי געווען, וואָס יעדע יונגנטלעכע באַוועגונג וואָלט זיך געוואָלט געבענטשט מיט דעם. און אַלע דריי זיינען שוין נישטאָ. איינער פון זיי איז אומגעבראַכט געוואָרן בשעת די טראַגישע געשעענישן, איינע איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד, איבער מענטשלעכע קאָמפּליקאַציעס און איינער איז געפאַלן ביי דער אַרבעט.

מיט אברכן האָט דער מחבר זיך געטראָפן אַ סך מאָל אין ארץ. כאָטש ער איז מיט די יאָרן רייף געוואָרן, איז ער פאַרבליבן מיט דער זעלביקער קינדישער תמי־מות און שעמעוודיקייט. ער איז געבליבן דאַר און מאָגער; ער איז ביי דער אַרבעט נישט שטאַרק געוואָרן בגוף, אָבער אין גייסט איז ער שטאַרק געוואָרן. ער האָט דער־גרייכט אַ זיכערקייט אין זיך. אויך דאָ האָט ער דערצויגן יוגנט און שווער געאַרבעט און ביי דער אַרבעט איז ער געפאַלן.

## שטענדיק דער זעלביקער אברך

אונטער אָט דעם טיטל איז פאַראַן אַן אַרטיקל פון א. פּיאַלקאָוו, וועלכער דער־ציילט וועגן אברכס באַזוך אין שטעטל ביי זיי ווי אַ שליח פון וואָלינער ראַיאָן־קאָ־מיטעט פון החלוץ הצעיר. אַזאַ באַזוך פלעג זיין אַ געשעעניש אין דער אָפּטיילונג. מען פלעג אויספּוצן דעם קלוב און מען פלעג זיך גייסטיק גרייטן. און מען האָט דיס־קוטירט פון פריער וועגן דעם ווערט פון שליח. פאַר אברכן זיינען שוין געהאַט גע־

ווען דריי שליחים. עס איז געווען אַ מאָמענט פון ירידה אין ציוניזם און דער קאָמו־ניזם האָט געקראָגן אַ סך אָנהענגער. די פערטע עליה איז געהאַט דורכגעפאַלן און די פינפטע האָט נאָך נישט אָנגעהויבן. די פריערדיקע שליחים האָבן אַ סך פראַגן פאַרענטפערט, אָבער אויף אברכן האָט מען באַזונדער אַרויסגעקוקט.

און אָט איז ער אָנגעקומען. ער האָט זיך געהאַלטן נאַטירלעך און היימיש. די חברים האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל, ווי די פריערדיקע שליחים, קודם־כל האַלטן אַ רעפעראַט און דערנאָך זאָל ער פאַרענטפערן די פראַגן, וואָס מען וועט אים שטעלן. און אברך האָט דאָס אויך געטאָן און ער האָט פאַרענטפערט זייער תמציתדיק די שאלות, וואָס מען האָט אים געשטעלט, אָבער עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער וויל זיך פון דעם אַלעמען אַרויספּלאָנטערן און זיך נעמען צו זאַכן, וואָס אינטע־



אלתר אברך, אַ ברודער פון לייבל אברך,
אומגעקומען ביי דער אַרבעט אין א"י.

רעסירן אים מערער. און די חברים האָבן זיך געפילט אַנטוישט. אים האָט דאָס אָבער נישט געאַרט און ער האָט זיך געטאָן זיינס. ער האָט אַרויסגענומען דאָס בוך „מסדה" פון יצחק למדן און געלייענט, אַרויסגענומען אַ צווייט בוך — „בגלגל" פון שלאָנסקי און געליינט און דערקלערט. די יינגלעך און די מיידלעך זיינען געווען פאַרחידושט. אָבער ער האָט זיך ווייטער געטאָן זיינס. און די גאַנצע צייט פון זיין באַזוך האָט ער ווייניקער גערעדט וועגן אידעאָלאָגישע פראַגן און מערער דערציילט וועגן לעבן אין לאַנד, וועגן מסירות נפש פון די חלוצים. ער האָט געלייענט „יזכור" וועגן די חלו־צים, וואָס זיינען געפאַלן אויף דעם וועג קיין ארץ־ישראל און ער האָט דערציילט וועגן די פאַרדרייטע וועגן אויף דעם ים און אויף דער יבשה. וועגן וועג פון גרעניצן און בערג. ווער ס'איז יאָ אָנגעקומען אין לאַנד אַריין און ווער נישט. און נאָך איי־ניקע שמועסן האָט זיך די באַציאונג צו אים געביטן און אַלע האָבן אים ליב באַקו־מען. ער האָט אַרויסגערופן דערנענטערונג צו דעם חלוציזם מיט דער הילף פון פּאָע־

זיע. און די דערגרייכונג איז געווען אַ טאָפּלטע: ער האָט אַרויסגערופן ליבע צו ארץ־ישראל און אינטערעס צו דער העברעאישער פּאָעזיע.

צום צווייטן מאָל האָט דער מחבר געטראָפן אברכן אויף דעם קרייז־צוזאַמענפאָר אין סארנע, וואָרשיינלעך אין 1928. ער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער קולטור־אַרבעט אין די אָפּטיילונגען און אויך דאָ האָט ער מיט זיין פּערזענלעכקייט מער געווירקט ווי מיט דעם רעפעראַט. ער האָט זיך צו יעדן איינעם דערנעענטערט. ער האָט געהאַט אַזאַ האַרציקע באַציאונג צו איינער אַ חברטע פון קלאָסאָווע, אַז מען האָט געמיינט, אַז זי איז זיין בחורה, אָבער ער האָט פּשוט געהאַט אַ גוטע באַציאונג צו אַלע.

אין לאַנד האָט דער מחבר זיך געטראָפן מיט אים אין יגור, ווען ער האָט אין די ערשטע טעג געאַרבעט מיט אים אינאיינעם, ווען מען האָט געהאַקט גריבער און געגאָסן בעטאָן. ער איז שוין געווען אַ פּאָר יאָר אין לאַנד און ער איז נאָך אַלץ געווען אַ שוואַרצער אַרבעטער. ער האָט געטאָן די שווערסטע אַרבעטן. און אים איז געווען אַ חידוש צו זען אברכן דווקא ביי אָט די אַרבעטן, ער איז דאָך געווען אַ קליינטשיקער, אַ שוואַכער, אַ קרענקלעכער. און דאָך האָט ער געטאָן די שווערסטע אַרבעטן. ער איז אין לאַנד געוואָרן געזונט. זיין פּנים איז אָפּגעברענט געוואָרן, זיינע מוסקולן אַנטוויקלט. (בנארי דערציילט דעם היפוך. רעד.). ער איז געוואָרן געזונט פיזיש און גייסטיק און ער האָט דעם טאָפּלטן כוח אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט. ער האָט יאָ געקענט זאָגן „כל עצמותי תאמרנה”. און ער האָט געהאָלפן אַ ניי־געקומענעם און געלייענט אַ שיר מיט דער זעלביקער התלהבות מיט וועלכער ער האָט געאַרבעט.

אברך איז געווען אַ מענטש פון בוך, אָבער נישט ווי אַ באַשעפטיקונג. ער האָט פון זיין קענטעניש נישט געמאַכט קיין קרדום לחפור בו. ער האָט שטענדיק געלייענט (ווייל דאָס איז געווען זיין גייסטיקע שפּייז פאַר זיין אַרבעט און נאָכדעם). פאַרטאָג איידער ער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט ער געלייענט ביים שיין פון אַ ליכט — קיין עלעקטריק איז נאָך נישט געווען. ער האָט געלייענט פּראָזע, פּאָעזיע, ביכער וועגן היסטאָריע, אַגריקולטור, פאַרשידענע וויסנשאַפטן. און אַז דו האָסט עפּעס נישט געוווסט און דו ביסט געקומען צו אים, האָט ער עפּעס ווי דרך־אגב דיר געענטפערט און פאַרענטפערט. די לאָפּעטע און דאָס בוך זיינען ביי אים געווען צונויפגעבונדן און אין ביידע איז געווען יענער אברך. שטענדיק דער זעלביקער אברך.

## צום ערשטן יאָרצייט

ניין טאָג אין סיוון תש״ו (1946) האָט מען ביי דער 15טער קאָנפערענץ פון קיבוץ יגור, דערמאָנט אברכן צו זיין ערשטן יאָרצייט. גערעדט וועגן אים האָט די חברה ח ו מ ה, וועלכע האָט אים געקענט, ווען ער איז נאָך געווען אַ יינגל פון אַ יאָר זעכצן. ער האָט נישט געקענט רעדן פּליסיק, אָבער ער האָט באַלד צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך אַנטפּלעקט סיי מיט זיין אַרבעטן שווער, סיי מיט זיין נישט אויפהערן לערנען. און ער איז געווען פון די געטריישטע לייענער. ווי אַ מדריך אין אַ קבוצה פון יונגעלייט פון דייטשלאַנד, וועלכע האָבן נישט געקענט דאָס יידישע שטעטל, האָט ער באַוויזן וווּנדער ביים העלפן זיי זיך אַריינלעבן אין די ווערק פון מענדעלע און שלום עליכם. און אָט דער בחור, וועלכער האָט נישט געלערנט אין אוניווערסיטעט און נישט אין גימנאַזיע, האָט נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, אַליין געצערטלט דאָס בוך און געהאָלפן אַנדערע צו פאַרשטיין ליטעראַטור. ער האָט ליב

געהאַט זיין פאָלק, די קולטור פון זיין פאָלק, אָבער ער האָט נישט געפילט קיין התבטלות.

און ס'איז נישט קיין צופאַל, האָט הומה געזאָגט, וואָס אברך איז געפאַלן דווקא ביי דער אַרבעט. ער האָט געקענט און ליב געהאַט צושטעלן אַ פליצע. און ער האָט צוגעשטעלט אַ פליצע צו דער מאַשין, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק אַרויסגעקוקט אויף איר. און ער האָט גערעדט וועגן איר מיט אַזויפיל באַגייסטערונג. ער האָט אונטערגעשטעלט דעם אַקסל און די מאַשין איז אַרויפגעפאַלן אויף אים.

דאָס איז געווען נאַטירלעך פאַר דעם משק יגור צו באַשליסן, אַז דאָס קולטור־הויז זאָל טראָגן זיין נאָמען. מיר שיינט, אַז אברך איז געווען די צום מיינסטן סימבאָלישע געשטאַלט פון „החלוץ הצעיר" ווען ער איז שוין אַלט געווען 35 יאָר איז ער נאָך געווען דער יונגער חלוץ, וואָס שטרעבט צו באַנייען און צו הייליקן דאָס לעבן. ווען מען האָט געדאַרפט עמיצן פאַר אַ שווערער מיסיע, פלעג ער זיך שטענדיק אָנבאָטן. און ווען אברך האָט געבויט אַ היים, געהאַט קינדער, איז עס געווען אַ פרייד פאַר אַלע.

און איך געדענק, האָט די רעדנערין געזאָגט, ווען איך האָב געזען אברכן צום לעצטן מאָל. דאָס איז געווען, שיינט מיר, דעם לעצטן יום הביכורים. ער איז געווען אָנגעטאָן יום־טובדיק און איז געזעסן מיט זיינע זין אויף דער פּלאַטפאָרם, אינאיינעם מיט נאָך חברים. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט פאַרשלאָסן אַ קרייז — פון שטעטל, דורך דעם שטורעם פון דער הכשרה, צום בויען אַ ישוב, אַ משפּחה און באַנייען דאָס לעבן. דאָס יידנטום פון די לעצטע פינף יאָר איז געווען אין אָט דעם קרייז — דאָס יידנטום, וואָס האָט געהאַט קינדער, וועלכע זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל, געבויט אַ היים, געגרייכט צו ווערן דאָס, וואָס זי האָט געשטרעבט צו ווערן.

און וואָס ס'האָט געטראָפן דיין פאָלק — דער קרייז איז צעבראָכן געוואָרן און ער איז צעשטערט געוואָרן מיט אים אינאיינעם — האָט אים אויך געטראָפן, ער איז אויך דערהרגעט געוואָרן. לאָמיר דערמאָנען זיין גערעכעניש פאַר אונדז און אונדזערע קינדער. און נישט בלויז די קינדער אין יגור — זאָל זיין געשטאַלט ווייזן דער יוגנט דעם וועג צום לעבן.

קאַנישטער



ר׳ פישל העלד

# טיפּן און געשטאַלטן

## ר׳ פישל העלד ע״ה

אָדער פישל שרה לאהס, ווי מ׳האָט אים פשוט גערופן, איז געווען זייער אַ אינטערעסאנטער טיפּ — אַ תלמיד־חכם מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון. ביים צאַרישן רעזשים איז ער געווען געהילף פון „קאַזיאָנעם ראַבין", וועלכער איז געזעסן אין דער קרייזשטאָט קאָוולע.

ער האָט אין שטעטעלע געפירט די מעטריקע־ביכער פון געבוירענע, חתונה געהאטע און געשטאָרבענע. ער האָט געוווסט כמעט יעדנס געבוירן־טאָג, יעדנס יחוס און שטאם. אַז עמיצער פון שטעטל האָט פאַרגעסן אַ דאטע פון אַ געשעעניש, אָדער אַ יאָרצייט פון זיינע עלטערן איז ער שוין דאָס געניי געוואָר געוואָרן ביי ר׳ פישלען. די פרעמדע „נכתבים" אין ראטנע, וואָס האָבן געוווינט ערגעץ אין ווייטע שטעט, אז זיי פלעגן קומען צום „פריזיוו", אָדער אַ מעטריקע אַרויסנעמען זיינען זיי קודם־כל געגאנגען צו ר׳ פישלען און ביי אים וועגן אַלע זייערע ענינים זיך אינפאָרמירן.

קורץ — ער איז געווען די „לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע" אין שטעטל.

און געווען איז ער אַ דאַרער, שוואכער ייד, מיט אַביסל אַ געבויגענער פיגור, מיט אַ גרוי קורץ בערדל און שטענדיק פאַרטראַכטע אויגן, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער חסידישער קאַפּאָטע און חסידישן היטל. זייענדיק אַזוי פאַרטראַכט פלעגט ער אָפּטמאָל פּלוצים אַ מאך טאָן מיט דער האנט אין דער לופט און אַרויסזאָגן עטלעכע אומקלאָרע ווערטער, ווי ער וואָלט עפּעס פירן אַן אינערלעכן וויכוח אין זיינע מחשבות. אַז ער האָט מיט עמיצן דיסקוטירט, איז ער געווען הייס און פאַלעמיש און אָפּטמאָל, ווען יענער איז געווען קעגן זיינע איבערצייגונגען, האָט ער אַפילו געשריגן אַזש ס׳האָט אים אויסגעפעלט אָטעם.

און מאָדנע — ער איז געווען אַ טיפּ מיט קעגנזאצן און געוויסע סתירות. געווען אַ הייסער טריסקער חסיד, געגאנגען צוויי מאָל אין טאָג אין שטיבל און האָט געדאַוונט מיטן גאַנצן חסידישן נוסח און געווען צו דער זעלבער צייט אַ גרויסער אָנהענגער פון י. ב. לעווינזאָן, דער געפערלעכסטער אַפּיקורס ביי אַלע חסידים. ער האָט געהאַט אַלע ביכער זיינע און פלעגט זיי אָפּט זייער ערנסט לייענען און פאַרטיפן זיך אין זיינע שמועסן אויף אים.

ער איז געווען אַ זייער איבערגעגעבענער צו זיין פאַמיליע, איז געווען בטבע אַ סענטימענטאלער מענטש, אַן אמתער בעל רחמים, האָט זיך געערגערט, ווען ער האָט געהערט אַ קינד וויינען. דאָך איז ער צו דער זעלביקער צייט געווען אַ שטרענגער אָנהענגער פון הארטן געזעץ און חומר הדין. ער פלעגט שטענדיק טאַדלען און זידלען ממש די יוגנטלעכע, וואָס כדי זיך צו באַפרייען פון מיליטערדינסט, פלעגן זיי זיך מאַכן געוויסע מומים אין זייערע גופים. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און די יידן אין שטעטל האָבן געווונטשן די רוסן די ערגסטע מפּלות אין דער מלחמה מיטן דייטש, אויף וועלכן, אגב, זיי האָבן אויסגע־

קוקט ווי אויף משיחן, איז ר' פישל געווען דער איינציקער ייד, וואָס האָט געהאַלטן שטאַל און אייזן מיטן רוסישן צד. אין אַלע מלחמה־שמועסן, וואָס פלעגן פאַרקומען אין מאַרק אָדער שטיבל, האָט ער אים מיט זיין גאַנצן הייסן טעמפּעראַמענט פאַר־טיידיקט. ער האָט זיך געשטיצט אויף די מאמרים פון אונדזערע חכמים: „הוי מתפּלל בשלומה של מלכות" און „דינא דמלכותא דינא" (געזעץ איז געזעץ), ער האָט אויך דאַן שלעכטע נביאות געזאָגט וועגן דייטש וואָס ס'האָט זיך טאַקע גאַר גיך אַרויס־געוויזן פאַר ריכטיק.

אין שטוב ביי אים האָבן זיך שטענדיק געפונען מענטשן: ווער ס'האָט געשריבן אַ ביטע אין געריכט, ווער ס'איז געקומען באַראַטן זיך מיט אים וועגן אַן ענין פון רוסישן געזעץ. ווייל ער איז געווען אויך אַ גרויסער בקי אין רוסישן קאָדעקס און געקענט גוט די רוסישע שפּראַך. שפּעטער, אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען די פּאָליאַקן זיינען געווען די בעלי בתים פון אונדזער געגנט, האָט ער אויך די ביטעס (פּראָ־שעניעס) געשריבן אין פּויליש. און אַלץ האָט ער זיך אליין אויסגעלערנט. ער האָט אויך געוווסט צו דערציילן וועגן ראַטנער היסטאָריע, וועגן אַ סך משפּחות און זייער יחוס. וועגן דעם טאַקע האָט ער אָנגעשריבן אַ ביכל אין העברעאיש, וואָס דער יונגנטלעכער א. י. גינזבארג האָט עס איבערגעזעצט אויף יידיש.

אינטערעסאַנט איז אים געווען צו הערן, ווען מיר פלעגן אַמאָל אין אַ תשעה באב לויטן מנהג, אַרויפגיין אויפן אַלטן „בית החיים". ער פלעגט גיין פאָראויס ווי אַ פּראָ־פעסאָר און אונדז, די ראַטנער אינטעליגענץ, דערציילן וועגן די שוכני עפר, וואָס פאַר־אַ טיפן מענטשן זיי זיינען געווען און פאַרשיידענע אינטערעסאַנטע איינצלהייטן פון זייער אַמאָליקן לעבן. מיר פלעגן זיך בריהן איבערלייענען די אַלע אָפּגעמעקטע אויפ־שריפטן אויף די מצבות און ער האָט אונדז אין דעם אַרויסגעהאָלפן. מיר האָבן זיך צו זיינע רייד צוגעהערט מיט גרויס נייגער און אינטערעס.

אַזעלכע פעאיקע זיינען אויך געווען זיינע זין בערל און יצחק הירש ע"ה (אַ דריטער אַליעזר לעבט אין א"י). בערל האָט אויך, ווי זיין פאָטער, געשריבן ביטעס אין די געריכטן אין די צוויי אויבנדערמאָנטע שפּראַכן און איז בכלל געווען זייער אַ באַוווסטזיניקער. ער האָט אויך געהאַט איניקע אָנגעשריבענע דערציילונגען און האָט אויך זייער שיין און מיט געפיל געשפּילט פידל.

אַ צווייטער, יצחק הירש, איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער, באַגאַבטער יונגערמאַן ער איז געווען דירעקטאָר און בוכהאַלטער פון דער אָרטיקער פאָלקס־באַנק ביז די לעצטע טעג פאַרן חורבן. און אַלץ האָט ער זיך דערלערנט אויטאָ־דידאַקטיש. די אָרטיקע מאַכט, ווי דער פרידנס ריכטער, דער מאַגיסטראַט א. א. האָבן אים תמיד איינגעלאַדן ווען ס'האָט זיך סוף יאָר ביי זיי אין דער בוכפירונג און באַ־לאַנסן אַרויסגעוויזן אַ פּלאָנטער און אומרעגלמעסיקייטן און ער האָט זיי אַרויסגע־האָלפן און אַרויסגעפירט פון די טעותים. אין זיין אַרבעט איז ער געווען זייער אַ פּינקטלעכער און שטרענג אָרנטלעך.

לטובת דער באַנק און איר עקזיסטענץ, וואָס האָט פיל נוצן געבראַכט דעם שטעטל איז ער געווען שטרענג אַפילו מיט זיינע אייגענע און געפאָדערט פּינקטלעך צאָלן די אַרויסגענומענע הלוואות. צוליב דעם טאַקע האָט ער זיך דערוואָרבן אַ סך קעגנער, וואָס האָט אָבער ניט געשטערט, אַז זיין נאָמען און רעפּוטאַציע זאָל זיין אין דער הויפּט־צענטראַלע, אין וואַרשע זייער פּאָפּולער און באַליבט. נישט איינמאָל האָט מען אים געוואָלט צוליב די דאָזיקע מעלות אַהין אַריבערפירן. ער האָט אָבער זיין שטעטעלע, זיינע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן און זיינע חברים נישט געוואָלט פאַרלאָזן. אין דער צייט ווען אין אַ סך אַרומיקע שטעטלעך, ווי מאַציוו, קאָמיען קאַשירסק און ראַזישטש א. א. האָבן זיך, צוליב דער שלעכטער פירונג און אומאָר־

דענונג די דאָרטיקע קאָאָפּעראַטיווע בענק אויפגעלייזט, האָט זיך ראַטנער באַנק פעסט געהאַלטן אַ דאַנק זיין מיזאַמער און זאָרגפולער אַקטיוויטעט ביז די לעצטע טעג פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ער האָט אויך גענומען אַנטייל מיט זיינע אָפטע אַרטיקלען אין דעם אָרגאַן פון דער צענטראַלע, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, וועגן געוויסע פּראָבלעמען פון באַנקוועזן. ער איז אויך אָפט געווען אַ שליח צבור פונעם שטעטל, געשיקט צו דער העכערער מאַכט אין דער קרייז־שטאָט קאָוולע און אפילו אַמאָל אין וואַרשע. אַזוי איז ער איינמאָל נאָך אַ שרפה אין שטעטל געפאָרן קיין וואַרשע וועגן אַן הלואה פאַר די נשרפים און דערביי שוין אויך אַפּשרייען אַ גזירה וועגן דעקן די דעכער מיט בלעך,



יצחק הירש העלד

וואָס וואָלט פאַרשאַפט די נשרפים אַ סך שוועריקייטן און גרויסע הוצאות. און חוץ די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן האָט ער געשענקט אַ סך מי און צייט די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַרבעטן און איז געווען אין דעם שול־קאָמיטעט און געטראָגן דעם יאָך פון אירע הוצאות און דעפיציטן. אַן אמת טרייע לעבנסבאַ־גלייטערן און נאַציאָנאַל - דורכגעדרונגענע איז געווען זיין פרוי רחל, ר׳ אַברהם שוחטס אַ טאָכטער. זי איז געווען אַ טרייע איבערגעגעבענע אַקטיוויסטן פון דער ראַטנער וויצאָ.

# נ ח   ק ע צ ק ע ר

אַ העברעאישער לערער, אַ נידעריקער, אַ פעסט-געבויטער מיט שטרענגגן אויס-זען, כאָטש בטבע דוקא זייער אַ גוטער מענטש. ער איז געווען זייער אַ אינטעליגענ-טער און געלערנטער יונגערמאַן. אַליין געווען אַ פּינסקער, געקומען קיין ראַטנע אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, פּונקט אין דער צייט, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט אונדזער געגנט. לויט אַ רעקאָמענדאַציע פונעם יידישן בירגערמייסטער ר׳ אליהו יאַ-נאָוויטש האָבן אים דאַן די דייטשן באַשטימט אַלס אַ לערער פון די יידישע קינדער אין שטעטל. צוליב דעם, וואָס ראַטנע איז געווען כמעט דריי פערטל אָפּגעברענט דורך די אָפּטרעטנדיקע רוסישע סאָלדאַטן, איז דאָרט געווען אַ גרויסער דוחק אין דירות. האָט מען דערפאַר איינגעאָרדנט די שולע אין דעם איינציקן גאַנץ געבליבענעם פון אַלע שולן טריסקער שטיבל, אינדערפרי און אין אָוונט איז דאָס געווען אַ בית-תפילה און בייטאָג — אַ שולע.

ווען די דייטשן זיינען אַוועק און עס זיינען אַהין אָנגעקומען אין יאָר 1919 די אוקריינער האָט מען די שולע אריבערגעפירט אויף הוליאַנקע גאס אין אַ גרויסער שטוב מיט עטלעכע ליכטיקע צימערן. דאָרט האָבן שוין געלערנט 2 לערער, קעצקער און טאַנעזער. פון יענער צייט הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דעם שטעטלשן קול-טור-לעבן און דער הויפּט גורם דערפון איז געווען דער לערער קעצקער.

ער גייט דאַן אַריין אין זיין ראָל פון אַ קולטור-פאַרשפּרייטער און זיין השפעה אויף דער ראַטנער יוגנט ווי בכלל אויפן דאָרטיקן יידישן ישוב הויבט זיך אָן ביסלעכווייז צו פילן און אָנערקענט ווערן. אין דער שולע הויבט דער לערער קעצקער אָן זיינע רעפעראַטן אויף אַלערליי טעמעס. די רעפעראַטן זיינען געווען אַ נייעס אין שטעטל




די פאַרוואַלטונג פון דער תרבות שולע אין 1932: עס שטייען פון רעכטס: אליעזר העלד (ישראל), לייבל גראַבאָוו, לערער נח קעצקער און רויזען, א. קאַרש, מ. דרוג, (ישראל), אשר פערעלמוטער און יצחק הירש העלד; עס זיצן פון רעכטס: אַברהם האָכמאַן, בערל העלד, יוסף זאַסק, יהושע בעקערמאַן, יעקב שטיינגארטן (ישראל) יעקב ליבערמאַן און מענדל קליין.

און האָבן דערפאַר פאַראינטערעסירט און צוגעצויגן אַלע יידישע איינוווינער, יונג און אַלט. באַלד נאָכן עסן אין אַ שבת אָדער יום־טוב האָבן זיך פון אַלע גאַסן און געס־לעך געלאָזט אין דער שולע יוגנטלעכע און עלטערע מענטשן און האָבן גיך אָנגעפילט דעם גרויסן צימער, ווו דער לערער איז פאַר זיי אויפגעטראָטן.

זיינע רעדעס, וואָס זיינען געווען אויף פאַרשידענע טעמעס, ציוניסטישע, סאָ־ציאַלע אָדער סתם ליטעראַרישע זיינען, ווי פרישע טוי - טראָפּנס, געפאַלן אויף דורשטיקע נשמות און הערצער, וואָס האָבן אפשר שוין לאַנג געגאַרט נאָך דעם. און דאָס איז געווען אַ סטימול און שטויס פאַר אַ נייער תקופה פון קולטור און פאָר־שריט פאַר דער יוגנט און ישוב בכלל. די יוגנט הויבט זיך אָן דאַן מערער צו אינטע־רעסירן מיט ליטעראַטור, מ'קויפט נייע ביכער און מ'לעבט אויף די אַלטע אָפּגע־ברענטע ביבליאָטעק און מען לייענט טאַקע אַ סך. מען עפנט אויך אַ לייען־זאַל, ווו יונגע מענטשן קומען זיך צונויף כמעט יעדן טאָג און לייענען און דיסקוטירן וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען. דאָס שטעטל פרישט זיך אָפּ און לעבט אויף גייסטיק.

אין יאָר 1920 קומען אָן די פּאָליאַקן אין אונדזער געגנט. זיי זיינען זייער שטרענג און ממש ברוטאַל. זיי זוכן ביי יידן געווער און מיליטערישע חפצים. און לויט אַ מסירה פון מעשטשאַנעס קומען זיי אויך צום לערער קעצקער זוכן אַ מאַשין־געווער. זיי אַרעסטירן אים און באַשטראָפן אים מיט 25 שמיץ. אַ שטיק צייט ליגט ער קראַנק אין בעט און זיין קולטור און דערציאונגס־אַרבעט ווערט צייטווייליק אי־בערגעריסן. די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אין שטעטל ווערט דאַן בכלל פּאַראַלי־זירט, די פּאַרטראַגן — אָפּגעשטעלט. די לעקציעס פרווט ער געבן אין פריוואַטע הייזער מיט קליינע גרופּעס קינדער.



אַ גרופּע תלמידים צוזאַמען מיטן דירעקטאָר נח קעצקער אין צענטער

אין יאָר 1922-3 ווערט די לאַגע ביסלעכווייז נאָרמאַל און די קולטור-טעטיקייט אין שטעטל הייבט זיך ווידער אָן. די שולע ווערט אַריבערגעפירט אין דער נייער געביידע, וואָס איז איבער דעם ביהמ״ד אין דער הויף. דאָרטן לערנען שוין 5 לערער: קעצקער, האַרצמאַן, וואַיסקאָווסקי, נח כהן און אַ רוסישער לערער.

עס הייבן זיך אויפסנייַ אָן די איבערגעריסענע רעפּעראַטן. מען ברענגט אַפילו פון דער פּרעמד באַוווסטע לעקטאָרן און שריפטשטעלער. מען פירט אָפּט אַדורך ליטעראַרישע משפּטים איבער פאַרשידענע ווערק. עס טרעטן שוין דאָן אַרויס רעדנער — אַרטיקע יוגנטלעכע און ס׳קומט אַפילו דאָן אויף אַ דראַמאַטישער קרייז פון הייִמישע אַמאַטאָרן-כוחות, גאַנץ פעאיקע יונגע מענטשן ווי הירשל שאַפּירא, מ. ב. מאַרקוזע, מאַיע גינגאָלד, חיה איציקזאָן און מאַטל גינזבאַרג, וועלכע שפּילן גאַנץ גוט טעאַטער. דאָס שטעטל, אונטער דער ערשטער השפּעה פון נ. קעצקער, לעבט זיך אויס קולטורעל און באַקומט זיין תקון. צו יענער צייט הייבט זיך אָן די קריסטאַליזאַציע און רייפקייט פון דער יוגנט אין פּאָליטיש נאַציאָנאַלע פראַגן. ס׳הייבן זיך אָן אויסצושיילן פון צווישן זיי אַלערליי פּאַרטייען מיט באַזונדערע לאָזונגען און פּלאַטפאָרמען — ס׳קומט אויף: דער „השומר״, דער „ביתר״, די „פרייהייט״ און אויך די עקסטרעמע לינקע פּאַרטיי. ס׳קומען פאָר צווישן זיי אָפטע דיסקוסיעס און רייסענישן און עס דערגייט אַמאָל צו געשלעגן.

אין דעם יאָר 1926 ווערט אין שטעטל געעפנט די תרבות שולע, וווּ ס׳לערנען זיך אַ 200 קינדער און לערער נ. קעצקער מיט נאָך אַנדערע דריי דיפּלאָמירטע לערער זענען פאָר די אָנגעהויבענע דערציערישע אַרבעט.

## יהושע בעקערמאַן

אַ באַוווסטזיניקער יונגערמאַן, אַ אינוואַליד פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ זעלטענעם טיפּ פון אַן אמת נאַציאָנאַלן יידן, אַ זייער ערנסטער און אויפריכטיקער. אויף אַ זיצונג, אָדער אויף אַן אַנדערער קולטור-געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז ער שטענדיק געווען דער ערשטער און תמיד גרייט צו טאָן. ער האָט פאַר אַזאַ אַרבעט שטענדיק צייט געהאַט, ווי שטאַרק ער זאָל נישט זיין פאַרנומען אין זיין מעל-קרעמל אָדער ביים אַרומזוכן אַ גמילת-חסד עטלעכע זלאָטעס, וואָס ס׳האָבן אים שטענדיק אויסגעפעלט צו צאָלן אַ וועקסעלע. ער האָט נאָך אַנדערע חברים געוועקט און גערופן צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און פלעגט זיי נישט זעלטן אַריינזאָגן אויך. ווען מ׳האָט אים געזען גיין אין גאַס, שלעפּנדיק די פאַרווונדעטע פוס, מונטער און שמאָלץ מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט אַ באַזונדער פלעמל אין די אויגן, איז שוין פאַר יעדן קלאָר געווען, אַז דאָס גייט ער צו טאָן אַ געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אַזעלכע אַרבעטן זיינען שטענדיק דאָרט געווען. אין תרבות שולע האָבן געלערנט העכער צוויי הונדערט קינדער און זעקס מחלקות. לערער זיינען געווען 4-5 און דער בודזשעט איז קיינמאָל נישט געווען קיין פעסטער. שטענדיק נאָכן שול-יאָר איז געווען אַ גרויסער דעפיציט.

י. בעקערמאַן איז אָבער געווען אויף דער וואַך און איז געלאָפן צו אַלע קאָמיטעט-מיטגלידער מיט אַן אַליאַרם, ביי יעדן איינעם פון זיי גענומען אַ וועקסעלע, אויך אין דער פאָלקס-באַנק צום דירעקטאָר ה׳ יצחק הירש העלד, אַ חבר פון קאָמיטעט און ווי ס׳איז נישט שווער געווען דורכצופירן די אָפּעראַציע, האָט ער דאָך אַרויסגעגעבן אַן הלואה און דער ענין איז דערליידיקט געוואָרן. די אַ וועקסעלעך זיינען דערנאָך געדעקט געוואָרן אַביסל פון די אייגענע קעשענעס אָבער מערסטנטייל פון די צונויפגעזאַמלטע געלטער, וואָס די אַרויסגעשיקטע פרויען-פאַרלעך איבער דער שטאָט האָבן געבראַכט.

ס׳וועט זיין אינטערעסאנט אויף דעם פלאץ דערציילן בקיצור די אלע גלגולים און עטאפן, וואס דער מאדערנער חנוך־וועזן האט דורכגעמאכט אויף זיין אנטוויקלונגס־וועג אין ראטנע זינט דעם אנהויב פון קולטור רענעסאנס ביז דעם אויפקום פון דער תרבות־שולע.

די ערשטע געבורטס־„וויען" פונעם מאדערנעם חנוך אין ראטנע ווארצלען נאך אין די לעצטע יארן פונעם פארגאנגענעם יארהונדערט. שוין אין די יארן 1896-7 האבן די ערשטע משכילים ווי טעלעסאן, י. פוגאטש, ז. בורשטיין און א. מאטעס דעם טראטש געמאכט א פרווו און האבן געעפנט א הדר מתוקן, ווו זיי האבן געלערנט די ארעמע קינדער שרייבן און לייענען אומזיסט. די פאנאטיקער האבן אבער דעם חדר באלד פארמאכט. די לערער, ד. פינקעלשטיין, וו. טעלעסאן און הערשל שכנאס האבן אבער פארגעזעצט זייער קולטור־ארבעט און פארזייט די השכלה־קערנער אויף דעם ראט־נער באדן. אין יאר 1908-9 באווייזן זיך שוין אויך אין ראטנע 2 יונגע לערער מאטל קאהן און ברוך יעקב מאראנץ, וועלכע עפענען א כמו שולע — זיי דינגען א גרויסן צימער, ווו זיי געבן לעקציעס אין יידיש און רוסיש א געוויסע צאל ראטנער קינדער. אין יאר 1912-13 קומט אהין א פרעמדער לערער ל. וואל און נאך א מלחמה מיט די מלמדים עפנט ער א מער מאדערנערע שולע און לערנט עברית בעברית. אין יאר 1913-14 עפענען די לערער אברהמצע טעלעסאן ע״ה און דער שרייבער פון די שורות א שולע ווו מען לערנט העברעאיש, יידיש און, מיט דער מיטהילף פון א רוסישער לע־רערקע, אויך רוסיש.

אין דער מלחמה־צייט קומט אין שטעטל אראפ דער לערער ג. קעצקער און עפנט א שולע אין טריסקער שטיבל. נאכדעם אונטער דער מאכט פון די אוקריינער ווערט די שולע אריבערגעפירט אין הירשל כמעלערס הויז און צולעצט, ביי די פאליאקן, איז זי שוין אין אן אויבערשטיבל פון דעם גרויסן ביהמ״ד און עס לערנען שוין פינף לערער די פאליאקן האבן די העברעאישע שולע צוגעמאכט. זיי האבן איינגעפירט דעם סיסטעם פון צוואנג־שולע און אלע יידישע קינדער האבן געמוזט באזוכן די פוילישע פאוושעכנע, ווו ס׳האט געהערשט דער קלעריקאלער קאטוילישער גייסט. די קליינע יידישע קינדער האבן זיך מיט דעם גייסט אנגעזאפט, זיינען געווארן פארפוילישט און האלב אסימילירט.

אין איינעם א טאג, וואס איז אויסגעפאלן א דערמאנונגס־טאג פון טויטע ביי די קריסטן, האבן די פוילישע לערער געפירט זייערע אלע תלמידים, צווישן זיי אויך אלע יידישע, אויפן פוילישן צעמענטאזש (בית עלמין) און זיי געהייסן פון גראז אויס־פלעכטן צלמלעך און צוטשעפען צו די קברים. ווען די יידישע אינטעליגענטערע יוגנט איז דערפון געוואר געווארן איז זי מיט א רעש און געשריי געלאפן אין אלע בתי־מדרשים, דערציילט וועגן דעם און די מתפללים אויפגעוויזן די שעדלעכע ווירקונג פון דער „פאווש עכנע שקאלע" אויף די יידישע קינדער און זיי אויפגעפאדערט צו טאן עפעס, כדי צו עפענען א יידישע שולע.

ס׳איז באלד אויפן ארט ארגאניזירט געווארן א שול־ראט, וואס האט זיך אונטער־גענומען אדורכצופירן דעם פלאן פון עפענען א תרבות שולע. פאלגנדע זיינען געווען די עסקנים: נ. קעצקער, יוסף זאסק, יצחק הירש העלד, יהושע בעקערמאן, יעקב ליבערמאן, לייבל גראבאוו, מענדל קליין און יבדל לחיים, דער שרייבער פון די שורות. זיי האבן זיך דאן מיט דער גאנצער ענערגיע און ברען אריינגעווארפן אין דער ארבעט כדי זיך אויסצוסטארן ביי דער מאכט א דערלויבעניש אויף א שולע. ניש לייכט איז דאס אבער אנגעקומען צו פועלן ביי דער פוילישער מאכט. אבער א דאנק זייער איי־זערנעם ווילן איז זייער ארבעט געקרוינט געווארן מיט הצלחה און אין א שיינעם טאג איז די תרבות שולע געעפנט געווארן. נישט וויינק אומאנגענעמלעכקייטן זיי־

נען זיי אויך אויסגעשטאנען פון די מלמדים און סתם פאנאטיקער. די תרבות-שולע איז געוואָרן אַ לעבעדיקער פאַקט, וואָס אַלע האָבן איר אָנערקענט. זי איז געוואָרן דער „בית היוצר", די גייסטיקע קוזשניע, וואָס האָט אויסגעשמידט אַ דור פון יידיש-נאַציאָנאַלע יוגנטלעכע, און האָט זיי מיטגעגעבן אין לעבן געטריישאַפט און ליבע צו זייער פאָלק און זיין לאַנד.

## יוסקע וואסק

אַ זייער ליבער און איבערגעגעבענער הבר און עסקן ביי געזעלשאַפטלעכע נאַציאָנאַלע אַרבעט. שטענדיק געווען גרייט מיט פליכט-באַוווסטזיין צו נאַציאָנאַלער און קולטורעלער טעטיקייט. געהאַט האָט ער אַ גרויסע גאַלאַנטעריי-קראָם אין שטעטל. געווען שטענדיק פאַרנומען. געהאַט פאַרשיידענע פאַמיליען-דאגות אויפן קאָפּ און נישט זעלטן געווען פאַרנומען מיט זוכן אַ גמילות חסד כדי נאָכצוקומען אַן התחייבות. און דאָך האָט ער זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון אַ אַרבעט אָדער גאַנג



לייבל גראַבאָוו מיט זיין פרוי אַנזשע און קינדער, איינער פון די שול-עסקנים אין שטעטל

לטובת אַ געזעלשאַפטלעכער אונטערנעמונג אָדער קהלישער אינסטיטוציע. באַזונ-דערס פאַר דער תרבות שולע וואָס ער איז געווען איינער פון אירע גרינדער. און בכלל איז ער געווען אַ ליבער, געטרייער מענטש מיט אַ שטענדיקן שמייכל און אַ גוט-מוטיקייט אויפן פנים. ער האָט קיינמאָל ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט נישט אַרויס-גערעדט קיין האַרב וואָרט, אַפילו ווען מ'האָט עס באַדאַרפט זאָגן. און שטענדיק

געוועזן איבערפולט און אָנגעלאָדן מיט נאַציאָנאַלער וויזיע און אומבאַגרעניצטן בטחון. האָט געטראָפן עפּעס שלעכטס אין ארץ ישראל, איז ער געוועזן דער טרייס־טער, גערעדט, ווי אַ פרומער ייד, מיט אמונה און גלויבן און אַלעמען געטרייסט: „ס׳מאַכט ניט אויס, ס׳וועט סוף כל סוף זיין גוט״.

ווען מען האָט געקראָגן די דערלויבעניש צו עפענען די תרבות־שולע האָט ער דאָרט די ערשטע צייט איבערגענומען די טעכנישע לייטונג: ער האָט באַזאָרגט שיינע שול מעבל, אינעווייניק פאַרפּוצט די שולע ווענט מיט אַלערליי שיינע בילדער און לאָזונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צום געשמאַק פון קינדער א. א. וו.



יעקב ליבערמאַן ביי דער זייט פון זיין פאָטער אליהו, וואָס זיצט — איינער פון די שולע עסקנים און געזעלשאַפטלעכע טוער

מיר חברים, פלעגן זיך אָפט צוזאמענקומען ביי אים, ווי ביים שרייבער פון די שורות, אין שטוב אונטערהאלטן זיך אין אַ חברישער אַטמאָספערע. אַזאַ נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע איז אויך געווען זיין פרוי שיינדל גינזבאַרג. איך וועל דערביי אויך דערמאָנען, די פאָלגנדע יונגע און טיכטיקע חברים־עסקנים: יעקב ליבערמאַן, מענדל קליין, אברהם האָכמאַן און לייבל גראַבאָוו.

זיי זיינען געווען זייער האַרציקע כלל טוער מיט וואכנדיקע הערצער און אחריות פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אויפן מינדעסטן רוף זיך געשטעלט צו דינסט און צוגעטראָגן זייער חלק ארבעט און ביישטייער אין אַלע ראטנער געזעלשאַפטלעכע סאָציאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. ערע צו זייער אָנדענק!

## ר אַ ט נ ע

# מאָטל גינזבאַרג

גערוועזן איז ער אַ באַזונדער טיפּ, אַן עקזעמפּלאַר אין שטעטל. העכער פון מיטלווקס, אַ שאַטען, אויבנאויפיק אַ רואיקער, אַ באַזאַכטער, מיט אָפענע באַאָבאַכטנדיקע אויגן און מיט אַ געמיטלעך געלאַסענעם אויפהאַלטן זיך. האָט שטענדיק אויסגעהערט יענעם מיט אַ רואיקער אויפמערקזאַמקייט און געענטפערט באַזאַכט און געלאַסן. געווען איז ער גאַנץ פיין דערצויגן, געהאַט מיטעלע בילדונג און איידעלע מאַנירן. אַ פרעמדער וואָס האָט אים נישט געקענט, האָט פאַר זיך געזען אַן ערנסטן געשטעלטן מענטשן. און אין דער אמתן איז ער געווען, וואָלט איך געזאָגט, אַ טיפּ פון ר׳ נחמן בראַסלאַווערס חסידים: ער איז געווען אַ גרויסער שונא פון זאָרג און אומעטיקייט. אין זיין געזעלשאַפט, צווישן עלטערע אָדער יונגטלעכע, האָט קיינמאָל נישט געהערשט קיין מרה שחורה, קיין דאגה און אָפּגעלאָזנקייט. ס׳האָט פון אים אַרויסגעשפּרודלט פריילעכקייט און לעבעדיקייט, חכמה און וויץ.

ס׳איז געווען גענוג אַז ער זאָל באַמערקן אויף עמיצנס פּנים אַ שאָטן פון זאָרג און ער איז שוין דאָרטן אויסגעוואַקסן און אים אַריינגעבראַכט אַ פריילעכע שטימונג מיט אַ ווערטל, מיט אַ קיצלדיקער הלצה און פריילעכע מעשה. באַזונדער איז ער געווען פריילעך און לעבעדיק צווישן יוגנט. כדי זיי אַריינצוברענגען אין פריילעכער שטימונג, אַפילו ביי געוויסע נישט אויפגעלייגטע אומשטענדן, פלעגט ער צומאָלס אַרויסכאַפּן אַ מיידל און צעלאָזן זיך מיט איר אין טאַנץ, צוזינגענדיק דערביי, אָדער אַראָפּכאַפּן איר פינגערל און אָפּגעזאָגט דעם „הרי את מקודשת לי״... כדת משה מפריכאַד״ (אַ געוויסער ייד אין דעם דאָרף).

פאַרמאָגט האָט ער אין זיין כאַראַקטער אַ גרויסע דאָזע ריטערלעכקייט, וואָס איז אַמאָל ביי אים דערגאַנגען צו מסירת נפש, ממש צו איינשטעלן פאַר יענעם זיין לעבן. ביי פאַרשיידענע געשעענישן אין שטעטל, ביי אַ פּלוצלינגדיקער שרפה, ביי אַ חולה מסוכן, אָדער געוויסע „עקסצעסן״ פון דאָרפישע פּויערים איז ער דער ערשטער געווען אויפן פּלאַץ. (די אָ שיינע מידה פון מסירות נפש איז אים בירושה איבערגעגאַנגען דורכן בלוט פון זיין מוטער נעכע ע״ה, איינע פון די נשים רחמניות אין שטעטל. זייענדיק אַ פרוי אַ נידעריקע און אַ שוואַכע, כמעט שטענדיק צוליב איר קאָפּ-ווייטיק געווען פאַרבונדן מיט אַ ווייס טיכל דעם קאָפּ, איז זי אָבער אומעטום, וווּ נאָר ס׳איז געווען אַ נויט ערגעץ אין אַן אָרעמער שטוב, אויסגעוואַקסן ווי אַ מלאך און דערלאַנגט די ערשטע הילף. באַזונדערס האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר אָפּפערוויליקייט ביי אויסערגעוויינלעכע פאַלן פון פרויען בר-מיננס, וואָס זיינען געשטאָרבן פון אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, צו וועלכע די ספּעציעל אָרעמע באַצאָלטע פרויען פלעגן שוין נישט וועלן גיין זיי מטהר זיין פאַר דער קבורה. נעכע ע״ה פלעג זיך דאַן ממש פון איר שטוב אַרויסגנבענען, כדי די קינדער זאָלן איר נישט שטערן דערין און פלעגט גיין אזא פרוי טאָן איר רעכט. כבוד צו איר אָנדענק!).
אין די 20ער יאָרן, ווען די ב אַ ל אַ כ אָ ו ו צ ע ס זיינען צוויי מאָל באַפאַלן דאָס שטעטל און אַרויפגעלייגט גרויסע קאָנטריבוציעס אַלס אויסלייז געלט, איז ער דאָס געווען דער, וואָס האָט געפירט מיט די גזלנים די אונטערהאַנדלונגען און נאָך גרויסע איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען האָט ער זיי צוגעשטעלט די סומע צו דער צייט און האָט אַזוי אַרום געראַטעוועט דאָס שטעטל. האָבן אים דערפאַר טאַקע אַלע אין שטאָט, קינד און קייט, געקענט, ליב געהאַט און רעספּעקטירט. ער פלעגט אַפילו אָפּט אויסגלייכן סכסוכים צווישן מענטשן, וועלכע האָבן זיך צו זיין וואָרט און עצה גוט צוגעהערט. ער האָט באַזיצט אַ באַזונדער כוח, אַזאַ היפּנאָז, וואָס האָט געווירקט אויף די מענטשן פון זיין סביבה. זיינע עלטערן זיינען געווען גאַנץ

רייכע. זיי האָבן געהאַט אַ גרויס גאַלאַנטעריע געשעפט, „אַ פריצישע" קראָם מיט אַ גרויסער אייגענער שטוב אין סאַמע צענטער פונעם גרויסן מאַרק. זיי האָבן אים שטענדיק גערארפט האָבן נעבן זיך אין געשעפט. אָבער מאָטל איז געווען אַן אומרואיקע נאַטור, ס'איז אים נישט געפעלן געוואָרן דאָס צו שטילע שטעטעלע מיט דעם סטאַטישן לעבן. ס'האָט אים געצויגן צו דער גרויסער שטאָט מיט דעם קאָכיקן געווירבל. ער איז טאַקע אין אַ שיינעם טאָג אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע און געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ גרויס געשעפט. זיינען טאַקע די יום־טובים, וואָס ער איז אַראָפּגעקומען קיין ראַטנע צו די עלטערן, געווען גאָר פריילעכע פאַר דער יוגנט. ער האָט צוזאַמען מיט דער יום־טובדיקייט אַהין אַראָפּגעבראַכט דאָס פריילעכקייט און הייטערדיקייט פון וואַרשעווער לעבן און געמיט. דאָס גאַנצע ביסל ראַטנער יוגנט האָט זיך אַרום אים געקלעפּט, אים אויסגעהערט און פריילעך געווען.

ער איז אויך געווען אַ גוטער שאַכמאַטיסט און אויסגעצייכנטער פידל־שפּילער. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער בריסקער לערערקע נינע גווירצמאַן, פון אַ באַוווסטער מיוחסדיקער פאַמיליע אין בריסק און דאָרטן טאַקע מיט זיין פאַמיליע, אַ פרוי און בת יחידה, אומגעקומען דורך די ווילדע נאַציס.

## ר׳ יצחק הירש ראַג ע״ה

ר׳ יצחק הירש איז געווען אַ ייד אַ בעל־מלאכה, אַ גרויסער לערנער און זייער אַ כשרער אָרנטלעכער מענטש. שטענדיק געפּראַצעוועט, שווער געהאָרעוועט. ווינטער, אין זיין ארבעט־צימערל ביי זיך אין שטוב, מאַכנדיק כלים פון בלעך און אַנדערע



ר׳ יצחק הירש ראַג

מעטאלן, זומער — געדעקט מיט בלעך די שטיבער און געפארבט זיי און געבראָטן זיך אויף דער זון, בכדי צו פאַרדינען פאר זיך און פאַמיליע זיין שטיקל ברויט.

שטענדיק אָבער מיט אַ פריילעכן שמייכל אויף די ליפּן, מיט דעם גוטסקייט אין די אויגן און איידלקייט אויפן פּנים און מיטן גוטן וואָרט צו יעדן איינעם, צוגעוווירצט מיט אַ תורה-וואָרט, אָדער מאמר חז״ל. בייטאָג האָט ער געהאָרעוועט און געשוויצט און אין אָוונט, צו מנחה-מעריב זיך געאיילט דאַוונען אין דעם גרויסן בית-המדרש, ווו ער איז געווען כל ימיו בעל קורא. צווישן מנחה-מעריב האָט ער דערווייל אַריינגעכאַפּט אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות אָדער גאָר „עין יעקב״. אַמאָל האָט ער צוגענומען צו זיך זיינס אַ יינגל און מיט אים געלערנט, אָדער גאָר אַזוי אַ יידן, וואָס האָט געגאַרט צו הערן גאָטס וואָרט, אים געגעבן צו פאַרשטיין אין אַ זייער קלאָרער ריינער שפּראַך און מיט אַזאַ בנעימותדיקייט און ווייכקייט.

ער האָט שטענדיק ליב געהאט צו דיסקוטירן מיט די אפּיקורסים וועגן רעליגיעזע ענינים, וועגן גן-עדן און גהינום א. א. ער האָט אָפטמאָל מיט זיי דיסקוטירנדיק אַרויסגעזאָגט גאַנץ קלוגע און אָריגינעלע געדאַנקען, אַז ער פלעגט זיי אַמאָל אַפילו שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט. אַזוי האָט ער איינמאָל ביי אַזאַ דיסקוסיע זיך באַנוצט מיט אַזאַ משל: אַ מענטש, וואָס האָט געדאַרפט דורכמאַכן אַ ווייטע נסיעה דורך אַ געדיכטן וואַלד, האָט זיך צוגעגרייט, אַ חוץ צידה לדרך, אויך מיט געווער, קלערנדיק דערביי טאָמער זיינען אין דעם וואַלד דאַ חיות רעות וועט ער זיך קענען פאַרטיידיקן קעגן זיי. דער נמשל איז די יענע וועלט, טאָמער איז דאָרטן טאַקע דאָ אַ גיהנום דאַרף מען זיין צוגעגרייט.

ער, דער אָרימער, האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז ס׳וועט אַמאָל קומען אַ וועלט-מערדער, היטלער, ימ״ש, און וועט אויף די יידן אַראָפּברענגען אויף דער וועלט דעם גהינום און לעבעדיקערהייט וועט ער זיי ברענען און בראָטן און זעקס מיליאָן פון זיי אומברענגען.

## ר׳ יעקב חיים מאַרקוזע

אַ ייד אַ פולער, אַ דיקער, מיט אַ ברייט פּנים און הויכן שטערן, מיט אַ פּאָר גרינלעכע דורכדרינגענדיקע און זייער באַדאַכטע אויגן און מיט אַ קורץ געל בערדל — דאָס איז געווען ר׳ יעקב-חיים. געטראָגן האָט ער שטענדיק אַ חסידישן סערדוט מיט אַ ברייט חסידיש היטל און געווען אַ הייסער סטאָלענער חסיד. געווען איז ער אַ למדן מיט אַ שאַרפן קאָפּ און האָט געקענט גוט מאַטעמאַטיק און אַפילו אַלגעברע. ער האָט אויך געלייענט וועלטלעכע ליטעראַטור אין העברעיש און יידיש. געשטאַמט האָט ער פון ליטע, פון דיווין, אַ קליין שטעטעלע נעבן קאָברין. ר׳ דוד שמאַילעס, אַ פּראָצענטניק אין שטעטל, האָט אים פון דאָרטן אַרויסגענומען פאַר אַן איידעם. ער איז אויך געווען אַ גוטער בעל-מנגן ביי די חסידים אין שטיבל און שטענדיק, ווען ער איז אין גאַס געגאַנגען, האָט ער אונטערגעברומט אַ ניגון. ער איז געווען דער קאַסיר פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק אין שטעטל זייט זי איז געגרינדעט געוואָרן. מיט זיין קאַלטבלוטיקן כאַראַקטער און באַזאַכטקייט איז ער געווען דער צוגעפּאַסטער צו זיין אַמט.

ער האָט פאַרמאָגט אַן אַנאַליטישן שכל און אָבסערוואַטאָרישן חוש. אַז ער פלעגט אַמאָל אַנאַליזירן זאַכן אָדער מענטשן האָט ער דאָס אַזוי גרינטלעך געטאָן און אַזוי זיי צעגלידערט און אַרויסברענגען די לעכערלעכע זייטן אין זיי, אַז ער פלעגט אַזש קייכן פון געלעכטער. אין די אָפטע וויכוחים, וואָס ער האָט געפירט מיט די פאַנאַטישע חסידים אין שטיבל, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן מיט זיינע דעמאָקראַטישע

פיינע מיינונגען. ער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ווען ס'קומט דער חודש תשרי (ווען די
יידן שלאָגן כפרות), פאַרשעמט ער זיך פאַר די עופות.
ער איז צום סוף פאַראַליזירט געוואָרן און געווען צוגעשמידט צום בעט.

## ר' יצחק הירש בארג ע"ה

ר' יצחק הירש סטאָליאַר, איז געווען זייער אַ פרומער ייד. אז ער איז געגאַנגען אין גאַס, אָדער ווען ס'איז אים אויסגעקומען צו ריידן וועגן אַרבעט מיט אַ פרוי, האָט ער אויף איר נישט געקוקט. ער איז געווען אַ יודע ספר, פלעגט לערנען אין די פרייע שעהן, באַזונדערס אום שבת און יום־טוב, מדרש אָדער משניות. ער איז אויך געווען אַ שטיקל מנגן. קיין גוטע שטימע האָט ער טאַקע נישט געהאַט, אָבער ביי אַ סעודת מצוה אָדער ביי אַ שלוש סעודת אין ביהמ"ד האָט ער געזונגען ניגונים זייער געשמאַק און מיט גרויס געפיל, ממש מיט דבקות. אַזוי אויך ביים „עמוד" פלעג



ר' יצחק הירש באַרג

ער דאַווגען מיט האַרץ. ביי יעדן פשוטן געשפרעך, וואָס ער פלעגט מיט עמיצן פירן, האָט ער דערמאָנט, שטענדיק מיט אַ שמייכלענדיקן אויסדרוק אויפן פנים און מיט אַ מין גלאַנץ פון טיפער וויזיע אין די אויגן „דעם וואָס מיר האָבן נישט די ווערט צו דערמאָנען", די גרויסע נסים, וואָס גאָט טוט מיט אונדז יעדע רגע און אויף יעדן טריט אין לעבן און מיר פילן דאָס אַפילו נישט. ער פלעגט אָפט ריידן מיט משלים און דערציילן דערביי חסידישע מעשיות. ער איז געווען זייער אַ גוטער פאַכמאַן. ער האָט ביי סטאָלערייי געאַ‑עט די איידלסטע אַרבעטן. באַזונדער האָבן אים געקענט פאַר אַ גוטן בעל־מלאכה אַ סך פריצים ארום ראַטנע. זיי פלעגן אים געבן אַרבעט, ער האָט אָבער מיט זיי פאַרלוירן אַ סך צייט אין רעליגיעזע דיסקוסיעס.

ער האָט זיך שטענדיק באַרימט, אַז ער האָט אַ פּאַרטיקן פּלאַן, צונויפגעשטעלט דורך אים, לויטן משניות, צו בויען דעם צוקונפטיקן בית המקדש ב״ב. אַז גאָט וועט העלפן און משיח וועט קומען במהרה בימינו, האָט ער אויסגעפירט, וועט ער דעם פּלאַן פאָרלייגן די רבנים, וואָס וועלן מסתמא זיין די הויפּט מחותנים, און וועט העלפן מיט טאַט און ראַט דעם ביהמ״ק אויפשטעלן. אַז משיח וועט קומען, און טאַקע גאָר גיך אין דעם איז ער זיכער געווען און געגלויבט באמונה שלמה. ער האָט אָנגעגעבן אַ סך סמנים לויטן תלמוד. ראשית, האָט ער געזאָגט, זיינען יידן, לא עלינו, שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן, וואָס דאָס איז, כידוע, דער בעסטער באַווייז אויף משיחס צייטן ווי ס׳שטייט אין תלמוד· „אין משיח בן דוד בא, עד שתכלה פרוטה מן הכיס״, והשנית איז די יידן סתם שלעכט געוואָרן, דער עול הגלות דריקט אויף זיי וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, די גזירות רעות מערן זיך און ס׳איז שטאַרק פינצטער געוואָרן אין דער יידישער וועלט און כידוע, איז פאַרטאָג דער חושך געדיכטער... און, חוץ לזה, פילן זיך שוין די עקבתא דמשיחא, משיחס טריט, פון דער יוגנט אין שטעטל... אין שטעטל אַדאַנק דער „תרבות״ שולע, וואָס האָט קולטורעל און געזעלשאַפטלעך משפיע געוועזן אויף דער יוגנט אַזוי, אַז ס׳זיינען דאָרט אויפגעקומען אַ סך יוגנט אָרגאַניזאַציעס און קלובן. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געהאַט איר לאָקאַל, פון וואַנען ס׳האָבן זיך געלאָזט הערן קולות פון דיסקוסיעס און נאַציאָנאַלע לידער זינגען. דאָס האָט זיך שטאַרק געשפּירט אין שטעטל און זיך געוואָרפן אין די אויגן אַפילו פון אַזאַ פרומען מענטשן ווי ר׳ יצחק הירש באַרג ע״ה. האָט ער דערפאַר אויפגענומען אָט־די יוגנטטענער און האָט אין זיי דערהערט דעם טיפן מיסטעריעזן אָפּקלאַנג פון משיחס טריט, מסביר זייענדיק דאָס מיט אַ משל: אַז מ׳פירט אַ חופּה אין שטעטל צו דער גרויסער שיל לויפן פריער די קונדייסים און זאָגן אָן דער גאַנצער וועלט מיט זייערע געשרייען, אַז התן־כלה גייען אונטן, געפירט פון די כלי־זמר. זיי אויך, מיט זייערע ארץ ישראל לידער זיינען עס די אַנזאָגער, אַז ער, משיח, גייט שוין אונטן און דערנענטערט זיך שוין צו אונדז...

## ר׳ בערעל דער שניידער ע״ה

אָדער ווי מען האָט אים גערופן, לויט אַ צונאָמעניש, בערל „סיסקעדע״, וויל ער איז געווען אַ קליינינקער, איז באמת געווען זייער אַ טייערער ייד. ער איז געוועזן זייער פרום און האָט גאָט געדינט בכל לבבו ומאדו. אים האָט מען קיינמאָל נישט געטראָפן ביי קיין „ריידלעך״, ווו מען רעדט אַמאָל אָפּ פון אַנדערע, נישט שרייען אויף קיינעם און נישט קריגן זיך מיט קיינעם. ער האָט נאָר געוווסט זיין אַרבעט, זיין שניידער־טיש און אין אַ פרייער שעה, אַבי ס׳האָט זיך אים נאָר געמאַכט, — שפּעט ביינאַכט נאָך דער אַרבעט, אָדער גאָר אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג, — האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ ספר, אין אַ משניות אָדער אַ „חק״.

ער פלעגט נאָר נייען פּויערישע פּידזשאַקעס און סערמיאַגעס. די פּויערים האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט און רעספּעקטירט פאַר זיין אָרנטלעכקייט און פּשוטקייט. אין שטוב ביי אים האָבן אַלע געאַרבעט. אַלע קינדער, אַפילו די קלענערע, אַבי זיי זיינען געקומען פון „חדר״, אַפילו דאָס ווייב, ווען זי האָט זיך אָפּגעפאַרטיקט אין קיך — האָבן געאַרבעט און אים געהאָלפן ביים טיש, ביים נייען, ביים פּרעסן און צוגרייטן אַ נאָדל־פאָדעם. ווינטער פאַרטאָג, פינצטער נאָך, זאָגנדיק אין דער הויך דערביי די תפילות פון „פאָרענט״ פלעגט ער שוין וועקן דאָס גאַנצע געזינדל זיי זאָלן זיך זעצן צום טיש אַרבעטן. ער איז געווען פון דער נאַטור אַ זייער באַוועגלעכער, אַ רירעוודיקער, גיך געאַרבעט, גיך גערעדט און טאַקע וואָס וויני־

קער, ס'איז אַ שאָד צייט צו פארלירן. ער פלעגט אַמאָל אַריינלויפן, איילנדיק זיך צום אָרט, ווו דער האַנטוך הענגט, מיט די נאַסע הענט, זאָגנדיק אין דער גיך דעם „על נטילת ידים"... און גיך, גיך, מיט דראָבנינקע טריטעלעך צולויפן צום טיש, אַזוי ווי ער האָט אים שוין לאנג נישט געזען און האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך אים און גיך, גיך נייען, כדי אָנצוכאַפּן די עטלעכע מינוט, וואָס ער, אַ זינדיקער מענטש האָט ערשט פאַרלוירן... ער איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן און איינגאַנצן פאַרשלונגען פון דער אַרבעט, אַז, איינמאָל, קומענדיק צו ר' פישל העלד פאַרשרייבן זיינס אַ נאַרוואָס געבוירן מיידעלע, האָט ער פאַרגעסן פון גרויס איילעניש איר נאָמען. ער האָט זיך געמוזט אומקערן אַהיים און פרעגן דער ווייב דעם קינדס נאָמען.



ר' בערל סערטשוק מיט זיין פאַמיליע

אַליין פון אַ נאָענט דאָרף האָט ער התונה געהאַט קיין ראטנע. אז ער איז צום ערשטן מאָל געקומען אין ביהמ"ד דאַווענען און געזען, ווי יידן זיצן ביי לאַנגע טישן און לערנען אַזוי געשמאַק האָט עס אים אפּנים געקלונגען ווי אַ זיסע הימלשע מע־לאָדיע און ער האָט זיך זייער שטאַרק אין זיי מתקנא געווען. ער האָט ביי זיך באַלד באַשלאָסן אָנהויבן לערנען גאָטס תורה און זיין גלייך צו די יידן. האָט ער געדונגען בערל דעם קעמעלמאַכער, אַ מלמד, וואָס איז אויך געזעסן שטענדיק צווישן מנחה־מעריב און געלערנט, אַז ער זאָל אים עפּעס אויסלערנען. ער האָט זיך איינגעקויפט אַ גאַנג משניות און שפּעט ביינאַכט, נאָך דער אַרבעט, איבערגעחזרט דאָס, וואָס ער האָט געלערנט ביים רבין. מיט דער צייט האָט ער שוין אַליין, אַפילו נאָך מיט שוועריקייט, געקענט אָפּלערנען אַ פרשה חומש, אַ גרינגן פרק משניות און וואָס ער האָט נישט געקענט האָט ער עמיצן געפרעגט. ס'האָט אים פאַרשאַפט אַ סך תענוג, ווען ער איז אַ שבת פרימאָרגן געזעסן צוגלייך מיט אַלע לומדים ביי איין טיש און געלערנט, צוזינגענדיק מיטן מעלאָדישן באַקאַנטן ניגון...

זומער צייט, ווען קיין אַרבעט איז נישט געווען, האָט ער אָפּגעדונגען ביי אַ באַקאַנטן מעשטשאַן אַ שטיק פעלד, געקויפט אַ פערד און ער מיט די קינדער האָבן אליין צעאַקערט דאָס פעלד, אַליין פאַרזייט, אַליין געפּאַלעט און, ווען אַלץ איז רייף און פאַרטיק געוואָרן אויפן פעלד, אַליין געשניטן די תבואה און אַליין אויסגעגראָבן די קאַרטאָפל. דערנאָך אַריינגעפירט אַלץ צו זיך אין שייער און געגעסן כמעט אַ גאַנץ יאָר ברויט מיט קאַרטאָפל פון זיין אייגענער פּראַצע!

## וואָלף דער וואַסערטרעגער ע״ה

איז געווען אַ פּאַראַליזירטער אויף אַ האַלבן קערפּער און האָט דאָך, נישט וועלנדיק קיינעם פאלן צו לאַסט און לעבן פון קצבה, שטענדיק געהאָרעוועט און צוגעשטעלט צו רייכע בעלי בתים וואַסער אין די קיכן. זומער אין די היצן און ווינטער אין די רעגנס, פרעסט און זאַווערוכעס האָט מען אַלע מאָל געזען וואָלפן, אונטערטאַנצנדיק און צוהינקענדיק, טראָגן וואַסער מיט די קאָראָמיסלעס און ריידן אַמאָל ווי צו זיך. ער האָט עס אַזוי געקלאָגט פאַרן רבונו של-עולם, אויף זיין ביטער מזל און אויף זיינע הונגעריקע ווייב און קינדער, וואָס ער האָט אומבאַהאָלפענע איבערגעלאָזט אין דער קאַלטער און צעבראָכענער שטוב. די קאָראָמעסלעס מיט די שווערע פולע עמער וואַסער האָט ער שטענדיק געטראָגן אויף דער געזונטער זייט. בייטן זיי אויף דער צווייטער זייט, אויף דער פּאַראַליזירטער, האָט ער, דער אָרעמער, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט און דאָס האָט אים נישט ווייניק ווייטיק פאַרשאַפט, שטאַרק באַלעסטיקט און דאָפּל שווער געמאַכט. האָט ער טאַקע אויך אויף דעם געקלאָגט און פּראָטעסטירט, נישט חלילה אויף גאָט, ווייל ער איז געווען זייער אַ פרומער, נאָר סתם אין דער וועלט אַריין, אפשר טאַקע אויף דער שלעכטער וועלט-אָרדענונג... ער איז געווען, ווי געזאָגט, זייער אַ פרומער. יעדן טאָג פלעגט ער אויפשטיין צום ערשטן מנין, וואָס איז געווען נאָך ביי טונקל און ביי אָנגעצונדענע לאָמפּן אין גרויסן ביהמ״ד. ער האָט זיך געהאַט זיין אָרט ביים אויוון אין אַ ווינקל און אָנגעטאָן אין טלית און תפילין פלעגט ער דאַווענען מיט גרויס כוונה, איבערהזרנדיק יעדעס וואָרט צוויי מאָל און זיי אָפּציילן גאָט ווי ער פלעגט ציילן די גראָשנס, זיין פאַרדינסט פאַר די „פאָרן" וואַסער... איינמאָל אין זיין לעבן, אין זיין געפּלאָגט לעבן, האָט ער געמאַכט אַ שטיקל רעוואָלוציע. ער האָט אין אַ ווינטערדיקן דאָנערשטיק, ווען אין דרויסן האָט צוביסלעך געשנייט און ערטערווייז איז אַפילו גליטשיק געוואָרן, דערקלערט אַ שטרייק זיינע רייכע בעלי-בתים און געפאָדערט פון זיי אַ מאָדנע הוספה: יעדער איינער זאָל אים צוגעבן פּרייטיק גאַנץ פרי אַ בולקע אויף שבת, נישט מער און נישט ווייניקער. אַ נישט — טראָגט ער קיין וואַסער נישט „זאָלן זיי אַליין טראָגן"!, „וואָס איז, — האָט ער זייער גערעכט גע־טענהט — מיינע קינדער האָבן דען נישט די זעלבע נשמות ווי זייערע, די גבירישע, פאַרוואָס-זשע זאָלן זיי נישט וויסן קיינמאָל דעם טעם פון אַ ווייסן ביסן אום שבת? זיי זיינען דען ממזרים חלילה, צו וואָס"" נישקשה, דוד-אהרן שאַפּירא האָט צו זיין וואַסער וואָס ער טראָגט אים שוין יאָרן, נישט דערלייגט גאָרנישט (ד. אַ. שאַפּירא האָט פאַרקויפט בראָנפן...) ער איז נאָך אַ סברא רייכער געוואָרן. לאַנג האָט דער זעלטענער שטרייק נישט אָנגעהאַלטן. די בעלי בתים זיינען נישט געוווינט געווען, און נאָך ווינטער דערצו, אַליין צו טראָגן וואַסער. זיי האָבן אים בכן געמוזט נאָכגעבן און ער מיט ווייב און קינדער האָבן שוין פון דאַן אָן געהאַט עטלעכע ווייסע חלות לכבוד שבת.

אַ ראַטנער „באַנציע שווייג" מיט נאָך אַ קלענערער השגה: זאָל זיין אָן פוטער אבי אַ ווייסע בולקע!

**מ. דבש** (בוענאָס־איירעס)

# געזעלשאַפטלעכע טוער וואָס האָבן געווירקט אין שטעטל

## משה קונישטער ע״ה

געבוירן ביי אַ קלעזמער־פאַמיליע, אָרעם און באַשיידן, ווערט ער דערצויגן אין תרבות־שול. שוין אין דער פריער יוגנט ווייזט ער אַרויס פעאיקייטן און התמדה. ער איז פון די בעסטע שילער. זייער יונג, צו 8 יאָר, טרעט ער אַריין אין „השומר הצעיר" און פון יענע יאָרן ווערט זיין נאָמען באַליבט צווישן אַלע קרייזן פון דער באַוועגונג. אַליין אַ פלייסיקער בחור באַהערשט ער שנעל די העברעאישע שפראַך און שטייט שטענדיק אין די פאָדערשטע רייען.



משה קונישטער, איינער פון די לעצטע פירער פון השומר הצעיר.

ער אַרבעט זייער פיל איבער זיך, לייענט און לערנט. ער העלפט דעם טאַטן אין דער אַרבעט און פאַרלירט נישט פונדעסטוועגן קיין שעה סתם אַזוי. תמיד לערנט ער זיך און אַנדערע. ער שטייגט אין די לעצטע יאָרן צו דער אָנפירערשאַפט אין דער באַוועגונג. ער פאַרלאָזט ראַטנע, פאָרט אויף הכשרה קיין טשענסטאָכאָוו, צוזאַמען מיט אַ צענדליק טייערע חברים. ער ווערט פון די אַקטיוויסטע חברים, מ'הערט זיך צו צו זיין וואָרט, עס קומט אַרויס מיט פיל זאָרג און ליבשאַפט.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז משה ע״ה זאָל פאַרקירעווען דעם וועג און פאַרלאָזן טראַגיש דעם קיבוץ. משה קונישטער האָט געווירקט און געבויט דעם „השומר

הצעיר" אין ראַטנע, צענדליקער יוגנטלעכע האָט ער דערצויגן, די לעצטע פּאַזע פון זיין לעבן איז פול מיט טרויער און ליידן. אויך ער איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע ליבע יידן פון אונדזער טייערן שטעטל. כבוד זיין אָנדענק!

## אפרים קאַטלער ע"ה

ס'איז שווער צו שרייבן וועגן אַזאַ טייערן און ליבן חבר. געבוירן איז ער ביי אָרעמע עלטערן. דער פאָטער — אַ בעל־עגלה. אַ פשוטער און ערלעכער ייד. פון גע־בורט אָן — אַ קריפּל און דאָס גאַנצע לעבן — אַ קייט פון אוממענטשלעכע ליידן.

באַקאַנט האָב איך זיך מיט אפרימען ווען איך בין אַלט געווען 12 יאָר. אויף דעם מאַרק בריקל אַרום חנה רויזען, פלעגן זיך טרעפן יוגנטלעכע נאָך די שול־שעהן און שמועסן וועגן יוגנט־פּראָבלעמען. דאָרט טאַקע האָב איך געזען ווי אפרים פלעגט אַרום זיך האַלטן אַ גאַנצן קרייז מיט יוגנטלעכע און אַלע האָבן אים אויסגע־הערט מיט גרויס אינטערעס. שוין דאַן האָט ער מיט זיין טראַכטן זיך אויסגעטיילט פון אַלע. אים האָט שטאַרק אינטערעסירט די ארבעטער קאַמפן. צום ערשט אין עסטרייך און שפּעטער אין שפּאַניע.

צו 16 יאָר איז ער געוואָרן דער פירער פון אַ יוגנט־גרופּע פון יוגנט־בונד „צו־קונפט". אָבער דאָס שטערט אים נישט זיך צו חברן און היימיש צו בלייבן מיט יוגנטלעכע וואָס געהערן צום „השומר", אָדער אנדערע קרייזן. זיין שטוב ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ לייען־קרייז. ער פאַרמאָגט אַ גרויסע איינגעבוירענע אינטעלי־גענץ און שרייבט סקיצן און לידער פאַר דער „פאָלקס־צייטונג" אין וואַרשע.

עס דערמאָנט זיך אַן אָוונט. מיר זיצן דריי חברים און מיר זינגען לידער פון פיין און ליידן. אפרים נעמט אַרויס אַ פּאַפּיר און לייענט אונדז פאַר אַ ליד וואָס הייסט „מיינע הענט"... מיר האָבן זיך אַלע צעוויינט. (דאָס ליד איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „פאָלקס צייטונג").

אפרים האָט דערצויגן אַ גרופּע אַרבעטער און אָרעמע יוגנטלעכע. ער האָט זיי געוויזן דעם וועג פון זעלבסט־ווירדע און יידישן שטאָלץ. זיין אָרעמע היים איז אין אַ קלוב פאַרוואַנדלט געוואָרן. מען האָט דאָרט געלייענט צוזאַמען דעם „גולם" פון לייוויקן און שפּעטער פלעגט מען דיסקוטירן צוזאַמען ביז אין דער שפּעטער שעה. און אַזוי האָט מען זיך אליין געבאַוועט און אַזוי זיינען אויסגעוואַקסן יידישע יוגנט־לעכע, וואָס האָבן געקעמפט יעדער אויף זיין שטייגער און יעדער פאַר זיין אידעאַל.

אפרים איז געווען באַליבט און געשעצט ביי אַלע יוגנטלעכע, די לעצטע יאָרן איז ער געווען נאָענט צו אונדזערע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע קרייזן. זיין נאָמען און ליכטיקע געשטאַלט וועט אייביק געדענקט ווערן און דערמאָנט ווערן דורך אַלע ראַטנער. — ערע זיין אָנדענק!

## מענדל בלאַט

אַ דאַרער, אַ טונקל פּנים, מיט צוויי גרויסע אויגן. פון פאַך איז ער געווען אַ קירזשנער, אַליין אַ שמח בחלקו. פון די ערשטע גרינדער פון דעם האַנטווערקער־קרייז. אַ קעמפער פאַר די אינטערעסן פון זיין גרופּע און פון די ערשטע צו פאַרטיי־דיקן דעם יידישן כבוד, צי אין מאַגיסטראַט אָדער פאַר דער מאַכט. מענדל בלאַט איז געווען פון די פאָלקס־מענטשן, וואָס דאָס יידיש לעבן איז אים געווען טייער. אַליין אַן אָרנטלעכער, אַ ביישפּיל פון באַשיידנקייט, איז אים קיין שום ענין נישט פרעמד געווען. אין די לעצטע יאָרן ווען די לאַגע אין שטעטל ווערט פון טאָג צו

טאָג ערגער איז מענדל בלאַט פון די ערשטע, וועלכע גרינדן דעם „העובד". ער וואַרפט זיך אריין אין דער אַרבעט און ווערט זייער אַקטיוו אין דער ליגע פאַר דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. זיין וואָרט איז געווען דורכגעטראַכט און ערנסט. מענדל ביאַט איז געווען איינער פון די פירערס און וואָרט־זאָגערס פון דעם האַנט־וועקער פאַראיין אין ראַטנע וועלכע האָט שטאַרק געווירקט ביי אונדז אין שטעטל.

מענדל בלאַט איז אומגעקומען מיט אַלע אונדזערע טייערע אויף דעם פּראַכאַ־דער באַרג. — כבוד זיין נאָמען!

## אשר לעקער

אַ הויכער, אַ שלאַנקער מיט צוויי פינקלדיקע אויגן און מיט אַ שיינער געלער באָרד, שטענדיק צעשמייכלט — דאָס איז געווען ר' אשר לעקער.

ר' אשר לעקער איז געווען פון די באַליבסטע יידן ביי דער שטעטלדיקער יוגנט. א מורשה פון קרן קימת. פיל יאָרן פלעגט מען זיך' טרעפן מיט דעם חשובן ר' אשר און זיך צוהערן צו זיינע קלוגע ווערטער וועגן גאולת הארץ. זיין ליבשאַפט צו דער יוגנט איז געווען אַ פאָטערלעכע, און אַלע יוגנט קרייזן האָט ער געשעצט און פאַר־טיידיקט. זיין ענערגיע און אַקטיוויטעט האָט אַרויסגערופן צו אים אַ באַזונדער דרך־ארץ. זיין שטוב איז פאַקטיש געווען דאָס זיץ־אָרט פון קרן קימת אין שטעטל, און נישט בלויז ציוניסטישע קרייזן פלעגן פאַרקערן מיט אים, נאָר אויך אַנדערע אינטעליגענטע יוגנטלעכע פלעגן קומען אין הויז און שמועסן און דיסקוטירן וועגן וועלט־פּראָבלעמען און אויך גאַנץ אָפט ריידן מיט אים וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

ר' אשר לעקער איז געווען פאַרליבט אין דער יידישער יוגנט. זיין הארץ און נשמה איז געווען מיט די יוגנטלעכע און ער האָט דאָס שטענדיק אַרויסגעוויזן. אין די עלטער־יאָרן ווערט ר' אשר לעקער דער פירער און וואָרט־זאָגער פון דעם „מזרחי" אין ראַטנע.

זיין גרויסע העלדישקייט און שטאָלץ אין דעם לעצטן מארש צו דער שחיטה ווערט דורך פיל ראַטנער דערמאָנט. ר' אשר לעקער איז געגאַנגען דעם לעצטן און טראַגישן וועג צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה ראַטנער יידן, איבערגעדעקט מיט דעם טלית און געזונגען „התקוה" זיינען די טייערע יידן צוזאַמען מיט ר' אשרן אומגעקומען. גערופן נישט צו פאַרלירן דעם גלויבן. און מיט געזאַנג פון „התקוה" זיינען די טייערע יידן צוזאַמען מיט ר' אשרן אומגעקומען.

אייביקן כבוד זיין און זייער אַנדענק!

## מינדעל איידעס ע״ה



אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז זי געווען איינע פון די פירערינס פון דעם „החלוץ הצעיר". זי האָט אין משך פון פיל יאָרן פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט צווישן די מנהלות, וועלכע האָבן געווירקט אויף דער יוגנט. מיט איר ווירקנדיק וואָרט און חלוצישן גייסט פלעגט זי צו־ציען צענדליקער יוגנטלעכע פון די אָרעמע פאָלקס־שיכטן, וועלכע האָבן זי פאַרערט און ליב געהאַט. איר געזאַנג פון נייעם העבראַאישן ליד פלעגט דערוואַרעמען יונגע נשמות און אָנפילן מיט האָפענונגען חלוצישע הער־צער. זי איז געווען פון די טרייע און הערלעכע טעכטער

פון אונדזער שטעטל ראטנע וועלכע האָט געדינט מיט זייער גאַנצער נשמה דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

דער „החלוץ הצעיר" האָט געהאַט זיין לאָקאַל ביי דעם טעסלער, אַרום מאיר דעם בעל־עגלה. אין די אָוונטן פלעגט דער לאָקאַל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ זאַמל - פונקט פאַר די קינדער, וועלכע פלעגן זיך צוזאַמענקומען און מיט פיל דורשט אויסהערן די מנהלים און זיך קוויקן מיט יעדן וואָרט וואָס זיי האָבן געברענגט פון ארץ ישראל.

די אָרעמקייט פון דער באַוועגונג איז געווען זייער גרויס. נישט איין אָוונט פלעגט נישט זיין קיין געלט צו קויפן אַ ליכט. פלעגט מען זיצן אין דער פינצטער און זינגען מיט טיפן טרויער און בענקשאַפט די לידער פון דערהויבענער דערלייזונג. ביי פיל פלעגן זיך די טרערן קייקלען איבער די באַקן און אין זיי איז געווען אַ געמיש פון טרויער און פרייד. דאָס זיינען געווען די הערלעכסטע מאָמענטן ביי דער זויבערער יוגנט וועלכע האָט געהאַט נאָר איין ציל: אויסצולייזן דאָס פאָלק ישראל פון דעם טרויעריקן לאַנגן גלות. דעמאָלסט איז דאָס געווען אַ ווייטער חלום...



אַ גרופּע פּירנדיקע חלוצות. פון רעכטס זיצנ־דיק: חיה ווייסברויט, רחל האַכשטיין; שטייענדיקע: דבורה קארש און מינדל איידעס (אַלע אומגעקומען).

מינדעל איידעס איז געווען פון די הלוצישע געשטאַלטן וועלכע האָבן אין זיך פאַרקערפּערט די אידעאַלן פון א. ד. גורדון און בערל קאַצענעלסאָן, איר חלום איז ליידער נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן...

אין די יאָרן פון דער רוסישער אָקופּאַציע שרייבט זי אין בריוו, אַ פּאָר וואָר־

טער, וועלכע זיינען אפשר געווען דער אויסדרוק פון טויזנטער חלוצים, וועלכע מ'האָט פאַרמאַכט די מיילער... זי שרייבט אין איר לעצטן בריוו:

„עס פאַרשליסט זיך אַ האַרץ און ווערט פאַרשלאָסן. עס וויינט דאָס האַרץ און עס בענקט נאָך וואונדערלעכע פרייד אַ סך נאָך אויסלייזונג פון אונדזערע געפּייניקטע יידן"...

אך מי יוכל לחיות ככה, מבלי להבין את כל זאת?

דאָס איז געווען איר לעצטער בריוו. מינדעל איידעס איז אומגעקומען צוזאמען מיט הונדערטער יוגנטלעכע אויף די פראָכאָדער בערג מיט דעם חלום, אז זייער אָנדענק וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן און שטענדיק דערמאָנט ווערן.

ל. אַליצקי (וואַרשע)



מיין אומגעקומענעם ברודער שמחה און פרוי בתיה, קינדער אסתרקע און יהודה מאירל — געהייליקט.

# ברוך אַליצקיס ראַטנער יידע ר׳ שלמה אהרון

(בלעטלעך פון זיין ביאָגראַפיע)

ר׳ שלמה אַהרון איז געווען אַ צווייגל פונעם גרויסן ר׳ אהרון קאַרלינערס גזע. און צוליב דעם אַליין — איינער פון די אָנגעזעענסטע קאַרלינער-סטאָלינער חסידים נישט נאָר ביי זיך אין שטעטל, אין פּאָליעסיער ראַטנע. ער האָט אָבער אויך געהאַט יחוס-עצמו — אַ ייד אַ בר-אורין און אַ שטאַרק פרומער. איז יומם-ולילה געזעסן על התורה ועל העבודה. שטאָט, אַפילו נישט קאַרלינער חסידים, האָט פאַר ר׳ שלמה אהרונען גרוים דרך-ארץ געהאַט, און מ׳האָט אים צוגעטיילט כבוד, ווי ער וואָלט זיין דער מרא-דאתרא. קהל האָט אים טאַקע אַמאָל געבעטן, ער זאָל נעמען אויף זיך דעם עול-הרבנות פונעם שטעטל: צי וואָס זאָל מען זוכן אין דער פרעמד? און צו מחלוקתן צווישן די פאַרשיידענע חסידים וועט דאָך עס אויך קומען, ווי עס פירט זיך געוויינלעך. נאָר ר׳ שלמה אהרון איז געווען אַן עניו, אַ נחבא אל הכלים, און האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט:

— ו ע ר בין איך און ו אָ ס בין איך, כ׳זאָל ווערן אַ פּאַסטוך פון אַ יידישער הייליקער קהילה? איך ציטער צו נעמען אויף זיך אַזאַ גוואַלטיק אַחריות.

געטראָגן אויף זיך דעם שווערן עול פון תורה ועבודה, האָט ר׳ שלמה אהרון גאָרנישט געפּרוווט נעמען אויף זיך דעם עול-פּרנסה. און וואָס פאַר אַ בריה איז ער דאָס אין די ענינים פון מקח וממכר! און דאָ אויף חיונה דאַרף מען שפּאָר: ס׳איז נישט קיין קלייניקייט אויסהאַלטן אַ שטוב מיט, אָן עין הרע, אַ האַלב טוץ קינדער. ער האָט, זיך נישט צופרידנשטעלנדיק וועגן דעם, געלאָזן דעם יאָך פון מפרנס זיין אויפן האַלדז פון דער „פלוניתטע"; גאָט וועט איר צו הילף קומען. זיין פלוניתטע איז געווען אָפּשטאַמיק פון אַ דאָרף, אַ פּראָסטע, געזונטע יידענע, אָבער אויך מיט

אַ פּראָסטן געזונטן פאַרשטאַנד — אַן אשת־חייל. מסתם האָט איר דער אייבער־שטער נישט אומזיסט אַזעלכע באַשערט...

זיין פּלוניתטע האָט גלייך באַנומען, אַז „פון דעם קאָרן", פון איר שלמה אהרונס דאַוונען, פרום זיין און לערנען, „וועט קיין ברויט נישט זיין" פאַר די קינדערס וועגן. איז זי אַן מענות אַריינגעקראָכן אין דעם יאָך פון פּרנסה. זי האָט זיך עם שוויינגדיקערהייט ביי זיך צערעכט געמאַכט: זי איז דאָך נישט מער ווי אַ יידענע, אַן יחוס, און געלערנט איז זי אויך נישט. נישקשה, ער צאָלט איר אָפּ מיט כבוד, וואָס ער אליין טיילט איר צו, און וואָס די וועלט טיילט איר צו צוליב אים (אוודאי ווען ער ווערט רב, וואָלט געווען נאָך בעסער...). אויף יענער וועלט ווידער וועט ער איר אָפּצאָלן מיט גן־עדן.

פרומע ר' שלמה אהרונס האָט געפירט אַ קראָם פון פויערישן שניט, פאַרבן, קאָלירטע פאַטשערקעס און דעסגלייכן און דערביי — אויך שטוביקן מסחר: גע־קויפט ביי די פּאָליעשוקעס אויף די יארידים און ביי די יידישע דאָרפס־גייער צו יעדער צייט — אייער, חזיר־האָר, פאַרשיידענע פעלעכלעך, געטריקנטע שוואַרצע יאַגדעס, שוואָמען וכדומה און פאַרקויפט עם קאָוולער און בריסקער סוחרים, וואָס פלעגן אַהערקומען. זי איז פאַרהאָרעוועט און פאַרטאָראַראַמט געווען גאַנצע זעקס מעת־לעת אין דער וואָך. נישט אומזיסט האָט גאָט באַשאַפן אַ שבת אויף דער וועלט — ווען נישט דער שבת, וואָלט דער מענטש פאַרזונקען געוואָרן אין די זאָרגן. די מי האָט איר דערגרייכט ביז איבער די אַקסל און די זאָרגן ביז איבערן טשיפּעק. און שלמה־אהרון, דאַכט זיך, פאַרשטייט עס אפילו נישט. אז ווי קאָן אַ יידענע איינע אַליין זיך אַן עצה־טאָן מיט, אַן עין־הרע, אַזאַ באַלעבאַטישקייט און אַזאַ שפע! אַז אַפילו אַן עצה האַלט זי זיך מיט אים, מיט שלמה אהרונען, בלויז לפנים פאַר די קינדער און דער וועלט...

„טו, פרומע, ווי דו פאַרשטייסט, און דער אייבערשטער זאָל דיר שענקען דעם גוטן מלאך!..." — דאָס איז זיין שטענדיקע עצה. אַז ער איז גאַרנישט ווי אויף אונדזער וועלט! ער גיט בלויז אַכטונג אויף די יינגלעך, זיי זאָלן גיין אויפן רעכט־פאַרטיקן וועג. אָבער דאָס איז אויך בלויז אין שטוב און אין קלויז, אָבער ווי זיי פירן זיך אויף הינטער זיינע אויגן, דאָס ווייסט ער שוין נישט. און זי האָט דען צייט צו האַלטן די קינדער אין צוים? זי זאָרגט בלויז פאַר הוילע גשמיות. ע ר — פאַר הוילע רוחניות. ז י — פאַר בלויז עולם־הזה. ע ר — פאַר בלויז עולם־הבא. סוף כל־סוף האָט ז י מיט א י ם — קיין שלעכט מסחר נישט געמאַכט. ס'איז בדיעבד גוט, וואָס ער איז נ י ש ט קיין סוחר. איז איר הצלחה...

די יאָרן זיינען געגאַנגען, די קינדער גרעסער געוואָרן, און די זאָרגן געוואַקסן ר' שלמה אהרונען האָט זיך טאַקע געדאַכט, אַז אַלץ איז, ברוך־השם כשורה. אָבער די אשת־חייל, פרומע, האָט אָנגעהויבן אונטערצוקרענקען. זי האָט זיך געמאַכט וועגן דער קרענק נישט ווייסנדיק — וואָס? זי האָט צייט אויף „אַזעלכע זאַכן"? זי האָט געוואָלט די קרענק אָפּנאַרן. אָבער די קרענק איז געווען איינגעשפּאַרט און האָט זי ענדלעך אַריינגעלייגט אין בעט.

וואָס האָט ר' שלמה אהרון געזאָלט טאָן? האָט אָנגעהויבן זאָגן אָפּטערער תהילים און זי אינזינען געהאַט. ער האָט זי אָפטער מזכיר געווען ביים רבין לרפואה שלמה.

פרומען האָבן געפּייניקט ווייטיקן פיזישע, נאָר נישט ווייניקער אויך גייס־טיקע: ווי עס זעט שוין אויס באַצייטנס דאָ אַלץ אין שטוב, אין קראָם, דאָס מסחר! ס'איז דאָך אַ תוהו־ובוהו... דאָס קעסטל אייער, נישט קיין פאַרקלאַפּטס, ליגט אויף די בענקלעך אויף משקולות, אַ ליאַדע שאָקל, און אויף דער נישט־פאַרקערטער

פאַדלאַגע וועט ווערן אַ געלע לאַמע; די פעלעכלעך קריכן אַרויס פון אונטער די בעטן; חזיר־האָר, אויסגעמישט מיט טרוקענע שוואַרצע יאַגעדעס, געוואַלגערט זיך אויפן קופערט; די עופות פאַרפאַסקודיען דעם טיש, די בענקלעך, די בעטן און פליען איבער דער שטוב מיט אַזאַ געקריי, ווי ביים שוחט אויפן פאַדוויר ערב יום כיפור...
אויף וועמען וועט זי איבערלאָזן די קינדער? אויף שלמה־אהרונען? און שלמה־אהרונען אליין? רבונו־של־עולם! וואָס דאָ וועט ווערן, ווען זי וועט שוין ניט זיין...

זי האָט זיך געשטאַרקט, און אויף וויפל די כוחות האָבן איר געקלעקט, ווייטער פון קראַנקן בעט אַראָפּ, אַנגעפירט מיט אַלע ענינים.

— דער מענטש איז מחויב צו טאָן זיינס, — האָט זי, קרעכצנדיק פון ווייטיק געזאָגט, — כל־זמן עס שלאָגט אין אים אַן אָדער. זאָל מיך דער מלאך־המות נישט טרעפן זיצן מיט קיין פאַרלייגטע הענט אויפן הינטן.

— וואָס זיך די הענט, פרומע, נאָך אַזעלכע רייד, — האָט ר' שלמה אהרון אויף דעם געזאָגט.

אַזוי לאַנג האָט זי געפירט, ווי אַ מסירת־נפשדיקער קאַפּיטאַן ביים רודער פון אַ שיף, וואָס טרינקט זיך, ביז ער פאַרכלינעט זיך מיט דעם וואַסער.

פּלוצים איז איר פאַראַמאַל שלעכט געוואָרן. מען האָט טעלעגראַפיש אַרויס־גערופן דעם עלטסטן זון פון טריסק, נחמנען. ר' שלמה אהרון איז געזעסן מיט די דריי זין אַרום טיש, די פּנימער צעפלאַשעט און פאַרחושכט, און זיי האָבן געזאָגט מיט אַ פאַרוויינטן ניגון איין קאַפּיטל תהילים נאָכן צווייטן. זאָל זיך די נשמה פון דעם שכיב־מרע טובלען אין די הייליקע געזאַנגען פון דוד המלך און גערייניקט און געלייטערט אַרויפגיין צום כסא־הכבוד. אָבער דער קראַנקערס פאַרשטאַנד איז נאָך קלאָר געווען. דער קראַנקערס בליק האָט פאַרשנדיק באַטראַכט די פּנימער פון די תהילים־זאָגער, ווי זי וואָלט אַכטונג געבן, צי זיי מאַכן נישט קיין גרייז. ר' שלמה אהרון האָט אָוועקגעלייגט זיין רויטע נאָז־פאַטשיילע אויפן אָפענעם תהילים און אַרויסגעגאַנגען — אויף נקיות, מסתמא.

האָבן זיך ברייט צעעפנט דער קראַנקערס אויגן, פולע מיט פּיין און ווייטיק, און זי האָט זיך צעשריגן אויף די קינדער מיט אַ וואַכעדיק קול און לעצטערנדיקע ווערטער:

— תהילים זיך אָוועקגעזעצט זאָגן פאַר מיין נשמה! נאָך מיין טויט, מעגט איר, קינדער, מיט מיין געביין דעם בית־עולם־פאַרקאָן אונטערשפּאַרן... אסור, אויב איך וועל אויף עמעצן פון אייך אויף יענער וועלט פאַראיבל האָבן... אָבער.. כל־זמן איך זשיפע נאָך — ראַטעוועט מיך, קינדערלעך... פירט מיך צו גרויסע דאָקטוירים.

אויף די לעצטע ווערטער איז פון קיך אַריינגעקומען ר' שלמה אהרון. אַפּטרייס־לענדיק די געוואַשענע הענט, איז ער שטיין געבליבן, די הענט צעשפּרייט, די אויגן פאַרגלאָצט, און אַ שעפּטשע געטאָן ווי אַ תפילה:

— דעם ווילן פון אַ שכיב־מרע מוז מען מקיים זיין!

די עלטערע אויסגעגעבענע זין, נחמן מיט שמואל שמחהן, האָבן אָוועקגעפירט די מאַמע קיין קיעוו, אָבער צוריק זיינען זיי, שטאָט מיט איר, געקומען מיט זאַמד אין די קאַמאַשן.

נאָך דער שבעה האָבן די קינדער אַליין ווייטער געפירט די שטוב, די קראָם און דעם מסחר. ר' שלמה אהרון האָט זיך ווייטער געלעבט לויטן אַלטן שטייגער, כאַטש אויף טריט און שריט האָט זיך געפילט: נישטאָ די מאַמע... ס'איז אַ שיף אָן אַ רודער.

וועגן אַריינעמען אַ צווייטע עקרת־הבית אין שטוב אַריין האָט ר' שלמה אהרון אַפילו נישט געדאַכט. ער האָט, ווייזט אויס, פרומען נישט געקאָנט פאַרגעסן, כאָטש

ריידן וועגן איר האָט ער קיינמאָל נישט גערעדט. נאָר פרייטיק צונאַכטס, ווען ער פלעגט מיט אַ פייערלעך אומעטיקן ניגון אויסזינגען דעם „אשת חיל מי ימצאָ", האָבן די קינדער געפילט, אַז אַרום די שבת-ליכט שוועבט אַרום דער מאַמעס נשמה, און פאַר איר זינגט עס אַזוי דער טאַטע צניעותדיק-פאַרשטעלט.

אַזוי זיינען אַוועקגעגאַנגען יאָרן. עס האָבן חתונה געהאַט די דריי טעכטער. עס האָט חתונה געהאַט דער דריטער זון. די שטוב האָט זיך אויסגעליידיקט ס'איז אַרויס פון איר דער הוד-הדר. ר' שלמה אהרון האָט שוין געקאָנט דעם גאַנצן טאָג לערנען אין דער היים.

ביי ר' שלמה אַהרונס שטוב, באַלעבאַטישקייט און קראָם איז געבליבן דער צווייטער זון, שמואל שמחה, מיט זיין מיוחסדיק און קלוג ווייב, חוהלע פון די שאַפּיראָס. ס'איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז שמואל שמחה דאַרף דערפאַר האַלטן ביי זיך דעם טאַטן, כל-זמן דער אייבערשטער וועט אים שענקען דאָס לעבן. זאָל ער מאַריך ימים ושנים זיין און זיצן אומגעשטערט על התורה ועל העבודה. נישקשה, אויף דער קלוגער חוהלען קאָן מען זיך פאַרלאָזן. מען דאַרף נישט האָבן קיין בעסערע טאָכטער פון אַזאַ שנור.

און ר' שלמה אהרון האָט טאַקע נישט געהאַט וואָס זיך צו באַקלאָגן. מען איז זיך מיט אים באַגאַנגען אַזוי, ווי ער וואָלט געווען דער באַלעבאָס איבער אַלץ.

האָט זיך ביי די קינדער אין דער פרעמד געמאַכט אַ שמחהלע, אַ ברית צי אַ בריתניצע, האָט מען גלייך דעם טאַטן מודיע געווען, און געוואַרט אויף זיין קורצן מזל-טוב. פאַרקערט ווידער, טאָמער, אַ צרה, איז די ידיעה אָנגעקומען צום שפּעטסטן צום ראַטנער זיידן, ווען דאָס אייניקל איז אַרויס פון דער קראַנקהייט, אָדער — חלילה, ביי שלעכט — ווען דער אומגליק איז געווען אויסגעזויפט, און ער קאָן שוין שאַרף נישט ווי טאָן.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה. ווען דאָס רוסישע מיליטער איז אָפּגעטראָטן, האָבן די קאָזאַקן פאַרברענט טייל הייזער פון שטעטל, און צווישן זיי אויך ר' שלמה אהרונס שטוב. מען האָט אַפילו נישט באַוויזן אַרויסצוראַטעווען דאָס ביסל בעטגעוואַנט, אַזוי אַז ר' שלמה אהרון איז צוזאַמען מיט זיין זון, שנור און זייער בת-יחידהקע אָפּגעקומען אין אַ פרעמדער שטוב אין גרויס ענגשאַפט. ר' שלמה אהרון האָט אָנגעהויבן פאַרלירן די כוחות. עס איז אים שוואַכער געוואָרן די שמיעה, און די אויגן האָבן זיך אים פאַרטונקלט מיט אַ טריבקייט. אָבער זיין הדרת-פּנים האָט ער נישט פאַרלוירן.

איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן שבת-פרימאָרגן איז ר' שלמה אהרון געגאַנגען אין סטאָלינער שטיבל דאַווענען, געגאַנגען מיט אַ פּסיעה-קטנה, טראָט ביי טראָט, ווי עס וואָלט אים שוין שווער זיין צו טראָגן אויף זיך די הלבשה: דעם אַלטן פאַרגרינטן און אויסגעקראָכענעם טולעפּ און, איבער אים, די זיידענע זשופּעצע, וואָס לאָזט אַרויסקוקן ביים האַלדז איבערן קאָלנער אַ פאַלד פונעם טלית, און אונטן ביי די פיס — אַ געלע ציצה. דער שמאָלער געשפּיציקטער שטריימל קרוינט שטרענג אַרום זיין שטערן מיט דער יאַרמולקע, וואָס פאַרדעקט זיין קאָפּ אַזש ביזן האַלדז. בלויז די לייכט געקרויזטע פּיאות שטאַרצן אינדרויסן. זיינע אויגן, האַלב טריב, האַלב פאַרטרערט מחמת דער קעלט און דער זון-ליכט, וואָס שלאָגט אָפּ אויף צוריק פון דעם בלענדנדיקן שניי, זיינען זיי פאַרגלאָצט. האָט גראָד געדאַרפט טרעפן, עס זאָל ר' שלמה אהרונען אַנטקעגנקומען דער דייטשער שטאָט - קאָמאַנדאַנט. ער איז אַזוי איבערגעראַשט געוואָרן פון דעם הייליקן אויסזען פון דעם גרייזן יודע, אַז ער האָט אויף אַן אויגנבליק פאַרגעסן זיין דייטשע און אַמטלעכע ווירדע, און דעם זקן אָפּגעטראָטן דעם וועג.

אויפֿן צווייטן טאָג, אום זונטיק, איז אַ יידישער מיליציאַנער אַריינגעקומען צו ר׳ שלמה אהרונען אין דער באַגלייטונג פֿון צוויי באַוואָפֿנטע דייטשע זשאַנדאַרן מיט אַ באַפֿעל פֿון דעם שטאָט־קאָמאַנדאַנט, אַז זיי, ר׳ שלמה אהרון, זאָלן קומען אין דער קאָמענדאַטור, אַנגעטאָן פּונקט אַזוי ווי נעכטן אינדערפֿרי, בעת ער איז געגאַנגען דאַווענען.

— שוין זעקס זקנים איז אַוועקגעפֿירט אין די שבתדיקע מלבושים, און ער איז אַלץ אין איין רציחה — מען זאָל אים ברענגען דעם וואָרן הייליקן מאַן... מיינט ער דאָך עס טאַקע נאָר אייך, ר׳ שלמה אהרון. ווי מיר האָבן עס זיך אָנגעשטויסן. נישט געוואָלט אייך מטריח זיין. אַז פֿאַרכאַפּט זאָל ער ווערן, דער מטורפֿער יעקע!

אַלע אין שטוב זיינען בלאַס געוואָרן: אפֿשר זאָל מען אָפּחורשן דעם יעקע דאָ?

— דינא דמלכותא דינא, — האָט ר׳ שלמה־אהרון אָפּגעקרעכצט און געלאָזט זיך איבערטאָן אין אַ וואָכנדיקן טאָג (און וואָס נאָך ערגער איז — אום זונטיק) אין די מלבושי־שבת. און מיט דער זעלבער פּסיעה־קטנה, ווי נעכטן, האָט ער זיך געלאָזט פֿירן פֿון די באַוואָפֿנטע זשאַנדאַרן, און דער יידישער מיליציאַנער איז נאָכגעגאַנגען פֿון הינטן מפּני־הכבוד.

אין שטעטל האָט זיך שוין דערווייל געהאט געקאָכט מיט דעם אויסטערלישן גייעס:

— וואָס דאַרף ער עס האָבן, דער מטורף, דווקא דעם אַלטן ר׳ שלמה אהרון? ס׳וואָלט נאָך געווען פֿאַרשטענדלעך, ווען ער שיקט ברענגען זיין שמואל שמחהן, אָדער זיין איידעם, אשר דעם גרויסן... אפֿשר עפּעס אַ מסירהלע וועגן אַ שמוגל, צי וועגן דעם געהילץ־מאַטעריאַל פֿאַר זייערע הייזער — די וועלדער געהערן צו דער מלוכה...

איז אפֿשר טאַקע ד אָ ס? דער פּלאַץ פֿון דער דירה איז דאָך ר׳ שלמה אהרונס?

און וואָס־זשע דווקא אין די שבתדיקע בגדים, ווי ער האָט אים נעכטן געזען?

— סאַ רעטעניש׳, און שוין!

חשובע באַלעבאַטים האָבן זיך שוין געקליבן ביים רב אין שטוב. מען האָט זיך מתיעץ געווען, וואָס צו טאָן. און ווען מען האָט דערזען דורך די פֿענצטער ר׳ שלמה אהרונען צווישן די זשאַנדאַרן, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס זיינען נשתנה געוואָרן די סדרי־בראשית. ס׳איז געוואָרן חושך אין שטעטל, ווי בעת אַ ליקוי־חמה.

— ווער ווייסט?... ס׳זאָל, חלילה, דערפֿון קיין אומגליק נישט אַרויס! פֿו, פֿו, פֿו, להבדיל אלף אַלפֿי הבדלות, האָט מען דאָך אין קאָוולע מיט אַ חודש פֿריער געהאַנגען אַן אַלטן גוי...

— אַ משל פֿעטרישקע! ביי יענעם האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ רוסישער שפּיאָן...

— האָסט אים אַוודאי מיט דיינע אייגענע אויגן געזען דעם שפּיאָן. געכאַפּט האָט מען נישט דעם שפּיאָן, נאָר דעם אַלטן טויבן גוי... ס׳איז מלחמה!

דערווייל זיינען אַריינגעפֿאַלן צום רב אין שטוב, פֿאַרסאָפּעטע, מיט דערשראָקענע אויגן און גליווערנדיקע בליקן ר׳ שלמה אהרונס זין, שמואל שמחה און אשרקע דער קליינער. איבער זיי האָט אַריבערגעקוקט דער איידעם, אשר דער גרויסער און זיין איידל פּנים האָט מחמת בלאַסקייט אויסגעזען נאָך בלאַסער. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן די שנור, די קלוגע חוהלע פֿון די שאַפּיראָס, מיט צעזשאַריעטע אויגן, וואָס וואַרטן, מען זאָל איר, חוהלען, פֿרעגן אַן עצה, וועט זי שוין זאָגן וואָס מען האָט צו טאָן. פֿון דער רביצינס חדר האָט זיך געהערט דער יאָמער פֿון ר׳ שלמה אהרונס טאָכטער, כאַסיע ברײנע.

— איך גיי גלייך אהינצו, — האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון צווישן די פאַרזאַמלטע שאַיע שאַפּיראָ. דער יידישער בירגערמייסטער, קוקנדיק גלייך אין די אויגן אַריין זיין פלימעניצע חוהלע שאַפּיראָ, ווי זי וואָלט אים מיטן בליק פאַרן קאָפּ געפּירט: טאָמער, חלילה, וואָס־ווען, וועל איך צו וויסן טאָן.

— וועט דער רב גיין מיט אַ דעלעגאציע, — זאָגט חוהלע שאַפּיראָ.

— וואָס הייסט? — האַלט עמיצער אונטער, — גאַנצע שטאָט וועט מיטגיין!

— עס וועט מיט גאָטס הילף קיין בייז נישט געשעען, — שטאַרקט דער רב זיך אַליין און אַלעמען: — איר האָט דאָך געהערט — ער האָט געהייסן ברענגען צו זיך דעם „הייליקן מאַן", און וואָס איז דאָ שייך! און ר' שלמה אהרון איז דאָך טאַקע אַ הייליקער ייד. געשיקט זיך?... מיט גאָטס הילף, מיט גאָטס הילף.

און ס'האַט טאַקע לאַנג נישט געדויערט: שאַיע שאַפּיראָ האָט זיך אומגעקערט מיט אַ בשורה:

— אַ פו, אַ פו אויפן דייטש קאָפּ! אַן איינפאַל פון אַ יעקע! גענומען און אָפּגעפאָטאָגראַפירט אונדזער ר' שלמה אהרונען! און דאָס איז עס געווען דער גאַרער געלויף פון די „אַחשתרנים".

די שטאָט האָט זיך געפרייט. ווער ס'האָט געלאַכט, און ווער ס'האָט געשמייכלט. ר' שלמה אהרון אַליין אָבער האָט זיך שטאַרק מצער געווען דערפון, וואָס מען האָט פון אים אַראָפּגענומען אַ פסל: „לא תעשה לך כל פסל", שטייט אין חומש.

אין אַ וואָך אַרום האָט אים זיין אייניקל, די קליינע מאַריידקע, אַריינגעטראָגן אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס זי האָט אויסגעבעטן ביים שטאָט־קאָמאַנדאַנט:

— זיידע! זאָל דער זיידע אַליין זעען, ווי שיין!

ר' שלמה אהרון האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן זיין געליבט אייניקל, און מיט ציטערדיקע פינגער און מיט דעם געפיל, אַז ער גייט אָנרירן אַן אומווערדיקייט, וואָס „שקץ תשקצנו", האָט ער אָנגענומען דעם „פסל" און זיך איינגעקוקט אין אים. מיט זיין טריבן בליק האָט ער די אייגענע צורה דערזען ווי אַ ליקוי־חמה, און די פאַרגלאָצטע אויגן — ווי די אויגן פון אַן עוף, בעת דער שוחט פאַרדרייט דעם דאָס קעפל, און ס'טוט פאַר זיי אַ שימער די שאַרף פונעם חלף צווישן דעם שוחטס ציין...

ער האָט זיך דערפילט שוואַך. די פאָטאָגראַפיע איז אים אַרויסגעפאַלן פון די פאַרגליווערטע פינגער, און ער האָט אַ שעפּטשע געטאָן:

— דער דייטש האָט מיך געקוילעט!... מאַריידקעלע, פיר מיך צום געלעגער... און דערלאַנג מיר די קוואָרט וואַסער צו וואַשן די הענט..

אין דעם יאָר האָט ר' שלמה אהרון געהאַט די זכיה אויסצוהויכן די נשמה אין זיין זונס, שמואל שמחהס, נייער גרויסאַרטיקער דירה אויף זיין אייגן געלעגער.

לייבל באַיאַן (מעקסיקע)

# אָפּגעצאָלט די חובות

מיטיק־צייט האָט זיך דער חולה אויפגעזעצט און האָט זיך צעוויינט. די שטו־ביקע מענטשן, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען אַרום קראַנקן, האָבן זיך איבערגעשראָקן און מיט אַ ציטער אין האַרצן זיך אַרומגעשטעלט אַרום בעט.

דער קראַנקער האָט טיף אָפּגעזיפצט. דאָס בלאַסע אָפּגעצערטע פּנים האָט זיך נאָך לענגער אויסגעצויגן און די גרוי־ווייסע באָרד האָט ווי צוגעציטערט צו יעדן שלוכץ, וואָס ער, דער חולה האָט אַרויסגעלאָזט.

טיפער אומעט, אומעט פון פאַרגאַנגענע דורות און יאָרן האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער די פאַרטרערטע אויגן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין גיסן מיט טרערן. יעדער קנייטש און קנייטשעלע פון האַלבגעלן געזיכט איז אויסגעפילט געווען מיט טרויער. מיט אַזאַ טרויער וואָס גנבעט זיך אַריין אין יעדן ווינקעלע פון האַרצן און רופט אַרויס רחמנות, רחמנות צו זיך אַליין און רחמנות צום צווייטן.

שווערע געדאַנקען האָבן איצט באַהערשט דעם חולה. די געדאַנקען האָבן אים געמאַטערט און האָבן אים ניט צו־רו געלאָזט.

עס זיינען געווען געדאַנקען ווי אַ מין חשבון־הנפש: — עטלעכע און זיבעציק יאָר אָפּגעלעבט, די לעצטע פערציק יאָר האָט ער אָפּגעהאַנדלט מיט דוד דעם לעדער־קרעמער... געקויפט סחורה, פלעגט זי אויסאַרבעטן, אָפּלייזן דאָס געלט און שפּעטער אים באַצאָלן. ווי אַזוי האָט ער געקאָנט דערלאָזן, אַז זיין קאָנטע זאָל אַלע מאָל וואַקסן און גרעסער ווערן אין דוד דעם לעדער־קרעמערס קאָנטע־בוך?

ער האָט זיך דערמאָנט:

יאָ, איין מאָל איז זי, זיין ווייב, שטאַרק קראַנק געווען, און איין מאָל...

— ער האָט אַרויסגעהאָלפן זיין מיטעלן זון מיט אַ גרעסערער סומע, ווען יענער איז אַוועקגעפאָרן זוכן גליק אין דער ווייטער וועלט, ווייט־ווייט אַזש מעבר לים...

אַן אָרנטלעכער מענטש אָט־אָ־דער דוד דער לעדער־קרעמער — האָט דער קראַנקער ווייטער געשפּינט דעם פאָדעם פון זיינע געדאַנקען — קיין מאָל קיין סחורה ניט פאַרהאַלטן און איצט... איצט איז ביי אים אין בוך געבליבן שטיין זיינער אַ חוב.

אַ לענגערע צייט שטייט שוין דער חוב. געהאָפט אַלץ, אַז דער זון, וואָס איז מעבר לים וועט אים אָפּשיקן דאָס געלט און ער וועט עס באַצאָלן. אָבער די צייט האָט זיך פאַרצויגן און ער האָט דעם חוב נאָך אַלץ נישט געסילוקט.

ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם און האָט זיך צעוויינט. ער פילט, אַז ער קאָן נאָך שטאַרבן און עס ווילט זיך אים זייער נישט אַוועקגיין פון דער וועלט אַ בעל־חוב.

— וויין נישט, טאַטע! — האָט אים געפּרוווט טרייסטן זיין זון ישראל — וויין נישט, וואָסט נאָך געזונט ווערן!

— עט, — האָט דער קראַנקער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — געזונט ווערן... ס'איז אַן אילוזיע! מיך אַרט נישט דער טויט... דאָס איז דאָך דער סוף פון יעדער לעבעדיקער באַשעפעניש...

אַבער פאַר וואָס וויינסטו? — איז געשטאַנען אַ פרעגצייכן ביים זון אין די אויגן.

מיט אָפּגעהאַקטע האַלב פאַרשטיקטע ווערטער האָט דער קראַנקער איבער־געגעבן דעם זון זיינע מאַטערנדיקע רעיונות, וואָס לאָזן אים נישט צורו.

— כ'וויל קיין בעל־חוב פון דער וועלט נישט אַוועקגיין, לייז מיך אויס, טייערער זון מיינער! שרייב אויף אָן צו די קינדער אין מעקסיקע, זיי וועלן דיר געוויס העלפן אויסלייזן דעם טאַטן. און יהושע — גלייב איך — וועט דיר אויך אַנטקעגנקומען מיט וואָס ער וועט קענען.

ווען ישראל, דער זון, האָט געבראַכט דעם טאַטן די אויסגעריסענע זייטלעך פון דוד דעם לעדער־קרעמערס קאָנטע־בוך, האָבן פריידיקע שפּיזלעך אַרויסגעקוקט פון קראַנקנס אויגן. אויף אַ מינוט איז אַוועק דער טיפער טרויער, וואָס האָט גע־נעסטעט אין יעדן קנייטשעלע פון זיין געזיכט און דאָס פּנים האָט אָנגעהויבן צו שיינען. ער האָט באַטראַכט די געציקלטע אותיות פון קאָנטע־בוך די „נתתי'ס" און „לקחתי'ס", וואָס זיינען שוין געווען איבערגעשטראָכן אַלכסונדיק מיט צוויי לאַנגע זיך קרייצנדיקע פּאַסן און האָט אַ זאָג געטאָן:

— איצט קען איך שוין רואיק שטאַרבן!

און שפּעטער האָט ער צוגעגעבן:

— למען השם אָנשרייבן די קינדער וועגן דעם... זיי מעגן אויך האָבן אַ חלק אין דער מצווה פון „פּדיון אָב"...

אויף מאָרגן האָט זיך אין שטעטל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יאַנקל שלמהס גוססט.

דער פרימאָרגן האָט זיך געשטעלט אַ הייסער. די פאַרטרערטע, מיט טוי־באַ־שפּריצטע געוויקסן האָבן וויינענדיקע געמוזט רעזיגנירן פאַר דער אומברחמנותדי־קער זון, וואָס האָט זיך גדלותדיק אַ הייב געטאָן פון איר צפון־מזרח ווינקל צו באַ־הערשן די ערד. שוין אין פרימאָרגן האָט זיך געשטעלט אַ מאָדנע חמימה, וואָס האָט פאַראַליזירט די טעטיקייט פון אַלץ וואָס איז לעבעדיק.

דער שטעטלדיקער פּירקאַנטיקער מאַרק — אַ פאַרמאַטערטער, אַ גרויער איז געווען פּוסט און די פּוסטקייט האָט זיך וייט, וויט געצויגן פון מאַרק אַרויס אין די ענגע שמאָלע בעל־מלאכהשע געסלעך וווּ ס'האָט פון לאַנגע יאָרן געוווינט יאַנקל שלומהס.

פון צייט צו צייט האָבן דעם האַלב־פאַרחלשטן מאַרק אויפגעוועקט האַסטיק־אימפּעטיקע טריט, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דעם בעל־מלאכהש געסל גלייך צום אַפּטייק, וואָס איז געשטאַנען אין אַ פאַרפּוצטן ראָג פון שטעטלדיקן פּירקאַנטיקן מאַרק.

דאָס איז געגאַנגען יאַנקל שלומהס, איינציק געבליבענער זון אין שטעטל, אין אַפּטייק אַריין ברענגען די באַשטעלטע רעצעפּטן: האָפענונגען צו ראַטעווען דעם פאָטער.

צוריקגייענדיק, איז זיין בליק געפאַלן אויף די גראָזן, וואָס זיינען געוואַקסן אין דער זייט פון וועג. פאַרחלשטע, פאַרבענקט נאָך אַביסל רעגן זיינען זיי געלעגן און זיי האָבן אים דערמאָנט אין זיין טאַטן דעם גוסס, וואָס פּונקט ווי זיי דאַרף ער אויך האָבן גרויס „רחמים", אַז ער זאָל געזונט ווערן.

נאָך אין דער פרי האָט דער קראַנקער געהייסן זיך דערלאַנגען נעגל־וואַסער האָט געוואַשן די הענט און האָט אָפּגעזאָגט די תּפילות פון שחרית.

שפּעטער־צו האָט זיך די לאַגע פאַרערגערט. דער דאָקטאָר איז נישט אָפּגע־טראָטן פון בעט און האָט פאַרשריבן איין רעצעפּט נאָך דעם צווייטן.

דער קראַנקער איז געלעגן אַ פאַרחלשטער. עס האָט אים אויסגעפּעלט לופט

צום אָטעמען. די אַלטיטשקע פרוי זיינע — די באַגלייטערין אין די לעצטע פופציק יאָר — איז געשטאַנען נעבן אים, האָט אים געווישט דעם שווייס און האָט געפאָכעט מיט אַ טיכל, כדי צו שאַפן פאַר אים כאָטש אַביסל קינסטלעכע לופט.

דערווייל האָבן זיך אין שטוב אַריין אָנגעהויבן צו קלייבן באַזוכער. מען איז געקומען מבקר־חולה זיין דעם זקן, דעם זאַטן און יאָרן ר׳ יעקב שלומהס.

עס זיינען געקומען יידן באַלמעלאָכעס, מיט וועמען ער האָט אין בית־מדרש געדאַוונט, עס זיינען געקומען יידן בני־תורה. כמעט די גאַנצע אָרטאָדאָקסיע פון שטעטל האָט אָנגעפילט די שטוב. ביי אַלעמען איז דער גוססדיקער זקן געווען פאַרבונדן מיט ליכטיקע אינטימע זכרונות.

ר׳ יעקב האָט זיי אַלעמען דערקענט. מיט זיינע ברייט־צעעפנטע אויגן האָט ער יעדנס באַוועגונג באַגלייט, און צו אייניקע — צו די מער חשובערע — האָט ער אַפילו אַ פּאָר ווערטער אַרויסגערעדט.

בייטאָג איז אים געקומען מבקר־חולה זיין דער רב פון שטעטל מיט זיין איידעם דעם מורה־הוראה. יאַנקל שלומהס האָט זיך נאָך געשטאַרקט און געוואָלט זיך אויפהייבן פאַר זיי, בכדי צו מקיים זיין די מצווה „והדרת פני זקן”. דער רב האָט אָבער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער זאָל עס נישט טאָן.

דער חולה איז געבליבן ליגן צוריק אויף זיין קישן. ער האָט זיך אַ לענגערע צייט אָנגעשטרענגט, מען האָט געפילט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן און לסוף האָט ער מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער אויסגעקרעכצט:

— שוין דריי טעג, רבי, קיין תפילין נישט געלייגט, אין טלית זיך נישט איינגעהילט...

די ווערטער האָבן געקלונגען ווי אַ ווידוי, דער רב האָט אים אָבער נישט געענטפערט און נאָר מיט אַ מאַך פון האַנט אים באַרואיקט.

אין אַ ווינקל פון צימער זיינען געשטאַנען די משפחה־מיטגלידער פון קראַנקן און דער זון ישראל, אַ נערוועזער, אַ גייסטיק־צעשרויפטער פון אַזויפיל נעכט נישט דערשלאָפן, האָט ער אַ פאַרצווייפלט־הילפלאָזער אויסגעשטאַמלט צו דער מוטער:

— וואָס דען! — האָט ער געטענהט — זיי זיינען זיך צעפאָרן איבער דער וועלט און מיר איבערגעלאָזט די צרות און דערנאָך וועלן זיי טענהן, אַז איך האָב דעם טאַטן נישט געראַטעוועט.

די מאַמע, אַ דאַרע און אַן אויסגעמאַטערטע מיט איינגעפאַלענע קינבאַקן — אַ פרוי אין די זיבעציקער — האָט ביים דערמאָנען די קינדער אין דער פרעמד שטאַרק אָפּגעקרעכצט. די אויגן אירע זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן און זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם יינגסטן זון אירן, וואָס איז אַוועקגעפאָרן ערשט מיט דריי יאָר צוריק קיין מעקסיקע.

פּונקט ווי איצט שטייט דאָס בילד פון זיין געזעגענען זיך מיט איר פאַר די אויגן. דער שאָסיי איז פול מיט מענטשן, עלטערע און יינגערע, חברים און סתם פריינד, אַלע זיינען עס געקומען געזעגענען זיך מיט איר זון.

און ער — דער זון אירער — איז געשטאַנען נעבן איר, האָט איר געווישט די טרערן פון די אויגן און האָט זי געבעטן: — מאַמע ,וויין נישט! — אויב דו וויינסט פאָר איך נישט!

און זי האָט טאַקע אויפגעהערט צו וויינען. אַ ווייטיק איז איר געווען צו צעשיידן זיך מיט איר יינגסטן און ליבסטן זון, אָבער זי האָט דעם ווייטיק שטיל פאַרשטיקט אין זיך און האָט זיך אָנגערופן:

— פאָר מיין זון! איך וועל נישט וויינען! ווער ווייס, וואָס מיט אונדז וועט נאָך זיין? זיי דו כאָטש אויסער דער געפאַר... די צייטונגען שרייבן דאָך, אַז ס׳וועט זיין מלחמה...

ווען די מאַמע האָט דערוואַכט פון אירע טרויעריק-בענקנדיקע מחשבות, האָט זי אַ זאָג געטאָן צו איר גרויסן פאַרצווייפלטן זון:

— ווייסטו וואָס, מיין זון, מען דאַרף אַרויסרופן יהושע פון בריסק, זאָל ער כאָטש זיין צוזאַמען מיט אונדז.

ישראל האָט זיך דערפרייט מיטן געדאַנק. טאַקע גאָר פאַרגעסן, אינגאַנצן אַנ־דערטהאַלבן שעה רייזע פון דאַנען. יאָ, ער קען נאָך קומען. זעקס אַזייגער גייט אַרויס דער אויטאָבוס.

ווען יהושע דער עלטסטער זון — דער מאַמעס שיינדל — איז געקומען צופאָרן איז שוין געווען אַ האַלבע שעה נאָך דער פטירה. דאָס גאַנצע געסל, וואָס פירט פון מאַרק צום נפטרס שטוב איז געווען פול מיט מענטשן. די מענטשן האָבן אים אויפ־גענומען מיט אַ גרויס געוויין און האָבן אים באַגלייט מיט די בליקן ביז דער שטוב ווען ער איז אַריין אין שטוב האָט ער געטראָפן דעם טאַטן שוין אָן אָפּגעהויבענעם אָרום דעם נפטר זיינען געשטאַנען די חשובסטע באַלעבאַטים פון שטעטל, אָן ערך אַ פּאָר מנינים יידן און מען האָט געזאָגט תהלים.

שווער איז געווען אים — דעם עלטסטן זון — צו באַהערשן זיך. טרויעריקע פאַקטן פונעם לעבן פון זיין טאַטן דעם האָרעפּאַשניק זיינען בליץ-שנעל פאַרבייגע־לאָפן אין זיין זכרון און אָט, אָט ער ברעכט זיך איין...

איבערראַשט אָבער פון דער פּלוצלינגדיקער ווירקלעכקייט האָט ער זיך באַ־הערשט און מיט אַ פאַרשטאַרט מיט ווייטיק אָנגעלאָדן האַרץ האָט ער אויסגעשריגן:

„יתגדל ויתקדש שמיה רבא".

און ערשט דערנאָך ווען ער האָט פאַרענדיקט דעם קדיש איז ער געבליבן שטיין אין אַ פאַרגליווערטער פּאָזיציע און אַ קוואַל טרערן האָט זיך אָנגעהויבן צו גיסן ווי פון זיך אַליין...

די מאַמע איז אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז, האָט אָנגעהויבן צו וויינען און צו יאָמערן:

— מיין זון, מיין ליכטיקער זון, מיין קדיש!!!

די שטוב איז פול געוואָרן מיט אַ שלוכצנדיק געוויין.

די לויה איז שוין פאַרגעקומען שפּעט אין אָוונט. ווען הערש בער דער באַלעגאָלע איז צוגעפאָרן מיט זיין פערד און וואָגן אוועקצופירן דעם נפטר אויפן בית-החיים איז שוין די גאַס פול געווען מיט מענטשן, און נייע מענטשן האָבן אַלץ געהאַלטן אין איין שטראָמען.

גלייך האָבן די מענטשן אויסגעשפּאַנט די פערד, זיך אַליין איינגעשפּאַנט אין דער עגלה און האָבן געפירט דעם נפטר די גאַנצע דריי קילאָמעטער אַליין ביזן בית־החיים. אַלעמאָל האָבן זיך געביטן די מענטשן. יעדער איינער האָט געוואָלט האָבן די זכיה אָנטאָן דעם מת דעם לעצטן כבוד.

ווען דער עולם איז געגאַנגען צוריק פון בית-החיים האָבן זיך ביידע ברידער יהושע און ישראל אָנגענומען ביי די הענט און זיינען געגאַנגען שווייגנדיק.

די מענטשן — די גאָר נאָענטע פריינד — האָבן געפּרוווט זיי טרייסטן.

די זקנים וואָס זיינען געשטאַנען בשעת דער גסיסה, האָבן מיט אַ יראת הכבוד גערעדט וועגן נפטר און האָבן צו די ברידער אַזוי געזאָגט:

— אייער טאַטע איז דאָך געווען אַ צדיק הדור, ביז דער לעצטער מינוט גע־רעדט! ער האָט דאָך אויסגעהויכט זיין נשמה מיט אַ מיתת-נשיקה.

די נאַכט איז געווען אָן אויסגעשטערנטע. די לבנה — אַ האָרן — האָט באַ־לויכטן דעם וועג פון די צוויי אַזוי נאָענטע ברידער.

ביידע האָבן זיך געפירט ביי די הענט און ביידנס געדאַנק האָבן געצילט כמעט אין איין פונקט.

— יאָ, אַ צדיק הדור, — האָבן זיי געטראַכט — אַ מענטש, אַ האָרעפּאַשניק, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ שטיל און ערלעך לעבן, קיינמאָל קיינעמס נישט פאַרלאַנגט און קיין תרעומות צום בורא-עולם אויך נישט געהאַט, איז געווים אַ צדיק הדור.

— פיין געלעבט און פיין געשטאָרבן!

און אַ העכערע גייסטיקע פרייד האָט אַרומגענומען דיביידע ברידער, אַ פרייד וואָס גיט טרייסט אין די גאָר שווערסטע מאָמענטן פון לעבן...

— דו ווייסט — האָט דער ייִנגערער ברודער, דער ערשטער איבערגעריסן די דמיונות — דו ווייסט, ער איז נסתלק געוואָרן פון דער וועלט אַ ריינער... אַפילו די ערדישע חובות האָט ער אָפּגעצאָלט.

בערל קאַהאַן

# יאַנקעל דער שוסטער

אונדזער ראַטנע האָט זיך זייער ווייניק אויסגעצייכנט מיט רייכע יידן. דער רוב פון דער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אָרעמע בעלי־מלאכות און קרעמער, וואָס זיינען קוים דורכגעקומען מיט חיונה. דערפאַר אָבער זיינען קיין אנאלפאבעטן אין ראַטנע כמעט נישט געווען. אַלע דאָרטיקע יידן האָבן געקענט דאַווענען, האָבן געוווסט, וואָס אין אַ תהילימל טוט זיך און אייניקע האָבן אַפילו לערנען געקענט. עס זיינען אויך געווען צווישן זיי אַ פּאָר גוטע לערנערס. און מיט דעם באַשרייבן אייניקע טיפּן און פאַרצייכענען אַ פּאָר פּאַסירונגען, בין איך אויסן צו אַרויסברענגען דעם גייסטיקן קלימאַט פון אונדזער שטעטל.

דער אידעאַל פון יעדן יידן אין ראַטנע איז געווען מאַכן זיין קינד פאַר אַ לערנער. אויב דאָס איז אָנגעקומען אַביסל לייכטער דעם סוחר און קרעמער, איז דאָס געווען גאָרנישט גרינג פאַר דעם בעל־מלאכה, וואָס די פּרנסה האָט אים קוים געסטייעט פון האַנט צום מויל. און דאָך זיינען בעלי־מלאכהשע קינדער געוואָרן לערנער און אייניקע האָבן געשמט מיט זייער לומדות. ישראל דוד דער סטאָליער, למשל, האָט געמוזט מאַכן איין זון זיינעם פאַר אַ סטאָליער, וואָס זאָל אים אַרויסהעלפן אין פּרנסה, דערפאַר אָבער איז דער אַנדערער זון זיינער — יהושע וואָלף — געוואָרן אַ לערנער. דאָס זעלביקע אויך יאַנקל דער שוסטער: זיין עלטסטער זון יהושע איז אויסגעוואַקסן אַ לערנער און אַ תלמיד חכם, בשעת די אַנדערע קינדער זיינע האָבן אים געמוזט אַרויסהעלפן אין פּרנסה.

די פּראָבלעמען וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיטן דעמאָלטיקן לעבן זיינען געווען לחלוטין אַנדערע ווי היינט און זיי זיינען איבערהויפּט געווען פאַרבונדן מיטן רעליגיעזן שטייגער. די שווערסטע איבערלעבונגען וואָס האָבן פאַרשאַפט צער און ווייטיק זיינען ס׳רוב אַרויסגעוואַקסן פון דעם רעליגיעזן לעבן־שטייגער. איך וועל דאָס אילוסטרירן מיט אַ פּאָר פּאַסירונגען פון דעם נאָענטן עבר.

יאַנקל דער שוסטער איז כל ימיו געווען אַ ייד אַן אָרעמאַן, וואָס האָט זיך געמאַטערט אויף חיונה, בכדי אויסצוהאַלטן זיין גרויסע משפּחה. דערפאַר אָבער איז ער געווען אַן ערלעכער פרומער ייד, וואָס האָט אָפּגעהיט אַלץ, וואָס געהער צו אַ יידן מיט אַלע פּיטשטשעווקעס. מאַכט זיך אַ מעשה און דער זעלביקער יאַנקל דער שוסטער האָט אָפּגעהאָרעוועט אַ גאַנצע וואָך, פון די פרימאָרגנס ביז שפּעט אין די אָוונטן, און די איינציקע הפסקות פון אָפּרו זיינען געווען דאָס פרימאָרגנדיקע שחרית און די פאַרנאַכטיקע מנחה־מעריבס, ווען ער פלעגט צולויפן אין בית־מדרש אָפּדאַווענען. און אָט איז געקומען דער ערב־שבת — ער האָט קוים צייט געהאַט צו גיין אין מרחץ. געקומען פון דאָרט, אָנגעטאָן זיך די שבתדיקע קאַפּאָטע מיט דעם זיידענעם היטל, אויף גיך אָפּגעבענטשט חנוכה־ליכטלעך און כמעט אַוועקגעלאָפן אין בית־מדרש אַריין. געקומען אין בית־מדרש, ערשט לא דובים ולא יער, ס׳איז ניט קיין חנוכה און ס׳איז נישטאָ קיין חנוכה - ליכטלעך. ווען יאַנקל דער שוסטער האָט זיך דערוווסט, אַז חנוכה איז ערשט אין אַ וואָך אַרום, איז ער אַריינגעפאַלן אין

גרוים עצבות, זיין צער איז געווען אומבאשרייבלעך און אַ קיילעכדיק יאָר איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן. הגם די פּאַסירונג קען אויסווייזן קאָמיש, פאַר אים אָבער איז זי געווען טראַגיש.

דער צווייטער עפּיזאָד וואָס איך וויל דערציילן, איז געשען מיט ישראל דעם שניידער.

ישראל דער שניידער, איז געווען אַ פרומער ייד מיט אַ לאַנגער ברייטער אויסגעקעמטער באָרד, וואָס האָט אויף זיך קיינמאָל קיין שער נישט געזען. מאַכט זיך אַ מעשה און די גרויסע רוסישע מלוכה נעמט אויף אַ נייעם צאַר — דעם צאַר ניקאָליי דעם צווייטן. הכלל, מען פאַררופט אַלע יידן פון שטעטל אין שיל צו שווערן טרייהייט דעם נייעם צאַר. אַלע יידן זיינען מיט שמחה געלאָפן אין שיל אַריין, ווייל אַ שם האָט מען אַרויסגעלאָזן, אַז דער נייער צאַר איז אַ גוטער מושל און דערצו נאָך אַן אוהב ישראל.

צוריק פון שיל איז מען אַרויס מיט גרוים פרייד אין אַ לאַנגער פּראָצעסיע און ווייל עס איז שוין געווען פינצטער אין דרויסן האָט מען אָנגעצונדן שטורקאַצן; און מען האָט זיי געטראָגן איבער די גאַסן. ישראלי דער שניידער האָט אויך געוואָלט מיט עפּעס אַרויסווייזן זיין צופרידנקייט מיט דעם נייעם צאַר — דעם מושל חסד, האָט ער באַשלאָסן צו באַלויכטן די גאַסן מיט „פייערווערק". ווי אַזוי האָט ער דאָס געמאַכט? —  אויף גאָר אַ פּרימיטיוון אופן. ער האָט מיטגענומען מיט זיך אַ פלאַש קעראָסין, אָנגענומען אַ פולן מויל מיט קעראָסין און עס אַרויסגעשפּריצט אויף אַן אָנגעצונדן שוועבעלע. מעשה שטן האָט זיך פאַרגאָסן זיין באָרד, זי האָט זיך אָנגעכאַפּט און איז פאַרברענט געוואָרן.

זיינע פיזישע יסורים זיינען געווען זייער גרויסע, מחמת אויך די הויט איז אַ ביסל צוגעברענט געוואָרן. אָבער נאָך גרעסער זיינען געווען זיינע גייסטיקע ווייטיקן וואָס ער האָט פאַרלוירן זיין באָרד. זיין צער און בזיון איז פשוט נישט געווען צו באַשרייבן. ער האָט זיך ממש געשעמט אַרויסצוגיין אין גאַס. און די גאַנצע צייט, ביז זיין באָרד איז אים צוריק אויסגעוואַקסן, איז ער געגאַנגען פאַרבונדן דאָס פּנים מיט אַ טיכל.

## שמעון דער משוגענער

פון דעם טאָג, וואָס האָט אויפגעהערט די נבואה אין ישראל, איז
זי איבערגעגעבן געוואָרן צו די שוטים. (פון תלמוד)

יעדע שטאָט מוז האָבן איר משוגענעם און איידער איין שטאָט-משוגענער פאַרשווינדט, מוז גלייך קומען אַן אַנדערער אויף זיין אָרט. אַ לאַנגע צייט האָט פאַרנומען דעם אַמט פון דעם שטאָט-משוגענעם ביי אונדז אין שטעטל „האָפּטשיק לייבעלע". ער איז געווען אַ וואַסער-טרעגער און אַ שטאַרקער מרה-שחורהניק. ווען אים פלעגט אָנקומען דער משוגעת-אָנפאַל, פלעגט ער אַרומלויפן איבער די גאַסן און שרייען מיט אַ געהיימניספולן קול און זיין געשריי האָט באַזונדערס געוואָרפן אַ שרעק אויף די קינדער. געשריען האָט ער:

— מענטשן גייען דאָס אַרום? ניין, דאָס זיינען נישט קיין מענטשן! מתים זענט איר!

נאָך איידער ער איז געשטאָרבן, האָט זיך באַוויזן אַ נייער משוגענער ביי אונדז אין שטעטל, וואָס האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. דאָס איז געווען שמעון דער משוגענער אָדער ווי חברה פלעגן אים רופן: „שמעון אַ מויד אַ יאַגעדע".

שמעונס עלטערן האָבן געשטאַמט פון דאָרף פּאַסטופּליע, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון אונדזער שטעטל ראַטנע. אַ לאַנגע צייט זיינען זיי געווען קינדערלאָז און קיין שום גוטער ייד האָט זיי נישט געקענט העלפן. מאַכט זיך אַ מעשה און קיין ראַטנע דאָרף אָנקומען צו גאַסט דער אַלטער ניסכיזשער רבי, וואָס איז געווען פאַרשמט פאַר אַ גרויסן בעל־מופת. שמעונס מוטער איז מיט אַ טאָג פריער אָנגעקומען קיין ראַטנע און ווען אַלע זיינען אַרויס אויסער דער שטאָט מקבל פּנים זיין דעם רבין, איז זי אויך אַרויס מיטן גאַנצן עולם.

וואָס האָט זי אָבער געטאָן? ווי זי האָט דערזען פון דער וויַיטנס דעם רבינס קאַרעטע זיך דערנענטערן, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, זיך אויסגעלייגט אין דער ברייט פון דער גרעבליע און נישט געלאָזט, אַז די קאַרעטע זאָל אַריינפאָרן אין שטאָט אריין, ביז דער רבי וועט איר נישט בענטשן און מבטיח זיין אַז זי וועט האָבן אַ קדיש.

דער אַלטער ניסכיזשער ז״ל, האָט געהייסן צו ברענגען די אשה צו זיין קאַרעטע, האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, אַ טיפן קרעכץ געטאָן און אַזוי געזאָגט:

— „גיי, אשה, אַהיים, איך בענטש דיר און איך בין דיר מבטיח, אַז דו וועסט האָבן אַ בן־זכר... אָבער... — האָט ער צוגעגעבן — מיט ווייניק נחת!״

אָט מיט אַזאַ „אויסטערלישער ברכה״ איז שמעון אויף דער וועלט געקומען. צו אַכט יאָר איז ער שוין געווען אַ קיילעכיקער יתום, אָן טאַטע־מאַמע, אָן משפּחה, און אָן קרובים, וואָס זאָלן אים אויפהאָדעווען און דערציען.

זייט דעמאָלט איז שוין פאַרלאָפן באַלד אַ האַלבע מאה יאָרן און איך זע אים נאָך אַלץ פאַר מיינע אויגן: אַ ייד אין די טיפע פערציקער יאָרן, גוט אַנטוויקלט פיזיש, פון מיטעלן וווקס, אַ קליין שוואַרץ בערדל רינגלט אַרום זיין קיילעכיק פּנים, פונקט ווי אַ שוואַרצע ראַם: אָנגעטאָן אין שטיוול און אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע אָן קנעפּלעך, וואָס איז אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק. פון אונטער דער קאַפּאָטע זען זיך אַרויס דאָס גראָבע לייוונטענע העמד און דער לאַנגער ארבע כנפות. די דאָזיקע הלבשה פלעגט אים די שטאָט צוטראָגן יעדן ערב פּסח.

צו קיין מלאכה איז שמעון נישט פּעאיק געווען, קיין תאווה צו געלט האָט ער נישט געהאַט און אַפילו נישט געוווסט, וואָס דאָס איז אַזוינס. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי דעם קצב, הערשל חיים שניידערס אין שטוב און געגעסן ביי זיין טיש. ער פלעגט אַרויסהעלפן זיין מכניס אורח מיט ברענגען וואַסער אין שטוב אַריין און מיט אָוועקשלעפּן אַ קאַלב אויף די פּלייצעס צום שעכטן.

אַזוי ווען קיינער פלעגט אים נישט טשעפּען, פלעגט ער רואיק אַרומגיין איבער די גאַסן. בטבע אַ גוטער אין כאַראַקטער און האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָפּגעזאָגט צו פאָלגן אַ גאַנג, ברענגען, אָדער אָפּטראָגן עפּעס. און שטאָט פלעגט שמעונען אויסנוצן אויף פאַרשיידענע זאַכן: אַוועקטראָגן אַ קינד אין חדר אַריין אין די בלאָטיקע חדשים, צוטראָגן אַ פּאַק וועש צום טייך אויף וואַשן. קיין געלט פלעגט מען אים דערפאַר נישט געבן, מען פלעגט אים אָבער באַלוינען מיט אַ שטיק ברויט, אַביסל וואַרעם געקעכטס און ער איז געווען גליקלעך.

אָפּטמאָל פלעגט שמעון בלייבן שטיין אויף די קלאַדקעס ביים טייך און וואַרטן אויף די מיידלעך וואָס פלעגן גיין אָנשעפּן וואַסער. און יעדער מיידל, וואָס פלעגט וועלן, אַז ער זאָל איר אָנשעפּן וואַסער, פלעגט זי אים מוזן דערלויבן געבן אַ קליין פּעטשעלע אין הינטן.

שמעון פלעגט קיינמאָל נישט בעטן עפּעס ביי עמיצן. האָט מען אים אַריינגעבעטן אין אַ שטוב עפּעס צום עסן, פלעגט ער רואיק אָפּעסן און אַוועקגיין. ער איז שטילערהייט אַרומגעגאַנגען, נישט געווען פאַרזאָרגט און נישט געווען מרה־שחו־

רהדיק. אין בית־מדרש פלעגט ער דאוונען אויף אַ קול, זיך שאָקלען און מאכן אַ ליארעם. טאַטע־מאמעס יאָרצייט פלעגט ער אָפּהיטן מיט גרויס איבערגעבנקייט און פלעגט שטארק באַדויערן וואָס ער קען זיי נישט ברענגען קיין עסן אויפן עולם־



שמעון דער משוגענער

האמת. אַלע פרייטיק פלעגט ער אויף זיינע געזונטע פּלייצעס טראָגן דעם אַלטן ר׳ אייזיק אין מרחץ אריין. איך האָב אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן:

— שמעון, ווי אַלט איז געווען דער אַלטער ר׳ אייזיק, ווען ער איז געשטאָרבן? האָט ער מיר געענטפערט:

— ר׳ אייזיק האָט נאָך קיין תפילין נישט געלייגט!

דאָס האָט ביי אים געמיינט, אַז ער איז נאָך נישט אַלט געווען קיין הונדערט מיט דרייצן יאָר.

זיין משוגעת איז באַשטאַנען אין איין קלייניקייט. פלעגט מען אים נאָר אַ זאָג טאָן: „שמעון, אַ שוואַרצע יאַגעדע!״ פלעגט ער זיך אַזוי אויפרעגן, אָנהויבן צו ציטערן, אַריינפאַלן אין אַ קאָנוואולסיוון צאָרן. ער האָט נישט אויסגעלאָזט זיין כעס צו די מענטשן, וואָס האָבן אים פאַרטשעפּעט נאָר עפּעס מיט אַ ווילדער רציחה פלעגט ער אָנהויבן צו בייסן זיינע אייגענע הענט און רייסן פון זיין שטיקער. און אַזוי האָט ער זיך געלאָזט לויפן און דעם ערשטן בעסטן, וואָס ער האָט געטראָפן אין וועג, פלעגט ער געבן אַ פּאַטש און אים אָפּציילן עטלעכע מאָל אין טאַטנס טאַטן אַריין. דער משוגעת-אָנפאַל איז אָבער באַלד ביי אים אַוועק און מיט אַ פאַרשולדיקטן צעמישטן בליק, האָט ער פאַרלוירן געקוקט אויפן געפּאַטשטן, צוריק טרעטנדיק פּאַמעלעך הינטערווײַלעכטס, גרייט זייענדיק דערביי מקבל באהבה זיין די קלעפּ פון יענעם. ווען ער פלעגט אָבער קיין מענטש אין גאַס נישט טרעפן, פלעגט ער צולויפן צו אַ וואַנט און זיך נעמען שלאָגן קאָפּ אין וואַנט און רעווען משוגענערהייט.

נאָך לאַנגע יאָרן בייסן די הענט זיינען זיי אַזוי פאַרהאַרטעוועט און באַוואַקסן געוואָרן מיט מאַזאָליעס, אַז ווי שטאַרק ער פלעגט נישט בייסן, פלעגט שוין פון זיי קיין בלוט נישט רינען.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה — דערציילט מיר מיין פריינד לייזער גינזבערג — האָט זיך אַ דייטשישער אָפיציר שטאַרק איזדיעקעוועט איבער דעם אומגליקלעכן: מוטער נאַקעט האָט ער אים אויסגעטאָן, אים געשלאָגן, אַז ער זאָל טאַנצן און אַזוי אָ האָט ער אַראָפּגענומען אַ פּילב פון דעם אָרעמען און באַליידיקטן מענטשן.

א. בארג (ניו יארק)

# קליינע עפּיזאָדן פון שטעטל

## איצי־וואָלף דער וואַסער־טרעגער

### (אָדער „דאַנקען גאָט איך בין אַרויס ריין!)

אַנהויב 20סטן יאָרהונדערט, האָט ביי אונדז אין שטעטל געלעבט איינער אַ וואַסער־טרעגער איצי־וואָלף אָדער ווי מען האָט אים גערופן, איצי־וואָלעק.

ער איז געווען אַ מאַן אין די דרייסיקער און האָט אויסגעזען שוואַרץ ווי אַ ציגיי־נער. אַ נידעריקער מיט אַ פּנים באַדעקט ווי מיט שוואַרצן מאָך און קליינע פּאַרגאַ־סענע אייגעלעך, וואָס מ׳האָט זיי קוים אַרויסגעזען, ממש ווי אַ קאַלמיק. כאָטש ער האָט די לעצטע צייט זיין פּראָפעסיע אַביסל אויסגעבעסערט — ער האָט זיך איינגעקויפט אַ פעסל מיט צוויי קליינע פערדלעך, וואָס האָבן שוין פאַר אים גע־שלעפּט דאָס וואַסער, וועלכע ער האָט אַרויסבאַקומען דורך דער עפענונג אין פעסל, פאַרשטאָפּט מיט אַ שפּינט, — האָט זיך אָבער זיין ביטערער מזל מיט גאָרנישט געענ־דערט דורך דעם. יעדער איינער אין שטאָט, ווער ס׳האָט נאָר געהאט אַ נשמה אין זיך, האָט זיך מיט אים געשאַפּט און אַ הוץ דעם וואַסער, וואָס ער האָט געליפערט פאַר די בעל־הביתטעס אין די קיכן, האָט ער נאָך אַמאָל אַלס צוגאב איינעם האַלץ אָנגעהאַקט און „דרעווקעס” צושפּאַלטן, אַן אַנדערן סתם אַ שווערע אַרבעט אָדער אַ שליחות אויסגעפירט, ער האָט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט. און אַ חוץ דעם דאַרפט איר וויסן, האָט ער אַמאָל די שטאָט פּשוט אָפּגעראַטעוועט: אין דעם יאָר 1892, ווען ס׳האָט אין שטעטל אויסגעבראָכן די שרעקלעכע כאָלערע, וועלכע האָט אַ סך מענטשלעכע קרבנות אַוועקגערויבט און קיין שום דאָקטער האָט איר נישט געקענט אָפּשטעלן, האָט דער רב פון שטעטל דעמאָלט געהייסן אָפּזוכן אַ פּאָרל און זיי חתונה מאַכן אויפן הייליקן אָרט. מ׳האָט דאַן חתונה געמאַכט דעם זעלבן איצי־וואָלפן מיט דער „געראָטענער” כלה גיסקע זאַביצקים, וועלכע האָט, אגב, אויס־געפירט שיינע מלבושים און אַנדערע מתנות און... דאָס האָט טאַקע, לויט ווי מען גיט איבער, געראַטעוועט דאָס שטעטל.

דאָך נישט קוקנדיק אויף דעם האָט מען אים אויף טריט און שריט באַליידיקט. עס האָט אויך איינמאָל געטראָפן אַן אויסטערלישע זאַך: אַ בעל־הבית האָט אים ביז בלוט צעשלאָגן. יידן האָבן, כידוע, ווייכע הערצער און אַז זיי האָבן אים דערזען אַ צעבלוטיקטן האָבן זיי אים אָנגערעדט אָנגעבן אויף דעם שלעגער אין געריכט. איצי וואלעק האָט געפאָלגט — ער איז געגאַנגען צום „פּראָשעניע” שרייבער און יענער האָט אים אָנגעשריבן אַן אָנקלאגע אין געריכט, וואָס איז פאָרגעקומען אין עט־לעכע וואָכן אַרום, פּונקט אום שבת (דער ראַטנער שופט, אַן אַנטיסעמיט, האָט כמעט אַלע יידישע משפּטים באַשטימט אויף שבת). יידן, פריי דעם טאָג פון פּרנסה־זאָרג זיינען צוגעגאַנגען צום געריכט־הויז הערן פון איצי וואלעקס סוד (געריכט) און דאָ פּלוצלינג זעען זיי ווי איצי לויפט מיט אַ שטורעם אַרויס פון דאָרט אַ צו־

פלאַמטער, אַ פריידיקער און אויף זייער פראַגע, וואָס איז געשען? האָט ער זיי מיט גרויסער שמחה גאָר געענטפערט: „דאַנקען גאָט, איך בין אַרויס ריין"!

## די באַראַבאַנעס

ווער פון אונדזערע ראַטנער ווייסט נישט, אַז אין שטעטל האָט אַמאָל געוווינט איינע אַ רייכע פאַמיליע מיטן נאָמען באַראַבאַנעס? זייער אייגנטלעכער פאַמיליען־נאָמען איז גאָר געווען ליכט, אָבער אין יענע ווייטע יאָרן האָט מען אין שטעטל כמעט יעדן צוגעטשעפּעט אַ צונאָמעניש. די משפחה האָט געלעבט דאָרטן אין די 50ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט. זיי האָבן געשמט מיט זייער רייכקייט און אפילו געווען אין מסחר באַציאונגען מיט בריסק און וואַרשע. זיי זיינען אויך געווען גרויסע בעלי־צדקה און געטאָן אַ סך פאַר דער שטאָט און אירע אָרעמע איינוווינער. זיי זיינען געווען אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע אין שטעטל און דוקא, לויט די אַלטע לייט האָבן דערציילט, האָבן זיי געשטאַמט פון אַן אָרעמען שיכט אין אַלטן ראַטנע. דער עלטסטער פון דער פאַמיליע, איצי האָט ער געהייסן, האָט געהאַט עטלעכע זין און טעכטער, פון וועלכע יעדער איינציקער האָט געוווינט אויף אַ באַזונדער גאַס אין זיינע אַ שטוב. אַזוי האָט ער געהאַט איין גרויס הויז אויף קאָוואַלעס־גאַס. אַ צווייטע אין עק גרויסן מאַרק, וואָס ר' בן־ציון שטיינגאַרטן און ר' יעקב שאַפּירא ע"ה האָבן דאָס צולעצט אָפּגעקויפט. אויך דאָס הויז ביים שאָסיי, וואָס ר' אייזיק שטיינגאַרטן האָט די לעצטע יאָרן אָפּגעקויפט און ר' וועלוול נאָסעס הויז זיינען געווען זיינע.

די גרויסע ראַטנער שול, וואָס האָט געהאַט די לעצטע יאָרן אַ שם איבער דער וועלט מיט אירע קונסט־אַרבעטן און אָרנאַמענטן־געמעלעכצן אינעווייניק, האָבן אויך זיי, די באַראַבאַנעס, רעמאָנטירט און איבערגעבויט פון דער אַלטער שול וואָס, ווי מ'גיט איבער, איז שוין געשטאַנען אַ 200 יאָר און איז שוין געווען כמעט ווי איינגעזונקען אין דער ערד. ער, איצי באַראַבאַן ע"ה, האָט איר אויפגעהויבן כמעט ווי אויף צוויי מעטער, האָט געמאַכט אַ פונדאַמענט פון ציגל, אָפּגעשאַלעוועט איר מיט ברעטער און אַ נייעם דאַך פון בלעך געמאַכט, אויך אַ שיינעם קינסטלערישן ארון־קודש און הענג־לייכטער מיט די שענסטע קונסט־ווערק און מאָלערייען; מיט כתר תורות פאַר דער שול און אַלע בתי־מדרשים און 50 פאָר זילבערנע לייכטער פאַר די שטיבלעך. אַ חוץ וואָס ער האָט געטאָן פאַר אָרימעלייט און אַ סך אַנדערע, וואָס פלעגן לעבן און פרנסה האָבן דורך אים. מיט איין וואָרט זיי זיינען געווען די באַראַבאַנעס זייער ווילטעטיקע און אמתע פילאַנטראָפּן. איז אָבער די צווייטע פאַרצווייגטע פאַמיליע אין ראַטנע — די איצעלעך — זיי געווען גרויסע שונאים. ווען ס'האָט אים ר' איצין, דאָס אומגליק געטראָפן און זיין פרוי איז געשטאָרבן, האָבן די שטאָט־באַלעבאַטים ביי אים געפאָדערט אַ גרויסע סומע געלט. ער האָט סיי ווי געדענקט צו געבן דער שטאָט אַ גרעסערן סכום, אָבער די זאַך פון שטרענגן פאָדערן האָט אים באַליידיקט און ערשט נאָך דריי טאָג פון לאָזן ליגן דעם בר־מנין און דינגען זיך, איז זי געקומען צו קבר ישראל. ער האָט דערפאַר אַלץ אויספאַרקויפט און איז אַרויסגעפאָרן פון דאָרט מיט דער פאַמיליע קיין בריסק און אַ טייל קיין פינסק.

## די משוגעים פון שטעטל

אַזוי ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, איז ביי אונדז אין ראַטנע אויך געווען גאַנצע צוויי משוגעים. זיי זיינען נישט געווען ראַטנער געבוירענע, נאָר אַריינגעפאָרענע פון דער פרעמד. איינער האָט געהייסן שמעון, געבוירן אין אַ נאָענט

דאָרף פּאַסטפּולע; און דעם צווייטן דאַכט זיך פון בריסק, האָט מען גערופן „האַפּטשיק לייבעלע" (יעקב לייב). דער לעצטער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער און זייער אַ אומעטיקער, האָט נישט ליב געהאַט צו רעדן און פאַרקלערט שטענדיק אין זיך. אַז חברה האָבן זיך מיט אים גערייצט און אים אַרויסגערופן, האָט ער זיך אויף זיי גע־וואָרפן מיט אַ שרעקלעכן כעס און געשריגן, אַז זיי זיינען דאָך טויטע. און איינמאָל האָט ער זיך אַריינגעריסן צו ר' שלמה יואלן דעם שוחט ע"ה אין שטוב און האָט אַרויסגעריסן פון זיינע הענט דעם גרעסטן חלף וואָס ער האָט געהאַט, אַרויסגעלאָפן אין גאַס און גערדראַט מיט אים די מענטשן, וואָס ער האָט באַגעגנט. אַ נס וואָס איי־נער אַ שטאַרקער מענטש איז אים פאַרלאָפן הינטן אַרום און אַרויסגעריסן דעם חלף פון זיינע הענט. ער האָט דאַן אַריינגעוואָרפן די שטאָט-מענטשן אין אַזאַ שרעק, אַז אַלע קינדער האָבן פאַר אים געציטערט, ווי נאָר זיי האָבן אים פון דערווייטן געזען.

דערפאַר איז דער צווייטער, שמעון, געווען אַ פריילעכער און אַ גוטער צו קינ־דער. אַז מ'האָט אים שוין שטאַרק צערייצט, האָט ער זיינע הענט פאַר כעס געריסן, אָבער קיינעם נישט אָנגערירט. ער איז געווען אַ פרומער, פלעגט דאַוונען יעדן טאָג און באַזונדער האָט ער אָפּגעהיט דעם יאָרצייט פון זיינע עלטערן. אָפּטמאָל פלעגט ער זיך צעווויינען ביים קדיש-זאָגן און אַמאָל אַפילו ביים דאַוונען. צו קיין חתונה פלעגט ער קיינמאָל נישט קומען. דערפאַר אַז ער האָט זיך דערוווסט וועגן אַ גע־שטאָרבענעם איז ער געווען דער ערשטער צו קומען און נאָכהער גיין און צו וויסן געבן אַלע שטאָט-מענטשן וועגן דעם. ער פלעג אויך גערן נעכטיקן אַ נאַכט ביי אַ בר־מינן. און איינמאָל, ווען ער האָט אַזוי גענעכטיקט און געהיט אַ פרוי אַ בר־מינן, וואָס אין לעבן האָט זי שוין קיין פאַרוק נישט געטראָגן ווי אַנדערע פרויען אין יענע צייטן, האָט ער אויפגעהויבן אויף איר זיין שטעקן, גערייצט זיך מיט איר און איר געזאָגט, אַז דאָס איז איר געקומען, ווייל זי איז געגאַנגען מיט אירע אייגענע האָר...

ער האָט גערעדט אַ גוטן רוסיש און פלעגט נישט איינמאָל זידלען דעם אוראַד־ניק אָדער דעם פּריסטאַוו פאַר זייער שלעכטס טאָן די יידן אין שטעטל. זיי האָבן אים אויסגעהערט, זיך אויסגעשמועסט מיט אים און געלאַכט. ער פלעג זיך אַמאָל אַראָפּ־כאַפּן אין זיין געבוירן־דאָרף — פּאַסטופּולע, פלעג מיט די גויים עסן אָבער קיין טריפס נישט געוואָלט עסן. ער פלעג אין שטעטל אויך צוהעלפן די קצבים, ער פלעג זיי טראָגן די פעל און זאַלצן זיי; אַז ער האָט זיך געשווירן, האָט ער שטענדיק גע־זאָגט: אַזוי פיל מאות אויף מיר מיט ישראל ליפען צוזאַמען". ר' ישראל ליפע ע"ה איז געווען אַ פרומער ייד, אַ למדן און אויך דער בעל טאַקסע פון שטאָט. אין יאָר 1924 איז ער געשטאָרבן, אַלט זייענדיק 60 יאָר און האָט געהאַט אַזאַ לוויה פונקט ווי דער רב. אַפילו קינדער האָבן אים אַרויסבאַגלייט צו זיין אייביקער רו און געבעטן מחילה.

## יחוס אויפן בית הקברות

ווי איצט וואָלט דאָס זיין — געדענק איך נאָך דעם טאָג, ווען ר' יוסף לייבעלע דער דיין, דער אמתער צדיק און גייסטיקער פּאַסטעך פון זיין עדה, איז נפטר גע־וואָרן. ווי גרויס און קליין, מענער און פרויען האָבן געוויינט, אַרויסבאַגלייטנדיק אים צו זיין אייביקער רו אויף דעם נייעם הייליקן אָרט, וואָס האָט זיך געפינען דריי קי־לאָמעטער פון שטאָט און געטראָגן דעם נאָמען „זאַאַטיע". מ'האָט אים, ר' יוסף ליי־בעלע דיין ז"ל געלייגט נעבן זיין גרויסן טאַטן ר' יענקעלע ז"ל. די שטאָט האָט באַלד אויף זיין קבר אַרויפגעשטעלט אַן אוהל, דאָס זעלבע ווי אויף זיין פאַטערס קבר. אַרום די אַ שטיבלעך האָט מען תמיד מקבר געווען די שיינע יידן. צי די שיינע יידן

זיינען טאקע געווען אינערלעך און מאראליש שיין — ווער ווייסט. ס'איז אבער גענוג געווען אז א ייד זאל אין זיין לעבן האבן שיין פרנסה אדער א שטיקל גביר זיין און אויך האבן א פארצווייגטע פאמיליע ובפרט נאך אז ער האט געקענט אביסל אין די קליינינקע אותיותלעך — אז ער זאל ביי זיך זיין א תקיף און מענטשן זאלן זיך רעכענען מיט זיינע מיינונגען און נאכן טויט זאל מען אים באגראבן נעבן דעם אוהל..

אנדערש איז אבער געווען ווען אן ארימער עלנדער מענטש איז געשטארבן, פאר אים האט מען שוין געהאט א צווייט־ראנגיקן אדער א דריט־ראנגיקן פלאץ, אויב מ'מעג זיך אזוי אויסדריקן. אזעלכער איז אויך געווען מיין זיידע נח ע"ה, א ייד א פשוטער, א ערלעכער, א עמך ווי מ'זאגט, און אויך א עלנדער. דער איינציקער ברודער זיינער האט אלס א קאנטאניסט, געוווינט אין קיעוו. איין זון, מיין טאטע ע"ה, האט געוווינט מיט אים אין שטעטל. די איבעריקע צוויי זין, יידן למדנים, האבן געוווינט אין קאוולע. און פונקט דאן ווען מיין זיידע נח ע"ה איז געשטארבן, האט זיך געשאפן, צוליב געוויסע סיבות, א צווייטע חברה קדישא און זיי האבן מיין זיידן מקבר געווען נאענט פונעם רבס אוהל. אין שטעטל האט מען שטילערהייט געמורמלט אויף דעם, ווייל ווי קומט מען עפעס לייגן אזא יידן דארטן, אבער מיר האבן דערפון גארנישט געוווסט.

מאכט זיך איינמאל און איינער פון די „שיינע" יידן שטארבט אפ און איך, נאך דאן גאר א יונג יינגל, פאר אויפן הייליקן ארט אין פארטרעטערשאפט פון מיין טאטן ע"ה, וואס ער אלס חברה־מאן, איז דאן שטארק פארנומען געווען און נישט געקאנט פארן. ס'איז געווען דאן א שטארקער פראסט און איך בין געווען גוט איינגעפעלצט און ארומגעוויקלט ביז איבער די אויערן. די יידן, וועלכע האבן געזוכט א שיין ארט פאר דעם חשובן בר־מינן און נישט געפונען, ווייל ארום אוהל זיינען שוין אלע פלעצער געווען פארנומען פון אנדערע שיינע יידן, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען מיין זיידע ע"ה, האבן געמיינט אז איך הער נישט און האבן גערעדט צווישן זיך: „השגה פון „שעווצע קרעווצע" (שניידער, שוסטער), נעמען און גאר לייגן אזא מענטשן ווי נח נעבן דעם רב, און יעצט ווען מיר האבן אזא שיינעם מת, האבן מיר קיין פלאץ נישט פאר אים." איינער פון די מלווים האט דאן אויסגעשריגן: „אט איז דא א שטיק פוסט פעלד, לאמיר מאכן א שורה פון שיינע באלעבאטים".

ווען איך איינער פון די געראטעוועטע האלעוועשקעס און לעבעדיקע עדות, בין געקומען אין יאר 1944 אין מיין חרובער און פון יידן ליידיקער שטאט, וואס איז געלעגן אין בערג אש, — איז מיין ערשטע אויפגאבע און הייליקער חוב געווען גיין זען דעם גרויסן ברידער־קבר פון אונדזערע קדושים. נאכהער בין איך אוועק אויף „זאאטיע" צו די אלע קברים, ווו אונדזערע זיידעס און אלע וואס זיינען געשטארב מיט זייער נאטירלעכן טויט ליגן. איך האב אבער פאר קיין פאל נישט געקענט אונ טערשיידן און דערקענען ווו ס'ליגן די שיינע יידן און ווו די מיאוסע. דער שרעקלעכער און גרויזאמער נאציזם האט אלץ חרוב געמאכט און אומגעבראכט, אויסגעמישפ אלץ אינאיינעם. איך גלויב, אז די יידן האבן געהאט א אמתן מוסר השכל פון ד געשעענישן, אז אזוי גוט ווי פארן שונא דארפן מיר צווישן זיך אלע גלייך זיין, א שום העכערע און נידעריקע, שיינע און מיאוסע.

**י. בן־צבי**

# צונעמענישן אין שטעטל

ווי אין אַלע יידישע קליינע שטעטלעך האָט מען אויך אין ראַטנע די מענטשן נישט גערופן ביי די פאַמיליע־נעמען, נאָר אויף די נעמען פון זייערע עלטערן, אורעלטערן און שווער און שוויגער. בעלי־מלאכות ווידער האָט מען על פי רוב צו זייערע נעמען צוגעגעבן זייערע פאכן — שוסטער, שניידער א. א. ס'זיינען אָבער געווען אַ סך מענטשן, וואָס מ'האָט זיי באַצייכנט מיט פאַרשיידענע צונעמענישן, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט געוויסע געשעענישן אין זייער לעבן.

איך וועל דאָ פרווון איבערגעבן די אַלע צונעמענישן, וואָס זיינען באַקאַנט געווען אין שטעטל מיט די כאַראַקטעריסטיקעס וואָס זיינען מיט זיי פאַרבונדן.

ר' **הירשל קאַדעלעס** — געלעבט האָט ער אין דער ערשטער העלפט פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט און געוווינט אויף דער מיל־גאַס וואָס ביים „פריפיעט". געווען איז ער אַ מטופל מיט אַ גרויסער פאַמיליע און געלעבט אין גרויס דחקות. פאַרוואָס מ'האָט אים דעם צונאָמען געגעבן איז נישט באַקאַנט. איך ווייס אָבער, אַז דער צונאָמען איז אין שטעטל געווען א מין סינאָנים פון אָרעמקייט, פון עקאָנאָמישער ירידה און ווען איינער האָט אַ שטייגער פאַרשפילט געלט אין קאָרטן האָט מען אים אין שפּאָס געשיקט צו קאַדעלען...

כדאי דאָ צו פאַרצייכענען די לעגענדעס, וואָס זיינען אין שטעטל אומגעגאַנגען וועגן דעם ר' הירשל קאַדעלעס, דער זיידע פון דער פאַמיליע קאַרש (זיינע אייניקלעך לעבן אין נאָרד־אַמעריקע).

אַלטע לייט האָבן דערציילט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער גבור: ווען דער קייזער ניקאָלאַי דער ערשטער, איז אַמאָל געקומען קיין ראַטנע און איז געפאָרן אין זיין קייזערלעכער קאַרעטע, געשפּאַנט מיט זעקס פערד איבערן מאַרק, האָט זי הירש קאַדעלעס אָפּגעשטעלט ביי די אונטערשטע רעדער. דער קייזער האָט אים צוגערופן און געפרעגט וואָס ער וויל. ער האָט אים איבערגעגעבן אַ בקשה פונעם שטעטל. אַ צווייטע לעגענדע דערציילט, אַז פאַרן טויט האָט ער געגעבן אַ שפּיי אין פענצטער מיט אַזאַ כוח, אַז ער האָט אַזש אַ שויב צעבראָכן.

ר' **שמואלי קוציק** — זיין אמתער פאַמיליען־נאָמען געדענק איך נישט. ער איז געווען אַ נידעריקער און אַ דאַרער מיט אַ שפּיציק, קלין - מעסיק'בערדל, אַ יידל אַ „זשוואַוועער" און אַ פריילעכער מיט ווייץ און ווערטל. דער באַדייט פון קוציק אין רוסיש איז קליינער. ער איז געווען פון פאַך אַ טעסלער און האָט געאַרבעט ביזן טיפן עלטער. ער האָט געקענט אַביסל אין די קליינע אותיותלעך. ער פלעגט שטענדיק אָפּלאַכן פון די „וויסטאַקראַטן" און אַפּיקורסים. ווען ער איז אַמאָל געווען אויף אַרבעט אין קאָוולע ביי איינער אַ רייכער פרוי חוה - לאה, אַ געוועזענע ראַטנערן און זי האָט אים באַקאַנט מיטן חתן פון איר יונגער טאָכטער, אַ יונגערמאַן אַ גלוח, אָנגעטאָן אין אַ שליאַפּע — האָט ער זי געפרעגט וויפל נדן זי גיט אים? ווען ער האָט דערהערט די גרויסע סומע פון צען טויזנט רובל האָט ר' שמואלי איר געזאָגט, אַז זי וואָלט פאַר דעם געלט געקענט קויפן... אַ גאַנץ דאָרף מיט גוים...

**ר׳ אליעזר מאַזש** — ער האָט געהאט אין מאַרק אַ קרעמל און האָט ארקויפט די פויערים סמאָלע צו די וועגענער. געווען איז ער אַ הויכער, אַ דיקער זיט אַ געדיכטער געלער באָרד און שטענדיק אַ פריילעכער און אַ ווערטל־זאָגער. די ידן אין מצרים, — האָט ער געזאָגט — האָבן נישט געטראָגן קיין בערד, ווייל עס טייט דאָך אין חומש: „ובגושן לא היה ברד (באַרד)״. די גלוחים, וואָס גאָלן די בערד ייערע, האָבן זיך גענומען אַן היתר פונעם דאַוונען: „וגילו (גאָלן) ברעדה״ (באַראדאָ).

**ר׳ אברהם קרבּן פסח** — זיין פאַמיליען־נאָמען איז געווען רידער. עווען אַ סטעפּענער חסיד און געהאנדלט אין די דערפער. זיינע צוויי זין ר׳ יעקב שמואל און משה׳קע זיינען גוט געווען באַקאנט אין שטעטל. דער ערשטער איז געווען אַ קליינהענדלער, אַ יודע ספר, דער בעל־קורא און בעל־תפילה אין סטעפּאנער שטיבל. און דער צווייטער — אַ גרויסער אקסן סוחר. דעם צונאָמעניש האָט ער גע־קריגן צוליב אַ מעשה שהיה: איינמאָל אין אַ פאַר־פסח האָט ר׳ אברהם פון אַ דאָרף גע־טראָגן אויף די פּלייצעס אַ סקאָפּ (אַ שאָף), ווען אַ ייד, וואָס האָט אים באַגעגנט האָט זים געפרעגט, וואָס ער טראָגט, האָט ער אין שפּאָס געענטפערט — אַ קרבן פּסח. ער רב פון שטעטל, געוויר־ווערנדיק וועגן דעם האָט געפּסקנט, אַז מ׳טאָר נישט הנאה האָבן פון דעם סקאָפּ און ער דאַרף אים אָפּלאָזן אויף הפקר ביז וואַנען ער וועט גרי

**ר׳ בערל פּלאָג** — זיין פאַמיליען־נאָמען איז געווען לאַרבער און איז גע־ווען אַן אָקסן־סוחר. ער איז אָבער געווען אַ ייד אַן עקשן און האַרטע נאַטור. ער פלעגט שטענדיק מיט זיך מיטטראָגן זיין אָקסנהענדלערישן שטעקן, מיט וועלכן ער פלעג דראָען ביים צעקריגן זיך מיט עמיצן.

**ר׳ מאָטיע בעבניק** — ער איז געווען דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ בערלס אַ שותף. אַ ייד דוקא אַ שטילער און וווילער. ער פלעג אָבער ריידן זייער גיך און נים ייטלעך און מ׳האָט אים אַמאָל נישט פאַרשטאַנען. אינטערעסאַנט איז, וואָס ער האָט מיט זיין ערשטער ווייב קיין קינדער נישט געהאט און ווען זי איז געשטאָרבן און ער האָט, אַלט זייענדיק אַ 70 יאָר, חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער פרוי האָט זי אים געבוירן אַ בן־זכר.

**ר׳ הירשל פּאַטשקער** — געווען אַ ייד אַ לַמדן און אַ חסיד. אין זיינע שמועסן האָט ער שטענדיק אַריינגעפלאָכטן מאמרי חז״ל. ער האָט געוווּסט צו דער־ציילן מעשיות און ספורי נפלאות פון די צדיקים, באַזונדער פון דעם נעסכיזשער רבין ז״ל. אין זיינע שמועסן האָט ער קיינעם נישט צוגעלאָזט צום וואָרט. אין די יונגע יאָרן געווען אַ מולער און שפּעטער אַ מלמד פון גמרא.

**ר׳ חיים „טיוטקע״** — (הינדל) אָדער מאַנילעס. געווען איז ער אַ טרים־קער חסיד און גרויסער פרומער ייד. האָט געהאַט אַ קראָם פון סאָדע וואסער אין סאַמע צענטער פון מארק. מ׳האָט אויך צו יעדער צייט ביי אים געקריגן אַ געבראָטענע הון אָדער גאנדז און ביר, ווען געוויסע יונגעלייט האָבן געוואָלט מאכן ביי אים אין אַ חדר מיוחד אַ קערמעשל. ער פלעגט שטענדיק קרעכצן און אויקען אויף גלות השכינה און אויף דער הפקרות פון דער יוגנט רח״ל.

**ר׳ משה בעלאבע** — אַ ייד אַ האָרעפּאשניק, אַ הויכער, אַ גברן, ממש אַ דעמב. געווען אַ טראַטש — צעזעגט די גרעסטע קלעצער אויף ברעטער אין די וועלדער, אָדער אין שטעטל. נישט באַוווּסט איז די באַדייטונג פון דעם צונאָמעניש. אין דער ערשטער וועלט מלחמה האָבן אים די רוסישע פאַרנומען צוליב דעם, וואָס אים האָט זיך פאַרגלוסט אַ קוק טאָן אויף די אַקאָפּעס. מען האָט אים פאַרשיקט ערגעץ־ווו.

**ד י  ט ש ו מ אַ ק ע ס** — אַזאַ פאַמיליע האָט געלעבט אין ראַטנע. דער באַדייט פון דעם צונאָמעניש איז נישט באַוווּסט. זייערס אַ זיידע, האָט מען דערציילט, איז געווען אַ „פּאַימעניק" אין ראַטנע אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן — ער פלעגט כאַפּן יידישע קליינע 6־7 יאָריקע קינדער, זיי איבערגעבן צו מלכות, וועלכע פלעגט זיי צונעמען צו 25 יאָר מיליטער דינסט און אָפּט זיי אָפּשמדן

**ח יי ם  י ו ס ל  פּ אָ נ ג** — וואַסער־טרעגער. אַ מאָדנער טיפּ געווען. אַ הויכער מיט וואַסערדיקע אויגן און געלער באָרד און מיט אַ גרילצנדיקער וויינענדיקער שטים. שטענדיק די פּאָלעס פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע פאַרשטעקט אין דעם גאַרטל. געווען שטענדיק אַן אומצופרידענער און געקריגט זיך מיט די בעל־הביתטעס און געוויינט אויף זיין ווייב און קינדער. דער טייך איז געווען זיינער און פלעגט קיין פרעמדן אַהין נישט צולאָזן. געווען איז ער זייער אַ הייסער מאַן און פאָטער צו זיין פאַמיליע און פלעגט זיי עטלעכע מאָל אין טאָג צוברענגען פון די גוטע זאַכן, וואָס די בעל־הביתטעס האָבן אים געגעבן. זיינע קינדער האָט ער קיינמאָל פון שטוב נישט אַרויסגעלאָזט און זיין קראַנק ייִנגל מיטן גרויסן קאָפּ האָט ער אַליין געלערנט דאַוונען. אין ראש־השנה און יום כפור האָט ער אַלע יידן אין דער גרויסער שיל איבערגעשריגן מיט זיינע געוויינען.

**מ נ ח ם  ט ר אָ ד ק ע**  (א מלמד) — פאַרוואָס מ'האָט אים אַזוי גערופן איז ניט באַקאַנט. ער איז געווען אַ מלמד פון טראַף (אָנפאַנג לייענען), דאַווענען און אָנפאַנגס חומש. ייִנגלעך זיינען נישט גערן געגאַנגען צו אים אין חדר, צוליב זיין שמייסן. ביי אים האָבן זיך די תלמידים אַליין געמוזט במחילה אַראָפּציען די תחתונימלעך און אַליין זיך לייגן אויף דער שמייס־באַנק... ער פלעגט פון צייט צו צייט אויסקלייבן פון צווישן די תלמידים אַרויסהעלפער, אָדער, ווי ער האָט זיי גערופן, סטאַראָסטעס, וועלכע פלעגן אין אַ ביכעלע פאַרשרייבן דאָס התנהגות פון די קינדער בעת ער איז ערגעץ־ווו אַרויסגעגאַנגען.

**ר' י ש ע י ה  ד א נ צ ק ע ר** — אַן אַלטער ייד, אַ נידעריקער און אַ דיקער, מיט געשוואָלענע זעקלעך אונטער די אויגן, כמעט אַ סגי נהור, שטענדיק געזעסן אונטער דעם ביהמ"ד אויוון מיט אַ שטעקן אין די הענט און געזאָגט אויף אויסנווייניק תהילים. אַן עלנטער, אַליין אויף דער וועלט, האָט ער געוווינט אין אַ צימערל אין זיין געוועזענער שטוב נעבן ביהמ"ד. מ'האָט געזאָגט, אַז ער האָט ערגעץ אַ זון און אַז ער איז אַמאָל געווען אַ גרויסער סוחר. די ביהמ"ד ייִנגלעך, וואָס פלעגן זיצן און לערנען, האָבן ליב געהאַט מיט אים זיך אַמאָל א רייץ צו־טאָן: פּאַטשן מיט די הענט און קנאַקן מיט די צינגער. ער האָט זיך דאַן אויף זיי געלאָזט מיט זיין שטעקן און זיי געשלאָגן.

**ר' ח יי ם  י ו ס ל  ד ע ר  נ יי נ ע ר** — אַ ייד אַ הלוש, אַ גייער אין די דערפער, וואָס האָט פאַרמאָגט ס"ה 9 פינגער אין ביידע הענט. אַז ער פלעגט קומען אין ביהמ"ד און ס'האָט אויסגעפעלט עטלעכע מענטשן צו אַ מנין האָט מען אין אַ שפּאַס געזאָגט, אַז מען מעג שוין דאַוונען, ווייל חיים יאָסל באַשטייט דאָך פאַר ניין...

**ר' א ש ר  ג א ל י ו א ט ש** — דאָס גאַנצע געזינדל זיינס איז געווען אַ טשיקאַווע. ר' אשר, אַ הויכער און א דאַרער און זיין זון מיט אַ שטענדיק לאַכנדיק פּנים און אַביסל צעקרומטע אויגן זיינען געווען גייער איבער די דערפער. געווען איז ביי זיי אין שטוב איינגעפירט אַזאַ אָרדענונג: פרייטיק באַגינען, ווען מ'האָט דאָס ברויט און חלה אַרויסגענומען אָפּגעבאַקן פון אויוון, האָט מען דאָס צעטיילט צווישן די פאַמיליע - מיטגלידער און יעדער איינער האָט זיין חלק געהאַט אויף אַ גאַנצער וואָך־

**ר׳ משה דוד „שמע קולני״** — אַ מיידלשער מלמד געווען און אַ שטיקל טשודאַק. ער האָט גערעדט זייער שטיל, מיט אַ נידעריק קול.

**ר׳ מאָטל קראָפּ** — אַ דרדקי מלמד געווען, אַ הויכער און אַ פעסטער. און געווען איז ער אַ סאָלדאַט ביי פּאַניען. זייער אַ ווילער און שטילער ייד, אַ טריסקער חסיד.

**ר׳ נחום מלמד דער גאָנער** — דעם נאָמען האָבן אים זיינע תלמי־דים געגעבן, צוליב זיין הויכן האלדז.

אַ חוץ די אויבן־אויסגערעכנטע צונעמענישן וועל איך דאָ צוגעבן נאָך אַנדערע אָן שום באַמערקונגען:

מאָטל טשערקאַס — אַ שינדל מאַכער; אהרן סיראָטשקע, די חודשלעך, פּאַרשטע־רעניש; פּיניע פויגעל. די מגידימלעך, די איצעליך. די באָרישוקעס; ר׳ הירשל ציפּוק, יאָסל סטוק, דבורה כהן גדולם, ר׳ בערעלע סיסקעלע, ר׳ משה לייב קאָקטיק, די קאַ־צעמונייעס; טשוטשעכע, די אַנצעליוקעס, דער צימעס, דער טשעך, ר׳ היים זשיק (צוליב זיין טונקל פּנים און שווארצע האָר); ר׳ יעקב לייב שאָבעס, בעזדער, ביבעלעס, יוסל דער בעל־השם, שוואַבעכע, אפרים סליוזקע, הירשל בענדעק, אייזיק מכשפה, די מילפּע א. א. א.



ר׳ מיכל קעמפער
אַ חשובער תושב אין שטאָט פון דער
באַוווּסטער פאַמיליע קעמפער.



ר׳ מאיר שמואל מארדער
כמעט אַ גאַנצע תקופה געווען יידישער „סטאַראָסטאַ“
אין ראָטנע.



ר׳ יחיאל וואלקאמיר־סקי
איינער פון די חשובי העיר
און אַלטע תושבים.

י. קאַנישטער

# מיר פֿאָרן זען יונה ראָזענפעלד

ס׳איז זומער־לעב אויף גאָטס וועלט און דאָס שטענדיק אומעטיקע שטעטעלע זעט אויס יום־טובדיק. די ליכטיקע זון פון די בלויע הויכע הימלען פאַרפלייצט מיט אַ שפע ליכט אַלץ ארום און דערגרייכט די ווייטסטע ווינקלען און שפּאַרינעס. אַפילו די משופּעדיקע שינדל־דעכער מיט די שטיקלעך גלאָז אויף זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין אוצרות פון גלאַנציקן גינגאָלד און שעמערירנדיקע בריליאַנטן.

ס׳איז סתם איצט יום־טוב אין שטעטל און ס׳איז שטיל ווי אין „רייוועץ״, קיין איין פורל פון די אַרומיקע דערפער קומט נישט אַריין. ס׳איז פונקט די אַרבעט־צייט אויף די פעלדער. די אַרבעט ברענט דאָרט און די פויערים זיינען שטאַרק פאַרנומען. דערפאַר איז אין שטעטל שאַ־שטיל און אַלץ רוט, און אַלץ איז איינגעדרימלט אויף זיין אָרט. אַפילו דער שטויב אין די גאַסן ליגט זיך רואיק און אומגעשטערט. נאָר דאָ־דאָרט ליגט זיך צעלייגט אַ הון מיט די צעשפּרייטע פליגל מיט צעשויבערטע פעדערן און מיט אַ שאַרלאַך־רויט קעפּל. זי צעשאַרט פון צייט צו צייט די ערד אַרום זיך און הייבט אויף אַ קליין וואָלקנדל שטויב.

זיצן זיך די קרעמער אין אַזאַ צייט נעבן די טירן פון זייערע קראָמען, ווער עס קוקט אַריין אין אַ צייטונג, אָדער ביכל און ווער ס׳דרימלט געשמאַק. אַנדערע ווידער שטייען אין רעדלעך פאַר זייערע געוועלבער און אַמפּערן זיך וועגן די שטאָט־ענינים. דאָס זעלבע טוען סתם יידן בטלנים, וואָס זיצן אויסגעזעצט אויף די בריקלעך און שרייען און קריגן זיך; דער דיינים־מחלוקת, וואָס שוין עטלעכע יאָר ווי ער גייט דאָ אָן, איז נאָך אַלץ די אַנגעזויטיקטע טעמע אין שטעטל. די חסידים פונעם „בעל דרשער״ (ר׳ שלמה טוביה פרידלענדער) וואַרפן פאָר דעם צווייטן צד, די „ראַשקע״ (דער פוילישער דין שור, וואָס האָט געטראָגן אַ שטריימל) אַז דער גט, וואָס דער לעצטער האָט דורכגעפירט צווישן אַ פאַרפאָלק און זיי צעשיידט, איז געווען אַ פּסולער. יענע ווידער זאָגן, אַז דער אָקס, וואָס דער „בעל דרשער״ האָט כשר געמאַכט איז געווען טריפה. גייט דאָס שטעטל שטענדיק אויף רעדלעך, מ׳קריגט זיך און מ׳זידלט איינער דעם צווייטן.

אויף אַ צווייט בריקל זיצן זיך די בעלי־עגלות, די „חודשלעך״ און די „אַלפּערלעך״ און, שוין זייענדיק אַביסל מיד פון רעדן וועגן פערד, האָבער און „יאַזדעס״, נעמען זיי זיך צו „אַניומינען״ (בנימין) וואַסערטרעגער און רייצן זיך אַביסל מיט אים. זיין פערד, זאָגן זיי אים, טויג נישט און אַפילו זיין ווייב, וואָס ער האָט אָקאָרשט געבראַכט פון קאָוולע, טויג אויך נישט. ער, בנימין, אַ הויכער, אַ מגושמדיקער, אַ לאָקש, ווי מ׳רופט אים, שטענדיק אין שטיוול מיט אַ שטריק אונטערגעבונדן די לענדן און מיט אַ בייטש אין האַנט, פאַרגלאָצט די אויגן אין דער הויך, צעשמייכלט זיך מיטן גאַנצן ברייטן מויל פון איין ווינקל ביזן צווייטן און זאָגט זיי, אַז אַפילו פאַר טויזנט רובל וועט ער זיי דאָס פערד נישט אָפּגעבן. זיין ווייב ווידער געפעלט אים אויך זייער און אויף להכעיס זיי וועט ער שטענדיק שוין חתונה האָבן פון קאָוולע.

איך מיט מיין חבר ב. העלד (איינער פון די קדושים) נעמען אונדזערע ביכער און לאָזן זיך אַוועק אויף יענער זייט „קלאַדקעס״, צו דער גרויסער גרינער לאָנקע,



אַניומען (בנימין) דער וואַסער־טרעגער,
דער שטאָט־נאַר.

צום גן־עדן ווינקעלע, אונטער דעם גרויסן צעצווייגטן בוים. אין אַזעלכע שיינע טעג איז דאָרט אַ פאַרגעניגן צו זיצן אונטערן בוים לייענען און גלייכצייטיק זיך צוהערן צו די מעשי בראשית־סודות, וואָס וועבן זיך אַרום...

בפרט נאָך, אַז מיר האָבן מיט זיך אַ ניי ביכל פון אַ נייעם אויפגייענדיקן שטערן אין דער יידישער ליטעראַטור — יונה ראָזענפעלד. מ׳זאָגט אויף אים, אַז דאָס וואַקסט אַ גרויסער טאַלאַנט. אַליין שטאַמט ער פון אַ קליין שטעטעלע נעבן קאָוולע. אין קאָוולע האָט ער געארבעט ביי טאָקערײ. און אַנטדעקט האָט אים, ווי מ׳האָט דאַן גע־שמועסט, נישט קיין אַנדערער, ווי אונדזער נאַציאָנאַלער דיכטער ח. נ. ביאַליק דורך אַן אויסטערלישן צופאַל. ביי ביאַליקן אין הויז איז געווען אַ דינסטמיידל, וואָס האָט געהאַט אַ חתן. י. ראָזענפעלדס אַ באַקאַנטן, אויך אַ טאָקער פון פאַך. דער חתן איז נישט געווען קיין „גראַמאָטנער". האָט אים דערפאַר י. ראָזענפעלד געשריבן די בריוו צו דער כלה אין אדעס. אויך די כלה איז געווען אַן אַלפאַבעטן און געשריבן ענטפער אויף די בריוו האָט איר דער באַלעבאָס ח. נ. ביאַליק בעצמו ובכבודו. דער דיכטער ח. נ. ביאַליק האָט באַמערקט אין די בריוו צו דער כלה פונקען פון טאַלאַנט, האָט ער דעם שרייבער פון די בריוו אַרויסגערופן צו זיך און, געבנדיק אים „סמיכה", געהייסן שרייבן. דערפאַר טאַקע איז די ערשטע זאַך וואָס י. ראָזענפעלד האָט אָנגעשריבן, געווידמעט ביאַליקן.

מיר האָבן געלייענט זיינע דערציילונגען, אַזוי זיצנדיק אין דעם פאַרכישופטן ווינקעלע, און זיינען ממש אַנטציקט געוואָרן. אַזוי אַריינדרינגען אין די מענטשלעכע הערצער און נשמות און אַרויסדראַפּען פון דאָרט ווי ערגעץ אַ געפיל און געהיימע מחשבה, דאַרף מען פאַרמאָגן אַ קווינט־נשמה און געפיל מערער ווי אַ געוויינלעכער בשר ודם... מיר זיינען געווען אַזוי פאַרכאַפּט פון לייענען אים, אַז מיר האָבן אַפילו נישט געפילט ווי אַ שטילער סאַמעטענער אָוונט איז צוגעפאַלן.

מיר זיינען אַהיימגעגאַנגען און רעדנדיק וועגן דעם געלייענטן, האָבן מיר באַ־שלאָסן צו פאָרן קיין קאָוולע, כדי אים צו זען און זיך צו באַקענען מיט אים. ס׳איז אַוודאי אין יענע צייטן נאָך געווען שווער אַזאַ נסיעה פון ראַטנע קיין קאָוולע. מ׳איז נאָך דאַן געפאָרן אין די גרויסע, שווערע „בריקעס", איבערגעדעקטע איבער אייזערנע רייפן מיט גרויסע פלאַכטעס. דאָס פאָרן אַהין האָט גענומען אַ 12-13 שעה. די בריקעס זיינען געווען פול אָנגעלאָדן מיט סחורות און די פּאַסאַזשירן, זיצנדיק אויף

די האַרטע קעסטלעך און זעקלעך, האָבן זיך געטרייסלט אַ גאַנצע נאַכט. מיר זיינען אָבער דאַן געווען מיט די יונגע, הייסע פאַנטאַזיעס בבחינת חסידים, וואָס פאָרן צום רבין זאָל לעבן, טאָ ווער קוקט עס אויף אַזעלכע שוועריקייטן?

אין איינעם אָן אָוונט רופט אונדז מאירקע דער געלער צום שאָסיי צו. דאָס שטענדיק שטילע שטעטל רודערט דאַן אַביסל. ס׳פאָרן אויך אַרויס אַנדערע בעלי־עגלות. ס׳הערן זיך אין דער פינצטער זייערע געשרייען. זיי רופן אַרויס די פּאַסאַזשירן צום פאָרן. זיי לאָדן אָן סחורות — קעסטלעך אייער, פעקלעך פעל אא״וו. זיי בוואַשטשען מיט די בייטשן און הוקען אויף די פערד און שעלטן זיי מיט טויטע קללות. און ווייט־ווייט אין דעם וועלדל, וואָס אונטער דער שטאָט, הילכן אָפּ אָט די אַלע קולות אין אַ פאַרצויגענעם, פאַרטיזבטן עכאָ, ווי עמעצער וואָלט דאָרטן זיי נאָכמאַכן און איבערקרימען...

אין דער בריקע איז ענג און ס׳הערשט דאָרט אַ געדיכטע פינצטערניש. מ׳זעט טאַקע נישט קיינעם, אָבער מ׳פילט אַן אָטעם פון לעבעדיקע מענטשן, וואָס זיצן ווי געפרעסטע. מ׳הערט צומאָל אַ געשריי און פראָטעסט פון איינעם, וואָס מ׳האָט אים מסתמא אָנגעטראָטן אויף אַ הינער־אויג אָדער אַזוי אים אָנגעריבן די זייטן. מערער פון אַלע גוואַלדעווען די ווייבער. מאירקע אָבער, וואָס טיילט זיך אויס מיט זיין הויכער און ברייטער פיגור אין דער טונקעלער שיין פון די הימל־שטערן, זיצנדיק אויף דער קעלניע, — פאַרשרייט זיי אַלע מיט זיין וויאָקען אויף די פערד. ער גיט זיי צו גוטע עטלעכע בייטשן און טרייבט זיי שנעל, ווייל ער וויל וואָס פריער איבערפאָרן דאָס יידישע הייליקע אָרט, וואָס געפינט זיך עטלעכע קילאָמעטער אונטער דער שטאָט. ער וויל עס נישט האָבן איצט דאָס טרויעריקע מקום... אַבי נאָר ער פאָרט דאָס איבער, לאָזט ער די פערדלעך גיין ברויט ביי טריט, שלעפּט אַרויס פונעם בוזעם אַ פלעשל י״ש, מאַכט אַ גוטן לחיים און פאַרבייסט מיט שטיקער לעקאַך, וואָס ער נעמט שטענדיק מיט זיך מיט פאַר צידה לדרך. ער פאַרגעסט נישט צו זינגען זמירות — ליבע־לידלעך פאַרשידענע. ער איז איצט נאָך דער כוסה פריילעך און זאָגט וויצן, פון וועלכע די פאַרשמאַכטע פּאַסאַזשירן לאַכן אַביסל.

לאַנג אָבער האַלט דאָס נישט אָן — מאירקע ווערט באַלד מיד און שלעפעריק,



דער נייער בית־החיים אויפן וועג קיין קאָוולע.
עס שטייט דאָרט די פרוי ערליך ע״ה.

הייבט אן דרימלען און זיין לאנגער שווערער קערפער ציט זיך אויס און מאכט זיך פלאך צווישן די אזוי אויך צונויפגעקוועטשטע פאסאזשירן. ס'ווערט א געשריי און ס'הערן זיך קללות אויף זיין אדרעס, אבער ער טוט זיך זיינס און באלד טאקע הערט זיך שוין זיין שטארקער כראפען.

די נאכט איז א שטילע, א ווונדערלעכע. פון די ביידע זייטן שאסיי טראגן זיך דופטיקע ריחות. די זשאבעס קוואקען מאנאטאן און אומאויפהערלעך. ס'הערט זיך צומאל א פארגיין זיך אין דריבנע טרעלן פון דעם סאלאוויי אין נאענטן וועלדל. עס פליט אמאל אויך אדורך א נאכט-פויגל, קלאפט זיך אן אין דער בויד און מיט אן אפגעהאקטן געשריי ווערט ער ערגעץ-ווו אין נאכט פארשוונדן... די פאסאזשירן שלאפן שוין כמעט אלע און ס'הערט זיך זייער כראפען אויף אלערליי טענער. נאר מיר ביידע קענען נישט איינשלאפן. מעגלעך, ווייל מיר זיינען נישט געוווינט צו פארן און אפשר אויך צוליב אונדזער אומגעדולדיקייט.

מיר הערן זיך איין אין דעם אטעמען און כראפען פון אונדזערע מיטרייזנדע און אויך אין דעם סודותדיקן אטעמען פונעם ארום. אמאל נאר רייסט זיך אריין אין דער נאכט-שטילקייט א פארשלאפענער וויא-געשריי פון מאירקן אויף די פערדלעך, וואס שפאנען אויך ווי פארשלאפענע. ס'הערן זיך דאן אזוי בולט און שארף די הארטע טריט פון די פערד און דאס גרילצנדע דרייען זיך פון די רעדער, די גרויסע און שווערע. דו ליגסט וואך, הערסט זיך צו און ס'דוכט אז זיי זינגען אויס אויף זייער ראד-שפראך: מיר פארן, מיר פארן צו יונה ראזענפעלד, מיר פארן צו יונה ראזענפעלד...

דער קאפ ווערט עפעס ווי מיט בליי אנגעגאסן און ס'מישן זיך אין א פלאנטער פארשידענע אפגעהאקטע געדאנקען און בילדער. אט שווימט דאכט זיך ארויס א מענטשן-געשטאלט מיט א בלאס פנים, מיט א פאר שווארצע אויגן, מיט א שווארצן קאפ האר און א פאר הארטע הענט... ער באטראכט אונדז אזוי דורכדרינגלעך, פרעגט וועמען מיר באדארפן. מיר זאגן, אז מיר זיינען געקומען זען י. ראזענפעלד. ער גיט אונדז א ברייטע האנט און זאגט: „איך בין דאך י. ראזענפעלד!" מיר פרייען זיך מיט אים און שטעלן זיך פאר אים פאר און... „זאזולע", שרייט פלוצלינג דער פארשלאפענער מאירקע אויס מיט אזא בשורה-טאן, וואס אזוי, שטעל איך מיר פאר, האט אפשר אמאל קאלאמבוס אויסגעשריגן „ערד!", ווען ער האט פון דערווייטנס דערזען יבשה.

די פאסאזשירן וועקן זיך צוביסלעך, האלב פארשלאפענע קריכן זיי ארויס פון דער בריקע, גלייכן אויס זייערע פארשטייפטע גלידער און צעקנייטשטע מלבושים. ארום איז שטיל און פינצטערלעך, אזוי ווי ס'וואלט דא גאר קיין לעבן נישט געווען. די פינקעלדיקע שטערן נאר אין הויכן בלויען הימל בלינצלען, ווי זיי וואלטן זיך איבערווינקען. און די בלאסע סערפ-לבנה קוקט ווי בגניבה ארויס פון אונטער די שפיצן ביימער אין דעם ווייטן וועלדל...

מאירקע קלאפט אן אין דעם פויערישן פענצטערל און באלד באווייזט זיך א שיין אינעווייניק. ס'עפנט זיך די טיר און די פאסאזשירן מיט די צעקנייטשטע מלבושים און פנימער זען אויס אין דער האלב-טונקלקייט פון דער פויערשער כאטע, ווי עפעס געשפענסטער פון יענער וועלט... אלע זיינען זיי באקאנטע פנימער, מענער און פרויען, סוחרים און קרעמער. זיי באווייזן זיך אלע איצט ארויס אין דער קרעטשמע — א גרויסע שטוב, מיט א ליימענעם דיל, מיט ברייטע בענק ארום די ווענט און א לאנגער טיש, ארום וועלכן זיי זיצן שוין איצט אויסגעזעצט און כאפן זיך אונטער דאס הארץ, ווער מיט א הייסער גלאז טיי און ווער מיט א גלאז מילך.

און אז מ'רוט זיך אויס אביסל, הייבט מען אן ארויפברענגען אויפן טיש די שטעטלשע פאליטיק — די רבנים-מחלוקת. ס'זיינען דא צווישן די פאסאזשירן פאר-טראטן ביידע צדדים. מ'וואַרפט זיך פאר פארשידענע חטאים. מ'דערציילט אבער

דער עיקר די געשיכטע מיט די חופה־שטאַנגען, וואָס איינער פון „בעל דרשרס" צד האָט זיי באַהאַלטן און די חתן־כלה נעבעך הונגעריקע און דורכגעפרווירענע האָבן געמוזט שטיין און וואַרטן פאַר דער שול צווישן די ווייסע חברהניקעס, וואָס האָבן געשפּאַסט און געוועלטלט זיך אויף זייער חשבון... די געמיטער האָבן זיך צוביסלעך צעהיצט און ס'וואָלט ווייט אַוועק, ווען נישט מאירקע, וואָס האָט גערופן ווייטער פאָרזעצן די נסיעה קיין קאָוולע. די זעלבע ענגשאַפּט ווי פריער אין בריקע. מאירקע, אַן אַנגעטרונקענער און זאַטער, שמייסט די פערדלעך און יאָגט זיי אונטער, און זיי, די סוסים, אויך אויסגערוטע און זאַטע, רייסן זיך מיט אַ שנעלן געלויף איבערן שאָסיי אין דער טונקעלער נאַכט אַריין..

אויפגעכאַפּט פונעם לייכטן דרימל האָבן מיר זיך באַגינען, מיט אַ לייכטן ציטער פון נישט גוט און נישט גענוג שלאָפן ביי אַ רויטער, אויפגייענדער זון אין דאָרף ביצען. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זעען מיר אַ זון־אויפגאַנג, און ווי שיין און הערלעך, ווי פּראַכטפול ס'איז דער געבורט פון טאָג!

בכלל ווי מאָלעריש שיין איז די פעלדער־פּאַנאָראַמע אין דעם דאָרף! עפּעס ווי אַ גרויסע שאַך־ברעט און פון אַלערליי קאָלירן, געל, גרין, רויט און ווייס קלעטערן די פעלדער ווי באַרג־אַרויף און מיניען זיך אין אַ פאַרבן־שפּיל אונטער די פּורפּורשטראַלן פון דער אויפגייענדער, נייער זון! מיר קוקן פאַרחידושט אויף די־אָ מעשי בראשית און מיר קאָנען נישט אָפּרייסן די אויגן פון דער פאַרכישופטער פּאַנאָראַמע, וואָס וויקלט זיך פונאַנדער פאַר אונדזערע אויגן! מיר שטעלן זיך אָפּ ביי אַ נידעריק פּויעריש הייזל. אויף דעם שפּיץ פון שטרויענעם דאַך, אויף אַ שטעקל־נעסט זיצט אַ בושעל און קנאַקט מיטן שנאָבל. ווער ווייסט, אפשר נעמט ער דאָס אונדז אויף אַזוי אויף זיין שפּראַך מיט אַ „ברוכים הבאים!"...

מאירקע נעמט אַראָפּ די בויד פון בריקע און ס'עפנט זיך פאַר אונדז אַ פרייע וועלט פון אַלע זייטן. מיר פאָרן איצט גלייך קיין קאָוולע. מיר פאָרן איצט שנעל פאַרביי גרינע וועלדלעך, פאַרזייטע גרינע פעלדער און סתם גרויסע לאָנקעס, ווו עס פּאַשען זיך פערד און בהמות. קליינע שקצימלעך היטן זיי און פייפן אויס אויף זייערע ווערבע־פייפעלעך מאָנאָטאָנע ניגונים. אָט פאָרן מיר שוין איבער די ערשטע באַןליניע, וואָס לויפט קיין קאַמיען־קאשירסק. ס'שפּירט זיך שוין דאָ דער אָטעם פון דער גרויסער שטאָט. דאָס לעבן אין שטאָט האָט זיך, קענטיק, שוין אויפגעכאַפּט. מ'באַגעגנט שוין איילנדיקע מענטשן, וואָס דאַכט זיך, אַז זיי קוקן און באַטראַכטן אונדז, געדיכט אָנגעזעצטע אין דער גרויסער בריקע, ווי עפּעס גאָטס וווּנדער. קריסטלעכע אַרבעטער, אָנגעטוענע אין זייערע אַרבעטס־קליידער, הייבן זייערע הענט און, לאַכנדיק אונדז אין די פּנימער, ציילן זיי אונדז...

דאַנקען גאָט, מיר שטייען שוין ביי דער ראַטנער סטאַנציע!

פּנחס, דער באַלעבאָס, אַ ייד אַ דאַרער מיט אַ שוואַרץ בערדל, און לייקע, זיין ווייב, אַ הויכע און דיקע באַגעגענען אונדז ווי אַלטע באַקאַנטע. דער עולם דאַוונט אָפּ אין דער גיך. מ'טרינקט אַ גלאָז „וואַרימס" און מ'בייסט עפּעס איבער און מ'לויפט אין בהלה דערליידיקן די געשעפטן. מיר איינע נאָר שטעלן זיך אָפּ אויף דער סטאַנציע. פּנחס פאַראינטערעסירט זיך מיט אונדז. ער פרעגט אונדז ווער מיר זיינען פון ראַטנע און וואָס מיר טוען דאָ אין קאָוולע. מיר זאָגן אים גלייך, אַז מיר זיינען געקומען זען דעם שרייבער יונה ראָזענפעלד. מיר בעטן אים טאַקע ער זאָל אונדז זאָגן, אויב ער ווייסט, ווו ער וווינט. אויב ער ווייסט נישט — זאָל ער אונדז אָנווייזן אויף אַ מענטשן, וואָס ווייסט דאָס. ער זאָגט אונדז, אַז דאָס ערשטע מאָל הערט ער אַזאַ נאָמען פון אַ שרייבער. אָבער ער גיט צו, אַז ער קען אונדז רעקאָמענדירן אַנדערע אַזעלכע שרייבער, זיי פעלן נישט דאָ, אין קאָוולע, אָט די ווינקל־אַדוואָקאַטן, וואָס שרייבן פּראָשעניעס.

מיר קלערן אים אויף, אַז דער שרייבער, וואָס מיר פרעגן זיך אויף אים, שרייבט נישט קיין פראָשעניעס, ער שרייבט ביכער... ,

אויב אַזוי, זאָגט ער, קען ער אים אַוודאי און אַוודאי נישט. ער עצהט אונדז, אַז מיר זאָלן דאָס אין גאַס ביי יונגע מענטשן פרעגן.

מיר האָבן קיין ברירה נישט און מיר גייען אַרויס אין גאַס. מיר לאָזן זיך גיין אויף דער לאַנגער און רווישיקער לוצקער גאַס. דער לעבנס-פולס קלאַפּט דאָ אַוודאי אַ סך שטאַרקער, ווי ביי אונדז אין שטילן שטעטל: מענטשן לויפן און יאָגן זיך הין און צוריק. די שווערע פורן מיט משא מאַכן דאָ אויפן שטיינערנעם ברוק אַ גרויסן רעש. ס'פאַרכאַפּט אונדז די ערשטע מינוטן די לעבעדיקע באַוועגונג און שטאָטישער טומל, אָבער מיר דערמאָנען זיך באַלד אין אונדזער אויפגאַבע. מיר שטעלן אָפּ אייניקע יונגע מענטשן און פרעגן זיך ביי זיי אויף דעם שרייבער י. ראָזענפעלד. צום באַדויערן אָבער ווייסט קיינער פון זיי אונדז עפּעס וואָס צו זאָגן. אַלע הייבן מיט די פּלייצעס און זאָגן, אַז זיי האָבן פון אַזעלכן קיינמאָל נישט געהערט. מיר זיינען אַפילו אַריין פרעגן אין עטלעכע געשעפטן, אָבער די אַרבעט איז אַן אומזיסטע, קיינער ווייסט נישט.

מידע פונעם גיין עטלעכע שעה אויף דעם האַרטן שטיין און אַנטוישטע אין אונדזערע אילוזיעס צו זען און באַקענען זיך מיטן שרייבער י. ראָזענפעלד, גייען מיר דאָך ווייטער און פּלאָנטערן זיך רעזיגנירטע צווישן די איילנדיקע מענטשן, וואָס, דאַכט זיך, אַז זיי קוקן מיט גאַוההדיקע בליקן אויף אונדז, ווי אויף קליינשטעטלדיקע בטלנים, וואָס גייט זיי מער נישט אָן, נאָר ווי זען עפּעס אַ שרייבערל, וואָס קיינער קען אים אַפילו נישט דאָ.

מיר זיינען פאַרביטערט. צי דען שוין, טראַכטן מיר פאַרצווייפלט, איז אין דער גרויסער מסחר-שטאָט קאָוולע נישטאָ קיין אינטערעס פאַר יידישער ליטעראַטור און קולטור, אַז ס'געפינט זיך נישט קיין איינער וואָס זאָל קענען דעם נייעם שרייבער י. ראָזענפעלד, וואָס וווינט טאַקע אין קאָוולע גופא? אמת ס'איז נאָך דאַן נישט געווען דאָרט די העברעאישע גימנאַזיע און שולע „הרצליה", וואָס האָבן שפּעטער דאָרט געהויבן דעם קולטור-ניוואָ און דעם נאַציאָנאַלן גייסט און פאַרשפּרייט דאָרט יידישן וויסן. ס'האָט נאָר דאַן עקזיסטירט אַ תלמוד-תורה, ווו ס'האָט צווישן די איבעריקע מלמדים געלערנט אויך אַ העברעאישער לערער קאַנטאָר, אַ דאַרער, נידעריקער יונגערמאַן, מיט שוואַרצע אויגן און שוואַרצער באָרד, מיט אַ שוואַרצן סערדוט אויפן דאַרן גוף און מיט אַ האַרטן שוואַרצן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ. צווישן די אָרימע אַרבעטער-שיכטן, ווי אויך צווישן די אָרטאָדאָקסן האָט נאָך געהערשט אַנאַלפאַבעטיזם. די רייכע ווידער האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די רוסישע גימנאַזיעס. אָבער ווי געשיקט זיך דאָס פאַרט, אַז קיין איינער פון די יוגנטלעכע און עלטערע, וואָס מיר האָבן געטראָפן אויפן וועג במשך פון צוויי שעה זאָלן נישט וויסן און נישט הערן פון יונה ראָזענפעלד, אַ שרייבער, וואָס איז שוין דאַן געווען אַזוי פּאָפּולער אין דער יידישער ליטעראַטור? מיר אָבער זיינען נישט מיד געוואָרן און נישט געוואָלט איינגאַנצן רעזיגנירן פון דער האָפענונג אים צו זען. מיר זיינען ווייטער געגאַנגען צום „זאַמד" צו און האָבן צולעצט אַדאַנק גאָט אָנגעטראָפן אויף אַ יונגערמאַן, וואָס האָט יאָ געהערט פון י. ראָזענפעלד. ער האָט אונדז אַפילו געזאָגט, ווו ער וווינט. מיר זיינען גלייך אַוועק לויטן אָנגעוויזענעם אַדרעס און אָנקלאַפּנדיק אין דער טיר פון דער שטוב, ווו ער האָט געוווינט, איז אַרויס אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט אונדז געזאָגט, אַז מיט עטלעכע שעה פריער איז יונה ראָזענפעלד אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

אַזוי האָבן מיר צוליב די עטלעכע שעה פריער אומזיסט זוכן, פאַרשפּעטיקט און אונדזערע האָפענונגען מיט אים צו באַקענען זיך זיינען ווי אַ חלום צערונען געוואָרן.

**לייבל וואהל** (ניו־יאָרק)

# ראַטנע – מיין צווייטע היים

אָנגעקומען קיין ראַטנע בין איך אין דעם יאָר 1913 פון מיין שטעטעלע ליבעשאָוו. ס׳איז פונקט דאַן געווען ערב פסח־צייט. דער ציל פון מיין קומען אַהין איז געווען עפענען אַ שולע, אָדער, ווי איך האָב דאָס אָנגערופן אין גייסט פון יענער צייט, אַ „חדר מתוקן", ווו ס׳זאָלן געלערנט ווערן העברעאיש מיט דקדוק און אויך למודי קודש.

ווען איך בין אָנגעקומען מיט דער באַן צו דער נאָענטסטער קיין ראַטנע באַנסטאַנציע זאַבלאָטיע, האָב איך שוין קיינעם פון די בעלי־עגלות, וואָס פירן די פאַסאַזשירן אין שטעטל, נישט געטראָפן. דערפאַר איז פונקט אין דעם טאָג געקומען אַהין דער פאָסט־וואָגן צו פאַרנעמען די שטעטלדיקע קאָרעספּאָנדענץ און איך האָב געפועלט ביים „פּאָטשטאַר" מיך מיטצונעמען אַהין.

ער האָט מיך צוגעפירט צו נעכע גינזבערג, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע פּריציש קראָם און אויך עטלעכע צימערן פאַר קריסטן־געסט פון אומגעגנט.

דער ערשטער וואָס האָט זיך מיר באַוויזן איז געווען דער לעבעדיקער און פרייילעכער מאָטל גינזבערג, נעכעס אַ זון. ער איז מיט מיר אַריין אין דעם ערשטן אַזוי רוטינערן געשפּרעך — פון וואַנען אַ ייד איז און וואָס ער זוכט דאָ עפּעס. געוווירווערנדיק, אַז איך בין אַ לערער און בין געקומען עפענען אַ העברעאישע שולע, איז ער געווען לכתחילה שטאַרק באַגייסטערט. אָבער שוין באַלד צוגעגעבן, אַז ס׳שטייט מיר דאָ פאַר אַ שווער שטיקל אַרבעט צוליב דעם, וואָס די היגע פאָטערס זיינען געווינט אָפּצוגעבן זייערע קינדער צו די מלמדים אויף אַ גאַנצן טאָג לערנען. און דאָ וויל איך גאָר איינפירן אַ נייעס — לערנען מיט זיי נישט מער ווי 5־6 שעה אין טאָג. אַחוץ דעם, זאָגט ער ווייטער, וועל איך דאַרפן פירן אַ מלחמה מיט די מלמדים און עטלעכע לערערס, וואָס איך וועל צונעמען ביי זיי די פרנסה. איך זאָג אים אָבער, אַז איך וועל נייטיק האָבן איינעם אָדער אפשר גאַנצע צוויי לערער צו דער געפּלאַנטער שולע און אפשר אויך אַ מלמד. אַחוץ דעם וועל איך נעמען שכר־לימוד דעם מינימום פון 15 רובל אַ זמן פאַר אַ קינד, אַזוי אַז נאָר די רייכערע וועלן דאָס קענען באַווייזן.

ער האָט מיך שפּעטער באַקענט מיט אַ שטעטלדיקן יונגן לערער ה׳ יודל קאַנישטער, וואָס איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן. איך האָב דערקענט אין אים אַ טיפּ פון אַ משכיל אין יענע צייטן אין די קליינע שטעטלעך, וואָס וואָרצלען נאָך אין דעם בית המדרש. איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, איבערגעגעבן וועגן מיין פּלאַן און האָב אים גלייך פאָרגעלייגט אַ שותפות. ער האָט זיך אַפילו ביים אָנפאַנג אַביסל געקווענקלט, אַלץ צוליב דער מורא פון אַ דורכפאַל, אָבער אַרומרעדנדיק וועגן די פּרטים און דערוויזנדיק, אַז ס׳וועט קיינעם ניט שאַדן, האָט ער דעם שותפות אָנגענומען.

מאָטל גינזבערג האָט מיך נאָכהער צוגעפירט צו איינעם ר׳ אברהם אַליעזר ראָזמאַן, וואָס האָט געהאַט פאַר פרעמדע געסט אַ „גאָסטיניצע" (גאַסט־הויז). איך האָב אָנגעשריבן מודעות (מעלדונגען) וועגן מיין געפּלאַנטער שולע און זיי צעקלעפּט אין

אלע בתי מדרשים. דער איינדרוק האט לאנג נישט געלאזט אויף זיך ווארטן — דאס שטעטל איז געגאנגען כאדאראם, ס'האט געקאכט דארט ווי אין א קעסל און די מלמדים האבן די ערשטע געמאכט זייער אנגריף: ס'איז געקומען, האבן זיי געזאגט, א ליטוואק אהער, וואס וויל אפשמדן די ראטנער קינדער. נאך א נס, וואס מיין באלעבאס, **ר' אברהם אליעזר**, א הייסער סטאלינער חסיד, האט מעיד געווען, אז ער האט מיך געזען לייגן תפילין און עסן מיט א היטל און אלע האבן מיך נאכהער געזען גיין שבת דאווענען אין שטיבל אריין.

זונטיק זיינען מיר, איך און י. קאניטשער, ארוים איבערן שטעטל און פארשריבן קינדער. מיר האבן אין צוויי טעג פארשריבן 40 תלמידים, וואס איז געווען א גענוגנדיקער דערפאלג. מיר האבן אויך געדונגען זייער א שיינעם און גרויסן צימער און באשטעלט ביי א סטאליער שולע־מעבל. זייענדיק צופרידן מיטן ערשטן דערפאלג בין איך דאן א זיכערער אוועקגעפארן אויף פסח צו זיך אין שטעטל. ווי דערשטוינט בין איך אבער געווארן, ווען איך האב פונקט ערב יום־טוב געקריגן א טעלעגראמע פון מ. גינזבארג, אז ער רופט מיך ארוים קיין ראטנע. עפעס וואס זעט אוים, האב איך געקלערט, האט דארטן פאסירט מיט מיין אונטערנעמונג.

דעם ערשטן טאג חול־המועד פסח בין איך שוין צוריק געווען אין ראטנע. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז די מלמדים האבן איבערגערעדט מיין שותף י. קאנישטער, אז ער זאל זיך אפזאגן פון דעם שותפות און זיי וועלן זיך שוין מיטן ליטוואק אליין צערעכענען, אז ער וועט שוין פארזאגן א צענטן נישט צו קומען מער קיין ראטנע עפענען א שולע.

איך האב באלד גענומען אין אכט די אומנארמאלע סיטואציע פון מיין שותף און האב אים געראטן שטיין אינגאנצן מן הצד, נייטראל. ס'האבן זיך דאן אפגערופן מיר צו העלפן טאקע דער טיכטיקער מ. גינזבארג און איינער פון די זייער חשובע באלעבאטים אין שטעטל — ר' בנימין קעמפער ע"ה. מיר האבן ווידער באזוכט די עלטערן פון די פארשריבענע קינדער, וועלכע האבן צוגעזאגט זיי צו שיקן אין שולע. איך האב צולעצט די שולע געעפנט. צוגענומען אויך א מלמד, איינעם ר' נטע שאפירא. איך האב אויך אראפגעבראכט פון בריסק א לערערין אויף רוסיש און מיר האבן אנגעהויבן לערנען. נישט לאנג האב איך אויף די רעזולטאטן געדארפט ווארטן. אין גאר א קורצער צייט נאכדעם זיינען א סך עלטערן געקומען פארשרייבן זייערע קינדער אין דער שולע. איך האב שוין אפילו געוואלט דינגען אנדערע צוויי צימערן, כדי זי צו פארגרעסערן. איך האב אויך געפירט אונטערהאנדלונגען מיט אנדערע צוויי מלמדים, זיי זאלן לערנען די למודי קודש. אבער צוליב טעכנישע שוועריקייטן און אנדערע סיבות האב איך זיך אפגעזאגט פון דעם פלאן און האב נאר צוגענומען נאך 25 קינדער. דערביי האב איך פארגרעסערט דעם לערער־פערסאנאל מיט נאך איינעם, ר' אברהמצע טעלעסאן ע"ה, דער אלטער שטעטלדיקער לערער און זיינעם א שוואגער, א בריסקער יונגערמאן אלס א מלמד. די פריערדיקע רוסישע לערערקע האב איך געביטן אויף נינא גווירצמאן, די שפעטערדיקע מ. גינזבארגס פרוי.

דאס שטעטעלע איז טאקע געווען קליין אבער שוין דעמאלט האט עס פארמאגט א גאנץ פיינע נאציאנאלע יוגנט. אחוץ די ציוניסטישע ארבעט, ווי ק. ק. ל. און פארשפרייטן דעם ציוניסטישן געדאנק האבן שוין דארט עקזיסטירט קרייזן, ווו די יוגנטלעכע פלעגן פארברענגען, לייענען ביכער און דיסקוטירן, אדער סתם שמועסן און פלירטעווען. אזעלכע יוגנט־קרייזלעך זיינען געשאפן געווארן ביי ה' ב. מאגילאנסקין, דער יידישער אפטייקער פון שטעטל, אן איבערגעגעבענער ציוניסט און זייער באוווסטזיניקער יונגערמאן. די סביבה דארט האט געשאפן געמיטלעכקייט און הארציקע היימישקייט. דאס צווייטע ארט, ווו די אינטעליגענטע יוגנט פלעג זיך צונויפקו-

מען איז געווען ביי מיר, אין הויז פון דער אלמנה עניע ביילע פינקעלשטיין. אחוץ די געוויינלעכע ענינים, וואָס האָבן אונדז פאַראינטערעסירט, ווי ליטעראַטור און אנדערע פּראָבלעמען, האָבן מיר צוזאַמענגעשטעלט אַן אָרקעסטער פון פידל און מאַנדאָלינע שפּילער, וואָס צווישן דער ראַטנער יוגנט איז געווען גענוג, און מיר פלעגן שפּילן פאַרשידענע מוזיקאַלישע נומערן. די מיידלעך ווידער פלעגן זינגען אַלערליי יידישע לידער. פון דער יוגנט געדענק איך די פאָלגנדע: העניך קאָרש, לייבל שאַפּיראָ, אברהם איידעס און זיין ברודער מרדכי, משה גינזבאַרג, מאָטל גינזבאַרג, בערל העלד, ברוך הינדיך, יהודית פינקעלשטיין, ברײַנדל כהן, איר שוועסטער רייזל, גיטל הינדיך און פּערל קאַמינסקי א. א. און אַזוי ביסלעכווייז האָב איך זיך גיך איינגעלעבט און איינגעליבט אין דעם שטעטעלע, אַז ס׳איז מיר געוואָרן האַרציק ליב און אייגן ווי מיין געבוירן־אָרט. באַזונדערס ווען דער גוטער מזל האָט מיר צוגעשמייכלט און מיר אונטערגעטראָגן אַ ליבנדיק פרויען־האַרץ אַלס מתנה אין געשטאַלט פון גיטל שלום דעם שוחטס, מיט וועלכער איך האָב דערנאָך חתונה געהאַט און געווען גליקלעך. אָבער ווי עס פּאַסירט שוין אין מענטשנס לעבן, איז אויך אין מיין גליק צוגעמישט געוואָרן עטלעכע ביטערע טראָפּנס: קורץ נאָך מיין חתונה איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה...

דער ערשטער טאָג פון קריגס־דערקלערונג, שבת ערב תשעה באב, האָט זיך מיר גוט איינגעקריצט אין זכרון. איך געדענק די שרעק און פּאַניק, וואָס דער מאָביליזאַציע־דעקרעט האָט אַרויסגערופן אין שטעטעלע, ווען מענער האָבן זיך צעשיידט מיט זייערע פרויען, חתנים מיט זייערע כלות און קינדער מיט זייערע עלטערן און זיינען געשיקט געוואָרן גלייך צום מלחמה־פראָנט...

די לאַגע אין שטעטל האָט זיך בכלל פאַרערגערט. מענטשן האָבן אָנגעווירן דעם צוטרוי איינער צום אַנדערן. איך האָב פון אָנפאַנג פאַרלוירן די פּריוואַטע לעקציעס. און ביסלעכווייז איז אין שולע אויך שיטערער געוואָרן — עלטערן האָבן אויפגעהערט צו שיקן זייערע קינדער אַהין. די לאַגע איז געוואָרן וואָס ווייטער קריטישער. דערווייל האָט זיך דער מלחמה־פראָנט געהאַלטן אין איין אָנרוקן זיך נענטער צום שטעטעלע. מ׳האָט שוין אָנגעהויבן אויפצוכאַפּן דאָס קנאַלן פון די האַרמאַטן. די רוסישע סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן צו גראָבן אָקאָפּעס אַרום שטעטל — אַ סימן אַז דער דייטש דערנענטערט זיך אַהער.

די שולע איז שוין דאַן געווען צוגעמאַכט און אַ שרעק פאַרן מאָרגן איז געהאַנגען אין דער לופט. איך האָב זיך דאַן איינגעקויפט אַ פערד און וועגעלע און איך מיט מיין פרוי און פּיצל קינד האָבן זיך געלאָזט אין וועג צו מיר אין שטעטל אַריין, קיין ליבעשויוו.

די פּרשה פון אונדזערע וואָגלענישן און נע־ונד זיין, ווו מ׳האָט געגעכטיקט האָט מען נישט געטאָגט און ווו געטאָגט — נישט גענעכטיקט, צווישן די טויזנטער פּליטים, וואָס זיינען געלאָפן און פאַרשטאָפּט אַלע וועגן, איז נישט דאָ דאָס פּלאַץ צו באַשרייבן. ווען איך בין שוין אָנגעקומען אין מיין שטעטעלע און נישט באַוויזן זיך אפילו אָפּרוען, זיינען אַהין אַריין די דייטשן און האָבן באַפוילן באַלד צו עוואַקואירן דאָס צוליב דער שלאַכט, וואָס האָט זיך דאָרט צעשפּילט.

האָב איך ווידער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן און שוין געפאָרן אין אַן אַנדער ריכטונג — קיין מאַציעוו, ווו איך האָב געהאַט מיין שוואָגער יהושע הינדיך און פאַמיליע.

דאָרטן בין איך געוויר געוואָרן, אַז אונדזער טייערע ראַטנע איז כמעט ווי אָפּגעווישט געוואָרן — נאָר איין גאַס הייזער זיינען דאָרט פאַרבליבן. ראַטנער זיינען געקומען קיין מאַציעוו אויפקויפן מעל און אַנדערע שפּייזן פאַר דעם אָפּגעברענטן און

אויסגעהוילטן שטעטעלע. איך האָב זייער געבענקט נאָך דעם און האָב דאָס געוואָלט באַטראַכטן פון דער נאָענט. וואָס צו טאָן האָב איך נישט געהאַט און לעבן דאַרף מען. האָב איך אויך געפירט אַהין פאַרשידענע שפייזן און לעבנס־אַרטיקלען. דאָס פאַרברענטע שטעטל האָט אויף מיר געמאַכט אַ זייער דערדריקנדן איינדרוק: מ'האָט נישט דערקענט קיין גאַס, ס'איז געווען איין געדיכטע מאַסע פון ברוכוואַרג, בערגלעך פון ציגל און שטיינער, וואָס אַ רויך האָט נאָך ערטערווייז פון זיי אַרויסגעזעצט. צום גליק האָט זיך די שטוב פון מיינע אַזוי האַרציקע און חשובע פריינד ר' אברהם שו"ב ע"ה און, תבדל לחיים, דאַבע (לעבט אין אַרגענטינע) זיך אָפּגעשטעלט גאַנץ. איך בין אַהין טאַקע פאַרפאָרן. און דאָרטן טאַקע האָב איך איינמאָל איבערגעלעבט אַן אַנגענעמע איבעראַשונג: איך בין געזעסן און געמיטאָגט, איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן און פרעגט דער באַלעבאָסטע צי קען ער קריגן עפּעס אָפּעסן, ער וועט באַצאָלן (קיין געלט, פאַרשטייט זיך, האָט מען ביי אים נישט גענומען). מיר קוקן זיך ביידע מאָדנע אָן און מיט אויסגעשרייען: „קעצקער", „וואָל" דערקענען מיר זיך. מיר זיינען חברים נאָך פון פינסק, ווו מיר האָבן זיך ביידע צוזאַמען געלערנט. קעצקער איז שוין אין ראַטנע פאַרבליבן אַלס לערער ביז דעם לעצטן חורבן. ער האָט דאָרטן אויף דעם חינוך־פעלד געשאַפן און באַוויזן גרויסע אויפטוען — צו יענער צייט האָט מיין שוויגער מיט איר פאַמיליע פאַרלאָזט די אַלטע היים און אַרויסגעפאָרן צום שוועסטער אין נאָרד אַמעריקע. די אַלע שמוגל־געשעפטן זיינען מיר נישט געווען צום האַרצן און זיינען געווען ריזיקאַליש, אָפּטמאָל אַפילו מיטן נפש. אַזאַ פאַל האָט טאַקע געטראָפן מיט אַ ראַטנער מיידל, רחל העלער, יהושע דעם שוחטס, וועמען באַנדיטן זיינען איבערגעפאַלן און דערשאָסן, ווייל זי האָט זיך זיי קעגנגעשטעלט, ווען זיי האָבן געזוכט ביי איר אין פור.

והוץ לזה האָט מיין פרוי שטאַרק געבענקט נאָך איר פאַמיליע און געוואָלט אַביסל רואיקייט. איך האָב דאַן ליקווידירט אַלע מיינע געשעפטן, וואָס האָבן מיר גראַד געגעבן דאַן גוטע פאַרדינסטן און מיט אַ נאָגנדער בענקשאַפט נאָך דעם טייערן שטעטעלע ראַטנע, זיינען מיר אין 1921 אָפּגעפאָרן קיין נאָרד אַמעריקע.

די פרעמדע סביבה אָבער, מיט דעם נייעם שטייגער לעבן, נישט קענענדיק די לאַנד־שפּראַך, הגם מיר האָבן איצט, נאָך אַזוי פיל וואַגלענישן און אויסגעשטאַנענע צרות, פריי אָפּגעאָטעמט, האָט אין אונדז געוועקט בענקעניש נאָכן פאַרלאָזטן לעבן אין דעם ליבן שטעטל ס'איז אַפילו שוין געווען אַ צייט, וואָס מיר האָבן געוואָלט צוריקפאָרן. אָבער אויך דאָ האָט אונדז דער גוטער מזל איינגעהיט און ווי מיט עפּעס אַ געהיימער קראַפט אונדז פאַרהאַלטן און פאַרשוינט אונדזער לעבן.

דאָך האָבן מיר קיינמאָל דאָס שטעטל נישט פאַרגעסן און שטענדיק וועגן די טייערע מענטשן, אונדזערע באַקאַנטע גערעדט און זיי דערמאָנט. ביז וואַנען ס'איז געקומען דער גרויסער אומגליק און דער וועלט־באַנדיט היטלער ימ"ש האָט די וועלט געוואָלט דערטרינקען אין ימים בלוט און אונדזער יידיש פאָלק גאָר באַזונדער געוואָלט פונעם ערד־קיילעך אינגאַנצן אָפּווישן.

שוין אין די יאָרן 1942-3 האָבן זיך דאָ ביי אונדז געטראָגן קלאַנגען, אַז די דייטשן ברענגען אומעטום, ווו זיי דרינגען אַריין, חורבן און פאַרוויסטונג, אַז זיי שעכטן און ברענגען אום באַזונדער די יידן. אָבער יעדער איינער ביי זיך אין האַרצן האָט גענערט די האָפענונג, אַז ס'איז אפשר אַלץ איבערגעטריבן. שפּעטער אַביסל האָט זיך אָבער דאָס אַלץ, צו אונדזער אומגליק, באַשטעטיקט.

איך האָב אויך באַלד נאָכדעם אָנגעהויבן צו דערהאַלטן פון מיין זון, אַ מיליטערישער פעלד־ראַבינער, בריוו פונעם באַזיגטן דייטשלאַנד, אַז דער אומגליק און חורבן איז נאָך פיל גרעסער, ווי מ'דערציילט. אויך האָט ער מיר געשריבן, אַז צו־

פעליק האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ ראַטנער, אברהם בארג, וואָס דערציילט אַז מען האָט אַלע ראַטנער יידן אומגעבראַכט און אין שטעטל געפינט זיך נישט קיין איין ייד. אַז ס׳האָבן זיך דאָך עטלעכע צענדליק יוגנטלעכע געראַטעוועט און געפינען זיך אין אַלע צעשפרייטקייטן, אין פאַרשידענע לאַגערן.

מיר האָבן דאַן אויסגעפונען, אַז מ׳קען נישט אַזוי רואיק בלייבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און נאָר פטרן מיט אַ טרער און קרעכץ פון דער וויטן. אַז מיר, די זאַטע און רואיקע דאָ, מוזן אויסשטרעקן זיי, די געראַטעוועטע, הילף און שטיצע, אַז מיר מוזן זיך דאָ אַלע ראַטנער אָרגאַניזירן און וואָס אַמגיכסטן זיי אַרויסהעלפן.

אין סוף 1944 אין איינעם אַן אָוונט זיינען צו מיר אין הויז געקומען דער אַזוי איבערגעגעבענער שלום מעלניק, לייזער גינזבארג און נאָך איינער, וואָס איך קען מיך זיין נאָמען נישט דערמאָנען און, אַרומרעדנדיק די טרויעריקע לאַגע פון די פליטים, זיינען מיר געקומען צו דער מסקנא, אַז מ׳דאַרף גרינדן פאַר דעם צוועק דאָ אַ ראַטנער הילפס־קאָמיטעט, וואָס זאָל לייסטן הילף פאַר אונדזערע אומגליקלעכע ברידער.

מ׳האָט דאַן, דעם 18טן פעברואַר, צעשיקט בריוו צו אַלע לאַנדסלייט, אויך געדרוקט אַנאָנסן אין אַלע יידישע צייטונגען, וו מ׳האָט זיי איינגעלאַדן אין אַ געוויסן אָפּגעדונגענעם סאַלאָן אויף אַ פאַרזאַמלונג צו אויסוויילן דעם קאָמיטעט.

דער ראַטנער רעליף קאָמיטעט איז דאַן טאַקע געגרינדעט געוואָרן מיטן אייציקן ציל דערלאַנגען הילף די ראַטנער פליטים, וו נאָר זיי געפינען זיך. אויפן אָרט האָט מען באַלד געזאַמלט אַ גענוגנדע סכום און דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט. ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פּרעזידענט, אַ וויצע און אַ סעקרעטאַר לייזער גינזבאַרג. איך גלויב, אַז דער אויבנדערמאָנטער סעקרעטאַר האָט אייך שוין צוגעשיקט די געשיכטע פונעם קאָמיטעט און זיין אַקטיוויטעט. וואָס איך וויל דאָ נאָר צוגעבן איז, אַז די גרעסטע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער קאָמיטעט, פאַר וועלכעס עס קומט זיי פיל לויב און דאנקבארקייט, האָבן שלום מעלניק מיט זיין פרוי און קינדער. אַ דאנק זייער אומדערמידלעכער אַרבעט און דינאַמישן ווילן האָבן אונדזערע אַלע אומגליקלעכע ראַטנער פליטים אין די קאָנצענטראַציעלאַגערן, וו זיי האָבן זיך געפונען, געקריגן געלט און פעקלעך שפּייז, שיך און קליידונג און אַלץ, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן. די פרוי מעלניק, וואָס איז אין נ. אַמעריקע געבוירן געוואָרן און האָט ראַטנע קיינמאָל נישט געקענט, האָט זיך טאָג און נאַכט אָפּגעגעבן מיט זאַמלען זאַכן ביי באַקאַנטע, מיט פּאַקן פעקלעך און זיי אָפּשיקן וווהין מען האָט באַדאַרפט. און אין דער אַרבעט האָט זי אויך אַריינגעצויגן אירע צוויי טייערע יינגלעך. זי פלעגט אויך גיין אויף אַלע באַנקעטן און זאַמלען געלט פאַר דעם צוועק. אויך לייזער גינזבאַרג דאַרף דערמאָנט ווערן פאַר זיין נוצלעכער טעטיקייט און מיפּולע אַרבעט פאַר דעם וווילטעטיקן צוועק, ווי אויך אַלע מיטגלידער פונעם ראַטנער רעליף קאָמיטעט, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער געעריקער הויך און געהאָלפן מיט אַלע זייערע מעגלעכקייטן זייערע אָרעמע געראַטעוועטע ברידער, די רעשטלעך פון אונדזער אַמאָליקן, פאַרשניטענעם ראַטנע.

לייבל מייטעס (מעקסיקע)

# מלמדים און לערער אין אונדזער שטעטל

ווי דורך אַ נעפּל טויכן אויף אין מיין זכרון מיינע מלמדים און לערערס, וואָס האָבן מיך מדריך געווען אין מיין היימשטעטל פון מיינע ייִנגסטע יאָרן אָן ביז מיין ווערן בר־מיצווה.

איך געדענק זיך אַ קליין קינד פון אַ יאָר פיר ביי מיין מאַמען אויף די פּלייצעס: ס'איז האַרבסט־צייט, דער וועג איז אַ בלאָטיקער און די מאַמע בראָדזשעט מיט אירע שטיוול אין בלאָטע און טראָגט עס איר מוזיניקל אין חדר אַריין צו איצע זלמן דעם מלמד. עס געדענקט זיך:

אַ גרויסער פּירקאַנטיקער צימער אין אַ חושכדיק שטיבל אויף מצרים־גאַס (קיין אָפיציעלע נעמען האָבן נאָך די גאַסן דעמאָלט נישט געהאַט). דער צימער האָט נישט געהאַט קיין הילצערנע פּאָדלאָגע נאָר זי איז געווען אויסגעקלאַפּט פון האַרטער ליים. אויף דער דאָזיקער ליימענער פּאָדלאָגע זיינען געווען אויסגעלייגט צוויי לאַנגע ברעטער און אויף די ברעטער זיינען געזעסן אַ צענדלינג קינדערלעך אין מיינע יאָרן און האָבן זיך געשפּילט. ביי אַ טיש באַזונדער נעבן דעם פענצטער איז געזעסן איצע־זלמן דער מלמד און האָט געלערנט מיט צוויי קינדער דעם אלף־בית און טראָף.

איצע־זלמנס סיסטעם פון לערנען איז געווען אַן אינדיווידועלער. צוויי אָדער דריי קינדער פלעגן לערנען און די איבעריקע פלעגן זיך שפּילן. אָפּגעלערנט מיט די קינדער, גענומען אַנדערע און די אָפּגעלאָזט זיך שפּילן.

געווען איז איצע־זלמן אַ נידעריק יידל, וואָס אויסער מלמדות איז ער נאָך אויך געווען אַ שמש אין קלויז און ער פלעגט אַלע פרייטיק רופן אין שול אַריין און אויב איך מאַך קיין טעות נישט, פלעגט ער אויך פּורים צעטראָגן שלח־מנות און באַזאָרגן אַ שטאָט יידן מיט געפלאָכטענע וועקסענע הבדלות.

שטענדיק האָט זיך געהערט פון זיין באָרד און וואָנציעס דער שאַרפער ריח פון שמעקטאַבאַק וואָס ער פלעגט האַלטן אין איין רוקן אין נאָז אַריין און מיר פלעגן בשום אופן נישט פאַרשטיין, צו וואָס דאַרף ער עס דעם טאַבאַק וואָס רייצט אונדז דעם האַלדז, קיצלט די נאָז און פאַרשלאָגט אונדז דעם אָטעם.

פון זיינע פּעדאַגאָגישע מכשירים געדענקען זיך אַ צוויי־דריי טאָוולען מיט אלף־ביתן, אַ צוויי טאָוולען מיט טראָפן, אַ ביינערן טייטל און עטלעכע סידורים מיט גרויסע אותיות. נאָך אַ צוויי־דריי זמנים פלעגן זיך די תלמידים דאַרפן אויסלערנען ביי אים דאַווענען פליסיק, וויסן אַלע ברכות און שפּעטער אַריבערגיין צו אַן עלטערן מלמד, אין אַ העכערער מדרגה — צו אַ גמרא־מלמד.

געווען איז איצע־זלמן אַ דערפאָלגרייכער מלמד, וואָס האָט טאַקע זייער גוט צוגעגרייט זיינע תלמידים צום חומש לערנען. צו מיר אָבער, האָט ער נישט געהאַט קיין מזל, איך בין געווען אַ שלימזלדיקער תלמיד. במשך פון די דריי זמנים וואָס איך האָב ביי אים געלערנט, האָב איך זיך בשום אופן נישט געקענט אויסלערנען דאַוונען. מיינע עלטערן זיינען געווען פאַרצווייפלט און אויך איך האָב געהאַט גרויס צער צוליב דעם, וואָס אַלע מיינע חברים לייענען שוין פליסיק דעם סידור און איך נישט. שטילערהייט פלעג איך זיך אַנידערזעצן מיטן סידור און זיך באַמיען צו דער־

גיין דעם סוד פון לייענען און וויפל איך פלעג זיך נישט אָנשטרענגען, פלעגט ביי מיר מער ווי אַ סילאַביזירנדיק לייענען נישט אַרויסקומען. טאַטע־מאַמע האָבן צוגעזען מיין צער און פלעגן צושאָקלען מיט די קעפּ: — „אַ פאַרפאַלן קינד, קיין למדן וועט ער שוין נישט זיין!"

***

מיין גואל איז אָבער געווען אַן אַנדער מלמד. פּנחס דער ליטוואַק — האָט ער געהייסן. געשטאַמט האָט ער פון קאָברין און איז געקומען צו אונדז אין שטעטל און האָט געעפנט כמעט אַ חדר מתוקן. געווען איז מיין רבי פּנחס דער ליטוואַק, אַ ריינער אָפּגעפּוצטער ייד, וואָס האָט שוין אַפילו געטראָגן אַ שניפּס אויף זיין קלאָר ווייסן העמד און האָט געהאַט אַ שיינעם קול נגינה.

בלית ברירה האָט מיין טאַטע מיך אַריינגעגעבן צו אים אין חדר אַריין, אפשר וועט ער מאַכן פון מיר אַ שטיקל מענטש, ווייל ביי אים פלעגן טאַקע קינדער — האָט מען געזאָגט — באַווייזן וואונדער.

וועגן דעם, ווי אַזוי דער דאָזיקער ליטווישער מלמד קומט צו אונדז אין ראַטנע, אין אַזאַ פאַרוואָרפן שטעטל, האָט מען דערציילט אַ גאַנצע מעשה; אַז דאָס איז ער עס אַנטלאָפן פון זיין שטומער ווייב וואָס אירע רייכע עלטערן האָבן עס אים איינגעקויפט פאַר אַ מטמון געלט. היות, ווי ס'איז אים נמאס געוואָרן די געבראָטענע טייבעלעך וואָס זיין שטומע ווייב האָט אים געקאָרמעט און ער האָט געוואָלט פון איר פּטור ווערן, האָט ער פּשוט עוקר געווען פון קאָברין און האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין ראַטנע. מיר, די תלמידים זיינע, האָבן נישט געגלייבט אין דעם. מיר האָבן געהאַלטן, אַז ס'איז סתם רכילות, ווייל מיר האָבן נישט געגלייבט, אַז אַזאַ קלוגער געלערנטער מענטש זאָל חתונה האָבן מיט אַ שטומער.

איבערצייגט, אָבער, האָבן מיר זיך אין דער אמתדיקייט פון דער דאָזיקער געשיכטע, ווען אין איינעם אַ טאָג האָט זיך באַוויזן טאַקע ביי אונדז אין חדר זיין שטומע ווייב, וואָס האָט אים אויף איר שטום־לשון געמאַכט אַ סקאַנדאַל. דער רבי האָט זיך דענערווירט, ער האָט גערעדט צו איר ווי אַ קונצנמאַכער מיט די הענט, געמאַכט העוויות מיטן פּנים און זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל אים צורו לאָזן. דער סוף איז געווען, אַז ווען זי האָט דעם רבין שוין אַרויסגעבראַכט פון געדולד און גענומען איבערקערן די בענק, האָט ער זי איבערגעלאָזן מיטן חדר און איז אַנטלאָפן אין גאַס אַריין.

זיין שטום ווייב האָט זיך אינגיכן איבערצייגט, אַז מיט בייזן וועט זי גאָרנישט אויפטאָן, האָט זי אים נאָך עטלעכע טעג, וואָס זי האָט אים געמאַכט סקאַנדאַלן, צורו געלאָזט און איז אַוועקגעפאָרן צוריק צו אירע עלטערן.

דעם חדר־מתוקן האָט פּנחס דער ליטוואַק געמאַכט אין דער הויפּטגאַס ביי יאָסעלע רייצעס אין דער נאָרוואָס אויפגעבוימער שטוב. ער האָט אין דעם גרויסן צימער אַריינגעשטעלט אמתע קלאַסנבענק ווי אין אַ שול און האָט איינגעטיילט זיינע תלמידים אין צוויי כיתות.

און באמת איז ער געווען אַן אויסגעצייכנטער מלמד. ווי דורך אַ כישוף־שפּרונג האָב איך זיך ביי אים אויסגעלערנט לייענען און שרייבן יידיש, העברעאיש און אַפילו דעם רוסישן אלף־בית.

אויסער דאַווענען האָט ער מיט אונדז געלערנט חומש, תנ"ך און דקדוק. איבערהויפּט האָב איך אים צו פאַרדאַנקען מיינע ערשטע ידיעות אין העברעאישער גראַמאַטיק. די כנויים, די בייגונגען פון ווערב אין די דריי צייטן האָט ער אונדז מיט וואונדערלעכע מיטלען ממש אויסגעלערנט. אמת, דאָס לערנען איז געווען אַ מעכאַ-

נישט, אָבער ס׳איז געווען אָנגענעם ווייל מיר האָבן עס דערלערנט נישט שפּירנדיק און כמעט אָן אָנשטרענגונגען. און ווייסט איר, וואָס איז געווען זיין מעטאָד? — נגינה! די בייגונג פון שם עצם האָבן געהאַט זייער ניגון. עבר, הוה, עתיד — זייערע ניגונים און ביז היינטיקן טאָג געדענקען זיך נאָך די דאָזיקע ניגונים ווי מען זאָגט עס טאַקע: „גירסאָ דינקותאָ לאָ משתכחי״.

אויסער דעם מעטאָד פון געזאַנג, וואָס ער האָט אָנגעווענדט ביים לימוד פון דקדוק, חומש און פּסוק, פלעגט ער נאָך אויסנוצן פאַרשידענע שפּיל-מעטאָדן אין קוויטלעך און לאָטאָס בכדי צו פאַרזיכן דאָס לערנען. אויך האָט ער איינגעפירט פאַר־שידענע רעקאָרד-ביכעלעך מיט מיינונגען וואָס דאָס איז געווען אַ נייעס אין יענער צייט.

נישט לאַנג איז אָבער מיין רבי פנחס דער ליטוואַק געווען אין ראַטנע. נאָך אַ צוויי-דריי יאָר קנעלונג האָט ער פאַרלאָזט אונדזער שטעטל. אַפּנים, עס איז אים נמאס געוואָרן דאָס לעבן פון אַ פּרוש און האָט זיך אומגעקערט צוריק צו זיין שטו־מער ווייב אין קאָברין.

***

מיין דריטער רבי איז געווען נחמיה האָכשטיין. פּונקט ווי אַלע שטעטלדיקע יידן ובפרט מלמדים, האָט ער געהאַט זיין צונאָמען „נחמיה לעקאַר״ האָט מען אים גע־רופן, אַפּנים דערפאַר, וואָס ער פלעגט אַלעמען חנפענען.

נחמיה איז געווען אַ שטרענגער מלמד און די דיסציפּלין איז ביי אים געווען איינגעפירט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט. דער שעהן-פּלאַן פון די לימודים איז גע־ווען אַזוי פאַרטיילט: אינדערפרי — דאַוונען און לערנען חומש; מיטאָג-צייט — תנ״ך און פאַרנאַכט — גמרא.

אין די יינגערע מדרגות פלעגט מען פונעם חומש לערנען יעדע וואָך אַ פּרשה פון דער סדרה. וואָס העכער אַ מדרגה פלעגט די צאָל פון די פּרשות ווערן גרעסער. פאַר פּורים פלעגט מען לערנען מגילת אסתר, פאַר פּסח — שיר השירים מיטן סקאַר־באָוון ניגון און אויסטייטשונגען, פאַר סוכות — קהלת און פאַר תשעה-באב — מגילת איכה. די באַליבטע מסכתות וואָס פלעגן געלערנט ווערן זיינען געווען בבא קמא, בבא מציעא, גיטין, קדושין און ברכות. אויב דער לימוד גמרא איז אונדז נישט געווען אַזוי אינטערעסאַנט צוליב דעם נישט צוגעפּאַסטן מעכאַנישן מעטאָד, פלעגן מיר און דער רבי באמת אויפלעבן ביי די אגדתות. די אגדות וועגן שלמה המלך און די מלכה שבא, די אגדות וועגן חורבן בית-המקדש פלעגן צינדן אונדזערע פאַנטאַ־זיעס און גייסטיק אונדז דערהייבן. זיי זיינען געווען אַ פאַרגיטיקונג צו אונדז פאַר דעם רבינס פּעטש, באַליידיקונגען און צונעמען.

זייער אָפט פלעגט אונדזער רבי נחמיה אַריינפאַלן אין אַ גרימצאָרן, איבערהויפּט אין די דאָנערשטיקן ווען די „גראָבע קעפּ״ האָבן דאָך נישט געקענט „אויסרעדן״ די ראשים פון די „בני אהרן״ אָדער פון „אמר — ואמרת״; דעמאָלט פלעגט ער קענען אַ קניפּ טאָן אַ תלמיד, אַז יענער פלעגט אַרויסשפּרינגען פון באַנק, אָדער גאָר מאַכן אַ „שלשלת״ מיטן אויער, וואָס דער ווייטיק זאָל זיך ציען וואָכן און חדשים. דערצו נאָך פלעגט דער רבי ליב האָבן אַ נאָמען געבן זיינע תלמידים מיט די אויסטערלישע נעמען: „בעל-עגלה״, „גראָבער יונג״, „איוואַן״, „דעמענטי״, „שוסטער״, „סמאַלע־קאָפּ״ און וואָס נישט. ביי טייל תלמידים פלעגן זיך אָנקלייבן אַזויפיל נעמען, אַז מיר פלעגן מוזן מאַכן פון זיי ראשי-תיבות.

אַ גאַנצע וואָך איז דאָס לערנען געווען אַ רוטין מיט דעם זעלביקן סדר. דער רבי פלעגט זאָגן און מיר פלעגן נאָכזאָגן, דער רבי פלעגט זינגען און מיר פלעגן נאָכ־

זינגען, אָפּטמאָל נישט וויסנדיק אַפילו וואָס מיר זאָגן און דערביי טראַכטן וועגן טויזנטער אַנדערע זאַכן. דאַנערשטיק, אָבער, פלעגט פאָרקומען דאָס פאַרהערן. מיר פלעגן ציטערן פאַרן דאַנערשטיק ווי פאַרן מלאך המוות. אין דעם טאָג פלעגן פלאַמען די באַקן פון די פּעטש, די אויערן זיינען געווען רויט און ימען טרערן פלעגן פאַרגאָסן ווערן.

דערפאַר, אָבער, פלעגט פרייטיק זיין דער בעסטער טאָג. נאָכן דאַווענען פלעגן מיר זיך זעצן מעביר־זיין די סדרה און הפטורה און פריילעכע, גליקלעכע לויפן אַהיים אויף גאַנצע אַנדערטהאַלבן פרייע טעג צו אונדזערע שפּילערייען און פאַרוויילונגען.

כאָטש דער רבי נחמיה איז געווען אַ שטרענגער און עלטערן זיינען נישט אַלעמאָל געווען צופרידן מיט זיינע פּעדאַגאָגישע שטראָפן לגבי די קינדער, דאָך האָט אים קיין „קנעלונג" קיינמאָל נישט געפעלט. אָפּטמאָל פלעגט ער אַפילו מוזן מאַכן שותפות מיט אַ צווייטן מלמד, ווייל ער אַליין האָט נישט געקענט באַאַרבעטן אַזויפיל תלמידים. געווען צייטן ווען זיין שותף איז געווען לייזער נתן דודס — אַ גוטער גמרא־מלמד, אַ גרויסער קענער, אָבער די דיסציפּלין פלעגט ביי אים אונטערהינקען. לייזער נתן דודס פלעגט בלויז לערנען מיט דער עלטערער גרופּע גמרא, און היות ער איז געווען זייער אַ קורצזיכטיקער, פלעגט ער זיצן מיטן קאָפּ אַריינגעטאָן אין דער גמרא און לערנען בלויז פאַר זיך און מיר פלעגן זיצן ביי די אָפענע גמרות, זיך שפּילן אין קנעפּלעך אָדער זיך קלאַפּן מיט די פיס אונטערן טיש. אַ גרויסער בר־אורין איז געווען לייזער דער מלמד, בשום אופן נישט אַזאַ בעל מסביר ווי נחמיה, וואָס האָט געקענט דאָס ביסל וואָס ער האָט געוווּסט אַזוי צעלייגן אויף טעלערלעך ווי קיינער נישט. אַ געוויסע צייט האָט ביי נחמיה דעם מלמד געלערנט ווי אַן אַרויסהעלפער מיט די עלטערע קינדער פנחס רחלקעס. געווען איז ער אַן עלוי אַ לערנער. ביז היינטיקן טאָג געדענקען זיך נאָך זיינע שעורים אין גמרא חולין פון פרק „כל הבשר".

***

אויסער די לימודי קודש, וואָס האָבן געשפּילט די הויפּטראָל אין דער דערציאונג פון שטעטל, האָבן די מלמדים נישט געקענט פאַרזען דעם פּראָצעס פון סעקולאַריזאַציע וואָס איז פאָרגעקומען אין יידישן לעבן. די פאַראָרעמונג פון שטעטל און די כסדרדיקע עמיגראַציע פון שטעטל קיין אַמעריקע האָט געשטעלט נייע פאָדערונגען דער רעליגיעזער דערציאונג: מאַמעס האָבן געדאַרפט אָנשרייבן בריוו צו זייערע מענער אין די אַמעריקעס; מיידלעך — צו חתנים. און טאַקע אַן אַדרעס אויך. נישט שטענדיק האָט מען געהאַט די פּאָר קאָפּיקעס צו באַצאָלן דעם „שרייבער" פאַרן אָנשרייבן דעם בריוו, און נישט אַלע מאָל איז דער אַפּטייקער געווען צופרידן, ווען מען האָט אים געדרייט אַ קאָפּ מיט אָנשרייבן אַן אַדרעס מיט לאַטיינישע אותיות קיין לאָנדאָן אָדער קיין אַמעריקע. והשנית, מען האָט נישט געוואָלט, אַז דאָס אינטימע לעבן פון מאַן און ווייב, התן־כלה זאָל ווערן אַ רשות הרבים דורך די בריוו וואָס מען האָט געמוזט אָנקומען צו עמיצן אַנדערש, אַז ער זאָל זיי אָנשרייבן, און דעמאָלט באַווייזן זיך „שרייבער" ביי אונדז אין שטעטל, וואָס גייען אויף „שטונדן", אָדער אָרדענען איין ביי זיך אין שטוב קלאַסן פאַר גרופּעס מיידלעך און ייִנגלעך ווו מען לערנט זיי לייענען און שרייבן יידיש, העברעאיש, רוסיש און אַביסל דייטש.

צווישן די פּאָפּולערע „שרייבער" ביי אונדז אין שטעטל אָנהייב 20סטן י"ה געדענקען זיך די צוויי יידישע אינטעליגענטן אברהמצי טעליסאָן און אים צו לענגערע יאָרן יודל מלכהס (יודל קאָנישטער היינט אין אַרגענטינע.) סיי מיט זייער האַלטונג און סיי מיט זייער קליידונג האָבן זיך די דאָזיקע מאָדערנע לערער אויסגעטיילט פון

אַלע שטעטלדיקע יונגעלייט און בחורים און מיר, די חדר־יינגלעך, פלעגן מיט טיפן דרך־ארץ אַרויפקוקן צו זיי און זיי געשטעלט פאַר אונדזער צוקונפטיקן אידעאַל.

אָן אָט דער דאָזיקער פּראָצעס פון סעקולאַריזאַציע האָט זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין די חדרים. אָט אַ שטייגער, האָט שוין מיין רבי נחמיה נישט געלערנט מיט זיי־נע תלמידים לייענען און שרייבן. צו דעם צוועק פלעגט געוויסע שעהן אין טאָג אַריינקומען לערנען מיט אונדז דער לערער אברהמצי טעליסאַן, וואָס האָט מיט אונדז געלערנט יידיש, העברעאיש, רוסיש און דייטש און אויך אַביסל חשבונען.

ווי אַנדערש עס איז געווען דער איבערגאַנג פון דעם רבין צום לערער. פון אַ געצווונגענער דיסציפלין זיינען מיר אַריבער אין אַן אינערלעכער דיסציפלין מחמת אינטערעס, מהמת אחריות און ליבע צו די לימודים וואָס מיר האָבן געלערנט. פון די לערנביכער וואָס אברהמצי טעליסאַן האָט מיט אונדז געלערנט געדענקען זיך: **„הדבור העברי", „הלשון", „בכורים" און „הסגנון העברי"**. איבערהויפּט געדענקט זיך זייער שטאַרק די שעהן פון פרייער לעקטור, ווען דער לערער פלעגט פאַר אונדז פאַרלייענען „ראָבינזאָן קרוזאָ" אָדער אַ ראָמאַן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. יענע שעהן זיינען געווען די שענסטע אין אונדזערע קינדער־יאָרן און האָבן אויפגע־וועקט אין אונדז דעם גרויסן חשק צו לייענען ביכער.

דאָס דאָזיקע בילד וואָלט נישט געווען לחלוטין גאַנץ, ווען מיר וועלן אויך נישט דערמאָנען די גאַסטראָליערן־לערער, וואָס פלעגן געוויסע צייטן פון יאָר, זמנים און טיילווייז אין די וואַקאַציע־חדשים אַראָפּכאַפּן זיך צו אונדז אין שטעטל, איינאָרדע־נען שולן אויף צו לערנען די שטעטלדיקע יוגנט רוסיש און חשבונען. איבערהויפּט זיינען דאָס געווען סטודענטן אָדער גימנאַזיסטן פון די העכערע קלאַסן גימנאַזיע וואָס פלעגן קומען פאַרדינען עטלעכע רובל בכדי צו קענען ממשיך זיין זייער שטודיום. פון די אַלע לערער־גאַסטראָליערן וואָס איז אַ באַזונדער טשעקאַווע קאַפּיטל פאַר זיך, גע־דענקט זיך די רוסישע לערערין נינאַ.. וואָס האָט שפּעטער חתונה מיט אונדזערן אַ בן־עיר מאָטל גינזבורג און האָבן זיך באַזעצט אין דער שכנישער גרויסער שטאָט בריסק.

***

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג איז געקומען אין יידישן דערציאונגסוועזן אין דער צייט



**אַלע תלמידים פון דער תרבות שולע מיט די לערער אין 1927.**

פון דער דייטשער אָקופּאַציע (1914־1918). די מלחמה האָט צעטרייסלט די אַלטע טראַדיציאָנעלע יסודות פונעם יידישן לעבן און אויך די פעסטונג פון דער יידישער דערציאונג — דער חדר — האָט נישט געקענט אויסהאַלטן דעם דרויסנדיקן שטורעם פון דער צייט. דאָס וואָס עס איז נישט געלונגען דער פריערדיקער רוסישער רעגירונג דורך פאַרשידענע רעפּרעסיעס, איז עס כמעט געלונגען אָן שום אָנשטרענגונגען דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. דאָס יידישע דערציאונגסוועזן איז סעקולאַריזירט געוואָרן דורך זיך אַליין — כמעט בנשיקה.

פּאַראַלעל צום חדר וואָס האָט נאָך עקזיסטירט, אָבער כמעט שוין געגוססט, האָט זיך געשאַפן א העברעאיש־דייטשע שול, וואָס איז סובסידירט געוואָרן דורך דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט און דאָס שולוועזן איז אינגאַנצן רעפאָרמירט געוואָרן; לגמרי זיך אויסגעשיילט פונעם רעליגיעזן לבוש און באַקומען אַ וועלטלעכן תוכן.

דער לערער און הויפּט־פירער פון דער דאָזיקער מאָדערנער שול — וואָס איז צייטווייליק איינגעאָרדנט געוואָרן אין טרליסקער „שטיבל" — איז געווען נח קעצקער, אַ יונגער יידיש־העברעאישער אינטעליגענט, וואָס איז צופעליק געקומען קיין ראַטנע און האָט מיט דער הילף פון דער דייטשער מאַכט געגרינדעט אַ שול. אין דער דאָזיקער שול האָט ער געגעבן די אויבערמאַכט די העברעאישע לימודים און האָט מיט איבערגעגעבענער קנאות פאַרפלאַנצט די אידעע פון ציוניזם און ליבע צו העברעאיש און אירע שאַפונגען.

פון דער דאָזיקער שול איז שפּעטער — ביים אויפקום פון דער פּוילישער מלוכה — אויסגעוואקסן די העברעאישע שול „תרבות", וואָס האָט במשך פון די קרוב 20 יאָר פון איר עקזיסטענץ, דערצויגן די שטעטלשע יוגנט אין אַ נאַציאָנאַלן גייסט און זי אַריינגעפירט אין די גייסטיקע און פּאָליטישע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן.

איך פערזענלעך בין געשטאַנען ווייט פון דער דאָזיקער „תרבות"־באַוועגונג ביי אונדז אין שטעטל און דעריבער בין נישט איך דער באַרופענער צו געבן די נייטיקע אָפּשאַצונג איבער דער דאָזיקער דערציאונגס־באַוועגונג ביי אונדז. איינס, אָבער, וויל איך צוגעבן, אַז די „תרבות"־שול מיט איר גייסטיקן פירער נח קעצקער האָבן זייער אַ סך צוגעטראָגן צו דער גייסטיקער דערהייבונג און אידעאָלאָגישער געשטאַלטיקונג פון אונדזער יוגנט.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט זיך אויך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין אונדזער שטעטל אַ יידישיסטישע שול־טעטיקייט.

די געזעלשאַפטלעך־אידעאָלאָגישע דיפערענצירונגען אין יידישן לעבן האָבן זיך פון יאָר צו יאָר מער פאַרשאַרפט און זיי האָבן אויך אַרויפגעלייגט זייער חותם אויף דער יידישער דערציאונג. געוויסע אידעאָלאָגישע גרופּעס האָבן בשום אופן נישט געוואָלט פאַרזען דעם פּאָטענציעלן כוח פון דער יידישער שפּראַך במשך פון די עטלעכע הונדערט יאָר און האָבן זיך פאַרמאָסטן צו אַ פּלאַנירטער און באַוווסטזיניקער טעטיקייט אויפן געביט פון יידישן שולוועזן. עס איז קלאָר געוואָרן פאַר דער דאָזיקער גרופּע, אַז יידישע קינדער מוזן דערצויגן ווערן אין דער שפּראַך, ווו יידישע שעפערישקייט האָט זיך אַרויסבאַוויזן אין איר פולן גלאַנץ.

דער ערשטער פאַרמעסט אויף אַזאַ דערציאונג זיינען געווען די „יידיש־קורסן" פאַר אַ גרופּע אָרעמע קינדער, ספּעציעל יתומים, וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם „יתומים־קאָמיטעט" אין ראַטנע. לכתחילה איז דערביי קיין שום אידעאָלאָגיע נישט געווען. דער יתומים־קאָמיטעט האָט געהאַלטן, אַז די דערציאונג פאַר דעם יתום, דעם פּראָספּעקטיוון בעל־מלאכה דאַרף זיין אַ פּראַקטישע און אַ גיכע און דעריבער מוז זי געפירט ווערן אויף יידיש, אויף מאַמע־לשון. שפּעטער אָבער,

ווען די דאָזיקע קורסן זיינען געווען זייער באַפרידיקנדיקע, קומט אויף אין די פּראָגרעסיווע יוגנט-קרייזן דער געדאַנק צו שאַפן אַ גאַנצע יידישע שול.

די דאָזיקע אידעע האָט ערשט געשלאָגן וואָרצלען ביי אונדז אין שטעטל אין סוף 1926 יאָר. די וואָגיקסטע סיבות, פאַרוואָס די דאָזיקע אידעע איז צו אונדז געקומען אַזוי שפּעט איז, איינס: די אָפּגעריסנקייט פון דער אַלגעמיינער גרויסער יידישער וועלט און צוויי: דאָס פעלן פון אַ פאָלקסטימלעכער אינטעליגענץ וואָס זאָל זיך באמת אָריענטירן אויף די קולטור-נויטן פון פּשוטן פאָלקסמענטש און בעל-מלאכה. די פאַרשפּעטיקונג אָבער האָט גאָרנישט געשאַדט; פאַרקערט, ווען דאָס שטעטל איז אויך צוגעטראָטן בויען די יידישע שול, איז אויפגעקומען אַזויפיל ענטוזיאַזם און מסירות-נפש סיי ביי דער יוגנט און סיי ביי דעם האַנטווערקערטום, אַז עס האָט אונדז אַלעמען פאַרוואונדערט.

אין סעפּטעמבער 1927 עפנט זיך אויף צום ערשטן מאָל אין שטעטל אַ פיר-קלאַסיקע יידישע פאָלקשול לויטן מוסטער פון די צישאָ-שולן אין פוילן. אויסער דער אָפיציעלער פאַרוואַלטערין ווערט די יידישע פאָלקשול אָנגעפירט דורך אָרטיקע כוחות.

ליבע, ענטוזיאַזם און אומדערמידלעכע אַרבעט האָבן די שולטוער אַריינגעלייגט אין זייער שול, אָבער די שוועריקייטן און מניעות זיינען געווען צו גרויס בכדי צו דערהאַלטן די שול ביים לעבן. עס איז אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן קאַמף סיי מיט דעם עלטערן רעליגיעזן דור און סיי מיט די „תרבות"-קרייזן. איבערהויפּט אָבער האָט די יידישע שול געהאַט אויסצושטיין שיקאַנעס מצד דער פוילישער רעגירונג. אויב די פוילישע שולמאַכט האָט נאָך ווי עס איז טאָלערירט די רעליגיעזע דערציאונג און די ציוניסטיש-העברעאישע שול, האָט זי מיט אַלע מיטלען גערודפט די יידישע שול, וואָס איז געווען צו אַפּיקורסיש-פריי און צו פּראָגרעסיוו-סאָציאַליסטיש. נאָך פיר הדשים עקזיסטענץ איז די יידישע שול אין אונדזער שטעטל געשלאָסן געוואָרן דורך דער מאַכט מיטן אויסרייד, אַז דער לאָקאַל טויג נישט.

די איינציקע שול פאַר די יידישע קינדער איז איצט געבליבן די „תרבות"-שול.



**תרבות שולע אין 1931-32, ביי דעם הויז פון עזריאל.**

זי האָט עקזיסטירט ביי אונדז ביז סעפטעמבער 1939, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן און אונדזער געגנט איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן.

קרוב צוואַנציק יאָר האָט די „תרבות״־שול עקזיסטירט. זי האָט אויפגעהאָדעוועט אַ דור פון יונגע נאַציאָנאַל־וועלטלעכע יידן, אַ קעמפערישע יוגנט, אַ באַוווסטזיניקע, אַ גלויביקע, וואָס האָט מיט הארץ און נשמה זיך פאַרמאָסטן ממשיך צו זיין דאָס ווייטערדיקע יידישע לעבן סיי אין די תפוצות און סיי אין ארץ־ישראל.

די „תרבות״־שול האָט אויך דערמוטיקט אירע תלמידים צו פאָרן אין העכערע לערן־אַנשטאַלטן; אין העברעאישע גימנאַזיעס, אין לערער־סעמינאַרן ממשיך זיין זייער בילדונג. גרויס איז געווען דער ווילן ביי אַ סך אַביטורענטן דאָס צו טאָן, נאָר יחידים האָבן עס צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער סיטואַציע געקענט דורכפירן. טייל האָבן פאַרענדיקט די „תרבות״־גימנאַזיע אין קאָוולע און טייל האָבן געענדיקט די העברעאישע לערער־סעמינאַרן אין ווילנע און זיינען שפּעטער געוואָרן לערער אין די העברעאישע שולן אין פּוילן.



**אמאַליא דרוג**

לאָמיר ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען די דריי לערער־קדושים, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די „תרבות״־שול, געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר און געוואָרן לערער ביי יידן; דאָס זיינען: מאַליע דרוג, בנימין פוגאַטש און יענטע טייטעלבוים.

אין די פייערן פון דריטן חורבן איז דאָס אַלץ אומגעקומען און אויף דעם וויינט דאָס האַרץ און וויל זיך נישט טרייסטן.

מעקסיקע, 16טער מאַרץ 1952.

**ברכה כהן**



# זכרונות

נישט קוקנדיק וואָס די מערהייט פון די באַטייליקטע מיטארבעטער פון יזכור־בוך, האָבן אין זייערע אַרבעטן באַרירט די ליכטיקע פערזענלעכקייט פון דעם גייסטיקן מנהיג פון אונדזער שטעטל — וועלכער האָט באַוויזן איינצופלאַנצן אין די הערצער פון עטלעכע דורות, גלויבן, ליבע און פאַרערונג צו אונדזער פאָלק, לאַנד און שפּראַך — און דאָס איז אונדזער גרויסער לערער און דערציער ה׳ נח קעצקער ע״ה, קען איך נישט, ביים אָנהויב פון מיינע זכרונות וועגן מיין קינדהייט און יוגנט אין ראַטנע, נישט דערמאָנען אונדזער ליבן לערער. איך האַלט, אז ווען נישט דער גליקלעכער צופאַל, וואָס קעצקער איז אָנגעקומען צו אונדז קיין ראַטנע, וואָלט אונדזער שטעטל וואָס איז געווען אָפּגעריסן פון גרעסערע יידישע צענטערן, זיכער נישט אַרויסגעהויבן זיך צווישן די וואָלינער שטעטלעך מיט איר שיינער תרבות־שולע, מיט דער באַוווסטזיניקער און העברעאיש קענענדער יוגנט, מיט אירע אָרגאַניזאַציעס און מיט איר געזונט פולסירנדיק יידיש נאַציאָנאַל לעבן. די מיינסטע דערנערונגען פונעם שטעטל, וואָס ווערן ווייטער אַרויסגעבראַכט, זיינען פאַרבונדן מיט דער פערזאָן פונעם לערער נ. קעצקער, וואָס עד היום דערוועקט זיין נאָמען אין אונדז אַלע אַ יראת הכבוד.

איך בין געווען פון קצקרס ערשטע שילערינס. כ׳האָב אָנגעהויבן ביי אים פון א—ב. אַדאנק זיין פּראַקטישן סיסטעם פון לערנען און ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט צו אונדז, האָבן מיר, אַ קליינע גרופּע קינדער, גיך דערגרייכט מיט אונדזערע קענטענישן צו אַן עלטערער גרופּע, וועלכע האָט ניט אָנגעפאַנגען ביי קצקרן און דער לערער האָט אונדז צונויפגעגאָסן אין איין מחלקה און מיר האָבן שוין צוזאַמען געלערנט און כמעט אַלע פאַרענדיקט די שולע. כ׳האַלט פאַרנויטיק צו דערמאָנען די נעמען פון מיינע האַרציקע און ליבע שול־חברות־ים, וואָס די גרעסטע טייל איז אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע בעסטיעס.

די תלמידים פון דער העכערער מחלקה זיינען דאן געווען: שיינע איציקזאָן, חוה רידער, עמליה דרוג, פרומע לעקאר, דבורה פראַסמאַן, יצחק הערש פוקס, חנאָ מערסיק, לייבל בלאָושטיין ע״ה, אסתר עלבוים, גאָלדע קארנמייל, מינדל כץ (די לעצטע דריי היינט אין ארגענטינע) לייבל באַיאן (מעקסיקע), חיים יוסף גוטמאַן (נ. אַמעריקע) און די שרייבערן פון די שורות.

די ערשטע שולע אונדזערע האָט נישט געהאט די מינימאַלסטע באַקוועמ־לעכקייטן. דאָס שטעטל איז געווען נאָך אַ שרפה, האָט מען נישט געהאט קיין פּאַ־סיקע געביידע, נישט קיין באַקוועמע בענק, און אַפילו קיין לערן־ביכער אויך נישט. אַלע קעגנשטאַנדן זיינען געלערנט געוואָרן אויף העברעאיש. פלעג דער לערער זיך באַנוצן מיט רוסישע לערן־ביכער. ער פלעג בשעת דער לעקציע קוקן אין רוסישן בוך און דיקטירן אויף העברעאיש; און מיר פלעגן שוין דערנאָך אויסלערנען די לעקציע פון די העפטן. כ׳ווייס נישט, צי דאַן האָט מען נאָך נישט געקריגן קיין לערן־ביכער אויף העברעאיש, אָדער אפשר האָט אונדז גאָר דער לערער געוואָלט איינ־שפּאָרן עטלעכע זלאָטעס, וואָס מיר האָבן טאַקע נישט געהאַט. וואָס די סיבה זאָל נישט זיין, איז דאָס געווען זייער נישט באַקוועם פאַרן לערער. אָבער זיינע גרויסע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן, זיין ליבע צו די קינדער, און זיין שטאַרקער ווילן פון „להרביץ תורה בישראל" האָבן גובר געווען אַלע שטערונגען, און די תלמידים פון זיין פּרימיטיווער שול, זיינען געווען אַ ביישפּיל מיט זייער התמדה און קענטעניש (ספּעציעל אין העברעאיש און למודי קודש) אַפילו אין דער העברעאישער „ת ר ב ו ת" - גימנאַזיע אין קאָוועל, ווו אייניקע האָבן דערנאָך גע־לערנט. אַ שטיקל צייט, שוין כמעט פאַרן פאַרענדיקן די שולע, האָט צוזאַמען מיט אונדז געלערנט ברוך אַליצקי פון טריסק, וועלכער איז דערנאָך באַוווּסט געוואָרן ווי אַ טאַלאַנטפולער דיכטער און וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין סאמע בלי פון זיין לעבן און שאַפן. ער איז געווען אין ראַטנע, ביי זיין פעטער, דעם איידעלן און ליבלעכן ייִדן, דעם משכיל און איבערגעגעבענעם ציוני אשר לעקאר.

אין יענער צייט האָט דער לערער, צו דער איבעראַשונג און שטוינונג פון די ראַטנער פרומע ייִדן אָנגעהויבן צו לערנען מיט אונדז משניות „בבא קמא". פאַר־שטייט זיך, אַז אין דעם לערנען האָבן מיר געדאַרפט האָבן ווער ס׳זאָל אונדז אַרויסהעלפן ביים איינחזרן אַ פּרק משניות, און גראָדע וואָלטן כמעט אַלע פאָטערס געקענט אַרויסהעלפן זייערע קינדער אין דעם למוד, זיי האָבן אָבער געהאַלטן, אַז ס׳איז אַן אומזין, און אפשר אַ פּחיתת הכבוד פאַרן הייליקן למוד, צו לערנען אים מיט מיידלעך, און אוים פּראָטעסט נישט געוואָלט צוהעלפן די קינדער (מיין פאָטער איז שוין דאַן נישט געווען צווישן די לעבעדיקע). ברוך אַליצקי האָט דע־מאָלט שוין געקענט משניות, ווייל פאַר זיין קומען קיין ראַטנע, האָט ער געלערנט אין טריסק אין אַ חדר. פלעגן מיר אים שטענדיק בעטן ער זאָל איינחזרן מיט אונדז די לעקציע, און ער, אַמאָל מיט גוטן ווילן, און אַמאָל אפשר מיט באַדויערונג, וואָס ער האָט געמוזט מוותר זיין אויף דער געלעגנהייט צו זיין כמעט דער איינציקער וואָס קען גוט די לעקציע, פלעגט ער מיטן שיינעם טראַדיציאָנעלן גמרא־נגון, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון חדר, מיט אונדז לערנען אַ סוגיא פון רשות הרבים און רשות היחיד, פון שומר חנם און שומר שכר.

נאָך זייענדיק אין ראַטנע האָט ברוך אָנגעשריבן אַ פּאָר שירים און געוויזן דעם לערער קצקר, און ער האָט אים געגעבן אַ גוטע מיינונג וועגן זיי. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי אונדז, קינדער, רעספּעקט צו אים, אָבער דאָך האָט עס אונדז נישט געשטערט, צו וויצלען זיך מיט אים פאַר זיין שרייבן מיט דער לינקער האַנט, און פּראָטעסטירן פאַרן פאַרנעמען בעתן שרייבן אַ טאָפּלט פּלאַץ ביים אַזוי אויך נישט גערומען טיש

אַ קורצע צייט נאָך ברוכס פאַרלאָזן ראַטנע זיינען דערשינען זיינע לידער אין די „ליטעראַרישע בלעטער" און אַנדערע אויסגאַבעס; אונדז האָט עס באמת הנאה געטאָן, און ס׳איז אונדז פאַרבליבן אַן אָנגענעם געפיל פון דער צייט ווען ער איז געווען אונדזערער אַ שול־חבר.

נאָכן פאַרענדיקן די שולע, האָט דער לערער זייער געוואָלט, אז מיר זאָלן פאַר־זעצן אונדזער שטודיום אין דער תרבות־גימנאַזיע אין קאָוועל. צום באַדויערן, האָט אָבער די גרעסטע מערהייט נישט געהאַט קיין עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן דאָס אויסצופירן, און מ'איז פאַרבליבן אין ראטנע, אָבער שטענדיק קולטור־דורשטיקע, און מיטן ווילן און פאַרלאַנג צו באַרייכערן און פאַרטיפן אונדזערע קענטענישן און וויסן. אַפילו יאָרן נאָך דעם, ווי מיר האָבן פאַרענדיקט די שולע. האָט דער לערער אַרויסגעוויזן צו אונדז, צום ערשטן אַרויסלאָז פון זיין שולע, גרויס אינטערעס און ליבשאַפט, ווייל די ערשטע תלמידים זיינע, זיינען דערצויגן געוואָרן אינגאַנצן



אַ גרופּע יוגנטלעכע אין יאָר 1927 — אין אייזיק שטיינבארגס גאָרטן.

אונטער זיין השפעה, אָן דער מיטהילף פון אַנדערע לערער, און ער האָט זיך גע־פילט ווי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזערע מעשים און געזאָרגט פאַר אונדזער וויטערדיקער גייסטיקער אנטוויקלונג. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער זיך נאָכ־פרעגן מיט וואָס מיר פאַרברענגען די צייט, וואָס מיר לייענען, און פלעגט טאַקע כאַפּן מיט אונדז אַ שמועס איבער איבערגעלייענטע ביכער, אונדז רעקאָמענדירן וואָס צו לייענען פון ניי־דערשינענע ווערק, און איבערהויפּט אונדז בעטן לייענען העברעאיש און מיר פלעגן אים טאַקע אויספאָלגן. און ווען אַפילו אַלס יונגע מיידלעך האָט אונדז אַמאָל געלאָקט צו נעמען אין ביבליאָטעק אַ בוך, אַ לייכטן ראָמאַן, פון זייער אַ פּאָפּולערן און דאַן זייער געלייענטן יידישן שרייבער אין פּוילן, וויסנדיק אָבער, אַז דאָס איז נישט לויטן לערערס געשמאַק, און ס'וועט אים פאַרדריסן אויב ער וועט זיך צופעליק דערוויסן וועגן דעם, האָבן מיר דאָס נישט געטאָן. אויך האָט ער געוואַכט איבער אונדז, אַז דער ציוניסטישער געדאַנק, וועלכן ער האָט פון אונדזער קינדהייט אָן איינגעפּלאַנצט אין אונדז, זאָל מיט אונדזער עלטער ווערן אַלץ שלאָגן טיפערע וואָרצלען, און אונדז דערפירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם — עולה זיין אַלס חלוצים קיין א"י.

די ערשטע יאָרן האָט ער טאַקע געהאַט נחת פון זיינע תלמידים. אַלע זיינען גע־

גאַנגען אינעם וועג, וואָס ער האָט זיי געוויזן. די גאַנצע יוגנט איז געווען אַנגעשלאָסן אין ציוניסטיש ־ סאָציאַליסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס. די לאָקאַלן זיינען געווען איבערפולט מיט יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געלייענט און דיסקוטירט וועגן פאַרשידענע אַקטועלע פּראָבלעמען אין ציוניזם, און אויך פאַרהילכט די גאַסן מיט זינגען העברעאישע א״י לידער.

צו אונדזער קרייז האָבן שוין דאַן געהערט אַ חוץ די אויבן־דערמאָנטע שול חברות־ים, אויך די יוגנטלעכע: אַנדזשע גינזבורג, פייצע האָניק, נטע און ניסקע שפּירא, די ברידער פוגאַטש, לייבל גראַבאָוו, יודל מאַרקוזע ע״ה, שרה יאַנאָוויטש (געפינט זיך היינט אין קאַנאַדע מיט איר מאַן מ. ה. שטיינבערג) און אליעזר העלד. (היינט אין ישראל), אייניקע פון אונדזער קרייז האָבן שוין דורכגעמאַכט די הכשרה און געוואַרט אויף זייער תור עולה צו זיין.

פלוצלינג איז געשען אַ איבערברוך אינעם אַרט דענקען און גלויבן פון זייער אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט, א סך פון זיי האָבן זיך פּלוצלינג אַרומגעקוקט, אז א״י קען נישט לייזן די יידן־פראַגע, אַז סוף־כל־סוף איז א״י נישט מער ווי נאָך אַ קאָלאָניע אין דער ענגלישער אימפּעריע, וועלכע איז נאָך דערצו באַזעצט מיט אַראַבער, ביי וועמען מיר האָבן נישט קיין רעכט און ס'איז נישט קיין יושר צוצונעמען זייער ערד, און נאָך אַזעלכע באַוווסטע טענות. ס'קען זיין אַז די יוגנט איז דאַן געקומען צו דעם איבערברוך אויס פאַרצווייפלונג. דאָס לאַנגע וואַרטן אויף סערטיפיקאַטן, וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט טאַקע נישט באַוויליקט צו געבן, און דאָס נישט האָבן קיין



אַ גרופּע יוגנטלעכע 1929 — פון רעכטס: די ערשטע רייע זיצנדיק: פייצע האָניק, שיינע איציקזאָן, ברכה כהן (אַרגענטינע), שלמה פוגאַטש און גיטל קאַרש; שטייענדיק פון רעכטס: מאַליע דרוג, אליעזר העלד (ישראל), ל. באַיאָן (מעקסיקע), מ. שאַפּיר, נ. שאַפּיראָ, פוגאַטש, ה. מערסיק, ליבע אַראָנסאָן.

עקזיסטענץ מעגלעכקייט ביי זיך אינעם אָרעמען שטעטל, האָט זיי געשטויסן אין די אָרעמס פון נייע אידייען אין וועלכע זיי האָבן טאַקע באמת געגלויבט. וואָס די סיבה דערפון זאָל אָבער נישט זיין, איז דאָס געווען פאַר אונדז זייער פיינלעך. צופעליק זיינען די ערשטע און הויפּט־אַנהענגער פון דער נייער אידייע ביי אונדז אין שטעטל

געווען אלע מיינע חברים מיטן אויסנאם פון אליעזר העלד, וועלכער האט פארנומען דעם אמט פון סעקרעטאר אין כמעט אלע נאציאנאלע אינסטיטוציעס און לייבל גראבאוו. דאקעגן מיינע חברות און איך בתוכן, זיינען מיר טריי געבליבן דעם ציוניסטישע געדאנק, און נאך מיט מער עקשנות אנגעגאנגען מיט דער ארבעט לטובת גאולת הארץ, און לטובת דער מאדערנער תרבות־שולע, וואס האט שוין דאן עקזיסטירט ביי אונדז, און וואס האט צוליב דער קלעגלעכער עקאנאמישער לאגע, אין וועלכער א גרויסער טייל פון די יידן אין ראטנע האט זיך געפונען, נישט געקענט זיך פינאנציעל אליין אויסהאלטן, און א טייל פונעם בודזשעט איז געדעקט געווארן פון אונטערנעמונגען און זאמלונגען, אין וועלכע די יוגנט האט זיך אליין באטייליקט.

די חברים אונדזערע וועלכע האבן פארלאזט דעם ציוניסטישן לאגער, האבן אייבער פארשידענע סיבות קיין פאליטישע טעטיקייט כמעט נישט אנגעפירט. זיי האבן אבער יא אנגעפירט א קולטור־טעטיקייט צווישן די ארבעטער מאסן. זיי האבן געגרינדעט א יידישע שולע, וועלכע האט די ערשטע צייט געבראכט א געוויסן שאדן דער תרבות־שולע (ווייל ביז דאן האבן אלע קינדער פון שטעטל געלערנט אין „תרבות”) די חברים ל. בלאוושטיין ע”ה און ל. באיאן זיינען געווארן די לערער פון שול, זיי האבן אראפגעבראכט דעם דאן זייער באוווסטן קעמפער פאר יידיש און טריבון זרובבל און אויך אנדערע רעדנער, איינגעארדנט קעסטל־אוונטן, פארלעזונגען און אזוי ווייטער.

פארשטייט זיך, אז קיין שטארקע אידיליע (איבערהויפט די ערשטע צייט) האט שוין צווישן אונדז נישט געהערשט, אבער דאס חברשאפט אינגאנצן איז ניט איבערגעריסן געווארן, און נאכן דערליידיקן יעדער איינער זיינע געזעלשאפטלעכע און פארטייאישע פליכטן, פלעגן מיר זיך טרעפן און ס'איז אוועק א סדרה דיסקוסיעס, ביז קריגערייען, אזוי טאג־טעגלעך. ביז מיר זיינען געקומען צו א הסכם, אז מ'זאל שוין אויפהערן דיסקוטירן, ווייל מיר וועלן במילא נישט איבערצייגן איינער דעם צווייטן. וועגן ליטערארישע טעמעס אבער איז אונדז געווען זייער אנגענעם צו שמועסן מיט אונדזערע חברים. מיר פלעגן צוזאמען לייענען די שווערע ארטיקלען אין דער דערמאלסטיקער אינטערעסאנטער און באלערנדער דריי חדשימדיקער אויסגאבע אין העברעאיש „התקופה”, דעם וואכנזשורנאל די „ליטעראַרישע בלעטער”, אויך האבן אין יענער צייט דערגרייכט צו אונדז ביכער פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור ווי „די קופע” פון פרץ מארקיש; „מעפיסטא” פון א. צ. גרינבערג און אנדערע. פלעגן אונדזערע חברים מיט אונדז לייענען פראגמענטן אדער קאפיטלעך פון די דאזיקע ביכער, אליין וואלט עס אונדז געווען שווער איינצובייסן, אויך האבן מיר דאן זיך צוגעלערנט ביי אונדזערע חברים, די יידישיסטן, צו שרייבן יידיש לויט דער נייער ארטאגראפיע, און טראץ אונדזער שטארקער ליבע און פארערונג צו העברעאיש, זיינען מיר געווען צופרידן צו קענען שרייבן קארעקט יידיש.

אונדזערע חברים פלעגן אונדז אפילו מזכה זיין מיט ארטיקלען פון זייער „פאלקס צייטונג”. געוויס האבן זיי געהאפט אזוי ארום אונדז איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון זייער אידייע. מיר זיינען אבער נישט געווען פון דעם טיפ „הציץ ונפגע”, מיר האבן זיך בלויז באקאנט מיט דער אידעאלאגיע פון קעגנער, אבער מיר זיינען שטענדיק געבליבן געטריי אונדזער אידעאל.

אויף דער דאזיקער באנייטער חברשאפט מיט אונדזערע לינקע חברים, האבן די עלטערע ציונים, צווישן זיי אויך מיטגלידער פון מיין משפחה, אויך אונדזער ליבער לערער קצקר געקוקט שטארק קרום, ווייל זיי האבן מורא געהאט, אז סוף כל סוף וועלן מיר ארונטערפאלן אונטער זייער השפעה. אבער איבערצייגנדיק זיך אז נישט קוקנדיק אויף אונדזער חברן זיך מיט חברה פון אן אנדער לאגער, איז גארנישט

געמינערט געוואָרן פון אונדזער אַקטיוויטעט און איבערגעבנקייט לטובת אונדזער לאַנד און שפּראַך, האָט מיר אונדזער לערער אַביסל אין שפּאַס אָין גלייכצייטיק מיט צופרידנקייט געזאָגט: „כ'האָב באמת הנאה פון אייער ערנסטקייט און נישט נאָכ־גיביקייט, און איצט האָב איך זיך איבערצייגט אַז דער זאָג פון חז"ל „נשים דעתן קלות" איז אַ טעותדיקער. און פאַר אונדז, איז יעדע גוטע מיינונג פונעם לערער וועגן אונדז געווען אַ פריידיקע איבערלעבונג.

אַזוי האָט דער לערער געלעבט און געווירקט ביי אונדז אין שטעטל ביזן אָנקום פון בלוטיקן מבול, וואָס האָט פאַרטרונקען אין בלוט פון אונדזערע טייערסטע און ליבסטע, דאָס גאַנצע שטעטל. פון אונדזער ליבן לערער און זיין פאַמיליע איז אַפילו קיין זכר נישט געבליבן; ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל נאָך אים אַ יאָרצייט ליכט צינדן און אַ קדיש זאָגן. די איינציקע, וועלכע קענען און דאַרפן אים דערמאָנען, זיינען נאָר מיר, זיינע תלמידים. און אויב, ס'איז אַפילו דאָ נישט דאָס פּאַסיקע פּלאַץ צו ריידן וועגן דעם, וויל איך דאָך זאָגן, אַז ס'איז אונדזער חוב צו זאָרגן, אַז דער נאָמען קצקר זאָל אַ חוץ אין יזכור בוך, פאַראייביקט ווערן אויף אַ ממשותדיקן אופן און דאָס קענען מיר נאָר דערגרייכן פלאַנצנדיק אינעם לאַנד פון זיינע טרוימען און האָפענונגען — ארץ ישראל (צוליב אונדזערע באַשיידענע מיטלען) כאָטש אַ ווועלדל אויף זיין נאָמען. און ס'וועט זיכער זיין לרצון און אין גייסט פון אונדזער גרויסן לערער, ווען אַ מידער דורכגייער וועט צווישן די ביימער פונעם וועלדל, געפלאַנצט אויף זיין נאָמען, הינטער דער ברענענדיקער א"י זון אַ שוץ געפינען, און ווו אַרבעטער נאָך דער אַרבעט, און קינדער נאָכן לערנען, וועלן אין די פרייע טעג געניסן פון דער אָנגענעמער פרישער לופט און מחיהדיקן שאָטן.

זאָל דאָס ביסל זכרונות וואָס כ'האָב דאָ פאַרצייכנט, דינען ווי אַ דערמאָנונג נאָך אַלע מיינע טייערסטע און ליבסטע, וואָס זיינען אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט גע־וואָרן אין מיין געבוירן שטעטל ראַטנע, און ווי אַ צוזאָג שטענדיק זיי צו דערמאָנען און ניט פאַרגעסן, און טראָגן זייער ליכטיקן אָנדענק אין אונדזערע הערצער.



אַ שפּאַציר אין אַ שיפל אויפן טייך פּריפּיעט. פון לינקס: לערער רויזן, גיטל קאַרש, לערער לעווין און אליעזר העלד (ישראל).



**אַ געזעגענונגס־אָוונט פאַר די לערער רויזן און לעווין, ביי גיטל קאַרש אין הויז אין 1933. רעכטס דער ערשטער — ישראל חייט, העכער — לייבל באיאַן.**



מ. אַליצקי

# אַביסל זכרונות

## 1. טריסק און ראַטנע

ביי אונדז אין שטוב האָט מען זייער אַ סך גערעדט וועגן ראַטנע. מיר האָבן דאָרטן געהאַט די איינציקע קרובים אויף דער וועלט: דעם טאַטנס צוויי ברידער און אַ שוועסטער. דערציילט וועגן זיי האָבן מיינע עלטערע ברידער, וועלכע זיינען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען דאָרט צו גאַסט. איך, אַ קינד, האָב זיך צוגעהערט, נישט אַלץ וואָס זיי האָבן גערעדט האָב איך פאַרשטאַנען, און נישט אַלץ איז געווען פאַר מיר אינטערעסאַנט. איך האָב נישט פאַרשטאַנען ווען זיי האָבן גערעדט וועגן דער דייטשער אָקופּאַציע און וועגן זיידן ר׳ שלמה אהרן. מיר איז אָבער געווען אינטערעסאַנט צו הערן וועגן די פעטערס. איינער, דעם טאַטנס אַ ברודער, איז געווען אַ נידעריקער און אַ שוואַרצער און גערופן האָט מען אים אשרקע. דער צווייטער, דער מאַן פון מיין טאַטנס שוועסטער כאַסיע־ברײַנע, איז געווען אַ הויכער און אַ געלער און גערופן האָט מען אים אשר. דער ערשטער אשרקע, האָט קיין קינדער נישט געהאַט. ביים צווייטן איז געווען אַ פולע שטוב, קיין עין־הרע. וועגן דריטן פעטער, שמואל־שמחה, דעם טאַטנס אַ ברודער, איז גאָר שיין געווען צו הערן: צוויי זאַכן טוט ער אין שטוב — האָבן דערציילט די ברידער — ער זאָגט תהילים און מעלקט די בהמה. דאָס ערשטע האָט מיר אויסגעזען נאַטירלעך: אַן אַלטער ייד דאַרף זאָגן תהילים. אָבער ווי טוט דאָס אַ מאַנספאַרשוין אַן אַרבעט פון אַ פרוי? אויך וועגן די מומעס האָבן זיי דערציילט טשיקאַווע זאַכן: די מומע כאַסיע־ברײַנע האָט אַ ליכטיק פּנים מיט רויטע בעקעלעך און קאָן אויף קיין אָרט נישט איינזיצן. רק זי לויפט. פון שטוב אין גאָרטן אַריין, פון גאָרטן אין קראָם אַריין, פון קראָם אין מאַרק אַריין. דאַקעגן די מומע גיטל, דעם פעטער אשרקעס ווייב, האָט אַ פינצטער פּנים, זיצט גאַנצע טעג ביים פענצטער און שווייגט. קיינער האָט נאָך פון איר קיין וואָרט נישט געהערט — נישט קיין גוטס און נישט קיין שלעכטס.

איך האָב שטאַרק געוואָלט זען מיין משפּחה. איך האָב געוואָלט זען מיין טאַטנס

ברידער. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַזוי האָט אויסגעזען מיין טאַטע אַליין, וועלכן איך האָב אינגאַנצן נישט געקענט. איך האָב געוואָלט זיין צווישן אייגענע מענטשן און פילן די משפחהדיקע וואַרעמקייט, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט ביי זיך אין הויז, ווו איך בין געוואַקסן אַ יתום.

דער חשק צו פאָרן קיין ראַטנע איז נאָך גרעסער געוואָרן ביי מיר ווען אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן איז מיין ברודער שמחה געוואָרן אַ חתן פאַר אַ ראַט־נער מיידל. די כלה, בתיה, האָט געלויבט נישט נאָר די ראַטנער מענטשן, נאָר דאָס שטעטל אַליין: ווי קומט טריסק צו ראַטנע! טריסק איז דאָך אַ דאָרף! אין טריסק קאָן מען נאָך אַ רעגן פון שטוב נישט אַרויסגיין. עס שווימט און עס רינט, און ביי די שטיבער שטייען קאַלוזשעס, גרויס ווי אַזיערעס. אין ראַטנע אָבער זיינען שוין דאָ בריקלעך. נאָך אַ רעגן קאָן מען גיין פון איין פּעטער צום צווייטן אַפילו אין די שטעקשיך. מען דאַרף נאָר זיין פאָרזיכטיק און זיך נישט אויסגליטשען. אין ראַטנע איז שוין דאָ עלעקטריע! קיינער זיצט נישט, ווי אין טריסק, ביי די נאַפט־לאָמפּן וואָס נעמען אַרויס די אויגן. און קיין ראַטנע פאָרט מען פון קאָוולע מיט אַן אויטאָ (די ראַטנער רופן דאָס „אַטעם”). עס איז נישט ווי אין טריסק, ווו מען שלעפּט זיך צו דער באַן מיט איטשע נחם שקאָפּע און עס טרייסלט אַרויס די קישקעס פון בויך. קיין ראַטנע פאָרט מען ווי אַ פּריץ! מען גייט צו דער סטאַציע אויפן זאַמד, מען נעמט אַ בילעט ביי שכנאַן און דער „אַטעם” ברענגט דיר גלייך אויפן שאָסיי אַנטקעגן די דרוגס. כאָטש איך בין שוין דעמאָלט געווען אין גרוי־סע שטעט, אַפילו אין וואַרשע, האָט מיר דאָך ראַטנע אויסגעזען וווּנדערלעך וואַרשע איז פאַר מיר פרעמד, איך האָב דאָרטן קיינעם נישט. אָבער אין ראַטנע וווינען מיינע פּעטערס, מיין ברודער. זיי גייען דאָס טרוקענע איבער די בריקלעך אין אַ רעגן, זיי זיצן אין אָוונט ביי דער עלעקטריע, זיי פאָרן מיטן אויטאָ.

איך האָב שטאַרק געוואָלט דאָס זען מיט די אייגענע אויגן.

## 2. מיין ברודער און מיינע פּעטערס

אין טריסק האָבן אַלע געוווּסט, אַז מיין ברודער שמחה האָט גוט חתונה גע־האַט. אמת, דאָס ווייב איז אַביסל עלטער פון אים, אָבער אַז אַ יתום קריגט אין נדן אַ שטוב, אַ גאָרטן, אַ קו, און 50 דאָלאַר מזומן — איז דאָס טאַקע אַ שמאַלץ־גרוב. איך בין שוין אַ יינגל פון אַ יאָר 11-12 און ווייס שוין, אַז פון אַ גרוב קאָן די שמאַלץ אויסרינען. די שטוב און די קראָם זיינען דאָך רעאַלע זאַכן, און אין פאַנטאַזיע שטעל איך זיך פאָר ווי גרויס און שיין די שטוב איז, ווי די פּאָליצעס פון מיין ברו־דערס קראָם ברעכן זיך אונטער דער סחורה.

מיין גוטער ברודער לאָזט נישט איך זאָל לאַנג מאַטערן מיין פאַנטאַזיע. אויפן צווייטן יאָר נאָך דער חתונה בעט ער מיך איך זאָל קומען צו אים אויף וואַקאַציע. ער שרייבט גענוי ווי איך זאָל פאָרן: קומען קיין קאָוולע, אויף דער ראַטנער סטאַציע אויפזוכן שכנאַן, איך זאָל אים זאָגן ווער איך בין, און ער, מיין ברודער, וועט מיך שוין אָפּוואַרטן ביים „אַטעם”.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס זיינען דאָ צוויי ראַטנער סטאַציעס. די אויפן זאַמד איז אַ „גוישעוואַטע”. זי איז פאַר געסט, פאַר לייַדיקגייער, ווי איך אַ שטייגער. דאָ איז דאָ אַ קאַנטאַרקע, מען גיט בילעטן, אַן אָרט, און מען נעמט צו די פּעקלעך, וואָס ווערן אַרויפגעלייגט אין דער הייך. יעדער איינער זיצט באַקוועם און קוקט אַרויס דורכן פענצטערל. אַנדערש איז די צווייטע סטאַנציע אין שטאָט. דאָ איז נישטאָ קיין פענצטערלעך, קיין בילעטן, קיין ערטער. די „סטאַנציע” איז אין אַ פּרי־

וואַטער שטוב ביי אָרעמע מענטשן. די הייזקע איז פול מיט פעקלעך, קאַשיקעס מיט הינער, מיט זעק, פעסער און מיט רויך. יידן, יידענעס שטופן זיך, טרעטן איינעם דעם צווייטן אויף די פיס, שרייען. ווען שכנא פאָרט אָן מיטן אויטאָ הערן אים אַלע ווי דעם קאָטער. קודם וואַרפט מען אַריין אין אויטאָ די פעק און די קאַשיקעס. דערנאָך קריכט מען אַליין אריין און מען בלייבט שטיין, האַלב-זיצנדיק. דאָ האָט מיר אַ יידענע אַרונטערגערוקט אַ פּאַק גלייך אונטערן געזעס, אַז מיטן קאָפּ האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אָן דאַך פון אויטאָ.

— נישקשה — זאָגט זי — אויפן וועג וועט זיך עס איינלייגן.



שאַכנע שטיינבערג

ווען שכנא נעמט אַרומגיין מיט די בילעטן ווערט ערשט אַן אמתער יריד. איינער קאָן דאָס געלט פון קעשענע נישט אַרויסנעמען, אַ יידענע צעשיט די מטבעות פון דער פאַטשיילע, אַ צווייטע לאָזט אַראָפּ די זאָקן ביז די קניען, אַ דריטע שרייט מען זאָל איר געבן דאָס רעשט. שכנא שרייט אויך און דאָס מיט נישט גאָר קיין ריינער שפּראַך. אַלע זיינען דענערווירט און מען לאָזט עס אוים צו שכנאָן.

— קאָנסטו מיך שוין נישט? אַזאַ גרויסער ביסטו עס געוואָרן?!

— צוליבן „אטעם” מיינט ער, אז די גאַנצע וועלט איז זיינע! אז דער אטעם זאָל אים שוין אַרוים!

— האָסט מורא? איך האָב דיר שוין אַ סך אָנגעזעצט?

— האָבט געזען? ער דאַרף שוין זיין אין ראַטנע, און דאָ גיט ער ערשט בילעטן? דער אויטאָ לויפט מיטן שאָסיי קיין בריסק. איך האָב שוין אַ פּאַק נישט נאָר אונטער זיך, נאָר אויף מיינע פּלייצעס ליגן פּעקלעך. דורכן פענצטערל זעט מען וועלדער, זומפּן און ווידער וועלדער. איך האָב וועגן פּאָלעסיע אַ סך געלערנט. עס איז די אָרעמסטע געגנט אין לאַנד. אין אויטאָ רעדט מען וועגן מסחר: שוואַרצע יאַגעדעס און חזיר-האָר. נאָך די יאַגעדעס קומען סוחרים פון בריסק, די חזיר-האָר שיקט מען קיין מעזריטש צו מאַכן בערשטלעך.

מיין ברודערס שטוב איז אַ נידעריקע, ליימיקע כאַטקע, אין געסל ווו עס איז די פּאָטשט. זי באַשטייט פון איין גרויסן צימער. דאָס ווינקל, ווו עס שטייט דער

אויוון רופט מען די קיך. נאָך דער חתונה האָט מיין ברודער געמאַכט, אז די שטוב זאָל אויסזען לייטישער. אַראָפּגענומען דאָס שטרוי פון דאך און געלייגט שינדלען, ארומגעקלעפּט מיט ליים די ווענט, אָפּגעפּארבט טיר און פענצטער. אָבער אַנטקעגן דער הויכער גרויסער שטוב פון נגידישן שוסטער זעט זי אלץ אויס נעבעכדיק. אין שטוב שטייען אַ פּאָר נייע ניקלנע בעטן, אַ סאָפקע, אַ טיש מיט שטולן, און דאָס וויגעלע פארן קינד. מיטן יונגן פּאָרפאָלק וווינט אויך מיין ברודערס שוויגער — אַן עלטערע פרוי מיט אַ זויער פּנים. זי שלאָפט אין בעט נעבן אויוון, זי קאָכט, באַקט, היט אָפּ די בהמה און דעם גאָרטן. זי האָרעוועט זייער אַ סך און נאָך דער אַרבעט גייט אַוועק דאָס גאַנצע שלעכטסקייט פון איר פּנים. מיט פרייד דערלאַנגט זי דאָס פרישע ברויט צום טיש, די לאַדושקע מילך און האָט הנאה וואָס מען עסט עס מיט אַפּעטיט. מיר איז גוט ביים ברודער אין שטוב. עס היט מיך אָפּ אַ שווע־גערן בתיה און נאָך מערער איר אַלטע מאמע. מילכיקס איז דאָ לרוב, גרינסן אויך. דאָנערשטיק, פרייטיק און שבת עסט מען פליישיקס. עס איז מיר צום האַרצן דאָס משפּחהדיקע לעבן: דער טומל פון מענטשן, דאָס האַוועניש אַרום דעם קינד, דאָס עסן צוזאַמען וועטשערע.

איך בין געווען ביי צוויי פעטערס, ביי אשרן און ביי שמואל־שמהן. דער פע־טער אשר איז אַ הויכער ייד מיט אַ גלאַט־פאַרקעמטער געלער באָרד און שטרענגע בלויע אויגן. זיין הויכע פיגור גיט אים אַ שטאָלצקייט און הייסט האָבן דרך־ארץ. ער איז אַ גרויסער קענער פון העברעיש, אַ הייסער ציוניסט און לייענט דעם „היינט". די קינדער האָבן מורא פאַר אים און זיינס אַ וואָרט איז פאַר זיי אַ באַפעל. אין שטוב הערשט אַ פּאַטריאַרכאַלער גייסט. זיין באַפעלערישע האַלטונג האָט אָבער נישט קיין שליטה אויף זיין ווייב, אויף דער מומען, כאַשע־בריינע. פאַרקערט, ווען עס קומט אריין די מומע מיט איר הייסער רירעוודיקייט און באַרעדעוודיקייט ווערט דער פעטער אזוי ווי נידעריקער, איינגעבויגענער און זיין פּנים שיינט אויף



אַ יוגנט גרופּע אין 1930

מיט אַ מילדער נאָכגעביקייט: מיר דוכט זיך, אַז די מומע קאָן מאכן עס זאָל שמייכלען אַ מענטש ווען ער איז אין דער ערגסטער שטימונג. זי איז אַרויפגעפאלן אויף מיר מיט אַזאַ קושעניש און מיט אַזויפיל גוטע רייד, אַז טרערן זיינען מיר געקומען אין די אויגן. לאַנג האָט מיך מיין מומע נישט געהאלטן. דאָ איז אין קראָם אַריינגעקומען אַ קונה, דאָ ווערן די אוגערקעס פאַרברענט פון דער זון, דאָ דאַרף זי געבן אַ „מי־שברך" שמחהן, וואָס האָט דאָס בערשטל פון די שיך איבערגעלאָזט אויפן טיש. אין גרוים יאָגעניש האָט זי דערווייל אַנגעשטעלט אַ פולן טיש פאַר מיר, אַוועקגעזעצט דעם פעטער ער זאָל ריידן, די קינדער זיי זאָלן מיך פאַרווײלן. איך האָב זיך געפילט צווישן אייגן בלוט און פלייש. אַנדערש איז אין הויז פון פעטער שמואל־שמחה און דער מומע חוה. אין שטוב האָבן זיי נישט די דעה, נאָר זייער טאָכטער, מאַריידקע. זי איז נאָך אַלץ די בת־יחידהקע, וואָס טאַטע־מאַמע ציטערן איבער איר, כאָטש זי האָט שוין אַליין קינדער. דער פעטער גייט אַרום מיטן תהילים אין האַנט, אַ שטילער, אַ שווייגנדיקער און קוקט אויף אַלעמען מיט אויגן פון אַ לעמעלע, וואָס בעטן זיך: טשעפּע מיך נישט! די מומע פרעגט עצות ביי דער טאָכטער, און טוט וואָס די טאָכטער הייסט. אָבער מיט די קינדער, זע איך, קאָן זיך די טאָכטער אליין נישט קיין עצה געבן. פאַר מיר וויל זי ווייזן, אַז זי האַלט זיי שטרענג, אויפן מאָדערנעם אופן. אָבער ווען זי זאָגט דעם קליינעם שלמהלען ער זאָל טרינקען פון גלאָז — טרינקט ער דווקא פון טשייניק. ווען זי הייסט אים נישט שמוציק מאכן די נייע סאָפקע — טאָפּטשעט ער דווקא מיטביידע פיסלעך אויף איר.

עטלעכע מאָל האָט מיך מיין קוזינקע געבעטן קומען אויף מיטיק. דערביי האָט זי צוגעגעבן, אַז מיטיק ביי זיי אין הויז מיינט 2 ביי טאָג, ווי עס פירט זיך ביי מענטשן. און דער מיטיק איז אַ פליישיקער, כאָטש עס איז אַ פּראָסטער מיטוואָך. און אַלע עסן צוזאמען, ווי עס פירט זיך אין באַלעבאטישע הייזער. ווען איך בין געקומען צום מיטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַזביים טיש איז קיינער נישטאָ. דער מאַן איז אַוועקגעגאנגען. די קינדער זיינען זיך צעקראָכן, דער פעטער מיט דער מומען זיינען אויך נישטאָ. בין איך אַליין געזעסן ביים טיש און מיין קוזינקע האָט זיך אַרום מיר געפּאָרעט ווי עס וואָלטן געזעסן אַ מענטשן צען.

מיינע אַלע פעטערס ווינען אין צענטער פון שטעטל, אין מאַרק. דער מאַרק אין ראטנע איז אנדערש ווי אין טריסק. די קראָמען זיינען צוזאמען מיט די וווינונגען און שטייען אין גלייכע שורות. זיי בילדן אַ גרויסן קוואַדראַט און אַ קליינעם דרייעק. דער דרייעק איז צוגעשטעלט צום קוואַדראַט מיט דער קלענערער זייט. די הייזער זיינען מאַסיווע, אויף הויכע פונדאמענטן, אַזוי אַז מען דאַרף אַרויפגיין אויף הילצערנע טרעפּלעך. די טרעפּלעך בילדן בריקלעך, ווו אין די הייסע טעג באַהאלטן זיך קעץ, הינער און היימלאָזע הינט. אונטער די בריקלעך האָבן זיך יידן באַהאַלטן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ראטנע איז געוואָרן באַשאָסן פון די דייטשן. אין מאַרק ווינען די באַלעבאַטים. אין קוואַדראַט פון מאַרק געפינט זיך די אַפּטייק, שפּיראַס ווייַן־קראָם, יאַנאָוויטשעס געשעפט, עס ווינט דאָ מיין פעטער אשרקע און מיין ברודער האָט די קראָם. אין דרייעק ווינען מיינע פעטערס, די גרינשטיינס, די בעקערמאַנס, זכריה. פון איין זייט מאַרק גייט מען מיט עטלעכע קורצע געסלעך אַרויף צום שאָסיי. פון דער צווייטער פירן צוויי לאַנגע גאַסן צו פּאָלעסיער דערפלעך. דאָ געפינט זיך די העברעישע שול, עטלעכע קוזניעס, די פייערלעשער. הינטער די שטיבער פון מאַרק ציען זיך גערטנער און אַ לאַנגע דאַרע גאַס פירט אַוועק צו אָרעמע נידעריקע הייזלעך, וואָס שטייען האַלב אין בלאָטע. דאָ שטינקט מיט גאַרבאַרניע, מיט פאַרטרוקנטע בלאָטעס און צעשטויסענע קאָרע. איך האָב ליב געהאַט צו זיצן מיט מיין ברודער נעבן זיין קראָם אויף צוויי

קעסטלעך. און קוקן אין מאַרק אַריין. איך האָב געזען יידן אין אָפּגעטראָגענע קליידער זוכנדיק אַ פויער מיט חזיר־האָר, דעם יונגן יאַנאָוויטש, וואָס פּאָרט ווויליונגעריש אויפן ראָווער; אַ מיידעלע גייט אַרויס מיט אַ ליאָדע פון ניסן שפּיראָס קראָם; דער לערער קעטשקער שפּאַצירט מיט געלאַסענע טריט און האָט הנאה פון זיין וואַקאַציע. שפּעטער איז אָנגעפאָרן אַ גייער מיט שמאַטעס. די פור האָט זיך געטרייסלט אין דער געלער שווערער היץ און אויפגעוועקט מיין ברודער פון דרימל. מיין ברודער פלעגט זיך אויסציען, אויסגעניצן און, זעענדיק, אַז קיין קונים קומען נישט, האָט ער מיר גענומען דערציילן וועגן די ראַטנער משפּחות. וואָס זיי טוען, ווי זיי לעבן, ווער מיט וועמען עס קריגט זיך, און זייערע צונעמענישן, ווי חודש, טייסטער. ער האָט מיר אויך דערציילט פון אונדזערע פעטערס און נישט אָן קנאה געריידט וועגן אשר פּערלמוטער, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַלע „גאַיאָוועס". זיי די „גאַיאָוועס" מאַכן דאָס אים רייכער פון טאָג צו טאָג. ביז עס איז געקומען בתיה און אים געבראַכט עפּעס אַ קיי הינטערן פאַרטוך. מיט איר איז געקומען די שוואַרצע אסתרקע און דער ווייסער יודל־מאירקע. די קראָם איז פול געוואָרן מיט קינדערישער פרייד. לאָמיר נישט פאַרגעסן און דערציילן וועגן דריטן פעטער אשרקע און וועגן דער מומע גיטל. די, וואָס האָבן קיין קינדער נישט געהאַט. ער איז געווען אַ גידעריקער, די הענט שטענדיק פאַרשמירט מיט שוואַרץ פון יאַגעדעס און די אַרבל מיט חזיר־האָר. איך האָב זיך געפרעגט ווי אַזוי דער פעטער קאָן דאָס זיין אַ סוחר, אַז ער רעדט אַזוי ווייניק. נאָך מער אויסטערליש איז געווען די מומע גיטל. שטיל ווי אַ טויב, מיט שטילע גוטע אויגן און קיין וואָרט הערט מען נישט פון איר. איין און איינציק מאָל בין איך געווען ביי זיי אין שטוב. אין אַ שבת־פאַרנאַכט, געדענק איך, האָט מיך דער פעטער גענומען אין בית־מדרש אַריין, נישט איך האָב גערעדט צו אים, נישט ער צו מיר. געדאַוונט האָט ער שטייענדיק ווייט פון מענטשן. ער האָט דערביי אויסגעכאַפּט אַלע פליגן פון דער שויב. געכאַפּט און גלייך אָפּגעלאָזט. אין שטוב האָבן מיר געטראָפן דער מומע גיטל ביים פענצטער.

— דאָס איז מאַטעסל, נחמנס מוזיניק.

דאָס זיינען געווען די איינציקע ווערטער וואָס כ'האָב געהערט פון פעטער. די מומע האָט נישט געענטפערט. אָן ווערטער האָט זי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ טעלער מיט זויערמילך, חלה, גרינע ציבעלעס און אָן ווערטער האָט זי זיך ווידער אַוועקגעזעצט ביים פענצטער. מיר איז געווען פיינלעך, אָן ווערטער בין איך אַרויס פון שטוב.

## 3. יאַנאָוויטשעס בריקל

עטלעכע יאָר האָב איך פאַרבראַכט מיין וואַקאַציע אין ראַטנע. עס איז מיר גוט געווען ביים ברודער און גוט ביי דער מומען כאַסיע־ברײַנע. ביי דער מומען האָב איך זייער ליב געהאַט צו נעכטיקן. איך בין געשלאָפן אין פאָדערשטן גרויסן צימער אויף דער סעראַטענער קאַשעטקע, ווו דאָס פענצטער איז געווען קעגן די גרינשטיינס. אינדערפרי האָבן מיך אויפגעוועקט די גרינגע טריט פון דער מומען. דאָס איז זי געגאַנגען אַרויסלאָזן די קו. איך האָב געעפנט די לאָדנס און אַ יונגע שיין האָט מיר פאַרגאָסן די אויגן. איבער די הייזער איז געהאַנגען אַ גרינגער נעפּל און דער דאַך פון די בעקערמאַנס האָט געגלאַנצט מיט גרין. ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט צו כאַפּן ווידער אַ שלאָף איז אויפן בענקל געשטאַנען אַ גלאָז פרישע איארעמע מילך.

איך האָב געהאַט אויך פּראָבלעמען. זיי זיינען געווען חברים און מיידלעך.

ראטנע איז געווען שטאַרק ציוניסטיש און איך בין געווען אַ יידישיסט. אַפילו מיט מיין אייגענעם קוזין שמחהן האָב איך נישט געקאָנט ווערן נאָענט. בייטאָג — יאָ. זיינען מיר אַרומגעגאנגען, גערעדט, אָבער אין אָוונט איז ער אַוועק צו די חלוצים אין קלוב און איך בין געבליבן אַליין. נישט איינמאָל האָט ער מיך גערופן: קום, וועסט זען שיינע מיידלעך, איך בין אָבער געווען פאַרביסן, אַפילו צוליב אַ מיידל וועל איך נישט גיין אין אַ ציוניסטישן קלוב!

דאָס מיינט נישט, אַז אין ראטנע זיינען נישט געווען קיין יידישיסטן. געווען אַ גאַנץ גרויסע גרופּע, וואָס האָט אויך געהאט אַ ביבליאָטעק. ביבליאָטעקארין איז געווען גיטל קאַרש, אַ שיין אָנגענעם ווייבל. געווען דער שטענדיק שמייכלענדיקער באיאן, וואָס האָט זיך שפּעטער געלערנט אין ווילנער לערער־סעמינאר. געווען ניסן שפּירא. זיי זיינען אָבער אַלע געווען עלטער פון מיר. זיי זיינען שוין געווען גרויסע.



פון רעכטס: וועלוול אברך, הירשל מערסיק (ביידע אומגעקומען) און ישראל האָניק (אַרגענטינע)

מיט דער צייט איז אויך דער פּראָבלעם געלייזט געוואָרן. עס האָבן זיך אָפּגע־זוכט יידישיסטן אויך אין מיין עלטער. מיין ערשטער חבר איז געווען אהרן־יענקל גינזבורג. אַ ווילער גוטמוטיקער יינגל, וואָס וואָלט פאַר יענעם די נשמה אַוועק־געגעבן. ער האָט זייער שיין געשפּילט פידל. טייערע אָוונטן האָבן מיר געהאט אין זיין קליינעם נידעריקן כאַטקעלע. דערנאָך בין איך נאָענט געוואָרן מיט וועלוול אברך און הערשל מערסיק. דער ערשטער האָט געוווינט נעבן מיין פּעטער אשר. דאָס, וואָס אונדזערע פאַמיליעס האָבן געפירט ברוגזן ווייל איינער האָט ביים צווייטן צוגענומען דעם קונה, האָט נישט געשטערט אונדזער פריינטשאַפט. איך האָב וועלוולען ליב געהאט צוליב זיין ריינקייט און זויבערקייט. די שיך האָבן ביי אים שטענדיק געגלאנצט, די הויזן זיינען געווען געפּרעסט און אין קעשענע האָט ער כסדר געהאט אַ קעמעלע צו די האָר. ער האָט געהאט ברוינע גוטע אויגן און גע־רעדט שטיל, מיט האַרץ, פּונקט אַזאַ שטילער און איידעלער יינגל איז געווען הערשל מערסיק. ער איז געווען אַ שווייגער, ליב געהאט צו לייענען. לאַנגע שבתים זיינען מיר אָפּגעלעגן ביי הערשלען אין סאָד. ער האָט געשמייכלט און פון יעדן בוים מכבד

געווען מיט פירות. נאָך דער באַקאַנטשאַפט מיט וועלוולען און הערשלען איז אויך געלייזט געוואָרן דאָס פּראָבלעם פון מיידלעך. עס איז געלייזט געוואָרן ביי יאַנאָ־וויטשן אויפן בריקל. נאָך ניין אזייגער, ווען די קראָם איז פאַרמאַכט געוואָרן איז אַרויסגעקומען פייגע, אַן אויסגעפּוצטע, אַ פרישע, עס זיינען געקומען אַנדערע, און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט שפּאַצירן. עס געדענקען זיך די ליכטיקע זומער־נעכט אויפן ראטנער שאָסיי. די לבנה איז ריין, ווייס. פון די זומפּן הויבן זיך דינע ליילעכער. עס איז שטיל. פון שטעטל זען זיך נאָר די גלאַנציקע דעכער און די לאַמטערנס. אויפן וועג לאָזן זיך אַרויס לאַנגע שורות יונגווארג. מען זינגט, מען לאַכט. אין ווייסן ליכט זיינען די ווייסע מיידלשע בלוזקעס נאָך ווייסער. איין גרופּע זינגט: „מדוע העולם הפוך כל־כך”. די צווייטע — „זאָל זיין, אַז איך בוי אין דער לופט מיינע שלעסער”. אין אַלע לידער איז טרויער און פּרעטענזיע. דאַ פאַרגעסט מען אויך, אַז מען איז העברעיסטן און יידישיסטן. ווען מען באַגעגנט זיך שטויסט מען זיך אָן, מען פאַרטשעפּעט איינער דעם צווייטן. שפּעטער ווערן די שורות קלענער. זיי שפּאַלטן זיך, פּערטלען זיך, אַכטלען זיך, ביז עס בלייבט צו צוויי. אונדזער גרופּע קערט זיך אום דערנאָך צו יאַנאָוויטשעס בריקל. דאָ זיצן מיר שפּעט, שפּעט. עס איז מיר נאָר זייער נישט צום האַרצן, וואָס מיין מומע דאַרף אַראָפּגיין אַזוי שפּעט פון בעט און מיר אויפמאַכן די טיר.

## 4. ק ד ו ש י ם

עס איז מער נישטאָ מיין ברודער שמואל־שמחה
עס איז נישטאָ זיין ווייב בתיה מיט איר מוטער
עס איז נישטאָ די שוואַרצע אסתרקע און דער ווייסער יהודה־מאירקע
עס איז נישטאָ דער פעטער אשר און די מומע כאַשע־ביינע,
עס זיינען נישטאָ זייערע קינדער און זייערע קינדערס קינדער.
עס איז נישטאָ דער פעטער שמואל־שמחה און די מומע חוה,
עס איז נישטאָ זייער טאָכטער און דער טאָכטערס זון,
עס איז נישטאָ דער פעטער אשרקע און די מומע גיטל
עס איז נישטאָ אהרן־יענקל גינזבורג, וועלוול אברך, הערשל מערסיק.
נישטאָ די שפּיראָס, די בעקערמאַנס, די גרינשטיינס.
נישטאָ דער לערער קעטשקער און נישטאָ איז פייגע יאַנאָוויטש;
נישטאָ די העברעאיסטן, נישטאָ די יידישיסטן,
נישטאָ די גרויסע עדה ראטנער יידן.
ליבער ליי‫ענער, לייען די נעמען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, לייען זיי שטיל,
דאָס זיינען די נעמען פון קדושים.

ישראל האַניק

# דאָס טרויעריקע געזאַנג

אין אָנדענק פון מיין ליכטיקן פאָטער **ז כ ר י ה ו.**

וועז זוסמאַן איז געקומען פון זיין אַרבעט, צו עסן מיטיק, האָט ער געטראָפן זיין פרוי, אַ טויט־ערנסטע, מיט אַ בלאַסן געזיכט. די אויגן זיינען געווען ביי איר פאַרוויינטע, אַן אומעט איז ווי געווען אין זיין הויז און אַלץ אַריינגעפירט אין טרויער, די צימערן זיינען נישט געווען אויפגערוימט ווי אַלע טאָג, עפּעס האָט גע־ווירקט, עפּעס איז געשען. און ווען ער האָט אָנגעהויבן נאָכפרעגן זיך ביי איר, דאַן האָט ער שוין אין ענטפער געוווסט אַז עפּעס האָט פּאַסירט...

זיין טעכטערל וואָס איז געווען אין הויף, דערהערנדיק דעם פאָטערס קול איז אַריינגעלאָפן און זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיינע אָרעמס ווי שטענדיק, און אים גלייך דערציילט פון אַ בריוו, וואָס דער בריוו־טרעגער האָט אָפּגעגעבן דער מוטער, און די מאַמע האָט געוויינט...



ר׳ זכריה האָניק, אַ סוחר פון רויכ־וואַרג און אַנדערע אַרטיקלען

שטיקנדיקע טרערן האָבן אים געוואָרגן אין האַלדז, דער קערפּער האָט אָנגע־הויבן ציטערן. ווי אומגלויבלעך די טראַגישע ידיעה איז. שכנים זיינען אַריינגעקומען און אים באַרואיקט. זוסמאַן איז ווי געפּלעפט געוואָרן, זיצנדיק אַזוי ביי דעם טיש מיט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. שווערע נעפּלהאַפטע פאַנטאַזיעס האָבן זיך אים פאַר־

געשטעלט, דאָרט, אין יענע ווייטן אין זיין נאָענטער און האַרציקער היים איז האַרץ רייסנדער טרויער, פיינלעכע טראַגעדיעס שפּילן זיך אָפּ אין זיין פאַמיליע...

אַ דערדריקנדיקע שטילקייט פול מיט ערנסט, עפּעס האָבן אַלע אָנווענדע אַזוי רחמנותדיק געקוקט, יעדער איז געזעסן אויף זיין פּלאַץ, און מיט די בליקן באַדויערט אָט די טרויעריקע נייעס. ס'איז ווי אויסגעקומען, אַז אַלע טראַכטן און באַנעמען איצט דעם טויט, וואָס קומט אַזוי מיסטיש אין דער אייביקייט, מיט זיין אויסטער־לישן געשטאַלט.

עס שוועבן געדאַנקען אין זיין מוח, אָט זעט ער זיין פאָטערס געשטאַלט, זיין געמיטלעך געזיכט, מיט זיינע כאַראַקטעריסטישע שטריכן. ער דערמאָנט זיך כרונות איינצעלהייטן פון זיין יוגנט, פון דער היים, פון ברודער און שוועסטער...

ווי נאַטירלעך ער האָט דאָס באַגריפט און באַנומען, ווי פּשוט דער מענטש דאַרף זיך צופּאַסן צו די אומשטענדן. אין פאַרלויף פון יאָר־טויזנטער, און דאָך, אַזאַ צערפולער יאושדיקער אומעט, מיט שרעקלעכע קאָשמאַרן, וואָס פירן דעם געדאַנק אין דעם וועלט לאַבירינט, און פרעגן און זוכן אַן ענטפער אויף לעבן און טויט — און וואָס איז די שפּיל פון זיין און פאַרגיין — — —

זוסמאַן איז אַזוי געזעסן פאַרזונקען אין טרויעריקן טראַכטן אַ לאַנגע ווילע. ביז זיין טעכטערל האָט אים איבערגעריסן, און געבעטן אַז ער זאָל איר גיין לייגן שלאָפן, און איר זינגען ווי די געוווינהייט איז, ביז זי ווערט אַנטשלאָפן. ער האָט איר געמוזט צוליב־טאָן ווי שטענדיק, און ער איז אַריין אין צימער אַנטשלעפן איר.

— פאַפּיטאָ זינג, — האָט זי אָנגעהויבן יעדע ווילע, און ער האָט געמוזט זינגען, אויסזינגען זיין טרויער, און ווייטיקלעך געמיט, וואָס האָט אַזוי געדריקט ביז פיינלעכע ווייטיקן.

זינגענדיק אַזוי האָט ער זיך דערמאָנט זיינע קינדער־יאָרן, און דאָס געוואַל־דיקע צערטלען פון זיינע עלטערן. דער זעלבער וועג און דער זעלבער ציל וואָס פירט די גאַנצע וועלט אין אָפּגרונט, — אָבער מען מוז זינגען אין אַלע אומשטענדן, אין אַלע צייטן, דאָס לעבן זינגט. אזוי האָט זוסמאַן געטראַכט פאַרחלומט, און געזען פאַר זיך די רעאַלע ווירקלעכקייט אין אָט דעם טרויעריקן געזאַנג. ס'איז אַ טריבער האַרבסט - טאָג, אַ בייזער ווינט מיט אַ דריבנע רעגנדל פּאַטשט אין פּנים, אין שטעטל איז אַ לויה, מענטשן גייען און באַגלייטן, און מוטערס, פאָטערס וויגן איין זייערע קינדער. און הפקר איז דאָס געוויין און דאָס צער פון דער פאַמיליע. ס'בלייבט אַ ווייטיק אַ פאַרלוסט. ביז דער פאַרגעסנקייט, וואָס קומט שטענדיק. און דער פּראָצעס פון זיין צייט גייט זיין וועג, אין לעבנס־רוים...

(געדרוקט „מאָרגנצייטונג“, 1940).

איסר קאַמינסקי



# זכרונות פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט

געווען אַמאָל אַ שטעטל, וואָס האָט געאָטעמט מיט יידיש לעבן און וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ צווישן די הונדערטער און טויזנטער יידישע שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע און פּוילן.

איך טראָג מיך אַריבער אין מיינע זכרונות צו יענער צייט מיט העכער דריי צענדליק יאָר צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, און איך האָב פאַרלאָזט מיין געבוירן־שטעטל ראַטנע און מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין דער קרייז־שטאָט קאָוולע. ס׳האָבן זיך אָבער אין מיין זכרון איינגעקריצט אַזויפיל זאַכן, מענטשן און געוווינהייטן, וואָס בעטן זיך מען זאָל זיי פאַראייביקן.

עס דערמאָנט זיך מיר דאָס סטעפּינער שטיבל וואָס איז געווען גרויס, באַלויכטן מיט פענצטער פון אַלע ווינקעלעך. לענג אויס פון שטיבל, פוןביידע זייטן, שטייען די הרובעס וואָס פלעגן אום ווינטער אויסגעהייצט ווערן. עטלעכע בחורים וועלכע האָבן שוין פאַרלאָזט די חדרים פלעגן זיצן און לערנען. דערנאָך דערמאָנט זיך מיר די שטוב, וו עס פלעגט איינשטיין דער סטעפּינער רבי, ווען ער פלעגט קומען אין אונדזער שטאָט. אין די ווינטערדיקע שבתים פלעגט די שטוב פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן עזרת נשים און אונדזערע מאַמעס האָבן דאָרט געדאַוונט. נאָך דער שטוב איז געווען אַ פּלאַץ וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס „נייע שטיבל" פון דעם אַלטן סטעפּינער שטיבל וו עס פלעגט שטיין אַ פאַס מיט וואַסער אין וועלכן יידן פלעגן אָפּטונקען זייערע הענט נאָך נקיות. מיר, קונדייסים פלעגן אין די שמחת־תורהדיקע ביינאַכטן אַראָפּלאָזן ברעטלעך מיט אָנגעצונדענע ליכטלעך און פלעגן אויסזינגען מיט התלהבות: קול־מבשר, מבשר ואומר, אַליין נישט ווויסנדיק צוליב וואָס מיר טוען דאָס. דאָס אַלטע סטעפּינער שטיבל איז געווען פאַר אונדז קינדער איינגעהילט אין אַ שלייער פון געהיימניש. עס פלעגן אַרומגיין גאַנצע לעגענדעס פון דעם אַלטן שטיבל, דאָרטן איז געשטאַנען דאָס בעט, די שטול און טיש פון דעם ניעסכיזשער צדיק ר׳ יצחק ז״ל. די באַבעס און זיידעס פלעגן דערציילן זיינע גרויסע מופתים וואָס ער פלעגט פּראַווען, אַלטע יידן פלעגן אויך דערציילן פון דעם שטרייט וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן דער נעסכיזשער דינאַסטיע און דעם טריסקער הויף. אונדז קינדער, האָט זייער געלאָקט צו וויסן וואָס עס טוט זיך דאָרטן, און מיר פלעגן דורך די שפּאַלטן פון די צעבראָכענע לאָדנס אַריינקוקן אינעווייניק. אָדער גאָר נאָכלויפן ר׳ חיים דעם שמש, וואָס איז געווען שמש סיי אין דער גרויסער שול, סיי אין סטעפּיניער שטיבל, ווען ער פלעגט אַהין אַריינגיין. מיר פלעגן בשעת מעשה טראַכטן: זע נאָר, ווי ער האָט גאָר נישט מורא צו גיין אַהינצו.

געווען אַ נידעריק קליין יידעלע דער ר׳ חיים שמש, מיט אַ שוואַרץ בערדל. ער

פלעגט מיט באַזונדערן פּיעטעט אָפּהיטן די ריינקייט פון די אויבנדערמאָנטע בתי־תפילות. ווען מען פלעגט אַריינקומען ערב שבת אין שול פלעגט פון אַלע ווינקלעך בלאַנקען די זויבערקייט.

פּרייטיק בייטאָג, גלייך ווי די יידן פלעגן פאַרלאָזן די בתי־מדרשים, פלעגט זיך ר׳ חיים נעמען צו דער צוגרייטונג לכבוד שבת. ר׳ חיים איז געווען פון די יידן וואָס האָבן געהאַלטן פון המאחרים לצאת מן השבת וממהרים לבוא. פלעגט מען טאַקע זען אַז באַלד נאָך דעם פרייטיקדיקן ראַסל־פלייש ווען יידן פלעגן גיין אין שטיבל זאָגן שיר השירים אָדער מעביר זיין די סדרה פון דער וואָך, זיינען שוין געשטאַנען די טישן פאַרשפּרייט מיט ווייסע טישטעכער, די לייכטער צעשטעלט איבער דער לענג פון די לאַנגע טישן. איך דערמאָן זיך ווען מען האָט אין דער גרויסער שול און אין סטעפּעניער שטיבל איינגעפירט די גאַז־לאָמפּן, מיט וואָס פאַר אַ צופרידנקייט פלעגט ר׳ חיים לויפן אויפן לייטערל און פלעגט אָנצינדן איין לאָמפּ נאָך דעם אַנדערן, גרויס איז געווען די פרייד פון ר׳ חיימען, ווען יידן פלעגן קומען צו קבלת־שבת אויסגעפּוצטע, אויסגעצוואָגענע, מיט די שיינע אויסגעקעמטע בערד. גרויס פרייד האָט אויך ר׳ חיים געהאַט אַז עס פלעגט אים געלינגען צו באַזאָרגן אַלע אורחים וואָס פלעגן זיך געפינען אין שטעטל שבת.

און אָט דערמאָן איך זיך:

מיט געמאָסטענע טריט גייט ר׳ בן ציון שטיינגאַרטן ע״ה פון זיין מזרח ווינקל צום בעלעמער, נעבן אים אַ פּאָר חשובע בעלי־בתים. איינגעוויקלט אין זייערע לאַנגע טליתים, מיט די זילבערנע עטרות אויף די קעפּ. מיט אַ ציטערדיקער שטימע הייבט ר׳ בן ציון אָן צו זאָגן דעם „יהי רצון" פון ראש חודש בענטשן. דער שיינער ייד און למדן ר׳ בן ציון, האָט געהאַט אַ חזקה ראש חודש צו בענטשן. אַליין האָט ער געשטאַמט פון אַ דאָרף נאָענט פון ראַטנע, אירניק האָט עס געהייסן, ער האָט אָבער פון זיין פריעסטער יוגנט אַרויסגעוויזן גרויס חשק צום לערנען. און ווי עס האָט מיר דערציילט מיין מאַמע, אַ לייבלעכע קוזינע פון ר׳ בן ציון, פלעגט ער פאָרן קיין ראַטנע און דאָרטן לערנען מיט ר׳ יוסף לייבענו דעם דיין. שפּעטער ווען ער איז געוואָרן ר׳ שלמה יואל דעם שוחטס איידעם, פלעגט ער מיט זיין שווער לערנען, היינט בענטשט ר׳ בן ציון ראש חודש. ער פלעגט שטענדיק זאָגן די תפילות מיט אַזויפיל מתיקות, אַז מען פלעגט פילן בפועל ממש, אַז ער וויל „אויף כוח" אַרויסרייסן ביי דעם רבש״ע אַ גוטן חודש פאַר זיינע ברידער. עס קלינגט נאָך איצט אין די אויערן זיין שטימע, ווען ער פלעגט זאָגן — חיים אַרוכים, חיים של פרנסה. חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא. אָדער ווען ער פלעגט אַרויסזאָגן וכל מי שעוסקים בצרכי ציבור באמונה, האָט איר געפילט בפועל ממש, אַז ער וויל דעם רבש״ע איבערציינגן אַז זיינע ברידער זיינען אמתע כשרע טייערע יידן. מיט אַ גאָר באַזונדערער התרוממות פלעגט ר׳ בן ציון בענטשן דעם חודש אלול, ער פלעגט גלייך אָנוואַרפן אַן אימה. אַלע מתפללים האָבן גלייך דערפילט, אַז עס דערנעענטערן זיך די הייליקע טעג, און מען דאַרף זיך גרייטן צום יום־הדין. אויף מאָרגן נאָך ראש חודש פלעגט איר שוין באַמערקן ווי עס גייען מער יידן אין די בתי־מדרשים, צום פרימאָרגנדיקן דאַווענען, די וואָס פלעגן דאַווענען ביחידות, האָבן זיך באַהאָפטן צום ציבור, דאָס געשאַל פון די שופרות פלעגט זיך הערן פון אַלע בתי־מדרשים. מיר קונדייסים פלעגן שטילערהייט נעמען דעם שופר, מיר פלעגן זיך לערנען בלאָזן. פון די שטיבער ווו עס האָבן געוווינט די בעלי־תפילות פון די פאַרשידענע בתי־מדרשים פלעגט איר הערן ווי מען חזרט זיך איבער די ניגונים פון די ספּעציעלע ימים נוראימדיקע תפילות. אַלט און יונג פלעגן זאָגן מיט מער כונה דעם יום תהלים. אַפילו דער טויב־שטומער מאָטל וואָס איז פאַר מיר געווען אַ רעטעניש, פלעגט אויך פרומער ווערן. דער דאָזיקער

טויב שטומער האָט געקענט לייענען, געקענט שרייבן, געקענט מאַכן די גרעסטע חשבונות, מיר פלעגן אים בעטן, פלעגט ער אונדז צוליב טאָן און באַווייזן זיינע קענטענישן. ער פלעגט אויך מיט מער כונה דאַווענען אין די דאָזיקע טעג און פלעגט בייז ווערן ווען מען האָט אים אין מיטן דאַווענען עפּעס געפרעגט. האָט דאַן אָרויפגעלייגט אַ פינגער אויף דעם מויל, וואָס האָט געהייסן: אסור לדבר.

מיר קונדייסים פלעגן שוין דאַן זיין געכאַפּט אין דער מעשה, ד"ה מיר פלעגן שוין אָפּנאַרן דעם רבין מיט אַ מנחה ומעריב, אָדער בכלל אים נישט פאָלגן. דער רבי ר' נחמיה ע"ה פלעגט אונדז זאָגן אַז מען דאַרף דאַווענען ווי מען ציילט געלט, להבדיל. געווען אַ גוטער מלמד ר' נחמיה. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען חומש, רש"י און תנ"ך. געווען אַ בייזער רבי, פלעגט שלאָגן מכות רצח. מיר אַליין מיינע אויערן אונטערגעריסן, אָבער ביי אים אין חדר האָב איך געהאַט אַ פּעולה. אויך מיר, די קונדייסים האָבן דערפילט דעם ציטער פון די אָנקומענדיקע טעג און מיט התמדה געלערנט און געדאַוונט. מיר זיינען געווען זיכער אַז מיט אונדזערע תפילות בעטן מיר אויס אַ גוט געזונט יאָר פאַר אונדזערע עלטערן און פאַר דעם יידישן כלל. ר' נחמיה פלעגט אונדז זאָגן: געדענקט, אַז מיט אייערע תפילות וועלכע קומען פון ריינע הערצער, זענט איר בכוח צו דערגרייכן אַ סך מער ווי מיר די עלטערע. בשעת־מעשה פלעגט נישט איין קינד פאַר זיך אַליין זיך מתודה זיין. און פאַרשידענע זאַכן פלעגן אים קומען אויף זיין קינדערשן געדאַנק. דאָס קינד פלעגט דערביי טראַכטן, אַז פון היינט און ווייטער וועט ער אויסמיידן צו זינדיקן. אין דעם חדר ביי ר' נחמיהן האָט אונדז אָנגעהויבן לערנען לייענען און שרייבן דער לערער אברהמצי טעלעזאָן ע"ה, געקענט האָב איך דעם לערער אברהמצי ע"ה שוין פון פריער, ווייל מיין עלטערע שוועסטער און ברודער האָבן זיך ביי אים געלערנט. ווי איך געדענק, איז ער בכלל געווען אין יענער צייט צווישן די געציילטע לערער וואָס האָבן געלערנט שרייבן און לייענען. געווען אַ שיינער ייד, ר' אברהמצי, אַזוי פלעגן מיר אים רופן אין שטעטל. שטענדיק שיין געפּוצט, מיט דעם שיינעם ווייסן קראַגן, מיט דער שיינער אויסגעקעמטער באָרד, מיט אַ שטעקעלע פלעגט ער אַרומשפּאַצירן פון איין שטוב אין דער צווייטער און געבן „אוראָקן". געווען אַ ייד וואָס אַ חוץ זיין אַ גוטער לערער האָט ער אויך געקענט אַ בלאַט גמרא. ער האָט ניט ליב געהאַט זיך מישן אין קהל־זאַכן, זיינע שיינע אויגן קוקן נאָך איצט אין דימיון אויף מיר אַזוי מילד מיט אַ רחמנות געפיל, ווען ער דיקטירט אונדז אַ „דיקטאָווקע" און איך דאַרף אָנשרייבן „מלח" (זאַלץ) שרייב איך אָן „מלך" (אַ קייסער) און ער זאָגט מיר: שרייב אָן אַ געזאַלצענעם קייסער און איך כאַפּ זיך און פאַריכט מיין טעות.

אַ ספּעציעלע פריינדשאַפט האָט אונדז פאַרבונדן מיט דעם לערער ר' אברהמצי, ווייל ווי געזאָגט איז ער געווען דער לערער פון אַלע צו יענער צייט באַלעבאַטישע קינדער. עס דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד: מיין טאַטע ר' יצחק ע"ה איז געווען אַ בראַקער אין וואַלד, אַלע יאָר פלעגט אים אויסקומען צו שווימען קיין דאַנציג מיט די הילצערנע פליטן. האָט ער איין מאָל אים געבראַכט אַ מתנה אַ זייגערל און אַ צווייט מאָל אַ מעסערל און אַ ספּעציעל בייטעלע. ווי ער פלעגט זיך דאָס מיט דעם צאַצקען! עס געדענקט זיך מיר ווי מיר האָבן זיך געלערנט ביי ר' אברהמצי אין שטוב, און מיר פלעגן זיך אַרויסכאַפּן אין קאַמער און העלפן שניידן שיצקע, ווייל ביי זיין שווער איז געשטאַנען מקדמונים אַ שנייד מאַשין, און ראַטנער בעלי בתים פלעגן דאָרטן שניידן שיצקע פאַר זייערע בהמות. ווי איצט דערמאָנט זיך מיר ווען ר' אברהמצי ע"ה מיט זיין ח' יודל קאָנישטער יבדל לחיים האָבן איינגעאָרדנט די ערשטע שולע אין הויז פון ר' מענדל סטאָליאַר ע"ה, ר' אברהמצי האָט געלערנט יידיש, העברעאיש, יודל מלכה'ס אַזוי האָט מען אים גערופן אויף דער מאַמעס נאָמען, האָט געלערנט

דוסיש. געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע אינטעליגענטסטע בחורים אין אונדזער שטעטל וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט די השכלה באַוועגונג צו אונדז. יודל פלעגט קריגן די באַרימטע העברעאישע צייטונג „הצפירה”, און אַנדערע אויסגאַבעס. מיט דער אַרבעט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער השכלה, האָט אָבער אונדזער לערער נישט איבערגעריסן דעם המשך פון זיין לערנען תלמוד און בכלל יידיש טראַדיציאָנעלן לעבן, ביז היינט צו טאָג טרעפט איר אונדזער אַמאָליקן לערער אין זיין נייעם וווין־אָרט אַרגענטינע, טיף איינגעוואָרצלט אין דער יידישער טראַדיציע. איז געווען איינער פון די זיילן פון אונדזער העברעאישער שול־באַוועגונג, וועלכער האָט געזאָרגט פאַר דעם קיום און המשך פון יידישער דערציאונג. צו יענער צייט געדענקט זיך מיט וואָסער ליבע אונדזערע לערערס האָבן אונדז דערצויגן צו ארץ־ישראל, מיט וואָסער התלהבות מען האָט אונדז געלערנט זינגען די התקוה, אַזוי פון אונדזער פריעסטער יוגנט אָן, איינגעוואָרצלט אין אונדז די ליבע צו ארץ ישראל און ליבע צו דער העברעאישער שפּראַך, און דאָס מיין איך, איז די קאָנסעקווענץ וואָס די מערהייט פון דער ראַטנער יוגנט איז געווען אַ ציוניסטישע.

עס געדענקט זיך ווי יידן פלעגן גיין צו די ערשטע סליחות, צו „זכור ברית”, און שלוש עשרה מידות. צו די ערשטע סליחות פלעגט מען גיין אַרום צוועלף אַזייגער אָוונט. ר׳ יעקב שמואל רידער ע״ה, וועלכער איז געווען בעל־תפילה פון סטעפּינער שטיבל, שטייט שוין אַרומגעוויקלט מיט דעם טלית און נעבן אים זיינע צוויי זין, וואָס פלעגן אים אַרויסהעלפן. ער הייבט אָן דעם געוויינלעכן אַזוי באַקאַנטן „אשרי”, עס פלעגט דאַן אַרומנעמען אַ ציטער און באַלד איז געשאַפן געוואָרן די ימים־נוראימדיקע שטימונג.

עס דערמאָנט זיך ווי מען פלעגט אויפשטיין דריי אַזייגער פאַרטאָג און גיין צו סליחות. אין דער טיפעניש פון דער נאַכט, ווען אַלץ אַרום שלאָפט, גייט דער טאַטע פאַראויס, נאָך אים די עלטערע קינדער, פון אַלע זייטן שטאָט זעט איר יידן שטראָמען צו די בתי־מדרשים, ווער מיט לאַמטערנס אין די הענט, ווער מיט אַ צעבראָכענער פלאַש מיט אַן אַריינגעשטעלט ליכטל. אינעווייניק אין שול זיצן שוין יידן אַרום די טישן און ביי די שטענדערס. דער חזן גרייט זיך. מען פילט אין דער לופטן אַז ער לאָזט זיך אין אַ ווייטן וועג, זיינע טענער מישן זיך מיט די קולות פון די יידן, יעדער פּסוק וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט ווערט גוט אינטערפּרעטירט, און איר פילט ווען די יידן זאָגן „השיבינו ד׳ אליך ונשובה חדש ימינו כקדם”, ווי זיי בעטן זיך ביי דעם וואָס לעבט אייביק, קער אונדז אום צוריק, באַניי אונדזערע טעג ווי אַמאָל, אַזוי פלעגן יידן דאַווענען ביז פרימאָרגן, ווען מען דאַרף דאַווענען שחרית. יידן דאַווענען אָפּ, איר קענט זען ווי עס זיצן גרופּקעלעך יידן צו פיר, מען איז זיך מתיר נדר. מען יאָגט זיך גיכער צו גיין אין מרחץ, טובלן זיך לכבוד דעם הייליקן יום־טוב. ר׳ גדליהו דער בעדער ע״ה, שפּאַנט אַרום אַ צעשטראָלטער פאַר פרייד, אָנגעטאָן אין זיין שפּענצער, יידן זיינען געקומען מקיים זיין די מצוה טבילה, און ער קען זיי צופרידנשטעלן, ער טראָגט אונטער יעדן חשובן ייד אַ בעזעמל, אַ שעפּעלע. לויפט פון מקוה צום אויוון, און פון דאָרטן צו די קעסלען פון קאַלטן און וואַרעמען וואַסער. קולות פון אַלע זייטן, טאַטעס וואַשן אַרום זייערע קינדער מיט הייסע וואַסער, שרייט דאָס קליינוואַרג, ביי דעם איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ העמד, ביי דעם אַ פּאָר גאַטקעס, אָדער גאָר אַ פּאָר הויזן, במחילה, איינער זוכט ביי דעם צווייטן אין קלימעקל. און אין גאַס און אין די בתי־מדרשים זעט איר נייע פּנימער. דאָס זיינען די דאָרפס־יידן וועלכע פלעגן אָנפאָרן אויף ימים נוראים אין שטאָט אַריין, „געניקלעס” פלעגן מיר זיי רופן, דאָרפישע יידן וואָס האָבן אַ גאַנץ יאָר געלעבט אַליין, עלנד, בלויז פון שבת צו שבת געהאַט אַ מנין, האָבן אין די ימים נוראים געוואָלט זיין מיט אַלע יידן. פלעגן פון דער גאַנצער געגנט אָנפאָרן

די דאָרפס־יידן. געווען שוין מקדמונים — איינגעפירט אַז יעדער איינער פלעגט פאַרפאָרן צו זיינע אייגענע קינדער, פריינד, אָדער באַקאַנטע. עס פלעגט שוין גיין בירושה פריער דער זיידע, דער טאַטע און לסוף — דער זון. ראַטנער יידן האָבן זיי אויפגענומען בסבר פנים יפות, די דאָרפס יידן פלעגן אָנברענגען פון כל־טוב: עופות, אייער. עפּעלעך, געטריקנטע באַרעלעך וכו. די לופט איז פול געוואָרן מיט די קולות פון די מענטשן, געוויינען פון די קינדער און געשרייען פון די עופות. אייניקע וועלכע פלעגן נישט האָבן ווו צו שלאָפן פלעגן איבערשלאָפן אין די בתי־מדרשים אויף די מיט היי אויסגעשפרייטע דילן. געווען אַ מנהג אַזאַ, פונקט ווי מען פלעגט אויסשיטן גרינס לכבוד שבועות אַזוי פלעגט מען אין די ימים נוראים אויסשפרייטן די דילן מיט שמעקעדיקן היי. די שטאָטלייט פלעגן זיך וויצלען אויף דעם חשבון פון די דאָרפסלייט. דערציילט מען אַזאַ וויץ, אַז אַ דאָרפסמאַן האָט אַמאָל געשיקט זיין אַנטרייבער, דעם פאַראַבעק פרעגן ווו מען האַלט ביי דעם דאַווענען אין שול, קומט ער אויף גיך אין איין אָטעם צו לויפן און שרייט: קום גיכער, מען רופט מיך און דיך! ער האָט געהערט דעם חזן זינגען „מכלכל־חיים”. און ער האָט געהייסן מיכאַלקע און זיין בעל־הבית חיים. דערציילט מען אַ צווייטע מעשה, אַז אַ דאָרפס־ייד איז אריינגעפאַלן אַ דאַנערשטיק אין בית־מדרש און מען האָט אים מכבד געווען מיט אַן עליה, הייסט ער זיך מאַכן אַ מי שברך, אַז עס קומט צו „בעבור שנדר”, וויל ער זאָגן: אַ פרוכת אויף דעם ארון קודש, הייבט ער אָן: נו, נו, אַ מצבה אויף דעם ארון קודש. אָט אַזעלכע און אַנדערע אַנעקדאָטן פלעגן פאַרשפּרייט ווערן וועגן די יידן, הגם מיר געדענקט זיך אַז צווישן די „גניקלעס” זיינען געווען אַזעלכע טייערע יידן ווי ר׳ זעליג גוסענבוים, ר׳ וואַלוועש, ר׳ נח ניימאַן, ר׳ ישעיה פייגעלים. מיר קונדייסים פלעגן זיך אויספיינען מעשה גרויס־שטעטישע קעגן די דאָרפישע קינדער, מיט אונדזערע קאַרטינע מלבושימלעך, מיט די נייע היטעלעך און שיכעלעך. אגב, וועגן די שוסטער און שניידער וועלכע האָבן אונדז גענייט מלבושים און געמאַכט שיך. מיט וואָסער האַרציקייט פלעגט אונדז אויפנעמען ר׳ אברהם דער שניידער, אָדער ר׳ חיים דער שוסטער אָדער ר׳ יעקב דער שוסטער! געווען אַ טייערער ייד ר׳ אברהם שניידער ע״ה. געהאַט אַ חזקה אויפצופירן מכירת יוסף. ר׳ חיים דער שוסטער, אַ שיינער ייד מיט אַ שיינער באָרד, פאַרנומען אַ שיין פלאַץ אין שפּיגל־וואַנט פון דער גרויסער שול, זיצט ביי דעם וואַרשטאַט, נעבן אים זיין ברודער משה, באַזאָרגן אַז ראַטנער יידן זאָלן חלילה נישט גיין באָרוועס. אַלע אין שטאָט האָבן גערעדט וועגן ר׳ היימען מיט דרך ארץ, ביי ר׳ יעקב שוסטער אין שטוב פלעגט אויך נישט פעלן אַ גוט וואָרט פון דער טייערער אשה צנועה, גוט־האַרציקער מייטע ע״ה, די מאַמע פון אונדזער ליבן ה׳ לייבל באַיאַן. אָט שטייט מיר פאַר די אויגן דער וואַרשטאַט ביי וועלכן ר׳ יעקב זיצט אויף אַ קליין בענקעלע און נעבן אים זיינע דריי זין, ישראל איצע און שמואל. דער טאַטע פאַרציט אַ יום־טובדיקן ניגון, די זין זינגען אויס רייזענס „העמערל קלאַפּ”, אָדער „אין דער קוזניע ביי דעם פייער”, און די גוטע מאַמע איז מסכים מיטביידן, ה׳ לייבל זיצט מיט אונדז, האַלט אַ בלייער אין מויל, און איז אונדז מסביר די לעקציע וואָס דער לערער קעצקער האָט אונדז פאַרגעבן.

ס׳ווילט זיך אויך פאַראייביקן מיט אַ פאָר ווערטער די שטוב פון מיין פעטער ר׳ אברהם שוחט. ס׳דערמאָנט זיך אַן ערב יום כפור צו כפרות שלאָגן, אַ גאַנצן טאָג זיך געגרייט, אויסגעשאַרפט די חלפים, איינגעשטעלט זיי, געפּרווט זיי איינמאָל און נאָך אַמאָל, אַז עס זאָל חלילה קיין שום פגם נישט זיין. יידן און יידענעס שטופן זיך צו ר׳ אברהמען. פון אַלע ווינקעלעך הערט איר ווי מען שרייט: ר׳ אברהם שעכט מיר! קוילעט מיר! ר׳ אברהם טוט זיין מלאכת הקודש מיט גרויס געדולד. נישט קרקנדיק אויף דעם געדראַנג באַטראַכט ער יעדעס עוף, פּרווט אַלע מאָל דעם חלף, ער

זאָל חלילה נישט געשטרויכלט ווערן. מיר, די פריינד און פאַמיליען־מענטשן העלפן צו. זיצט ר׳ אברהם אין דער שיינער סאַלע אויבן אָן ביי אַן אָפענער גמרא און זינגט אַזוי שיין אויס די פאַרשידענע שטעלן פון די מסכתא׳ס. רייסט איבער דאָס לערנען, ווען עס גייט אַריין די פרוי, דאבע, די לעבנס־באַגלייטערן פון דעם גרויסן למדן און תלמיד־חכם.

עס דערמאָנט זיך מיר ווי מיר גייען אַזוי אין אונדזער יידיש־העברעאישער שולע, וואָס האָט דאַן פונקציאָנירט אין טריסקער שטיבל צוליב דעם וואָס די גאַנצע שטאָט איז כמעט ווי פאַרברענט געוואָרן, ווי פון איין זייט האָט געלערנט דער שוין דערמאָנ־טער לערער אברהמצי טעלעזאָן ע״ה, און פון דער צווייטער זייט דער לערער קעצקער. דאָס וויל ניט זאָגן אַז מיר האָבן פאַרלאָזט אונדזערע הדרים ווו מיר האָבן געלערנט חומש מיט רש״י, גמרא, תוספות אאַז״וו. מיר האָבן שוין דאַן געלערנט אַ האַלבן טאָג אין חדר און אַ האַלבן טאָג אין שולע, לערנענדיק צו יענער צייט אויך דייטש. גייען מיר פאַרביי די שטוב פון ר׳ יצחק הערש ראָג אָדער ווי מ׳פלעגט אים רופן ר׳ יצחק הערש דער בלעכער. שטייט ר׳ יצחק הערש מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. די ציצות קוקן אַרויס פון אונטער דעם קאַמזויל. ער קלאַפּט אין אַלע כלים, ווייסט סאַמאָווארן און פענד־לעך לכבוד יום־טוב פאַר ראַטנער באַלעבאָסטעס, אין אָוונט ווען איר קומט אַריין אין טריסקער שטיבל דערקענט איר גאָרנישט דעם יידן. זיצט ר׳ יצחק־הערש אויבן אָן, אַרום אים יידן פון פאַרשיידענעם עלטער. נעבן אים ר׳ יצחק דער מלמד אָדער יצחק שראַליעס ווי מען פלעגט אים היימישלעך רופן. עס איז ווייניק דער טאָג קנעלן מיט די תלמידים, זיצט ער ביי דעם טיש און איז צוזאַמען מיט ר׳ יצחק הערש בלעכער מסביר אַ בלאַט גמרא. ווער האָט זיך געקענט גלייכן צו די יידן, אָפּגעלאָזט דעם גאַנצן עול פרנסה, איינגאַנצן זיך איבערגעגעבן צו קדושה. עס דערמאָנט זיך אַ דאָ־נערשטיק פאַרנאַכט, אויף דער גאַס איז קאַלט. אַ שטאַרקער פראָסט. דער שניי סקריפּעט אונטער די פיס. פון די קלייטן שיינען אַרויס די לאָמפּן, אין אַנדערע קלייטן זיצן די אשת חילס ביי די פייער טעפּ, מען דערוואַרעמט ביי אים דעם איבערגעפרוי־רענעם קערפּער. מען דערוואַרעמט אויך ביי אים דאָס ביסל „יושקע״, וואָס איז געבליבן פון וואַרעמס, די מאַמע האָט מיך געשיקט איינקויפן אייניקע זאַכן, האָט זיך נישט געגלוסט צו גיין, ווייל אַלין האָט מען געדאַרפט נעמען אויף באָרג, דאַקעגן בין איך געלאָפן, ווי מען זאָגט, פייל אויס דעם בויגן, ווען די מאַמע האָט מיר געגעבן געלט איך זאָל אָפּטראָגן אַ חוב. איך גיי אַריין צו הזה דער דיינטע און שפּעטער מיט יאָרן ווען חוהלע איז נפטר געוואָרן האָט איר פלאַץ פאַרנומען איר טאָכטער שבעלע די דיינטע. זיצן די טייערע כשרע יידענעס אויף אַ קליין בענקעלע און פאַרקויפן גאַז. די מענער די דינים סיי פריער יוסף לייבענו, דערנאָך שעבעלעס מאַן, זיצן אין שטוב, זיינען עוסק אין תורה. און די ווייבער זיינען די ברויטגעבערינס, חוהלע ציילט וויפל קוואָרט גאַז עס גייט אַריין אין דער בלעכערנער באַנקע, אָבער שטענדיק גיסט זי איבער אַביסל, האָט מורא זי זאָל חלילה נישט דערגעבן. ווען מען באָרגט צו, פירט חוהלע איר חשבון אויף דער וואַנט, מיט רעדעלעך און פאַסיקלעך, פאַרשריבן מיט קרייט, מיט זעלטענער פינקטלעכקייט. פון דאָרטן האָט די מאַמע אָנגעזאָגט, זאָלסט גיין צו ר׳ מאיר שמואל דעם גראָבן נעמען הייוון אויף באַקן חלה לכבוד שבת. זיצט זיך אַזוי דער שיינער ייד, מיט דעם שיינעם הדרת פנים און פאַרקויפט הייוון, וויקלט דאָס איין אין פאַפּיר, וואָס ווערט געריסן פון רוסישע ביכלעך, נעבן אים דער בוך וואָס מען דאַרף פאַרשרייבן ווער עס באָרגט צו. ר׳ מאיר שמואל אָדער ווי מען פלעגט אים רופן אין שטעטל דער פעטער ר׳ מאיר שמואל. ער גיט אַכטונג גוט אָפּצוּוועגן, ער זאָל חלילה נישט געשטרויכלט ווערן אין אַ שלעכטער וואָג. איך גיי פון דאָרטן צו נעבן דער קרעמערקע, אַ שיינע גרויסע קלייט פון כל־טוב, און כאַטש דער מאַן ר׳

יעקב גינזבורג ע״ה איז דאָ, אָבער די קלייט גייט אויף דעם נאָמען פון דער קליינער קוועקזילבערדיקער שטענדיק פריילעכער און מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן נעכין, וועלכע שטייט צוזאַמען מיט אירע קינדער און פאַרקויפט פאַרשידענע זאַכן, געהאַט אַ שם נעכעס קלייט. ביי איר האָבן זיך געהאַלטן אַלע פּריצים און גלחים פון דעם גאַנצן אַרום. אַקעגן נעכעס קלייט איז געווען דער מאַרק און אין מיטן מאַרק פלעגט זיין אַ גאַנצער טייך. אין די ווינטער־טעג פלעגט דאָס טייכל פאַרפרוירן ווערן און מיר פלעגן באַווייזן אונדזערע קונצן אין גליטשען, בינו לבינו כאַפּ איך אַריין צוזאַמען מיט אַנדערע אַ פּאָר מאָל זיך אַדורכגליטשען דאָ אויף ביידע פיס, דאָ איין פוס האַל־טנדיק אין דער לופטן. דאָ זיצנדיק אָדער גאָר אַ גאַנצע שרענגע איינער נאָך דעם צווייטן, נישט איינער פון אונדז פלעגט אַוועקגיין מיט אַ געביילטן קאָפּ, פון די קלעפּ וואָס מיר פלעגן אַריינכאַפּן ווען מיר פלעגן אומפאַלן, אָדער אַנדערע פלעגן דיר אַפּיסל אונטערשטעלן. איך לויף אַריבער דעם מאַרק, און גיי אַריין אין קלייט צו איצל דעם פּוילישן, דאָרטן טרעפסטו מיט אים זיין פרוי מרים, וועלכע העלפט אַרויס אין עול פרנסה. אָבער אין די אָזונטן איז ביי די עלבוימס פון שטענדיק אָן אַ שטוב ווו עס פלעגן זיך צונויפקומען יוגנט. דער סאַמאָוואַר שטייט אויף דעם טיש און די גוטע מרים און דער קלוגער ר׳ איצל נעמט יעדן אויף מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן. עס איז אַ פרייטיק פאַרנאַכט, עס איז ערב שבת אין שטעטל. מען מוז נאָך צולויפן צו פערל דער קרעמערקע נעמען ליכט אויף שבת. און צו חנה רויזען — וויין לכבוד קידוש. די מאַמע גיט מיט די שיינע גראַפינקע איינגעוויקלט מיט אַ טיכל בכדי קיין גויש אויג זאָל נישט באַמערקן. פאַרשפּעטיקטע יידן דאָרפס־גייערס אָדער בעלי־מלאכות, וואָס לעבן פון זייער פּראַצע פון דאָרף, לויפן פון מרחץ, גיך אַהיים זיך איבערטאָן לכבוד שבת, און גייען מקבל שבת זיין די שבת־מלכה, ר׳ שלום שמש רופט מיט אַ ספּעציעלן קול אין שול אַריין, פון אַלע שטיבער הייבט אָן אַרויסשיינען די שבתדיקע בענטש־לייכטערס, יידן אויסגעפּוצטע מיט זיידענע קאַפּאָטעס, יידן שוין מיט קורצע סערדעטן גייען מיט זייערע קינדער צו דער שול גאַס. אין דער מיט שטייט מאַיעסטעטיש די גרויסע שול, און אַרום איר די סטעפּינער, טריסקער, קאַרלינער שטיבלעך. אַקעגן דער גרויסער בית־מדרש מיט זיינע בוקר׳ס, אין דער זייט דאָס ריזשינער. פון אַלע פענצטער לייכטן אַרויס די אָנגעצונדענע לאָמפּן, און עס צעטראָגט זיך די קולות פון די דאַוונער. די מאַמעס כאַפּן אָפּ דעם אָטעם פון דעם שווערן טאָג אַרבעט. יידן קומען פריילעכע אַהיים. עס איז אַ זומערדיקער פרייטיק צו נאַכט. די פענצטער זיינען אָפן. פון אַלע שטיבער הערט זיך דאָס געזאַנג: שלום עליכם! ווען די טאַטעס זאָגן דעם „אשת חיל מי ימצא״ כאַפּן זיי אַ זייטיקן קוק אויף די מאַמעס צו זען אַ וואָסערן איינדרוק עס מאַכט אויף זיי. ביי דעם טיש — די שבתדיקע זמירות, נאָך יעדן מאַכל — אַן אַנדער זמרל. בערל קאַרש, גערופן האָט מען אים בערל מאַריידעס, וואָס פלעגט אויף גיך פאַרטיק ווערן מיט דער שבתדיקער סעודה און זמירות, שפּאַצירט שוין אַרום אויף די בריקלעך, און לישטשעט סעמישקעס. און איידער וואָס־ווען איז שוין אַרום אים דאָ אַ רייע קונדייסים וואָס בעטן ביי אים קערעלעך. ר׳ בערל, אַ פריילעך יידל מיט אַ פּאָר גראָבע ברילן אויף דער נאָז צוליב זיין שטאַרקער קורצזיכטיקייט לייגט אַלע מאָל אַריין די האַנט אין קעשענע און איז יעדן מכבד. אויף דער גאַס איז שטיל; עס הערט זיך בלויז דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס. מיידלעך שפּאַצירן מיט קאַוואַליערן אינמיטן גאַס, פריער אַ שורה מיידלעך, דערנאָך די יינגלעך, זאָרגלאָזע פריילעכע געלעכטערס הערן זיך אין דער שטילקייט פון דער פרייטיק צו נאַכטיקער מנוחה. אַלע קלייטן זיינען פאַרשפּאַרט מיט די אייזערנע שטאַבעס, אויף די גאַניקלעך און בריקלעך ביי יעדן שטוב זיצט מען און מען שמועסט. די עלטערע זיינען געגאַנגען זיך אָפּרוען פון דער גאַנצער וואָך עול פרנסה, ווייל מאָרגן דאַרף מען אויפשטיין ביי

דעם ערשטן רוף פון ר׳ חיים דעם שמש, וואָס פלעגט וועקן צו תהילים. ר׳ חיים דער שמש פלעגט מיט אַ ספּעציעלן מתיקותדיקן ניגון וועקן צו תהילים, אויסזינגענדיק „עורו נא, התיצבו נא, שמעו נא, שטייט אויף, שטייט אויף צו תפילת הבורא". און שוין טראָגט זיך דאָס קול פון דעם שיינעם תהילים זאָגן פון דער גרויסער שול. אַלע מאָל גייט צו אַ צווייטער ייד און זאָגט פאַר אַ צען־פופצן קאַפּיטלעך. נאָכן תהילים־זאָגן, מיט די „יהי רצונס", וואָס זיינען אַ סגולה צו פרנסה און אריכת ימים, גייט מען טרינקען אַ גלאָז ציקאָריע, וואָס די מאַמע האָט לכבוד שבת אַראָפּגענומען פון פּעקעלעך. ווען מען גייט צום דאַוונען באַגעגנסטו אויף דעם וועג אַמאָל פעסיע די באָבע איינגעהויקלט אין איר שאַל. דו ווייסט אַז פעסיע גייט העלפן קומען אַ יידיש קינד אויף דער וועלט, אָדער זי איז אַ גאַנצע נאַכט געזעסן ביי אַ קינפּעטאָרן. געווען כמעט די איינציקע באָבע אַט די פעסיע, אין אונדזער שטעטל. די שענסטע באַלעבאָסטעס האָבן זי גערופן צו זייערע געבורטן און זי האָט איר אַרבעט געטאָן מיט גרויס קענטעניש, אַ חוץ פרנסה האָט דאָס פעסיע די באָבע געהאַלטן פאַר אַ גרויסער מצוה. פלעגט זי זיך טאַקע פרייען מיט יעדן ניי־געבוירענעם קינד. און ווען מיר זיינען גרעסער געוואָרן פלעגט זי זיך באַרימען: עס זיינען דאָך מיינע קינדער, ווען די אַלטע פעסיע האָט שוין נישט געקענט גיין צו די געווינערנס האָט איר אָרט פאַרנומען איר טאָכטער חנה, וועלכע איז געווען זייער אַ פריילעכע יידישע טאָכטער און האָט געהאַט גרויס אָנזען אין אונדזער שטעטל. נאָך דער באָבע חנה האָט איבערגענומען די אקושערסטווע רבקה, וואָס איז די מוטער פון אונדזערע חברים יעקב און מאיר טאקער, אַ האַרציקע יידישע מאמע, וועלכע האָט אַ סך יאָרן געטאָן איר אחריותדיקע אַרבעט. איצט געפינט זיך צווישן אונדז די ליבע רבקה. צוזאמען מיט איר — אונדזערע עלטסטע דריי פרויען: מיין מוטער דינצע קאַמינסקי, מיין מומע דאבע און זי, ווי געזאָגט, רבקה טאָקער זיינען אונדזערע ערן פּרעזידענטינס פון פאַראיין.

עס דערמאָנט זיך אַ שבת בייטאָג אין שטעטל. נאָך דעם שבתדיקן עסן. יידן שפּאַצירן אַרום אויף די בריקלעך, מען גייט טרינקען קאַלטע סאָדע־וואַסער. צוביסלעך צעגייט זיך דער עולם, יעדער צו זיך אין שטוב. אויף דער גאַס ווערט שטיל. יידן גייען מקיים זיין די מצוה פון שינה בשבת. פאַרנאַכט, יידן זיינען אויפגעשטאַנען פון שלאָף, מען נעמט אַראָפּ פון אויוון די שבתדיקע פלעשער טיי, און מען גייט ווידער אין די בתי־מדרשים. ווער צו זאָגן פרק, ווער צו לערנען אַ שיעור, ווער אַריינצוקוקן אין עין יעקב. פריינד גייען צו גאַסט, יונגוואַרג לאָזט זיך שפּאַצירן אויף דעם שאָסיי. מען שושקעט זיך, אַז יוסף לובקעט זיך מיט בלומקען. און שרה מיט היימען. אַנדערע פירן שמועסן, מען הייבט זיך אָן צו פאַרטיפן אין די ביכער וואָס מען האָט געלערנט אין משך פון דער וואָך. אָדער מען פירט גאָר אַ דיסקוסיע וועגן אַ בוך, וואָס מען האָט איבערגעלייענט. די ביכער האָבן מיר גענומען אין דער ביבליאָטעק פון איצעל שפּילמאַן. אָדער איצעל דער קלעזמער ווי מיר פלעגן אים רופן, ווייל ער פלעגט מיט זיין פידעלע באַשיינען יידישע חתונות און נישט איין כלה מאַכן וויינען ביי איר באַזעצן. שפּעטער מיט יאָרן ווען איך האָב געלייענט „סטעמפעניו", פון שלום עליכם איז ער, יצחק, מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. געווען די איינציקע פריוואַט ביבליאָטעק פאַר דער וועלט־מלחמה ביי איציק שפּילמאַן. צו אים פלעגן אויך אָנקומען זשורנאַלן און צייטונגען, איך פלעג אָפּט אים באַזוכן צו בייטן ביכער פאַר מיינע שוועסטער פערל און העלקע ע״ה.

פאַרנאַכט הויבט זיך אויף אַ שטויב, וואַנקע טרייבט די טשערעדע פון פּאַשע. יידישע בהמות גייען צו זייערע היימען, אויף די בריקלעך זיצן די באַלעבאָסטעס און נעמען אַדורך יעדער בהמה מיט די אויגן. נאַסציע די גויע וואָס האָט געקענט יידיש רייד, ווי אַ יידיש קינד להבדיל לויפט פון איין יידישער שטוב צו דער צווייטער

אויסצומעלקן די בהמות און טראָגט דערביי די טאָרבע מיט שטיקלעך חלה, וואָס די ראַטנער באַלעבאָסטעס האָבן איר געשאָנקען. איך גיי אַריין אין איינעם פון אונדזערע בתי־מדרשים, עס איז מנחה צייט, מען דאַוונט מיט כונה און מיט אַ ספּעציעלן נוסח זאָגט דער בעל־תּפילה די הויכע שמונה עשרה, לייגט שטאַרק דעם טראָפּ ווען ער קומט צום פּסוק „אתה אחד ושמך אחד". מען לייענט די תורה קוים וואָס מען קען שוין זען. אין דער לופט פילט זיך עפּעס אַ מין טרויעריקייט. אָט אָט וועט אונדז פאַרלאָזן די נשמה יתירה, און עס וועט אָנקומען די פולע וואָך. מיט אירע זאָרגן און אירע דאגות. ביי דעם טיש זיצן אַ פּאָר מנינים יידן, צווישן זיי יהודה מאיר ריכטער מיט דעם לאַנגן שטערן און פראַוועט שלש סעודות און ער פאַרגייט זיך אין די ספּעציעלע זמירות מיט דעם „אתקינו סעודתא". פון דעם קוילעטשל און דעם הערינג וואָס אַלע שבת פלעגט אַ צווייטער ייד ברענגען כאַפּט יעדער אַ כזית געננג אויף המוציא צו מאַכן. יידן פאַרציען אַ זמר אַלע מאָל שטאַרקער, אַלע מאָל העכער. פון „ברוך אל עליון" גייט מען אַריבער צו „יצוה צור חסדו". ר' משה דער חזן זינגט, מיט אַ ספּעציעלן מתיקות זיין אליין פאַרפאַסטן ניגון, וואָס קלינגט אָפּ אין אַלע ווינקעלעך פון דעם גרויסן שטיבל. ער חזרט איין איינמאָל און נאָך אַמאָל דעם ניגון. אַזוי ביז שפּעט אין דעם פאַרנאַכט. מען פילט בפועל ממש, אַז יידן ווילן זיך נישט אָפּרייסן פון דער שבתדיקער קדושה, אָבער ר' חיים דער שמש האָט שוין אָפּגעדאַוונט מעריב. צינדט אָן די ליכט ביי דעם ארון קודש, און מיט אַ טרויעריקן קול הייבט אָן אַ ייד צו דאַווע־נען „והוא רחום יכפר עון ולא ישחית". די יידן פון אַרום כאַפּן זיך אויף ווי פון עפּעס אַ זיסן שלאָף און פון דער שיין פון דער ליכט רייבט מען זיך די אויגן נאָכזאָגנדיק דעם בעלי־תפילה. יידן קלייטניקעס דערפילן אַז די פולע וואָך איז שוין דאָ, דאַוונען אויף גיך אָפּ, און לויפן עפענען זייערע קראָמען. מען וויל כאָטש מאַכן אַ פּאָטשאָנטעק.

יידן מאַכן הבדלה, באַנעצן זייערע אויגן מיט דעם ווין פון דער הבדלה, לייגן אין די קעשענעס, אַ סגולה, אַז די אויגן זאָלן לייכטן אין תורה און צו פרנסה. מען גייט אַרום איבער דער שטוב, מען זינגט אויס דעם המבדיל בין קודש לחול. דער סאַ־מאָוואר שטייט אויף דעם טיש, מען טרינקט אַ גלעזל טיי, מען איז מכבד געסט, וואָס קומען פאַרברענגען אין אַ היימישער סביבה אָדער שליסן געשעפטן. מאַכן הכנות אָנ־צוהייבן דאָס צוגרייטונג זיך צו דעם גשמיותדיקן פון דער וואָך. שפּעט אין אָוונט פראַוועט מען די סעודת מלוה מלכה. די קינדער ליגן אין די בעטן, מען רוט זיך אָפּ פון דעם טאָג, וואָס מען האָט אַזוי פאַרבראַכט, די מאַמע גיסט אָפּ די לאַדישקעס. נעמט אַראָפּ די סמעטענע באַזונדער, און די זויער מילך באַזונדער. אויף צו מאַכן פּוטער און קעז, מיט איין האַנט קלאַפּט זי אין דער מאַסלניצע, מיט דער צווייטער פאַרוויגט זי דאָס קינד, זינגענדיק דערביי אַ וויג־ליד פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. יאַנקעלע וועט לערנען תורה ווייל דאָס איז די בעסטע סחורה. און אויף מאָרגן שטייט אויף דאָס שטעטל, ווער צו דער אַרבעט, ווער צו מסחר, ווער עס לאָזט זיך אַרויס אין די דערפער צו זוכן פרנסה. כדי צו קענען מפרנס זיין ווייב און קינד.

יאָ, געווען אַמאָל אַ שטעטל, וואָס האָט געשפּרודלט מיט יידישקייט און נישטאָ מער. אומגעבראַכט געוואָרן דורך די רוצחישע הענט, אויסגעלאָשן איז געוואָרן דאָס שיינע יידישע לעבן, נישטאָ מער ראַטנע מיין היים.

אברהם בארג

# דער פוילישער שטייער־אמט און זיינע באאמטע

ווען איך בין אין איינעם א טאג אריינגעקומען אין שטאטראט צו דערליידיקן געוויסע ענינים האב איך דארטן געטראפן דעם שטייער־באאמטן זאזשיצקי, וואס איז ספעציעל געקומען פון קאוולע איינמאנען פארלעגענע שטייערן.

זאזשיצקי איז געווען זייער א שטרענגער מענטש, אן א טראפן רחמנות און איינזעניש פאר אן ארעמען. און ווען מען האט אין שטעטל דערהערט, אז ער איז געקומען, איז א שרעק אנגעפאלן אויף דער גאנצער באפעלקערונג. עס איז געווען אין יאר 1938. די עקאנאמישע לאגע איז אין שטעטל געווען זייער א שווערע און א סך מענטשן זיינען געבליבן שולדיק שטייערן. איז געקומען דער שטייער־מאנער זאזשיצקי זיי איינמאנען.

שטיי איך אזוי מיט דעם דאזיקן זאזשיצקי און מיר שמועסן. ער רעדט אזוי פריינדלעך און איידל, ווי מען דארף ריידן צו א מיטגליד פון שטאטראט. איך שפיר אבער אין זיינע רייד די פארביסנקייט פון א שונא ישראל. אין דעם באמערקט ער דורכגיין פארביי דעם פענצטער פון שטאטראט דעם יידישן קצב יאסל מאראנץ און הייסט אים אריינרופן אינעווייניק. די ערשטע פראגע וואס ער שטעלט דעם דערשראקענעם יאסלען איז:

— זאג מיר, פארוואס באצאלסטו נישט דיינע שטייערן וואס דו ביסט שולדיק?

— לאזט מיך א געוויסע צייט צורו, כ׳וועל א ביסעלע האנדלען, ארבעטן און איך וועל מיט דער צייט אפצאלן! — ענטפערט מיט הכנעה יאסל מאראנץ.

— איך וועל פון דיר די פעל אראפציען ווי דו ציסט אראפ פון די בהמות ווען דו שעכטסט זיי! — האט ער קריצנדיק מיט די ציין א זאג געטאן. — די הענט אין דער הייך! איך וועל ביי דיר מאכן א קעשענע־רעוויזיע! (אין אירע ברוטאלע געזעצן האט זיך די פוילישע רעגירונג דערטראכט, אז מען מעג א בירגער, וואס איז שולדיק שטייערן, באפאלן אין גאס, אים באזוכן און צונעמען ביי אים אלץ וואס ער טראגט, אפילו נישט זיינס).

איך בין געווארן זייער אויפגערעגט און האב זיך אנגערופן צו יאסלען:

— ר׳ יאסל, לאזט זיך נישט!

און צו אים האב איך א זאג געטאן:

— אזוי האנדלען נאר באנדיטן!

יאסל האט זיך גענומען ראנגלען מיטן שטייער־באאמטן, אבער דער באאמטער איז געווען שטארקער פון אים און האט ארויסגעריסן ביי אים פון קעשענע א פענכער מיט אביסל געלט, וואס ער האט פונקט געליען אויף צו קויפן א קעלבל אויף שחיטה. דא האט שוין געפלאצט מיין געדולד, כ׳האב א שליידער געטאן דעם דאזיקן זאזשיצקין און האב ארויסגעריסן ביי אים דאס געלט. דער בירגערמייסטער און די איבעריקע באאמטע פון מאגיסטראט האבן דאס צוגעזען, אבער זיי האבן גארנישט געזאגט. דאס האט נאך מערער אויפגערעגט דעם גזלן, ער האט גלייך טעלעפאנירט צו דער

פאָליציי, וואָס איז געווען דאָס צווייטע הויז פון מאַגיסטראַט. דער פאָליציי־קאָמאַנדאַנט איז גלייך געקומען און ער האָט מיך געהייסן גלייך אַרעסטירן. דער קאָמאַנדאַנט האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, ווייל ראשית, בין איך געווען אַ ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט און שנית, האָט ער מיך געקענט פאַר אַן אָרנטלעכן מענטשן און האָט מיט מיר געלעבט בשלום.

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן מיר — יאָסל מאַראַנץ ע"ה און איך באַקומען אויפפאָדערונגען זיך צוצושטעלן צו אַ משפּט אין קרייז־געריכט. די עדות האָבן געדאַרפט זיין איצל מערסיק און דער בירגערמייסטער. דעם בירגערמייסטער האָט נישט געפּאַסט זיין אַן עדות קעגן מיר — זיינעם אַ ראַטמאַן און ער האָט זיך אַרויסגעדרייט, זאָגנדיק, אַז ער האָט גאָרנישט געזען. איצל מערסיק האָט ווידער דערציילט מיט וואָסער אכזריות דער גזלן האָט געריסן דעם יידן יאָסל מאַראַנץ ביי דער באָרד און דערביי האָט ער געוויזן ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען.

דער פּראָקוראָר מיט די ריכטער האָבן דאָס אויסגעהערט מיט גיפטיקע שמייכלען אויף די ליפּן און דערביי נאָך געמאַכט אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען. אין זיין וואָרט האָט דער פּראָקוראָר פון קרייז־געריכט מיט דעם אמתן טאָן פון אַ יעזואיט צעטיילט דעם ענין אויף דריי פאַרברעכנס: פאַרברעכן נומער איינס: אַרויסגעכאַפּט געלט וואָס האָט געדאַרפט דעקן דעם רעגירונגס־שטייער; נומער צוויי: אַן אַוואַנטוריסטישער אָנפאַל מיט קלעפּ אויף אַ מלוכה־באַאמטן, און נומער דריי: עס איז אַ פּאָליטישער געוואַלט־טאַט קעגן דער רעגירונג.

אונדזער אַדוואָקאַט האָט מיט אַלע זיינע יורידישע פעאיקייטן געפּרוּווט צעקלאַפּן די רייד פונעם פּראָקוראָר, עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די ריכטער זיינען געווען קאַלט און מערדעריש אונדז צו פאַרמשפּטן. אין מיין וואָרט, האָב איך גאָרנישט געפּרוּווט פאַרלייקענען דאָס, וואָס איך האָב געטאָן, אדרבא, האָב איך געזאָגט, ווי אַ ראַטמאַן — אַ פאָרשטייער פון מיינע ווילער האָב איך אַזוי געדאַרפט האַנדלען. איך ווייס, אַז איר וועט מיך פאַרמשפּטן, אָבער ווען איך וועל אָפּזיצן מיין שטראָף, וועל איך ווייטער אַזוי האַנדלען. איך וועל זיך ניט לאָזן באַליידיקן און מיין פאָלק.

דער אורטייל איז געווען: אַכט חדשים שווערע טורמע. אונדזער אַדוואָקאַט האָט תיכף אַריינגעטראָגן אַן אַפּעלאַציע קעגן דעם אורטייל אין דעם אַפּעלאַציע־געריכט פון לובלין. דער ענין האָט זיך דערווייל פאַרשלעפּט מער ווי אַ יאָר, שוין גאָר נאָענט צו דעם לעצטן חורבן — פון דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיט אַ פּאָר וואָכן פריער בין איך אַוועקגעפאָרן קיין קאָוולע זוכן אַן אַדוואָקאַט. קיין איין אַדוואָקאַט האָט זיך נישט געוואָלט אונטערנעמען אונדז צו פאַרטיידיקן. דאָס צווייטע מאָל זיינען מיר שוין ביידע — יאָסל מאַראַנץ און איך אַוועקגעפאָרן מיט צוויי טעג פריער קיין לובלין און אין די לעצטע מינוטן האָט דער אַדוואָקאַט לעווינסאָן גענומען אויף זיך אונדז צו פאַרטיידיקן. דאָרטן אין לובלינער געריכט זיינען מיר שוין געזעסן אין גאַנצן געפּלעפּטע. דאָס לשון איז שוין ביי אונדז אָפּגענומען געוואָרן. גערעדט האָט שוין נאָר דער אַדוואָקאַט. ער האָט אויפגעוויזן, אַז די פּוילישע שטייער־באַאמטע גייען אויף פאַלשע וועגן פון אַנאַרכיע און זיי פאַרפלעקן דעם נאָמען פון דער פּוילישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. דערביי האָט ער גענומען אין שוץ יאָסל מאַראַנץ און מיך: וועגן יאָסלען האָט ער געזאָגט, אַזוי ווי ער איז אַ פּשוטער ייד, האָט ער נישט געוווּסט וועגן דעם געזעץ פון אַ „קעשענע־רעוויזיע" און מיך האָט ער פאַרטיידיקט דערמיט, אַז ווי אַ ראַטמאַן האָב איך געהאַט דאָס רעכט צו פאַרטיידיקן דעם ווילער זיינעם. ער האָט זיך אויך פאַררופן אויף דעם, וואָס איך בין אַ געאַכטעטער בירגער פון שטאָט, ווען נישט וואָלט מען מיך נישט אויסגעווילט

פאַר אַ ראַטמאַן. דאָס האָט אָפּנים געווירקט אויף די ריכטער און דער אורטייל איז געווען פאָלגנדיקער: פיר חדשים זיינען אונדז געשענקט געוואָרן אויפן יסוד פון דער אַמנעסטיע, וואָס מען האָט גראָד דאָס יאָר געגעבן אַלע זינדיקע און די צווייטע פיר חדשים האָט מען „פאַרהאַנגען" אויף צוויי יאָר צייט. אויב במשך פון דער צייט וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל פאַרזינדיקן וועט מען אונדז צו יענעם אורטייל אויך צוגעבן די דאָזיקע פיר חדשים.

מיר, פאַרזענלעך, און די שטאָט האָבן אָפּגעאָטעמט און געדאַנקט גאָט פאַר אַזא אויסלאָז פון אונדזער פּראָצעס.

סעפּטעמבער 1939, אָנהייב מלחמה, ווען יידן זיינען געלאָפן פון די טיף פּוילישע געביטן אויף די קרעסן, איז דער אדוואָקאַט לעווינסאָן מיט זיין פאַמיליע פאַרפאָרן אויף אַ פּאָר טעג קיין ראַטנע, פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געווען מיין גאַסט. פון ראַטנע זיינען זיי געלאָפן ווייטער צו דער רוסישער גרענעץ. מער האָב איך פון זיי נישט געהערט.

חיים גראַבאָוו

# בלעטלעך פון מיינע קינדער־יאָרן אין ראַטנע

פּערצן יאָר האָב איך אָפּגעלעבט אין ראַטנע. דאָרט האָב איך מיין קינדישע בענקשאַפט נאָך אַ שטיקל ברויט אויסגעוויינט, און דאָרט — מיין פרי־יוגנטלעכע לעבנס־פרייד אויסגעזונגען. ראַטנער שטיל־פליסנדיקער „פּריפּעט" וואָס האָט ווי אַ רייף פון אַלט פאַרגרינט זילבער, אַרומגערינגלט דאָס שטעטל, נישט דערלאָזנדיק ס'זאָל זיך צעוואַקסן; אירע גרין־זומערדיקע לאָנקעס וואָס טאַקע אָט דער טייך פלעגט פאַרשווענקען אויף עטלעכע וואָכן, ווען די פרילינג־זון פלעגט פון זיי דעם ווייסן שניי־צודעק אַרונטערנעמען; אירע ראָז־ווייסע בעז־גערטנער, און רויט־חנוודיקע קאַרשן־סעדער; אירע שטילע שוואַרץ־סאַמעטענע זומער־נעכט, פאַרגליווערטע ווי אין אַ מיסטעריעזער דערוואַרטונג. וואָס בלויז פון צייט צו צייט האָט אַ יוגנטלעך פאַרליבט געלעכטער ערגעץ אין דער פינצטערניש, זיי אַ טרייסל געטאָן, אָדער אַ פאַרבענקט אויסגעצויגן געזאַנג פון דער אוקראַאיניִשער יוגנט, ערגעץ ווייט, ווייט הינטער דער שטאָט פלעגט זיי אויפּרודערן; אירע ווינטער־נעכט, ווען דאָס שטעטל, איר ברייטער מאַרק מיטן פּלומפּ אינמיטן, אירע נידעריקע הילצערנע שטיבער מיט גאַניקלעך און טרעפּלעך — זיינען אונטער אַ ווייסן שניי־צוייבער געלעגן; און חברה שטיפערס און שטיפערקעס פלעגן אין שימערירנדן לבנה־ליכט מיט הויפנס שניי זיך שפּילן — אָט אַ דאָס ראַטנע האָט מיין כאַראַקטער געפורעמט און אירע שפּורן געלאָזט אין מיר אויף אייביק.

דערפאַר מיין גרויסע ליבע צו ראַטנע.

***

מיין מאַמען האָט מען אין ראַטנע גערופן „חיה די וואַרשעווערין". אין וואַרשע האָט זי התונה געהאַט מיט אַ ראַטנער בחור, יצחק הערש גראַבאָוו. געקומען איז זי קיין ראַטנע מיט צוויי קינדער, אַרום סוף יולי 1914, כדי צו זיין ביי מיין טאַטנס פאַמיליע אַ קליין שטיקל צייט, ביז מיין פאָטער, וואָס איז געהאַט אַרויסגעפאָרן צו זיין ברודער בערל בראַוו קיין אַמעריקע, וועט זי אַריבערנעמען צו זיך. דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אין יענעם יאָר האָט אירע פּלענער צונישט געמאַכט. דער טאַטע, אָנשטאָט צו פאַרפאָרן קיין אַמעריקע, איז גאָר אין אַ עסטרייכישן קאָנצענטראַציע־לאַגער נעבן ווין פאַרקראָכן און די מאַמע מיט די קינדער איז שוין אין ראַטנע אויף שטענדיק פאַרבליבן.

פון די פאַרגעפּלטע קינדערישע יאָרן טויכן אַרויס בילדער ווי אַ צעשוורמענער חלום: אַ גרינער טונקעלער וואַלד אַרום; אַ פּויעריש קליין פורל מיט אַביסל טרוקן גראָז אויפן דעק; יעדע ווילע אַ שטאַרקער טרייסל און דאָס פורל קרעכצט, בייגט זיך, דאָ אין איין זייט, דאָ אין אַ צווייטער, און ס'דוכט זיך אַז אָט־אָט און עס

קערט זיך איבער. דער־אָך — אַ נאַקעטער וועג מיט פאַרטרוקנטער בלאָטע; פון ביידע זייטן — סטעפּ, ווילד־גראָז און טשערעט.

דאָס שטעטל אַ צוזאַמענגעקוועטשטס, אַן איינגעזונקענס, באַגעגנט אונדז פון ווייטנס מיט זיינע פאַרשאַרפטע, פאַרשפּיצטע, גרוי־געלע שטרויענע דעכלעך, איינגעטונקען אין גרינס. וו־נישט־וו זעט זיך אַ ווייסער פלעק צווישן גרינעם געמעל. דאָס ערשטע וואָס מיר דערזען: לינקס, די צלמים פון קריסטלעכן צווינטער. באַלד דערנאָך — אַ גרויסער, מיט ביימער געדיכט באַוואַקסענער הויף, אַן ארומגעצוימטער און אין מיטן הויף אַ גרויסע הילצערנע געביידע, מיט גרויסע געשניצטע פענצטער. דאָס הויז אונטערשיידט זיך אינגאַנצן פון די אַנטקעגנאיבערדיקע, נידעריקע, ווייס־געקאַלכטע; מיט שטרוי באַדעקטע מעשטשאַנסקע הייזלעך, מיט זייערע קליינטשיקע פיר־שויביקע פענצטערלעך.

די זאַבלאַטער גאַס.

קינדער באָרוועסע, שפּילן זיך אינמיטן וועג. אָט נעמט איין קינד צונויף מיט ביידע הענטלעך פולע הויפנס שטויב, פון דער ערד און שיט עס אַ צווייטן קינד אין פּנים אַריין. שטיל. די איינציקע אין גאַס זיינען: מיר אויפן פורל און די גרופּקע קינדער. אויף דער רעכטער זייט גאַס, האַלב איינגעבויגן פון אַ ברייטער, אָבער נידעריקער כמעט קוואַדראַטנער טיר קריכט אַרויס אַ פרוי מיט אַ פּנים ווי אַ ראָד, מיט פלאַקסענע האָר, אַרומגעבונדן מיט אַ רויט קאָלירט טיכל, אָנגעטאָן אין אַ ברייט געפאַלדעוועט קלייד אַרומגערייפט מיט רעגנבויגן־קאָלירטע פאַסן. די פרוי קוקט אויף אונדז האַלב פאַרוווּנדערט און האַלב פאַרשלאָפן. זי שפּאַרט זיך אָן אין פלויט און באַגלייט אונדז מיט די אויגן.

די פאַרנאַכטיקע דעמערונג נעמט אַרום דאָס שטעטל. זיסע ריחות טראָגן זיך פון ביידע זייטן גאַס, טראָגן זיך צו אונדז פון די בלומען־גערטנדלעך, פון די גרויסע גרינס־גערטנער וואָס אַרום די שטיבער. מיר דערנענטערן זיך צום צענטער פון שטעטל. די גאַס בייגט זיך אַביסל אויף רעכטס, און הייבט זיך אויף. אַ בריק, אַ הילצערנע, און אונטן אַ טייך, רואיק און דורכזיכטיק. ביידע ברעגן זיינען, ווייט אויף וויפל דאָס אויג גרייכט, פאַרוואַקסן מיט טשערעט און הויכע גראָזן. ייִנגלעך באָדן זיך אונטערן בריק, מוטער נאַקעט, און נישט ווייט פּראַטשען די ווייבער זייער וועש. אַ וואַסער־טרעגער מיט צווייי הילצערנע עמערס, הענגענדיקע אויף אַ שטעקן ביי אים אויף אַן אַקסל, קלעטערט פון טייך אַרויפצו צו דער גאַס, איינגעבויגן און וואַקלדיק. לינקס, אַביסל ווייטער איבערן טייך גייען צוויי מענטשן איינער אַנטקעגן אַנדערן אויף אַ ראַכיטיש בריקל, אַ לאַנגס און אַ שמאָלס, ווי פון דינע שטעקלעך. זיי באַגעגענען זיך. איינער בלייבט שטיין, האַלט זיך צו ביי דעם זיך־שאָקלענדיקן פּאַרענטש; און דער צווייטער גייט פאַרביי, פאַרזיכטיק און נישט זיכער און ס'דוכט זיך, אָט־אָט און דאָס בריקל ברעכט זיך איין. ווייטער פון דעם בריקל, לענגאויס דעם טייך, נאָך אַ בריק, אַ גרויסע און אַ פעסטע. דער טייך אַ שמאָלער, ערטערווייז גרין פאַרפלעקטער, שלענגלט זיך אויף רעכטס און ווערט פאַרלוירן, אין אומענדלעכן גרינעם סטעפּ און הויכן שניידיקן גראָז און טשערעט — די „בלאָטעס".

אַריבערגעפאָרן די בריק. באַרג אַראָפּ — אַ גאַס. פון ביידע זייטן: שטיבער הילצערנע, גרעסערע, רחבותדיקערע ווי די פריערדיקע, מיט גרעסערע פענצטער און טירן. מיט הויכע שינדלענע דעכער. געבויט האַרט ביים וועג, נישט אַרומגעצוימטע מיט פלויטן ווי די פריערדיקע. זיי פאַרמאָגן שוין האַלץ־געשניצטע, און טייל אַפילו פאַרגלאָזטע גאַניקלעך, מיט הילצערנע טרעפּלעך וואָס פירן צום אַריינגאַנג.

דאָס פורל פאַרקירעוועט אויף לינקס. עטלעכע בהמות, וואָס אַ יונג באָרוועס פאַסטוכל טרייבט מיט אַ לאַנגער בייטש, קומען אונדז אַנטקעגן, און טרעטן אונדז

אפּ דעם וועג. אַ ברייטער מאַרק. פון ביידע זייטן — קראָמען, אַן פענצטער מיט אָפענע טירן, ווי פּירקאַנטיקע לעכער. טרעפּלעך פירן אַרויף צו די קראָם־טירן. ברעטלעך, העלצער, פון אַלע פאָרמען און מאָסן, צוזאַמענגעשטעלט, צוזאַמענגע־קלאַפּט ווי אויף דערוויל, ערטערווייז מיט גרויסע לעכער, ליגן אויסגעצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון דער ערד, פון ביידע זייטן גאַס אַרום די שטיבער. דאָס זיינען די טראָטואַרן. נעבן איין קראָם זיצן צוויי מענטשן אויף אַ טרעפּל און שמועסן, נעבן אַ צווייטער שטייט אַ קרעמער אָנגעשפּאַרט אין טיר מיט אַ יאַרמעלקע אַרויפגע־רוקט איבערן שטערן, אַ ווייסע ציצה קוקט אַפער פון אונטערן וועסטל. אין סאַמע מיט פון מאַרק — אַ פּלומפּ. אַביסל לינקס, אַ שענק. אַנטקעגן שענק שטייט פאַר־איינזאַמט אַ נידעריק פערדל איינגעשפּאַנט אין אַ פּויעריש פורל און דרעמלט. זעלטן ווען ס'גייט פאַרביי אַ מענטש.

דער שטילער אָוונט הילט איין מיט סאַמעטענע שאָטנס דאָס שטעטל.

אין אָט אַזאַ אָוונט זיינען מיר צו דער באָבע פעסיע — מיין טאַטנס מוטער — ביי בנימין דעם קאָוואַל אויף קריווע אוליצע אין שטוב פאַרפאָרן.

**

דאָס פייער וואָס האָט אונטערגעצונדן די וועלט אין יענעם יאָר 1914, האָט אויך ראַטנע נישט אויסגעמיטן. ווען און אין וועלכע אומשטענדן מיר זיינען פון ראַט־נע אַוועק — געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר אַז מיר זיינען געווען אין קאָמען. דערנאָך אַ שטיק צייט געלעבט אין אַ וואַלד צוזאַמען מיט נאָך פון קאָמען אַנטלאָ־פענע יידן. צוריקגעקומען קיין ראַטנע זיינען מיר אין אַ נאַסן פאַרנעפּלטן פרימאָרגן. דאָס שטעטל — בלויז חורבות. די גאַסן פאַרשווונדן. אומעטום רויכערנדיקע בערג אַש און ציגל. אַ שטיקנדיקער ריח פון סמאָלינעס. דאָס צאַרישע מיליטער האָט אַנט־לויפנדיק אונטערגעצונדן דעם מאַרק, אַוועקלאָזנדיק מיטן פייער די גאַנצע יידישע געגנט אַרום.

מיר פאָרן אין אַ טיפער געדיכטער בלאָטע. דאָ איז אַמאָל געווען דער צענטער פון שטעטל, דער מאַרק. מיר פאַרנעמען זיך אויף לינקס צו דער „אַלטער שטאָט", צו דער קריסטלעכער געגנט, אַהין האָט דאָס פייער נישט דערגרייכט. אַ סך פּויע־רישע שטיבער זיינען פּוסט און די באַלעבאַטים זיינען אַנטלאָפן. אין איינער אַזאַ שטוב, פונקט אַנטקעגן קלויסטער, האָבן מיר געפונען אַ מקום מנוחה.

מיט אונדז איז אויך דער הונגער מיטגעקומען. און אַז די מאַמע האָט אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, אַביסל קאַרטאָפל פון אַ שכנותדיקן גוטהאַרציקן פּויער גע־בראַכט, האָט מען די קאַרטאָפל אין דער איינגעהייצטער הרובע געבראָטן. אין צי־מער איז קאַלט און פינצטער געווען. אין דרויסן האָט אַ שניי־שטורעם געוואָיעט און געריסן די צוגעמאַכטע לאָדנס פון די קליינע פיר־שויביקע פענצטערלעך. פון דער אָפענער הרובע האָבן ברענענדיקע טרוקענע ברעטלעך, אַרויסגעריסענע פון די דער־בייאיקע פּלויטן, די שטוב מיט שאָטנס אָנגעפילט. אַ טאָפּ מיט וואַסער האָט דאָרט געגומען זידן. די מאַמע האָט דעם טאָפּ אַרויסגענומען און אויף דעם ערדענעם פּאָל געלאָזט שטיין. מיין שוועסטער, אַ קינד פון אַ יאָר פיר, איז אַוועק אין אַ צווייטן ווינקל, פון אונטערן בעט ברענגען אַ קאַרטאָפל צום בראָטן און דאָ איז אַן אומגליק געשען: צוריקקומענדיק מיט דער קאַרטאָפל איז זי אין דער פינצטער אויף דעם הייסן טאָפּ וואַסער אַרויפגעפאַלן...

דריי טעג האָט דאָס קינד זיך געמאַטערט. דריי טעג און דריי נעכט איז די מאַ־מע אין איר פאַרצווייפלטער איינזאַמער הילפלאָזיקייט אָפּגעזעסן ביים בעט און דעם קינדס גסיסה צוגעקוקט. ביז זי האָט אין שרעקלעכע ווייטיקן און אַן וועלכער ס'איז מעדיצינישער הילף איר צאַרט נשמהלע אויסגעהויכט.

לאַנגע יאָרן האָט איר טויט מיך אָנגעפילט מיט צער און פאַרדרוס. מיך האָט געפּייניקט דער געדאַנק אַז איר יונגער און שרעקלעכער טויט איז אַ רעזולטאַט פון די נויט־אומשטענדן וואָס די בלוטיקע מלחמה האָט גורם געווען, און אַז זי איז געפאַלן אַ קרבן פון אונדזער ביטערער אָרימקייט.

אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע אין שטעטל אַביסל פאַרבעסערט. דער מיליטערישער אָפּטייל, וואָס זיין קוואַרטיר איז געווען ביים גלח אין הויף, איז געוואָרן אַ צוציאונגס־פונקט פאַר געוויסע יידן. פון אונדז אָבער איז דער הונגער און די נויט נישט אָפּגעטראָטן. מיטן אָנקום פון פרילינג, האָבן אָנטלאָפענע מעשטשאַנעס גענומען זיך אומקערן אין זייערע היימען. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז מיר זאָלן פאַרלירן אונדזער צייטווייליקע היים.

איינער אַ מעשטשאַן, יאַקאָב זשוק, האָט אויף אונדז רחמנות געקריגן און אונדז דערלויבט זיך אַריינצוציען צו אים אין שטאַל. אונדזער „גליק" האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט: אין איינעם אַ פרייטיק־צו־נאַכטס האָט די מאַמע אָנגעצונדן צוויי ליכטלעך צום בענטשן, זיי צוגעשמאָלצן צו אַן אַקס פון אַ צענומענעם וואָגן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט אַ פערד, וואָס איז געשטאַנען פונקט אַנטקעגן אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געקוקט ווי מיט רחמנות אויף אונדז, די זיצנדיקע אויף אַ סנאָפּ שטרוי אַנטקעגן די אָנגעצונדענע ליכטלעך. און פּלוצלינג האָט דאָס פערד אַ הירזשע געטאָן; ס'איז געוואָרן פינצטער. אָבער באַלד האָט אַ פלעמל זיך צעטאַנצט אין טרוקענעם היי. מיין מאַמע האָט אָנגעהויבן שרייען... דער פייער מיט זיין הויזגעזינד האָט דאָס פייער פאַרלאָשן. אָבער מיר האָבן אונדזער „וווינונג" געמוזט פאַרלאָזן.

אַ יידישע פאַמיליע אויף דער הולאַנקער גאַס האָט אונדז אַ קליין צימערל פאַרדונגען. דעמאָלט איז דער טאַטע, נאָך לאַנגע באַמיאונגען פון מיין מאַמען, פון דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט צוריקגעקומען. געווען איז דאָס אין 1917. זיין קומען האָט, ווי די מאַמע האָט דערוואַרט, אונדזער לאַגע נישט פאַרבעסערט. פונקט פאַרקערט, אַנשטאָט אַ מאַנסביל אַ פרנסה־געבער — איז נאָך אַן עסער צוגעקומען. אַ בלייכער, אַן אויסגעדאַרטער און מיט אַ טרוקענעם הוסט, אַ רעזולטאַט פון קנאַפּע דריי יאָר שווערער אַרבעט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, פלעגט ער מער ליגן ווי אַרומגיין. מיין קלוגע מאַמע מיט איר שאַרף צינגל, מיט איר קענען דאָס דייטשע לשון, פלעגט די פויערים אין זייערע ענינים מיטן דייטשישן אָקופּאַנט אַרויסהעלפן, און דערפאַר באַלוינט ווערן אַמאָל מיט אַ לאַבן ברויט, אַמאָל מיט אַביסל קאַרטאָפל, גרינס, וואָס זי פלעגט אין אַ זעקל אויף אירע פּלייצעס אַהיימברענגען. ס'פלעגן אָבער זיין טעג, ווען מיר פלעגן זיך דערנערן מיט רויע אַרבעס, בריקווע, איבערהויפּט ווינטער. זומער — מיט טרוקענע זאַנגען, וואָס איך צוזאַמען מיט נאָך באָרוועסע קינדער, פלעגן צונויפקלויבן אויף די אַרומשטעטלדיקע אָפּגעשניטענע תבואה־פעלדער. דאָס דחקות איז אָבער נישט געווען קיין שטערונג, אַז אין יענעם יאָר זאָל געבוירן ווערן מיין שוועסטער סימע.

אין יענער צייט האָבן די דייטשן אָנגענומען מאָסמיטלען אויף צו פאַרענדיקן מיט דער עפּידעמיע פון די פאַרשידענע חולאתן, דער עיקר מיטן טיפוס אין שטעטל, און באַזונדערס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

צו די ציווילע אויטאָריטעטן פון שטעטל, באַשטימטע פון די דייטשן, און כמעט אַלע יידן, ווי דער בירגערמייסטער עליע יאַנאָוויטש, אָדער די פּאָליציי, איז צוגעקומען אַ סאַניטאַרער אונטערזוכער — מיין פאָטער. מיט אַ רויטן באַנד אויפן אָרעם, פלעגט ער אַרומגיין באַזוכן די שטיבער, כדי צו איזאָלירן די קראַנקע און דורכצופירן אַ דיזענפעקציע אין די הייזער וווּ אַזעלכע זיינען געווען. זיין אַרבעט איז אין אַ געוויסער מאָס געווען נישט קיין אַנגענעמע: די דייטשן פלעגן דעם קראַנקן צו־

נעמען אין שפיטאָל. די מיטוווינער פון הויז פלעגן איזאָלירט ווערן אויף עטלעכע טעג אין בית המדרש און אויפן הויף אַרום בית המדרש הינטער אַ צוים פון שטעכיקע דראָטן. דערנאָך פלעגן די דייטשן קומען מיט אַ דאַמף־מאַשין, אויסקאָכן דאָס בעטגעוואַנט און די קליידער אין אַ גרויסן קעסל און מיט גומענע רערן אויסשפּריצן מיט „קאַרבאָל" די שטוב און אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אינעווייניק. פון אַזאַ דיזענפעקציע־אָפּעראַציע פלעגט דאָס ביסל שטוב־אָרימקייט שטאַרקליידן. צוליב די אויבנדערמאָנטע סיבות פלעגן די פאַמיליעס טאָן אַלדאָס מעגלעכע כדי צו באַהאַלטן זייערע קראַנקע. און מיין טאַטע פלעגט טאַקע אין אַ סך פאַלן ביי יידן קוקן דורך די פינגער.

איך האָב אויך קיין קרענק נישט אויסגעמיטן. איך בין דעמאָלט קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע (פיבער האָט מען עס גערופן). די „ווירקזאַמסטע" הייל־מיטלען זיינען דאַן אָנגעווענדעט געוואָרן. דאָס ערשטע: צעבראָכן אַן ערדענעם טאָפּ מיט אַ שליידער קעגן דער וואַנט איבער דעם בעט ווו איך בין געשלאָפן. און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט מען אויסגעפּרוווט אַ צווייטע „מעדיצין": ליגן אין דרויסן הינטערן שטוב אויף אַ קופּע מיסט, וואָס מ'פלעגט יעדן טאָג אויסקערן פון שטוב.

פון וואָס איך בין געזונט געוואָרן, ווייס איך נישט. וואַרשיינלעך איז דער קרענק נמאס געוואָרן מיין פאַרצערטער, אויסגעדאַרטער גוף און זי האָט זיך אָפּגעטראָגן...

געוויסע סאָרטן קרענק האָב איך דווקא ליב געהאַט, צום ביישפּיל: הוסטן. אַז איך פלעג נעמען הוסטן, פלעגט שוין מיין מאַמע קריגן אַביסל מילך און מיר געגעבן אויסצוטרינקען אַ האַלבע גלאָז וואַרעמע מילך מיט אַ שטיקעלע פוטער אינעווייניק. מיר פלעגט אויך געפעלן ווערן עפּעס אַ שטיקל שטעכעניש אין אַ זייט צי אין דער פלייצע. ערשטנס פלעג איך ליגן אין בעט און נישט דאַרפן גיין אין חדר. און צווייטנס — און דאָס איז דער עיקר — פלעגט די מאַמע מיר אויסגיסן בליי. זי פלעגט צעלאָזן בליי, אַוועקשטעלן אַ כלי מיט וואַסער אויף דעם פלאַץ ווו מיר פלעג וויי טאָן, און אַריינגיסן דעם צעלאָזטן בליי אין דער כלי. צי דאָס פלעג מיר העלפן ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז איך פלעג דעמאָלט האָבן מיט וואָס זיך צו שפּילן. דער הייסער בליי פלעג אין וואַסער זיך פאַרוואַנדלען אין פאַרשידנפאָרמיקע בלישטשענדיקע פיגורן. אָט די פיגורן זיינען ביי מיר געווען טייערע שפּילצייג.

אָפטמאָל פלעג מיין מאַמע מיך נעמען צו דאָראַטשיען. דאָראַטשיע האָט געגאָלטן פאַר אַ דאָקטאָר אין שטעטל, כאָטש ער איז דאָס נישט געווען. אַליין, אַן אָפּשטאַמיקער פון אוקראַאינישע פויערים, איז ער געווען אַ גרויסער מענטשן־פריינט, און טאַקע אַ יידן־פריינט. ער איז געווען פאַרמעגלעך, געוווינט אין אַ גרויס הויז, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן פאַרק פון פרוכטן־ביימער און בלומען. דאָראַטשיע פלעג מיך באַטראַכטן, עפּעס געשמועסט מיט דער מאַמען, און ביים געזעגענען זיך, נישט געוואָלט נעמען קיין געלט, נאָר געהייסן זיך זען מיט פּאַראַסקען, זיין שטוב־אויפזעערין. ביים אַרויסגיין האָט פּאַראַסקע געהייסן אונטערוואַרטן ביז זי וועט צוריקקומען. און געקומען איז זי צוריק מיט אַ פּעקל, וואָס זי האָט געגעבן דער מאַמען, זאָגנדיק: דער דאָקטאָר זאָגט, אַז דיין קינד דאַרף מער עסן. דאָס פּעקל איז טאַקע געווען עסנוואַרג.

***

ביסלעכווייז האָט דאָס נישט־דערעסן אַרויסגעהאָלפן דער שווינדזוכט, וואָס האָט זיך שוין געהאַט פאַרקליבן אין מיין טאַטנס לונגען, כדי צו פאַרענדיקן זיין לעבן. אין האַרבסט 1919 האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין בעט און שוין מער נישט אויפגעשטאַנען. איך געדענק אַז אין אַ פראָסטיקער נאַכט האָט מען מיך צוגענומען

פון שטוב און אַוועקגעפירט צו אַ שכן. איבערן שטעטל האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון די קלויסטער-גלאָקן. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געפייערט עפּעס אַ יום-טוב. אויף צומאָרגנס, גאַנץ פרי, בין איך געקומען צוריק אין שטוב און שוין געטראָפן דעם טאַטן ליגן אויף דער ערד, אַביסל שטרוי אונטער אים און צוויי ברענענדיקע ליכטלעך צוקאָפּנס. מיין מאַמע איז געזעסן נעבן אים אויף אַן איבערגעקערטער שטול און שטיל געוויינט.

דאָס יאָר 1920 איז געווען דאָס פינצטערסטע יאָר פאַר די יידן אין שטעטל און פון די אַרומיקע דערפער. דאָס מלחמה-פייער האָט געברענט אין אונדזער געגנט. דער ענטוזיאַזם און מסירת נפש פון דער רויטער אַרמיי, וואָס אירם אַן אָפּטיילונג איז איינגעשטאַנען דעמאָלט אין שטעטל, און וואָס האָט זיך געשלאָגן אויף די פראָנטן אָן געווער און אין צעריסענע הויזן, האָט נישט געקענט מנצח זיין די גוט באַוואָפנטע און דערנערטע, פוילישע אַרמייען און ווייסגוואַרדייאישע באַנדעס. און אַז די באָלשעוויקעס (די „באָרוועסע" האָט מען זיי גערופן, צוליב דעם וואָס זיי זיינען געגאַנגען ממש באָרוועס) זיינען אָפּגעטראָטן, זיינען אַריין די „באַלאַכאָוועצעס" און האָבן געראַבעוועט, געשענדעט און געמאָרדעט. דער אויסרייד איז געווען, אַז די יידן האָבן געהאָלפן די באָלשעוויקעס. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז געווען בלויז אַן אויס-רייד. הגם ס'איז געווען אמת, אַז מיט איר אויפפירונג און מיט איר באַציאונג צו די יידן האָט די רויטע אַרמיי אַרויסגערופן צו זיך די סימפּאַטיעס פון דער יידישער באַ-פעלקערונג.

אין יענעם יאָר האָב איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן איבערגעלעבט די קאָשמאַרן פון טויט. די שרעק פאַר מערדער.

דאָס זיצן אַן אָנגעטועגער אין דער נאַכט צוזאַמען מיט אַלע שטוב-מענטשן, הינטער פאַרשלאָסענע טירן און פאַרהאַקטע לאָדנס, גרייט צו אַנטלויפן דורך אַ הינ-טער-טיר; דאָס צוהערן דעם געקנאַל פון רעוואָלווער-שאָסן הינטערן פענצטער; דער קוויטש פון אַ פאַרגוואַלדיקטער פרוי וואָס האָט אַ ריס געטאָן די נאַכט, ערגעץ אין אַ נאָענטן געסל; דאָס ליגן באַהאַלטן אויף אַ בוידעם אין היי, אין אַ גאָרטן צווישן גרינס; די וועגענער מיט הרוגים, געבראַכטע פון די אַרומיקע דערפער — דאָס אַלץ וואָס איך האָב צוגעזען און איבערגעלעבט אין יענעם זומער 1920 האָט איבערגע-לאָזט גאָר טיפע שפּורן אין מיין געמיט.

***

אין די רואיקע טעג, צווישן איין מלחמה - אויפטרייסלונג און דער צווייטער, ווען די טויט-אנגסטן פלעגן נאָכלאָזן און די יידן פלעגן אַזוי צו זאָגן אָפּכאַפּן אַביסל דעם אָטעם, האָט מען דערשפּירט אַ נויטווענדיקייט זיך צו פאַרגעסן. פלעגט מען זיך צוזאַמענקומען אין פאַרשיידענע הייזער, אין די אָוונטן, איבערהויפּט אין די שבתדיקע פאַרנאַכטן, און מ'פלעגט פאַרברענגען ביים שפּילן אין „פלירט" (אַזעל-כע קאָרטלעך מיט אָפּגעדרוקטע פראַגן און ענטפערס) און לייענען, בעסער געזאָגט און אויסהערן ווי עמיצער פלעגט פאָרלייענען, און אין סתם שמועסן.

אַזאַ צונויפקום - אָרט איז געווען ביי מענדל בלאַט אין שטוב. ער, מענדל בלאַט — אַן אָרימער בעל-מלאכה, אַ היטל-מאַכער, האָט געוווינט אין אַן אַלטער האַלב-חרובער שטוב, פול מיט שווערע אויסגעקרימטע שטיקער מעבל, די ווענט באַ-האָנגען מיט פאַמיליען-בילדער, גרויסע און קליינע, סתם בילדער און אויסשניטן. אליין אַ יונגער מענטש און ווי די דעמאָלסטיקע בעלי-מלאכהס — אָן בילדונג, האָט ער אָבער געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר עפּעס בעסערס און איידעלערס אין לעבן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות האָט ער פּאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל, פאַרטרעטנדיק די האַנטווערקער - באַוועגונג און די אינטערעסן פון סתם האָרעפּאַשניקעס און אין אינסטיטוציאָנעלן לעבן פון שטעטל.



אַן אַרבעטער גרופּע אין 1925

ביי אָט דעם מענדל בלאָט אין שטוב האָב איך איינמאָל אין אַ שבת פּאַרנאַכט געטראָפן אַ פולע שטוב מיט מענטשן: בחורים און מיידלעך, אַרבעטער, האָרעפּאַשניקעס, פון די הינטערגעסלעך, פון באָד־געסל, פון דער מצרים־גאַס און אַרומיקע געסלעך. געזעסן איז מען ווו מ׳האָט נאָר געקאָנט, אויף דער ניי־מאַשין, אויפן בעט, בלויז אויפן טיש נישט. דער דיל איז געווען ווייס פון יאָדערן שאָלעכץ, אַלע האָבן געקנאַקט יאָדערן, און די שאָלעכץ געוואָרפן אויפן דיל. ביים טיש איז אַ לאַנגער באַנק, נעבן פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום גרויסן בית־מדרש וואָס האָט, אגב, דעמאָלסט געדינט ווי אַ קאַזאַרמע פאַר די רויטאַרמייער, וואָס זיינען איינגעשטאַנען אין שטעטל — איז געזעסן אַ יידישער רויטאַרמייער און האָט פאַרגעלייענט אויפן קול אַ יידיש בוך. ער האָט ווייזט אויס געקענט גוט פאַרלייענען. איך געדענק ספּעציעל זיין נאָכמאכן ווי ס׳רעדט אַן אַלטע פרוי אַן ציין, און יעדע ווילע פלעגט אויסברעכן אַ געלעכטער צווישן עולם.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך דעמאָלסט ביי מענדל בלאָט אין שטוב געהערט דערמאָנען דעם נאָמען פון איינעם אַ שרייבער — שלום־עליכם.

***

אונדזער קינדער־וועלט איז אין דער מלחמה און נאָך דער מלחמה געווען ביז גאָר באַגרענעצט. אַז אין שטעטל האָט געהערשט רו, דער פּחד פאַרן טויט האָט

נאָכגעלאָזט, זיינען מיר אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרשפּאַרט אין חדר. בלויז שבת נאָך מיטיק, אָדער יום־טוב ביי־טאָג האָבן מיר געהאַט אַביסל פרייע צייט זיך צו שפּילן. מיר פלעגן שפּילן אין קאַשטאַנעס אויפן אָפּגעבערענטן שיל־הויף, אין באַהעל־טעניש און אין מלחמה.

מיר האָבן געפירט מילחמה. ס'האָבן זיך פאַרמירט צוויי גרופּעס. פלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן צום שאָסיי אויף בריסקער זייט נעבן דער ווינטמיל און דאָרט אָנהייבן די „שפּיל", וואָס איז באַשטאַנען אין וואַרפן זיך מיט שטיינער, וואָס מיר פלעגן צוזאַמענגעמען טאַקע פונעם שאָסיי. די שפּיל פלעגט זיך פאַרענדיקן, ווען עמיצער פלעגט כאַפּן אַ שטיין אין קאָפּ אָדער ווען ס'פלעגט אָנקומען אַ פּאָליציאַנט, אָדער על־פּי־רוב ווען ס'פלעגט צופאַלן דער אָוונט, די שעה פון דאַוונען מנחה־מעריב, אַ זאַך, וואָס אונדזערע עלטערן פלעגן אונדז נישט דערלויבן צו פאַרפעלן.

קיין אָרגאַניזירטע ספּאָרט־שפּילן זיינען אין שטעטל בכלל נישט געווען. אַרום 1923 האָט אין שטעטל אַריין דערגרייכט די „פוטבאָל"־שפּיל. חברה פלעגט זיך צו־זאַמענעמען שבת נאָכמיטיק, אַוועקגיין אויף אַ פעלד, אָדער אַ גאָרטן פאַרמירן צוויי גרופּעס און שפּילן. די „פוטבאָל" שפּיל האָט אָבער קיין אריכת־ימים נישט געהאַט, אַ זומער, אָדער צוויי און זי איז פאַרשוווּנדן.

***

פון מיינע חדר־יאָרן איז אין מיין זכרון קיין שום אָנגענעמע דערינערונג, עפּעס וואָס זאָל באמת מיר האָבן פאַרשאַפט פאַרגעניגן און פרייד, — נישט פאַרבליבן. מלמדים האָב איך געהאַט אַ סך. אָבער בלויז ווינקל־מלמדים, צוויי־טראַנגיקע. יעדן זמן בין איך געגאַנגען צו אַן אַנדער מלמד. די סיבה דערפון איז געווען: די גרויסע שווערקייט וואָס מיין מאַמע האָט געהאַט ביים צאָלן שכר־לימוד, דעריבער טאַקע ווייל איך האָב ווייניק צייט געקענט מיינע מלמדים קען איך זיך ווענן זיי קיין ספּעציעלס נישט דערמאָנען.

דאָס גיין אין חדר איז מיר נישט ליב געווען און דאָס לערנען — אויך נישט. ווינטער פלעגט דער חדר מיך אַרויסשלעפּן פון הינטער דער וואַרעמער אָנגעהייצ־טער הרובע, און מיך צווינגען צו גיין נישט געענוג וואַרעם אָנגעטאָן, אין שטאַרקן פראָסט און שניי־זאַווערוכעס, אָפטמאָל ביז די קני אין שניי. דערצו דאָס אומקערן זיך אַהיים ביינאַכט אין אַ געדיכטער פינצטערניש, אָפטמאָל אַליין און אַמאָל אין אַ הינ־טער געפּל מיט אַן אייגן פאַבריצירטער לאַמטערנע, געמאַכט פון אַ צעבראָכענער פלאַש מיט אַ ליכטל אינעווייניק, וואָס פלעגט צעוויגן און אויסשפּרייטן פאַנטאַסטישע שאָטנס, פאַרגרעסערנדיק די שרעק פאַר אַלערליי שדים, רוחות און מיסטעריעזע כאַפּערס מיט וועלכע ס'איז פול געווען אונדזער קינדישער מוח.

זומער פלעגט דער חדר מיך האַלטן פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן טאָג אין אַן ענגן, פאַרשטויבטן, שטיקנדיקן צימער אַנשטאָט אַרומצולויפן פריי איבערן לויכטנדיקן דרויסן, איבער צעגרינטע שמעקנדיקע גערטנער.

די לימודים האָב איך נישט באַנומען און נישט געפילט. אַן אויסנאַם איז געווען שיר השירים. דער־ניגון מיט וועלכן מיר פלעגן לערנען דאָס געזאַנג פון געזאַנגען, זיין פּאָעטישער פאָרם און אינהאַלט האָב איך ליב געהאַט. אויך דער רבי איז דעמאָלט געווען אין אַן אַנדער געמיט־צושטאַנד, ווייניקער בייז און מער אויפגעלייגט. דאָס זעלבע ווען מיר פלעגן לערנען זינגענדיק אַקדמות.

צו עלף יאָר האָב איך פאַרלאָזט דאָס חדר, אַ שטאַרק פרומער, פלעג דריי מאָל אין טאָג דאַוונען, זאָגן מודה אני ביים אויפשטיין און קריאת שמע פאַרן שלאָפן גיין.

זאָגן שיר השירים פרייטיק פאַרנאַכט, מעביר סדרה זיין שבת קאַיאָר און זאָגן פרק און עטלעכע קאַפּיטלען תהילים שבת נאָכמיטיק. חוץ דעם פלעג איך מקיים זיין אַלע אַנדערע מצוות און זיך אויסגעהיטן פון עבירות.

איך פלעג אויך נישט פאַרפעלן אין טריסקער שטיבל שבת צו שלוש־סעודות, וואָס דער טריסקער רבי פלעגט פראַוועון ווען ער פלעגט קומען קיין ראַטנע.

גיין פלעג איך אַהין צוליב צוויי טעמים, דער ערשטער: די עדה שוויגנדיקע יידן ביים לאַנגן טיש, דאָס דינע דריבנע קול פון רבין, זאָגנדיק תורה, און די גאַנצע מיסטישע אַטמאָספער וואָס האָט געהערשט דאָרטן, אין דעם טונקעלן בין־השמשות האָט געהאַט אויף מיר אַ מיסטעריעזע ווירקונג. און צווייטנס פלעגט מיר געפעלן ווערן די מערב־וואַנט. הינטן ביים טיר און נעבן ווייבער־שטיבל, איז אָנגעגאַנגען אין דער טונקל אַ שטילע שפיל: וואַרפן זיך מיט נאַסע האַנטוכער. און דער הויפּט־קרבן פלעגט זיין דער טויב־שטומער וואָס פלעגט זיך אויפהאַלטן טאַקע אין שטיבל.

***

גאַנץ אַנדערש ווי צום חדר האָט אויסגעזען מיין באַציאונג צו דער שולע, אין וועלכער מ'האָט אַלע לימודים געלערנט אויף העברעאיש.

צו וויפל יאָר איך האָב אָנגעהויבן גיין אין שולע ווייס איך נישט. איך ווייס בלויז, אַז שרייבן און לייענען האָט מיין מאַמע מיך אויסגעלערנט. און אַז מיין באַזוכן די שולע איז נישט געווען רעגולער, אויב מיין מאַמע איז גרייט געווען צו „שפּאַלטן בערג" — ווי זי האָט געזאָגט — אַבי מיך צו מאַכן פאַר אַ יידן. ד. ה. זי איז גרייט געווען צו טאָן דאָס אומעגלעכע בכדי מיך צו דערציען אין גייסט פון רעליגיעזער יידישקייט; האָבן אָבער איר קיין כוחות שוין נישט געסטאַיעט אויף קיין קרבנות כדי מיך צו שיקן רעגולער אין שולע. מיט איבעררייסן צוליב די דאָזיקע סיבות בין איך געגאַנגען אין שולע ביז צו דרייצן יאָר און דאָס איז געווען דער וויכטיקסטער פּעריאָד אין מיין קינדערישן לעבן.

אַ נייע וועלט איז פאַר מיר אַנטפּלעקט געוואָרן: ימען און טייכן, לענדער און פעלקער און צווישן זיי אויך אַ יידיש פאָלק מיט אייגענע טרוימען, מיט אייגענע אַספּיראַציעס. די וואונדער־וועלט פון דער יידישער געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט, מיט איר ראָמאַנטיזם און העראָאיזם. די יידישע מאָדערנע גייסטיקע וועלט, די יידישע פּאָעזיע: יהודה הלוי, ח. נ. ביאַליק, ש. טשערניכאָווסקי, האָבן געצונדן מיין פאַנטאַזיע. אַלץ איז פאַר מיר געווען ניי און אויב אַפילו נישט אַלץ איז געווען אינגאַנצן ניי, איז אָבער די פאַרב, דער אופן ווי דער לערער קעצקער האָט עס פאַר אונדז פאָרגעבראַכט, אָדער ווי עס איז דערשינען אין די טעקסט־ביכער, און נישט אין חומש געווען ניי און געמאַכט אינגאַנצן פאַר ניי.

די שולע האָב איך ליב געהאַט. און צוליב די ספּעקטאַקלען, אויפגעפירטע פון די קינדער, די אויספלוגן און מאַרשן ל"ג בעומר, מיט פענער און פענדלעך, מיט פאַראַד, קיין ווידרעניץ מיט דער גאַנצער יום־טובדיקער אַטמאָספער וואָס האָט געהערשט אַ צייט פריער בעת די צוגרייטונגען, דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט פרייד, מיט עפּעס אַ מין צויבער, וואָס אַזעלכן האָב איך ביז דעמאָלט נישט געקענט.

דער לערער, נח קעצקער, הגם אַ מענטש אַ האַרטער, אַ פאַרשלאָסענער, מיט אַן ענערגישן אויסדרוק אויפן פּנים, האָט דאָך געפונען אַ וועג צום האַרץ פון דער יוגנט. זיינע „דיקטאָווקעס" אין יידיש אין די פרייטיק־טעג זיינען געווען אמתע ליטעראַרישע קאָמפּאָזיציעס, אויף היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע טעמעס, ער פלעגט זיי אונדז דיקטירן אימפּראָוויזירנדיק, אַרומלויפנדיק איבערן צימער מיט זיינע קורצע

טריט. די קאַמפן און גבורות פון אַ בר־כוכבא, פון יהודה המכבי, פון די חשמונאים, האָבן געצונדן מיין פאַנטאַזיע, האָבן ארייננעבלאָזן עפּעס אַ נייעם גייסט אין מיר.

ער האָט אַריינגעצויגן די גאַנצע אין חדר זיך לערנעדיקע יוגנט אין שולע די מיידלשע יוגנט האָט דאָרטן צום ערשטן מאָל געקריגן אַ צוטריט צו די קוואלן פון



אַ גרופּע יוגנטלעכע אין 1929

עלעמענטאַר קענטעניש. זיין אָנקומען אין שטעטל ארום 1916 האָט געמאַכט אַן איבערבריך אין דעם צושטאַנד פון אָפּגעשטאַנענקייט, אין וועלכער ס'האָט געלעבט די יוגנט.

חוץ לערער, איז ער אויך געווען דערציער און מדריך, ער איז געווען דער וואָס האָט אַריינגעבלאָזן אַ נייעם גייסט אין דער יוגנט. ער האָט געגרינדעט ביי דער שולע אַ קינדער־ביבליאָטעק, ווו די קינדער פלעגן נעמען ביכער אַהיים צום לייענען אומזיסט. ער האָט אָרגאַניזירט דעם ערשטן קינדער־קלוב ווו ער פלעגט פאַרברענגען מיט אונדז קינדער שבת נאָכמיטיק אין שפּילערייען און איבערהויפּט אין שמועסן וועגן יידישער געשיכטע, יידישער מלוכהשער זעלבסטשטענדיקייט און יידישן העראָאיזם אין אַלטערטום. און אויף דעם וועג פאַרזייען אין אונדז די ערשטע זוימען פון נאַציאָנאַלן אידעאַליזם און ציוניזם.

הים אידיייש זיינען אונדזערע וועגן שפּעטער זיך פאַנאַנדערגאַנגען, מוז איך אָבער אָנערקענען זיין גרויסן איינפלוס אויף מיין גייסטיקער אויסבילדונג. און אויב איך בין שפּעטער נישט געגאַנגען אין זיינע וועגן, האָט ער אומדירעקט געהאַט אַ גרויסן חלק איז דיים, ער איז געווען דער, וואָס האָט איינגעפלאַנצט אין מיר די ליבע צו לייענען אַ בוך און אַ שטרעבונג צו וויסן, וואָס דער פּועלי־יוצא דערפון איז געווען: ספקות און זוכענישן.

**
*

אַ שטיקל צייט שפּעטער, אַרום 1924 איז אָנגעקומען קיין ראַטנע וואָלף ברע־נער. און אזוי ווי מיר זיינען געווען שכנים און קרובים פלעג איך אַריינקומען צו אים

אין שטוב. דאָרט האָב איך געזען אַ בלאַט, וואָס האָט געהייסן „די פֿאָלקס צייטונג”. איך האָב אָנגעהויבן אַריינקוקן אין דער צייטונג: און דאָרט האָב איך אָנגעטראָפֿן זאַכן וועגן וועלכע איך האָב ביז דעמאָלט אין ערגעץ נישט געלייענט, וועגן וועלכע איך האָב ביז דעמאָלט קיין אנונג נישט געהאַט, און וואָס זיינען מיר געווען עפּעס נאָענט צום האַרצן: אָרעמע, רייכע, קאַפּיטאַליסטן, אַרבעטער קלאַס, האַרעפּאַשניקעס, סאָציאַליזם...

וואָלף ברענער — וואָס האָט געשטאַמט פֿון לודמיר, אַליין אַ בונדיסט, אַגב דער איינציקער און אפשר דער ערשטער בונדיסט און פֿריידענקער אין שטעטל — האָט באַמערקט מיין אינטערעס, פֿלעגט ער מיר אונטעררוקן געוויסע אַרטיקלען צו לייענען, וועגן ציוניזם, סאָציאַליזם, רעליגיע און אַנדערע. ער פֿלעגט אויך מיר רעקאָמענדירן געוויסע ביכער צום לייענען.

אין יענער צייט איז אויך אַריינגעפֿאַלן אין מיינע הענט אַ ביכל פֿון פּאָפּולערער



**דוד לאַנגער, אַקטיוויסט אין די לינקע קרייזן. (אומגעקומען).**

אַסטראָנאָמיע, וואָס איך האָב געטראָפֿן צופֿעליק אין שטוב פֿון מיין חבר דוד לאַנגער. דאָס בוך איז פֿאַר מיר געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג.

היינט לערנט מען די קענגנשטאַנדן וועגן וועלכע ס'האָט זיך גערעדט אין ביכל אין די שולן. אָבער דעמאָלסט האָב איך קיין שום אנונג נישט געהאַט וועגן די אַלע זאַכן. איך האָב געגלויבט, אַז די ערד און אַלץ וואָס עקזיסטירט אויף איר איז דאָס מיסטעריעזע און אומבאַגרייפֿלעכע מייסטער־ווערק פֿון גאָט, וואָס האָט דאָס אַלץ באַשאַפֿן אין זעקס טעג. אַקוראַט, אַזוי ווי אין חומש ווערט דערציילט. און דאָ פּלוצלינג אַזאַ אַנטדעקונג! דאָס וואָס אין חומש און אין אַנדערע ספֿרים ווערט דערציילט איז גאָרנישט אמת...

אַט פון יענער צייט שטאַמט דער איבערברוך וואָס איז פאָרגעקומען אין מײַן גייסטיקן לעבן. איך האָב אָנגעהויבן צו צווייפלען אין די איינגעשטעלטע אמונה־עיקרים. איך האָב אָנגעהויבן זוכן דעם אמת.

***

דאָס ערשטע מאָל וואָס איך בין אַרויסגעפאָרן אויסער די גרענעצן פון שטעטל בין איך אַלט געווען אַ יאָר 11. געפאָרן בין איך קיין מאַניעוויטש, אַ דאַטשע־אָרט אַרום לוצק. נישט חלילה אויף מײַן מאַמעס הוצאות בין איך געפאָרן אויף דאַטשע, געשיקט האָט מיך דער „דזשאָינט" אין זיינער אַ זומער קאָלאָניע, פאַר שוואַכע, אָרעמע יתומים־קינדער איך מיין, אַז איך בין געווען דער איינציקער פון שטעטל וואָס איז יענעם זומער געפאָרן אין אַזאַ קאָלאָניע.

מײַן מאַמע האָט מיר צוגעגרייט אַ פּעקעלע און אַ ווייס ציכל. און אין אַ שיינעם פאַרנאַכט האָב איך זיך אויפגעזעצט אויף אַ לאַנגן וואָגן אַנטקעגן נעבע גינזבורגס הויז אויפן מאַרק.

דער אָוונט איז געווען אַ וואַרעמער און אַ לויטערער. דער גרויסער וואָגן האָט פּאַמעלעך, נישט געאײַלט, זיך געקייקלט איבער דעם שטיינערנעם שאָסיי קיין קאָוועל. אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָב איך מיט אָפענע אויגן געקוקט אין דער פינצטערער ווייטקייט. מיט אַ באַהאַלטענעם אומרו אין האַרצן: פאַר דעם זוימען אומבאַוווסטן, און פאַר גזלנים, וואָס קענען אַרויסשפּרינגען פון אונטער אַ קוסט און אונדז באַפאַלן. אַ זאַך, וואָס פלעגט אין יענער צייט אָפטמאָל געשען. איך האָב זיך צוגעהערט צום קוואַקען פון די זשאַבעס, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון די זומפּיקע פעלדער אַרום, און פון יעדן בוימיקן שאָטן פלעגט מיר האַסטיקער קלאַפּן דאָס האַרץ.

איך בין סוף־כל־סוף אײַנגעשלאָפן. אויפגעוועקט האָט מיך אַ שטאַרקער דונער. קיין שטערן אין הימל זײַנען מער נישט געווען. דער האָריזאָנט איז באַלויכטן געוואָרן דורך צעצווייגטע בליצן. אַ שטאַרקער ווינט האָט אָנגעיאָגט מיט ווילדן כוח און ס'האָט אַ זעץ געטאָן אַ שלאַק־רעגן. קיין בויד האָט אונדזער וואָגן נישט געהאַט. די פרוי נעבן מיר האָט זיך אײַנגעוויקלט אין אַ פאַטשיילע. דער בעל־עגלה האָט אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ אַ זאַק, און דאָס זעלבע האָט געטאָן דער מאַן וואָס איז געזעסן לעבן דער פרוי. איך האָב זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל נעבן דער קעלניע, פאַרמאַכט די אויגן און געלאָזט רינען איבערן פּנים דאָס וואַסער, אָבער איך בין געוואָרן רואיקער: איך בין געווען זיכער, אַז אין אַזאַ שטורעם געפינען זיך נישט קיין גזלנים אויף די וועגן. ס'האָט געדונערט און געבליצט און לאַנג גערעגנט. איך בין צוריק אײַנגעשלאָפן. און אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען טאָג. אַ בלויער הימל איבער אונדז און אַ רויטע האַלבע זון האָט אָפּגעקוקט פון מזרח ראַנד. דער וואָגן איז געשטאַנען אַן אויסגעשפּאַנטער, די פּאַסאַזשירן זײַנען געזעסן אויפן גראָז ביים זייט שאָסיי און געגעסן האַרטע אייער מיט שוואַרצן קאָרן־ברויט. דער בעל־עגלה איז געלעגן נעבן זיי און געכאַפּט אַ דרימל. אַ פויגל־געזאַנג האָט זיך געטראָגן פון דערבײַיאיקן גרין־ווייסן בערעזע וועלדל. איך בין אויך אַראָפּ פון וואָגן. זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז און אַ זינגענדיקע פרייד איז מיר אויפגעגאַנגען אין האַרצן.

קיין קאָוועל זײַנען מיר אָנגעקומען שוין אין טיפן טאָג אַריין.

***

אַ גרויסע ראָלע אין אונדזער קינדער און יוגנט-לעבן האָט געשפּילט דער טייך. דער פּריפּעט. אָט דער שטילער, איינגעשלאָפענער, שמאָלער און נישט טיפער טייך, מיט זיינע ברייטע, פלאַכע, שליימיקע, מיט טשערעט באַוואַקסענע ברעגעס. בלויז פּסח-צייט פלעגט ער זיך צעוואַקסן און צעשטורעמען, ווען די אַרומיקע שנייען פלעגן זיך צעגיין. דאָס איז פלעגט זיך שפּאַלטן און ער, אַן איבערגעפולטער מיט וואַסער און אָנגעלאָדן מיט קריעס, פלעגט זיך נעמען טראָגן, מיט אימפּעט, מיט געבראַזג, זיך יאָגן ערגעץ-ווו אינדערווייט ערגעץ צום ווייסל צו.

זומער איז ער געווען ווי אַ מאַמע צו אונדז. אונדזער לעבן מיט פרייד אָנגע־



אַ גרופּע יוגנטלעכע אין אַ שיפל אויפן טייך „פּריפּעט"

פולט. די ערשטע פרילינגדיקע געלע בלימעלעך פלעגן מיר ביי זיינע נאַסע ברעגעס רייסן, דערנאָך די פרייד פון רייסן „פּאַנעס" אויסצופולן די שטוב אויף שבועות.

ס'געדענקען זיך די זומערדיקע פאַרנאַכטן אין וואַסער אויף די „מאַלצעס" אָדער ביים בריק אויף הולאַנקער גאַס. און דאָס שיפן זיך; די שטילע פאַרנאַכטן אויף די שיפלעך אָפּגעדונגענע ביי די מיעשטשאַנעס — ווען אויף יענער זייט הולאַנ־קער בריק האָט די פאַרגייענדיקע זון זיך געטונקען אין אַ ים פון גינגאָלד, וואַרפנדיק אַ לעצטן שטראַל אויף די שפּיצן פון די שינדלדיקע דעכער, און פון ביידע זייטן פון די גרין-פאַרוואַקסענע ברעגעס האָט דער טייך געאָטעמט מיט טויזנטער ריחות און געכישופט מיט מיסטעריע פון באַשאַף. און מיר, יינגלעך און מיידלעך, פאַרלעכ־וויז, אַרומגענומענע מיט פאַרבענקטע, פלאַטערנדיקע הערצער, איינגעהילטע אין נעפלען פון אונדזער אייגן געזאַנג — שיפן זיך אין דעם רואיקן, דורכזיכטיקן בין־השמשות אַנטקעגן דער אָנקומענדיקער נאַכט... און אַ צעשפּילטע סימפאָניע פון אַלע טיילן באַשעפענישן באַגלייט אונדז...

ווינטער, ווען דער טייך פלעגט ווערן אינגאַנצן פאַרפרוירן, האָט ער אויך גע־האָט פאַר אונדז זיינע רייצן: גרופּעסווייז פלעגן מיר, די שבתדיקע נאָכמיטיקס גיין שפּאַצירן איבער אים. זיך גליטשען — צום גרויסן עגמת-נפש פון מיין מאַמען: ווייל קיין „געזונט" פלעגט די שטיוול נישט צוקומען פון דעם גליטשען זיך. מיר



אַ גרופּע יוגנטלעכע ביי דער הוליאַנקע אויפן גליטש

פלעגן פאָרן אויף „קאָנקעס”, לאַנגע שעהן זיך אַרומטראָגן ווי דער ווינט, שנעל און אין פאַרמעסט מיט הברים, איבער דעם פאַרפרוירענעם און ערטערווייז — ווי גלאָז דורכזיכטיקן טייך. און אַזוי אַרום אויסלאָדענען אונדזער נישט אויסגעניצטע ענערגיע.

**
*

ווען איך בין אַלט געוואָרן פופצן יאָר האָט מיין מאַמע באַשלאָסן, אַז ס'איז שוין צייט צו קלערן וועגן אַ תכלית. און באמת וויפל איז דער שיעור אַרומצובאַ־ליאַסטרעווען מיט הברים און חברטעס גאַנצענע נעכט, און די טעג אָפּזיצן ביי אַ ביכל נעבן דער וואַרעמער הרובע — ווינטער און זומער — ערגעץ הינטערן שטעטל אויסגעצויגן אויפן גרינעם גראָז ביים שאָסיי אויף קאָוולער וועג, אָדער ביים מאָלן אַ שטעטלשן פּייזאַזש אויף „דער אַלטער שטאָט? שוין צייט צו טראַכטן וועגן מאָרגן. און דער מאָרגן האָט געהייסן — ווי ביי דער גאַנצער שטעטלשער יוגנט — אַוועק־פאָרן, עמיגרירן.

און אַזוי בין איך געקומען קיין וואַרשע. געוואָלט האָב איך לערנען מאָלערײ־קונסט, אָבער געלערנט האָב איך טיפּאָגראַפיע אין אַ דרוקעריי. וואָס „הגם אַ מלאכה אָבער דערפאַר אַן איידעלע, און דער עיקר ס'איז פּראַקטישער ווי מאַלעריי”, לויט דער מיינונג פון מיין פעטער, דעם אָקסן־סוחר יעקב ווייסבראָט.

הגם וואַרשע האָט באַדייט אַ נענטערער קאָנטאַקט מיט דער פּאָליטישער און קולטורעלער אַקטיוויטעט וואָס האָט דעמאָלסט געברויזט אין יידישן פאָלקס־לעבן,

איז דאָך שווער, זייער שווער געווען דאָס צופּאַסן און אַריינפּאַסן זיך אין דעם רי־שיקן געווירבל־לעבן פון דער גרויסער שטאָט וואַרשע. אין דעם דרוקער־וואַרשטאַט ביים שריפט־קאַסטן האָב איך זיך געפילט ווי עפּעס אַ פויגל אין שטייג און פלעג חלומען פון שטעטל.

דערפאַר טאַקע פלעג איך שוין וואַרטן אויף די ערב יום־טובים ווען איך פלעג אַהיימפאָרן אין שטעטל, צו דער מאַמען, צו חברים. צו מיידלעך.

ווען ס'פלעגט זיך דערנענטערן די צייט פון יום־טוב פלעג איך שוין אַרומגיין אַ נערוועזער און אומגעדולדיק ציילן די טעג, וואָס פלעגן ווי אויף צו־להכעיס זיך ציען לענגער ווי שטענדיק.

און ענדלעך איז די אויסגעטרוימטע שעה געקומען. שוין ביים דערנענטערן זיך צום שטעטל, פאָרנדיק פון דער זאַבלאָטנער סטאַנציע אויף דעם פויערישן פורל, אויסגעבעטט מיט שמעקנדיקן היי, פלעגט מיר דאָס האַרץ נעמען קלאַפּן האַסטיקער. איך פלעג מיט די אויגן, ממש גלעטן די ערב־פּסחדיקע פאַרטרוקענע סטעפּעס אַרום. די פרויען וואָס פלעגן וואַשן ביים טייך וועש און אַנדערע שטוב־חפצים אויף פּסח. די צעשוווּמענע, פאַרטרוקנטע הערבליע, די מענטשן, וואָס האָבן געפּראַוועט אַקראָ־באַטיע אין דער געדיכטער בלאָטע ביים דורכקרייצן די גאַס.

אַ גרויסע פרייד פלעגט אויפגיין אין האַרצן ווען איך פלעג ערב ראש־השנה, אויף דעם זעלבן פורל אַהיימפאָרן פון זאַבלאַט אויף דער הולאַנקער גאַס, און פון ביידע זייטן גאַס זיינען די גערטנער און סעדלעך געווען מער געל ווי גרין, האַלב אויסגעליידיקט. דאָ — אַ געל פאַרלוירן בלימעלע, דאָרט — אויף אַ שפּיץ בוים צווישן גאָלד־רויטע בלעטער — אַ פאַרגעסענער רויטער עפּל אָדער בלויע פלוים. דער זומער איז געלעגן אַ מידער אָבער מיט צעשפּילטע קאָלירן און מיט צאַרטער שלוה. די רואיקייט האָב איך נישט נאָר באַנומען מיטן געהער נאָר איך האָב זי ממש גע־שפּירט, איך וואָלט געזאָגט: אָנגעטאַפּט מיט די הענט. ליב איז מיר דעמאָלט געווען דער האָן וואָס איז גאַווהדיק געשטאַנען אויף אַ פּלויט גרייט אַ קריי צו טאָן. און די בהמה, וואָס איז געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט גאַס אין גאָרטן און האָט געמעלה־גירהט פאַרגאַפט. דאָס בילן פון אַ נישט דערוואַקסן הינטל, וואָס פון הינ־טער אַ פּלויט זיך געלאָזט לויפן אַנטקעגן אונדזער פורל האָט מיר אויסגעוויזן ווי עפּעס אַ נאַרישעס. אַפילו די מענטשן וואָס פלעגן פאַרבייגיין און וועלכע איך האָב געקענט, אָבער קיינמאָל מיט זיי אין קאָנטאַקט נישט געקומען האָבן פּלוצים מיר אויסגעזען ווי טייערע און ליבע פריינט. שוין אָפּגערעדט פון חברים, וואָס פלעגן צולויפן צום פורל אַריינצוכאַפּן דעם ערשטן שלום־עליכם.

און דער מאַמעס לויפן אַ קעגן פורל, ווייל עמיצער האָט שוין באַוויזן איר אָנצוזאָגן. די בשורה אַז איך פאָר; איר געלעכטער מיט טרערן אין די אויגן; איר האַלדזן און קושן, אָן ווערטער, ווייל די פרייד האָט ביי איר דאָס לשון אָפּגענומען. און דאָס גאַנצע אויסזען אירס דעמאָלט, קען איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

זיין פלעג איך אין שטעטל אַרום אַ חודש יעדן יום־טוב. און אָט־די טעג זיינען געווען אפשר די פריידיקסטע אין מיין גאַנצן לעבן ביז היינט. דאָס איז געווען פאַר מיר ווי אַן אָנוואַרעמען זיך נאָך דער גרויסשטאָטישער קאַלטקייט. ס'איז מיר ליבער געווען מיין מאַמעס איינאַונאיינציקער קליינער צימער, אָפּגעדונגען, אויף אַ יאָר ביי הערשל פּאַצקער אָדער בנימין קעמפּער — ווי מיין פעטערס רחבותדיקע שטוב אין וואַרשע.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די צוזאַמענקומען און שפּילערייען פון יינגלעך און מיידלעך ביי רבקה טאָקער — די היים פון מיין חבר מאיר טאָקער. אַ שטיבעלע אַ קליינס, אַ נידעריקס, פון קוים צוויי צימערלעך, שוין אַריינגערעכנט



אַ גרופּע מיידלעך, אייניקע אומגעקומען אין דער חורבן צייט

די קיך. מיט אַ נידעריק שטרויען דעכל, אָבער אַ זוויבערס, אַ ציכטיקס, אַ שמעקע־דיקס. ווו ס'האָט שטענדיק געהערשט, עפּעס אַ באַזונדערע וואַרעמקייט, אַ מין מוטערלעכע וואַרעמקייט צו אונדז, מצד דער שלאַנקער, איידעלער און אָפּגעהיטע־נער רבקה טאָקער. די צוזאַמענקומען ביי מיין חברטע ביילצע עלבוים אין שטוב, פונקט אַזאַ שטיבל ווי דאָס פריערדיקע. די פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן אויפן שאָסיי ביים אָפּוואַרטן דעם אויטאָבוס פון קאָוולע, ווען כמעט די גאַנצע שטעטלשע יוגנט פלעגט זיך דאָרט צוזאמענקומען. דאָס אָפּזיצן גאַנצענע נעכט מיט חברים און חברטעס אויף די בריקלעך און גאַניקלעך אַרום די שטיבער, ווו מיר פלעגן הייס דיסקוטירן און אַמפּערן זיך וועגן אידייען און פּאַרטייען. די לאַנגע שפּאַצירן אויפן שאָסיי אויסערן שטעטל, זינגענדיק אין דער אויסגעשטערנטער נאַכט, ביז אין העלן טאָג אַריין.

ביי מיין אָפּפאָרן נאָך יום־טוב צוריק קיין וואַרשע פלעגן חברים מיך מקנא זיין צוליב מיין פאָרן אין דער גרויסער שטאָט. און איך האָב זיך געשעמט זיי צו זאָגן, אַז איך בין גאָר זיי מקנא, אַז איך בענק שוין צוריק.

דאָס גליק און די פרייד וואָס איך פלעג איבערלעבן ביי מיין קומען אין שטעטל אויף די יום־טובים וועלן שטענדיק בלייבן אין מיין זכרון ווי די שענסטע מאָמענטן אין מיין לעבן.

ווען איך בין סוף 1928 אַוועקגעפאָרן אין דער ווייטער אַרגענטינע האָב איך זיכער זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז דער נאַצישער בלוט־מבול וועט פאַרטיליקן דאָס יידישע לעבן אין שטעטל, איך בין אַוועקגעפאָרן מיט אַן אילוזיע: קומען אַמאָל באַזוכן די היים. צו אונדזער גרויסן ווייטיק איז פון שטעטל פאַרשוווּנדן דאָס אייגנאַרטיקע וואַ־רעמע יידישע לעבן. טאָ זאָלן אָט די שורות דינען ווי אַ באַשיידענער ביישטייער צו דער מצבה וואָס מיר שטעלן מיט אָט דעם בוך אונדזער אומגעקומענעם ליב שטעטעלע ראַטנע.

לואיס גאָלדמאַן

# מיינע קינדער־יאָרן אין ראַטנע

מיין נאָמען איז יוסף אריה, געבוירן חנוכה אין יאָר 1902. אין הויז פון דעם יונגן פּאָרפאָלק אליהו יעקב און רחל־לאה גאָלדמאַן. אַ נאָמען האָט מען מיר געגעבן נאָך דעם אמתן צדיק, דער ראַטנער רב, ר׳ יוסף־אריה.

ווי עס איז באַוווּסט כמעט פאַר יעדן איז נישט לאַנג איידער איך בין געבוירן געוואָרן אין ראַטנע אומגעגאַנגען אַ קינדער־עפּידעמיע, קענטיק קינדער־פּאַראַליז. דעמאָלט איז ר׳ יוסף אַריין אין שיל און געעפנט דעם ארון־קודש און מיט גרויס כוונה געבעטן דעם ריבונו של־עולם אַז בעסער זאָל גאָט נעמען איין אַלטן קאָפּ אַנשטאָט אַזויפיל יונגע קעפּ. נישט לאַנג נאָך דעם איז ער טאַקע געשטאָרבן און די עפּידעמיע האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך טראָג מיין נאָמען נאָך אים מיט שטאָלץ.

ווען איך בין אַוועק פון ראטנע בין איך נאָך קיין אַכט יאָר נישט אַלט געווען, אָבער איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז איך געדענק מיין געבורטשטאָט גאַנץ גוט. איך געדענק די שיל און די אַנדערע בתי־מדרשים, די גאַסן און די הייזער, די בלאָטעס און די שנייען, די גבירים, די קבצנים. די וואָס מען האָט געהאַלטן מיט גרויס כבוד און די וואָס דער גורל האָט צוגעטיילט צו זיצן אויף די אונטערשטע בענק. איך געדענק מיין רבין, דעם חזן און זיין טאָכטער, דעם וואַסער־טרעגער, דעם קוימען־קערער און די סאזשע, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אַפילו אין די רציעות פון זיינע תפילין, איך געדענק די משוגעים פון שטאָט און צומערסטנס געדענק איך שמעונען מיט זיינע צעבּיסענע פאַרבלוטיקטע הענט, וועלכע ער האָט אַליין צעביסן ווען מען האָט אים צורייצט.

איך געדענק דעם יאַריד אין מאַרק, ווייל עס איז געווען אַ סאָרט יום־טוב. פריי פון חדר, פלעגט מען אַרומגיין אין מאַרק און באַוואונדערן ווי לעבעדיק דאָס שטעטל איז געוואָרן. איך דערמאָן זיך ווי די פּויערים זיינען אָנגעקומען פון די דערפער מיט זייערע פּויערישע וועגענער. און ווי אַ סך פון זיי פלעגן איבערשלאָפן ביי אונדז אין הויז, ווו מען פלעגט אויסלייגן שטרוי אויפן דיל. איך פלעג זיך טאַקע אַביסל שרעקן ביינאַכט אין דעם צווייטן צימער, ווען איך פלעג הערן דאָס געלעכטער פון די פּויערטעס, נאָר שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז געווען אין אָרדענונג.

איך געדענק מיין זיידן ר׳ נחמן, אַן אלטער הויכער, דארער ייד, ווייט פון צו זיין אַ גביר, אָבער דערפאַר איז ער געווען גאַנץ נאָענט צו די קבצנים. ער איז געווען פרום. איך האָב געפילט, אַז מיין זיידע האָט מיך ליב געהאט. עס איז געווען, געדענק איך, דאָס ערשטע יאָר ווען איך האָב זיך אויסגעלערנט די פיר קשיות פון דער הגדה און אַזוי ווי מיין פאָטער איז געווען אין אַמעריקע האָב איך זיך אָנגעמאָסטן צו פרעגן די אַלטע, אַלטע פראגעס ביי מיין זיידן. אָבער מיך האָט דערוואַרט אַ דורכפאַל, ווייל נישט לאנג צוריק האָט מען צוגענומען מיין יינגסטן פעטער מישה צו דינען אין דער אַרמיי, און מיין זיידע, דער איבערגעגעבענער פאָטער וואָס איז געווען אַזוי הערלעך אין זיינע סענטימענטן ווי אין אַלע אַנדערע זאכן, האָט זיך אין אים [illegible] האָט נישט געקענט צוריקהאלטן די טרערן. נאטירלעך איז

די עקסהיביציע פון מיינע נייע קענטענישן געווען אין גאַנצן „אַנטי קלימאַטיש" ביי אַזעלכע אומשטענדן.

איך געדענק מיין שטעטל ראַטנע ווי אַ פרומע שטאָט, אָן ספיקות, יאוש אָדער איבערקלערענישן. פון דעם קלענסטן יינגעלע וואָס האָט אָנגעהויבן אַלף-בית, ביז דעם עלטסטן זקן איז ביי יעדן געווען פעסטגעשטעלט, אַז צו זיין אַ ייד מיינט אַז מען דאַרף אָפּהיטן די תרי"ג מצוות, און דערצו זיינען נאָך געווען די אבערגלויבענישן וואָס זיינען אויך געווען אַ טייל פון דעם טעגלעכן לעבן. אַ יינגל פון זעקס יאָר האָב איך פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט צו זיין אַ פרומער ייד און בין געווען פאַרזיכטיק נישט צו טאָן קיינע עבירות. עס האָט זיך אָבער געמאַכט אין אַ שיינעם טאָג, אום שבת, אַז איך בין געשטאַנען אויף אַ בריקל און נישט טראַכטנדיק האָב איך פעסט אָנגעטראָטן אויף אַ פאַרפוילטן שטיקל האָלץ, איך האָב דאָס טאַקע געטאָן בשוגג אָבער ביי אַ זעקס יאָריקן ראַטנער יינגל איז דאָס נישט געווען קיין אויסרייד, מיין ערשטע ערנסטע עבירה איז דאָס געווען און איך האָב געליטן אַ לאַנגע צייט דערפון.

איך געדענק אויך אַנדערע אבערגלויבענישן ביי די מענטשן אין ראַטנע. איך בין אַמאָל געשטאַנען מיט מיין שוועסטערל און מיין פעטער משה ביי דעם טייך און מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו די קליינע קאַטשקעלעך, וואָס ער, מיין פעטער, האָט אַהין געבראַכט זיי זאָלן זיך לערנען שווימען. מיטאַמאָל האָבן מיר דערזען ווי עס איז אָנגעקומען אויפן בריק אַ גוישע לויה. איך האָב זיך אָנגעהויבן צוצוקוקן צו איר, האָט מיין פעטער אונדז אָנגענומען ביי די הענט און אונדז שנעל אריינגעפירט אין אַ קאָרידאָר פון אַ חסידיש קלייזל וואָס איז געווען דערנעבן. דאָרטן זיינען מיר אַלע דריי געשטאַנען שטיל ביז די לויה איז אַריבערגעגאַנגען און ווי עס ווייזט אויס איז די סכנה פאַרביי.

עס איז אפשר אויך ווערט צו דערציילן אַן עפּיזאָד ווען איך האָב זיך אויסגעצייכנט מיט מיין קענטעניש. עס האָט פאַסירט אום שבועות פון יאָר 1910. מיין רבי ר' ישעיה יצחק האָט זיך באַרימט אין בית-מדרש אַז ער איז געווען דערפאָלגרייך אין אויסלערנען זיינע תלמידים דעם גאַנצן אקדמות. קענענדיק מיין רבין האָט מסתמא נישט איינער געצווייפלט אין די באַרימערייען. בפרט האָט איינער אַ געוויסער נגיד, אַ באַוווסטער קרעמער מיט אַ מויער אין מאַרק, דערקלערט, אַז ער גלייבט עס נישט. און אַז ער איז גרייט צו שטעלן אַ פלאַש בראָנפן פאַר אַלע מתפללים אין שול, אויב דאָס וועט זיך אַרויסווייזן פאַר אמת. מיין רבי האָט געשיקט רופן זיינע בעסטע תלמידים, אָבער ליידער האָט מען קיינעם נישט געטראָפן און מחמת נויט איז ער געווען געצוווּנגען צו רופן מיך אויף דעם פאַרהער. און גראָד האָב איך די אקדמות יאָ געקענט. און איך האָב מיין רבינס וואָרט נישט פאַרשעמט. מיין פאַרהערער האָט געשטעלט דעם בראָנפן און דער גאַנצער עולם צוזאַמען מיט מיין פעטער אליהן, איינער פון די וואָס זיינען דאָרטן געווען, האָבן געטרינקען לחיים. שפּעטער ווען מיין מאַמע האָט זיך דערוווּסט פון דעם גרויסן דערפאָלג איז איר שמחה און שטאָלץ געווען אין לשער. די לעצטע טעג איידער איך בין אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, צוזאַמען מיט מיין מוטער און שוועסטער, האָבן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אין מיין זכרון. דאָס געזעגענען זיך מיט אַלע קרובים, פריינט און שכנים, די רייזע מיט אַ וואָגן קיין קאָוולע ווו עס איז געווען די באַן-סטאַנציע, דאַן ליבאַווע, די אימיגראַנטן-הייזער, דאָס אָפּפאָרן מיט דער „ליטאַניע", אַן אַלטע געמוטשעטע שיף, די צוועלף טעג אויפן וואַסער, די אויסגעמאַטערטע פּאַסאַזשירן וואָס האָבן צוזאַמען מיט מיין מוטער געליטן כמעט די גאַנצע צייט פון ים-קראַנקייט, און ענדלעך עליס-איילאַנד, די רייזע קיין בראַנזוויל, דאָס נייע לעבן אין דעם נייעם גאָלדענעם לאַנד אַמעריקע.

משה האַניק (ב. איירעס)

# מיט געזאַנג און טרערן האָט ראַטנע אַרויסבאַגלייט אירע קינדער אין דער גרויסער וועלט

דאָס שטעטעלע איז אַנטשטאַנען נאָך אין דער צייט, ווען עס האָט געהערשט די פוילישע פירשטן סאַנגושקאַ, אַן ערך מיט 500 יאָר צוריק.

ראַטנע ליגט צווישן קאָוועל און בריסק (ליטאָווסק), אויף דעם הויפּט־וועג קיעוו־וואַרשע, וועלכער שניידט דורך דאָס שטעטעלע. אין דער זייט גייט דורך דער טייך פּריפּעט. —

בעת דער פּויליש־שוועדישער מלחמה איז די שטאָט חרוב געוואָרן. דאָס איז געשען אין אָנהייב 18טן יאָרהונדערט, אין די יאָרן 1707—1706. אין דער דאָזיקער מלחמה זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן כמעט אַלע יידן, מען האָט דאַן אַלע באַגראָבן



מ׳גּעזעגנט דעם חלוץ משה דרוג צו זיין עולה זיין קיין א״י. עס זיצן פון רעכטס: משה האַניק, (אַרגענטינע), משה דרוג (ישראל); און יונה שמערן; עס שטייען: חיה פּראַסמאַן (ישראל), נחום מערין, משה קאַנישטער, ריבה איילבוים און אַליהו זאַסק (ישראל).

אין איין ברודער־קבר. צו דעם דאַזיקן קבר פלעגן פאַר די ימים־נוראים קומען אַלע איינוווינער פון שטעטעלע און זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר.

אין יאָר 1784 איז אין דעם שטעטל אויפגעבויט געוואָרן די שיל, וועלכע איז געווען באַוווסט אין דער גאַנצער געגנט מיט איר אַרכיטעקטור. די דאַזיקע שיל איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ טייל פונעם שטעטל אין דער פאַריקער וועלט־מלחמה. צו די חורבות פון דער שיל פלעג מען פירן חופות מיט קלעזמער. די חתונות פלעגן געפירט ווערן איבער אַלע גאַסן, ביז דעם דאַזיקן פלאַץ.

ראַטנע האָט געהאַט פיל צדיקים, צווישן זיי דער באַוווסטער ראַטנער מגיד, וועלכער איז לויט דער לעגענדע געווען אַ גרויסער בעל־מופת און צדיק. אויך דער ניסכיזשער רב און פיל אַנדערע גוטע־יידן האָבן געהאַט אַ שם אין דער געגנט.

אַ באַזונדער שווערן גורל איז שטענדיק באַשערט געווען איבערצוקומען דעם דאַזיקן שטעטל. איינמאָל פאַרברענט אין דער פאַריקער מלחמה און נאָכהער די פּייניקונגען פון בולאַק באַלאַכאָוויטשעס אַרמיי און אין די לעצטע יאָרן איז דאָס שטעטעלע כמעט אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן, וויזט אויס אַז דאָס איז שוין דער באַשערטער מאַרטירער־זוג פון אַלע יידישע שטעטלעך.



**אַ געזעגענונג דער חברה זעלדע פיינטיך צו איר עולה זיין קיין ישראל**
**עס זיצן אין דער מיט חברה זעלדע און משה האָניק.**

די לעצטע צענדליק יאָר האָט זיך שוין געפילט אַ פאַרסמטע לופט אין דעם שטעטל. טראָץ דעם וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט געציילט 65 פּראָצענט פון דעם שטעטל, איז דאָס לעבן שוין געוואָרן נמאס צוליבן אַנטיסעמיטיזם. דאָך איז אויפגעשטאַנען אַ נייע יוגנט, נייע מענטשן, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אַ טיפערן

אינהאַלט אינעם יידישן לעבן. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן מאָדערנע שולן און פון די דאָזיקע שולן איז אַרויסגעקומען אַ יוגנט מיט זיסע טרוימען.

דאָס איז געווען אין אָנהייב פון דער לעצטער מלחמה. עס הייבן אָן צו אַנט־שטיין יוגנטלעכע גרופּעס, וועלכע זוכן זיך אַליין אַ וועג, און עס ווערט דאַן געגרינ־דעט אַ גרויסע ביבליאָטעק פון וואַנען עס האָט געשעפּט וויסן ס׳גאַנצע שטעטל.

מיטן לויף פון דער צייט איז דאָס שטעטעלע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעס־טונג פון חלוציזם. הונדערטער יוגנטלעכע פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין די ווינטער־און זומער־נעכט און אויסזינגען זייער טרויער אין האַרציקע יידישע און העברעאי־שע לידער. פון דאָרט פלעגן זיי קומען אין די היימען פול מיט מוט און נייעם ברען איבערצוטראָגן די שווערע לאַגע פון וועלכער מען האָט שוין דאַן געליטן. לעצטנס זיינען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס געווען דער איינציקער קוואַל פון לעבן און אויפ־האַלט. הונדערטער קינדער און עלטערע זיינען דערצויגן געוואָרן אין די דאָזיקע יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס, פיל פירנדע חברים פון פוילן זיינען אַרויסגעוואַקסן פון דעם שטעטעלע, צענדליקער האָבן אויסגעוואַנדערט קיין ארץ ישראל אין די קיבוצים.

פאַר די לעצטע יאָרן האָט כמעט אַ האַלב שטעטעלע אויסגעוואַנדערט, אַ טייל אויך קיין אַרגענטינע (איר גרעסטער טייל וווינט אין לאַנוס).

עס דערמאָנען זיך די איינדרוקן פון געזעגענען אַ חבר ביים אָפּפאָרן. דאָס גאַנ־צע שטעטעלע איז־געקומען צום אָפּשייד און מיט געזאַנגען באַגלייט דעם אָפּפאָרנ־דיקן, און כמעט אַלע פלעגן לאָזן פאַלן אַ טרער.

(„די פרעסע“, 16טן אויגוסט, 1944, אַרגענטינע).

יודל קונישטער

# צעריסן א ספר תורה

ס'איז א זומערדיקער שבת-באגינען אין שטעטל. די זון, אין געשטאלט פון א קיילעכדיקן רויטן פלאכן טעלער, א באניטע און פרישע באוויזט זיך פונעם מזרח ארויס, פון יענער זייט שאסיי, זי שיקט די ערשטע, שפיזיקע שטראלן ארויס, ווי איזאגערס, אז זי קומט באלד אן מיט איר גאנצער פראכט. און באלד טאקע, ווי זי קומט נעמט זי זיך צו די געדיכטע שאטנס, וואס האבן זיך אזוי צעלייגט איבערן גרויסן מארק און הויבט זיי אן צו צעטרייבן. זיי ווידער, די שאטנס, צעלויפן זיך אין אלע זייטן און דראפען זיך אויף די ווענט פון די איינגעשלאפענע שטיבער און פארמאכטע קראמען.

דער פרילינג-פרימארגן כאפט זיך דאן אויף, פונקט ווי א קליין קינד, וואס די שטעכיקע זון - שטראלן באפאלן אים, צעוועקט זיך דאן און רייבט זיך די אויגעלעך מיט א גליקלעכן שמייכל און פרייד-אויפגעשריי...

די אלערליי פויגל זינגען און פישטשען אלע מיט אמאל, מאכן אן אזא טומל, ווי זיי וואלטן צווישן זיך קאנקורירן און איינע די אנדערע געוואלט איבערשטייגן, פונקט ווי יענע חדר-יינגלעך אויף א קריאת-שמע ביי דער קימפעטארינס בעט מיט דעם ניי-געבוירן יינגעלע ווילן זיך איינער דעם אנדערן איבעריאגן ביים „אל מלך"... די גרינע איינציקע ביימער, דא — דארטן פאר א שטוב, נאסע פון נאכט-טוי, ווי אויסגעצוואגענע קינדער לכבוד שבת, שטייען נאך פארטראכט און פארחלומט.

די יידן ליגן נאך צומאלם אין בעטן און שלאפן — זיי האבן זיך נישט וואס צו איילן — ס'איז שבת היינט, רוען זיי זיך אויס פון א גאנצער וואך ארבעט. דערפאר אבער איז פראסקע, די שבת-גויע, שוין לאנג אויף די פיס, זי האט שוין כמעט א האלב שטעטל באארבעט: אויסגעמאלקן די בהמות און ארפגענומען די לייכטער פון טיש און מיט א פולן פארטוך מיט „המוציא'ס" חלה פון פארנט און א זעקעלע א פולם אונטערן ארעם לויפט זי נאך פארענדיקן איר ארבעט אין די איבעריקע שטיבער. די בהמות אויסגעמאלקענע און הונגעריקע, לויפן מיט א געאייל און מעקעריי פון די שטאלן ארויס, לויפן און שרייען אין מארק חלל אריין, ווו די פאסטוכער זאמלען זיי צונויף, כדי פון דארטן זיי אלע אין פאשע טרייבן.

דא און דארט הייבן זיך שוין אן צו באווייזן, אין די האלב אפענע טירן, קעפ מיט האלב פארשלאפענע אויגן, סילועטן פון האלב נאקעטע יידן, וואס באטראכטן אזוי צופרידן דעם שיינעם פרילינגס-פרימארגן מיט די מעקנדיקע בהמות, וואס פאסטוכער מיט די לאנגע קנאקנדיקע בייטשן טרייבן זיי אין פעלד. זכריה, דער שטענדיק הוסטנדיקער, שטייט שוין אויפן גאניק פון זיין שטוב און הוסט הויך אריין אין מארק חלל. ער בריהט זיך ארויסברענגען אביסל לייכעץ פון די לונגען און אביסל לייכטער אפאטעמען. אין דער וואכן האט ער שוין צו דעם א אויסגעפרוווט מיטל — א פאפיראס, דאס, זאגט ער, מאכט אים שטענדיק ווייכער דעם הוסט. היינט איז דאך אבער שבת. ביסלעכווייז הויבט שוין אן צו רודערן אין שטעטל —

עס צעעפענען זיך טירן, לאַדנס מיט די פענצטער, ס׳באַווייזן זיך אײלענדיקע ייִדן, וואָס לויפן אין דעם גרויסן בית־המדרש זאָגן תהילים בצבור.

אַנדערע לויפן אין דער קאַלטער מקוה כאַפּן אַ טבילה פאַרן דאַוונען לכבוד שבת. באַלד נאָכדעם, מיט נאַסע באָרד און פאות, לויפן זיי אַהיים נאָכן טלית. און אגב אורחא כאַפּן זיי אַריין אַ גלעזל שבתדיקע ציקאָריע, וואָס מ׳נעמט אַרויס אַ הייסע נאָך פון אונטער די אַלטע מלבושים אויפן פּיעקולאָק, וואָס איבערן אויוון, ווו ס׳איז פאַרוקט דער שבתדיקער „טשאָלנט".

די יונגע ווייבלעך מיט די לייכטע זומערדיקע פרימאָרגן־קליידלעך, מיט דעם פרײלעכן זאָרגלאָזן שבתדיקן אויסזען און לעבעדיקן גלי און גלאַנץ אין די אויגן, פלאַטערן זינגענדיקע אין די צימערן, רוימען אויף און מאַכן אָרדענונג. אַלץ, אויף יעדער זאַך, וואָס אין שטוב — אויף די בעטן, אויף טיש און בענק, אויף אַלע כּלים ציען זיי אַרויף דעם שבתדיקן אויסזען, דעם שבתדיקן געמיט... און די ייִדן, אָנגעטאָן אין די שבתדיקע נייע מלבושים, גייען זיך גלאַסן מתוך הרחבת הנפש, מיט צופרידענע, געמאָסטענע טריט, מיט זאָרגלאָזע פּנימער, די טליתים אונטער די אָרעמס, שמועסנדיק אויפגעלייגט — אין שיל אַריין דאַוונען, גאָט לויבן און דאַנקען אים פאַרן חסד, וואָס טוט מיט זיי תמיד...

אין שיל, נאָך פאַרן דאַוונען, זיצן זיך ייִדן ווער מיט אַ חומש און איז מעביר די סדרה פון דער וואָך מיטן באַקאַנטן סקאַרבאָווען ניגון און טראָפּ, ווער עס זאָגט אַ קאַפּיטל תהילים מיט דעם אינטים־האַרציקן ניגון און געבעט, און ווער עס זעצט זיך צו צום לאַנגען טיש און לערנט מדרש אָדער „חק". אַנדערע כאַפּן סתם אַ שמועס וועגן שטאָט־נייעס אָדער וועלט־פּאָליטיק.

די שילן און „שטיבלעך", וואָס אין שטעטל, זיינען אַלע שבת פול מיט עולם מתפּללים ובפרט נאָך אין אַזאַ שבת, אַ שיינער פרילינגס טאָג, ווען די שבת קעניגן האָט זיך פאַרפּוצט מיט אירע שיינע גרינע, געבלימטע קליידער און האָט זיך צעשמייכלט מיט אירע אַלע זיבן חנען! אַפילו די יוגנט, וואָס איז מערסטנטייל גאָר־נישט רעליגיעז, איז אויך דעם שבת געקומען אין שול. זיי, די בחורים, קומען טאַקע נישט מער ווי זיך טרעפן מיט זייערע חברים, אָבער דערווייל כאַפּן זיי־נישט ווילנדיק אַריין אַ „ברכו", אַ „קדושה" און אַמאָל טאַקע אַ שטיקל „תורה", וואָס ווי־נישט־ווי בינדט עס זיי צו צו דער ייִדישער עדה...

איז דאָך אָבער דאָ אויף דער זינדיקער וועלט אַ גרויסער צולהכעיסניק, אַ ייִדישער נישט פאַרגינער, דער שטן ימ"ש, האָט זיך אים פלוצלונג פאַרגלוסט אין אַזאַ שיינעם, הייליקן טאָג אָפּשפּילן אַ שטיקל די ייִדן אין סטעפּאַנער שטיבל, וואָס האָט שוין צוגלייך פאַרשטערט דעם שבת אין גאַנצן שטעטל — מ׳האָט דאָרט פונקט ביי ענדע לייענען צעריסן דעם ספר אויף צוויי־ען!

שטייט איצט אויפן בעלעמער אקעגן דעם „שלחן", ווו דער צעריסענער ספר ליגט, אַרומגערינגלט מיט דערשלאָגענע, אויפגעבראַכטע ייִדן — ר׳ בן־ציון שטיינגאַרטן, דער גרעסטער למדן און גביר אין שטעטל, איינגעהילט אין דעם טלית און צוזאַמענגעקאָרטשעט מיט אַ טויט בלאַס פּנים, באַטראַכט דעם צעריסענעם ספר און ריטשקעלעך הייסע טרערן שלענגלען זיך אים פון די אויגן אַרויס.

און איצל דער בלינדער קען זיך קיין אָרט נישט געפינען — מיט אַ שרעקלעכן כעס, וואָס שפּריצט ווי אַ פייער פון זיין איינציק זעענדיק אויג, לויפט ער, ווי אַ באַנומענער איבערן שטיבל, וואָס איז געפּאַקט מיט מענטשן, געקומענע אויך פון אַנדערע שילן און שרייט מיט זיין טרוקן שפּיציק קול און בשעת מעשה באַוועגט זיך זיין שפּיציק בערדל, ווי צום טאַקט. דאָס פּנים זיינס, איז ווייס ווי קאַלך און אַפילו דאָס צוגעמאַכטע אויג זיינס עפנט זיך דאַן און ס׳זעט זיך אַרויס ווייס מיט באַברעמט רויט פלייש...

„ס'איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט אַזאַ מעשה נבזה, שרייט ער אויס מיט שרעקלעכן צאָרן און די הענט מיט זיין גאַנצן גוף ציטערן ווי אין קאָנוווּלסיע, אַזעלכע שקצים, אַזעלכע פּושעים, חזירניקעס, זאָלן גאָר וועלן „תורה"! אַ השגה אַביסל פון טריפניאַקעס! זאָלן זיי גיין צו טראַפּטשינסקין, צום פּאַליאַק, ווו זיי פּראַווען זייערע חזיר־סעודות און שלעפּן נאָך אַריין אין זייער נעץ אומשולדיקע קינדער און דאָרטן „עולה תורה" זיין.

— דאָ, אין שטיבל, אַ קרענק וועט מען אייך געבן, נישט קיין „תורה". אַזעלכע שקצים, גאָר נעמען מיט גוואַלד דעם ספר און מיט זייערע טמא הענט פונעם חזיר אים וועלן גולל זיין! — היה לא תהיה, ס'וועט ביי אונדז אַזעלכעס נישט דערלאָזט ווערן"!

אים העלפט אויך שרייען ניסל דער אליניק. ער זאָגט, אַז מ'האָט זיי, די לאָברסעס, וואָס האָבן דאָס געטאָן, געדאַרפט אין אַ ווייסן ליילעך אַרויסטראָגן פון שטיבל.

די איבעריקע מתפללים שטייען אָבער נאָך אַלץ מיט צער און כעס צוגלייך, און באַטראַכטן דאָס צעריסענע ספר, וואָס ליגט אויפן שולחן אין צוויי העלפטן און עס דאַכט זיך אַז אין דער צעריסנקייט און פאַרשעמטקייט פּראָטעסטירט עס צום לויטערן הימל, וואָס קוקט אַראָפּ אין די שול־פענצטער...

שטייען זיי אַזוי די יידן און קוקן פאַרטרויערט און זעען אויס ווי די אבלים אין שבתדיקע בגדים די מנוחת שבת איז ווי אויסגעלאָשן ביי זיי אין די אויגן און די נשמה יתירה האָט זיך ווי אַרויסגעצויגן פון יעדן איינעם און ערגעץ־ווו אַנטרונען געוואָרן... ס'טוט זיי באַנג אויף די עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס זיינען אַראָפּ פונעם דרך הישר און ציטערן גלייכצייטיק פאַר זייערע קינדער זיי זאָלן חלילה מיטן שטראָם נישט מיטגעריסן ווערן.

ווייל אַ צייט איז דאַן געווען אַזעלכע, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איבער די רעוואָלוציעס אין פיל לענדער און באַזונדער איבער דער גרויסער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָבן די דאָגמעס פון רעליגיע, טראַדיציע און אַפילו פון דער יידישער עטיק, זיך אַ טרייסל געטאָן... די יוגנט פון אונדזער קליין שטעטל וואָס איז געלעגן אייגנטלעך ווייט פון די שטורמישע צענטערן און קאָכיקע שטעט, איז געווען זייער אַ ווילע, אַ גאַנץ אינטעליגענטע און אַפילו אַ יידיש־נאַציאָנאַלע.

האָבן אָבער צו לעצט די שטאַרקע כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע אויך אָנגעקלאַפּט מיט אַ שפּיץ אין די ברעגעס פון אונדזער פּריפּיעט און דער עכאָ האָט זיך אויך דערקייקלט צו אונדזער שטעטל און פון דער הייסער נאַציאָנאַלער יוגנט־מאַסע האָט זיך אָנגעפאַנגען אָפּצושיילן אַ אָפּגעקילטער שיכט און זיך אָנגעהויבן דרייען אויף אַ לינקער אָרביטע. אַ פּאָר שפּליטער פון אָט דעם שיכט האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ מאָדנעם ציל אין זייער לעבן: פאַרשפּרייטן די תורה פון אכילת־חזיר צווישן די נאַאיווע קינדער אין שטעטל. ביי זיי האָט זיך דער פרייהייט־אידעאַל, וואָס האָט דאַן דאָמינירט אין דער רעוואָלוציע, אויסגעדריקט אין מורד זיין קעגן די פרומע, רעליגיעזע יידן און עסן חזיר און טריפה. און מאָדנע — די־אָ עבודה איז ביי זיי דערגאַנגען ממש צו אַ מין קולט! זיי פלעגן איינקנעלן מיט די קינדער ממש, וואָס נאָר ביים דערמאָנען זיך אַליין פון חזיר פלעג זיך ביי זיי די גרינע גאַל קערן, און זיי איינרעדן אַז דאָס עסן איז געזונט און זייער געשמאַק. מ'דאַרף זיך נאָר דערצו צוגעוווינען. און בכדי זיי צו איבערציייגן, האָבן זיי אַליין דאָס פאַרזוכט און זיך מיט דעם באַלעקט, ווי מיט דעם בעסטן מאכל! זיי האָבן די קינדער אַזוי לאַנג איינגערעדט און באַאַרבעט ביז וואַנען דער קליינער „קרבן" האָט פאַרזוכט דאָס מאכל, וואָס זיי, די אַנדערע, האָבן אויפן אָרט פאַר זייער געלט געקויפט און די ריי פון אוכלי־חזיר האָט זיך אַלעמאָל אַזוי אַרום פאַרגרעסערט. ס'האָט ממש אָנגענומען דאָרט, אין

שטעטל, א כאראקטער פון אן עפידעמיע. אזא דערשיינונג האט געמוזט רופן די אויפמערקזאמקייט פון די פרומע עלטערן און זיי אלארמירן.

אמאל ביי א צוזאמענקום פון די רעליגיעזע יידן, ביי א סעודת-מצווה אדער אזוי שטאטישע אנגעלעגנהייטן, האבן זיי ערנסט גערעדט פון דער־א מאדערנער מגפה מיט הרפה פלעגן זיי דערציילן, וואס פאר א מיאוסן נאמען אונדזער אזוי שטענדיק אויסגעלויבטע יוגנט האט זיך דערווארבן אין די אלע שכנותדיקע שטעטלעך מיט זייער לעצטער התנהגות. זיי האבן געזוכט פארשידענע מיטלען כדי די „מגפה" אפ־צושטעלן. זיי פלעגן זיך אפט בעראטן מיט ר' בן ציון שטיינגארטן וועגן דעם, ווי אזוי אפצוהאלטן אביסל די פארדארבענע יוגנט. ווייל ר' בנציון שטיינגארטן, אלס גרויסער למדן און צוגלייך גרויסער סוחר און וועלטלעכער ייד, איז רעספעקטירט און חשוב געווען ביי אלע איינוואוינער און קיין שום זאך איז נישט געטאן געווארן אין שטאט, נישט בעראטנדיק זיך מיט אים. אז ס'פלעגט זיך אפילו מאכן א סכסוך צווישן מענטשן פון געלט־זאכן, אדער פון אן אנדערן כאראקטער, האט מען דעם שטאטישן רב על־פי רוב אויסגעמיטן און געגאנגען צו אים זיך אויסגלייכן. ווער ס'האט נאר געדארפט, אנגעשריבן קאנטראקטן און אלערליי אנדערע באוואָרעניש אין א שיינער העברעאישער שפראך.

צווישן מנחה־מעריב, אין דער וואכן אדער א שבת, א יום־טוב און באזונדער אויף א שמחה, אויף א סעודת־מצווה, ווי א סיום הש"ס א. א., איז געווען גאנץ אינ־טערעסאנט צו הערן זיינע דברי תורה און אויך אפילו זיינע שיחות חולין. ער האט אויך געוואוסט, און טאקע שיין דערציילט מעשיות און ספורי נפלאות פון צדיקים. באזונדער פון נעסכיזשער רבין ז"ל. איז דערפאר טאקע נישט קיין וואונדער, וואס מען האט זיך שטענדיק צוגעהערט צו ר' בנציונס א ווארט און דאסמאל אויך, ווען מ'האט אנגענומען צווישן די פרומע יידן א באשלוס, אז מ'זאל די עטלעכע פארפירער אוכלי־חזיר, נישט אויפרופן צו דער תורה און נישט צולאזן אפילו צו גלילה, וואס איז טאקע צו לעצט געווען די סיבה פונעם סקאנדאל אין סטעפאנער שטיבל, וואס מ'האט א שבת א ספר תורה אויף צוויי צעריסן.

די געשיכטע האט אפנים צולעצט געמאכט א שווערן איינדרוק אויף ר' בנציון און אים געבראכט צו עצבות. ווער קען וויסן, אפשר האט אין זיין אונטערבאוווסט־זיין א געפיל פון חרטה אים גענאגט אויף דעם דערלאזן און ברענגען דערצו, אז מ'זאל שבת צערייסן א ספר תורה...

ווייל נאך אלעמען איז דאס אפשר געווען א צו הארבע שטראף קעגן דער א יוגנט! האבן דאך די חכמי התלמוד נאך פארצייטנס געזאגט: „אפילו פושעים מלאים מצוות כרמון" (אפילו די זינדיקע זיינען ווי א מילגרוים פול מיט מצוות). און: ווער ווייסט צי וואלט נישט דער בערדיטשעווער רב, ר' לוי יצחק ז"ל, אויסגעפינען אויף זיי א זכות און צי וואלט ער ביי דעם פאל נישט געזאגט: „נא זע, גאטעניו, פאטער אין הימל, וואס פאר א טייערע קינדער, בני ישראל דו פארמאגסט, אז אפילו עסנדיק חזיר און טריפות, האבן זיי זיך פארבענקט נאך דיין תורה און מחמת גרויס ליבשאפט צו איר, האבן זיי זי צעריסן אויף צווייען, ראנגלענדיק זיך מיט די, וואס האבן זיי נישט צוגעלאזט צו איר"...

ס'איז באגאנגען געווארן א שווערער חלול הקודש, אבער ווער ווייסט ווער דער אמתער שולדיקער איז דא!

ר' בן־ציון איז פון שטענדיק אן געווען זייער א סענטימענטאלער, צייטנווייז אפילו א בעל בכי. ראש־השנה און יום־כפור ביי די תפילות פלעגט ער א סך וויינען. דאס יאר אבער האט ער נאך מער געוויינט און ביטערע טרערן פארגאסן. די מתפללים האבן שוין לאנג אויסגעשטאנען די שמונה עשרה פון נעילה. דער חזן איז

שוין געשטאנען מיט אַן ערנסט אַנגעצויגן פנים ביים עמוד און געוואַרט. ר׳ בן־ציון נאָר איינגעהילט אין זיין טלית איבערן קאָפּ, געבויגן אין דרייען, שטייט נאָך אין ווינקל אין מזרח־זייט און כליפּעט פון דאָרטן אַרויס מיט אַ פאַרשטיקט, וויינענדיק קול: „שובו, שובו, מדרכיכם הרעים... החפץ אחפץ במות הרשע", נאום ד׳... כי לא אחפץ במות חמת, כי אם בשובו מדרכיו והיה... כי אתה סלחן לישראל ומחלן..." יעדעס וואָרט געצויגן און מיט ביטערע טרערן דורכגעווייקט ווי פון אַ זינדיק קינד, וואָס שטייט געבויגן און פאַרשולדיקט פאַר זיין פאָטער און בעט אים מוחל זיין...

**אשר אײדעס** (טשאקאַ)

# זכרונות פון מײן שטעטעלע ראַטנע

װי דורך אַ נעפּל קומען אויף און טײלן זיך אַרױס אין מײן זכרון פאַרשײדענע געשטאַלטן, געשעענישן און עפּיזאָדן פון מײן שטעטעלע אין מײנע קנאַפּע צװאַנציק יאָר לעבן דאָרט, כאָטש אין די דרײ צענדליק יאָר, װאָס איך געפין זיך אין אַרגענטינע, זײנען זײ אַביסל פאַרגעסן געװאָרן.

נאָר לאָמיר פּרוּװן זיך דערמאָנען אין די זאכן, װאָס האָבן געלאָזט טיפע שפּורן אין מײן זכרון. באַזונדער אָט די אַלע ערטער און פּלעצער, די אַלע עפּיזאָדן און געשעענישן, װאָס זײנען אַזױ שטאַרק פאַרבונדן מיט מײנע יוגנט־יאָרן, די לוסטיק־הפקרדיקע און מיט דער שפּעטערדיקער פאַמעלעכדיקער אויפװאַכונג.



אַ שבע ברכות בײ דער פאַמיליע אײדעס — ס׳האָט חתונה געהאַט זײער זון נאַסקע (געשטאָרבן אין אַרגענטינע). אויפן בילד ר׳ זכריה האָניק מיט זײן טאָכטער און אײדעס, ר׳ װעלװל גלײזער, הירשל אײדעס, די חתן־כלה, קרײנע אײדעס א. א.

אָט שטײט מיר פאַר די אויגן דער ברײטער, פיר־קאַנטיקער מאַרק מיט זײנע צװײ רײען קראָמען, װו פאַרהאָרעװעטע ייִדן און ייִדענעס פּלעגן אויסקוקן אויף אַ גראָשנדיקן קונה. אָט זײנען די הויכע בריקלעך פאַר זײ, װאָס מיר, יוגנט־

לעכע ליידיקגייער פלעגן אָפּזיצן שעהנווייז און מאַכן פּלענער זיך אַרויסצורייסן פונעם אָרעמען שטעטעלע און אויסוואַנדערן אין דער ברייטער וועלט. פיל גאַסן און געסלעך האָבן אַרויסגעפירט פונעם מאַרק. אָט איז די שול-גאַס מיט אירע בתי-מדרשים און חסידים שטיבלעך, באַזונדער די גרויסע, שיינע שול, וואָס האָט זיך אַזוי מאַיעסטעטיש אַרויסגעהויבן פון צווישן די אַלע בתי-מדרשים מיט איר שיינעם הויכן געביי און מיט איר גרין-געפאַרבטן קיילעכדיקן בלעכענעם דאַך. מיט איר אַרכיטעקטאָנישן סטיל און פיינער סטרוקטור, מיט אירע ברייטע טרעפּ, וואָס האָבן אַריינגעפירט אינעווייניק. עד-היום באַגלייטן מיך די אָפּקלאַנגען פון די תפילות אין די בתי-מדרשים, די שיינע ניגונים פון די חסידישע שטיבלעך, באַזונדערס געדענק איך נאָך גוט די כל-נדרי נאַכט אין דער גרויסער שיל, ווּהין מיין זיידע שמואלקע האָט מיך מיטגענומען, די בלענדנדע ליכטיקייט פון די הונדערטער ליכט און הענג-לייכטער און צענדליקער בליין-לאָמפּן, דער ים ווייסע טליתים פון די יידן וואָס האָבן אָנגעפילט די שיל און די קולות זייערע ביי די תפילות. נאָך קלינגט מיר אין די אויערן דאָס דינע סאָפּראַן קולכל פון משורר יענקל ראַג (היינט אין ב. איירעס) באַגליי-זאַמלען אָן ביי אונדז גאַנצע סטויגן פּראָוויאַנט פון פאַרשיידענע תבואות: קאָרן, טנדיק אין כאָר דעם שטאָט-חזן ר׳ משה ז״ל, צו ווען ס׳פלעגן אַראָפּ-קומען אין שיל דער שטאָט-פּריסטאַוו מיט די איבעריקע „נאַטשאַלסטוואָ”, שטייענ-דיק מיט אַ באַזונדער יראת-הכבוד אויף די טרעפּ און אויסהערנדיק די תפילות.

און אָט שווימט אַרויף אין זכרון דער שאָסיי, וואָס צעטיילט דאָס שטעטל אויף צווייען, אין ביידע זייטן מיט בוימער, ווי אַן אַלייע, דאָס שפּאַציר פּלאַץ פאַר דער יוגנט, ווּ יינגלעך מיט מיידלעך טרעפן זיך און מאַכן זייערע ראַנדעוווען אין אָפּ-געקליבענע ווינקעלעך.

אָט לויפט און שלענגלט זיך דער טייך פּריפּעט און שניידט איבער דעם שאָסיי. אויף זיינע שטילע וואַסערן פלעגן געטריבן ווערן געהילץ אַזש קיין דאַנציק. אויף די פליטן פלעגן מיר יינגלעך זיך אַרויפכאַפּן און צופאָרן ביז יענטלס בריק. אָט זיינען די „מאַלצעס”, ווּ זומער האָבן זיך אַלט און יונג געבאָדן מוטער נאַקעט.

ווער קען דען אויסרעכענען יעדעס ווינקעלע, יעדן פּלאַץ, די אַלע אַנשטאַלטן, די אַלע איבערלעבונגען און געשעענישן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם לעבן פון אונ-זערע טייערסטע און ליבסטע, וואָס זיינען אַזוי מערדערלעך פאַרשניטן געוואָרן דורך די נאַציס און זייערע פאַרבינדעטע, די ניט-יידישע שכנים אונדזערע. אָט שוועבט פאַרביי מיינע אויגן, הגם איך בין נאָך דאַן כמעט אַ קינד געווען, די ערשטע וועלט-מלחמה. די רוסישע אַרמיי, אונטער די קלעפּ פון די אָנגרייפנדע דייטשן, טרעט אָפּ ביז אונדזער געגנט. די רוסישע סאָלדאַטן גראָבן אויס אַרום אונדזער שטעטל אָקאָפּעס. זיי ווילן פאַרטיידיקן די נאָענטע גרויסע פעסטונג-שטאָט בריסק און האָבער און גערשטן. ס׳קומט צו אַביסל שפּע אין שטעטל. ביי אונדז איז געווען אַ פערד-מיל און אַ בעקעריי. האָט מען פון דער אַרמיי צוגעשיקט אין מיל אַריין קאָרן צו מאָלן און דערנאָך ברויט געבאַקן. געדענק איך, אַז אין אַ שיינעם טאָג האָבן זיך צו אונדז אַריינגעריסן די אַרבעטער ביי די שוין-ווערק און האָבן דאָס אָפּגעבאַקענע ברויט צערויבט. מ׳האָט דאַן געשמועסט, אַז די רוסן וועלן זיך גיך פון אונדזער שטעטל צוריקציען, האָבן די אַלע פאַרמעגלעכע יידן געקויפט פערד און וועגעלעך, כדי אויפצופּאַקן אויף זיי זייער האָב און גוטס און אָפּפאָרן אין די נאָענטע דערפער. און ווירקלעך איז אַזוי געווען — מ׳האָט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געהערט די שטאַרקע קנאַלן פון די האַרמאַטן און דער שונא האָט זיך דערנענטערט. טאָג און נאַכט האָבן זיך געצויגן די מיליטערישע „אַבאָזן” אויפן שאָסיי צו בריסק צו און די הילצערנע בריקן זיינען געווען אַרומגעוויקלט מיט שטרוי גרייט זיי צו אונטערצינדן

ביים אָפּטרעטן. די לעצטע נאַכט האָט דאָס מיליטער אונטערגעצונדן די אַלע אָנגע־זאמלטע תבואות, די שריפה האָט איינגעהילט דאָס שטעטל מיט אַ געדיכטן שטי־קנדיקן רויך. איך געדענק ווי אין דער נאַכט איז דאָס שטעטל געווען פול מיט מי־ליטער, באַזונדער מיט קאָזאקן און טשערקעסן. איך געדענק אויך, ווי ס'זיינען צו אונדז אין שטוב אַריין עטלעכע קאָזאקן און האָבן דאָרט געזוכט דייטשן. די שרעק איז געווען גרויס, באַזונדער אויף אונדז קינדער. שפּעטער האָבן עטלעכע סאָלדאטן אונדז פאַראָרדנט אָפּצולייזיקן די שטוב — זיי האָבן זי געוואָלט אונטערצינדן.

דער טאַטע נעמט איינשפּאַנען דאָס פערד און וואָגן, כדי אַרויפצופּאַקן דאָס ביסל „בעבעכעס" און אַרויסראַטעווען זיך און די פאַמיליע פון דעם מקום המוכן לפורעניות, אָבער די הענט ציטערן אים. אַזוי ציטערן אויך די הענט ביי די עלטע־רע ברידער, וואָס פּרוּוון איינשפּאַנען. זיי זיינען אַלע אין איין פּחד און זייער פאַר־ווירט. אַ קלייניקייט עפּעס — איבערלאָזן פאַר פייער אַ ירושה פון צוויי דורות, אַזאַ גרויסע שטוב, אַ גרויסע מיל, אַ בעקעריי און אַ שפּייז־געשעפט און אַרויסלאָזן זיך אין גלות, אין וואַנדער מיט אַזוי פיל פּיצלעך קינדער. אָבער די צייט איז קורץ, דאָס פייער האָט שוין פאַרכאַפּט אַ סך נאָענטע שטיבער, מענטשן שרייען און וויינען און די בהלה איז גרויס. מיר האָבן זיך קוים מיט לעבן אַדורכגעריסן צווישן די ברע־נענדיקע הייזער מיטן געדיכטן שטיקנדיקן רויך און האַרצרייסנדע געשרייען און גע־וויינען און אַרויף אויפן שאָסיי. מיר זיינען גלייך געפאָרן צו אַ דאָרף, פאַר אונדז און נאָך אונדז ציט זיך אַ גאַנצער אָבאָז פון וועגענער מיט הויכע פּעק און מיט קינדער אויף זיי. דער געדיכטער רויך פון די ראַטנער ברענענדיקע הייזער האָט אונדז באַ־גלייט און כמעט די גאַנצע געגנט אַרומגעוויקלט.

די עטלעכע רוסישע סאָלדאטן, וואָס האָבן אונדזערע פורלעך באַגלייט און ממש אונדז געיאָגט, האָבן זיך פּלוצלינג אַרויפגעכאַפּט אויף זייערע פערד און פאַר־שוווּנדן. כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד: ביי דעם כסדרדיקן יאָגן אונדז איז פון אַ וואָגן אַראָפּגעפאַלן אַ צוויי יעריק קינד (איינער וואָלף בלאָושטיין, וווינט היינט אין טשאקאָ). די רייטער האָבן נישט דערלויבט די עלטערן זיך אָפּצו־שטעלן און אַרויפנעמען דאָס קינד. ערשט שפּעטער, ווען זיי זיינען אַנטלאָפן, האָבן מיר דאָס קינד געפונען אויף אַ פעלד. בלייבנדיק אַליין זיינען מיר שוין ווייטער נישט געפאָרן און געבליבן שטיין אויפן אָרט, וועלנדיק זיין נעענטער צום שטעטל.

מיר האָבן פּלוצלינג געזען אַ גוואַלדיק גרויסן און שוואַרצן רויך, פון וועלכן ס'האָט געזעצט גרויסע פלאַמען־צינגער. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָ ברענט די גרויסע שיל. ווי, ווי, אַזאַ שיינע, קונסט שיל, דאָס ראַטנער צירונג ברענט!

הגם די זון האָט נאָך געוואַרעמט, האָבן זיך אַלע געטוליעט איינער צום צווייטן און דערשראָקענע, טרויעריקע האָבן זיי געשמועסט וועגן די גוטע צייטן, וואָס קומען אָן פאַר יידן. זיי מיינען, אַז מ'וואָלט דאָס שטעטעלע געקענט ראַטעווען פון דעם פייער, ווען מ'וואָלט באַצאָלט די סאָלדאטן, די ברענער. אייניקע טענהן, אַז ס'איז אפשר משיחס צייטן און די פעלקער, רוסלאַנד און דייטשלאַנד, זיינען דאָס די גוג ומגוג. אַלנפאַלס, זאָגן זיי, זיינען די דייטשן בעסערע פון „פאָניע גנב".

מ'הערט פּלוצלינג אַן אויסגעשריי. אַלע ווענדן זייערע בליקן אין דער זייט, פון וואַנען ס'באַווייזן זיך צוויי רייטער אויף ווייסע פערד, מיט העלמען אויף די קעפּ און פּיקעס אין די הענט. „די זיינען דאָך די דייטשן", שרייט איינער אויס, אַלע שטעלן זיך אויף, גרייט זיי מקבל פּנים זיין.

— „גוט מאָיען", — רופן אויס די דייטשן — האָט קיין אנגסט, יודען, מיר זיינען היער געקומען אייך באַשיצן פון די רוסישע באַנדיטן".

די יידן האָבן טאַקע לכתחילה געגלייבט און האָבן פאַנטאַזירט וועגן עפּעס אַ

שטיקל גאולה פונעם רוסישן יאָך. די דייטשן האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף די רוסישע, וווהין זיי זיינען אַנטלאָפן און וויפל זיי זיינען געווען און זיינען אַוועק אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך געהערט אַ שרעקלעכע קאַנאָנאַדע צווישן די צוויי אַרמייען. מיר זיינען געלעגן אויסגעלייגט אויף דער ערד און געציטערט, מורא האָבנדיק פאַרן לעבן. אַז מ'האָט דערלעבט דעם פרימאָרגן, זיינען אַ פּאָר יונגעלייט, וואָס זיינען אַוועק אין שטעטל געקומען צוריק מיט דער בשורה, אַז מ'מעג זיך שוין אומקערן אַהין, כאָטש דאָס רוב שטעטל איז אָפּגעברענט, אָבער עס איז נאָך פאַרבליבן אַ געוויסע צאָל הייזער דאָרט. קומענדיק אין שטעטל האָט מען דערזען דעם אמתן חורבן, גאַנצע בערג מיט ציגל, נישט קיין גאַסן, נישט קיין געסלעך. דאָ און דאָרט איינגעפאַלענע קוימענס, די האָלעוועשקעס רויכערן נאָך און מען דערקענט אַפילו נישט דאָס פלאַץ פון יעדנס שטוב. די צוריקגעקערטע יידן זיינען פאַרצווייפלט. וווהין טוט מען זיך אַהין מיט די פרויען און קינדער, וואָס טוט מען איצט מיט פרנסה פאַר זיי?

די עטלעכע צענדליק הייזער, וואָס זיינען פאַרבליבן אין צענטער שטעטל, ווי אויך די מעשטשאַנסקי שטיבער אויף די גוישע גאַסן, וואָס די רוסישע האָבן נישט געברענט, האָבן געראַטעוועט די לאַגע. יידן האָבן אָנגעהויבן פאַרכאַפּן אַט די אַלע ליידיקע הייזער, ווייל די מעשטשאַנעס האָבן מערסטנטיילס זיי איבערגעלאָזט און אַוועק צוזאַמען מיט די רוסישע.

דאָס לעבן האָט זיך צוביסלעך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן אין שטעטל. יידן האָבן אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען פאַרשיידענע מסחרים. עס זיינען געווען אַ סך, וואָס האָבן געמאַכט מיט די דייטשן פאַרשיידענע געשעפטן און דערביי גאַנץ נישקשהדיק פאַרדינט. די דייטשן ווידער האָבן אָנגעהויבן צונעמען די יידן אויף פאַרשידענע אַרבעטן. אַפילו קינדער האָבן זיי נישט געשוינט און זיי געשיקט רייסן קראַפּאַווע. די קינדער פלעגן זיך אומקערן פון דער אַרבעט מיט געשוואָלענע הענט. זיי האָבן אויך רעקווירירט ביי די יידן די בהמות און צוגענומען אַזוי אַרום דאָס ביסל מילך פון די קינדערשע מיילער. דאָך זיינען יענע דייטשן געווען אַ סך מענטשלעכער ווי די שפּעטערדיקע נאַציס, וואָס האָבן אונדזערע קדושים פאַרשניטן, פאַרגאַזט און אומגעבראַכט, וואָס האָבן לעבעדיקערהייט זיי געוואָרפן אין די אויסגעגראָבענע גרויסע קברים אין די פראָכאָדער זאַמדן.

זאָל דער אָנדענק פון אונדזערע טייערע קדושים וועקן אין אונדז שטענדיק אַ טיפע שנאה צו די צוויי פיסיקע חיות און עס טאָר אין אונדזערע הערצער קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן די פאַראַכטונג צו די מערדער, וועמענס נאָמען ס'דאַרף אויף אייביק געשטעמפּלט ווערן מיט אַ שוואַרצן שאַנד־פלעק.

**מרדכי נפן** (ישראל)

# פון ראַטנע ביז כפר סירקין

איך וועל פּרוּוון אַרויפברענגען אין מיין זיכרון מיין יוגנט אין דער שטאָט ראַטנע, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן און אויפדעקן די קוואַלן, פון וועלכע איך האָב אַרויסבאַקומען מיינע חלוצישע שטרעבונגען, וואָס האָבן מיך געבראַכט ביז ארץ און מדינת ישראל.

די ערשטע יאָרן פון מיין קינדהייט האָב איך פאַרבראַכט אויף דער באַנק פון חדר, ביי די ראַטנער מלמדים. איך האָב די אַלע יאָרן געהזרט די פרשות פון חומש און ביי נחמיה מלמד האָב איך געהזרט „בבא מציאה" און איך האָב נישט פאַר־גרעסירט. אפנים אַז יענע מלמדים האָבן נישט געקענט מערער קיין „תורה און תלמוד". דאָס איז געווען די „עפּאָכע פון קאַנטשיק", ווען מען האָט מיך געגייט צו זיצן אויף דער לערן־באַנק אין חדר.



אַ צוזאַמענקונפט פון יוגנטלעכע לכבוד מאָטל וויינשטאָק (דער ערשטער לינקס), וועלכער איז געקומען אין שטעטל אויף אַ באַזוך פון ארץ־ישראל.

**אַ נייע תקופה** האָט זיך אָנגעהויבן, ווען מען האָט געעפנט דעם „תרבות" אין ראַטנע. די לערער זיינען געווען משכילים, דורכגעדרונגענע מיט דעם גייסט פון ציוניזם, פּעדאַגאָגן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען די נשמה פון תלמיד, געלערנטע אויף אַלע געביטן. אַ ביבליאָטעק איז געווען מיט ווערק פון די בעסטע העברעישע דיכ־

מער און פראזע-שרייבער. דער תלמיד איז צוגעבונדן געווארן מיטן גוטן ווילן צו דער שול. עס איז געשאפן געווארן א באציאונג פון ליבע צווישן דעם תלמיד און דעם לערער און זיי האבן געהאט א בשותפותדיקע שפראך. דא האט געהערשט א שטימונג, וואס איז געווען דער סאמע היפוך פון דער דאזיקער, וואס האט געהערשט אין חדר ווו די קינדער האבן געהאט מורא פאר דעם קאנטשיק און עס איז געפירט געווארן א שטענדיקע מלחמה צווישן רבין און די תלמידים.

די יארן פון לערנען אין תרבות זיינען טיף איינגעקריצט געווארן אין מיין זעל און זיי האבן אנגעצייכנט מיין וועג אין לעבן. דער ערשטער פון די מורים איז געווען נח קעצקער. ער האט געגרינדעט דעם יוגנטלעכן פאראיין מיטן נאמען „פרחי ציון", ער האט איינגעפלאנצט אין אונדז די ליבע צו ציון, ער האט אין אונדז אריינגע־דרונגען דעם גייסט פון ביאליק, טשערניכאווסקי. ער האט אונדז באפוילן צו לייענען „אהבת ציון" פון מאפו, ער האט געלייגט דעם ציוניסטישן יסוד, אויף וועלכן עס איז געוואקסן און דערצויגן געווארן דער ראטנער בחור, דער חלוץ און ווי איינער פון זיינע תלמידים, דערמאן איך אים אויף אייביק. זאל זיין געבענטשט זיין זכרון!

ווען איך האב פארלאזט די שול, האב איך אנגעהויבן צו העלפן די עלטערן אין מסחר. און אט זע איך פאר די אויגן אין מיין דמיון דעם ראטנער מארק, אלע זיינע הייזער און מיט אלע זיינע לופט-מענטשן, וואס שטייען ביי די טירן פון די קראמען און קוקן ארויס אויף א פדיון. די קאנקורענץ איבער דעם קונה רופן ביי מיר ארויס טרויעריקע דערינערונגען.

און אט דערציילט עמיצער, אז מיט אן אויטא איז אנגעקומען אן עקזעקוטאר, דער „איינמאנער פון שטייער פאר דער פוילישער מלוכה". א שרעק כאפט ארום אלע. א מאדנע פאניק. און מען נעמט לויפן מיט פעקלעך אונטער די פאלעס פון די קראמען אין די הייזער אריין. אין משך פון עטלעכע שעה ווערן די קלייטן אויס־געליידיקט ווי נאך א פאגראם. און אזוי זיינען פארבייגעגאנגען טעג און וואכן פול מיט שרעק און זארג פאר די ראטנער יידן, איבער איין גוי, וועלכער האט גע־דארפט חוקר ודורש זיין און אפשאצן יעדנס פארמעגן און דעם שטייער, וואס מען דארף צאלן, דאס דאזיקע לעבן איז מיר נמאס געווארן און האט מיך דערשלאגן.

אט איז נאך א טראגישער פאל, וואס איז איינגעקריצט געווארן אין מיין זיכרון: דאס דערהרגענען פון דער משפחה א י י ד ע ס . מען האט די דערהרגעטע פארברענט, בכדי עס זאלן אפגעמעקט ווערן די שפורן פון די רוצחים. איך בין דע־מאלט געווען א ייִנגל פון א יאר צוועלף און איך האב געהערטריידן, אז די רוצחים זיינען דער פוילישער קאמענדאנט און די פאמיליע קראיאסעק. איך האב געפרעגט ביי מיין זיידן ליבער און מיין טאטן ישראל, ז"ל, פארוואס מען שווייגט זיי. און דער זיידע ענטפערט מיר: „קענען מיר זיך אנהייבן מיט די דאזיקע מערדער?" און מיין טאטע האט געשוויגן און געקרעכצט און צום סוף איז ער אויפגעשטאנען און ער האט געזאגט: „מיר זיינען אין גלות. ישראל ערבים זה לזה. איין ייד טראגט די אחריות פאר דעם צווייטן. דו וועסט גרויס ווערן, זון מיינער, וועסטו פארשטיין מיינע רייד. און אייך, יונגעלייט, ווינטש איך איר זאלט עולה זיין קיין ארץ ישראל, דארט בויען א נייַ לעבן און אז אמאל וועט עמיצער וואגן אייך פארטשעפען, וועט איר קענען פארטיידיקן אייער לעבן און אייער כבוד, אבער מיר דא זיינען דערצו נישט מסוגל".

און איך געדענק די באלאכאוועס, ווען זיי האבן זיך צוריקגעצויגן פון פראנט און זיך אומגעקערט קיין ראטנע. די שחיטה אין קאמין קאשירסק, די יידן, וואס זיינען געקוילעט געווארן אין די דערפער און אין דער אומגעגנט און טאקע אין ראטנע אליין. איך דריי זיך ארום און זע דאס אלעס, מיין הארץ קארטשעט זיך צונויף פאר צער און צארן און איך שווייג... איך בין נאך געווען יונג, אבער איך האב שוין

דעמאָלט אָנגענומען אַ באַשלוס צו ליידן נאָך עטלעכע יאָר און עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אין יאָר 1929 בין איך אַוועק אין דער הכשרה פון קלאָסאָווא. די אַרבעט אין די מחצבות (שטיינהאקערייען) איז געווען אַ קאַטאָרזשנע, אָבער דאָס שטרעבן איז געווען גרעסער פון די ליידן. אין יענעם יאָר האָב איך עולה געווען.



אַ חנוכה־פייערונג אין 1937 לכבוד דעם גאַסט מאָטל וויינשטאָק צו זיין אָנקומען פון ישראל אויף אַ באַזוך אין שטעטל.

אין יאָר 1937 בין איך געפאָרן באַזוכן פוילן בכלל און ראַטנע בפרט. דריי חדשים האָב איך פאַרבראַכט אויף מיין רייזע. מען האָט זיך באַגעגנט, געפרייט. איך האָב נישט געוווסט אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל און אַז איך וועל די אַלע מער נישט זען קיינמאָל. דאָס אומגליק איז געקומען מיט אַמאָל. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז קיין ישראל געקומען די שאַרית־הפליטה אויך פון ראַטנע. פון איר האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן דעם גאַנצן אומגליק.

היינט צו טאָג געפינען זיך אין ישראל אַ 120 ראַטנער, אַלע זיינען איינגעאָרדנט ביי אַרבעט און זיי דערנערן זיך פון זייער פראַצע מיט כבוד. איך אַליין בין אַ דאָרפס־מענטש, אַ באַלעבאָס פון אַן אינטענסיווען משק (ווירטשאַפט), און איך בין מפרנס מיין מישפּחה בכבוד. מיין ציל איז דערגרייכט געוואָרן. איך בין אַ פרייער בירגער אין אונדזער פרייער מדינה.

כפר סירקין, פעברואר 1953

אברהם בארג

# א פריי־לעכער שבת - ער האט באצאָלט שכר־לימוד

מיין פעטער פנחס פון קאָוולע האָט עס מיר דערציילט:

מיין זיידע נח האָט געהאַט פינף קינדער — צוויי טעכטער און דריי זין. מילא די מיידלעך זיינען פּטור פון מצוות און זיי האָט מען פאַרשפּאָרט צו לערנען. ערגער איז געווען מיט די דריי זין. זיי האָט מען דאָך געמוזט לערנען, זיי זיינען דאָך מאַנסבילן און מיין זיידע האָט זייער שטאַרק געוואָלט, אַז זיינע קינדער זאָלן אויס־וואַקסן פרומע און געלערנטע יידן.

דעם ערגסטן מזל האָט געהאַט מיין פאָטער ע״ה. ער האָט מער נישט געלערנט ווי ביז אַכט יאָר. דער מלמד האָט אים, פּשוט אַרויסגעיאָגט פון חדר, ווייל דער טאַטע האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן מלמד־געלט. האָט מיין טאַטע זיך גלייך גע־נומען לערנען אַ מלאכה בכדי צו פאַרדינען און אַרויסהעלפן דעם זיידן און דערביי האָט ער זיך אַליין אין די אָוונטן געלערנט און אין שטאָט איז ער געווען פאַררעכנט נישט פאַר קיין פּראָסטן יידן.

די איבעריקע צוויי קינדער מיין זיידנס — מיינע פעטערס פנחס און אָשר — האָבן שוין געהאַט מער מזל. זיי האָבן שוין געלערנט ביז זייער חתונה און זיינען טאַקע אויסגעוואַקסן יידן תלמידי־חכמים. אָבער נישט אַזוי לייכט איז עס מיין זיידן אָנגעקומען דאָס צו דערגרייכן. אוודאי פון זינט מיין טאַטע ע״ה האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן איז דעם זיידן געוואָרן אַ סך לייכטער, ער האָט שוין געקענט צאָלן שכר־לימוד פאַר זיינע קינדער, כדי זיי זאָלן לערנען און ווערן גוטע יידן ווי אַלע באַלע־באַטישע קינדער פון שטאָט.

איין מאָל, זומער, איז דעם זיידנס פּרנסה זייער געשלאָגן געוואָרן. במשך פון דעם גאַנצן זומער האָט ער שווער געהאָרעוועט ביי זיינע ציגל און ער האָט בשום אופן נישט געקענט אָפּלייזן אַן איבעריקן רובל, כדי צו באַצאָלן מלמד־געלט. דעם רבין נתן־דודן איז שוין געקומען פאַר כמעט אַ גאַנצן זמן — און ער איז אויך גע־ווען אַ גרויסער עני ואביון, האָט ער אין איינעם אַ פאַרנאַכט אַזוי אַ זאָג געטאָן צו מיין פעטער פנחסן:

— מיין טייער קינד פנחסל, גיי זיך אַ היים! איך קען דיך מער נישט לערנען אָן קיין געלט. דו ביסט טאַקע דאָס בעסטע ייִנגל אין חדר, אָבער, אָט איז שוין באַלד אָוועק דער זומער און דיין טאַטע האָט מיר נישט געגעבן קיין גראָשן דעם גאַנצן זמן.

מיין פעטער פנחס האָט זיך צעוויינט און מיט אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן האָט ער פאַרלאָזן דעם חדר און זיינע חברים גייענדיק אַהיים. מיט אַמאָל קומט אים אָן אַנטקעגן מיין זיידע מיט מיין טאַטן ע״ה און דער זיידע גיט אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע פאַרגאַרטלט מיטן גאַרטל און ער זאָגט אים:

— מיין קינד, וווהין גייסטו? איך גיי דאָך צו דיין מלמד, איך טראָג אים מלמד־געלט פאַר דער גאַנצער צייט. גאָט האָט מיר היינט געהאָלפן. איך האָב אָפּגעלייזט

נאָנצע צען רובל פאַר ציגל. נאַ דיר, מיין קינד זעקס רובל פאַר דיין רבין נתך־דודן און פיר רובל וועל איך שוין צוטראָגן צו אשרם רבין — צו הערשל וויזשוווער.

פאַר זיך האָט דער זיידע נח גאָרנישט איבערגעלאָזט, און כאָטש דער שבת איז געווען אָן איבעריקע גוטע שבתדיקע מאכלים איז ער דאָך געווען פאַר זיידן דער פרייעלעכסטער און גליקלעכסטער. ער האָט באַצאָלט שכר־לימוד פאַר זיינע קינדער!

וועלוול גראַבאָוו

# אַ ניגון

## (אַ דערציילונג פון נישט ווייטן אַמאָל)

אַז יאנקל אשר דעם גייערס, וואָס פאָרט אַרום אַ גאַנצע וואָך איבער די דערפער, אויפקויפן שמאטעס ביי די פויערים פאַר אַ שטיקל געבלימטן ציץ, פאַר אַ פושקעלע שוועבעלעך, פאר אַ שנירל בלישטשנדיקע פאַציערקעס, — האָט זיך צעקריגט מיט משהן, וואָס האָט דעם שפייכלער פון די שמאַטעס, איז ער שטאַרק אין כעס געוואָרן, אַ כאַפּ געטאָן דאָס פערד ביי דעם צוים, אויסגעשפיגן צווישן די ציין, אַרויפגעכאַפּט זיך אויפן פורל: וויאָ!... האָט משה אים געוואָלט פאַרהאַלטן, אויםקומען, אָבער דאָ האָט ער זיך פאַרהוסט ווי זיין שטייגער איז, און ווען ער האָט אויפגעהערט הוסטן, איז שוין נישט געווען צו וועמען צו ריידן, יאנקל איז שוין געווען אויף יענער זייט בריק.

צו קיין אנדערן האָט יאנקל נישט געוואָלט גיין פארקויפן זיין ביסל שמאַטעס: „אויב כ'האָב נישט געקאָנט אויסקומען מיט משהן, וועל איך מיט לוי־יצחקן אוודאי צו קיין טאָלק נישט קומען. כ'וועל פרווון פירן מיינע שמאַטעס זיי צו פאַרקויפן קיין קאַמעניץ־קאַשירסק”.

יאנקל איז געווען גערעכט אין זיין טאַטן. אַ הויכער, ברייטפּלייציקער מיט אַ פאָר פינקלענדיקע אויגן אונטער דער בלאָנדער טשופרינע האָר, וואָס וויל נישט איינליגן אונטער דעם היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק. דאָס פנים אָפּגעברענט, מיט זומער־שפּרענקעלעך ווי קליינע קלייען, — אָט־אָט זעצן זיך פייגעלעך אַוועק אויף דעם פיקן אַביסעלע, כאַפּן אַ זערניע.

אַ פאָר הענט פאַרברענט פון זון און קעלט שטעקן אַרויס פון דעם גוף און זעען אויס ווי אַ פאָר צוואַנגען, וואָס אָט וועלן זיי באַלד עפּעס אָנכאַפּן און צעקוועטשן.

אַלע שקצים פון דער אַלטער שטאָט האָבן מורא געהאַט פאַר יאנקלען און דרך־ארץ געהאַט פאַר אים. פון זייער שטיבל, וואָס איז געווען פאַרשטעקט צווישן גוישע שטיבער און שייערן, פלעגט יעדן פרייטיק צונאַכטס אַרויסשיינען די קליינע פענצטערלעך און ווינקען: היט זיך, דאָ וווינט יאנקל דער גייער.

רייזעלע, יאנקלס יונגערע שוועסטער, וואָס גייט צו די חלוצים אין לאָקאַל אַריין, פלעגט אויסלערנען יאנקלען יעדן פרייטיק צונאַכטס עפּעס אַ ניגון, און יאנקל, ווי גרויס ער איז, בויגט ער זיך איין צו זיין שוועסטערס מויל, נישט צו פאַרלירן קיין טאָן.

און אין נעכט, ווען עס איז אַזוי אומעטיק אליין אין דאָרף צווישן די פויערים, אָדער צו שלאָפן אליין אין אַ שייער, איז אַז מען גיט אַ צי אויס אַ ניגון אָדער אַ ליד, ווערט פריילעכער און גרינגער אויפן האַרצן...

נישט אומזיסט פלעגן די אַלטע גייערס מקנא זיין אשרן מיט זיין יאנקלען.

אַז יאַנקל גיט אַ פּאַר אַרויס פּאַרטאָג מיט זיין רויטן קאַשטאַן איבערן דאָרף, ווען די זון, אַ מידע, הויבט אָן אויסצוציען די פאַרשלאָפענע שטראַלן אויפן אַרום, און דער טוי בלישטשעט מיט טויזנטער פאַרבן, פלעגט יאַנקל אָנהויבן אַרויסזינגען:

„כ'קויף שמאַטעס, שמאַטעס,
סערמיגעס, הויזן אַלערליי
און חופּה-קליידער מיט לאַטעס...



אַ גרופּע יוגנטלעכע. דער צווייטער פון די
שטייענדיק אונטן — וועלוול גראַבאָוו.

פלעגן גויעס אַרויסטראָגן דאָס ביסל שמוציקע שמאַטעס און עס אויסבייטן אויף אַ פּושקעלע שוועבעלעך, אָדער אַ פּאַר שטיקלעך צוקער פאַר אַ קראַנקן קינד. און דערביי אים זאָגן: אַ קול האַסטו, יאַנקולושו, אַז ס'איז אַ מחיה צו הערן.

אַז יאַנקל האָט זיך צעקריגט מיט משה דעם שמאַטעלאַניק, האָט ער אויפגעהערט צו קומען אויף יעדן שבת קיין ראַטנע. דער ערשטער, וואָס האָט דאָס דערפילט, איז געווען ר' אברהם שאַמעלעס, דער מוסף-דאַוונער פון קאַרלינער שטיבל, ווען יאַנקל פלעגט שטענדיק אונטערהאַלטן, און ר' אַברהם פלעגט זיך צעגיין מיט אַזאַ מתיקות, אַז מען פלעגט הערן אין ליבאַשויער שטיבל.

דער שבת פלעגט זיך ביי יאַנקלען ציען ווי אַ גאַנץ יאָר.

דאָס שטעטל לייגט זיך שלאָפן נאָכן אָפּעסן דעם טשאָלנט, פאַרהאַקט טיר און טויער און נישטאָ צו ווען קיין וואָרט אויסצורייידן. און יאַנקל קלערט זיך: נישט אַזעלכע גוטע מענטשן ווי ביי אונדז אין ראַטנע, וווּ מען זיצט אויף די בריקלעך, מען קייט באַניע-קערן, מ'רעדט, מ'שמועסט. דאָ זיצט זיך אויפן וואָגן און וואַרט אויף אַ מיטן-וואָך.

אין עק שטעטל איז א האלב איינגעפאלענע שטוב לעצטנס עפעס באניים גע־וואָרן. אמת, דער דאך קוקט גלייך אריין אין די קליינע פענצטערלעך און חיזושט זיך מיט זיינע פארגרינטע שינדלען: וואָס קומט דאָרט פאר? אבער די ווענט אי־נעווייניק זיינען ווייס אויסגעקאלכט, מיט רויטע אותיות פארשריבן, פריידיק־אויפגעליינט.

די פאדלאגע, וואָס איז שוין געווען אפגעווויינט פון פילן מענטשלעכע פיס, האט דערפילט יעדע נאכט אויף זיך נייע טענץ, און דאס געזאנג פון צענדליקער העלזער קלינגט אפ אין די שויבן און מאכן פריילעך די לופט ארום.

פלעגט יאנקל פארבלאנדזשען אין די לאנגע שבת-טעג צו די חלוצים אין קיבוץ, ווו יינגלעך און מיידלעך זיצן ביי ווייס-געדעקטע טישן, מיט צעשטראלטע פנימער און חלומען פון ווייטן ארץ־ישראל, וואס מיט יעדן טאג ארבעט ווערט עס אזוי נענ־טער, און דערביי זינגען זיי לידער פון עמק און גליל, פון שאסייען און פרדסים, און יאנקל פלעגט זיצן, זיך איינהערן און שלינגען די טענער.

איינעם אזא ניגון האט ער אויפגעכאפט און אין א פאר וואכן ארום, קומענדיק קיין ראטנע איז ער געווען זייער צופרידן. ער וועט אים אויסלערנען אברהם שאמעלעס (ער וועט אים ניט דערציילן, אז ער האט זיך אויסגעלערנט ביי די חלוצים), וועלכער וועט אים דערנאך איינקנעלן מיט די קארלינער חסידים, וואס זיינען מבינים אויף עפעס רעכטס...

שבת פארנאכט אין קארלינער שטיבל, ווען די זון הויבט זיך אן צו זעצן און די לעצטע רויטע שטראלן קוקן אריין דורך די פארשטויבטע פענצטער און וווּנדערן זיך, וואס פרייען זיי זיך אזוי די יידן מיט א שטיקל קוילעטש מיט אן אויסגע־ווייקטן הערינג... עס צעגייט זיך איבער דער שיל א נייער ניגון, וואס שלאגט זיך אפ אין די אפגעפאלענע טונק פון די ווענט. א טרויעריקער ניגון, נאר א מוטיקער, א פעסטער, א ניגון פון האפענונג און פרייד. ווייבער מיט עמערס וואסער שטעלן זיך אפ אביסל צו הערן דאס סאמעטענע קול פון אברהם שאמעלעס, וואס לערנט א נייעם ניגון מיט די קארלינער חסידים.

עס עפנט זיך די טיר פון שטיבל. אויפן שוועל בלייבט שטיין יאסל פלוג. וואס הערן זיינע אויערן? א באקאנטן ניגון, דעם זעלבן, וואס די יינגלעך און מיידלעך זינגען אין חלוצישן לאקאל. און האסטיק לויפט ער צו צום טיש: וואס איז דאס? אזא חלול השם! זעט נאר, וואס מען זינגט — חלוצישע לידער ביי „שלוש סעודות"...

יענעם מוצאי שבת האט מען אין קארלינער שטיבל גאר שפעט זיך געשטעלט דאווענען מעריב.

(„נייע צייט", 1945)



יעקב פוקס

# אַ חתונה אין שטעטל

געווען איז דאָס זומער אין יאָר 1932, ווען אין אונדזער שטעטל ראַטנע האָט אונדזער רב און דיין, רב׳ שלמה טוביה פרידלאַנדער ע״ה, אויסגעקליבן פאַר זיין יינגסטער טאָכטער אַ מאַן, זיין צוקונפטיקן איידעם רב זבולין סאַלאַדוכאַ, אַזוי האָט מען אים גערופן. אַ באַרימטער ישיבה־מתמיד און אויך אַ בקי אין וועלטלעכן וויסן וואָס האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות. אַ חוץ דעם האָט אים אויך דער רבונו־של־עולם באַשאָנקען מיט אַ הדרת־פנים. אַ יונגער און שיינער מענטש וואָס איז ראוי געווען צו פאַרנעמען די כסא הרבנות פון זיין שווער רב שלמה טוביה און ער איז טאַקע דעם גאַנצן שטעטל געפעלן. אָבער איידער איך וועל איבערגעבן וועגן דעם דיינס טאָכטערס חתונה וועל איך געבן אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק וועגן ראַטנער דיין און וואָס אַזוינס עס האָט באַדייט פאַר ראַטנע דער דיין און רב שלמה טוביה און אויך וועלכע פּאָזיציע ער האָט פאַרנומען אין רעליגיעזן יידישן לעבן פון אונדזער שטאָט.

ווי באַוווסט זיינען אין יענע צייטן אַלע יידישע ישובים אָנגעפירט געוואָרן קודם כל דורך די רבנים, דיינים און שוחטים. ראַטנע איז געווען אַ ישוב וועלכער האָט פאַרמאָגט ביי די 3.000 נפשות און דער גורל האָט געוואָלט, אַז איבער איר זאָל האָבן די השגחה דער דיין — רב שלמה טוביה. וועגן אים קען מען זאָגן, אַז ער איז געווען אַ ייד אַ למדן פון די אמתע למדנים. ער איז געזעסן על התורה ועל עבודה. על התורה — ווייל ער איז שטענדיק געזעסן און געלערנט און על עבודה — דאָס הייסט חלילה נישט געאַרבעט קיין עבודת פרך נאָר טאַקע געווען פאַרנומען מיט דין־תורות און אַנדערע קהלישע ענינים. דין תורות זיינען, ווי איר ווייסט, פאָרגעקומען צוליב אַלע פאַרשיידענע סיכסוכים, סיי ווען איינער האָט געליען געלט ביי אַ צווייטן און האָט נישט געקענט אָפּגעבן, אָדער איינער האָט אויסגעכאַפּט אַ מסחר ביי אַ צווייטן, אָדער גאָר שבת אין בית מדרש האָבן זיך אַ פּאָר בעלי־בתים צעקריגט וועגן דעת־הקהל. אין אַלע פאַלן האָט מען זיך פאַרלאָזט אויף דעם פסק־דין פון דיין. און דאָס איז נישט געווען קיין גרינגע אַרבעט, ווען בעלי־בתים פלעגן זיך אָפּט איינשפּאַרן, ברוגז ווערן א. א. וו.

אַזוי למשל האָבן מיר אין ראַטנע געהאַט פיר שוחטים. די נעמען זייערע זיינען

געווען: עוזר דער שוחט, אלתר שוחט, מאטל דער שוחט און חיים-דוד דער שוחט. דאס שטעטל איז געווען צעטיילט אין פיר חסידישע גרופעס און פינף בתי-מדרשים. די נעמען זייערע זיינען געווען: טריסקער שטיבל, סטעפעניער שטיבל, קארלינער שטיבל, דער גרויסער בית מדרש, וואס האט אריינגענומען פארשיידענע חסידישע גרופעס פון ראטנע און ווו דער דיין האט געדאווענט און דער לעצטער, דער שאסיי-בית - מדרש, ווו א סך יידן וואס האבן געוווינט אויף דעם שאסיי, דער וועג, וואס פירט צו בריסק און קאוועל, האבן געדאווענט. די דאזיקע יידן וואס האבן זיך געוואלט איינשפארן צו גיין דעם וועג אין סאמע שטאט אריין ווי די אלטע בתי-מדרשים זיינען געווען, האבן זיך אויסגעבויט אן אייגענעם בית מדרש. קיין גרויסע פענסיע האט אונדזער דיין נישט געהאט, הגם סכסוכים בין אדם לחברו האט ער יא געהאט. זיין פרנסה איז געווען פון ערב פסח, ווען מען פלעגט אים פארקויפן דעם חמץ. אדער פון די הייוון וואס יעדע בעלי הביתטע פלעגט קויפן אויף צו באקן ברויט אדער חלה אויף ערב שבת. דאס איז געווען א שטיקל קאנצעסיע פאר דעם דיין, בכדי ער זאל האבן פון וואנען צו ציען זיין חיונה...

און איצט צום עצם ענין.

איך וועל אייך דא דערמאנען ווי אזוי ס'איז פארגעקומען די חתונה פון דער יונגסטער טאכטער פון אונדזער ראטנער דיין רב שלמה טוביה ז"ל, אין אנהייב פון דער וואך, מאנטיק, דינסטיק און מיטוואך האבן אנגעהויבן אנקומען געסט אין שטעטל אריין. עס זיינען געקומען ראש ישיבות, עס זיינען אנגעקומען חברים פון חתן- תלמידים פון דער זעלבער ישיבה. דאס גאנצע שטעטל איז אנגעפילט געווארן מיט געסט. די ישיבה בחורים זיינען געווען פיינע פארפוצטע יונגעלייט מיט הארטע ווייסע קעלנער און קאפעליושן און אויסגעזען ווי אריסטאקראטן... ראטנער יוגנט האט זיך אנגעהויבן באקענען מיט די אנגעקומענע געסט און זיך צוזאמענטרעפן מיט זיי. דאס שטעטל איז אנגעפולט געווארן מיט יום-טובדיקער שטימונג און דאס גאנצע שטעטל האט שוין געווארט מיט אומגעדולד אויף דער חתונה.

אין דער צייט האבן די ישיבה-בחורים אנגעהויבן זיך צו באקענען מיט די ראטנער מיידלעך, מיט דער כלהס חברות און פלעגן אויך אריינקומען אין די פרי-וואטע שטובן. נישט איינער פון די עלטערן האט זיך געוואונטשן אז דער אויבער-שטער זאל עפעס צושיקן אזא זיווג פאר זייערע טעכטער... טאטע-מאמע פלעגן זיך איבערוווינקען, שעפן נחת ווען זיי פלעגן זען זייערם א טאכטער מיט איינעם פון די בחורים. אויך די עלטערע בעלי בתים, די ספעציעל געבעטענע אויף דער חתונה, די גרויסע אנהענגער פון אונדזער רב און דיין האבן זיך אויך אנגעהויבן צו גרייטן צו דער חתונה, זיך פארגעסן פון זייערע וואכעדיקע דאגות און זארגן, זיך אנגעטאן זייערע שבתדיקע קאפאטעס און די שבתדיקע היטלען און געקומען אין גרויסן בית-מדרש אריין וואס איז פול געווען מיט די אנגעקומענע געסט, באוווסטע למדנים און גרויסע מנהיגים פון די ישיבות. און באמת האט אונדזער שטעטל זיך נישט אפגענארט. די געסט האבן ביי אונדז געווײלט במשך פון צוויי וואכן... איין וואך פאר דער חתונה און איין וואך נאך דער חתונה.

אלע נאכט האט מען זיך פארזאמלט אין בית-מדרש און דארטן האבן זיי גע-וויזן וואס פאר תורה און חכמה זיי פארמאגן. עס זיינען געווען ספעציאליסטן זינגערס און גרויסע פריילעך-מאכערס.

זיי האבן געוואלט מאכן א זאמלונג פאר זייער ישיבה, האבן זיי געמאלדן, אז דאנערשטיק אין אוונט וועלן זיי ווייזן מופתים בכדי עס זאלן קומען וואס מער מענטשן. האבן טאקע אין דעם דאנערשטיק אלטע און יונגע אנגעפולט דעם בית-מדרש, אז מען האט קיין שפילקע נישט געקענט אריינווארפן. די ישיבה-בחורים

האָבן געהאַט צוגעגרייט אַ פיינעם קאָנצערט אויפן אַרטיסטישן שטייגער און די אַלע פאַרזאַמלטע האָבן געהאַט גרויס פאַרגעניגן. די ישיבה בחורים האָבן מיט דעם געזאַמלט אַ פיינע סומע געלט לטובת דער ישיבה פון וואַנען דער חתן האָט גע־שטאַמט. אויך דער חתן האָט זיך געפלייסט אַז זיין ישיבה און זיינע חברים זאָלן האָבן אַ גוטע מיינונג וועגן אונדזער שטעטל ראַטנע ווו ער האָט געדאַרפט פאַר־נעמען די כסא הרבנות. לאַנג-לאַנג איז פאַרבליבן אין זכרון דער אָנדענק פון ראַטנער דיינס טאָכטערס חתונה...

**אשר איידעס**
**(רעסיסטענסיא - ארגענטינע)**

# רעטשיצע

דאָס דאָרף ליגט אַ 15 קילאָמעטער פון ראַטנע און איז דערמיט פאַרבונדן דורך אַ יבשה־וועג, ווי אויך דורך אַ וואַסער־וועג.

דאָס דאָרף איז אַרומגענומען מיט סאָסנע־וועלדער און ס׳האָט אַ גרויסע אָזיערע וואָס פלעגט געבן חיונה אַ סך יידישע פאַמיליעס פון דאָרטן גופא, ווי אויך פונעם נאָענטן שטעטל ראַטנע. מיין זיידע ר׳ שמואלקע אברך, אָדער ווי מ׳האָט אים פשוט גערופן, שמואלקע רעטשיצער, אַ ייד אַ הויכער, ווי אַ סאָסנע מיט הדרת פנימדיקער גרויסער באָרד, אַ אַלטער תושב פון דאָרף, פלעגט מיך שטענדיק, ווען ער איז אַמאָל געקומען אין שטאָט, מיטנעמען מיט זיך אין דאָרף אַריין, ווו איך האָב געטראָפן אַ גאַנץ פיינע עדה יידן, אַ פאָר צענדליק משפחות, צווישן זיי אַפילו יידן לומדים, וואָס האָבן זייערע קינדער געלערנט ביי מלמדים לויטן יידישן שטייגער און טראַדיציע.

צוליב דער גרויסער אָזיערע, וואָס איז דאָרט געווען, פלעגן אָפט אַראָפּקומען אַהין סוחרים פון די נאָענטע שטעט און שטעטלעך, ווי דיווין, קאָברין, קאָזולע און בריסק. זיי האָבן אָפּגעקויפט די געכאַפּטע פיש און זיי אַפּטראַנספּאָרטירט אין פאַרשידענע ערטער. די פרעמדע מענטשן פלעגן מיט זיך מיטברענגען דעם אָטעם און רעש פון זייערע שטעט, באַזונדערס פלעגט אויפלעבן דורך זיי דער מנין אום שבת. אָפטמאָל פלעגט אַפילו אַ שידוך געשלאָסן ווערן צווישן דאָרף און שטאָט.

גרוים אינטערעס, ממש באַוווּנדערונג, האָט ביי מיר אַרויסגערופן דער פישפאַנג אויף דער אָזיערע מיט די פאַרוואָרפענע נעוואָדן (נעצן פון שטריק) מיט פליגלען, ביים שיין פון דער העלער לבנה, אָדער ספּעציעלע לאָמפּן. ווי שיין־פאַרכאַפּנד ס׳איז געווען דאָס צאַפּלען פון די לעבעדיקע פיש, וואָס מ׳האָט גאַנצע „מאַטניעס” אַרויסגעצויגן פון טייך און נאָך מער אינטערעסאַנטער איז דאָס בילד געווען ווינטער, ווען מ׳פלעגט דאַרפן אויסהאַקן אין דעם אייז פּאָלאַנקעס (עפענונגען) און דורכשלעפּן דורך זיי דעם נעוואָד.

ווען די דייטשן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אָקופּירט דאָס אָפּגעברענטע שטעטל ראַטנע, האָט אונדזער פאַמיליע, ווי אויך מיין פעטער יענקל און זיין פאַמיליע, געמוזט זיך איבערציען אין דאָרף רעטשיצע צום זיידן. ווידער זיינען אין יענער צייט, צוליבן פאַרבאָט צו וווינען אין די מלחמה־זאָנעס, אָנגעקומען אַ סך פליטים פון פינסקער געגנט, צווישן זיי אַ פאָר צענדליק יידישע פאַמיליעס, וואָס פיל פון זיי זיינען געווען גאַנץ פאַרמעגלעכע און אויך אינטעליגענטע.

ס׳איז דאַן אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דעם שטענדיק שטילן דאָרף אַ געוויסע באַוועגונג און רירעוודיקייט און ס׳האָט ווי באַקומען אַ שטאָטישן פנים און קאָלאָריט. די פרעמדע יוגנט האָט אַהין מיטגעבראַכט פון דער שטאָטישער קולטור און האָט אויך אַריינגעצויגן אין איר די דאָרטיקע יידישע יוגנטלעכע.

אונדזער פאמיליע האט דארטן געוווינט א 4 יאר. מיר האבן אליין באארבעט א שטיק פעלד, איינשפאנענדיק אין דעם אקער אונדזער איינציקע בהמה, וואס די דייטשן האבן אונדז צוליב דער גרויסער משפחה, איבערגעלאזט, מיט נאך א בהמה פון א צווייטער משפחה. מיר האבן געאקערט, געזייט און אזוי ארום באַזארגט זיך מיט קארטאפל אויפן גאנצן יאר. אדרבה, מיר פלעגן נאך ארויסהעלפן אונדזערע אייגענע אין שטעטל און זיי צושיקן עטלעכע זעקלעך קארטאפל.

ווען די דייטשן זיינען ביים סוף מלחמה אוועק פון אונדזער געגנט און זי איז געבליבן אומבאשיצט, האבן זיך דארט פלוצלינג באוויזן עטלעכע רוסישע סאלדאטן מיט ביקסן אויף די פלייצעס (זיי האבן זיך ביז דאן אויסבאהאלטן צווישן די פויערים) וועלכע האבן אונדז, ווי ארייננגעפארענע, באפוילן צו פארלאזן דאס דארף.

אזוי ארום האבן מיר פארענדיקט די עטלעכע יאר פון א פרימיטיוו-אידילישן לעבן אין דארף און צוריק אומגעקערט זיך אין דעם ארעמען אפגעברענטן שטעטל.

א צווייט מאל בין איך געווען אין דארף רעטשיצע אין דער צייט, ווען די ווילדע באלאכאוועס האבן געווילדעוועט אין דעם געגנט.

איך געדענק ווי א באקענטער פויער האט אין א פארטאג שטיל אנגעקלאפט ביים זיידן אין פענצטער און אים אנגעזאגט, אז באלאכאוועס זיינען דא אין דארף און זוכן יידן.

די גאנצע משפחה האט זיך דאן אין א רגע באהאלטן אויפן שייער-בוידעם ביי דעם זעלבן פויער. איך געדענק נאך גוט אונדזער גרויסע שרעק און ציטערניש, ווען מיר האבן פון אונדזער באהעלטעניש געהערט דאס קלאפן און טופען פון פערדישע פיס און דאס נאכפרעגן זיך פון די רייטער אויף יידן.

דער פויער האט זיי אנגעוויזן אויף א צווייטער ריכטונג און מיר, מיינענדיק, אז זיי וועלן שוין מער נישט צוריקקומען, זיינען אראפ פון בוידעם. אבער, זעט אויס, אז מ'האט זיי אנגעוויזן, ווו מיר וווינען און זיי זיינען באלד צוריקגעקומען. מיר זיינען אלע ארייננגעלאפן אין א גארטן פון געדיכטע קאנאפליעס (געוויקסן וואס מ'ארבעט אויס פון זיי גרישע לייוונט) און מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם האבן מיר זיך דארט אויסגעצויגן אויף דער ערד. מיר האבן גארנישט געקענט זען אבער געהערט האבן מיר געשרייען און פארשטיקטע געוויינען. איך זע, ווי נעבן מיר, ליגט מיט זיין גאנצער גרויס אויסגעצויגן מיין 65 יעריקער זיידע שמואלקע. ער זעט מיך אויך, אבער האלט אראפגעלאזט די אויגן, ווי ער וואלט זיך פאר מיר פארשעמט, וואס דער גרויסער אנזעעוודיקער זיידע איז אין אזא געפאלענעם מצב...

שפעטער זיינען מיר געוואר-געווארן, אז די רוצחים האבן זיך איזדיעקעוועט איבער א סך יידישע איינוווינער, ארייננגעטריבן זיי אין אזערע און געשלאגן.

אין עטלעכע יאר ארום, פאר מיין אפפארן קיין ארגענטינע, בין איך ווידער אהין־געפארן זיך געזעגענען מיט מיינע אייגענע. דארטן איז צו יענער צייט געווען לייבל בלאושטיין פון ראטנע אלס לערער. ביים געזעגענען זיך מיט לייבלען האט ער מיר מיט טרערן אין די אויגן געזאגט: „כ'האב מורא אז מיר וועלן זיך שוין מער־נישט זען. כ'וויל נאך אביסל דא זיין און אויך ערגעץ אוועקפארן. שלעכטע צייטן קומען אן, מיר דארפן אלע פון דאנעט אנטלויפן"...

דער שוידערלעכער גורל האט אבער אנדערש אנגעצייכנט — כמעט אלע רעטשיצער יידן, אויסער צוויי יונגטלעכע, זיינען צוגלייך מיט אלע ראטנער יידן, דורך די מערדערלעכע נאצישע הענט אומגעקומען.

דוד גאָלדין



# בענקעניש נאָכן שטעטל

פון זינט איך געדענק זיך, נאָך פון די פריעסטע קינדער־יאָרן, האָט מיין מאמע ע"ה שטענדיק גערעדט פון ראַטנע איר געבוירן שטעטל. זי פלעגט זיין ממש פאַרליבט אין דעם און האָט דאָס שטענדיק דערמאָנט מיט אַ באַזונדערן פיעטעט און ליבשאַפט. זי פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז די ראַטנער שוסטער און שניידער שטייען ביי איר אַ סך העכער פון רבנים אין אַנדערע שטעטלעך.

פאַרלאָזט ראַטנע האָט מיין מוטער זייער יונג, אַלט־זייענדיק בס"ה אַ יאָר 10־9. איר פאָטער יואל ע"ה איז דאָרט געווען אַ מלמד. ער איז אָבער יונגערהייט געשטאָרבן. ער האָט אויך דאָרט געהאַט אַ קליין קרעמל פון אַלערליי שפייזן און דער עיקר פון זאַלץ. האָט זיך אים איינמאָל אַ פאַר־פסח געטראָפן אַ מקרה רע — אַ שיפל מיט זאַלץ, וואָס איז געגאַנגען איבערן וואַסער־וועג פון פינסק, איז דערטרונקען געוואָרן אויפן טייך פריפּיעט. איז דאָס לעצטע ביסל פאַרמעגן זיינס פאַרלוירן געגאַנגען פאַר פסח אין וואַסער און די שטוב זיינע, ווי אַ צוגאָב, איז נאָך פסח פאַרברענט געוואָרן אין אַ שריפה, וואָס האָט דאַן אין שטעטל אויסגעבראָכן.

דער זיידע ר' שלמה ע"ה, וואָס האָט געהאַלטן די קרעטשמע אין דעם דאָרף ליוביכין, נישט ווייט פון ליבעוונע, האָט זיי דאַן צו זיך אַריבערגענומען און זיי זיינען שוין דאָרט געבליבן וווינען.

די ליבע און בענקשאַפט צום געבוירן — שטעטל האָט אָבער שטענדיק ביי זיי אָנגעהאַלטן און באַזונדער ביי מיין מוטער. אַז ס'האָט אַמאָל אין דעם דאָרף פאַרבלאָנדזשעט אַ ראַטנער ייד, ווי דער טעפּער וואָלף. וואָס איז מיט זיינע טעפּ אַרומגעפאָרן אין דער געגנט, האָט מען גאָרנישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אים. מען האָט אים אויפגענומען אויפן שענסטן אופן. מיין מוטער פלעגט שוין דאַן אים נישט אָפּלאָזן און אויספרעגן זיך פּרטימדיק אויף יעדן איינציקן. אַפילו די ראַטנער מעשמשאַנעס, להבדיל, זיינען געווען גוטע אָנגעלייגטע געסט. אַפילו דאָס ראַטנער ברויט האָט מיין מאמע ליב געהאַט און אַז מיין פאָטער פלעגט אַמאָל פאָרן קיין ראַטנע האָט ער שוין געוווּסט, אַז מ'דאַרף איר ברענגען ברויט פון דאָרט. אַ גאַנץ יאָר פלעגט מיין מוטער לעבן מיט דעם חיות און פאַנטאַזיע, וואָס זי וועט אין חודש

אלול פאָרן אַהין אויף קבר אבות — איר פאָטער ר׳ יואל איז געלעגן אויפן ראַטנער בית-החיים. ווען זי איז דעמאָלט געקומען אין שטעטל און זיך געזען דאָרט מיט אירע קרובים און באַקאַנטע איז איר צוגעקומען אַ שטיק געזונט.

זי האָט אויך שטאַרק געגלויבט, אַז זי וועט האָבן אויסגעפּועלט אַ גוט יאָר פאַר זיך און איר פאַמיליע, נאָכן זיין ביים טאַטנס קבר און אויסוויינען זיך דאָרט, באַזונדערס נאָכן האַרציקן פאַרשטעלן איר פון דער באַוווסטער בעטערן און פעלד־מעסטערן חנה רויזע, וואָס האָט אַזוי היימיש אָנגעקלאַפּט אין זיין בײדל און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך דאָרטן מיען ביים כסא הכבוד פאַר זיין טאָכטער און איר פאַמיליע. די זעלבע ליבע האָט זי אויך איבערגעגעבן אירע קינדער.

איך געדענק נאָך דעם טאָג, ווען דער טאַטע ע״ה האָט מיך צום ערשטן מאָל מיטגענומען קיין ראַטנע. ס׳איז דאַן פּונקט געווען אַ יריד דאָרט. מיט וואָס פאַר אַ ליבע און נייגער איך האָב דאַן אויף אַלץ און אַלעמען געקוקט. דאָס שטעטל האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען וווּנדערלעך שיין און די מענטשן דאָרט גאָר נישט די זעלבע, וואָס אין דאָרף.

אויך געדענק איך, ווען אַ צווייט מאָל בין איך געפאָרן מיטן טאַטן אַהין אַרויס־נעמען פאַר מיר דעם ערשטן פּאַספּאָרט. ס׳איז געווען ווינטער-צייט, קאַלט און בלאָ־טיק. מיר האָבן זיך אויפן וועג געמוזט אָפּשטעלן אין עטלעכע פאַרבייפאָרנדיקע דערפער, כדי זיך צו דערוואַרעמען מיט אַ גלאָז טיי. אין שטעטל זיינען מיר פאַרפאָרן צו אַ באַקאַנטן יידן און נאָכדעם זיינען מיר געגאַנגען צו ר׳ פישל העלד ע״ה, דער סעקרעטאַר פאַר יידישע ענינים אין דער דעמאָלסטיקער „אופּראַווע״ (מאַגיסטראַט) וועלכער האָט אונדז פאַרשאַפט עדות און אַ דאַנק אים האָט מען מיר אַרויסגעגעבן דעם פּאַספּאָרט.

איך האָב דעמאָלסט געטראַכט, אַז די מאַמע איז טאַקע גערעכט — די ראַטנער מענטשן זיינען בעסער, איידעלער און פיינער ווי אין אַנדערע שטעטלעך. אַזוי איז מיר דאָס שטעטעלע איינגעבאַקן געוואָרן אין האַרצן נאָך מערער ווי פריער. באַזונ־דער נאָך, ווען איך האָב חתונה געהאַט פון דאָרטן און זיך נענטער צוגעקוקט צו אירע יידישע איינוווינער, צו איר טייערער און גאָלדענער יוגנט, ס׳אַ פריילעכע און אינטעליגענטע ליבע מענטשן זיי זיינען געווען!

און ווען ס׳איז געקומען דער טאָג, וואָס איך האָב זיך אין אים געמוזט צעשיידן מיט דעם שטעטעלע און אירע טייערע מענטשן, ווען איך האָב אויסגעוואַנדערט אין דעם וויטן אַרגענטינע האָט מיך אַ בענקעניש אַרומגענומען און ס׳האָט מיר באַנג געטאָן, וואָס איך דאַרף אַזאַ באמת אינטערעסאַנט לעבן פאַרלאָזן און נע-ונדעווען ערגעץ אין אַ ווייט אומבאַקאַנט לאַנד.

צי אונדזער גרויס אומגליק אָבער, איז דאָס שטעטעלע מיט אירע טייערע מענטשן חרוב און אָפּגעווישט געוואָרן. זאָלן דערפאַר די עטלעכע אָנגעשריבענע שורות דינען ווי אַן אָנדענק פאַר די טייערע, ערלעכע נשמות, וואָס איך וועל זיי אייביק געדענקען און אין מיין האַרצן וועלן זיי מיין גאַנץ לעבן זיין איינגעקריצט.

**פ. קעמפער** (טאָראָנטאָ - קאַנאַדע)

# מײַנע דערמאָנונגען פון דער יוגנט פון ראַטנע

מײַן מוטער שטאַמט פון ווידראַניץ, זי איז מאַטל דעם ווידראַניצעס טאָכטער. זי האָט חתונה געהאַט אין בריסק. אַלע קינדער זײַנען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אָט דער שטאָט.

אין מײַן פריסטער יוגנט איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. צו יענער צײַט האָט שוין מײַן עלטסטער ברודער, באַקומען סמיכה אויף רבנות אין דער קעשינעווער ישיבה, אָבער אַ צײַט שפּעטער, האָט מען אים צוגענומען אין מיליטער און איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געפאַלן אין שלאַכט. מײַן צווייטער ברודער, הערשל האָט אויך פאַרענדיקט די קעשענעווער ישיבה און איז געוואָרן שוחט אין אָדעס און דאָרט חתונה געהאַט (ער איז צוזאַמען מיט זײַן פאַמיליע פאַרשניטן געוואָרן פון די היטלער־מערדער). אין יאָר 1920 בין איך מיט מײַן מוטער און ברודער מענדל, אָנגעקומען קיין ראַטנע, איבערלאָזנדיק מײַן פאָטער אויפן אָדעסער בית־עולם און דורכגעמאַכט דעם צוריקצוג פון די באַלאַכאָוויצעס, וועלכע האָבן אויך ניט ווייניק



**יוסף קעמפּער מיט זײַן פאַמיליע, וועלכע זײַנען אומגעקומען. די איינציק לעבנגעבליבענע פייגע קעמפּער געפינט זיך אין קאַנאַדע.**

געבושעוועט און נישט וויניק יידיש בלוט פאַרגאָסן, צורויבנדיק זייער האָב און גוטס.

מיט דער צייט האָט זיך דאָס לעבן אין ראַטנע נאָרמאַליזירט, נישט נאָר האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פאַרבעסערט, נאָר אויך אויפן קולטורעלן און סאָציאַלן געביט האָט אונדזער יוגנט פיל אויפגעטאָן. מיר האָבן געגרינדעט אַ יתומים־קאָמיטעט, קיכן פאַר אָרעמע, אַרויסצוהעלפן אונדזערע שכנים און יתומים, וועלכע זיינען פאַרבליבן נאָך דער נאָרוואָס פאַרענדיקטער מלחמה. אמת טאַקע, אַז אַ גרויסער טייל פון די פינאַנסן איז אָנגעקומען פון אַמעריקע, אָבער אויך מיר, די יוגנט, זיינען נישט געבליבן הינטערשטעליק. מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט גרופן צו שפּילן טעאַטער און אויך געזוכט אַנדערע פאַרשידענע מיטלען, כדי צו טראָגן הילף פאַר די נויטליידנדיקע; מיר האָבן געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, כדי צו געבן גייסטיקע הילף די יעניקע וועלכע האָבן דאָס פאַרלאַנגט און אונדזער יוגנט האָט עס פאַרשאַפט אַ סך גענוס און פרייד, ראשית אין אונדזער אייגענעם אויסלעבן זיך און צווייטנס, וואָס מיר האָבן געגעבן אַביסל פאַרגעניגן דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג.

און פון דאָס אַלץ, פון אַזאַ שיינעם לעבן איז מער ווי אַ חלום נישט פאַרבליבן.

און איצט דערמאָן איך זיך אין דעם קליינעם שטעטעלע ראַטנע, צוזאַמען מיט דער שיינער יוגנט, צווישן וועלכע איך האָב מיין בליענדע יוגנע יאָרן פאַרבראַכט און פון וואַנען איך האָב דעם 23טן דעצעמבער פון יאָר 1937 אויסגעוואַנדערט צו מיין מאַן משה קעמפער, יוסף קעמפערס אַ זון, איבערלאָזנדיק נאָר אויף אַ קורצער צייט מיין מוטער, מיין טעכטערל, ברודער און פאַמיליע, מיינע פעטערס, מומעס און קוזינס און דאָס גאַנצע שטעטעלע ראַטנע מיט אַלע אירע חסרונות און מעלות, אַלע צרות און פאַרגעניגנס. דאָס בילד פון מיין צעשיידונג וועט אייביק שטיין פאַר מיינע אויגן ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג.

אין אַ שיינעם זוניקן דעצעמבער־פרימאָרגן, ווען איך בין צוגעקומען צום שאָסיי, ווו דער אויטאָ איז געשטאַנען, בין איך אַרומגערינגלט געוואָרן פון דריי פערטל שטעטלדיקע איינוווינער, פריינט פון שטעטל, וועלכע זיינען מיך געקומען געזעגענען. איך האָב אַלע ארום מיר באַטראַכט און זייער פיל געוויינט, ווער האָט זיך דאַן געקאָנט פאָרשטעלן דאָס אַלץ, וואָס איז שפּעטער געקומען...

איך בין געווען זיכער, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך האָבן מיינע ליבסטע ביי מיר און אין משך פון עטלעכע יאָר וועל איך קומען אויף אַ באַזוך אין מיין ליב שטעטעלע. מיט אַ סך האָפענונגען האָב איך אינטענסיוו געאַרבעט, כדי צו ווערן אַ בירגערן פון לאַנד, און ענדלעך נאָך אַ סך מי האָב איך אין משך פון 9 חדשים באַקומען מיין בירגער־רעכט און תיכף צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן די נויטיקע דאָקומענטן, כדי אַראָפּצוברענגען מיינע טרייסטע צו וועלכע כ'האָב אַזוי שטאַרק געבענקט. די נויטיקע פאַפּירן האָב איך שוין אַרויסגעשיקט, אָבער דער פינצטערער וואָלקן האָט שוין אָנגעהויבן פאַרציען דעם הימל איבער אייראָפּע און האָט אויך פאַרשטעלט דעם וועג צו דער פאַרווירקלעכונג פון מיין חלום.

יאָ, בלויז דער חלום איז מיר פאַרבליבן. פאַרשוווּנדן איז די אַלטע היים, דער אַלטער דור און מיט זיי, די שיינע יוגנט און צוזאַמען מיט זיי מיין האַרץ, מיין חלום און האָפענונג. פאַרבליבן איז בלויז אַן אומהיילבאַרע וווּנד, וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט פאַרהיילן. נאָר אַ מאַמע, אַ טאָכטער, אַ שוועסטער קען מיטפילן און פאַרשטיין, וואָס דאָס מיינט.



ביים טייך פריפּיעט אין אַ ווינטערדיקן טאָג אין 1924.



אַ געזעגענונג פאַר צוויי חברים, וואָס פאָרן אויף הכשרה. פון רעכטס זיצן: **יהושיקע טעלעזאָן** און פישל רויזן. שטייען: שמחה פלאצקער, א. פיינטיך, מ. קאנישטער און **משה האָניק** (אַרגענטינע). **דער איינציק** לעבנגעבליבענער.



**אַ גרופּע חברים: פון** רעכטס משה דרוג **(ישראל)**, חוה רודער, מאַליע דרוג, **לע־** רער רויזען **(אַלע אומגעקו־** מען). אונטן: שיינע **איציק־** **זאָן (אומגעקומען)**, **אליעזר** העלד **(ישראל)** **און גיטל** קאַרש **(אומגעקומען)**.



דריי הב״ים — טוער אויפן געביט פון חינוך — פון לינקס: לערערס לעווין און רויזן און אַל. העלד (סעקרעטאַר אין תרבות שולע, לעבט אין ישראל).



אַ גרופּע יוגנטלעכע. עס שטייען: **יענטע** טייטעלבוים (אַ לערערקע), **זעליק בענדער** (אַרגענטינע, זעלדע פיינטיך **(ישראל)**, פריילין בענדער **(אומגעקומען)**.



אַ גרופּע תלמידים אין תרבות שולע אין 1934.



אַ שמחה פון יוגנטלעכע ביי דאָבע רייף אין שטוב.



אַ ווינטערדיקער אויספלוג פון אַ יוגנט־גרופּע אין 1933.



צום עולה זיין פון עלקע פּאַפּיר קיין ארץ־ישראל אין 1932.



אַ פּריזיוו אין ראַטנע אין 1936.



אַ גרופּע יוגנטלעכע. ערשטע רעכטס: בנימין גלייזער, עטעל פייגעליס - בעראַנט (אין אַרגענטינע) עס שטייען אויבן: ערשטער אומבאַקאַנט, חיה רחל רייף און מאָטל טערנעבלוט (אומגעקומען).



**אַן אויספלוג פון אַ גרופּע ראַטנער יוגנטלעכע.**



**ראַטנער** איינוווינער אויף „דאַטשע" אין דאָרף ווידרעניץ אין יאָר 1934.

ישראל האַניק

# ס׳בּרענען בריקן

פונקט ווי עס איז אָנגענומען, אַז ווען עס לאָזן זיך אַראָפּ די שוואַרצע קראָען אין ווינטערדיקע טעג, איז דאָס אַ סימן, אַז עס גרייט זיך אַ שטורמישע זאַווערוכע, אַזוי האָבן אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן פון אונדזער יאָר־הונדערט זיך באַוויזן די ערשטע אָנזאָגער פון דעם גרויסן פאַרניכטנדיקן שטורעם, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין אייניקע יאָרן אַרום. די ערשטע וואָס האָבן אָנגעהויבן צו דערשמעקן אַז עס קומט די צייט פון אַ נייעם וועלט־מבול זיינען געווען די אוקראַינער. אין געהיימע קעמערלעך האָבן שאָוויניסטישע קעפּ שוין אָנגעהויבן פאַרטראַכטן פּלענער ווי אָנצוהויבן די דירעקטע סאַבאָטאַזש־אַקטן קעגן דער דעמאָלטיקער פּוילישער מאַכט. אפשר זיינען שוין אין יענער צייט געווען פאַרמישט געוויסע פעלקער וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן ווילן צו אָנהויבן אונטערמינירן די מלוכהשע יסודות פון פּוילן, אַריינברענגענדיק כאַאָס, געוואַלד און סאַבאָטאַזש אין לעבן פון דער באַפעלקערונג.

ערב ראש־השנה פון 1931, זיינען מיר אַרויסגעפאָרן פון דער קרייז־שטאָט קאָוועל צו אונדז אין שטעטל אַריין מיט אַן אוקראַאינישן מיעשטשאַן פון שטעטל, וואָס האָט געפירט אַ פולן וואָגן מיט פּרוכטן, עפּל און באַרן. די פּרוכטן האָט איינגעהאַנדלט יצחק גרינשטיין, אָדער יצחק דער שאָקל־קאָפּ ווי מען האָט אים גערופן, צוליב זיין שטענדיקן שאָקלען מיט דעם קאָפּ. אייגנטלעך איז יצחק געווען אַ לעדער־הענדלער פונקט ווי זיין פאָטער דוד דער קרומער. אָבער די גרויסע שטייערן האָבן אים אין גאַנצן באַזייטיקט פון זיין האַנדל, און ער האָט זיך געוואָרפן צו אַנדערע פּרנסות. איך האָב אים באַגלייט אין דער רייזע, פאָרנדיק אַהיים אויף יום־טוב, נאָכן דערליידיקן פאַרשידענע פאָרמאַליטעטן, אין שייכות מיט מיין פאָרן קיין אַרגענטינע. אַזוי ווי איך פלעג גאָר אָפט דאַרפן פאָרן אין דער קרייז־שטאָט, צוליב די כסדרדיקע פּאַפּירן אין דער „סטאַראָסטווע", פלעג איך דעריבער אויסנוצן עס זאָל מיך קאָסטן ביליקער דאָס פאָרן. ווייל פאָרן אויף דעם אויטאָבוס איז געווען פאַר מיר אַ לוקסוס און מיט די בעלי־עגלות האָט מיר אויסגעטראָגן אויך צו טייער. פלעג איך זוכן צופעליקע פורן מיט משא, וואָס האָבן זיך געשלעפּט אַ גאַנצע נאַכט.

אַרום פינף אַזייגער פאַרנאַכט זיינען מיר אַרויסגעפאָרן און זיך אַזוי געקאָרטשעט אויף דעם וואָגן אין דער איינגעהילטער נאַכט פינצטערניש, זיך צוגעהערט צו דעם מעלאַנכאָלישן געדריי פון די רעדער וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט אַ מאָדנעם קלאַנג. יצחק מיט דעם שגץ זיינען איינגעשלאָפן, איך האָב געהאַט צייט פריי צו לאָזן מיינע דימיונות און טראַכטן פּלענער וועגן דער צוקונפט, אָדער גאָר אַריינצובליקן אין דעם פּראָבלעמען־תהום פון מענטשלעכעליידן און איבערהויפּט אין אונדזערע יידישע צרות. ביי מיר איז די נאַכט געווען אַן אייביקייט און כ׳האָב פּשוט באַקומען אַ גרויסן פּחד צו האַלטן אָפן די אויגן און זען פאַר זיך די טיפע אומענדלעכע פינצטערניש, וואָס די געדאַנקען האָבן געבראַכט וועגן דערווירקלעכקייט פון אונדזער שטעטל מיט אַלע אירע צרותדיקע זאָרגן. כ׳האָב בלויז געוואַרט אויף דעם טאָג, אַז דער מאָרגנ־

שטערן זאָל מיך אויסלייזן פון די אַלע פּיינלעכע געדאַנקען אין דער פינצטערער נאַכט.

אין די פאַרטאָג-שעהן האָבן מיר זיך דערנענטערט צום שטעטל. צוקומענדיק צום ערשטן בריק, באַמערקן מיר ווי עס רויכערט זיך און עס שלענגלט זיך אַ קליינער רויכל פון אַלע פיר עקן. מיר גייען אַראָפּ, און צו אונדזער שטוינונג זעען מיר, אַז סודותדיקע הענט האָבן באַגאָסן מיט קעראָסין און אונטערגעצונדן די בריק. לאַנג טראַכטן האָבן מיר נישט געקענט, מיר באַשליסן אין איילעניש צו פאָרן מעלדן וועגן דעם אין דער שטעטלדיקער פּאָליציי. מיר פאָרן מיט פרוכטן און פירן שרעק אין די הערצער פון דעם וואָס מיר האָבן געזען. ווער ווייסט, חס-וחלילה, עס קען זיך מאַכן אַ בילבול אויף אונדז, — זאָגט יצחק. מיר פאָרן צו צו דער פּאָליציי, מיר קלאַפּן האַסטיק אָן, און מעלדן. עס ווערט אַ גוואַלדיקער גערודער אין שטעטל, איך לויף אַריין אין מיין היים און דערצייל מיין פאַמיליע דאָס געשעענע, אין איילעניש טו איך מיך אי־בער די פייערלעשער בגדים, און לויף, הערנדיק דאָס ספּעציעלע טרובן פאַר אַ שרפה. אָנקומענדיק צוריק אויפן פּלאַץ זיינען שוין געווען הונדערטער יידן און מיעשטשאַ־נעס און די פּוילישע טשינאָווניקעס רעשן און שרייען און פּרובירן אָפּלעשן אַ טייל פון דער בריק. די פּאָליציי און פייערלעשער מאָביליזירן מענטשן אין איילעניש. מען שיקט זיי הינטער דער שטאָט צו דעם שאָסיי, אויף צו מאַכן אַ צייטווייליקע בריק — בכדי מען זאָל קענען אָנהאַלטן דעם פאַרקער, די צענדליקער בעל-עגלות זיינען גע־בליבן שטעקן אויף יענער זייט בריק, זיי שרייען זיך איבער מיט די פאַרביטערטע קולות, ווייל עס איז שוין באַלד מיטיק-צייט און זיי קענען נישט אַריינפאָרן אין שטעטל און דאָ איז פּונקט ערב יום-טוב. דערווייל זיינען פון בריסקער זייט אָנגעקו־מען לאַסט-אויטאָס מיט פּאָליאַקן און זייער אַ גרויסע צאָל געהיים-אַגענטן.



די פייערלעשער פון שטעטל.

ארום דריי אזייגער איז פארענדיקט געווארן די פראוויזארישע בריק, און עס האט זיך אנגעהויבן דער נארמאלער פארקער. מיין שרעק האט מיך געמאטערט און כ׳האב שוין חרטה געהאט אויף מיין גאנצער רייזע קיין ארגענטינע, ווייל ווען נישט די פאפירן, וואלט איך צו דעם נישט געקומען. כאטש מיין פאמיליע האט דערפון נים גערעדט, האב איך באמערקט, אז א פחד ליגט אויסגעצויגן אויף זייערע פנימער. מיר זיינען געגאנגען דאווענען אין טריסקער שטיבל ווו מיין טאטע ע״ה פלעגט דאוונען, דארטן האט מען מיך ארומגערינגלט און כ׳האב געמוזט דערציילן די גאנצע מעשה. ביי זיך האב איך אנגענומען א באשלוס, אז אויב מען וועט מיר רופן אין דער פאליציי, צו זאגן דאס זעלבע וואס יצחק. די נאכט פון יום־טובדיקער מנוחה האב איך שוין נישט געהאט, ס׳האט גענאגט אין הארצן און פארצווייפלטער פחד האט מיך באהערשט. ווער ווייסט וואס עס וועט זיין מיט אונדז? — מיט דעם פרימארגן זיינען מיר ווידער געגאנגען דאווענען, ארום עלף אזייגער איז געקומען א פאליציי־אגענט מיך זוכן אין טריסקער שטיבל, דער עולם האט זיך איבערגעקוקט און קינדער האבן זיך



ביים שאסיי־בריק. עס שטייען סאסיע מערין דע פריגעל, פישל לייוועגט (אומגעקומען), אודעל רייף (ארגענטינע) ישראל קאנפער (אומגעקומען).

דערשראקן, דער טאטע ע״ה האט אראפגעלייגט דעם טלית און מיך געוואלט באגלייטן, אבער דער פאליציאנט האט אים נישט געלאזט. מיט א מאדנעם ווילדן פחד און הארץ־קלאפעניש בין איך געגאנגען מיט אים נישט ריידנדיק מיט אים קיין ווארט. אריינקומענדיק אין קאמיסאריאט זע איך, אז יצחק מיט דעם שגץ זיינען אויך פאראן — ווערט מיר לייכטער אביסל. צום ערשטן האט מען אין א באזונדערן צימער אריינגערופן דעם שגץ און שפעטער מיך. כ׳האב זיך אנגעטראפן מיט אייניקע געהיים־אגענטן וואס האבן אויסגעפרעגט אלע איינצעלהייטן און אלץ פארשריבן. איך האב געשטאמלט און אפן געציטערט — זיי האבן מיין נערוועזיטעט אויסגענוצט און פרובירט מיך בארואיקן, זאגנדיק:

— האב נישט קיין מורא, זאג דעם אמת וועט דיר גארנישט זיין.

פארענדיקט מיט מיר, רופט מען יצחקן, און שפעטער רופט מען אונדז אלע דריי צוזאמען, און מען הייסט אונדז אונטערשרייבן אויף די גרויסע בויגנס פאפיר, דער שגץ שרייבט זיך אונטער און יצחק זאגט: אז ביי אונדז יידן איז היינט יום־טוב טאר מען נישט שרייבן, און איך זאג אויך דאס זעלבע.

דער שגץ איז אוועקגעגאנגען און אונדז לאזט מען נאך זיצן. נאך א שעה זיצן,

זעען מיר ווי דער רב פון שטעטל קומט אריין — און זיי מעלדן אים, אַז מיר ווילן נישט אונטערשרייבן צוליב יום־טוב, בעט ער דעם ראַבינער אז ער זאָל אונדז הייסן אונטערשרייבן. דער רב דרייט זיך אוים צו אונדז און זאָגט אונדז אויף פּראָסט יידיש: „שרייבט אייך אונטער אויף די „פּראָשעניעס". יצחק שרייבט זיך אונטער און דערנאָך איך און מיר גייען שוין צוזאמען מיט דעם רב צוריק אין די בתי־מדרשים...
אין אייניקע וואָכן ארום האָט מען געכאַפּט צוויי אוקראַינער, וואָס זיי זאָלן דאָס האָבן געווען די אונטערצינדער. באַווייזנדיק אַז דעם קעראָסין האָט מען געקויפט אין קאָוולע. מען האָט זיי פאַראורטיילט צו דער תליה, וועלכע איז אויסגעפירט געוואָרן. אָבער די סאַבאָטאַזש אַקטן און אָפענע מרידות קעגן דער מאַכט האָבן זיך פאַרמערט דאַן אין די אוקראַינישע דערפער, און ס'איז געווען אַן אָפענער קאַמף קעגן דער פוילישער מאַכט.

# שווערע וואָלקנס אויף די הימלען...

די בריוו וואָס מיר פאַרעפנטלעכן אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג זיינען מער ווי בריוו פון מענטש צו מענטש, פון חבר צו חבר. זיי ברענגען אַרויס אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן שטיקער לעבן פון אַ ישוב און די ראַנגלענישן פון יחידים פאַר זייער קיום.

אין די דאָזיקע בריוו קומען אויך צום אויסדרוק די טיפע אידעאישע ראַנג־יאָר פאַר דער מלחמה אין פוילן, ווו מען האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען די יידישע באַפעלקערונג דורך פאַרשידענע נגישות, גזרות, שטייערן און כוליגאַ־נישע אָנפאַלן. עס אָטעמט אָבער אויך אַרויס פון די בריוו די יידישע עקשנות, דער יידישער „למרות הכול״, דער טיפער גלויבן און בטחון, אַז דאָס שלעכטס וועט נישט זיגן.

אין די דאָזיקע בריוו קומט אויך צום אויסדרוק די טיפע אידעאישע ראַנג־לענישן וואָס קומען פאָר אין דער יידישער יוגנט אין יענער צייט. זיי פירן אונדז אַריין אין דעם גאַנצן געווירבל פון די אידעען, וואָס די טרוימערישע יוגנט זוכט פאַר זיך נישט בלויז לנוי, נאָר צו לעבן מיט זיי און קעמפן פאַר זיי.

מיר האָבן אַרויסגענומען פון די בריוו די פריוואַט־פערזענלעכע שטעלן און איבערגעלאָזט בלויז דאָס וואָס האָט אַן אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן ווערט. אַ שאָד נאָר, וואָס אין אונדזערע אַרכיוון האָבן מיר צו ווייניק בריוו געפונען פון יענער עפּאָכע פון אונדזער שטעטל.

**די רעדאַקציע.**



ניסקע שאַפּיראָ

# בריוו

צו ל. באָיאַן (מעקסיקע)

## ערשטער בריוו

29סטער מאַי 1937.

...צו נעמען שרייבן אַ בריוו און נישט דערמאָנען דאָס וואָס מיר לעבן איצט איבער איז אַ זאַך אָן אומטעגלעכע, וואָרעם וויפל דו ווייסט און וויפל די פּרעסע שרייבט, איז עס נישט קיין שפּור פון דער אמתערווירקלעכקייט. פּשיטיק, אָדזשי־וואָל און אַנדערע באַוווסטע ערטער האָבן פאַרשפּרייט זייער גיפטיקע הערשאַפט איבער אונדזער גאַנצער געגנט. איך קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז היינט איז ערגער פון די צייטן פון בולאַק באַלאַכאָוויטשן. דעמאָלט האָבן מיר געהאָפט און געוואַרט, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט קומען אַ באַשטימטע מאַכט, היינט איז נישטאָ אויף וואָס צו האָפן!

די רוסישע פּאָגראָמשטשיקעס וואָלטן באַדאַרפט נעמען אַ לעקציע ביי די היינטיקע „נאַראַ־לייט” לגבי דעם וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אין בריסק. נאָך בריסק איז געקומען קאַמיען־קאַשירסק אין אַ קלענערן פאַרנעם, ווייל די אָרטיקע מאַכט האָט געקריגן די לעצטע מינוטן שטרענגע אינסטרוקציעס וועגן אָפּשטעלן די עקסצעסן. אויך מיר אין ראַטנע האָבן דערוואַרט אויפן פאַרגאַנגענעם יאַריד, אַז עס זאָל זיין „פריילעך”. דאָס מאָל זיינען מיר נאָר אָפּגעקומען מיט שרעק, אָבער ווער קען עס פאַרזיכערן אַז אַ קומענדיקן יאַריד וועט עס נישט געשען?

עס איז באמת משיקאָווע ווי די געשיכטע דרייט זיך. אין די פריערדיקע רוסי־

שע צייטן פלעגט די מאַסע פּאַגראַמירן און די אינטעליגענץ פלעגט ארויסטרעטן קעגן דער ווילדקייט, היינט איז פאַרקערט. סיי אין בריסק, סיי אין אַנדערע ערטער איז ווי נאָר די „געשעענישן" האָבן זיך אָנגעהויבן, זיינען די פויערים־מאַסן זיך צעפאַרן אַהיים און די אינטעליגענץ האָט אָנגעפירט מיט די פּאַגראַמען; געווען אַפילו פאַלן, ווען נישט איין פויער האָט געכאַפּט געשלאָגן פאַר נישט וועלן רויבן און מאָרדן. פאַרשטייט זיך, אַז ס'פעלט נישט אויך צווישן די פויערים גענוג אוממאָראַלישער אַפּפאַל.

און דאָך פאַרלירן מיר נישט די האָפענונג. מיר דאַ אַלע גלייבן, אַז נישט קוקנדיק אויף די אַלע פּאַגראַמען וועלן מיר דאָך דאָס אַלץ איבערקומען. און די אַלע וואָס זיינען זיך אין אונדז איצט נוקם, וועלן אַליין געמשפּט ווערן.

אָט דאָס איז די אַלגעמיינע לאַגע.

פערזענלעך ביי מיר איז נישטאָ קיין ספּעציעלע נייעס. פרנסה איז ביי מיר נאָך נישט צום ערגסטן. די הויפּטזאָרג אונדזערע איז איצט דער הפקרדיקער כוליגאַנישער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך צעגאָסן אויך איבער אונדזער געגנט. איך טראַכט שטאַרק וועגן עמיגרירן, בעט איך דיך דעריבער, שרייב מיר, ווי האַלט עס מיט דער איינוואַנדערונג קיין מעקסיקע, מיט וויפל געלט וואָלט מען זיך געקענט איינאָרדענען און ביי וואָסערע אינדוסטריעס וואָלט איך געקענט זיין דערפאָלגרייך. שרייב מיר אויך וועגן די קלימאַטישע באַדינגונגען פון לאַנד און צי איז אפשר זיך מעגלעך איינצואָרדענען ביי פאַרמעריי.

## צווייטער בריוו

**ראַטנע, 28סטער סעפּטעמבער 1937.**

...אָט ווי די צייט לויפט. דוכט מיר, אַז אָט נעכטן האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דיר און שוין איז אַריבער אַ יאָר. איך קען זיך נישט פאַרשטעלן אַז דו ביסט אַוועקגעפאָרן אויף שטענדיק. עס דאַכט זיך מיר אַלץ, אַז אָט קומען די וואַקאַציעס און ווידער וועסטו זיך אַראָפּכאַפּן קיין ראַטנע.

...אין משך פונעם יאָר וואָס דו ביסט אין מעקסיקע, האָב איך זיך עקאָנאָמיש גוט אַרויפגעאַרבעט. די לעצטע געשעענישן ביי אונדז אין לאַנד און די דערנידעריקונגען וואָס מען האָט אויסצושטיין אויף יעדן שריט און טריט, צווינגען מיך אָבער צו טראַכטן וועגן עמיגרירן. כאָטש ווער עס הערט מיך רעדן וועגן עמיגראַציע לאַכט מיך אויס. איך בין אָבער הונדערט פּראָצענט גרייט אויף דעם צוליב אַ סך סיבות וואָס איך קען אין אַ בריוו דיר נישט געגעוי אָנשרייבן. מיין רחל איז אויך פאַר עמיגרירן, זי וויל אָבער נישט אַנדערש ווי עמיגרירן צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

געוויס וואָלט איך געקענט מיטברענגען אַביסל געלט פאַרנדיק אַפילו מיט דער גאַנצער פאַמיליע, אָבער די סומע וואָס דו שרייבסט מיר וואָלט איך נישט געקענט מיטברענגען, און בפרט ווען דו שרייבסט מיר וויפל די פּאַפּירן דאַרפן קאָסטן, וואָלט איך אויף די הוצאות אַליין געדאַרפט אויסגיבן אַ 2.000 דאָלאַר.

שרייב מיר גלייך ענטפער און ווי ווייט מעגלעך איז עס פאַר דיר צו מאַכן די פּאַפּירן. עס האָבן צוגעזאָגט דיר צו שרייבן מאַליע דרוג, בנימין פוגאַטש, ישראל שטיינגאַרטן און גיטל קאַרש.

וועגן די איבעריקע זאַכן שרייבט דיר אהרן יאַנקל גינזבערג. זיין בריוו איז אַ גאַנצער פּאָליטישער טראַקטאַט. ער מאַכט אַ רעוויזיע איבער אַלע אונדזערע אידעען. ער איז אָבער ווייט נישט גערעכט.

אמת טאַקע, אַז די לעצטע צייט קומט אויס צו ליידן אַלעמען גלייך, סיי די

רייכע, סיי די אָרעמע — איבערהויפּט ביי אַנטיסעמיטישע אויסברוכן לגבי אונדז, אָבער מען טאָר נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם, וואָס סיי דער דאָרפישער און סיי דער שטאָטישער אַרבעטער הייבן זיך אָן ביסלעכווייז צו אויסניכטערן פון דעם אַזוי גערופענעם יידן־האַס און באַנעמען מיט באַוווסטזיין די אמתע סיבות ווער עס זיינען די שולדיקע... דו קענסט דאָך אהרן יאַנקלען מיט זיינע חקירות!... ער קוקט נישט אויפן האַרעפאַשנעם לעבן מיט די אויגן פון אַ האָרעפאַשניק.



אַן אָפּשייד פאַר לייבל באיאָן צו זיין אַוועקפאָרן קיין מעקסיקע

# דריטער בריוו

14טער פעברואַר 1939.

...ענדלעך זיך אַביסל באַפרייט פון מיין אַרבעט כדי דיר אָנצושרייבן אַ בריוול. איך געפין זיך איצט אין מאַלאָריטע ווו איך ענדיק אויס מיט שותפים אַ פאַבריק פון סאָדע־וואַסער און ביר.

...ווי דו זעסט, האָב איך זיך נישקשהדיק צעוואַקסן, דאָך שטאַרק מקנא זיין זאָלסטו מיך נישט און אַפילו נאָך אַ סך אַזעלכע ווי איך, וואָס לעבן זיך דאָ אויס עקאָנאָמיש גאַנץ גוט. ליידער, איז נאָך אַלע גליקן גאַנץ טרויעריק... נישט נאָר רעכטלעך זיינען מיר פאַררעכנט צו בירגער פון דער צווייטער קאַטעגאָריע, נאָר אויך אויפן עקאָנאָמישן געביט ווערן מיר אַראָפּגעשטויסן אַלץ נידעריקער און נידעריקער. די יידישע נויט שפּרייזט מיט ריזנטריט און ווער ווייסט ביז וואַנען עס וועט נאָך אַזוי גיין.

ביי אונדז אויף וואָלין — בעסער געזאָגט אויף די מזרח־קרעסן — איז נאָך נישקשה אין פאַרגלייך מיט קאָנגרעס־פּוילן: זידלערייען, קלעפּ און אָנפאַלן אויף אַ

יידן זיינען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אין גאַס און אין ביורא, אין באַן און אין אויטאָבוס פילט זיך אַ ייד אַזוי נישטיק, אַזוי קליין, אַז ס'איז זיך שווער דאָס פאָר־צושטעלן, און צום באַדויערן מוז מען זיין זייער קאַלטבלוטיק און נישט רעאַגירן אויף צוריק, וואָרעם עס קען נאָך זיין ערגער...

אַז איך טראָג זיך אַריבער מיטן געדאַנק אויף צוריק מיט אַ צענדליק יאָר און איך דערמאָן זיך די פריערדיקע פרייע צייט וואָס מיר האָבן אין שטעטל ווי יוגנטלעכע דורכגעלעבט, ווילט זיך גאָרנישט גלייבן, אַז אַלץ וואָס מיר לעבן איצט דורך איז טאַקע ווירקלעכקייט. און דאָך לעבט מען: מען אַרבעט, מען פאַרדינט און בויט... נישט איין מאָל קלער איך זיך, ווו נעמט זיך ביי מיר און ביי אונדז אַלעמען



אַ געזעגענונג פאַר לוי שאַפּירא צו זיין אָפּפאָרן קיין קובא אין 1934

אַזאַ מוט און אַזאַ אויסדויער אויף דעם אַלעם. לויטן שכל, וואָלט מען שוין פון לאַנג באַדאַרפט זיך פון אַלץ אָפּזאָגן און אַריינפאַלן אין עצבות, אין אַ טיפן יאוש. — פאַר וועמען בויען? פאַר וואָס און צו וואָס? אַפּנים, אַז דאָס געזעץ פון לעבן איז שטאַרקער פון אַלע שכלען... ווי עס שטייט ביי אונדז: בעל כרחך אתה חי ובעל כרחך אתה מת! אַזוי איז מיט אונדז דאָהי און אַזוי איז מיט אונדז אומעטום.

און דאָך איז נאָך פאַראַן צווישן די אומות העולם אויסנאַמען, שיינע און הער־לעכע פערזענלעכקייטן וואָס נעמען זיך אָן פאַר אונדז. די צאָל איז אָבער אַ קליינע, אַ סך פון די וואָס ווילן אונדז שיצן מוזן אויך שווייגן צוליב פאַרשידענע טעמים. פון דעסטוועגן, האָפן מיר, אַז ס'וועלן קומען אַנדערע צייטן, בעסערע צייטן, צייטן פון פאַרגיטיקונג, וואָרעם אין דער אמתן, קען זיך דען וואָסער עס איז לאַנד ווינטשן בעסערע און איבערגעגעבענערע בירגער ווי מיר זיינען, ווען נאָר די מאַכט איז לאַיאַל צו אונדז און מען באַהאַנדלט אונדז ווי גלייכע בירגער.

נאָך אַלע מיינע גליקן האָב איך איצט אויף פעסט באַשלאָסן צו עמיגרירן. די קעגנערשאַפט צו עמיגראַציע וואָס האָט געהערשט אין אונדזער פאַמיליע איז שוין היינט אין גאַנצן איינגעבראָכן. סיי מיין ברודער נטע און סיי מיין ברודער איצקע

וואָלטן שוין אויך עמיגרירט, ווען עס מאַכט זיך זיי בלויז די מעגלעכקייטן. מיין אויסוואַל צו עמיגרירן איצט איז געפאַלן אויף אויסטראַליע צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, זיינען פאַריקעס יאָר פון בריסק אַוועקגעפאָרן אַ סך עמיגראַנטן אַהין און שרייבן נישט קיין שלעכטע בריוו. צווייטנס, קען מען אַהין פאָרן בלויז מיט דער גאַנצער פאַמיליע און ווי דיר איז באַוווסט וויל מיין רחל נישט פאַרבלייבן אַליין. אויף אויסטראַליע איז זי מסכים.

שוין באַלד זעקס חדשים, אַז איך האָב זיך רעגיסטרירט אין היאַס, איך האָב איינגעצאָלט דאָרטן 100 זלאָטעס און בייגעלייגט אַלע נייטיקע דאָקומענטן, וואָס ווערן דורך דעם היאַס איבערגעשיקט צו דער אויסטראַלישער רעגירונג אויף צו באַקומען פון דאָרטן אַן אַריינפאָר־דערלויבעניש. ביז היינט האָב איך נאָך נישט באַקומען קיין ענטפער.

אין אַלגעמיין האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע ביי אונדזער פאַמיליע — אַחוץ מיר — שטאַרק פאַרערגערט. נטען האָט מען אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן, אַז ער האָט געמוזט ליקווידירן זיין געשעפט און מאַכן שותפות מיט לייבל גראַבאָוו און יאָסל סערטשוק. ביי איצקען איז די לאַגע אויך נישט קיין פויגלדיקע און ביים טאַטן אוודאי און אוודאי נישט.

...געזעלשאַפטלעך איז דאָס לעבן ביי אונדז אָפּגעשטאַנען. די ביבליאָטעק אונדזערע זשיפּעט קוים. נישט מען לייענט און נישט מען קויפט צו נייע ביכער. די אַלגעמיינע פּאָליטישע געשעענישן אויף מזרח און מערב האָבן אַריינגעבראַכט אין אונדזער לעבן אַזאַ גרויסע צעדרודערונג אַז ס'גלוסט זיך גאָרנישט טיפער אַריינטראַכטן. צי ווערט טאַקע אַלץ מיט אַמאָל חרוב?... אָדער אפשר מאַכן מיר אַ טעות...

שטאַרקע אַפּאַטיע הערשט ביי אונדזערע חברים. נאָך זיין אומגליק (די פרוי איז געשטאָרבן) איז שאַכנע שטיינבערג אַריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע, גיטל קאַרש פילט זיך אַלץ נישט געזונט, זי ליידט אויפן מאָגן. רפאל פוגאַטש זעט לעצטנס אויס זייער שלעכט. ער האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע גריפּע און עס וואָלט אים נישט געשאַדט זיך דורכצופאָרן אויף אַ חודש אין די בערג געניסן אַביסל לופט.

גרוסן פון אַלע חברים און פון מיין משפּחה.

## פ ע ר ט ע ר  ב ר י וו

**ראַטנע**, 27סטער אויגוסט 1939.

...אין קורצן איז ביי אונדז ערב מלחמה... נאָך מער ווי ערב מלחמה. יעדן טאָג נעמט מען אין מיליטער. די באַפעלקערונג גרייט־צו שפּייזן אויף אַ געוויסער צייט. אין די גרעסערע שטעט גראָבט מען אָקאָפּעס אין די גאַסן און אויף די בולוואַרן. ס'שפּילן זיך אָפּ טראַגישע סצענעס פון געזעגענען זיך, אַז עס נעמט דורך אַ שוידער. דעם וועלכן מען רופט נאָך נישט, וואַרט יעדע מינוט אַז מען זאָל אים רופן.

די בילדער פון דער מלחמה וואַכן אויף מיט זייער גאַנצער גרויזאַמקייט. אין גאַס גרופּירן זיך רעדלעך. נייעס ווערט געבוירן פון מינוט צו מינוט. אַרום די ראַדיאָס שטייען גאַנצע המונים און מען הערט זיך צו צו יעטווידן קאָמוניקאַט. אַלע וואַרטן אויפן גרויסן נס פון אַ מעגלעכן באַלדיקן שלום. ווער דאָס נישט געשען, זיינען מיר זיכערע קאַנדידאַטן צו דער גרויסער שחיטה, וואָס גרייט זיך אויף אונדז.

נישטאָ שוין רפאל! נישטאָ שוין שאַכנע! ביידע זיינען געשטאָרבן. און ווער ווייס וויפל עס וועלן פון אונדז אומקומען אויב נאָר די גרויזאַמע שחיטה וועט זיך אָנהייבן. ווער ווייס צי ס'וועט מיר נאָך אַמאָל אויסקומען ווען ס'איז צו שרייבן צו דיר. איך שרייב אין געאייל, ווייל איך בין שטאַרק דענערווירט.

דיין **ניסקע שאַפּיראָ**.

אַהרן יאַנקל גינזבורג

# אויסצוגן פון בריוו צו ל. באַיאָן

ראַטנע, 5טער יולי 1937.

...איצט איז אַ זומערדיקער פרייטיק־צו־נאַכטס. אַ גאַנצן טאָג בין איך געווען פאַרנומען טיילווייז ביי אַרבעט און טיילווייז ביי אַנדערע ענינים. דו געדענקסט דאָך מסתמא, אַז איך האָב אַ סך מלאכות און ווייניק ברכות.

און פונקט ווי עס איז דאָ אַ „ויתרוצצו״ צווישן מיינע עקאָנאָמישע באַשעפטיקונגען (אַ פאַרבער, אַ סעקרעטאַר אין אַ רעליגיעזער קהילה און אַ סעקרעטאַר אין דער יישאָ), אַזוי איז אויך דאָ אין מיין אידעאישן לעבן אַ „ויתרוצצו״:

איך בין אַ יידישיסט און האָב ליב העברעאיש. ארץ ישראל איז מיר נאָענט און איך האָב ליב ביראָבידזשאַן. עס געפעלט מיר די אידעע פון קאָמוניזם און איך בין נאָך אַלץ אַ נאַציאָנאַלער טרוימער. איך האַלט אַלץ אין איין אַרומזוכן אַ בריק וואָס זאָל קענען פאַראייניקן די צוויי באַזונדערע פּאָליוסן און עס דוכט זיך מיר, אַז איך האָב אים געפונען.

איך האָב געליינט דיין בריוו, אָבער נאָך פריער דיינע אַרטיקלען אין די מעקסיקאַנער אויסגאַבעס און איך זע אָט וואָס: איינס, דו באַטייליקסט זיך גראָד אין אויסגעשפּראָכן נאַציאָנאַל־ציוניסטישע צייטונגען? צוויי, דו שרייבסט שוין גאָר עפּעס אין אַנדער גייסט, אין אַ כמעט אַ נאַציאָנאַלן גייסט וואָס איז ווייט פון קלאַסנקאַמף, נאָר שמעקט גיכער מיט כלל ישראל. און דריי דיינע אַרטיקלען זיינען געדרוקט זייט ביי זייט מיט יידישע בר־מצווהס, בריתן און אַנדערע שמחות.

איך שטעל זיך נישט פאָר, אַז דו ביסט נישט אויפריכטיק מיט דעם וואָס דו שרייבסט, אָבער מיך האָט עס שטאַרק פאַראינטריגירט. איך האָב עס געפּרווט אויסטייטשן מיט דעם, אַז כל זמן דו ביסט געווען מיטן פאָלק צוזאַמען, אין דעם תחום פון יידישן לעבן, איז דיר צו ענג געווען די טראַדיציאָנעלע פאָרמען פון דער אַלטער יידישקייט און דו האָסט זיך געריסן פון זיי אַוועקצופליען, איצט אָבער, ווען דו ביסט געקומען אין אַ פרעמדער וועלט, האָסטו גלייך דערפילט, אַז עס שטייען פאַר דיר צוויי ברירות, אָדער זיך אַסימילירן מיט די אַרומיקע, אָדער זיך אומקערן צוריק צו די אייגענע מקורות, און נישט אַזוי צוליב דיר ווי צוליב די דורות וואָס דו, ווי אַ לערער, דאַרפסט דערציען.

יאָ, לייבל, מען דאַרף שטיין אויף דער וואַך און אויפהיטן דעם קיום פון פאָלק. אויב מען וויל באמת טראָגן די אחריות פאַר אונדזער קיום ווי אַ פאָלק מוז מען שטעלן העכער די נאַציאָנאַלע פראַגע איבער דער סאָציאַלער, לכל הפחות ביז מיר וועלן זיין אין דער זעלביקער לאַגע ווי אַנדערע פעלקער. גראָד רוסלאַנד האָט עס מיך געלערנט, אַז ביי אונדז מוז מען אַביסל פאַרהאַלטן דעם טעמפּאָ פון דער „רעוואָלוציע״ אויב פאַרן רוסישן פאָלק איז עס געווען אַ גלייכער און נאָענטער וועג צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג, איז עס פאַר אונדז אַ וועג פון אונטערגאַנג... עפּעס הייסט מען אונדז גיין צענער טויזנטער קילאָמעטער אַזש ביז די ברעגעס פון אַמור, דאָרטן אויסהאַקן „טייגעס״, וואָס איוואַן וואָלט עס געוויס נישט גע־

טאָן, און מיט איין שטריך אויסמעקן אונדזער געשיכטע פון „בראשית ברא״ און אָנהייבן אונדזער אָנהייב פון 1917.

אויב ווייטער **נישט גיין** קיין בּיראָבּידזשאַן, וואָלט אונדז דאָך געבליבן איין זאַך: אַסימילירן זיך און אַראָפּגיין גלייך פון דער פעלקער־אַרענע. וואָס זשע וואָלטן מיר דערגרייכט? געהאָלפן בויען אַ שיינע וועלט פאַר יענעם און מיר אַליין זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד? אַזוי איז עס. גראָד די רוסישע רעוואָלוציע ברענגט אונדז דערצו, אַז דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן זאָלן אונטערגיין, נישט פון **צרות** נאָר פון נחת. ווי צו אונדז מיט אַזאַ גליק!

...וואָס שייך ווידער ארץ ישראל. אמת, ארץ ישראל איז אַ קליין לאַנד וואָס איז נישט בכוח אַריינצונעמען אַ סך יידן, אָבער זי קען ווערן אַ כוח וואָס זאָל אונדז אַ סך מיטהעלפן אין אונדזער קיום אין די גלות־לענדער און דעריבער מוזן מיר אויך אויפהאַלטן העברעאיש, ווייל איר זכות איז נישט נאָר וואָס זי איז די שפּראַך פון אונדזער נאַציאָנאַלן געבורט נאָר זי האָט אונדז געהאָלפן אויך אויספורעמען און באַטעמען מיט טויזנטער הנען אונדזער יידישן לשון. און אויב מיר זיינען באמת פאַראינטערעסירט אין קיום פון יידיש מוזן מיר כאָטש און אויפהאַלטן העברעאיש דער אויספיר:

אונדזער פאָלק רייסט זיך אַריין אין דער געשיכטע פון די פעלקער. עס שלענגלט זיך ווי אַ געדרייטע קייט און וויל זיך נישט אָפּרייסן, נישט דורך אַסימילאַציע און נישט דורך דעם סאָציאַליזם. מיר טאָרן נישט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. פונקט ווי



די פאַרוואַלטונג פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א״י אין 1931: **דער ערשטער רעכטס** פון דער צווייטער ריי — אהרן יעקב גינזבאַרג; פון זיי לעבנגעבליבענע: משה האָניק און א. י. רייף (ארגענטינע), י. חייט (ישראל).

מיר האָבן איבערגעלעבט די קולטורלאָזע תקופות, אַזוי וועלן מיר אויך גייסטיק באַזיגן די תקופות פון דעם אויפבלי פון וויסנשאַפט און ציוויליזאַציעס...

...אָבער שוין צופיל זיך צעשריבן. לאָמיר אויך שרייבן עפּעס וועגן זיך:

מיינע אויסזיכטן קוקן אַרויס אויף עמיגראַציע, נאָר דערוויייל זיינען אַלע לענדער געשלאָסן... די טעג גייען אַוועק מיט בטלנות, חוץ וואָס מען איז נאָך אַביסל באַשעפטיקט. די אָוונטן פּטרט מען מיט דיסקוסיעס. מיין חבר לוי שאַפּירא דאַרף היינט דעם 5טן יוני אַראָפּגיין אין זיין נייער היים אין קובא, און ווי וועט זיין מיינע?

יאָ, אין משך פון די לעצטע וואָכן זיינען פאָרגעקומען „געשעענישן" אין דיין ברודערס שטאָט (געמיינט — בריסק). די מסקנות זיינען קלאָרע: פאַר דער וועלט זיינען מיר אַלע יידן. און סיי דער גביר, און סיי דער קבצן, סיי דער אַרבעטער און סיי דער קליינבירגער זיינען אויסגעשטעלט אונטער איין פייער וואָס וויל אונדז „גלייכשאַלטן".

מיט די האַרציקסטע גרוסן אהרן יאַנקל.

**לייבל בלאָוושטיין**

# פון אַ בריוו צו ל. באַיאַן

בריסק, יאָר 1938.

...אַלע מאָל אין דיינע בריוו צו דיין ברודער יהושע גריסטו מיך און דו פרעגסט:
— „פאַרוואָס שרייבט גאָרנישט לייבל?"

ליבער חבר, זאָל זיך דיר נישט אויסדאַכטן אַז מען פאַרגעסט אַזוי גיך אַ יוגנט־חבר מיט וועמען מען האָט זיך געטיילט צוואַנציק יאָר כסדר מיט די איבערלעבונגען. ניין, חבר, אַלץ ליגט נאָך אָפן און פריש פאַר די אויגן, מען שמועסט זיך דורך בלחש מיטן חבר: „לייבל וואָלט אַזוי געזאָגט וועגן דעם", נאָר דו קענסט דאָך מיך, אַז איך בין שטענדיק געווען אַ צוריקגעהאַלטענער, אַן אינזיכיקער און בפרט נאָך היינט, ווען איך פאַרנעם זיך מיט אַ פויערישן פאַך, וווּ מען דאַרף אַריינלייגן ראשו ורובו אין אַ בערגל מיסט און מען קוקט חדשים אַפילו נישט אָן אַ ביכל פאַר די אויגן.

מען שווייגט שוין טאַקע צופיל. עול פרנסה פאַלט זייער שווער. טאַפּטשעט מען אין דעם טאָג־טעגלעכן און דאָס לעבן איז אַזוי גרוי. עך, חברל, עס בענקט זיך נאָכן אַמאָל וואָס וועט זיך, ווייזט אויס, קיינמאָל נישט אומקערן.



אַ גרופּע יוגנטלעכע אין 1928: דער צווייטער רעכטס פון די שטייענדיקע איז לייבל בלאָוושטיין; אויסער לייבל באַיאַן (שטייט אינדערמיט), — אַלע אומגעקומען.

מיין מאַטעריעלע לאַגע איז אַזוי זיך: מען אַרבעט און די פרנסה שלעפּט זיך; אַ יאָר אַ בעסערס, אַ יאָר אַן ערגערס, אָבער אַ ייד איז דאָך געוווינט שטענדיק צו טראַכטן מכוח תכלית. און וווּ געפינט מען טאַקע דאָס לאַנד, וווּ מען זאָל נישט קוקן

אויף דיר ווי אויף אַ בלוט-זויגער? דעריבער טראַכט איך שטאַרק וועגן עמיגראַציע, אָבער וווהין פאָרט מען?

די צייט און די געשעענישן האָבן מיך אידעאיש אונטערגעמינעוועט. אַ קנאַ־פּער מאמין בין איך היינט אין דעם וואָס איז פאַר מיר געווען אַמאָל אַזוי הייליק, אָבער ס׳איז נישטאָ קיין עפּעס אַנדערש מיט וואָס אויסצופילן דעם אידעאישן בלויז!

איך האָב זייער אַ גערעטענעם זון און ער שטעלט אָפטמאָל אַזעלכע קשיות, וואָס איך בין שוין נישט בכוח צו ענטפערן אויף זיי. — טאַטע, זאָגט ער מיר איין מאָל — לאָמיר פאָרן קיין אויסטראַליע! מיר אַלע לעבן דאָ אונטערן פּסיכאָז פון עמיגראַציע — — —

...אין אונדזער שטעטל ראַטנע איז היינטיקן שבת-צו-נאַכטס געווען אַ חתונה ביי יצחק הערש פוקס מיט ריווע שאַפּיראָ. מאָטל גינזבערג האָט מיר איבערגעגעבן, אַז נאָך דער חופה האָט מען אַריינגעוואָרפן שטיינער צו דוד אהרונען אין שטוב אַריין. ס׳איז גרוי געוואָרן אין שטעטל. מען פרעגט: ווו איז זי די שיינע יוגנט וואָס איז געווען אַמאָל אין שטעטל, פאַרוואָס איז זי זיך צעפלויגן איבער אַלע שבעה ימים?!

זיי געזונט, דיין חבר וואָס שמועסט מיט דיר שטענדיק בלחש,

**לייבל.**

# דאַנק־בריוו פון דער ראַטנער קהילה פאַר געשיקטער הילף

## צו אַלע ראַטנער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע!

ברידער און פריינט!

דאָס שטעטל וואָס האָט אייך אויסגעטראָגן און פון וועלכעס איר זענט צוליב דער שווערער אויסזיכטלאָזער לאַגע אוועק מעבר לים — שיקט אייך איבער אַ ברידערלעכן דאַנק פאַר אייער הילף וואָס איר האָט דעם געגעבן היינטיקן ערב־פסח, אַריינשיקנדיק 300 זלאָטעס מעות־חטים צו באַזאָרגן זייערע היימען מיט מצות.

נעמט אויף אונדזער וואַרעמען דאַנק וואָס מיר שיקן אייך איבער אין דער נייער היים, מיטן ווונטש אַז איר זאָלט אויפשטייגן אין כמות און אין איכות און זיין דער ענטפער אויפן שטורעם וואָס צעברעכט אונדזערע אַלטע היימען.

אַ באַזונדערן דאַנק און אָנערקענונג די ה"ה: יידל קאַנישטער, שייע באַקלער, הערשל קאַגאַן, יאַנקל ראַג, יאַנקל טאַקער און ידידיה מאַליק וואָס האָבן געפירט די אַקציע. די צייט און די מי וואָס זיי האָבן אָפּגעגעבן זיינען באַגלייט מיט אמתער דאַנקבאַרקייט. זאָל זיין געבענטשט זייער פליים און זייערע הענט וואָס האַלטן אין זיך דעם רודער פון צרכי־הכלל.

ראַטנע, דעם 8טן מאַי 1938.

**פאַרטיילונגס־קאָמיטעט:**

**דוד־אהרן שפּירא, ישראל־איצי באַיאַן, אלקנה שעפּטעל, מרדכי טיקטינער.**

---

## צו אַלע ראַטנער לאַנדסלייט פון בוענאָס איירעס און לאַנוס אין אַרגענטינע!

טייערע ברידער!

מיר באַשטעטיקן די קבלה פון 295 זלאָטעס מעות חטים, און אין נאָמען פון דער גרויסער צאָל נויטבאַדערפטיקטע וועלכע אייער הילף האָט דערמעגלעכט צו באַזאָרגן זיי מיט מצות אויף פסח, — קומען מיר דאַנקען אייך און אויסדריקן די וואַרעמע ברידערלעכע געפילן, מיטן ווונטש אַז דער נייער ישוב אייערער זאָל אויפוואַקסן צו אַזעלכן ווי דאָס צפון לאַנד פון אייער וועלט־טייל וועלכער איז דער גלאַנץ פון אַלע אונדזערע קבוצים אין גלות.

אַ, אַ שווערן ווינטער האָבן מיר געהאַט. אויסער דעם וואָס מיר ווערן רואי־נירט פון דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס, יאָגט זיך אויף אונדז אָן אַ שטורעם אויף אַרויסצורייסן די פאַרדינסט־מעגלעכקייטן און עס אָפּגעבן אייגענע מענטשן. אָבער

צו וואָס עס אייך דערציילן ווען עס איז אייך געגוג באַקאַנט פון די בריוו פון אייערע קרובים און עס איז נאָך איינגעהעמערט, געווים, אין אייער זכרון פון אייגענעם איבערלעבן דאָס אַלעס.

עס האָט זיך דערנענטערט היינטיקער פאַר־פּסח. מען איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט וועגן מעות־חטים. דען, מער פון איין דריטל שטאָט האָבן אָפן געוואָרט צו באַקומען שטיצע אויף איינקויפן מצות. די ראשי־הקהל זיינען געווען פאַרדאגהט, הגם מען האָט גערעכנט אויף דער יאָר־יערלעכער הילף פון אַמעריקע האָט מען איינגעזען, אַז אַפילו ווען די הילף פון דאָרט זאָל זיין אַזאַ ווי יעדעס יאָר, וועט עס היינטיקן ערב־פּסח נישט זיין אימשטאַנד צו העלפן אַלע נויטבאַדערפטיקטע, און אויב צעטיילן עס צווישן אַלע, וועט אָנקומען יעדן אַ כזית. אָט אין אַזאַ צושטאַנד האָבן מיר זיך געפונען בעת עס איז פון אייך אומדערוואַרטעט — אָנגעקומען צום פּריעסטן פון אַנדערע — די ידיעה אַז איר זאַמלט פאַר אונדז מעות־חטים. מיט אַמאָל זיינען מיר מוטיקער געוואָרן. מיר האָבן דערפילט אַז אַ נייער קבוץ איז אויפגעשטאַנען, אַ קבוץ וועלכער נעמט אויף זיך די לאַסט אויך פאַר צרכי־הצבור, און די מאמרים: „טובה עשה הקדוש־ברוך־הוא לישראל שפזרן בין העמים” און „כל ישראל ערבים זה בזה — האָבן דאָ באַקומען זייער אמתן אויסדרוק.

נעמט צו אונדזער וואַרעמען דאַנק אין נאָמען פון גאַנצן יידישן שטעטל.

ראַטנע, דעם 31סטן מערץ 1937.

מיט אַכטונג און גרוס:

**דוד אהרן שפּיראָ, מרדכי טיקטינער, מענדל קליין, אלקנה שעפּטעל, ישראל יצחק באַיאַן.**

---

## צו אונדזערע ליבע ברידער אין ארגענטינע!

מיר באַשטעטיקן דעם דערהאַלט פון 720 זלאָטעס געשיקט דורך אייך אַלס „מעות חטים” צום היינטיקן פאַר פּסח.

אויב אין פאַריקע צוויי יאָר האָט אייער אָפּפערוויליקע שטיצע אַרויסגערופן פול אַנערקענונג פאַר אייך אין אונדזער - אייערער פאַראַרעמטער שטאָט, איז היינטיקס יאָר גאַנץ ראַטנע כמעט אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט געפילן פון דאַנקבאַרקייט און גוטע ווונטשן פאַר אייך אַלע, באַזונדערס פאַר די עסקנים, דורך דעם, וואָס די סומע געלט איז אין אונדזערע פאַרהעלטענישן אַ גענוג אַנזעעוודיקע און איז געקומען אין דער רעכטער צייט און אַ דאַנק אייער געלט האָבן אַלע יידן אָן אויסנאַם געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזאָרגן זיך מיט מצות.

מיר ווילן דאָ נאָך, צו אייער שבח (אָבער נישט צו עמיצנס גנאי) אונטערשטרייכן, אַז אייער סומע איז געווען די גרעסטע פון צווישן די געלטער, וואָס קומען אָן פון אויסלאַנד אויף דעם צוועק — פון דענווער און ניו־יאָרק, נישט געקוקט דערויף, וואָס איר זענט ווייט הינטערשטעליק פון אונדזערע ברידער אין צפון־אַמעריקע הן אין דער צאָל הן אין מאַטעריעלער הינזיכט. דאָס דערקלערט זיך מיט אייער שטאַרקער צוגעבונדנקייט צו דער אַלטער נאָך נישט פאַר עסענער היים און אויך מיט דער אַקטיוויטעט און שטאַרקן באַוווסטזיין פון אייך, עסקנים, וועלכע מאַכן מיט אונדזערע פריידן און ליידן אַפילו פון ווייט.

דריקן מיר אייך טאַקע אויס אונדזער טיפסטע דאַנקבאַרקייט פאַר אייערע אַנ־

שטרענגגונגען און מי און יהי רצון, אז אויב ס'זאָל אין דער צוקונפט באַשערט זיין די יידן פון דער אַלטער וועלט נאָך ווייטער דאַרפן אָנקומען צו ברידערלעכער שטיצע (כי לא יחדל אביון מקרב הארץ...) זאָל אייער פּאָזיציע אין דער נייער וועלט שטיינן און אַלס מער פאַרשטאַרקט ווערן, איר זאָלט גיין מחיל אל חיל און אייערע נתינות זאָלן קומען מתוך הרחבה — און דערמיט וועט איר האָבן דערפילט אייער דערהויבענע מיסיע „כי למחיה שלחני ה' אליכם".

ראַטנע, דעם 23סטן אַפּריל 1939.

**מרדכי טיקטינער, דוד אהרן שפּיראָ, מענדל קליין, אלקנה שעפּטעל, אברהם טאָקער, ישראל באַיאַן, יצחק הירש העלד.**

---



(פון העברעאיש)

בית ספר עברי „תרבות" ברטנה.
כ"א תשרי תרצ"ח (26-9-1937)
נומער 140.

חבר און פריינט י. קאָנישטעטער:

„אין אַן עת צרה שרייט מען שמע" זאָגט אַ פאָלקס-ווערטל, און פונקט אַזאַ צרה איז איצט אָנגעקומען פאַר אונדזער תרבות-שולע. ווּעמען, וועמען, אייך זיינען דאָך געוויס באַקאַנט די געבורטסווייען און דערנאָך דער צער פונעם אויפהאָדעווען אונדזער ציטעריק-קינד — די תרבות-שולע.

מיט גרויס מאַטערניש און מיט אוממענטשלעכן געדולד האָבן מיר זי דערצויגן און אויסגעהאַלטן ביז אַצינד... מיר זיינען זיבן מאָל אונטער דער משא געפאַלן, אָבער שטענדיק אַרויס געשטאַרקט... דערפאַר טרינקען מיר זיך איצט ממש ביז איבערן האַלדז און מיר זעען נישט קיין שום אויסוועג.

אמת איז, אַז אַפילו אין אירע האַניק-חדשים האָבן מיר זיך אויך געבאָדן אין גרויסע דעפיציטן. דאָך איז דער איצטיקער מצב נישט אין פאַרגלייך ערגער פון דעמאָלטיקן.

סיבות דערצו זיינען דאָ אַ סך: אַ גרויסער טייל פון אונדזערע חברים, מיטגלי־דער פון דער תרבות־שולע, האָבן אויסגעוואַנדערט אין אַלע וועלט־טיילן, אויך איז דער עקאָנאָמישער מצב פונעם שטעטל אַ סך קריטישער געוואָרן פאַר דער צייט. די רעוויזיאָניסטן, די שונאים פון דער שולע, האָבן געמאַכט שותפות מיט די שטאָט־פּרומאַקעס, אין שפּיץ פון וועלכע עס שטייט דעם דיינס איידעם, דער אַגודהניק, און גראָבן ממש אונטער איר קיום און ווילן זי חרוב מאַכן. און אין אַזעלכע נישט נאָר־מאַלע באַדינגונגען דאַרפן מיר אויסהאַלטן אַ שולע מיט פיר לערער, דירה, באַדי־נונג און אַנדערע פאַרשידענע הוצאות.

טראָץ דעם וואָס אַ לערער־געהאַלט איז זייער אַ קליינער — ווייניקער פון 100 זלאָטעס אַ חודש — האָבן מיר דאָך נאָכן יאָר אַ דעפיציט פון 2.000 זלאָטעס.

מיר מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונג און יעדער פון די חברים, אַ חוץ וואָס ער זאַמלט ביי אַנדערע, דערלייגט נאָך אַמאָל פון זיין אייגענער קעשענע און דאָך כטייעט נישט און מיר שטייען פּנים לפּנים פאַר אַ גרויסן קריזיס.

נישט איין מאָל, ווען מיר ווערן פאַריאושט פון דער שלעכטער לאַגע, ווילן מיר אינגאַנצן צומאַכן די שולע. דאָס איינציקע וואָס האַלט אונדז אָפּ פון דעם שריט, איז דער חנוך פון אונדזערע קליינע קינדער. און אַזוי שלעפּן מיר ווייטער דעם שווערן יאָך.

היינטיקס יאָר איז שוין אָבער די ביטערע לאַגע אַזוי גרויס, אַז אויב עס וועט אונדז נישט אָנקומען קיין הילף פון אויסלאַנד, פון די לאַנדסלייט מעבר לים, וועלן מיר געוויס פאַלן אַזוי, אַז מיר וועלן שוין מער נישט קענען אויפשטיין.

און דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן אין דער עת צרה זיך ווענדן צו אייך מיטן אַפּיל: העלפט אונדז!!!

אַוודאי דאַרפט איר זיך, חבר, פילן גליקלעך, וואָס איר מיט אייער פאַמיליע זענט אַוועק באַצייטנס פון דער אָרימקייט. פאַרגעסט אָבער נישט אין די, וואָס זיינען אי־בערגעבליבן דאָרט, העלפט אונדז צו שלעפּן דעם יאָך פונקט ווי דאָ, ווען איר זענט געווען מיט אונדז. פירט דורך אַן הילפס־אַקציע צווישן די ראַטנער לאַנדסלייט פאַר זייערע קליינע קרובימלעך, וואָס באַזוכן די תרבות־שולע. ווייל דער רוב פון די אַלע לאַנדסלייט זיינען דאָך אונדזערע חברים לדעה און ווען זיי זאָלן זיין אין שטעטל, וואָלטן זיי דאָך אויך געמוזט טראָגן דעם עול, טאָ זאָלן זיי דאָס טון דאָרט, אין אַר־גענטינע, און דעם האַרציקן דאַנק פון די קליינע ברידערלעך וועלן זיי נאָך פאַראויס קריגן.

זייענדיק זיכער אין אייער שנעלער שטיצע פאַר דער שולע, צייכענען מיר זיך מיט דער תרבות־ און חברים־ברכה.

די פאַרוואַלטונגס־חברים:

יוסף זאַסק, יצחק הירש העלד, לייבל גראַבאָוו, יצחק הירש פוקס,
יצחק קאַרש, נח קעצקער, גיטל קאַרש, אברהם האַכמאַן, מענדל
קליין, יעקב ליבערמאַן, אלקנה שעפּטעל.

אברהם באַרג

# דער אומקום פון ראַטנע

דעם 23טן יוני 1941 איז אונדזער שטעטל אָקופּירט געוואָרן פון די נאַציס. דערווייל איז די אָקופּאַציע געווען בלויז אַ סטראַטעגישע, קיין אַרמייען זיינען במשך פון דער צייט אין שטעטל נישט אַריין. די אָקופּאַציע־אַרמיי האָט זיך נישט ווייט פון אונדזערע געגנטן צעטיילט אין צוויי פליגלען: דער רעכטער פליגל איז אַוועק אויף אוקראַינע און דער לינקער אויף ווייסרוסלאַנד. אונדזער שטעטל איז געבליבן אויף הפקר. גאַנצע צוויי וואָכן האָט זיך נישט באַוויזן אין שטעטל קיין שפּור פון דער אָקופּאַציע־אַרמיי. צו אַנטלויפן איז געווען גראָד אַ פרייער וועג דורך קאַמין־קאַשירסק מיט די וועלדער אויף סאַרנע, קיעוו ביז די סאָוועטישע זאָנעס. אָבער ווער האָט געטראַכט וועגן דעם?

במשך פון די צוויי וואָכן, וואָס דאָס שטעטל איז געווען אָן אַ מאַכט, זיינען קלענערע אָפּטיילונגען פון דער צעקלאַפּטער סאָוועטישער אַרמיי דורכגעלאָפן ראַטנע און זיך געריסן דורך די זומפּיקע בלאָטעס און דורך די וועלדער טיפער אין ראַטנפאַרבאַנד. אייניקע אָפּטיילונגען זיינען געווען באַוואָפנטע, אַנדערע, ווידער, זיינען שוין געווען איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי די פּויערים ווי אַרבעטער אויף די פעלדער אָדער ווי פּאַסטוכער.

צווישן די פאַרבלאָנדזשענדיקע אָפּטרעטנדיקע רויטע אַרמייער זיינען אויך געווען אַ פּאָר יידן פון רוסלאַנד, וואָס האָבן געהאַט מאַשין־ביקסן און זיך געוואָלט דורכרייסן צו דער סאָוועטישער טעריטאָריע.

זיי האָבן צונויפגערופן אין מיטן מאַרק אַ מיטינג און זיי האָבן גערופן די יוגנט מיט זיך. וואָלטן מיר זיי געפאָלגט און אַנטלאָפן מיט זיי, אָדער געשאַפן פאַרטיזאַנען בריגאַדעס — און געווער איז גראָד דעמאָלט געווען גענוג — וואָלט אפשר דאָס אומגליק נישט אַזוי גרויס געווען, וואָלט אפשר דער חורבן געווען אַ סך קלענער, אָבער ווער האָט זיך דעמאָלסט געקענט ריכטן, אַז די דייטשן קומען צו אונדז מיט אַזעלכע מערדערלעכע פּלענער? זיינען דעריבער די יידישע סאָלדאַטן אַוועק און קיינער איז נישט מיטגעגאַנגען מיט זיי.

די טעג לויפן דערווייל און די אָרעמקייט אין שטעטל ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג. עס קומען אָן שלעכטע בשורות פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך וואָס דערשלאָגן די געמיטער און וואַרפן אָן מרה־שחורה.

אונדזערע געזעלשאַפטלעכע טוער און רעליגיעזע מנהיגים פּרוּוון אונדז טרייסטן, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן, אַז גאָט וועט העלפן! זיי טייטשן עס אַזוי: די אַנטיסעמיטישע העצע וואָס די דייטשן פירן איז דאָך נאָר בלויז אַ מיטל צום ציל — כדי צו געווינען די מלחמה. ווי באַלד אָבער דער גזלן גייט אַלץ פאָראויס אין זיין בליץ־אָפּענסיווע און האַלט אין איין זיגן, צו וואָס דאַרף ער הרגענען יידן?

און הגם פון די נאָענטע שטעט און שטעטלעך, ווו די גזלנים באַלעבאַטעווען שוין, דערגייען צו אונדז שרעקלעכע גריסן, אַז מען דערנידעריקט די יידן פיזיש און

גייסטיק און עס זיינען שוין דאָ פֿאַלן פון מאסן־אויסראָטונגען, גלייבט מען אָבער נישט די אייגענע אויערן, מען שטעלט זיך נישט פאָר, אַז דאָס אַלץ זאָל טאַקע זיין אמת. מיר הערן אויך דורך ראַדיאָ די ווילדע אַגיטאַציע פון יאָזעף געבעלס, עס ווערט אַזש קאַלט אין אַלע אברים, אָבער דער מענטש איז שוין אַזוי: יעדער איינער מיינט, אַז אים וועט געלינגען זיך אויסדרייען און אים וועט עס נישט טרעפֿן.

אָבער אָט האָט זיך שוין אָנגעהויבן דאָס אומגליק ביי אונדז אויך. געקומען איז דאָס גאָר פון אונדזערע נאָענטע שכנים — טאַקע פון אונדזערע אייגענע אַנטיסע־מיטן, פון די אוקראַינער פון שטאָט און פון די ארומיקע דערפער.

שבת דעם 5טן יולי (10 טעג אין חודש תמוז) 1941, 5 אַזייגער פאַרנאַכט זיי־נען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די אוקראַינישע אינטעליגענץ — דאָס הייסט די פּרי־צישע און גלחישע זינדלעך — האָבן באַזוכט די אַרומיקע דערפער און האָבן אויפ־געפאָדערט די פּויערים, אַז זיי זאָלן גלייך קומען אין שטאָט אריין און מאכן פּאָ־גראָמען אויף יידן און נישט וואַרטן ביז די נאַצישע מאַכט וועט אריינקומען אין שטעטל אַריין.

די מהומה אין שטעטל איז געוואָרן גרויס. יעדן איינעם האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד. די פאַרצווייפלונג איז געווען נישט צום באַשרייבן. מען האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. מען איז אַרומגעגאַנגען שטאַרק דערשראָקן און נידערשלאָגן.

און טאַקע אויף מאָרגן איז דאָס געשען.

זונטיק דעם 6טן יולי, (11 טעג אין תמוז), 5 אַזייגער פאַרנאַכט זיינען אַריין פון אַלע זייטן אין שטאָט באַרוועסע גוישע שקצים מיט ביקסן אין די הענט און זיי האָבן גלייך געעפנט אַ פייער אין שטעטל. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין הייזער און גע̇שעפּטן און גערויבט, וואָס דאָס האַרץ האָט געגלוסט.

גלייך ביים אָנהייב פון פּאָגראָם איז געפאַלן דער ערשטער קרבן: בנימין פריימאַן, ליבער קאַרשס איידעם. דער העלדישער קדוש האָט פאַר זיין טויט דער־הרגעט מיט אַ האַק איינעם פון די פּאָגראָמשטשיקעס. ווען די גזלנים האָבן דערזען, אַז יידן קענען אויך הרגענען און אַז זיי שלאָגן צוריק, האָבן זיי זיך דערשראָקן און זיינען זיך צעלאָפן אין די דערפער, מיטנעמענדיק מיט זיך זייער הרוג.

אויף מאָרגן מאָנטיק, האָבן די גזלנים ווידער באַנייט זייער ווילדע אַרבעט נאָך אין אַ גרעסערער פאָרעם ווי נעכטן, אָבער קיין קרבנות זיינען דאָס מאָל נישט געווען. זיי האָבן זיך בלויז באַנוגנט מיט ראַבעווען. די שיסעריי אין דער לופט איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט געקענט מיינען, אַז עס קומט פאָר די גרעסטע מלחמה.

נאָך אין דעם זעלביקן אָוונט, ווען די נאַצישע מאַכט אין קאָוולע האָט זיך דער־ווּסט, אַז אין ראַטנע איז אַן אַנאַרכיע און די אוקראַינישע פּויערים בושעווען דאָרט, האָט זי תיכף צוגעשיקט אַן אָפּטיילונג סאָלדאַטן מיט מאַשינען געווער און זיי האָבן אָנקומענדיק געעפנט אַ פייער אויף די פּאָגראָמשטשיקעס. די פּאָגראָמשטשי־קעס האָבן זיך אָבער נישט געכאַפּט, אַז דאָס זיינען דייטשן און געמיינט, אַז דאָס זיינען יידן, פון אַנדערע שטעטלעך, וואָס זיינען געקומען צו הילף די ראַטנער יידן. זיי האָבן דעריבער גענומען צוריקשיסן אויף דער דייטשישער אָפּטיילונג. אין דער דאָזיקער שיסעריי האָבן די נאַציס דערהרגעט צען גזלנים דאָרפישע פּאָגראָמ־שטשיקעס.

דינסטיק אינדערפרי, דעם 8טן יולי (יג׳ תמוז) האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן די יידן פון די הייזער און זיי צונויפגעזאַמלט אויף דעם שאָסיי נעבן אייזיק שטיינ־בערגס שטוב (צו בריסקער זייט צו). צווישן די פאַרזאַמלטע יידן זיינען געווען אַלטע לייט, וואָס האָבן קוים געקענט גיין און פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען די אלטע לייט, די פרויען און קינדער ביז 13 יאָר באַפרייט, די יינגערע מענטשן, אָבער, האָט מען אָפּגעהאלטן גאַנצע צען שעה אויף די פיס און מען האָט אונדז געפּייניקט.

די נאַצים האָבן, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס געשאָסן אויף זיי האָבן גוים, האָך געוואָרפן די גאַנצע שולד אויף אונדז. מען האָט אונדז באַליידיקט און אָנגעטאָן כלערליי נידערטרעכטיקייטן. דער נאַצישער אָפיציר פון דער באַנדע רוצחים האָט גע־זידלט און באַליידיקט דאָס יידישע פאָלק, זאָגנדיק אַז אַלע צרות קומען פון זיי אַרויס. פלוצלינג האָט זיך פון דער מיט פון דער מחנה יידן געהערט אַ גרויסער אויסגעשריי: „ניין". דאָס האָט עס אַזוי אויסגעשריגן דער היים־נאַציאָנאַלער יונגערמאַן יצחק הירש העלד ע"ה. ס'איז געווען דאָן פון זיין זייט אַ גרויס העלדישקייט און סכנה צוזאַמען. קיינער פון די מענטשן האָט אים אָבער נישט אויסגעגעבן, טראָץ דער פאָדערונג פון דעם באַנדיטישן אָפיציר.

דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן גלייך פאַר אונדזערע אויגן געמאַכט אַ משפט און זיי האָבן אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, אַז היות, מען האָט זיי באַגעגנט מיט פייער מוזן אומקומען זיבעציק מענטשן פון שטאָט. זיי טוען אונדז אָבער אַ טובה, וואָס זיי רעכענען אַראָפּ צען מענטשן, וואָס זיינען אומגעקומען פון די באַנ־דיטן. זעכציק מענטשן, אָבער, מוזן אומקומען: דרייסיק יידן און דרייסיק מיעש־טשאַנעס (שטאָטישע אוקראַאינישע איינוווינער). די מיעשטשאַנעס זיינען גלייך פאַר־ביטן געוואָרן אויף 30 רוסישע קריגס־געפאַנגענע, מען האָט זיי די דרייסיק סאָל־דאַטן, אויסגעשטעלט נעבן אונדז און אַוועקגעפירט אויף דער קאָוואַל־גאַס און זיי דערשאָסן. פון די יידן האָט מען אויסגעקליבן 20 שטאַרקע מענער, אַז זיי זאָלן באַגראָבן די טויטע.



לייבל שטיינגאַרטן, איינער פון די ערשטע
דרייסיק קרבנות אין שטעטל.

דערנאָך זיינען פאַרביי אונדז דורכגעגאַנגען די נאַציישע אָפיצירן, געקוקט אַלעמען אין די אויגן און ווער עס איז זיי געפעלן געוואָרן, דעם האָבן זיי אַרויסגענומען פון דעם געזעמל און געשטעלט באַזונדער. אַזוי האָבן זיי אַרויסגענומען דרייסיק מאַן. צוויי פון די דרייסיק איז געלונגען פאַמעלעך זיך אַרויסצודרייען פון דער ריי און אַנטלויפן. איינער פון זיי איז געווען בנימין דער וואַסערפירער, און נאָך איינער אַן ענלעכער טיפּ, וואָס שטאַמט גראָד נישט פון אונדזער שטעטל.

די 28 מענטשן האָט מען אַוועקגעפי־ט אויף דעם זעלביקן אָרט ווו מען האָט פריער געפירט די רוסישע געפאַנגענע. דאָרט האָט מען זיי אומגעבראַכט. צווישן די 20 שטאַרקע מענטשן וואָס האָבן געדאַרפט מקבר זיין די קדושים, האָבן זיך אויך געפונען 2 טאַטעס, וואָס זיינען בייגעווען בשעת מען האָט אומגעבראַכט זייערע קינדער. דאָס איז געווען מיין שוואָגער נתן מאַרדער און יאַנקל שטיינגאָרטן. יאַנקל שטיינגאָרטן האָט זיך שפּעטער געראַטעוועט. דורך איטאַליע איז ער אַוועק קיין ארץ־ישראל. ווען מיין נתנס ייִנגל איז געוואָרן שטאַרק פאַרוווּנדעט און ער האָט דערזען נעבן זיך זיין טאַטן האָט ער אויסגעשריען:

— טאַטע, איך לעב נאָך, גיב מיר אַביסל וואַסער! עס ברענט מיר אין די קישקעס!

נתן מאַרדער איז אָבער געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, ווייל פון דער ווייטנס זיינען נאָך געשטאַנען די נאַציישע גזלנים. ווען די גזלנים זיינען אַוועק האָט ער גענומען ראַטעווען דעם זון אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. איינער פון די 28 איז יאָ געבליבן לעבן, ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פוס, און דאָס איז יאַנקל קלאַדנער פון דער אַלטער־שטאָט אשר דעם גייערס אַ זון.

נאָך די דאָזיקע ערשטע עקזעקוציעס זיינען אַריבער עטלעכע וואָכן און אין שטעטל איז געווען רואיק, אָבער די שלעכטע גרוסן, וואָס מיר האָבן אָפּגענומען פון די פּאָגראָמען און אויסראָטונגען אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן אונדז פאַרביטערט דאָס לעבן. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז די דאָזיקע רואיקייט ביי אונדז איז פאַר אַ שטורעם.

אין די ווייטערדיקע וואָכן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן גזרות אויף גזרות. ראשית, האָט מען גלייך פאַראָרדנט, אַז אַלע יידן פון שטעטל מוזן אָנטאָן דעם שאַנד־צייכן ד י ג ע ל ע ל אַ ט ע . עס איז געווען פאַר אונדז אַ ווייטיקלעכע מאָראַלישע באַליידיקונג.

שנית, האָט מען אונדז אָנגעוואָרפן דעם אַזוי גערופענעם י ו ד ע ן ־ ר אַ ט .

אין די ווייטערדיקע חדשים איז די לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. אין אַלע שטעט פון ארום — מיט דעם אויסנאַם פון קאָוולע — זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן ספּעציעלע געטאָס פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן גרויסע אויסראָטונגס־אַקציעס און צווישן זיי די באַרוסטע אויסראָטונג פון 18.000 (אַכצן טויזנט) יידן אין ראָוונע. מיר האָבן דערפילט אַז דער באָדן ברענט אונטער אונדזערע פיס, אַז די פעטלע ווערט ענגער פאַרצויגן אַרום האַלדז און אָט־אָט לאָזט זיך אויך אַראָפּ די האַק איבער אונדזערע קעפּ.

די עקאָנאָמישע לאַגע פאַרערגערט זיך. עס ווערן כמעט פאַראַליזירט אַלע אַרבעטס־געביטן. עס גייט אָן אַ פּערמאַנענטע רויב־אַקציע פון יידישע פאַרמעגנס. יידן טאָרן אין ערגעץ נישט אַרויספאָרן אָדער אַרויסגיין. ביי די יידן האָט מען צוגערויבט אַלע בהמות און פערד. יידן טאָרן אפילו נישט האָבן ביי זיך קיין הונט אָדער קיין קאַץ.

דאָס ערגסטע איז אָבער געווען דאָס, וואָס אונדזערע שכנים פון דורות — די אוקראַינישע מיעשטשאַנעס און דאָרפישע פויערים — זיינען אָנגעזאַפּט מיט אַזאַ אַנטיסעמיטישן סם, אַז זייער שינאה איז ערגער פון דער נאַציישער. ווען פאַר אונדז װערט פון טאָג צו טאָג פינצטערער, לייכטן אויף פאַר זיי די הימלען מיט טויזנטער שיינען. זייער עקאָנאָמישע לאַגע איז אַ וואונדערלעכע, זיי פאַרמעסטן זיך אויף נייע בויאונגען, אויף נייע ווירטשאַפטלעכע פאַרמעסטונגען און נוצן אויס די געפּאַ־לנקייט און די ביליקע אַרבעטס־קראַפט פון דעם יידישן בעל־מלאכה.

די אוקראַינישע פויערים, פועלן אויס ביי די נאַצישע הערשער אַ דערלויבעניש זיך צו באַנוצן מיט די יידישע האַנטווערקער פון שטאָט. דאָס איז גראָד געווען לטובת די יידן, ווייל דער גרעסטער טייל פון די יידישע באַלמעלאָכעס האָט אַ גאַנצע וואָך געאַרבעט אין די דערפער און די לוינען, באַצאָלטע מיט לעבנסמיטל, זיינען פאַר דער שטאָט געווען ממש אַ גליק. ווען נישט וואָלט די שטאָט זיכער געשטאָרבן פון הונגער.

נאָך אַ מעלה האָט געהאַט דאָס אַרבעטן אין די דערפער. אין די דערפער האָט זיך געלעבט פרייער, בעסער און רואיקער. דאָרט איז דער נאַצישער אָקופּאַנט כמעט נישט געווען און במילא האָט מען נישט געהאַט אויסצושטיין קיין צרות, און הערן פון צרות, וואָס מען טוט אָן אַנדערע. אין די דערפער האָט מען געקענט ביסלעכ־ווייז אַפילו פאַרגעסן, וואָס עס דערוואַרט אונדז.

דאָס מזל האָט צוגעשפּילט אונדזער שטעטל. אויסער די ערשטע פּאָגראָמען איז אין אַלגעמיין ביי אונדז געווען רואיק. קיין געטאָ ווי אין אַנדערע שטעט, איז נישט געווען, געהונגערט האָט מען נישט און עס האָט זיך געלעבט אַ סך פרייער ווי ערגעץ אַנדערש:

עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ נייע גזרה: קאָנטריבוציעס, שטייערן פונעם פאַרדינסט און פאַרקלענערן די צאָל שטוביקע זאַכן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעקווויזיציע פון דעם בעסערן מעבל, פון דער בעסערער קליידונג און אַנדערע ווערטפולע חפצים. אַלץ וואָס איז נאָר געפעלן געוואָרן דעם נאַציישן אָקופּאַנט, האָט ער צוגענומען, פאַרפּאַקט און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד. פאַר יעדער קלענסטער ווידערשפעניקייט האָט מען באַצאָלט מיטן לעבן.

דאָס ערגסטע איז אָבער געווען, וואָס מען האָט אַלע מאָל געפאָדערט פון יודען־ראַט אַ צאָל יידן כלומרשט אויף אַרבעט. די יידן האָט מען אַוועקגענומען און זיי האָבן שוין מער נישט געזען די ליכטיקע שיין. די ערשטע צייט האָט דער יודען־ראַט באַשלאָסן אַוועקצושיקן אויף דער אַרבעט בחורים. האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעזאָן פון חתונות. אָרעם און רייך האָבן אָנגעהויבן חתונה צו האָבן. אַ בחור האָט געטראָפן אַ מיידל וואָס איז יאָ, אָדער נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר אים — און ער האָט חתונה געהאַט, אַבי צייטווייליק אָפּצוהאַלטן דאָס פאַרשיקט ווערן ווער ווייסט וווהין. עס זיינען נישט געווען קיין שמחה־חתונות נאָר טרויער־חתונות. באַלד אָבער האָט זיך דאָס אויך אָפּגעשטעלט, ווייל ווען עס האָבן אויסגעפעלט בחורים, האָט מען אויף די רשימות געמוזט אַרויפשטעלן חתונה־געהאַטע.

אין חודש נאָוועמבער פון 1941 האָט די נאַצישע מאַכט געשאַפן אין שטעטל אַן אַרבעטער־אַרטעל לויטן מוסטער פון סאָוועט־רוסלאַנד. אַלע האַנטווערקער האָבן געאַרבעט אין איין קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט געהאַט פאַרשיידענע סעקציעס לויט די פאַכן. עס איז געפירט געוואָרן אַן אַלגעמיינע בוכהאַלטעריע פון די פאַר־דינסטן פון די סעקציעס און 20 פּראָצענט פון די פאַרדינסטן איז געגאַנגען אויף דער נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע.

דער דאָזיקער אַרטעל האָט געדאַרפט צוגרייטן יונגע אַרבעטער פון אַלע פאַכן,

די לערן־יינגלעך האָבן אָבער געמוזט זיין בלויז קריסטלעכע, דאָס איז געווען אַ פּאַרוים־צוגעגרייטער פּלאַן כדי מען זאָל שפּעטער קענען ליקווידירן די רעשטלעך יידישע אַרבעטער און בעלי־מלאכות און עס זאָל נישט געשעדיקט ווערן דיווירט־שאַפטלעכע לאַגע פון דער געגנט.

אין דעם דאָזיקן אַרבעטער־אַרטעל זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן נישט נאָר אַלע האַנטווערקער און אַרבעטער פון אַלע פאַכן, נאָר עס האָבן זיך אין אים איינגע־קויפט אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן קיין שטיקל געצייג קיינמאָל נישט געהאַלטן אין האַנט, ווייל ביי יעדן איינעם האָט געטליעט אַ האָפענונג, אַז אויב ער וועט זיין צווישן די פאַכלייט, צווישן די בעלי־מלאכות, וועט אים קיין שלעכטס נישט געשען. די ערשטע צייט איז טאַקע אַזוי געווען. ווען עס איז פאָרגעקומען די ערשטע אויס־ראָטונגס־אַקציע פון 120 מענטשן (כ׳ תמוז) 1942, האָבן אַלע אַרטעל־אַרבעטער מיט זייערע משפחות זיך צונויפגעזאַמלט אין די אַרטעל־וואַרשטאַטן און פון זיי האָט מען טאַקע קיינעם נישט געטשעפּעט.

נאָך פריער, דעם 4טן נאָוועמבער 1941, האָט מען דורכגעפירט אַ פּראָוואָקאַציע קעגן אונדזער שטאָט. עמיצער האָט איבערגעריסן די טעלעפאָן־דראָטן און געמאַכט אַ בילבול, אַז אונדזער שטאָט האָט דאָס געטאָן. גלייך זיינען געקומען פון קאָוולע ס״ס־מענער און זיי האָבן געפאָדערט פון דער שטאָט צוועלף קרבנות ווי אַ שטראָף פאַר דער סאַבאָטאַזש־אַרבעט: 8 יידן און 4 קריסטן. די קריסטן האָבן זיי־ערע קרבנות תיכף צוגעשטעלט. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן צוגעשטעלט אַזעלכע אוקראַינער, וואָס זיינען געווען פאַרהאַסט ביי די רייכערע פון זיי — איבער־הויפּט פון די, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער סאָוועטישער מאַכט. די ס״ס־לייט האָבן זיך געווענדעט צו דעם יודען־ראַט ער זאָל צושטעלן די 8 יידישע קרבנות. רב דוד אהרן־שאַפּירא — דער פירער פון דעם יודען־ראַט האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט איבערצוגעבן די קרבנות. ער האָט געזאָגט: „מיך קענט איר נעמען, קיין אומשול־דיקע מענטשן גיב איך נישט איבער צום טויט״! וועגן דעם פאַקט זיינען פאַראַן באַשטעטיקונגען. ווען מען האָט אים גערופן צו די ס״ס־לייט האָט ער שוין געוווסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער זיך געזעגנט מיט זיין פרוי און קינדער און האָט געזאָגט, אַז ער גייט פאַר אַ קרבן פאַר דער שטאָט, ווייל ער וועט בשום אופן בידים נישט איבערגעבן יידן צום טויט.

ווען ר׳ דוד־אהרן שאַפּיראָ איז געגאַנגען צו די ס״ס־לייט האָט ער צו זיין פאַר־טרעטער, ר׳ איצל גראַבאָוו איינגעטענהט דעם גאַנצן וועג:

— איצל, לאָמיר נישט געבן קיין יידן, לאָמיר גיין פאַר דער גאַנצער שטאָט!״

און אַזוי איז טאַקע געשען:

די צוויי ערלעכע געשטאַלטן — די הייליקע קדושים ר׳ דוד־אהרן שאַפּירא און ר׳ איצל גראַבאָוו האָבן בשום אופן נישט געוואָלט געבן פאַר די נאַציסטישע באַנדיטן קיין קרבנות און דאַן האָבן די נאַצים זיי אַליין צוגענומען צוזאַמען מיטן קדוש נחום רייסקי. (דוד־אהרן שאַפּיראָ איז אָבער צייטווייליק געראַטעוועט געוואָרן, ווייל דער אוקראַינישער פירער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים). שפּעטער האָבן די ס״ס־לייט אַליין געכאַפּט זעקס יידן און מען האָט זיי צוזאַמען מיט די פריער דער־מאָנטע צוויי פאַרהאַלטענע יידן פון י ו ד ע ן ־ ר א ט אָפּגעשיקט אין קאָוולער טורמע.

די אַכט קדושים — 2 פון יודען־ראַט און זעקס פון שטאָט וואָס זיינען געווען קרבנות פאַר דער שטאָט זיינען:

1. יצחק גראַבאָוו, 2. נחום רייסקי, 3. יצחק מערסיק, 4. שואל גאָפמאַן (שערער)

5. יוסף קעמפער, 6. מאיר טאָקער, 7. מאיר סופר (זון פון שעפע דעם בעקער) און 8. מאיר סופר (איידעם פון יאנקל קאַנפער קירזשנער).

הגם עס איז שוין כמעט נישט געווען קיין איין שטוב, וואָס זאָל שוין נישט האָבן געגעבן קיין קרבנות פאַר די ווילדע נאַציישע מערדער, האָט דאָך דאָס אוועק־נעמען 8 בכבודיקע פאַרשטייער פון אונדזער שטעטל געמאַכט א דערדריקנדיקן רושם אויף אַלע איינוווינער. מען איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן, איבערגעפולט מיט צער און טרויער און מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז דאָס איז ערשט דער אָנהייב.

מיר האָבן אָבער נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט, מיר האָבן זיך באַמיט זיי אַרויס־צוראַטעווען פון דער קאָוולער טורמע. פון די נאָענטע שטעט און שטעטלעך ווי קאָוו־לע, מאַציעוו און קאַמין־קאַשירסק האָט מען אונדז צוגעשיקט געלט און מיט גרויס מי און אָנשטרענגונג איז אונדז געלונגען זיי אויסצוקויפן פון די באַנדיטישע הענט. נאָך זעקס חדשים זיצן אין קאָוולער תפיסה זיינען זיי ענדלעך באַפרייט געוואָרן. איינער פון זיי — מאיר טאָקער — האָט אָבער נישט דערלעבט די באַפרייאונג. ער איז געשטאָרבן אין תפיסה.

זייער באַפרייאונג איז אָבער נישט געווען אויף לאַנג. זיי זיינען אַלע אומגע־קומען אין די שפּעטערדיקע אויסראָטונגס־אַקציעס.

מיט גרויסע צרות און פּיין האָט אונדזער שטעטל דורכגעמאַכט דעם ווינטער 1941-1942. און אָט איז געקומען פּסח, דער יום־טוב פון פרילינג, דער יום־טוב פון באַפרייאונג. פאַר אונדז אָבער איז דאָס געווען אַ טרויעריקער פּסח. מיר האָבן געפילט, אַז דאָס איז דער לעצטער פּסח. אָבער יידן בלייבן יידן. מען באַמיט זיך אַריינצוברענגען דעם פּסח לויט דער גאַנצער טראַדיציע — מיט מצות און מיט וויין, אָבער מיט אַ מאָל דערפילן מיר אַז עס ווערט ענגער די וועלט פאַר אונדז.

אין די ערשטע טעג פון פּסח האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אין קאָוולע איז שטאַרק אומרואיק. דאָרטן איז דער יום־טוב פאַרשטערט געוואָרן. מען האָט אין פּסח אויפ־געהאַנגען איינעם אַ ייד, פעלדמאַן — פון פאַך אַ קצב — און דאָס איז געווען דער ערשטער סיגנאַל צו די שפּעטערדיקע אויסראָטונגען פון קאָוולער יידן.

און אויב קאָוולע — מיינט מען דאָך אויך ראַטנע. ווייל ביידע, סיי קאָוולע און סיי ראַטנע זיינען פון שטענדיק אָן צענויפגעבונדן צווישן זיך סיי אין פריידן און סיי אין ליידן. ווי צוויי געטריייע שוועסטער האָבן זיי זיך שטענדיק־געהאַלטן און עס האָט זיי איצט אויך געטראָפן דער זעלביקער גורל.

פיר טעג פאַר שבועות איז אין קאָוולע געשאַפן געוואָרן די געטאָ. אין דעם זעל־ביקן טאָג האָט מען דאָרטן אומגעבראַכט צוועלף טויזנט יידן אונטערן אויסרייד אַז זיי זיינען אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן. די האַנטווערקער און אַרבעטער האָט מען דערווייל נישט געטשעפּעט. זיי האָט מען נאָך אויסגענוצט ביזקל אלול.

א׳ תמוז 1942, שבת ביינאַכט איז צו אונדז אין שטעטל אַריין אַ רויטע פּאַרטי־זאַנען־אָפּטיילונג, כדי צו דערהרגענען די צוויי דייטשישע אָפיצירן, וואָס האָבן אָנגע־פירט מיט דעם אָפּראָוויזאַציע־אַמט און צוצורויבן דעם גרויסן געווער־לאַגער, וואָס די יידן האָבן געהאָלפן צונויפנעמען אין די ערשטע טעג פון דער נאַצישער אָקופּאַציע.

דעם ביטערן אמת מוז מען אָבער דערציילן. די יידן האָבן געשטערט די פּאַר־טיזאַנער אויסצופירן זייער פּלאַן. גראָד זיינען יידן דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אויף דער וואַך ביי דעם געווער־סקלאַד און ווען זיי האָבן דערזען די פּאַרטיזאַנער, האָבן זיי געלאָפן דעם צו וויסן געגעבן דער אוקראַאינישער מיליץ און די צוויי אָפיצירן. די מיליץ האָט זיך דערשראָקן און איז זיך צעלאָפן, די צוויי אָפיצירן אָבער זיינען געהרגעט געוואָרן. די פּאַרטיזאַנער האָבן אויך צעשטערט די פּאָליציי־געביידע, פאַרנומען פון

דאָרטן אַלע שרייב־מאַשינקעס און באַפרייט די אַרעסטירטע. דעם געווער־לאַגער האָבן זיי נישט באַוויזן אויפצורייסן, ווייל זיי האָבן שוין געמוזט אָפּטרעטן. פאַרן אָפּטרעטן האָבן זיי זיך געווענדעט צו דער יוגנט, אַז זי זאָל מיטגיין מיט זיי, קיינער אָבער האָט דאָס נישט געוואַגט צו טאָן, ווייל דער פּחד האָט אָפּגעטויט אַלע אינסטינקטן פון פאַרטיידיקונג.

מאָנטיק פרי ב׳ תמוז 1942 זיינען אָנגעקומען קיין ראַטנע ס״ס־מענער און האָבן אַרויסגעטריבן אַ סך יידן פון די הייזער און זיי אַוועקגעפירט נעבן דער מיל, ביי ריץ סאַפּאָנטשיק און אויסגעהרגעט 120 מענטשן, אַ נקמה פאַר די צוויי געהרגעטע אָפּיצירן. ביי דער אויסראָטונג איז פון די אַרטעל־אַרבעטער קיינער נישט אומגעקומען. צווישן די אומגעקומענע האָבן זיך געפונען אונדזערע נאָענטע פריינט מאָטל רייכער מיט דער פרוי און אַ פּאָר קינדער, זיין ברודער משה רייכער, חיים בן זיסיע פעלדמאַן מיט דער פרוי, איצל בן משה בלאָושטיין (טראַטש) מיט דער פרוי און איידעם בערל זרחס, יאָסל טויב (קצב), יאָסל מאַראַנץ, מיין שוועסטער אסתר מיט איר טאָכטער פעסל, דער שטעפּער און אַנדערע.

וואָס ווייטער ווערט די לאַגע ערגער. יידן ווערן אַלץ ווייניקער און ווייניקער אין שטעטל. אַלע טאָג ווערן אויסגעהרגעט עטלעכע יידן אָן אַ פאַרוואָס און אַ פאַר ווען. געפעלט נישט אַ ייד אַ וועלכן עס איז גוי, גייט ער און מסרט אויף אים און מען הרגעט אים גלייך.

אין די אַרומיקע שטעטלעך מאַציעוו, מאַלאָריטע דיווין און קאַמין־קאַשירסק איז נאָך ערגער. פון דאָרטן קומען אָן ידיעות, אַז מען האָט שוין אויסגעראָטן אַלע יידן. עס זיינען נאָר געבליבן אַביסל יידן אין קאָוולע, אין בריסק, אין ליבעוונע און אין אונדזער שטעטל ראַטנע.

די אויסראָטונגס־אַקציעס זיינען נישט געווען אין יעדן שטעטל גלייך. יעדער ס״ס־פירער, יעדער גזלן האָט געוואָלט בעסער געפעלן ווערן דעם פירער און קריגן אַ העכערע שטעלע, אַזוי האָבן זיי זיך געפלייסט איבערצושטייגן איינער דעם צווייטן מיט זייער אכזריות, מיט זייערע פייניקונגען ביי דער אויסראָטונג. אין דיווין, למשל, האָט מען צוזאַמענגענומען די יידן, געהייסן זיך אויסשטעלן אין אַ קרייז. דעם רב מיט די שמשים און שוחטים האָט מען אַריינגעפירט אין מיטן קרייז, מען האָט זיי געגעבן ספרי־תורות אין די הענט אַריין און געהייסן טאַנצן און די איבעריקע יידן האָבן געדאַרפט צוזינגען און פּאַטשן מיט די הענט. די ס״ס־לייט זיינען געשטאַנען מיט שטעקנס אין די הענט און האָבן געשלאָגן די כלי־קודש, שפּעטער איז מען אַרויפגעפאָרן אויף זיי מיט צעיושעטע פערד, ביז זיי זיינען אומגעקומען. דערנאָך האָט מען די איבעריקע אויסגעשאָסן און קיין איינער האָט זיך נישט געקענט ראַטעווען.

אַן ענלעכן גורל האָט געהאַט מאַלאָריטע. קיינער האָט זיך פון דאָרטן נישט געראַטעוועט.

אין מאַציעוו האָבן די נאַציס אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע אַרויסגעפירט אַ גרויסע גרופּע פון יונגע פרויען מיט קינדער אויף די הענט הינטער דער שטאָט. די קינדער האָט מען געהייסן אַנידערלייגן אויף דער ערד און די אומגליקלעכע מוטערס האָט מען פאַרפירט אין אַן אומבאַקאַנטן אָרט, און מער האָבן זיי שוין נישט געזען די ליכטיקע שיין. די קינדער זיינען אַזוי לאַנג געליגן און האָבן געוויינט ביז פויערים האָבן זיך אויף זיי מרחם געווען און זיי געבראַכט אין שטאָט.

אין קאַמין־קאַשירסק האָבן זיי געטאָן פּונקט פאַרקערט. זיי האָבן צוזאַמענגעטריבן די גאַנצע שטאָט און מען האָט געהייסן די מוטערס, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע קינדער. מען האָט צונויפגענומען 800 קינדער און מען האָט זיי אויסגעהרגעט פאַר די מוטערס אויגן. די מוטערס זיינען געשטאַנען פון דער ווייטנס, פאַרגליווערטע און זיי האָבן אפילו נישט געקענט וויינען. אַזוי צעמישט זיינען זיי געווען.

עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן פאָלגנדיקער פאַל. די פאַמיליע סטריער (זון און שנור פון לייזער דעם כאַטעשעווער) ווען מען האָט ביי זיי צוגענומען זייערע צוויי קינדערלעך, זיינען זיי נאָכגעלאָפן נאָך זיי און מען האָט זיי בשום אופן נישט געקענט אָפּטרייבן פון זיי. זיי זיינען אַליין אונטערגעשפרונגען הינטער די מאַשינען־געווער און זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע קינדער.

עס איז געווען אין די לעצטע וואָכן פאַר דער אויסראָטונג.

איך בין געקומען פון זאַבאָלאָט אויף אַ באַזוך אין שטעטל אַריין. איך בין אַרומגעגאַנגען פון גאַס צו גאַס, פון שטוב צו שטוב, כ׳האָב באַטראַכט מיין ליב שטעטל, באַטראַכט מיינע חברים, מיינע פריינד, און עס איז מיר שטאַרק טרויעריק געוואָרן אויף דער נשמה.

אַלע גייען אַרום פאַרמרה־שחורהט, שוואַרץ פאַרוואַקסן, געבויגן אין צענטן, די אויגן אויסגעשטאַרצט און אַלע רעדן מאָדנע שטיל. אַ סך זיינען גאָר געוואָרן פלוצלינג טויב.

איך בין אַריינגעקומען אין דעם יודען־ראַט. כ׳האָב דערזען ווי מענטשן זיצן אָנגעשפּאַרט אין די נאַקעטע טישן, פאַרחלומט אין עולמות, וועגן ד ע ר וועלט טראַכט מען שוין נישט, נאָר מען טראַכט שוין וועגן י ע נ ע ר וועלט. מען איז גרייט צו דער שחיטה, אַזוי רואיק, ווי סע וואָלט גאָרנישט געווען.

איינציקע — האָב איך געהערט — האָבן זיך יאָ געוואָלט ראַטעווען. מען האָט זיך צוגעגרייט פאַרשטעלטע, פאַרבאַרגענע קעלערס, אָבער ווער ווייס, צי דאָס וועט העלפן?

איך בין אַריין צו מיין ברודער און שוועסטער, געזעגנט זיך מיט זיי און מיט אַלע קינדערלעך, געזעגנט זיך מיט מיין אַלטן טאַטן און איך בין אַוועק צוריק צו מיין אַרבעט קיין זאַבאָלאָט.פאַמעלעך, מיט שטילע טריט האָב איך פאַרלאָזט מיין טייער שטעטעלע מיט די פאַר מיר ליבע און האַרציקע יידן. די לעצטע צוויי יידן, וואָס איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט אויף דער האַליאַנקעגאַס וועלן מיר שטענדיק שטיין פאַר מיינע אויגן און איך וועל זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס זיינען געווען יידל באַקסער און נחום רייסקי. יידל איז געווען שטאַרק געעלטערט, דאָס פנים צעקניטשט, פון די אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן און ער האָט צו מיר געזאָגט:

— אברהם, אויב עמיצער פון אונדז האָט נאָך פריער געגלויבט, אַז גאָט וועט העלפן, איז איצט דער גלויבן אויך נישטאָ. מיר האָבן גאָרנישט... מיר זיינען פאַרלוירן, מיר וועלן זיך שוין זען אויף יענער וועלט.

נחום רייסקי האָט נאָך דעם גאַנצן בטחון נישט אָנגעוווירן. ער האָט געהאָפט ביז דער לעצטער מינוט און ער האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

אברהם, דו פאַרלאָזסט אונדז, טאָ הער זשע וואָס איך וועל דיר זאָגן: דער גזלן וועט די וועלט נישט מנצח זיין, זיין סוף איז נאָענט, מיר אָבער זיינען פאַרלוירן! געדענק מיין וואָרט! אַז דער ייד וואָס וועט בלייבן לעבן און ער וועט נישט נעמען נקמה, ווינטש איך אים נישט, אַז ער זאָל בלייבן לעבן.

דאָס לעבן אין שטעטל אונטער דער הערשאַפט פון די נאַצים האָט אַריינגעבראַכט אַ בלבול־המוחות. די צאָל רעליגיעזע יידן האָט זיך פאַרגרעסערט פון טאָג צו טאָג. מענטשן, וואָס האָבן שוין לאַנגע יאָרן נישט געדאַוונט זיינען געוואָרן פרום, פלעגן דאַוונען גאַנצע שעהן, זאָגן תהלים. אַ שטייגער אונדזער שטעטלדיקער איינוווינער, דער פריידענקער ניסקע שאַפּיראָ. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן פרום, פלעגט אַלע טאָג דאַוונען אין טלית און תפילין, זאָגן תהלים ווי דער פרומסטער ייד.

געווען פאַרקערט אַנדערע וויל־געלערנטע און פרומע וואָס זיינען געוואָרן פרייע, ממש אפיקורסים. זיי האָבן גערעדט אַזוינע זאַכן, וואָס קיין רעליגיעזער ייד

האָט עס קיינמאָל נישט אַרויפגעבראַכט אויף זיינע ליפּן. זיי האָבן באַדויערט פאַרוואָס זיי זיינען יידן.

דעם גלויבן אָבער, אין אַ נס האָט קיינער נישט אָנגעווירן. מען האָט געגלויבט אַז דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אַנדערע שטעט וועט אונדזער שטעטל נישט טרעפן. און צוליב דעם טאַקע, ווען איינער האָט געוואָלט אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער, האָט מען אים נישט געלאָזט. מען האָט געזאָגט, אַז צוליב אים וועט מען נאָך אומברענגען די שטאָט. ראַטנע וועט מען נישט טשעפּען. עס איז אַ לאָיאַל שטעטל, די מענטשן באַציען זיך אונטערטעניק צו דער מאַכט. און צווייטנס האָט מען זיך פאַרלאָזט אויף די „גוטע יידן", וואָס ראַטנע האָט אויף יענער וועלט, איבערהויפּט אויף דעם ראַטנער מגיד — דער בעל־שם, וואָס האָט געלעבט אַמאָל מיט יאָרן צוריק אין שטעטל. ער — דער מגיד — וועט נישט דערלאָזן ביי דעם כסא הכבוד, אַז מען זאָל ראַטנער יידן אומברענגען.

מיט מיין ברודער אליה־בערן איז פאָרגעקומען אַזאַ מעשה:

ווען ער האָט געזען, אַז אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך האָט מען אומגעבראַכט די יידן און אַז ראַטנע איז נאָר דאָס לעצטע שטעטל, האָט ער באַשלאָסן עוקר צו זיין פון שטעטל. פאַרן אַוועקגיין פון שטעטל האָט ער צעהאַקט זיין מעבל, פאַרברענט די בעסערע מלבושים, בכדי זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן צו די נאַציס. ווען דער יודען־ראַט האָט דאָס דערהערט, האָט מען אים גערופן און געפרעגט פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן, פאַרוואָס ער האָט דאָס בעסער נישט געבראַכט צום יודען־ראַט, וואָלט מען זיך געקענט ווייטער ראַטעווען. האָט ער זיי אַזוי געענטפערט:

— איר זעט נאָך נישט ווו מיר זיינען אין דער וועלט? עס וועט אונדז שוין נישט העלפן קיין גאָלד און קיין זילבער, לאָמיר לויפן זיך באַהאַלטן אין די וועלדער, ווייל דאָ וועלן מיר אַלע אומקומען.

דער יודען־ראַט האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס: — „גאָט וועט העלפן!"

צו אונדזער שטאָלץ קען מען זאָגן, אַז סיי דער יודען־ראַט און סיי די איבעריקע איינוווינער פון דער שטאָט זיינען גראָד אין צייט פון אומגליק געוואָרן פריינטלעכער און איבערגעגעבענער איינער צום אַנדערן אפשר מער ווי תמיד.

איבערהויפּט האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט ברידערלעכער הילף אונדזערע חברים די האַנטווערקער. די האַנטווערקער זיינען עקאָנאָמיש געווען בעסער סיטואירט ווי די איבעריקע איינוווינער פון שטאָט, שוין דערפאַר וואָס זיי פלעגן אַרבעטן אין די דערפער און באַקומען זייער לוין מיט לעבנס־פּראָדוקטן. אַזוי אַרום אַז די האַנטווערקער פלעגן יעדע וואָך אַריינפירן אין שטאָט אַריין פורן מיט קאָרן, מעל, פּוטער און אַנדערע פּראָדוקטן. זיי פלעגן זיך טיילן מיט אַלע נויטבאַדערפטיקע און אפילו אַריבערשיקן אין שטעט ווו עס זיינען געווען געטאָס.

איך האָב פאַקטן, אַז נישט איין פאַמיליע איז געהאָלפן געוואָרן און אויסגעהאַלטן געוואָרן פון די פאַרדינסטן פון די האַנטווערקער. ראַטנער יידן זיינען נישט געווען פאַרדאָרבן און עגאָאיסטיש צו לאָזן שטאַרבן אַנדערע פון הונגער.

דינסטיק, דעם 24סטן אויגוסט (י"ב אלול) 1942, צען אַזייגער אין אָוונט איז געקומען אין יודען־ראַט אַ דייטשישער סאָלדאַט און האָט איבערגעגעבן בסוד, אַז היינטיקע נאַכט וועט זיך אָנהייבן די אויסראָטונגס־אַקציע פון דעם שטעטל. דעריבער האָט ער געצהט די יידן, אַז זיי זאָלן אַנטלויפן אין די וועלדער איידער די אויסראָטונג הייבט זיך אָן. מען האָט אָנגעהויבן צו לויפן, אָבער אַלע וועגן זיינען שוין געווען פאַרצוימט מיט ס"ס־לייט און מיט אוקראַאינישער מיליץ. פון אַלע זייטן האָט מען געעפנט אַ פייער אויף די אַנטלויפנדיקע און די גאַסן זיינען פול געוואָרן מיט טויטע יידן. דורך איין גאַס איז יאָ געלונגען צו אַנטלויפן אַ פּאָר הונדערט יידן און

דאָס דורך דער גאַס, וואָס עס האָט באַוואַכט דער אוקראַאינישער שוצמאַן קולבאַטשינסקי — אַ זון פון דאַנילאָ קולבאַטשינסקי.

צווישן די אומגעקומענע, וואָס זיינען געפאַלן אין די גאַסן — האָט מען מיר איבערגעגעבן — זיינען געווען: דער לערער פון עטלעכע דורות יידישע קינדער נוח קעטשקער, יצחק הערש העלד מיט דער פרוי און קינדער, מיין שוועסטערס טאָכטער קריינע מיט דעם קינד און אַ סך אַנדערע.

מיטוואָך אינדערפרי דעם 25סטן אויגוסט (י"ג אלול) 1942 האָט מען אַלע יידן אַרויסגעפירט פון שטאָט אויף קאַמיאָנען צום פּראָכאָדער באַרג. מען האָט זיי אָפּגעפירט רעכטס צו קאָנישטש און פאַרטיעסווייז אויסגעשאָסן. קיין איינער איז נישט געבליבן לעבן, קיין איינעם איז נישט געלונגען זיך צו ראַטעווען. עס איז אַפילו ניטאָ קיין עדות וואָס זאָל איבערגעבן זייערע לעצטע קרעכצן און פּיינען, סיידן די ביימעלעך אויף דעם געלן זאַמד נעבן די קברים פון אונדזערע ליבסטע.

די נאַציישע באַנדיטן האָבן אָפּגעטאָן זייער אַרבעט און זיינען אָפּגעפאָרן פון שטעטל. דאָס איבעריקע האָבן פאַרענדיקט אונדזערע אייגענע שכנים, די אוקראַאינישע גזלנים. ווען נישט זיי וואָלטן זיך געראַטעוועט אַ סך מערער יידן פון שטעטל.

אַ סך יידן האָבן אויסגעבויט געהיימע קעלערס און האָבן זיך דאָרטן באַהאַלטן. ווען די ס"ס־גזלנים זיינען אַוועק, האָבן טויזנטער אוקראַאינער אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען אין שטאָט. מיט פריידיקע געזאַנגען און טענץ זיינען זיי אָנגעלאָפן אין שטאָט אַריין, געלאָפן איבער אַלע גאַסן, אַריינגעריסן זיך אין אַלע הייזער, געראויבט און צוגענומען וואָס דאָס האַרץ גלוסט. זיי האָבן אויך אויפגעריסן קעלערס, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן די יידן און יעדע שעה האָבן זיי אָפּגעפירט פּאַרטיעס אויף דעם זעלביקן פּלאַץ און זיי אומגעבראַכט.

אייניקע מענטשן וואָס לעבן נאָך, ווי מיין אליה־בער און יאַנקל שטיינגאָרטן, דערציילן ווי זיי האָבן דורך שפּאַלטן געזען און געהערט זייער ווילדע פרייד. זיי — די אוקראַאינישע באַנדיטן — האָבן געזאָגט, אַז שוין טויזנטער יאָרן האָבן זייערע זיידעס געוואַרט אויף אַזאַ טאָג און זיי האָבן עס דערלעבט.

דער באַוווסטער שטאָטישער באַלעבאָס איוואַן אַנטאָנטשיק יאַנצעוויטש האָט געזאָגט, אַז מען טאָר נישט איבערלאָזן אַפילו אַ קליין קינד, ווייל דאָס קינד וועט נאָך אַמאָל נקמה נעמען. אַזוי האָבן די אוקראַאינער געמאָרדעוועט עטלעכע טעג. אין די דאָזיקע טעג האָט מען צוזאַמענגעקליבן 45 קינדערלעך, וואָס יידישע מאַמעס האָבן זיי נישט מיטגענומען, מיינענדיק אַז אפשר וועלן זיי בלייבן לעבן, אפשר וועט בלייבן אַ זכר פון זייערע משפחות. די אוקראַאינער האָבן אַלע קינדער צונויפגענומען און אין מיטן מאַרק זיי אויסגעשאָכטן. דעם זעלביקן טאָג פאַרנאַכט האָט מען אויך געכאַפּט עטלעכע יידן, צווישן זיי דוד אהרן שאַפּיראָ, בנימין בענדער, פּייוול בענדער, פּייוול לאַנגער (שעפּעס) און אַנדערע. מען האָט זיי געפּייניקט, געשלאָגן, איבערהויפּט האָט מען געשלאָגן דוד אהרן שאַפּיראָן ער זאָל אויסזאָגן ווו זיין גאָלד ליגט באַהאַלטן. אָבער ער האָט באַשלאָסן זיי נישט אויסצוזאָגן. איך וועל פוילן אין דער ערד — האָט ער געזאָגט — זאָל מיין געלט אויך פוילן און זאָלן די אויסוואורפן נישט הנאה האָבן פון דעם. בכלל האָט זיך דוד אהרן געהאַלטן העלדיש ביז דער לעצטער מינוט.

— —

דאָס לעצטע האָט איבערגעגעבן פּייוול לאַנגער, ווייל ווען מען האָט אים מיט דער לעצטער גרופּע אַוועקגעפירט צום דערשיסן, האָט די קויל אים נישט געטראָפן און ער איז אומגעפאַלן צוזאַמען מיט אַלע, כדי מען זאָל מיינען אַז ער איז אויך טויט. שפּעטער ווען די באַנדיטן זיינען אַוועק, האָט ער — אַ נאַקעטער — זיך אויפגעהויבן און איז אַנטלאָפן אין די וועלדער און אין די וועלדער האָט ער דאָס דערציילט.

ער — פּיווּל — האָט זיך נאָר געראַטעוועט אויף אַ פּאָר חדשים. שפּעטער איז ער אומגעקומען אין די וועלדער.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אויך אַרויסגענומען פון באַהעלטעניש מאָטל קליינס פאַמיליע. אַ פאַמיליע פון 18 מאַן און מען האָט זיי אַוועקגעפירט הינטערן שטאָט און זיי אומגעבראַכט.

אויסגעגעבן האָט זיי אַ מיעשטשאַן דיניס זשוק. דיניס זשוק איז געווען דער דירעקטאָר פון זייער מיל אונטער דער הערשאַפט פון די נאַצים. די נאַצים האָבן אים אַוועקגעגעבן זייער גאַנץ פאַרמעגן און דעריבער האָט ער געטראַכט, אַז ווען ער וועט זיי אויסגעבן, וועט זייער האָב־און־גוטס געהערן צו אים אויף אייביק.



משה איילבוים מיט זיין משפּחה און אייגענע. פון רעכטס שטייענדיק, מיט דער האַנט אנגעשפּאַרט משה איילבוים, לעבן אים אָשר פּערלמוטער; פון רעכטס זיצנדיק: דינה רחל איילבוים (שאַפּירא), אונטער איר — מאַריידע פּערלמוטער.

אַרויסגענומען האָט מען די פאַמיליע קליין אין אַ יום־טוב טאָג. אַלע מיעשטשאַנעס און דאָרפישע פּויערים זיינען געשטאַנען אַרום קלויסטער ווען מען האָט די קליינס געפירט צו דער הריגה. נחום — מאָטלס עלטסטער זון — איז געגאַנגען פאָראויס. ווען זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם קלויסטער, האָבן זיי געבעטן ביי די מיעשטשאַנעס, אַז מען זאָל זיי געבן אַ טרונק וואַסער. מען האָט געגעבן אַביסל וואַסער און ווען זיי האָבן געענדיקט טרינקען, האָבן זיי זיך געווענדעט צו די קריסטן און געזאָגט, אַז זיי זאָלן דערציילן פאַר דער וועלט אַז דיניס זשוק, דער דירעקטאָר פון זייער מיל, האָט זיי אויסגעגעבן.

שפּעטער האָט מען דעם דיניסן אויך אומגעבראַכט. דער גזלן האָט באַקומען זיין פאַרדינטע שטראָף.

ווייטער זיינען פאַראַן לעבעדיקע עדות, וואָס דערציילן אַז ווען מען האָט אויפגעדעקט דעם קעלער ווו משה עלבוים מיט זיין פאַמיליע האָבן זיך געפונען, איז ער,

משה, אראפ פון זינען פון שרעק און ער האט ארויסגעגעבן אנדערע קעלערס ווו יידן ליגן באהאלטן, כדי זיך צו ראטעווען. דאס האבן מיר דערציילט קריסטן. איך האב זיי אבער נישט געגלויבט. אבער ווען איך האב זיך געטראפן מיט דעם געראטעוועטן יאנקל שטיינגארטן, האט ער מיר אויך דערציילט, אז ער האט עס אליין געהערט. זייערע שטיבער זיינען געווען איינס נעבן דאס אנדערע און ווען מען האט משה על-בוים ארויסגענומען פון קעלער, איז ער, יאנקל, דאן געלעגן אין דעם שכנישן קעלער און געהערט ווי משה זאגט: „זוכט נאר גוט, דא דארף זיין יאנקל מיט זיין פאמיליע".

יאסיף פינקעוויטש — דעם סטאליערס זון — איינער פון די באנדיטן האט זיך דעמאלט אזוי אנגערופן:

— אויב פאניע מאשקו זאגט דאס, איז געוויס אמת, לאמיר אים גיין ארויסנעמען! די איבעריקע האבן זיך אבער שוין געפוילט צו גיין זוכן, ווייל עס איז שוין געווארן נאכט און זיי האבן דאס אפגעלייגט אויף מארגן אינדערפרי. יאנקל שטיינגארטן מיט זיין פאמיליע איז שוין אבער אין דער זעלביקער נאכט אנטלאפן פון קעלער, זיין שווער איצל מערסיק האט פון דארטן נישט געוואלט אנטלויפן און אויף צומארגנס האט מען אים טאקע פון דארטן ארויסגענומען און ער האט נאך שיין געלט באצאלט, אז מען זאל אים דערהרגענען אויף דעם אלטן בית-הקברות.

עס זיינען אויך געשען אנדערע אומגלויבלעכע זאכן, וואס מענטשן האבן אפגעטאן אין צייט פון שיגעון:

אט האט מיין ברודער אליה-בער אפגעטאן א זאך וואס איז ממש אומגלויבלעך. ווען עס איז פארגעקומען די לעצטע אויסראטונג האט ער זיך באהאלטן אין א פארבארגענעם קעלער מיט זיינע צוויי זינדלעך: איינס פון 9 יאר און איינס פון 4½ יאר און מיט מיין שוועסטער קריינעס א ייִנגל פון 13 יאר. די ערשטע נאכט האט ער געמוזט ארויסקריכן פון קעלער און ברענגען פאר די קינדערלעך אביסל וואסער. ער האט דורך סראלי בענדערס שטוב געוואלט אריינגיין אין אונדזער שטוב דורך דער קיך-טיר, האט ער זיך אויפן בריקל פון אונדזער שטוב אנגעשטויסן אויף אונדזער טאטנס קערפער, וואס די נאצים האבן דערהרגעט ווייל ער האט זיך נישט געוואלט רירן פון שטוב און גיין מיט אלע קיין פראכאד.

ווען מיין אליה-בער האט אויף דעם צווייטן טאג, דאנערשטיק, געזען אז מען האט אויסגעהרגעט א סך יידן און אז מען שלעפט ארויס די איבערגעבליבענע יידן פון די פארבארגענע קעלערס און מען ברענגט זיי אויכעט אום, האט ער זיך דעצידירט צו טאן אזא זאך, וואס מען קען נאר אפטאן אין א שיגעונדיקן צושטאנד.

היות ער האט בשום אופן נישט געקענט מיטנעמען די דריי קינדער, ווייל מען האט געדארפט דורכשווימען דורך וואסערן, קריכן דורך זומפן און בלאטעס, באשליסט ער זיך צו פארלאזן די קינדער און אליין אוועק אין וואלד אריין.

ווען ער האט ביינאכט אנגעטאן זיין פעלצל און א טארבע אויף די אקסלען, האבן ביי די קינדערלעך די הערצלעך אנגעהויבן צו קלאפן און זיין קליינער זון ברוך פרעגט אים:

— טאטעלע, וווהין גייסטו? צי וועסטו נאך קומען צו אונדז?

און ער, דער טאטע, נארט אפ די קינדער און זאגט זיי, אז ער גייט ברענגען פאר זיי עסן, אבער ער גייט אוועק פון זיי אויף אייביק.

די קינדערלעך זיינען אין א פאר טעג ארום ארויס צו זייערע גויאישע שכנים און זיי געפרעגט, אויב זיי האבן געזען זייער טאטן. די אוקראאינישע מיליץ האט צוויי קינדער געכאפט און זיי אומגעבראכט. אויפן פינפטן טאג האט מען אויך דאס קלענסטע קינד געכאפט א נאקעטס מיט איין העמדל אויפן לייב, מען האט עס פארנומען אין דער מיליץ, געפייניקט עס און געפארשט ווו עס איז זיין טאטע און לסוף עס אויך אומגעבראכט.

אַזעלכע טרויעריקע געשעענישן זיינען געווען לרוב.

אין די ווייטערדיקע טעג האָט מען געפונען אין אַזאַ געהיימען קעלער גיטל קאַרש מיט אירע צוויי שיינע טעכטער. די דייטשישע זשאַנדאַרן האָבן זיי צייטווייליק געלאָזט לעבן און זיי אָנגעשטעלט פאַר קעכינס ביי זיך. אין דער זעלביקער צייט האָבן די נאַציס אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אַז אַלע האַנטווערקער וואָס לעבן נאָך, זאָלן זיך צו זיי אומקערן, ·זיי וועלן קענען פריי לעבן און אַרבעטן און מער קיין שחיטות וועלן נישט זיין. אַ סך אַזעלכע באַהאַלטענע האָבן זיך טאַקע אומגעקערט — מיין אליה־בער צווישן זיי — און זיי האָבן געאַרבעט נאָך אַ פיר חדשים.

צווישן די וואָס האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל אַריין צו אַרבעטן ביי די נאַציס, זיינען אויך געווען די צוויי חברים אברהמצי דער סטאָליער (ווייסבליי) און חיים דער סטאָליער (שיינים). זיי איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון דער אויסראָטונג ווייל אין דעם טאָג זיינען זיי אין ראַטנע נישט געווען, זיי האָבן געאַרבעט אין די דערפער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיי געכאַפּט און מען האָט זיי געבראַכט צו דער זשאַנדאַרמעריע. זיי האָט מען אויך געלאָזט לעבן און מען האָט זיי געגעבן אַרבעט און עסן אין דער זשאַנדאַרמעריע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס עסן איז דאָרט געווען טריפה. און הערט וואָס עס האָט פּאַסירט:

דער פרומער, שטרענג־רעליגיעזער חיים שיינים איז מיטאַמאָל געוואָרן פריי און האָט געגעסן אַלץ, וואָס מען האָט אים געגעבן. ער האָט אַפילו אויפגעהערט צו דאַווענען. פאַרקערט, דער פרייער אברהמצי ווייסבליי איז געוואָרן זייער פרום, יעדע פרייע מינוט געהאַלטן אין איין דאַווענען, זאָגן תהלים, נישט געגעסן קיין טריפה און איז אָפּגעקומען מיט טרוקענע שטיקלעך ברויט מיט וואַסער.

די רעשטלעך יידן וואָס די נאַציס האָבן פאַרנאַרט מיט דעם צוזאָג, אַז מען וועט זיי נישט טשעפּען, האָט מען ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסצוראָטן. די לעצטע עטלעכע יידן האָט מען אומגעבראַכט אָנהייב 1943, ווען די נאַציס האָבן געהאַט די גרויסע מפלה הינטער סטאַלינגראַד.

זיי האָבן דעמאָלט פּראָקלאַמירט אַ דריי־טאָגיקן טרויער־טאָג און אין די טעג האָבן זיי אומגעבראַכט די לעצטע פון דער שארית הפליטה: גיטל קאַרש מיט אירע צוויי טעכטער, נחום דעם פּראַכאָדער מיט זיין פאַמיליע, יאַניש מאַגילאַנסקי מיט זיין פרוי גנענדל (לייבל חייטס טאָכטער) און נאָך אַנדערע וואָס איך דערמאָן זיך נישט זייערע נעמען.

פון די וואָס זיינען אַנטלאָפן און האָבן זיך געראַטעוועט פון דער לעצטער שחיטה זיינען: מיין אליה־בער, ישראליק חייט (פון באַנק), שלמה פּערלמוטער־אליצקי, אליהו זאַסק, מאַרגאָלצע די פּראַכאָדער מיט איר מיידעלע, פרומע בערגל און יחיאל וויינער (יואל וויינערס אַ זון).

און צום סוף לאָמיר דערציילן דעם העראָאישן עפּאָס פון אונדזערע ראַטנער צוויי קליינע ייִנגלעך, וואָס זיינען געווען די לעצטע קרבנות:

צוויי קליינע ייִנגלעך — נעכע גינזבורגס אייניקלעך; איינער אַ זון פון יאַסקע זאַסק; דער צווייטער אַ זון פון משה גינזבורג — האָבן זיך די גאַנצע צייט באַהאַלטן אין גריבער און קאַנאַלן אַרום די וועלדער פון זאַברידיע און פּאָסטפּוליע. זיי האָבן זיך אויסגעגראָבן דאָרט אַ טיפע גרוב אין דער ערד, זי פאַרמאַסקירט מיט בלעטער און צווייגן און די גאַנצע צייט זיך דאָרט אויפגעהאַלטן. זיי פלעגן ביי די גויים אויסבעטן עסן און קליידונג און האָבן זיך עס דאָרט אָנגעגרייט אויך איבערצולעבן דעם ווינטער פון 1943־44. צענדליקער מאָל זיינען זיי געווען אין די הענט פון די מערדער, געשטאַנען צווישן קרבנות ביי צעשיסונגען; און שטענדיק איז זיי געלונגען

זיך צו ראַטעווען. דאָס מאָל אָבער האָט עמיצער אונטערגעזאָגט די נאַצישע באַנדיטן זייער באַהעלטעניש און מען האָט זיי געכאַפּט און אומגעבראַכט.

נאָך דעם ווי זיי זיינען אומגעקומען זיינען מאַסן פויערים עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געגאַנגען באַוואונדערן דאָס, וואָס די קליינע יינגלעך האָבן אויסגעמייסטערעוועט אונטער דער ערד.

זיי האָבן דאָרט זיך אויסגעבויט צוויי צימערלעך, איינס צום וווינען און דאָס צווייטע אויף שפּייז. אין דעם צווייטן צימערל האָט מען געפונען אַ גרויסן זאַפּאַס עסנוואַרג, וואָס זיי פלעגן ביינאַכט צוגנבענען פון די פעלדער. זיי האָבן אין זייער צימערל אויך איינגעאָרדנט אַן אייוועלע, וואָס זאָל וואַרעמען אין די קאַלטע ווינטערדיקע הדשים. דער קוימען פון דעם אייוועלע איז געווען אַזוי קונציק געמאַכט, אַז דער רויך איז אַריינגעגאַנגען ערגעץ אין אַן אויסגעהוילטן בוים אַריין. הייצן דאָס אייוועלע פלעגן זיי בלויז ביינאַכט. די קינדער וואָלטן זיך געוויס געראַטעוועט, ווען נישט דאָס רשעות פון אונדזערע אוקראַאינישע און פּוילישע שכנים. אויך די דאָזיקע קינדערלעך האָט מען אומגעבראַכט.

דאָס איז, מיינע ליבע, די טראַגישע געשיכטע פון אונדזערע יידן אין דעם שטעטל ראַטנע, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן צוליב דער פאַרדאָרבנקייט און דעמאָראַליזאַציע פון אַ וועלט, וואָס האָט זיך דערקייקלט צו אַ תהום. און ווער ווייס ווען אַזאַ וועלט וועט זיך קענען דערהייבן פון איר געפאַלנקייט.

מינכען, יולי 1947.

**אבר̈הם באָרג**

# אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע

## א קאַפּיטל פּערזענלעכע איבערלעבונגען

אין די ערשטע טעג נאָך דעם, ווי די סאָוועטישע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן און די נאַצישע אָקופּאציע מאַכט האָט נאָך נישט געפונען פאַר נייטיק צו אָקופּירן אונדזער שטעטל, האָבן אונדזערע אוקראַינישע שכנים, אָנגעהויבן אַליין צו באַלעבאַטעווען אין ראַטנע.

אין איינעם אַ טאָג, ווען איך בין געגאַנגען איבערן טראָטואַר מיט מיין פריינד ישראל בער ערליך, איז צו אונדז צוגעקומען אַן אוקראַאינישער שייגעץ מיט צוויי פּיסטאָלעטן אין די הענט און האָט אונדז גערופן מיט זיך. ער האָט אונדז געהייסן פאַרקערן דעם שאָסיי און האָט אונדז געדראָט, אַז אויב מיר וועלן אים נישט פאָלגן, וועלן מיר אליין מוזן אויסגראָבן פאַר זיך אַ גרוב און ער וועט אונדז לעבעדיקערהייט באַגראָבן.

אונדזער חרפּה איז געווען זייער גרויס, ווייל אויף דעם שאָסיי נעבן דעם פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער זיינען געשטאַנען מחנות פּויערים פון שטאָט און דאָרף און האָבן געשעפּט דערפון נחת. מיין ווייטיק איז נאָך געווען גרעסער, ווייל איך האָב כמעט קיינמאָל אין מיין לעבן קיינעם נישט פאַרשוויגן און פאַר קיינעם זיך נישט איבערגעשראָקן. איצט האָב איך אָבער געפילט, אַז איך טאָר זיך נישט קעגנשטעלן און מוז פאָלגן דעם באַפעל.

עס האָט מיך אויך פאַרדראָסן דאָס, וואָס דער ערשטער וועלכער האָט אָנגעהויבן צו פּראַקטיצירן די נאַצישע מעטאָדן, איז געווען גראָד ער, א י וו א נ ק ע ב אַ נ ד י ט , איוואַנקע פון קאָמאַראָווע, וואָס איז נאָך מיט דריי טעג צוריק געווען אַ ק אָ מ ס אָ מ אָ ל ע ץ , און האָט אַזעלכע האָרעפּאַשניקעס ווי אונדזערע בעלי־מלאכות אָנגערופן ב ו ר ז ש ו י , ע ק ס פּ ל אָ ט א ט אָ ר , ק ו ל א ק . שפּעטער איז דער באַנדיט איוואַנקע באַרימט געוואָרן מיט זיינע בלוטיקע מעשים בשעת די אויסראָטונגס־אַקציעס. דער דאָזיקער איוואַנקע האָט פאַרפּייניקט און אומגעבראַכט טויזנטער יידן אין אונדזער שטעטל און אין אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך. דער דאָזיקער באַנדיט האָט שפּעטער געהאַט אַ טרויעריקן סוף. אונדזערע פּאַרטיזאַנער פערלמוטער און זאַסק האָבן אים מיט זייערע הענט אויפגעהאַנגען.

די געשיכטע איז געווען אַזוי:

איוואַנקע האָט נישט נאָר אויסגעפילט נאַצישע פאַראָרדענונגען צו רויבן, שלאָגן און מאָרדן, ער האָט נאָך אויך געדאַרפט אויספירן שפּיאָנאַזש־אַרבעטן צווישן די פּאַרטיזאַנער. עטלעכע חדשים נאָך דער אָקופּאַציע, ווען עס זיינען שוין געווען גרעסערע פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען אין די וועלדער, איז ער געקומען זיך אָנשליסן אין אַ פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג, געקומען מיט אַ פאַררעטערישער שליחות, צו דערהרגענען דעם באַוווסטן גענעראַל פיאָדאָראָוו, דעם פירער פון די פּאַרטיזאַנער. אונדזערע ראַטנער פּאַרטיזאַנער פערלמוטער און זאַסק האָבן אים דערקענט און זיי

זאָבן וועגן אים דערציילט די פּאַרטיזאַנער אָנפירונג. פינף טעג האָט מען אים עפּייניקט, ער האָט זיך מודה געווען און איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דעם בוד אים צו הענגען האָט מען איבערגעגעבן אונדזערע ראַטנער פּאַרטיזאַנער. אין יוסלאַנד האָט מען אַפילו געוויזן אַ פילם ווי אַזוי מען הענגט אים.

אין די ווייטערדיקע חדשים האָב איך געאַרבעט גלייך מיט אַלעמען אין דער־ער. אַהיים פלעג איך נאָר קומען אויף אַ פּאָר שעה און גלייך אַוועקגיין צוריק אין די דערפער, ווייל דאָרטן, אין די דערפער האָט מען זיך געפילט ווייט פון אַלע צרות און אומגליקן. מען האָט פאַרגעסן וואָס עס דערוואַרט אונדז.



דריי געראַטעוועטע ראַטנער אין פּערענוואַלד
פון רעכטס: אברהם בארג, שלמהלע
פּערעלמוטער און הירשל מאסטישצער.

אין דעצעמבער חודש 1941 בין איך צוזאַמען מיט אַלע האַנטווערקער אַריינגע־טראָטן אין דעם אַרבעטער־אַרטעל, וואָס די נאַציס האָבן אָרגאַניזירט. דאָרט האָב איך געאַרבעט צוויי חדשים. אין 19טן יאַנואַר 1942 האָט מען מיך מיט נאָך צען ראַטנער סטאָליאַרעס פאַרנומען קיין ז אַ ב אָ ל אָ ט צו אַרבעטן אין דאָרטיקן טאַרטאַק. דאָרט בין איך געווען דער הויפּט־מייסטער פון דעם גאַנצן סטאָליער־צעך. אין דעם דאָזיקן צעך בין איך געווען פּונקט צוויי יאָר. איין יאָר ביז דער לעצטער אויסראָטונג פון די רעשטלעך, וואָס איז פאָרגעקומען צוליב דער גרויסער נאַציישער מפּלה ביי סטאַלינגראַד און איין יאָר — דאָס לעצטע — פון דעם 19טן יאַנואַר 1943 ביז דעם 10טן יאַנואַר 1944. דאָס לעצטע יאָר זיינען מיר — דאָס

הייסט איך, מיין פרוי און שלמה ווערניק געווען די איינציקע יידן פון דער גאַנצער געגנט, וואָס די דייטשן האָבן געלאָזט לעבן.

במשך פון די צוויי יאָר האָבן מיר דורכגעמאַכט אַזעלכע גרויליקע צרות וואָס זיינען גאָר ניט פאַר מיינע כוחות זיי צו באַשרייבן. דאָך וועל איך פרווון עפּעס פון די קאָשמאַר און אומגליק־יאָרן אייך איבערצוגעבן.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען צו פאָרן פון זאַבאָלאָט דער דייטשער די־רעקטאָר פון טאַרטאַק — אַ פאַרביסענער היטלעריסט — צו אונדז אין אַרטעל און האָט פאַרלאַנגט פון דער שטאָטישער מאַכט 10 סטאָליארעס. ער האָט אָבער דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זיין צווישן די צען, ווייל פון זאַבאָלאָט האָט מען אים אָנגעוויזן אויף מיר, ווי אויף דעם בעסטן מייסטער. די ראַטנער אָפיצירן האָבן אָבער נישט געהאַט קיין חשק מיך אַוועקצושיקן פון דעם אַרטעל, ווייל איך פלעג מאַכן פאַר זיי פאַרשיידענע מעבל און מיין אַרבעט איז זיי זייער געפעלן געוואָרן. און נישט נאָר מיך האָבן זיי נישט געוואָלט אָפּלאָזן, נאָר אַפילו אַנדערע בעסערע סטאָליארעס אויך נישט. האָט מען פאַר דעם זאַבאָלאָטער דירעקטאָר פון טאַרטאַק אויסגעזוכט צווייטראַנגיקע בעלי־מלאכות ווי צום ביישפּיל משה לעקאר דעם סופרס אַ בחור, שייקעלע און יאַנקל פון הירניק און נאָך אַזוינע.

איך האָב לכתחילה נישט געוואָלט פאָרן. דער דייטשער דירעקטאָר איז אָבער געקומען ספּעציעל צו מיר, ער האָט מיר פאַרזיכערט אויף זיין וואָרט, אַז זיינע אַר־בעטער וועט זיין גוט און זיי וועלן זיין געזיכערט מיט זייער לעבן.

אין יענער צייט זיינען מיר געווען געוואַלדיק אָנגעשראָקן. מיר האָבן געוווסט פון צענדליקער פאַלן, ווען מען האָט צוגענומען מענטשן צו אַרבעט און מען האָט זיי פאַרפירט אין אַזעלכע ערטער, פון וואַנען זיי זיינען שוין מער נישט צוריקגע־קומען. אַזוי למשל האָט מען צוגענומען 600 מענטשן פון קאָוולע, מען האָט זיי כלומרשט אַוועקגעפירט אויף אַרבעט און מען האָט זיי ערגעץ ווו אומגעבראַכט. אַן ענלעכער פאַל איז געווען אין בריסק. דאָרט האָט מען צונויפגעקליבן 1.000 מענטשן אַוועקצושיקן אויף אַרבעט און מען האָט זיי אויך אויפן וועג אומגעבראַכט. צווישן די טויזנט בריסקער אומגעבראַכטע יידן זיינען אויך געווען אונדזערע ראַטנער לאַנדסלייט לייבל בלאָזשטיין, מאָטל גינזבורג און פסח מערין.

דאָס זעלביקע האָט מען געטראַכט וועגן אונדז. ווער ווייס, צי מען וועט אונדז שוין אַמאָל זען.

דינסטיק דעם 19טן יאַנואַר 1942 האָבן מיר געדאַרפט אַוועקפאָרן קיין זאַבאָ־לאָט (אַ דאָרף נישט ווייט פון אונדזער שטעטל — אַ באַן סטאַנציע צווישן קאָוולע און בריסק). דער טאָג איז געווען אַ פראָסטיקער, אויפן הארצן איז געווען ביטער, מיר האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס איך האָב מסכים געווען אויף דער נסיעה. אָבער אָט זיינען שוין פאַרפאָרן די שליטנס פון דער פאַבריק אונדז צו פאַרנעמען. שטעלט זיך פאַר די סצענעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביי אונדזער געזעגענען זיך. צען מענער פאַרלאָזן זייערע משפחות און פאָרן אַוועק. ווער ווייסט וווהין מען וועט זיי פאַרשלעפּן?

די גאַנצע הולאַנקע גאַס איז געווען פול מיט מענטשן. אַ פערטל פון די שטאָט־איינוווינער, משפחה און חברים זיינען געקומען מיט אונדז זיך געזעגענען. אַלע וויינען, איך, איינער, שטאַרק זיך נישט צו וויינען, ווייל איך בין דאָך אַליין שולדיק; איך האָב דאָך מיין גורל אַליין אָנגעצייכנט.

געקומען זיינען מיר קיין זאַבאָלאָט ביינאַכט. וווינונגען האָט מען פאַר אונדז באַשטעלט ביי די דאָרפישע יידן. דעם צווייטן טאָג אינדערפרי האָבן מיר זיך צו־געשטעלט אין דער פאַבריק. מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן מיר איבערגעטראָטן

די שוועל פון דער פאַבריק, ווייל אין דער דאָזיקער פאַבריק האָבן געאַרבעט די גרעסטע כוליגאַנעס פון דער געגנט, הפקר־יונגען, וואָס דאָס לעבן פון אַ מענטשן איז ביי זיי גאָרנישט. אין צייטן פון שלום האָבן יידן מורא געהאַט צו באַטרעטן דעם הויף פון דער פאַבריק, ווייל די אוקראַאינישע און פוילישע אַרבעטער פלעגן באַוואַרפן מיט שטיינער און איצט דאַרפן מיר דאָרט אַרבעטן, ווער ווייס וואָס עס דערוואַרט אונדז?

מיר זיינען אַריינגעקומען אין דעם סטאָליער־צעך פון דער פאַבריק. מיר זיינען געבליבן שטיין געפּלעפטע צווישן אַזוי פיל אוקראַאינישע און פוילישע אַרבעטער. מיר האָבן זיך דערפילט אַזוי נידעריק, טאַקע ווי יידן אין יענער צייט און נאָך מער, ווייל צווישן אַזויפיל גוים.

אין דעם האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען דער דירעקטאָר פון טאַרטאַק. אויף זיין קאָמאַנדע האָבן זיך אַלע אַרבעטער אויסגעשטעלט אין אַ ריי און ער האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ גאַנצע רעדע. אין זיין רעדע האָט ער זיי געמאָלדן, אַז איך ווער דער אויבערמייסטער פון צעך און אַלע אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן מוזן מיך פאָלגן און אויב עמיצער וועט ווייזן אַ דיסציפּלין־ברוך אָדער וועט באַליידיקן עמיצן פון די יידן וועט ער שטרענג באַשטראָפט ווערן.



בנימין פוגאטש

און אַז אַ גזלן האָט געזאָגט, איז דאָס געווען הייליק, ווייל עס איז נישט געווען קיין טאָג, וואָס ער פלעגט נישט הייסן שלאָגן די ווידערשפּעניקע אַרבעטער, ער פלעגט אָפט שלאָגן ביז צום פאַרחלשן.

און זאָל ביי דער געלעגנהייט דערציילט ווערן, אַז במשך פון דער גאַנצער צייט איז קיין איין ייד נישט אָנגערירט געוואָרן, אפילו אזא פוילן ווי משה לעקער, וואָס האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט אַרבעטן ווי מען דאַרף האָט ער קיין מאָל

נישט געטשעפּעט, מעגלעך דערפאַר וואָס ער, דער גזלן, האָט זיך געטראַכט, אַז מיר זיינען דאָך סיי ווי סיי פאַרלוירענע, צי וואָס נאָך אונדז שלאָגן. און למען האמת זאָל אויך דערציילט ווערן, אַז די באַציאונג צו אַ בעל־מלאכה איז געווען נישט קיין שלעכטע אפילו מצד די ס"ס־מענער. זיי פלעגן באַדויערן (און אפשר איז דאָס געווען אַן אָנשטעל) וואָס מען הייסט אומברענגען אפילו פּראָדוקטיווע יידישע עלעמענטן.

איך האָב אויסגעפּועלט ביים דירעקטאָר פון דער פאַבריק, אַז אויף זונטיק זאָלן מיר קענען צופאָרן אַהיים קיין ראַטנע. שבת, צוויי אַזייגער ביינאַכט פלעגן מיר באַקומען ספּעציעלע שיינען (דערלויבענישן) און מיר פלעגן צופאָרן אין שטעטל. שטעלט זיך פאָר די פרייד פון אונדזערע משפחות, ווען זיי האָבן אונדז דערזען שבת פאַרנאַכט אין שטעטל. די פרייד איז געווען אין לשער, ווייל אין ראַטנע האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען האָט אונדז צוגענומען און אַוועקגעשיקט אין דייטשלאַנד.

אויף דער צווייטער וואָך זיינען שוין אייניקע יידן מיטן גוטן ווילן אַליין גע־פאָרן קיין זאַבאָלאָט אויף אַרבעט אין זיי פלעגן נאָך צוצאָלן געלט די פּוילישע אָנ־געשטעלטע, אַז מען זאָל זיי צונעמען. עס האָבן אויך נאָך געאַרבעט ביי פאַרשיידע־נער שוואַרצער אַרבעט עטלעכע צענדליק יידן פון ראַטנע, וואָס זיינען נישט געווען אונטער מיין דיספּאָזיציע צווישן זיי זיינען אויך געווען די צוויי ברידער שלמה און בנימין פוגאַטש (בנימין פוגאַטש איז געווען פון פאַך אַ לערער, ער האָט געענדיקט דעם העברעאישן לערער־סעמינאַר פון ד"ר ש. י. טשאַרנאַ) 4 זין פון מענדל פלאַצ־קער (גלעזער) און אַנדערע ראַטנער און זאַבאָלאָטער יידן.

מיר, די יידישע סטאָליאַרעס, האָבן באַקומען באַצאָלט פאַר אונדזער אַרבעט אַזוי ווי אַלע איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן, פאַרשטייט זיך לויט באַשטימטע קאַטעגאָריעס. עסן פלעגן מיר אַלע צוזאַמען אין אַ ספּעציעלער קיך ביי דער פאַבריק פאַר ביליקע פּרייזן. ברויט האָבן מיר באַקומען זייער ווייניק: יידן 150 גראַם אַ טאָג, קריסטן 200 גראַם אַ טאָג. די קריסטן האָבן אָבער געוווינט אין דער היים, איז פאַר זיי נישט גע־ווען קיין גרויסע זאַך זיך אויסצוהאַלטן, ווייל זיי האָבן געהאַט אייגן ברויט פון זייע־רע פעלדער. אָבער מיר קענען זיך אויך נישט קלאָגן, אַז מיר זאָלן האָבן געהונגערט, ווייל דאָס ערשטע יאָר פון אונדזער אַרבעט אויף דער פאַבריק פלעגן מיר דאָך יעדע וואָך פאָרן קיין ראַטנע אויף זונטיק, פלעגן מיר מיטברענגען עסנוואַרג פון שטעטל, שפּעטער־צו פלעגן מיר צוקויפן עסן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

און הגם מען האָט פון אונדזער געהאַלט אָראָפּגענומען 20 פּראָצענט, דאָך האָבן מיר זיך דורכגעלעבט גאַנץ פיין. אַזוי איז געווען ביז דעם 20סטן מאַי 1942.

דעם 20סטן מאַי איז געשאַפן געוואָרן אין קאָוועל די געטאָ פאַר די יידן. אין דעם זעלביקן טאָג זיינען אויך אומגעקומען 12 טויזנט יידן. עס איז אויך אין דעם דאָרף קרעמנע געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ פאַר די יידן פון די אַרומיקע דערפער און שטעט־לעך. אַזוי, אַז אַלע שוואַרצע אַרבעטער פון זאַבאָלאָט האָט מען איבערגעפירט אין קרעמנער געטאָ. עס זיינען נאָר געבליבן אין זאַבאָלאָט די יידישע סטאָליאַרעס וואָס האָבן געאַרבעט מיט מיר אין דער פאַבריק.

אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט אַרויף אין דער פאַבריק דער דירעקטאָר — דער גזלן, רופט מיך אַרויס אין אַ צווייטן צימער, נעמט אַרויס אַ נאָטיץ־ביכעלע און שטעלט מיר אַזאַ פראַגע:

— ה' מייסטער, איך וויל אייך אומדערלאָזן בלויז פיר אַרבעטער. וועמען זאָל איך אייך איבערלאָזן, וועך איז פאַר אייך וויכטיקער? די איבעריקע וועלן מוזן גיין צוזאַמען מיט אַלע אין געטאָ.

איך בין געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. ווער בין איך עס, אַז איך זאָל באַשטי־מען? איך האָב זיך באַלד באַהערשט און האָב אים אַזוי געענטפערט:

— הער דירעקטאָר, אין אַ פרידלעכער צייט וואָלט איך אייך תיכף געזאָגט ווער עס איז וויכטיקער פאַר מיר און ווער נישט, אָבער איצט, אין אַזאַ צייט, קען איך דאָס נישט טאָן.

דעם גזלן איז אַפּנים געפעלן געוואָרן מיין ענטפער. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט אַריינגעלייגט דאָס ביכעלע צוריק אין קעשענע אַריין.

פון דעם דאָזיקן שמועס איז מיר אָבער קלאָר געוואָרן, אַז עס רוקט זיך אָן אומ־גליק אויף אונדזערע שטעטלעך און בתוכם אויך אויף אונדזער ראַטנע ווו מיין פרוי געפינט זיך. רוף איך זיך אָן צום דירעקטאָר:

— ה׳ דירעקטאָר, וואָס טוט מען? מיין ווייב איז דאָך נאָך אין ראַטנע?

— וואָס, דיין פרוי איז נאָך אין ראַטנע? — האָט ער מיט פאַרוווּנדערונג אויס־געשריגן — שנעל, שיק אַ פור און ברענג זי צופירן.

איך האָב אים געפאָלגט, גלייך אַוועקגעשיקט אַ פור און אַראָפּגעבראַכט מיין דבורהלען צו מיר. דאָס איז געווען פונקט ערב שבועות 1942.

אויף מיין ביטע האָט דער דירעקטאָר אויך אויסגעפועלט ביי דער העכערער מאַכט, אַז מען זאָל דערוווייל איבערלאָזן אַלע מיינע אַרבעטער אין דער פאַבריק.

אין די ווייטערדיקע חדשים, ווען מען האָט זיך געגרייט צו די שחיטות אויף אונדזערע יידישע ישובים, האָבן זיך אין אונדזער דאָרף, אין זאַבאָלאָט, באַזעצט אַ גרעסערע גרופּע ס״ס־מענער. זיי, צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזירטער אוקראַאינישער מיליץ, האָבן באַטראָפן אַ זיבעציק מאַן.

היות ווי זיי האָבן באַדאַרפט זיך צוגרייטן אַנשטענדיקע הייזער צום וווינען, האָבן זיי צונויפגעטריבן פון ראַטנע און פון אַנדערע אַרומיקע ערטער יידישע בעלי־מלאכות ווי סטאָליאַרעס, טעסלערס, מולערס און אַנדערע פאַכלייט. אַזוי אַרום האָבן זיך ביי אונדז אין דאָרף צונויפגעקליבן 88 יידן, מענער, פרויער און קינדער. צווישן די 88 מענער האָבן זיך געפונען אויך זאַבאָלאָטער ווי חיים גריגאָרטן מיט זיין פאַ־מיליע, שלמה פוגאַטש מיט זיין פאַמיליע און אַנדערע. הגם זיי זיינען נישט געווען קיין קוואַליפיצירטע אַרבעטער, האָבן זיי זיך פאַר געלט איינגעקויפט צווישן די בעלי־מלאכות, ווייל מען האָט געמיינט, אַז בעלי־מלאכות וועט מען נישט שעכטן.

און אָט זיינען געקומען די טרויער־טעג.

ראַטנע און קרעמנע זיינען געוואָרן יידן־ריין. בלויז אין זאַבאָלאָט האָבן נאָך אויף דער פרייַ געלעבט 88 נפשות. מיר האָבן געוווינט צוזאַמען אין עטלעכע הייזער מיט דער איבערצייגונג, אַז מיר זיינען די איינציקע יידן אויף דער וועלט.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס וועט אויך אין גיכן קומען אונדזער ריי, אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן? אמת, מיר האָבן געקענט אַנטלויפן אין די וועלדער, אָבער וואָס וועט אַרויסקומען פון דעם לויפן? מיר זעען, ווי אַלע טאָג פירט מען פון די וועלדער גאַנצע פּאַרטיעס יידן און מען צעשיסט זיי טאַקע ביי אונדז אין זאַבאָלאָט.

און אָט איז טאַקע געקומען אונדזער ריי.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן בהדרגהדיקע סעלעקציעס צווישן די 88 יידישע נפשות פון זאַבאָלאָט. און די אויסגעקליבענע פלעגט מען גלייך אַוועקפירן און אויסשיסן. אַזוי האָט מען אין איינעם אַ פאַרנאַכט אומגעבראַכט משה דעם סופרס מיט נאָך צוויי קרעמנער יידן. אין אַ צווייטן פאַרנאַכט האָט מען דערשאָסן די פיר ברידער פלאַצ־קער מיט אַנדערע צוויי קרעמנער יידן. אין אַ דריטן — משה פרומעס צוויי טעכטער און אַזוי ווייטער און ווייטער.

איינמאָל פאַרנאַכט, ווען מיר זיינען געגאַנגען פון פאַבריק, האָט מען אונדז אַלע־

מען אַרומגערינגלט און מען האָט אונדז אַוועקגעפירט צו די ס"ס-גזלנים. מיין פרוי, וואָס איז געווען אין שטוב, האָט דאָס דערזען, האָט זי געמיינט אַז מען פירט אונדז שוין אַלעמען אויסשיסן, איז זי אַרויסגעלאָפן פון שטוב, צו מיר צוגעלאָפן, גענומען פאַר דער האַנט און צו מיר אַזוי געזאָגט:

— אַברהם, איך גיי מיט דיר!

מען האָט אונדז צוגעפירט צו די גזלנים. עטלעכע פון אונדז האָט מען פאַרנומען. די רעשט האָט מען צייטווייליק באַפרייט.

ביי די ס"ס-באַנדיטן האָבן געמוזט אַרבעטן אויך די פרויען. מיין פרוי האָט די גאַנצע צייט נישט געאַרבעט. שפּעטער אָבער האָט מען זי פאַרמסרט און זי האָט געמוזט אַרבעטן צוגלייך מיט אַלע פרויען ביי די שווערסטע אַרבעטן. די ס"ס-מערדער האָבן אויך אַרויסגענומען פון דער פאַבריק אַ סך יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אונטער מיין אויפזיכט, צו בויען זייערע הייזער. מיט מיר זיינען נאָר געבליבן משה לעקער, שלמה ווערניק און אָשר שאַפּיר.

און אָט זיינען שוין אָנגעקומען די ימים-טובים. ביי אונדז אָבער איז קיין יום-טוב נישט געווען. טרויער-טעג זיינען עס געווען. אַלע אונדזערע נאָענטע זיינען אומגעהרגעט. אויך מיר לעבן אויף דערווייל. אַלע טאָג ברענגט מען אום עטלעכע מענטשן און קיין הילף פון ערגעץ זעט מען נישט. אין וואַלד אַנטלויפן קען מען שוין אויכעט נישט, די פּאַרטיזאַנער ווילן שוין נישט צונעמען קיין יידן, ווייל מיר זיינען פאַר זיי אַ „שעדלעכער" עלעמענט.

געווען איז עס שמחת תורה — אין אַ זונטיקדיקן טאָג — ביי אונדז אויף דער פאַבריק האָט מען נישט געאַרבעט. ביי די ס"ס-לייט איז אָבער פאַר יידן קיין רוטאָג נישט געווען. איך בין פאַרבייגעגאַנגען נאָענט פון דעם אָרט ווו די יידישע אַרבעטער ביי די ס"ס-לייט האָבן געאַרבעט. ערשט איך זע מען שלאָגט מיין פרוי און אַנדערע יידישע פרויען. איך שטיי פון דער ווייטנס און איך זע ווי מיין פרוי און נאָך אַ יידישע פרוי טראָגן אַ שווערן קלאָץ און קענען זיך נישט רירן פון אָרט מיט אים און די ס"ס-לייט שלאָגן זיי דערפאַר און פייניקן זיי. מיין האַרץ קאָכט אויף, די פויסטן ביילן זיך, אָבער העלפן קען איך נישט.

אַזעלכע סצענעס פלעגן זיך איבערחזרן כמעט יעדן טאָג. לייבל מאַלקיס, אַ זאַבאָלאָטער תושב, וואָס האָט מיט זיין פרוי און צוויי שיינע טעכטער געאַרבעט ביי די ס"ס-לייט, האָט שוין לענגער נישט געקענט צוזען די פייניקונגען פון זיינע משפּחה-מיטגלידער און ער האָט אין איינער אַ נאַכט זיך דערטרונקען אין טייך.

איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן, וואָס טוט מען מיט מיין פרוי, ווי אַזוי נעמט מען זי אַרויס פון די הענט פון די ס"ס-לייט, ביז איך האָב זיך דערטראַכט, אַז עס וואָלט שוין בעסער געווען ווען זי אַרבעט מיט מיר צוזאַמען אין פאַבריק. אין איינעם אַ טאָג בין איך טאַקע אַוועק צו דעם דירעקטאָר פון דער פאַבריק און האָב אים פאַרגעלייגט, אַז היות עס איז דאָ זייער אַ סך אַרבעט און מיין ווייב קען זייער גוט פאַליטורן, וואָלט געווען אַ יושר, אַז זי זאָל מיר בעסער אַרויסהעלפן ביי דער אַרבעט אין פאַבריק, איידער טאָן שוואַרצע אַרבעט ביי די ס"ס-מענער.

דער דירעקטאָר האָט גלייך טעלעפאָנירט צו די גזלנים, אַז זיי זאָלן מיין פרוי באַפרייען פון דער אַרבעט ביי זייער הויז, ווייל מען נייטיקט זיך אין איר אין דער פאַבריק. דער ס"ס-גזלן, דער באַוווסטער סאַדיסט זיסלער, וואָס די גויים האָבן אים גערופן „שטערוואַנע", איז תיכף צוגעגאַנגען צו די אַרבעטער און פרעגט, ווער איז דאָס פרוי באַרג? פאַרשטייט זיך, אַז מיין דבורה האָט גלייך געזאָגט, אַז דאָס איז זי. דאָס האַרץ האָט זיך אָבער ביי איר גלייך אָפּגעשטעלט, ווייל זי האָט אַנדערש נישט געטראַכט, נאָר אַז מען וועט זי באַלד אַוועקפירן און דערשיסן, וואָרום עס איז

נישט געווען קיין פאל, ווען דער גזלן זאל זיך אויף עמעצן פרעגן, צי א ייד צי א פאליאק, צי אן אוקראאינער, און יענער זאל נישט אוועקגעשיקט ווערן צום טויט.

דער גזלן זאגט צו איר:

— פרוי בארג, גיי אהיים!

דערשרעקט זי זיך נאך מערער, ווייל זי מיינט אז ער שיקט זי אויף יענער וועלט, ווארום ווי דען זיינען יידישע היימען? און אז מען הייסט גיין, גייט זי. גייט זי אזוי דעם גאנצן וועג אוןווארט אויף א שאס, ווארט אז אט־אט וועט זי אומפאלן און שטארבן. זי פילט אבער, אז זי גייט ווייטער און ווייטער און עס געשעט איר גאר־נישט — זי לעבט. הייבט זי שוין אן צו גיין גיכער און גיכער, ביז זי איז מיט נויט־און טויט־אנגסטן געקומען צו מיר אין פאבריק אריין. ערשט ווען איך האב איר געזאגט, אז זי בלייבט ארבעטן מיט מיר און דאס האט דער דירעקטאר פון דער פאבריק אויסגעפועלט, האט זי זיך אנגעהויבן צו בארואיקן.

מיר האבן נאך אין דער פאבריק געארבעט אזוי ביזן 8טן יאנואר 1943.

דעם 8טן יאנואר, ווען מיר זיינען געקומען פון דער ארבעט, האבן מיר געטראפן אלע אונדזעריקע זיצן אין שטוב זייער טרויעריק, באשר עס איז אנגעקומען א מעלדונג, אז אלע יידן דארפן זיך צושטעלן מארגן פרי זיבן אזייגער אין דער מיליץ, ווייל מיר דארפן אריבערפארן ארבעטן קיין טער, נעבן דער „יעזרע" (אזיערע). מיר האבן געוווסט אז נישט ארבעטן פירט מען אונדז אהין, נאר מען פירט אונדז אהין אומברענגען. א גרוב האט מען שוין געווים פאר אונדז דארט אנגעגרייט.

הגם מען איז זיכער, אז דאס איז שוין די לעצטע נסיעה אונדזערע, פון דעסטוועגן טליעט נאך אין הארצן א פונק פון האפענונג, א פונק פון גלויבן, אפשר פארט מען טאקע אהין ארבעטן.

איך, מיין פרוי, די ארבעטער פון מיין פאבריק זיינען געווען רואיקער פון אלעמען, ווייל דער דירעקטאר האט אונדז געזאגט, אז מיר וועלן נישט דארפן פארן אהין ארבעטן, מיר וועלן בלייבן אין פאבריק ארבעטן. זאגן אונדז אבער די איבעריקע יידן, אז אויך מ י ר דארפן מיטגיין, ווייל אזוי איז געווען דער באפעל. עס איז שוין ניין אוונט, דער דירעקטאר איז נאך דא אין ביורא. וואס טוט מען? איך נעם זיך אן מיט מוט, נעם מיט מיט זיך אשר שאפיר און מיר גייען אוועק צו דעם דירעקטאר.

ביים דירעקטאר אין ביורא אין ווארעם, ליכטיק. דאס לעבן איז אזוי אנגענעם און שיין. דער דירעקטאר אליין איז פריילעך, לוסטיק. מיר אבער שטייען מיט אראפגעלאזטע קעפ. אין מוח לויפן דורך מחשבות, אפשר איז דאס דער לעצטער אוונט!

אויף דעם דיל נישט ווייט פון דעם דירעקטארס פיס ליגט זיין הונט, א זאטער, א צופרידענער און א ריינער. און איך טראכט: „רבונו של עולם! פארוואס איז דעם הונט אזוי גוט? קיינער טראכט אים נישט שלעכטס צו טאן, ער איז פריי! ווי אזוי בייט מען זיך מיט דעם הונט? עס ווילט זיך אזוי לעבן."

איך שטיי אזוי און האב נישט דעם מוט צו שטערן דעם דירעקטאר אין זיין ארבעט און אים דערציילן, אז אויך אונדז רופט מען אויף מארגן צו די ס"ס־מענער.

דער דירעקטאר קוקט אויף אונדז, ער באטראכט אונדז פון קאפ ביז די פיס. פאר מיינע אויגן מאלט זיך שוין אויס די גרוב ווי איך מיט אלע אונדזעריקע וועלן ליגן.

דער דירעקטאר רייסט איבער די שטילקייט:

— וואס איז, הער בארג, וואס האבן זיי אויפן הארצן?

דערצייל איך אים, אז מען האט מיר צוגעשיקט א מעלדונג, אז מארגן דארף איך זיך צושטעלן מיט אלע יידן צו די ס"ס־מענער.

— אזוי? — פארקרימט ער זיך.

און זיין סעקרעטארין — קלארא הייטער, א פארביסענע היטלעריסטין — טוט זיך אזוי א זאג:

— וואס דענקט דער הער זיסלער, זאל מען מיט אונדזער מייסטער מאכן דאס זעלבע, וואס מיט די אנדערע יידן — אים נאך טער שיקן?

— יא — טוט א מאך דער דירעקטאר מיט דער האנט — גייען זי צו האוזע, איך ווערדע נאך הויטע גיין צו די ס"ס-מענער, מעגלעך דאס איז א מיספארשטענדעניש, האבן זי קיינע אנגסט, נאך הויטע וועל איך אינען צו וויסן געבן!

ווען מיר זיינען געקומען אין שטוב איז שוין געוועזן האלב צען. די קלענערע קינדער שלאפן שוין. זיי האבן גארנישט קיין אנונג וואס עס דערווארט זיי מארגן. די עלטערע מענטשן זיינען גוואלדיק אומרואיק. איינעקע זיצן נאך, אנדערע ליגן אין צרות פארמוחט, מען טראכט שוין גיכער וועגן יענער וועלט ווי וועגן דער וועלט.

און איך דריי זיך ארום א צעטראגענער, וואס קען איך זיי זאגן? וואס קען איך זיי ראטן?

דער זייגער איז שוין צען, האלב עלף, עלף. דער ווייזער רוקט זיך. און וואס ווייטער ער רוקט זיך, אלץ קירצער ווערט דעם פאדעם פון גלויבן, אז אונדז וועט אויך דאס מאל געלינגען ארויסצונארן זיך פון דעם מלאך־המות הענט.

עס איז שוין 12 אזייגער. קיינער קומט נישט רופן. וואס וועט זיין? וואס זאלן מיר טאן?

צוועלף אזייגער מיט פופצן מינוט. מען קלאפט אין טיר:

— הער בארג, דער דירעקטאר רופט!

דאס איז געקומען אונדז רופן זיין שטוב־מיידל — א „פאלקס־דייטשישע". איך נעם מיט מיט זיך אשר שאפיר און מיר קומען צום דירעקטאר אהיים.

אריינקומענדיק באגעגנט אונדז דער דירעקטאר זייער פריינדלעך און זאגט:

— האבן זיי קיין אנגסט, באפעל איז באפעל, זיי בלייבן מיט אונדז! מארגן פרי ווי יעדן טאג קומען זיי צו דער ארבעט!

א גאנצע נאכט האבן מיר שוין קיין אויג נישט געקענט צומאכן. מיר האבן זי אדורכגעמאכט אין צרות און אנגסטן. זעקס אזייגער אינדערפרי זאג איך צו מיינע חברים האנטווערקער, וואס זיינען געווען צו מיין דיספאזיציע:

— חברים, מאכט זיך נישט וויסנדיק און קומט מיט אונדז!

אזוי האבן מיר, איך מיט מיין פרוי, אשר שאפיר מיט זיין פרוי און קינד, משה לעקער און שלמה ווערניק זיך אפגעזעגנט מיט אלע אונדזעריקע יידן און זיינען אוועק אויף דער פאבריק.

דאס איז געווען דעם 9טן יאנואר 1943 (ב' שבט).

מיט צוויי שעה שפעטער איז צו אונדז אין פאבריק אריינגעקומען דער קאמענדאנט פון דער אוקראינישער מיליץ ביי די ס"ס-מענער מיט א פאפיר פון די ס"ס אז בארג און פרוי און ווערניק בלייבן ארבעטן אין פאבריק. די איבעריקע מוזן מיטגיין מיט אים צו אלע יידן אויף דעם פארזאמלונג־פלאץ.

די פנימער ביי אונדזערע חברים זיינען געווארן פארקרומט. דער ליבער משה לעקער האט זיך נאך א ווארעם געטאן ביי דער הרובע, האט א רייב געטאן איין האנט אין דער צווייטער און האט א זאג געטאן:

— וואס וועט ארויסקומען, אז איך וועל אויפעסן נאך א זאק קארטאפל? נישט היינט, איז מיט עטלעכע וואכן שפעטער! אומקומען דארף מען דאך סיי־ווי־סיי!

און זיי, די אומגליקלעכע, זיינען אוועק פון אונדז אויף אייביק.

די אלע צונויפגעזאמלטע רעשטלעך יידן האט מען מיט זייערע פרויען און קינ-

דער און זאַכן אַוועקגעפירט קיין ט ע ר נעבן דער „יעזרע" (אָזיערע) און דאָרטן איז טאַקע געווען צוגעגרייט פאַר זיי אַ גרוב. מען האָט אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט מען האָט זיי געהייסן זיך לייגן אויפן שניי און גרופּעסוויז — צו צען אין אַ גרופּע האָט מען זיי אויסגעשאָסן.

אַזוי זיינען אין דעם דאָזיקן חודש אומגעקומען די לעצטע רעשטלעך יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די פריערדיקע אויסראָטונגען און די גאַנצע געגנט איז געבליבן יידן־ריין.

מיר, די דריי אומגליקלעכע, זיינען דערווייל געבליבן לעבן ווייל מיר האָבן מיר שוין געוווינט אין דער פאַבריק. דאָרטן געאַרבעט און דאָרטן געוווינט. אין דאָרף האָבן מיר שוין נישט געטאָרט ווייזן און אַרויסגיין פון דער פאַבריק האָבן מיר בלויז געקענט, ווען מיר האָבן געהאַט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אויף דעם. אונדזערע הערצער זיינען צעריסן געוואָרן פון צער און ווייטיק: דריי איינציק געבליבענע עלנטע יידן פון מיליאָנען אויסגעשאָכטענע און אויסגעמאָרדעטע. די געלע לאַטעס האָט מען אונדז געהייסן אַראָפּנעמען, כדי מען זאָל נישט דערקענען אַז מיר זיינען יידן. מיר האָבן אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן די בליקן פון די קריסטלעכע אַרבעטער. זייער בליק איז פול געווען מיט רחמנות. מיר האָבן זיך אויך געפילט שולדיק, פאַרוואָס מיר האָבן זיך אויסגעדרייט פון טויט, ווען אַלע אונדזערע ברידער זיינען אומגעקומען.

אונדזער לעבן איז אָבער געווען איבערגעפולט מיט שרעק. מיר האָבן נישט געוווּסט אויף וויפל צייט עס איז פאַרלענגערט געוואָרן אונדזער לעבן. יעדן טאָג ריכטן מיר זיך, אַז אָט קומט מען און מען נעמט אונדז אַוועק פון דער אַרבעט. קומט עפּעס אַן ס"ס־מאַן אָדער אַן אַנדער מיליטערמאַן אויף דער פאַבריק וועגן אַרבעט, מיינען מיר אַז דאָס איז מען געקומען אונדז צונעמען.

דעם ווינטער 1943 האָבן מיר געדאַרפט מאַכן אין אונדזער צעך 40 שלאָפצימערן מעבל פאַר דעם קאָוולער געביטס־קאָמיסאַר. דער געביטס־קאָמיסאַר איז געווען דער באַוווסטער סאַדיסט, וואָס האָט אויסגעשאָסן דאָס קאָוולער יידנטום. און אָט דער מערדער איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי מיין באַנדיט — דעם דירעקטאָר פון דער פאַבריק — און ער פלעג אויך קומען אָפט אין פאַבריק אַריין און איך פלעג דאַרפן שמועסן מיט אים וועגן דעם מעבל, ווען עס וועט פאַרטיק ווערן אא"וו.

שטעלט אייך פאָר אונדזערע הערצער ווען דער באַנדיט פלעג זיך דערנענטערן צו אונדז.

כמעט יעדן טאָג פלעגן מיר האָבן אַזעלכע בלוטיקע געסט מיט וועלכע מיר פלעגן מוזן שמועסן, רעדן און ענטפערן אויף זייערע פראַגעס. דאָס האַרץ פלעג זיך אָפּשטעלן ווען זיי פלעגן זיך דערנענטערן צו אונדז. די נערוון האָבן געדאַרפט זיין פון שטאָל וואָס זיי האָבן דאָס געקענט אויסהאַלטן און מען האָט געדאַרפט אַלין אַריבערגיין מיט שטילשווייגן און טאָן די טאָג־טעגלעכע אַרבעט.

דערצו נאָך האָב איך געהאַט גענוג צרות פון די גויאישע אַרבעטער. זיי פלעגן יעדן טאָג צוגנבענען אין פאַבריק פאַרשידענע געצייגן, פאַסן פון מאַשינען און אַנדערע וויכטיקע און נייטיקע זאַכן. איך פלעג מוזן ליידן און זיך נישט־וויסנדיק מאַכן ווייל מען האָט זיך נישט געטאָרט שאַפן קיין שונאים צווישן זיי. איך פלעג אויך מוזן פאַרדעקן זייער סאַבאָטאַזש־אַרבעט, זייער פוילקייט. אַזוי אַרום פלעגן מיר: איך מיין ווייב און ווערניק, אַרבעטן איבער די כוחות בכדי נושא־חן זיין ביי אַלעמען אַז מען זאָל אונדז לאָזן ווייטער לעבן.

אין אַזעלכע שווערע איבערמענטשלעכע איבערלעבונגען האָבן מיר דורכגעמאַכט דאָס גאַנצע יאָר 1943. אינדערפרי האָט מען געוואַרט אויף דעם אָוונט אַז

ביינאַכט האָבן מיר געוואַרט אויפֿן טאָג. אַ יאָר פֿון שווערע, פּיינלעכע, מאָראַלישע איבערלעבונגען איז דאָס געווען, אַ יאָר פֿון שרעק און פּסיכישע קאָנוולסיעס. מיר האָבן אָבער שוין מער נישט געקענט דאָרט בלייבן. די טאָג־טעגלעכע שרעק האָט זיך אַזוי איינגעגעסן אין די ביינער, אַז זי האָט ממש פֿאַרסמט אונדזער לעבן, צוגע־נומען דעם שלאָף ביינאַכט און די זיכערקייט בייטאָג.

איין געדאַנק איז געווען ביי אונדז: אַנטלויפֿן צו די פּאַרטיזאַנער. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? בייטאָג אַנטלויפֿן צו די פּאַרטיזאַנער איז געווען נישט אַזוי גרינג. ביינאַכט האָבן מיר נישט געקענט אַרויסגיין פֿון פֿאַבריק ווייל אַ שטאַרקע וואַך פֿון פּופּציק סאָלדאַטן האָט געהיט. דערצו נאָך איז די פֿאַבריק געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּלויט פֿון 2½ מעטער און אין דער הייך — אַן עלעקטרישער דראָט. דער געדאַנק אָבער נישט צו גיין אַ לעבעדיקער צום גרוב, נאָר בעסער אומקומען מיט געווער אין דער האַנט איז געווען שטאַרקער פֿון אַלע שרעקן און מיר האָבן באַ־שלאָסן איבער אַלע שטערונגען אַנטלויפֿן פֿון דער פֿאַבריק צו די פּאַרטיזאַנער.

מיר האָבן חוץ דעם געדאַרפֿט באַקעמפֿן אַן אַנדער שוועריקייט. מיין פֿרוי האָט בשום אופֿן נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן די פֿאַבריק און אַוועקגיין אין די וועלדער. אַ גאַנץ יאָר האָבן ווערניק און איך געפֿירט אַ קאַמף מיט מיין פֿרוי וועגן דעם. זי האָט אָבער אַלץ געטענהט, אַז אויב מיר וועלן אַרויסשטעלן אַ פֿוס וועט מען אונדז כאַפּן און גלייך דערהרגענען. ווען איך האָב געזען, אַז מיט לאָגישע וועגן וועל איך מיין פֿרוי נישט איבערצייגן, האָב איך איר אָנגעהויבן צו שרעקן, אַז אויב זי גייט נישט מיט אונדז, וועלן מיר זי איבערלאָזן און מיר וועלן אַליין אַנטלויפֿן. זי וועט דאָ אומ־קומען און מיר וועלן איבערלעבן דעם היטלעריזם און קומען בשלום קיין ארץ־ישראל.

הכלל, מיין ווייב האָט מסכים געווען.

מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפֿן זונטיק דעם 10טן יאַנואַר, פּונקט אַ יאָר מיט אַ טאָג נאָך דער אויסראָטונג פֿון די לעצטע יידן.

זעקס אַזייגער אינדערפֿרי, ווען עס בייטן זיך די אַרבעטער; די נאַכט־וועכטער גייען אַרויס און די טאָג־אַרבעטער קומען אַריין, האָבן מיר זיך אויסגעמישט מיט די אַרויסגייענדיקע אַרבעטער און מיר האָבן בגנבה פֿאַרלאָזט די פֿאַבריק. מיר האָבן גאָרנישט מיטגענומען מיט זיך, כדי קוים מען כאַפּט אונדז זאָל אויף אונדז נישט פֿאַלן קיין חשד.

עס איז אונדז געלונגען אַרויסצוכאַפּן זיך, אַז קיינער זאָל אונדז נישט באַמערקן. אין דרויסן איז געווען פֿינצטער. דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ פֿראָסטיקער, די וועגן פֿאַרשנייטע און מיר לאָזן זיך מיט האַסטיקע טריט אַלץ ווייטער און ווייטער פֿון דער פֿאַבריק. מיר גייען אין דער ריכטונג צו דעם וואַלד ל י פּ י נ ע ס, מיר גייען אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג נישט צו אונדזער שטעטל צו ווייל מיר האָבן מורא, אַז אויב נאָכיאָגן וועט מען אונדז נאָכיאָגן אויף דעם וועג קיין ראַטנע בכן גייען מיר אין דעם דאָזיקן וואַלד, ווייל מיר האָבן געהערט, אַז דאָרטן געפֿינען זיך פּאַרטיזאַנער. נישט ווייט פֿון זאַבאַלאָט האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אַ „יעזיורע" (אָזיערע), וואָס איז געווען פֿאַרפֿרוירן. מיר שניידן זי דורך אַלכסונדיק און לאָזן זיך איבער איר צום וואַלד. איך פֿאַראויס און מיין פֿרוי און שלמה ווערניק נאָך מיר. אויפֿן וועג זאָג איך צו מיין פֿרוי:

— הער, דבורה, איצט ביסטו נישט מיין פֿרוי, מיר זיינען צוויי באַזונדערע מענטשן. איינער פֿון אונדז מוז זיך ראַטעווען. אויב מען וועט מיר נאָכשיסן און איך וועל פֿאַלן, זאָלסטו זיך נישט אָפּשטעלן און באַווייַנען מיך, דו דאַרפֿסט ווייטער גיין צו דיין וועג.

ווען מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַ קילאָמעטער, זאָג איך צו מיינע מיטגייער:

— איצט בין איך שוין רואיק! נו, קיין לעבעדיקער וועל איך שוין צו דער גרוב נישט גיין!

מיט אַ שעה שפּעטער זיינען מיר שוין געווען אין וואַלד. מיר רוען זיך אַביסל אָפּ און מיר טראַכטן אין וואָסער ריכטונג זיך צו לאָזן, ווו עס קענען זיין די פּאַרטיזאַנער. מיר לאָזן זיך ווייטער אין וועג אָט זיינען מיר שוין אויף דער צווייטער זייט פון וואַלד. פון ווייטן זעט זיך אַ דאָרף, אָבער מיר האָבן מורא אַריינצוגיין אַהין, ווער ווייס אויף וועמען מיר וועלן אָנטרעפן. דערווייל קומט אונדז אָן אַנטקעגן אַ יונגער אוקראַינער, שטעל איך אים אָפּ און גיב אים אַ פרעג אפשר ווייסט ער דעם וועג וווהין מיר דאַרפן גיין?

דער שייגעץ באַטראַכט אונדז, ער דערקענט אונדז, אַז מיר זיינען פון דער פאַבריק און ער פאַרשטייט אויך וווהין מיר גייען, זאָגט ער אונדז:

— גייט נישט אין דאָרף, דאָרטן שטייט איצט גראָד דער שטאַב פון דער אוקראַינישער מיליץ, גייט בעסער אין דער ריכטונג פון די ליפּינעס, וועט איר טרעפן, וואָס איר דאַרפט. מיר זיינען אַריין ווידער אין וואַלד, געקראָכן דורך נישט אויסגעטראָטענע וועגן דורך קוסטעס און פאַרוואַקסענע שטעגן און מיר זען קיינעם נישט.

דער זייגער איז שוין ניין, צען, עלף. מיר בלאָנדזשען אַלץ אין וואַלד און מיר ווייסן נישט וווהין ווייטער צו גיין. דערווייל דערזעען מיר פון דער ווייטנס אַ כוטאָר פון עטלעכע גוישע הייזער. דבורהן לאָזן מיר זיצן אין וואַלד און איך מיט ווערניקן באַשליסן אַריינצוגיין אין כוטאָר פרעגן, אויב זיי ווייסן ווו עס געפינען זיך די פּאַרטיזאַנער.

נישט ווייט פונעם ערשטן הויז טרעפן מיר אַ שייגעץ, וואָס שפּאַלט האָלץ. איך נעם זיך אָן מיט מוט און טו אַ פרעג דעם שייגעץ:

— זאָג מיר ווו געפינען זיך די רויטע פּאַרטיזאַנער?

דער שייגעץ דערשרעקט זיך און וויל נישט ענטפערן. מיר הייבן אים אָן צו בעטן, אַז ער זאָל אונדז זאָגן, פרעגט ער אונדז, ווער מיר זיינען. דערציילן מיר אים אַז מיר זיינען יידן און מיר זיינען אַנטלאָפן פון דער זאַבאַלאָטער פאַבריק און מיר זוכן די פּאַרטיזאַנער.

דערהערט, אַז מיר זיינען יידן, ווערט ער פריילעך און ער זאָגט צו אונדז:

— אויב איר זייט יידן, וועל איך אייך זאָגן ווער איך בין. איך בין אויך אַ פּאַרטיזאַן, איך בין אַ פאַרבינדלער — אַן אינפאָרמאַציע־געבער פאַר די פּאַרטיזאַנער. ער באַגריסט זיך מיט אונדז וואַרעם זאָגנדיק: איר זייט מיינע חברים. ער גיט אונדז דעם פּלאַן, ווי אַזוי מיר זאָלן גיין כדי מיר זאָלן אָנקומען צו די פּאַרטיזאַנער. ער הייסט אונדז גיין דורך די בלאָטעס און קוסטעס און אין דעם ערשטן כוטאָר וווהין מיר וועלן אָנקומען וועלן מיר טרעפן די ערשטע טיילן פון דעם פּאַרטיזאַנען־אָטריאַד אויף דעם נאָמען פון מאַרשאַל זשוקאָוו.

מיר זיינען געוואָרן זייער פריילעך און האָבן האַרציק באַדאַנקט דעם שייגעץ און מיר זיינען אַוועק אויף דעם אָנגעוויזענעם וועג. ווען מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַ דריי קילאָמעטער זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ קליין דערפל אויף דער ווייסרוסישער ערד — אין דעם געגנט וואָס געהער שוין צו מאַלאָריטער ראַיאָן.

מיר האָבן גלייך אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער שטוב און מיר האָבן אָן קונצן אַ פרעג געטאָן, ווו געפינען זיך די פּאַרטיזאַנער. די פּויערים פון דער שטוב האָבן געהויבן מיט די פּלייצעס, זיי פאַרשטייען אַפילו נישט וואָס מיר פרעגן. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז זיי האָבן מורא, אָבער ווען זיי דערהערן פון אונדז, אַז מיר זיינען יידן, וואָס די דייטשן האָבן אונדז געהאַלטן אין זאַבאַלאָטער טאַרטאַק, אַזוי האָבן זיי

שוין אָנגעהויבן צו ריידן אנדערש מיט אונדז. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז זיי האָבן טאַקע געהערט אַז דריי יידן זיינען געבליבן לעבן און זיי אַרבעטן אין זאַבאַלאָטער טאַרטאַק.

אין דעם מאָמענט איז צו אונדז צוגעקומען אַן אַלטע פרוי און זאָגט אונדז אַזוי:

— איצט וועט איר שוין לעבן, די פאַרטיזאַנער זיינען איצט נישטאָ, זיי שטייען ערגעץ אין די וועלדער, אָבער זיי קומען כמעט יעדן טאָג אַהער.

און אַ יונג מיידל רופט זיך אָן:

— אויב איר ווילט וועל איך אייך באַלד אָוועקפירן צו די פאַרטיזאַנער. אין דעם צווייטן כוטאָר דאָרטן שטייט איין אַ גרופע פון דעם אָטריאַד.

דערווייל אָבער גרייט מען דעם טיש פאַר אונדז, מען טראָגט אונדז זייער פריינדלעך צו צום טיש עסן און טרינקען. מען שלעפּט פון אונדז אַראָפּ די צעריסענע נאַסע שיך און קליידער און מען טריקנט זיי אויס. מיר עסן אָפּ, טרינקען אָפּ וואַרעמען זיך אָן און גלייכן אַביסל אויס די גלידער און אויפן האַרצן ווערט פרייליכער. אין דעם מאָמענט עפנט זיך אויף די טיר און עס קומט אַריין אַ מייד און זאָגט:

— איר האָט גליק, עס פאָרט פון אָטריאַד דער אַפּראָוויזאַציע קאָמאַנדאַנט מיט זיינע פיר געהילפן. זיי פירן מיט זיך פיר פורן מיט ברויט פאַר די פאַרטיזאַנער.

די פאַרטיזאַנער גרופּע איז צוגעפאָרן צו דער שטוב מיט פריילעכע, לוסטיקע געזאַנגען. גלייך איז דאָס מיידל צו זיי אַרויסגעגאַנגען און האָט זיי דערציילט, אַז אין שטוב זיינען דאָ דריי יידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון זאַבאַלאָטער טאַרטאַק און ווילן זיך אָנשליסן אין די פאַרטיזאַנער.

זיי הייסן אונדז אַרויסקומען. מיר גייען אַרויס. דער קאָמאַנדאַנט פרעגט אונדז אויס פון וואַנען מיר זיינען און אויב מיר האָבן עפּעס דאָקומענטן. דערציילן מיר אים, אַז מיר זיינען פון ראַטנע און איך נעם אַרויס מיין רוסישן פּאַספּאָרט וואָס איך האָב די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן פאַר דער צייט פון דער נאַצישער ממשלה און ווייז אים.

זיי ווערן גלייך מיט אונדז גוטע חברים, קומען אַריין אין שטוב און מען זעצט זיך ווידער צו אַ נייער סעודה. אויף דעם טיש שטעלט מען אַרויף פון אַל־דאָס גוטס. מען עסט און מען טרינקט, מען מאַכט אַ לחיים און גראָד מיט אמתער רוסישער „וואָדקאַ", וואָרום פאַרטיזאַנער און „וואָדקאַ" רירן זיך נישט.

מיר האָבן אַזוי פאַרבראַכט ביז פאַרנאַכט, ווען אין דרויסן איז שוין געוואָרן גוט פינצטער. מיר געזעגענען זיך מיט דער פריינדלעכער ווייסרוסישער משפחה און מיר גייען שוין מיט די פאַרטיזאַנער.

מיין פרוי האָט מען אַרויפגעזעצט אויף אַ פור און מיר אַלע גייען צופוס נאָך די וועגענער מען גייט און מען שיסט דעם גאַנצן וועג. אויפן וועג זינגט מען פאַרטיזאַנער לידער און מיר זינגען אויך מיט מיט זיי, פונקט ווי מיר וואָלטן שוין געווען אַלע פאַרטיזאַנער. מיר גייען לוסטיקע, פריילעכע. מיר ווייסן, אַז וואָס עס זאָל נישט זיין, אויב מיר וועלן אַפילו פאַלן אין קאַמף, אָבער לעבעדיקערהייט וועלן מיר שוין צום גרוב נישט גיין.

די פאַרטיזאַנער האָבן אונדז אָפּגעפירט עטלעכע קילאָמעטער, אַריינגעפירט אין אַ כוטאָר צו איינעם אַ ווייסרוסישן פויער און אונדז דאָרט איבערגעלאָזט אויף אכט טעג. זיי האָבן אונדז אויך איבערגעגעבן אַ דאָקומענט, אַז מיר געהערן אין דעם זשוקאָוו־אָטריאַד.

די פאַרטיזאַנער זיינען געווען זייער פאָרזיכטיק ביים אָננעמען נייע מיטגלי־

דער. זיי פלעגן שטענדיק אויספרווון די נייע חברים, צי זיי זיינען נישט קיין שפּיאָנען אונטערגעשיקטע פון די נאַצים.

8 טעג זיינען מיר געווען ביי דעם ווייסרוסישן פויער, האָווריל האָט ער געהייסן. אין די ווייטערדיקע וואָכן זיינען מיר געוואָרן אינטימער מיט די פּאַרטיזאַנער און זיי האָבן אונדז שוין אַלץ געטרויט. מיר האָבן געמאַכט נייטיקע זאכן פאַר די פּאַרטיזאַנער ווי הענטלעך צו די ביקסן און אַנדערע אַרבעטן. מיר האָבן זיך כמעט באַשעפטיקט ביי אונדזער פאַך.

דעם גאַנצן ווינטער 1943 האָבן מיר געלעבט פראַנק און פריי. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די כוטאָרן און אין די דערפער. אונדזער אויפגאַבע איז געווען צו שטערן די אַרמייען דאָס פאָרן צום רוסישן פראָנט. מיר האָבן געדאַרפט אויפרייסן באַנען מיט מיליטער און מיט פּראָוויאַנט, וואָס מען פירט פאַר די נאַצישע חילות. די בעסטע אויפרייסער פון די באַנען זיינען געווען די גרוזינער. זיי האָבן זיך זייער שטאַרק אויסגעצייכנט אין דער דאָזיקער אַרבעט.

בכלל אָבער זיינען צווישן די פּאַרטיזאַנער געווען זייער אַ סך ווייסרוסן, אוקראַינער, פּאָליאַקן און ציגיינער.

אין חודש מאַרץ איז אונדזער לאַגע געוואָרן געפערלעך. אין איין אָרט האָבן זיך צונויפגעקליבן צוויי פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן: אונדזערער — דער זשוקאָוו־אָטריאַד און דער וואָראָשילאָוו־אָטריאַד.

אין דעם וואָראָשילאָוו־אָטריאַד זיינען קיין יידן נישט געווען. דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו קאָוולע. דעם שונאס אַרמייען זיינען געווען נישט ווייט פון אונדז און מיר האָבן זיך נישט געקענט רירן מיט אונדזערע אָפּעראַציעס צו שטערן דעם שונא.

יעדן טאָג פלעגט מען מאַכן אויף אונדז אָנפאַלן און אָנגרייפן דורך יבשה און לופט און עס איז באַלד נישט געווען קיין ווינקל פאַר אונדז וווּ זיך צו באַהאַלטן.

אין יענער צייט האָט מען צוגענומען פון אונדז שלמה ווערניק און מען האָט אים אַריבערגעשיקט ווייטער אין אַן אַנדער אָטריאַד.

ביסלעכווייז האָבן זיך די סאָוועטן דערנענטערט צו קאָוולע, מען האָט שוין איך איינגענומען ראַטנע, אַלע געגנטן אַרום זיינען שוין באַפרייט און מיר זיינען בלויז די איינציקע, וואָס געפינען זיך אין דער קלעם. ערשט איצט הייבן זיך אָן אונדזערע צרות. די צאָל פּאַרטיזאַנער פאַרגרעסערט זיך ביי אונדז פון טאָג צו טאָג. עס קומען אָן צו אונדז פון אַנדערע געגנטן פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן, וואָס זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן פון די נאַצים און זיי האָבן זיך דורכגעריסן צו אונדז אין די שאַצקער וועלדער.

נאָך ערגער ווערט די לאַגע ווען די נאַצים געלינגט אַרויסצוטרייבן צוריק פון קאָוולע און פון ראַטנע די סאָוועטן. מיר ווערן דעמאָלט איינגעקלאַמערט ווי אין אַ רינג און עס דראָט אונדז פולשטענדיקער אומקום.

און טאַקע דעם 5טן מאַי 1944 זיינען די דייטשן געקומען אויף אונדזערע שפּורן, זיי האָבן אונדזערע אָטריאַדן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט פיר דיוויזיעס מיליטער, טאַנקן און מאַשינען־געווערן, דערצו נאָך האָט פון דער הייך געהאָגלט מיט באָמבעס. די שלאַכט האָט געדויערט צען טעג. פון ביידע זייטן זיינען געווען מאַסן־פאַרלוסטן. די בעסטע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן אונדזערע האָט מען צעקלאַפּט, טויזנטער פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַליין גענומען דאָס לעבן, בכדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די נאַצים.

די רעשטלעך וואָס זיינען געבליבן לעבן אָרגאַניזירן זיך פונדאָסניי, אָבער דאָס לעבן ווערט שווערער פון טאָג צו טאָג. מיר זיינען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און

מיר באַהאַלטן זיך אין זומפּן און בלאָטעס. די אַרומיקע באַפעלקערונג ווערט אומ־פריינטלעכער צו אונדז, ווייל די דייטשן האָבן פאַרשפּרייט בלעטלעך, אַז זיי האָבן שוין איינגענומען צוריק קיעוו און זיי מאַכן נייע אָפענסיוועס און זיינען זיכער, אַז דער זיג איז זייערער.

פאַרקערט, אָבער, באַרואיקט אונדז דורך ראַדיאָ דער רוסישער גענעראַל־שטאַב: מען גיט אָפּ אַלע טאָג באַריכטן פון נייע זיגן און זיי טרייסטן אונדז, אַז גאָר אינ־גיכן הייבן זיי אָן א נייע אָפענסיווע וואָס וועט ענדלעך צעקלאַפּן דעם שונא. די פּויערים אָבער גלייבן עס נישט. זיי זאָגן אז דאָס איז פּראָפּאַגאַנדע.

אַלע נאַכט וואַרפט מען אונדז אַראָפּ דורך פאַלשירמס נייטיקע זאַכן צום עסן און צום קאַמף מיטן שונא. מיר באַשליסן ווייטער צו אַנטוויקלען אַ טעטיקייט און צו קעמפן קעגן די נאַצישע כוחות.

און טאַקע דעם 18טן יוני האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף פון די סאָוועטישע אַרמייען. מיט שטורעם און גוואַלדיקן אימפּעט האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אויף די נאַצים און במשך פון צוויי וואָכן האָבן זיי צעקלאַפּט די ריזן־אַרמיי פון די דייטשן. דעם 3טן יולי האָבן זיי איינגענומען קאָוולע, ראַטנע און זאַבאָלאָט און דעם 4טן יולי 1944 זיינען מיר שוין געווען פריי.

דעם דאָזיקן היסטאָרישן טאָג וועל איך געדענקען מיין גאַנץ לעבן.




אַ מצבה געשטעלט אין דייטשלאַנד. רעכטס: דבורה באַרג, אייניקל פון נחום פריכאַדער און א. באַרג.

אונדז, אַלטוואַרג, האָט מען תיכף באַפרייט, געהייסן גיין אַהיים און זיך פאַר־נעמען מיט העלפן צוריק בויען דאָס לאַנד. דאָס יונגוואַרג האָט מען אַריינגענומען אין דער אַרמיי. דעם 5טן יולי האָבן מיר, איך און מיין פרוי זיך געלאָזט גיין צוריק קיין ראַטנע. מיר זיינען געגאַנגען דורך דעם זעלבן וועג, וואָס מיר זיינען געקומען אַהער. די וועגן זיינען געווען פול מיט מיליטער. אַלע האָבן זיך געגריסט מיט אונדז פריינדלעך. די באַקאַנטע פויערים וואָס האָבן אונדז באַגעגנט האָבן זיך מיט אונדז געפרייט, געקושט זיך אַזש פאַר שימחה.

דעם זעלבן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען קיין זאַבאַלאָט. אין זאַבאַלאָט האָבן מיר געטראָפן אַ גאַנצן חורבן. דאָס דאָרף פאַרברענט, די פאַבריק אויפגעריסן, מען דער־קענט אַפילו נישט דאָס אָרט ווו די פאַבריק איז געווען. מיר גייען איבער די גאַסן און גלייבן נישט די אייגענע אויגן. איז עס אמת, אַז מיר זיינען פריי, איז עס אמת, אַז מיר דאַרפן שוין פאַר קיינעם נישט מורא האָבן?

מיר טרעפן זיך מיט באַקאַנטע פויערים פון דאָרף, דערציילן זיי אונדז, אַז אין דעם טאָג וואָס מיר זיינען אַנטלאָפן איז די ס״ס געלאָפן אונדז זוכן אויף דער ליניע קראַסקע־ראַטנע. האָבן זיי אויפן וועג אָנגעטראָפן צוויי פויערים און אַ פויערטע וואָס זיינען געגאַנגען קיין קראַסקע שלאָגן אייל, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרייען צו זיי, אַז זיי זאָלן זיך אָפּשטעלן, האָבן זיי זיך דערשראָקן און האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. האָט מען זיי נאָכגעשאָסן און אַלע דריי אַוועקגעהרגעט. די ס״ס־לייט זיינען געווען זיכער, אַז דאָס האָבן זיי אונדז דערהרגעט.

ווייטער האָבן מיר דערציילט די אַרבעטער וואָס זיינען געווען מיט אונדז אויף דער פאַבריק: ווען דער דירעקטאָר איז אַריינגעקומען, ווי זיין שטייגער איז געווען, ניין אַזייגער אויף דער פאַבריק האָט ער גלייך אַ פרעג־געטאָן אויף אונדז, ווו מיר זיינען? און ווען די אַרבעטער האָבן אים געענטפערט, אַז זיי ווייסן נישט האָט ער אַ שמייכל געטאָן און האָט געזאָגט:

— אָ, זיי זיינען שוין געווים פּאַרטיזאַנער!

דעם 6טן יולי אין דער פרי זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען פון זאַבאַלאָט אויף דעם וועג קיין ראַטנע. דער וועג איז באַלויכטן מיט אַ שיינער פרימאָרגנדיקער זון. אויפן האַרצן איז געווען פריילעך: מיר לעבן, מיר האָבן דערלעבט דעם נצחון, מיר גייען צוריק אַהיים. וואָס מער מיר האָבן זיך אָבער דערנענטערט צו ראַטנע, אַלץ ווייני־קער איז געוואָרן אונדזער פרייד. עס האָט אונדז אָנגעהויבן צו נאָגן אַ ווייטיק, אַ צער: — וווהין גייען מיר? וועמען וועלן מיר דאָרטן טרעפן? איז דאָך ראַטנע געווען אַ שטעטל פון קרוב 2.500 יידישע איינוווינער, וועלן מיר עמעצן פון זיי טרעפן? וועלן מיר טרעפן עמיצן פון דער משפחה?

מיר זיינען שוין אין זשיריץ, פון זשיריץ גייען מיר קיין פראָכאָד. אַלע וועגן זיינען איבערפולט מיט מיליטער, מיט מאַשינען, טאַנקן פון אַלע סאָרטן. די רויטע אַרמייער נעמען אונדז אויף זייער פריינדלעך און ווען זיי דערוויסן זיך, אַז מיר זיינען פּאַרטיזאַנער דערפרייען זיי זיך מיט אונדז און ווינטשן אונד אַלדאָס גוטס.

און אָט זיינען מיר שוין אין פראָכאָד. מיר גייען פאַרביי די קברים פון אונד־זערע טייערסטע, פון אונדזערע נאָענטסטע. די פויערים ווייזן אונדז אָן פון ווייטן די ערטער ווו די עקזעקוציע איז פאָרגעקומען. מען דערקענט גאָרנישט. די ערד איז אויסגעגלייכט, דער געלער זאַמד שיינט אנטקעגן דער זון ווי ער וואָלט גאָרנישט אין זיך באַהאַלטן. מיר ווילן צוגיין נענטער צו די קברים, די פויערים לאָזן אונדז נישט, זיי זאָגן אַז דאָרט איז יעדער טריט מינירט און אַלע שעה רייסן דאָרט אויף מינעס. די פאָר קילאָמעטער פון פראָכאָד קיין ראַטנע איז אונדז שוין געווען זייער

שווער צו גיין. איינס, זיינען מיר שוין געווען זייער מיד און צווייטנס — שווערע אנגסטן זיינען אונדז באַפאלן: וווהין גייען מיר? ווען וועלן מיר טרעפן?

דאָך גייען מיר. מיר ווילן שוין וואָס גיכער זען די שטאָט, אפשר זיינען נאָך פאַראַן יידן, אפשר איז עמעצער דאָך געבליבן. מיר קומען אַלץ נענטער צו דער שטאָט, אונדזערע הערצער קלאַפּן שטאַרקער. מיר דערזען פון דער ווייטנס אַ חרובע צעקלאַפּטע שטאָט. אפשר אַ צוואַנציק הייזער זיינען געבליבן. אַ שטראָם טרערן האָט אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן און מיר האָבן זיך צעוויינט. מיר זיינען צוגעקומען צו יענטעלס בריק, ערשט די בריק איז אויפגעריסן. סאָוועטישע זעלנער מאַכן אַ נייע בריק, דערווייל אָבער האָט מען געמאַכט אַ פּראָוויזאָרישן בריק פון קלעצער אָנגעלייגט אויף קלעצער און די מחנות ציען אויף דעם בריק אויף צו יאָגן דעם שונא. מיר גייען אַריבער די בריק, מיר דערזעען אַז אויך דער קלויסטער איז פאַרברענט, די „שקאָלעס" פאַרברענט און אַלע געביידעס פון שאָסיי און פון די הויפּטגאסן. קיין ציווילע מענטשן זעט מען בכלל נישט. אַלע זיינען זיך צעלאָפן אין די וועלדער און די דערפער. ערשט איצט הייבן זיך אָן צונויפקומען די „מיעשטשאַנעס" פון די באַהעלטענישן. מען קומט פון די וועלדער און פון דער רוסישער זייט. איך הייב זיך אָן נאָכצופרעגן אויף יידן, קיינער ווייסט נישט. אין ראַטנע זיינען מיר געווען די ערשטע יידן וואָס זיינען געקומען.



**אַ גרופּע געראַטעוועטע ראַטנער פרויען אין מינכען.**

די אוקראַינער — אונדזערע פריערדיקע שונאים — אַז זיי האָבן אונדז דערזען האָבן זיי אונדז אָנגעהויבן קושן, אַרויסטראָגן אונדז עסן פון דעם בעסטן. מען וויל שוין ווידער ווערן חברים ווי אַמאָל פאַרן אומגליק. זיי דערציילן מיר אויך, אַז מיין ברודער לעבט, ער איז אין מאַניעוויטש, זיי דערציילן אונדז פון נאָך אַ פּאָר געראַטעוועטע יידן, אָבער קיינער איז דערווייל נאָך נישטאָ.

מיר דערנענטערן זיך מערער צו דער שטאָט, אונדזער שטוב שטייט אַ צע-

קלאפטע אַ חרובע. גויים שכנים פאַרבעטן אונדז צו זיך, מיר איז אָבער דערווידער זייער פאַרבעטונג, ווייל איך ווייס, אַז זיי זיינען אונדזערע שונאים און נישט קיין קליינעם חלק האָבן זיי צוגעטראָגן צו דער אויסראָטונג.

איך האָב אָבער קיין ברירה נישט געהאַט. מיר זיינען אַריין אין אַ שטוב פון אַ קריסטלעכן שכן, מיין פרוי קען זיך נישט באַהערשן, זי פאַלט אַריין אין אַ היסטע־רישן געוויין. זי וויינט, זי האַקט זיך קאָפּ אין וואַנט, עס איז איר אוממעגלעך צו באַרואיקן.

איך לאָז איבער מיין פרוי אין שטוב פון מיין שכן און איך לאָז זיך אַוועק אי־בער די גאַסן. די גאַסן זיינען פאַרוואַקסן מיט ווילדע קרייטעכער און גראָז. נישטאָ קיין וועגן און סטעזשקעס, אַלץ איז פאַרוואַקסן. איך בלאָנדזשע צווישן חורבות און ווילדע קראָפּיוועס: דאָ האָט געוווינט מיין טאַטע, מיין ברודער, מיין שוועסטער, מיינע פריינד, מיינע חברים. ווו־נישט־ווו שטאַרצט אַרויס פון צווישן חורבות אַ



אַ גרופּע ראַטנער פּליטים אין מינכען (דייטשלאַנד) ביי אַ הזכרה־אַקט.

הייזקע אַ גאַנצע וואָס קוקט מיט אויסגעשלאָגענע פענצטער אויף דעם אַרום. דער גאַנצער מאַרק איז ליידיק, חרוב ונחרב. איך גיי אַריבער דעם מאַרק, איך קום אַריין אין יאַטקע גאַס פון דאָרטן אין דער שול־גאַס. אין שול־גאַס שטייען נאָך אייניקע שטיבער צעקלאַפּטע, אָט גיי איך פאַרביי פאַר מיין חבר מענדל בלאַטס שטוב. איך גיי אַריין אינעווייניק און איך דערזע דאָרט אַ מוראדיקן חורבן. די פענצטער און די דילן אויסגעריסן און אַ צוג־ווינט האָט זיך צעהוליעט ווי אויף אַ שדים־התונה. איך שטיי אינמיטן שטוב און וואַרט אויף אַ נס: אפשר וועט זיך עמיצער באַווייזן, אויב נישט קיין לעבעדיקער מענטש זאָל כאָטש זיין אַ קול פון די קדושים. אָבער קיין נסים געשעען נישט. איך גיי אַרויס און גיי ווייטער. פון די בתי־מדרשים איז קיין איינער נישט געבליבן. אויף דעם פּלאַץ האָב איך געפינען טייל פון ספרי־תורות. איך הייב זיי אויף און טראָג זיי אויף מיינע הענט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער זיינען געקומען קיין ראַטנע די ברידער איציע און

אליה בלאַוושטיין, מיין ברודער אליה־בער, מאַרגאַלצע די פּראַכאַדער מיט איר קינד, יחיאל וויינער.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אויך געקומען פּערל ווערניק, רייצע קלאַדנער און אַ יידישע פאַמיליע פון פיר מאַן פון ק אָ ר ט י ל י ס . צוזאַמען זיינען מיר געווען דרייצן מאַן. אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז אויך צוגעקומען פרומע בערגעל.

איך האָב אָבער שוין נישט געקענט וווינען אין ראַטנע, ווייל מיין פרוי פלעגט אַלע טאָג אַוועקגיין אויף די קברים און דאָרט וויינען און פלעגט אָפּט דאָרט פאַלן אין חלשות. די גוים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן זי אָפּט ברענגען אַ האַלב־טויטע אין שטוב אַריין. מיר זיינען פון ראַטנע אַפּגעפאָרן קיין קאָוולע. דאָרטן האָבן מיר — צוזאַמען מיט נאָך צוואַנציק יידן — אָפּגעלעבט אַ 9 חדשים, פון דאָרט זיינען מיר אַוועק אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון דעם אָקופּירטן דייטשלאַנד. אַליין, בידים, גענומען אויף זיך דעם נייעם גלות, גלות דייטשלאַנד.



די משפחה רייף געזעגנט אליהו־יצחק רייף (שטייט אין דער מיט)ביים אָפּפאָרן
קיין ארגענטינע (היינט אין אַרגענטינע).



אַ תנאים־צוזאַמענקום ביי ר׳ מענדל וויינטרויב (דער ווידריניצער).



אַ פאַמיליע־בילד — אַ תנאים ביי חיה־רחל רייף און מאָטל טערנעבליט. עס זיצן אויבנאָן:
דאָבע רייף און איר פאָטער ישעיה פייגעליס איינער פון די עלטסטע יידן אין ראַטנע.



אַ שבע ברכות ביי דער פאַמיליע פוקס. חתן־כלה נפתלי אשכנזי און מינצע פוקס
(געפינען זיך אין אַרגענטינע).

שלמה פערלמוטער

# בלעטלעך פון א טאָגבוך

**4טן יולי 1941. —**

ס'איז געשען ביי טאָג.

כ'בין געשטאַנען מיט נאָך יידן ביי דער שולע, ס'איז אויסגעוואַקסן פאַר אונדז אַ יינגער הויכער מענטש מיט אַ ווייסן פראַק און שוואַרצע הויזן. אין זיין אויסגעשטרעקטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ רעוואָלווער:

— לאָזשים! ניע סמאָטרי! סטרעליאיו!... (לייג זיך, קוק נישט, איך שיס!...)

אַ מאָמענט און ס'האָט זיך דערהערט אַ ווילד שיסעריי. דערשראָקענע טויבן האָבן זיך גיך מיט אַ ציטער אויפגעהויבן פון ליבער קאַרשם דאַך און זיינען פאַרשוונדן אין זייט פון דער באָד. די זון — די באַטאָגיקע האָט זיך אַרונטערגעגליטשט, דאָס שטעטל האָט זיך פאַרטונקלט. אויף די גאַסן זיינען אַרויסגעשווומען באַוואָפנטע אוקראַאינער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ'האָב זיך נישט צוגעהערט צום באַפעל „לאָזשים" און בין אַנטלאָפן. צוויי קוילן האָבן זיך אַריינגעשניטן אין לופט און מיך נאָכגעיאָגט. צעטומלט בין איך דערלאָפן צו אונדזער שטוב.

— טאַטעניו, מאַמעניו — אַ פּאָגראָם!... אַנטלויפט!!...

די פענצטער זיינען געווען ברייט צעעפנט און כ'האָב געזען, ווי מ'איז זיך געזעסן רואיק און געטרונקען טיי. אַ בליץ, אַן אויגנבליק — און ס'האָט זיך געביטן די סיטואַציע, מען וואַרפט אַלץ. מ'אַנטלויפט — — — ווער ווהין עס קען. איך אַליין האָב זיך געלאָזט צום טייך און זיך באַהאַלטן אין אַטשערעט.

כ'בין געלעגן, דער גאַנצער קערפּער איינגעטונקט אין וואַסער. דעם קאָפּ אַביסל אַרויסגעשטעקט. ס'פאַרגייען מינוטן, כ'הויב אָן דערפילן די קעלט. עס קלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. די שיסערייען און געשרייען הערן נישט אויף.

און כ'האָב געזען, ווי פון אונדזער שכנס שטוב (יצחק-הערש דעם בעל-עגלהס) פירט מען אַרויס בנימין פריימאַן. אַכט געזונטע באַנדיטן האָבן אים געבונדן די הענט אויף הינטן. כ'האָב געהערט אַ שאָס... בנימין איז טויט — — — דער צוויי און דרייסיק-יאָריקער בנימין איז געווען אַ געזונטער יונג. ווען די אוקראַאינער האָבן זיך אַריינגעריסן צו אים אין שטוב, האָט ער איינעם מיט אַ האַק צעשפּאָלטן דעם קאָפּ. שפּעטער האָבן זיי אים געכאַפּט און...

דער פּאָגראָם האָט זיך פאַרשטאַרקט פון מינוט צו מינוט. מ'האָט זיך אַביסל פאַרטיידיקט. שפּעטער אָבער זיינען אַלע אַריינגעפאַלן אין יאוש. מ'האָט דאָך געוווסט, אַז הינטער די פּלייצעס פון די אוקראַאינער פּאָגראָמשטשיקעס שטייט די דייטשע מאַכט. אַרויסגעטריבן די יידן פון מאַרק, זיינען די אוקראַאינער צוגעטראָטן

אויסצולייִדיקן די הייזער. דאָס האָב און גוטס איז הפקר געוואָרן, ווייל אַלע זיינען געלאָפן — אלע האָבן געזוכט פאַר זיך אַ מקלט.

די אָנפירערס פון פּאָגראָם זיינען געווען אָט די דאָזיקע לייט:

1. אָנים זשוק — וווינט אויף דער אַלטער שטאָט אַנטקעגן קלויסטער;
2. טאָקאַרסקי יאָסיף מיט זיינע זין, קריוואַ גאַס 2 (אַרום דעם אַפּטייק);
3. קוראַסעוויטש סטעפּאַן מיט דער משפּחה, בשכנות מיטן לערער קעטשקער;
4. יאַנצעוויטש מישאַ, אויפן שאָסיי, קעגן קאַטינען, ביים אַריינפאָר פון קאָוולע;
5. ליסאָווסקי יורקאָ און וואַניע, דעם „געלן" פּאָפּסביידע זין;
6. ביסטרימאָוויטש, דעם געלן פּאָפּס איידעם;
7. זשוק מיטיאַ — אָניסעס ברודער, אויף דער אַלטער שטאָט, נעבן קלויסטער;
8. סמאַלטשוק מיקיטאַ, פון דאָרף יאַקושי;
9. קאָטיוגק, פון דאָרף ווידראַניץ;
10. דעינעקע, פון דאָרף ווידראַניץ;
11. „סאַליפּאַנקע", דער באַוווּסטער גנבֿ און גזלן פון שמענקי;
12. כאַרטאָן און אָמיליאַן — באַוווּסטע רוצחים פון אירניק; צו זיי איז צוגעקומען אַ גרויסע צאָל אוקראַינער פון די דערפער: פּראָכאָדי, ווידראַניצע, זאַבריציע, וועלעמטשע, לוטשעטשי, זשיריטש, זדאַמישליע און שמענקי. אַלע האָבן אָנטיילגענומען אין דער בלוטיקער שמחה.

---

איך בין אַרויס פון וואַסער און צו צו אַ יידישער שטוב. די אַלטע צביה (אפרים קאָטליאַרס מאַמע) מיט איר קליין איניקל שטייט ביים פענצטער און וויינט: „רבונו של-עולם"! „על קדוש - השם!". טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן. זי זעט, ווי ס'גייט די שחיטה; זי זעט, ווי צענדליקער אוקראַינער ברעכן זיך אַריין אין יידישע הייזער; זי זעט, ווי דער עולם לויפט זיך באַהאַלטן — אָבער זי איז שוין אַלט. האָט נישט קיין כוח צו לויפן, זיצט זי דעריבער און קוקט אויס דעם טויט.

איך האָב זיך אַריינגעריסן צו איר אין שטוב ווי אַ צעדולטער. דאָס וואַסער איז גערונען פון די מלבושים. כ'וואָלט געוואָלט אַריינקריכן צו איר אין אויוון אַריין, אָבער גאָר שנעל בין איך אַרויס פון איר שטוב און בין צוגעלאָפן מיט אימפּעט צו יאַנקל פּראָסמאַנס פאַדערשטער טיר. מיט זאַבאַלאָטיער גאַס זיינען געגאַנגען דריי אוקראַינער מיט נאַגאַנעס.

— עפנט! האָט רחמנות! דאָס בין איך שלוימקע!

ס'האָט זיך געעפנט די טיר. דאָס האַרץ איז זיי אַרויסגעפאַלן בעת מיין קלאַפּן. ר' יאַנקל — אַ גרויער זקן מיט דער לאַנגער שפּיציקער באָרד איז געשטאַנען פאַרבראָכן די הענט: „אַ ביטערע שעה איז געקומען!"... זיין ווייב מיט אָנגעגאָסענע און צעשראָקענע אויגן רעדט צו זיך אַליין...

אין דרויסן איז אַביסל פינצטערער געוואָרן. ביי יאַנקל פּראָסמאַן אין שטוב האָב איך זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. אַ סך מאָל בין איך אַרויף אויפן דאַך, האָב געקוקט דורך די פענצטערלעך און צוגעהערט זיך צו דער גאַס. שיסערייען און האַליאַקעס. און, ווי דאָס האַרץ האָט בייז נביאות געזאָגט, הערן מיר פּלוצים רייסן די טיר מיט געשרייען: עפנט, זשידאָווסקאַ כאַראַ! מיר האָבן געשוויגן. די מערדער האָבן אָנגעהויבן ברעכן די טיר מיט כח. נישט לאַנג טראַכטנדיק האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן פון שטוב דורכן פענצטער אין גאָרטן אַריין. זיך אַריינגע-

קאַטשעט אין גרינוואַרג און באַהאַלטן, האָב איך באַנומען איצט דאָס ערשטע מאָל וואָס עס הייסט פּאָגראָם... דאָס האַרץ האָט שטאַרק, שטאַרק געקלאַפּט און כ'האָב מורא געהאַט צו ברענגען אויפן געדאַנק ווו ס'געפינט זיך דער טאַטע, די מאַמע מיט די ברידערלעך, דער זיידע און... ווו באַהאַלטן זיי זיך? צי זיינען זיי כאָטש אַנטלאָפן! ווי לאַנג דאַרף זיך ציען אַ פּאָגראָם? מיט דעם אָנקום פון דער נאַכט האָט זיך די „שמחה" פאַרשטאַרקט. פּאַרטיעס-וויַיז צו 100 מאַן, מיט געשפּאַנען זיינען זיי פון אַלע דערפער געקומען קיין ראַטנע, באַוואָפנטע מיט ביקסן און רעוואָלווערן.



אַ בילד פון מאָסקווע אין 1945. — דער ערשטער רעכטס איז שלמה פּערלמוטער די אַנדערע צוויי, אומבאַקאַנט.

---

שטילערהייט האָב איך זיך אויפגעהויבן. מ'האָט געשאָסן אַרום און אַרום. היטנ דיק זיך בין איך אַדורכגעקראָכן די גאַס. שפּעטער האָב איך זיך דורך גערטנעו און שטעכיקע פּלויטן דערקליבן צו שעפּע לאַנגערס שטוב. איין ווינקל אירער לאָזג זיך אַריין אין אַנאַטאָליעס גערטנער.

די נאַכט האָב איך פאַרטריבן אין אַ ריזאַרע ביי אַנאַטאָליען אין גאָרטן. ס'אי געווען קאַלט. די מלבושים נאַס. די שטילקייט פון דער נאַכט פלעגן אָפט איבעררייס די קוילן-קנאַלן און יידישע קרעכצן אין גאָרטן. דאָ זיינען געלעגן אַברהם גוטמאַ (דער קראַסקער) מיט זיין טאָכטער רייזל, בערייש דעם סופרס און נאָך יידן...

**5טער יולי 1941 —**

אַ קאַלטע נאַכט. דער טוי איז געפאַלן. נאָענט צו טאָג האָבן אונדז שטאַרק אי

בערגעשראָקן סנאַריאַדן-אויפרייסן און פליענדע שטיקער פייער. ס'האָט זיך געטרייסלט די ערד. אַזוי זיינען דייטשן אַריין אין ראָטנע.

אין דער פרי הער איך פּלוצים:

— האַלט! לאָס!

אַ הויכער מערדער, אָנגעטאָן אין גרינס שלעפּט מיך ביים אַרבל.

— „הענדע האָך, לאָס!" — שרייט ער צו מיר און איך פאַרשטיי נישט קיין וואָרט. ער פירט מיך. אין זיין אויסגעצויגענער האַנט אַן אָנגעלאָדענער פלאָווער (רעוואָלווער). אויפן וועג כאַפּט ער נאָך יידן. די קאָלאָנע פאַרגרעסערט זיך. אַלע האַלטן די הענט אין דער הויך, מ'פירט אונדז אונטער אַ ביקסן-שמירה. וווהין? — קיינער ווייסט נישט. פאַרוואָס? — קיינער ווייסט נישט. מ'שלעפּט מענער פון 13 יאָר אָן. ס'איז דינסטיק, ווי אויף צופיקעניש האָט זיך אויך געשטעלט אַ שיינער זומערדיקער טאָג, אַן איין וואָלקנדל. פייגעלעך זינגען,ביימער שושקען זיך מיטן גרינגען ווינטל וואָס ציט פון טייך... אומעטום לעבט מען, אַלץ פרייט זיך. מ'גיט אפילו אַ נייעם פילם, וועגן דעם מעלדן די פריש-צעקלעפּטע פּלאַקאַטן אויף די ווענט. און אין קאָפּ אַריין קומט אַ ביאַליק-אויסגעחזרטע שורה: כי קרא ד' לאביב גם יחד, השמש זרחה, השטה פרחה והשוחט שחט. הונדערטער גייען מיר איצט מיט אויפגעהויבענע הענט אונטער דער דראָענדיקער ביקס. אומעטום פּאַטרולירן דייטשן
אויפגעהויבענע הענט אונטער דער דראָענדיקער ביקס. אומעטום פּאַטרולירן דייטשן.
יידן — טרייבט מען פון אַלע הייזער. די חתונה פאַרגרעסערט זיך.

— פאַרוואָס טרייבט מען אונדז? ווו פירט מען אונדז? פרעגט איינער דעם צווייטן, די פנימער זיינען קיין פנימער נישט. שרעק-מאַסקעס, אויגן פאַרטיפטע פרעגן פ א ר ו אָ ס ? און אַזוי האָט מען אונדז פאַרפירט ביז צום שאָסיי מאַגיסטראַט קאָוולע-בריסק. און אויסגעשטעלט פון דער לינקער זייט אין רייע. אין די גוטע צייטן פלעגט מען דאָ יעדן אָוונט מקבל-פנים זיין דעם קאָוולער אויטאָבוס, אַקעגן די יידן זיינען אָנגעקומען אַ דריטהאַלבן פּאָליאַקן און פופצן, נישט מער, אוקראַינער אין זייט פון קלויסטער.

איך בין אויך געבראַכט געוואָרן אַהער. נאָר, פּלוצים האָט אַ דייטש, איינער פון די אויפקוקערס זיך צעשריגן אויף מיר: לאָס, קינדער, נאָך האוס! נישט ווייסנדיק וואָס כ'טו האָב איך זיך גענומען אומקערן אַהיים. לאַנג לויפן צוריק האָט מען מיך נישט געלאָזט... אַ גרינער בייזער טייוול מיט אַ רעוואָלווער האָט מיך ווידער פאַרהאַלטן... דערווייל בין איך אַדורכגעלאָפן די שטוב אונדזערע. די פענצטער אויסגעקלאַפּטע, קישנס, פעדערן, וועש שיסלען — אַלץ וואַלגערט זיך אין מיטן גאַס. די טירן צעעפנט — — — און ווען כ'האָב זיך געטראָפן מיט די הונדערטער געכאַפּטע יידן האָב איך דערהערט אַ באַקאַנט קול:

— שלומהלע! אַ בראָך איז צו מיר — דו ביסט דאָ-אויכעט-דאָ?!

— זיך אויסגעדרייט — האָב איך דערקאָנט מיין טאַטנס פאַרשוואַרצט פנים. כ'שטעל זיך פאָר ווי ער איז אויסגעווען אין משך פון די טעג? נאָכדעם, ווי כ'האָב זיך דערלאַנגט צו אים אַ וואָרף האָט ער מיר שטאַרק צוגעדריקט און געקושט. כ'האָב דערפילט, ווי גוט ס'איז צו האָבן אַ טאַטן... צוויי טעג האָבן מיר זיך נישט געזען און ס'האָט אויסגעזען מער פון צוויי יאָר.

— וואָס זאָגסטו, טאַטעניו, אַנטלויפן?

— טו וואָס דו ווילסט, אין אַזוינע מינוטן קען אַפילו קיין טאַטע נישט העלפן. דאָס האַרץ האָט שטאַרקער אָנגעהויבן שלאָגן. אין מוח טוישן זיך שנעל די געדאַנקען. טויזנטער מחשבות פאַרפלייצן. איינער ראָט: „אַנטלויף! אַ צווייטער: — ניין! איינער: אַנטלויף — סיי-ווי-סיי טויט! אַ צווייטער: און אפשר איז עס נישט מערער

זוי שרעק, „מען וועט אַפּלאָזן" און אַנטלויפנדיק וועסט געהרגעט ווערן! ס'גלוסט זיך לעבן... איך שטיי אויפן שיידוועג פון טויט און לעבן און ווייס נישט וווהין זיך צו קערן. אַלעמענס פּנימער זיינען פאַרגאָסן מיט בליי. מען זעט נישט קיין מענטשן, נאָר שטיקער טרויער. אַביסל ווייטער, איבער דער דייטשער וואַך, אין די יידישע געסלעך וויינען הונדערטער ווייבער. אַלע מענער, אַלע טאַטעס אוועקגעשלעפּט צו שיסן. קיינעם האָט דער גזלן נישט אויסגעמיטן. יאָסל מיט מאירן, צוויי רוסישע יידן, וואָס האָבן אַ צייטווייליקן מקלט געפונען אין ראַטנע, זיינען אויך דאָ געשטאַנען. דערנענטערן זיך צו זיי איז געווען אוממעגלעך. און אַזוי קוקנדיק אויף זיי האָב איך באַמערקט ווי מען האָט זיי גאָר פון דער שורה אַרויסגעפירט. אַכט דייטשע סאָלדאַטן האָבן זיי אָפּגעפירט. כ'האָב זיי לאַנג נאָכגעקוקט און קיין רו נישט געפונען. צווישן עולם האָט מען גערעדט אַז דער און דער ייד האָט זיי אויסגעגעבן. אויף אים איז אַלץ צו גלייבן. אַזאַ נאָמען האָט ער שוין אין ראַטנע. אַנדערע זאָגן, אַז די אוקראַינישע בעלי־גופים, וועלכע קאָנען אויסגעצייכנט אַלע ראַטנער יידן האָבן אָנגעוויזן אויף זיי, ווי אויף פרעמדע. צו דעם נאָך צוגעגעבן:

— אַט־די, די־אָ האָבן אייך באַשאָסן!

— מער דאַרף מען נישט. די דייטשן האָבן באַפוילן אָפּפירן יאָסלען מיט מאירן. עטלעכע מינוט שפּעטער האָט מען אויסגעוויילט צוויי יידישע בחורים פאַר באַגרעבער (משה לעקאַר און יאָסל מאַסטישטשער). די געוועזענע יידישע רויטאַרמייער זיינען געגאַנגען רואיק צום טויט. ווי ס'האָבן שפּעטער דערציילט די באַגרעבער, האָט יאָסל אַריינגעוואָרפן זיין זייגער אין אַ וואַסער־ראָוו. פאַרן טויט האָט ער געבעטן מודיע צו זיין קיין קאָזימע, אַדעסער געגנט, זייערע נעמען. מען האָט זיי אַריינגעשאַרט אין אַ גרוב, ווי פריער מיט עטלעכע רגעס צוריק האָבן די דייטשן געשאָסן דריי יאַקושיער באַנדיטן, ביי וועלכע מ'האָט געפונען געווער.

די גרוב געפינט זיך אויפן פוילישן צווינטער, ביים רעכטן פּלויט נישט ווייט פון אַריינגאַנג. (דער באַגרעבער חיים מאַסטישטשער איז שפּעטער אויך דערשאָסן געוואָרן).

און דערווייל האָט אונדז אַ הויכער קאַלטער מערדער, אַן אָבער־לייטענאַנט מיט אַ גאַנצער סוויטע דייטשן אַרומגערינגלט. פון אַלע זייטן זיינען צעשטעלט געוואָרן מאַשין־געווער: צוויי ביים קלויסטער מיט אַ גראַנאַט־וואַרפער. פינף קוילנוואַרפערס אין זייט פון טייך און דריי פון ביידע זייטן שאָסיי און אויף אַנדריקעס (דעם קליינעם) שטיבל. אין מיטן שאָסיי איז געשטאַנען און האָט אַ בייזע שרעק געוואָרפן אַ קליינע האַרמאַטקע. די קופּערנע גלאַנצנדיקע קנויל־שנורן האָבן זיך געשפּילט און גערייצט קעגן דער זון.

אַ טויט — אַ שוואַרצער טויט אויף אונדז. קיינער, קיינער האָט זיך נישט גערוכט.

— „רבונו של־עולם", „שמע ישראל", הונדערטער יידישע קרעכצן. „פאַרפאַלן", ברעכן זיך די הענט. אין דער זעלביקער צייט האָט מען אָפּגעלאָזט די געציילטע אוקראַאינער און פּאָליאַקן, זייערע ווייבער האָבן מקבל־פּנים געווען די דייטשן מיט סמעטענע, מילך, אייער און פּוטער. דרייסיק אוקראַאינישע בעלי־גופים, רייכע פּויערים, צווישן זיי: איוואַן כוצעוויטש, ספּירידאָן גריצעוויטש, יאָסיף טאַקאַרסקי, וואַסילי ליעָנאַרטאָוויטש און קאַראַסעוויטש האָבן עדות געזאָגט: „די יידן — די קאָמוניסטן האָבן אין דער נאַכט פון 4טן אויפן 5טן יולי באַשאָסן די דייטשע אַרמיי" וועגן פּאַגראָם, וועלכן זיי האָבן אויסגעפירט נאָך ערב דעם דייטשן אַריינקום, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, פאַרשוויגן. כדי ס'זאָל נישט אויסקומען, אַז די יידן אַליין זיינען גרויסע בריונים האָבן זיי צוגעגעבן, אַז די רוסישע געפאַנגענע, וואָס האָבן געקריגן

א ציטווויליקן מקלט אין שטעטל, האָבן אָנגעפירט מיטן „אָנפּאַל". אמת איז, אַז געציילטע געפאַנגענע סאָלדאַטן אוזבעקן האָבן אויך אָנטיילגענומען אין פּאָגראָם. זיי זיינען געווען באַגלייבט. אונדז האָט מען אפילו נישט געפרעגט. מיר זיינען שטיין געבליבן פאַרגליווערטע. אָן קיין שום שחיטה וועט עס נישט אָפּגיין! דער אבערלייטענאנט האָט באַפוילן אויסצושטעלן אַלע יידן שורות-ווייז — צו פיר.

— אַכטונג!

א ציטער איז אַדורך דער גאַנצער מחנה. ער לייענט דעם פּסק-דין:

— „ווען מיר זיינען אַריין אין שטעטל ראַטנע האָבן אונדז די יידן מיט די רוסישע געפאַנגענע באַשאָסן. דעריבער באַפויל איך פאַרניכטן יעדן פופצנטן יידן און פינפאונדרייסיק רוסישע געפאַנגענע". ס'האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַ פייער. זיין מערדעריש פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט טריופענעם בלוט און פון דער געמבע האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן זלזולים: „איר יידן, איר מלחמה-העצער. צוליב אייך פליסט אונדזער בלוט אויף די שלאַכט-פעלדער; צוליב אייך איז די שלאַכט אויף דער וועלט. איר באַנדיטן, איר אזוינע און אַזוינע... מיר וועלן אייך פאַרניכטן!"



ישראל קאנפער ז"ל
איינער פון די ערשטע דרייסיק
אומגעקומענע קדושים.

נאָך אים האָט אַ יונגער מערדער — אַ מיליטער פּראָקוראָר אין ווייסע הענטש-קעס אָנגעהויבן קלייבן יידן צום שיסן. איך שטיי אַ געליימטער... יעדן פופצנטן שלעפּט ער אַרויס.

— איינס, צוויי, דריי, פיר... פופצן ראַוס אַף רעכטס! און ווייטער איבערגע-חזרט די זעלביקע שפּיל:

— איינס, צוויי, דריי... פינף... איך בין גיין און פופצן ראוס! פ׳רעכטס! און נאָך אַמאָל דאָס אייגענע.

אכט און דרייסיק יידן זיינען אויסגעוויילט און אויסגעשטעלט אויף רעכטס. די דרייסיק (אַזוי האָט מען זיי גערופן) האָבן געפילט, אַז מ׳וועט זיי שיסן... אהרן רייזמאַן האָט זיך געבעטן ביים דייטש ער זאָל אים דערלויבן זיך געזעגענען מיט זיין ווייב, ערשט אַ וואָך פאַר דער מלחמה האָט ער חתונה געהאַט. לייבל שטיינגאַרטן האָט געוויינט. ישראל קאַנפעד האָט געדרייכערט אַיין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן...

פאַר מיינע אויגן האָט מען אָפּגעפירט די רוסישע געפאַנגענע. כ׳האָב אַליין געהערט, ווען מען האָט זיי דערשאָסן. ס׳האָט פלוצים אַ הילך געטאָן דער גאַנצער רוים פאַר אונדז און אַ ציטער האָבן געטאָן אַפילו די דייטשן. מ׳האָט זיי באַגראָבן נאָך מיקאָלעס שטוב, ביי דער סיטשקאַרניע אויף קאָוואַלסקי־גאַס. זיי ליגן אין אַ ברודער־קבר. שווער צו פאַרשטיין צי איז עס די ווירקלעכקייט צי גאָר אַ בייזער חלום. איך שטיי אינאיינעם מיט העכער טויזנט יידן. מיט מיין טאַטן, מיט מיינע קרובים שכנים, חברים, פון אַלע פיר זייטן דרייען זיך אַרום מאָדנע גרינע ברואים. ס׳זשומען אויטאָס, ביקסן שרעקן... כ׳הער אַ באַפעל: אַלע אין עלטער ביז 16 זיך שטעלן אויף רעכטס פון די „דרייסיק״! קלער איך: ווו איז בעסער שטיין? בלייבן צוזאַמען מיט אַלע יידן אָדער אַרויסגיין צוזאַמען מיט די חברים? אפשר וועט מען אַלע לעבן לאָזן און אונדז, דעם יונגן דור פאַרניכטן? און אפשר פאַרקערט, אויף אונדז די יוגנע האָט דער לייטענאַנט רחמנות און וויל אונדז לעבן לאָזן? דער דייטש האָט דען נישט אַזוינע קינדער ווי מיר? וואָס זיינען מיר שולדיק? און אַזוי טראַכטנדיק האָב איך באַמערקט דעם טאַטנס ווונק. כ׳בין אַריבער צו די יונגע. דאָס מאַשין־געווער איז געווען אָנגעשטעלט ממש אויף אונדז... אויף מיר. אַ קליין פאַרביסן דייטשל מיט אַ האַקנקרייץ אויף דער ברוסט דרייט זיך אַרום אונדז. כ׳הער ווי ער זאָגט דעם צווייטן:

— האַנס! דערלאַנג מיר דעם פּאַטראָנענטאַש!

האַנס לויפט שנעל צום אויטאָ, געציילטע מינוטן און דער מערדער בראָגט דעם מלאך־המות. דער קליינער מגושמדיקער סאָלדאַט קוועטשט אַרויס פון דער לאַנגער טאַשמע פּאַטראָנען און זעצט זיי אין מאַגאַזין. די ביקס שטעלט ער אָן אויף מיר. איך בויג זיך איין... ער לאַכט, אַ גדולה. ער פרייט זיך און אין זיין לאַכן מיט אַ מאָדנער פאַרביסנקייט רעדט ער צו אונדז:

— האַ, פאַרדאַמטע יידן, הויטע ווערדט איר אַלע טאָט געשלאָגן!

מיר זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין דריי גרופן: אין דער ערשטער — אַלע יידן; אין דער צווייטער — די אויסגעוויילטע „דרייסיק״ און דער דריטער — די קינדער ביז 16 יאָר. צווישן זיי אויך — איך. קיינער האָט נישט געוווּסט אין וועלכער ריי איז בעסער און באַוואָרנטער צו שטיין. מיטגלידער פון יעדער משפחה זיינען צעוואָרפן אין אַלע גרופן. איך למשל, געפין זיך מיט די קינדער, דער טאַטע מיט אַלע יידן, יאָסל צווישן די אויסגעוויילטע. לאַנג איז נישט אויסגעקומען צו צווייפלען אין וועלכער ריי איז זיכער צו שטיין. דער אָבערלייטענאַנט האָט באַפוילן „אָפּפירן״ די אויסגעוויילטע. מיר האָבן שוין געוווּסט וווהין. יעדערער איז פאַרשטאַרט געוואָרן. איך ווייס נישט פאַרוואָס, כ׳האָב זיך דאַן פאַרקוקט אויף פעטער אשר, וואָס האָט פאַרטראַכט צונויפגעזשמורעט די אויגן, דאָס מויל אָפן און מיט דער רעכטער האַנט זיך געשויבערט די באָרד. ס׳גייט דורך אַ מינוט און צוויי און דריי. אַ מאָדנע אָנגעשטרענגטקייט... פון מאָל צו מאָל טוט זיך רעכטס אָדער לינקס פון אונדז אַ צי אויס אַ שנורל טראַסירנדיקע קוילן. באַוואַכט פון אַלע זייט

**דורך צענדליקער דייטשע זעלנער האָבן זיך די 38 ראַטנער יידן אויך געלאָזט אין לעצטן וועג.**

חנאלע שטיינגארטן איז געשטאַנען אינײנעם מיט מיר. ער האָט געוויינט. זיין טאַטע מיט ישראלן — מיט אַלע יידן. לייבל — זיין עלטערער ברודער — מיט די אויסגעוויילטע. אַ לאַנגע צייט האָבן זיי זיך איבערגערעדט צווישן זיך.

— לייבל, אונדז וועט מען שיסן?

— ניין! (ענטפערט אים לייבל), — מען וועט נאָר א ו נ ד ז שיסן; — אייך ניט.

— אונדז נישט? גוט!

צווישן די אויסגעוויילטע זיינען געווען: אהרן סאָליאָפּ, אברהמטשיק סאָליאָפּ, חיים קליין, אברהם בלאָושטיין, יאָסל פּערלמוטער, אהרן רייזמאַן, נוה ראַין, ישראל קאַנפער, לייבל שטיינגאַרטן, יאָסל מאַסטישטשער, יאַנקל קלאַדנער, וועלוול אברך (ינובר) א. א.

— זייט געזונט יידן — — — זייט געזונט! — האָט דאָס לעצטע מאָל אויסגע־רופן, פון די אויסגעוויילטע, יאָסל. די האַנט זיינע האָט אַ פלאַטער געטאָן... אָבער ווער האָט עס געזען און ווער האָט עס געקאָנט צוהערן. יעדערער איז געווען פאַרטאָן מיט זיך. העכער זעכציק דייטשן האָבן געטריבן די דרייסיק.

אַ רגעלע שפּעטער איז אַ דייטש אַריינגעלאָפן צווישן עולם-יידן און האָט שטי־לערהייט געפרעגט ווער עס וויל גיין אַלס באַגרעבער... די אויסגעוויילטע זיינען נאָך געגאַנגען מיטן שאָסיי... „איך ־ איך" רופן זיך אויס ברידער און טאַטעס פון די פאַרמישפּטע. זיי ווילן האָבן דאָס גליק צו זען זייערע זין, ברידער אַ לעצטן מאָל. יענקל שטיינגארטן מיט ישראליקן, יאנקל קאַנפער און נאָך טאַטעס האָבן אויך באַגראָבן די דערשאָסענע.

און דאָרט אויפן פּלאַץ, נישט ווייט פונעם פּוילישן צווינטער, דאָרט שטייען נאָך דערוויל די לעבעדיקע מתים. יאַנקל שטיינגאַרטן מיט ישראליקן קוקן... זיי זעען זייער לייבלען, ווי ער רייסט זיך צו זיי... אַ סך טוען אַזוי.

פלוצים באַפעלט מען זיי זיך אויסדרייען — זיי פאָלגן. די הענט, הייסט מען זיי האַלטן אויפן קאַרק — זיי פאָלגן. זיי שטאַרקן זיך... אָט, אָט נאָך אַן אויגנבליק; יאַנקל שטיינגאַרטן מיט יאַנקל קאַנפער זיינען צוגעלאָפן בעטן די דייטשן: טייערע הערן! דערלויבט אונדז צו פאַרבייטן אונדזערע זין. זיי זיינען נאָך יונג... שיסט אונדז!

— לאָס! מיר קענען אייך אויך שיסן, לאָס!

אַ לאַנגער אמתדיקער בליץ און די קדושים זיינען געפאַלן.

— באַגראָבט זיי אייערע זין... די באַנדיטן! — האָט עמיצער געלאַכט.

די דייטשן זיינען אַוועק. נאָענטע האָבן זיך וועקגעוואָרפן צו די קערפּערס. מען האָט שוין קיינעם נישט געקאָנט דערקאָנען. די קוילן האָבן זיי צעפּרעסן און צעלעכערט...

---

...פון די דרייסיק האָט נאָר בנימין בירברייער מיט שמעון-בער פראַך אָפּגע־גליקט. ווייזט אויס זיי האָבן מערער פון אַלע געוואָלט לעבן. ב נ י מ י ן ב י ר ־ ב ר יי ע ר האָט ביי אונדז אין שטעטל דעם מאָנאָפּאָל אויף וואסער. ער איז דער שטאָטישער וואסער-פירער. מען רופט אים: אַניומען איך אַ וואסער — איך אַ לאָקש. מיט אוקראַינער רעדט ער יידיש, כאָטש ער שעלט נישט שלעכט גויש. ווינט נאָך

די קליאטקעס איבערן טייך אַקעגן דער גאַרבעריי. אין שטעטל לויפן אים נאָך די קינ־דער. ער איז אַ האַלב־משוגענער. און אַט אין די לעצטע מינוטן האָט ער באַוויזן זיין קלוגשאַפט. שטייענדיק מיט די אויסגעוויילטע האָט ער זיך איבערגעשריגן און גע־בעטן לוי־יצחק בענדער, אַ ייד אַ בעלי־בית און אברהם־ציק סאַלאַפ.

— קומט זיך בייטן, איך בעט אייך, כ׳דאַרף נאָך געבן עסן דעם פערד, ער וועט אויסגיין! קיינער האָט אים נישט געענטפערט. אַזוי ריידנדיק האָט ער זיך אַ דריי געטאָן, אַריינגעדרייט אינעם עולם און אויסגעמישט. ס׳האָט אים אָפּגעגילט...

שמעון בעקער פּראַך — אַ היזיקער יונגערמאַן (שרה אַן דער האַנטס זון) בימי פּוילן איז ער געווען אַ קליינהענדלער, ביי דער ראַטנמאַכט אַ שאָסיי־אַרבעטער. ער איז אויך אַריינגעפאַלן צווישן די אויסגעוויילטע. שמעון־בער האָט אַ וואַרף־געטאָן אַ קליין פּעקעלע, וואָס ער האָט נאָך מיטגענומען זונטיק אַרויסלויפנדיק פון שטוב, מיטן געדאַנק זיך קאָנען אויסקויפן דאָס לעבן... כלומרשט גייענדיק עס אויפהויבן האָט ער זיך פאַרמישט אינעם גאַנצן עולם. ער איז ניצול געוואָרן...

און מיר שטייען נאָך אויפן שאָסיי, הערן דאָס שיסעריי, קלערן: די וואָס זיינען אָט־דאָ געשטאַנען שוין נישטאָ.. טויט; און קיין סך טאָר מען אָבער נישט קלערן, כ׳ציטער פאַר זיך. געציילטע מינוטן און דער דייטש זאָגט: „לאָס, קינדער נאָך האוס?"... כ׳בין צעדולט... וואָס הייסט א ה יי ם ? איך ג יי אַ היים? מען גייט נאָך אַ היים? און נישט וואַרפנדיק אַפילו קיין בליק צום טאַטן בין איך אַנטלאָפן פון פּלאַץ. פון שאָסיי צו אונדז, לענגאויס דעם טייך ברעג איז נישט ווייט, אפשר אַ האַלבער קילאָמעטער. כ׳בין געלאָפן אַ סך מערער. דורך פעלדער און גערטנער, פּלויטן און הינטערגעסלעך, אַרום און אַרום דאָס שטעטל, בין אַריינגעלאָפן אין שטאַל אַריין און פאַרקראָכן אין סיטשקע. דאָ אויף דער וואַנט אין שטאַל, האָב איך דאָס ערשטע מאָל פאַרשריבן די נעמען פון די צוויי רוסישע יידן — יאַסל זיקנער און מאיר פּליט, פון קאַדרימע, אַדעסער געגנט. כ׳בין געלעגן ביז פאַרנאַכט. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געהערט געוויינען און געשווייען... יעדער משפּחה האָט באַ־וויינט אירע קרבנות.

אביסל שפּעטער, נאָך דעם, ווי מ׳האָט אונדז צעטריבן האָבן די דייטשן אויך פריינעלאָזט די רעשט יידן.

— גייט אַהיים! נאָר אויב מען וועט הערן אַ שאָס אין ראַטנע, הייסט עס, אַז ס׳איז פאַראַן געווער ביי אייך. און אויב געווער, איז ביי וועמען אויב נישט ביי יידן? דאָס גאַנצע שטעטל, אַלע יידן, ק אַ פּ ו ט !

— לאָס — לאָס! און קלעפּ געגעבן, די יידן זיינען זיך צעלאָפן. אַ טייל מערדער זיינען באַלד אָפּגעפאָרן אין קאָוולער ריכטונג.

אויפן הרוגים־פּלאַץ. אַהער איז געקומען יעדע משפּחה צונויפנעמען אירע קדושים. איך אַליין בין דאָרט נישט געווען. דער טאַטע האָט מיר דערציילט. ער איז געגאַנגען באַהאַלטן זיין ברודערס זון — יאַסלען. מ׳האָט זיך נישט געקאָנט שיידן. זיך געטוליעט צו די מתים ווי צו לעבעדיקע, געוואָלט זיך טיילן מיטן לעבן. פאַר־נאַכט האָט מען זיי געבראַכט אויפן נייעם בית־עולם...

נאָך איינעם פון די אויסגעוויילטע צום טויט איז אויסגעקומען בלייבן מיט די לעבעדיקע. פאַרן שאָס נאָך האָט יאַנקל קלאַדנער זיך געמאַכט אַנידערגעפאַלן. די דייטשן האָבן עס נישט באַמערקט. ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן. טויטע זיינען אַני־דערגעפאַלן אויף אים און מיט זייערע קערפּערס אים פאַרשטעלט. שפּעטער איז ער אַרויס אַ נאַסער פון בלוט און אַ לעבעדיקער. ער האָט זיך נאָך געפרעגט:

— שוין פאַרענדיקט?

— יאָ!

ער האָט זיך אויפגעריסן און אַוועק מיט די פעלדער. דאָס בלוט האָט זיך גע־גאָסן פון אים, ווי פון אַ געשאָכטענעם קאַלב. די באַגראָבער האָבן אים נאָכגעקוקט און זיינען געווען זיכער, אַז ער וועט ערגעץ־ווו פאַלן אַ קרבן אין פעלד — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די זון איז פאַרגאַנגען אין בלוט־פלעקן. אַ געוויינלעכער זונען־פאַרגאַנג אין ראַטנע. קיינער האָט זיך נישט געלייגט שלאָפן. מ'האָט באַוויינט די הרוגים. דער בית־עולם איז „רייכער" געוואָרן... 38 יידישע קברים, בערגלעך פרישע זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין משך פון צוויי־דריי שעה. אַרום פלויט אין דער לינקער זייט ליגן זיי. אין גוטע צייטן וואָלט דער בית־עולם געוואָרט אַכט און דרייסיק יאָר און ווער ווייסט, צי ס'וואָלטן אים אַזוינע מתים אַריינגעפאַלן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**8טן יולי 1941. —**

אין שטאָט זיינען דאָ דייטשע אָפיצירן. מ'שמועסט, אַז זיי זיינען עס די „אָרטס־קאָמענדאַנטור". צו זייערע צוועקן האָבן זיי פאַרנומען צוויי יידישע הייזער: יהודה־לייב ווירניקס און מאָטל טעקטינערס. פּאַרמיטיק איז געקומען לכבוד דער נייער מאַכט אַ גרויסע צאָל אוקראַינער פון דער אומגעגנט. זיי האָבן דורכגעמאַר־שירט די שטאָט מיט נאַציאָנאַלע געל־בלויע און דייטשע פענער. דעם פּאַראַד האָט אויפגענומען: אַ דייטשער אָפיציר, דער אוקראַינישער טאַלמאַטש (איבערזעצער) שאָך, דער אוקר. קאָמאַנדאַנט דאַנילעוויטש און דער בירגערמייסטער כאַצעוויטש. זיי זיינען געשטאַנען אויף אַ טריבונע, וואָס איז ספּעציעל אויפגעשטעלט געוואָרן ביי דער רעמיזע (די געביידע פון די פייערלעשער). די דעמאָנסטראַנטן האָבן מיט גוואַל־דיקער התפּעלות געזונגען לידער און געהויבן הענט. דער דייטש האָט סאַלוטירט. דעמאָנסטראַנטן זיינען געווען אַ סך. די „קייט" האָט אָן איבעררייס אַרומגענומען דעם פּירעק, וואָס ווערט איינגעשלאָסן צווישן די גאַסן: מיצקעוויטש (צענטראַל) דעם מאַרק, קזשיוואַ און שאָסיי. נאָך אַ הקפה איבערן פּירעק האָבן זיי זיך פאַר־זאַמלט אַרום דער רעמיזע. מיט אַ רעדע איז אַרויסגעטראָטן דער דייטשער לייטע־נאַנט: „די באָלשעוויקעס זיינען צעקלאַפּט. אַ קליינע באַנדע בלויז שלאָגט זיך נאָך מיט אונדז. ס'איז אַ נישטיקער כוח, אָבער כדי עס זאָל קומען דער ענדגילטיקער שלום, באַדאַרפט איר, אוקראַינער, אונטערהעלפן דער קעמפנדיקער אַרמיי מיט אייער תבואה, מיט אייער אַרבעט. זאָל לעבן די „נויע אָרדנונג" אויף דער גאַרער וועלט. פאַר יידן וועלן מיר מאַכן „שבת" פאַר פּאָליאַקן — זונטיק און פאַר אייך און אונדז אַ חתונה".*)

דעם עולם איז, ווייזט אויס, שטאַרק געפעלן די רייד... מ'האָט שטאַרק אַפּלאָ־דירט. באַלד איז דעם אָרטסקאָמאַנדאַנטס רעדע איבערגעזעצט געוואָרן אין אוק־ראַיניש. די רייד וועגן אָפּגעבן די תבואה, האָט דעם עולם אָביסל נישט געשמעקט. דער פריידיקער גלאַנץ האָט זיך אָביסל פאַרטונקלט... זיי האָבן געוואָרט אויף „נעמען" און נישט אויף „געבן". די לעצטע ווערטער „פאַרן אוקראַינער אַלץ" — האָט אָביסל

*) גענויע קאָפּיעס פון אוקראַיניש.

געהויבן די שטימונג. אין צייט פונעם יום-טוב האט מען קיין יידן נישט געזען אויף דער גאס. בלויז קינדער זיינען ארומגעקראכן. איך בין געזעסן ביי אברהם בארג אין שטוב (וועלכע איז אקעגן דער רעמיזע) און האב אלץ אויסגעהערט. אזוי האבן אוקראינער אויפגענומען די דייטשע מאכט.

דער פעטער אשר לעקער האט אפילו שפעטער געזאגט: „זאלן זיי זיך פרייען דערווייל. פונעם דייטשס רייד אליין קומט אויס, אז ער וועט ז י ך מיט די אוקראי־נער אין איינעם „חתונה מאכן"...

9טן יולי 1941. —

פון קאוולע קומען אן שווערע בשורות. קליין און גרויס גייט אום אן קעפ. זיי האבן ארומגערינגלט ווארשעווער גאס, ארויסגעפירט העכער 300 יידן (בלויז מענער) און זיי אפגעפירט אין דער זייט פון די קאזארמעס. דארטן האט מען ביים באן־פליגל אויסגעשאטן פון א פאראוואז הייסע קוילן און מ'האט די יידן באפוילן טאנצן. נאכן טאנצן האט מען זיי ווידער געפירט אין די קאזארמעס. די קאוולער יידישע קהילה באמיט זיך ראטעווען די יידן מיט אלע מיטלען. וועגן דעם אומגליק ווייסן שוין אויך ראטנער אוקראינישע מיעשטשאנעס. אייניקע זאגן שוין: מ א ר ג ן וועט איר ביי אונדז אויך טאנצן.

12טער יולי, 1941.—

— — — — איך זיץ איצט ביים פענצטער פון אונדזער פעדערשטן צימער און שרייב. ס'איז א צושטאנד, ווי פאר א שטורעם. שטיל און רואיק. דער מארק איז טויט. אלע קלייטן זיינען געשלאסן. אט לויפט ארויס פון שיע באקלערס געסל א קינד און פארשווינדט צוריק. ס'ווערט ווייטער ליידיק און פוסט... און אין שטוב ווייסט מען גארנישט. נישט קיין צייטונג און נישט קיין ראדיא. מ'לעבט פונקט, ווי ס'האט אמאל דערציילט דער זיידע, אין די צייטן פון די אבות. פאר אלץ האט מען מורא — פאר אלץ שרעקט מען זיך. דער בית-מדרש איז דער קוואל פון נייעס. פון דארט קומען אלע גוטע און שלעכטע בשורות. מ'רעדט און מ'זאגט... דערווייל איז אין שטעטל שטיל. א בית-עולמדיקע שווערע געפרעסטע שטילקייט. א שטילקייט וואס קומט נאר אז פאר א שטורעם. — — — —

14טן יולי, 1941. —

באפעל נומער 1: צו דער יידישער באפעלקערונג פון שטאט ראטנע!

די ראטנער פאליציי - קאמאנדע אין נאמען פון דער דייטשער ציווילער מאכט באפעלט דער יידישער באפעלקערונג, אין עלטער פון 10 יאר און ווייטער, אנטאן אויפן רעכטן האנט ווייסע אפאסקעס מיט בלויע מגן-דודס. פאר נישט אויספירן דעם באפעל, וועט מען ווערן צוגעצויגן צו פאראנטווארטלעכקייט.

קאמאנדאנט פון שטאט (מיראניוק)

באפעל נומער 2: א כ ט ו נ ג ! ! !

פון מארגן אן איז יידן פארווערט צו ריידן מיט אוקראינער. ס'איז פארווערט זיך גריסן. פון 5.30 אוונט ביז 6 פרי איז פארווערט ארויסצוגיין אין גאס.

(דאנילעוויטש - מיראניוק) ,

אין שטוב איז טרויעריק. דער טאַטע זיצט ביים תהילים. (ער איז זייער פרום געוואָרן!) און די מאַמע ליסטשעט־אוים בעבלעך אַרויסגענומענע פון אונדזער גאָרטן. שיקעלע לייענט: „ילדי רב החובל גרנט". מאַטעלע איז נישטאָ. איך פאַרשרייב... פאַרנאַכט וויל איך עס איבערלייענען דעם זיידן. ער איינער אליין האָט געדולד מיך אויסהערן.

— — — נאַכמיטיק־צייט בין איך מיט נאָך עטלעכע חברים אַריינגעפאַלן אין וואַנקע קאַמאַראַוועדס הענט. ער האָט אונדז געניים פאַרברענגען דאָס מיסט. שפּע־טער האָט ער אונדז באַפוילן קומען מאָרגן הייצן די פליטע און האַקן האָלץ פאַר דער קיך. אהיים בין איך געקומען ווען ס'האָט געטונקלט. געכאַפּט „עפּעס־וואָס" פון דער מאַמען. כ'שרייב נאָך די קלעפּ. אָט זאָגט זי דער מומע כאַסיע־ברײינען:

— אַזאַ אָנשיקעניש, אַ גאַנצן טאָג נאָר ס'קריכט אַרום אין די גאַסן!

16טער יולי, 1941. —

נאָך ליגנדיק אין בעט האָט מיר דער טאַטע געזאָגט:

שלוימעלע! טו זיך גיכער אָן און לויף אין פּאָליציי (אַרבעט־שטעלע).

— וואָס איז, טאַטע?

— גיי זונדעלע טייערס! היינט איז דאָ אַ נייע גזרה. די אוקראַינער מיט די דייטשן פאָדערן אַרויס אַלע יידן אויפן שאַסיי. מ'איז שוין געווען ביי מיראַניוקן און ביי דאַנילעוויטשן. זיי זאָגן צו, זוער ווייסט וואָס ס'וועט זיין מיט אונדז.

— טאַטע, אויב אַזוי וויל איך נישט בלייבן אַליין — — —

אַזייגער ניין איז דאָס גאַנצע שטעטל אַרויס אויפן פּלאַץ (ס'איז געווען העכער 3.000 יידן, דאָרפישע יידן האָבן געקריגן אַ באַפעל צו וווינען אין ראַטנע). אפילו זויג־קינדער האָט מען מיטגעבראַכט. נאָך דעם ווי אַלע האָבן שוין כמעט ווידוי אָפּגעזאָגט האָט דער פּוילישער לערער אַנטאַני צעליוק באַפוילן אַלעמען גיין מאַכן אָרדענונג אין די אַנשטאַלטן פון דער געוועזענער סאָוועטישער מאַכט. זיי האָבן פשוט מורא געהאַט אַריינגיין אין די א. ד. הייזער צוליב אַ חשד פאַר פאַרזייטע מינעס. די אַרבעט איז דורך בשלום.

17 יולי 1941. —

היינט איז געשאַפן געוואָרן אַ „יודנראַט" לויט אַ באַפעל פון דער דייטשער ציווילער מאַכט. פאָרזיצער איז געוואָרן דוד־אהרן שאַפּירא. מיטגלידער: לייבל גראַבאָו, פישל שוסטער, יאָסל שניטער, אשר לעקער, נחום רייסקים, איצל גראַבאָוו, ישראל־דוד פיינטוך, מענדל בלאָט, יצחק חיט (לייבלס זון), דוד שטיינגאַרטן און יאַנקל ליבערמאַן.

פּאָליציאַנטן: יונה שטערן, קלעפּאַטש עוזר, לאַרבער, יאָסי לייוונט.

קוריער: איסערקע שטערן.

דער „יודנראַט" געפינט זיך אין הויז פון יאַנקל ליבערמאַן, אויפן אַרויסגעהאַנ־גענעם שילד די אונטערשריפט:

(עס קומט אוקראַינישער אויסלייג)

פאַרנאַכט האָב איך געבראַכט דאָס ערשטע צעטל פון ראַיאָן־קאָמאַנדאַנט צו דוד־אהרנען, כ'האָב עס איבערגעגעבן:

(עס קומט אוקראַינישער אויסלייג)

עס לייענט זיך דאָס צעטעלע ווי פאָלגט:
צום פרעזידענט פון ראָטנער קהילה, הער שאַפּיראָ!
אומבאדינגט מיר צו שיקן פאָלגענדעס:
1) אַ בלויען באסטאנער קאָסטיום.
2) 3 זיידענע בלויע העמדער.
3) צוויי בלויע בינדעס (גאלסטוקי).
4) האנטוכער.
אונטערגעשריבן קאָמענדאַנט ס. דאַנילעוויטש.

**2טן אויגוסט 1941. —**

דער קאָמאנדאנט האָט מיך אַריינגערופן צוריק און געהייסן איינהייצן די פּליטע. קיין האָלץ איז נישט געווען. ווען כ'האָב זיך געלאָזט ברענגען שפּענער פון דער אלגעמיינער קיך האָט ער מיך פאַרהאַלטן און געפרעגט:

— און דאָס וואָס ליגט אויפן פאָל איז ווינציק פאַר אַ „פּרעזשניצע"?

כ'האָב אָנגעהויבן בלאָנדזשען מיטביידע אויגן. אין צימער איז געווען פינצ־טער און אויף דער גאַס פאַרנאכטיק. דאַנילעוויטש האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע. אין ווינקל נישט ווייט פון דער וואַסער איז געלעגן אַ בערגל ביכער. דער פאַרמאַט זייע־רער און די לעדערנע איינבינדונג האָבן מיר גלייך געזאָגט, אַז דאָס זיינען גמרות. כ'האָב תיכף פעסט באַשטימט אין זיך, אַז כ'וועל בשום אופן נישט ברענען קיין יידישע ביכער אַפילו כ'זאָל דאַרפן אויסשטיין ווייס־איך־וואָס...

דאַנילעוויטש האָט אוודאי עפּעס פאַרשטאַנען פון מיין קרומען קוק און איז צו־געפאַלן צו מיר ווי אַ שאַקאַל. אָנגענומען ביים קאָלנער, האָט ער מיך אַ ריס און שליידער געטאָן אויף דער ערד. געטראָטן מיט די פיס און דורך זיינע טריפה ציינער האָט זיך דורכגעזויגן אַ אוקראַינישע „ברכה".

— זשידאָווסקאַ כאַראַ! צו גוט איז אייך ביי מיר!

כ'בין געלעגן און געפילט ווי ס'צעגייט זיך מיר אַ וואָרעמקייט איבערן גאַנצן קערפּער. פונקט אַזאַ וואָרעמקייט וואָס ס'נעמט אַרום אַ מענטש אין אַ הייס־הייסער וואַננע. כ'ווייס נישט צי ס'איז אמת, צי גאָר האָט זיך מיר אויסגעדוכט, דער מערדער האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע, ס'האָט אַ קריין געטאָן דאָס טירל פון פּליטע. מיט צעיר־שעטער רציחה האָט ער אָפּגעפליקט די לעדערנע טאָוולען פון ספר. זיי פּרובירט צינדן. זי האָט געברענט די גמרא, זי האָט אַפילו געפלאַקערט און אין דער גרויסער גאַלאַמין־פאַטעלניע האָבן פאַמעלעך אָנגעהויבן סיקען צעשניטענע שמיקער חזיר... און ווו איז אונדזער גאָט? פאַרוואָס לאָזט ער פּרעגלען חזיר אויף גמרות?

שפּעטער האָט מיך עפּעס אַ כוח אָנגענומען ביים קאַרג און אַרויסגעשאַרט פון שטוב. כ'בין פאַרקראָכן אַהיים. — — — — — — — — — —

**12טער נאָוועמבער 1941. —**

גאַנץ פרי בין איך געווען אין פּאָליציי. כ'האָב אָנגעהאַקט האָלץ פאַר דאַנילע־וויטשן. ס'איז נישט געווען קיין ברענהאָלץ האָט מיר דער קאָמענדאַנט באַפוילן אָפּ־רייסן די זשערדעס פון יידישע פּלויטן. שפּעטער האָט מיר דאַנילעוויטשעכע געשיקט נאָך מילך. כ'האָב געבראַכט. דערנאָך האָט זי מיך געשיקט סמעטענע קויפן. כ'בין נעגאַנגען. ווען כ'האָב זיך אומגעקערט האָב איך געטראָפן צוויי יידישע מיידלעך וואַשן דעם פאָל ביים קאָמענדאַנט. מיינע צוויי שול־חברות. זיי האָבן זיך ביידע פאַררויטלט, ווען כ'בין אָנגעקומען. כ'האָב אויף זיי כמעט ווי נישט געקוקט.

ביינטאָג־צו האָב איך זיך אָפּגענודיעט פיר שעה ביי פעדיאָן אין שטוב. וואָס

קומט אַרויס אַז כ׳לערן זיי? אַזוינע גראָבע קעפּ: היינט ווייז איך זיי — מאָרגן פאַרגעסן זיי. זיי פאָלגן נישט און לאַכן מיך אויס. וועלכע צורה האָב איך אין זייערע אויגן, אַז איידער כ׳גיי צו צום למוד, זעען זיי מיך הייצן ביי זיי אין הרובע, האַלץ האַקן, טראָגן וואַסער?...

היינט, בעת דער לעקציע, האָט זיך דעם קליינעם פּעטקע פאַרגלוסט אַ טרונק וואַסער. קיין וואַסער איז פּונקט נישט געווען. מיין תלמיד האָט זיך אָנגעצונדן אויף מיר און כ׳האָב געמוזט אים לויפן ברענגען וואַסער פון קאַטיענס-ברונעם. נאַ דיר אַ לערער און האַלט זיך!

ווען כ׳בין אַרויס אַ פאַרשוויצטער פונעם „חדר" האָב איך געטראָפן אברהם מאָגיליאַנסקי. מיר האָבן פאַרפירט אַ שמועס.

פּאַמעלעך אַזוי גייענדיק זיינען מיר פאַרקראָכן מיט דער קאַוואַלסקי-גאַס ביז צום פּוילישן צווינטער.

— דו זעסט? דאָ איז אַ קבר... דאָ ליגן זיי — זאָגט איך פּלוצים אברהמען.

— ווער?

— מאיר און יאָסל!

אַ קליין פּירקאַנטיק בערגעלע אַרום דעם רעכטן פּלויט פון בית-עולם. ס׳איז נאָך נישט באַוואַקסן נישט מיט קיין גראָז און נישט מיט קיין דערנער. ס׳איז פּוסט... די ערד איז נאָך פריש.

דאָ ליגן צוויי יונגע רוסישע יידן — צוויי יונגע לעבנס: יאָסל און מאיר.

— אברהם! זאָג ווי אַזוי מאַכן אַ סימן? זאָג, ווי אַזוי מאַכט מען ס׳זאָלן קומענדיקע דורות וויסן, אַז אַהער, אויף דעם פּוילישן בית-עולם האָבן פאַרבלאָנדזשעט צוויי יידישע בחורים פון רוסלאַנד. ווי אַזוי זאָלן זיך דערוויסן פון זיי אַ פאָטער-מוטער?

— דו ווייסט וואָס, — זאָגט מיר אברהם, — לאָמיר דערווייל אַרויפלייגן אַ שטיין און שפּעטער וועלן מיר זאָגן דעם יודענראַט מען זאָל זייערע קערפּערס ברענגען צו קבר ישראל.

מיר האָבן אָנגעקליבן אַ סך שטיינער און אַוועקגעלייגט אויפן קבר. יאָסלען מיט מאירן איז נישט שווערער געוואָרן. זיי פילן שוין גאָרנישט. אברהם האָט מיט אַ רויטן בלייפעדער אָנגעשריבן זייערע נעמען אויפן פּלויט. איך האָב אים דיקטירט: „יאָסל זיקנער, מאיר פליט — קאַדימע, פּלך אודיסה. הנעימים והנאהבים שבחייהם ובמותם לא נפרדו. נרצחו ע״י הגרמנים ב6 לחדש יולי 1941".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**(דער דאַטום איז פאַרמעקט). —**

זונטיק. אַ שיינער פרימאָרגן. איך בין נאָך געליגן און געדרעמלט אין איינעם מיט מיינע ברידערלעך אויף דער ערד, ווען דער טאַטע האָט אַריינגעבראַכט די נייעס. עפּעס הער איך „פאַרטיזאַנער", „דייטשן". כ׳פאַרהייב אַביסל העכער דעם קאָפּ, מאַך האַלב-אויף די אויגן און כ׳הער:

„די נאַכט האָט ראַטנע באַזוכט אַ גרופּע פאַרטיזאַנער. זיי האָבן דערשאָסן ביידע זאָנדערפירערס: טענענבאַומען און מאַדערן; צוגענומען דאָס גאַנצע געווער פון דער אוקראַאינישער פּאָליציי, איבערגעריסן דעם טעלעפאָן, אויסגערייניקט די באַזע פון פּראָדוקטן. אַ גאַנצע נאַכט איז געווען „פריילעך".

געמישטע געפילן. פון איין זייט די פרייד. ווער האָט זיך עס געגלויבט, אַז דער נעכטיק-אייערנעכטיקער שיין געפּאַשעטער ווילדי טענענבאַום, וואָס רייט אַרום אַזוי זיכער אויפן פערדל, האָט זיך איבערגעדרייט אין אַ קאַלוזשע בלוט אויף זיין אייגן

בעט?... אים האָט זיך זיכער געדאַכט, אַז ער וועט דעם קריג איבערלעבן אין אַזאַ פאַרוואָרפן שטעטל, ווי ראַטנע איז...

פון דער צווייטער זייט: טונקעלע פאָרגעפילן אַז ס׳וועט שוין גלאַט נישט אָפּגיין. עד לחשבון מיט די פּאַרטיזאַנער וועלן זיי אונדז באַצאָלן. דייטשן צאָלן „גאַנץ גוט". אין שטעטל האָט זיך דערפילט דער ריח פון ערב שחיטה.

זונטיק איז עס געווען און ס׳האָט אין קלויסטער געקלונגען. ווען כ׳האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, כדי זיך דערוויסן מיט וואָס ס׳ענטפערט די גאַס אויף דעם געשעענעם, האָב איך געזען דאָס זעלבע ווי אַלע זונטיקן. גרופּעס אוקראַאינער אויסגעפּוצט יום-טובדיק האָבן זיך געלאָזט אין קלויסטער אַריין. אַלע אין איין ריכטונג... מאַנאָטאָן, רואיק. נאָר פּלוצים וואַרפט זיך אַרויס פון ערגעץ אַ געסל אַ ייד. שניידט דורך די גאַס פונקט ווי אַ פוקס דעם שליאַך און פאַרשווינדט צווישן די הייזער. איך פאַרשטיי וווהין ער לויפט. כ׳פאַרשטיי, ווייל כ׳גיי אויך דאָס זעלבע טאָן... און די מאַמעלע האָט מיר אַ לעבל ברויט אין האַנט געגעבן, שיקעלען אַ גלאָז פּוטער. געזעגנט זיך מיט אַ קוש און אַוועק זוכן אַ מקלט ביז ס׳וועט אַריבער דער שטורעם. דער טאַטע מיט מאַמעלען זיינען אויך אַזוי אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. די מאַמע מיטן זיידן און די מומע כאַסיע-בריינע זיינען פאַרבליבן אין שטוב. אויב גאָט וועט העלפן און ס׳וועט רואיק זיין וועלן מיר זיך טרעפן ווייטער לעבעדיקע. הלוואי מיר זאָלן געשטראָפט ווערן מיטן שרעק...

פאַמעלעך זיינען מיר דורך די קליאַטקעס איבערן טייך. דאָ מיט נאָך אַ גרופּע חברה (יאָשקע גינזבורג, יאַנקל זאסק, יאָסעלע קעטשקער) זיינען מיר אַרויסגעשווימען דורך אַלע גויאישע הינטערגעסלעך אויף די ריסקעס, אונטער דער שטאָט. גיך אַדורך די פעלדער מיט קאָרן און אַריינגעלאָזט אין דער בלאָטעדיקער לעפּעכע.

אין רואיקע צייטן האָט די בלאָטע קיין מאָל נישט געדינט פאַר קיין וועג פון ראַטנע קיין פּראַכאָדי. סאיז דאָ אַ שאָסיי. אַ גוי פלעג אַמאָל אַריינקריכן אַהין אין דער געדיכטעניש מיט אַ קאָסע זיך אָנשניידן אַביסל גראָז. היינט לויפן זיך אַהער באַהאַלטן יידישע קינדער. זינקענדיק אין דער קוואַטשיקער בלאָטע צווישן די סטוויגלעך היי האָבן מיר באַמערקט נאָך אַ יאַטל... ס׳איז געווען חנאלע שטיינגאַרטן.



אַ פאַמיליע־שמחה ביי משה גינזבארג אין שטוב. חוץ אל. העלד און משה דרוג (אין ישראל) זיינען אַלע אומגעקומען.



אַ יוגנטלעכער לחיים לכבוד די תנאים פון מינצע פוקס און נפתלי אשכנזי, וועלכע געפינען זיך היינט אין אַרגענטינע.

# קליינע קינדער - גרויסע קדושים

אין יאָר תשי״א (1951) איז אין תל־אביב דערשינען אין עברית אַ בראָשור פון זעכצן זייטן א״נ „יתמות" „דפי זכרון לקהלת רטנה". אַרויסגעגעבן אָט די בראָשור האָט די ראַטנער לאַנדסמאַן־אָרגאַניזאַציע (ארגון יוצאי רטנה) אין ישראל. דער רעדאַקטאָר איז שלמה פּערלמוטער.

אין דער קורצער הקדמה זאָגט דער רעדאַקטאָר ש ל מ ה, אַז דאָס איז נישט קיין ראַטנע־בוך, נאָר אַ פּאָר פראַגמענטן פון די געפילן, וואָס אַלע ראַטנער האָבן אין זיך. דער מאַטעריאַל איז גענומען פון ערשטן מקור, פון אַזעלכע שרייבער, וואָס זיינען שוין נישט פאַראַן צווישן די לעבעדיקע. די דאָזיקע אין בלעטלעך מאַגערע בראָשור, זאָגט דער מחבר, איז אַן אָנהייב.

די בראָשור הייבט זיך אָן מיט אָט דער נאָטיץ, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דער „יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" (יידישע ענציקלאָפּעדיע — אויף רוסיש): ראַטנע אין דער עפּאָכע פון דער רעפּובליק, אַ שטאָט אין כעלעמער גובערניע, לויט די פאַרצייכענונגען פון ראַטנער סטאַראָסטע (בירגערמייסטער), האָבן אין יאָר 1565 געלעבט אין ראַטנע 12 יידישע משפחות. לויט יידישע מקורות זיינען די ערשטע יידן אין ראַטנע געווען פאַרטריבענע פון ליטע — יידן און קאַראַאימען —, וועלכע זיינען אַהין אָנגעקומען אין יאָר 1495 און זיי האָבן די שטאָט פאַרלאָזט אין יאָר 1530, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין ליטע. לויט דעם רייסטער האָבן אין יאָר 1765 געלעבט אין ראַטנע 210 יידן; איצטער געפינט זיך ראַטנע אין קאָוועלער גובערניע און אין יאָר 1847 זיינען דאָרט געווען 1065 און שפּעטער, אין יאָר 1897 זיינען דאָרט געווען 3.039 נפשות, פון זיי — 2.219 יידן.

באַלד נאָך אָט דער נאָטיץ קומט אַ נאָטיץ פון דער בראָשור פון פישל העלד וועגן אָנהייב פון ראַטנע, וואָס דער לייענער וועט געפינען אין אָנהייב פון אונדזער בוך.

—

דערנאָך קומען קורצע ווערטער פון טרויער און הספד און דערמאָנונגען פון זאב גראַבאָוו (וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אין ב. איירעס), שמחה ליקר (לביא), משה גוטמאַן, שמואליק, בתיה חייט און שאול גרינשטיין. די אַלע דערמאָנטע זוכן צו אויפלעבן די שטימונגען און דאָס געמיט, וואָס האָבן געהערשט אין ראַטנע. משה גוטמאַן דערציילט וועגן דער עפּאָכע פון בולאַכאָווצעס און וועגן דער תרבות שול, וואָס נח קעצקער האָט געגרינדעט אין יאָר 1922. וועגןביידע עפּאָכן וועט דער לייענער געפינען אַ סך מאַטעריאַל אין אונדזער בוך. א. גראַבאָוו שילדערט די אַרבעט פון זעקס יוגנטלעכע, צוויי מיידלעך און פיר ייִנגלעך, אין „החלוץ הצעיר". אַז די ליכט פלעגן אויסגיין, פלעג איינער פון זיי לויפן אַ גאַנצן קילאָמעטער אָן אָטעם און ברענגען ליכט. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן מיט ליבע און געטריישאַפט. שמואליק דערציילט וועגן דער קולטור־אַרבעט אין „החלוץ הצעיר". די צוויי לעצטע באַריכטן זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון „החלוץ הצעיר", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1931. פון דער חלוצישער צייטונג „להבות" (פלאַמען) איז אַרויסגענומען אַ שטימונג־ליד פון א. גראַבאָוו. אַ שטימונג־זאַך א״נ „על כנפי הדמיון" (אויף די פליגל

פון דער פאַנטאַזיע). פון בתיה חייט איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דעם העפט „ביטויים", וואָס איז דערשינען אין ראַטנע אין יאָר 1929. שאול גרינשטיינס „אַביב בדרכים" (פרילינג אויף די וועגן) איז אַרויסגענומען פון „החלוץ הצעיר", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1939. עס האָט געבליט אַ פרילינג־גלויבן אויף די וואָלינער פעלדער ביי די חלוצים, וואָס האָבן זיך געקליבן קיין ארץ־ישראל.

פאַראַן אַ קאַלענדאַר פון חורבן־דאַטן אין „יתמות", וואָס מיר געבן דאָ איבער.

י'—י"ג תמוז תש"א (1941) — אַן איבערפאַל פון די אוקראַאינער אויף די ראַטנער יידן.

י"ג תמוז פון זעלביקן יאָר — דער איבערפאַל פון די דייטשן און די ערשטע דרייסיק דערהרגעטע ראַטנער יידן.



דריי פירנדיקע חברים־ות פון השומר־הצעיר און החלוץ. שטייען פון רעכטס: העניע קאַרש, שמחה פלאצקער און בתיה חייט.

י"א תמוז תש"ב (1942) — 111 דערהרגעטע נאָענט ביי דער ריך־סאַפאַנטשיקער בריק, אויף דעם וועג קיין קאַמאַראָוו.

י"ג אלול פון זעלביקן יאָר — די דייטשע ליקווידאַציע פון דער שטאָט. 1.300 דערהרגעטע אויף די זאַמד־בערגלעך, נעבן דאָרף פראַכאַד, ביים שאָסיי. הונדערטער דערהרגעטע אין דער געגנט פון טשעפעליק.

דעם 3טן סעפט. 1942 — דערהרגעט 130 ראַטנער יידן אין שטעטל מעלניצע.

15טן דעצ. פון זעלביקן יאָר — ליקווידאַציע פון אַרטעל 1 אין ראַטנע — 32 דערהרגעטע.

מערץ 1943 — ליקווידאציע פון ארטעל 2 אויף דעם וועג קיין זשיריץ.

„דפים מיומן" (בלעטלעך פון אַ טאָג־בוך) פון י. חייט ברענגט אייגנטלעך בלויז צוויי בלעטלעך, וואָס זיינען געשריבן דעם 25טן און 26טן יוני 1942 (י. ג. אלול), ווען מען האָט אויסגעהרגעט דרייצן הונדערט ראַטנער יידן און מען האָט ליקווי־דירט דאָס גאַנצע יידישע שטעטל. אין בלעטל פון 25טן ווערט באַשריבן, ווי ס'האָט נאָך געבליט אַרום און אַרום אין קינדער, האָבן זיך געשפּילט. אין מלחמה האָבן זיך די קינדער געשפּילט. אָבער אַט האָבן זיך באַוויזן פון ווייטן די גרינע מונדירן און די קינדער זיינען געוואָרן אויס קינדער... די שטיבער זיינען אַלע אויסגערייניקט געוואָרן און אַלע זיינען אַראָפּ אין די קעלערס. אויבן איז געבליבן בלויז דער „יודענ־ראַט" וואָס זיינע מיטגלידער האָבן געשפּאַנט „זיכער". זיי האָבן זיך טיף פאַר־נייגט פאַר די אוקראַינישע פּאָליציייליים. די מענטשן פון „יודענראַט" האָבן בראש מיט דוד אהרון זיך צונויפגענומען אויף אַ באַראַטונג נאָך גאַנץ פרי. זיי האָבן שוין געפילט, אַז עס קומט דער סוף.

אין בלעטל פון 26טן ווערט איבערגעגעבן די שרעק, וואָס ס'האָט אַרויסגערופן דער רויש פון צענדליקער מאַשינען. נאָך ביינאַכט האָט מען זיי אָנגעהויבן הערן. פּאַקטיש האָט מען שוין אַזאַ רויש געהערט אַריבער אַ יאָר, אָבער איצטער האָט ער מער געשראָקן. יידן האָבן געבעטן, אַז די נאַכט זאָל זיך נישט ענדיקן, גלייך זיי וואָלטן פאַראויסגעפילט, אַז דאָס איז זייער לעצטער פרימאָרגן. פינף אַזייגער פאַר־טאָג האָט מען געהערט די שיסערייען, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דעם סוף. די שיסע־רייען האָבן נישט אויפגעהערט. זעקס אַזייגער האָבן זיך באַוויזן געשטאַפּאָ־לייט אין דער באַגלייטונג פון אוקראַינישע מיליציאַנערן. זיי האָבן פאַרהאַלטן יידן און זיי געבראַכט צו דעם פּלאַץ נעבן הויז פון אלי יאַנאָוויטש. דער ערשטער ייד, וואָס האָט געפּרוווט נישט פאָלגן און גיין ווייטער, בערל העלד, איז אויף דעם פּלאַץ דערשאָסן געוואָרן. ראַטנע איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון 400 דייטשן פון געש־טאַפּאָ און „טויטן־קאָרפּוס". ווי בלוט־זויגנדיקע היענעס זיינען זיי אַרומגעלאָפן אין שטאָט. זיי האָבן געזוכט אין די הייזער, אין די קעלערס, אויף די בוידעמער, האָבן אַרויסגעשלעפּט די קרבנות און זיי אַריינגעשטופּט אין שעכט־פּלאַץ, פון דאָרט וועלן זיי פירן די קרבנות צו די זאַמד־בערגלעך פון פּראַכאַד, אין די גריבער, וואָס האָבן אין משך פון איין טאָג באַדעקט 1300 לעבעדיקע נפשות.

פיר אַזייגער פאַרנאַכט האָט דאָס שיסן אויפגעהערט. די מערדער און אונד־זערע אוקראַינישע שכנים האָבן דורכגעפירט אַן אַרגיע איבער די חורבות פון שטאָט. זיי האָבן געגנבעט און גערויבט יידיש פאַרמעגן.

די אייביקע נאַכט האָט ערשט דעמאָלט זיך אָנגעהויבן.

די בראָשור צייכנט זיך אויס מיט איינציגע גבית עדות וואָס ש. פּערעלמוטער האָט פאַרשריבן. „הם הלכו לעיר" (זיי זיינען געגאַנגען אין שטאָט אריין) איז אַ פאַרצייכענונג אויסן מויל פון קינדער. די עלטערן האָבן אַוועקגעשיקט זייערע קינ־דער צו די פּויערים אין די דערפער און אַ סך יידישע קינדער האָבן זיך סוף זומער 1942 געפונען אויף די לאַנקעס און אין די וועלדער פון פּאָלעסיע און צפון וואָלין. ש. פּ. גיט איבער די גבית־עדותן פון די דריי קינדער — שייקעלע, מאַטעלע און בצלאליקל. אַ בילד, וואָס שוידערט אויף און פאַרגליווערט דאָס בלוט.*)

די בראָשור ווערט פאַרענדיקט מיט אַ רוף פון ישראל חייט, איינער פון די גע־

---

*) דעם פולן טעקסט פון דעם גבית־עדות, ברענגען מיר אויף אַן אַנדערן אָרט. — רעד.

ציילטע גערעטעוועטע, וואס איז בייגעווען די ליקווידאציע, אז דער פינקס ראטנע זאל געשריבן ווערן. עס גייען נאך ארום, שרייט ער, מענטשן, וואס האבן איבערגע־לעבט אויף זייערע לייבער די קאשמארן פון דעם חורבן. זייערע רייד וועלן פארגעסן ווערן, אויב מיר וועלן נישט איינמאנען זייער עדות זאגן. עס איז א חוב צו באפרייען זיי פון דעם בינטל שווידערלעכע זכרונות, וואס דריקט זיי. מיר וועלן באגיין א זינד קעגן אונדזערע טייערע און קעגן זיך אליין, אויב מיר וועלן דאס נישט טאן! זאל דער פינקס־ראטנע געשריבן ווערן!

## שלמה פערלמוטער

# זיי זיינען אין שטאט געגאנגען...

שיקעלע, מאטעלע און איך — — —

א בלאס יינגעלע, וואס פארמאגט א קעפעלע פול מיט לאקן, מיט בלויע אייגעלעך און קליין פנימל, וואס א הארציק שמייכעלע מיט אן אפגלאנץ פון קריסטאל־ריינעם אומעט, שלענגלט זיך פון די חן־גריבלעך און מויל־ווינקל ארויס — אט דער איז געווען שיקעלע. א יינגעלע א פקח און א פלייסיקער צום לערנען, מיט א ברייטן, ארויסגעשטארצטן שטערן פון צוועלף בליענדיקע פרילינגס, מיט א תעודה פון ענדיקן דעם בית־הספר, באזארגט מיט די בעסטע נאטעס, וועלכע ליגט שטענדיק באהאלטןביים טאטן אין טיש־קעסטל, צוזאמען מיט די גרינע שטייער־צעטלען און געלט־באנקנאטן.

דעם אמת מוז איך אבער זאגן, אז ער איז קיינמאל נישט געווען פון מיינע אנהענגער, נישט געהאלטן פון מיינע מיינונגען — מיינונגען פון אן עלטערן ברודער. פשוט גערעדט — ער איז גאר גיכער געווען אין אלץ מיינס א קעגנער. ס'איז אפילו אמאל דערגאנגען ביי אים צו א חוצפה, ווען ער פלעגט פלוצלינג אפלאכעריש פון זיידן ארויסזאגן עפנטלעך זיין מיינונג: איר מיינט, — פלעגט ער טענהן, אז אומזיסט איז דאס, וואס דער זיידע האט בעסער ליב שלמהן פון מיר, געוויס ווייל ער הייסט נאך זיין טאטן ר' שלמה אהרן".

אפט פלעגט זיך צווישן אונדז צעפלאקערן א מלחמה איבער דער השפעה אויף דעם קליינעם מאטעלען. יעדער פון אונדז פלעגט דאן אנווענדן אלערליי מיטלען און פארשיידענע גוטע רייד און צוזאגעכצן, כדי אים איבערצוציען אויף זיין זייט. מאטעלע ווידער איז ווי אמאל — אמאל פלעגט ער זיך קלעפן צו מיר און אן אנדערש מאל — צו שיקעלען. שטענדיק אבער איז ער צוגעשטאנען צו דעם צד, וואס האט אים אויסגעוויזן צו זיין דער שוואכערער. זייענדיק אמאל אויף מיין זייט האבן מיר די שיינע אויסגעצייטע קישעלעך געווארפן שיקעלן אין קאפ. איז ער אבער געווען מיט אים — זיינען די קישעלעך געפלויגן צו מיר...

די אנקומענדיקע מלחמה האט אבער אלע אונדזערע קונדעסרייען מיט אמאל איבערגעריסן. איך מיטן טאטן זיינען אוועקגעפירט געווארן אין א ווייטן ארבעטס־לאגער, די מאמע ווידער האט זיך אפגעשטעלט מיט דעם קליינוואַרג. שפעטער צו, לויט ווי מען האט אונדז איבערגעגעבן, האט זי, כדי זיי צו ראטעווען פון זיכערן טויט, זיי איינגעארדנט אלס פאסטוכער ביי באקאנטע פויערים אין א נאענטן דארף. אין דעם פרט זיינען זיי נישט געווען די איינציקע דארט — נאך אנדערע מאמעס האבן אויך אזוי געטאן.

סוף זומער האבן א סך יידישע קינדערלעך געפאשעט די גוישע טשערעדעס אין די אייביקע פאלעסיער בלאטעס, וואס אין צפון וואלין, אויף די פארשיידענע

לאַנקעס און אין וועלדער. צווישן די לוטשיצער און זאַברידיער פּאַסטוכער איז אויך געווען בצלאלקע מאָגילאַנסקי, דעם ראַמנער אַפּטייקערס אַ ייִנגעלע און יודעלע, דעם אַנפירער פון ראַטנער פייערלעשערס אַ ייִנגעלע.

בצלאלקע — אַ דאַר, בלאַנד ייִנגעלע, וואָס זיינע קינדערשע אויגעלעך האָבן ווי געדרימלט אונטער זיינע געלבלעכע און אויפגעשטעלטע ברעמען, איז געווען ביי זיך שטענדיק אַ גאַנצער תקיף — אַ תלמיד אין זעקסטער מחלקה, דער צווייטער — אידעלע האָט געהאַט אַן אַפּגעשוירן קעפּל, און אַ פּאָר קלוגע און צוגלייך שרעקעוודיקע אויגן, פאַרשטעלטע פון גרדיכטע, שוואַרצע ווייעס.

צו די אָט דריי קינדערלעך ווידמע איך מיין גביית עדות. מאָטעלע דערציילט אַזוי: „אַ טאָג פאַר דער גרויסער שחיטה בין איך מיט שיקעלען געגאַנגען אין שטעטל. די מאַמעלע האָט אונדז אַרויסגעוויזן און געשאָנקען אַ סך ליבע, צוזאַמען מיט אַ סך שפּייז פּראָדוקטן און האָט אונדז אויפן צוריקוועגס אַרויסבאַגלייט ביזן שאָסיי, ביז ברענערס שטוב. איך בעט זיך ביי איר: מאַמעלע, פאָלג מיך און קום מיט אונדז מיט אין דאָרף אַריין, ווייל דאָס האַרץ האָט מיר גאָר קיין גוטס נישט פאָראויסגעזאָגט. זי אָבער, מיט טרערן, וואָס האָבן דאָס פּנים איר פאַרפלייצט, האָט מיר געזאָגט, אַז זי קען דעם זיידן אליין נישט איבערלאָזן. נעבן ברענערס שטוב האָט זי אונדז גוט אָנגעקושט און מיר האָבן זי אַליין דאָרטן איבערגעלאָזט שטיין און וויינען און ווישן זיך אַלעמאָל די אויגן. ס'האָט מיר דאָס האַרץ אויף איר שטאַרק ווי געטאָן אָבער נישט איך און נישט שיקעלע האָבן דאַן מיטגעוויינט. פּשוט, מיר האָבן זיך געשעמט פאַר בצלאלקן און יודעלען. אָט אַזוי האָבן מיר זיך מיט איר געזעגנט און טאַקע שוין מער נישט געזען.

אויף מאָרגנס, פאַשענדיק די „שטיקלעך” אויף לאַנקעס נאָענט צום שטעטל, האָט אונדז אַ שטאַרקע און פּלוצלינגדיקע קאַנאָנאַדע אויפגעשוידערט. ס'האָט מיך אַ שרעקלעכע מורא אַרומגעכאַפּט, אָבער איך האָב זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס הרגעט מען אַזוי די ראַטנער יידן אין די מינוטן און, ווער ווייסט, אפשר אויך מיין טייערער מאַמען מיטן זיידן. ס'איז טונקל געוואָרן. איך האָב צוריקגעקערט מיט די קי אין דאָרף אַריין און אַ מאָדנע נאָגעניש, וואָס איך האָב עס דאַכט זיך קיינמאָל אין מיין יונגן לעבן נישט געפילט האָט מיך אַ נעם געטאָן און גאָר שרעקלעכעס אָנגעזאָגט. אינעם גוישן הויף האָט דאַן, ווי שטענדיק, געהערשט אַ פאַרנאַכטיקע שטילקייט. פּלוצלינג: איך הער טריט אין מיין ריכטונג. איך דערקען אין זיי אַלעקסאַנדער דעם אַמעריקאַניצעס טריט, דער בעל־הבית מיינער.

— מאָטל — זאָגט ער מיר אַרויסרײידנדיק ווייך דעם לעצטן למד, און מיט אַ מאָדנער גוט פאַרבאַהאַלטענער צופרידנקייט, — דו ווייסט, היינט האָט מען אַלע יידן אין ראַטנע אויסגעהרגעט, קיין איינער איז נישט געבליבן”.

נישט קוקנדיק וואָס איך בין שטאַרק מיד געווען, בין איך ביינאַכט בגנבה אַריבערגעגאַנגען צו שיקעלען. ער האָט דאַן געפּאַשעט אַמיליאַנס פערד ביים עק וואַלד. איך האָב אים דאַן פּונקט געטראָפן אין דער פינצטער זיצן צוזאַמען מיט בצלאלקען און יודעלען. זיי האָבן זיך עפּעס געסודעט. געוויס, קלער איך, זיינען זיי דאָך שוין גרויסע — צוועלף־דרייצניעריקע, וואָס פּאַשען שוין פערד און מסתמא ווייסן זיי שוין, וואָס זיי ריידן. אויף מאָרגן, האָבן זיי געהאַט באַשלאָסן צו פאַרופן אַלע יידישע פּאַסטוכער, וואָס אין דעם דאָרף, כדי צוזאַמען זיך באַראַטן, וואָס ווייטער צו טאָן. זיי האָבן מיך דורך די פעלדער באַגלייט ביז צו מיין בעל־הבית. איך האָב זיך ווי אַן איבערגעשראָקענער האָזל דורכגעשלייכט אין שייער אַריין. אָבער אַ גאַנצע נאַכט האָב איך שוין קיין אויג נישט צוגעמאַכט. מיט אָפענע און צעשראָקענע אויגן האָב איך פאַנטאַזירט, געגנישטערט און געזוכט ביי אונדז אין די שטיבער.

דער אָנקומענדיקער פרימאָרגן האָט מיך שוין געטראָפן אַ וואַכענדיקן. איך בין זוידער אַרוים מיט מיין טשערעדע אין די נאָענטע לאָנקעס צו דער שטאָט. אַ גאַנצן טאָג האָבן די שיסערייען נישט אויפגעהערט. מיטיק־צייט האָט עס אַפילו אויפגע־הערט, אָבער באַלד נאָכדעם האָט זיך די מאָרד־סימפאָניע ווידער צעזונגען. אַזוי לאַנג שיסן האָב איך קיינמאָל נישט געהערט.

אויפן צווייטן טאָג זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אַז מ'האָט זיי דערמאָרדעט. יום־כפור — — — מיט אַ דריי טעג פריער נאָך זיינען מיר שיעור נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ פּאָליציייאישער לאָקערונג גאָר נאָענט פונעם אָרט, ווו מיר זיינען צווישן ביימער געווען באַהאַלטן. דערשראָקענע און אויף טויט צעטומלטע האָבן מיר זיך על פּי נס געראַטעוועט אין דעם בלאָטיקן קאַנאַל... מיר זיינען דאָרט אָפּגעלעגן אומבאַוועגלעך צוויי טעג כסדר הונגעריקע און דורשטיקע. דעם דריטן טאָג, יום־כפור, האָבן אונדז הירניקער פויערטעס, וואָס זיינען צופעליק אַהין צו די בלאָטעס צוגעקומען, כדי צו קלייבן די רויטע זשאַכלינעס, דערציילט, אַז אין שטעטל, ווו זיי זיינען נעכטן געווען, האָט מען אומגעבראַכט עטלעכע יידישע קינדער.

פון רייזעלע גוטמאַן, פייגעלע פיולער און גאָלדע קאַרש האָב איך אַרויסגעקריגן און פאַרצייכנט די פאָלגנדע פּרטים: דער אוקראַינישער פּאָליצמאַן באַריסיוק פון פּאַסטופּליע, גייענדיק אַזוי איינמאָל אַ זונטיק צו זיך אַהיים, האָט פלוצלינג באַ־מערקט ווי אַרום אַ פּליטקן טייכל נעבן לוטשיין זיצן זיך דריי בלאַסע קינדערלעך. ער איז צו זיי נענטער צו און פרעגט זיי:

—וווהין גייט איר?;

— אַהיים — ענטפערן די קינדער צעטומלט.

— גוט — זאָגט ער זיי, אויב איר ווילט דווקא אַהיים, קומט וועל איך אייך אַהין באַגלייטן.

ער האָט זיי דאַן געבראַכט אין דער קאָמאַנדאַטור און זיי דאָרט איבערגעגעבן. ער האָט פאַר אַ קאָפּ געקריגן באַצאָלט צו 50 מאַרק און נאָך אין אַזעלכע פּראָדוקטן, וואָס זיינען ווי גאָלד געווען: טאַבאַק, זאַלץ און ציגאַרן. די עטלעכע ראַטנער יידן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן לעבן נאָך דער שחיטה, האָבן זיך געפּרוווט סטאַרען פאַר זייערט וועגן און זיי געוואָלט אָפּראַטעווען. אָבער ס'איז געווען אומזיסט זייער מי. מ'האָט זיי געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין אַ פינצטערן חדר — די לעצטע סטאַנציע פון אַלע ראַטנער יידן, וואָס מ'האָט געכאַפּט אין די וועלדער, אין די דערפער און אַנ־דערע באַהעלטענישן.

ווען די אָרעמע קינדערלעך האָבן דערהערט פלוצלינג נאָך דעם פאַרנאַכט, פיר אַזייגער, דעם שליסל זיך איבערדרייען אין דער טיר־לאָך, האָבן זיי געוווים געמיינט, אַז דאָ קומט מען זיי שוין באַפרייען און אַז זיי איז באַשערט ווידער גיין, זען און אָטעמען די פרישע לופט, ווי אַלע פרייע מענטשן און אַז זיי וועלן נאָך אַפילו די ברידערלעך אַהער ברענגען — — —

דער וואַנט־זייגער, יידיש גוטס, וואָס איז געהאַנגען אין פּאָדער־הויז, האָט עפּעס טרויעריק אויסגעקלונגען די שעה. די בליקן פון די אָרעמע קינדערלעך האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעשטויסן אין דעם גרויען גלאַנץ פון די ביקסן מיט די אין זיי אַריינ־געשטעקטע באַגנעטן, וואָס אויף די אַקסלען פון די אוקראַינישע פּאָליצלייט. אַ דייטש מיט אַ רויט אָנגעזויפּט מערדעריש פּנים, אַ באַוווסטער געשטאַפּאָ, מיט אַ גרינעם אוניפאָרם און אַ רעוואָלווער אין דער זייט, האָט געשמייכלט צו זיינע קליינע קרבנות. ער פרייט זיך געוווים ביי דעם געדאַנק, אַז אָט־באַלד וועט ער באַווייזן זיין קראַפט און מאַכט איבער די אָ־אָרימענקע.

„פּאָרווערטס", געמבעט ער אַרוים פלוצים מיט אַ טרוקן בייז קול, „פּאַרווערטס",

חזרט ער איבער אין טשעכיש, וואָס איז ענלעך צו אוקראַאיניש. ווי צעשראָקענע האָזלעך, געכאַפּטע לעבעדיקע, האָבן זיך די אָרימענקע קינדערלעך צוגעקלעפּט איי־נער צום צווייטן, גלייך ווי זיי וואָלטן זוכן איינער ביים צווייטן הילף און שוץ. זיי זעען שוין נעבעך איצט, ווי זייער לאַגע איז שרעקלעך, ווי ס׳הענגט איבער זייער יונג לעבן דער ביטערער גזר־דין. זיי גייען צוזאַמענגעטוליעט איבער די שטעטלדיקע גאַסן. אָט גייען זיי שוין איבערן גרויסן מאַרק פאַרביי זייערע שטיבער, אויפן הו־ליאַנקע בריק. מ׳פירט זיי ווי די שעפעלעך אַזוי פּאַמעלעך אין דער ריכטונג צום „טשופּעליק". די אָרטיקע מיעשטשאַנעס, וואָס באַגעגענען זיי און וואָס זעען די טרויעריקע קינדער־פּראָצעסיע, ווערן נישט נתפּעל און דערשראָקן און האַלטן אַפילו נישט איין אויף אַ מינוט זייער גאַנג, ווייל מיט וואָס איז דען דער פאַל אַנדערש פון די וואָס האָבן נעכטן און אייערנעכטן געטראָפן און וואָס וועלן נאָך זיכער מאָרגן טרעפן...

ווען די „לוויה" אָבער איז צוגעקומען צו אברהם קאָוואַלס שטוב, איז די כלומר־שטע רואיקייט מיט אַמאָל אויפגעריסן — ס׳האָבן זיך דערהערט אַן אַ סדר און אַ ריכטונג צענדליקער זאַלפן פון ביקסן. שיקעלע אָבער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַנטלאָפן. אַ האָגל פון הייסן בליי גיסט זיך אין זיין זייט און יאָגט אים נאָך, אָבער ער שפּרינגט איבער פּלויטן און שלייכט זיך אַריין אין די פעלדער, וואָס שפּרייטן זיך אים אונטער די הוליאַנקער שטיבער ווייט, ווייט... אַפילו די פּאָליציילייט זיינען שוין זיכער געווען, אַז ער וועט זיך פון זייערע הענט אַרויסראַטעווען. פּלוצים אָבער... האָט אים אַ קויל געטראָפן און ער איז אומגעפאַלן. די אוקראַאינער האָבן זיך גע־איילט, דאָס דערזעענדיק, נעענטער צו זייער קרבן און דאַ גאָר הערן זיי אים נאָך זינגען אַ יידיש ליד. שיקעלע האָט געענדיקט און זיין כשרע נשמה אויסגעהויכט מיט דער „התקוה". פון דער מינוט, וואָס די קויל האָט אים געטראָפן ביז די ערד האָט אים כמעט אַ לעבעדיקן צוגעדעקט און זיין מויל פאַרמאַכט, האָט ער אַלץ געזונגען.

בצלאלקען און יודלען האָט דער גרויזאַמער געשטאַפּאָ־מאַן באַפוילן אַראָפּצו־ציען פון זיך זייערע מלבושים, זיי אָבער האָבן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן און געזונגען און געטאַנצט אַ הוירא, געטאַנצט און געזונגען „התקוה".

דער מעשטשאַן אַלעקסיי פּינקעוויטש, וואָס וווינט אויף זאַבלאָצקי 24, אַן ערך 150 מעטער פון דעם ברודער־קבר, וואָס אויף דעם טשיפּעליקס פעלד, האָט מיר דעם 22-9-1944 דערציילט: שיקעלע איז נעבן מיין שטוב פון דער קויל געטראָפן געוואָרן און דאָרטן אַ פאַרוווּנדעטער געפאַלן. איך האָב אים ביזן טשופּעליק באַגלייט. דעם גאַנצן וועג אַהין האָט ער געהאַלטן אין איין זינגען.

„וואָס האָט ער געזונגען?"

„אַזאַ ליד, וואָס אַלע יידן זינגען נאַ באַטשנאַסט (אויפשטעלנדיק זיך)".

איך האָב אים געפרווּט זינגען אַלערליי יידישע מעלאָדיעס. ער אָבער, האָט אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף נישט. ווען איך האָב אים אַ זינג געטאָן די „התקוה", האָט ער גלייך אַ זאָג געטאָן: „אָט דאָס איז דאָס!"

אויף מיין פראַגע, וואָס האָט מיט שיקעלען געטראָפן נאָכדעם, ווי ער איז פאַר־וווּנדעט געוואָרן, האָט ער מיר דערציילט פאָלגנדעס: „דער בלאָנדער פּאָליציאַנט באַריסיוק איז באַלד געקומען צולויפן אויפן אָרט און האָט מיר באַפוילן איינשפּאַנען מיין פערד, צוטשעפּען אויף הינטן דאָס קערפּערל און דאָס צושלעפּן צו דער צוגע־גרייטער גרוב. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געמוזט אויספאָלגן." מיט טרערן אין די אויגן, נאָכדעם ווען איך האָב אים אויפגעקלערט די גרויסע מצווה צו דערציילן אַלץ, האָט ער מיר דאָס איבערגעגעבן:

„נעבן מיין שטוב, האָט ער פאַרגעזעצט דערציילן, האָט מען כמעט אַלע אייע־

ריקע אויסגעהרגעט. איך האָב צוגעזען און בין געווען אַן עדות פון אַ סך יידן, יידן פון שטעטל, וואָס מ'האָט זיי אומגעבראַכט. די ערשטע צייט איז טאַקע געווען שווער דאָס צוצוקוקן, אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך אַזוי צו דעם, צו דער שחיטה פון מענטשן, צוגעוווינט, פונקט ווי מיין שוואָגער פעדיע איז צוגעוווינט צו שעכטן אין זיין שעכט־הויז, וואָס געפינט זיך ביי זיין שטוב. אָבער דאָס בילד, וואָס איך האָב צוגעזען איז שוין געווען עפּעס שרעקלעכער פון אַלע פריערדיקע. שטעל זיך פאָר, איך זיין אויפן פערד און פיל אַז ער שלעפּט פון הינטן אַ לעבעדיק קינד, וואָס גייט אָפּ מיט בלוט און ער זינגט גאָר. גלויב מיר, אַז איך האָב נישט געקענט אַ קוק טאָן אין זיין פּנים, בשום אופן נישט געקענט... און ווען איך האָב אים צום אָרט געבראַכט, האָבן אַלע פּאָליציייליים אַנגעקוואָלן און געפרייט זיך, פונקט ווי די יעגער דערפרייען זיך מיטן אַנקום פון הונט, וואָס ברענגט זיי די דערשאָסענע קאַטשקע... מיט אַ שטויס פון די פיס האָבן זיי אים אריינגעוואָרפן אין גרוב, פון וועלכן, גאָט מיין גאָט, טאַקע נאָר איין מאָל אין מיין לעבן האָב איך אַזעלכעס געהערט, זעצט אַרויס אַ זינגען מיט דער גאַנצער קראַפט.

זיי האָבן מיר באַפוילן זיי אַלע צו פאַרשיטן לעבעדיקערהייט... ממש איבער מיין קאָפּ זיינען זיי געשטאַנען און מיך געצווונגען. זיי זיינען נישט אָפּגעטראָטן און גע־וואָלט זען, ווי איך טו די אַרבעט... איך דערמאָן מיך, ווי דער גראַבאַייזן האָט זיך פון מיינע הענט אַרויסגעגליטשט און אַ כוואַליע טרערן האָבן מיין פּנים פאַרפלייצט... איך האָב דאַן געחלשט. אויפגעמונטערט האָט מיך דער גזלן וואַנקע מיט זיין פרי־קלאַד פון דער ביקס. „העי דו קלאַגער — האָט ער זיך צעשריגן — אויף ווייטער וועסטו שוין ביי מיר נאָר לעבעדיקע יידן באַגראָבן און וועסט שוין גאַנצענע טעג וויינען."

פון העברעאיש — י. קאַנישטער



יהודה קאַגאַן

# פאַרצייכענונגען פון אַ לעבנגעבליבענעם

(אויסצוגן פון אַ טאָגבוך)

**דעם 21סטן יוני 1941.**

דאָס שטעטל ראַטנע האָט גערודערט. די קינאָס און טעאַטערס האָבן ניט אויפגעהערט זייער אַרבעט. די נאַכט האָט פאַרדעקט די גרויזאַמע גרענעץ, וועלכע האָט זיך געפונען אַוועלכע 60 קילאָמעטער פון שטעטל און אַלץ איז שטיל געוואָרן, ווי אויסגעשטאָרבן. פּלוצלונג האָט אַ שטאָלענער פויגל דורכגעקרייצט די לופט און עס האָבן זיך גענומען הערן די באָמבעס־שוויטשערייען, וואָס זיינען געפאַלן אויף אומבאַוואָפנטע הייזער און מענטשן. 4 אַזייגער באַגינען. די שטאָט האָט זיך שנעל אויפגעכאַפּט פון שלאָף. אונדזער שטעטל איז אויפגעציטערט געוואָרן פון די אויפרייסן. מענטשן זיינען געלאָפן אַהין און אַהער און נישט געוווסט וואָס האָט דאָ געטראָפן. מען איז געלאָפן צום „ראַיפּאַרטקאָם", דער שטאָט־ראַט פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט, וואָס האָט געהערשט אין שטאָט און מען האָט זיך אָנגעפרעגט וואָס עס באַדייטן די באָמבעס. אויף דעם האָט מען באַקומען אַן ענטפער, אַז די רוסישע לופטפליערס לערנען זיך באָמבאַרדירן. 10 אַזייגער זיינען געקומען מענטשן פון קאָוועל און האָבן דערקלערט, אַז דאָס האָבן דייטשישע באָמבאַרדירערס אַטאַקירט די שטאָט. 12 אַזייגער מיטאָג־צייט האָט מאָלאָטאָוו געהאַלטן אַ קלאָג־רעדע דורך ראַדיאָ און געמאָלדן, אַז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קריג מיט דייטשלאַנד.

עס האָט זיך פאָרמירט אַ מאַניפעסטאַציע און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאָבילִיזאַציע. אַ סך יידן האָבן זיך געלאָזט מאָביליזירן אין דער אַרמיי אַבי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דעם ביטערן שונא. עס איז אָבער געווען אומזיסט. ניט געווען צו וועמען צו רעדן, דער שונא האָט אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און איז געגאַנגען ווייטער. מיר זיינען געבליבן אין קעסל. די רוסישע אַרמיי איז זיך צעלאָפן. ניט געבליבן קיין אַנדער וועג ווי לויפן אָדער אונטערגיין. מיר האָבן זיך געבעטן ביי די רוסן זיי זאָלן אונדז מיטנעמען ביים אַנטלויפן, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט הערן פון דעם. זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזט אַליין מיט אונדזער גורל.

**דעם 23סטן יוני 1941.**

דאָס גאַנצע שטעטל איז געוואָרן באַלאַגערט דורך די בלוטדורשטיקע אוקראַאינישע מערדערס פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן אָנגעהויבן רויבן יידיש האָב־און גוטס און מיט העק זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער פון אָנגעזעענע באַלעבאַטים, מאַכנדיק די ערשטע ברכות על־השחיטה איבער יידישע העלדזער. צען נפשות זיינען געפאַלן ווי די ערשטע קדושים. אָבער דער שטורעם האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט. בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, די האַרצרייסנדיקע געשרייען האָבן געשפּאָלטן די הימלען. ווען די דייטשן האָבן געהערט די שיסערייען, האָבן זיי זיך צוגעאיילט נישט צו פאַרשפּעטיקן די שחיטה. ווען די דייטשן האָבן געפרעגט ביי די אוקראַאינער ווער עס האָט געשאָסן, האָבן זיי געענטפערט, אַז דאָס האָבן געטאָן די „פּראַקלאַטע זשידעס" און אַז זיי האָבן געוואָלט מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן.

דער דייטשער הויפּטלינג האָט באַפוילן, אַז אַלע יידן פון 14 יאָר אָן זאָלן זיך אויסשטעלן אויפן שאָסיי וואָס פירט קיין בריסק. צו 10 מאַן האָבן זיך אויסגעשטעלט לאַנגע רייען מיט וויינענדיקע יידן. דער הויפּטלינג איז צוגעפאָרן מיט זיין אויטאָ און געמאָלדן, אַז דערפאַר וואָרן די יידן האָבן געוואָלט מאַכן אַן אויפשטאַנד וועלן אַלע דערשאָסן ווערן. הערצער זיינען פאַרשטיינט געוואָרן. געוויינען און ספּאַזמעס האָבן זיך אַרויסגעריסן ביי אַ סך און אַלע האָבן געוואַרט אויפן שרעקלעכן אורטייל. פּלוצלונג האָט זיך געהערט אַ קול: „ברידער יידן, סיי־ווי זיינען מיר פאַרפאַלן. לאָזט מיך צו מיט אַ ביטע צום עלטסטן פון די מערדערס, איך וועל אים עפּעס דערציילן!"

פאַר די אויגן פון אַלע האָט זיך פון דער ריי אַרויסגערוקט אַן אַלטער מאַן פון 60 יאָר. דאָס איז געווען אליהו יאַנאָוויטש. ער האָט זיך געווענדט צום עלטסטן מיט אַ וויינענדיקן קול און אָנגעוויזן, אַז דאָס האָבן געשאָסן די אוקראַאינער און נישט די יידן. דער עלטסטער האָט זיך צוגעהערט, לאַנג געקלערט און צום סוף אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיינע משחיתים אַרויסצונעמען יעדן צענטן פון דער ריי. ווי די שאָף זיינען זיי געציילט געוואָרן און 30 יידן, צווישן זיי דער רב פון שטעטל, זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן. פאַר די אויגן פון זייערע עלטערן, קינדער, ברידער און שוועסטערס זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן מיט די לעצטע ווערטער אויף זייערע ליפּן „שמע־ישראל". דאָס זיינען געווען די קדושים וואָס זיינען געשטאָרבן פאַר דער גאַנצער עדה און די איבעריקע האָבן באַקומען אַ באַפעל זיי מקבר צו זיין. איינער איז געבליבן לעבן און איז פאַרדעקט געוואָרן מיט די פאַלנדיקע מתים און מיט זייער בלוט. ער האָט זיך שפּעטער אויפגעהויבן און אַנטלאָפן אין די נאָענטסטע דערפער. עסיע דער קאָוואַל פון 22 יאָר איז געווען צווישן די קרבנות, ער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און זיך געבעטן ביי זיין טאַטן, אַז ער וויל לעבן, אָבער עס איז געווען אומזיסט זיין געבעט. אַ טיפער טרויער האָט באַדעקט אַלע יידן, וואָס האָבן צוגעזען די עקזעקוציע.

מיין פאָטער, נחום, האָט זיך גענומען אָפּגעזעגענען מיט די מענטשן און האָט געזאָגט צו מיר און מיינע ברידער און מוטער, אַז מען מוז אַנטלויפן, די ערד ברענט אונטער די פיס. מיר זיינען גיך אַוועק אין דאָרף אַריין, וווּ מיר זיינען פאַרבליבן כמעט 3 חדשים. אָבער נישט לאַנג האָט עס געדויערט. די אוקראַאינישע מערדער האָבן געבושעוועט, גערויבט, געמאָרדעט. זיי האָבן געשאַפן אַן אוקראַאינישע פּאָליציי, וואָס אין איר שפּיץ האָט זיך געשטעלט אַ באַקאַנטער באַנדיט. מיט זיין אוקראַאינישן אוניפאָרם און מערדערישן פּנים האָט ער געמאַכט אויפשווידערן ביי זיין באַווייזן זיך. זיי האָבן געיאָגט יידן אין די גרעסטע קעלטן, נישט געלאָזט נעמען אויף זיך קיין

מלבוש. יעדן טאָג אַ נייעם באַפעל. פּלוצלינג איז געקומען אַ באַפעל צו פאַרזאַמלען זיך אין שול, אַלע פון קליין ביז גרויס. דאָרט האָט שוין געוואַרט אַ הויכער דייטש אָדער אוקראַינער פּאָליציי־מערדער מיט אַ שרעקלעכן אויסזען, וואָס האָט אַנגעוואָרפן אַן אימה אויף די יידן. אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גרויסע נאַגייקע. די יידן זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין צווייטן צימער, וואָס איז געווען טונקל. אויף אַ באַנק זיינען געזעסן צוויי אוקראַינישע לערערקעס און האָבן געלאַכט פון די יידן. אַ פּאָליציאַנט איז געזעסן מיט אַ ביקס אין האַנט און אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַן אוקראַינישע קובאַנקע מיט אוקראַינישן סימבאָל. לעבן אים איז געשטאַנען נאָך אַ הויכער אוקראַינישער פּאָליציאַנט מיט הויכע שטיוול און אַ ריזיקער נאַגייקע אין דער האַנט. זיין געשריי „אויפשטיין!" האָט אָפּגעשטעלט דאָס קלאַפּן פון האַרץ „ווער איז דער זשידאָווסקער סאָלטיס?" — האָט ער אַ פרעג געטאָן. עס האָט זיך אַרויסגערוקט דער אַלטער ר' מאיר אלישאנקער, וועלכער האָט מיט אַ ציטערדיקער שטימע באַשטעטיקט, אַז ער איז עס. אַ שווערע האַנט מיט דער לאַנגער נאַגייקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן אָרעמען לייב פון אַלטן. זיינע אויגן זיינען באַלד פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן און בלוט. גאַנצע טייכן טרערן און בלוט. די מערדער האָבן געציילט: איינס, צוויי, דריי... ביז 50. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און נישט געשריגן, ער האָט שוין נישט געפילט. מיר האָבן געפילט, אַז יעדער קלאַפּ פון דער נאַגייקע איז אַ נייער חורבן פון אונדזער פאָלק. ער איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אין צווייטן צימער און מען האָט אים געשטעלט אויף די קני.

איצט איז געקומען די ריי אויף מיין אָרעמען פאָטער, נחום, פון 55 יאָר, וועלכער האָט 8 יאָר געדינט ביי די רוסן, פון 1914 ביז 1922, איז געווען 4 יאָר אין געפאַנגענשאַפט אין פראַנקפורט אם מיין, איז געווען 6 מאָל פאַרוווּנדעט און באַקומען, אין 1920, הונדערט שמיץ פון באַלאַכאָוויצעס. זיין לייב איז געווען צעשניטן און אויסגעהאָרעוועט פון זיין שווערער שמידער־אַרבעט. די אוקראַינער זיינען געזעסן און געלאַכט פון אונדזערע צרות. מיין פאָטער האָט פאַרמאַכט זיינע אויגן, ער האָט זיך געשטעלט אויף די קני און אַראָפּגעצויגן דאָס היטל. איך מיט מיין יינגערן ברודער האָבן דאָס אַלץ געמוזט צוזען. דער אוקראַינישער משחית האָט באַלד געלאָזט זיין בייטש אויף מיין טאַטנס אָרעמע פּלייצעס. דאָס העמד איז באַלד צעריסן געוואָרן און רויט געוואָרן פון בלוט. טייכן בלוט האָבן זיך געגאָסן פון לייב, פון די אויגן. „גאָט! — האָט ער אַ געשריי געטאָן — ווו ביסטו?" ער האָט זיך הויך צעוויינט. דער אוקראַינער איז אַריין אין כעס און אַ געשריי געטאָן: „פאַרשאָלטענער ייד, פאַר דיין וויינען באַקומסטו נאָך 20 שמיץ!" דער פאָטער איז געבליבן פאַרחלשט און אַזוי אַ פאַרחלשטן האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן אין גאַס. עס איז געקומען מיין ריי. איך האָב פאַרביסן די ליפּן, באַקומען מיינע 50 שמיץ און האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. עס האָבן מיר נישט וויי געטאָן די קלעפּ, וואָס איך האָב באַקומען, נאָר די שמיץ וואָס מיין פאָטער האָט באַקומען. איידער מיין יינגערער ברודער איז געגאַנגען צו דער עקזעקוציע האָב איך אים אַריינגעשריגן: האַלט אויס, יאָסל־בער, האַלט אויס. ער האָט מיט געוויין אויסגעהאַלטן. אַזוי זיינען דורך אַלע יידן. די זאַכן זיינען צעפּליקט געוואָרן, דאָס בלוט איז פון יעדן איינעם גערונען. שפּעטער זיינען אַרויסגעקומען די אוקראַינער, אויסגעשטעלט אונדז אין רייען און אונדז געהייסן גיין אין די בלאָטעס אין מיטן גאַס און זינגען יידישע לידער. אַזוי האָבן זיי אונדז צוגעטריבן ביזן טייך טוריא. מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט. בעת־מעשה זיינען געשטאַנען אוקראַינער פון ביידע זייטן גאַס און האָבן מיט געלעכטערס צוגעקוקט ווי מען טרייבט די זשידעס. מען האָט אונדז געשטעלט פאַר צוויי

אַלטערנאַטיוועס: אָדער דערטרונקען ווערן אין טייך, אָדער אויפשטעלן 30 קוביק־מעטער האָלץ, וואָס געפינט זיך אין וואַסער. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן די אומגליקלעכע געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות, געענדיקט די אַרבעט און געגאַנגען אַהיים אין די פינצטערע קאַלטע היימען האָבן געוואַרט די מאַמעס, מיט אויגן געשוואָלן פון טרערן. ווען מיר זיינען אַריין אין שטוב איז אונדזער מוטער געפאַלן אויף אונדז און ספּאַזמירט. דער פאָטער האָט אַראָפּגעצויגן דאָס העמד און דאָס לייב איז נישט געווען צו דערקענען, צעקלאַפּט און שוואַרץ ווי קויל.

עס זיינען אַוועק טעג און וואָכן און חדשים. מען אַרבעט שווער און ביטער. מען שניידט האָלץ פאַר דער אוקראַינישער ס"ס־פּאָליציי אין שטורעם און אין שניי, די פיס פאַרוויקלט אין שמאַטעס און אין פּאַסטאָלעס, די הענט שטענדיק געפרוירן און נישטאָ ווו זיי אָנצוואַרעמען.

עס איז געווען אין חודש אָדר. איך בין אַהיימגעקומען מיט מיין יינגערן ברודער, יאָסל־בער און איך דערזע, אַז אין שטוב איז תשעה־באב. וואָס איז געשען? מען האָט אונדז ביידן אַרויסגעפּאָדערט אויף אַרבעט קיין קאָוועל. די מאַמע באַוויינט אונדז שוין, זי ווייסט וואָס עס מיינט „אויף אַרבעט", דער טאַטע וויינט און טוט תפילה צו גאָט. אין שטוב איז נישטאָ אפילו אַ שטיקל ברויט. די קעלט עסט די ביינער. איך לייג זיי פאָר, אַז איך אַליין זאָל גיין, צו וואָס ברענגען צוויי קרבנות? זאָלן זיי גיין אין שטאָט, איך וועל בלייבן וואַרטן אויף די מערדערס. איך שטיי אין דרויסן. באַלד קומט אָן אַ וואָגן, ווו עס זיצן שוין 10 יידן. ווו איז מיין ברודער, ווילן זיי וויסן און באַלד פאַלן אויף מיין קאָפּ שמיץ. זיי לאָזן זיך אין שטוב, צעשניידן דאָס בעטגעוואַנט און שטופּן מיך אַרויס אויפן גאַס. מען שלעפּט אונדז פון איין דאָרף צום צווייטן, זיי נעמען אויף די אומגליקלעכע יידן, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געוווינט אין די דערפער און געצויגן זייער חיונה. די געוויינען פון די פאַמיליעס זיינען אין לשער. אָט פאָרן מיר דורך דעם וואַלד, דעם אַלט־באַקאַנטן וואַלד. די ביימער רוישן ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק אויך איצט און אפשר וויינען זיי אויף אונדזער אומגליק. פּלוצלינג לויפט אַרויס פון וואַלד אַ יונגע פרוי, זי לויפט מיט צעעפנטע אָרעמס גלייך צו אונדזער וואָגן. זי וויל זיך צום לעצטן מאָל געזעגענען מיט איר טייערן מאַן. אַ שאָס און די פרוי ליגט שוין אַ פאַרבלוטיקטע אויף דער ערד. אַ שוידער גייט אונדז דורך. אַזוי וועלן מיר אַלע ליגן און נישט קומען אפילו צו קבר ישראל.

מען האָט אונדז געדאַרפט פירן קיין קאָוועל און אָט דערזעען מיר זיך פּלוצלינג אין שטאָט, אין ראָטנע. אויף דערויף האָט מען אונדז אַרומגעשלעפּט? די שטאָט קאָכט. פון אַלע זייטן האָט מען געבראַכט מענטשן מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס. מען קויפט אויס קינדער מיט גאָלדענע זייגערס און אויף זייערע ערטער זעצט מען אַריין אָרעמע. איך דערזע פּלוצלינג מיין מאַמען מיט מיין טאַטן און מיין מומע סלאָווע. איך מאַך צו זיי מיט דער האַנט זיי זאָלן אַוועקגיין. מען פירט אונדז אין דער קאָמענדאַנטור. אַרום און אַרום שטייען דייטשישע זשאַנדאַרן. אַ געוועזענער אוקראַינישער באַלאַכאָוויעץ מיט אַ רונדיק היטל גייט אַרום מיט אַ נאַגייקע און שניידט איבער די קעפּ צו דער צופרידנקייט פון די דייטשן. מען פירט אונדז אויף אַרבעט קיין קאָוועל. מיר זעצן זיך אויף די פורן און קומען אָן קיין קאָוועל. פּלוצלינג קומט אַ באַפעל: צוריק אַהיים! שפּעט אין אָוונט קום איך אַהיים. קיין ליכט איז נישטאָ, אַלץ איז צעוואָרפן, דאָס בעטגעוואַנט צעשניטן, צערויבט. דער פאָטער זיצט און טרערן גיסן זיך פון זיינע אויגן. ווען מען דערזעט מיך, פאַלן זיי מיר אויפן האַלדז און דער געיאָמער צעשניידט די פינצטערניש.

## ר אַ ט נ ע

**קאַצעט קאָוועל, 1942**

לאַנגע טעג און חדשים האָבן זיך שווער געצויגן. יעדער טאָג — אַ יאָר. אין די נעכט האָט מען נישט געהערט מער ווי קרעכצן און געוויינען. דער ווינטער איז געווען אַ שווערער און קאַלטער. קיין האָלץ צום הייצן איז נישט געווען. אין שטוב איז געווען אַזוי קאַלט ווי אין דרויסן. נישט געווען ווו אָנצוואַרעמען אַ האַנט נאָך אַ טאָג פון ביטערער אַרבעט. עס איז דורך דער ווינטער, געווען פּסח, עס איז געקומען דער חודש אייר. מען איז שוין ביסלעכווייז צוגעוווינט געוואָרן צו די צרות. אין איינעם אַן אויפדערנאַכט, אַרום איינס אַזייגער, קלאַפּט מען ביי אונדז אין שטוב. מיין פאָטער גייט צו צו דער טיר נישט טויט, נישט לעבעדיק, עפנט און אין טיר שטייט אַ ייד. ווער זענט איר? איך בין פון ראַטנע, פון יידנראַט, געקומען אייך מעלדן, אַז אייער זון, יהודה קאַגאַן, דאַרף זיך מאָרגן צושטעלן צום דייטשישן געביט־קאָמיסאַריאַט. ער פאָרט אָפּ אויף אַרבעט מיט נאָך 50 מאַן. די טרויעריקע ידיעה האָט אַוועקגעלייגט אַלע מיינע שטוביקע, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט צו וויינען. איך האָב באַלד אַוועקגעשיקט טאַטע־מאַמע קיין ראַטנע און איך בין געבליבן וואַרטן ביז מען וועט טעלעפאָנירן פון דאָרט. אויף מאָרגן איז געווען אַ טעלעפאָן, אַז איך מוז קומען וואָס גיכער. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע ברידער, טראַכטנדיק דערביי, ווער ווייסט צי איך געזעגן זיך נישט אויף אייביק.

געקומען קיין ראַטנע. דער פאָטער און די מוטער און די מומע שטייען מיט פאַרבראָכענע הענט. די מאַמע איז געווען אויפן בית־החיים, געריסן קברים. מען גיט מיר אַ פּעקעלע, וואָס די פּאָליציי נעמט צו און וואַרפט עס אַרויף צוזאַמען מיט אַנדערע פּעקלעך אויף דריי פורן און אונדז הייסט מען גיין צו פוס קיין קאָוועל, אַוועלכע 50 קילאָמעטער. מיר זיינען 55 יונגע מענטשן, פון וועלכע איך דערקען דעם אָנפירער פון השומר־הצעיר, משה פוגאַטש, וואָלף־בער טענענבוים, מאָטל דעם שוחטס זון, אברהם קאַגאַן און אַנדערע. עס הייבט זיך אָן אַ געזעגענען זיך, מען יאָמערט ווי אין יום־כיפּור. מיין פאָטער קוקט אויף מיר מיט שטומע בליקן, מיין מוטער וויינט ספּאַזמאַטיש. איך וואָלט שוין געוואָלט זיין וואָס ווייטער נישט צוצוקוקן דעם צער פון מיינע עלטערן. מיר הייבן אָן דעם מאַרש, מיר גייען און גייען, בלייבן אָן קרעפטן. עס איז שוין אַוועק דער טאָג, מיר בלייבן אָן כוחות און מיר האַלטן אין איין גיין. מיר זיינען שוין נישט ווייט פון לאַגער פון די רוסישע קריגס־געפאַנגענע. מען הייסט אונדז נישט קוקן אַהין. דאָך זעען מיר דעם אַרומגעצוימטן לאַגער מיט דריי רייען שטעכלדראָט און עלעקטרישע דראָטן. פון אַלע זייטן הויכע טורעמס, ווו עס שטייען סאָלדאַטן מיט מאַשין־געווער. אַרום גייען וואַכליים מיט שפּיר־הינט. געשטאַפּאָ־לייט רייטן אַרום אויף פערד. איך זע די רוסן, אויסגעדאַרטע, אויסגעשטעלט אין רייען צו פיר, פינף, דער מיט אַ היטל, אַ צווייטער מיט אַ האַנטוך פאַרבונדן, אין פאַרשידענע מיליטערישע און ציווילע שמאַטעס. נישט פאַראַן קיין באַראַקן, נאָר בודעס ווי פאַר הינט פון 70־80 צענטימעטער די הייך. אַזוי קומען מיר צו דער פאָרשטאָט פון קאָוועל. יידן שטעלן זיך אַרום אונדז און פרעגן פאַרווונדערט ווהין מען פירט אונדז. מען פירט אונדז צום יידנראַט. צוויי אוקראַאינישע פּאָליציילייט גיבן איבער דעם פאָרזיצער פון יידנראַט די נעמען פון די געכאַפּטע מענטשן. פון איצט אָן זיינען פאַר אונדז פאַראַנטוואָרטלעך די יידישע פּאָליציאַנטן, וועלכע דרייען זיך אַרום מיט שטעקנס אין די הענט. אויף מאָרגן פירט מען אונדז צום דייטשישן אַרבעט־אַמט. אַ געשטאַפּאָ־אַגענט הייסט זיך אונדז אויסשטעלן, ער באַטראַכט דאָס ביסל סחורה און צום סוף באַפעלט ער, אַז די פּאַרטיע בלייבט אין קאָוועל, אַז דער יידישער אַרבעט־אַמט זאָל אונדז צעטיילן אין גרופּן, פאַר פאַרשידענע אַרבעט־פּלעצער. נאָך אַ נאַכט

איבערשלאָפן שטעלן מיר זיך צו אין דער פרי אין אַרבעט־אַמט, ווו מען צעטיילט אונדז אין גרופעס. מיר איז אויסגעקומען צו גיין אין ט. אַ. ס.־אָפּטייל. מיר מאַרשירן ביז מיר קומען אָן צו נאָווע קאָלעיאָווא, ביי דער באַן־סטאַציע, ווו מען האָט געגראָבן קאַנאַלן צו רעמאָנטירן צוגן. לאַנגע רייען מענער און פרויען גראָבן קאַנאַלן האַלב אין וואַסער. אין דער הייך גייען גרויסע טאַטשקעס מיט צעמענט, וואָס מיר פירן איבער שמאָלע ברעטער. אַרום אונדז דרייען זיך אַרום ס״ם־לייט מיט רויטע לענטעס און האַקנקרייצן און שלאָגן מיט זייערע נאַגייקעס אויף רעכטס און אויף לינקס.

איך אַרבעט דעם ערשטן טאָג זייער שווער. די טאַטשקע פאַלט אַלע מאָל און עס שיט זיך אויס דער צעמענט. די מענטשן באַוועגן זיך אָן אויפהער. עס ווערט 12 אַזייגער. עס קומען אָן מאַשינען וואָס נעמען די ס״ם־לייט אויף מיטאָג. מיר גייען אין אַ יידישער קיך. אַ מיטאָג קאָסט 1.50 מאַרק, אַ סך האָבן נישט קיין גראָשן, ווייל פאַר אַרבעט באַקומט מען נאָר 25 דק״גר ברויט. צוויי אַזייגער גייען מיר צוריק. דער טאָג שלעפּט זיך, מיר וואָלטן שוין געוואָלט עס זאָל זיין נאַכט. אַכט אַזייגער ענדיקן מיר און גייען אַהיים און פאַלן אַוועק אויף די בעטלעך. אויף מאָרגן ווידער אין אַרבעט־אַמט, ווו מען צעשטעלט אונדז אויף גרופּעס. דאָס מאָל איז מיר אויסגעפאַלן צו גיין אויף דער גאָרקע, ווו עס געפינען זיך די קאַזאַרמעס פון דער ווערמאַכט און ס״ם, ווי אויך אוקראַאינישע פריייוויליקע. מען פירט אַ מאַן 300 דורך דער בריסקער גאַס, פאַר אונדז גייט די יידישע פּאָליציי מיט ווייסע לענטעס אויפן אָרעם. מיר קומען צו אַ גרויסן טויער באַוואַכט פון סאָלדאַטן מיט שטאָלהעלמען אויף די קעפּ, מיט מאַשין־געווער אין די הענט. די פּאָליציי גיט זיי אונדזערע שיינען און מען לאָזט אונדז דורך. מיר קומען אַריין, עס איז אַ גאַנצע שטאָט מיט גאַסן. אויף איינקע שטייט געשריבן „פאַרן יידן אַריינגאַנג פאַרבאָטן״. מען טיילט פון אונדז אויס 20 מענטשן צו גיין דרעשען קאָרן. נישט קיין שווערע אַרבעט. באַלד טרייבט מען צונויף נאָך אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע מענטשן, וואָס אַרבעטן אַנטקעגן אונדז. דאָס זיינען רוסישע געפאַנגענע. איך באַמערק ווי זיי שיטן אַריין קאָרן אין זייערע אונטערהויזן, וואָס זיי טראָגן שפּעטער אַהיים. די אַרבעט האָט זיך היינט געביטן. עס זיינען אָנגעקומען וואַגאָנען מיט לעבנסמיטל, וואָס מען דאַרף אַליין צופירן צו די היכע מויערן אונטער די כסדרדיקע קלעפּ און בייטשן. פון 10 אין דער פרי ביז 10 פאַרנאַכט האָבן מיר אויסגעלאָדן 9 וואַגאָנען, יעדער וואַגאָן צו 350 זעק און אויפן דריטן שטאָק. איך טראָג די זעק און פיל די כוחות גייען אויס. מיר זיינען פאַרמאַטערט ביז טויט — וואָכן לאַנג מיט 200 גראַם ברויט אַ טאָג. עס ווערט אַלעמאָל שווערער.

## געטאָס

טעג און נעכט זיינען געגאַנגען אין שרעק און אין אַנגסטן, שווערע וואָלקנס האָבן זיך אַלע מאָל אָנגערוקט, די נאַצישע רציחות ווערן אַלע מאָל אָפטער און שרעקלעכער.

אין אַ פרימאָרגן הערט מען אַ פּאַניק, מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט אוקראַאינישע פּאָליציי און ס״ם־לייט. זיי זיינען געקומען מיט ביקסן און מאַשין־געווער אויף גרינע מאָטאָרן מיט הויכריידערס, אויף די מאָטאָרן אייזערנע קייטן מיט בלעכן, וואָס מאַכט אַ ווילדן גהינומדיקן גערויש. עס קומט אַ באַפעל: יידן גייען אין געטאָס. 2 געטאָס ווערן געמאַכט, אַ שטאָטישער און אַן אַרבעטער־געטאָ. קיינער ווייסט נישט ווו מען דאַרף גיין. מען ווייסט נאָר, אַז ווער עס וועט נישט פאַרטיק ווערן ביז 12

אַזייגער וועט דערשאָסן ווערן. די סצענעס זיינען מוראַדיקע, מען פּאַקט זיך, מען וויינט, עס צעשיידן זיך פאַמיליעס. מען ווייסט שוין, אַז דער שטאָטישער געטאָ וועט זיין אויף דער בריסקער גאַס מיטן מאַרק און דער אַרבעטער־געטאָ ביים וואָקזאַל אויף די זאַמדן. די צייט איז קורץ און אַ סך דאַרפן גיין ביזן געטאָ עטלעכע קילאָמעטערס. מען שלעפּט די פּעקלעך, ווער אויף וועגעלעך, ווער אין רוקזעק, קראַנקע לייגט מען אויף וואַגנס. די בהלה ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, עלטערן געפינען נישט די קינדער, קינדער די עלטערן און דאָ מוז מען גיין, ווייל די צייט שטייט נישט. דאָס אַלץ שפּילט זיך אָפּ ביי די חוזק־געלעכטערס פון די אוקראַינער און דייטשן. אָט קלינגט די שעה 12. עס הערן זיך די ערשטע שאָסן און עס פאַלן די ערשטע קרבנות, באַלד פאַלן יונג און אַלט אונטער די מערדערישע קוילן פון די סאַדיסטן. טייל קרבנות האָבן באַצאָלט מיט זייערע יונגע לעבנס (2 יונגע מיידלעך זיינען געפאַלן), ווייל זיי האָבן נאָך געהאַט צוצוגיין 200 מעטער. דאָס סאַדיסטישע שפּיל איז די רוצחים געפעלן געוואָרן, ווייל זיי האָבן כסדר געלאַכט. עס בלוטיקט די יידישע עדה, עס פאַלן יונגע ביימער איינער נאָכן אַנדערן, פאַר זיי איז שוין אַלץ איינס, אַפילו דעם געטאָ האָבן זיי נישט דערלעבט צו זען.

און אָט זיינען מיר שוין אין דער גאַס וואָס איז באַשטימט פאַרן געטאָ. עס קענען קוים אַריין דאָרט 600 מענטשן, האָט מען אַריינגעשטופּט 6.000, 20 ביז 30 מענטשן אין איין שטוב. איינער שלאָפט אויפן צווייטן, טויזנטער שלאָפן אויף דער גאַס, אָבער דאָס ערגסטע איז וואָס עס איז שוין נישטאָ וואָס צו עסן. מען קלייבט די שאָל פון קאַרטאָפל און צו באַקומען אַביסל וואַסער שטייען לאַנגע רייען.

דאָס געטאָ־פּלאַץ איז אַרומגעצוימט מיט פּלויטן, איין ברעט צונויפגעקלאַפּט מיט דער צווייטער און אויבן שטעכיקע דראָטן. מען זעט נישט די צווייטע זייט וועלט. פּלוצלונג, אַרום האַלבן טאָג קומט צופליען אַן אויטאָ מיט 12 הויכע ס״ס־אָפיצירן. זיי פאָדערן 120 מאַן און איך פאַל אַריין צווישן די 120. אַלע שרייען אַז מען פירט אונדז צום טויט. מען באַזעצט אונדז אין גרויסע מאַשינען און מען פירט אונדז אַוועק. מיר זעען אויף דער גרויסער, שיינער יידישער גאַס אין קאָוועל אַ גרויסע באַוועגונג פון אוקראַינישע פּאָליציי. מ׳ראַבירט, מ׳נעמט וואָס מען קען אין דער שטאָט, וווּ עס איז געפלאָסן אַ שיין יידיש לעבן און וואָס ווערט איצט חרוב ונחרב. מען פירט אונדז צו די שענסטע הייזער, מען הייסט אונדז אויפברעכן די טירן. דאָרט האָבן געוווינט דאָקטוירים און אַנדערע, וואָס האָבן אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר און זיינען געלאָפן, איבערלאָזנדיק אַפילו די פּעקלעך מיט ברויט און אַנדערע זאַכן וואָס זיי האָבן צוגעגרייט מיטצונעמען מיט זיך.

מען האָט גענומען פּאַקן און אויספּלינדערן אַלץ וואָס האָט זיך געפונען אין די הייזער. מען האָט אַלץ געוואָרפן אין גאַס אויף די אויטאָס. מיר האָבן נאָר געמעגט נעמען ברעקלעך פון עסן און קיין שום הפקר נישט. אין קאָמענדאַטור האָט מען באַזוכט די קעשענעס. ביי איינעם האָט מען געפונען אַ שטיקעלע זייף האָט מען באַלד געהערט אַ שאָס און ער האָט שוין מער נישט געדאַרפט זיך וואַשן. ווען מיר זיינען צוריקגעקומען אין געטאָ האָבן אַלע אונדז באַטראַכט פאַר אויפגעשטאַנענע תחית־המתים.

פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג אַז מען דאַרף האָבן אַרבעט־שיינען, כדי צו קענען זיין אין אַרבעט־געטאָ. אָבער פון 6 טויזנט מענטשן באַקומען נאָר עטלעכע הונדערט מאַן, די איבעריקע מוזן גיין אין שטאָטישן געטאָ. איך באַקום נישט קיין שיין. איך וואַרט אויף שפּעטער, מען זאָגט אַז מען וועט נאָך באַקומען. עס ווערט נאַכט. מען שרייט אַז ווער עס וועט בלייבן אין געטאָ אָן אַ שיין וועט דערשאָסן

זוערן. עס איז שוין אָבער שפּעט, פונדעסטוועגן ווערט דער געטאָ ליידיק און מען לויפט אין שטאָטישן געטאָ. עס הענגט אַ פּחד, פון יעדן שרייט אַרויס דער שרעק. מען פילט אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף צום לעבן. אַרום לויערן פּאָליציי, זשאַנדאַרן ס״ס, ס״אַ און ס״ד. אַ סך לויפן זיך באַהאַלטן אין בוידעמער. עס ווערט שוין גאָר שפּעט. די פּאָליציי־שעה איז פאַרביי. מיר ליגן 5 פּערזאָן אין אַ קליין בוידעמל אין אַרבעט־געטאָ. עס איז רואיק, מען הערט גאָרנישט. מיר ליגן אויפן בוידעם אָן דאָקומענטן און דאָס האַרץ קלאַפּט, נאָר פלוצלונג, אַרום 1 אַזייגער, הערן מיר די ערשטע שאָסן. מיר הערן געשרייען, דאָס שיסט מען אונדזערע זין און טעכטער, אַ סך ווערן געשלעפּט דורך אוקראַינער ס״ס און ס״ד אויפן בריסקער פּלאַץ, ווערן פאַרפּאַקט אין וואַגאָנעס. די ערשטע 100 מאַן ווערן געשאָסן אויפן אָרט. עס ווערט אַ פּאַניק, אַ בהלה, מענטשן לויפן זיך באַהאַלטן ווו עס לאָזט זיך: אין רערן פון אויוונס, אין וואַסער־קאַנאַלן ווו עס איז דאָ אַ לאָך צו קענען אַנטרינען אויפן מאָמענט פון די מערדער. עס ווערט געבראַכט דער קאָמיטעט פון יידנראַט אויף דער גאַרקע, ווו ער ווערט געפּייניקט און צום סוף אויסגעשאָסן. אַ גאַנצע נאַכט הערט מען די מוראדיקע קולות פון פרויען און קינדער, די הילכיקע שאָסן און שמע־ישראל פון די יידן. אָט לויפן צוויי שיינע יונגע מיידלעך, זיי זיינען שוין נעבן אונדזער געטאָ, אָבער נעבן טויער ווערן זיי דערשאָסן דורך אוקראַינער. די גאַנצע שטאָט איז געוואָרן אַ שעכט־הויז אַ טייל נישט אויסגעשאָכטענע ווערן פאַרטריבן אין שול. כמעט אַלע שניידן אויף זייערע לייבער און שרייבן אָן מיט זייער אייגן בלוט דעם נאָמען און פאַמיליע־נאָמען אויף די ווענט. אַ סך האָבן געלאָזט אויפשרייבן מיט זייער בלוט: „נעמט נקמה פאַר אייערע טייערסטע און ליבסטע”.

מיר וואַרטן עס זאָל קומען די ריי אויף אונדז. מיר זיינען נישט ווייט, אינגאַנצן 100 מעטער. עס הייבט שוין אָן צו טאָגן. פלוצלונג קלאַפּט מען אין יעדער טיר, עס איז די יידישע פּאָליציי. זיי מעלדן אַז קיינער זאָל היינט נישט אַרויס פון הויז, ביז עס וועט קומען אַ באַפעל פון געביט־קאָמיסאַר. בייטאָג נעמט מען אַ גרופּע יידן צו באַגראָבן די מתים וואָס ליגן צעוואָרפן איבער דער שטאָט. מיר קריכן אַרויס פון אונדזערע נאָרעס, מען כאַפּט אונדז אויף אַרבעט און מען שיקט אונדז צונויפקלייבן דאָס יידישע פאַרמעגן. גאַנצע בערג ביזן הימל יידיש גוטס וואַרפן מיר אָן. אין אַלע גאַסן טרעפן מיר טייכן גאַנצע פון יידיש בלוט. דער געביט־קאָמיסאַר פאָרט ווי אַ משוגענער. די ס״ס ראַבעווען, עס איז אַ כאַאָס. איך רוף זיך אָפּ צו מיינע חברים: שטאַרבן אָדער זיגן, מיר מוזן אַנטלויפן פון דאַנען. אָפּרייסן די געלע לאַטעס און גיין. מיר טוען אַזוי און לאָזן זיך גיין אין אַ באַקאַנטן אַרבעט־פּלאַץ צו אַ דייטשישן שאָפיר. וועלכער איז געווען אַ יידן־פריינד. מיר זיינען אָנגעקומען אַהין, עס איז געווען אַ ביי־שטעלע און טאַקע געטראָפן דאָרט דעם שאָפער, דעם דייטש, וועלכן מיר האָבן דערציילט אונדזער סוד און אים געבעטן, ער זאָל אונדז אַרויספירן פון שטאָט.

ווען אונדזער דייטש הערט וואָס מיר ווילן פון אים, צעשרייט ער זיך: פאַרפלוכטע יידן, פאַרוואָס האָט מען נישט דערהרגעט כאָטש אַ הונדערט דייטשן און אוקראַינער, אָבער ער האָט מורא צו נעמען אויף זיך די ריזיקע. ער ווייזט אָן אַ וועג דורך וואַנען צו גיין. מיר זעען אויס אַלע ווי אוקראַינער און רעדן גוט אוקראַיניש, שטעלן מיר איין און לאָזן זיך גיין לענגאויס דער אייזנבאַן. אויפן וועג געפינען מיר ליגן סידורים, חומשים, תפילין. מיר שטעלן אָפּ אַן אוקראַינער און פרעגן אים וואָס קומט דאָ פאָר. ער ווייזט אונדז אָן, אַז יעדע האַלבע שעה ברענגט מען אַ וואַגאָן יידן, מען שיסט זיי אויס און מען ברענגט אַן אַנדערן. אָט הערן מיר טאַקע אַ געשריי „שמע ישראל!” און עס רעדט דער רב פון שטאָט צו די מערדער: „איר מערדער

— שרייט ער — איר שיסט אונדז און באַגראָבט אונדז, אייך וועט מען דערשיסן ווי די הינט און מען וועט אייך אַפילו נישט באַגראָבן". באַלד באַקומט ער מיטן ביקס איבערן קאָפּ און ער פאַלט אַ לעבעדיקער נאָך אין גרוב אַריין. עס איז שרעקלעך צו הערן דעם געשריי.

מיר לאָזן זיך גיין לינקס איינער הינטערן אַנדערן אָפּגערוקט עטלעכע הונדערט מעטער, קוים וואָס איינער זעט דעם צווייטן. מיר לאָזן זיך אין אַ דערפל 15 קילאָמעטער גאַנג, וווּ קיין פּאָליציי איז נישטאָ. מיר גייען דורך בערג און גריבער און אַט קומען מיר צו צו אַ דאָרף, וווּ מען דאַרף דורכפאָרן אַ קליין טייכל. מיר געפינען אַ פּויער וואָס זאָגט אונדז צו דורכצופירן דאָס טייכל. ער הייסט אונדז וואַרטן וועט ער ברענגען אַ שיפל. מיר וואַרטן 15 מינוט. ער קומט אָן און מיר ווילן זיך אויפזעצן אויפן שיפל, אָבער פּלוצלונג וואַקסן אויס 4 אוקראַינישע פּאָליציסטן, זיי הייסן אונדז אויפהייבן די הענט אין דער הויך און זיי פירן אונדז אַוועק אין דאָרף ערגעץ אין אַ קליין שטיבל, וווּ מען באַזוכט אונדז פון קאָפּ ביז די פּיס. מען געפינט ביי אונדז אַ פּאָר ברילוועס צום ראַזירן און אַ פּאָר שטיקלעך זייף. זיין פירן אונדז ווייטער. אויפן וועג קומט אָן אַן אוקראַינישער מערדער און ער נעמט ביי אונדז צו אַלע זאַכן, די פּאָליציסטן מאַכן זיך נישט זעענדיק. מיר בעטן זיי, מען זאָל אונדז געבן עפּעס עסן, פירן זיי אונדז אַריין דווקא אין אַ יידישער קרעטשמע. דאָרט וואַרטן מיר אויפן קאָמענדאַנט ער זאָל אַרויסגעבן אויף אונדז זיין פּסק־דין. פּלוצלונג קומט אַריין דער סעקרעטאַר פון קאָמיטעט, ער זעט אונדז זיצן און פרעגט וואָס האָט פּאַסירט, מען דערציילט אים און ער רופט זיך אָפּ, אַז היות דער קאָמענדאַנט איז נישטאָ און אויב ער וועט קומען וועט ער אונדז באַלד שיסן, איז זיין עצה מען זאָל אונדז לאָזן גיין, ווייל מיר זיינען נאָך יונגע חברה, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון טויט. זיי זיינען נאָך לאַנג געשטאַנען און געטראַכט וואָס צו טאָן מיט אונדז און צום סוף געלאָזט גיין. מיר האָבן זיך נישט געלאָזט בעטן און גענומען שפּרייזן. באַלד זיינען אונדז געקומען אַנטקעגן אויף פערד מערדער און געהייסן אָפּגעבן אַלץ וואָס מיר טראָגן אויף זיך. מיר זיינען געבליבן מוטער־נאַקעט. עס איז שוין פינצטער און מיר גייען דורך פאַרשידענע דערפער און פאַרטאָג קומען מיר אָן אין דאָרף פון דער פאַמיליע. מען יאָמערט און מען וויינט, מען האָט מיך שוין געהאַלטן פאַר טויט. מיר זאָגן אָבער אַז עס איז נישטאָ קיין צייט פאַר קיין געוויינען, מיר מוזן לויפן אין וואַלד אַריין.

## א י ן  ו ו אַ ל ד

עס איז אַ שיינער טאָג פרייטיק, עס איז דאָס יאָר 1942. עס זיצט נאָך ביי אונדז אַ מיידל, גיטל מערין. מען גיט אונדז איבער אַ ידיעה אַז אין ראַטנע האָט מען דערשאָסן 200 יידן און מיר זיינען אין געפאַר. מען מוז גלייך לויפן אין וואַלד אַריין. דורך אַ זייטיקן וועג גייען מיר אַרויס פון הויז שפּאַנען דורך פעלדער ביז מיר קומען צו יונג וועלדל. מיר זעצן זיך אַוועק באַטראַכטן אונדזער גורל. אויפן האַרצן איז ביטער. מיר זיצן די גאַנצע פאַמיליע מיט דריי לעבלעך ברויט. דאָס איז וואָס מיר פאַרמאָגן. מיט דעם דאַרפן מיר איבערקומען דעם דייטש, וואָס געפינט זיך שוין אונטער מאָסקווע. די מוטער האָט מיטגענומען צוויי ליכט, עס איז דאָך ערב שבת, זי טוט אָן אַ ווייסע פאַטשיילע און בענטשט ליכט. קוואַלן טרערן רינען פון אירע אויגן, עס איז דאָס ערשטע מאָל אַז זי בענטשט ליכט ביי אַזעלכע באַדינגונגען, נישט אין דער היים נאָר אין אַ וואַלד.

עס ווערט נאַכט, נישטאָ מיט וואָס זיך צוצודעקן. איך נעם מיין ברודער און דורך זייטיקע וועגן דערשלעפּן מיר זיך צו אונדזער דאָרף, מיר גייען אַריין אין אונ־

דזער פארלאזטער שטוב און כאפן צוויי קאלדרעס און לאזן זיך צוריק אין וואלד. מיר טרעפן די עלטערן מיטן הארץ אין האנט ווארטנדיקע אויף אונדז. מיר קריכן אריין אין א צעבראכענער הייזקע, א חורבה, וואס שטייט אין וואלד. די קעלט פרעסט אונדז, אבער 3 אזייגער ביינאכט כאפן מיר זיך אויף כדי אריינצוקריכן טיפער אין וואלד, ווייל אין דער חורבה איז מען נישט זיכער. אונדזער ציל איז אריינצוכאפן זיך אין דעם גרויסן געדיכטן וואלד „פירטש", אהין מוז מען אבער אנקומען מיט א שיפל, ווייל מען מוז אדורכפארן די ברייטע אזיערע. מען זעט גארנישט, אלץ איז פארנעפלט. פונדעסטוועגן זיינען מיר דורכגעפארן דעם טייך. עס האט געדויערט 3 שעה. מיר קומען אן צו א פלאץ פון זומפן, ביז העכער די קני בראדזשען מיר אין די זומפן און אט האבן מיר דערגרייכט א הארטן באדן, נאכן גיין שיינע עטלעכע קילאמעטער. מיר שניידן אן צווייגן און שטאפן אן דאס ארט נאך געדיכטער, מען זאל אונדז נישט באמערקן. מיר זיצן אין וואלד אונטערן פרייען הימל. דאס געזאנג פון די פייגל באגלייט מיין טאטנס שבתדיקע תפילות. עס איז דאך שבת און דער טאטע האט אנגעטאן א טלית און ער דאוונט מיט געוויין, מיט ביטערע טרערן. נאכן דאוונען שניידט ער אפ צו שטיקלעך ברויט, א 150 גראם און זאגט דערביי: עסט טייערע קינדערלעך, ווייל ווער ווייסט וואס מארגן וועט זיין. עס פליִיצן ביי אלעמען טרערן פון די אויגן.

ביינאכט זיינען מיר אוועק ווייט פון דעם ארט וו מיר זיינען געווען א גאנצן טאג. עס איז קאלעמוטנע אויפן הארצן. מיר גיבן זיך רעכענונג וואס קען פון אונדז ווערן, פון וואנען קען קומען א הילף און צי זי וועט בכלל קומען. האבן מיר אויסגעשפרייט א קאלדרע אונטער א דיקן בוים און זיך איינגעטוליעט איינער נעבן אנדערן און אזוי איינגעשלאפן... ווי נאר עס האט אנגעהויבן טאגן, האבן מיר פארלאזט דאס ארט און אוועק ווייטער אין וואלד. מיר האבן זיך געזעצט אין א קארטש באזעצט מיט בלימעלעך און בלעטער פון די יונגע ביימעלעך. מיר ווייסן, אז די פאסטושקעס קומען יעדן טאג מיט זייערע טשערעדעס, וועלכע עסן אויף די בלימלעך און די בלעטלעך און מיר קענען בלייבן אן א דעקונג. עס בלייבט איך מיטן פאטער זאלן גיין זוכן עפעס עסן. מיר פארלאזן דעם וואלד און מיט זייטיקע וועלדלעך און וועגן גייען מיר צו א כוטאר, גנבנדיק זיך דורך גערטנער, ביז מיר קומען צו א הויז פון א באקאנטן גוי. ווי נאר מיר טרעטן איבער די שוועל האט אונדז די באלעבאסטע געבעטן מיר זאלן גלייך פארלאזן די שטוב און גיין פון דאנעט. זי האט אונדז געגעבן 2 שטיקלעך ברויט און דערביי אונדז געזאגט, אז איר מיידל האט געזען אין וואלד זיך דרייען יידן. מיר גייען פארזיכטיק ביז מיר קומען צו א גלייכער ליניע, וואס פירט אונדז אין דער לענג פון וואלד וו מיר שטעלן זיך אוועק אויסקוקן צי קיינער גייט נישט. פלוצלונג זעען מיר ווי א פיגור שפרינגט דורך דעם וועג און ווערט פארשוווּנדן. מיר לאזן זיך סוף כל סוף אין געדיכטן וואלד און ווערן פארפאלן צווישן די הויכע גראז, וואס דערגייען צו 2 מעטער. מיר גייען טיפער אין וואלד און ווייסן אליין נישט וווהין מיר גייען. פלוצלונג צווישן הויכע קארטשעס הערן מיר א קול: נחום קומט אהער. מיר גייען צו נענטער צו די קארטשעס. דארט זיצן יידן. יאסל בער, דער ראטנער, מיט פרויען און קליינע קינדער, מרדכי יאנקל דער בירקער מיט 8 קינדער, מאיר אלישאנסקערס פרוי מיט 3 קינדער. אזוי לעבן זיי אין וואלד ווי די חיות הינטער געדיכט באדעקטע קארטשעס מיט גראז. זיי פרעגן זיך אויף מיין ברודער און מוטער. מיר דערציילן זיי וועגן דער אוקראינעריי, וואס האט אונדז דערציילט אז יידן באהאלטן זיך אין וואלד. די יידן האבן אונדז געבעטן מיר זאלן קומען צו זיי און צוזאמען זיך האלטן לעבן אדער שטארבן.

נישט לייכט איז געווען ארויסצוקריגן זיך פון וואלד, אָבער מיר קומען אָן צו אַ לאָנקע. פלוצלונג זעען מיר ווי פּאַסטוכער לויפן, קוקן זיך אום און לויפן. טאַטע, מאַך איך צו מיין פאָטער, בלייב דאָ. איך בין יונג און פלינק וועל איך לויפן זוכן די מוטער מיטן ברודער. איך דאַרף לאַנג נישט וואַרטן, באַלד זע איך זיי גיין גלייך צו מיר. איך פרעג זיי וואָס האָט פּאַסירט, דערציילן זיי אַז עס איז געשען וואָס עס האָט געמוזט געשען. די בהמות האָבן אָפּגעגעסן די בלימלעך מיט די בלעטלעך און אונדז געלאָזט אין דרויסן. האָבן אונדז די פּאַסטוכער געזען און זיך דערשראָקן. האָבן זיי גענומען לויפן. איך פאַרשטיי אַז איך מוז דעריאָגן די פּאַסטוכער און זיי זאָגן, אַז מיר זיינען נישט קיין פּאַרטיזאַנער, זיי זאָלן נישט ברענגען קיין פּאָליציי. איך האָב זיי דעריאָגט און מיט זיי גערעדט, דערביי האָב איך ביי זיי אויסגעבעטלט אַ שטיק ברויט מיט קעז. אַזוי האָב איך זיך מיט זיי יעדן טאָג געטראָפן.

אונדזער עדה האָט גענומען וואַקסן און מיר זיינען שוין געווען אַ 30 פאַמיליעס. מיר האָבן אויסגעטיילט פון זיך 10 יונגע מענטשן און אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי צו באַקומען געווער כדי צו שיצן זיך. מיר האָבן באַ אַ באַקאַנטן גוי פאַר אַ זייגער און אַן אַנצוג באַקומען 2 אָפּגעשניטענע פראַנצויזישע ביקסן מיט 40 קוילן. עס איז געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן. ביינאַכט זיינען מיר געגאַנגען נאָך קאַרטאָפל מיט געווער אין די הענט. מיר זיינען אויך געגאַנגען אין דאָרף אָנגעוואָרפן אַ שרעק, אַז דער וואַלד איז פאַרפלייצט מיט פּאַרטיזאַנער. איין מאָל האָבן מיר ביינאַכט געטראָפן זיך אַרומבלאָנקען אַ יידיש מיידל, ווען זי האָט אונדז דערזען איז זי אַנטלאָפן. מיר האָבן זי דעריאָגט און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זי איז הערשל דעם כאַטעשאָווערס טאָכטער. זי האָט אונדז אָנגעוויזן וווּ עס געפינט זיך איר פאָטער מיט דער פאַמיליע. מיר האָבן זיי אויפגעזוכט און געבראַכט צו אונדז.

עס האָט זיך אונטערגערוקט ראש־השנה און יום־כיפור. עס האָט אָנגעהויבן קאַלט ווערן. אין די עשרת ימי תשובה איז אָנגעגאַנגען אַ וויכוח צווישן מיין פאָטער און דעם לַמדן הערשל כאַטישאָווער וועגן דעם ווען עס איז דער ריכטיקער טאָג פון יום־כיפור. מיין פאָטער האָט געזאָגט אַז עס פאַלט אויס מאָנטיק און ער האָט געזאָגט דינסטיק, געבליבן איז ביי דעם וואָס ר׳ הערשל האָט געזאָגט. מען האָט צוגעגרייט קאַרטאָפל, אַן אָרט צום דאַווענען און ר׳ הערשל מיט זיינע 2 קינדער האָבן זיך געשטעלט ביים עמוד. ער איז געווען אַ גוטער חזן און ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם „כל נדרי״ איז געוואָרן אַ יללה ביזן זיבעטן הימל. עס איז געווען אַ בילד, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. אַ וואָך האָט כסדר געהיט מיט געווער אין די הענט.



**ר׳ הירשל באקלער (פון כאטעשאָוו)**

עס איז אונדז צוגעקומען נאָך אַ פּאָר פּיסטאָלעטן. מען האָט זיך געלייגט שלאָפן און אײַך מאָרגן ווידער געשטעלט זיך דאַוונען. יידן איינגעוויקלט אין טליתים זיינען גע־שטאַנען אין וואַלד און געדאַוונט, געוויינען און זיפצן האָבן פאַרהילכט דעם וואַלד. אַזוי האָט דער חזן געדאַוונט ביז ער איז צוגעקומען צום יום. ער איז רויט געוואָרן ווי אַ צונטער, ער האָט דעם יום נישט געפונען אין מחזור, ווייל דעם טאָג פאַלט נישט אויס יום־כיפור. מען האָט זיך ערשט געכאַפּט אַז יום־כיפור איז געווען נעכטן, ווען אַלע האָבן געאַרבעט. ר׳ הערשל האָט זיך אָוועקגעשטעלט האַלטן אַ דרשה און אָנ־געוויזן, אַז דאָס טרעפט אים אין זיין 60 יאָריקן לעבן צום ערשטן מאָל. דאָס איז אַ שלעכטער סימן און ווער ווייסט צי מיר וועלן נאָך דורכלעבן אַ צווייטן יום־כיפור.

די ווערטער פון ר׳ הערשל זיינען מקוים געוואָרן. במשך פון 3 חדשים זיינען 90 פּראָצענט פון די מענטשן אין וואַלד געווען אויפן עולם האמת, ווייל עס איז געווען שווער הדרכצוטראָגן די קעלטן און דעם הונגער. עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אַלע אַרבעט־מענער קענען זיך אומקערן אין שטאָט אַריין. דאָס איז געווען אַן אויס־געטראַכטע שטיקל אַרבעט, כדי צו קאָנצענטרירן די יידן, אַרויסשלעפן זיי פון די וועל־דער און האַלטן אויף זיי אַן אויג ווען מען וועט זיי דאַרפן ליקווידירן. נאָך צוויי הדשים האָבן מיר אויסגעהאַלטן דעם וואַלד און ביסלעכווייז זיך צוריקגעקערט אין דאָרף אַריין. דעמאָלט איז עס געשען, אַז מען האָט אויסגעשאָסן די רעשטלעך יידן פון קאַמין קאָשירסקער געטאָ, אַ סך האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, איינער פון זיי איז געווען שמאי מייסטל, אַ צווייטער נחום ענשיין.ביידע זיינען געלאָפן שפּע־טער צו די פּאַרטיזאַנער.

אין איין וואָך האָבן זיך אָנגעזאַמלט ביי אונדז אַ פּולע שטוב מיט יידן פון ראַט־נע. עס איז געקומען זלמן קענפער מיט זיין פרוי שיינדל, מיט זיין מוטער יענטע, מיט זיין שוועסטער עטל מיט אַ קינד. עס איז געקומען איינער אַ שינדלמאַכער מיט אַ צוויי־יעריק קינד. זיין נאָמען געדענק איך נישט און דעם זייגערמאַכערס 2 מייד־לעך. כאָטש עס איז אַ ריזיקע צו האַלטן אַזויפיל יידן, קוקט נישט דער פאָטער אויף דעם און אַרבעט אַליין שווער און ביטער אויסצוהאַלטן די אַלע מענטשן. נישט לאַנג געדויערט די שטילקייט. די דייטשן און אוקראַינער וואַרטן איינצוזאַמלען אַלע אין דער פאָסטקע און שפּעטער זיי דערשיסן. אין אַ שיינעם טאָג איז דער פאָטער אַרי־בערגעגאַנגען צום סאָלטיס, וועלכער איז שטאַרק צערודערט. אויף דער בקשה פון טאַטן דערציילט ער אים, אַז שבת אין אָוונט וועט מען אַרומרינגלען אַלע הייזער און מען וועט אויסשיסן אַלע יידן. אַזוי ווי ער קען עס נישט טאָן איז ער שטאַרק באַ־אומרואיקט און ווייסט נישט ווי צו האַנדלען. דער פאָטער איז גלייך געקומען אַהיים און באַפוילן: צוריק אין וואַלד אַריין!

ווידער אין וואַלד

ווידער לאָזן מיר זיך אין וואַלד. דאָס מאָל זיינען מיר מער יידן, עס זיינען מיט־געגאַנגען יידן פון ראַטנע און פון קאַמין קאָשירסק. אין דרויסן שנייט שוין, עס איז ביינאַכט און מיר זיינען אַ מאָן 40 מיט קינדערלעך. מיר פאַרמאָגן 2 ביקסן, גראָב־אייזנס און מיר לאָזן זיך אין וואַלד. מען מאַכט אַ פייער אין מיטן שניי, דער עולם איז מיד פון לאַנגן וועג. דערווייל לויפט אָן אַ ייד, וואָס דערציילט אַז ער האָט געזען דעם וואַלד־היטער מיט געווער אין האַנט. מיר קענען אים דערשיסן, אָבער וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען? מען וועט אים נעמען זוכן און קומען אויף אונדזערע שרים. עס בלייבט דערווייל שווייגן. מיין פאָטער האָט זיך דערווייל צוגעלייגט אָפּרוען ביים

פייער און איינגעשלאָפן. דאָס פייער האָט אַרומגעכאַפּט זיינע קליידער און שיר אים אין גאַנצן פאַרברענט.

עס הייבט אָן טאָגן און דאָס איז קיין פּלאַץ נישט צו זיצן. מיר קומען צווישן גאַנץ געדיכטע ביימלעך און מיר פאַנגען דאָ אָן אַ „ניי" לעבן. אַ לעבן פון חיות. עס דוכט זיך אונדז, אַז מיר האָבן שטענדיק געלעבט אין וואַלד און אַז מיר קענען בכלל שוין נישט לעבן אויסערן וואַלד, ווו עס איז דערוויל דאָס זיכערסטע אָרט פאַר אונדז. מיר מאַכן אַ זיעמליאַנקע אין אַ גרוב, וואָס מיר האָבן אויסגעגראָבן. אָבער טיפער ווי ביז די קני קענען מיר נישט גראָבן, ווייל ווייטער איז שטייניקער באָדן. פון אויבן לייגט מען דיקע בערעזענע ביימער און מען מאַכט נאָר אַ לאָך אַריינצוגיין און אַרויסצוגיין. אינעווייניק קען מען נאָר ליגן, נישט זיצן און נישט שטיין. פון אויבן איז פאַרדעקט מיט שניי און עס איז נישט שלעכט פאַרמאַסקירט, אָבער אין אָוונט ווען 33 מענטשן גייען אַריין אינעווייניק, אייניקע האַלטן וואַך, מוז מען ליגן איינער אויפן צווייטן, נישט געלעבט און נישט געשטאָרבן. מיר האָבן גענוצט אין אָנהייב שניי פאַר וואַסער, שפּעטער האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ גרוב און מיר האָבן באַקומען שמוציקע וואַסער צו דערהאַלטן דאָס חיות. ביי טאָג האָט מען אויף אַ קליין פייערל עפּעס אָפּגעקאָכט און אין אָוונט האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט זוכן עסן. איין אָוונט האָבן מיר געבראַכט 2 שאָף, וואָס מיר האָבן אַרויסבאַקומען פון אַ טאַל, זיי געקוילעט און געבראָטן אין וואַלד. אַנדערע האָבן געבראַכט קאַרטאָפל פון אַ גרוב, מען האָט אָפּגעקאָכט די שאָלעכץ באַזונדער און מען האָט געגעבן יעדן צו 2 קאַרטאָפל. ברויט איז געווען אַ לוקסוס. דער פאָטער איז אַמאָל אַוועק אין אַ כוטאָר בעטן ברויט, האָט ער זיך דערוווסט, אַז מען ווייסט וועגן אונדז אין דער גאַנצער געגנט. מ'דערציילט, אַז מיר זיינען אַ סך מענטשן און אַז מיר האָבן מאַשין־געווער, גראַנאַטן און ביקסן. אַ סך גויים פלעגן קומען ביינאַכט גנבענען ביימער אין וואַלד, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אונדזערע באַוואָפנטע פּאַטרולן, זיינען זיי געלאָפן אין דאָרף און אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַלעמען. דער אמת איז געווען, אַז מיר האָבן געהאַט ווייניק געווער. אַ גוי האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז ער וועט אונדז געבן עטלעכע ביקסן מיט קוילן. דער גוי איז געווען פון קאַזיאַל. אין אָוונט האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט באַוואָפנטע, איך, מיין ברודער יאָסל־בער און מאָטל אלישאַנקער אין דעם דאָרף. נישט לייכט איז געווען דאָס צוקומען, מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ שייער און שפּעט ביינאַכט זיינען מיר אַריין צום גוי. ער האָט גענומען זוכן און נישט געפונען. דערביי האָט ער אונדז דערציילט, אַז דאָס דאָרף איז באַלאַגערט פון דייטשן און מיר דאַרפן זיך אָפּטראָגן. צום גליק איז געוואָרן אַ זאַווערוכע און מיר האָבן גענומען שפּאַנען אין שטאָק־פינצטערניש, אַלע וועגן זיינען פאַרשאָטן געוואָרן און מיר זיינען געגאַנגען אין שניי ביז דער ברוסט. מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט און זיך געכאַפּט, אַז מיר גייען אין שטאָט אַריין צו די דייטשן אין די הענט אַריין. די שיך ביי מיין ברודער זיינען צעריסן געוואָרן, זיינען מיר אַרויף אויפן גוישן צמענטער, אַראָפּגענומען פון די צלמים די פאַרטוכער און זיך פאַרוויקלט די פיס. עס האָט גענומען טאָגן, זיינען מיר אַריין אין אַ חורבה, דער שטורעם האָט אַראָפּגעריסן דעם דאַך, איז געקומען אַן אוקראַאינער צונויפנעמען דאָס ברוך, דערזען אונדז האָט ער גענומען לויפן צוריק אין דאָרף. מיר זיינען קוים מיטן לעבן געלאָפן ביז מיר זיינען אַריינגעקומען אין וואַלד. אַלע האָבן אונדז שוין געהאַלטן פאַר פאַרלוירן און אונדזער דערשיינען האָט אַרויסגערופן טרערן פון פרייד.

**די שחיטה אין וואַלד.**

מיין פאָטער איז געוואָרן דער גאַנצער פירער אין וואַלד. ער האָט געהייסן באַ־

גראָבן דאָס צירונג און טייערע זאַכן ווער עס האָט, כדי די אוקראַינער זאָלן נישט באַקומען קיין חשק צו פּאָגראָמירן אונדז ווי באַלד זיי וועלן וויסן אַז מיר זיינען רייַבע לייט. מען האָט אַלץ באַגראָבן אין אַ גרוב. די קעלטן זיינען געוואָרן שטאַרקער און קיין קאַרטאָפּל זיינען שוין נישט געווען. מיין פאָטער מיט מיין ברודער זיינען געגאַנגען זוכן קאַרטאָפּל. האָט זיך צו זיי צוגעטשעפּעט דער שינדלמאַכער פון ראַטנע. ביים צוריקגיין מיט די זעק קאַרטאָפּל האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז דער שינדלמאַכער איז נישטאָ. מען האָט אַרויסגעשיקט באַוואָפנטע מענטשן אים צו זוכן און אים נישט געפונען. אַוועקגיין פון דעם פּלאַץ האָבן מיר נישט געוואָלט, ווייל ער האָט דאָ געהאָט זיין קינד און מיר האָבן געהאָפט, אַז ער וועט צוריקקומען. ער איז טאַקע צוריקגעקומען, אָבער פאַרן פּרייז וואָס ער האָט דערציילט די פּאָליציי, וועלכע האָבן אים געכאַפּט, וויפל מענטשן מיר זיינען און ווו מיר געפינען זיך.

עס איז געשען דעם 2טן טאָג אין טבת, 1942. אַ מוראדיקער הוראַ-געשריי און קנאַלן פון ביקסן און מאַשין-געווער. פון אונדזער ענטפערט מען צו ביסלעך. איך הער מען שרייט צו מיר „סטאָי!” אָבער איך האָב באַשלאָסן, אַז אַ לעבעדיקן וועלן זיי מיך נישט נעמען. איך לויף און איך פאַל, איך באַהאַלט מיך אונטער אַ בוים און ווייס נישט ווו איך בין, ווו זיינען מיינע עלטערן, ווו זיינען אַלע? איך הער דאָס שיסעריי געמישט מיט געוואַלדן און קרעכצן, דער גאַנצער וואַלד ציטערט ווי אויף אַ שלאַכטפעלד. איך ליג אונטער אַ בוים און פיל, אַז מיינע כוחות גייען אויס. צוויי שעה האָט געדויערט דאָס שיסעריי און דאָ הער איך פּלוצלונג אַ געזאַנג. דאָס זינגען די אוקראַינישע באַנדיטן, וועלכע האָבן פאַרגאָסן אַזויפיל אומשולדיק בלוט. איך הער אַ גרויס געוויין און דערקען די שטימע פון מיין מאַמען, וועלכע איז גענומען געוואָרן לעבעדיקערהייט. אוי, מאַמע, ווי וואָלט איך געוואָלט גיין מיט דיר, אָבער איך טראַכט, אַז איך וויל דאָך נעמען נקמה, איך בין דאָך נאָך יונג און וויל נאָך דערלעבן מען זאָל אָפּצאָלן די רוצחים פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון טאַטע-מאַמע, ברידער און שוועסטער און קליינע קינדערלעך. אָט הער איך ווי מען פירט זלמן קענפערן, שיינדלען, יאָסל-בער דעם ראַטנער און נאָך 8 יידן, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלן לעבעדיקערהייט, די איבעריקע האָבן זיך געשלאָגן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט און זיך נישט געלאָזט נעמען ווי שאָף צו דער שחיטה.

איך וואַרט ביזן אָוונט. איך בין אומגעדולדיק צוצוקומען צום פּלאַץ פון דער שחיטה, אפשר וועל איך טרעפן פאַרוווּנדעטע, אימיצן מיט אַ צייכן פון לעבן. איך פאַרשעלט דעם טאָג וואָס איך בין געבוירן געוואָרן. עס איז שוין פינצטער, איך בין אין גאַנצן געפרוירן און הייב אָן לויפן ווי אַ וואַנזיניקער, איך לויף און פאַל. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך הער קולות: ראַטעוועט! איך טרעט טיף אין שניי און קען מער נישט לויפן. איך פאַרשטיי, אַז עס איז אומזיסט מיין זוכן, אַז אַלע זיינען שוין טויט. דאָס האַרץ פאַרקלעמט זיך מיר, איך פיל אַז איך בין געפרוירן און מוז ווייטער לויפן, לויף איך אין דאָרף אַריין. איך זע די הייזער פון לעסניטשעסטוואָ „סירטשע”. קיינער היט נישט, עס איז נישטאָ שוין פאַר וועמען. אָט זע איך די גרויסע אָזיערע סיטש. פון יענער זייט קרעכצט דער וואַלד און קולות, דוכט זיך מיר, רייסן זיך פון דאָרט: וווהין לויפסטו? דו ביסט אַ פאַרעטער. לאָזט דאָ אונדז איבער, דעם טאַטן, די ברידער, וואָס זיינען אַפילו ניט באַגראָבן ווי מענטשן? דיין טייערן טאַטן, נחום, וואָס איז באָרוועסערהייט געלאָפן ברענגען קאַרטאָפּל פאַר דיר. איך ווער שיר נישט משוגע פון פּיין און ווייס נישט וואָס צו טאָן. דערזע איך אַ שטאַל, איך שריי אַריין: ברידער יידן! ווער פון אייך לעבט? איך לעב, קומט אַרויס. אָבער אַ ווינט בלאָזט פון דאָרט און קיינער ענטפערט ניט. איך בין איינער אַליין אויף דער וועלט, איינער

אַליין געבליבן, וואָס טוט מען? ווי האָב איך דערלאָזט צו בלייבן לעבן, ווען אַלע זיינען טויט? איך פיל, אַז איך פאַרליר דעם באַוווסטזיין, אַלץ דרייט זיך אַרום מיר. איך דערזע די חורבה, וווּ מיר זיינען געווען מיט מיין ברודער און מאָטל אַלשאַניקער. איך לויף אַריין און פאַל אויף דער ערד. אַ שטורמישער ווינט בלאָזט פון אַלע זייטן, איך ווער אַנטשלאָפן.

דער אינסטינקט האָט מיך אויפגעוועקט איידער עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. איך לויף אין דאָרף אַריין און פאַל אַריין אין אַ שטאַל, כאַפּ זיך אַרויף אויפן בוידעם און גראָב זיך איין אין היי. עס ווערט טאָג. דער גוי קומט אַריין געבן עסן די בהמות און הייבט אָן צו נעמען היי מיט שטעכיקע ווידלעס. אָט-אָט און ער שטעכט מיר אַריין די ווידלע, איך פיל אַז איך גיי אויס. אַזוי בין איך אָפּגעלעגן דריי טעג און דריי נעכט, אָן עסן אין קעלט. איך נעם זיך אונטער אַראָפּצוגיין צו אַ גוי, וואָס איז אונדז שולדיק געבליבן געלט. איך גנבע זיך אַראָפּ, מיט שטילע טריט שלייך איך זיך פון איין שטוב צו דער אַנדערער און אָט קום איך צו אַ קליין שטיבעלע. אינעווייניק איז ליכטיק, קינדער שפּילן זיך, זיי פרייען זיך און מיר איז פינצטער און ביטער. איך וואַרט ביז די קינדער וועלן אַנטשלאָפן ווערן. עס איז שוין שפּעט ביינאַכט, איך קלאַפּ אָן אין טיר און בעט מיך אַריינלאָזן אָנוואַרעמען זיך. דער באַלעבאָס גייט אַרויס, ער דערזעט מיך און וויל צוקלאַפּן די טיר. ער האָט מורא, זאָגט ער, ווייל ווער עס וועט אויסבאַהאַלטן אַ ייד וועט דערשאָסן ווערן. איך פיל, אַז איך מוז מיט עפּעס פאַנגען זיין האַרץ, זאָג איך אים, אַז אַזוי ווי איך טראָג נייע שטיוול און עס איז מיר קאַלט אין זיי, וויל איך זיי אים אַוועקגעבן און ער זאָל מיר געבן אַ פּאָר פּאַסטאָלעס פון ביימער-הויט און שטרוי וועט מיר זיין וואַרעמער אין די פיס. מיין אַרגומענט האָט אים איבערצייגט, בפרט ער האָט באַטראַכט מיינע שטיוול. ער הייסט מיר אַריינגיין אין שטוב, ער כאַפּט אַראָפּ מיינע שטיוול און גיט מיר אַ פּאָר פּאַסטאָלעס און הייסט מיר אַרויפקריכן אויפן אוקראַאינישן אויוון זיך צו דערוואַרעמען. ער גיט מיר אויך אַ שטיקל ברויט. איך פרעג אים אויס ווער עס איז געבליבן לעבן פון מיין פאַמיליע, דערציילט ער מיר, אַז מיין פאָטער האָט געפירט אַ שטאַרקן קאַמף ביז זיינע פיס זיינען צעריסן געוואָרן און מען האָט אים דערשאָסן צוזאַמען מיט מיינע 2 ברידער און אַז מיין מוטער האָט מען צוגענומען מיט נאָך 7 יידן קיין כאַטיעשאָוו, וווּ מען האָט זיי אויסגעטאָן נאַקעט, אַוועקגעשטעלט אויפן פראָסט און אַזוי זיינען זיי געפאַלן, אַפילו נישט באַגראָבן געוואָרן און זייערע קערפּערס וואַלגערן זיך אַרום.

אַ שאָד, מאַכט דער גוי, וואָס דו ביסט געבליבן לעבן. בעסער וואָלט געווען ווען דו פאַלסט מיט זיי צוזאַמען, ווייל נישט לאַנג וועסטו זיך קענען אויפהאַלטן.

פּלוצלונג קלאַפּט מען אין טיר. דער גוי ווערט דערשראָקן. איצט זיינען מיר ביידע פאַרפאַלענע, אָבער צו אונדזער דערשטוינונג לויפט אַריין אַ הויכער בחור, מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט און פרעגט צי קיינער פון נחומס קינדער לעבן נישט. איך דערקען מאָטל אַלישאַנקער. איך שריי צו אים אַראָפּ פון אויבן און פרעג אים וועגן זיין האַנט. דערציילט ער מיר, אַז ווען ער איז געלאָפן האָט אים די פּאָליציי נאָכגעשאָסן. ער פרעגט מיר אויף זיין ברודער, יאָסל, און לויפט גיך אַוועק, ער וויל דאָ נישט בלייבן, שרייט ער. דער גוי גיט מיר אַ שטיקל ברויט און בעט מיך, אַז אויב מען וועט מיך כאַפּן זאָל איך נישט דערציילן ווו איך האָב גענומען. איך לויף צוריק אין שטאַל אויפן בוידעם, ווו איך בין געווען 3 טעג.

אַזוי לעב איך אין קעלט, אָן וואַסער, מיטן שטיקל ברויט, וואָס דער גוי האָט מיר געגעבן. איך זע, אַז דאָס היי ווערט וואָס אַ מאָל ווייניקער און אַז איך קען דעמאַסקירט ווערן, חוץ דעם ווערט מיר נמאס דאָס לעבן. עס גייען מיר נאָך די קולות פון

וואַלד און איך טראַכט צו באַגיין זעלבסטמאָרד. שוין ווידער דריי טעג אַז איך הונ־גער, דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר. ביינאַכט גיי איך אַראָפּ פון בוידעם זוכן אַ שטיקל ברויט. איך לויף פון שטוב צו שטוב, קוק אַריין אין די פענצטער, ווו עס איז ליכטיק, עס ברענט די לוטשינע אויפן פריפּעטשאָק, קינדער שפּילן זיך, זיי איז פריילעך און איך לויף אַרום ווי אַ ווילדע חיה זוכן אַ שטיקל ברויט. איך קען יעדע מינוט באַמערקט און דערשאָסן ווערן. איך פיל, אַז די פיס זעצן זיך מיר, איך פאַל פּלוצלונג אויף דער ערד און פיל מער גאָרנישט.

איך ווייס נישט וויפל צייט איך בין געלעגן, איך פיל נאָר, אַז מיר איז אַביסל וואַרעמער, איך עפן אויף די אויגן און דערזע אַז אך ליג אין שטוב פון סעקרעטאַר פון דאָרף. נאָך אַזויפיל חדשים בלאָנקעניש זיץ איך אין אַ שטוב. דער סעקרעטאַר זאָגט מיר, אַז איך דאַרף נישט מורא האָבן, ער וועט מיר נישט שיסן, ווייל מיין לעבן איז ח״ו נישט אויף לאַנג. עס איז אַ שאָד וואָס איך בין געבליבן לעבן, ווייזט אויס אַז איך בין זינדיקער פון די וואָס זיינען אומגעקומען. מען גיט מיר עסן, איך שלינג. אַ קליייניקייט — ברויט, אַביסל וואַרעמס. איך דערצייל ווי איך בין געבליבן לעבן. די אוקראַינקע זיפצט מיט, אָבער זי קען מיר גאָרנישט העלפן.

פּלוצלונג רייסט זיך אויף די טיר און עס לויפט אַריין שוואַרץ ווי די ערד, צאַלע מעריז, אַ בחור פון 29 יאָר און בעט אַ שטיקל ברויט. אַז ער האָט מיך דערזען, איז ער מיר געפאַלן אויפן האַלדז: קום שנעלער, זאָגט ער מיר, דיין קלענערער ברודער, יאָסל־בער, האָט זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן, ווייל ער האָט געמיינט, אַז קיינער איז מער נישטאָ פון דער משפחה. איך קריג פון גוי אַ שטיקל ברויט און מיר לויפןביידע אַרויס און מיר קומען צו צו אַ שייער, ווו איך טרעף מאָטל אלישאנקער און זיין ברודער יאָסל. מיר גייען אַלע אין וואַלד אַריין אין טיפן שניי, אין פראָסט און קומען דאַך אָן. פון וויטנס זע איך אַ פייער, איך קום צו נענטער און זע מיין ברודער יאָסל־בער. אַ לאַנגע צייט ליגן מיר איינער אין דעם אַנדערנס אָרעמס און קושן זיך און וויינען. עס זיצן צוויי מיידעלעך, עלקע און גאָלדע מעריז פון 13 און 11 יאָר. עס זיצט אַ ברייטפּלייציקער יונגערמאַן, פייוול דער מאַלער, וועלכער האָט מיט 6 טעג צוריק פאַרלוירן זיין ווייב מיט 2 קינדער. עס זיצן אַרום 10 מאַן אַרום פייער, אויף שטיקער האָלץ. מען וואַרעמט זיך איינער אין צווייטן, מען זיצט און טרערן גיסן זיך.

אין דער פרי גייען מיר צום אָרט פון דער גרויסער שחיטה. עס וואַלגערן זיך פאַרברענטע קאָלדרעס, קישנס אויפגעריסענע פון גראַנאַטן. אין אַ גרוב ליגן צוזאַמענגעמישט טויטע קערפּערס פון פרויען, מענער און קינדער. מיר פאַרשיטן און זאָגן קדיש, דעם לעצטן קדיש. מיר ווילן זיי שוין מער קיינמאָל נישט זען. מיר שיטן אָן מער ערד, די חיות פון וואַלד זאָלן זיי נישט אַרויסשלעפּן, אָבער סיי ווי האָט עס ניט געהאָלפן, די וואַלד־חיות האָבן געמאַכט זייער סעודה פון די טויטע קערפּערס.

מיר קערן זיך אום צוריק אין וואַלד. 2 וואָכן האַלטן מיר אויס, די פרעסט זיינען מוראדיקע, מיר קענען מער נישט אויסהאַלטן און לאָזן זיך אין אַ כוטאָר. איינער פון אונדז איז אַ סטאָליער, ער גייט צו אַן אוקראַינער אַרבעטן און האַלט אונדז אויס אַ חודש צייט, אָבער מער קען ער נישט, אויך דער אוקראַינער האָט מורא. איך זאָג צו מיין ברודער, מיר זאָלן גיין אין דאָרף אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ שייער. די פרעסט זיינען זייער גרויסע, גייען מיר בייטאָג אַריין אין שטאַל, קריכן אויפן בוידעם און ניורען זיך איין אין היי און פאַרמאַכן די לאָך מיט שטרוי. ביינאַכט כאַפּן מיר זיך אַריין אין אַ שטאַל פון חזירים, דאָ איז וואַרעם, מיר נאָרען זיך איין אין מיסט נעבן די חזירים. עסן פעלט נישט, די קאַרטאָפל, וואָס זיינען געקאָכט פאַר די חזירים עסן מיר אויך און באַהאַלטן אין די קעשענעס און ווי נאָר עס הייבט אָן צו טאָגן לויפן מיר

ווידער אין שייער אריין. אזוי גייט דאס לעבן, די באָרד וואַקסט און איך זע אויס פון אַ יאָר 50, נישט געוואַשן זיך אַ לאַנגע צייט און מיר טרינקען שניי. איינמאָל האָבן מיר געהערט אַ שמועס פון די גוים, אַז די דייטשן זיינען שוין נאָענט פון מאָסקווע און אונדז ווערט ביטער אויפן הארצן פון דער ידיעה.

מיר בייטן אַלע מאָל אונדזער „קוואַרטיר", שלייכן זיך שטיל ווי די מייז, היינט אין איין שייער, מאָרגן אין אַ צווייטן. דאָס לעבן איז נמאס, מיר פאַרשעלטן דאָס ליכט פון טאָג, ווייל מיר קענען נאָר לעבן אין דער פינצטער. איין מאָל ביינאַכט זעען מיר ווי איינער לויפט און מען לויפט אים נאָך. מיר דערקענען יידלען, יידל פאַפיר פון רעטשיצע, וואָס זיין פרוי איז אומגעקומען אין כאָטשיעשאָוו. מיר גיבן אים אַ צייכן און ער האָט אונדז באַמערקט. ער האָט זיך שוין אונדז נישט אָפּגעריסן מער.

מיר הייבן אָן צו זוכן פאַרבינדונגען מיט די אַנדערע, וואָס זיינען צעשאָטן אין פאַרשידענע ערטער. מיר קומען אין אָוונט אין אַ כוטאָר און דאָרט דערקענען מיר צוויי יידישע מיידלעך פון ראַטנע, זייער פאָטער איז געווען אַ שינדלמאַכער. איינע איז געווען ביי די רוסן אַ לערערין און די צווייטע איז געווען אַ שילערין אין מיטלשול. זייער שיינע מיידלעך זיינען זיי געווען. זיינען זיי געזעסן און געשטריקט סוועטערס פאַר די אוקראַאינישע מערדערס. מיר האָבן זיי געבעטן איבערלאָזן דאָס פּלאַץ און גיין מיט אונדז, ווייל דאָ וועלן זיי אומקומען, זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט גלייבן אין גאָרנישט. זיי זיינען טאַקע שפּעטער מערדעריש דערהרגעט געוואָרן דורך די באַנדעראָווצעס.

דאָס אייז האָט זיך לאַנגזאַם גענומען שמעלצן. מיר זיינען געגאַנגען פון אָרט צו אָרט און אין איין כוטאָר האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף נאָך 4 יאַטן און האָבן גענומען טראַכטן וועגן געווער, כדי אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין וואַלד און אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען. אין חודש אדר האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די אוקראַאינישע פּאָליציי האָט זיך צעבונטעוועט, צוגענומען דאָס געווער און זיך אַוועקגעלאָזט אין וואַלד אריין קעמפן קעגן די דייטשן. מיר האָבן אָבער געהאַט אַ ביטערן טעות, מיינענדיק אַז מיר זיינען געראַטעוועט. פריער ווען זיי האָבן געדינט דעם דייטש האָבן זיי נאָך אַ מאָל געקוקט דורך די פינגער, איצט אָבער, זייענדיק נאַציאָנאַליסטן, האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין באַנדעס, ווי: באַנדעראָווצעס, מעלניקצעס, סיקאַטשאָווצעס און אין זייער פּראָגראַם האָט זיך געזאָגט, אַז זיי דאַרפן פאַרניכטן דייטשן, רוסן, פּאָליאַקן און יידן און אויפשטעלן אַ זעלבסטשטענדיקע אוקראַאינע. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז פון זיי וועט זיין שווער זיך אויסצובאַהאַלטן. די ערשטע קרבנות זיינען טאַקע שוין געפאַלן, ווי די צוויי דערמאָנטע מיידלעך, פייוול און אַנדערע. אַזוי האָט אונדז טאַקע געזאָגט דער גוי, ווו מיר פלעגן אַריינגיין בעטן אַ שטיקל ברויט. פון אייגענע, האָט ער געזאָגט, איז שווער זיך אויסצובאַהאַלטן.

אונזער פּראָבלעם איז איצט געווער. מיר ווערן געוואָר, אַז ביי אַ גוי זיינען פאַראַן ביקסן. מיר גייען אריין אין וואַלד, ווו עס געפינט זיך דער גוי, רינגלען אַרום זיין שטוב. 2 מאַן, יאָסל אלישאנקער און חיים מערין, גייען אַריין אינעווייניק. דער גוי וויל נישט געבן. ער קריגט קלעפּ און ענדלעך גיט ער 2 ביקסן אָבער ער זאָגט, אַז ער האָט נישט קיין קוילן. דער שיקסע זיינער איז געלונגען אַרויסצוקריגן זיך פון שטוב און אַנטלויפן אין וואַלד, ווו זי האָט מודיע געווען וועגן דעם איבערפאַל. די באַנדע האָט אָנגעהויבן באַשיסן די שטוב. צאַליע, וועלכער האָט געהיט אין דרויסן, האָט זיך באַהאַלטן אין אַ זומפּ, די איבעריקע צוויי האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן און זיי זיינען גענומען געוואָרן לעבעדיקערהייט. מען האָט זיי מערדעריש געשלאָגן, זיי זאָלן אויסזאָגן ווו געפינען זיך די איבעריקע, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט אויס-

זאָגן. מען האָט זיי צוגענעגלט די הענט מיט טשוועקעס צום טיש, זיי זיינען אַזוי געלעגן 3 טעג און געזען דעם טויט פאַר די אויגן און האָבן נישט אויסגעגעבן, ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות.

עס איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. מען האָט זיך כסדר געמוזט באַהאַלטן, אוים עסן, ווייל אויך ביינאַכט איז אַ שרעק צו באַווייזן זיך. אויף די פעלדער וואַקסט נאָך גאָרנישט. אין אַן אָוונט בין איך געווען ביי אַן אוקראַינער, ווו איך האָב באַקומען עפּעס עסן. פּלוצלונג זיינען אַריינגעקומען 2 מענער, איינעם האָב איך געקענט, דער צווייטער איז אַ פרעמדער. איך זע, אַז דער גוי ווערט טויט און רויט. ווען זיי זיינען אַרויס, זאָגט מיר דער גוי, אַז איך האָב געהאַט מזל, ווייל איינער פון די צוויי איז אַ פרעמדער, וואָס האָט שוין אויסגעהרגעט אַ סך יידן, אויך מיין ברודער האָט ער שוין נאָכגעשאָסן.

אין אַן אָוונט האָב איך געהאַט אַ חלום, מיין מאַמע האָט מיך געבעטן איך זאָל דעם אָוונט נישט אַרויסגיין זוכן קיין שטיקל ברויט. מיר זיינען געלעגן מיט מיין ברודער אין שייער און האָבן שוין טעג נישט געגעסן. מיר האָבן מער נישט געקענט אויסהאַלטן. איך זאָג דאָן צו מיין ברודער, אַז ער זאָל גיין זוכן עסן אַליין און איך וועל גיין אַליין, איך האָב מורא געהאַט אַז עס וועט מיט מיר עפּעס פּאַסירן, טאָ זאָל ער נאָך כאָטש בלייבן. גיי איך און גנבע זיך צו אַ שטוב פון אַ גוי, וועלכער האָט אויף מיר רחמנות און גיט מיר אַ שטיקל ברויט. ביים אַרויסגיין זע איך 2 אוקראַינער וואָס גייען גלייך אויף מיר. איך האָב גענומען לויפן און זיי נאָך מיר ביז איך בין אַריינגעשפּרונגען אין אַ פאַרמאַכטן שייער אַרויפדראַפּענדיק זיך אויבן דורך דער פאַרשלאָסענער טיר. די אוקראַינער האָבן מיך געזוכט מיט אַ הונט און ווייל זיי האָבן מיך פאַרלוירן פון אויג, האָבן זיי פאַר כעס דערשאָסן דעם הונט. דער גוי פון שייער האָט מיך שפּעטער געפונען און מיר געהייסן אַנטלויפן. איך בין אַוועק צום טייך זיך באַהאַלטן אין די קאָרטשעס. אָפּגעלאָפן אַ שטיקל וועג, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף די פּאַסטוכער. זיי האָבן רחמנות געהאַט אויף מיר און געגעבן אַ שטיקל ברויט. איך לויף ווייטער און טראַכט וועגן מיין ברודער. פּלוצלונג זע איך דעם גוי, ווו עס איז געגאַנגען בעטן אַ שטיקל ברויט מיין ברודער. דער גוי זאָגט מיר אַז מיין ברודער מיט יידלען זיינען באַהאַלטן ביי אים אויפן בוידעם. איך וואַרט עס זאָל ווערן פינצטער און גנבע זיך צום שייער ווו זיי געפינען זיך. אונדזער צוזאַמענטרעף איז אַ גליקלעכער. דער גוי ברענגט אַלע טאָג עפּעס עסן אָבער לאַנג קען עס נישט אָנהאַלטן. מיר האָבן געמוזט יעדע צווייטע נאַכט בייטן דאָס פּלאַץ. מיר האָבן קיין העמד אויפן לייב, דאָס לייב איז צעריסן פון אומפּלייט. מיר זיינען אַוועק צו די קאָרטשעס. מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ באַקאַנטן גוי, סאַווקאַ, וואָס פלעגט באַהאַלטן יידן. ער דערציילט, אַז עס זיינען געקומען 20 באַנדעראָווצעס, האָבן אַרומגערינגלט אַ הויז, ווו עס האָט זיך געפונען מאיר אָלישאַנקער, זיין פרוי און צוויי יינגלעך. דעם קליינעם משה־לען האָבן זיי אָנגענומען ביי די פיסלעך און אים צעשפּאָלטן אויף שטיקלעך אין דעם ברוק. דער 20־יעריקער ברודער, מאָטל, איז אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער, האָבן זיי געשאָסן און אים לייכט פאַרוואונדעט אין בויך. ער האָט געבעטן מען זאָל אים שענקען דאָס לעבן, אָבער זיי האָבן אים געהייסן אויסגראָבן אַ גרוב און מען האָט אים לעבעדיקערהייט באַגראָבן. ער האָט מיט כוח זיך אַרויסגעקריגן פון פאַרשאָטענעם קבר אָבער נאָר ביז העלפט און אַזוי איז ער געשטאַנען אַ פאַרוואונדעטער ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה. בעת־מעשה זיינען אַרום געשטאַנען פּויערים און צוגעקוקט זיך צו די אוממענטשלעכע ליידן פון דעם קרבן. זיין מוטער, די שיינע חנה, האָבן די רוצחים אַראָפּגעוואָרפן פון בוידעם און איר צעשטאָכן מיט שפּיציקע

פלעקלעך און איר מאַן, מאיר אַלישאנקער, האָבן זיי געגעבן דעם ערגסטן טויט, וואָס ע׳ איז נאָר מעגלעך אויסצוטראַכטן. זיי האָבן אים אויסגעטאָן מוטער־נאַקעט און אים געצוווּנגען צו זיין מיט דער טויטער פרוי, שפּעטער האָבן זיי אים געגעבן עסן קראָפּיווע און דערנאָך אים בעסטיאַל דערמאָרדעט. דער גוי דערציילט און עס רינען אים טרערן פון די אויגן. ער דערציילט, אַז מען האָט אים געוואָלט אַרעסטירן, ווייל ער האָט געהאָלפן יידן, איז ער אַנטלאָפן. דערביי דערציילט ער, אַז ווען מען האָט אים געפירט צום נאַטשאַלניק, האָט ער אויף דער ברייטער גאַס געזען, ווי עס שטייט אַ וואָגן מיט צוויי פערד איינגעשפּאַנט און צוגעבונדן צום וואָגן שטייט מאיר אַלשאַניקער אַ נאַקעטער, די אויערן אָפּגעשניטן. אויף דער פור האָט מען אים טאַקע אַוועקגעזעצט און פון דאָרט איז ער אַנטלאָפן.

**ביי די פּאַרטיזאַנער**

מיר האָבן זיך ווייטער געמאַטערט, צוזאַמען מיט מיין ברודער. ווו געטאָגט דאָרט נישט גענעכטיקט, אויסגעבעטלט אַ מאָל אַ שטיקל ברויט און ווידער זיך פאַרנאָרעט ווי די חיות. מיר האָבן זיך אַ סך מאָל פאַרלוירן, ביז מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקצוגיין צו די פּאַרטיזאַנער. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָפּייע. ביז מיר זיינען צוגעקומען צום דאָרף פון די רויטע איז אונדזער לעבן געהאָנגען אויף אַ האָר, מען האָט אונדז געפרעגט פון וואַנען מיר קומען און אַז מיר זיינען ווייסע אוקראַינער, ווייל מיר קומען פון יענער זייט. איינקע גויים, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג, האָבן אונדז געעצהט צוריקצוגיין, ווייל מען וועט אונדז שיסן. די אמתע פּערספּעקטיוון. מיר זיינען קוים צוגעקראָכן צום ערשטן דאָרף פון די פּאַרטיזאַנער פון רוסישן צד, ווו מען האָט אונדז געזאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן אַ סך יידן וועט מען אונדז נאָך שיסן אויך. אָבער וועגן צוריקגיין איז דאָך אַוודאי נישט געווען קיין רייד, צו וועמען? צו די דייטשן? צו די באַנדעראָווצעס? מיר זיינען געגאַנגען און מיר זיינען צוגעקומען צו דער קאָמענדאַטור. אויפן שפּיץ פון דער געביידע האָט געפלאַטערט אַ רויטע פאָן. מיר זעען אַ גרופּע יידן און דאָס האַרץ שפּרינגט שיר אַרויס פון פרייד. אָבער דאָ קומט צו צו אונדז דוד גראַבאָוו, ער דערקענט אונדז און זאָגט אונדז מיט אַ טרויעריקער שטימע: טייערע קינדער, איר האָט נאָך אַ סך דורכצוגיין, ביז איר וועט זיין פריי. נעכטן זיינען געקומען 2 יידן פון אייערע קאַנטן און מען האָט זיי דערשאָסן, ווייל מען האָט זיי געהאַלטן פאַר שפּיאָנען. דער חשד האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס זיי האָבן נישט געקענט גלייבן, אַז אַ ייד האָט זיך געקענט אַזוי לאַנג אויסבאַהאַלטן ביי די ווייסע אוקראַינער.

פּלוצלונג קומט אַרויס אַ פּאַרטיזאַן, אָנגעטאָן מיט ווייכע שטיוועלעך, מיט לעדערנע פּאַסיקעס איבער ביידע אַקסלען און פרעגט אונדז פון וואַנען מיר קומען. מיר פילן, אַז די ערד ברענט אונטער די פיס. עס קומט אַרויס אַ צווייטער פּאַרטיזאַן און פרעגט ווייטער ווער מיר זיינען און פון וואַנען מיר קומען. און ווען מיר ענטפערן, אַז פון דאָרף בירקע, מיר זיינען נחום דעם שמידס זין, גיט ער אַ פרעג: און מיך קענסטו נישט? געדענקסטו נישט, אַז ווי אַ רוסישער קריגס־געפאַנגענער האָב איך געאַרבעט ביי דיין פאָטער?

אונדז איז געוואָרן אַביסל לייכטער אויפן האַרצן, אַבי מיר האָבן שוין דאָ זכות־אָבות. עס איז טאַקע אַזוי געווען. דער פּאַרטיזאַן האָט וועגן אונדז געזאָגט, אַז מיר זיינען ווײַלע חברה און אַז ער איז פאַר אונדז פאַראַנטוואָרטלעך. מען גיט אונדז אַ דערלויבעניש אַריינצוגיין אין דאָרף און אַן אָרט צום שלאָפן. ווען די יידן האָבן אונדז

דערזען אַרויסגיין פון דער קאָמענדאַטור דערפרייען זיי זיך מיט אונדז. מיר עסטעמען אָפּ פרייער, מיר זיינען פרייע מענטשן... אָבער נישט אויף לאַנג. איין מאָל אין מיטן דער נאַכט האָט מען אויפגעריסן די טיר ווו איך בין געשלאָפן מיט ווילדע געשרייען. אין דער פינצטער האָב איך געזען אַ הויכן אוקראַינער מיט אַ ווילד פּנים פון אַ מער־דער. ער גייט גלייך צו מיר ווי צו שיסן. פאַר וועמען האַלטסטו? — רעוועט ער אַרויס. פאַר די פּאַרטיזאַנער, ענטפער איך דערשראָקן. פאַר וועלכע, פאַר די ווייסע צי פאַר די רויטע? פאַר די רויטע — זאָג איך. אַזוי, פאַר די רויטע? אין דיין מאַמעס באַמען אַריין, זשיד. מיר ווילן באַפרייען אוקראַינע פון די דייטשן, רוסן און זשידעס. ער האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות און האָט מיך געמאַטערט 2 שעה, ביז צום סוף האָט ער מיר געזאָגט, איך זאָל גיין שלאָפן, ווייל דאָס האָט ער מיך נאָר אויסגע־פּרוווט צי איך בין טאַקע אַ רויטער, ווייל ער איז אַ רויטער פּאַרטיזאַן.

פאַרשטייט זיך, אַז שלאָפן האָב איך שוין נישט געקענט און ווי נאָר ער איז אַוועק האָב איך זיך ווידער געלאָזט לויפן צו די קאָרטשעס באַהאַלטן זיך. שפּעטער האָט מען מיר דערציילט, אַז די דאָזיקע פראָבן אין מיטן דער נאַכט האָבן געקאָסט אַ סך מענטשלעכע לעבנס, ווייל מען האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן און מען האָט זיי דערשאָסן. איין טאָג זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די יידן און האָבן מיך מיט־גענומען אין וואַלד. דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט טויטע קערפּערס פון יידן. מיר האָבן זיי געדאַרפט באַערדיקן. אַ יונג מיידל, סימע מאָנשיין, האָט מיר געזאָגט, אַז אויך זי האָט דאָ געלעבט אין די זעמליאַנקעס, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט. זיי האָבן גע־לעבט ווי די חיות, עס איז נישט געווען וואָס צו עסן, די פרעסט און די שנייען זיינען געווען גרויסע. אין אַ שיינעם טאָג האָט זיך באַוויזן אַ באַנדע רויטע פּאַרטיזאַנער אין מיטן אויסרייד, אַז זיי ווילן זען די יידן, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן, אַראָפּגעצויגן די זאַכן און אַזוי נאַקעט געטריבן די יידן איבערן שניי און געשריגן, אַז צוליב די יידן קומט פאַר דער גאַנצער קריג. דערנאָך האָבן זיי געשלאָגן מיט שטעקנס און געהייסן לויפן און ווי מען האָט גענומען לויפן, האָבן זיי גענומען שיסן און פון דער שחיטה וואַלגערן זיך איצט דאָ אַרום מתים און אברים פון מענטשן. דאָס איז געווען איינע פון די רויטע פּאַרטיזאַנסקע שחיטות. מיר האָבן געגראָבן קברים און באַגראָבן די אברים פון די קרבנות.

**נקמה פון די דייטשן און מיין לעצטע נסיעה — ארץ־ישראל**

וואָס איך האָב נאָך דורכגעמאַכט ווייטער איז צו שרייבן טעג און נעכט. איך בין סוף־כל־סוף אַריין אין דער רעגולערער רוסישער אַרמיי. מען האָט אונדז געפירט קיין לענינגראַד, ווו איך האָב געקעמפט אין דער רעגולערער אַרמיי, געגאַנגען קיין סטאַ־לינגראַד, געהאָלפן פאַרנעמען בערלין. מיר האָבן געכאַפּט דייטשן און מיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו נעמען נקמה אין זיי. מיר כאַפּן דייטשן, פירן זיי אין קאָ־מענדאַטור, אויפן וועג נעמען די סטאַרשינאַס אָפּ ביי זיי די שטיוול און אַנדערע בע־סערע זאַכן און דערנאָך פירן מיר זיי אַוועק. די תפיסות זיינען געפּאַקט מיט דייטשן און מיר פרייען זיך, כאָטש די פרייד איז געמישט מיט אַ טיפן טרויער נאָך אונדזערע אומגעקומענע.

אין שטעטל סטענדאַל האָב איך באַגעגנט זיך מיט 150 יידן פון לאָדזש, טשענס־טאָכאָוו און אַנדערע שטעט, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט ווייל זיי זיינען אַוועק צו דער אַרבעט. 1.000 יידן פון זייער קאַצעט גאַרדעלייגען זיינען לעבעדיקערהייט פאַר־ברענט געוואָרן. איך האָב זיך דערפרייט מיט די יידן און איך האָב אָנגעהויבן אויף

מיין אייגענעם חשבון, אין נאָמען פון דער סאָוויעטישער רעגירונג, צו קאָנפיסקירן דייטשע פאַרמעגנס און אַוועקגעבן עס די יידן, ווי די דייטשן האָבן עס געמאַכט מיט די יידן און מיט אונדזער שטאָט ראַטנע. איך האָב אַזוי לאַנג קאָנפיסקירט ביי דייטשן און אַוועקגעגעבן יידן, ביז איך בין געשטעלט געוואָרן פאַר אַ מיליטער־געריכט פאַר גיין אין נאָמען פון דער רוסישער רעגירונג. איך האָב געמוזט אַנטלויפן פון דער אַרמיי, ווו איך האָב געקעמפט קעגן אונדזער ביטערסטן שונא. איך בין אָנגעקומען קיין בראַנשווייג, פון דאָרט אין שטעטל צעלער, דערנאָך אין דעם טראַגיש־באַרימטן לאַגער בערגען־בעלזען, ווו איך האָב געטראָפן יידן באַפרייטע דורך די ענגלענדער און אַמעריקאַנער. איך האָב שפּעטער זיך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע יידן, וואָס זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער „בריחה" עולה צו זיין קיין ישראל. דאָס איז געווען אַ באַזונדער קאַפּיטל פון ליידן, עינויים, שוואַרצן גרענעצן, אַרויסשיקונגען, וואַנדערונגען און ענדלעך, נאָך אַ סך מאַטערניש, האָבן מיר אין ווענעציאַ זיך אויפגעזעצט אויף אַ שיף, וואָס האָט אונדז געפירט אין דעם אויסגעבענקטן לאַנד, קיין ארץ־ישראל. אונדזערע אויגן זיינען געווען פול מיט טרערן און פון אַלעמען האָט זיך מיט פרייד אַרויסגעריסן דאָס געזאַנג פון „התקוה".

דאָס איז אין קורצן די געשיכטע פון מיין טראַגישער איבערלעבונג.



משה חיים פוקס

# אונדזער שטעטעלע ראַטנע אונטער דער נאַצישער ממשלה

זונטיק דעם 21טן יוני 1941 איז אויסגעבראָכן דער קריג צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. איך בין דאַן געווען אויף אַרבעט אין אַ שטעטל נאָך לעמבערג און בין געבליבן על פרשת דרכים, כ'האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: צי לאָזן זיך צוריק נאָך ראַטנע, אָדער גיין מיטן שטראָם קיין רוסלאַנד אויף דעם וועג וואָס פירט קיין קיעוו. כ'האָב באַשלאָסן זיך צו לאָזן מיטן שטראָם נאָך רוסלאַנד, אָבער צום באַדויערן האָב איך נישט געקאָנט גיין אָט־אַהין, ווייל מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ קאָם. פּאַרטיי־בילעט. כ'האָב אויך באַשלאָסן זיך לאָזן צוריק נאָך מיין שטעטעלע ראַטנע. 5 טעג און נעכט האָט געדויערט מיין רייזע צופוס קיין ראַטנע. אין יעדער האַלבער שעה האָבן אונדז באַגלייט דעם מערדערס אַוויאָנען. ווי מערעשקעס באַפאַלן אַ מענטשן אַזוי זיינען אונדז באַפאַלן די אַוויאָנען אַ גאַנצן וועג. לעמבערג, בראָדע, דובנע, לוצק, ראָזשישטש, קאָוועל. קיין קאָוועל האָב איך זיך דערשלאָגן פרייטיק ביינאַכט. לוצק און קאָוועל זיינען געווען אין פלאַמען. מען האָט נישט געקענט אַדורכרייסן דעם שאָסיי, וואָס פירט נאָך קאָוועל. אַ קאַראַוואַנע פון 50 אויטאָס טאַנקען זיינען געליגן מיט די מענטשן, ס'איז געווען שווער זיך דורכרייסן דעם וועג. נישט געקוקט אויף דעם האָב איך מיט די אַנדערע מענטשן מיט וועלכע איך בין געגאַנגען באַשלאָסן זיך דורכרייסן איבער דעם בריק וואָס פירט נאָך קאָוועל. נאָך אַ גאַנצער נאַכט באָמבאַרדירן האָבן שבת פרי, אַריינגעמאַרשירט קיין קאָוועל דעם מערדערס טרופּן.

איך בין געווען אויף מאַציוועק גאַס ביי מיינעם אַ פעטער ז"ל, איך האָב זיך גוט צוגעקוקט ווי די אוקראַאינישע מערדער זיינען אַרויס מיט בלומען, ברויט און זאַלץ. גלייך האָבן די דייטשן באַפוילן אַז אַלע קאָוולער יידן וואָס האָבן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן זאָלן זיי אַריינטראָגן אין דער קאָמאַנדאַנטור. באַלד האָבן זיי אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון אַ פּאָר מיליאָן רובל אויף יידן.

זונטיק פרי האָב איך זיך געלאָזט גיין נאָך ראַטנע. פון קאָוועל קיין ראַטנע איז שוין דער וועג גרינגער, מען איז שוין אַלע מאָל אונטערגעפאָרן מיט אַ פורל. אָנקומענדיק אַהיים, האָט מען מיך אויפגענומען פּונקט ווי אַ מענטש וואָס שטייט אויף תחית המתים. אַלע פון שטעטעלע זיינען מיך באַפאַלן כדי אָפּצונעמען אַ גרוס ווי

אַזוי עס זעט אויס אונטער דעם מערדערס הענט, ווייל אונדזער שטעטעלע ראַטנע איז נאָך דאַן געווען אַן אַ מאַכט. צוויי וואָכן איז אונדזער שטעטעלע געווען אַזוי אַן אַ מאַכט. אונדזערע מיעשטשאַנעס, ימח שמם, האָבן נישט געקאָנט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, האָבן זיי אָנגעהויבן אויפהעצן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער און מען האָט זיך אַ נעם געטאָן ראַבעווען דאָס ביסל יידישע האָב און גוטס. דאָס איז געווען דעם זונטיק נאָכן אויסברוך פון דעם קריג. מיר זיינען געגאַנגען עטלעכע מאָן פון באָדן זיך אויף די מאלצים, ווי מען האָט דאָס גערופן, האָט עמיצער צו אונדז אויסגעשריען: „לאָזשים" און דערביי געדראָט מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט. דאָס איז געווען יוסיף דעם סטאָלערס אַ שייגעץ און קרויאַסעקס אַ שייגעץ און גלייך נאָך זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף אונדז אַ באַנדע פאַסטופּלער גוים און מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער מלאכה פון ראַבעווען.

די ערשטע זיינען זיי באַפאַלן אַברהם האָכמאַנס הויז. ביי אברהם האָכמאַן אין הויז האָט געוווינט זיין שוואָגער בנימין פריימאַן ז"ל פון קרעמנע. בנימין פריימאַן איז געווען אַן אמתער שטאַלצער ייד און האָט שוין געהאַט איבערגעלעבט די מלחמה ביי די באָלאָכאָוועס. ער האָט געזען אַז ס'איז במילא נישטאָ קיין אויסוועג האָט ער געכאַפּט אַ האַק און אַוועקגעהרגעט איינעם פון דער באַנדע רויבער. די באַנדע האָט אָנגעהויבן צו זוכן און מען האָט אים געכאַפּט ביי פסח מערין אין געסל און אים דערהרגעט. אין שטעטעלע האָט געהערשט אַ גוואַלדיקע פּאַניק. דאָס שטעטעלע מיט די מענטשן זיינען זיך צעלאָפן ווו נאָר די פיס האָבן געטראָגן. ווער אויף די ריסקעס, ווער אין די בלאָטעס, צוויי טעג האָט געדויערט דאָס ראַבעווען. די מענטשן זיינען געוואָרן אַזוי דערשעפּט, אַז מען האָט געזאָגט: וואָס ס'וועט זיין זאָל זיין, אַבי ס'זאָל אַריין וואָס גיכער די מאַכט.

דינסטיק פרי, א' תמוז 1941, איז אָנגעקומען די מערדערישע מאַכט קיין ראַטנע. זיי האָבן פאַרטריבן די רויבער און גלייך דינסטיק אינדערפרי האָבן זיי געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע איינוווינער פון שטעטל זאָלן אַרויסקומען אויפן שאָסיי וואָס פירט קיין קאָוועל - בריסק. כמעט אַלע זיינען געקומען אויפן שאָסיי. איך האָב געזאָגט צו מיין ברודער יצחק-הערש ז"ל: לאָמיר נישט גיין, ווייל מיר האָבן זיך אָנגעהערט פון די פליטים פון יאָר 1939 וואָס האָבן געוווינט אונטער דער מערדערישער אָקופּאַציע אויף דער צווייטער זייט בוג, אָבער אַז מען רופט מוז מען גיין. די פרויען און קינדער ביז 16 יאָר האָט מען געהייסן גיין אַהיים. און די מענער האָט מען אויסגעשטעלט צו 5 אין אַ ריי לענג-אויס פון ר' אייזיק שטיינבערגס גאַראַזש ביז יענטעלס בריק און פון דער אַנדערער זייט האָט מען איינגעגראָבן קוילנוואַרפער, בכדי קיינער זאָל נישט אַוועקגיין. אַזוי האָט מען אונדז אָפּגעהאַלטן פון גאַנץ פרי ביז פיר אַזייגער פאַרטאָג ביז וואַנען ס'איז אָנגעקומען דער מערדערישער באַפעל פון קאָוולער הויך-קאָמיסאַר אַז עס ווערן געשאָסן 30 יידן און 30 מיעשטשאַנעס. די מיעשטשאַנעס האָבן געדעקט מיט 30 רוסישע געפאַנגענע וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין ראַטנע און פון אונדז האָט דער דייטשער אָפיציר אין די ווייסע הענטשיקעס אַרויסגענומען ווען ס'איז אים געפעלן, צו איין מאַן פון יעדער רייע און 20 מאַן האָט ער גענומען אויף מקבר צו זיין די דערשאָסענע. אַ פאָטער האָט באַדאַרפט צוזען ווי מ'פירט זיין זון צו דער שחיטה. יעקב שטיינגאַרטן וועלכער געפינט זיך איצט אין ארץ ישראל איז געווען דער, וועלכער האָט זיך צוגעקוקט ווי מען שעכט זיין קינד לייבל ז"ל. נתן דער קאָוואַל (פאַמיליע מאַרדער) ז"ל האָט געמוזט מקריב זיין זון וועלכער האָט צו אים געשריגן אין די לעצטע מינוטן פון גרוב: טאַטע, ראַטעווע! איינער פון די דרייסיק וועמען ס'איז געלונגען זיך צו ראַטעווען ממש פון אונטער די מתים אפער איז געווען יענקל קלאַדנער, וועלכער איז

געבליבן לעבן און געפינט זיך אין פוילן, דאָס איז געווען דער ערשטער קלאַפּ, אַזוי ווי די דייטשע באַנדיטן האָבן אריינגעשטעלט די ערשטע טריט קיין ראַטנע.

ווען מיר זיינען זיך צעגאַנגען פון דעם פּלאַץ ווו מ'האָט אונדז אויסגעשטעלט זיינען מיר אַלע געבליבן מרה שחורהדיק. יעדער איינער איז אַרומגעגאַנגען פאַר־צאַרנט צוקוקנדיק זיך צו דעם אַרום. אַ סך פלעגן זאָגן: מיר וועלן נאָך מקנא זיין די ערשטע 30 הרוגים. זיי האָט מען שוין מקבר געווען ווי קדושים און מיט אונדז ווער ווייסט וואָס ס'וועט געשען?

אויף מאָרגן נאָך דער שחיטה — אַ קאָנטריבוציע. מען האָט אויסגעקליבן אַ יודען־ראַט פון 7 מאַן צווישן זיי ר' דוד אהרן שפּירא, דוד שטיינגארטן, יצחק קארש, יעקב ליבערמאַן און נאָך אייניקע. יעדער טאָג קומט אַן אַנדער באַפעל. יעדער אויטאָ וועלכער איז דורכגעפאָרן דורך דעם שאָסיי, וואָס פירט פון קאָוועל צו בריסק האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אונדז אין ראַטנע און אַלע מאָל האָט מען געבראַכט אַן אַנדער באַפעל. ס'איז נישט אַדורך קיין טאָג וואָס די קאָמענדאַנטור זאָל נישט געבן קיין באַפעל, ווי למשל אין משך פון 24 שעה זאָל געשאַפן ווערן 200 אַנצוגן, 200 לייַ־לעכער. 200 קאָלדרעס, 200 פּאָר שיך א. א. וו.

אזוי איז עס געווען טאָג נאָך טאָג...

יעדער איינער האָט געמוזט טראָגן אַ מגן דוד אויף דעם אָרבל אַלס צייכן אַז מען איז אַ ייד. 7 אַזייגער פאַרנאַכט האָט זיך קיין ייד נישט געטאָרט געפינען אויף דער גאַס. אין דריי חדשים אַרום האָט מען אַרויסגעגעבן אַן אַנדער באַפעל אויסצו־טאָן דעם מגן־דוד און אָנטאָן אַ געלע לאַטע פון 8 מילימעטער אויף דער ברוסט און הינטן אויף דער פּלייצע. און ווער ס'וועט נישט טראָגן קיין לאַטע דעם וועט מען שיסן. איך בין געווען אַ טאָג אין קאָוועל און אַ ביציער ייד האָט זיך נישט אַזוי געגריסט ווי מען דאַרף פאַר אַ דייטשן מושל, האָט ער אים אַוועקגעלייגט אויף דער ערד נעבן משהן פון דער ראַטנער סטאַנציע און האָט אים געטאַפּטשעט מיט די פיס. ביי דעם דייטשן מערדער האָט אַ ייד נישט געטאָרט גיין אויף די טראָטוארן, נאָר אויפן שאָסיי. דער איינציקער ייד וואָס האָט געטרייסט דאָס שטעטל איז געווען ר' דוד אהרן שפּירא ז"ל. ער איז געווען זייער אַ שטאָלצער ייד און פול מיט בטחון. ער פלעגט שטענדיק אַלעמען טרייסטן מיט אַ שמייכעלע אויפן פנים:

— מיר וועלן זיי איבערקומען מיט גאָטס הילף — פלעגט ער זאָגן.

און אַוועקגייענדיק פון אים האָט מען זיך געפילט מיט מער מוט. יעדער טאָג אונטער דער דייטשער מאַכט האָט געדויערט ממש אַ יאָר. יעדן טאָג איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון אַן אַנדער שטעטל. און אומעטום מיטן זעלבן נוסח, אַז מען ליקווי־דירט אונדז ביסלעכווייז און ווען מען כאַפּט אויף אַרבעט זעט מען אים שוין נישט אויף צוריק. אָנהויב ווינטער מאַכט זיך אַזאַ פאַל אין סמאָלנע: 14 קילאָמעטער פון ראַטנע רייסט מען איבער דעם טעלעפאָן־דראָט. ווער איז שולדיק? ראַטנער יידן! הייסן די מערדער באַשטימען 7 מענטשן אַלס ערובניקעס און מען פאָדערט אויף דעם „יודענראַט" ער זאָל זיי צושטעלן. דוד־אהרן שאַפּירא פון יידן־ראַט האָט זיך אָנט־זאָגט צוצושטעלן די מענטשן, האָבן זיי אַליין געכאַפּט 7 מאַן און פאַרשיקט אין קאָוולער תפיסה. צווישן זיי ר' יצחק גראַבאָוו ז"ל, נחום רייסקי ז"ל, יוסף קעמ־פער ז"ל, מאיר טאַקער ז"ל שפּעט סופרם זון און נאָך עטלעכע וועלכע ס'איז שווער צו געדענקען. אין גאַס איז געוואָרן אַ ויצעקו, 7 יידן אין תפיסה! מען דאַרף זיי ראַ־טעווען, וויפל ס'זאָל נישט קאָסטן! מען האָט אויפגעשטורעמט וועלטן צו באַפרייען די זיבן מאַן און ס'איז געלונגען.

דאָס ערשטע יאָר ווען די מערדערס זיינען אַריין האָבן זיי קיין פרויען נישט גענומען אויף דער אַרבעט. מענער פלעגן זיי אַרויפכאַפּן אויף די אויטאָס און אַרויס־

לאָזן אַ קלאַנג, אַז מען האָט זיי אַוועקגעפירט אויף אַרבעט. ס׳איז אָבער נישט אַזוי געווען. זיי פלעגן די מענטשן גלייך אַרויספירן עטלעכע קילאָמעטער פון שטאָט און זיי אויסשיסן. און דאָך האָבן מענטשן געלעבט מיט האָפענונג. אפשר? אולי ירחם? אפשר לעבן זיי ערגעץ די אַוועקגעפירטע? מען פלעגט זיך אליין טרייסטן: בעסער אין לאנד איידער אין זאמד. אָנהויב ווינטער 1942 קומט אַ באַפעל פון קאָוולער הויף־קאָמיסאר אַז דער יודען־ראט זאָל צושטעלן 50 מענטשן אויף אַרבעט. אין שטעטל אַ יאָמער־געשריי. מען ווייסט: ס׳איז נישט אויף קיין אַרבעט. דער עולם צעלויפט זיך. דער שניי איז טיף, איבער די קני, אָבער דער יודען־ראט באַשטימט 50 מאַן און די מענער זיינען אַוועקגעפאָרן. אין אייניקע טעג אַרום קומען די טאטעס וועמענס קינדער מ׳האָט אַוועקגעשיקט און מ׳ווארפט אַריין צו דוד אהרן שפירא שטיינער אין שטוב און מען ברעכט אים אויס די שויבן. ער זאָגט: וואָס בין איך שולדיק, אַז ס׳איז אַ גזירה מן השמים? אין איינעקע וואָכן אַרום קומט אָן ווייטער אַ גזירה צוצושטעלן נאָך 50 מאַן צווישן די 50 מאַן בין איך אויך געווען. ס׳האָט מיך נישט אויסגעמיטן, דאָס שטעטל האָט געשריגן אַז אויב איך וועל נישט זיין צווישן די פופציק מאַן גייט קיינער נישט. מעג זיין וואָס ס׳וויל זיך. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן און איך בין געפאָרן צוזאמען מיט דער גרופע. עטלעכע אוקראַינער פאָליצייאנטן האָבן אונדז באַגלייט ביז קאָוועל און מ׳האָט אונדז איבערגעגעבן צו די דייטשן אין די הענט. מען האָט אונדז צעטיילט אין עטלעכע גרופעס. איך האָב געאַרבעט ביי דער באַן. דורך אַ צופאַל האָט מען מיך און נאָך איינעם זלמן האָניק ז״ל באַפרייט. דאָס איז געווען פונקט אין דעם טאָג ווען אין קאָוועל האָט מען געמאַכט אַ געטאָ. 8 שעה צייט האָבן די דייטשן געגעבן די יידן זיך אַריינצוציען אין די געטאָס. ווער פון זאמד מוז וווינען אויף בריסקער גאַס און מאַציעווער גאַס. און ווער פון בריסקער גאַס און טריסקער גאַס דאַרפן זיך ציען אויפן זאמד. די טרערן פון די מענטשן האָבן גערונען ווי עמערס וואַסער. וואָס קאָן אַ מענטש נעמען מיט זיך אין אַכט שעה צייט? מיט קיין פורן האָט מען נישט געטאָרט פאָרן נאָר טראָגן אויף זיך דאָס געפעק. מענטשן ווייסן נישט וואָס פריער צו נעמען, אַ מלבוש, אַ חפץ, אָדער אַביסל עסן. איך קום צוריק קיין ראטנע. אין עטלעכע טעג אַרום באַקומען מיר אַ ידיעה אַז אין דעם נישט אַרבעטער־געטאָ פון קאָוועל האָט מען אַלע יידן אויסגעשאָסן. מענטשן ווילן נישט גלויבן, דאָס קאָן נישט זיין. יעדער איינער טרייסט זיך: מן־הסתם איז עס געווען אַ צופאַל. אונדזער יידן־ראט אַרבעט גוט. אונדז וועט מען נישט טשעפען, אין איינעקע וואָכן אַרום קומט ווייטער אָן אַ באַפעל פון קאָוולער געריכטס־קאָמיסאר מ׳זאָל געבן 50 אַרבעטער קיין ראָוונע. וועגן די דאָזיקע 50 מאַן האָט קיינער שוין נישט געוווסט, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען, קיינער האָט נישט דערהאלטן פון זיי קיין שום בריוו.

ר״ח תמוז האָבן פאַרטיזאַנער געשאָסן אויף דער דייטשער קאָמענדאַטור און מען האָט געהרגעטביידע זאָנדער פירערס, ווי מען האָט זיי גערופן. מיר שטייען אויף גאַנץ פרי און מיר הערן אַ ידיעה אַז אין שטעטל איז חושך, קיינער ווייסט נישט וווהין זיך צו לאָזן. גלייך זיינען אָנגעקומען פון קאָוועל מאַשינען מיט דייטשע און אוקראַינישע מערדער און מען האָט אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע שטעטל. געכאַפט וועמען זיי האָבן נאָר געוואָלט און מיר האָבן באַצאָלט מיט הונדערט דרייצן קרבנות. דאָס איז געווען א׳ תמוז 1942. מען האָט די געכאַפטע געטריבן צו סאַפאַנטשיקס גאָרטן, אויסגעשטעלט צו 4 מענטשן אין אַ רייע, צווישן די 113 קרבנות איז געווען מיין ליבע מוטער שרה, די שוועסטער יוכבד און די מומע ראסיע, די מומע נעכע גינזבורג, בערטע גינזבורג, צווישן די קרבנות האָבן זיך געפונען בערל האָניק און דער שוואָגער שמשון ווייסבלאַט. מיט די שיינען אין די הענט זיינען זיי געפאַלן. אין

שטעטל איז תשעה באב, מענטשן קומען זיך צונויף פון די באהעלטענישן און יעדער איינער זעט שוין זיין בראך. וועמען עס פעלט א מאמען, א טאטן, א שוועסטער, א ברודער, א פריינט, וועמען א קינד. ס'איז נישטא קיין איין פאמיליע וואס זאל האבן אויסגעמיטן דאס אומגליק. יעדער איינער וויינט מיטן זעלבן נוסח. מיר זיינען א סטאדע גענדז, מיר פאשען זיך און דערנאך וועט מען אונדז אלעמען אויסשעכטן. יעדער איינער פון אונדז האט געוווסט און געפילט אז דער מערדער וועט די מלחמה פארשפילן. אבער וואס קומט אונדז ארויס, אויב די ישועה וועט קומען צוועלף אזיי־נער ביינאכט, אז דריי פערטל צוועלף זיינען מיר נישטא?



משפחה פוקס — עס שטייען פון לינקס: **יצחק הערש פוקס ע"ה, יוכבד פוקס, בתיה פוקס ע"ה, שרה פוקס, צעשי ע"ה און אנדערע.**

ס'האט לאנג נישט געדויערט, פונקט אזוי ווי אין אלע שטעט און שטעטלעך האט אונדז דאס אומגליק נישט אויסגעמיטן, דינסטיק פארנאכט י"ג אלול האבן זיך אריינגעלאזט דורך בריסקער וועג דייטשע זעלנער אויף אויטאבוסן און זיי האבן ארומגערינגלט דאס גאנצע שטעטל. וועמען ס'איז געלונגען, דער האט זיך געלאזט אין דער וועלט אריין, איבער וועלדער, פעלדער, סטעפעס. גאנץ פרי האבן די מער־דער מיט דער אוקראינער באנדע ימח שמם געכאפט אונדזערע יידן און אריינ־געווארפן אין די אויטאס און ארויסגעפירט אויף די פראכאדער בערג. דארט האט מען זיי דערשאסן און געלייגט אין די גריבער צו 10 מאן אין א ריי, איינעם אויף דעם אנדערן. דער פראכאדנער בארג האט איינגעזאפט דאס גאנצע בלוט וואס מיר האבן פארמאגט. ס'איז געווען א אוקראינער כוליגאן, וואנקע, האט ער געהייסן,

ימח שמו, ער האט אנגעטאן געברוינטע צרות דעם שטעטל בעת מען האט געפירט ר' דוד־אהרן שפירא צו דער שחיטה, האט ער אים געשלאגן מכות רצח.

— אדע טוואיע זאלאטא? (ווו איז דיין גאלד?)

ר' דוד־אהרן שפירא ז"ל האט געזען אז ס'איז שוין דער סוף און ער האט אים געענטפערט:

— יא אי מאיו זאלאטא סגיניעס, א טובי ניע דאם (איך וועל פארפוילט ווערן, מיין גאלד וועט פארפוילט ווערן, און דיר וועל איך נישט געבן!). אין דעם איוואנקע ימח שמו, האט אונדזער א בחורל, וועלכער איז געווען אין די פארטיזאנער, שלמהלע פערעלמוטער, היינט אין ישראל, גענומען א גערעכטע נקמה.

פון י"ג אלול 1942 האב איך גענומען דעם וואנדער־שטעקן און געבלאנדזשעט אן דאך, אן א היים, דארט ווו געטאגט, דארט נישט גענעכטיקט. און האב זיך גע־לאזט אין דער וועלט אריין, נישט געטארט זיך ווייזן פאר א פאליאק, פאר א כא־כאל. פאר א רוס, אפילו פאר א פאסטעכל. טאג־איין, טאג־אויס האבן די מיעשטשא־נעס מיט די אוקראינער פאליציי ימח שמם געהאלפן אויפזוכן באהאלטענע יידן. ס'איז נישט געווען קיין טאג וואס מ'זאל נישט פירן קיין יידן צו דער שחיטה. פון קעלערס, פון ביידעמער, פון אומעטום האט מען זיי ארויסגעפירט. די מערדער האבן געהאקערט אויף יידישע נשמות. מיט אייזערנע לאמעס זיינען די ראטנער מיעש־טשאנעס ארומגעגאנגען און אויפגעריסן אלע קעלערס, כדי אויסצוגעפינען אין זיי א יידן. ר' מאטל בערישעס פאמיליע האט מען ארויסגענומען א וואך נאך דער שחיטה פון אונטער דער טראנסמיסיע. דארט האבן זיי געהאט א באהעלטעניש. נחום קליין האט מען געפירט שיסן וויל אנים זשוק, וועלכער האט געארבעט אין אולזיצע האט אים אויסגעגעבן. אבער דער זעלבער כוליגאן אנים זשוק האט זיין שטראף באקומען: ביים צוריקצוג פון די דייטשן האט אים געטראפן א באמבע, אים אוועקגעהרגעט. נחום קליינס טעכטערל חוהלע, ווען מען האט זיי געפירט צו דער שחיטה, זי איז אלט געווען דעמאלט 17 יאר, האט זי זיך געבעטן ביי די מער־דערס אז מען זאל זי נישט אויסטאן אינגאנצן נאקעט נאר לאזן אין די אונטער־וועש. די מערדער האבן אלעמען געשאכטן אזוי ווי די מוטער האט זיי געבוירן. זיי האבן אבער נישט נאכגעגעבן איר פארלאנג.

ניסקע שפירא האט באהאלטן זיין ביסל גוטס ביי א זאברידיער ערל און ווען עס איז אים געלונגען צו אנטלויפן פון דער שחיטה איז ער געקומען אין דער עת צרה צו דעם ערל. אבער יענער האט אים נישט ארויפגעלאזט אויף דער שוועל. ער האט אים שוין מער נישט דערקאנט און ניסקע האט געזען אז ס'איז נישטא קיין שום האפענונג האט ער איינגעגעבן זיין אייגן קינד, נחמנקען, 10 יאר אלט, סם און ווען ער האט געזען אז דאס קינד גוסעט שוין, האט ער זיך אליין אויך פאר־סמט. דאס קינד האט געבעטן, אז ווער ס'וועט איבערלעבן זאל איבערגעבן וועגן אים און דאס געשעענע פארשרייבן.

ארום די פאסטופלער וועלדער זיינען געווען באהאלטן 25 מאן. צווישן זיי נטע שפירא, די סאלאפס, האבן די גוים זיי ארומגערינגלט און מען האט זיי געבראכט צו דער שחיטה קיין ראטנע. אין דארף סאמאראוויטש, איז עטלעכע יידן געלונגען אויף א שטיקל צייט זיך אויסצובאהאלטן. אבער ס'האט לאנג נישט געדויערט אין איינעם א טאג ערב סכות האבן די מערדער אלעמען ארומגעריגלט. אין בערקע מאגיליאנסקי, דעם ראטנער אפטייקער האט מען אריינגעשאסן 70 קוילן פון אן אויטאמאטיש געווער.

אנהויב חשוון זיינען אין די זאברידיער וועלדער ארומגעגאנגען ביי 50 מאן, צווישן זיי יענקל טשארנעס, חיה ווערבע, אנדזשע גינזבורג מיט די קינדער א. א. וו.

אין איין ברידער קבר האָט מען זיי באַגראָבן נאָכדעם ווי מען האָט זיי געשאָסן אין זאַברידער וועלדל. אַן עד ראיה איז דאָ אין נאָרד אַמעריקע, יואל וויינערס יינגל וועלכן ס'איז געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן.

איך האָב געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, פון כוטאָר צו כוטאָר, כ'האָב נישט איינמאָל מקנא געווען די הינט וועלכע האָבן בעלי־בתים וואָס געבן אַכטונג אויף זיי. כ'וואָלט געגעבן וויפל מען זאָל מיך לאָזן זיין כאָטש אין אַ בודע פון הינט. כ'וואָלט דאַן גליקלעך געווען.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט טרעף איך יוסף קאַרש, אַ זון פון בערל קאַרש, ער גיט מיר איבער, אַז מיין ברודער יצחק־הערש דאַרף זיך געפינען אין הירניק. כ'האָב געהאַט שלאָפלאָזע נעכט, האָב איך געוויינט, מען האָט מיר פותר חלום געווען אַז כ'וועל זיך פרייען, איך האָב באַשלאָסן גיין אויפזוכן מיין ברודער יצחק־הערש.

כ'קום קיין הירניק, איך גיי צום גוי אַניפאַף פאַסאַסיוק און פרעג אים צי עס געפינט זיך מיין ברודער יצחק - הערש? ענטפערט ער מיר: נעמאַ! (נישטאָ). פריכאַדי וויעטשערקאָם, (קום ווען ס'פאַלט צו די נאַכט). כ'קום פאַרנאַכט צוריק צו אַניפאַטען, ראָמט ער מיר איין אַ סוד: יצחק־הערש לעבט! באַלד דערנאָך דערזע איך מיין האַרציקן ברודער. אַ גליק, אַ פרייד. ער דערציילט מיר אַז 7 וואָכן האָט ער זיך אייסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם ביי איינעם אַ גוי דאָ אין הירניק. דער גוי הייסט מאַרקאָ דאַנילאַק. אַלע וואָנט פלעגט מען אים דערלאַנגען 200 גראַם ברויט... איך נעם מיין ברודער און צוזאַמען לאָזן מיר זיך ווייטער וואַנדערן. קוים וואָס ער גייט אויף די פיס פון דעם ליגן אויפן בוידעם און פון דער קעסט. אַזוי האָבן מיר ביידע געוואַנדערט. איך בין געווען דער העלד און פלעג אויסבעטן ביי אַ פויער אַ שטיקל ברויט.

ס'איז אָנגעקומען דער ווינטער. קיינער פון די פויערים האָט נישט געוואָלט אַריינלאָזן זיך אָנוואַרעמען. ס'איז שלעכט. מיר וועלן געפרוירן ווערן. האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו דערשלאָגן צו איינעם אַ פויער, ס'איז אונדז געלונגען און מיר זיינען ביי אים געווען אַ וואָך צייט.

— אוי, — זאָגט מיר מיין ברודער, ווי גליקלעך מיר וואָלטן געווען ווען מען לאָזט אונדז ליגן אויפן בוידעם. אַבי קענען איבערלעבן. און דערציילן וואָס ס'איז געשען מיט אונדז. אָבער צום אומגליק איז דאָס נישט מקוים געוואָרן, אין איינעם אַ טאָג הערט מען, אַז דייטשן זיינען געקומען אין דאָרף אַריין. דער גוי גייט צו צו אונדז און זאָגט מיר זאָלן פאַרלאָזן דעם בוידעם. מיין ברודער זאָגט צו מיר: לאָמיר אַראָפגיין. אַזוי ווי מיר גייען אַראָפ אויף דער גאַס דערזעען מיר אַ פּאָר שקצימלעך: טאַטו! טאַטו! זשידי, זשידי! (פאָטער, פאָטער, יידן) און די טאַטעס ימח שמם מי־כאַלקע כאַבאַוועץ, גאַווראַס כאַבאַוועץ, די זין פון כוועדער דעם שוואַרצן פון פיל־קאַווע גאַס, און נאָך אייניקע כאַפּן אונדז און שרייען:

— דאַוואַי ניעמצי! (קומט צו די דייטשן) מ'גיט אונדז גלייך איבער צו די דייטשן און מען פירט אונדז אַוועק גלייך נאָך ראַטנע. די מיעשטשאַניעס לויפן זיך צונויף און קוקן אויף אונדז ווי אויף אַ בייז וווּנדער. מיר זעען אויס שרעקלעך אין די צעריסענע פאַסטאַלעס, ווייל די שיך האָט מען פון אונדז אַראָפגעצויגן שוין לאַנג, אין די לייווענטענע הויזן מיט 20 לעכער און לאַטעס, מען פירט אונדז אַריין אין טורמע, די טורמע איז געפּאַקט. אַלע אַן אויסנאַם זיינען מיר דערשלאָגן. אויף דער גאַס שטייען שוין די מעשטשאַניעס און וואַרטן שוין אויף דעם אָנטאָן, דאָס הייסט, זיי האָפן נאָך אַלץ, אַז אין דעם אונטערשלאַג פון אונדזערע צעריסענע מלבושים געפינען זיך דאָלאַרן.

ניטל קאַרש, מיט די טעכטערלעך אירע, חנהלע און גאָלדעלע, האָבן דאַן נאָך

געלעבט, זיי האָבן געאַרבעט אין דער דייטשער קאָמענדאַנטור, רופט זי אַרויס מיין ברודער ער זאָל פאַרהאַנדלען מיטן קאָמיסאַר. מיך, מיין ברודער און אייזיק חיט, אַ זון פון ר׳ משה יענקל דעם שניידער, לאָזט מען איבער, און די איבעריקע 40 מאַן צו צוויי מאַן אין אַ רייע, צווישן די פערציק מאַן האָט זיך דאַן געפונען ישראל קו־בערג, זיין פרוי בתיה מיט אַ טעכטערל, מינדעל איידעס, זעלדע יונוביץ, יודל יונוביץ און שלמה יונוביץ, האָט מען אַוועקגעפירט צו רייץ סאַפּאַנטשיקס גאָרטן צו שיסן. מיר אין דרייען בלייבן די גאַנצע נאַכט אין טורמע. ס׳איז אַ ווינטערדיקע נאַכט. ס׳וואַרפט אונדז אַ קעלט און אַ צאָן קלאַפּט אין אַ צאָן, איך מיטן ליבן ברודער יצחק־הערש נעמען זיך אַרום, מיר טוליען זיך איינער דעם צווייטן און ריידן די גאַנצע נאַכט. אונדזערע ברידער אין אַרגענטינע זאָלן כאָטש נעמען פאַר אונדז נקמה.



שלמה יאנאוויטש

איך זוך אַ שפּאַרינע דורך וואַנען זיך אַרויסרייסן, אָבער פאַרמאַכט זיינען אַלע וועגן. די נאַכט איז אַ יאָר און מאָרגן איז אונדזער ריי צו דער שחיטה. אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַז אונדז דריי זאָל מען באַפרייען און דער דייטש פירט אונדז צו צום אַרטעל וווּ ס׳זיינען נאָך געווען אַ צענדליק יידן. אויפן וועג גיט אונדז דער דייטש צוויי ציגאַרעטן צום רויכערן. דריי וואָכן זיינען מיר ווייטער אַרומגעגאַנגען אויף דער פריי. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען געגעבן אַ רינגל אַרום דאָס הויז וווּ מיר האָבן זיך געפונען. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן דורך דער צווייטער טיר. כ׳האָב זיך גלייך דערשלאָגן צו אַ פּוסטקע. דאָרט זיינען געלעגן סנאָפּעס. קאָרן און איך האָב זיך צווישן זיי באַהאַלטן ביז בין־השמשות. פאַרנאַכט בין איך אַרויס. איך וויל וויסן וואָס עס איז געשען מיט מיין ברודער און די איבעריקע. דערזעט מיך אַ קורטילעסער פּויער, וואָס האָט געוווינט נאָענט און ער זאָגט מיר: באַהאַלט זיך! איך לויף אַריין צו צביה דער מוליערקע אין קעלער און אין אייניקע מינוט אַרום שרייט צו מיר דער פּויער: אַ דע טי, וווּ ביסטו, און אויף דייטש: האַלט! איך הער שאָסן און ציטער פון שרעק און קעלט. קלער זיך: דאָ וועל איך שוין אומקומען ווי אַ הונט. און קיינער וועט נישט וויסן וווּ מיין געביין איז אַהינגעקומען. ביינאַכט האָב איך זיך אַדורכגעריסן דעם שאָסיי און זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ שייער און איבער־גענעכטיקט. גאַנץ פרי פרעג איך דעם פּויער: וואָס הערט זיך? גיט ער מיר איבער

אז מען האָט געכאַפּט ביי די 30 מאַן און מען האָט זיי געהאלטן די גאַנצע נאַכט אין טורמע. מיין ברודער יצחק־הערש האָט מען געפרעגט ווו געפינט זיך דיין ברודער? אויב דו וועסט זאָגן וועט מען דיך באַפרייען.

מיין ברודער האָט געוווסט, אַז מען וועט אונדז ביידן אומברענגען. מיר האָבן געהאט אָפּגערעדט אין פאַל מען וועט אַרומרינגלען דאָס הויז און עמיצן פון אונדז וועט געלונגען צו אַנטלויפן זאָל ער לויפן און זיך באַהאלטן, אפשר וועט אַזוי אַרום עמיצן פון אונדז געלינגען צו בלייבן לעבן. און אַזוי איז דאָס געשען, ה׳ טבת 1942. צווישן די 30 מאַן איז געווען יאניש מאַגיליאַנסקי, גנענדל, אַ טאָכטער פון לייבל דעם שניידער (פאַמיליען נאָמען חיט), יוסף קאַרש, אברהמצי דער סטאָליער, (פאַמיליען נאָמען ווייסבליי), חיים שייניס און מיין ליבער ברודער יצחק־הערש. איך בלייב איינזאַם און כ׳שלאָג זיך מיט דער דעה, צי איך זאָל זיך איבערגעבן צו די מערדער, אָדער איך זאָל קעמפן קעגן דעם שטראָם. אפשר וועט פאָרט געלינגען איבערצוקומען? איך ווייס אַליין נישט ווי אזוי ס׳האָט זיך גענומען צו מיר אַזוי פיל מוט. הונגעריק, דאַרשטיק, אָפּגעריסן, דאָס האַרץ אָנגעווייטיקט. און דאָך געקעמפט קעגן דעם ביטערן גורל. אפשר? אולי ירחם? אפשר וועט פאָרט געלינגען זיך אַרויסצוּרייסן פון די מערדערישע נעגל. כ׳האָב זיך געטראָפן מיט שלמהלע פערלמוטער, האָבן מיר באַשלאָסן גיין קיין קאָנישטש, מיר שטעלן טריט, ווייל פוּוערים גייען און מ׳קען אונדז כאַפּן און אונדז איבערגעבן צו די מערדער. מיר קומען צו צו אַ טייכל. שלמהלע האָט מורא און קען נישט גיין. איך נעם אים אַרויף אויף די פּלייצעס. מיר גייען אַריבער און מיר לאָזן זיך ווו די אויגן וועלן אונדז ווייזן. מיר דערשלאָגן זיך אין קאָנישטש צו אַריאַן, דעם וואַסער־טרעגערס טאָכטער, מאַריא, הייסט זי. מיר קומען צו איר שטוב, גייט זי אַרויס, דערציילט זי אונדז אַז עס געפינען זיך ביי איר באַהאלטענע יידן. מאַרגולציע שעפּטעל מיטן קינד, אַ טאָכטער פון נחום דעם פּראַכאָדער, פרומע בערגעל, יצחק בלאָוושטיין און אַליהו בלאָוושטיין און אַלע זיינען זיי קראַנק אויף טיפוס. מיר לאָזן זיך ווייטער אויפן וועג. קיין הירניק. מיר קומען צו ביינאַכט צו אַ שטוב און מיר בעטן אַ שטיקל ברויט. דער פּויער מאַכט נישט קיין געשעפטן, נאָר לויפט אַרויס און מאַכט אַ גוואַלד, באַלד נעמט מען אונדז נאָכיאָגן. מיר כאַפּן זיך אַרויף אויף אַ בוידעם צום זעלבן גוי ביי וועלכן כ׳בין שוין אַמאָל געווען. באַלד קומט אַרויף דער פּויער און פרעגט מיך צי איך בין אַליין. ער נעמט גלייך די ווילקע און זוכט אין היי כ׳זאָל אים זאָגן דעם אמת, כדי איינצושטילן זיין גרימצאָרן האָב איך אים דערציילט דעם אמת, אַז ס׳געפינט זיך מיט מיר שלמהלע. באַלד האָט ער אונדז געהייסן פאַרלאָזן די סטאַדאָלע. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן מיר זיך געטראָפן מיט נאָך 2 ראַטנער, אליהו זאַסק און הירש־לייב יאַנאָוויטש, זיי האָבן שוין געהאט געווער און מיר האָבן זיך פאַראייניקט און אַז מיר האָבן שוין געהאט געווער איז אונדז שוין אָנגעקומען גרינגער צו קריגן אַ שטיקל ברויט, ווייל יעדער פּויער האָט געהאט אימה מות פאַר די באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער צוליב דעם, וואָס ער האָט געהרובעט יידיש האָב און גוטס און איז שולדיק געווען אין פאַרגאָסענעם יידיש בלוט. אַז מען האָט זיי געוויזן אַ ביקס אָדער אַ רעוואָלווער, פלעגן זיי ציטערן.

אין אַ קורץ שטיקל צייט אַרום האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו די פּאַרטיזאַנער און אַבי מיר זיינען אַריין צו זיי, האָבן מיר שוין אַנדערש אויסגעזען.



ישראל חיט (ישראל)

# פאַרצייכענונגען

דאָס ווייטע האַרמאַטן־שיסעריי, וואָס האָט געדונערט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, האָט אָנגעהויבן צו ווערן נעענטער און נעענטער.

די ווענט פון שטאַל, ווו י. איז געלעגן באַהאַלטן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו טרייסלען און אויך די ערד האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַלץ מער צו ציטערן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט זי נאָך אַ ציטער טאָן און י. וועט בלייבן אַ פאַרשאָטענער אין די לעצטע מינוטן אויפן שוועל פון באַפרייאונג.

דער נעכטיקער גערויש פון די אויטאָבוסן, וועגענער און די ווילדע געשרייען פון דעם אָפּטרעטנדיקן אָקופּאַנט, דער געפּילדער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, איז ווי מיט איין מאָל פאַרשוויגן געוואָרן. אַן אומאויסדריקלעכער געפיל האָט י. באַהערשט. אויף אַ מינוט האָט ער פאַרגעסן אין דער פינצטערניש, נעץ, קעלט און שרעק וואָס ער האָט געפילט אין משך פון די לאַנגע חדשים, ווען ער איז געלעגן אין גרוב אונטער אַ קופּע מיסט, אויף וועלכער ס'איז געשטאַנען אַ בהמה אין שטאַל פון דער בעטלערין צעציליע.

דאָס געפיל פון אַ מינוט פרייהייט, האָט גובר געווען אַלע פאָרזיכטיקע אויסרעכענונגען, אַדאַנק וועלכע י. האָט זיך דערהאַלטן צווישן די לעבעדיקע, די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געיאָגט געוואָרן דורך די דייטשישע און אוקראַאינישע מערדער.

י. האָט נישט געקענט לענגער וואַרטן אַפילו אויף דער ידיעה, וואָס ער האָט געדאַרפט באַקומען פון דער בעטלערין און ער איז אַרויס פון גרוב.

אַ שרעקעדיקע טויטע שטילקייט האָט באַהערשט די גאַסן פון דער גויאישער זאַנאַטיטשע, איבער וועלכע י. איז געגאַנגען יענעם פרימאָרגן.

מיט איין מאָל איז אויך פון די גויאישע גאַסן פאַרשוווּנדן דאָס גאַנצע לעבן, פּונקט ווי אויף די יידישע גאַסן אין אָנהייב פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, וועלכע זיינען שוין געלעגן אין חורבות. די מאָמענטאַלע טויטקייט האָט גאָרנישט געקענט דערמאָנען, אַז קוים, קוים מיט וואָכן און טעג צוריק האָבן דאָ די איינוווינער

געלעבט זאַרגלאָז און צופרידן, געטאַנצט און געהוליעט צוזאַמען מיטן היטלערים־
בישן אַשמדאי, וואָס האָט זיי צוגענומען פאַר שותפים צום יידישן רויב און מאָרד.

נאָר דאָס האַווקען און וואָיען פון די הינט האָט עפּעס דערמאָנט אין אַ לעבע־
דיקער באַשעפעניש אין דעם טויטן אַרום. י. האָט זיך דערמאָנט די לעגענדע וואָס
ער האָט נאָך געהערט אין זיינע קינדער־יאָרן: „אַז די הינט וווינען, איז אַ סימן אַז
דער מלאך־המוות איז נאָענט פון שטאָט". דאָס מאָל קומט מסתמא אָהער נישט דער
יידישער מלאך־המוות... צו וועמען? סיידן צו מיר אַליין, האָט זיך י. געטראַכט.

די טויטקייט אויף דער גויאישער „זאַנאַטיטשע", דאָס נאָענטע אומאויפהער־
לעכע האַרמאַטן־שיסעריי האָט אין י. געוועקט דעם גלויבן, אַז דער טאָג פון נקמה
אין די מיליאָנען מערדער פון די מיליאָנען אומשולדיק דערמאָרדעטע איז נאָענט.

מיט דעם געפיל האָט י. פאַרלאָזט דאָס גויאישע ראַטנע און געגאַנגען אין וועג
אַריין, וווהין? מיטן וועג אויף מזרח.

דורך שניי באַדעקטע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע וועגן, פעלדער און פאַרפרוי־
רענע טייכן שלעפּט זיך י. נאָך אים און פאַר אים יאָגן זיך פויערים פון די אַרומיקע
דערפער מיט זייערע ווייבער און קינדער אין געפּאַקטע וועגענער מיט זייער האָב־
און־גוטס.

קענטיק, אַז דאָס נאָענטע האַרמאַטן־שיסעריי האָט זיי אַרויסגעריסן פון זייערע
וואַרעמע היימען און דאָס אָנקומען פון דער שטורעמדיקער רויטער אַרמיי, וואָס
שלאָגט און יאָגט אומברחמנותדיק זייער נאַציישן גואל, האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ
באַרעכטיקטע שרעק.

פאַר וועמען נאָך אַזוי ווי פאַר י. איז קלאָר, אַז מיטן אָפּטרעטן פון היטלער־
אָקופּאַנט איז אויך אָפּגעטרעטן די רו און זיכערקייט פון דער גרעסטער טייל פון
דער אוקראַאינישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געזען אין דעם היטלער־אָקופּאַנט
נישט נאָר אַ געגאַרטן אויסראָטער פון זייערע דורותדיקע יידישע שכנים — נאָר
אויך אַ געגאַרטן באַפרייער און פירער צו זייער נאַציאָנאַלער שטאַטלעכער זעלבסט־
שטענדיקייט?

אַ שפּיל פון גורל, טראַכט זיך י., אויף די וועגן, וואָס האָבן געשראָקן אַ יידן
אַפילו אין די רואיקסטע צייטן, גייט איצט דער אייביק דאָ געשראָקענער ייד אומ־
דערשראָקן און אין דעם שרעקעדיקן האַרמאַטן־שיסעריי הערט ער דעם שופר של
משיח... און דער נעכטיקער „העלד", וואָס האָט אייביק געשראָקן, לויפט אַליין ווי
אַ דערשראָקענער שטשור, וואָס פילט אַז ער ליגט שוין אין פּאַסטקע.

יאָ, כדאי געווען אַלע ליידן, בכדי אײן מינוט זען דאָס וואָס איך זע
שוין, האָט זיך י. געטראַכט. איין מינוט זען די וועלט פון מאָרגן, וואָס וועט ברענגען
שלום און פעלקער־פריינטשאַפט אויך דעם יידישן פאָלק און דער עיקר: ווי זי וועט
שטראָפן און צאָלן פאַר אַלע יסורים, פּיין און מאָרד דער היינטיקער מערדערישער
וועלט.

אין לוטשיצער וואַלד. ביי אַ זייטיקן וועג וואָס פירט אין דער טיפקייט פון לו־
טשיצער וואַלד, האָט זיך י. געזעצט אָפּרוען אויף אַ „פּיען" פון אַן אָפּגעזעגטן בוים.
דאָס שיסעריי איז אויף אַ צייט פאַרשוויגן געוואָרן. י. האָט באַטראַכט דעם וואַלדיקן
אַרום און די נאַטור ערב פרילינג און ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז היינט איז שוין די
נאַטור אויך מילדער געוואָרן פאַר אַ וואַנדערן יידן, וואָס שלעפּט זיך דאָ הונגעריק
באָרוועס און נאַקעט.

טויזנטער געדאַנקען פון דער נאָענטער גרויזאַמער פאַרגאַנגענהייט און נאָ־
ענטער פרייער צוקונפט האָבן זיך געפּלאָנטערט, געוויקלט און פאַרוויקלט אַן אַ
לייזונג אין געציילטע מינוטן.

אַ פלוצימדיקער געשריי: „סטאָי!" האָט אויפגעציטערט אַלע זיינע גלידער. י.

האָט דערזען פאַר זיך פינף באַוואָפנטע קאַמפס־פּאַטרולן פון דער רויטער אַרמיי.

מיט אויפגעהויבענע הענט איז י. געשטאַנען פאַר די רויט־אַרמייער די גאַנצע צייט, וואָס ס'האָט געדויערט די באַזוכונג און קורצע אויספאָרשונג. און איצט, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט אַז י. איז טאַקע נישט מער ווי אַן אומבאַוואָפנטער געראַטעוועטער ייד, האָבן זיי אים געהייסן די הענט אַראָפּלאָזן און ווי פאַר אַ באַלוינונג דערלאַנגט אַ שטיק ברויט און האַרטן צוקער.

זייער קאָמאַנדיר האָט פאַראָרדנט איינעם פון זיי אָפּצופירן אים אין שטאַב.

אין דאָרף לוטשיץ, וו ס'האָט סטאַנציאָנירט דער שטאַב פון די קאַמפס־פּאַטרולן איז י. אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ פּויערשער שטוב. אויף אַ ווײַלע איז זיין באַגלייטער פאַרשוווּנדן. אַן אַלטע פּויערטע איז אַרויסגעקומען פון קיך, באַטראַכט און דערקענט אַ נישט דערשלאָגענעם יידן און ווי פאַר אַ געטלעכן אָנגעהויבן עפּעס צו מורמלען אַ תפילה, אָדער אַ קללה? זיך איבערגעציילעמט און אַרוים פון שטוב.

פון דערנעבנדיקן צימער, האָט זיך געעפנט אַ טיר און דער רויטאַרמייער — דער באַגלייטער פון וואַלד האָט געהייסן אים אַריינגיין.

אין אַ ווינקל פון אַ גרויסן צימער וו ס'איז געהאַנגען די הייליקע איקאָנעס פון יעזוס, מאַריאַ און אַנדערע איז געשטאַנען אַ טישל אַרום וועלכן ס'איז געזעסן אַן אוניפאָרמירטער אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי פאַרטאָן אין צייכענען פאַרשידענע מאַפּעס. אויף דער באַגריסונג פון י. האָט דער אָפיציר נישט געענטפערט, ווי ער וואָלט בכלל נישט געזען און געהערט, אַז עמעצער איז אַריינגעקומען. י. און זיין באַגלייטער זיינען געשטאַנען ביים טיר אָן באַוועגונג. ערשט ווען דער אָפיציר האָט געענדיקט דאָס צייכענען און אַריינגעלייגט די מאַפּעס אין אַ מיליטערישן טאַש, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף די אַריינגעקומענע, אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט מיט אַן האַרציקן „זדראַסטוווויטיע".

דער באַגלייטער פון י. האָט פאַרלאָזט דאָס צימער און י. האָט זיך געזעצט אויף אַ בענקל ביים טיש.

— „שטאָ סקאַזשעטע גאָלובטשיק?" (וואָס וועסטו זאָגן ליבער) — איז געווען די ערשטע ווענדונג פון אָפיציר צו אים.

סיי דער טאָן און דער אויסדרוק, האָט אים באַלד געמאַכט היימיש. און טאַקע אין אַ היימישן טאָן האָט י. אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיינע איבערלעבונגען, וועגן די יאָגענישן און פּלאָגענישן אין די וועלדער און פעלדער, אומעטום געיאָגט דורך די דייטשע און אוקראַינישע מערדער וועגן דעם אַלגעמיינעם חורבן פון נאַציישן היטלער־אָקופּאַנט.

דער קאָמאַנדיר איז געזעסן אָן באַוועגונג, גערירט ביז טרערן, ער האָט זיך אָבער באַמיט צו האַלטן „מיליטעריש" און צום סוף אַ זאָג געטאָן:

— דאַ ראָדנאַי! (יאָ אייגענער!) ניעמנאָזשקאָ אָב עטאָם זנאַיעם, מנאָגאָ יעשמשאָ אוזנאַיעם — אַ בעזפּאָשטאַדנאָ זאַ ווסיאָ אָפּלאַטים (אַביסעלע ווייסן מיר שוין וועגן דעם, אַ סך וועלן מיר זיך נאָך דערוויסן — און אומברחמנותדיק וועלן מיר פאַר אַלץ אָפּצאָלן).

י. איז גערירט געוואָרן. זיין היסטעריש געוויין, האָט איבערגעריסן די שטילקייט אין צימער. די ווערטער פון דעם זיגער און באַפרייער; מיר וועלן אומברחמנותדיק באַצאָלן, האָבן זיך אַריינגעשניטן אין זיין האַרץ און נשמה, ווי זיי וואָלטן געקומען פון געטלעכן קריגער אַליין. י. האָט געבעטן ער זאָל אים מאָביליזירן אין דער רויטער אַרמיי.

מיטן זעלבן טאָן פון מיטגעפיל, האָט דער אָפיציר אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער פילט אים מיט אפשר מער ווי אַ נ ד ע ר ע , אַז דער איינציקער ווייטערדיקער

וועג איז פאַר אים זיך צו שטעלן אין די רייען פון דער זיגרייכער רויטער אַרמיי, ווו ער וועט האָבן אַלע מעגלעכקייטן נקמה צו נעמען פאַר זיין פאָלק. דערצו אָבער, ד. ה. צו מאָביליזירן זיינען באַרופן ספּעציעלע אינסטאַנצן, וואָס זיינען דערווייל נאָך ווייט פון פראָנט. ער ראָט אים דעריבער, זיך שוין צו מאָביליזירן אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס קעמפן דאָ אין געגנט. דאָ וועט זיין קאַמף אויך זיין וויכטיק, ווייל ער קען סיי די געגנט און סיי די וואָס האָבן געדינט דעם אָקופּאַנט און פאַר־דינען אַ גערעכטע שטראָף.

ווען י. האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פּרטים, אַז די היגע פּאַרטיזאַנער נעמען נישט גערן אויף קיין יידן אין זייערע רייען, האָט זיך דער אָפיציר פאַרטראַכט. אַן ערנסטקייט איז אַרויפגעקומען אויף זיין סימפּאַטיש מילדן פּנים און שטרענג אַ זאָג געטאָן: „עטאָ ניע וויערנאָ, (דאָס איז נישט אמת!) אַ יעסלי טאַק, (און אויב יאָ,) בּאָ פּאָ נאַשעי נאַפּראַוולעניע פּרימוט!" (וועט מען לויט אונדזער רעקאָמענדאַציע צונעמען.)

ווי צו פאַרענדיקן דעם געשפּרעך, האָט ער מיטן זעלבן אָפיציעלן טאָן געהייסן י־ן גיין אין שטאַב פון די פּאַרטיזאַנער, וועלכער געפינט זיך איצט אין דאָרף ווידריטשי. דערלאַנגט די האַנט און געווונטשן דערפאָלג.

מיט די זייטיקע סטעזשקעס פון דעם הויפּט־וועג ראַטנע־קאַמיען־קאַשירסק, האָט י. געשפּרייזט מיט די לעצטע כוחות. די מידע פיס האָבן קוים געשלעפּט דעם אויסגעמאַטערטן קערפּער ווי אַ כוואַליע ליכט און דערמונטערונג, האָט אים אָבער באַגלייט דער ענטפער פון אָפיציר: וואָס פּרימוט! (אייך וועט מען צונעמען!) אין זיין נאַיוון האַרצן האָט ער געגלויבט, אַז דאָס מאָל, וועט מען אויך אַ יידן געבן די מעג־לעכקייט צו קעמפן מיטן שונא און ער וועט מער נישט הערן קיין ווערטער פון חוזק און באַדינגונגען פון צושטעלן געווער, געלט א. א. וו. ווי אַ סך מאָל פריער... שוין נאָענט פון דאָרף ווידריטש איז י־ן געקומען אַנטקעגן אַ פּאַרטיזאַנער פּאַטרול.

דריי טיפּישע פּויערים ווי געבוירענע וואַלד גזלנים, האָבן מיט רציחה געקוקט אויף אים און מיט אַ מערדערישן טאָן אַ פרעג געטאָן:

— קודא שלאיעסא זשיד? (וווהין שלאָנדערסטו זיך ייד!) י. האָט דרייסט גע־ענטפערט:

— איך גיי צו אייך!

— נאָך וואָס?

— זיך מאָביליזירן.

אַ שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אויף די גזלנישע פּנימער און מיט רציחה האָט דער זעלבער אַ זאָג געטאָן: וואַיאַק נאַשאָלסאַ! (אַ קעמפער האָט זיך געפונען). זאַ־האָדי יעוואָ וו'פּושטשו אי פּאָקאַזשי קאַק וואָיעוואַט! (פיר אים אַריין אין טיפע־ניש פון וואַלד און ווייז אים ווי מ'קעמפט...).

י. האָט פאַרשטאַנען, אַז זיינע מינוטן זיינען געציילטע. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט. די פיס האָבן זיך געבראָכן, אָבער ווי אַ סך מאָל אין ענלעכע פאַלן, האָט ער זיך גלייך אָריענטירט און נישט פאַרלירנדיק זיך אַ זאָג געטאָן:

— איך גיי צו אייך מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון דעם קאָמאַנדיר פון דער ער־שטער קאָמפּס־ראַזוויעדקע, וועלכע געפינט זיך אין דאָרף לוטשיץ, וועגן מיין קומען האָט ער געקלונגען צו אייער קאָמאַנדיר וועמען איך דאַרף איבערגעבן וויכטיקע ידיעות.

י־ס דרייסטער ענטפער האָט קענטיק געווירקט אויף די פּאַרטיזאַנער און ווען . האָט נאָך געענטפערט אויף אַ פראַגע, אַז זייער שטאַב געפינט זיך איצט אין דאָרף ווידריטש, האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז ער דאַרף טאַקע מסתמא איבערגעבן

וויכטיקע ידיעות. און אַנשטאָט צו פירן אין דעם וואלד געדיכטעניש, האָט אים איינער פון די דריי באַגלייט אין שטאַב.

אין דאָרף ווידריטש אַרום דעם הויז וווּ ס'געפינט זיך דער פּאַרטיזאַנער שטאַב איז אַ גרויסע באַוועגונג, באַוואָפנטע און אומבאַוואָפנטע רייטער און פוסגייער, ציווילע און מיליטעריש געקליידטע פּאַרטיזאַנער קומען און גייען אַוועק. צווישן זיי באַמערקט י. דעם יידישן פּאַרטיזאַן בליט פון דאָרף דאַטין (היינט אין קאַנאַדע). י. ווערט היימלעכער. אַ פאַקט, אַז היינט נעמט מען שוין אַן יידן אויך צו די פּאַרטיזאַנער. י. שטעלט אָפּ דעם יידישן פּאַרטיזאַן. מיט אַ פראַגע:

— ביזט פון דער משפחה בליט פון דאַטין?

— יאָ! — ענטפערט ער.

— און מיך דערקענסטו?

— יאָ! ביסט געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער ראָטנער פאָלקס-באַנק.

— ווייסטו אפשר נאָך ווער פון אונדזערע ראָטנער לעבן נאָך ערגעץ ווו?

— יאָ, בליט רופט אָן די נעמען יעקב גראַבאָוו, הערשל-לייב און רייצע יאַנאָוויץ אויף ווייטערדיקע פראַגן וועגן זיין אייגענעם גורל גיט בליט אַן אויסמיידנדיקן ענטפער. י. באַמערקט, אַז דער „גליקלעכער" יידישער פּאַרטיזאַן, האָט נישט קיין חשק זיך לאַנג מיט אים צו פאַרהאַלטן אין דעם אַרום פון די גוים, וואָס קוקן נאָך זייערע באַוועגונגען.

. געזעגנט בליטן טראַכטנדיק, אַז היינט - מאָרגן וועט ער מסתמא זיין אין דעם זעלביקער גליקלעכער לאַגע וואָס בליט. ער וועט אויך זיין פריי, טראָגן געווער און אַ רעקל פון אַ דערשאָסענעם היטלעראָוויעץ.

אין אַ צימער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ געווער-מאַגאַזין, זיינען געשטאַנען דריי פּאַרטיזאַנער-קאָמאַנדירן און דיסקוטירט וועגן טעכנישע פראַגן, איבער געווער טיילן, וואָס זיינען געלעגן צעשרויפט און אָנגעוואָרפן אויף אַ לאַנגן טיש.

איינער פון זיי, אַ נידעריקער, פעסט געבויטער יונגערמאַן, מיט אַ צעשויבערטער שוואַרצער טשופרינע — אַן אויסזען פון אַ טיפּישן קאַצאַפּ, האָט געוואָרפן אַ זייטיקן אומסימפּאַטישן קוק אויף י־ן, וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן, דורך אַ פּאַרטיזאַן און ווייטער זיך פאַרטאָן אין די געווער טיילן. העכער אַ האַלבע שעה האָבן זיי י־ן געלאָזט שטיין ביי דער טיר און טראַכטן וועגן דעם גליק פון אַ פרייען פּאַרטיזאַן און קעמפער.

אפשר נאָך מאָרגן וועט ער קומען אין דעם חרובן ראָטנע, שוין נישט מער ווי אַ געפּלאָגטער ייד, נאָר ווי אַ נקמה-נעמער פאַרן אומשולדיקן יידישן בלוט. נאָך אין זיין יוגנט, האָט ער דאָך געלערנט, אַז די גוים אָנערקענען דעם יידישן גאָט, נאָר דעמאָלט, ווען זיי פילן גאָטס נקמה, נאָר גאָטס נקמה אַליין קאָן צאָלן פאַר דעם בלוט פון מיליאָנען אומשולדיקע לעבנס...

אַ פלוציסדיקע פראַגע האָט איבערגעריסן זיין טראַכטן:

— ווי רופט מען דיך? — האָט איינער פון די דריי קאָמאַנדירן געפרעגט.

— י. — האָט ער גענטפערט.

— נאַציאָנאַליטעט?

— יידישע.

— באַשעפטיקונג?

— ביוראַליסט.

— ווו האָסטו זיך אויסבאַהאַלטן אין דער אָקופּאַציע-צייט?

— אין פאַרשיידענע ערטער: פריער אין פעלדער, וועלדער, שטיבער און גריבער און לעצטנס ביי אַ פויערטע אַ בעטלערן.

— נו איז זי נאָך היינט אויך אַ בעטלערן נאָכדעם ווי דו האָסט איר מסתמא געשענקט „אביסעלע" פון דיין גאָלד?

— יאָ, — האָט י. געענטפערט, די זעלבע בעטלערן, ווייל ערשטנס, האָב איך איר בכלל נישט געצאָלט, צווייטנס, האָב איך קיין גאָלד קיינמאָל נים געהאט.

— נו, פאַרוואָס זשע האָט זי דיך אויסבאַהאַלטן?

— ווייל זי האָט געקענט מיינע עלטערן, וואָס פלעגן איר שענקען אַ שיינע נדבה, אויסער דעם, האָט זי געגלויבט, אַז מיטן ראַטעווען אַ מענטשן פאַרדינט זי אַ מצווה.

— איז זי געווען אַ גלויביקע?

— יאָ!

— אין וועלכן עלטער איז דיין בעטלערן?

— מער פון 70 יאָר.

— ווער פון דיין משפחה לעבט נאָך?

— כ'ווייס נישט, מעגלעך, אַז עמיצער לעבט פון זיי און מעגלעך אַז נישט.

— ווען האָסטו זיך געשיידט מיט זיי?

— מיט מיין פרוי און קינדער דעם 26טן אָקטאָבער 42טן יאָר.

— ווו זיינען זיי געבליבן יענעם טאָג?

— ווי ביי אַ סך אַנדערע אַקציעס איז מיין פרוי און קינדער אַריין אין אַפטייק און זיך געשטעלט אַרבעטן אַלס פּראָוויזאָרן. דאָס האָט פאַר אונדז אויסגעזען אַלס בעסטע רעטונג, ווייל קיין ייד, האָט נישט געטאָרט אַהין אַריינקומען לויט דער דייטשישער פאַראָרדענונג.

— ווי אַזוי־זשע, האָט זי דאָרט אַלס יידן געקענט אַרבעטן?

— ווייל דער אויפזעער איבערן אַפטייק, דער פּאָליאַק קובאַלסקי, האָט זי געדעקט, אויך דער אויסזען און שפּראַך האָט זי נישט געקענט פאַראַטן.

— נו, און אויב זיי לעבן נישט מער, ווילסטו אַליין לעבן?

— מעגלעך, אַז יאָ און מעגלעך אַז נישט, אַלנפאַלס פאַלן פון דער נאַצישער קויל וויל איך נישט.

— פאַרוואָס?

— מעגלעך דערפאַר, ווייל מיר דוכט זיך, אַז עמעצער פון מיין פאַמיליע לעבט און טראַכט אפשר אויך אַזוי.

— און פון אונדזערער אַ קויל ביסטו גרייט צו שטאַרבן?

— אויב איך וועל זי פאַרדינען, יאָ!

— פאַרוואָס־זשע ווילסטו ווערן אַ פּאַרטיזאַן?

— כ'האָב די גאַנצע צייט פון קריג געזוכט די געלעגנהייט, אָבער איך האָב זי נישט געקענט געפינען, ווייל די היגע פּאַרטיזאַנער האָבן געפאָדערט געווער.

— סלושנאָ! (גערעכט!) און איצט האָסטו געווער?

— ניין!

— כוואַטיט! (גענוג!) האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן איינער פון די צוויי ביי־זיצערס. ווי אַן אורטייל אויף וועלכן מען קען שוין נישט אַפּעלירן, האָבן אויך געקלונגען די לעצטער ווערטער: „מי וואָינו זאַקאָנטשעם בעז ניעוואָ"! (מיר וועלן דעם קריג ענדיקן אָן אים!)

י. האָט נאָך געוואָלט דערמאָנען, אַז ער איז אַהער געשיקט געוואָרן פון דעם קאָמאַנדיר פון די קאַמפּס־פּאַטרולן, אָבער אין דעם מאָמענט איז אַריינגערופן געוואָרן אַ באַוואָפנטער פּאַרטיזאַן און מען האָט געהייסן אים גיין.

אין אַ פויערישער שטוב ערגעץ ווו, אין דעם זעלבן דאָרף, זיינען געזעסן פאַר־

טיזאַנער אוקראַינער פון די אַרומיקע און ווייטע געגנטן, רוסן פון ווייטן רוסלאַנד, געשיכורט, גערויכערט, געשפּילט און געטאַנצט. געזונגען באַקאַנטע לידלעך פון נאָענטן זיג. אַהין איז י. אַריינגעפירט געוואָרן דורך דעם באַוואָפנטן פּאַרטיזאַן.

אין קיך אין דעם זעלבן הויז אויף אַ באַנק איז געזעסן מאָטל טעקטינער (אַ זון פון לייבל טעקטינער, היינט אין אַמעריקע) געשוואָלן פון הונגער און קעלט — אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן און געוויינט מיט די לעצטע טרערן, וואָס ער האָט נאָך פאַרמאָגט אין זיינע אויגן, וואָס האָבן שוין חדשים לאַנגע נישט געזען קיין ליכטיקע שיין. ביים פויערישן באַק-אויוון זיינען געשטאַנען צוויי יידישע פּאַרטיזאַנקעס, יינגערע מיידלעך און געבאַקן און געקאָכט און מסתמא געווען צופרידן פון זייער איינענעם גורל... אַ געשטופּלטער פּאַרטיזאַן (אגב מאָטלס אַ באַקאַנטער) איז אַדורכגעגאַנגען די קיך, פאַרטשעפּעט די יידישע מיידלעך און איז אַרויס פון שטוב.

פון גאַס איז אַריינגעקומען דער יידישער פּאַרטיזאַן בליט, אַדורכגעגאַנגען גיך די קיך, אַריין אין צימער פון די זינגענדיקע פּאַרטיזאַנער און גלייך אַרויס צוריק, ווי ער וואָלט נישט באַמערקט די צוויי אומגליקלעכע יידן... נאָך אים זיינען אויך די צוויי יידישע מיידלעך - פּאַרטיזאַנקעס אַוועק.

פון גאַס איז אַריינגעקומען אַ פויער, פאַרסאַפּעט און געמאָלדן, ווי ספּעציעל, אַז די יידן זאָלן אויך הערן, אַז ער האָט זיין אויפגאַבע דערפילט. ער האָט די גרוב אויסגעגראָבן אין אָנגעוויזענעם אָרט און בעט דערפאַר מען זאָל אים שענקען די הויזן, וואָס ער האָט באַמערקט אויף י. און וועלכע האָבן נאָך פאַר אים אַ ווערט.

מיט אַ כליפּ ווי אַ כאָרכל פון אַ בר-מנן, האָט מאָטל אויסגעכליפּעט: י. זיי גייען אונדז שיסן. און האָט ווייטער געכליפּעט.

י. איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון שטוב און אין דער קאָשמאַריקן טראַכטן נישט געקענט באַגרייפן, אַז ער שטייט שוין אויף דער שוועל פון טויט...

רבונו-של-עולם! האָט ער צו זיך אַליין געשריען, אָט דאָס איז דאָס לעבן שוין אויף דער פריי? נו, זאָל געשען וואָס ס'זאָל נישט געשעען! דער סוף פון מערדער איז נאָענט. איך אַליין זע דאָך שוין דעם אָנהויב פון סוף. איז אפשר טאַקע דאָס ווייטערדיקע לעבן דאָס שרעקלעכסטע?

אין די מינוטן האָט ער נאָך מער ווי אַלע מאָל דערפילט, אַז די ווונד, וואָס בלוטיקט טיף אין זיין נשמה, וועט שוין במילא קיינמאָל נישט פאַרהיילט ווערן. שרעק, פאַרלוירנקייט און פאַרצווייפלונג וועלן אים שוין באַגלייטן דאָס גאַנצע לעבן, און דאָס שרעקלעכסטע: ס'וועט דאָך נישט זיין ווער ס'זאָל אים זיין צער און טרויער מיטפילן, ווייל די וואָס ער זוכט, וועט ער דאָך שוין קיינמאָל נישט געפינען.

אויפן גאַס איז געוואָרן פינצטער, אין קיך אויפן ראַנד פון באַק-אויוון האָט געצאַנקט אַ קאָפּטילקע, ווי אַ יום-כפּורדיקע ליכט. אַ הויכער בלאָנדער שייגעץ איז אַריינגעקומען פון גאַס, אַראָפּגענומען פון וואַנט אַ ביקס, אַריינגעלייגט אין איר אַ מאַגאַזין קוילן, פאַרקלאַפּט דעם זאַטוואָר און שמייכלענדיק אַ ווונק געטאָן צו זיינע חברים. מיטן זעלבן שמייכעלע האָט ער זיך געווענדט צו י. און מאָטלען:

— נו, רעביאַטאַ, פּאַשלי נא זאַדאַניו (נו, קינדער, געגאַנגען אויף אַן אויפגאַבע).

י. איז געגאַנגען דער ערשטער. נאָך אים מאָטל און וועז י. האָט געעפנט די טיר פון הויז און דערזען פאַר זיך די גאַס אין פינצטערניש האָט ער זיך צעשריען: לויפן! לויפן! לויפן!

נאָר דאָס קנאַלן פון אַ ביקס אין קאָלירטע פייער פינקען, האָט י. געהערט און געזען אין געלויף און ערשט ווען ער איז געלעגן אַרום אַ פויערישן שטאַל, האָט ער דערפילט אַ ווייטיק אין לינקען פוס.

י. האָט אַראָפּגענומען דעם צעשאָסענעם שוך, אַראָפּגעריסן פון זיך דאָס לעצטע העמד און באַנדאַזשירט זיין לייכטע ווונד.



יעקב שטיינגאַרטן (ישראל)

# פון אַ בריוו צו לייזער גינזבערג

. . . איז דען מעגלעך אַרויסצושרייבן אַלע אונדזערע איבערלעבונגען פון 1941 ביז צו דער באַפרייאונג? קען דען אַ מענטש זיך פאָרשטעלן, אַז מען קען אַזוי פיל צרות און ליידן איבערטראָגן? איך קען דיר בלויז שרייבן, אַז אין חודש יוני 1941 זיינען די דייטשן אַריין אין ראַטנע און באַלד, ביי זייער אָנקומען, דעם ערשטן טאָג, האָט מען צונויפגענומען די גאַנצע שטאָט יידן אויפן פלאַץ נעבן קלויסטער און מען האָט פאר אונדז איבערגעלייענט אַ באַשולדיקונג, אַז יידן האָבן ביינאַכט געשאָסן אויף די דייטשן. דער דייטשער מאַיאָר האָט אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, אַז מען דאַרף אָפּקלייבן, פון אַלע פאַרזאמלטע, דרייסיק יידן און זיי שיסן. גלייך האָט מען אויסגעשטעלט אַלע יידן אין רייען און פון יעדער ריי האָט מען אויסגעקליבן צו איין מענטשן, איז באַלד אין דעם גורל פון די אומגליקלעכע דרייסיק אַריינגעפאלן מיין עלטסטער זון לייבל ע״ה. דו קענסט פאַרשטיין מיינע איבערלעבונגען, ווען איך האָב געדאַרפט דאָס אַלץ צוזען פון דער ווייטנס! איך בין צוגעלאָפן און זיך געבעטן ביי די דייטשן, אַז מען זאָל מיך נעמען צום שיסן און אַרויסלאָזן מיין קינד, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

נאָך דעם טאָג האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע צרות. אַלע טאָג האָבן זיך געשאָטן אויף אונדז נייע גזרות און עס זיינען פאָרגעקומען פרישע הריגות פון יידן. אַלע מאָל פלעגט מען אַרויסנעמען אַנדערע מענטשן אויף אַרבעט און מער האָט מען זיי שוין נישט געזען. ווו זיי זיינען אַהינגעקומען ווייסט מען נישט ביז היינטיקן טאָג. אַזוי האָט עס זיך געצויגן פון יוני חודש 1941 אָן. אויב מען האָט דערציילט, אַז דעם און דעם יידן האָט מען געהרגעט, האָט מען עס אויפגענומען ווי אַ געוויינלעכע געשעניש. דאָס לעבן איז שוין אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז מען האָט יעדן טאָג געוואַרט אויפן טויט און עס פלעגן שוין נישט איבערראַשן די שרעקלעכסטע נייעס פערצן חדשים דורכאַנאַנד האָבן מיר אַזוי געלעבט אין שרעק און אין פחד ביז עס איז געקומען דער 26סטער אויגוסט (י״ג אלול) און עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע מאַסן־שחיטה אין אונדזער שטעטל.

מיטוואָך אין דער פרי, דרייצן טעג אין חודש אלול, זיינען די דייטשע מערדער מיט זייערע אַרויסהעלפערס די אוקראַינישע פּאָליציי־לייט אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט, אַרויסגעפירט אַלע יידן פון די הייזער, פון די בוידעמער, פון די קעלערס און אַנדערע באַהעלטענישן און זיי אַוועקגעפירט צום פּראָכאָדער באַרג. דאָרטן האָט מען זיי אויסגעטאָן נאַקעט און אַלעמען צוזאמען — מענער, פרויען און קינדער — אויסגעשאָסן. די מענטשן זיינען גלייך אַריינגעפאלן אין די גריבער — וואָס זיינען פאַר זיי פון פריער צוגעגרייט געוואָרן דורך פּראָכאָדער גוים — איינער אויף דעם אַנדערן. הונדערטער מענטשן זיינען באַגראָבן געוואָרן צוזאמען אין איין גרוב און צווישן זיי זיינען אויך געווען גענוג לעבעדיקע, וואָס זיינען פאַרשאָטן געוואָרן מיט די טויטע. פון מיטוואָך ביז זונטיק זיינען אומגעבראַכט געוואָרן ביי 1.500 יידן, אָן ערך 500 ראַטנער יידן זיינען אין די טעג פון דער שחיטה זיך צעלאָפן אין די דערפער, וועלדער און אויף די פעלדער און האָבן זיך דאָרט אויף פאַרשיידענע אופנים צייטווייליק געראַטעוועט, ווער אויף אַ וואָך, צוויי וואָכן און ווער אַפילו אויף עטלעכע חדשים, ביז די דאָרפישע גוים האָבן זיי איינציקווייז אויסגעכאַפּט און אַריבערגעכאַפּט צו די דייטשן אין שטאָט אַריין.

פון אַלע ראַטנער יידן זיינען געבליבן נאָך דער שחיטה אַן ערך 30 יידן וואָס האָבן געאַרבעט אין אַן אַרטעל ביי די דייטשן, אָבער זיי זיינען אויך ליקווידירט געוואָרן אין זעקס חדשים אַרום, דאָס הייסט דעם 17טן פעברואַר 1943. די דאָזיקע דרייסיק יידן האָט מען אַרויסגעפירט פיר קילאָמעטער הינטער ראַטנע אויפן וועג קיין זשיריטש און דאָרטן האָט מען זיי געהרגעט.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל זיינען ראַטנער יידן באַגראָבן געוואָרן אויף פיר ערטער (אַ חוץ די ערשטע דרייסיק וואָס זיינען געקומען צום קבורת ישראל אויף דעם בית־עלמין): די פון דער ערשטער שחיטה (הונדערט און צען יידן), וואָס איז פאָרגעקומען א׳ תמוז 1942, זיינען נקבר געוואָרן ניט ווייט פון הריץ סאָפּאָנטשיקס מיל אויף דעם וועג צום דאָרף קאָמאַראָווע. די פופצן הונדערט יידן פון דער גרויסער שחיטה פון י״ג אלול 1942 — אויף דעם פּראָכאָדער באַרג רעכטס, פאָרנדיק אין דאָרף קאָנישטש. די פינף הונדערט יידן אנטלאָפענע, וואָס מען האָט ביסלעכווייז געכאַפּט און אויסגעהרגעט ליגן אויף הוליאַנקע גאַס נעבן דער ציגעלניע און די לעצטע — אויף זשיריצער וועג. דאָס איז דער קורצער סך הכל פון אַלע ראַטנער יידן.

ווי אַזוי האָבן מיר זיך געראַטעוועט?

איך, מיין פרוי שבע און מיינע צוויי קינדער האָבן זיך בעת דער גרויסער שחיטה אויסבאַהאַלטן אין דעם קעלער פון אונדזער הויז. דאָרטן זיינען מיר געלעגן פיר טעג. דעם פערטן טאָג ביינאַכט זיינען מיר אַנטלאָפן פון שטאָט דורך פעלדער און טייכן אין באָרער וואַלד צו מיינעם אַ פריינד אַ „ליעסניטשע" (וואַלד־וועכטער) און ביי אים האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אַ חודש צייט. שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן דערלויבט די דרייסיק יידן צו אַרבעטן פאַר זיי, אין דעם אַרטעל האָט דער ליעסניטשע אויך באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר מיר און מיין פאַמיליע צו אַרבעטן ביי אים אין וואַלד. איך האָב ביי אים געאַרבעט די גאַנצע צייט וואָס עס האָט עקזיסטירט דער אַרטעל. אין דער צווישנצייט האָט מען מיך מיט דער פאַמיליע געבראַכט קיין ראַטנע צו דער פּאָליציי און מען האָט אונדז געוואָלט שיסן. זכות־אבות זיינען אונדז ביי געשטאַנען און מען האָט אונדז דערלויבט זיך אומצוקערן צוריק צו דער אַרבעט אין באָרער וואַלד. אין צוויי חדשים אַרום אָבער, ווען מיר האָבן דערהערט, אַז אויך די לעצטע דרייסיק יידן פון אַרטעל זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, זיינען מיר אַנטלאָפן פון ליעסניטשע און מיר זיינען אָנגעקומען אין די קאַרטילעסער וועלדער און דאָרטן האָבן מיר זיך פאַראייניקט מיט די רוסישע פאַר־

טיזאנער. (דאָס איז געווען פעברואר חודש 1943 יאָר). מיר האָבן גלייך באַקומען געווער און אָנגעהויבן צו קעמפן קעגן די נאַצים צוזאמען מיט אַלע פּאַרטיזאנער. צוויי יאָר צייט האָבן מיר געפירט אַזאַ אומזיכער לעבן פון פּאַרטיזאנער, פאַרשווארצט און אויסגעריסן געוואָרן, נישט איין מאָל זיינען מיר געווען אין ממשות־דיקן געפאר פון אומקום ביז לסוף זיינען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי אָנהייב 1945.

גלייך נאָך דער באַפרייאונג בין איך געקומען צו פאָרן קיין ראָטנע זען, אפשר וועל איך עמיצן טרעפן. איך האָב אָבער קיין יידן דאָרטן נישט געטראָפן. דאָס רוב הייזער זיינען געווען פאַרברענט, פון אונדזער הויז איז געבליבן נאָר אַ האַלבע, די צווייטע העלפט איז צענומען געוואָרן דורך די דייטשן. אין די איבעריקע גאסן אויך דאָס זעלביקע: עס שטייען בלויז אַ פּאָר הייזער, די איבעריקע פאַרברענט, אָדער צעשטערט.

די שטאָט האָט אָנגעוואָרפן אויף מיר אַ פחד: — זייער גוט, האָב איך געטראכט, וואָס קיין יידן האָבן זיך נישט אומגעקערט אין שטעטל אריין, מען קען דאָך אין אַזאַ שטאָט אראָפּ פון זינען! די ראָטנער יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט זיינען אָפּגעפאָרן קיין שלעזיע און פון דאָרטן קיין עסטרייך, קיין איטאַליע און מען וואַרט ווער אויף צו פאָרן קיין ארץ ישראל און ווער קיין אַמעריקע אָדער אַנדערע לענדער.

מיר איז אויסגעקומען צו נעכטיקן אַ נאַכט אין ראָטנע. איז מיך באַפאלן אַזאַ מרה־שחורה, אַז איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט צומאכן אַן אויג. פון די „מיעשטשאַנעס” וואָס האָבן ארויסגעהאָלפן די נאַצים אין זייער מערדערישער אַרבעט, זיינען אַ פּאָר אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. אַ טייל האָב איך פאַר דער רוסישער מאַכט באַשריבן ווי עס דאַרף צו זיין און עס האָט טיילווייז געהאָט דערפאָלג; מען האָט זיי גלייך צוגענומען פון ראָטנע און מען האָט זיי ערגעץ ווו פאַרשיקט.

צום באַדויערן זיינען זייער ווייניק יידן געבליבן, כדי צו קענען נעמען די ריכטיקע נקמה. לענגער האָב איך אין ראָטנע נישט געקענט בלייבן, ווייל אונדזערע אוקראַינישע שונאים האָבן געלויערט אויף אונדז און מען איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן.

איצט געפינען מיר זיך אין איטאַליע און וואַרטן אויף דער געלעגנהייט צו קענען עולה זיין אין ישראל.

איטאַליע, 26טן יאַנואר 1946



**שיקע קופּערבערג** (בוענאָס־איירעס)
(געבוירן אין אירניק — זון פון ישׂראל)

# אַ יתום דערציילט...

ווען דייטשלאַנד איז באַפאַלן רוסלאַנד בין איך אַלט געווען 13 יאָר. אַלס יונגער בחור האָב איך נאָך ווייניק פאַרשטאַנען דעם שווידער, וואָס עס האָט אונדז דערוואַרט. כ׳האָב געזען די נערוועזיטעט פון מיינע עלטערן הי״ד, און זייער אומרואיקייט, און כ׳האָב אָנגעהויבן דערפילן די צרות, וואָס גייען אויף אונדז.

איינס אַזייגער ביינאַכט זיינען די דייטשן באַפאַלן רוסלאַנד און שוין אין די פרימאָרגן־שעהן זיינען זיי אָנגעקומען קיין הירניק.

באַלד דעם ערשטן טאָג האָט מען מיך געכאַפּט צו דער אַרבעט. מ׳האָט מיר געגעבן אַ לאָפּעטע און געצוווּנגען גראָבן גלייך מיט אַלע גרויסע. ביינאַכט, אַהיימקומענדיק, האָב איך געטראָפן ביי אונדז אין שטוב אַ סך ראַטנער, צווישן זיי די פראכס, יודל מערין מיט דער פאַמיליע, פייצע האָניק מיט די קינדער, בערל, מיכאל, זלמן און פייגע האָניק, די פאַמיליע גינזבורג, יוסף זאסק און פאַמיליע, און נאָך פיל אנדערע פאַמיליעס. די ראַטנער האָבן געמיינט אַז אין די דערפער וועלן זיי זיך קענען באַהאַלטן. דערפאַר האָבן צענדליקער משפּחות זיך געלאָזט אין די שכנותדיקע דערפער.

אונדזער שטוב איז געווען אַ גרויסע. אַלע יידן האָבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט אויף דעם בוידעם און שייער. אַלס דאָרפישע האָט אונדז קיין שפּייז נישט געפעלט און אַלע האָבן געהאַט צו עסן. די מאַמע ע״ה איז געשטאַנען ביים אויוון גאַנצע טעג און געקאָכט, און איך האָב געטראָגן די טעפּ אויפן בוידעם.

ווען עס איז געוואָרן אַביסל שטילער, זיינען אַלע ראַטנער יידן צוריק אַוועק קיין ראַטנע. אונדזער דאָרף איז אויך שפּעטער געוואָרן דער אינדזל פון רעטונג פאַר אַ סך יידן. אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן הדשים, חדשים פון פּיין און ליידן, ביז די לעצטע שחיטות, ווען מ׳האָט פאַרניכטעט אַלע יידן.

אַ טאָג אין כסלו איז פאָרגעקומען די לעצטע אָבלאַווע אין הירניק. דאַן האָט מען באַפוילן אַלע יידן פון דער גאַנצער געגנט אַרום ראַטנע צו קומען אין שטעטעלע. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז מ׳גייט אומברענגען די לעצטע לעבנגעבליבענע

יידן. מיין שוועסטער פערל איז געלאָפן צום נחום פראַכאדער, הערן עפּעס נײַעס... לויפנדיק צו זיי האָט זי שוין געטראָפן נחומס משפּחה מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס. זיי זיינען אויך געלאָפן געפינען ערגעץ אַ מקום מקלט. על פּי נס איז טאַקע געראַטעוועט געוואָרן די איין־און־איינציקע טאָכטער פון דעם געשעצטן נחום פראַ־כאדער. ווען מיין שוועסטער האָט דאָס דערזען האָט זי גענומען לויפן צוריק צו אונדז און אונדז דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט אין ראַטנע. מיר האָבן גענומען זוכן אַן אָרט, ווו זיך צו באַהאַלטן. מיר זיינען געגאַנגען פון איין אָרט צום צווייטן ביז איך בין אָנגעקומען אין כוטאָר סעגישט. דאָרט האָבן מיר געהאַט אַ באַקאַנטן גוי. דער גוי האָט אָבער נישט געוואָלט אונדז אַריינלאָזן. אַזוי זיינען מיר אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. דאָס איז געווען אין אַ ווינטער־נאַכט. עס איז דאַן געפאַלן אַ שניי. זיינען מיר אַזוי געגאַנגען ביז צום כוטאָר ליפּעווע. אויך דאָרט האָבן אונדז די באַ־קאַנטע גויים נישט אַריינגעלאָזט. בלית ברירה זיינען מיר צוריקגעגאַנגען קיין היר־ניק און אַריין בגנבה אין אַ שייער. דאָרט האָבן מיר איבערגענעכטיקט. מיין טאַטע ע״ה האָט פאַרטאָג אָנגעקלאַפּט ביים גוי, בעטנדיק אַ דערלויבעניש איבערצובלייבן דעם טאָג אין שייער. דער גוי איז געוואָרן מלא רציחה און אונדז גלייך אַרויסגעיאָגט.

כ׳בין דאַן געווען געפערלעך קראַנק און האָב נישט געקענט גיין מער אויף די פיס. האָב איך געבעטן די עלטערן זיי זאָלן אַנטלויפן, זיי זאָלן זיך באַהאַלטן און איך וועל צוריקגיין אין אונדזער שטוב קיין הירניק און וואָס עס וועט זיין זאָל זיין...

און אַזוי בין איך אָנגעקומען אויסגעמוטשעט, מיד און הונגעריק צוריק אין שטוב, ווו איך האָב געטראָפן אַלץ צעשטערט. אַריינקומענדיק אין שטוב בין איך אַנידערגעפאַלן און אַנטשלאָפן געוואָרן. אינדערפרי הער איך, ווי מ׳רייסט די טיר איך כאַפּ זיך אויף און דערזע ווי באַוווסטע באַנדיטן שטייען אין פענצטער און גרייטן זיך אויפרייסן די טיר. נישט לאַנג טראַכטנדיק בין איך אַרויס דורך דער קראָם־טיר און בין אַריין צו אַ שכן אין שייער. אַזוי בין איך געלעגן ביז דער שכן איז געקומען געבן עסן די בהמות. דער אַלטער גוי האָט מיך זייער ליב געהאַט. דערזעענדיק מיך אין שייער, האָט ער זיך אַביסל דערשראָקן, אָבער ער איז גלייך געקומען צו זיך, און מיך געפרעגט צי כ׳בין הונגעריק, און ער האָט מיר באַלד אַריינגעבראַכט עסן, זאָגנדיק אַז כ׳זאָל דאָ איבערליגן די נאַכט. מאָרגן וועט ער מיך אַריינגעמען אין אַ גרויסן שייער, ווו עס איז דאָ אַ סך היי און איך וועל זיך דאָרט קענען מאַכן אַ באַהעלטעניש.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי זיינען אָנגעקומען אין דאָרף אוקראַאינער און דייטשן. זיי האָבן געמאַכט אָבלאַוועס. דער אַלטער גוי האָט זיך געהאַט אַרויסגע־כאַפּט פאַר זיינער אַ שנור, אַז ער באַהאַלט אַ ייד אויפן בוידעם. די שנור איז געקו־מען אין שייער אריין און מיט רציחה מיך אַרויסגעטריבן אין מיטן העלן טאָג. איך בין געלאָפן איבערן דאָרף און געבעטן ביי אַ סך גויים זיי זאָלן מיך באַהאַלטן. אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט דאָס טאָן. אַזוי בין איך אַנטלאָפן ווייט אַרויס פון דאָרף און אין בלאָטעס זיך געמאַכט אַ נאָרע. כ׳בין איבערגעשלאָפן אַ פּאָר שעה און ווייטער געגאַנגען צוריק אין אונדזער אַלטער הרובער שטוב. צען טעג בין איך געלעגן אין אונדזער שטוב. ביינאַכט פלעג איך אַרויסגיין, זיך אַריינגנבענען אין שטאַל און אַרויסנעמען קאַרטאָפל, און מיט דעם האָב איך זיך דערנערט. אַזוי זיינען אַריבער צען טעג, ביז איך האָב געטראָפן אַ גוי, נאַטליסיטש, וועלכער האָט מיר אָנגעזאָגט די פינצטערע בשורה, אַז מ׳האָט דערמאָרדעט מיינע עלטערן מיט דער קלענסטער שוועסטער.

טיף צעבראָכן פון דעם אומגליק בין איך געגאַנגען זוכן מיינע שוועסטער און דעם ברודער איציק. כ׳האָב זיי געפונען אין אַ באַהעלטעניש ביי אַ גוי אין שייער,

אָבער דער גוי האָט מיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיי. כ'האָב זיך געמוזט אומקערן. אָבער אין מיטן דער נאַכט האָב איך זיך אַריינגעגנבעט צום גוי אין שייער. מיט מיינע שוועסטער און ברודער בין איך געבליבן אין באַהעלטעניש 6 חדשים און דער גוי האָט דערפון נישט געוווּסט.



אין לאַגער אין איטאַליע צווישן זיי שיקע קופערבערג.

אין דער נאָרע בין איך געוואָרן קרעציק און בין שיער אויסגעגאַנגען. איז מיין שוועסטער פערל אַרויס ביינאַכט און איז אַוועק צו דער גויע, כריסטיאַ די שניידערקע, און איר אַלץ דערציילט. די גויע האָט איר געמאַכט אַ זאַלב. איך האָב זיך מיט דעם זאַלב צוויי מאָל באַשמירט און בין געראַטעוועט געוואָרן.

אַזוי זיינען מיר אָפּגעווען 22 חדשים ביי דעם גוי פּאַנאַס און טעקלע מאַנטצוק. געווען זיינען מיר: איך, מיינע שוועסטער פערל און פייגע און מיין ברודער יצחק. דער גוי האָט אונדז יעדן טאָג געבראַכט עסן. דער דאָזיקער גוי האָט געהאַט אַ שם ווי דער ביטערסטער און שלעכטסטער גוי פון דאָרף. דערפאַר איז נישט געפאַלן קיין חשד אויף אים.

דאָס גאַנצע דאָרף האָט געוווּסט אַז מיר לעבן, ווייל ביינאַכט פלעגן מיר אַרויסגיין זוכן פּאַרטיזאַנער. פיל גויים האָבן אונדז געזען. מ'האָט אונדז אַרומגעזוכט אָבער נישט געפונען.

אין דער צייט בין איך עטלעכע מאָל געווען אַ פּאַסטוך. דער גוי האָט מיך איבערגעטאָן און פאַרשטעלט, אַז מען זאָל מיך נישט דערקענען. איין מאָל האָב איך געפּאַשעט די בהמות נאָענט פון וואַלד, האָב איך באַמערקט עטלעכע מענטשן. איך האָב זיך דערנעענטערט צו זיי און זיי האָבן פּלוצים אָנגעשטעלט אויף מיר זייערע ביקסן. דערנאָך האָבן זיי מיך געפרעגט ווער איך בין. כ'האָב זיי דערציילט דעם גאַנצן אמת. דאָס זיינען געווען פּאַרטיזאַנער און אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּאַרטיזאַנקע מיין ברודער יצחק און אברהם לייב מיכאל דעם הירניקערס זון.

אין איינעם אַ טאָג האָבן די פּאַרטיזאַנער געמאַכט אַן אָנפאַל אויף הירניק, ווו זיי האָבן צוגענומען פערד, בהמות, חזירים, שפּייז א. א. וו. זיי זיינען אויך געקומען צום שייער ווו מיר זיינען געלעגן באַהאַלטן. מיר זיינען דאַן אַרויס צו זיי און דער־ציילט, אַז דער גוי האָט אונדז באַהאַלטן. זיי זיינען געוואָרן דערשטוינט. זיי האָבן געדאַנקט דעם גוי פאַר זיין העלדישקייט, וואָס ער האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן און האָבן גאָרנישט גערירט פון דעם גויס פאַרמעגן. זיי האָבן אונדז גערופן אין דער פּאַרטיזאַנקע. אַזוי ווי מיר זיינען געווען קליינע קינדער, איך 13 יאָר און מיינע שוועסטער: 17 און 19 יאָר, האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו גיין מיט זיי, נאָר אָנצו־האַלטן מיט זיי אַ קאָנטאַקט.



די יוגנטלעכע פּליטים שיקע קופּערבערג
און ר. קאַמענעצקי פון הירניק.

מיר פלעגן האָבן טרעפונגען מיט זיי און מיר האָבן זיי איבערגעגעבן, ווער עס זיינען געווען די מערדער פון אונדזערע עלטערן, ברודער און אַנדערע יידן.

די פּאַרטיזאַנער פלעגן מאַכן איבערפאַלן אַלע 15 טעג און זיך נוקם זיין אין די באַנדיטן, פאַרברענען זייערע הייזקעס, צונעמען זייערע פערד, בהמות און זיי דער־שיסן ווי הינט. די גויים פון דאָרף האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקן, ס'איז זיי געוואָרן קלאָר, אַז מיר געפינען זיך אונטער דעם שוץ פון די פּאַרטיזאַנער און מ'האָט אונדז אין דאָרף מער נישט געזוכט.

אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר געטראָפן עטלעכע ראַטנער לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די וועלדער און אין די כוטאָרעס. זיי זיינען געווען אָפּגע־ריסן, הונגעריק. דאָס זיינען געווען: מ. ח. פוקס, שלמה פערעלמוטער, חייקע יאַנאַ־וויטש מיט איר ברודער. מ'האָט זיך גוט אויסגעוויינט. מיר האָבן זיי דערציילט אַז מיר טרעפן זיך מיט פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן זיך דערפרייט מיט די גוטע ידיעות, זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן נאָכזוכן, ביז וואַנען זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו דער פּאַרטי־זאַנקע און אַדאַנק דעם זיינען זיי געבליבן לעבן...

אַזוי האָבן זיך געצויגן די טעג ביז די רויטע אַרמיי איז אַריינגעקומען קיין הירניק. דער שטאַב פון דער רויטער אַרמיי האָט זיך איינגעאָרדנט ביי דעם גוי, ביי וועלכן מיר זיינען געלעגן באַהאַלטן, ווייל ער האָט געהאַט די גרעסטע שטוב אין דאָרף.

מיר האָבן מורא געהאַט צו אַנטדעקן דעם סוד, אַז מיר זיינען יידן. האָבן מיר דעריבער די גויים אָנגערופן טאַטע־מאַמע, כדי מ'זאָל זיך נישט דערוויסן אַז מיר זיינען פרעמדע.

דער שטאַב איז באַשטאַנען פון אַ רוסישן לייטענאַנט, אַ יידישן קאַפּיטאַן, אַ יידישן פּולקאָווניק און אַ יידישן טעלעגראַפיסט. מיין שוועסטער האָט זיך אַנגעהויבן נאָכפרעגן צי מען געפינט עפּעס יידן אין דער געגנט. דער רוסישער לייטענאַנט האָט געענטפערט, אַז צום באַדויערן טרעפט מען זייער ווייניק יידן.

דער גוי האָט געמאַכט אַ פייערלעכע אויפנאַמע פאַר דעם שטאַב און מיר האָבן אַנטדעקט דעם סוד, אַז מיר זיינען יידן. זיי האָבן געשטוינט און געגאַפט. זיי האָבן זיך נישט געקענט דאָס גלויבן. זיי האָבן געבעטן מיר זאָלן זיי אַלץ דערציילן. זייער איבערראַשונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ יידישן גענעראַל און מ'האָט אונדז אויסגעפרעגט ווי אַזוי מיר האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען. דער גוי האָט זיי אַלץ אויפגעקלערט. דער קאַפּיטאַן האָט פאַרשריבן, פרעגנדיק דעם גוי, וואָס ער פאַרלאַנגט פאַר זיין העלדישקייט. דער גוי האָט געענטפערט, אַז ער פאַרלאַנגט גאָרנישט.



אַ בילד ביי דער אַרבעט אין לאַגער.

אין די טעג איז הירניק אַריבער פון די דייטשן צו די רוסן און פון די רוסן צו די דייטשן. ווען עס האָט געדראָט אַז די נאַציס זאָלן נאָכאַמאָל אַריינקומען קיין הירניק, האָט אונדז דער שטאַב געהייסן לויפן קיין קאַמין-קאַשירסק. מיר האָבן געפאָלגט און זיינען באַלד אַנטלאָפן. ביי טאָג האָבן די נאַציס פאַרנומען נאָכאַמאָל הירניק. אויך דער גוי, וואָס האָט אונדז געראַטעוועט, איז אַנטלאָפן אין וואַלד און זיך דאָרט באַהאַלטן.

דער וועג קיין קאַמין איז געווען פול מיט רוסישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט ביז דעם ראַבנער יענטלס בריק. דאָרט האָבן זיי פאַרהאַלטן די דייטשן

און קאָנטראַטאַקירט. אַזוי האָט געדויערט גאַנצע צוויי חדשים ביז ס'איז געקומען די גרויסע דייטשע מפּלה.

אָנקומענדיק קיין קאָמין, האָבן מיר קיין איין ייד נישט געטראָפֿן. מיר זיינען גלייך געגאַנגען אין שטאַב און דערציילט ווער מיר זיינען. האָט מען אונדז געגעבן אַ דירה. אַנטקעגן דער דירה איז געווען דער שפּייז־שפּייכלער. דער פֿאַרוואַלטער פֿון שפּייכלער האָט זיך דערוווּסט, אַז מיר זיינען יידן, איז ער אַריינגעקומען און אונדז אָנגעהויבן אויספֿרעגן, ווער מיר זיינען. ווען מיר האָבן אים אַלץ דערציילט, האָט ער זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד און ער האָט אונדז יעדן טאָג געבראַכט מכל טוב. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נאָך געראַטעוועטע יידן. מען האָט זיך דערזען און אָנגעהויבן זיך דערציילן פֿון דעם גרויסן בראָך. מ'האָט אונדז געגעבן אַרבעט, אָבער מיר האָבן געלעבט מיט שרעק און פּחד. מיר האָבן געפֿילט אַז אויף דעם אָרט, וואָס האָט אַזויפֿיל אומשולדיק בלוט אָנגעזאַפּט, קענען מיר מער נישט בלייבן, און מיר האָבן גענומען דעם וואַנדער־שטעקן.. אונדזער וועג האָט זיך אָנגעהויבן אין קאָוועל און מיר זיינען געגאַנגען קיין לובלין, פּוילן. דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט דער גרעסטער טייל יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געזוכט אַ שפּאַרונקע און אַ וועג קיין ארץ־ישראל.

מיר האָבן באַשלאָסן צו נעמען די פּעקלעך און גיין דעם וועג פֿון אַלע יידישע פּליטים. אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט טעג און נעכט איבער בערג און וועלדער. גע־שוואַרצט גרענעצן פֿון פּוילן קיין טשעכיע, פֿון דאָרט קיין אונגאַרן, עסטרייך, אי־טאַליע. און דאָ, אין איטאַליע, הייבט זיך אָן דאָס לאַגער־לעבן, און די דערוואַרטונג אויסגעלייזט צו ווערן. די אומלעגאַלע שיפֿן, וואָס פֿלעגן גיין קיין ישראל, זיינען גע־ווען איבערפֿולט און נישט איינע איז דערגאַנגען צום ברעג פֿון ישראל, אָבער אַ סך אויך — קיין ציפּערן...

דאָן האָבן מיר אָנגעהויבן צו זוכן אונדזערע קרובים אין דער וועלט, און אַזוי האָבן מיר זיך דערוווּסט פֿון אונדזערע קוזינען אין אַרגענטינע. די פֿרייד איז געווען גרויס, און אינגיכן האָבן מיר דערהאַלטן פּאַפּירן און מיר זיינען אָנגעקומען קיין אַר־גענטינע און אָנגעהויבן אונדזער ניי לעבן.

אָבער דער שוידערלעכער קאָשמאַר פֿון די פֿינצטערע יאָרן קען נישט פֿאַרגעסן ווערן. די טייערע קדושים שטייען שטענדיק פֿאַר די אויגן און עס רייסט זיך אַרויס פֿון האַרץ אַן אייביקע קללה די מערדער, די נאַציסטע, אוקראַאינישע הינט, וועלכע האָבן אַזוי רוצחיש אומגעבראַכט אונדזערע ליבסטע.

פעריל ווערניק (ישראל)

# פון צוויי משפחות די איינציקע געראטעוועט

געוועז זיינען אין שטעטל צוויי משפחות: שאפירא און ווערניק. האבן זיי זיך דורך זייערע צוויי קינדער פאראייניקט און צוזאמענגעקניפט. פון דיביידע גרויסע פאמיליעס איז נאכן חורבן און אומקום געבליבן נאר איין מענטש, איין צווייגל. ווער איך, די איינציקע לעבנגעבליבענע, דערציילן וועגן זייערע גהינום-איבערגעבעניש, ווייל איך האלט דאס פאר מיין הייליקסטן חוב עס זאל כאטש בלייבן א געדעכעניש נאך מיינע טייערע, פארשניטענע קדושים.

פון דער פארצווייגטער, מיוחסדיקער פאמיליע שאפירא אין ראטנע איז דער איינציקער, וואס איז דארט געבליבן וווינען, געווען ר׳ דוד אהרן ע״ה.

די איבעריקע ברידער, דריי אין צאל, זיינען ארויסגעפארן פון דארט און געוווינט אין אנדערע שטעט. פונעם פארשטארבענעם ר׳ יעקב שאפירא ע״ה, א זייער איידעלער ייד א װאלד-סוחר, ווידער זיינען געבליבן צוויי טעכטער, דינה רחל על-בוים און מינדל טאניס (לעבט מיט איר מאן ב. טאניס און פאמיליע אין ארגענטי-



א גרופע יוגנטלעכע — עס שטייען פון רעכטס ערשטע ריי: משה דרוג (ישראל), מאטל וויינשטאק (ישראל), איצל קארש, קדוש ע״ה; צווייטע ריי: יצחק שאפירא ע״ה, מאן פון פערל ווערניק. בערל פוקס (ארגענטינע), מאיר גראבאוו (ארגענטינע), מאיר רידער, געשטארבן.

נע). אויך האָט אין ראַטנע געלעבט זייערס אַן איינציקע שוועסטער חוה רויזקעס, וואָס איר מאַן ברוך, אַ ביאַליסטאָקער, איז געווען אַ גרויסער למדן. ר' דוד אהרן שאַפּירא איז געווען אַ שטעטלדיקער גביר, מיט אַ גרויסער שיינער שטוב, ווו ער האָט געהאַלטן די בראַנפן קאָנצעסיע. ער איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַ הייסער סטאָלענער חסיד. מיט זיין ווירדיקער האַלטונג האָ־ ער אַרויסגערופן דרך־ארץ צו זיך מצד די שטעטלדיקע יידן. די דאָזיקע האַלטונג איז אָבער ביי אים אַרויסגעקומען גאַנץ נאַטירלעך. און ער איז באמת געווען אַ ליבלעכער און ליבעראַלער מענטש. ער האָט געהאַט אַן אָפענעם אויער און וואַך הארץ פאַר יעדן מענטשלעכן קרעכץ און פאַר יידישע צרות. ער איז שטענדיק געווען גרייט אַרויסצוהעלפן איינעם מיט אַ גמילת־חסד, אָדער אַ שתדלנות ביי דער מאַכט, וועלכע האָט אים רעספּעקטירט. און באַזונדערס איז ער געווען אַ פּאַטריאָט פון זיין שטעטעלע און איז געשטאַנען אויף דער וואַך צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן, ווען ער איז געוואָרן די לעצטע יאָרן פרעזידענט פון דער ראַטנער קהילה. אין דער חורבן־צייט, ווען ער איז געווען דער עלטסטער פון יידן־ראַט, האָט ער מיט אַ ביישפּיללאָזער מסירת נפש, ווי אַ פאָטער זיינע קינדער, פאַרטיידיקט און פאַרשטעלט אָפט מיט זיין קערפּער זיינע שטעטלדיקע יידן.

זיין פרוי חוה איז אויך, ווי ער, געווען אַ גוטע און איידעלע און שטענדיק געהאָלפן אַ נויטבאַדערפטיקן.

זייער באַלעבאַטיש שטיל לעבן, וואָס איז שטענדיק געפלאָסן נאָרמאַל, איז איין מאָל נאָר פאַרטונקלט געוואָרן, ווען זייער עלטסטער, גאַנץ באַוווסטזיניקער זון סאָטל, איז אין עלטער פון 40 יאָר געשטאָרבן. דערפאַר האָבן זיי געהאַט נחת פון די איבעריקע דריי זין און דער איין־און־איינציקער טאָכטער. זיי האָבן די קינדער זייער פיין דערצויגן און געלערנט באַזונדער די בת־יחידה ריווע, וועלכע האָט געלערנט אין דער קאָוולער העברעאישער גימנאַזיע. די עלטערע צוויי זין, ניסקע און נטע, זיינען אָבער שוין נישט געגאַנגען מיטן אַלטן משפחהדיקן אויסגעטראָטענעם דרך זיי זיינען שוין געווען דורכגעדרונגען מיט די סאָציאַליסטישע אידעען. אָבער געפירט האָבן זיי אַ פיין יידיש לעבן מיט שיינע געשעפטן, ווי ס'פּאַסט פאַר די שאַפּיראָס.

דער בלוטיקער מבול אָבער, וואָס האָט זיך אין יאָר 1939 אַראָפּגעלאָזט אויף דער אומגליקלעכער אייראָפּע און די ווילדע נאַציס, וואָס זיינען באַפאַלן די וועלט און, באַזונדערס, די יידישע ישובים, האָבן אויך דערגרייכט אונדזער שטעטעלע ראַטנע. זיי האָבן דאָרט אויסגעריסן טויזנטער יידישע לעבנס, צווישן זיי די מיטגלידער פון די אויבנדערמאָנטע פאַמיליעס. ס'האָבן נישט געהאָלפן די גרויסע אָנשטרענגונגען און אוממענטשלעכע באַמיאונגען פון ר' דוד אהרן שאַפּירא צו ראַטעווען זיין קהילה. ווען מ'האָט ביי אים געפאָדערט געלט, אָדער אַנדערע זאַכן, האָט ער פריער געגעבן זיינס. אָבער ווען מ'האָט ביי אים געפאָדערט מענטשן פאַר דער עקידה־וואָגן, האָט ער זיי געזאָגט: „נעמט מיך בעסער!".

זיין זון ניסקע, וואָס איז געשטאַנען אין שטעטל מיט אַ פאַבריקל פון סאָדע איז באַזונדער שטאַרק פאַרצווייפלט געווען. זיין שטאַרקער גלויבן אין דער סאָציאַליסטישער אידעע און אין איר אַנטגילטיקן נצחון, זיין גלויבן אין דער גרויסער שליחות פון רוסלאַנד צו באַפרייען די מענטשהייט, האָט זיך פּלוצלינג אַ וואַקל געטאָן נאָך דעם פּאַקט, וואָס זי האָט געמאַכט מיט היטלערן ימ"ש. באַזונדער נאָכדעם ווען די קאָמוניסטן האָבן אָקופּירט דאָס שטעטל, האָבן סאָציאַליזירט קליינע אייגנטומען, צווישן דעם אויך זיינע, און האָבן זיך געקליבן צווישן די אַנדערע אויך אַרויסשיקן

די פאַמיליע שאַפּירא קיין סיביר. זיין מאָראַלישער גלייכגעוויכט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און ער איז דאַן אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. זיין טאַטע האָט אים גע־מוטיקט. אָבער ער איז געווען שטאַרק דערשלאָגן. ווען די דייטשן, נאָכן באַפאַלן רוס־לאַנד, האָבן אָקופּירט דאָס שטעטל און זיך גענומען צו זייערע בעסטיאַליטעטן, צו די שחיטות אויף יידן, האָט ער זיין פרוי מיטן קלענערן קינד אַראָפּגעשיקט אין דעם ספּעציעל אויסגעבויטן קעלער און ער מיטן צען־יעריקן יינגעלע זיינען אַוועק אין אַ נאָענט דאָרף און אויסבאַהאַלטן זיך ביי אַ באַקאַנטן פויער. ווען דער פויער האָט אים אָנגעזאָגט איינמאָל די ווייסטע בשורה, אַז די נאַציס האָבן אומגעבראַכט זיין פרוי און קינד, האָט ער פריער דאָס יינגעלע און דערנאָך זיך מיט ציאַן־קאַלי פאַר־סמט. זיי האָבן אויסגעהויכט די נשמות, אַרומנעמענדיק זיך. ער האָט זיך אָבער פריער באַוואָרנט און, אַוועקגעבנדיק דעם פויער דערפאַר זיין גאָלדענעם זייגער, אים געבעטן זיי מקבר זיין אויפן יידישן בית־החיים.

און ווען מ'האָט געפירט צו דער שחיטה דעם ברודער זיינעם, נטען, האָט ער אויסגעשריגן צו אַ ראַטנער מיעשטשאַן: „פריי זיך נישט, איוואַן, מיט אונדזער טויט; אונדזער אומשולדיק בלוט וועט נישט שווייגן! די לעבנגעבליבענע ברידער וועלן נאָך אַמאָל נעמען פון אייך נקמה." און ווי עפּעס אַ נבואה וואָלט פון אים אַרויסגערעדט: דעם זעלבן איוואַן האָט דערנאָך אַ מינע צעריסן אויף זיין אייגן פעלד.



**זישע מערין ע"ה, איינער פון די לעצטע פירער**
**פון בית"ר אין ראַטנע.**

כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאָלגנדן טרויעריקן עפּיזאָד: ביי דער לעצטער גרוי־סער אַקציע אין ראַטנע, ווען מ'האָט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יידן געפירט צו דער טרויעריקער פּראַכאַד־עקידה, האָט זיך דער דריטער זון דוד אהרנס, יצחק מיט

זיין פרוי, די שרייבערין פון די שורות, ארויפגעכאַפּט אויף אַ מיעשטשאַנסקים בוידעם. דעם יוגנטלעכן זיסקע מערין וואָס האָט זיך נאָך זיי אויך ארויפגעדראַפּעט, האָט אָבער די גויע באַמערקט און זי האָט גערופן די דייטשן, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער נאָענט ביים בריק צו היטן, אַז יידן זאָלן נישט אַנטלויפן. די דייטשן האָבן אים אַראָפּגענומען און געפרעגט, צי ס'איז נאָך עמיצער דאָ אויפן בוידעם. ער האָט אָבער מיט אַ זיכערן טאָן זיי געענטפערט, אַז ס'איז קיינער נישטאָ דאָרט און אַזוי אַרום זיי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. אים אַליין האָבן די דייטשן דערשאָסן אויפן אָרט. דערנאָך האָט מען אומגעבראַכט אויך דוד אהרן שאַפּיראָ מיט דער פרוי און טאָכטער און ס'איז אָפּגעווישט געוואָרן אויך די פאַמיליע שאַפּיראָ אין ראַטנע.

כמעט דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען מיט דער פאַמיליע ווערניק.

ר' יהודה לייב און רבקה ווערניק זיינען געווען גאַנץ אָנגעזעענע און באַוווסטע מענטשן אין ראַטנע. זיי האָבן פאַרמאָגט ביים שאָסיי אַ גאַנץ גרויסע און שיינע שטוב. זיי זיינען געווען סוחרים: ער האָט זיך פאַרנומען מיט וואַלד־מסחר און די פרוי מיט אַ קראָם פון תבואה. זיי זיינען געווען אַרבעטזאַמע און שטענדיק געפּראַצעוועט. זיי האָבן געגעבן זייער אַ שיינע דערציאונג זייערע צוויי זין און דריי טעכטער. בכלל האָבן זיי געפירט אַ יידיש־טראַדיציאָנעל לעבן. ווען דאָס אומגליק איז געקומען אין שטעטל און די מערדער האָבן אָנגעהויבן פאָדערן אַרבעטער, האָט מען לכתחילה גענומען דעם עלטערן זון און אים אַוועקגעשיקט אויף דער סטאַציע זאַבלאָטיע אין אַ פאַבריק. און ווען מ'האָט שוין געפאָדערט דעם צווייטן זון, האָט דער פאָטער אים פאַרטרעטן און מ'האָט אים געשיקט נאָך קאָוולע. האָט מען דאָרט איינמאָל פאַרכאַפּט אַ פּאָר הונדערט יידן און זיי געשיקט צו דער שחיטה. ער, ר' יהודה לייב ע"ה, איז אויך געווען צווישן זיי. ער האָט זיך צולעצט אָבער על פּי נס געראַטעוועט און איז גלייך דורך פאַרשידענע וועגן־אומוועגן געלאָפן קיין ראַטנע. נאָך נישט ווייניק יסורים און וואָגלענישן איז ער אָנגעקומען צוריק צו זיין פאַמיליע, וואָס האָט שוין אפילו נישט געחלומט, אַז ער לעבט. די שמחה פון זיין צוריקקומען האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט: אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך צו זיי אין שטוב אַריינגעריסן די נאַציס און האָבן זיי אַלע אַרויסגעפירט און זיי אומגעבראַכט.

און אַט אַזוי האָבן די מערדערישע נאַציס אומגעבראַכט, צווישן אַלע איבעריקע יידן, אויך די צוויי אָנגעזעענע משפחות און איך, ווי אַ לעבעדיקע האַלעוועשקע פון צוויי משפחה־שרפות, בין געבליבן די איינציקע — פון איין משפחה די איינציקע שנור און פון דער צווייטער — די איינציקע טאָכטער.

# בריוו פון פליטים

באארבעט פון **מ. האַניק**

## אַ בריוו פון ישראל חייט צום קאָמיטעט

זייער געערטע חברים!

איך האָב דערהאַלטן אייער לופט־בריוו פון דעם 7טן ד. ה. און דאַנק אייך זייער פאַר אייער ברידערלעכן געפיל און אָנגעבאָטענער הילף. סוף כל סוף זיינען מיר אויסער פריינד און חברים אויך יידן... און אַ ייד קען און וויל העלפן... אָבער ס׳איז שוין צייט, אַז מיר זאָלן נישט קלערן פון אינדיווידועלער הילף, נאָר וועגן אַ הילף פאַרן גאַנצן כלל. צום גליק, אָדער אומגליק איז שוין נישטאָ וועד ס׳זאָל זי אויסנוצן. אַלע יידן פון ראַטנע און אומגעגנט זיינען שוין איצט אין אנדערע לענדער אויפן וועג קיין ישראל.

איך אַליין זיץ דערווייל נאָך דאָ, צוליב דעם ווייל מיין שוועסטער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן פאַר מיר פאַפּירן קיין אַרגענטינע. כ׳גלויב אַז אין דער נאָענטסטער צייט וועלן אונדזערע היגע קאָמיטעטן נישט האָבן וואָס צו טאָן. מיט מיר קענט איר האָבן אַ האָפענונג זיך נאָך צו זען, ווייל חוץ מיין שטרעבונג און קאַמף פאַר אונדזער אייגן לאַנד שטרעב איך אויך זיך צו זען מיט מיינע בעסטע און טייערסטע, וואָס זיינען מיר פאַרבליבן אין אַרגענטינע.

זייט מיר אַלע האַרציק געגריסט

אייער ישראל חיים.

---

## אַ בריוו פון ישראל חייט צו (מאָטל טעליזאַן און פרוי) זיין שוועסטער, שוואָגער און קינדער

וואלבזשיך, 20.4.1946, פוילן.

כ׳קום נאָר וואָס פון היילקן אָרט אין דער שטאָט וואלבזשיך, ווו מיר האָבן געבראַכט צו אייביקער רו אַ ראַטנער פרוי: טויבע דער וועלעמפּשער, אברהם דרוגס שוועסטער, וועלכע האָט איבערגעלעבט די מלחמה ווי אַ פאַרטיזאַנקע און איז איצט דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דורך אַ דייטשן היטלער־מערדער, איבערלאָזנדיק אַ זון פון 15 יאָר, וועלכער איז צוליב די מלחמה־איבערלעבענישן נים ביי די קלאָרע געדאַנקען. און כאָטש מאָרד און טויט איז ביי אונדז אין משך פון

צו מיינע טייערע לאַנדסלייט און פריינט פון ראַטנע אין אַרגענטינע, ליבער פּאַל שטאַרק דערשיטערט.

פריער האָבן מיר געוווּסט דאָס מיר האָבן קענען זיך אָן עפּנטלעכן שונא, פריער איז געווען מלחמה, פריער זיינען מיר געווען אָקופּירט דורך די מערדער, און איצט? אונדזער שונא איז כלומרשט פאַרניכטעט. די מלחמה איז כלומרשט געענדיקט, די מערדער זיינען כלומרשט געוואָרן אָקופּירט דורך אונדזערע פריינט, און דאָך — ווי־דעראַמאָל טעגלעכע מאָרדן...

עס פרעגט זיך דאַריבער: אויף וואָס האָבן מיר געוואַרט, וואָס האָבן מיר דער־לעבט, און אויף וואָס האָפן מיר?

פאַר וועמען האָט דער יידישער סאָלדאַט און פּאַרטיזאַן געפירט זיין קאַמף און נעשענקט זיין בלוט און לעבן?

וואָס האָבן מיר דערלעבט? מיר זיינען ווייטער איסגעשטעלט יעדן מאָמענט דערמאָרדעט צו ווערן. גאָרנישט! קיינעם זיינען מיר איצט נישט נייטיק, און נישט נאָר קיינער וויל נישט פאַרהיטן אונדזער׳ לעבן, קיינער פרעגט אַפילו נישט צו האָסטו אַ שטיקל ברויט, אָדער ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

ניין. די וועלט וויל אונדז ווייטער נישט פאַרשטיין און העלפן.

מיר, די פאַרבליבענע רעשטלעך פון אייראָפּעאישן יידנטום, זיינען ווייטער אויס־געשטעלט אויפן זעלבן גורל ווי בעת דער הערשאַפט פון היטלער הרשע.

יידן בעטן הילף און רעטונג, אָבער קיינער ענטפערט זיי נישט...

אַ פּאָר ווערטער וועגן זיך אַליין. ווי איך האָב אייך שוין געשריבן אין מיינע פריערדיקע בריוו, בין איך אַהער געקומען מיטן איינציקן ציל אַריבערקומען צו אייך, און דעריבער זיין איך און וואַרט. אַלס ייד קריג איך נישט קיין אַרבעט. דאָס איינ־ציקע אַרט ווו כ׳וואָלט געקענט אָנגענומען ווערן אויף אַרבעט איז אין די קוילן־שאַכטעס. דערלויבט מיר אָבער נישט מיין געזונט־צושטאַנד צו אַזאַ שווערער אַרבעט.

כ׳בעט אייך, שרייבט מיר פון אייך און אונדזערע פריינד. זייט מיר אַלע געזונט און האַרציק געגריסט.

אייער ישראל.

---

## אַ בריוו פון מאיר בליט פון דאַטין (געוועזענער פּאַרטיזאַן)

באַרי, 7-5-5 — איטאַליע

צו מיינע טייערע לאַנדסלייט און פריינד פון ראַטנע אין אַרגענטינע, ליבער פריינט האַניק און אויך אַלע איבעריקע פריינט ראַטנער:

געוויס וועט אייך פאַראינטערעסירן ווער עס שרייבט צו אייך. דאָס בין איך מאיר בליט פון דאַטין, מאַרגאַלציע דעם פראַכאַדערס זון, נחום דעם פראַכאַדערס שוועסטערס זון. איך געפין זיך זייט 22 חדשים אין איטאַליע, מיר וווינען דאָ אין אַ לאַגער צוזאַמען מיט אלי קאַטלער.

מיינע ליבע ראַטנער, צי האָט איר זיך פאַרגעשטעלט אויף אַזאַ אומגליק וואָס מיר האָבן דאָ אַדורכגעלעבט?

איך אַליין בין געווען אין פּאַרטיזאַנקע פון יולי 1941 ביז מאַי 1944. איך האָב אַליין אָרגאַניזירט די ערשטע פּאַרטיזאַנקע, איך בין געווען קאָמאַנדיר פון אָטריאַד ביז איך האָב זיך פאַראייניקט מיט מאָסקווער פּאַרטיזאַנער אין אַפּריל 1942 ווען

מען האָט פון רוסישע אַוויאָנען אַרויסגעוואָרפן 80 מאַן קאָמאַנדאַנטן כדי צו שטאַרקן און אָרגאַניזירן די פּאַרטיזאַנער. דעמאָלט האָבן זיי מיך געטראָפן מיט 150 מאַן. די מערהייט זיינען זיי געווען רוסן און 40 פּראָצענט יידן. נאָכהער בין איך געווען סטאַ־רישנער פּראָ־בריגאַדע. דערנאָך האָב איך געקראָגן 3 מעדאַלן, די גרעסטע אויסצייכענונג. איך האָב פיל יידן געראַטעוועט. איך בין געווען מיט מיין קינד, ווייל מיין פרוי איז געפאַלן דעם 21טן מאַי 1943, 1 אַזייגער ביימאָג אין זאַמשענער וואַלד, 4 קילאָמעטער פון דעם שאָסיי אַרום דעם פּאַרעץ סטאַראָסקי, דאָרט אויף זיינע פעלדער, האָב איך זי מיט מיינע אייגענע הענט קובר געווען. מיר זיינען געגאַנגען 120 מאַן אויף אַן אויפגאַבע, האָבן מיר זיך באַזעצט נעבן סטאַראָסקעס אַפּרוען, און מיר האָבן אָנגעהויבן צו קאָכן עסן, זיינען אונדז באַפאַלן 500 אוקראַינישע מערדער וועמען מען האָט גערופן באַנדעראָוועס. זיי זיינען פריער געווען ביי די דייטשן אין פּאָליציי, נאָך דעם ווען עס איז געווען דער אויפשטאַנד פון די אוקראַ־



מאיר בליט, אַ פּאַרטיזאַן פון נאָענטן
דאָרף דאַטין

אינער, אין אַפּריל 1943, דאַן זיינען זיי אַלע אַוועק אין די וועלדער, און זיך באַזעצט נישט ווייט פון די פּאַרטיזאַנער לאַגערן, ביז מאַי האָבן זיי זיך מיט אונדז נישט געשלאָגן נאָר דעם 21טן מאַי ביימאָג זיינען זיי אונדז באַפאַלן. דער קאַמף האָט געדויערט צוויי שעה און מיין פרוי איז געפאַלן אין דער שלאַכט.

שטעלט זיך פאָר מיין איבערלעבונג, זי איז געשטאַנען אין קאַמף פונקט ווי איך, ווי אַ גוטער זעלנער מיט איר ביקס און עס האָט איר געטראָפן אַ גאַנצע פּו־

לעמיאַטנע סעריע אין לינקן אַקסל. אַז כ'האָב דאָס אומגליק נעזען האָב איך זיך געוואָלט דערשיסן, אָבער די פּאַרטיזאַנער האָבן צוגענומען ביי מיר דאָס געווער און מיך שטאַרק אָפּגעהיט.

קומענדיק צוריק צו דער קאָמאַנדע האָבן מיר דורך ראַדיאָ געמאָלדן אונדזער סיטואַציע און באַלד זיינען אָנגעקומען 120 מאַן קאַוואַלעריע מיט בלויזע אויטאָמאַטן און 250 מאַן מיט שווערע פּולעמיאָטן, וועלכע האָבן זיך גערופן אין רוסיש „מאַקסימאַ", דאַן האָט מיין קאָמאַנדאַנט געזאָגט, אַז פאַר איין נ י נ ק ע ן וועלן פאַלן הונדערטער אוקראַינישע מערדער און אַזוי האָבן מיר געטאָן, ביז טאָג האָבן מיר אַרומגערינגלט דאָס דאָרף וועלעמטשע ווו די מערדער זיינען געשטאַנען, האָבן אַ העלפט פון אונדזער גרופּע באַזעצט אַרום דעם טייך און די צווייטע העלפט האָט זיך אַריינגעקראָגן, שטיל אין דאָרף, זיי זיינען געלעגן צעלייגט איבער דעם דאָרף. ווען איר זעט דאָס בילד! מיר האָבן מיט די שווערדן זיי געשטאָכן אויף די געלעגערס, זיי האָבן געוואָרפן דאָס געווער אין די ברונעמער און זיך אויסבאַהאַלטן מיט פּאַניק און די וואָס זיינען געלאָפן צום טייך, זיינען אַלע צעשמעטערט און דערטרונקען געוואָרן. פון דעם טאָג האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל, „מאַכט וואָס איר ווילט מיט די מערדער"!

עס איז געווען ביי אונדז פון יאַקאָשי אַ שייגעץ אַנישטשאַק, האָבן די אוקראַינער דערמאָרדעט זיין פאָטער. ער איז אויך געווען פון די קאָמאַנדאַנטן פון די פּאַרטיזאַנער, דער אַנישטשאַק האָט גענומען נקמה נאָך מער ווי איך. ער האָט זיי געברענט און געבראָטן. זיי אויסגעשאָסן ווי הינט. ווי נאָר מיר זיינען אַריין אין אַ דאָרף און זיך דערוווסט וועגן די מערדער, אַזוי האָבן מיר זיי באַלד אומגעבראַכט און זייערע הייזער פאַרברענט. מיר האָבן גענוג נקמה גענומען פאַר אונדזערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער. עלטערן און קליינע אומשולדיקע קינדער אַזוי האָב איך געקעמפט און געבליבן לעבן.

מ א י ר ב ל י ט

---

## צווייטער בריוו פון מאיר בליט

באַרי, 1947-6-6

מיינע ליבע, טייערע פריינד לאַנדסלייט!

ערשטנס קען איך אייך שרייבן, אַז אייער האַרציקן בריוו, מיט די פינף דאָלאַר האָב איך דערהאַלטן און איך דאַנק אייך פון טיפן האַרצן.

איר שרייבט מיר אַז איר גייט אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, אין אָנדענק פון ראַטנע און אומגעגנט, וועל איך אייך צושטעלן זייער וויכטיקע מאַטעריאַלן. כ'האָב געקראָגן אַ בריוו פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע פון וואַרשע וועלכע בעט מיך, איך זאָל זיי שיקן בילדער פון דער גאַנצער עפּאָפּייע פון מיין פּאַרטיזאַנער גרופּע.

איך שיק אייך אַ בילד, ווי איך האָב אויסגעזען אַלס פּאַרטיזאַן.

אין 1943 איז ראַטנע איבערגעגאַנגען דריי מאָל פון האַנט צו האַנט, מיר האָבן די דייטשן פאַריאָגט פון דאָרט, דערנאָך האָבן מיר זיך געשלאָגן מיט די באַנדעראָווצעס, מיינע עלטערן זיינען געווען מיט מיר די גאַנצע צייט. נאָר ווען די אוקראַינער זיינען געקומען אין די וועלדער, איז אין אונדזער געגנט געוואָרן שטאַרק שלעכט. אָבער כ'האָב זיך מיט זיי געמוטשעט, געוואָרפן פון איין אָרט צו אַ צווייטן.

מיין פאטער ז"ל האט זיך ביי מיר געבעטן: קריג מיר א גוי און מאך פאר מיר א קעלער, כ'קען שוין נישט זיין מער אין וואלד, כ'וועל דא אויסגיין. דערהערנדיק די ווערטער פון מיין פאטער, בין איך מיט לייזערן אוועקגעלאפן אין א וועלעמטשער כוטאר, און געפאקט א גוי, לאטעק האט ער געהייסן, און דער גוי האט דערלויבט מאכן א קעלער, אונטער א סטאראנע היי, אריינגיין האט מען געדארפט קריכנדיק ווי א שלאנג, טאמער זיינען אנגעקומען די אוקראאינער זיינען זיי געזעסן טעג און נעכט אין קעלער, איך האב דעם גוי געגעבן גאנצע פעסער מיט חזיר. אלע וואך פלעג איך קומען און אריינפירן פראדוקטן פאר דעם גוי כדי ער זאל אויסבאהאלטן מיינע עלטערן. קיינער האט נישט געוווסט פון דער באהעלטעניש.

אין א שיינעם טאג האט זיך דערוווסט דעם גויס אידעס, און ער איז אליין אוועק, און געבראכט מיט זיך פערציק אוקראאינער, ארויסנעמענדיק פון דעם קעלער מיינע עלטערן, שוועסטער און מיין טייער קינד, און ברודער לייזערס קינד פון 6 יאר, שטעלט זיך פאר, אז די פאמיליעס וואס האבן אנטיילגענומען אין דעם טויט פון מיינע טייערסטע, האבן מיר אויסגעשטאכן מיט שפיזן, און דערנאך דערשאסן און פארברענט זייערע הייזער, דאס גאנצע דארף האבן מיר אנגעצונדן פון אלע זייטן, כ'האב אזוי לאנג געלאקערט און געזוכט, ביז כ'האב געפאקט דעם מערדער דעם איידעס, (אזוי זאל איך נאך דערלעבן זען מיין יתום). כ'האב דעם באנדיט געבראכט קיין קאמין־קאשירסק און איך בין געווען דעמאלסט אין „ווידזיאל סלעדטשי־פאליציי„ (פערעל ווערניק איז געווען א שטיקל צייט ביי מיר, זי איז אן עדות פון פיל זאכן). כ'האב נקמה גענומען אין די מערדער פאר אונדזערע אומשולדיקע קרבנות.

אין 1944 נאך דער באפרייאונג האב איך געהאט אונטער מיין קאמאנדע 400 מאן פארטיזאנער מיט די בעסטע געווער. דער באטאליאן האט זיך גערופן „אים־פרעביטעלני". פון קאמין־קאשירסק איז אונדזער באטאליאן באאויפטראגט געווארן צו ליקווידירן די אוקראאינישע באנדעס, פלעגן מיר פארן אין די דערפער און געזוכט די באנדיטן. אזוי האב איך געפונען די מערדער פון מיינע עלטערן, 8 טעג האב איך זיך מיט אים פארנומען, נקמה גענומען פאר דעם אומשולדיקן טויט פון מיינע ליבע משפחה־לייט.

מיינע עלטערן האט מען געמוטשעט 3 טעג און מ'האט זיי פארפירט אין דארף ניצו, און דארט האט מען זיי געשאסן.

ווען מען האט געפירט מיין מאמען דורך דאטין, פון וועלעמטשערס כוטערס, האט זי געשריגן צו די גוים: גיט איבער מיינע זין אז איך גיי דעם לעצטן וועג... זאלן זיי נעמען נקמה פאר אונדזער אומשולדיק פארגאסן בלוט...

דאן בין איך געקומען צופארן מיט 85 פארטיזאנער קיין דאטין, מיר האבן זיך אנגעטראפן אויף אן אוקראאינישער באנדיטן־באנדע. ווי נאר מיר זיינען אריין און געגעבן די ערשטע שאסן זיינען זיי פארשווונדן געווארן ווי מייז... די היגטישע מערדער האבן באצאלט די שטראף, מיין ענטפער פלעג זיין בלוט פאר בלוט...

נאר וואס קומט מיר ארויס פון דעם אלעמען, אז מיינע טייערע עלטערן זיינען שוין נישטא, בלויז צוויי זין פון א גרויסער משפחה זיינען פארבליבן, איך קען גארנישט פארגעסן מיינע ליבע און טייערע, וואס זיינען אזוי שוידערלעך דערמארדעט געווארן.

אין דער בריגאדע בין איך געווען איין ייד מיט מיין קליין קינד, מיין נאמען איז נישט געווען מאיר בליט, נאר „קוזניעצאוו", אלע סעקרעטנע זאכן זיינען געווען ביי „קוזניעצאוון", פיל יידן האב איך געראטעוועט און אויסבאהאלטן צווישן די פארטיזאנער ביז דעם באפרייאונגס־טאג. דאס איז מיר נישט אנגעקומען גרינג,

דורך אַ האָגל פון קוילן האָב איך טיילמאָל געדאַרפט שלעפּן מיינע ברידער...
מיך האָט מען פאַרוואונדעט פיר מאָל, פיל בלוט האָט זיך פון מיר געגאָסן.
און איצט געפין איך זיך אין איטאַליע און מאַטער זיך אין די לאַגערן, די „אונרא" האַלט זיך ביי אויפלייזן און ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין... קיין שום לאַנד וויל אונדז נישט אַריינלאָזן, כאָטש גיי פון בריק אין וואַסער...
כ׳דאַנק אייך פאַר אייער הילף, און פאַרגעסט נישט אין אונדז. איך גריס אַלע לאַנדסלייט. שלום וברכה!

מאיר בלים

---

## אַ בריוו פון פ. וואָלפער צו די ברידער האַניק

פוילן, 13-6-46

צו מיינע ליבע און טייערע ישראל און משה.

מיר האָבן היינט דערהאַלטן אייער בריוו. שטעלט זיך פאָר די פרייד — אוודאי האָבן מיר שוין נישט געחלומט צו דערלעבן דעם נס. איר בעט אונדז מיר זאָלן אייך אַרויסשרייבן פון אַלעס, יאָ מיינע טייערע, איך וועל אייך שרייבן...

דאָס ערשטע קען איך אייך צעווייסן געבן, אַז עס לעבן פון אונדז פיר קינדער פון דער גאַנצער משפחה איך און מיין שוועסטער פייגע. יצחק הערש און שיקע. ווי אַזוי מיר זיינען געבליבן לעבן ווייסט נאָר גאָט אַליין...

און איצט ווי מ׳האָט פאַרפייניקט און דערמאָרדעט אונדזערע ליבסטע און הייליקסטע נשמות. אַזוי ווי די מערדערס זיינען אַריין, האָט מען גלייך אָנגעהויבן ראַבעווען די פאַרמעגנס, נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן נעמען יונגוואַרג צו דער אַרבעט, מען האָט זיי אָפּגעמוטשעט עטלעכע טעג, אָדער וואָכן, און גלייך אומגעבראַכט. צווישן די ערשטע גרופּעס וואָס מ׳האָט צוגענומען האָט זיך געפונען מיין ברודער, יחיאל און אייער זלמנקע, מען האָט זיי פאַרפירט קיין אַלאַב, אַרום קאַוועל און דערהרגעט. ראש־חודש תמוז 1942 האָט מען געהרגעט שמשונען מיט בערלען. דאָס איז געווען די ערשטע הריגה וואָס איז פאָרגעקומען אין ראַטנע. מיט זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פיל צענדליקער ראַטנער יידן. דאַן האָט מען גלייך אָנגעהויבן אַנטלויפן אין די דערפער. ווער עס האָט געהאַט אַ גוי און ווער אַ באַקאַנטן אין דאָרף. דיין פאַמיליע איז געקומען צו אונדז. דאָס איז געווען ביז חודש אלול. דאַן האָט מען שוין אויסגעמאָרדעט פיל פאַמיליעס אין ראַטנע. עס איז דאַן אַרויס אַ באַפעל פון דער נאַציישער מאַכט אַז אַלע יידן זאָלן זיך אומקערן אין זייערע ערטער, און אויב נישט וועט מען זיי אויסזוכן אין די דערפער, און מען וועט זיי דערשיסן... מען האָט אונדז במילא אָפּגענאַרט... מ׳האָט ספּעציעל אַרויסגעגעבן דעם באַפעל כדי עס זאָל זיי זיין גרינגער אויסצומאָרדן אונדז. פייגע ז״ל האָט גערופן מ׳זאָל גיין אַהיים. מעכל, פייגע, מינדל, האָבן נישט געוואָלט גיין, זיי זיינען אָבער אַוועק צוריק קיין ראַטנע. ס׳איז געוואָרן שטאַרק ביטער, מען האָט אָנגעהויבן זוכן יידן אומעטום, איבער דערפער און אויסבאַהעלטענישן. פייגע פייצע, די קינדער און מיכאל זיינען אַוועק צו אַלעקסאַנדער דעם אַמעריקאַניעץ. נאָכן אויסבאַהאַלטן זיך אַ חודש צייט, האָט מען זיי געפונען און אומגעבראַכט. מיכאל האָט זיך על־פי־נס דאַן אַרויסגעדרייט און אַנטלאָפן. ער איז געקומען צו אונדז קיין הירניק און אַרויף אויף דעם בוידעם און איבערגענעכטיקט אַ נאַכט. ער האָט קיינעם נישט געטראָפן. אין מיטן

דער נאַכט זיינען מיר אַרויס פון אונדזערע באַהעלטעניש, און איך און פייגע זיינען מיר אַוועק אין שטוב אַרויסנעמען אַ פּאָר שמאַטעס און אַביסל עסן פאַר אונדזערע עלטערן וועלכע האָבן זיך געפונען צוזאמען מיט אונדז. אַזוי ווי מיר האָבן געעפנט די טיר פון שטוב איז מעכעל אַרויס פון בוידעם אַרומנעמענדיק אונדז מיט אַ שוידערלעך געוויין.

פערעל וואָס מאַכסטו? מיר האָבן שוין קיינעם נישט, אַלץ איז פאַרלוירן...

מיר האָבן זיך דערפרייט וואָס ער איז כאָטש פאַרבליבן לעבן, און גלייך זיך צעוויינט, מיר האָבן אַרויסגענומען די פּאָר שמאַטעס, און געקריגן אַ לעבעל ברויט פון אַ שכן און אַוועק מיט מעכלען צוריק צום טאַטן מיט דער מאַמען מיט די ברידער. אויך מינדל איז געווען מיט אונדז, דאָס איז געווען אין אַ וואַלד אַרום הירניק, דאָרטן האָבן זיך געפונען אַ פּאָר ראַטנער יידן. אַ טייל האָבן באַשטימט צו גיין קיין רעטשיצע. זיי האָבן אונדז אויך מיטגערופן. דער טאַטע האָט אונדז נישט געלאָזט גיין אין קיין פרעמד דאָרף, ער האָט אַלץ געקלערט אז די היימישע גוים פון דאָרף וועלן אונדז נישט טשעפּען, מיכאַל מיט מינדלען זיינען אַוועק מיט דער גרופּע יידן קיין רעטשיצע...

מיר האָבן זיך אַזוי געוואַלגערט ביז 13 טעג אין כסלו, ס'זיינען געווען גרויסע שנייען און קעלטן, דאַן האָט מען שוין אַרומגעזוכט אין אַלע דערפער און וועלדער די לעצטע יידן, און אונדזערע עלטערן מיט אונדזער שוועסטערל זיינען געווען אויסבאהאלטן, און מען האָט זיי אויך געפונען. דאָס איז געשען ווען איך, פייגע מיט ביידע ברידער זיינען אַוועק אין דאָרף זיך דערוויסן וואָס עס הערט זיך. אומקערנדיק זיך צוריק האָבן מיר אונדזערע ליבע עלטערן און שוועסטער שוין נישט געטראָפן. די גוים אַליין האָבן זיי אַרויסגעגעבן און אַוועקגעפירט צו די מערדערס. אַזוי זיינען מיר געבליבן די לעצטע פיר, איינזאם צעבראָכן, פון דעם אומגליק וואָס עס האָט אונדז געטראָפן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז מ'האָט אומגעבראַכט מעכלען און מינדלען אַרום רעטשיצע. מיר האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט נאַקעט און באָרוועס 20 חדשים הונגעריק, פאַרפייניקט, פון די צרות, האָבן מיר נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. נישט אַנדערש ווי זיך איבערגעבן צו די מערדערס אין די הענט. אַזוי האָבן מיר באַשטימט צו גיין צוריק אין דאָרף.

עס איז געוואָרן אָוונט, זיינען מיר אַוועק אין דאָרף, אָנקומענדיק אינמיטן דער נאַכט, זיינען מיר צוגעגאַנגען צו אַ באַקאַנטן שכן, אָנגעקלאַפּט אין טיר, אים געבעטן ער זאָל אונדז געבן אַ שטיקל ברויט. דער גוי, זעענדיק ווי מיר וויינען שטאַרק, האָט אונדז געהייסן אַריינגיין צו אים אין שטאַל, הפנים ס'דאַט אים אָנגענומען ביים האַרץ. מיר האָבן זיך אַריינגעלייגט אין דעם היי צו דערוואַרעמען זיך. עס האָט קיין שלאָף נישט גענומען, ווייל דער פחד איז געווען גרויס.

אַזוי מיינע טייערע זיינען מיר אָפּגעלעגן 22 מאָנאַטן אין שטאַל, אין אַ פאַרמאַסקירטער קיטשע. הונגעריק און געפרוירן, ביז עס איז געקומען דער טאָג פון באַפרייאונג, דאַן הייבן זיך אָן די יללות און געוויינען פון אונדז אויף דעם גרויסן חורבן, אויף דעם אומקום פון אונדזערע ליבסטע, באַלד האָבן זיך באַוויזן באַנדעס וועלכע האָבן ווייטער אָנגעהויבן מאָרדן יידן, מיר זיינען תיכף אַוועק קיין קאַמין, מ'האָט געזאָגט אַז דאָרט געפינען זיך עטלעכע יידן.

מיין ברודער יצחק-הערש האָט תיכף זיך אָנגעשלאָסן פרייוויליק אין דער רויטער אַרמיי כדי צו נעמען נקמה פון די מערדער, מיר האָבן געוויינט, נישט געהאַלט זיך שיידן, זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „כ'גיי קיקן דאָס האַרץ פאַר דער משפחה און גאַנצן יידישן פאָלק".

אייער פ ע ר ע ל

## אַ בריוו פון דער פאַמיליע יאַנאָוויטש

פלאָרענץ, 13-12-46

השובער לאַנדסלייט קאָמיטעט פון ראַטנער יידן אין אַרגענטינע —

איך קום אייך מיטטיילן דאָס מיר האָבן פון אייך דערהאַלטן אַ בריוו מיט 5 דאָלאַר. צום ערשטן וויל איך אייך אויסדריקן אונדזער דאַנק פאַר אייער אונטערשטיצונג פון די איבערגעבליבענע ראַטנער שארית הפליטה. די הילף האָט אַ צוויי־פאַכיקע באַדייטונג, אויסער דעם מאַטעריעלן ווערט איז דאָ אין איר אַ מאָראַלישע אונטערשטיצונג, און דערמונטערונג אַז די קליינע גרופּע ראַטנער געראַטעוועטע זיינען נישט איינזאַם, אַז די ל"ל, וואָס דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיט צייטן פריער זאָלן זיי פאַרלאָזן דאָס טייערע שטעטל, האָבן נישט איבערגעריסן זייער פאָדעם מיט די לאַנדסלייט וואָס האָבן געקעמפט מיט די מערדער — וואָס האָבן אונדזער שטאָט ראַטנע אין בלוט דערטרונקען.

מיר, די איבערגעבליבענע ראַטנער יידן זיינען נישט געווען גלייכגילטיק ביים צוקוקן זיך צו די שרעקלעכע מעשים פון די רוצחים. ניין, מיר זיינען נישט געווען גלייכגילטיק. מיר האָבן פון דער ערשטער מינוט אָן אָנגעהויבן אַ קאַמף. נישט נאָר מיר אַליין די לעבנגעבליבענע, נאָר אַ גרויסער טייל פון די געפאַלענע לאַנדסלייט קדושים האָבן געקעמפט און געפאַלן.



צוויי פאַמיליעס שטיינבערג און יאַנאָוויטש — מחותנים. זיצן פון רעכטס: ר' אייזיק שטיינבערג, שרה זיין פרוי, שרה יאַנאָוויטש (לעבט אין קאַנאַדע), רייסקי און אליהו יאַנאָוויטש. שטייען: יודל יאַנאָוויטש, פייגע און יוסף שטיינבערג און מלכה יאַנאָוויטש (די לעצטע געראַטעוועט לעבן אין קאַנאַדע).

דער טויט האט אונדז נישט אפגעשראָקן און מיר האָבן פאַראויס מאַרשירט. אונדזער לעבן האָבן מיר איינגעאָרדנט אין די וועלדער, אַרום ראטנע, דאָרט איז געווען אונדזער היים, סעמאַרוויטשער וואַלד איז געווען אונדזער פעסטונג, פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך איבערגעטראָגן אין פאַסטפולער וואַלד, מיט אַלע מעגלעכ־קייטן האָבן מיר זיך אָרגאַניזירט און געוואָלט ראַטעווען מער ברידער פון אונדזער שטאָט, אָבער לײדער, דער פיינט איז געווען שטאַרקער פון אונדזערע מעגלעכקייטן, און האָט געריסן פון אונדז שטיקער. איינצעלע איז געלונגען אונדז אַרויסצושלעפּן. משה חיים פוקס און שלמה פערעלמוטער, אונדזערע צוויי לאַנדסלייט פאַר וועלכע כ'האָב מיין לעבן איינגעשטעלט און געראַטעוועט.

זיי זיינען געליגן באַהאַלטן ביי קריסטן אין דאָרף הירניק אין אַ כוטאָר, און באַנדיטן האָבן זיי געוואָלט אומברענגען. מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוווסט און גלייך ענערגיש רעאַגירט. איך בין אַוועק מיט מיינעם אַ חבר אויך פון ראַטנע אליהו זאַסק, און מיר האָבן ווי געניטע מיליטער־לייט מיט אונדזער געווער פאַרטריבן די באַנדיטן און געראַטעוועט אונדזערע לאַנדסלייט (משה חיים פוקס געפינט זיך היינט אין אַרגענטינע און שלמה פערעלמוטער, העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, געפינט זיך אין ישראל). אַזוי זיינען מיר געווען געבונדן איינער מיט דעם צווייטן. דאָס איז בלויז אַ קליין רינגעלע פון דעם גרויסן געראַנגל וואָס מיר האָבן אַדורכגעמאַכט אין משך פון די פינף יאָר פיין.

היינט, ווען מיר הייבן אָן צו ביסלעך אָפּצואָטעמען, מיט פרייער און פרישער לופט, דערוועקט זיך ביי אונדז די אַלע שוידערלעכע מאָמענטן וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט, און מיר זוכן אַ פונק פון טרייסט. ווען מיר באַקומען אַ וואָרעם וואָרט פון אונדזערע ברידער פון דעם ווייטן אַרגענטינע דאַן דערוועקט דאָס ביי אונדז, אַ שטראַל פון האָפענונג און לעבן, פון אונדזערע שווערע טעג.

אין יענער צייט האָבן מיר געטראַכט, אַז אויב מיר וועלן בלייבן לעבן, וועלן מיר אַלס עדות האָבן וועמען איבערצוגעבן דאָס געשעענע, און מיט וועמען זיך צונויפ־גיסן ווי ברידער.

אין יענע טראַגישע טעג ווען אייער האַנט האָט צו אונדז ניט געקענט דערגרייכן האָבן מיר זיך אַליין מיט אַלע מעגלעכקייטן געהאַלטן, היינט ווען די צייט האָט אייך געגעבן די איניציאַטיוו אין אייערע הענט, ווינטשן מיר אייך דערפאָלג אין אייער טעטיקייט. אונדזערע האַרציקע ווונטשן פאַר אייך, חשובער קאָמיטעט און אַלע, וועלכע העלפן אייך מיט אין אייער אַרבעט. מיט ברידערלעכע גרוסן:

הערש לייב יאַנאָוויטש, חיה יאַנאָוויטש, טאָכטער: מנוחה זעלדע און מאַן משה שטיינבערג.

אליהו בלאַושטיין (קאַנאַדע)

# פון אַ בריוו צו ל. באַיאַן - מעקסיקע.

. . . וועגן די דייטשע רציחות אויף יידן האָבן מיר שוין געהערט אין סוף פון 1939טן יאָר. צען טויזנט יידן פון דעם נאַצי־אָקופּירטן פּוילן, פון יענער זייט בוג, זיינען אַנטלאָפן צו אונדז אויף דער סאָוועטיש־אָקופּירטער זייט. די געגנט פון מערב ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע זיינען פאַרפלייצט געוואָרן מיט פיל יידן פון צענטראַל־פּוילן. דאָס לעבן פון די פּליטים איז געווען זייער אַ שווערס; עס האָבן געבושעוועט הונגער, קראַנקייטן און טויט אין די מחנות פון די פּליטים.

דאָס שרעקלעכע לעבן, דער הונגער און דעם פראָסטיקן ווינטער פון 1939־1940 האָט גורם געווען דערצו אַז די הונגעריקע, דאַכלאָזע פּליטים זאָלן וועלן זיך אומקערן צוריק צו זייערע היימען אויף דער דייטש־אָקופּירטער טעריטאָריע. די סאָוועטישע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו רעגיסטרירן אַלע פּליטים וואָס ווילן צוריקפאָרן. איך בין בייגעווען דערביי, ווען טויזנטער יידן זיינען געשטאַנען אין רייען צו רעגיסטרירן זיך. פון יעדן פּליט האָסטו געהערט דעם זעלבן זאָץ: „איך פאָר אַהיים!" מען האָט געשמועסט אַז לויט אַ ריי וועלן די טראַנספּאָרטן אָפּגעשיקט ווערן אויף דער זייט פון דייטש־אָקופּירטן פּוילן. אָבער אַנשטאָט צו שיקן די טראַנספּאָרטן אויף מערב — צו דער דייטשישער טעריטאָריע האָט די סאָוועטישע מאַכט זיי געשיקט אויף מיזרח — אין די ווייטע געגנטן פון טיף רוסלאַנד. בדיעבד איז דאָס אַרויסגעקומען אַ טובה פאַר די פּליטים, ווייל אַ טייל פון זיי איז געראַטעוועט געוואָרן און האָט איבערגעלעבט די שרעקלעכע מלחמה, נישט ווייניק אָבער זיינען נאָך גרויליקע לײדן אין די סיבירער טייגעס אומגעקומען.

פיל בעסער און סטאַבילער איז געווען דאָס לעבן פון די ראַטנער תושבים, וועלכע זיינען געבליבן זיצן אין זייערע היימען.

דאָס רואיקע לעבן פון אונדזער שטעטל האָט אויך לאַנג נישט געדויערט. אין דער נאַכט פון דעם 22טן יוני 1941 האָבן זיך דערהערט די ערשטע שאָסן פון די דייטשע האַרמאַטן. וועגן דעם, אַז עס זאָל האָבן אויסגעבראָכן אַ פּלוצימדיקע מלחמה האָט קיינער אפילו נישט געטראַכט און יעדער איינער איז געווען זיכער, אַז די קאַנאָנאַדעס זיינען געווים פון סאָוועטישע האַרמאַטן וואָס פירן ערגעץ ווו דורך מיליטערישע מאַנעווורעס. אַז עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָבן מיר זיך ערשט דערוווסט אין דער פרי. דעם זעלביקן פאַרנאַכט איז צונויפגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער גאַנצער ראַטנער באַפעלקערונג. דער קאָמיסאַר פון דער „ענקאַוועדע" האָט געהאַלטן אַ פּאַטריאָטישע רעדע וועגן קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן די נאַצישע האָרדעס און גערופן די באַפעלקערונג זיך צו באַטייליקן אין דעם דאָזיקן קאַמף.

מאָנטיק דעם 23טן אינדערפרי, ווען איך בין אַרויס אין גאַס, האָב איך געזען, ווי אַלע סאָוועטישע אַמטן פּאַקעווען זיך און מען גרייט זיך אין וועג אַריין. איך האָב אויך באַמערקט, ווי די שטאָטישע מיליץ האָט געפירט צוויי אוקראַינער אין באַד

אַריין און צען מינוט אַרום האָבן אַלע שוין געוווּסט אַז מען האָט די דאָזיקע צוויי אוקראַינער געשאָסן. דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט איז ראַטנע געבליבן אָן אַ מאַכט. די פּאַניק צווישן די ראַטנער יידן איז געווען אין לשער, טייל האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף אַנטלויפן מיט די סאָוועטן און טייל האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַנטלויפן אין די וועלדער. פון מינוט צו מינוט זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן נייע ידיעות, וואָס האָבן פאַרגרעסערט די פּאַניק און די צעררודערונג: דער האָט געזאָגט, אַז די דייטשן זיינען שוין אין מאָקרען, אַ צווייטער האָט געזאָגט, אַז מען האָט זיי שוין געזען אין הירניק. אַ גרויסער טייל פון דער ראַטנער יוגנט האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן מיט די סאָוועטן, אויך איך האָב עס געהאַט בדעה צו טאָן. ווען איך האָב אָבער שוין געהאַט איינגעפּאַקט מיין פּעקל, איז צוגעקומען צו מיר מיין מאַמע און האָט מיך אָנגעהויבן בעטן, אַז איך זאָל נישט פאָרן; „וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט אויך זיין מיט דיר" — האָט זי אין מיר געפּרוווט איינטענהן. די זעלביקע סיבות האָבן אָפּגעהאַלטן אַ סך אַנדערע מענטשן פון פאַרלאָזן דאָס שטעטל און מיטפאָרן מיט די סאָוועטן. עס איז אַ שאָד געווען איבערצולאָזן די משפּחה, די שטוב, דאָס פאַרמעגן און דער עיקר — עס האָט זיך נישט געגלוסט ווערן אַ „בעזשעניעץ", ווייל ווי אַזוי אַ פּליט זעט אויס האָבן מיר שוין גוט געוווּסט.

דעם 24טן יולי האָבן זיך מיט אַ מאָל אומגעקערט די סאָוועטישע פירערס פון אונדזער שטעטל. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן און מען האָט געמיינט, אַז דאָס לעבן אין שטעטל וועט זיך אומקערן צוריק צו דער פריערדיקער לאַגע. אָבער עס איז נישט געווען אַזוי. די פירערס האָבן זיך אומגעקערט בכדי צו צעשטערן געוויסע מיליטערישע באַזעס, זיי האָבן עס אָבער נישט געטאָן, צוליב אומבאַוווּסטע סיבות האָבן זיי זיך גלייך אומגעקערט צוריק קיין קאָוולע. איצט איז ראַטנע באמת געבליבן אָן אַ מאַכט און מען האָט מורא געהאַט פאַר פּאָגראָמען מצד דער אוקראַינישער בלוטדורשטיקער באַפעלקערונג. די נאַציִשע חילות זיינען געגאַנגען אַלץ פאָראויס און פאָראויס. קאָוולע איז שוין געווען אָקופּירט פון די דייטשן, בריסק — אויך און ראַטנע איז אַלץ אויסגעמיטן געוואָרן. אין דער דאָזיקער צווישן־צייט האָבן טאַקע אונדזערע אוקראַינישע שכנים פון די אַרומיקע דערפער דורכגעפירט אַ פּאָגראָם. עס האָבן זיך אַ לאָזגעטאָן מאַסן־פּויערים פון די דערפער, מען האָט אויסגעהאַקט שויבן, אויפגעריסן שלעסער און מען האָט צערויבט יידישע האָב און גוטס. די צעשראָקענע יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אויסבאַהאַלטן אויף בוידעמס, אין קעלערס, איז אַנטלאָפן אין די גערטנער און פעלדער און די צעיושעטע פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך געלאָזט ווילגיין עטלעכע טעג. יעדער ייד האָט אין זיין האַרצן געבעטן גאָט, אַז עס זאָלן שוין אַריינקומען די דייטשן און דאָס שטעטל זאָל שוין האָבן אַ מאַכט.

ערשט אין אַ וואָך אַרום נאָך דעם ווי די סאָוועטן האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, זיינען אַרום האַלבער נאַכט אָנגעקומען אין שטעטל אַריין דייטשישע מאָטאָציקליסטן פון קאָוולער זייט. זיי האָבן מורא געהאַט אַריינצוקומען אין שטאָט אַריין, ווייל אין שטאָט האָבן נאָך געבושעוועט די פּאָגראָמשטשיקעס און אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט האָבן זיך געהערט שיסערייען און ווילדע געשרייען. דערשראָקענע האָבן זיך די דייטשישע מאָטאָציקליסטן אומגעקערט קיין קאָוולע, ווייל זיי האָבן געמיינט אַז פּאַרטיזאַנער באַנדעס געפינען זיך דאָרטן. גאַנץ פרי איז אָנגעקומען קיין ראַטנע אַ גרעסערע אָפּטיילונג פון דייטשישן מיליטער און מען האָט אַרומגערינגלט די שטאָט פון אַלע זייטן. אַלע יידן מענער און טייל מיעשטשאַנעס זיינען צונויפגעטריבן געוואָרן אויפן שאָסיי און די דייטשישע פעלדמאַכט האָט באַשולדיקט די ראַטנער איינוווינער, אַז זיי האָבן געשאָסן אויפן דייטשן מיליטער. עס האָבן

נישט געהאָלפן די אויפקלערונגען און די באַווייזן, אַז אַזעלכע באַשיסונגען זיינען נישט געווען. דער אורטייל איז געווען: דרייסיק יידן און דרייסיק „מיעשטשאַנעס" מוזן באַצאָלן דערפאַר מיט זייער לעבן. די דרייסיק מיעשטשאַנעס זיינען פאַרביטן געוואָרן מיט דרייסיק סאָוועטישע געפאַנגענע און דרייסיק יידן — צווישן זיי מיין ברודער אברהם — זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אומשולדיקערהייט אין דעם דאָזיקן אומגליקלעכן טאָג.

ווי איר ווייסט, איז מיין בעסטער חבר געווען אייער ברודערס זון שלמה. אין 1941 האָבן מיר צוזאַמען איינגעאָרדנט אַ געהיימען ראַדיאָ, וואָס אַפילו אונדזערע עלטערן האָבן פון דעם נישט געוווּסט. אין 1942, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טרויעריקע אַקציעס און פּאָגראָמען אויף יידן האָבן אונדזערעביידנס עלטערן באַשלאָסן אונדז אָפּצוגעבן אויף אַרבעט צו דער באַוווּסטער דייטשישער פירמע „יעצעריק", וואָס פלעגט בויען שאָסייען. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז דער וואָס אַרבעט ביי דער דאָזיקער פירמע איז געזיכערט מיטן לעבן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי דער פירמע, מיר פלעגן האַקן שטיינער אויף די שאָסייען. נאָך דעם אָנפאַל פון די פּאַרטיזאַנער אויף דער קאָמענדאַנטור פון אונדזער שטאָט האָט זיך די פירמע איבערגעטראָגן קיין האָלאָב, 25 קילאָמעטער פון קאָוולע. אין דער דאָזיקער פירמע האָבן מיר געאַרבעט אַכציק ראַטנער יידן. איך מיט אייער פלימעניק שלמה זיינען געשלאָפן אויף איין נאַרע, געקאָכט און געגעסן צוזאַמען און געבענקט אַהיים צו די עלטערן. אַזוי האָט זיך עס געצויגן צוויי חדשים, ביז עס איז אָנגעקומען דער טרויעריקער חודש אלול. אַלע וואָך פלעגן די דייטשן פאָרן קיין ראַטנע מיט אַן אויטאָבוס ברענגען עסן פאַר אונדז, די לעצטע וואָך זיינען זיי אָבער נישט געפאָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ הונגער ביי אונדז אין לאַגער. יעדן טאָג פלעגן מיר אַוועקגיין אין דער נאָענטער פּוילישער קאָלאָניע און אויסטוישן די לעצטע פאָר הועס, אָדער שיך אויף אַ שטיקל ברויט, קאַרטאָפל אָדער גרויפּן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג און איך האָב אָנגעהויבן צו אַגיטירן, אַז מיר זאָלן אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, וואָס איז געווען אַ זעקס, זיבן קילאָמעטער ווייט פון אונדזער לאַגער. עמיצער האָט דערטראָגן דאָס צו די דייטשן און מען האָט מיך באַשטראָפט מיט 25 שמיץ. מיין פּלאַן האָב איך אָבער באַשלאָסן אויף אַלע פאַלן דורכפירן, איך האָב געהאַלטן, אַז עס איז בעסער אומצוקומען אין וואַלד דורך הונגער איידער דערשאָסן ווערן דורך די נאַציס. און אָט איז געקומען אַ טאָג, וואָס האָט מיך איבערצייגט, אַז מען דאַרף אַנטלויפן.

אין איינעם אַ טאָג זיינען מיר געשטאַנען ביי דער אַרבעט. מיט אַמאָל האָט אייער פלימעניק שלמה דערזען אַ באַקאַנטע פרוי, דאָס איז געווען דעם ראַטנער אַפּטייקערס פרוי, וואָס איז נאָרוואָס געקומען פון ראַטנע מיטן שעף פון אונדזער פירמע. די פרוי איז געווען זייער אַ גוטע באַקאַנטע פון שלמהס פאָטער — אייער ברודער ישראל איצע. שלמה האָט אויף גיך אָנגעשריבן אַ בריוול, עס צוגעטראָגן צו דער פרוי, אַז זי זאָל עס איבערגעבן זיין טאַטן. און אַז דעם אַפּטייקערס פרוי האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָבן מיר גלייך פאַרשטאַנען אַז ראַטנע איז שוין נישטאָ. קומענדיק צוריק אין לאַגער האָב איך איבערגעגעבן די ידיעה און האָב אָנגעהויבן צו אַגיטירן אונדזערע ראַטנער בחורים, אַז מען זאָל באַפאַלן די וועכטער, זיי אויסהרגענען און אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, קיינער, אָבער, האָט זיך אָבער ניט געוואָלט צוהערן צו מיינע רייד. אַלע זיינען געווען זיכער, אַז דער שם המפורש פון דער דייטשער פירמע וועט זיי ראַטעווען, אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט, אויב אונדזערע עלטערן זיינען שוין נישטאָ, צו וואָס טויג אונדז שוין אונדזער לעבן.

איך געדענק נישט גענוי די דאַטע, אָבער וואַרשיינלעך איז עס געווען דעם

2טן סעפּטעמבער 1942. ווען מיר זיינען געקומען פאַרנאַכט צוריק פון דער אַרבעט איז שוין אונדזער לאַגער געווען אַרומגערינגלט פון דייטש־אוקראַינישער פּאָליציי מען האָט אונדז נאָך געלאָזן דורכשלאָפן די נאַכט. אין דער פרי, ווען מיר האָבן גע־וואָלט אַרויסגיין אין הויף זיך אַרומוואַשן, צוגרייטן עסן, האָבן מיר געטראָפן די טירן פאַרשלאָסן. איך בין צוגעלאָפן צום פענצטער, האָב איך דערזען אַרום און אַרום פּאָליציי. כ׳האָב געזאָגט שלמהן, אַז איך אַנטלויף. ער האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאָר בילדער פון זיינע עלטערן, פון זיך און דאָס בילד פון אייך, וואָס איך שיק אייך דאָ צו.

איך האָב שטילערהייט געעפנט דאָס פענצטער און בין אַרויסגעשפרונגען און אָנגעהויבן צו לויפן אין דער ריכטונג צום וואַלד. ביקסן־קוילן האָבן זיך צעשאָסן אין אַלע זייטן, מיך נאָכגעיאָגט, איך האָב אָבער אויף גאָרנישט געקוקט און בין געלאָפן אין איין אָטעם. נאָך אַ שעה לויפן בין איך אָנגעקומען אין אָכאָוועצקער וואַלד. אויף מאָרגן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַלע ראַטנער זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין מעל־ניצער געטאָ און זיינען דאָרטן אומגעבראַכט געוואָרן. נאָך עטלעכע וואָכן בלאָנד־זשעניש איבער די וועלדער בין איך אָנגעקומען צוריק אין ראַטנער געגנט; איך האָב אין די דערפער נאָך געטראָפן אַ סך יידן אַנטלאָפענע פון ראַטנע, צווישן זיי מיין ברודער איצען. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קאַפּיטל ליידן אין מיין לעבן.



פאַמיליע מיטגלידער געזעגענען ביי דעם קאָוולנער וואָק־זאַל הוה פייגעלעס און פאַמיליע צו איר אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע.



אַ גרויסע צאָל ראַטנער איינוווינער באַגלייטן די צוויי נ. אַמעריקאַנער ראַטנער, ר׳ דוד
פריגעלס שוואָגערס, וועלכע קערן זיך אום אין זייער נייער היים.



אַ גרופע יוגנטלעכע געזעגענען זיך מיט מייע וויינ־
שטאָק צו איר עולה זיין קיין ישראל. עס שטייט
אויך וואלוויש כהן, אומגעקומען אין דער גרויסער
שחיטה.

# רשימה פון משפּחות וואָס האָבן זיך געפונען אין ראַטנע בעת דעם אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה

**דריי רשימות פון די ראַטנער יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געלעבט אין די דרייסיקער יאָרן, זיינען דערהאַלטן געוואָרן אין דער רעדאַקציע.**

**מיר האָבן די אַלע דריי רשימות צוזאַמענגעזאָסן און געמאַכט איינע, וואָס נעמט אַרום אַ צאָל פון 370 נעמען פון משפּחות. אָט די אַלע אויסגערעכנטע פאַמיליעס זיינען פאַרבליבן אין שטעטל ביזן גרויסן אומגליק, מיט אַ צוגאָב פון אַ סך דאָרפישע יידישע פאַמיליעס, וואָס די מערדער האָבן זיי אַהין געבראַכט צום אומקום. אַ סך פון זיי האָבן זיך שפּעטער געראַטעוועט. די מחברים פון די ליסטעס זיינען בערל פוקס, גיטל קאַנישטער און אליעזר בן יוסף גינזבאַרג, וועמענס פאַרוואָרט מיר גיבן דאָ.**

די רעדאַקציע

דאָ ווערט געבראַכט אַ רשימה פון ראַטנער פאַמיליעס, קדושים און פּליטים, לויט ווי איך געדענק זיי און לויט ווו זיי האָבן געהאַט געוווינט אין יאָר 1930 ווען איך האָב פאַרלאָזט ראַטנע. קען זיין, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען נאָך אַנדערע פאַמיליעס צוגעקומען.

איך רוף זיי אַלעמען אָן מיט זייערע נעמען, פאַמיליענאָמען. טייל מיט זייער באַשעפטיקונג און אויך אייניקע, ווי זיי זיינען מער באַקאַנט געווען, מיט אַן אַנדער צונאָמען.

די ערשטע אַקציע איז פאָרגעקומען אין י״ג און י״ד אלול 1942. זייער מאַסן־קבר געפינט זיך אויפן פריכאָדער באַרג, דריי וויאָרסט אין צפון פון ראַטנע.

דער קבר פון אַנדערע 120 קדושים געפינט זיך אויפן וועג צום דאָרף קאָמאַראָווע, נעבן דעם גוט פון רייך סאפּאַנטשיק. 38 קדושים, די סאַמע ערשטע קרבנות, ליגן אויפן ראַטנער בית־עולם.

דער פערטער מאַסן־קבר איז נעבן דעם קריסטלעכן בית־עולם ביי פראָוואַרעווען אין הויף אויף דער זאַבלאָטיער גאַס.

דער מאַרק

חנה ליבערמאַן
אהרן כ״ץ
אשר דרוג
דוד גרינשטיין
יצחק גרינשטיין
זכריה האָניק
מענדל פלאַצקער (דער גלייזער)
בערל קאַרש
אברהם פוקס
שרה פוקס
יצחק־הירש פוקס
ראָסיע פוקס
באַסיע פורער (שרה פוקס טאָכטער)
אלתר גאָלדבערג (שוחט)

יהושע בעקערמאַן
זעלדע זעלצער
הינדע זעלצער
זיסיע מערין (חיים מאַנילעס איידעם)
הירשיל פּאָיולער (ציפּוק)
חיים איציקזאָן
יעקב קאַנפּער (קירזשנער)
וועלוול גלייזער
נאָסקע גלייזער
יעזר גלייזער
שמואל האָפּמאַן (שערער)
שרה כמעליער
אייזיק באַקלער
בערקע מאָגיליאַנסקי
דבורה פּראַסמאַן
לייבל גראַבאָוו
נעכע גינזבערג
משה גינזבערג
יאָסקע זאַסק
דוד שטיינגארטן
יעקב שטיינגארטן
פריידל שאַפּיראָ
משה איילבוים
יוסף פּערעלמוטער (זיין איידעם)
יעקב חיים
בערל בערגעל
אייזיק קאַלאַטשניק
חיה-שרה טעלעסאַן
נחום רייסקי
יעקב חיים (קצב)
שלמה הינדיך
רויזע הינדיך
יונה יאַנאָווימש
אליהו יאַנאָווימש
דוד-אהרן שאַפּירא
ניסקע שאַפּירא
נטע שאַפּירא
יצחק שאַפּירא
יצחק קאַהן
וואלוועש קאַהן
יצחק גראַבאָוו
עלצע-פייגע קאַנישטער
שמואל-בער קאַנישטער
יאַנקל קאַנישטער

אהרן רויזענבוים
פישל העלד
לאה אַפּעל
בערל העלד (שרה-לאהס)
בערל העלד (פישלס)
אשר אַליצקי
שרה בענדער
בנימין בענדער
לייבל בענדער
קיילע קאַזאַק
אברהם האָכמאַן
אַלטע טייטעלבוים
יצחק-הירש קאָטלער
גיטל פוגאַטש און זין
חיים-דוד וואָלק (שוחט)
יונה לייבמאַן
שרה פראַך
שמעון-בער פראַך
חיים פראַך
הנה-ליבע קאָרענמעל
פסח מערין
לאה גינגאָלד
בריינדל גאָסקאָ
שמואל-שמחה אַליצקי
אשר פּערלמוטער
חיים טאָפּאָלאָווסקי (שמש)
ברכה אברך
נטע רויסקעס
אשר לעקאַר
יעקב אַקסעלראָד
ישראל אַקסעלראָד
שעפטל אַקסעלראָד
ברוך-לייב דער באַשלייגער
שמעון יאַקאָבזאָן

**הוליאַנקע גאַס**

יצחק לאָרבער
אברהם געלער
זיסקע מערין
לייזער פוקס
דוד פריגעל
יעקב בערשטיין
פייוול לאַנגער

## ראטנע

חיים שיינעס
יצחק קלעפאטש
שמואל העקער
חיים ווייסבלאט
אברהם ווייסבלאט
יודל באקסער
זלמן קלעפאטש
וואליע לייוועגט
זעליג באקסער
אברהם-בער קאמינער
אליהו בראנשטיין
חיים קאמינער
זעליג ראקיטער
וואלף דעם טעפערס קינדער
מרדכי קליין
רחל הערצלס
אדעל כמעלער
בינע און זון העניך
מאטל פריגעל (דער שטומער)
אברהם קאוואל
ברוך-הירש באקסער
חיים פריגעל
מלכה קארפעלעס
ישראל-יאנקל חיים
נטע שאפירא
מענדל שאפירא
רייזמאן
זעליג זעמעל
מאניש זעמעל
יצחק-הירש העלד
מאטל קאהן (שוחט)
אייזיק שטיינבארג
פסח שטיינבארג
אליהו שטיינבארג
הירשל ראקיטער

### יאטקע גאס

שרה-איטע זעלצער
משה זעלצער
שעפע סופר (בעקער)
אשר מילשטיין
צביה קערזשנער (קאצעכע)
וואלף מעלניק

מענדל קעסלער
בערל חיים
שלום חיים
שוואבעכע
שעפע לאנגער
בערל טערנעבלים
ישראל טערנעבלים
ישראל בענדער
וואלף וואלינסקי (טאקערס איידעם)
יצחק-הירש בארג
קריינע בארג
שבע לאנגער (שעפעס טאכטער)
דאבע רייף

### שול גאס

אליהו כ"ץ
פנחס שאפיר
פנחס שיינפראכט
יעקב ליבערמאן
אביגדור סופר
יצחק-הירש ראג
ישראל גווירץ
מענדל גווירץ (ליטמאן)
ברוך דובעטשנער
איציע אהרנכע
עזריאל שליטן
בנימין פריימאן
ליבער קארש
איצל קארש
פריידע רחל עהרליך
ישראל יענקל קאנישטער
אהרן-יהושע קאנישטער
לייבצעכע
גדליה בענדערס קינדער
העניע קוואשניק
אליעזר קוואשניק
אליעזר בראשאנקער (מלמד)
מענדל בלאט
יעקב מאליק (אליעזר מלמדס איידעם)
דוד פראסמאן
רייזל האכשטיין
וואלקאמירסקי
אליעזר געלער

זיסיע געלער
יעקב שוסטער (באַשלייגער)
יעקב פוקס (דער טערער)
ר׳ שלמה־טוביה פרידלענדער (דין)
אליעזר קוואַשניק
הירשל בענדער

**אַלטע שטאָט**

בערל סערטשוק
לייבל שניידער
שלמה שניידער
לייבקע האַכמאַן
שמואל־חיים טולער
אשר. קלאדנער
שמואל קוציק
אלתר־דוד קוציק
גבריאליכע
בערל קעמעלמאַכער

**קריוואָאוליצע**

זיסע מערין
מלכה אברך
פלוואוע (איצי־זלמנס מאַכטער)
חיים מיסטישטשער
הירשל וואָלינעץ (בענדעק)
מלכה חייט (רעטאַנדע)
חיה מגידכע
נח קעמצקער (לערער)
בערל גינזבערג
מאיר טאָקער
מאָטיע בעניק
פיניע גראַבאָוו
גיטל קאָרש
ישעיה חייט
מנשה חייט
אברהם בעזדער
מענדל וויינטרויב
ציפּע שאַפּיר
פייגע וויינטרויב
בתיה בראָנשטיין
שמחה אַליצקי
מלכה־יהודית ריכטער

מאיר חייט
יעקב חיים
ישעיה חייט
טשאַרנע חייט
אייזיק קאָלאָמשניק
משה פעלדמאַן
חיים פעלדמאַן
יואל וויינער
יעקב אברך
אייזיק רידער
מענדל רידער
יעקב־שמואל רידער
משקה רידער
סאָסיע ראָטשילד
משה טוליער
אלקנה שעפטעל
שלמה יאַנאָוויטש
וואָלף קעמפּער
יוסף קעמפער
יודל קעמפער
אבא פוקס
משה־פסח ראָזענבוים
בנימין קענפער
צפורה קענפער

**קאָוואַלעס גאַס**

בתיה רויטשליד
משה רויטענבערג
ישראל רויטשילד (בתיהס זון)
פאַליק חייט
לייבל טיקטינער
לאה מאַרדער
בנימין מאַרדער
הירשל מילער (פּאַצקער)
נחמקה פייער (אליהו קאָוועלס טאָכ־
טער)

**שאָסיי**

וואָלף ברענער
יצחק מערסיק
ישראל רויטשילד
מרדכי־לייב רויטשילד

# ר א ט נ ע

אברהם קליין (בנציון סטעלמאכס זון)
יהודה-לייב ווערניק
מאטל טיקטינער
אברהם דרוג
אברהם גוטמאן
אברהם טערנעבליט
שמעון דרוקער
בערל גלעקעל
אשר באיאן
מאיר דער שוסטער (אשר באיאנס
אײדעם)
נתן מארדער
שרה מארדער
מענדל קליין
נחום קליין
מאטל קליין
יוסל סערטשוק (מאטל קליינס אײדעם)
מרים מעלניק
זעליג האכשטיין

יהודה-לייב סענדיוק
היה גראבאוו (היה ווארשעווער)
פייסע טוב
חיים טוב
יאסל טוב
ישראל בענדער
אשר שאפיר
רחל קאטשאן
לוי-יצחק בענדער
פייוול בענדער
ריטע בענדער
העניע פיינטוך
אהרן פיינטוך
ישראל-דוד פיינטוך
אביגדור פיינטוך
יעקב טריאנאוו
יעקב-חיים מארקוזע
מאטל שוסטער
יוסף מאראנץ

## סעלעשטשע גאס

לייבל חיים
יאנקל מאגילאנסקי
יצחק חיים
חיים זאסק
אברהם בארג
לייבל ליבערמאן
שרה קוניפאס
הירשל לייזוענט
ברוך רויסקעס
מלכה שטערן
דוד-לייב בענדער
איסר שטערן
פייסע גראבאוו
שמואליק גראבאוו
יצחק ארדא (פייסים אײדעם)
יעקב עפעלבוים (שטעפער)
אבא פוקס
יעקב פוקס
לייבל חיים (צימעס)
מאיר קאמענעצקי (קאוואל)
ישראל-דוד עהרליך
לאה עהרליך

## מצרים גאס

אברהם טאקער
שלמה-חיים קאטלער
צביה פערעלמוטער
קלמן אסאוזסקי (קצב)
מאטל רייכער (טשערקאס)
משה רייכער
אליהו וויינער
משה-מאיר וויינער
מאיר טולער
נחמן דער שוסטער
האפער (אנציליוק)
וואלף וואסערטרייגער
דוד קערזשנער (הודש)
שמעון קערזשנער
איצקע קערזשנער
משה קערזשנער
יעקב-לייב סאלאפ (בע״ג)
אברהמציק סאלאפ (בע״ג)
אהרן סאלאפ
יעקב בוימעל (הודש)
חיים-יוסל וואסערטרייגער
ראובנבע

מיל גאָם

יעקב פראסמאן
הענעך פראסמאן
אהרן שעדראָוויצקי
רחל פראסמאן
דבורה פראסמאן
צביה קאָטלער
יוסל־בער (צביהס איידעם)
ניסל קאָהן
אהרן־יעקב גינזבערג
יודל מערין
לייבל קופערבערג
בריינדל קופערבערג
הירשל איידעם
בנימין בירברייער
יוסף ברײנהענדלער

וועלוול ברײנהענדלער
חיה־פייגעל קליינער (טעפערקע)
אברהם קליינער
משה קליינער
הירש־בער בלאָוושטיין
זרח האָכשטיין (בע"ג)
איצל בלאָוושטיין
יעקב באַיאָן
ישראל־איציק באַיאָן
פישל שוסטער
הנה זאָליכעס
משה־יענקל חייט
איצל טערנעבלים
וואָלף־לייב טערנעבלים
אברהם־לייב טערנעבלים
מרים עלבוים
נחום שעפטעל



פ.נ.
ריזשינער
לאנדסלייט
דערמאנען
און באוויינען
זייער היים

זאב גראַבאָוו (ישראל)

# ראַטנע

ראַטנע,
אַזוי זע איך דיך
אין שלאָפלאָזע נעכט און אין שטורמישע חלומות
דריי־פיר גאַסן
אַ מאַרק.
צוויי בריקן
אַ טייכל ווי אַ גאַרטל
צוויי בית־עלמינס
ימים טרערן,
זיבן בתי־מדרשים
טויזנטער געבעטן.
און איך וואַנדער איבער דיר
מיין גאַנץ לעבן.
אויף דעם צופעליקן וועג, צו ריך סאַפּאָנטשיק
און פּראָכאָדער בערגל.
און זאמל דעם שטויב פון אייער לעצטן גאַנג, אין אַ באַרג
און טראָג אים אויף מיינע פּלייצעס ווי אַ מצבה.
כ'זאמל יעדן טראָפּן פון אייער הייליק בלוט
אין לאגלען — מיינע אָדערן, און עס שטורעמט אין מיר
און לאָזט נישט צורו.
כ'נעם צונויף אייער נישט פאַרענדיקטן
געשריי
אין אַ קללה, און כ'ווייס נישט אויף וועמען זי וואַרפן
אויף מענטש צי אויף גאָט...

זאב גראַבאָוו (ישראל)

# י״ג אלול ה׳תש״ג

## גייען ראַטנער יידן

נישט צו תשליך צו די בריקן
זיי גייען נישט אַ חתן צו דער שול פירן
און אויך נישט אַ טויטן צום לעצטן וועג באַגלייטן.
זיי גייען איינגעבויגן איינגעקאָרטשעט,
הענט אין ארבל, אינמיטן אלול.
שטייען הייזער איינגעבויגן
שטומע עדות פון דעם חורבן
מיט שויבן, אויסגעהאקטע אויגן,
ליידיק פוסט און ווילד.
קוקט די זון פון הימל לוסטיק
חוצפּהדיק זיך אויסגעפּוצט מיט שטראַלן
שטייעןביימער ביי די זייטן
פונעם וועג, די קעפּ געבויגן.
פליסט דאָס טייכל ביי דעם וועג
שושקען כוואַליעס אין דער שטיל:
אַזויפיל יידן, ווייב און קינד,
וווהין גייען זיי אַצינד?
פליט אַ פויגל אין דער לופט
שניידט די בלויקייט אין זיג־זאַגן
און פאַרקוקט זיך מיט אַן אייגל:
נישט קיין יעגער,
נאָר אַן עדה געיאָגטע יידן!
גייען זקנים, גייען פרויען מיט קינדער פון די וויגן,
אַלע, אַלע גייען אַצינדער.
נישט צום באַרג סיני אין דער מדבר
מקבל זיין די תורה גייען זיי,
צום פראָכאָדער בערגל גאָר
דאָרטן צו די זאמדן — איז זייער גאַנג.
גייט ר׳ אשר לעקאַר און די באָרד די רויטע
אויף דער ברוסט ברייט צעלייגט
ווי דער פלאַם פון דעם נר־תמיד...
און צוויי ליכט ביי די זייטן — ביידע טעכטער,
אַרויף צום פאָטער, אין די אויגן קוקן,
שוין זיי זוכן.

גייט ר׳ פישל העלד א פאַרטראַכטער,
נישט אים פירט מען צו דער שחיטה,
צופּט אַ האָר פון דער באָרד דער גרויער
זוכט די גמרא זי צו באַהאלטן.
נישטאָ קיין גמרא, נישט קיין משניות
אפילו, קיין עין־יעקב
מישט ער אין זכרון געלע בלעטער
און וויל די האָר דאָרט פאַרזוקן
פאַלט די האָר פון אַ האנט אַרויס
וויל ער זי פון דער ערד דערהויבן
בויגט זיך איין, פליט אַ קויל ווי אַ פויגל
מיט אַ שנאבל שפּיציק
אין האַרץ זיך איינגעזויגן...
זינגט דאָס הארץ אַ תפילה
וואָרט נאָך וואָרט דריי מאָל איבערזאָגן
בויגן קני זיך ווי צו כורעים
און ער פאַלט אין דער שטיל אַנידער...
מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן
גייט ר׳ מענדל ליטמאַנס גאָר אינמיטן
ווי אַ תושב אַ גביר...
אַנגעלאָדן... מיט קאַרבן גלויבן
זאָל נאָר די בייזע מינוט אַריבער
און... אַ פּשוטער ייד איז אויך אַ גבור.
מיט שטילע טריט ווי פון שבת דאַווענען
גייט בתיה פּסחס מיטביידע טעכטער
די צעפּ פאַרפלאָכטן ווי ערב שבת
צעריסענע קליידלעך אויף די ריינע גופים גאָר תתונה מלבושים...
און זי לערנט מיט זיי ביידן
נישט קיין הלכות ליכט צינדן
נאָר זאָגן ווידוי פון דעם סידור
פון דעם קרבן מנחה איר נדן סידור
אין די ציטערנדיקע בלאַסע הענט,
נישט מורא האָבן פאַר דעם משחית
נאָר חבוט־הקבר
און געלייטערט ווערן ווידער...
און זיי קוקן אין אירע אויגן
און זיי גיסן נישט קיין טרערן
אויב נישט מאַמע צו דער חופּה
אונדז האָסטו געקענט פירן...
זיינען מיר דאָך זוכה
זיין אין גן־עדן מיט דיר צוזאַמען...
גייט ר׳ זעליג דער מלמד
אָפּגעזאָגט די לעצטע תפילה ביי דעם עמוד,
צ׳נויפגעפּאַקט אין האַרצן אַלע זמירות
אַלע תפילות אַלע שירהס

צו וואָס תפילות צו וואָס זמירות
אַז קיין יידיש אויער וועט זיי מער נישט הערן...
ר׳ אַלטער דער שוחט
שוין אויסגעבלאָזן די לעצטע תקיעה
נישט די טומאה צו פאַרטרייבן
נאָר צו דערהויבן די עדה יידן.
די בעטערקע העניע
מיט פאַלטשיקעס פולע זשמעניעס
ס׳וועט מער נישט זיין קיין ראַטנער תנאים
שוין פאַרטיילט אַלע..
נאָר דעם לעצטן פאַר דעם האַר דעם בורא עולם
אים איינצו׳לאדן אויף אַ׳דער שמחה
צוזאמען מיט אַלע.
מאיר דער קאַוואל
אָפּגעלערנט דאָס לעצטע קאַפּיטל
פון עין יעקב אין בוקר שטיבל
גייט און קאָוועט מיט שניידער־שוסטערס
הייסן גלויבן
מיט ווערטער וואָס גלעטן און גליען.
נישט ל״ג בעומר
און קינדער גייען
מיטן שאַסיי צום פּראָכאָדער באַרג
דער הונגער איז גרויס
דער דורשט ער ווארגט
נישט זיי בעטן, נישט זיי וויינען
אַלע גייען שטיל און זעען קיינעם
מלבושימלעך ־ צעפּליקטע פליגלען,
פּנימלעך, דערשראָקענע מלאכימלעך,
אָט הויבן זיי זיך אויף און פליען
(אַ זויג־קינד ביי דער ברוסט ס׳האַלט זיך)
צו דער זון, צו די שטראלן וואָס גליען...
רוקט דאָס קעפּל און זוכט
ביי דער מוטערס דארער ברוסט
און עס פאַרגייט זיך אין אַ געוויין
אַ קוש פאַרשטילט דאָס ווידער
שוין נישט ווייט איז דער קבר.
שטייט אַ גרוב, אָפן ברייט,
פאַר דער עדה צוגעגרייט
נישט קיין קבר, נישט קיין גרוב
נאָר אַ מקוה
פאַר דער טבילה צום לעצטן וועג.
שפּרינגען יידן
פליען קוילן אין דער לופט
שניידן הערצער מיט אַ פייף.
און דער אַלטער געלער דיין

שטייט איינמיטן און מיט גבורה
זאָגט אַ ווידוי פאַר זיין עדה
און ס׳פליט אָן אַ בייזער פויגל
מיט אַ שנאָבל שאַרף ווי חלף
און אין גרוב איז אויך דער דיין.
און דער זאמד ביי דעם גרובן
ווערט רויט פורפור
אַ פרוכת
פאַר דעם קבר פון קדושי ־ הקדושים
געשטיקט פון יאָרן טעג און שעהן
פון נישט קיין אויסגעלעבטע קינדערישע יאָרן
און עס שרייט אַרויס דאָס לעצטע געבעט:
געדענק! געדענק!
נישט געבעטן קיין רחמנות
זאָל אויך קיין גרענעץ זיין צו נקמות
געדענק ראַטנע ה. ת. ש. ג.

ישראל האַניק

# ראַטנע - מיין היים

. . . אזוי טרעפט אָפט ביי מיר: דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון מיין שטעטל ראַטנע, ווו מיין היים איז געווען, דערפיל איך באַלד אין מיינע בלוטן דעם שווי־דערלעכן קאָשמאַר פון אומקום. איך זע דעם מאַרק, גאַסן און געסלעך, הייזער. און יידן לויפן מיט זייער געפּעק. עס לויפן מאַמעס מיט קינדער, מען לויפט פונקט ווי אין יענע טעג פון באַלאַכאָוויטשעס באַנדעס, ווען יידן זיינען געלאָפן זיך באַהאַלטן הינטער דער שטאָט. איך געדענק דאָס פון מיינע קינדער־יאָרן, יענע שעהן פון פּחד און שרעק זיינען מיר פאַרבליבן אין זכרון.

דעמאָלט איז מען זיך געלאָפן באַהאַלטן פאַר מערדערישע הענט פון וועלכע מען האָט שפּעטער זיך אויסגעקויפט פאַר געלט און גאָלד און שפּעטער מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר זיינען געקומען געלערנטע, געשולטע מערדער וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט איבערקויפן, נאָר זיי האָבן דערפירט ביז צו די טיפע פינצטערע גריבער... דערמאָן זיך אין דיין היים, אין דיין סביבה, אין דיינע גאַסן און געסלעך, אין די חדרים אין וועלכע דו האָסט געלערנט, אין טעג פון טיפן טרויער, אָדער אין נעכט פון חתונות און שמחות. שבת־יום טובדיקע טעג, אין דעם רואיקן מאַרק, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך געווימלט מיט פּויערים און סוחרים. און אין יום־כיפּור־דיקע טעג, פון שילן און בתי־מדרשים ביז חסידים־שטיבלעך. די גאַנצע שיל־גאַס. און געדענקט און דערמאָנט זיך אייערע מאַמעס, באַבעס און שוועסטערס ליכט־בענטשן ערב יום־כפור, דאָס געוויין און געבעט פון רחמים, פאַר דעם נייעם יאָר. די ערנסטע־פּחד־שטימונג, האָט געווירקט אויף אונדזערע קינדערשע נשמות, און איז פאַרבליבן ביז היינט. יידן מיט ווייסע קיטלען — סימבאָלן פון באַהעפטן זיך מיט גייסטיקער זויבערקייט און אַלטע גרויע זיידעס, זאָגן די תפילות, און טרערן פאַלן אויף די זילבערדיגע בערד בעת דעם אל תשליכנו לעת זקנה — מיט אויגן פייכטע, וואָס זיינען פול מיט נשמה־יתרהדיקייט. די שעהן פון נעילה אין דער ווייבערישער שול ברענען מיר נאָך ביז היינט, זייערע יללות און פאַרחלשטע געוויינען בריען מיך ביז איצט.

געווען דאָרט אַ וואָלף דער וואַסער־טרעגער. דער אמתער באַנטשע־שוויג פון שטעטל, אַ ייד אַ בעל־מום, מיט אַן אויסגעדרייטער האַנט, און מיט אַ פוס וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט. און אַזוי פלעגט ער טראָגן עמערס וואַסער אויף זיין אָרעם. שטיל און הכנעהדיק־באַשיידן, זומער און ווינטער, געטראָגן, געשלעפּט וואַסער. ביז דאָס וואַסער האָט פאַרשלעפּט זיינעם אַ זון — די לעגענדע דערציילט, אַז אונדזער היימישער שטילער טייך פּריפּעט, האָט אַלע יאָר געדאַרפט אַ קרבן, איז דאָס גראָד אויסגעפאַלן אויף וואָלף דעם וואַסער־טרעגערס זון. טראַכסטו אַמאָל וועגן צופאַלן, וועגן גורל, וועגן די סודותדיקע וועגן פון לעבן און טויט דערמאָנסטו זיך גלייך דאָס געשעעניש מיט דעם דערטרונקענעם און זיין טאַטן דעם וואַסער־טרעגער. ווי, וויפל דער ייד האָט איבערגעלעבט און וויפל צער דער ייד האָט אַרויסגערופן מיט

זיין פיין. אזעלכע טעג און שעהן פארגעסן זיך נישט, אזא לויה, וואָס איז ווי אַ ים פון צעברויזטן ווייטיק קען מען נישט אויסמעקן פון זכרון.

און וואָלף דער וואסער־טרעגער, האָט געשעפּט וואַסער פון פּריפּעט, און גע־טראָגן אויף זיינע אקסלען די עמערס, און יידן בני רחמנים האָבן געהאט רחמנות און אים באַדויערט, און אַרויסגעהאָלפן אין זיינע נויטן...

אין די קאַלטע, ווינטערדיקע נעכט, פלעגן מיר, יוגנטלעכע מאכן „אַראָפּ" אין די גבירישע שטאלן, און צונויפנעמען האָלץ, פאַר די אָרעמעלייט, וואָס האָבן נעבעך נישט געהאט מיט וואָס צו הייצן. אין אזא נאַכט, טראָגן מיר אביסל האָלץ צו וואָלף דעם וואסערטרעגער וואָס האָט געוווינט דערנעבן די קלאטקעס פון טייך. מיר קלאפּן אָן אין זיין טיר, עס דויערט אַביסל, וואָלף קומט אַרויס און זאָגט:

— כ'האָב גענוג, חברה, טראָגט צו עמיצן אַנדערש.



**די חתונה פון פייצע האָניק, די טאָכטער פון זכריה און יאָכע האָניק אין 1936.**
**אַלע אומגעקומען, דער איינציק לעבן־געבליבענער, משה האָניק, אין אַרגענטינע.**

און מיר האָבן תיכף באַשלאָסן, פאַר זיין ענטפער בלויז, אים מאָרגן צו ברענגען נאָך. אַזעלכע נאַכט־עקסקורסיעס האָבן מיר געמאַכט אָפט, און מיט ענטוזיאזם. מיר האָבן דערפילט אַ שליחות פון הילף... איך דערמאָן זיך יענע עמאָציאָנעלע מאָ־מענטן. פון די פינצטערע שבת־נעכט, ווען מיר פלעגן זוכן האָלץ און איך דערמאָן זיך גלייך אין דער גרויסער יידישער שריפה, אין וועלכער אַלע אונדזעריקע זיינען פאַרברענט געוואָרן, אונטערגעגאנגען, און ס'איז נאָר געבליבן אַש... און דאָס טראַ־גישע וואָרט נישטאָ... נישטאָ מער קיין יידיש לעבן אין ראטנע. מיר האָבן געזוכט האָלץ, אָנצוווארעמען די יידישע גופים. און זיי... די ווילדע בעסטיעס, די מערדער, האָבן פאַרברענט און פאַרגאזט אין אויוונס די גופים און נשמות פון אונדזער פאָלק. ווער אַריינגעשליידערט אין גהינום, און דערפיל מיט דעם גאַנצן מהות די באַדייטונג פון וואָרט: נישטאָ. האָט דען אַ באַדייט דער זין פון לעבן. האָט עפּעס אַ באַטייט

דער ווירוואר פון טאָג און נאַכט, ווען אַלץ וואָס האָט דיך באַגלייט אין משך פון יאָרן, איז מער נישטאָ. אין וואָכנדיקע טעג שטייסטו אויף מיט דעם פרימאָרגן און דו גייסט זיך צו דיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט, טרעפט אָבער, אַז עס טויכט אויף אין דיין דימיון עפּעס אַ בילדל פון דער היים פון דיין אַמאָליקער סביבה, חברים און דו דערפילסט תיכף, אַז דער טאָג איז שוין אַ פאַרפאַלענער.. און עס שלעפט דיך אין תהומען פון טרויער און פאַרזינקט דיך אויף אַראָפּ. און אַ שווערער צער נאָגט דיר דאָס האַרץ, נאָגט און עגבערט. אין אָט די שעהן פון יאוש און טרויער, באַנעמסטו די גאַנצע שוידערלעכע טראַגעדיע פון אונדזערע צייטן. שוין צום וויפלסטן מאָל, באַנעמסטו דעם זין און דו פאַרשטייסט קלאָר, רעאַל און לאָגיש דאָס געשעענע און מיט קלאָרער אַכזריותדיקער פאַרשטענדלעכקייט באַנעמסטו דאָס אומפאַרשטענדלעכע. אַזוי איז דאָס געשען!



דריי יוגנטלעכע פון רעכטס: מרדכי אברך (ישראל), אפרים קאָטלער, פירער פון „בונד" (אומגעקומען), ישראל האַניק (ארגענטינע)

ביי יעדן איינעם פון אונדז ליגט פאַרבאָרגן דער טרויער פון דער צייט. ביי איינעם טיפער און ביי אַ צווייטן — תיכף אויף דער אויבערפלאַך פון געפיל. ביי פיל איז דאָס אַ טעגלעכע דערשיינונג, וואָס נאָגט אויס די זאַפטן פון לעבן. און ברענגט כסדר פאַרצווייפלטע געדאנקען פון היים און היים. אונדזערע היימען האָבן אויסגעוואַנדערט קיין פּראַכאַד, און אין אַנדערע ערטער. פּראַכאַד, געפינט זיך בלויז דריי קילאָמעטער פון שטעטל. גלייך מיט דעם שאָסיי, אויף דעם וועג קיין בריסק, געפינט זיך אַ קליין דערפל וואָס רופט זיך מיט דעם נאָמען. דער נאָמען האָט געקלונגען אין שטעטל, איבערהויפּט ביי די קינדערלעך, ווייל אַלע שפּאַצירן פלעגט מען מאַכן אַהין, אין וועלדל אויף די בערגלעך זאַמד. דאָס האָט צוגעצויגן די יוגנט,

און ס'איז טאַקע געווען אַ קאָנטראַסט צום שטעטל מיט אירע טיפע בלאָטעס. עס דערמאָנט זיך, אַז אונדזערע ערשטע רייזעס אין „דער גרויסער וועלט אַריין" איז געווען קיין פּראַכאָד. איבערהויפּט איז דאָס געווען אַ שפּאַציר־פּלאַץ אין זומערדיקע חדשים, דער קלימאַט פון זאַמד און וואַלד, איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד לגבי דעם שטעטל מיט די בלאָטעס און קאַלוזשעס, וועלכע זיינען געווען פאַרשמט אין געגנט. וויפל מען זאָל נישט שיטן קיין זאַמד אין די גריבער. איז שטענדיק געווען פלעצער, וואָס אפילו אום זומער פלעגן זיי זיך נישט אויסטריקענען, אַרום סאַדאָווניק איז שטענדיק געווען אַ ים. און נישט איינמאָל פלעגט טרעפן ווי די בעלי־עגלות פלעגן פאַרזונקען ווערן מיט זייערע פערד און וועגענער. דאַן פלעגט אָפּהילכן איבער די גאַסן און געסלעך דער וויאָ — און יונגע חברה פלעגן אַריינקריכן אין בלאָטעס און העלפן אַרויסשטופּן דעם וואָגן פון זומפּ, אַראָפּטראָגן די משא פון וואָגן און ביי די זייטן אויף די בריקלעך זיינען פול געווען מיט מענטשן און קינדער, וואָס פלעגן באַדויערן דעם בעל־עגלהס דאַליע און פערדס „מזל" צוגלייך.

דער שטאָט־ראַט, אָדער מאַגיסטראַט, ווי מען האָט גערופן, פלעגט אַ גאַנץ יאָר שיטן פּראַכאָדער זאַמד אין די זומפּן, און שטענדיק איז געווען דאָס זעלבע — און נישט איין יינגל אין חדר פלעגט טראַכטן פון די הויכע פּראַכאָדער בערג וואָס האָבן אַזוי פיל זאַמד.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דאָס אויך, געוואָרן אונדזער שפּאַציר־פּלאַץ, צוגלייך מיט די עלטערע. די שולעס פלעגן מאַכן זייערע אויספלוגן ל"ג בעומר און כ' תמוז, און אָפטמאָל זונטיק. שבת נאָך מיטיק איז דער שאָסיי געווען איבערפולט פון יוגנט, וואָס איז געגאַנגען קיין פּראַכאָד. און אַלע פלעגן זיך אַריינכאַפּן צו נחום — דעם פּראַכאָדער אין הויז, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פון דאָרף, ווער נאָך אַ טרינק וואַסער, און ווער זיך אַביסל אָפּרוען און זיין פרוי און קינדער האָבן יעדן איינעם באַדינט.

ס'איז דאָרט געווען אַ קליין גויעלע, זייער אַ קליינינקער, סטאַסיקל, האָט מען אים גערופן, איז ער אַלט געווען ביי די זעכציק יאָר, ווען ער פלעגט זיך באַווייזן אין שטעטל, זיינען אים די קינדער נאָכגעלאָפן, ווי אויף אַ בייז־ווונדער. ער איז געווען אַ שטילער און באַשיידענער, מיט אַ דין קוויטשענדיק קולכל. קוים וואָס ער האָט גערעדט, אַלטע יידן פלעגן זאָגן, אַז ס'איז אין אים אַריין אַ גילגול, ווייל וואָס אַ יאָר ווערט ער קלענער. און אויב אין שטעטל האָט מען גערעדט פון אַ נייער ליבע צווישן אַ יינגל און אַ מיידל, האָט מען געוווּסט אַז אַלע ליבע־אַוואַנטורעס פלעגן זיך שאַפן אין פּראַכאָד. אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך באַקעמפט צוליב אידעאַלן און טעאָריעס, פלעגן אויך קעמפן פאַר בערגלעך אויף וועלכע מען האָט געהאַט אַ חזקה...

אין אָט דעם דערפל פּראַכאָד, אין די זעלבע בערגלעך און וועלדלעך, ליגט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, ווייל אַהין איז געווען דער לעצטער וועג און דאָרט האָט זיך אַלץ געענדיקט, אייביק פאַרענדיקט... אין די בערגלעך ליגט איינגעזונקען דאָס שטעטל ראַטנע, מיט יוגנט און קינדער — אין די בערגלעך, ליגן באַגראָבן אַלע טרוימען, אַלע פאַרלאַנגען זיינען דאָרט פאַרשטומט געוואָרן — אַלע דיסקוסיעס, פון אידעאַלן און טעאָריעס און פאַרשידענע פילאָסאָפישע שיטות, מיט אַלע מענטשלעכע ווערטן און קולטורן ליגן אין גריבער, געבליבן איז דאָס קולטור־פאָלק פון קאַנט און שאָפּענהויער, פון געטע און שילער, די קאַניבאַלן... און אויב ליבע, טעאָריעס און ראָמאַנטישע שטימונגען האָבן נאָך ביז צום היינטיקן טאָג נישט דערגרייכט זייער פולן באַטייט און זין, וואָס דאָס וואָרט ליבע באַנעמט, האָבן די

בערגלעך און וועלדלעך געגעבן דערויף זייער ענטפער... אייביק צוזאמען אויף שטענדיק באהאפטן זיך...

ס'איז א זומערדיקער שבת-נאך-מיטיק, דער שאסיי איז פוסט, נישטא קיין יונגנט וואס זאל גיין שפאצירן קיין פראכאד, מען זינגט נישט מער, נישטא מער די קלאנגען וואס פלעגן אפהילכן אין דער לופט — נישטא קיין שום באוועגונג.

פויערים און פויערטעס גייען פארביי אין איילעניש די בערגלעך, א טייל שרעקן זיך עפעס, און פילן זיך מיטשולדיק, און צענדליקער אנדערע זיינען דירעקט שולדיק און טראגן זייער מארד-צייכן אויף זייער געוויסן. נחום דער פראכאדערס הויז שטייט אויף דעם פלאץ, אבער ער מיט זיין פרוי און קינדער זיינען אין די בערגלעך — ס'איז שטיל און רואיק אויף די בערגלעך פון פראכאד.

אריבערגייענדיק די קלאטקעס פון טייך, אזא שמאל און לענגלעך בריקל, צו דער גארבארניע, אין בלויז אייניקע מינוטן וועג, האט זיך אנגעהויבן די גרויסע לאנקע



דער השומר הצעיר אין 1929

פון גראזן, וואס מען האט גערופן רעזקעס, וואס דער נאמען באטייט, האבן מיר נים געוווסט. א גרוים שטיק פעלד אומענדלעך ווייט, מיט שיינע גרויסע גראזן, אום זומער פלעגט דארט טעגלעך, גייען חברה מיט די ביכער אונטער די ארעמס, צו די רעזקעס, און דארטן שעהנווייז ליגן און לייענען, שטענדיק איז מען געווען אויף די גראזן און זיך פארטיפט אין א בוך.

דאס ליבסטע און רואיקסטע פלאץ איז געווען די רחבותדיקע רעזקעס — ליגנדיק אין די טיפע גראזן, האט מען ווי זיך באהעפט מיט דער נאטור, און אין אירע איינ-געווייזן אריינגעבליקט — און זיך פארטיפט אין דער שטילער אומענדלעכער שטיל-קייט. דער הימל איז געווען לויטער, מיט א זון וואס האט געשטראלט און ארייגגע-

בראַכט וואַרעמקייט און שטימונג אין פאַרביטערטע יוגנטלעכע הערצער. אהין פלעגט קומען די רעזיגנירטע יוגנט, וועלכע האָט געטרוימט, און געלעבט מיט גרויסע האָפענונגען פון אידעאַלן און רעוואָלוציעס, אַז עס וועט אינגיכן קומען אַן ענדע צו דער בייזוויליקער און שלעכטער אָרדענונג פון דער וועלט...

יעדעס בוך וואָס מען האָט דאָרט געלייענט, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַ סך וויכטיקע פּראָבלעמען זיינען געוואָרן קלאָר און פאַרשטענדלעך, און אויב מען האָט באַדאַרפט אַ וויכטיק ווערק שטודירן, בכדי בעסער צו פאַרשטיין, פלעגן מיר פאַרמירן לייען־קרייזן — לייענען און דיסקוטירן. און וואָס האָט מען נישט געלייענט. עס דערמאָנט זיך אַן איינדרוק און ווירקונג פון יענער צייט — אַרציבאַשעווס „סאַנין", וועלכעס מיר האָבן איינגעשלונגען אין אַ האַלבן טאָג. מיר זיינען געווען גוואַלדיק



דער ועד החלוץ הצעיר 1930; פון רעכטס: שמחה לעקאַר (ישראל); בתיה חיים, מיה וויינשטאַק (ישראל), ישראל האַניק (אַרגענטינע); שטייענדיק: טשאַרנע גרינשטיין (ישראל)

באַגייסטערט פון ווערק און פאַרצווייפלונג - שטימונגען האָבן זיך דערוועקט ביי אַ טייל פון אונדז, לאַנג איז דאָס געווען די טעמע פון אונדזער געשפּרעך. ס'זיינען געווען חברה, וואָס האָבן געמאַכט צוויי טורנעס אויף די רעזקעס, אינדערפרי און ביי־טאָג. און נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז מען איז געשמאַק אַנטשלאָפן געוואָרן מיט דעם בוך אין דער האַנט. ווען דו גיסט נאָר אַ טראַכט, נאָך צוואַנציק יאָר פון יענע צייטן, און כאַפּסט אַ בליק אין תהום פון נישטאַ, פילסטו זיך ווי יענער יתום אויף דער וועלט, וואָס וויל זיך באַהעפטן מיט זיין צער און לעבן אין דעם טרויעריקן געמיט, פון יענע צייטן טעג און נעכט.

אין קאַלטע ווינטערדיקע שבת־נעכט, ווען דער פראָסט האָט געברענט, פלעגן מיר, חברה, ממש לויפן אין לאָקאַל אריין, יעדער אין זיין אָרגאַניזאַציע, מען האָט קוים דערצויגן ביזן אָוונט, וואָס פאַר אַנדערע אַרבעטן זיינען דען געווען? און עס

דערמאָנט זיך אַן עפּיזאָד פון יענע יאָרן. אין אונדזער לאָקאַל פון החלוץ־הצעיר איז געווען ביי יאָסעלע רייצעס אין שטוב, דאָרטן האָבן מיר געהאַט אַ קליין צימערל, ווו מיר פלעגן אַלע אָוונט קומען, און לערנען און לייענען. דער חבר מ. אברוך (היינט אין ישראל) האָט מיט אונדז געלערנט „במסדה" פון י. למדן, אַז ס'איז געווען קאַלט איז איבעריק צו דערמאָנען אָבער די פּאָעמע האָט געווירקט ווי מיט איר פייער, וואָס שניידט רויע שטיקער פלייש פון דער צעקראַכענער און צעיאָרענער וועלט, מיט אירע רעכטן און געזעצן.

ערשט היינט איז מיר די פּאָעמע פאַרשטענדלעכער געוואָרן, ווי קלאָר זי איז פאַר אונדזער פאָלק.

איינמאָל אין אַזאַ נאַכט, און ביי דער באמת ערנסטער לעקציע, ווי מיר זיינען אַזוי געווען פאַרטאָן אונטער דער ווירקונג פון מחבר, האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין



אַ גרופּע יוגנטלעכע געזעגענען ישראל האַניק צו זיין אַוועקפאָרן קיין ארגענטינע

טירל און עס מיט שטורעם געעפנט, ס'איז געווען דער פּאָליציאַנט ווילטשיק, אַ באַקאַנטע פיגור אין שטעטל, אַ וואָרעם־מענטש, ווייל מען האָט זיך נישט געקענט פאַרשטענדיקן מיט אים. אין דעם אויגנבליק ווי ער איז אַריין, האָט מען אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, און מיר זיינען אַרויס אין דרויסן און זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע געסלעך. מאָנאַטן לאַנג האָבן מיר אים אויסגעמיטן, און יאָסעלע רייצעס, פלעגט דערציילן אַז ער פרעגט זיך נאָך אויף אונדז. דערפאַר האָבן מיר זיך אַריבערגעצויגן אין אַ צווייט צימערל... און די שרעק האָט אונדז באַגלייט. אַ טייל האָבן אויפגעהערט צו־קומען, לאַנגע חדשים זיינען פאַרביי ביז מיר האָבן זיך אויפסניי אָרגאַניזירט...

ס'איז אין די שפּעטע נאַכט שעהן, שוין נאָך דער לעצטער געזעגענונגס־מסיבה פאַר מיר, מיר גייען איילנדיק אהיים, אַ פּאָר חברים און איך פיל שוין, אַז די טעג אָדער שעהן, דערנענטערן זיך. און שוין, נאָך צוואַנציק יאָר זיין אין שטעטל, וועל איך עס פאַרלאָזן, און טאַקע אויף שטענדיק, כ'האָב דאָס געפילט אינטואיטיוו...

מיט אַ מאָדנעם סיסטעם, האָט געאַרבעט מיין געדאַנק יעדע וויכטיקע זאַך צו זעען נאָך אַ מאָל און באַטראַכטן, זי איינזאַפּן אין זכרון און געדענקען, דער עיקר גע־דענקען אויף אייביק. מיר גייען אַ גרופּע חברים מיט מיר צו די ביידע בית עולמס, איך קוק אויף מצבות שעהנווייז, שטיי ביי אַלטע קברים און קוק אויף דעם פעלד —

עס געדענקט זיך אַזוי פריש אין זכרון די לעצטע טעג אין שטעטל. כ׳האָב געוואָלט אַריינבליקן טיף און מיטנעמען עס אַלס אָנדענק, יעדעס הויז און געסל, יעדן מענטש און חבר. כ׳האָב דערפילט אַ מאָדנע ליבשאַפט צו אַלץ, וואָס די שעהן זיי־נען אַוועק, אַלץ טייערער זיינען געוואָרן די לעצטע מינוטן. די לעצטע נאַכט, אַ חבר באַגלייט מיך איבער דעם שטעטל, איך גיי פון הויז צו הויז זיך געזעגענען, די נערוון זיינען רואיק, איך באַטראַכט מיין גורל אַלס וואַנדערער. אין אונדזער הויז איז פול מיט פריינט, חברים, אַ גאַנצע נאַכט קומען מענטשן ברענגען גרוסן, פאַר זייערע משפחות, איך מייד אויס די טרערן מיט מיינע בליקן, מיינע משפחה־מיטגלידער, באַזונדערס מיט מיין טאַטע־מאַמע, איך ציטער אַז זיי זאָלן זיך נישט צוזאַמענטרעפן, ווייל כ׳ווייס און באַנעם זייער צער. די מאַמע וויינט שוין.

— פאַרוואָס וויינסטו, מאַמע? — פרעג איך ערנסט; און אַלע צוזאַמען וויינען. איך גיי ספּעציעל אַרום מיט די חברים אין גאַס, מיר גייען איילענדיק, איך שלינג מיט דער נאַכט־פינצטערניש יעדעס הויז אין זכרון, דער עיקר דעם מאַרק. מיר גייען, די וואָליזעס און געפּעק טראָגט מען, כמעט דאָס גאַנצע שטעטל באַגלייט מיך צום אויטאָ, און אָט שטיי איך אַרום דוד אהרנס הויז. מיט אַמאָל האָב איך זיך אויסגע־דרייט, און געגעבן דעם לעצטן בליק אויף מיין היים, אויף ראַטנע און צוזאַמענגע־בראָכענע פאַלן אויף מיר ברידער און שוועסטער, טאַטע און מאַמע, חברים און פריינט, זיי פאַלן אויף מיר, און הענגען זיך אָן, איך ווער זיך אין געוויין עס שטיקט מיר אין האַלדז, שאַכנע פון אויטאָ שרייט שוין און לאָזט אין גאַנג די מאַשין, דער אויטאָ רירט און ווערט מיט מיר פאַרשווונדן.

* * *

נישטאָ דער טאַטע, נישטאָ די מאַמע, ביידע האָבן געהאַט די זכיה צו שטאַרבן מיט זייער נאַטירלעכן טויט — אָבער מיינע יונגע שוועסטער און ברידער און ליבע חברים זיינען ערגעץ אין פראַכאָדער בערגלעך פאַרשניטן געוואָרן...

לעאָן גינזבערג

# געווען אַמאָל אַ שטעטל ראַטנע

דער גרויסער אומגליק וואָס האָט געטראָפן די יידישע מאסן אין אייראָפּע, האָט אויך נישט אויסגעמיטן דאָס שטעטל ראַטנע, וואָלינער גובערניע. דער דאָרטי־קער יידישער ישוב וואָס האָט געציילט 500 משפּחות און עקזיסטירט הונדערטער יאָרן, איז אין גאנצן אָפּגעווישט געוואָרן. דאָס שטעטל האָט פאַר איר עקזיסטענץ שוין אדורכגעמאַכט אַ גרויסע שחיטה, אין דער צייט פון כמעלניצקים פּאָגראָמען, און עס האָבן זיך דאָרט איינצעלנע משפּחות זיך געראַטעוועט, דאָך האָבן זיי זיך צוריקגעקערט און אָנגעהויבן אויפדאָסניי אויפבויען וואָס די רוצחים האָבן חרוב געמאַכט, און האָבן באַוויזן, אויפבויען די אַלע אינסטיטוציעס וואָס אַ יידישער ישוב פאָדערט.

אזוי אַרום איז דאָס שטעטל צוריק אויפגעריכט געוואָרן און אַ נאָרמאַל יידיש לעבן האָט אָנגעפאנגען פונקציאָנירן. עס איז אויפגעבויט געוואָרן אַ פּראַכט־פולע שול מיט די שענסטע קינסטלעכע שניצערייען. רעגירונג פאָרשטייער און רייזנדע פלעגן קומען באַוואונדערן די מאלערייען און שניצערייען פון דער שול. היינט די אנדערע בתי־מדרשים און סתם הסידים שטיבלעך, און הקדשים וואָס דאָס איז געווען ספּעציעל פאַר היימלאָזע אורחים וואָס זוכן אַ פּלאַץ איבערצונעכטיקן. אין



אַ גרופּע יוגנטלעכע: דער ערשטער פון לינקס לייזער גינזבורג (היינט אין נ. אַמעריקע)

אלגעמיין איז דאָס שטעטעלע געווען אַ משפּחה געזינדל וואָס יעדערער האָט גע־ווּסט וואָס ביים צווייטן טוט זיך, און געווען איז טריישאַפט פון איינעם צום אַנדערן, איז געווען אַ שמחה האָבן אַלע זיך באַטייליקט, חלילה, אַן אומגליק, איז דער אומגליק געווען אַלעמענס.

אין דעם שטעטלשן פּנקס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן פאַרשידענע מינהגים וואָס זיינען געווען איינגעפירט. דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ סך רביים־שטיבלעך, פון די טריסקער, ניסכיזשער, קאָברינער, ריזשינער און סטאָלינער. דער יום־טוב וואָס אין שטעטל איז געוואָרן ווען א רבי איז אויף אַ שבת געקומען. די חסידים פלעגן אַרויספאָרן מיט פערד און וועגענער באַגעגענען דעם רבין, און די טאַנצערייען אַ גאַנצן שבת האָט נישט אויפגעהערט. ספּעציעל שבת צו־נאַכטס ביי דער מלוה מלכה. יידן אין שטעטל האָבן געלעבט פון מסחר, תבואה, און וועלדער. קיין גבירים זיינען נישט געווען, און אויב עמיצער איז שוין געווען ביכולת צו געבן אַ גרויסן נדן זיין טאָכטער, האָט מען געזאָגט, אַז ער פאַרמאָגט אַ סך געלט. אַבער דערפאַר זיינען געווען בעלי־בתּישע יידן וואָס האָבן יום ולילה תורה געלערנט, און די בעלי־מלאכה פון שטעטל זיינען געווען גאַנץ פרומע יידן וואָס האָבן געקאָנט לערנען א גוטן פּרק משניות.

ווי פריילעך און יום־טובדיק דאָס איז געווען, ווען שמחת־תורה פלעגט קומען און די יידן פלעגן מיט גרויס התלהבות, מיט יראת הכבוד אַרויסווייזן די פרייד מיט דער תורה. דאָס האָט אַזוי זיך געצויגן ביז די יאָרן 1910. 1918, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דאָס שטעטל אָפּגעברענט געוואָרן און די יידן פון שטעטל וואָס האָבן זיך אַלס פליכטלינגען צוריקגעקערט, האָבן בּיסלעכוויז אָנגעהויבן אויפבויען דאָס חרובע שטעטל מיט דעם בטחון און האָפענונג. מיט שטיצע פון אַמעריקאַנער קרובים, און מיט דער גרינדונג פון אַ יידישער פאָלקס־באַנק, וואָס דער דזשאָינט האָט מיטגעהאָלפן, אויפגעשטעלט אַ נאָרמאַל יידיש לעבן. גענוג פּרנסה איז נישט געווען, ווייל די פוילישע רעגירונג איז נישט געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער יידישער האַנדל זאָל זיך אַנטוויקלען, האָט אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע דיסקרימי־נאַציע קעגן יידן, און ביסלעכווייז איז דער ייד אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זיינע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

אַזוי אַרום האָט דער יוגנטלעכער עלעמענט אָנגעהויבן ווערן אומרואיק נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייטן צו קענען זיך ווי עס איז עטאַבלירן, און אַדאַנק דעם וואָס עס איז אַראָפּגעקומען פון פּינסק אַ לערער ה׳ נח קעצקער, וואָס איז דורך־אויס געווען דעם פאַרשטאַרבענעם גרינדער פון הבימה נחום צמח׳ס אַ חבר, און האָט נאָך אַ סך מי געהאָלפן די יוגנט פון שטעטל צו באַקומען אַ מאָדערנע נאַציאָ־נאַלע דערציאונג, וואָס האָט געגעבן דער יוגנט אַן אינהאַלט און אַן אידעאַל אין ׳עבן.

אין דעם שטעטל האָט זיך במשך דער צייט אָרגאַניזירט 2 מאָדערנע שולן, תּלמוד תּורהס, אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ציוניסטישע ריכטונגען, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס עמיגרירן, מאַנכע אין דרום־אַמעריקאַנער לענדער, ספּעציעל אין אַרגענטינע וואָס ציילט קרוב צו 300 נפשות פון שטעטל, און אין ארץ־ישראל 60 נפשות, וואָס מאַנכע פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין א״י אַרבעטער לעבן.

עס איז כדאי צו באַמערקן דאָס אין די אומרוען אין א״י אין 1936, איז אַ ראַטנער בחור, אברהם גראַבאָוו דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַראַבער, און די א״י־פּרעסע האָט אים אַ סך פּלאַץ געווידמעט. חוץ וואָס ער האָט אַליין געשריבן אין דער פּרעסע, איז ער געווען אין פּוילן דער גענעראַל סעקרעטאַר פון החלוץ הצעיר. אַזוי איז זיך געגאַנגען דאָס לעבן פון אַ פּשוט יידיש שטעטל אין וואָלינער

גובערניע. די יידן אין שטעטל האָבן קיינמאָל קיין גוטס נישט געהאט, אָבער שטענ־דיק געהאט בטחון, געהאָפט, אַז זיי ליידן, אָבער די קינדער וועט געוויס זיין בעסער. אזוי האָט עס זיך געצויגן פאר דורות, ביז דער גרויסער אומגליק איז גע־קומען און האָט דעם יידישן ישוב פון שטעטעלע ראטנע אָפּגעווישט, און 2.500 נפשות אין קאַלטן בלוט אומגעבראַכט. אויסטועענדיק אַלע נאַקעט, האָבן די דייטשע מערדער מיט די אוקראַינישע ארויסהעלפער געצוווּנגען די אומגליקלעכע קרבנות גיין אין אַ קאַנאַווע וואָס איז געווען 30 סענטימעטער ברייט און 2 מעטער טיף און 100 מעטער לאַנג און מיט מאַשין ביקסן זיי אַלע פארניכטעט. פון דעם גאַנצן יידישן שטעטל, זיינען פיר מאַסן קברים געבליבן.




אַ גרופּע יוגנטלעכע פון החלוץ הצעיר; נומער 12 — אַליעזר גינזבאַרג

קוים עטלעכע און פופציק מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט, אַ דאנק דעם וואָס זיי זיינען געווען פּארטיזאַנען. דאָס בלוט גליווערט, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז ס׳שוין נישטאָ נאָך וועמען צו בענקען און אַ וואָרט פון טרייסט צו באַקומען. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט ווי ער שרייבט, זיך טיילוויז נוקם געווען.

„כ׳האָב — שרייבט ער — מיט מיינע דארע קליינע הענט 42 דייטשן דער־הרגעט, חוץ אַרסענאַלן און בריקן פאַרניכטעט, ער האָט באַקומען אַ מעדאל פון דער סאָוועטן־מאַכט פאר בראַווקייט. עס ווילט זיך זאָגן צו די אַלע לאַנדסלייט ווו נאָר זיי געפינען זיך אין דער ברייטער אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער, פאַר־געסט נישט דעם אָנדענק פון די קדושים און פלאַנצט איין דעם געפיל פון עקל צו די אַלע רוצחים וואָס האָבן אומגעבראַכט אונזערע ליבע און טייערע אין די הערצער פון אייערע קינדער. און מיר וועלן האָפן, אַז די האַנט פון גערעכטיקייט וועט באַ־צאָלן די וואָס האָבן דעם אומגליק געבראַכט.

1 („דער אַמעריקאַנער“, 28 דעצעמבער 1945)

**שמואל גאָלדמאַן** (ישראל)

# ווו זענט איר?

צום אָנדענק מיין פאָטער שמאי, מיין מוטער **ברײַנדל,**
ברודער **אהרן** און שוועסטער **שיינדל** — **דערמאָרדעט**
געוואָרן דורך די נאַציס און מיטהעלפער רוצחים.

ווו זיינען אייערע קברים, טייערע טאַטע־מאַמע? אין וועלכן
גרויליקן טאָג — פון יענער שוידערלעכער צייט — זיינען פאַרלאָשן
געוואָרן אייערע לעבנס? צי זענט איר דערמאָרדעט געוואָרן אין
קרימנער בעטאָ, צי אויף ווייטע פאַרוואָגלטע פעלדער? ווער קען
אנטפּלעקן פאַר מיינע אויגן דעם הייליקן פאַרכטיקן אָרט?
מיין גייסט און נשמה איז מיט זיי תמיד באהאפטן, ווו זענט איר? — —



החלוץ הצעיר אין 1929 — אויפן בילד דער ערשטער פון דער ערשטער ריי לינקס,
שמואל גאָלדמאַן

מיין ברודער און שוועסטער זיינען געפאלן אין די געדיכטע וועלדער
פון זאבראדיע. מ'האָט מיר דערציילט אַז מ'האָט זיי געזען אין די
וועלדער באַוואָפנט מיט געווער. מיין העלדישער דרייסטער ברודער
איז דערמאָרדעט געוואָרן צו 23 יאָר. מיין שוועסטער, די מוזינקע,
אַ צעבליטע שיינקייט, צו 17 יאָר איז זי דערהרגעט געוואָרן.

גאָט! צי האָסטו גענומען נקמה פון זייערע מערדער, איידער מיינע
טייערע האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לויטערע נשמות? כ'וועל שוין קיינמאָל
נישט וויסן ווו איז אייער קבר, און אין וועלכן טאָג איר זענט
געפאלן אין שלאַכט — —

איך בין איינער אליין געבליבן פון פינף אין דער משפחה, פאַריתומט
פון טאטע־מאמע, פון ברודער און שוועסטער. אן איבערבלייב פון אַ פיל
פאַרצווייגטע פאַרוואָרצלטע משפחה, אַ משפחה פון תורה־לערנער און
אָפּהיטער פון מצוות, קארלינער חסידים, געטריי צו די ווערטן פון
איינגעוואָרצלטן חסידות. אַ משפחה פון יידן למדנים, וואָס האָבן אויך
אין זיך איינגעזאפט וועלטישע שיינקייט און גוטסקייט, זיינען משפיע
געוואָרן פון גראדקייט אין לעבן. און אַלץ איז שוין מער נישטאָ,
אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל!

איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט דעם 23טן אָקטאָבער 1933
ווען איך האָב זיך געלאָזט אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. דעם
לעצטן מאָל האָב איך זיי דעמאָלט געזען. געהאָפט זיך טרעפן מיט זיי
דאָ אין לאנד. דאָס שטרעבן און בענקען צום לאנד האָט זיך אויסגעדריקט
אין די פיל בריוו וואָס מיר האָבן זיך דורכגעשריבן, אָבער די צייט
האָט נישט פאַרווירקלעכט די חלומות צו וועלכע מ'האָט געשטרעבט. צוליב
געוויסע סיבות האָט מען די נסיעה אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. און
ווער האָט זיך דעמאָלט געקענט פאָרשטעלן, אַז עס דערנענטערט זיך
דער סוף פון פוילישן יידנטום, און אַז אַ פייער ברענט שוין די
ערד אונטער זייערע טריט? — —

— — און מיטאמאָל האָבן מיר דערזען אונדזער פאָלק מיט דער גאַנצער
גרויזאמקייט. בלוטיקע כוואליעס פון שחיטות האָבן פאַרפלייצט און
פאַרגאָסן, אויך די הייליקע קהלה ראַטנא. אַלץ איז צעשטערט,
אויסגעריסן און פאַרטיליקט. אונדזערע קדושים זיינען אין די המונים
געפּייניקט און דערמאָרדעט געוואָרן און מיטן העלן טאָג, אונטער דער
שטראַלנדיקער זון — —

„השמש זרחה,
השיטה פרחה
והשוחט שחט

נאָר יחידים זיינען איבערגעבליבן פון דעם מיליאָנענדיקן מאַסן־מאָרד,
פאַריתומט און פאַרצוקט און געשריי צו דער וועלט: צוליב וואָס און פאַרוואָס?

גוטער, טייערער טאטע, איידעלער גייסט מיט שארפן מוח און קלאָרן געדאנק. איך וועל שוין מער נישט הערן דיין שטים וואָס האָט באַרואיקט און פאַרוויגט. ס'איז געשלאָסן אויף תמיד דיין בליק וואָס האָט דערנענטערט און באַהארצט. ווי פיינלעך מיר איז וואָס איך האָב זיך מיט דיר צעשיידט אזוי יונג און נישט באַוויזן געהנוג זיך זעטיקן פון דיינע ווונדערלעכע קוואלן.

— — און איך וועל שוין מער נישט זען דעם אדעליקן פנים
פון מיין מאמען, דורכגעלויכטן מיט טרויער אויף אירע
אַוועקגעקומענע קליינע קינדער פון אַמאָל. איר שלאנקער גוף
האָט זיך געבויגן פון ציטער און זאָרג פאַר די לעבנגעבליבענע
קינדער, פאַר זייער דערציאונג און גליק. ווי שטאַרק איז געווען
דיין ווילן צו קומען אין לאנד און זיין מיט אונדז צוזאמען.
צי האָסטו געאָנט דעם חלף וואָס האָט געפאָכעט איבער אייערע קעפ?

טייערער ברודער און שוועסטער! פאַר אייער מסירת נפש
און געטריישאַפט צו די עלטערן, וועל איך אייך אייביק טראָגן
מיט קדושה אין האַרצן, אייביק וועל איך זיין באַהאפטן מיט
אייערע קריסטאל־ריינע נשמות — —

(תל־אביב, אָקטאָבער 1952)

ישראל האַניק

# אַ לעבן וואָס איז אַוועק און מער נישטאָ

**געהייליקט מיינע ליבע שוועסטער און ברידער, אין די טעג פון שוידערלעכן אומקום.**

מיר זיינען געקומען פון יזכור־אַקט, נאָך דעם געוועזענעם שטעטל יידן. מיר ביידע, אַלטע חברים האָבן גאָרנישט גערעדט.

בילדער און געשטאַלטן זיינען אויפגעשווומען: היים, חברים, פריילעכע טעג און נעכט, יוגנט־חלומות, וואָס האָבן זיך אַמאָל געוועבט.

דער געראַטעוועטער לאַנדסמאַן שילדערט אַלע איינצעלהייטן פון אומקום און פאַרניכטונג, אַלע גרויליקע טויטן, און ווו, אויף וועלכע פּלעצער עס געפינען זיך די דערמאָרדעטע. אַזוי דערציילט ער מיט אַ גוואַלדיק מערקווירדיקער רואיקייט: „איר מוזט אַלץ וויסן". און אַט זיינען מיר אַלע דאָ, נישט אין קיין שיל, נאָר ביי די גריבער, און די רוצחים וואַרפן אייערע קינדערלעך אין טיפן תהום, און עס הילכט דאָס שיסעריי פון פאַרשיידענע מינים געווער.

איר מוזט עס פילן, געדענקען ווי איך, אין אַלע טעג פון נעכט פון אייער לעבן, פונקט ווי איך, זענט איר אויך געוועזן ביי די גרויסע גריבער, און אויב מיר זיינען אַלע געראַטעוועט געוואָרן, איז דאָס צו פאַרדאַנקען דעם צופאַל, געוויס דעם צופאַל, מיר מוזן געדענקען, ווייל דאָס איז געוועזן דער פאַרלאַנג פון אייערע ליבסטע און טייערסטע.

איך קום פון די גריבער, דאָרטן זיינען פאַרבליבן מיינע קינדער, און ברידער און שוועסטער, איך שטיי דאָ פאַר אייך אין דערצייל אין פּשוטע ווערטער דעם גרויל. און אין געדאַנק און זכרון, גיי איך איצט דורך דעם טויטן וועג, לענג־אויס דעם מאַרק, און שטעלט אייך פאַר די גהינומדיקע פּראָצעסיע, ווי עס גייט דאָס גאַנצע שטעטל, אַלט און יונג, און יוגנטלעכע און קינדערלעך, דעם טויט אַנטקעגן...

נאָך דער געגאַרטער באַפרייאונג, בין איך צו די גריבער געגאַנגען, און דאָרטן אויפסניי דורכגעלעבט די שוידערלעכע סצענע, און אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער־לעכן געוויין. שעהן בין איך געלעגן אויף די קברים, ביז איך בין ווייטער געלאָפן. ווי אַ ווילדע פאַרצווייפלטע חיה, געלאָפן צו אייך.

און ביז היינט, האָב איך נישט געפונען קיין מנוחה. איך וועל אַזוי בסדר לויפן איבער ימען און לענדער.

און דעם גרויסן פּאַרק־גאָרטן פון שטעטל, דאָרטן איז דאָס פּלאַץ פון די גריבער, אויף די זעלבע פּלעצער זענט איר אין זומערדיקע שבתדיקע טעג געגאַנגען שפּאַצירן מיט אייערע מיידלעך. דאָרטן האָט מען בסדר דיסקוטירט און דאָרטן פלעגט מען לייענען ביכער און חלומות געוועבט פון אַ שענערער, גערעכטערער וועלט. דאָרטן ליגן אַלע, אַלץ איז איינגעזונקען אין תהום, מיט די חלומות צוזאַמען...

ער האָט לאַנג גערעדט און דערציילט און אַלע האָבן זיך געפילט ווי פאַר־שעמט, און געפילט זיך שולדיק, צוליב די זאַטע יאָרן, אין צייט פון זייער טרויעריקן חורבן . . .

ס׳איז האַסטיק צוגעפאַלן די נאַכט, ווען מיר זיינען געקומען אין וועלוולס איינזאם צימערל: וועלוול האָט אָפּגעזוכט זיין אלבום, וואָס איז פול מיט הונדערטער בילדער. מיר האָבן זאַלבע צוויים, געגומען קוקן און זען די בילדער. אויף דעם שער־בלאט, איז אָנגעשריבן אַ שטימונגספולע פראזע: „צו דעם אייביקן אָנדענק, פאר דעם חבר, וואָס פאַרלאָזט דאָס שטעטל״, אונטערגעשריבן פון אַ גרויסער צאָל חברים.

פּאַמעלעך און מיט האַלב פאַרטרערטע אויגן, מישן מיר די בילדער און מיר זען באַשיינפּערלעך דעם טייערן ליבן נעכטן פון אונדזערע היימען, אין אַלע זיינע פאָרמען און ניואַנסן, וואָס דאָס לעבן פאַרמאָגט, דאָס לעבן וואָס האָט זיך אַזוי האַסטיק פאַרענדיקט, אויף שטענדיק...



אַ גרופּע יוגנטלעכע שיפן זיך אויפן טייך פריפּעט, פון רעכטס: ח. איידעס (אַרגענטינע), מ. קאַנישטער (אומגעקומען), מ. ח. פוקס (אַרגענטינע), בערל האָניק (אומגעקומען), (אַ מאַציעווער אומבאַקאַנט); און משה האָניק (אין אַרגענטינע)

אָט איז מיין גאַנצע משפחה, אַלע צוזאַמען, אויף דער שוועסטערס התונה. די גאָר אַלטיטשקע באָבע, זיצט אין דער מיט, אַרומגערינגלט מיט אייניקלעך, און מחותנים. אַלין איז פריילעך, אין אַ שמחה־שטימונג, ווער קען דען אָפּשאַצן יענע מינוטן פון נחת און פרייד? די דאַטע איז 1938.

אָט זיינען מיר אויך אין דער מיט, צווישן אַ גאַנצער חברה, אויף צוויי שיפלעך, אויף אונדזער היימישן טייך פריפּעט, יינגלעך און מיידלעך. זעליק שפּילט אויף דער מאַנדאָלינע און אהרן־יאַנקל אויף אַ פידל, מיידלעך זינגען לידער, פון ליבע, און רעוואָלוציע, און אויך נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־לידער מיט צעשטראַלטע פּנימער אין די זאָרגלאָזע טעג...

אַנגעפילט דעם גאַנצן שטעט און גערטנער מיט די האַרציקע טענער, און מיר שיפּן זיך אויפן טייכל, און מאַכן אַלערליי קונצן, און געוועטן, און מען יאָגט זיך אין שנעלקייט. איז וווּ־זשע די באַרימטע כאַליאַסטרע חברה טרוימער? אָ, איך געדענק זיי אין די זומערדיקע נעכט, די לאַנגע שפּאַצירן, אין די ווינטערדיקע, ווייסע קאַלטע נעכט מיט די לאַנגע טעאָרעטישע דיסקוסיעס און סקעפּטישע פּעסימיסטישע שלוסן. און טרוימער... ווי האָט זיך געענדיקט זייער גערזאַנג, וואָס האָט אָנגעפילט דעם חלל, און אָנגעפילט מיט פרייד און לעבנס לוסט... נישטאָ מער די צאַרטע אויסגע־בענקטע געפילן און טרוימען, ס'האָט זיך אָפּגעהאַקט, פאַרשטומט געוואָרן אויף אַלע ציטן.

---

יידן גייען צו תשליך, די גאַנצע גאַס איז פול, אַ פרידלעכע רעליגיעזע מאַני־פעסטאַציע צו גאָט, און אַט שטייען זיי ביי דעם ברעג פון טייך, זאָגן און קוקן, אויף די שטענדיקע כוואַליעס וואָס שטראָמען און יאָגן.

בילדער פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אין די צענדליקער יוגנטלעכע און על־טערע, אַרבעטער פּאַרטייען און סוחרים פאַריינען, שטעטלדיקע כלי־זמרים און בעלי־עגלות, די תרבות שולע מיט אירע לערער און די הונדערטער תלמידים, קינדער מיט זייערע צאַרטע באַגריפן און חלומות וואָס האָבן דורכגעלעבט אַלע גרוילן און וואַקכאַנאַליעס. טייערע העלדישע חברה פון שטעטל, דער שטאָלץ פון דער יוגנט, פון זייער גייסט און אידעאַלן־אויסדויער, געזעסן אין פאַרשידענע טורמעס, אין דעם נייעם פאַרמלחמהדיקן פוילן. און יאָרן לאַנג געגאַנגען זייער וועג, פון קאַמף, פון אָפענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף און איצט איז שוין נאָך אַלעמען... צער און אויפ־ברויז קעגן דער וועלטס אכזריות.

מיר האָבן אויפגעהויבן די אויגן, און זיך אַנגעטראָפן מיט די בליקן פון טאַטע־מאַמע, וועמענס בילדער זיינען געהאַנגען אויף די ווענט. דאָס צימערל איז געווען איבערפולט מיט הונדערטער באַקאַנטע מענטשן, מיר האָבן געזען זייערע געשטאַלטן ווי אַלץ וואָלט געווען רעאַליטעט...

---

דער אַלבום איז געבליבן ליגן אָן אָפענער, און מיר זיינען אַוועק, אַנטלאָפן פון דער ווירקלעכקייט, און זיך פאַרקליבן אין אַ קאָפּע־ווינקל. מיר האָבן געמאַכט דעם חשבון, פון דעם נעכטן, וואָס איז אַמאָל געווען...

— דו געדענקסט, זועלוול, ווי אונדזערע זיידעס און טאַטעס, פלעגן אין בתי־מדרשים, צווישן מנחה און מעריב אין בין־השמשות, דערציילן אויסטערלישע מעשיות, פון געוועזענעם אַמאָל? און ווי שטענדיק האָט זיך אַלץ געענדעט פון געווע־זענעם פון אַמאָליקע פּריצים און מאַגנאַטן, און להבדיל גוטע יידן. און דער שטענ־דיקער זאָג: אַמאָל איז געווען אַ שיינע וועלט. און אפשר וועט נאָך אַמאָל זיין אַ וועלט? די פאָלקס נשמה האָט געבענקט, מיט בטחון, צו אַ שיינער בעסערער וועלט...

און דער אַמאָל, איז דאָך נישט פון ווייטע צענדליקער יאָרן, נאָר ערשט נעכטן איז ער געווען, און געלעבט. שטייען מיר אַנמעכטיקע און זעען די שאָטנס, און דערמאָנען זיך זכרונות פון היימען און משפחות, פון דורות יידן.

דער היינט, האָט זיך געענדיקט, און ווערט אויך פאַרוואַנדלט אין דעם גרויען נעכטן־ און מיר גייען איבער די ליידיקע גאַסן און דערוואַרטן דעם ליכטיקן מאָרגן. דאָס אויפגיין פון דער זון...

(געדרוקט „די נייע צייט" 1950)

ישראל שטיינגאַרטן (ישראל)

# איך דערצייל מיין זון...

### איבערזעצט פון העברעאיש

אין אַ ווינקל אויפן טיש ברענען ליכט.

דער קליינער דודל שטייט און קוקט זיך צו צו די צאַנקענדיקע ליכט און זאָגט מיט אַ באַדאַכט שטימעלע:

— טאַטע, צו וואָס זיינען די ליכט?

— נשמה־ליכט, זון...

— נשמה? וואָס איז דאָס אַזוינס נשמה? און וואָס עפּעס, טאַטע, די טרערן אין דיינע אויגן? דו ווייַנסט?

— אַז דו וועסט גרעסער ווערן, מיין זון, אַז דו וועסט גרויס ווערן...

דער געוויינלעכער שטענדיקער ענטפער מיינער, ווען איך האָב שוין נישט וואָס צו ענטפערן אויף זיינע אויך פאַר מיר שווערע קשיות.

אָבער מאָדנע, דאָס מאָל וויל ער אויף קיין פאַל נישט נאָכגעבן און באַשטייט נאָר אויף זיינס. ער קלעטערט אַרויף צו מיר אויף די קני, דריקט זיך צו מיר צו, לאַשטשעט זיך און בעט:

— טאַטעלע! . . .

* * *

— די זאַך איז געשען...

— פאַר אַ סך, אַ סך יאָרן... — נישט אַזוי טאַטעלע?

— ניין, טייערער. ערשט נעכטן, דאַכט זיך מיר, איז די זאַך געשען. ערשט נעכטן. און שטענדיק וועט עס זיין ווי ערשט נעכטן געשען. אין הונדערט, אין טויזנט יאָר... ביז אין לעצטן דור!

און געשען איז עס אין אַ קליין שטעטעלע אין דעם ווייטן גלות, אין פּוילן, אין ראַטנע. געדענק־זשע מיין זון, דעם נאָמען — ראַטנע, וואָס נעבן קאָוולע.

— צו איז דאָס בילד, וואָס די ליכט ברענען אַנטקעגן, פון יענע הייזער?

— יאָ, דאָס איז איינע פון די דאָרטיקע גאַסן. דער מארק, אָט איז דער ברונעם, און אָט שטייט אַנטקעגן — דעם זיידנס שטוב... קום צו ווען מיר קוקן דורכן פענצטער! אָבער — שאַ־שטיל...

— איך זע אָבער טאַטעלע, גאָרנישט!

— דו זעסט גאָרנישט, ווייל ס'איז זייער אַ געדיכטע פינצטערניש. ווייל זי, די פינצטערניש האָט איינגעהילט דאָס גאַנצע שטעטעלע. נישטאָ קיין שיין אין די שטיבער. נישטאָ דאָרט קיין לעבעדיקער נפש...

— זעסטו, אָבער, מיין זון, אָט־דעם עק מארק רעכטס צו? דאָרטן הויבט זיך אָן די גאַס וואָס פירט צום שאָסיי. דאָס איז געווען דער לעצטער וועג פון דיין זיידן דוד, מיין טאַטע — פון דיין באָבען מאַטעל, מיין מאַמע — פון דיין מומע מרים, מיין שוועסטער... די טייערסטע און ליבסטע, די ליכטיקסטע און זויבערסטע... און מיט

זיי אַט די אַלע אונדזערע נאָענטע, און מיט זיי אַט די אַלע שטעטלדיקע קדושים — מענער, ווייבער און קינדער...

און געשען איז דאָס אין אַ זומער טאָג, אלול־צייט, אין אַ זומער־טאָג... אוי, רבונו של־עולם!

— טאַטעלע, ווידער באַווייזן זיך אין דיינע אויגן די טרערן? ס'טוט דיר עפּעס וויי, טאַטע?

— דאָס האַרץ, מיין זון... ס'טוט ווי דאָס האַרץ מיט אַ מאַכטלאָזן ווייטיק וואָס שטעכט און ברעכט, ווען נישט די טרערן — וואָלט דאָס האַרץ אויף שטיקער צעריסן געוואָרן.

— אָבער טאַטע, האָסט דאָך מיר נאָך גאָרנישט דערציילט...

— יאָ, איך האָב דיר נאָך טאַקע נישט דערציילט, וואָס אַזוינס איז געשען אין דעם שרעקלעכן און ביטערן טאָג. אָבער, ווען איך וועל דיר אַפילו דערציילן, וועסטו אַלצאיינס נישט פאַרשטיין, וועסט עס נישט פאַרשטיין...

— אָבער טאַטע, איך בין דאָך שוין אַ גרויסער! נאָך אַביסל וועל שוין גיין אין שולע!

— אמת! נאָך אַביסל וועסטו שוין אין שולע גיין, מיין זון. וועסט דאַרט אַ סך זאכן לערנען און וועסט אַ סך פאַרשטיין, און אויך...

— אַ סאָלדאט זיין! און וועל האָבן אַן אמתע ביקס! נישט ווי די הילצערנע, וואָס דער פעטער חנא האָט מיר געשענקט.

— יאָ, מיין זון, אַ סאָלדאט וועסטו דאַן זיין! אַ יידישער שטאָלצער און געזונטער סאָלדאט. דו און אויך דיינע חברים. און דו מיט דיינע חברים וועלן תמיד אויף דער וואך שטיין און היטן אַז ס'זאָל אונדז חלילה קיין שלעכטס נישט געשען...

— טאַטע, טאַטע, קוק־נאָר, זע, ווי דעם זיידנס פּנים איז פּלוצים עפּעס ליכטיק געוואָרן?

— דאָס דאַכט זיך דיר, מיין זון, דאָס... איז פון דעם ליכט־שיין, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט פאַר דעם בילד!

— אָבער, טאַטעלע — די גאַנצע צייט האָבן דעם זיידנס אויגן אויף מיר געקוקט, אַזוי טרויעריק, אַזוי אומעטיק, און איצט — זע נאָר — שמייכלען זיי גאָר צו מיר, זיי שמייכלען!...

אמת, מיין טייערער, ביסט גערעכט: אַ שיין, אַ נחמה־שיין האָט זיך אָנגעצונדן און איז אויפגעגאַנגען אין דעם זיידנס אויגן...

קום אַהער, דוד, גיי צו צו די ליכט און פליסטער מיר נאָך וואָרט ביי וואָרט: „יתגדל ויתקדש שמיה רבה”...

נח כהן

# אַ חלוֹם

חיימלען האָט זיך געחלומט:

ער מיט זיין טאַטן זיינען אויפן וועג קיין ראַטנע. זיצן זיי מיט נאָך יידן אויף אַ גרויסן בעל־עגלהשן וואָגן, פול מיט סחורה וואָס דער בעל־עגלה פירט פאַר די ראַטנער קרעמערס. כאָטש ס׳איז אינמיטן נאַכט און די פאַרשווינען דרימלען, קען היימל קיין אויג נישט צומאַכן. ער פלאַטערט פון אומגעדולד צו זען וואָס גיכער מיט די אייגענע אויגן דאָס געבורט־שטעטעלע פון זיין טאַטן. אַזוי פיל שיינע מעשהלעך האָט אים דער טאַטע דערציילט פון אָט־דעם וואָלינער שטעטעלע, ווו ער איז געבוירן געוואָרן און זיין יוגנט פאַרבראַכט. ווו זיין זיידע און די גאַנצע משפחה האָבן געלעבט לאַנגע יאָרן. איצט, פאָרט ער מיטן טאַטן פון דער ווייטער אַרגענטינע אין דעם קליינעם אָרט, וואָס לאָקט אים אַזוי שוין אַ לאַנגע צייט.

דער בעל־עגלה, אַ הויכער און פעסטער ייד זיצט זיך אויף דער „קאָזלע" און דערציילט פריילעכע מעשיות די פאָר פאַרשווינען וואָס שלאָפן נישט. אינמיטן וועג, בלייבט מען שטיין. דער בעל־עגלה שפרינגט אַראָפּ פון וואָגן, ווערט פאַרפאַלן אויף אַ פאָר מינוט און באַלד קומט ער צוריק מיט אַ גאַנצן פאַק פרישע היי פאַר די פערדס וועגן. ער זעצט זיך צוריק אויפן וואָגן און די רעדער הילכן שוין ווידער אויפן שאָסיי. איינער פון די פאַרשווינען פרעגט דעם בעל־עגלה:

— ס׳טייטש, ר׳ אלי, ווי קומט עס איר זאָלט נעמען היי פון אַ פרעמד פעלד?

ענטפערט אים אלי בעל־עגלה:

— וואָס הייסט? ווי קומט עס איר זאָלט נישט וויסן? ס׳איז דאָך אַ בפירושער דין, אַז מען מעג. קדושים היי־ליגט האַזינו — פאַרנעמט. אַלע לאַכן פונעם בעל־עגלהס ענטפער, היימל אויך.

אין פרימאָרגן פאָרט די „בריקע" אריין אין שטעטל. דער טאַטע דערקלערט היימלען:

זעסט היימל, דאָ הויבט זיך אָן ראַטנע. דאָ אין קליינעם שטעטעלע וווינען עטלעכע הונדערט יידישע משפחות. נישט קיין רייכע, אָבער אַלע בעל־הבתישע. אַזוי סוחרים, אַזוי בעלי־מלאכות. ביי די שוסטערס וועסטו טרעפן אַזעלכע שטילע, ווילע יידן ווי דוד דעם שוסטערס קינדער, יאַנקל דעם שוסטער מיט זיינע קינדער, ביי די שניידערס, אַזעלכע ווי אברהם דער שניידער וואָס ביי אונדז אין אַרגענטינע וואָלט ער געקענט זיין אַ גוטער חזן, ביי די סטאָליערס אַזעלכע יידן ווי יצחק־הערש דער סטאָליער, און ביי די בלעכער אַזאַ ייד אַ בן תורה ווי יצחק־הערש דער בלעכער. היימל הערט זיך צו צום טאַטנס רייד און ווען די פור פאָרט אַריין פון שאָסיי אין שטעטל, הערט שוין נישט היימל וואָס דער טאַטע דערציילט אים, נאָר קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן.

קראָמען עפענען זיך פּאַמעלעך. פון אַלע געסלעך זעט מען ווי יידן איילן זיך אין בית המדרש, אָדער אין די פאַרשיידענע חסידישע שטיבלעך אריין דאַווענען. קינדערלעך לאָזן זיך אין שול אַריין.

בייטאג איז חיימל געגאנגען מיט זיין טאטן באטראכטן דאס שטעטל. ער האט געזען דעם „מארק". די שול־גאס, יאטקע־גאס, די הוליאנקע־גאס, שעלעשטע, קריווא אוליצא, דעם שאסיי און נאך גאסן און געסלעך. זיי האבן באזוכט די תרבות־שולע. קעצקער, דער דירעקטאר פון דער שול האט זיי הארציק אויפגענומען. זיי פארגעשטעלט פאר די קינדערלעך. דערביי דערציילט, אז חיימלס טאטע איז געווען זיינער א שילער. ווען די קינדערלעך האבן געהערט אז די געסט זיינען פון ארגענטינע, האבן זיי זיך דערפרייט. יעדער איינער האט דארט אימיצן. זיי האבן אנגעהויבן חיימלען פארשיטן מיט פראגעס:

— קענסט מיין טאטן, מיין פעטער, מיין זיידן, מיין באבען?

אלע קינדערלעך וואלטן וועלן זיין אויף חיימלס ארט און פארן קיין ארגענטינע. חיימל ווייסט נישט, פארוואס עס געפעלט זיי ניטא ראטנע. ס'איז דאך אזוי שיין, שטיל, אזוי יידיש.

פרייטיק צו נאכטס. חיימל גייט מיט זיין טאטן אין שטיבל אריין. אזא ליכטיקייט. אזוי פיל יידן. ווי הארציק, ווי בנעימותדיק סקייקלט זיך דורך די אפענע פענצטער דעם בעל־תפלהס לכו נרננה לה'. נאכן דאוונען: די שול־גאס איז פול מיט יידן וואס גייען פון שיל. יידן פון סטעפענער שטיבל, פון טריסקער, פון בית־המדרש, פון קארלינער שטיבל, פון ריזשענער. חיימל שטייט און באוונדערט. אזוי פיל שילן. איינע נעבן דער צווייטער.

חיימלס טאטע דערציילט:

— זעסט דעם ליידיקן פלאץ, דא איז געווען די שיל, די גרויסע ראטנער שיל. הונדערטער יארן אלט געווען. דא פלעגט דאוונען דער גרויסער ראטנער חזן ר' משה ע"ה. ימים־נוראים, דער עיקר צו כל נדרי פלעגן קריסטן קומען אים הערן דאוונען. און א באזונדערן יראת הכבוד האט מען דערפילט אין שיל. סיי ווען זי איז געווען פול מיט מתפללים און סיי ווען זי איז געווען ליידיק. פונקט ווי אין א בית־המקדש. און גייענדיק אזוי מיטן טאטן און הערנדיק זיין דערציילונג פון דער ראטנער שיל, דערטראגט זיך צו חיימלען דורך די אפן באלויכטענע פענצטער א הארציקער ניגון:

„יום הששי ויכלו השמים והארץ וכל צבאם.

יידן מאכן קדוש. יידן סוחרים און יידן בעלי־מלאכות.

יידן ארעמע און יידן רייכע, אלע מאכן קדוש. ווער איבער א כוס וויין, ווער איבער א גלעזל בראנפן און ווער גאר איבער די חלות. אומעטום איז שבת. ווי גוט דא איז, — זאגט ער צום טאטן. חיימל האט אויך געזען א חתונה אין שטעטל. מען פירט חתן־כלה צו דער חופה דורך דער גאנצער שטאט צום גרויסן פלאץ נעבן דער פארברענטער שיל. אינמיטן גאס פירט מען פריער דעם חתן, דערנאך פירן די אונטערפירערס די כלה. אהרון יהושע מיט זיין קאפעליע גייט פאראויס און שפילט א מארש, און דאס גאנצע שטעטל גייט נאך זען דאס פארל וואס וועט באלד חתונה האבן.

איינמאל איז געווען א גרויסער יוגנט־יום־טוב. אלע שול־קינדער יום־טובדיק אנגעטאן. די מיידעלעך מיט שיינע קאלירטע סטענגעס אין זייערע האר, האבן מארשירט אין רייען דורך די גאסן פון שטעטל. הינטער די שול־קינדער האבן מארשירט די יוגנט־ארגאניזאציעס. אלע אין רייען, מארשירט און געזונגען. אלע פריילעכע, לוסטיקע. און זיי האבן מוטיקע לידער געזונגען. ביי די זייטן גאס זיינען געשטאנען די עלטערע מענטשן און אנגעקוואלן פון די קליינע קינדערלעך און פון דער יוגנט. די „הידד"געשרייען האבן פארהילכט די לופט. חיימל איז אזוי באגייסטערט געווארן פון דעם בילד, אז ער האט אויך געוואלט אריינגיין אין דער ריי און מיט אלע צוזאמען מארשירן.

— איינס, צוויי, דריי, פיר. איינס, צוויי, דריי, פיר.

פלוצים האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם. אַ שטאַרקע זאַווייערוכע האָט זיך אַ טראַג געטאָן איבערן שטעטל. חיימל קוקט זיך אַרום, ער זעט נישט אַרום זיך קיינעם. נישטאָ קיין יוגנט, אויס דאָס מאַרשירן, מ'הערט נישט זייער געזאַנג. ווו זיינען די רייען? ווו איז די יוגנט? וואָס האָט געטראָפן, ווו זיינען זיי? חיימל הויבט אָן צו לויפן, וויל עמיצן פרעגן וואָס ס'איז געשען. פוסט און ליידיק. נישטאָ ביי וועמען צו פרעגן.

לויפט ער אין שיל-גאַס. אפשר, טראַכט ער, זיינען די יידן אין שיל, אפשר איז היינט אַ יום-טוב אָדער אפשר גאָר אַ תענית.

אָפן טיר און טויער שטייען אַלע שילן. שרעק און פחד קוקט אַרויס פון יעדן ווינקעלע. און קיין ייד זעט מען נישט. ער לויפט אין שולע. וויל פרעגן דעם טאַטנס



החלוץ הצעיר בעת אַן אויספלוג אין אַ וואַלד פון דער געגנט.

לערער, וויל פרעגן די קינדערלעך, ווו זיינען אַהינגעקומען די יידן? אויך דאָ טרעפט ער קיינעם נישט. איבערגעקערטע טיש און בענק און פוסט אומעטום. אָבער ווו זיינען אַהינגעקומען אַלע יידן פון שטעטל, ער האָט זיי דאָך נאָרוואָס געזען?

חיימל זעט ווי פון איין שטוב, אַ צווייטער, אַ דריטער זעצט אַרויס אַ רויך, אַ שוואַרצער רויך. טראַכט חיימל:

— ס'ברענט! דאָס שטעטל ברענט!

— אָבער ווו זיינען די יידן, פאַרוואָס גייען זיי נישט לעשן? און חיימל טראַכט: ער וועט אָנהויבן שרייען וועלן יידן זיך צונויפלויפן און אָפּלעשן דאָס פייער. חיימל הויבט אָן שרייען מיטן גאַנצן כח: ע ס ב ר ע נ ט !

— י י ד ן ד אָ ס ש ט ע ט ל ב ר ע נ ט ! ג ו ו א ל ד ! ר א ט ע ו ו ע ט !

* * *

אינגאנצן אַ באַגאַסענער אין שוויים איז חיימל געליגן אין בעט. נעבן אים זיינען געשטאנען זיין טאטע און מאמע איבערגעשראָקענע.

— גאָט איז מיט דיר, חיימל, וואָס האָט זיך דיר געחלומט?

חיימל וויינט. קוקט זיך אַרום כדי צו זען און זיכער צו זיין, ווו ער געפינט זיך.

ווו בין איך, טאַטע?

— וואָס הייסט, ווו דו ביסט, אויף מיינע שונאימס קעפּ. פו, דו ביסט דאָך אין בעט נעבן דיין טאטע און מאמע.

אַבי כ׳האָב געמיינט אַז כ׳בין אין ראַטנע.

— אין ראטנע? ווי קומסטו קיין ראַטנע?

— אוי טאטעניו, האָב איך געזען ראַטנע, ווי שיין, ווי גוט ס׳איז מיר דאָרט געווען. אַ סך שילן, בתי־מדרשים, אַ שיינע און גרויסע שולע, פריילעכע יונגווארג, קינדערלעך טייערינקע און ליבינקע. געווען איז א יום־טוב, אַלע מאַרשירן און פלוצלינג איז אַלץ פאַרשווונדן. ס׳האָט געברענט דאָס שטעטל און קיינער איז נישט געווען ווער ס׳זאָל אָפּלעשן דאָס פייער. האָב איך אָנגעהויבן צו שרייען, אפשר וועט עמיצער קומען לעשן. און חיימל וויינט. גרויסע טרערן קייקלען זיך איבער זיינע קינדערשע בעקלעך. דער טאַטע שטילט אים איין. און שטיל ווי פאַר זיך זאָגט ער:

— נישט קיין חלום איז דאָס געווען. ס׳איז אַמאָל, נישט לאנג צוריק, אַזאַ שטעטעלע געווען, פונקט ווי דו, חיימל, האָסט געזען אין חלום, אַ שטעטעלע פול מיט לעבן און ווי דורך אַ כשוף איז אין איין אויגנבליק אַלץ פאַרשווונדן. געווען אַמאָל אַ לעבן דאָרט און ס׳איז מער נישטאָ.

נישט קיין חלום איז דאָס געווען.

(„די נייע צייט“)



הרב שמעון פרידלענדער (ישראל)

# דער ספר־הזכרון איז דער המשך פון איבערגעריסענעם לעבן

(פון העברעאיש)

חשובע ראטנער לאנדסלייט,

איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, אַז די מיסיע, וואָס דער ראטנער ל״ל פאַראיין אין ארגענטינע האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט, אויפפאָדערנדיק מיך איך זאָל שרייבן פאר דעם ראטנער יזכור־בוך איז פאַר מיר צו שווער. די אויפגאבע פון אזא בוך דארף דאָך אייגנטלעך זיין: שריפטלעך אויפלעבן דאָס שטעטל, וואָס איז שוין נישטאָ. מיט אַנדערע ווערטער: מאָלן אַזעלכע ליטעראַרישע בילדער, וואָס זאָלן בכוח זיין אַרויסצוברענגען פון דער פאַרגעסנקייט דאָס אַמאָליקע לעבן און זאָל די ביינער־רעשטן פון אָט דעם לעבן ממש באַדעקן מיט הויט. אין אַזעלכע בילדער דארף זיך אָפשפיגלען דאָס צאַפלדיקע לעבן פון אַמאָל און מען דארף אין זיי זען די ווירקלעכקייט אַליין, וואָס האָט פאָרמירט און אויסקריסטאליזירט סיי די צורה פון כלל, סיי די פרצופים פון די יחידים די העלדן בפרט. מען דאַרף אין דעם באַשרייבן ראַטנע, ווייזן די פיזיאָגנאָמיע פון דעם גאַנצן שטעטל. און איך קען דאָס דאָזיקע ליידער נישט באַווייזן, ווייל איך בין אַוועק פון מיין געבורטסשטעטל אין די סאמע יינגסטע יאָרן און איך האָב געלעבט אין פאַרשידענע אנדערע ישובים, ווו איך האָב געלערנט תורה און איך האָב דערפאר נישט באַוויזן צו איינזאפּן אין זיך און קאָנסערווירן דעם זיכרון פון אַלע ראטנער מינהגים, טראַדיציעס, און די פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן פאָרמירט דעם גייסט און געלייגט זייער חותם און געמאַכט, אז ראטנע זאָל זיך מיט עפּעס אויסטיילן פון די אנדערע שטעט און ריידן אן אייגן לשון און לעבן אן אייגן לעבן. דערצו דארף איך צוגעבן, אַז איך פיל זיך נישט פעאיק אויף דעם ליטעראַרישן געביט און איך בין ווייניק פּראַקטיש אין דער ארבעט מיט דער פען און דאָס דאָזיקע מאַכט נאָך שווערער דאָס מקיים זיין אייער בקשה. און פונדעסטוועגן — פטור בלי כלום אי אפשר. איך קען זיך נישט באַפרייען אין גאַנצן און אַן אינעווייניקסטע שטים באַפעלט מיר ממש: „שרייב! פאַרענטפער זיך נישט — זאָגט צו מיר אָט די שטים — ריים זיך נישט אָפּ מיט פרעמדקייט פון דיין

געבוירן שטעטל און דיין פּלאַץ פון דיין אָפּשטאַם און שרייב, וואָס דו ווייסט און ווי אַזוי דו ווייסט. פאַרשפּעטיק נישט די געלעגנהייט וואָס די צייט גיט דיר. נעם אַרויס פון דעם זכרון, וואָס דאָרט איז פאַרבליבן פון דיין פריסטער יוגנט און וואָס איז געוואָרן אַ יסוד פון דיין ווייטערדיקן לעבן און פאַראייניק זיך מיט די בני עיר דיינע, וואָס ווילן נישט לאָזן פאַרגעסן ווערן דאָס דאָזיקע, וואָס די אכזריותדיקע האַנט האָט פאַרשניטן. שרייב!"

און איך האָב זיך דערפאַר גענומען: איך וועל פאָלגן מיין געוויסן, וואָס שטראָפט מיך פאַר מיין נאכלאָזיקייט און פאַר מיין גרינגשעצנדיקע באַציאונג צום שטעטל פון מיינע עלטערן און ערשטע מלמדים און איך וועל העלפן פרווון ברענגען מיין צושטייער פאַר דעם מאָנומענט, וואָס ווערט געשטעלט ראַטנע, וואָס איז אַמאָל געווען פול מיט חכמים און געלערנטע און וואָס האָט געהערט צו די ליכטיקע פינטעלעך אין דעם פינצטערן גלות און וואָס האָט דורך איר כלל און אירע יחידים ווייטער געצויגן די גאָלדענע קייט פון דער טראַדיציע פון אונדזער פאָלק און שטאַרקן און שמידן דעם נאַציאָנאַלן גייסט, אַז ער זאָל זיך קענען אַנטקעגנשטעלן אַלע בייזע ווינטן פון דער תקופה פון אונדזער גרעסטן חורבן און אומגליק.

אין מיין זיכרון לעבט אַזאַ מינהג אין שטעטל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע איינוווינער פון ראַטנע, אָן אונטערשיד פון קלאַס און אידעאָלאָגיע און וואָס ווייזט זייער אַלעמענס רעספּעקט צו הייליקייטן: געווען אין ראַטנע איין שטיקל פּלאַץ, וואָס איז געווען באַשטימט סיי פאַר דעם אויפהאַלט פון הכנסת כלה און סיי פאַר הלווית המת. דאָס איז געווען דאָס ליידיקע פּלאַץ, וואָס איז פאַרבליבן פון דער גרויסער שול, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן בשעת דער ערשטער וועלט-מילחמה. יענע שול איז פון אַלעמען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מיקדש מעט, ווי אַ קליינער בית-המקדש און איר אָנדענק האָט מען דערמאָנט ביי יעדער געלעגנהייט פון שמחה, אָדער חלילה טרויער. יעדע שמחה, וואָס איז פאָרגעקומען אויף יענעם פּלאַץ, איז געווען געמישט מיט אַ שטילן טרויער וועגן חורבן און אומקום פון דער הייליקייט און יעדער פּערזענלעכער טרויער איז באַהעפט געוואָרן מיט דעם טרויער פון כלל. אָט דערפאַר אַליין וואָלטן ראַטנער יידן פאַרדינט ס'זאָל אין זיי מקוים ווערן דער זאָג פון די חכמים, אַז ווער עס טרויערט כהלכה, וועט זוכה זיין צו זען אויך די פרייד... אין אַנדערע שטעטלעך האָב איך אַזאַ איינפיר נישט געזען און איך פאַרצייכן דאָס.

אין דער יידישער ליטעראַטור זיינען נישט קיין נייַ ביכער און ספרים, וואָס פאַראייביקן די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, אירע מאַסן און געקליבענע יחידים. מען האָט זיי אָנגעהויבן שרייבן אין דעם סאַמע פאַרטאָג פון אונדזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. אין דער תורה, שמות י"ג — י"ד שטייט געשריבן: כתוב זאת זכרון בספר (פאַרשרייב דאָס צום געדענקען אין אַ בוך), זעצט איבער דער תרגום יהונתן בן עוזיאל: כתוב דא דוכרנא בספר דסבייא (פאַרשרייב דאָס אין ספר הזכרון פון די זיידעס) און דער פאַרטייטשער דערפון דערקלערט: „זקנים הראשונים כתבו כל דבריהם בספר" — די ערשטע זקנים האָבן אַלע זייערע רייד פאַרשריבן אין אַ ספר.

דער עם הספר האָט פון שטענדיק אָן געוואָלט האָבן פאַרשריבן דאָס גאַנצע לעבן זיינס אין ספרים, פאַרשרייבן געשעענישן, קליינע, צי גרויסע, איז זייט שטענדיק אָן געווען אַן עכט יידישע נייגונג. מן השמים איז די יידן געגעבן געוואָרן צוזאַמענגעבונדן דאָס ממשותדיקע לעבן און דאָס בוך. דאָרט, ווו דאָס ממשותדיקע ווערט איבערגעריסן, קומט צוגיין דאָס ספר און פאַרקניפּט דאָס איבערגעריסענע און ציט ווייטער דאָס לעבן. ליטעראַרישע העלדן לעבן אויך נאָך דעם טויט אין זיכרון פון זייערע פאַרערער. דאָס בוך ווישט אָפּ די גרעניצן צווישן טויט און לעבן.

און דערפאר מאקע פאסט פאר א פאלק, וואס האט אין זיין קאנסטיטוציע אריינגענומען די עשרת הדברות און באזונדער דאס געבאט כבד את אביך ואת אמך — צו פאראייביקן דאס לעבן פון זיינע עלטערן און לערער און צו באערן זייער אנדענק דורך ספרים, וואס גיבן איבער די אויפטוען און מעשים פון איין דור צו די ווייטערדיקע דורות און דערציילט וועגן זייערע ליידן און דערגרייכונגען ווי בויער פון דער צוקונפט.

און מען דארף דערפאר אויסדריקן א יישר כוח די אלע שרייבער און פארצייכענער, וואס וועלן פאר די ראטנער שארית-הפליטה ארויפברענגען דערהויבענע און גרויסע בילדער פון די ווארטזאגער און מינהגים און אויך פון אלע אירע מאס, די גאנצע און תמימותדיקע מענטשן, וואס זיינען אין זייערע מעשים געווען גוט און שיין צו גאט און צו לייט. זאל זייער זכר זיין געבענטשט!

ישראל האַניק

# ס׳איז געווען...

געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון מיינע הארציקע ברידער און שוועסטער, און די טייערסטע און ליבסטע שטעטל יידן פון ראַטנע, וועלכע זיינען גרויזאַם דערמאָרדעט געוואָרן אין 1943.

שוין מאָנאַטן און וואָכן, ווי עס גייט מיר נאָך אַ געשפענסט־קאָשמאַר, מיט אינערלעכע אנגסטן און צערפולן טרויער, און גרוי־אומעטיק זיינען מיינע טעג, און וואנזיניק שלאָפלאָז זיינען די נעכט פון זינט מיר ווייסן די גענויע ידיעות פון אונדזער שטעטל.

עס שוועבט פאַר די אויגן דאָס בילד, דער זכרון דערוועקט דערינערונגען פון דעם גאַנצן שטעטל. פון אַלע נאָענטסטע און ווייטע, חברים און פריינט, פון פאַרשיידענע פאַסירונגען און איבערלעבונגען.

עס זיינען געווען חברים מיט פלאַם־פייערדיקן רעוואָלוציאָנערן ברען, וואָס פלעגן אונדז, יוגנטלעכע אויפקלערן די אויפגאַבן פון דער צייט, פון שטורמישן קאַמף קעגן אַלע מינים רעאַקציעס. לאַנגע שמועסן און דיסקוסיעס אויף דעם שאָסיי, וואָס פירט דירעקט אין דער ריכטונג פון מאָסקווע.

און זייער קאַמף איז געווען אַ סימבאָל פון מוט און גלויבן, מיטן טיפן ערנסט און אחריות און דערפאַר האָבן זיי אָנגעפילט די טורמעס פון פוילן. עס זיינען געווען, אָרגאַניזירטע דיסציפּלינירטע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן דערצויגן מאַסן יוגנטלעכע, אויף דעם וועג פון ציוניסטישן חלוציזם, וו ס׳האָט געהערשט ענטוזיאַזם און גלויבן פאַר אַ אידעאַל, און פאַר אַ צוקונפט פון אַ פאָלק פון יאָר־טויזנטער.

ס׳איז געווען אַ האַנטווערקער פאַראיין פון באמת האָרעפּאַשנע קליינשטעטלדיקע בעלי־מלאכות, מיט די ספּעציפיש יידישע פאַכן, וועלכע פלעגן זיך פאַרטיידיקן פאַר דער מאַכט אין הסכם מיט זייערע ספּעציפישע פּראָבלעמען.

ס׳איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון יונגע לוין־אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן, וועלכע פלעגן היטן און אַכטונג געבן אויף יושר און גערעכטע פאָדערונגען און לוינען. און זייער גייסט פון אויפברויז פון קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן, פלעגן זיי אויסזינגען אין זייערע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער לידער. און די פויסטן און מוסקולן פלעגן האַרט ווערן ווי שטאָל, גרייט צום קאַמף... און געווען צענדליקער גיבורים פון שטעטלשע יידן, קצבים, בעל־עגלהס און טרעגערס, וואָס זיינען שטענדיק געווען גרייט צו פאַרטיידיקן דעם יידישן כלל און כבוד, ווי זיי האָבן נישט איינמאָל דאָס באַוויזן די פוילישע כוליגאַנעס און פינצטערע אוקראַינישע פויערים דעם שטאָלץ און ווירדע פון יידן.

ס׳איז געווען אַ באַוווסטזיניקע יוגנט, וואָס האָט געשמט אין דער געגנט. אַ יוגנט וואָס פלעגט אין זומערדיקע טעג שפּאַצירן אין די ארומיקע פעלדער, לייענען און דיסקוטירן, און זוכן מיט דעם טיפן דורשט, דעם ציל פון מענטש, און פאָרשן די טויזנטער פאַרוואָסן, און די שווערע לעבנס־פּראָבלעמען פון פעלקער און מענטשן.

אַ יוגנט וואָס האָט געקענט קאַנטן און שפּינאָזאַן, שאָפּענהויער ביז די גריכישע גאַר אַלטע פילאָזאָפן און דענקער; אַ יוגנט פון קולטור אין העברעאיש, יידיש און פויליש. אַ יוגנט וועלכע האָט געשפּרודלט און געלעבט און געקעמפט און געהאָפט אויף בעסערע ליכטיקע צייטן.

ס'איז געווען אַ שטעטל מיט טויזנטער יידן וואָס האָבן געלעבט און גע־קרעכצט אונטער דעם שווערן יאָך פון עקזיסטענץ, מיט אַלע זיינען חנען און שיינקייטן.

און היינט, אין איינעם אַ טאָג פון 1943 איז מיט גוואַלד צוזאַמענגענומען גע־וואָרן דאָס גאַנצע שטעטל יידן — אַלע, אַלטע און יונגע, פרויען און קינדער. אין אַ טאָג מיט אַלע נאַטירלעכע שיינקייטן, מיט דעם זעלבן בלויען הימל, מיט די זעלבע



החלוץ הצעיר אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן

ליכטיקע שטראַלן פון דער זון, מיט אַלע רהבותדיקע נאַטור־שיינקייטן פון אַרומיקן האָריזאָנט, מיט אַלע מינים פליגעלעך אויף די צווייגן פון ביימער, וואָס אַלע אין כאָר שאַפן דעם וווּנדערבאַרן זשום וואָס פלאַטערט אין דער לופט, אין אַ סימפאָניע פון מוזיק געשאַפן פון דער נאַטור... אין אַזאַ טאָג, איז פאָרגעקומען דער גרויזאַ־מער מאַסן־מאָרד, און מענטשלעכע אויגן האָבן געזען ווי מאַמעס פאַרשטעלן די קינדער, און באָבעס פאַרשטעלן די מאַמעס, אַ וואַנזיניקער געיאָמער, און האַלב־משוגענע, און קוילן פון בליי און שטאָל, האָט געקנאַלט פון מאַשין געווער שעהנ־וויין ביז...

אַ בילד וואָס איז דאָס שוידערלעכסטע פון אַלץ, און מענטשן האָבן דאָס געזען און איינצעלנע יחידים האָבן דאָס איבערגעלעבט. ווער קען דען באַנעמען און פילן דעם קאַשמאַר פון שעהן, פון קולות און רחמים, געשרייען, פון רעזיגנירטן יאוש,

פון רעזיגנירטן אומקום... וואָס וואַנדאַלישע עקלדיקע מענטשלעכע געשטאַלטן, האָבן געטאָן. קען דען אַ גאַנץ פאָלק, אַזוי בעסטיאַליש ווערן, און פאַלן אין זומפּ פון אור־צייטיקע ווילדע קאַניבאַלן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער באַגריף און באַנעם פון לעבן?

ס'איז זיכער, אַז צענדליקער און אפשר הונדערטער האָבן זייער הייס בלוט נישט אַוועקגעשענקט פּ ח ד נ ו ת ד י ק דעם שונא, נישט קוקנדיק אויף אַלע מינים וואָפן, האָבן זיי זיך געראַנגלט און פאַרטיידיקט קעגן די שטאָלענע הענ־קערס. און ווי פיינלעך גיהנומדיק ס'איז דאָס בילד, און ווי שרעקלעך דער סוד: צוויי מאַסן־קבֿרים, האַלב פאַרוווּנדעטע און טויטע קינד און קייט, אַלע געמיינזאַם אין די קבֿרים... ס'איז ביינאַכט, איינצעלנע פאַרוווּנדעטע פּרוּוון זיך אַרויסדראַפּען פון די הויפנס קערפּער, עס הייבט זיך די ערד, און אין נאַכטיקער שטילקייט שלייכן זיך קערפּערס און זוכן ערגעץ פאַרבאָרגענעם שוץ...



השומר הצעיר אין 1921

ניין און צוואַנציק זיינען געבליבן אין שטעטל, און יעדן טאָג גייען זיי צו די קבֿרים שטיין פאַרהאַרטעוועטע פון קאַמף און לייד: אָן טרערן און אָן ילֵלות, קוקן מיט די אויגן דירעקט אין די טיפע קבֿרים, צו זייערע עלטערן, ברידער און שוועס־טער, פריינט, חבֿרים און סתם ייִדן, און זיי דערציילן מיט טיפן שטילשווייגן, זיי וויסן ברידער און שוועסטער, מיר זיינען געווען פאַרטיזאַנער, מיר האָבן נקמה גע־נומען פאַר אייער לעבנס, דער שונא, דער בעסטיאַלישער דייטש, ליגט אַ באַזיגטער, אַ דערוואָרגענער, אַ געפּייגערטער. טאָג איין, טאָג־אויס גייען זיי צו די קבֿרים. טאָג־איין, טאָג־אויס קומען זיי שווייגנדיק. זיי דערציילן דעם סוד, און געבן צו אַ שבֿועה, וועלכע איז הייליק און טייער, אַ שבֿועה וואָס איז געשמידט פון בלוט און פייער.

ס'וועט אויפגיין אַ ניי לעבן אומעטום ווו עס לעבט דאָס ייִדישע פאָלק, און עס וועט לעבן אין אַלע צייטן, און מיר וועלן פאַראייביקן אייער אָנדענק און פאַרזעצן אייער פאַרלאַנג פון ייִדישן המשך. און אייער ליבער אָנדענק וועט אונדז שטענדיק

דינען אין אונדזער צערפולן טרויער, אלס ביישפּיל פאַר אַלץ וואָס איז יידיש, און פאַר אַלץ וואָס איז הייליק...

די ניין און צוואַנציק שרייבן מיט זייער בלוט, מיר קענען נישט באַשרייבן און דערציילן דעם בראָך, מיר קענען נישט און ווייסן נישט ווו אָנצוהויבן. ס'איז דער טראַגישסטער חורבן, דער אומגליקלעכסטער סך־הכל... זאָל זייער ליכטיקער אָנדענק אונדז דינען אַלס ביישפּיל פון קאַמף, פאַר דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק, ציען דעם פאָדעם, פון אונדזער גלאָרייכער געשיכטע און פאַרזעצן אונדזערע צילן און אידעאַלן, צו דערגרייכן זיי, פאַר וועלכע אונדזערע קדושים מאַרטירער האָבן גע־קעמפט, דאָס איז דער פליכט פון אונדז. און דאָס איז געווען זייער לעצטער פאַרלאַנג.

אַזוי וועלן מיר באַערן דעם אָנדענק פון אונדזערע פאַרפּייניקטע מיליאָנען ברי־דער און אַזוי וועלן מיר קענען דערגרייכן געוווּנטשענע רעזולטאַטן פאַר אַלע פּראָ־בלעמען פון יידישן לעבן.

(„דער וועג“, 1945־9־21)

י. קאַנישטער

# ס'איז אַמאָל אַ שטעטעלע געווען...

ראַטנע, אַ קליין שטעטעלע ערגעץ־ווו אין פּאָלעסיע, אויף די ראַנדן פון וואָלין און ליטע. דאַכט זיך, אַזאַ פּשוט, אומשולדיק וואָרט, אַן איינפאַכער, באַשיידענער נאָמען, אַ הוילער קלאַנג, וואָס זאָגט קיינעם גאָרנישט און פאַר דער גרויסער וועלט האָט ער בכלל קיין שום ווערט נישט, אַ נאָמען פון אַ שטעטעלע ערגעץ־ווו, אונטער די הרי־חושך, צווישן טייכן און בלאָטעס, וואָס האָט קיינמאָל אין דער מענטשלעכער געשיכטע נישט געשפּילט קיין שום ראָל, נישט אין דער ליטעראַטור אָדער מוזיק, ניט אין דער וועלט־פּאָליטיק און אויך נישט אין דער אינדוסטריע און קאָמערץ, — אַ שטעטעלע, וואָס האָט זיך איין פערטל פון יאָר אין אָסיען צייט, געטרונקען כמעט ביזן האַלדז אין בלאָטע און אין אַנדערן טייל יאָר, אין ווינטער, איז דאָס פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין פאַרפרוירענע שפּיציקע, ווי שאַרפע פעלזן, האַרטע גרודעס, וואָס האָבן די פיס געשטאָכן און אַפילו אין דעם שיינעם פרילינג און דערנאָך אין זומער, די שענסטע צייט, ווען די נאַטור באַווייזט זיך אומעטום מיט איר גאַנצן פראַכט און צוי־בער, הויבן זיך אויף אויף אירע גאַסן ווען אַ פור פאָרט דורך גאַנצע וואָלקנס שטויב און פאַרשטעלן אויף אַ מינוט די שיינע זון, — און דאָך ווען יעדער איינער פון אירע זין און טעכטער, וואָס זיינען איצט צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט, וואָס האָבן זיך באַצייטנס אַדאַנק עפּעס אַן השגחה עליונה געראַטעוועט פון אומקום, זיינען אויסגעוואַנדערט, טאַקע צוליב עקאָנאָמישע סיבות לכתחילה אין די אַמעריקעס אָ' ער אַנדערע מקומות, — ווען יעדער איינער פון אירע קינדער דערמאָנט עס, רעדט אַרויס נאָר דעם נאָמען ראַטנע, גייט אים אַדורך ווי אַן עלעקטרישער שטראָם איבערן לייב אַ זיסער ציטער און זיין האַרץ, ווי אַ פאַרליבטער, גיט אַ צאַפּל און דאָס בלוט שטראָמט עפּעס שטאַרקער אין זיין קערפּער...

מיט ליבע־וואַרעמקייט און גליקזעליקייט ווערט זיין גאַנצער וועזן אָנגעפילט און זיסע קינדער דערמאַנונגען, יוגנט חלומות און שיינע ראָזעווע לופט־שלעסער, וואָס האָט דאַן אין זיין פאַנטאַזיע זיך אויפגעבויעט גייען אויף אין אים ווידער און צאַפּלען מיט זייער פרישקייט. ווי אַן אָנגעצויגענע פידל ווירברירן זיינע האַרץ־סטרונעס און לאָזן אַרויס קלאַנגען, פול מיט ליבע און בענקשאַפט צו דעם שיינעם גייסטיקן לעבן דאָרט, צו דער שיינער פאַרגאַנגענהייט, צום אָפּגעשטאָרבענעם נעכטן אין דעם אומ־געקומענעם שטעטל ראַטנע. ווייל דאָס שטעטעלע ראַטנע איז פון צוויי טיילן באַ־שטאַנען — איינע די פיזישע, די בלאָטיקע און גרויע ראַטנע, די ראַטנע של מטה. די אַנדערע — די מאָראַלישע, די רוחניותדיקע, די עטישע, די ראַטנע של מעלה. אין דעם ראַטנע של מטה זיינען געווען בלאָטעס און שטויב, זיינען געווען טאָג־טעגלעכע זאָרג פאַר פּרנסה, האַנדל־וואַנדל, קנאה און שנאה און דער מלחמת הקיום פאַרן שטיקל ברויט, וואָס יעדער איינער האָט עס געוואָלט פאַר זיך און קינדער, מענטשן מיט פאַרדאַגהטע, שאָטנדיקע פּנימער מיט איינגעהויקערטע פּלייצעס, מיט שטענדיקן אומעט און פּחד פאַרן מאָרגן אין די אויגן, בכלל מיטן חותם פון אַ שטענדיקן וועלט־

שמערץ אויפן גאנצע וועזן, מיט די דינע גופים און קארענע קאפאטעס, קליידלעך אויף זיי.

אין דעם ראטנער של־מעלה ווידער — העכערע ענינים, העכערע געפילן, לערנען און עוסק בתורה און עבודה זיין, חסידישע התלהבות און דבקות, שבת־יום־טובדיקע יידן מיט אנדערע מלבושים, אנדערע פרצופים, גלייכע רוקנס, נשמה־יתירהדיקע, וואס ס'זינגט פון זיי ארויס די שבת־קדושה, די יום־טוב־שמחה און ס'שטראלן פון זיי ארויס אינערלעכע, הייליקע און געהויבענע געפילן. אפילו די ארעמע יידן, אט די פון לעבן אינגאנצן פארשעמטע און דערנידעריקטע, וואס א גאנצע וואך הונגערן זיי כמעט און זיינען אין זייער נויט און עלנט ווי פארגעסן און פארלוירן, וואס האבן אפילו נישט אויף מזון סעודה אחת, אפילו זיי זיינען אויך פריילעך און צופרידן שבת, ווייל מלכה די „ראטאנדע" און די מיידלעך פון דער גאס האבן זיי שוין אויך באזארגט אויף שבת און יום־טוב. מיט די גרויסע פארטוכער פארנט און מיט די ערנסטע גאטספארכטיקע פנימער גייען זיי אום פון שטוב צו שטוב בעת קבלת שבת און יום־טוב דארטן אין די שולן און נעמען צונויף פאר זיי ברויט, פיש און פלייש, וואס יעדע פרוי רייסט אפ פון אירע קארגע פארציעס און גיט פאר זיי, פאר די ארעמע לייט, כדי זיי זאלן אויך וויסן פון א שבת און יו"ט.

ראטנע של מעלה — ס'איז פורים אין שטעטל, א יום־טוב וואס איז א מצוה צו עסן און טרינקען א סך צוליבן גרויסן נס אמאל, וואס גאנצע געמיינדעס יידישע זיינען אפגעראטעוועט געווארן פון פארלענדונג דורך זייערע בלוטיקע שונאים. יידן שיקן זיך משלוח מנות איינער דעם צווייטן און צוגלייך זיצט זיך יעדער איינער א שיינער־דיקער א גוטמוטיקער איבנאן ביים טיש מיט א בערגעלע קליינגעלט און טיילט יעדן איינעם, וואס קומט מיט דער רויטער פאטשיילע אריין אין שטוב, סיי ארעמעלייט אדער אזוי נויטבאדערפטיקטע. די האנט און הארץ זיינען אפן, מ'טיילט יעדן. ערב פסח. ס'קומט אן אין דער יידישער גאס דער גרויסער באפרייאונגס יום־טוב פסח און צוזאמען מיט אים דער באפרייאונגס־נאטור יום טוב — דער פרילינג. אלץ שיינט און גלאנצט. יעדענס געמיט איז אויפגעלעגט און פריילעך. מ'וואשט, מ'רייניקט און מען שייערט און מ'גרייט זיך צו דעם געהויבענעם יו"ט מיט מצות, פיש, פלייש און וויין. ס'זיינען אבער דא א סך יידן, אויסגעשריענע און פארבארגענע ארעמעלייט, וואס קאנען זיך דאס אלץ נישט איינשאפן און באזארגן. עקזיסטירט אין שטעטל א מעות־חיטים קאמיטעט, וואס באזארגט מיט אלדאס נויטיקע אויף די גאנצע אכט טעג יום־טוב די ארעמע, וואס האבן נישט און ר' זעליג דער „גלייכער" און ר' ליבער קארש ע"ה וויסן שוין אפילו פון די בעל־הבתישע ארעמעלייט, פון די עניים בני טובים וואס מ'דארף זיי געבן מתן בסתר און מ'ברענגט אריין דעם שמחת יום־טוב אויך אין זיי־ערע ארעמע שטיבער.

ראטנע של מעלה — ס'איז דא א חברה ש"ס אין שטעטל, זיינען אין איר פאר־שריבן יידן, וואס קענען לערנען און אויך אזעלכע, וואס קענען נישט לערנען, אבער זיי געבן געלט אויף די חברה־הצטרכותן, כדי אויך צו האבן א שטיקל חלק אין דעם לערנען. צעטיילט מען די זעכציק גמרות און די סדרים משניות צווישן די לומדים און יידן, א חוץ זייערע פריוואטע שעורים אין לערנען, לערנען א גאנץ יאר. ס'קומט דער טאג פונעם סיום הש"ס, מאכט מען א סעודת מצוה אין א שטיבל און אלע מיטגלי־דער קומען אויף איר. ס'איז צוגעגרייט א סעודה כדבעי, מיט פלייש, פיש און אבי־סעלע בראנפן אויך און אפילו מיט זיוו השכינה — זיצן זיך די יידן מיט שיינענדיקע פנימער, מיט רוחניותדיקע אויגן ארום די טישן, פונקט אזוי ווי ביי א סעודה פונעם שור הבר מיטן לויתן, מ'זאגט תורה, מ'דערציילט חסידישע מעשיות, מ'זינגט זמירות און מ'שוועבט מיט די חומרס אין די העכערע וועלטן...

ראַטנע של מעלה — ראש השנה דעם ערשטן טאָג גייען יידן צוריק פון „תשליך״. זיי האָבן דאָרט אַריינגעוואָרפן די זינד, סימבאָליזירנדיק דאָס מיט די אַרויסגעוואָרפענע פון די קעשענעס ברעקלעך אין וואַסער, זיי גייען איבער די גאַסן אין געשלאָסענע רייען צוריק אין די בתי־מדרשים און זינגען אַזוי האָפּערדיק, אַזוי שטאָלץ די שיינע חסידישע ניגונים, די שיינע מאַרשן מיט אַזאַ ענטוזיאַזם און דבקות, אַז דו דערקענסט זיי גאָרנישט און פרעגסט זיך דאָן: צי שוין דען זיינען דאָס די נעכטיקע וואָכעדיקע יידן, אָט די נעכטיקע שקלאַפן? ס׳זיינען דאָך גאָר פּרינצן, האָפּערדיקע, שטאָלצע פּרינצן מיט אַנדערע פּנימער, מיט גלייכע פּלייצעס, מענטשן, פרייע מענטשן.

ראַטנע של־מעלה — ס׳זיינען געווען אין שטעטל אַ בינטל אינטעליגענטע יונגע־לייט, וואָס האָבן נישט געקענט זיין גלייכגילטיק צום פאַרלאָזענעם חינוך־פעלד אין שטעטל, צו דער אָפּגעשטאַנענער דערציאונג פון די שטעטלשע קינדער, וואָס אַ סך פון זיי האָבן זיך פּשוט דערצויגן „ללא תורה ולא דרך ארץ״. פון איין זייט האָט נאָך געדייעט דאָרטן דער אַלט־פרענקישער הדר, וואָס האָט דעם אמת זאָגנדיק, גע־האָט אַ סך פאַרדינסטן אין זיינער צייט, אָבער צו וועלכן אין דער לעצטער צייט האָבן די קינדער זיך שוין באַצויגן מיט בטול און נישט געהאַט דעם מינדעסטן רעספּעקט צו די מלמדים. פון דער צווייטער זייט ווידער — די פּאַוושעכניע־שולע, ווו ס׳האָט גע־הערשט אַ קאַטוילישער, קאָנסערוואַטיווער גייסט, וואָס האָט אין געוויסן זין משפּיע געווען שלעכט אויף דער דערציאונג פון יידישע קינדער. האָבן די יונגעלייט כמעט אָוועקגעלייגט פּרנסה און זייערע פאַמיליען־זאָרגן און האָבן אויך נישט געקוקט אויף די הוצאות, וואָס זיי זיינען אַליין אָפּט אויסגעשטאַנען און האָבן זיך גענומען אויס־סטאַרען אַ אינטעגראַלע תרבות־שולע פאַר די יידישע קינדער. זייער אַרבעט איז נעקרוינט געוואָרן מיט אַ דערפאָלג און אין אַ שיינעם טאָג איז די תרבות שולע גע־



דער החלוץ אין ראַטנע אין 1937

עפנט געוואָרן, וואָס איז באמת געווען אַ קוואַל פון עלעמענטאַרן יידישן וויסן און נאַציאָנאַלן גייסט. ס׳האָבן זיך דאָרטן געלערנט ביי די 200 קינדער פון וועלכע 20 פּראָצענט האָבן געצאָלט די גאַנצע פּרייז, 50 פּראָצענט נאָר פאַרשיידענע רעדוציר־טע פּרייזן און אַן ערך 30 פּראָצענט האָבן צוליב אָרעמקייט געלערנט אומזיסט. דער־פאַר איז אַלע יאָר די שולע געשלאָסן געוואָרן מיט אַ גרויסן דעפיציט. און דאָס האָבן טאַקע די זעלבע יונגעלייט געדאַרפט אויסטראָגן אויף זייערע אייגענע פּלייצעס: זיי מיט זייערע פרויען זיינען געוואָרן „גבאים און גבאיטעס" און האָבן אַ טייל פונעם דעפיציט געדעקט מיט די נדבות, וואָס זיי האָבן געזאַמלט איבער דער שטאָט און דאָס רעשט וואָס האָט געפעלט, האָבן זיי שוין דערלייגט פון זייערע אייגענע קעשענעס.

---

יאָרן פאַרגייען און פאַרשווינדן. דורות בייטן זיך. די אַלטע שיינע וועלט מיט אירע רעליגיעזע כשופן, מיט טיפן פון גלויבן און טיפן בטחון טרעט אָפּ פאַר דעם יונגן דור. דער יונגער דור טראָגט אויס אַנדערע, נייערע אידייען, נייע לעבנס איינ־שטעלונגען און טעאָריעס, אידייען פון פאָלקס־אויפלעבונג, פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, פון אַ זעלבסטשטענדיק לעבן אין אַן אייגן לאַנד. זיי זיינען טאַקע נישט אַזוי רעליגיעז און פרום, ווי זייערע טאַטעס און זיידעס, אָבער שטענדיק טראַדיציאָנעל טראָגן זיי מיט שטאָלץ זייער יידישקייט און ציען דעם גאָלדענעם פאָדים ווייטער, דעם יידישן דורותדיקן המשך. זיי לערנען, זיי שטודירן, זיי דיסקוטירן, טומלען און שאַפן אַ ניי־שפרודלדיק לעבן, פיל מיט אינטערעס און באַוועגונג. אַ נייע ראַטנע של־מעלה.

און ווען ס׳איז אָבער געקומען אַ סוף צו דעם ראַטנער של מטה, ווען די ווּיסטע נאַצישע בעסטיעס האָבן אומגעבראַכט דאָס שטעטעלע מיט אירע טייערע מענטשן איז אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן די ראַטנע של מעלה. נישטאָ מער די פשוטע, ערלעכע אַלטע יידן, נישטאָ שוין אויך די ברויזנדיקע יוגנט. פּוסט און ליידיק, אַלץ איז פאַר־שווונדן. ס׳איז אומגעבראַכט און אויסגעגלייכט געוואָרן די ערד מיטן הימל, דער אונטן מיטן אויבן... איין שטיקל נס אָבער איז די שארית הפליטה, אָט די, וואָס על־פי צופאַל האָבן זיך פריער געראַטעוועט אין די אַמעריקעס און אַנדערע לענדער, אָט די יורשים, גייסטיקע יורשים פון דער ראַטנע של מעלה, וואָס ווילן איצט ווייטער אי־בערנעמען די הייליקע שליחותן און ציען ווייטער דעם פאָדים, דעם המשך, וואָס ווילן די צעפלויגענע אותיות. (אותיות פורחות) פון די צעבראָכענע לוחות, די ניצוצות של קדושה, די הייליקע פונקען, נאַקעטע און פאַרוואָגלטע נשמות, וואָס שוועבן און פלאַטערן ערגעץ אַרום אין דעם וועלט רוים — אויפקלייבן און צונויפזאַמלען און זיי געבן אַ נשמה תיקון אויפן פּאַפּיר און לדור דורות פאַר־ווירקלעכן און פאַראייביקן ווי אַ מאָנומענט, אין פאָרם פון אַ יזכור־בוך צום פאַר־שווונדענעם ראַטנע של מעלה!



**אליעזר גינזבערג** (אליעזר ברײַנדלס)

# געװען אַמאָל אַ שטעטל
# אין װאָלין

שװער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דאָס שטעטל, װאָס האָט דעם יחוס גע־צװיגן הונדערטער יאָרן איז פאַרשװוּנדן און אָפּגעמעקט געװאָרן און אונדזערע נאָ־ענטע זײַנען מער שױן נישטאָ.

מען האָט געטרוימט און געהאָפט, אַז די מלחמה װעט זיך ענדיקן װעט מען פאָרן אהיים זיך זען מיט פרײַנט, באַקאַנטע, חברים און אָפּפרישן די זכרונות פון דער יוגנט. לײדער, לײדער, נישטאָ קײן פרײַנט, קײן קרובים, קײן חברים, נישטאָ צו װעמען צו קומען און נישטאָ נאָך װאָס צו פאָרן. פאַרשניטן געװאָרן אַ לעבן און געענדיקט.

שװער געװען דאָס לעבן פון אונדזערע ליבע אין שטעטל. קײנמאָל פאַר זיך קײן גוטס נישט געהאַט. אָן עקאָנאָמישע אױסזיכטן פאַר אַ בעסערן מאָרגן, אָבער פול מיט בטחון און אמונה, געװוּסט און פאַרשטאַנען, אַז זײ איז נישט גוט, אָבער געהאָפט, אַז די קינדער װעט בעסער זײַן. װי װאָכעדיק און שװער זײער לעבן איז געװען אינעם עול פרנסה האָבן זײ אין די יום־טובים און שבתים אַראָפּגעװאָרפן פון זיך אַלע זאָרגן און דאגות און באַקומען אַן אַנדער פנים. אמתע קדושה האָט געהערשט אינעם שטעטל אין די ימים נוראים־טעג, אַזױ האָט עס געצױגן פאַר גאַנצע דורות.

די יוגנט, נישט זעענדיק קײן תכלית אינעם לעבן פון קלײנעם שטעטל און קײן אױסװעג צו װאַקסן, האָט זיך געריסן אין דער גרױסער װעלט אַרײַן, װו מען האָט געהאָפט, געטרוימט און געקעמפט מיט שײנע אידעאַלן פאַר אַ בעסערער װעלט, פאַר אַ װעלט אָן עקספּלאָטאַציע און אױסנוצערײַ, פאַר אױפלעבן דאָס ייִדישע פאָלק אין זײַן אײגן לאַנד, דערגרײכן אַ בעסער לעבן פאַר זיך און פאַרן ייִדישן פאָלק. מען האָט נישט נאָר געטראַכט, געטרוימט, נאָר אַלײן געװאָרן די פּיאָנערן, די פאַר־װירקלעכער פון אָט די טרוימען, פאַרלאָזט פאַמיליע, הײם, פרײַנט און חברים און אַװעק אינעם לאַנד פון די יוגנט־חלומות. עמיגרירט אױך אין פאַרשידענע

לענדער איבער דער וועלט, אַוועקגעטראָגן מיט זיך די יוגנט-אידעאַלן און געמרוימט זיך צו דערשלאָגן צו אַ תכלית, כדי צו קענען העלפן זיך און פיל מעגלעך אויסבע-סערן, פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון דער פאַמיליע אין איר געראַנגל פאַר דער שווע-רער עקזיסטענץ.



אַ גרופּע חברים געזעגענען יואל ריכטערן (חיים שטיינבערג) צו זיין אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע. עס שטייען פון רעכטס: אליעזר העלד, נ. שאַפּירא, יואל ריכטער, לייבל באַיאַן, לייבל בלאַוושטיין און ניסקע שאַפּירא.

אַזוי זיינען פאַרלאָפן יאָרן, און פּלוצלינג אַזאַ אומגליק. נישטאָ פּשוט קיין אויסדרוק-ווערטער. דער בראָך איז טיפער ווי דער ים, ווען מען דערוווסט זיך ווי אונדזערע קדושים און טהורים האָבן פאַרלאָרן זייער לעבן. אַ גליק איז שוין געווען ווען די קויל האָט דירעקט געטראָפן אויפן אָרט, און מען האָט נישט געדאַרפט דורכמאַכן אַזוי פיל יסורים, ביז דער טויט האָט דערלייזט.

מיר, די לעבנגעבליבענע, וואָס האָבן נישט דורכגעמאַכט דאָס אַלץ קענען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן די אַלע יסורים, פּיינען און אומגליקן, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין ביז דער טויט האָט זיי ענדלעך באַפרייט.

שווער צו גלויבן, אַז אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, די ברידער און שוועסטער, און די ריינע אומשולדיקע קינדערלעך ליגן פונאַנדערגעוואָרפן אין פּיר ברידער

קברים, פון וועלכע די גרעסטע צאָל איז דערמאָרדעט געוואָרן י״ג אלול און זיי רוען אויף דעם פריכאָדער באַרג און דער צווייטער ברודער־קבר פון 500 נפשות אויף דיַר האַליאַנקע אין הייפל און 110 נפשות נעבן ריטץ סאַפּאַנציק, און 400 אין קאַשאַטע נעבן זשעריטשי און צענדליקער וואָס זיינען אומגעקומען אין די וועלדער, פעלדער און אין וואַסערן, געפרוירענע, פאַרהונגערטע און דערשטיקטע.

חרוב געוואָרן דאָס ליבע האַרציקע שטעטעלע, וואָס האָט לאַנגע דורות עקזיסטירט. נישטאָ מער קיין בתי מדרשים מיט די ליבע יידן, מען הערט שוין ניט דאָרטן די ליבע זיסע קולות און שטיפעריייען פון אונדזערע ליבע משהלעך און שרהלעך. צעשטויבט און פאַרברענט, פאַרניכטעט דאָס הייליקסטע, וואָס יעדער איינער האָט עס אָפּגעהיט פאַר הונדערטער יאָרן. צעטראָטן אַלע טרוימען. אין חורבן און אַש זיך פאַרוואַנדלט אונדזער שטעטל.

פאַרוואָס איז זיי דאָס געקומען אַזאַ מין טויט? עס פאַרקלעמט דאָס האַרץ און מען ווייסט נישט צו וועמען צו האָבן טענות, מען פילט דעם בראָך ווי גרויס ער איז און קיינער קאָן קיין טרייסט נישט געבן.

מיר דאַרפן הייליק טראָגן זייער אָנדענק ווי לאַנג נאָר מיר וועלן לעבן. ווייל ווען זיי זיינען אומגעקומען אונטערן האַגל פון קוילן, געשליידערטע לעבעדיקערהייט אין די ברידער־קברים, זיינען זיי געשטאָרבן פילנדיק, אַז ערגעצוו ווייט, ווייט צי דאָס איז אַמעריקע, אַרגענטינע, צי ארץ־ישראל און אין אַלע עקן וועלט ווו עס געפינען זיך נאָר ראַטנער קינדער, וועט בלייבן אַ רינגל פון דער גרויסער קייט, וואָס איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. מיט דעם דאָזיקן געפיל זיינען זיי געשטאָרבן.

עס וועט נאָך קומען די צייט ווען די געשיכטע פון אונדזערע מאַרטירער וועט געשריבן ווערן און די העראָאישע קאַפּיטלעך פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט פון יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער, וועלכע זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען וועט פאַראייביקט ווערן. דעמאָלט וועט אונדזער שטעטל ראַטנע פאַרנעמען איר געהעריקן פּלאַץ.

די אויפגאַבע פון יעדער ראַטנער ייד, וואָס לעבט אין דער וועלט מוז זיין נישט צו רוען און צו העלפן אונדזערע ליבע ראַטנער פון דער שארית הפליטה, וואָס זיינען לעבנגעבליבן אַרויסגעריסענע על־פּי נס פון טייוולס מויל, זיי העלפן נישט נאָר מיט אויבערפלעכלעכער הילף, נאָר קומען צו זיי מיט קאָנסטרוקטיווער הילף, זיי העלפן זיך איינאָרדענען ווי נאָרמאַלע פּראָדוקטיווע מענטשן. זאָל אונדזער געוויסן זיין ריין און זאָלן מיר טאָן אַלץ וואָס ליגט נאָר אין אונדזערע מעגלעכקייטן צו העלפן די שארית הפליטה פון אונדזער שטעטל ראַטנע, גרינגער מאַכן, פאַרלייכטערן זיי דאָס לעבן און דערמוטיקן נאָך זייערע גרויסע יסורים, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין משך פון די יאָרן פון דעם חורבן.

זאָל דער אָנדענק פון אונדזערע קדושים קיינמאָל פון אונדזער זכרון נישט פאַרגעסן ווערן.

(„אַמעריקאַנער מאַגאַזין״)

ברוקלין, 5טער טאָג פון חודש אדר שנת תש״ז

שרה גינזבורג־שוואַרץ (ישראל)

# גרויס איז דער ווייטיק און טיף דער טרויער

גרויס איז דער ווייטיק און טיף איז דער טרויער, וואָס הויערט אין די טיפסטע טיפענישן פון האַרצן. לאָמיר זוכן אַ טרייסט אין דעם, וואָס מיר, די אַלע אבלים נאָך אונדזערע אייגענע אין ראַטנע, די אכזריותדיק־פאַרשניטענע, האָבן די מעגלעכקייט אַריינצושרייבן עטלעכע ווערטער אין דעם ראַטנער ספר הזכרונות און נישט דער־לאָזן, אַז דער זכר פון די פאַרשניטענע זאָל אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן.

מיין טייערע שוועסטער אַנדזשע... מיין שוואָגער לייבל גראַבאָוו, דער גוטער און גערעכטער צווישן די מענטשן. ביידע האָבן זיי נישט זוכה געווען צו זען פאַר־ווירקלעכט דאָס דאָזיקע, וואָס זיי האָבן געחלומט און דערגרייכן צו דעם, וואָס זיי האָבן געשטרעבט.

די ערשטע חלוצים אין אונדזער שטאָט זיינען געווען פול מיט האָפענונגען אין יאָר 1925, אין דער צייט פון דער פערטער עליה. לייבל און אַנדזשע האָבן זיך דע־מאָלט אויך געגרייט צו פאָרן קיין ארץ ישראל. זיי האָבן ביידע זיך אָפּגעגעבן מיט הכשרה. מיין שוועסטער, אַ פולע מיט לעבן, האָט זיך געגרייט צו דער אַרבעט אין רפת (שטאַל).

און ס'האָט אויסגעבראָכן דער קריזיס אין ארץ. דער ערשטער עולה האָט זיך אומגעקערט און איבער פאַרשידענע סיבות זיינען זיי שוין פאַרבליבן אין ראַטנע. און כאָטש זייער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ גוטע, זיינען זיי קיינמאָל נישט געווען צופרידן פון זייער לעבן — אַ לעבן פון צובוימלטקייט, בהלה און פּאַניק. זיי האָבן שטענדיק געהאָפט, אַז די מיידלעך זייערע וועלן אונטערוואַקסן, וועלן זיי פאָרן לערנען אין לאַנד און מיט דער צייט וועלן זיי אויך קענען איבערבייטן זייער לעבן. און אָט איז געקומען די אכזריותדיקע האַק און האָט געמאַכט אַ סוף צו זייער אַלעמענס לעבן.

אייביק וועל איך זיי געדענקען.

איך האָב געהאַט אַ פונק פון האָפענונג צו קענען ברענגען אין יידישן לאַנד אַריין מיין קלענסטע שוועסטערל יענטעלע, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט נאָך גאָר אַ קינד. איך האָב תמיד געטראַכט: זי איז אומגליקלעך אין איר קינדהייט, וועל איך זיין די דאָזיקע, וואָס וועט זי אויסלייזן, ווען זי וועט גרויס ווערן. איז זי געפאַלן אין בלי פון אירע יאָרן.

איך וועל זי אייביק געדענקען.

און ווער האָט געקענט טראַכטן, אַז דער אכזריותדיקער גורל וועט זיך נוקם זיין אויך אין מיין פעטערס זון מאָטל גינזבורג און אַז די האַנט פון די מערדער וועט אים נישט אויסמיידן? ער איז געווען דער סימבאָל פון איידלקייט. ער איז שטענדיק געווען גרייט זיך אַליין מקריב צו זיין, בכדי צו העלפן אַ צווייטן.

איך געדענק אים אין דער טרויעריקער בולאַק־בולאַכאָוויטש־עפּאָכע. דער דאָ־זיקער באַנדיט האָט מיט זיין באַנדע נישט איבערגעהיפּערט אויך זיין שטאָט. עס

איז געווען אַ גרויסע בהלה. די יידן זיינען געלאָפן זיך באַהאלטן ביי די פויערים אין די כאַטעס. אייניקע האָבן זיך באַהאלטן אין שטיבל פון רבקה טאָקער, בכדי זיך צו ראַטעווען פון די „ראַזבאָיניקעס". זיי זיינען געווען זיכער, אַז די מערדער וועלן זיך נישט אומקוקן אויף דעם קליינעם שטיבל. און זיי האָבן געגרייכט דווקא אויך אַהין. זיי האָבן פאַרהאַקט די טירן און זיך געקליבן צו אונטערצינדן די גאַנצע הייזקע אינאיינעם מיט אַלע מענטשן.

מאָטל האָט דאָס געזען פון דער ווייטנס און ער האָט איבערגעלאָזט זיין באַהעלטעניש, האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און ער איז צוגעגאַנגען צו דער באַנדע, זיי געגעבן צו רייכערן און ער האָט זיך „פריינטלעך" געווענדט צו זיי און זיי פאָר־געלייגט אַ באַדייטנדיקע סומע און צוגעזאָגט זי גיך צו ברענגען. און ער האָט דער־נאָך אַרומגעוואַנדערט אַ פאַרלוירענער און געקלערט ווו צו קריגן דאָס געלט און ער האָט זיך געשראָקן פאַר די אַלע לעבנס, אַז דאָס האַרץ איז אים שיר־נישט



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון החלוץ הצעיר, די 5טע פון די זיצנדיקע, רעכטס, איז שרה גינזבורג.

אַרויסגעפאַלן. קיינער האָט נישט געהאַט קיין געלט אין שטעטל. און ער האָט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און ער איז צוגעגאַנגען צום ראַטנער גלה, האָט ביי אים פאַרמשכונט דאָס הויז זיינס און ער האָט געקראָגן די צוגעזאָגטע סומע און אַלע געראַטעוועט.

אָבער זיין לעבנס־חלום האָט מאָטל נישט זוכה געווען צו זען פאַרווירקלעכט. איך האָב ביי מיר דאָס לעצטע פּאָסט־קאַרטל זיינס. ער האָט געשריבן, אַז זיין טאָכטער געפינט זיך אויף דער שוועל פון עליה. זי פאָרט לערנען אין העברעאישן אוניווער־סיטעט. און ער דריקט אויס די האָפענונג, אַז מיר וועלן זיך זען אין ארץ. דער גורל האָט נישט געוואָלט.

קיינמאָל וועט זיין אָנדענק נישט אָפּגעטאָן ווערן פון מיר.

לאָמיר דאָ דערמאָנען אויף תמיד אין אָט דעם ספר, וואָס גיט אונדז אַ מעג־לעכקייט צו פאַראייביקן אונדזערע קדושים, אונדזער לערער נח קעצקער, וואָס פון

אים האָבן מיר געשעפּט אונדזערע קענטעניש אין דער העברעאישער שפּראַך. ער איז געווען דער ערשטער לערער אין אונדזער שטאָט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט דעם ציוניסטישן גייסט און ער האָט נישט זוכה געווען, אַז אַפילו איינער פון זיין משפחה זאָל אָנקומען אין יידישן לאַנד אַריין. די האַק פון די מערדער האָט אַלע־מען פאַרשניטן דאָס לעבן.

דאָס האַרץ ווערט אין מיר צעריסן, ווען איך ברענג אַרויף אויף מיין געדעכעניש מיינע חברות, וואָס זיינען פאַרשניטן געוואָרן אין בלי פון זייערע לעבנס. ריקל מעלניק, מיין חברטע פון דער שול־באַנק און פון דער הכשרה. זי האָט נישט זוכה געווען עולה צו זיין. גילה ווײַנשטאָק, ריבה שאַפּיראָ, רבקה קאַמינער... אַלע זיינען זיי געפאַלן פון דער אַכזריותדיקער האַנט פון ווילסטן שׂונא...

איך וועל זיי שטענדיק געדענקען.

**ישראל האַניק** (בוענאָס איירעס)

# ראַטנע

ס'איז שוין אַריבער דאָס זיבעטע יאָר, פון דעם שוידערלעכן אַלגעמיינעם חורבן, ווען די דייטשע וואַנדאַלן מיט די אוקראַיִנישע משרתים האָבן אַזוי גרויזאַם פאַרפייניקט און דערמאָרדעט דאָס שטעטל.

אין קברים אויף פאַרשיידענע דערבייאיקע פעלדער, ליגן אונדזערע טייערסטע און ליבסטע. אויסגעלאָשן איז געוואָרן אַ לעבן, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרהונדערטער. נישטאָ מער דאָס לעבן, וואָס האָט זיך געפייניקט און געקעמפט אין פאַרלויף פון דורות, אין צייטן פון מלחמות און פּאָגראָמען. פון אָפטע שׂרפות פלעגט עס אָפּגעברענט ווערן, פון אוקראַיִנער און אין דער מלחמה פון 1914 דורך די קאָזאַקן פאַרגראַמירט ווערן. און שטענדיק אויף די זעלבע פלעצער פלעגט מען אויפבויען נייע הייזער, און נייע געשעפטן.

דער אַלטער בית־עולם האָט געהאַט איינגעזונקענע מצבות פון הונדערטער יאָרן צוריק, און להבדיל דער אַלטער פּוילישער קאַשציאָל אויף דער אַלטער שטאָט האָט געהאַט די דאַטע פון דעם פופצנטן יאָרהונדערט.

ראַטנע, אַן אַלט שטעטל, מיט ייִדן און אוקראַיִנישע מישטשאַנעס, האָט געצויגן איר יחוס פון פּוילישע פּריצים און גראַפן.

אָפּגעריסן פון דער שטורמישער וועלט, אַרומגערינגלט מיט טיפע פעלדער און טייכן: דער טייך פּריפּעט האָט דורכגעשניטן דאָס שטעטל. אַמאָליקע יאָרן איז דער גאַנצער מסחר פון האָלץ געגאַנגען אויף זיינע כוואַליעס אַזש צום ווייסל קיין דאַנציק. אַ שאָסיי, וואָס גייט וואַרשע—מאָסקווע האָט פאַראייניקט דאָס שטעטעלע מיט די גרויסע קרייז־שטעט ווי בריסק און קאָוועל.

ייִדן סוחרים און אַלערליי בעל־מלאכות, בתי־מדרשים און שטיבלעך און פאַרשיידענע חסידים, זיינען געווען אויף דער לאַנגער שיל־גאַס, מיט אַ ברויזנדער שטורמישער יוגנט, פול מיט אַלערליי אָרגאַניזאַציעס, ציוניסטישע און אַנדערע, און ביבליאָטעקן.

ס'דערמאָנט זיך אַזוי בולט און קלאָר דאָס שטעטל, און עס קומט אויס אַזוי טראַגיש ווייטיקלעך צו מאַכן פאַרגלייכן. דו טראַכסט און דענקסט, און דו ווערסט פאַרזונקען אין אַ לאַבירינט פון קאָשמאַרן, וואָס פאַרפאָלגן דיך אין דיין טאָג־טעגלעכן לעבן. דו זעסט די ברויזנדע שטורמישע יוגנט פון אידעאַלן און רעוואָלוציעס, פון אינטעליגענטע ייִדישע זין און טעכטער, וואָס האָבן געקעמפט און געגלויבט אין דעם מענטש, וואָס האָבן דערוואַרט אַ זוניקן מאָרגן פאַר דער מענטשהייט..

געלערנט און געלייענט, אַ סך געלייענט און זיך אויך געבילדעט. און געפירט טיפע דיסקוסיעס, וועגן באַוועגונגען און שיטות אין דער וועלט־ליטעראַטור, זיך טיף געגריבלט אין די אייביקע פאַרוואָסן פון מענטשלעכן לעבן, פון פאָלק און פאָלק... אין ווינטערדיקע נעכט, אין זומערדיקע טעג, אויף דער רחבותדיקער שוים פון דער נאַטור.

און עלטערע פלעגן זאגן און ריידן: נו, וואס זאלן זיי טאן די ליידיקגייערס, אז קיין ארבעט איז נישטא און דער מסחר באגראבן, איז שוין בעסער אזוי... אזוי האט מען געצויגן די גאלדענע קייט פון זיידעס און עלטערן, וואס פלעגן דערציילן אלטע מעשיות פון מלחמות און פאגראמען, פון שטענדיקע צרות, פון אלע צייטן, פון פאר־שידענע באנדעס און הפקר־יונגען, ביז די באלאכאוצעס. און אין אלע צייטן האט באגלייט דער יידישער בטחון, און אזוי האט מען געלעבט מיט שטיצע פון זין און טעכטער אין אמעריקע. נישטא מער דאס שטעטל, וואס האט געלעבט מיט דעם אמאל. אמאל זיינען געווען אנדערע צייטן. אזוי פלעגן יידן שטענדיק זאגן... נו און היינט, אין צוואנציקסטן יארהונדערט האט דאס פאלק פון דענקער און דיכטער, פון געטע און קאנט, פון שילער און שאפענהויער אזוי בעסטיאליש חייש פארצוקט און פארניכטעט מענטשלעכע לעבנס...



א געזעגענונג פאר שמחה לעקאר צו זיין עולה זיין קיין ישראל אין 1932

כ׳ווער נאיוו פון צער, און כ׳פרעג אפט: איז דאס מעגלעך געווען, אז מענטשן זאלן באגראבן לעבעדיקערהייט קינדער, זויג־קינדער? זיינען זיי נישט משוגע גע־ווארן פון הארצרייסנדיקן הימלשרייענדיקן געוויין? חיות וואלטן זיך אויף זיכער דערשראקן...

אלע זיבן יאר, איז די טעג פון די גרוילהאפטע שחיטות, גייט מיר נאך א גע־שפענסט און מאנט, ווייל דער איינציקער פארלאנג אין די שוידערלעכע מינוטן איז נישט מקוים געווארן...

פאריתומט איז געווארן אונדזער לעבן, נישטא מער קיין בריוו פון אונדזערע ליבע טייערע היימען. אויף אלע שמחות פילן מיר זיך ווי איינזאם, עס פעלט אונדז

אוים לעבנס־לוסט. אייביק, אויף אַלע אייביקייטן, דאַרפן מיר געדענקען און נישט פאַרגעסן און דערמאָנען זיך, און פילן און איבערלעבן זייער צערפולן אַנגסט, און די מינוטן פון אומקום און פאַרניכטונג.

קיינער פון אונדזערע אַזוי גערופענע פריינט, וואָס האָבן צוזאַמען געלעבט פיל דורות, האָבן זיי נישט געקענט אויסבאַהאַלטן און ראַטעווען פון אומקום, ווען זיי זאָלן נאָר וועלן. אָן אויסנאַם פון איינציקע „יחידי סגולה", האָבן די אוקראַאינישע באַנדיטן נישט נאָר געכאַפּט און געפירט צו די דייטשן, נאָר אַליין מאַסנווייז גע־מאָרדעט. זיי זיינען דאָך געווען די בעסטע ווען זיי האָבן פון אונדז געדאַרפט... אויך זיי האָבן פאַרלאָרן דאָס מענטשלעכע געשטאַלט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווילדע מערדער.

(„די פּרעסע" 1945)

ישראל חייט (תל־אביב)

# וועגן און חלומות

## (אַ בלעטל פון מיין טאָג - בוך)

וועגן און אומוועגן שפרייטן זיך פאַר מיר, און איך שפרייז צו דעם חרובן שטעטל ראַטנע. איך מאַך אַדורך אַ קפיצת הדרך איבער יידישע שטעט און שטעטלעך ווו דאָס דורותדיקע יידישע לעבן פון אַמאָל, ליגט היינט אין בערג אַש, און טויזנטער קברים, איבער וועלכע ס'בלאָנדזשען די שארית הפליטה, די רעשטלעך נישט דערגאַזטע, נישט דערברענטע — די אַנטרינענע פון תלינס האַק, וואָס וואַלגערן זיך איצט, דאָ און דאָרט, ווי אָפגעקאָסעטע זאַנגען אויף אָפגעקאָסעטע פעלדער... ווי מיתה משונהדיק ס'זאָל אָבער נישט זיין צו גיין אויף וועגן, וואָס איך האָב מיט אַ קללה אויף שטענדיק פאַרלאָזט, דאָך קען איך זיי נישט מיידן, אַלע וועגן זיינען דאָ געפלאַסטערט מיט יידיש בלוט.

ראַטנע, סוף 1945. אַ זונטיקדיקער פרימאָרגן, די זון וואַרעמט און וואַרפט אירע לעצטע סנאָפּעס זומער שטראַלן, היינט ווי אַמאָל, און איך טראַכט פאַר וועמען? איך בין דאָך פאַרגליווערט און קריך ווי אַ וואַנדערער אַרום אין דער פינצטער. צי קען אָבער די זון וואַרעמען און שיינען, אי פאַר די מערדער, אי פאַר די געמאָרדעטע?...

איך קריך איבער די חורבות און בערג גראָז פון דעם יידישן ראַטנע. צווישן פאַלנדיקע ווענט און בערג אַש, שטייען נאָך יידישע הייזער, וואָס זעען אויס אין יידישע אויגן, ווי ביידלעך אויף אַ בית הקברות... ס'קוקן אָבער אַרויס פון זיי לעבעדיקע ברואים, וואָס פרעגן פאַרוווּנדערט: וואָס? מען זעט נאָך אין ראַטנע אַ לעבעדיקן יידן?

אָט שטיי איך ביי אַ גאָרטן, וואָס גרינט נאָך היינט ווי אַמאָל. אַ שאָד! קינדער זייגען דאָ און טאַנצן אין אַ קאָרעהאָד און מיינע אויגן זיינען געווענדט אין אַן אַנדער אָרט — צו דעם טייל שטאָט, וואָס איז אויסגעגלייכט מיט דער ערד — צו די קינדערלעך, וואָס ליגן אונטער בערג ציגל און אַש, אפשר פאַר דעם חטא, ווייל זיי האָבן דאָ גערטנער געפלאַנצט?...

אויסגעפּוצט אין יום־טובדיקע מלבושים באַגעגן איך מיינע אַמאָליקע שכנים אין קלויסטער אַריין גיין, מסתמא מתפלל זיין צו זייער גאָט, וואָס האָט זיי אויסדערוויילט פאַר מערדער, און אונדז פאַר געמאָרדעטע, און איך טראַכט: מיין גאָט! גיב מיר איצט די גבורה פון שמשון הגבור אַ טרייסל צו טאָן די מערדערישע הייליקייטן, און תמות נפשי עם הפלישתים.

די זון פאַרגייט, די נאַכט פאַלט צו קאַלט און כמארנע, און איך ליג נאָך אַלץ ביי די קברים אַרום פראַכאַדער בערג, ווו אַלץ איז וויסט און טויט, נאָר כמאַרעס באַוועגן זיך אויף דעם טונקל בלויען הימל, אָבער כמאַרעס, וואָס וועבן זיך פון יידישן היינט — פון דעם רויך פון די קרעמאַטאָריומס אויוונס, וואָס טראָגט זיך אַהער און ברענגט צום טשאַד פון מענטשלעך בלוט, אין דעם טשאַד שלאָף איך איין.

אין מיין היים האט מיר היינט ווי אמאל באגעגנט מיין ליב הארציקע פרוי. אירע שווארץ ברענענדיקע אויגן זיינען אבער היינט אויסגעלאשן געווארן, אין אירע ראז שמייכלענדיק געזיכט, בלאס ווי קיינמאל נישט, אירע צארטע ליפן, וואס האט מיר אמאל אזוי מוטערלעך געקושט, האבן היינט קוים געשעפטשעט: קום נישט מער, קום נישט מער אהער...

אנטקעגן איז מיר אנגעקומען מיין קינד — א בריליאנט, אבער היינט אן זיין קינדערישע שפראך... זיינע פוכיקע הענטעלעך, וואס האבן זיך שטענדיק גע־פלאכטן ארום מיין האלדז, האבן מיר היינט געוויזן זיין דערשאסן קעפעלע, פון וועלכן ס'האט גערונען קינדערש ווארעם בלוט.

איך האב זיך אויפגעכאפט באגאסן אין קאלטן שוויים, דאס הארץ האט זיך געקארטשעט פאר צער און ווייטיק, העלע לבנה ליכט, האט באלויכטן דעם קער פון די, וואס איך האב געחלומט...

איך האב אנגעצונדן די נישט דערברענטע ליכטעלעך פאר זייערע הייליקע נשמות, און ביי דער שיין פון דער שטענדיקער ליכט גענומען לייענען פארבלוטיקטע בלעטעלעך פון ספרים און ביכער, וואס איך האב געקליבן אויף די ראטנער חורבות:

דער הימל האט טרערן געגאסן,
און בלוט האט געגאסן פון מיין הארץ.
און איך האב די אויגן פארשלאסן,
צו קענען פארזינקען אין שמארץ...

ווען איך וואלט אמאל געלייענט די ווערטער, וואס א יידישער ליריקער האט ערגעץ ווו געשריבן, וואלט איך מסתמא זיי פארשטאנען אנדערש ווי היינט, אבער איך היינט פארשטיי איך נישט, פארוואס האט דער הימל קיין טרערן נישט גע־גאסן ווען נאצי־מערדער, האבן אין יידישע הערצער געשאסן? נאר ער האט גע־בליט און געלויכטן אין טאג פון יידישן מארד, פונקט ווי אין טעג פון יידישן לעבן, נאר דער ייד פון אייגענעם חורבן, וועמען זיין גליק, אדער אומגליק, האט פאר אן עדות געלאזן, ער בלוטיקט און איז פארזונקען אין שמארץ...



מלכה קאנישטער-קלאטשקע

# איר לעבט נאָך טייערע קדושים אין מיין זכרון

איך פיל, ווי אַ הייליקן חוב צו מיינע אומגעקומענע פריינט, לערער, חברים און חברות אויף איין שול-באנק — זיי אויפן פּאַפּיר צו פאראייביקן. אָפטמאָל דאַכט זיך מיר אַפילו, ווי זייערע אומשולדיקע זויבערע נשמות פלאַטערן איבער מיין קאָפּ און אין זייערע אומעטיקע בליקן דערפיל איך ווי אַ שטומען געבעט — כ׳זאָל זיי אַ ליכטל שטעלן אין דעם ראטנער יזכור-בוך.

טו איך דאָס טאַקע, לויט מיינע באַשיידענע כחות.

**
*

שטיל און רואיק איז אונדזער שטעטעלע ראַטנע געלעגן ביי די ברעגעס פון דעם שטיל-פליסנדיקן טייך פּריפּיעט, וואָס האָט עס אויף צווייען צעטיילט. דאָס שטעטעלע מיט אירע אַלטע, נידעריקע און הילצערנע הייזער, מיט אירע שטויביקע קליינע געסלעך דאָ - דאָרטן אַמאָל אָנגעוואָרפענע מאַגערע גערטנער און סעדער — האָט אויסגעזען אָרעם און נעבעכדיק. נישט קוקנדיק אָבער אויף דעם, זיינען דאָרט אונדזערע קינדער-יאָרן, די טעג פון אונדזער פרילינג, גליקלעך און פריילעך אַדורכגעלאָפן. ווייל דאָס שטעטעלע, ווי אָרעם און אָפּגעלאָזן ס׳איז נישט געוועזן, האָט פאַר אונדז, קינדער, דאָרט געבוירענע און דערצויגענע, געהאַט אַ באַזונדערן חן, אַ צוציונגס-קראַפט. אַפילו די טיפע בלאָטע אירע אין די אָסיען-טעג. אין וועלכע מיר פלעגן בראָדזשען, גייענדיק טאָג-טעגלעך אין דער תרבות-שולע האָט אויך געהאַט אין אונדזערע אויגן איר רייץ און ,אפשר, ווי איך פאַרשטיי דאָס איצט, אויך אַ געוויסע לעבנס-באַדייטונג — אַ סימבאָלישע לעקציע, שוין אין די פריעסטע קינדער-יאָרן, פון אויסדויער, פון קעמפן מיט די סטיכישע שטערונגען, קעמפן און מיט פאַרזיכט טרעטן און פאָראויסגיין...

און שפּעטער, אַז דער ווינטער איז געקומען און האָט די געדיכטע בלאָטע איינגעפרוירן און מיט אַ געדיכטן ווייסן שניי זי צוגעדעקט איז פאַר אונדז, קינדער, דאן גאָר אַ פאַרגעניגן געווען: פעסט און שטאָלץ האָבן מיר אויף איר געטראָטן, פון איר אַלערליי פיגורן אויסגעקלעפּט און מיט „סניעזשקעס" (קיילעכלעך) זיך גע-

וואָרפן. אויפן פאָרפרווירענעם טייך זיך געגליטשט און אַהיים, שטאַרקע, מוטיקע און פאַרוויטלטע, דערנאָך מיט אַ גרויסן אַפּעטיט צום עסן צוריקגעקערט. און אַזוי איז געווען אין דעם פרילינג, וואָס קומט אין שטעטל, נאָכן קאַלטן ווינטער, מיט זונגעזאַנג און האָפענונג...

און אַזוי איז אויך דער ליבער זומער פריילעך פאַר אונדז איבערגעלאָפן... און אַזוי זיינען טאַקע דאָרט מיינע קנאַפּע צוועלף יאָר לעבן אין שטעטל פריילעך און זאָרגלאָז ווי אַ שיינער חלום אַדורכגעגאַנגען.

שטענדיק זיינען מיר, קינדער, פריילעך געווען, צוזאַמען אין שולע געלערנט און צוזאַמען די לעקציעס געמאַכט, געשפּילט, געטאַנצט און הנאה געהאַט פונעם יונגן לעבן. און טראָץ די 18 יאָר, וואָס טיילן מיך אָפּ פון יענער גליקלעכער צייט, לעבט נאָך אין מיין פאַנטאַזיע אַזוי העל אַלץ, וואָס איך האָב דאָן אויפגענומען און מיט זיי, די טייערע, געטיילט און אַדורכגעלעבט.



לערער און תלמידים פון תרבות אין 1933

אָט זע איך ראשית די תרבות־שולע, איר שיינע געביידע אויפן בערגל מיט אירע רחבותדיקע ליכטיקע קלאַס־צימערן, אין וועלכע די לערער דערקלערן די לימודים פאַר זייערע תלמידים, וואָס זיצן רעספּעקטפול זאַלבעצווייט אויף די שולבענקלעך, אָט שטייט ביי אונדז אין קלאַס דער טייערער, ליבער לערער נ. קעצקער און דערקלערט אונדז די לעקציע פון דקדוק אָדער חשבון. אויסערלעך, דאַכט זיך, אַ שטרענגער, אָבער מיט וויפל ליבע ממש פאָטערלעכע ליבע און זאָרג ער דערקלערט אונדז די לעקציע? ווי קען מען דען פאַרגעסן יענע גליקלעכע קינדערשע יאָרן ווען דער אומפאַרגעסלעכער און דורך אונדז אַלע ממש פאַרגעטערטער לערער קעצקער האָט אונדז געלערנט, דערצויגן און מיט זיין גייסט באַהויכט גאַנצע צוויי דורות?

ווי קען מען פאַרגעסן דעם איבערגעגעבענעם לערער וואָס האָט אין אונדזערע יונגע הערצער ליבע צום יידישן פאָלק און זיין לאַנד איינגעפלאַנצט — די גליק־

לעבן שעהן, ווען ער האָט מיט אונדז לידער געזונגען, וואָס האָבן אונדז ווי אין אַ חלום ערגעץ ווייט־ווייט אין אונדזער געגאַרטן לאַנד אַריבערגעטראָגן?

נישט בלויז ווי אַ לערער האָט ער זיך צו אונדז באַצויגן, נאָר טאַקע ווי אַ געטרייער פאָטער. אָט באַמערקט ער ווי איך שרייב מיט דער לינקער האַנט און ער געוווינט מיך פון דעם אָפּ. אַפילו שוין זייענדיק אין אַרגענטינע גיט ער אונדז (מיר מיטן ברודער אברהם) עצות פון דער ווייטן וואָס צו לייענען אין העברעאיש, כדי נישט צו פאַרגעסן די שפּראַך און נישט איבערצורייסן דעם פאָדעם פון חיבת ארץ ישראל. איך וויל דערביי אויך דערמאָנען מיט ליבע און רעספּעקט זיין איידעלע און געלערנטע פרוי צביה און זיינע טייערע, צום לערנען פלייסיקע קינדער יענקעלע, חיהלע און יאָסעלע, צו וועלכע דער לערער קעצקער האָט זיך אין שולע באַצויגן גלייך ווי צו אַלע איבעריקע תלמידים.

און די חברות און חברים? אָט שטייען זיי דאָך אַלע פאַר מיינע אויגן ווי לעבעדיקע, אָט זע איך זיי אַלע פון מיין מחלקה. אָט דרייט זיך ווי אַ קוועקזילבער, די טייערע און שטיפערישע חברה מיינע איידעלע עפּעלבוים, שטענדיק אַ פריילעכע, מיטן ברייטן לאַכנדיקן פּנים, מיט די שטיפערישע שוואַרצע אויגן, מיטן טענצלדיקן גענגעלע און קלינגענדיקן, ווי אַ זילבערן גלעקעלע, קולכל, וואָס קען לידער — אַ וועלט.

אָט שטייט אויך פאַר מיר די פאַרשייטע און שטיפערישע גיטעלע עלבוים, מיטן בלאָנדן קעפּל און לעבעדיקע קלוגע אויגן. ס'אַרא איבערגעגעבענע, געטרייע חברה זי איז געווען! בשום אופן האָט מען זי נישט געקענט אָפּרייסן פון מיר, ביי מיין אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע. אַזוי האָט זי זיך איינגעזויגן אין מיר, גלייך ווי זי, די אָרעמע חברה, האָט שוין דאַן אינסטינקטיוו געפילט, אַז דאָס זעט זי זיך מיט מיר צום לעצטן מאָל. אָט זע איך אויך די קלוגע, פריילעכע גיטעלע פוקס ביי וועלכע מיר אַלע חברות זיינען זיך אָפט צוזאַמענגעקומען און שעהן פאַרבראַכט אין פריילעכע שפּילערייען. און אָט שטייען זיי ווי לעבעדיקע די אלע איבעריקע, טייערע און געטרייע חברות ווי שרהלע גלייזער, אסתרקע גינזבורג, חיהלע שעדראָוויצקי, פּערלע יאַקאָבסאָן, שבעלע לעקאַר, חסקע בעקערמאַן און אויך די טייערע חברים, ווי מתית בלאַט, אַ געטרייער חבר מיט אַן איידעלער נשמה און בעסטער תלמיד אין מחלקה, דער קלוגער אינטעליגענטער און צוגלייך גרויסער שטיפער מייכעלע האָניק, לייבעלע לייבמאַן און זיינוועל בענדער, ווײ, ווײ, זיי וואָלטן דאָך שוין אַלע גרויסע געווען און נוצן דער מענטשלעכער געזעלשאַפט געבראַכט!

גאָר באַזונדער האָבן מיר זיך אין זכּרון איינגעקריצט די צוויי טייערע חברות, די צוויי טייערע שוועסטער חנה און גאָלדע קאַרש.

דאַכט זיך צוויי שוועסטער און וואָס פאַרא פאַרשײדענע כאַראַקטערן זיי האָבן פאַרמאָגט! איינע, חנה, די עלטערע, אַ שיינע, אַ בנעימותדיקע, מיט אַ צאַרטער נשמה, האָט געהאַט אַ שוואַכן כאַראַקטער, אַ נאָכגעביקן. דערפאַר איז די צווייטע, גאָלדע, אַ רייצנדיקע, מיט אַ פּאָר ברענענדיקע שוואַרצע קאַרשן־אויגן, געווען שטענדיק אַמביציעז און פאַרמאָגט אַ פעלדזן־שטאַרקן כאַראַקטער.

שוין אין יענע פריע יוגנט־יאָרן זיינען מיר, יונגע קינדער, פאַרכאַפּט געוואָרן פון פּאַרטיי־אידעאָלאָגיעס און ממילא פּאַרטיי־רייסענישן.

ס'האָבן שוין דאַן אין שטעטעלע עקזיסטירט דער „השומר" מיטן „בית"ר" און ממילא צוויי באַזונדערע קלובן.

די מיידלעך זיינען מערסטנטייל געווען אין „השומר" און די יינגלעך טיילוויז אין „בית"ר". גאָלדע, ווי ס'פּאַסט יזך פאַר אַזאַ כאַראַקטער איז געווען אַ בית"רקע. פלעגן דאַן צווישן אונדז פאָרקומען דיסקוסיעס, וועלכע פלעגן גיך איבערגיין

אין געשרייען און קולות. יעדע איינע האָט געוואָלט איבערשרייען די צווייטע: איינע שרייט „קדימה השומר!” און די צווייטע — „קדימה הבית”ר!” די שרייט: „אָן גע־ווער און אָן כלי־זיין, וועלן מיר דאָס פאָלק באַפרייען”, און די אנדערע: „מיט געווער און כלי־זיין, וועלן מיר דאָס פאָלק באַפרייען”!



גיטל קאָרש מיט אירע צוויי קינדער — רעכטס: גאָלדע, לינקס: חנה. (אַלע אומגעקומען)

און כדי צו זיין מער עפעקטפולער, פלעגט גאָלדע אויפן טיש אַרויפקריכן און מיט אַ הויך קול אויסשרייען אירע לאָזונגען.

ס'דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד, וואָס כאַראַקטעריזירט, ווי ווייט די אונטער־וואַקסנדע קינדער, וואָס זיינען שוין אין די פריע יאָרן פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פאַרטיי־אַמביציע, זיינען געווען פאַנאַטיש און הייסע חסידים פון זייער פאַרטיי: מיין טייערער אומפאַרגעסלעכער קוזין אברהם כהן ע”ה אַן אַכט־יעריקן יינגל אַ „השומר” האָט אַמאָל אַ שטיף געטאָן אין גאַס. אַ באַקאַנטע פרוי האָט אים געמאַכט אַ פאָר־וואורף און אים דערביי געזאָגט אַז אַזעלכעס פּאַסט נישט פאַר אַ „השומר”. ער אָבער, נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער האָט זיך פאַרשעמט, האָט אין זין געהאַט צו פאַר־טיידיקן זיין פאַרטיי־פּרעסטיזש און געזאָגט: „ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך בין אַ „השומר”, איך בין גאָר אַ „בית”ר”...

צוויי מאָל אין וואָך, פרייטיק־צו־נאַכטס און שבת בייטאָג, פלעגן מיר זיך צו־נויפקומען אין קלוב פון „השומר”. ס'איז ביי אונדז געווען דאָס בעסטע פאַרברענגען. טאַנצנדיק דאָרט די חלוצישע טענץ, ווי די „הוירא”, א. א. וו.

מער נאָך פון דעם אָבער האָבן אונדז פאַראינטערעסירט די שיחות פון אונד־זערע מנהלים — חיה דרוג, וועלוול גראַבאָוו (אין א”י) און משה האָניק (אין אַר־גענטינע) א. א. וו. די דאָזיקע עונג שבתים האָבן באַפרידיקט אונדזער דאָרשטיקן גייסט און באַלויכטן אונדזערע מוחות, איינפלאַנצנדיק צו גלייכער צייט אין אונד־

זערע יונגע הערצער ליבשאַפט צום יידישן פאָלק, צו זיינע טראַדיציעס און זיין לאַנד.

מ׳האָט אָבער אונדז געלערנט, סיי אין תרבות שולע און סיי אין קלוב, אַז מיט טענץ אליין קען מען קיין לאַנד נישט בויען, אַז מען דאַרף דערצו אויך זיין אַקטיוו מיט נאַציאָנאַלע מעשים און אַרבעט. האָט זיך טאַקע דערפאַר געפירט אַ גרויסע



אַברהם כהן (אומגעקומען) און שלמה פּערעלמוטער, באַוווסטער העלד פון ראַטנפּאַרבאַנד, לעבט איצט אין ישראל

קאָנקורענץ אויף דעם געביט צווישן אונדז „שומרים״ און „ביתרים״ — יעדער איינער האָט געוואָלט איבערשטייגן דעם צווייטן מיטן אריינברענגען מער געלט פאַרן קק״ל. שיין איז אויך געווען די ל״ג בעומר פייערונג אין שטעטל. אַלע תלמידים פון תרבות שולע און סתם יוגנט פון די אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך פאַרפּוצט אין די אוניפאָרמעס און בלויע אָפּצייכענונגען, זיך צונויפגעקומען אויף אַ פּלאַץ, פון וואַנען זיי האָבן אין רייען, ווי סאָלדאַטן, אַרויסמאַרשירט מיט געזאַנג און נאַציאָנאַלע לידער צום נאָענטן וואַלד, וווּ מיר האָבן אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט צוזאַמען מיט די לערער און מנהלים, וועלכע האָבן אונדז ביי דער געלעגנהייט אויפגעקלערט די באַדייטונג פונעם טאָג און בכלל געריעדט פון יידישן פאָלק און זיין געשיכטע. ערשט פאַרנאַכט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אַהיים מיט הילכיק געזאַנג און אַזוי טראַכטנדיק גייען מיר אויף אין געדאַנק אַזעלכע שיינע האַרציקע בילדער פון דעם שיינעם לעבן אין שטעטלע, וואָס איז אַזוי מערדערלעך פאַרשניטן געוואָרן, ס׳זעען זיך מיר אויס, אַ שטייגער, ווי עפּעס אידילישע די שטילע, רואיקע היימען פון מיינע פעטערס און מומעס דאָרט אין ליבן, חרוב געוואָרענעם שטעטעלע.

אָט שטייען זיי מיר אַלע, די פעטערס, מומעס און האַרציקע שיינע קינדערלעך פאַר די אויגן. אָט זע איך דעם קלוגן ,גוטן פעטער מאָטל, דעם שטעטלדיקן שוחט,

מיט זיין שיינער באָרד, דער מומע טויבע מיט די טייערע קינדערלעך אברהמלע, דודל און די קליינע חנהלע ווי זיי זיצן ביי אַ שבתדיקן טיש. ס'פילט זיך דאָרט די מנוחת שבת אין אַלע ווינקעלעך, אַלץ איז אויפגעליגט און זעט אויס שבתדיק און די זמירות ביים טיש, וואָס די קינדער העלפן צו מיט זייערע שיינע שטימעלעך, געבן נאָך צו דעם בילד אַ באַזונדערן חן און פייערלעכקייט. און ווי קען מען פאַרגעסן אַזעלכע טייערע און איבערגעגעבענע פעטער און מומע יצחק הערש און רחל העלד, דער באַנק-דירעקטאָר אין שטעטל, און זיינע האַרציקע און פעאיקע קינדערלעך שרהלע און אברהמלע? זייער שטוב, וואָס איז געווען אונדזער צווייטע היים, איז פונקט געווען אנטקעגן דעם קלוב, וו מיר האָבן פאַרבראַכט און אַלע מאָל פלעגן מיר זיך אַהין אַריינכאַפּן און די גוטע געטרייע מומע ע"ה, האָט אונדז שטענדיק מיט אמתער געטריישאַפט אויפגענומען און אונדז מכבד געווען מיט אַלערליי גוטע זאכן.



קינדער פון די פאַמיליעס מאָטל כהן (שו"ב אין ראַטנע) און יצחק הירש העלד; פון רעכטס שטייענדיק: דודל כהן, אברהמלע העלד, שרהלע העלד און אברהם כהן; אונטן די קלענסטע — חנהלע כהן

און געווען איז דאָס אַ זונטיק, אַן ערב פרילינג - טאָג, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון דער שענסטער צייט פון יאָר, ווי אויך פון פריילעכן פרילינגס-יום-טוב --- פסח. פון הימל בלויען הימל האָט אַראָפּגעלויכטן אַ וואַרעמע פרילינגס-זון, וואָס האָט די בלאָטעס אונטן אין שטעטל געטריקנט... דאַן, אין דעם טאָג האָבן מיר, איך, מיין מוטער און ברודער, זיך געזעגנט און צעשיידט מיטן ליבן שטעטעלע ראַטנע, מיט אַלע מיינע פריינט, מיט די טייערע לערער און האַרציקע חברים און חברות. ס'איז געווען דער לעצטער טאָג, וואָס מיר האָבן די אַלע טייערע פּנימער געזען, וואָס מיר האָבן אויפן טייערן געבוירן אָרט געבליקט. שוין צוויי טעג, ווי

ביי אונדז אין שטוב האָט זיך געררודערט און געטומלט פון באַקאַנטע, וואָס זיינען זיך געקומען געזעגענען מיט אונדז.

ווער־זשע וואָלט זיך ריכטן און פאָראויסזען, אַז אָט־די זעלבע טייערע מענטשן וואָס האָבן אונדז מיט אַזוי פיל ברכות אַרויסבאַגלייט אין וויטן וועג, קיין אַרגענטינע, וועלן אין עטלעכע יאָר אַרום דורך דעם היטלער־מערדער פון לעבן אומגעבראַכט ווערן? און אָט שטייען מיר שוין ביים אויטאָ — כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט אונדז אַרויסבאַגלייט אַהין, צו דער לעצטער פּאָזיציע אונדזערע אין דעם געבוירן־אָרט. די חברות געזעגענען זיך מיט מיר... מיר קושן זיך, מיר האַלדזן זיך אַרומגעאַרעמט, מיר באַטראַכטן זיך אַ סעקונדע, ווי מיר וואָלטן וועלן איינזאַפּן אין זיך אויף אייביק איינע דער אַנדערנס אויסזען און דריקן און שליסן זיך ווידער איין און עסן זיך ווידער איינע אין דער צווייטער. ס'איז שווער זיך אָפּצורייסן און צעשיידן, ווי מיר וואָלטן זיך אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסן... דער אויטאָ פּייפט און רופט איינצושטייגן — ס'איז שוין שפּעט.

איך גיי אונטערוויילעכטס אַ באַגאָסענע מיט טרערן אויפן טרעפּל אַרויף. גיי אַריין אינעווייניק, זעץ זיך אונטן ביים פענצטערל, קוק און פּרעס זיך איין מיט די פּאַרווייינטע אויגן אין די טייערע פּנימער און טראַכט, ווער ווייסט צי וועל איך זיי שוין אַמאָל זען. דער אויטאָ רירט זיך פון אָרט און פּאָרט אָפּ. איך זע נאָך פון וויטן די טייערע מיינע מיט די ווייסע טיכלעך אין די הענט, וועלכע פלאַטערן אין מיין זייט, זע און באַמערק נאָך זייערע טייערע געשטאַלטן, וואָס הויבן אָבער אָן אַלע מאָל מערער פאַרבלאַסן און פאַרשווונדן... שוין — מ'זעט שוין נישט מער קיין פּנימער אַפילו קיין טיכלעך, קליינע ווייטע פּינטעלעך נאָר זעט מען וואָס ווערן צו לעצט אויך אינגאַנצן פאַרשווונדן...

און אַזוי איז דאָס שטעטעלע פאַרשווונדן געוואָרן, אַזוי זיינען אַלע מיינע טייערע, די ליבע פעטערס מיט די מומעס מיט זייערע האַרציקע קינדערלעך פאַרשווונדן געוואָרן און אַזוי אויך מיינע טייערע לערערס, חברות און חברים, און אַזוי אויך אַלע מענטשן וואָס האָבן אונדז אַרויסבאַגלייט... אַלץ איז פאַרשווונדן געוואָרן, אַלץ איז אָפּגעמעקט געוואָרן און אַלע, אַלע אָפּגעווישט, שוין נישטאָ מער קיינער, קיינער...



**אליהו טאַקער** *)

# פון אומקום צום לעבן

דער טויט האָט זיך באַזעצט אין די אַלטע יידישע שטעטלעך פון אייראָפּע. זיינע ברענענדיקע טריט זיינען פאַרבליבן איינגעקריצט אין אַלעמענס זכרון.

הונדערטער שטעטלעך זיינען אומגעקומען; הונדערטער, און יעדערע מיט איר באַזונדערן חן, הונדערטער וואָס ס'איז אומעגלעך זיי אויסצורעכענען, און יעדערע האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך קינדער, לעבן־געבליבענע קינדער וואָס קענען זי נישט פארגעסן. נישט איך אליין, ס'זיינען פאראן נאָך אַ סך אַזעלכע ווי איך, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן דאָ, אין אַמעריקע, אין אַ פריי לאנד, און האָבן נישט געהאט די זכיה צו זען זייערע מאמע־שטעטלעך, יענע שטעטלעך ווו זייערע עלטערן זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן; נישט געהאט די זכיה זיי צו זען איידער דער טויט האָט זיך איבער זיי פאַרצויגן, איידער זיי זיינען געקוילעט געוואָרן דורך דייטשע און אוקראַינישע הענט.

איך האָב אויך נישט געהאט קיין מזל; אויך איך האָב נישט באַוויזן צו קענען דאָס שטעטלע וואָס האָט מיין טאטן איינגעוויגט און אויסגעניאנטשעט, דאָס שטעטלע ראַטנע, יענע ראַטנע, פון וועלכע מיין פאָטער, מיין באבע, פאַרציילן זיך אַזוי פיל אָן, יענע ראַטנע, וואָס ליגט זיי שטענדיק אויף די ליפּן און נוצט זיי שטענדיק אַלס משל; יענע ראַטנע וואָס איז איינגעבאקן ביי מיר אין הארצן אומגעזעע־נערהייט.

ס'איז פאר מיר אומעגלעך זי צו פאַרגעסן; אומעגלעך, נישט ווייל זי איז אומגע־קומען, נישט ווייל זי איז מער נישטאָ, נאָר ווייל זי האָט געלעבט, ווייל זי איז יאָ געווען, ווייל ס'האָט געשפּראָצט פון איר לעבן. טאַקע דאָס זעלבע לעבן ווי פון אנדערע יידישע שטעטלעך, און דאָך אויף אַ צווייטן אופן, מיט אַ באַזונדערן חן, מיט אַ באַזונדערן כח. אמתדיק לעבן האָט אין איר געשטראָמט; דאָס קליינשטעט־לדיקע לעבן וואָס האָט אָנגעפילט מיט הארציקע ליבע די צאַרטסטע בלעטער פון

*) אליהו טאַקער איז אַ געבוירענער אין אַרגענטינע (זון פון אונדזער לאַנדסמאַן יעקב טאַקער).

שלום עליכם מעשיות און פרצעס דערציילונגען; דאָס לעבן וואָס האָט ארויסגע־רופן ביי מענדעלען זיינע שאַרפסטע סאַטירעס און האָבן פאַרקנייטשט זיין שטערן. אָבער דורך די סאַטירעס און דורך די קנייטשן פינקלט דורך אַ שמייכל, דער ליבער שמייכל פון אַ פאָטער וואָס שלאָגט זיין קינד ווייל ער שטעלט אויף אים אַ סך האָפענונגען, וואָס שלאָגט אים מיט איין האַנט און בענטשט אים מיט דער צווייטער.

איך ווייס נישט צי ראַטנע, און אין אַלגעמיין אַלע יידישע קליינע שטעטלעך האָבן טאַקע אַזוי אויסגעזען ווי ביי מיר אין דמיון, און ס'איז באמת אַ שאָד — וואָס יענע טביבה איז אין דער לופטן אויסגעגאַנגען. אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס איך וועל שוין קיינמאָל נישט קענען אריינציען אין מיר יענע לופט. אַזאַ מין לופט, וואָס האָט געהאַט דעם כח אריינצודרינגען אין די בלוטן פון די קליינשטעטלדיקע און זיי אויפברויזן; וואָס האָט געהאַט דעם כוח צו דערציען אין אַ פּאָר קליינע, נישט אינ־גאַנצן ריינע געסלעך, אַזוינע מענטשן וואָס זיינען ארויס אויף גרעסערע, שענערע און ריינערע גאַסן, און דאָרט געלערנט תורה, און געלערנט דאָרט אַ נייע וויכטיקע תורה: תורת לעבן, לעבן ווי אַ מענטש.

**

און איך דערמאָן זיך ווידער (טאַקע קיינמאָל נישט געזען, און פּאַרט ווי געזען אין פאַנטאַסטיש־אמתע הלומות) אַז אַזאַ קוואַל פון שטורמיש לעבן איז מיט איין שניט אָפּגעשטעלט געוואָרן, אַז ס'זיינען איניינעם געפאַלן אַלטע, דאַרע הענט, מיט יונגע, פרישע טרוימען, אַז ס'זיינען מיט איין שטויס פאַרמאַכט געוואָרן מידע, אָנ־געזעטיקטע אויגן, מיט נייע, דורשטיקע אייגלעך; אַז ס'זיינען מיט איין זעץ איבער־געהאַקט געוואָרן איינגעפאַלענע, אויסגעטריקנטע, שוין צו דער ערד געבויגענע רוקנס, מיט גלייכע, שטאָלצע, נאָך צום הימל ציענדע קעפּ; איניינעם אויסגעלאָשן מיט שכינה באַלויכטענע, מיט תורה אויסגעקנעטענע פּנימער און קינדערשע, נייגע־ריקע, פּנימלעך, וואָס האָבן נאָך אפילו קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרזוכן פונעם געטלעכן מאכל תורה.

ס'האָט זיך מיר איינמאָל אַ נאַכט, געחלומט אַז איך זע זיי, די אומגעקומענע, מיט די לעבנגעבליבענע אינאיינעם און אַלעמענס אויגן זיינען נאַס, טרערנדיק, מען זיצט און וויינט. דער צימער איז אַ גרויסער און די מענטשן, אַ סך, לאַנגע, אויסגעדאַרטע מענטשן וואָס יאָמערן אָן אַן עק, פון איין זייט די אומגעקומענע, פון דער צווייטער, די לעבנגעבליבענע. איך קען נישט פאַרשטיין. איך פאַל נישט אויפן שכל פאַרוואָס וויינט מען. פרעג איך די אומגעקומענע, און זיי, נישט קוקנדיק אויף מיר, נאָר ערגעץ וווּיט, אונטער מיינע פּלייצעס, ענטפערן מיט איין גרויסע, פייכטע, הוילע שטימע, ענטפערן מיט נאָך אַ פראַגע:

— ווער, ווער וועט פאַרזעצן אונדזער וועג? ווער וועט שפּינען ווייטער אונדזער אָפּגעשניטענעם קולטור־פאַדעם? ווער, ווער, ווער?... און די ווערטער פאַרוואַנדלען זיך אין אַ כליפּעריי, אַ שרעקלעכער געוויין און די טרערן פאַלן פון די באַקן און גיסן זיך צווישן די לאַנגע פינגער.

ווענד איך זיך מיט די זעלבע פראַגעס צו די לעבנסגעבליבענע, און וואָס ווייַנען זיי? איך פרעג און וואַרט צו הערן נחמה ווערטער, דערמונטערנדיקע ווערטער, נישט פאַר מיר, נאָר פאַר יענע וואָס זיצן אונטער מיר און הערן נישט, און זעען נישט און וויינען ביטער כסדר. נאָר ווען איך האָב דערהערט דעם ענטפער בין איך געבליבן פאַרגליווערט, אויך זיי, די לעבעדיקע האָבן צוגעגעבן: — ווער, ווער וועט זייער וועג פאַרזעצן, ווער, ווער, ווער? אוי, ווער? — אויסגעמורמלט די פּאָר ווער־

טער, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ טיפן זיפץ, און שוין פאַרמאַטערט פון וויינען, געסאָפּעט, און געווישט פון פנים קאַלטע טרערן.

איך בין געבליבן דערציטערט און נאָר געקלערט: אז דאָס לעבן ווײַנט און האָט נישט קיין האָפענונג אויף זיך אליין, וואָס זאָל שוין דער טויט טאָן? — און איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין...

אינדערפרי בין איך אויפגעשטאנען און זיך באַלד דערמאָנט אין חלום. האָב איך זיך געזעצט אין אים אריינקלערן און ס'איז מיר ביסלעכווייז קלאָר געוואָרן, און איך האָב פאַרשטאנען אַז די לעבנגעבליבענע, זיינען מיר אַלע, אַלע, איך אַליין. און איך האָב פאַרשטאנען דעם זין פונעם חלום. און דעמאָלט האָב איך דערהערט זייער געשריי, אַ געשריי וואָס איז אין מיטן איבערגעהאַקט געוואָרן, נאָר וואָס איז נישט געשטאָרבן, וואָס איז ניט פאַרשטילט געוואָרן. כ'האָב דערהערט זייער לעבנס געשריי, זייער קולטור געשריי, און דערהערט ווי ער איז געבליבן הענגען אין דער לופטן ווי אַ נישט פאַרענדיקטע סימפאָניע.

און איך האָב פאַרשטאנען אַז מיר, מוזן די טרערן פון די געקיילעטע, מיט לעבן־קלאַנגען, און מיט קולטור־טענער, אָפּווישן; נאָר וויינען נאָך זיי, דאָס טאָרן מיר נישט, ווייל וויינען איז גיין אויף צוריק, און מיר מוזן גיין פאָראויס, גייען ווייטער. דאָס הייסט נישט, חס וחלילה, זיי צו פאַרגעסן, נאָר להיפוך: מיר מוזן זיי דערמאָנען, און מיט אונדזער לעבעדיקן ווילן דערגרייכן יענע צילן וואָס זיי האָבן זיך אָנגעצייכנט, צו וועלכע זייערע הערצער האָבן זיי געצויגן. יענע צילן צוזאמענגעשמאָלצן מיט אונדזערע אייגענע צילן; זייערע חלומות אין אונדזערע אייגענע חלומות אריינגעפלאָכטן; זייערע שטרעבונגען, פאַרוואנדלט אין אונדזערע אייגענע שטרעבונגען.

כדי די אַלטע קולטור זאָל פאָרזעצן איר לעבן אויף נייע וועגן מוזן מיר, די יונגע יידישע קינדער, שאפן ווייטער, שאפן, שטענדיק שאַפן אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער קונסט און וויסן. מיר, די וואָס זיינען בייגעווען דעם סינגולערן צוזאַמענגאָס פון צוויי אַנגסטפולע מאָמענטן ווי עס זיינען דער טויט און דער געבורט פון איין זעלבן פאָלק אין איין דור, מיר מוזן זיין די יורשים, די פרייוויליקע יורשים; מיר מוזן איבערנעמען די פען וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון צווישן די פינגער פון די אומגעקומענע, מיר מוזן איבערנעמען פון זייערע אומבאַקאנטע הענט די לעבעדיקע ירושה, און גיין מיט איר ווייטער; אַלץ ווייטער און ווייטער.

מיר טאָרן נישט דערלויבן אַז דער קבר ווו ס'ליגן די שטארביקע רעשטן פון די אויסגעקוילעטע ברידער, זאָל זיך פאַרוואנדלען אינעם קבר פון זייער שאפן און ווילן; און כדי דאָס זאָל נישט געשען, מוז יעדער איינער אַרויסטרעטן, מיט אַ נייער פאָן פלאַטערנדיק איבער זיין קאָפּ: דער אָנדענק פונעם שטעטל וואָס איז אים ליב.

איז מיין פאָן ראטנע; איז, צוליב ראַטנע, צוליבן שטראָם לעבן וואָס האָט זיך געצויגן איבער אירע אָרעמע דעכער, צוליב אַלע יידישע נשמות וואָס זיינען אין אירע נידעריקע שטיבלעך געבוירן, צוליב אַלע יידישע קעפלעך וואָס האָבן אין אירע חדרים געלערנט, צוליב אַלע יידישע הערצער וואָס זיינען אויף אירע גאסן, אויסגעגאנגען, אין זייער נאָמען, טאַקע צוליב זייער זכרון, מוזן מיר דערגרייכן די צוקונפט.

גאָלדע אידעס (טשאַקאָ)

# דאָס ליבע מוטער־שטעטל

ביידע, מוטער און שטעטל, זענט איר מיר טיף אין האַרצן טייער און איינגע־באַקן. איין ביטערער גורל בינדט אייך ביידן צוזאַמען. שטענדיק אָרעם געלעבט, אין נויט און דחקות און דאָך אַזוי האַרציק און ליב.

שוין אין יאָר 1932, ווען איך פאַרלאָז זיי, די טייערע אין זייער אָרעמקייט און וואַנדער אויס אין דעם ווייטן אַרגענטינע, האָט זיך געשפּירט אין דער לופט דער פולווער און שרעק פון אַ וועלט־מלחמה.

מיין פאָטער איז זייער יונג געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט דער אָרעמער מאַמע עטלעכע פיצלעך קינדער יתומות.

זי האָט שטענדיק שווער און ביטער געהאָרעוועט, כדי צו אויסהאַלטן און דערנערן די קליינע שוואַכע קינדערלעך. זי איז געווען שטאָלץ און נישט געוואָלט אָננעמען קיין שום שטיצע פון אירע פאַרמעגלעכע שוועסטער. זי האָט אָבער דעם יאָך פון פרנסה געטראָגן געדולדיק און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. טאָג און נאַכט האָט זי זיך געמאַטערט, ערשט די לעצטע מינוטן פון פרייטיק פאַרנאַכט האָבן זי געבראַכט אין דעם קליינעם איינציממערדיקן „פּאַלאַצל" צו ליכט בענטשן. און ווי אַנדערש ס'האָט זיך דאַן אַלץ געביטן — ס'איז מיטן ליכט־בענטשן אין דעם קליינעם שטיבל אָנגעקומען אַ מנוחה און אַ געמיטלעכקייט, ווי בכלל אינעם גאַנצן שטעטל.

הגם ס'זיינען שוין אַ סך יאָרן פון דאַן פאַרלאָפן שטייט מיר נאָך דאָס בילד פון אַרויסבאַגלייטן מיך אין דעם ווייטן לאַנד פאַר די אויגן.

עס לעבן אויף אין מיין זכרון די פּנימער פון מיין טייערער מוטער, פון די שוועסטער און פון אַלע ראַטנער יידן בכלל, פונעם טייערן שטעטעלע, וואָס האָט אַלע איין ביטערן סוף געטראָפן — חורבן, און אומקום.

משה האַניק (ב. איירעס)

# ראַטנער אין אַרגענטינע

## (אַביסל געשיכטע)

אין די ערשטע יאָרן נאָך דעם ערשטן וועלט-קריג, ווען דאָס שטעטעלע ראַטנע איז קוים געקומען צו זיך, האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע מאַסן-אויסוואַנדערונג פון דאָרט. די אימיגראַציע האָט געשטראָמט קיין נאָרד-אַמעריקע און אַרגענטינע.

די דערוואַקסענע יוגנט האָט געזוכט אַן אויסוועג. דאָס קליינע שטעטל איז געווען צו ענג פאַר איר. מען איז שוין דאָן אַרומגעגאַנגען פאַרזאָרגט, מ'האָט געטראַכט וועגן מאָרגן, מ'האָט געזוכט אַן אָנהאַלט אין לעבן. אין שטעטל איז נישט געווען וואָס צו טאָן, די יוגנט האָט געזוכט אַ טיר אין דער ברייטער וועלט אַריין.



די ערשטע ראַטנער עמיגראַנטן אין אַרגענטינע. רעכטס זיצנדיקע: ל. באקלער, א. בארענגאלז, נח כהן, יעקב ראג און אליהו כהן. רעכטס שטייענדיק: איסר קאמינסקי, שעפסל מעלניק, (צוויי אומבאקאנטע) חיים יוסף גוטמאַן און יואל ריכטער (חיים שטיינבערג).

אין יענע יאָרן 23-1922 קומען די ערשטע ראַטנער אימיגראַנטן קיין אַרגענטינע. יונגע קינדער, נישט קיין רייפע קומען זיי אין דער נייער פרעמדער וועלט מיט זייער וואַנדער-שטעקן זוכן אַ היים... און אַזוי הייבט זיך אָן די געשיכטע פון די ראַטנער אין אַרגענטינע. ס׳הייבן זיך אָן די חבלי-לידה פון דער נייער היים-איינוואַנדערונג. די עלנטקייט און אָרעמקייט איז געווען גרויס און די בענקעניש נאָך דער אַלטער היים איז געווען נאָך גרעסער. אַרבעט צו קריגן איז אָנגעקומען זייער שווער. אַט די אַלע סיבות האָבן געשטויסן די ערשטע ראַטנער זיך צו האַלטן צוזאַמען, ברידערלעך. אַזוי אַרום האָבן זיי באַוויזן אַריבערצוטראָגן די ערשטע, שווערע, „גרינע" יאָרן פון ראַנגלענישן פאַר דער עקזיסטענץ.

פון די ערשטע אָנגעקומענע שוואַלבן זיינען געווען וו. רייסקעס, א. לעווין, נח כהן, יואל שטיינבערג, מאָטל טעלעזאָן, יעקב טאָקער, יוסף קאַץ, יעקב ראָג און חיים יוסל גוטמאַן. זיי זיינען געווען די ערשטע ראַטנער פּיאָנערן אין אַרגענטינע.

אין דעצעמבער 1925 האָט אַ גרופּע ראַטנער, צווישן זיי: י. ראָג, יואל שטיינ-בערג, נח כהן און י. גוטמאַן, געדונגען אַ דירה, וועלכע איז געוואָרן אַ היים פאַר אַלע ניי-אָנגעקומענע לאַנדסלייט. די באַציאונג צו זיי איז געווען אַ ברידערלעכע און האַרציקע. אַ נייעם לאַנדסמאַן האָט מען דערוואַרט מיט פרייד און טרערן.

אַזוי האָט זיך געצויגן די ערשטע יאָרן ביז 1925, ווען איינצלנע ראַטנער האָבן מיט זייער פּראַצע און שווייס דערגרייכט צו אייגענע „טאַזשערן", ווי י. ראָג, יואל שטיינבערג און שפּעטער אויך מאָטל טעלעזאָן. אַנדערע זיינען געוואָרן פעדלערס. נאָך דעם ווי זיי האָבן פיל יאָרן געאַרבעט ביי יענעם, אָדער געוואַשן טעלער און האָטעלן. אַזוי, למשל, האָט י. טאָקער געעפנט אַ שניידער-וואַרשטאַט און מלבושים-געשעפט. אַנדערע האָבן ווייטער געאַרבעט אַלס טאָג-לוינער ביי פאַרשידענע אַרבעטן.

די ערשטע ראַטנער האָבן אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר זייערע שפּעטער געקומע-נע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן כסדר איינגעוואַנדערט אין לאַנד אַריין, ווער צו אַ ברו-דער, ווער צו אַ שוועסטער און ווער צו אַ נאָענטער פאַמיליע. אַזוי האָט מען גע-מיינזאַם געבויט דאָס נייע לעבן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווערט דער שטראָם פון דער אימיגראַציע פאַרגרעסערט, און עס קומען אָן פיל ראַטנער צו זייערע משפחות. עס פאָרמירן זיך דאָן אין יענע יאָרן דריי ראַטנער ישובים: איינער אין בוענאָס-איי-רעס, דער צווייטער — אַ גרעסערער — אין לאַנוס (די ערשטע ראַטנער וואָס זיינען אָנגעקומען קיין לאַנוס, זיינען געווען ישראל כהן, נח כהן, אליהו כהן און לייבל באָק-לער) און אַ דריטער אין דער ווייטער רעסיסטענסיע — טשאַקאָ. דורך דער צייט ווערן פיל ראַטנער אין אַרגענטינע גרויסע סוחרים און פאַבריקאַנטן. אַ טייל פאַר-נעמען אין מסחר אַ גאַנץ חשובן פּלאַץ, צווישן זיי די ברידער טאָקער, שלמה כהן, נח כהן, מאָטל טעלעזאָן, פויגעלעס, פוקס, יואל שטיינבערג, חיים פייגעלעס, ישראל האַניק, יואל איידעס, בוזי טאַנים און זיין זון יענקל, אליהו יצחק רייף, יוסף קאַץ, ישראל כהן, איסר קאַמינסקי א״אַ.

די ראַטנער זיינען אין גרעסטן טייל טעטיק אין די פאָלגנדיקע אינדוסטריע און מסחר-צווייגן: טעקסטיל, וואָל-קאָנפעקציע, מענער-קליידונג, העמדער, מעבל-פאַ-בריקאַציע, פאַרקויף פון מאַטעריאַלן פאַר אויטאָס. זיי פאַבריצירן אויך אַליין שטאָפן. אַ צווייטער טייל פאַרנעמט זיך מיט קליין-האַנדל און האָבן קליינע געשעפטן. אַ דריי-טער טייל זיינען קוענטעניקעס (פעדלערס), און אַ פערטער טייל, אַ קליינער, לעבט פון מלאכה, מערסטנס שניידעריי.

אַלע ראַטנער אין אַרגענטינע האָבן ברוך השם גאַנץ פיין פרנסה און פירן אַ שיין בכבודיק לעבן.

ראַטנער יידן האָבן שוין פון דער אַלטער היים מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אָנט־זויקלטן חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און אַ ווילן פאַרצוזעצן אויך אין נייעם לאַנד די נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע טראַדיציעס פון זייער היים־שטאָט. כל זמן די אייגענע לאַגע איז נאָך נישט געווען קיין פאַרזיכערטע, האָט מען דעם דאָזיקן ווילן נישט געקענט ווי געהעריק רעאַליזירן. קוים אָבער האָט זיך די אייגענע מאַטעריעלע לאַגע אַביסל סטאַביליזירט איז מען תיכּף צוגעטרעטן צו פאַרווענדן די אָנגעזאַמלטע ענערגיע און דערפאַרונג אויפן נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן געביט. די ראַטנער שליסן זיך דאַן אָן אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון כוחות, וואָס בויען און צעמענטירן דאָס נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע לעבן פון אונדזער ישוב.

אַזוי טרעפן מיר שוין אין 1925 אַ גרופּע פון ראַטנער וועלכע זיינען זייער אַק־טיוו אין דעם ביאַליק־צענטער פון ווזשאַ קרעספּאָ, צווישן זיי: י. ראַג, א. קאַמינסקי, יואל שטיינבערג, יואל ריכטער, נח כהן און ח. י. גוטמאַן. זיי אַנטוויקלען אַן אַקטי־וויטעט וואָס ברענגט גאָר גיך רעזולטאַטן.

אַ באַזונדערס וויכטיקן אָרט פאַרנעמען די ראַטנער צווישן די בויער פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאַנוס. פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך אין יענע יאָרן, האָט אויך אין לאַנוס דער נאַציאָנאַלער דופק געקלאַפּט זייער שוואַך און די ראַטנער האָבן מיט זייער ענערגיע און נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין פיל מיטגעהאָלפן צו דער אַנטשטייאונג פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס אין פאַרשטעטל. אין יענע ערשטע יאָרן, ווען עס האָט געהערשט גלייכגילטיקייט צום יידישן וואָרט און צו דער ציו־ניסטישער באַוועגונג, טרעפן מיר אין דעם ציוניסטישן קולטור־צענטער אַ גרויסע גרופּע ראַטנער אַקטיוויסטן. צווישן זיי: נח כהן, ברכה כהן, לייבל באַקלער, אליהו כהן, ישראל כהן, שלמה כהן, ישראל האַניק און איצל טעפּילאַווסקי.

שפּעטער ווערט דורך די חברים ברכה כהן, שלמה כהן, נח כהן, לייבל באַקלער, און אליהו כהן געגרינדעט „די ליגע פאַר דעם אַרבעטנדיקן ישראל", וואָס ברענגט דאָס אויפקלערונגס־וואָרט פון דער „הסתדרות העובדים" צו די יידן אין דער ווייטער אַר־גענטינע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע פירט אַ פאַרצווייגטע אויפקלערונגס־אַרבעט, ברענגט אַראָפּ לעקטאָרן, רעדנער. מ'שאַפט גרויסע סומעס געלט פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל. די ראַטנער נעמען אַ גרויסן אָנטייל אין דער טעטיקייט פון די ציוניסטישע קרנות א. א. וו. שפּעטער, ווען עס ווערט געגרינדעט דער פּועלי־ציון צענטער אין לאַנוס, זיינען אירע פירער און גרינדער ראַטנער. זייער ווירקונג אויף דעם אַלגעמיינעם קהלשן לעבן איז זייער גרויס און עס איז נישטאָ קיין טעטיקייט אין וועלכער די ראַטנער זאָלן נישט נעמען קיין אָנטייל. אַזוי אין „אוניאָן איזראַעליטאַ", ווי אין דער „קאָאָפּעראַטיוואַ דע קרעדיטאָ". אין דעם שולוועזן געפינען מיר די אַקטיווע חברים א. קאַמינסקי, י. האָניק, וו. גראַבאָוו, הערשל באָבער, ישראל כהן, משה האָניק, נח כהן, ל. באַקלער.

די ראַטנער אין אַרגענטינע זיינען אויך געזעלשאַפטלעך טעטיק אויפן געביט פון רעליגיעזן און טראַדיציאָנעלן לעבן. טראָץ דעם, וואָס עס האָט עקזיסטירט אין לאַנוס אַ קהילה פון די אַלט איינגעזעסענע יידן, האָבן די ראַטנער געבויט אַ שיל פאַר די ניי־אָנגעקומענע פון ראַטנע, אומגעגנט און פון פון אַנדערע שטעטלעך. אַזוי ווערט געגרינדעט די שיל „בית יעקב", וועלכע האָט היינט אַן אייגענע דירה און איז די איינציקע שיל וו מ'קען אין מיטן דער וואָך אָפּדאַווענען מיט אַ מנין. צווישן די גרינדער פאַרנעמען דעם חשובסטן אָרט הערשל כהן, נח כהן, חיים פייגעלעס, ישראל כהן, אליהו כהן, ב. פוקס, ר. גראַבאָוו, שפּעטער יודל קאָנישטער, שיע באַקלער ע"ה, ישראל האָניק, א. י. רייף, לייזער פייגעלעס, לייבל באַקלער. ביז היינט צו טאָג אַר־בעטן זיי און פירן אָן מיט דער אינסטיטוציע, וועלכע איז אַ באַשטאַנד־טייל פון דעם

יידישן לעבן אין לאַנוס. אַפּילו פיל פון זייערע קינדער קומען אין שול, און גייען איך די עלטערנס וועגן. אין בנין פון דער שיל געפינען זיך פיל אַנדערע אינסטיטוציעס ווי אויך יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע עס געהערן קינדער פון די ראַטנער און אַנדערע יידן.

די ניי־אָנגעקומענע ראַטנער האָבן מיט זייער אַקטיוויטעט און אינטעליגענץ, פאַרשטייט זיך צוזאַמען מיט אַנדערע, באַוויזן אויפצובויען אין לאַנוס פיל אינסטיטוציעס, ווי די פאַראייניקטע יידיש־העברעאישע שול, וועלכע איז ביז היינט צו טאָג אַ ברכה פאַר דעם ישוב. די איניציאַטיוו איז געקומען אויך פון דעם ראַטנער משה האָניק (דעמאָלט פּרעזידענט פון „אוניאָן איזראַעליטאַ"), י. האָניק, ל. באַקלער, נח כהן ר. באָבער און אַנדערע, און וועלכע שטייען נאָך היינט ביי דער אָנפירונג פון דעם חינוך אין לאַנוס. די ראַטנער זיינען אויך פון די אַקטיווסטע ביי אַלע ציוניסטישע קאַמפּיינען. צווישן זיי טרעפן מיר: יודל קונישטער, איסער קאַמינסקי, לייבל באַקלער, לייזער פייגעלעס, אליהו כהן, שיע באַקלער ע"ה, י. האָניק, הערשל כהן, דוד גאָלדין, י. פוקס און באָבער.

אַזוי האָבן בלויז ראַטנער געגרינדעט דעם י. ח. ברענער־קלוב אין לאַנוס, וועלכער האָט אין יענע יאָרן געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין די היגע יוגנט־קרייזן. אַדאַנק דער איניציאַטיוו זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון פרעמדע קרייזן פיל, פיל יוגנטלעכע. דער „ברענער־קלוב" איז אין יענער צייט געווען דער ביישפּיל פאַר אַ סך שטעטלעך מיט זיין קולטור־אַרבעט און מיט זיין ציוניסטישער אויפקלערונגס־טעטיקייט. צענדליקער דיכטער און שרייבער, סיי אַרגענטינער און סיי אויסלענדישע, האָבן באַזוכט דעם „ברענער־קלוב" און האָבן געשטוינט צו געפינען אַ סביבה וואָס האָט דערמאָנט דאָס יידישע לעבן אין פּוילן. אַזאַ יידיש־גייסטיקע אַטמאָספער האָט געהערשט אין יענע צייטן אין „ברענער־קלוב". שפּעטער גרינדן צוויי ראַטנער, וועלוול גראַבאָוו און משה האָניק, דעם השומר הצעיר אין לאַנוס, פון וועלכן עס האָבן ביז היינט עולה געווען אַ מנין בחורים און בחורות קיין ישראל (נישט אייך פּאַסטער דערמאַנט די צוויי גרינדער אין מורמלט אונטער: ווען נישט „די צוויי גרינע" וואָלט מיין זון געווען אַ דאָקטער).

אין די לעצטע יאָרן פאַרנעמען פיל ראַטנער צענטראַלע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס אין בוענאָס־איירעס. צווישן זיי מאיר טאָקער, וועלכער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין און איז אין דער עקזעקוטיוו פון איר צענטראַל־קאָמיטעט, אויך איז ער סעקרעטאַר אין קאַמאַראַ קאָמערסיאַל אינדוסטריאַל איזראַעליטאַ אין ב. איירעס. ווי אויך יעקב טאָקער, וועלכער איז געווען אַ סך יאָרן טעטיק אין דער צירעלסאָן־שול און איז איצט וויצע־פּרעזידענט פון דער קאַסאַ „לאַ קאַפּיטאַל".

גאָר אַ וויכטיקן אַמט פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה האָט פאַרנומען אונדזער לאַנדסמאַן איסער קאַמינסקי, וועלכער איז איצט אין דעם לאַנדעס־דירעקטאָריום פון קרן קימת לישראל. אויך האָבן דריי ראַטנער לאַנדסלייט געהאַט דעם כבוד צו זיין אויף די קאַנדידאַטן־ליסטעס צום ציוניסטישן קאָנגרעס: משה האָניק, איסער קאַמינסקי און מאיר גראַבאָוו. שוין פיל יאָרן אַרבעט מיט ה' נח כהן אין צענטראַלע אינסטיטוציעס ווי אין צ"ק פון פּועלי ציון, אַזוי אויך ה' משה האָניק. איצט איז ח' נח כהן מיטגליד פון צענטראַלן שקל־קאָמיטעט. אויך אין קולטור־אינסטיטוציעס וואָס פאַרנעמען זיך מיט דעם גאַנצן לאַנד, ווי דער קולטור־קאָנגרעס, וו עס נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל ח' ישראל האָניק אַלס מיטגליד פון עקזעקוטיוו, ווי אויך אַלס מיטגליד אין צ"ק פון פּוילישן פאַרבאַנד.

מיר פֿאַרנעמען זיך נישט מיט באַריכטן וועגן פֿיל טעטיקייטן ווי אויך פֿיל לייס־טונגען אויף דעם געביט פֿון הילפֿס־אַרבעט אין די יאָרן פֿון פּיין און אומקום, ווען די ראַטנער זיינען געווען זייער אַקטיוו אין אַלע ערטער וווּ זיי געפֿינען זיך. אַזוי, למשל, איז אין סאַן מאַרטין טעטיק אונדזער לאַנדסמאַן בוזי טאַניס, וועלכער נעמט אָנטייל אין אַלע ציוניסטישע טעטיקייטן. אויך יוסף וואָלקאָמירסקע אין בעלגראַנאָ פֿאַרנעמט וויכטיקע אַמטן אין דער שולע און אין אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעטן, און העלפֿן צו מיט זייער אַקטיוויטעט פֿאַר דעם אויפֿבוי פֿון קהלשן לעבן אויף די ערטער וווּ זיי געפֿינען זיך.

ווי מיר זעען, זיינען די ראַטנער אַרויסגעוואַקסן פֿון זייערע לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכע טעטיקייטן און פֿאַרנעמען צענטראַלע וויכטיקע געזעלשאַפֿטלעכע פּאָזיציעס אין דעם אַרגענטינער יידישן ישוב. די ראַטנער פֿאַרנעמען אַ חשובֿן אָרט אין דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין אַרגענטינע און מיט זייער אויפֿריכטיקייט און פּשטות, מיט זייער ערנסטן צוגאַנג צו כּלל ישׂראל־אינטערעסן, האָבן זיי אין משך פֿון די צענדליקער יאָרן, וואָס זיי געפֿינען זיך אין דער נייעם היים, מיטגעשטייערט פֿאַר דעם גוטן נאָמען פֿון דעם יידישן ישוב פֿון אַרגענטינע און דער גרויסער יידישער וועלט.

— 2 —

## ראַטנער לאַנדסלייט־פֿאַראיין און די קאָאָפּעראַטיוו־באַנק

צוגלייך מיט די ערשטע ראַטנער זיינען אָנגעקומען אין די יאָרן 1922־23, פֿיל יידישע עמיגראַנטן פֿון דער אומגעגנט ווי אויך פֿון קאָוועל, וואָס איז געווען די קרייז־שטאָט צו וועלכער עס האָט געהערט ראַטנע. די לאַגע אין יענער צייט איז געווען זייער שווער און ביטער, עס איז אָנגעקומען זייער שווער צו קריגן אַרבעט און עס האָבן נישט געפֿעלט קיין צרות. די ראַטנער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, און שפּעטער, ווען עס קומען אָן הונדערטער אימיגראַנטן פֿון דער געגנט אַרום ראַטנע, ווערט דער קאָנטאַקט מיט די ניי־אָנגעקומענע פֿון ראַטנע און אַרום, נעענטער. די שווערע לאַגע אין יענער צייט האָט באַזונדער געווירקט. עס טרעפֿן זיך צוזאַמען קאָוועלער און ראַטנער „גרינע". זיי טוליען זיך איינער צום צווייטן, מ׳העלפֿט זיך אַרויס מיט אַ עצה און חברישער שטיצע. און ווי פֿון זיך אַליין ווערט געבוירן אין יענע יאָרן דער געדאַנק צו גרינדן אַ פֿאַראיין, וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע קאָוועלער געגנט. פֿון יענער צייט הייבט זיך פֿאַקטיש אָן די ערשטע געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט פֿון די ראַטנער אין אַרגענטינע.

ביי דער גרינדונג פֿון קאָוועלער פֿאַראיין און אומגעגנט, פֿאַרנעמען די ראַטנער גאָר אַ וויכטיקן פּלאַץ. אַזוי באַגעגענען מיר אין דער ערשטער פֿאַרוואַלטונג, צווישן די גרינדער נח כּהן, וויצע־פּרעזידענט; איסער קאַמינסקי, סעקרעטאַר; י. ראָג (די זיצונגען זיינען פֿאָרגעקומען ביי אים אין שטוב), ל. באָקלער, א. כּהן, י. כּהן אַלס וואָקאַלן.

אין יאָר 1926 ווערט אויך רייף דער געדאַנק צו שאַפֿן אַ ליי־קאַסע ביי דעם פֿאַראיין, וואָס זאָל אַרויסהעלפֿן די נייע־אָנגעקומענע מיט אַ הלוואה, וועלכע זאָל זיי דערמעגלעכן צו שטעלן די ערשטע טריט אויף דעם אַרגענטינער באָדן. אויך ביי דער דאָזיקער איניציאַטיוו פֿאַרנעמען די ראַטנער אַ חשובֿן אָרט. אין דער ערשטער פֿאַרוואַלטונג שפּילן די ראַטנער גאָר אַ וויכטיקע ראָל און מיר טרעפֿן ביי דער אַרבעט אין די ערשטע יאָרן, די זעלבע אויבנדערמאָנטע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געמיינזאַם

מיט די קאָוולער געטאָן אַלץ, כדי אַ נייעם לאַנדסמאַן צו העלפן און אַנטקעגנקומען.

די טעטיקייט פון דעם לאַנדסלייט־פאַראיין פון קאָוולע און אומגעגנט, אויך ראַטנע בתוכם, האָט זיך געצויגן ביז 1934. אין דעם יאָר ווערט די לייַ־קאַסע אָפּגעטיילט פון פאַראיין און ווערט אויטאָנאָם. דאַן ווערן אויסגעקליבן צוויי פאַרוואַלטונגען: איינע פאַר דעם לאַנדסלייט־פאַראיין און די צווייטע פאַר דער קאָאָפּעראַטיווע (לייַ־קאַסע). אַזוי האָבן ביידע אינסטיטוציעס געאַרבעט זעלבסטשטענדיק. אָבער דער לאַנדסלייט־פאַראיין האָט געזאָרגט פאַר דער סביבה, אין הסכם מיט די געמיינזאַמע צילן, פאַר חברישקייט און מאָראַלישער שטיצע פון דעם נייעם לאַנדסמאַן, און די לייַ־קאַסע איז אַנטקעגנגעקומען דעם ניי־אָנגעקומענעם מיט אַ הלוואה, העלפנדיק אים אין די ערשטע שווערע טעג. ביי דער דאָזיקער טעטיקייט טרעפן מיר ראַטנער לאַנדסלייט איבערגעגעבן מיט זייער פאָלקסטימלעכקייט און אינטעליגענץ. אַזוי ציט זיך דער פאָדעם פון דער גרינדונג אָן. אין די יאָרן 1934-5 זיינען אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג פון דער זעלבסטשטענדיקער קאָאָפּעראַטיווע די ראַטנער: יעקב טאָקער, בערל פוקס, רפאל גראַבאָוו. אַזוי אויך אין 1936-37 די חברים לייזער פייגעלעס, בן ציון הערליך, בוזי טאַנים (אַלס פּרעזידענט) און יעקב טאָקער.

ווי מיר זעען, זיינען די ראַטנער געווען זייער אַקטיוו סיי ביי דער גרינדונג פון דעם פאַראיין, סיי ביי דעם אויטאָנאָם־ווערן פון דער לייַ־קאַסע. מ'קען זאָגן אַז אין יענער צייט איז דער פאַראיין און די לייַ־קאַסע געווען די צווייטע היים פאַר אונדזערע לאַנדסלייט.

אין 1936 נעמט איבער דעם פאָרזיץ פון דעם קאָוולער־ראַטנער פאַראיין יעקב טאָקער. ער אַנטוויקלט זייער אַן אינטענסיווע טעטיקייט, פירט דורך פאַרווייַלונגס־ און קולטור־אַקטן, ציט אַריין נייע לאַנדסלייט אין דער אַרבעט. אַזוי האַלט ער אָן זיין פּרעזידענטשאַפט ביז סוף 1938, ווען ער ענדיקט זיין פּעריאָד מיט גרויס דערפּאָלג. אין 1938-9 נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער קאָאָפּעראַטיווע לייבל באַקלער, מאָטל טעלעזאָן, ברוך טאַנים און יעקב טאָקער. אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון חבר י. טאָקער איז אין דעם פּעריאָד אַריינבאַקומען געוואָרן די „פּערסאָנעריאַ כורידיקאַ" (יורידישע אַנערקענונג) פאַר דער קאָאָפּעראַטיווע, וועלכע האָט פון דעם דאַטום אָנגעצייכנט אַ נייעם וועג מיט אַ גרויסן פאַרנעם.

אין 1940-1 אין די סאַמע קריטישע יאָרן פון דעם צווייטן וועלט־קריג פאַרנעמען די ראַטנער די וויכטיקסטע אַמטן אין דער קאָאָפּעראַטיווע. אין דעם שווערן פּעריאָד זיינען פיל קאָאָפּעראַטיוועס ענלעכע צו דער קאָוולער, אונטערגעגאַנגען צוליב דער שטורמישער צייט. און מען מעג זאָגן אַז די ראַטנער האָבן פיל מיטגעשטייערט אין יענע טעג פאַר דער אויסערגעוויינלעכער האַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווע, וועלכע האָט אָפּגעהיט איר פאָלקסטימלעכקייט און אירע צילן פון דער גרינדונג.

אין דעם פּעריאָד פון 1940-1 האָבן אַקטיוו מיטגעאַרבעט ל. באַקלער, י. טאָקער, י. פוקס, חיים שטיינבערג, בן־ציון הערליך. אין די זעלבע יאָרן האָט דער קאָוולער פאַראיין אָנגעהאַלטן זיין טעטיקייט, אָבער שוין נישט אַזוי אַקטיוו. וואָס ווייטער האָבן זיך די ראַטנער, צוליב די שווידערלעכע ידיעות פון דער אַלטער היים, כמעט ווי אָפּגעטיילט. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן אַ שטילשטאַנד אַ שיינע פאַר יאָר. אָבער אין דער קאָוולער־ראַטנער קאָאָפּעראַטיווע, זיינען די ראַטנער שטענדיק טיכטיק געווען, און מיר טרעפן אין אַלע פּעריאָדן אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט זייער אַקטיוו פאַר דער פאָלקסטימלעכער אינסטיטוציע, וועלכע איז געוואַקסן מיט ריזיקע שריט. און אין משך פון פאַרשידענע פּעריאָדן פאַרטרעטן פאָלגנדיקע ראַטנער אין דער קאָאָפּעראַטיווע: אין 1942-3 חיים שטיינבאַרג, בן־ציון הערליך; אין 1944-5 — חיים שטיינ־

בערג, משה האַניק, בן־ציון הערליך, אליהו כהן; אין 1946-7 — ל. באַקלער, אליהו כהן, חיים שטיינבערג (אַלס פּרעזידענט), ברוך טאַנים (סינדיקאָ); אין 1948-9 — חיים שטיינבערג (פּרעזידענט), (יואל ריכטער), ישראל כהן (קאַסיר); אין 1950 — חיים שטיינבערג (פּרעזידענט), א. קאַמינסקי (וויצע), י. טאָקער (קאַסיר), און ישראל האַניק, אליהו כהן און יצחק רייף (וואָקאַלן).

ווי מיר זעען האָבן אין משך פון פיל פעריאָדן די ראַטנער פאַרנומען די וויכטיקסטע אַמטן און אויך אין אַ גרעסער צאָל זיך מיטבאַטייליקט אין דער אַקטיוויטעט פון דער פרעסטיזשפולער פינאַנץ־אינסטיטוציע. אין משך פון די יאָרן האָבן די ראַטנער זיכער מיטגעשטייערט צום גוואַלדיקן פּראָגרעס און פּאָפּולאַריטעט פון דער קאָאָפּעראַטיווע. אַזוי זעען מיר אין די לעצטע פעריאָדן 1951-2 שטיין אין דער שפּיץ פון דער קאָאָפּעראַטיווע די ראַטנער לאַנדסלייט: מאָטל טעלעזאָן אַלס פּרעזידענט, איסער קאַמינסקי — וויצע, יעקב טאָקער — קאַסיר, ישראל האַניק און א. י. רייף — פאַרוואַלטונג־מיטגלידער. אין 1952 דאָס זעלבע. עס פאַרנעמען די וויכטיקסטע אַמטן די ראַטנער. פּרעזידענט: מאָטל טעלעזאָן, וויצע: לייזער פייגעלעס.

אין די פעריאָדן איז די קאָאָפּעראַטיווע געגאַנגען מיט גוואַלדיקע שריט פאָראויס און זי איז היינט צו טאָג פאַררעכנט ווי איינע פון די שטאַרקסטע און גרעסטע קאָאָפּעראַטיוועס אין לאַנד. אויך איז דאָס יאָר, אונטער דער פאָרזיץ פון מאָטל טעלעזאָן, געקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ פאַר דער אינסטיטוציע כדי אויסצובויען פאַר איר אַן אייגענע היים. היינט צו טאָג ציילט די קאָאָפּעראַטיווע כמעט ביי די 2000 אַקציאָנערן, איז זייער באַליבט ביי זיי פאַר איר קאָרעקטקייט און פאָלקסטימלעכער באַציאונג. די קאָאָפּעראַטיווע האָט אַן אייגענעם קאַפּיטאַל פון — 3.500.000 פּעזעס און איז סאָליד און פעסט. טראָץ וואָס מיר שרייבן דאָ בלויז געשיכטע פון ראַטנער אין אַרגענטינע, וועל איך מאַכן אַן אויסנאַם פאַר דעם פאַרוואַלטער זיסע וויינפער, וועלכער איז אַ טריסקער (אָפּשטאַמענדיק פאַקטיש פון ראַטנע). מ׳קען נישט רעדן פון דער קאָאָפּעראַטיווע און נישט דערמאָנען דעם חבר זיסע וויינפער, וועלכער האָט אין משך פון 27 יאָר אַוועקגעגעבן זיינע בעסטע כוחות פאַר דעם פּראָגרעס פון דער אינסטיטוציע — און פון אים האָבן מיר פיל מאָל געהערט וואָס פאַר אַ ראָל די ראַטנער האָבן געשפּילט און שפּילן לטובת דער אינסטיטוציע. ח׳ וויינבער איז אַזוי פאַרהיימישט געוואָרן, אַז ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אייגענעם, אַ בן־עיר.

מיר האָבן דאָ געגעבן אַ לענגלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן דער קאָוולער־ראַטנער קאָאָפּעראַטיווע, ווייל כ׳האַלט אַז די אַקטיוויטעט וואָס די ראַטנער האָבן געלייסטעט זיינען געווען לטובת די לאַנדסלייט, און — דאָס דאַרף מען אונטערשטרייכן — אַדאַנק דעם האָבן צענדליקער ראַטנער לאַנדסלייט געקענט אַריבערברענגען זייערע פאַמיליעס. די קאָוולער ראַטנער קאָאָפּעראַטיווע איז אַ פּראָדוקט פון הערלעכער, מאָראַלישער איבערגעגעבנקייט פון די ראַטנער און אויך קאָוולער לאַנדסלייט. פאַר אונדז איז אַ גרויסע צופרידנקייט צו קענען אונטערשטרייכן, אַז די ראַטנער האָבן שטענדיק מיטגעשטייערט מיט די בעסטע כוחות פאַר דער קאָאָפּעראַטיווע וואָס איז היינט אַ נאָמען אין אַרגענטינע. זי איז געוואַקסן אַדאַנק די בשותפותדיקע כוחות פון די ראַטנער און קאָוולער און איז באַליבט פון די ראַטנער, וועלכע זיינען שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער אינסטיטוציע און היטן מיט ברידערלעכער איבערגעגעבנקייט. אַז די קאָאָפּעראַטיווע זאָל קיינמאָל נישט פאַרלירן די פאָלקסטימלעכע און מאָראַלישע הויכקייט, וועלכע איז געווען ביז איצט אַ מוסטער.

פון 1938 אָן איז די טעטיקייט פון דעם קאָוולער־ראַטנער פאַראיין פאַקטיש פאַראַליזירט געוואָרן, און דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז די יאָרן פון דעם גרויסן אומגליק. די סיבות זיינען געווען די צעפאַלונג פון דעם פאַראיין. ביז אין די יאָרן 1945-4, ווען

עס זיינען אנגעקומען די איוב-בשורות פון אונדזער אלטער היים. אבער אין משך פון די יארן פון פאר דער מלחמה האבן די ראטנער אין זייער נייער היים אנגעהאלטן א הארציקן קאנטאקט מיט זייער טייער שטעטעלע, סיי אינדיווידועל, סיי אלס כלל. אזוי האבן די ראטנער פון ארגענטינע פיל געהאלפן דעם שטעטעלע. אין דער גרויסער שרפה, אין דעם יאר 1928-7 האבן די ראטנער איבערגעשיקט א גרעסערע סומע פאר די אפגעברענטע פאמיליעס. און די הילף איז זייער אפגעדאנקט געווארן פון דעם שטעטל. די היגע ראטנער פלעגן כמעט יעדעס יאר זאמלען מעות-חיטים און איבערשיקן אויף פסח קיין ראטנע צו די אנפירער פון דער אלטער היים, ווי אויך פון צייט צו צייט איבערשיקן שטיצע פאר דער תרבות-שולע. די טעטיקייט איז מיט דאנקבארקייט אפגעשאצט געווארן אין בריוו פון די פירער פון ראטנע, וועלכע ווערן געבראכט אין דעם פנקס. ביי דעם זאמלען פון מעות-חיטים האבן זיך באטייליקט בוזי טאנים, יהושע באקלער ע״ה, הערשל כהן, יודל קונישטער, ידידיה מאליק (הגם נישט קיין ראטנער), י. ראג, און י. טאקער.

אזוי האט זיך געצויגן די פארבינדונג מיט אונדזער ליב שטעטעלע ביז אויגוסט 1939. סוף 1939, דאס יאר פון ערב אומגליק פאר דעם יידישן פאלק, האט מיט זיין אומרו אויך נישט אויסגעמיטן אונדזערע לאנדסלייט אין ארגענטינע, וועלכע האבן אין יענע טעג פול מיט טרויעריקע מחשבות געציטערט איבערן גורל פון זייער אלטער היים, פון זייערע טייערע און ליבסטע. דאן ווערט אפגעהאקט דער קאנטאקט מיט דעם שטעטל און מיר לעבן אלע אין שפאנונג און שרעק. אין 1940 קומט אן דורך ניסים בריוו צו איינצלנע לאנדסלייט, מיט רמזים און פארשטעלטקייט וועגן דער אמתער לאגע פון דעם שטעטל. אבער עס געדויערט נישט לאנג און עס קומט פאר דער אנפאל פון די היטלער-בעסטיעס אויף רוסלאנד. אונדזער שטעטל איז געלעגן עטלעכע קילאמעטער פון דער נייער גרעניץ פון דייטשלאנד און רוסלאנד, און זי איז געווען פון די ערשטע אויף דעם פייער. מיר האבן זיך פארגעשטעלט וואס עס דערווארט אונדזערע טייערסטע, אבער קיינמאל האט אונדז דער דמיון נישט דערלאזט טראכטן פון אזא גרויזאמען און טראגישן סוף פון אונדזערע ברידער און שוועסטער. —

נאך יארן פון נערוועזער דערווארטונג אויף ידיעות פון די חורבות פון אונדזער היים, קומען אן סוף 1945 די ערשטע איוב-בשורות מיט שוידערלעכע ידיעות. אלע לאנדסלייט זיינען דערציטערט פון די טרויעריקע בריוו. פאר אלע איז קלאר געווארן אז מיר זיינען פארבליבן פאריתומט. אונדזער היים חרוב, אלע אומגעבראכט אויף דעם מערדערלעכסטן און אכזריותדיקסטן אופן. נישטא מער אונדזער טייערע און ליבע עלטערן, ברידער און שוועסטער.

נאוועמבער 1945 באקומען מיר א רוף פון אירגון „יוצאי רטנה״ פון ישראל, צו שיקן הילף די איבערגעבליבענע שארית הפליטה פון ראטנע. זיי שיקן אונדז די ערשטע רשימה פון די געראטעוועטע לאנדסלייט און זיינען אונדז מודיע, אז זיי האבן זיך פארזאמלט און געשאפן א קאמיטעט וועלכער וועט טאן אלדאס מעגלעכע כדי צו שיקן הילף פאר די ראטנער געראטעוועטע, און זיי בעטן דאס זעלבע פון אונדז. עס שאפט זיך באלד די איניציאטיוו-גרופע און עס ווערט פארופן א פארזאמלונג פון אלע ראטנער אין ארגענטינע אויף דעם 16טן מערץ 1946.

צו דער פארזאמלונג זיינען געקומען כמעט אלע ראטנער, ביי די 90 לאנדסלייט. אנגעפירט מיט דעם גרינדונגס-אקט האט דער שרייבער פון די׳ שורות. דער גאנצער פארזאמלטער עולם איז געווען אונטער דעם דערשיטערנדיקן און טרויעריקן איינדרוק פון אומקום און חורבן. וו. גראבאוו האט געלייענט די בריוו פון ישראל, און איינציקע טרויעריקע שילדערונגען פון געראטעוועטע לאנדסלייט. אלע אנוועזנדע



אויף אַן אַזכרה־אַקט נאָך די ראַטנער קדושים אין אַ שוהל אין בוענאָס־איירעס, דעם 7טן סעפּטעמבער 1952.

האבן דאן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט אנטקעגנצוקומען מיט באלדיקער הילף דער שארית הפליטה. און עס איז באלד אויף דער פארזאמלונג געזאמלט געווארן די סומע פון 7.200 פעזעס. עס איז אויך אויף דער זעלבער פארזאמלונג אויסגעקליבן געווארן דער קאמיטעט וועלכער זאל אנגיין מיט דער הייליקער ארבעט. אין דעם קאמיטעט זיינען אויסגעוועלט געווארן אלס פרעזידענט יעקב טאקער, וויצעס: יעקב ראג און ב. פוקס, סעקרעטאריאט: לייזער פייגעלעס, משה האניק און וועלוול גראבאוו, קאסיר: יואל שטיינבערג, פרא — יוסף קאץ און יוסף וואלקאמירסקי, פארוו.-מיטגלידער: ב. טאניס, יהושע באקלער, רפאל גראבאוו, מאטל טעלעזאן, א. י. רייף, ד. פרענעל און יעקב פוקס, רעכענונג-איבערזעער: הערשל כהן, ישראל האניק און וו. רייסקעס.

אויף דער ערשטער זיצונג איז דאן באשטימט געווארן זיך צו ווענדן צו אלע ראטנער אין ארגענטינע ווי אויך אין אורוגוויי וועגן דער נויטווענדיקייט פון באלדיקער הילף פאר די געראטעוועטע. די אפרופן זיינען געווען סאלידארישע און ברודערלעכע, און עס האט זיך אנגעהויבן די פראקטישע הילף פון שיקן פעקלעך און געלט. די וואנדונגען פון דער שארית הפליטה זיינען געווען הארץ-שרייענדיקע. צענדליקער בריוו פון טרייסט און האפענונגען זיינען ארויסגעשיקט געווארן צו די עלנטע ברידער און זייערע דאנק-בריוו, וואס ציילן זיך אין די הונדערטער, זיינען געווען באנעצט מיט טרערן... טרערן פון פרייד און טרערן פון טרויער. די בריוו זיינען די רירנדיקסטע קאפיטלען פון דער שוידערלעכסטער געשיכטע פון א פאלק וואס איז געפייניקט און געמארדעט געווארן... און דאך איז זייער גלויבן און זייער האפענונג נישט געבראכן געווארן.

מיר האבן געשיקט אין יעדן בריוו צו 5 דאלאר. אויך זיינען דאן ארויסגעשיקט געווארן פעקלעך אין אלע ערטער. קיין איטאליע האבן מיר ארויסגעשיקט 720 דאלאר, וועלכע זיינען פארטיילט געווארן צו אלע פליטים דורך אונדזער געראטעוועטן בן-עיר יעקב שטיינגארטן. קיין ישראל זיינען איבערגעשיקט געווארן גרעסערע סומעס כדי מיטצוהעלפן די ניי-אנגעקומענע און גאר צום סוף איז געשיקט געווארן א גרעסערע סומע מיט אונדזער חבר ישראל חיים.

גאר באזונדער איז אונטערצושטרייכן די טעטיקייט און הילף פון די טייערע לאנדסלייט פון רעסיסטענסיע, וועלכע זיינען דארט אין זייער א קליינער צאל. זיי האבן באוויזן צו שאפן זייער שיינע סומעס און איבערגעשיקט דירעקט און אויך צו אונדז; סומעס וועלכע זיינען פארוועדעט געווארן פאר די צוועקן פון הילף. ביי דער ארבעט אין רעסיסטענסיע האבן אקטיוו זיך באטייליקט מ. גראבאוו, אשר איידים יואל איידים און זעליק בענדער.

א באזונדער וויכטיקע איניציאטיוו איז געווען דאס באשטימען פון דעם ראטנער קאמיטעט צו ראטעווען 10 לאנדסלייט וואס האבן זיך געפונען אין פוילן, דייטשלאנד און איטאליע און זיי אריבערברענגען קיין דרום-אמעריקע.

עס ווערט באשטימט צו שיקן א דעלעגאציע קיין מאנטעווידעא, אין באשטאנד פון די חברים וו. גראבאוו, י. פוקס און דעם שרייבער פון די שורות. די שליחות האט געהאט דעם גרעסטן דערפאלג. עס איז געשאפן געווארן א קאנטאקט מיט די ראטנער אין דער שכנותדיקער רעפובליק, און אדאנק מ. ל. שטערן און יחזקאל האפער, איז געלונגען צו שאפן א גרעסערע סומע פאר דער הילפס-טעטיקייט. גאר באזונדער איז אונדז באהילפיק געווען י. קעמפער ביי דעם דערפילן די מעגלעכקייט אראפצוברענגען די לאנדסלייט. די 10 ארויספאדערונגען זיינען דאן געמאכט געווארן און אדאנק דעם זיינען מיט אונדז דא איינצלנע געראטעוועטע לאנדסלייט.

דעם 15טן יולי 1947 איז פארגעקומען א מסיבה פון די ראטנער. ביי דער גע־



די ערשטע פאַרוואַלטונג פון ראַטנער לאַנדסלייט פאַראיין (1946). זיצן פון רעכטס: הערשל כהן, אליעזר פייגעלעס (פרעזידענט), יעקב טאָקער (קאַסיר), חיים שטיינבערג (סע־קרעטאַר), משה האָניק און מאָטל טעלעזאָן. שטייען פון רעכטס: ישראל האָניק, יוסף וואלקאמירסקי, בערל פוקס, יעקב פוקס, יעקב ראג, א. יצחק רייף און בוזי טאניס.

לעגנהייט איז אויפגענומען געוואָרן די ערשטע אָנגעקומענע בת־עיר דבורה פּאַפּיר. דער פּרעזידענט יעקב טאָקער האָט באַריכטעט פון דער היילוקער אַרבעט און באַגריסט רירנד אין נאָמען פון אַלעמען דער נײַ־אָנגעקומענער חברה. אויף דעם אָוונט איז געוואָרפן געוואָרן דער לאָזונג פון אַרויסגעבן דעם פּנקס־ראַטנע. עס איז דאָן גע־לייענט געוואָרן מאַטעריאַל צוגעשיקט פון אונדזער ליבן לאַנדסמאַן לייבל באַיאַן פון מעקסיקע. ביי דער מסיבה איז אַרומגערעדט געוואָרן וועגן דער ווייטערדיקער אַר־בעט פון דעם ראַטנער פאַראיין, און עס איז דאָן אויסגעוויילט געוואָרן נאָכאַמאָל אַלס פּרעזידענט יעקב טאָקער, וועלכער איז אין משך פון 2 יאָר געווען זייער אַקטיוו צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַרוואַלטונג. אַלס וויצע־פּרעזידענטן זיינען דערוויילט געוואָרן די איבערגעגעבענע לאַנדסלייט אויף נאָך אַ פּעריאָד: י. ראַג און בערל פּוקס, און אַלס סעקרעטאַר — דער שרייבער פון די שורות; אַקטן־סעקרעטאַר — וו. גראַ־באָוו, פּראַ — חיים גראַבאָוו, קאַסיר — יואל שטיינבערג, פּראַ — יוסף וואָלקאָ־מירסקי און יוסף קאַץ, וואָקאַלן: הערשל כהן, יודל קונישטער, איסער קאַמינסקי, ישראל האָניק, י. פוקס און מ. מעלניק, רעכענונג־איבערזעער: לייזער פייגעלעס און בוזי טאַניס.

די נייע פאַרוואַלטונג, כמעט די זעלבע מענטשן, האָט אָנגעהויבן איר אַקטיווי־טעט מיט דעם אויפדעקן אַ באַזונדערן טאָוול אויף דעם מאָנומענט פאַר די קדושים אויף דעם בית־עולם אין טאַבלאַדאַ. דאָס איז געווען אין דעם טאָג פון יאָרצייט נאָך אונדזערע אומגעקומענע ליבסטע. אַלע ראַטנער זיינען געקומען דערמאָנען די היי־ליקע נשמות, ביי דעם מאָנומענט פון די קדושים, דעם היילוקן אָנדענק פון אונדזערע ברידער און שוועסטער.

אין משך פון דער צייט זיינען מיר געשטאַנען אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל, וועלכע האָבן אונדז געשריבן פון דער הילף וואָס זיי גיבן די נײַ־אָנגעקומענע פּליטים.

אַ גאַר נאָענטן שריפטלעכן קאָנטאַקט האָבן מיר אָנגעהאַלטן מיט די נאָרד־אַמע־ריקאַנער ראַטנער לאַנדסלייט דורך דעם ליבן אומדערמידלעכן סעקרעטאַר לייזער גינזבורג, וועלכער פּלעגט אונדז מונטערן און אָנרעגן צו פיל אַרבעטן. אויך דאָס אַרויסגעבן פון פּנקס איז אויפגענומען געוואָרן דורך אים מיט התלהבות.

אַ באַזונדער פרייד איז געווען די פאַרבינדונג מיט אונדזער אַלעמענס געשעצטן חבר לייבל באַיאַן, וועלכער איז צוזאַמען מיט אונדז געווען דער וועקער און דערמאָ־נער פון אַרויסגעבן דעם פּנקס־ראַטנע. זיינע בריוו זיינען געווען פאַר אונדז פול מיט אינהאַלט און ליבשאַפט צו די ראַטנער. ער האָט אַ גרויסן חלק אין דעם אַרויסגעבן פון דעם דאָזיקן פּנקס.

אין משך פון דער צייט זיינען אַ סך געראַטעוועטע לאַנדסלייט אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, צווישן זיי מ. ה. פוקס, בנימין גלייזער, ישראל חיים, פּערל וואָלפער מיט דעם מאַן און קינדער, שיקע קופּערבערג, דבורה פּאַפּיר; שפּעטער־צו נח דרוקער מיט דער פרוי שרה טאָקער, קיווע דרוקער מיט דער פרוי מעלניק. צום סוף פייגע קופּער־בערג מיטן מאַן און קינד.

אויך קיין נאָרד־אַמעריקע איז אָנגעקומען אַ גרעסערע גרופּע; צווישן זיי א. בארג, טיקטינערס צוויי זין, יוסף שטיינבערג איז אָנגעקומען קיין קאַנאַדע. קיין יש־ראל איז אָנגעקומען אַ גרעסערע גרופּע געראַטעוועטע לאַנדסלייט, ווו זיי האָבן געקריגן די גרעסטע הילף פון אונדזערע ראַטנער. פּערל ווערניק, שלמה ווערניק, שלמה אליצקי, ישראל שטיינגאַרטן, יעקב שטיינגאַרטן און פאַמיליע.

און דאָס אַלץ איז פאַרבונדן געווען מיט פיל הילף. סוף 1948 פאָרט אָפּ פון אַר־גענטינע קיין ישראל אונדזער געראַטעוועטער לאַנדסמאַן ישראל חיים. דער פאַר־

## ראַטנער פּליטים אין אַרגענטינע



רעכטס זיצן: דבורה פאפיר און קינד, קיווע דרוקערס פרוי, פייגע סטעפּאַק, פערל וואָלפער, נח דרוקערס פרוי.
רעכטס שטייען: מ. ח. פוקס, קיווע דרוקער, שיקע קופערבערג, טעלעזאָן, און נח דרוקער.

# דריי עלטסטע ראטנער פרויען

(ערן־פרעזידענטנס פון ראטנער לאנדסלייט פאריין אין ארגענטינע)



רבקה טאקער (ארגענטינע)



דאבע כהן (ארגענטינע)



דינצע קאמינסקי (נ. אמעריקע)

איין ארדנט איין פאר אים א געזעגענונגס־אוונט. ביי דער געלעגנהייט ווערט גע־זאמלט א גרעסערע סומע וועלכע ווערט מיטגעשיקט קיין ישראל.

אין 1950 פארט אפ קיין ישראל דער אקטיווער לאנדסמאן ח׳ וועלוול גראבאוו און פרוי און דער פאראיין ארדנט איין אן אפשייד־אוונט, ווו עס איז געקומען צום אויסדרוק די אנערקענונג פון זיין טעטיקייט אין קאמיטעט.

אין יולי 1951 פאָרט אַב קיין ישראל אַלס קאָנגרעס-דעלעגאַט דער אַקטיווער לאַנדסמאַן פון רעסיסטענסיא, ה׳ מאיר גראַבאַוו. עס ווערט איינגעאָרדנט אַן אָפּשייד-אָוונט, ווו עס קומען צום אויסדרוק דער ווילן פון פאַראייביקן אונדזערע ברידער און שוועסטער אין דער פאָרעם פון ארויסגעבן דעם פנקס. חבר גראַבאַוו איז באַאויפטראַגט געוואָרן אין נאָמען פון די ראַטנער אין ארגענטינע זיך צו טרעפן מיט אַלע ראַטנער און איבערגעבן וועגן אונדזער איניציאַטיוו און אויך בעטן די ראַטנער אין ישראל זייער מיטאַרבעט פאַר דעם הייליקן צוועק.

דעם 7טן אויגוסט 1951, קומט פאָר די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין האָטעל ווערט-היים, ווו עס זיינען געקומען כמעט אַלע ראַטנער פון בוענאָס איירעס. ביי אַ פייער-לעכער שטימונג ווערן ארומגערעדט אַלע פּראָבלעמען פון דעם פאַראיין און אַלע זאָגן זיך ארויס מיט דער גרעסטער שטיצע פאַר ארויסגעבן דעם פנקס. עס קומען צום וואָרט יודל קונישטער, נח כהן, מאָטל טעלעזאָן, מ. רייסקעס און מ. האָניק. דעם אַקט האָט אָנגעפירט ישראל האָניק. עס ווערט דערוויילט אַ פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדע חברים: פּרעזידענט — משה האָניק, וויצעס: יואל שטיינבערג און בוזי טאַניס, סעק-רעטאַרן: יודל קונישטער, נח כהן און י. האָניק, קאַסיר — י. ראַג, פּראָ — ב. פוקס, וואָקאַלן: הערשל כהן, יואל איידעס, דוד וואָלקאָמירסקי, לייזער פייגעלעס, ישראל כהן, מאיר טאָקער, איסער קאַמינסקי, מאַנעס עלבוים, וועלוול רייסקי, רפאל גראַ-באָוו, יעקב פוקס, מאָטל טאָקער, רעכענונג-איבערזעער: י. טאָקער, מ. טעלעזאָן און ח. גראַבאָוו.

אויף די ערשטע זיצונגען ווערן באַהאַנדלט די פּלענער וועגן אַלע ענינים וואָס האָבן אַ שייכות מיט דעם ארויסגעבן דעם פנקס. עס ווערט באַשטימט זיך צו ווענדן צו אַלע ראַטנער אין דער גאַנצער וועלט, באַזונדער צו די ראַטנער אין נאָרד-אַמע-ריקע און ישראל, וועגן דער וויכטיקייט פון אַזאַ פנקס און עס ווערט אויסגעקליבן אַ רעדאַקציע קאָמיסיע פון פאָלגנדע חברים: יודל קונישטער, י. טאָקער, נח כהן, י. האָניק און משה האָניק. שפּעטער ווערט די רעדאַקציע אויסגעבייטערט מיט די חברים מ. טעלעזאָן, לייזער פייגעלעס, בוזי טאַניס און חיים גראַבאָוו.

די דאָזיקע פאַרוואַלטונג מיט דער רעדאַקציע-קאָמיסיע הייבן אָן אַן אינטענסיווע אַרבעט. מ׳דינגט אַן אייגענעם לאָקאַל אין הויז פון דעם יידישן וועלט-קאָנגרעס אויף קאָריענטעס 1971, און אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק טרעפן זיך דאָרט די ראַטנער לאַנדסלייט. מ׳דערמאָנט זיך פון דער וויטער פאַרגאַנגענהייט, פון דעם קליינעם שטעטל, מ׳לייענט מאַטעריאַלן און מ׳גרייט ארויסגעבן דעם פנקס. די אַרבעט ווערט געטאָן מיט הייליקן אייפער, און אַלע באַטייליקן זיך אין איר אַקטיוו. און אַזוי ווערט געגרייט דער היסטאָרישער דענקמאָל פאַר אונדזער טייער שטעטל, פאַר אונדזערע טייערסטע, פאַר די וואָס זיינען אַוועק אויף אַלע אייביקייטן.

אַזוי האָבן ראַטנער קינדער אין דער וויטער ארגענטינע געטאָן אַלדאָס מעגלע-כע צו פאַראייביקן, צו פאַרצייכענען זכרונות, עפּיזאָדן, געשיכטע, סקיצן פון טיפן און אינסטיטוציעס, פון פאַרטייען און יוגנט-אָרגאַניזאַציעס, פון יחידים און פאַמי-ליעס, כדי אונדזערע קינדער און קינדס-קינדער זאָלן אַמאָל קענען ארייננקוקן אין דעם אָנדענק-פנקס און קענען די פאַרגאַנגענהייט פון אונדזערע ערלעכע טאַטעס און מאַמעס, וועלכע האָבן מיט דער גרעסטער אמונה געגלויבט אין ביאת המשיח. אָבער זיי האָבן נישט דערלעבט אַז די משיח-טעג פון ניי געבוירן ווערן. זיי, אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען אומגעקומען און האָבן נישט געפו-נען קיין רו, זיי איז געווידמעט דער פנקס, וועלכער וועט אויך זיין אַ קוואַל פון איב-האַלט פאַר דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער פון דער שוידערלעכער עפּאָכע.



אַן אָפּשייד דעם לאַנדסמאַן ה' מאיר גראָבאָוו צו זיין אָפּפאָר אויף אַ באַזוך קיין ישראל.

אשר איידעס (רעסיסטענסיא)

# ראטנער אין טשאקא

דער ערשטער ראטנער, וואס האט באטראטן די טשאקער ערד, האט זיך געווים נישט פארגעשטעלט, אז ער שאפט דעם אוואנגארד פאר דער גרופע ראטנער לאנדסלייט, די צווייטע און קלענערע נאך בוענאס-איירעס, בילדנדיק אין עטלעכע יאר ארום א 20 משפחות, אין דעם כלל סיי אריבערגענומענע פון דער אלטער היים און סיי אזעלכע, וואס האבן זיך פאמיליאר פארבונדן מיט זיי און אזוי ארום פארגרעסערט די ראטנער קאלאניע מיט נייע מיטגלידער, וועמען דאס שטעטל, וואס האבן דאס פריער נישט געקענט און פון דעם נישט געהערט, אויך געווארן ליב און טייער.

ס׳וואלט זיכער קיין ראטנער קיינמאל נישט פארבלאנדזשעט קיין טשאקא, א מהלך פון צוועלף הונדערט קילאמעטער פון בוענאס-איירעס אין דעם טראפישן זשונגל, ווו ס׳פלעגן נאך פארקומען אפטע איבערפאלן אויף די ווייסע דורך די דארטיקע איינוווינער, די אינדיאס, וועלכע זיינען מחנותוויז געקומען פון די געדיכטע טשאקער וועלדער אין שטאט און פארגעלייגט זייערע אויסארבעטונגען, פויגלען און פארשידענע חיהלעך אויפן אויסטויש אויף אלטע מלבושים. ווען נישט מיין ברודער יואל, וועלכער, קומענדיק דאן מיטן שטראם עמיגראנטן קיין בוענאס-איירעס, האט זיך אנגעטראפן אויף די שווערע באדינגונגען, לעבנס-שוועריקייטן און ביטולבאציאונג מצד דעם ארבעט-געבער צו ארבעט-זוכער, באזונדער ווען דער לעצטער איז נישט געווען קיין פאכמאן, האט דאן אנגענומען מיט פארגעניגן דעם אנבאט פון א רעסיסטענסיער סוחר, וועמען ער האט צופעליק געטראפן אין בוענאס-איירעס, אז ער זאל מיט אים מיטפארן אהין און ארבעטן ביי אים אין געשעפט.

ווען איך בין אנגעקומען קיין טשאקא אין א הייסן יאנואר-טאג אין יאר 1926, נאך א צוויי טאגיקער אומזיסטער רייזע מיט א רעגירונגס-באן, צו מיין ברודער יואל און דערזען די האלב-נאקעטע אינדיאס, רעשטלעך נאך פון דער אמאליקער „טאבאס"-אימפעריע און בכלל דעם האלב-ווילדן אויסזען דאן פון טשאקא, האב איך אים, מיין ברודער, מיט פארוואונדערונג א פרעג געטאן: „וואס האט דיך אזוינס געצויגן אהער צו די הרי חושך און ווילדע טשאקער וועלדער, אין דער צייט, ווען אויפן וועג אהער, האב איך אנגעטראפן אזעלכע שיינע און מיט מענטשן באזעצטע שטעט?"

האט ער מיר פיל-באדייטנדיק געענטפערט: ווארט נאך אביסל צו, וועסט זען מיר וועלן נאך אהער האלב ראטנע אראפברענגען.

קיין האלב ראטנע האט מען נישט אראפגעבראכט (הלוואי וואלט מען דאס געטאן!) אבער די משפחה ראטנער איז ביסלעכוויז פארגרעסערט געווארן מיט נייע אנגעקומענע און דירעקט אדער אומדירעקט האבן זיי אפילו מיט זייער זיין דא גורם געווען, אז ס׳זאלן אויך קומען אהין באקאנטע אדער אייגענע יידן פון בריסק, קאברין און דיווין. אזוי איז דאן געשאפן געווארן די באזע פאר א עדה פון 20 ראטנער משפחות אין טשאקא, וואס דער גרעסטער טייל געפינט זיך היינט דארט, הגם אייניקע, צוליב געוויסע אומשטענדן, זיינען ארויסגעפארן פון דארט און זיך באזעצט אין בוענאס-איירעס.

דער ערשטער צענדליק יידישע פאַמיליעס, וואָס זיינען צו יענער צייט אָנגעקומען אין טשאַקאָ, האָבן שוין אָנגעטראָפן דאָרט עטלעכע יידישע אַלטגעזעסענע, כמעט אַסימילירטע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך דערווייטערט פון די ניי־אָנגעקומענע „גרינע" איינוואַנדערער. די „גרינע" ווידער, מיטברענגענדיק מיט זיך פון דער אַלטער היים די יידישע קולטור און דראַנג נאָך יידישער געזעלשאַפטלעכער אויסלעבונג, האָבן געפילט אַ נויטווענדיקייט זיך צוזאַמענעמען און שליסן פריינדשאַפט.

אַזוי אַרום איז דאַן געלייגט געוואָרן אין רעסיסטענסיער ישוב דער פונדאַמענט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, דער פועל־יוצא פון וועלכן ס'זיינען נאָכהער אויפגעקומען דאָרט די אַלע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, אין וועלכע די ראַטנער האָבן גענומען נישט קיין קליינעם אַנטייל און האָבן צוגעהאָלפן צו זייער פּראָגרעס און אַנטוויקלונג.

צו אַלעם ערשטן האָט מען געזען צו שאַפן דאָרט אַ ביבליאָטעק. עטלעכע ראַטנער יוגנטלעכע האָבן אַריינגעצויגן אין דער קולטור־אַרבעט אַ גרופּע יונגעלייט פון דער נאָענטער שטאָט קאָריענטעס און צוזאַמען דורכגעפירט אַ ספּעקטאַקל, פריער דאָרט און נאָכהער אין רעסיסטענסיע. פאַר די עטלעכע הונדערט פּעזעס, איינטראָג בעלט פון די ספּעקטאַקלען, האָבן מיר געקויפט די ערשטע ביכער, וועלכע מיר האָבן געהאַלטן אין דער שאַפע, וואָס איך און דער ברודער האָבן געשאָנקען פאַר דעם צוועק. אין יענער צייט האָט זיך אַדאַנק „גראַבסקעס עגלה" אין פּוילן און איר אַנטיסעמיטישער באַהאַנדלונג די יידן, פאַרגרעסערט די עמיגראַציע און ס'איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע אַ פרישער צושטראָם פון איינוואַנדערונג. דער רעסיסטענסיער יידישער ישוב איז דאַן אויך פאַרגרעסערט געוואָרן און צוזאַמען מיט דעם אויך די קולטור־באַדערפעניש און מאַנגל פון אַנטשפּרעכנדע אינסטיטוציעס. ס'האָבן שוין דאַן עקזיסטירט דאָרט אַ 60 יידישע פאַמיליעס. ס'זיינען אונטערגעוואַקסן קינדער, זיי האָבן שוין געדאַרפט האָבן אַ יידישע שולע און די עלטערן האָבן נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן אינטערעס פאַר דעם.

און אויך אין דעם פאַל האָבן די ראַטנער גענומען די איניציאַטיוו: איך און ש. בענדער פון דיווין האָבן זיך געווענדט צום דעמאָלדיקן ועד החינוך אין בוענאָס־איירעס, וועלכער האָט גלייך אַראָפּגעשיקט צו אונדז דעם באַוווסטן עסקן ר' ידידיה אפרון ז"ל און מיט זיין מיטהילף און שטיצע פון האַלב שכירות די לערער, האָבן מיר געעפנט די ערשטע שולע דאָ מיט אַ 20 קינדער־תלמידים.

דער ערשטער לערער איז דאַן געווען ה' אהרן יורקאָוויטש (היינט אַ באַקאַנטער שול־טוער אין מאַטאַדעראָס, בוענאָס־איירעס), וועלכער האָט מיט אַ באַזונדער מסירת נפש און אידעאַליזם אויסגעהאַלטן מיט אַ כמעט הונגער־לוין פון 120 פּעזעס אַ מאָנאַט, אַ העלפט פון וועלכער איז געדעקט געוואָרן דורך אונדז יוגנטלעכע, צוליב דעם וואָס די עלטערן האָבן נישט געוואָלט צאָלן קיין שכר־לימוד.

אַזוי איז אויסגעקומען צו קעמפן פאַר דער עקזיסטענץ פון דער שולע עטלעכע יאָר הורכאַנאַנד, ביז איר צייטווייליקן שליסן זיך.

מיר דוכט זיך, אַז ס'איז נישטאָ קיין איין אינסטיטוציע, וואָס איז אויפגעקומען פון דאַן אָן אין רעסיסטענסיע, אַז ראַטנער זאָלן זיך אין איר נישט באַטייליקן. אַזוי איז געווען מיט דער ערשטער הילפס־באַנק, וואָס איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן און דאָס זעלבע מיט דער קאָאָפּעראַטיווע פאַר קוענטעניקעס, ווו צווישן די איבעריקע האָט אַקטואירט ה' איצל קאָזאַק.

צווישן די יאָרן 1928 און 1936 האָבן מיר, יוגנטלעכע, באַזונדער אַנטוויקלט אַ שטאַרקע קולטור־אַרבעט, וואָס האָט אינספּירירט אויף דער דאָרטיקער יידישער דערציאונג. מיר האָבן אָפט געשפּילט, ווי אַמאַטאָרן, טעאַטער־פּיעסן, אין וועלכע

ס'האָבן אָנטיילגענומען איך, מיין ברודער יואל, זיין פרוי אסתר, איצל קאַזאַק און מאַנעס איילבוים. די איינקונפטן זיינען געגאַנגען אויף קולטור־צוועקן, ווי קויפן ביכער און אַראָפּברענגען לעקטאָרן. מיר האָבן אויך געעפנט אַ קולטור־צענטער, וווּ מיר זיינען זיך פריי צונויפגעקומען און קולטורעל־יידישלעך זיך אויסגעלעבט. אויך האָבן מיר געשאַפן אַ אויפנאַמס קאָמיסיע פאַר די פּראָמינענטע, גרויסע געסט וואָס פלעגן אונדז אָפּט באַזוכן, ווי זלמן רייזען, מלך ראַוויטש, זרובבל, יצחק גרינבוים און אַנדערע. די ראַטנער האָבן אויך אַ גרויסן אָנטייל גענומען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער אַסאָסיאַסיאָן, אין דער צווייטער און דריטער יידישער שולע, אין דער קאָאָפּעראַטיווע דע קרעדיטאָס, און פאַראייניקטן קאַמפּיין און אין סעקרעטאַריאַט פון פועלי ציון התאחדות א. א. אין די אַלע אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס האָבן אַ באַזונדער אָנטייל גענומען מיין ברודער יואל איידעס און זיין שוואָגער מאיר גראַבאָוו, וועלכער איז אַגב דער דירעקטאָר פון קרן קימת לישראל און איז געווען, אַלס פאַרטרעטער פון רעסיסטענסיער ישוב, דעלעגאַט צום 23סטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים.

זייערע פרויען אסתר איידים און ביילטשע גראַבאָוו, צוזאַמען מיט זייערע חברות טויבע עלבוים, גאָלדע איידים, פרומע איידים, שיינקע אברך, הינדע בענדער און גאָלדע מעלניק, האָבן געגרינדעט דאָרט די פרויען־אָרגאַניזאַציע וויצאָ און האָבן אַנטוויקלט אַ שטאַרק אינטענסיווע נאַציאָנאַלע טעטיקייט אין שטאָט.

כ'וויל דאָ אויך צוגעבן, אַז דער לאַנדסמאַן י. קאַץ האָט אויך אָנטייל גענומען אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, פריער ווי אַ מיטגליד אין געמיינדע־פאַרוואַלטונג און נאַכהער אויך אַקטואירט אין קרן קימת לישראל צוזאַמען מיט דעם חבר זעליק בענדער און אַ צווייטער לאַנדסמאַן, וואָלף בלאַושטיין, אין דער שולע־פאַרוואַלטונג.

בכלל האָבן אַלע ראַטנער, אַפילו די וואָס האָבן דירעקט נישט גענומען קיין אָנטייל אין דעם בויען פון יידישן לעבן דאָ, באַטייליקט זיך אומדירעקט און האָבן צוגעטראָגן זייער ביישטייער אין שטיצע סיי מאַטעריעל און סיי מאָראַליש צום אַנטוויקלונג פונעם ישוב.

אַלע ראַטנער, דאָ אין טשאַקאָ, זיינען גוט איינגעאָרדנט און עקאָנאָמיש פאַרזיכערט און ס'האָט זיך נאָך נישט געמאַכט דער פאַל, למשל, אַז אַ ראַטנער זאָל זיך נישט ביישטייערן פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין א. א.

אַלע לעבן צוזאַמען ווי איין פאַמיליע בשלום און אויף שמחות קומט מען זיך שטענדיק צוזאַמען. אויך היטן זיי אָפּ דעם יאָרצייט פון די ראַטנער קדושים און באַערן דעם הייליקן אָנדענק פון די טייערסטע און ליבסטע, וואָס זיינען אַזוי אומברחמנותדיק אומגעקומען און פאַרשניטן געוואָרן דורך די נאַציסטישע בעסטיעס. און אייביק, אייביק וועט זייער הייליקער אָנדענק אין אונדזערע הערצער טליען און גערייען!

# די גרינדונג און הילפס־ארבעט פונעם „ראטנער רעליף קאמיטעט אין ניו־יארק״

## צונויפגעשטעלט פון סעקרעטאר לעאן גינזבערג, זון פון יוסל און בריינדעל ע״ה

אין יאנואר 1945, זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין הויז פון אונדזער פארשטאר־בענעם לאנדסמאן יעקב קאטליער ע״ה, א צאל ראטנער, צו ארגאניזירן די הילפס־ארבעט פאר דער שארית הפליטה פון אונדזער שטעטל ראטנע און אומגעגנט.

קיין געגויען חשבון פון די לעבנגעבליבענע, און קיין באשטימטע ידיעות וואס איז געווארן פון אונדזערע ליבסטע און טייערסטע האבן מיר נאך דאן נישט גע־האט. מיר האבן יא געוווסט אז דער בראך פון אונדזער פאלק איז גרויס, און דער אומגליק האט זיכער נישט אויסגעמיטן אונדזער שטעטל. ווען די מלחמה האט זיך געהאלטן אין פארענדיקן האבן מיר פון דער יידישער פרעסע זיך דערוווסט. אז דער גאנצער יידישער ישוב איז אפגעמעקט און מיטן ווארצל ארויסגעריסן געווארן.

אבלים, צעבראכענע פון צער, האבן מיר די ערשטע זיצונג געעפנט מיט די פאלגנדע באטייליקטע לאנדסלייט: די ברידער זעליג און אביגדור מערין, פנחס בארג, שלום מעלניק, יעקב קאטליער ע״ה, פרוי הודל גאלדשטיין, הערי קארש און לעאן גינזבערג.

אונדזער ערשטע שווערע אויפגאבע איז געווען צו קומען אין קאנטאקט מיט די הונדערטער לאנדסלייט וואס זיינען צעשפרייט איבער גרויס־ניויארק, און אין אמעריקע וואס מיר האבן אפילו נישט זייערע אדרעסן.

אלע אנוועזנדע האבן זיך פארפליכטעט מיטצוהעלפן, ערשטנס זיך זען מיט די וועלכע מען ווייס ווו זיי וווינען. מ׳האט אויך באשלאסן צו אנאנסירן דורך דער יידישער פרעסע און ראדיא די גרינדונג פון אונדזער הילפס־קאמיטעט און בעטן אלע ראטנער זיי זאלן אונדז צושיקן זייערע אדרעסן, און מיטהעלפן אין דער הילף־אקציע וואס איז א הייליקע פליכט פאר אונדז אלעמען, אלס יידן בכלל און לאנדסלייט בפרט.

מיר האבן אויסגעוויילט א צייטווייליקן קאמיטעט: פרעזידענט: פנחס בארג; סעקרעטאר: לעאן גינזבערג; יעקב קאטליער ע״ה: קאסיר; זעליג און אביגדור מערין אלס וואקאלן. (מפקחים, נאמנים). און גענומען שאפן געלט - מיטלען.

שווער, זייער שווער איז אונדז אנגעקומען זיך פארבינדן מיט אלע אונדזערע לאנדסלייט, דער ערשטער אפרוף איז געווען א שוואכער. מיר האבן זיך מתחייב געווען שטארקער זיך א נעם טאן פאר דער ארבעט מיט אלע כוחות.

פיר חדשים נאך אונדזער גרינדונג, איז דערהאלטן געווארן א בריוו, פון א לעבן־געבליבענעם לאנדסמאן, אברהם בארג, פנחס בארגס א ברודער, אין וועלכן ער לאזט אונדז וויסן דעם גרויסן בראך וואס האט געטראפן צו אונדזער ליב שטעטעלע ראטנע, און דערוויל שרייבט ער אונדז די נעמען פון 29 געבליבענע פליטים, ער

שרייבט אונדז אַז ס׳קען זיין, אַז ס׳זיינען פאַרבליבן פיל מערער. אַ סך זיינען צע־וואָרפן געוואָרן, אָדער אַנטלאָפן אין רוסלאַנד, עס וועט נאָך צוקומען נאָך אַ רשימה, שרייבט ער. באַקומענדיק די ערשטע רשימה פון דער שאַרית הפליטה, האָבן מיר זי געלאָזט דרוקן אין דער יידישער פרעסע. צענדליקער לאַנדסלייט און קרובים





**זעליק און אביגדור מערין**

פון די פליטים, האָבן זיך באַלד במשך צוויי וואָכן געווענדט צום סעקרעטאַר לעאָן גינזבערג, נאָך גענויערער אינפאָרמאַציע. און אַזוי האָבן מיר אָנגעזאַמלט 200 אַדרעסן פון ראַטנער לאַנדסלייט, און מיר זיינען געשטאַנען מיט זיי אין שריפט־לעכער פאַרבינדונג.



**פנחס בארג, פרעזידענט פונעם ראַטנער רעליעף־קאָמיטעט.**

האָבנדיק דעם ערשטן באַריכט וועגן אונדזער גרויסן בראָך וואָס האָט געטראָפֿן אונדזער שטעטל ראַטנע האָבן מיר געפֿילט, אַז אונדזער צער מוז אַרויסגעבראַכט ווערן אין דער עפֿנטלעכקייט. צו דער ערשטער טרויער־פֿאַרזאַמלונג זיינען געקומען 175 לאַנדסלייט. דער באַוווסטער חזן ר' משה שטיינבערג ע"ה האָט געמאַכט אַ אל מלא רחמים, דערמאָנענדיק ביי די נעמען די קדושי־ראַטנע. דער יאָמער, דאָס געוויין, פֿון די אָנוועזנדע, די טרערן וואָס זייערע אויגן האָבן געגאָסן וואָלט אַ פֿייער געקאָנט אויסלעשן. יעדער איינער פֿון די פֿאַרזאַמלטע האָט צוגעזאָגט אַנטקעגנצוקומען מיט הילף אונדזערע פֿאַרבליבענע אומגליקלעכע, און צו יעדער צייט זיך אָפּרופֿן אויף דעם רוף פֿון קאָמיטעט.

**די אויפֿטוען פֿון דעם קאָמיטעט פֿאַר די זעקס יאָר פֿון זיין עקזיסטענץ:**

אָפּגעהאַלטן 85 זיצונגען. 10 עפֿנטלעכע יזכור־פֿאַרזאַמלונגען. קרוב צו 1.000 בריוו פֿון פּליטים און לאַנדסלייט דערהאַלטן. אויף אַלע בריוו געענטפֿערט. מיט ממשותדיקער הילף און מיט אַ טרייסט וואָרט אויך. דאָס טרייסט־וואָרט האָט געוויס פֿאַרגרינגערט די הערצער פֿון די שרייבער פֿון די טראַגישע איבערלעבונגען. צו יעדער זיצונג פֿון קאָמיטעט זיינען אַלע אָנגעקומענע בריוו גרינדלעך געלייענט געוואָרן, און די פֿאַרלאַנגטע פֿאָדערונג איז כמעט באַוויליקט געוואָרן.

פֿיר באַנקעטן האָבן מיר געמאַכט פֿאַר דער צייט, וואָס האָבן אונדז פֿינאַנציעל געהאָלפֿן אַדורכפֿירן אונדזער הילף צו די וואָס האָבן זיך געווענדט צו אונדזער קאָמיטעט. באַלד אין די ערשטע יאָרן, איז אונדזער הילף באַשטאַנען אין שיקן פּאַקעטן מיט שפּייז און קליידער, קיין דייטשלאַנד, פּוילן, איטאַליע, עסטרייך און ציפּערן

די אַרבעט פֿון מאַכן די פּאַקעטן, זיי ברענגען אין פּאָסט אַריין איז געטאָן געוואָרן פֿון דער נאָבעלער פֿרוי חנה מעלניק (שלומס פֿרוי). ביידע — מאַן און פֿרוי מעלניק, — פֿאַר זיי איז קיינמאָל נישט שווער געווען קיין פֿיזישע און אַנדערע נייטיקע פֿליכטן צו דערפֿילן פֿאַר דעם רוף פֿון דעם קאָמיטעט.

פֿאַר עטלעכע טויזנט דאָלאַר שפּייז פּאַקעטן זיינען איבערגעשיקט געוואָרן צו די פּליטים אין פֿאַרשידענע „קעמפּס" ווו זיי האָבן זיך געפֿונען. ווען די פּאָסט האָט אונדז געבראַכט אַ נייעם נאָמען פֿון אַ לעבן־געבליבענעם פֿון ראַטנע אָדער פֿון דער סביבה האָט אַ יום־טובדיקע שטימונג ביי אונדז אויפֿגעלויכטן. במשך פֿון 2 יאָר האָבן זיך אָפּגערופֿן 130 פּליטים, ראַטנער און אַרום ראַטנער יידן. פֿון ישראל, האָט דער „ארגון יוצאי־ראַטנע", זיך געווענדט צו אונדזער קאָמיטעט נאָך פֿינאַנציעלער שטיצע. די פּליטים זיינען געקומען קיין ישראל, אָרעם און נאַקעט, דורכגעמאַכט פֿאַרשידענע וואָגלענישן ביז זייערע באָרוועסע פֿיס האָבן זיך געקענט אַוועקשטעלן אויף דער טרוקענער ישראל ערד. האָבן געבעטן פֿון אונדז פֿאַר די גרעסטמעגלעכע הילף, זיי זאָלן זיך קענען עקאָנאָמיש עטאַבלירן. אין משך פֿון דריי יאָר צייט איז צו זיי אַריבערגעשיקט געוואָרן, אַ חוץ שפּייז־פּאַקעטן, עטלעכע טויזנט דאָלער.

מיר קענען באמת שטאָלץ זיין וואָס אונדזער געלט־שטיצע איז פֿאַרנוצט געוואָרן אויף קאָנסטרוקטיווער אַרבעט. אַריבער 60 נפשות, ראַטנער, האָבן דערגרייכט ישראל. מען האָט אונדז געלאָזט וויסן אַז יעדער פּליט האָט פֿון אונדזער געלט באַקומען שטיצע, אייניקע אַ וווינונג, אַ פּאָר זיך ערנט, זיך איינגעאָרדנט אויף אַ שטעלע, און אויך אַרויסגעהאָלפֿן געוואָרן צו שטודירן. אויסער די איינמאָליקע שטיצע שיקט אונדזער קאָמיטעט צו יעדן 2 מאָל אין יאָר שפּייז פּאַקעטן.

די יעניקע ראַטנער וואָס האָבן דערגרייכט אַמעריקע האָבן מיר מיטגעהאָלפֿן. ערשטנס פֿינאַנציעל, אַנדערע באַזאָרגט מיט אַרבעט זיי זאָלן זיך קענען איינאָרדענען

מיר קענען שטאָלץ זיין מיט אונדזערע ראַטנער לאַנדסלייט וואָס זיינען קיין ע״ה צעשפּרייט איבער דער גרויסער אמעריקע האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן. דורך דער אַקטיווער באַטייליקונג פון בצלאל העלער אין דענווער, האָבן דאָרטן די לאַנדסלייט אונדזערע, במשך פון דער צייט אַ באַדייטנדיקע געלט סומע צוגעטראָגן.

אין קאַלגערי, קאַנאַדע, האָבן אונדזערע לאַנדסלייט זיך אויסגעצייכנט מיט פינאַנציעלער הילף, די ברידער שעפּטיל און שטיינבערג, און ספּעציעל די פאַמיליע קעטשין מיט אַ גרויסער סומע געלט.



פ. איציקזאָן

די ראַטנער לאַנדסלייט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, זיינען אויך נישט אונטער־שטעליק געבליבן. פיל געהאָלפן אין דער אַרבעט און פינאַנציעל האָבן זיך אויסגע־צייכנט די ברידער מאַראַנץ און אייבי מאַראַנץ, יצחק לייב קאָטליער, דזשאַה פישער און א. מ. קליין, דער באַרימטער יידיש־ענגלישער דיכטער.

אין לאָס אַנדזשעלעס, נ. אַמעריקע, האָט זיך טעטיק באַטייליקט און פינאַנציעל געהאָלפן, אונדזער אַרבעט פון דעם ערשטן אָנהויב פון אונדזער גרינדונג אונדזער ווירדיקער לאַנדסמאַן אברהם מאַראַנץ.

אין טשעלסי — באָסטאָן, האָבן זיך טעטיק באַטייליקט ספּעציעל פייסי קראַס־קער, די ברידער קאָגאַן און קאַרש, וועלכע האָבן מאַטעריעל פיל בייגעטראָגן צו דער אַרבעט.

אַ דאַנק דער געטרייער אַרבעט פון סעם באָהליער איז די הילפס־אַרבעט מיט דערפאָלג דורכגעפירט געוואָר אין דעטראָיט, פלינט, מישיגען שטאַט. איצט איז סעם באַקלער אַ געבוירענער פון דאָרף כאָמאַשאָוו. אויך אברהם קעסיער האָט פאַרדינט אָפּגעשאַצט צו ווערן פאַר זיין מיטהילף. דאָס זעלבע זאָל געזאָגט ווערן וועגן זיין ברודער משה אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע.

פון די ניו - יאָרקער טעטיקסטע לאַנדסלייט איז באמת ווערט צו פאַרצייכענען די געטרייע איבערגעגעבענע אַרבעט פון די ברידער זעליג און אַביגדור מערין, — רייזל משה דעם שמשס קינדער — און פנחס באַרג. אויף אייגענער צייט און הוצאות האָבן זיי באַזוכט אין ווייטע שטעט, אין די שטאַטן, לאַנדסלייט פאַר דער הילפס־אַרבעט פונעם קאָמיטעט, אַ חוץ זייער מאָראַלישע און פינאַנציעלע שטיצע וואָס זיי

האָבן צוגעטראָגן און וועלן נאָך צוטראָגן צו יעדער צייט פאַרן רעליף, און פאַר אַ מאָנומענט פאַר די ראַטנער קדושים אין מדינת ישראל. דערביי  ווילן זיי אַפילו קיין דאנק נישט נעמען פאַר זייער אַרבעט.





אברהם און סימע מאַראַנץ, ציוניסטישע עסקנים אין לאָס אַנדזשעלעס.

אויך דאָס פאָר־פאָלק שלום און חנה מעלניק ווילן קיין דאנק נישט. שלום איז דאָך דער גאַנצער מעכאניק וואָס שטייט ביי דער מאַשין געטריי, יומם ולילה, ווי אַ געטרייע מאמע ביי אירס קינדס וויגעלע; וועקט אים אויף פון בעסטן שלאָף ווען ער גיין באַזוכן אַ פליט, זען וואָס אים פעלט, באַזאָרגן אים מיט אַרבעט, זאָרגן פאַר זיין געזונט, ברענגען לאַנדסלייט כמעט אויף די פּלייצעס צו אַ פאַרזאַמלונג, איינאָרדענען אַז די באַנקעטן זאָלן זיין מאָראליש און פינאַנציעל גוט און אַלע געסט  זאָלן אַפילו ביי די טישן מיט וואַרעמקייט צוגענומען ווערן. און אונדזערע פיר באַנקעטן זיינען דאָך טאַקע געווען אַ דערפאָלג אין אַלע הינזיכטן. אונדזערע לאַנדסלייט מעגן שטאָלץ זיין מיט נאָך אַ געטרייען לאַנדסמאַן אונדזערן, מאַנכע מוזן אים נאָך  געדענקען פון ראַטנע, ווען ער פלעגט מיט זיין פערד און וואָגן זאמלען אום ווינטער האָלץ פאַר די אָרעמע לייט אין ראַטנע. דאָס איז יעקב מאראנץ, יאָסל נוסיעס זון. אַ טרייער פריינד פון אונדזער אַרבעט. כמעט 60 פּראָצענט איינקונפט האָט זיין אומדערמידלעכע אַרבעט צוגעטראָגן צו אונדזערע באַנקעטן.

נאָך אַ זייער געטרייען לאַנדסמאַן, אַ געבוירענער אין דאָרף וועלימטשע, לוּאיבלעווין, מוז צוגעשריבן ווערן צו אונדזער צעטל וואָס רופט זיך אַלע מאָל זייער וואַרעם אָפּ אין אַלע אַרבעטן, אויך פינאַנציעל גאַנץ נישקשהדיק.

שטאָלץ דאַרפן מיר זיין וואָס אין אונדזער קאָמיטעט וואָס באַשטייט פון 16 מיטגלידער געפינען זיך צוויי זייער חשובע מיטגלידער וואָס זייער גייסטיקע אַרבעט איז גאָר שווער אָפּצושאַצן. אַליין תלמידי חכמים און יראי שמים, וואָס רופן אַרויס ביי אַלעמען גרויס דרך־ארץ. איינער איז: לייבל וואהל, איידעם פון שלום דעם שוחט ע"ה. אַ סך יאָרן תורה געלערנט מיט דעם ראַטנער דור וואָס איז אומגעקומען דורך די טריפה הענט וואָס מען טאָר זייער נאָמען נישט דערמאָנען. און  דער צווייטער, ה' ישראל משה ארינשטיין, שוואָגער פון יעקב פוקס פון דאָרף טער. אַלס

וויצע פרעזידענט פון רעליף. אַט די צוויי זיינען די גאַנצע צייט דער „בריין־טראַסט", (מוח־טרעסט) ווי מיר דריקן זיך אויס אין ענגליש. אין עצה, טאַט, שריפט און וואָרט. עס איז נישט גרינג אָפּצושאַצן די שווערע אַרבעט פון יעדן מיטגליד אין קאָמיטעט, איך מיין די אַנדערע איבערגעגעבענע טוער, לויט זייער אַמט וואָס זיי האָבן פאַר־



שלום מעלניק און זיין פרוי

טראָטן: זאָל צום גוטן דערמאָנט ווערן די ערלעכע אַרבעט פון אונדזער פינאַנץ־סעקרעטאַר ה׳ פסח אייזיקסאָן, זון פון חיים בריסקער, מלכה פסחס ברודער. און גאָר די שווערסטע און אָנגעשטרענגסטע אַרבעט האָט אויף זיך גענומען און דורכגעפירט בשלמות דער זייער איבערגעגעבענער סעקרעטאַר פון רעליף — כאָטש מען טאָר זיך אַליין נישט לויבן, יהללך זר ולא פיך — מיין ווייניקייט, לייזער, דער שרייבער פון דעם איצטיקן באַריכט. פאַר זעקס יאָר אָנגעשטרענגטע איבערמענטשלעכע אַר־בעט דורך די שפּעטע שעהן אין דער נאַכט דאַרפן דורכלייענען די אָן אַ צאָל בריוו מיט בלוטיקן טינט באַשריבן פון די שארית הפליטה, זייערע פּערזענלעכע און פאָלקס איבערלעבונגען אין די פאַרשידענע פאַרוואָגלטע לאַגערן, און דאַרפן ענטפערן אויף בריוו מיט אַ טרייסט־וואָרט צום ערשטן און דערנאָך באַזאָרגן דאָס געפאָדערטע וואָס איז מעגלעך געווען אונטער די אומשטענדן צו באַזאָרגן. עס איז נישט איבעריק צו דערמאָנען אַז ביי די אומגליקלעכע פליטים איז געווען צייט גענוג צום שרייבן און צרות נאָך מער, איז יעדער בריוו געווען פון צענדליקער בייגעלעך פּאַפּיר באַשריבן מיט אַ המשך יבוא. נישט איין נאַכט דורך דער וואָך בין איך נישט דערשלאָפן, און אַז איך בין אַ נאַכט יאָ געשלאָפן האָט מיר אַ קאָשמאַר אַ ווימטער געפּלאָנטערט אין מוח די באַשריבענע ליידן און איבערלעבענישן וואָס איך האָב אַדורכגעלייענט פון די צענדליקער בריוו וואָס איך האָב כמעט מיט יעדער פּאָסט דערהאַלטן. אַלעס, אַלץ געלייענט, געענטפערט, צום קאָמיטעט באַריכטעט און באַזאָרגט פּינקטלעך מיט הילף צו אונדזערע ליבע אין נויט. דאָ איז די רשימה פונעם גאַנצן קאָמיטעט וואָס האָט שווער, ביז היינטיקן טאָג זייערע פליכטן ערליך דורכגעפירט, און איז גרייט צו פאַרענדיקן די נאָך נישט פאַרענדיקטע אַרבעט פון אַן אייביקן מאָנומענט פאַר אונדזערע ראַטנער קדושים אין א ספר זכרונות, אין אַ פאָרעם פון אַ „יזכור־בוך"

## ר אַ ט נ ע

האָס ווערט שוין צוגעגרייט בשותפות מיט דעם אַרגענטינער ראַטנער־רעליף, און אויך מיט אַ צווייטן מאָנומענטאַלן פּראָיעקט אין ישראל.



יעקב מאַראַנץ, איינער פון די טיכ־טיקסטע כלל טוער אין ראַטנער רעליף־קאָמיטעט.

פּנחס באַרג — פּרעזידענט; י. מ. האָרענשטיין: וויצע פּרעזידענט; לייזער גינזבערג, סעקרעטאַר; יעקב קאָטליער ע"ה, גזבר; פּ. אייזיקסאָן, פינאַנץ סעקרעטאַר; ז. און א. מערין, וגברת אננא מעלניק, מפקחים, נאמנים ומשגיחי הכספים.

ב. קאהן (בערל כאַנצעס)

# די חברה „בני ה״ר יוסף אריז אנשי ראַטנע - וואָהלין״

## (אין ניו-יאָרק)

אין 1906 זיינען זיך עטלעכע ראַטנער לאנדסלייט צונויפגעקומען אין אַ שבת צונאַכטס ביי ישראל קאהאן (ישראל כאַנצעס) אין שטוב אויף דער 181טער אסבארן גאַס, בראַנזוויל סעקציע פון ברוקלין — ניו-יאָרק. ישראלס שטוב איז דאַן געווען דער זאַמל-פונקט פון די לאנדסלייט אין בראנזוויל. פונקט ווי פאַר די לאנדסלייט אין מאַנהעטן (ניו יאָרק) איז דער זאַמל-פונקט געווען אויף קלינטאַן, עק ריווינגטאָן. אין די דאָזיקע צוויי שטאָט-טיילן האָבן זיך דאַן געפונען די מערסטע ראַטנער אימיגראנטן און זיי פלעגן זיך אָפט צונויפטרעפן ביי די דערמאָנטע צוויי לאנדסלייט. דער רוב האָט נאָך זייערע פאַמיליעס נישט געהאט אַריבערגעבראַכט פון דער היים. האָט זיך דערפאַר ביי זיי געפילט אַן עלנטקייט און מען איז זיך צונויפגעקומען דער-וואַרעמען די נשמה צווישן אייגענע. אייניקע האָבן פאַרגעלייענט די באַקומענע בריוו פון דער היים און דאָס האָט אויך געשאַפן אַ משפּחהדיקע שטימונג. אין יע-נעם שבת צונאַכטס, ביי ישראלן אין שטוב איז געשאַפן געוואָרן דער געדאנק, אַז מען זאָל זיך פאַראייניקן אין אַ חברה פון קעגנזייטיקער שטיצע און ברודערשאַפט.

ווי איך קען זיך דערמאָנען, זיינען דאַן אַנוועזנד געווען די פאָלגנדיקע ל״ל: וועלוול קאַרש (קאַדעלעס זון), אליהו קליין (אליהו הגאון), הירש לייב קליין, חיים לייב פּאַשינסקי, פון דאָרף ווידריניץ, שמעיה שניידער (דוד שוסטערס זון), יואל און יודל שניידער (ישעיה יצחק דעם מלמדס זון), מיין פאָטער ישראל און איך בערל. ס׳זיינען געווען נאָך אייניקע, וואָס איך קען זיך נישט דערמאָנען זייערע נעמען. פון די אויבן אויסגערעכנטע לעבן נאָך יודל שניידער, חיים לייב פאזשינסקי, אליהו און הירש לייב קליין. מיר האָבן דאַן טאַקע געשאַפן די חברה און איר געגעבן דעם נאָמען פון אונדזער געאַכטעטן, צוריק מיט אַ צוויי יאָר נפטר געוואָרענעם ר׳ יוסף לייבעלע ז״ל. איך בין באַשטימט געוואָרן ווי דער סעקרעטאַר און וועלוול קאַרש — דער פּרעזידענט.

מיר האָבן איינגעצאָלט צו איין דאָלער יעדער איינציקער און באַשטימט אַ צען-סענטיקן וועכנטלעכן מיטגלידס-אָפּצאָל. ווען די חברה האָט זיך מיט דער צייט פאַרגרעסערט דורך דעם אָנשליסן זיך פון ניו יאָרקער לאנדסלייט, האָט מען שוין געדאַרפט האָבן אַ זאַל פאַר די זיצונגען. ביי ישראל קאהאן אין הויז האָט מען קיין סך זיצונגען נישט געהאט. אזא זאל איז געדונגען געוואָרן אין ניויאָרק, ווייל די מערסטע ראַטנער האָבן געוווינט אין ניו-יאָרק.

צו יענער זיצונג זיינען די אָנגענומענע רעגולאַציעס פאַרשריבן געוואָרן אַלס גרונט-געזעצן פון דער חברה ווי זיך אויפצופירן. פאַר די ערשטע געלטער, וואָס די חברה האָט אָפּגעשפּאָרט איז געקויפט געוואָרן אַ קרקע פאַר אַ הייליק אָרט אויף דער מאונט סיאָן סעמעטערי, נאַטירלעך אויף לאַנגע אויסצאָלונגען. דער ערשטער וואָס איז דאָרט געקומען צו קבורה איז געווען זעליק אָלשאנסקי, אַ בחור פון 17 יאָר.

היינט איז שוין דאָס הייליקע אָרט פאַרפולט און אַ נייער בית-עולם איז שוין גע־קויפט געוואָרן.

אויף דעם אַלטן בית-עולם זיינען נאָך פאַרבליבן לייזיקע קברים, רעזערווירט פאַר אייניקע פון די ערשטע גרינדער, וואָס לעבן נאָך צו לאַנגע יאָר. מיט אַ צייט־שפּעטער איז געדונגען געוואָרן אַ מקום תפילה אין דער פּאַרסייד-גאַס אויפן 4טן שטאָק. דאָרטן זיינען אויך רעגלמעסיק אָפּגעהאַלטן געוואָרן די זיצונגען. דער בעל־תפילה איז געווען יצחק הירש ראָזען ע"ה (ישראלי דעם מלמדס זון) חיים לאָביש ווי־דער, משה דעם ראַטנער חזנס זון, איז געווען חזן בעת די ימים נוראים. שמחת תורה, און ספּעציעל צו די הקפות, זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן אין שול אַריין לאַנדסלייט מכל אַרבע פּינות ניו יאָרק. אויך פון די פאַרשטעטלעך אַרום ניו-יאָרק זיינען געקומען לאַנדסלייט און זיך צוזאַמען משמח געווען. די שול איז צו ענג געווען אַריינצונעמען קיין עין הרע אַזויפיל לאַנדסלייט. ביי היינטיקן טאָג, זייט יצחק הירש איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן איז קיין שול מער נישטאָ. פאַראַן נאָך אַ סיבה: לאַנדס־לייט האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין נייע שענערע געגנטן ווייט פון צענטער, ווו די שיל האָט זיך געפונען. די זיצונגען זיינען אויך איבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ מער מאָדערנעם בנין, וואָס געפינט זיך אין אַ געגנט מיט בעסערע קאָמוניקאַציע־מעגלעכקייטן. אַ סך פּרעזידענטן אין זייערע פעריאָדן האָבן געדינט געטריי דער חברה, אָבער קיינער האָט זיך נישט אַזוי אויסגעצייכנט מיט איבערגעגעבנער גע־טריישאַפט ווי שלום פרידמאַן (אַ זון פון ר' יודל סופר פון קאָוולע) וואָס געפינט זיך היינט צו טאָג אין אַן אַנשטאַלט פאַר אומהיילבאַרע קראַנקהייטן.

זיין אינטענסיווע איבערגעבנקייט צו דער חברה ווי אַפילו צו איינצעלנע מיטגלידער האָט קיין גרענעץ נישט געהאַט. דורך זיין איניציאַטיוו איז אַ חוץ גע־זעצלעכע הילף, אויך צוגעטראָגן סתם שטיצע צו די אַלע וואָס האָבן זיך אין דעם גענויטיקט. ס'איז פאַר אים קיינמאָל גאָר נישט שווער געוואָרן צו פאָרן ווי ווייט און אויסגעפינען די, וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין הילף. ער האָט אויך געזען, אַז געלט-שטיצע זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן קיין ראַטנע פאַר דער שול און, להבדיל, פאַרן מרחץ און בית-עולם, ווען מען האָט זיי געדאַרפט רעמאָנטירן. אויך געשיקט געלט-שטיצעס פאַרן רב דאָרט, ווי אויך פאַר געוויסע יחידים און פאַר פסח מעות חטים פאַר אָרעמעלייט.

בנוגע די צאָל מיטגלידער זיינען זיי היינט צו טאָג אַן ערך 100. אָבער קיינמאָל פריער זיינען זיי נישט איבערגעשטיגן די 120. אַ סך פון די מיטגלידער זיינען אַליין נישט קיין ראַטנער.

ביז זיין טויט, מיט אַ צען יאָר צוריק, איז סעקרעטאַר געווען הירשל שכנאָס (אַ געוועזענער לערער אין ראַטנע). היינט אָבער איז מאיר דוד סאַבעל פּרעזידענט און זיין זון, מאַקס סאַבעל, איז סעקרעטאַר. דער לעצטער גיט מיר איבער, אַז זייער פאַרמעגן אין קאַפּיטאַל איז ביים איצטיקן מאָמענט אַ 5.000 דאָלער. די אַלע איבע־ריקע פאַרשריפטן און תקנות פיגורירן אין די צוויי קאָנסטיטוציעס, וואָס זיינען פון דאָרט צוגעשיקט געוואָרן און זיינען צונויפגעשטעלט און רעדאַגירט געוואָרן דורך צבי באַרג (הירשל שאכנעס).

**באַמערקונג פון רעדאַקציע. —**

**די אַלע תקנות פון דער חברה „בני ה"ר יוסף אנשי ראטנע וואהלין" שטעלן מיט זיך פאָר אַ מין ראָם פון דער אויבנדערמאָנטער חברה, וואָס האָבן נאָר אַ לאָקאַלן כאַראַקטער און זיינען, אַזוי אַרום, נישט וויכטיק פאַר אונדזער בוך. דאָך וועלן מיר דאָ דערמאָנען אייניקע פון זיי צוליב זייער מאָראַלישן ווערט:**

1) „די שפראך פון די מינדלעכע און שריפטלעכע פארהאנדלונגען, פראטאקאלן און רעכענונגען זאלן נאר זיין אין יידיש";

2) „דער הויפט־צוועק פון דער חברה איז א פילאנטראפישער — שטיצן און העלפן נויטליידנדיקע און אין א טויט־פאל שטיצן די אלמנה";

3) „ס'ווערן אנגענומען אלס מיטגלידער אין דער חברה נאר ארנטלעכע און מאראלישע און ווער ס'האט נישט חתונה געהאט כדת משה וישראל קען נישט ווערן קיין מיטגליד";

4) „דער פרעזידענט ווי זיין וויצע (וייס פרעזידענט) האבן געמוזט באזוכן א קראנקן מיטגליד איין מאל אין וואך. דאס זעלבע אויך ביי „שבעה" זיצן".

5) „א מיטגליד האט נישט קיין רעכט פארלאזן א מיטינג איידער ער ענדיקט זיך";

6) „א מיטגליד באקומט א מתנה פון 5 דאלער פון דער חברה, ווען ער מאכט חתונה א קינד כדת משה וישראל.

7) „א בעל תפילה אין שבת און יו"ט טאר קיינמאל נישט מחלל שבת און יום־טוב זיין";

8) „ווען א מיטגליד שטארבט פון אן אוממאראלישער קרענק ווערט זיין פאמיליע אויסגעשלאסן פון דער חברה־שטיצע און ער איז נאר בארעכטיקט בלויז אויף א קרקע";

9) „ס'מוז צווישן די ברידער־מיטגלידער הערשן שטענדיקע אחדות און פריינטשאפט".

ווען איינער האט געוואלט ווערן א מיטגליד אין דער חברה האט ער געמוזט אונטערשרייבן די פאלגנדע דעקלאראציע:

„איך, (פלוני בן פלוני) דערקלער מיט מיין ערן־ווארט אז, אריינטרעטנדיק אין דער חברה „בני ה'ר יוסף אריו אנשי ראטנע וואהלין", וועל שטענדיק טריי און ערנסט אויספאלגן די אלע תקנות פון דער זעלבער. גלייכצייטיק דערקלער איך, אז איך האב חתונה געהאט כדת משה וישראל (ווען א בחור: אז איך וועל חתונה האבן כדת משה...) און פיר מיר א אנשטענדיק ארנטלעך לעבן. אויך, אז מיין עלטער איז ריכטיק אנגעגעבן. איך פארזיכער אויך, אז איך וועל קיינמאל נישט מיסברויכן מיטן אייגנטום און צוטרוי פון דער חברה. אויך אז איך וועל קיינמאל קיין פרעמדן אין גאס נישט דערציילן וועגן די געשפרעכן און אינטערעסן פון דער חברה, קיינע מיטגלידער נישט פאראטן און נישט פירן קיינע אינטריגעס. אזוי זאל מיר דער אלמעכטיקער גאט העלפן, אמן!"

עקיבא קארש

# דער „ראַטנער רעליף קאָמיטעט" אין נ. אַמעריקע

ס׳זיינען נאָך נישטאָ אין דער מענטשלעכער שפּראַך די ווערטער, וואָס זאָלן זיין בכוח אויסצודריקן די געפילן און געמיט־צושטאַנד, וואָס מיר פּליטים האָבן איבער־געלעבט אין דער צייט פון אונדזער לעצטן חורבן.

די אַלע שווידער־ווערטער ווי הונגער, נויט, האָגל, פּיין און אַפילו טויט — קע־נען נישט אַרויסברענגען די פיזישע און גייסטיקע דערשלאָגנקייט, אין וועלכער מיר זיינען דאַן אַריינגעפאַלן.

מיר האָבן דאַן געלעבט אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען. מיט די לעצטע כו־חות האָבן מיר זיך איינגעקלאַמערט אין לעבן. איין איינציקער ווילן און דערהאַל־טונגס־אינסטינקט האָט אונדז דאַן באַהערשט — דערלעבן די גליקלעכע שעה, ווען די מלחמה יועט זיך ענדיקן, דערלעבן די מינוט פון נקמה אין אונדזערע שרעקלעכע שונאים...



דער פּערטער פון די שטייענדיקע איז עקיבא קאַרש. ס׳איז אַ בילד פון אַ באַזוך אויפן נייעם בית עלמין אין ראַטנע.

